# טאמאשאווער

לוב.



# יזכור בוך

## פה נכתב

תולדות ישוב יהודי רענן,
פריחה שגשוג, אבדון וכליון,

### ק"ק טאמאשוב דלובלין

מיום הוסדה ועד חורבנה
שנהרגו על קידוש השם,
ע"י רוצחי גרמניה וגירוריהם
בשנות תרצ"ט—תש"ה לפ"ק

הי"ד

ת. נ. צ. ב. ה.

WOLF GOTTESMAN

# טאָמאַשאָווער (לובעלסקי) יזכור־בוך

צום אָנדענק און כבוד פון דער קהלה קדושה הי״ד וואָס איז אכזריותידיג פאַרטיליגט געוואָרן מיט אַלערליי מיתות משונות דורך די דייטשע מערדער ביי דער מיטהילף פון די ברוטאַלע פוילישע רוצחים במשך די גרויזאַמע מלחמה יאָרן ת״ש־תש״ה 1939־1945 צוזאַמען מיט די 6 מיליאָן אידן אין טויזנטער קהלות איבער גאַנץ גלות אייראָפּע.

**נישט פאַרגעסען און נישט פארגעבען!**

**זכור את אשר עשה לך עמלק**

אויך דער מאָדערנער עמלק פון 20־טן יאָרהונדערט דער פאַרשאָלטענער דייטש מיט זיינע מיטהעלפער.

זאָל דאָס פייער פון שנאה און נקמה אייביג טליען אין אונזערע הערצער צו די פאַרניכטער פון אונזער פאָלק.

היט זעם הייליגען אָנדענק פון אונזערע קדושים!

זייט ממשיך די מסורת־אבות, צינדט אָן דעם נר־תמיד אין אייער האַרץ! דערפילט דעם לעצטן וואונש פון די קדושים, ווייטער פאָרצוזעצן דעם אידישן קיום!

פלאַנצט איין זייער צוואה אין די הערצער פון אייערע קינדער און קיודס־קינדער און פאַרזיכערט דערמיט דעם המשך פון אידישן פאָלק להכעיס אַלע שונאים.

עם ישראל חי!

צוגעגרייט און רעדאַגירט פון טאָמאַשאָווער יזכור־בוך קאָמיטעט
אין ניו יאָרק אין מיטאַרבעט פון ועד למען הספר אין חיפה
אַרויסגעגעבן דורכן טאָמאַשאָווער הילפס־קאָמיטעט אין ניו יאָרק



## יזכור בוך קאָמיטעט אין ניו יארק

חיים יהושע בידערמאַן — שלמה וויסלעדער

משה גורדון — אליʼ לעהרער

דוד גייער — וואווע ניי

שמאי דרילמאַן — רעכיל פאוסט־לערער

שמשון האַליץ — יונה פעלדזען

פישל האַמער (נאט) — אשר רייז

יוסף מאסקאפ (פרידלענדער), סעקרעטאַר



## ועד למען הספר בחיפה

יעקב הרבסמן — יעקב מינקובסקי

יוסף הלוי לחר — יעקב שוורץ

זושא קונשטוק



## רעדאַקציע קאָמיטעט

ש. ליכט — יוסף מאסקאפ

משה גורדון — פישל האַמער (נאט)

שמאי דרילמאַן



# אינהאַלט

## נעמען און געשטאַלטען

## טיפּען



## חורבן און אומקום

## דער איבערבלייב





# פאָרוואָרט

ענדליך, נאָך 3 שמיטות יאָרן זייט חורבן טאָמאַשאָוו, ברענגען מיר פאַר אייך דעם רעזולטאַט פון צען יאָר אַרבעט און אָנשטרענגונגען: אַט דאָס בוך וואָס דאַרף דינען אַלס אָנדענק און מצבה נאָך דער פאַרשניטענער אידישער קהלה אין טאָמאַשאָוו לוב.

נאָך אין אָנהויב פון די 1950־ער יאָרן, ווען די שארית־הפליטה פון טאָמאַשאָוו האָט זיך מער־ווייניקער אָנגעהויבן קאָנסאָלידירן און זיך ביסלעכווייז איינצואָרדענען אַזוי אין ישראל ווי אין אַמעריקע, איז אויף די יזכור־פאַרזאַמלונגען פון פיל לאַנדסלייט אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער דרינגענדער פאַרלאַנג צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונזער שטאָט ווי פיל אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן עס געטאָן — און ווי עס איז אַמבעסטן פּאַסיק פאַרן עם־הספר — דורך אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך.

ספר וסייפא — דאָס בוך און די שווערד — זיינען צוזאַמען אַראָפּ אויף דער וועלט — זאָל זשע דאָס פאָלק וואָס איז אַזוי ברוטאַל פאַרשניטן געוואָרן דורך שווערד און פייער — פאַראייביקט ווערן אין ספר — אין אַ בוך־מאָנומענט געשריבן דורך די פליטי־חרב, די אודים מוצלים מאש, און זאָל די שאַנד פון די מערדער אויך דאָרט פאַראייביקט ווערן לדראון ולחרפּת עולם.

נישט לייכט איז אָנגעקומען צונויפצוזאַמלען די מאַטעריאַלן, דערויף קען עדות זאָגן דער בלויזער פאַקט אַז עס האָט גענומען מער ווי 10 יאָר זייט די אַרבעט האָט זיך אָנגעפאַנגען, און נאָר אַ דאַנק דער שטאַנדהאַפטיקייט און אויסדויער פון יחידים איז ענדליך די אַרבעט געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג, און עס איז ד ז — טאָמאַשאָווער מאַן און פרוי, וואָס דאַרף יעצט אַרויסגעבן די אַנטשיידונג און אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער אַרבעט.

מיר, פון יזכור־בוך קאָמיטעט, ווייסן אַז דאָס בוך האָט

געקאָנט אַרויסקומען פיל בעסער, אָבער די שולד איז נישט אינ־גאַנצן אונזערע — ליידער האָבן פיל טאָמאַשאָווער פאַרנאַכלעסיקט זייער פליכט און זייער שפּעט אָדער אינגאַנצן נישט בייגעטראָגן זייער ביישטייער פון זכרונות אין דאָזיקן ספר־הזכרון וואָס וואָלטן געקאָנט פיל באַרייכערן דעם אינהאַלט און אומפאַנג פון דעם דאָקומענטאַלן בוך וואָס איז פאַרגעלייגט פאַר אייך, טראָץ דעם וואָס מיר האָבן פיל מאָל אַפּעלירט אין דער פּרעסע און דורך ספּעציעלע צירקולאַרן — אָבער די גרעסטע שולד טראָגט די טרדת־הזמן, די פּאַריאָגטקייט און צעשפּרייטקייט — די לעבן־געבליבענע מוזן שווער אַרבעטן בכדי צו „מאַכן אַ לעבן" און אַלע שונאים צו דריקעניש בויען נייע היימען, אַ נייע צוקונפט און נייע טאָמאַשאָווער קהלות אין ישראל און אין אַמעריקע און דאָס אַליין איז אַ נקמה אין די וועלכע האָבן געוואָלט אַז אָפּגעמעקט ווערן זאָל דער אָנדענק פון אידישן פאָלק, ולא יזכר שם ישראל עוד, חס ושלום. און זאָל דאָס זיין אַן אַנטשולדיקונג פאַר אונז און פאַר אייך.

הונדערטער יאָרן האָט עקזיסטירט דער אידישער ישוב אין טאָמאַשאָוו לוב. אונזערע עלטערן האָבן מיט זייער בלוט און שוויים, מיט זייער שווערע אַרבעט אויפגעבויט די שטאָט פאַרן וואויל־שטאַנד פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און ספּעציעל אַנטוויקלט די אידישע קהלה מיט אירע אינסטיטוציעס און טראָץ אַלע נגישות גזירות און פּאָגראָמען במשך פון דורות געפירט אַן ערליך אידיש לעבן, לאָיאַל צו דער מאַכט און איבערגעגעבן צום מיט־שכן.

די טאָמאַשאָווער אידישע באַפעלקערונג וואָס איז באַשטאַנען פון אָרעמע האָרעפּאַשנע אַרבעטער, קליינהענדלער און מיטל־קלאַס סוחרים, האָט יעדער אויף זיין שטייגער מקדיש געווען זיין האָב און גוטס, זיין מאַרך און ענערגיע צו בויען אינסטיטוציעס פאַרן וואויל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און צו אַנטוויקלען גוטע אידישע דורות אַדורכגעדרונגען מיט אהבת־תורה און אהבת־ישראל מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט צו ארץ־ישראל, מיט גוטע מידות און איידלקייט מיט גוטע אידישע באַוואוסטזיניקייט און אחריות פאַרן כלל, אויפצובויען אַ געמיינדע מיט אַ פול־בלוטיק און גוט פולסירענדיק אידיש לעבן.

דאָס אידישע טאָמאַשאָוו, אין אַלע שאַטירונגען און גרופּן, האָט געקאָנט שטאָלץ זיין דערמיט וואָס אין זייערע רייען האָבן זיך געפונען ערליכע מענטשן, אידעאַליסטן און עסקנים, וואָס האָבן די אינטערעסן פון ציבור געשטעלט העכער ווי זייערע. זיי האָבן געגלויבט, געליטן און פאַרגעזעצט זייער אַרבעט לטובת הכלל מיט מסירת-נפש.

טאָמאַשאָוו האָט געהאַט די זכי׳ אַרויסצוגעבן פון זיך גרויסע זין פאַרן פאָלק ישראל, גרויסע תורה-אויטאָריטעטן, וועלטס-פאַרזענלעכקייטן וועמענס השפעה האָט דערגרייכט ווייט ווייט איבער אירע גרעניצן, ווייט איבער די גרעניצן פון פוילן און אייראָפּע.

טאָמאַשאָוו האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדענע אידעאַליסטישע אידישע יוגנט, פול מיט ברויזענדן לעבן און עכטן אידישן שטאָלץ, טאָמאַשאָווער אידן האָבן מיט זייער שווער פאַרהאָרעוועטע אָרעמע גראָשנס אויפגעבויט אַ פּרעכטיקע שול, בתי מדרשים און אַנדערע וואונדערבאַרע אינסטיטוציעס פון חנוך, פון צדקה און חסד, און אַלעם — די מוסדות און זייערע בויער, די מנהיגים און די פאָלקסמאַסן, די אַלטע און די יוגנט, אַלעם איז ליידער אַזוי רוצח׳יש-ברוטאַל אומגעבראַכט געוואָרן, פאַרוויסט און פאַרניכטעט דורך די דייטשע קאַניבאַלן מיט דער מיטהילף פון אונזערע שכנים פון אַזויפיל יאָרהונדערטער.

אונזער נעסט איז צושטערט, אונזער היים פאַרוויסט, אונזערע גייסטיקע קוואַלן אויסגעטריקנט און אונזער געבורט-שטאָט חרוב און פאַרשעמט.

אונזערע קדושים האָבן נישט קיין מצבה, זייער אַש און ערדישער איבערבלייב איז צעזייט און צעשפּרייט איבער צענדליקער טויט-לאַגערן און הונדערטער געטאָס און וועלדער און עס דראָט אויך אַ געפאַר אַז זייער גייסטיקער אָנדענק און די טיף-נאָגענדע בענקשאַפט און ווייטיק זאָל ביסלעכוויין אויסגעוועפּט ווערן פון אונזערע הערצער און זייער געדעכעניש זאָל אויסגעמעקט ווערן פון אונזער זכרון.

אויב עס איז נישטאָ קיין קברים אויף וועלכע צו שטעלן

שטיינערנע מצבות דאָן זאָל דער יזכור־בוך דינען ווי אַ מצבה, זאָל עס פאַראייביקן זכרונות וועגן זייער לעבן און שאַפן, זייערע שטרע־בונגען און צילן, זייערע ליידן און פריידן, זאָל עס אַרויסברענגען מאָמענטן וואָס שפּיגלען אָפּ זייער אידיש האַרץ און געפיל, זייערע מעשים־טובים און צדקה, זאָל עס אַרויסברענגען אַלע איינצלהייטן פון זייער פּיין און טראַגישן אומקום על קידוש השם.

און מיר פּשוט'ע אידן פון אַ גאַנץ יאָר וואָס האָבן בייגע־שטייערט צום דאָזיקן בוך — הן די וואָס טיילן זייערע עראינערונגען, הן די מיטגלידער פון יזכור־בוך קאָמיטעט, הן די וואָס האָבן פינאַנציעל בייגעשטייערט — האָבן דאָס געפיל אַז מיטן אַרויסגעבן פון דאָזיקן בוך דערפילן מיר אַ טייל פון הייליקן חוב וואָס ליגט אויף אונז טאָמאַשאָווער שארית־הפליטה — די לעצטע פון דער אָפּגעשלאָסענער תקופה וואָס האָט זיך אַזוי רומרייך געענדיקט פון פּויליש־אידנטום — צו באַשרייבן און פאַרצייכענען לויט אונזערע באַשיידענע מעגלעכקייטן אַלעס וואָס מיר ווייסן און געדענקען וועגן עקזיסטענץ און קאַמף, אויפבלי און אומקום פון אונזער היים־שטאָט טאָמאַשאָוו דלובלין.

עס איז געלייגט געוואָרן ספּעציעל געוויכט אויף דעם לעצטן פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות, די שטורמישע יאָרן פון פאָלקיש־אידישן אויפבלי און גאַנץ באַזונדערס וואָס מער פּרטים אַרויסצוברענגען פון די טראַגישע יאָרן פון חורבן, פון ביטערן סוף.

מיר האָבן געגעבן יעדן לאַנדסמאַן די מעגלעכקייט צו שרייבן ווי ער פילט און ווי ער קאָן אין יעדע שפּראַך און פאָרם אין וועלכער עס איז אים גרינגער אַרויסצוברענגען זיינע באַהאַלטענע טיף־איינגעוואָרצלטע זכרונות צו שילדערן טיפּן און געשטאַלטן, אינס־טיטוציעס, געזעלשאַפטן און יחידים, רבנים און כלל־טוער, פאַרשידענע טיפּן פאָלקס־מענטשן, אַלע וואָס האָבן געלייגט זייער חותם און געהאָלפן אויספאָרמען די אידישע געזעלשאַפט אין טאָמאַשאָוו, אַרויס־צוברענגען עפּיזאָדן פון מסירת־נפש און אידעאַליזם, בכדי די צו־קונפטיקע דורות זאָלן זיך קענען וואַרעמען ביים שיין פון „עמוד האש", וואָס שיינט אָפּ פון דורות רומפולער געשיכטע פון טאָמאַשאָוו לובעלסקי.

דאָס יזכור־בוך איז אַ קאָלעקטיווע אַרבעט געשריבן פון לאַנדס־לײַט ניט־פאַכמענער אויפן שרייבערישן געביט, צעשפּרייטע איבער ישראל און אַמעריקע פּוילן און אַרגענטינע. יעדער האָט אויף זיין שטייגער און לויט זיין השקפה אַרויסגעבראַכט שילדערונגען און בילדער וואָס זיינען אים נאָענט צום האַרץ, געשריבן טאַקע נישט־פּראָפעסיאָנעל, אָבער דערפאַר פול מיט האַרץ און בענקשאַפט. דעריבער מוזט איר אונז אַנטשולדיקן אויב דאָ און דאָרט וועט איר אָנטרעפן אויף געוויסע ווידערהאָלונגען פון די זעלבע פאַקטן אָדער נעמען. דאָס בוך האָט נישט דעם צוועק צו אַנטדעקן נייעס וואָס איז נישט געווען באַקאַנט צו אונזערע לאַנדסלייט — אונזער ציל און שטרעבונג איז געווען פאַרצייכענען און פאַראייביקן דאָס וואָס מיר ווייסן, עס זאָל נישט פאַרגעסן ווערן און זאָל אָפּגעהיט ווערן פאַר דער צוקונפט, און עס זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן אַ קלאָר און ערלעך בילד פון טאָמאַשאָוו מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, טעטיקייטן און אַקטיוויטעטן, מחלוקת׳ן און קאַמפן און עס זאָלן פאַראייביקט ווערן וואָס מיר ווייסן וועגן די שרעקלעכע ליידן און אומקום פון די טאָמאַשאָווער אידן.

מיר האָבן נישט פּרעטענדירט אַרויסצוגעבן אַ שטרענג־וויסנ־שאַפטלעכע סטודיע וועגן דער געשיכטע און אומקום פון טאָמאַ־שאָווער אידן, מיר זיינען דערפאַר צופרידן וואָס עס איז אונז געלונגען מיט אונזערע אָרעמע כחות צונויפזאַמלען פּשוט׳ע זכרונות ווי אויך ווערטפולע מאַטעריאַלן, וואו עס ווערט געשילדערט דאָס געשטאַלט, לעבנס־שטייגער, גייסטיקע פיזיאָנאָמיע און עקאָנאָמישע סטרוקטור פון טאָמאַשאָוו וועלכע וועלן דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער דינען ווי אַ גרונטשטיין און קוואַל פאַר זיינע פאָרשונגען.

מיר מוזן פאַנאַנדערוויקלען די טרויער־מגילה פון דעם גרויסן אומגליק, פון ביטערן מורא׳דיקן חורבן, און זי איבערלייענען פאַר אונזערע קינדער פון אָנהויב ביזן סוף מיט דער פולסטער אויסדרוק־קראַפט און קלאָרסטער אינטערפּרעטאַציע.

גרויסע שוועריקייטן און שטרויכלונגען זיינען געלעגן אויפן וועג פון פאַרווירקלעכן אונזער פּלאַן און עס האָט זיך געפאָדערט

גרויס עקשנות און אָפּערוווילִיקייט, ליבע און גלויבן אין דער וויכטיקייט פון דער זאַך, און זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן אַ הארציקן דאַנק און אַנערקענונג פאַרן סעקרעטאַר און רוקנביין פון קאָמיטעט ה' יוסף מאַסקאָפּ פאַר זיין איבערגעגעבנקייט פאַרן יזכור-בוך, פאַר דער קאָלאָסאַלער אַרבעט וואָס ער האָט אריינגעלייגט און גאַנץ באַזונדערס פאַר זיין אומאויפהערלעכן מונטערן און ערמוטיקן וואָס האָט ענדלעך געבראַכט דערצו אַז דאָס בוך זאָל קאָנען ערשיינען, און צו מר יעקב שוואַרץ פון קרית-מוצקין אין ישראל פאַר זיין שרייבערישער מיטהילף, ער האָט אריינגעלייגט פיל כחות צו פאַר-אייביקן די שרעקלעכע צרות און אומקום דורך שטעלן זיך אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די לעבן געבליבענע עדי ראי־ה און באַשרייבן זייערע איבערלעבענישן. אויך ר' משה גאָרדאָן, זייענדיק פון די אַלטע תושבים אין אַמעריקע, איז געווען פון די ערשטע וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פון דער רעדאַקציע ביז זיין אָפּפאָר קיין ישראל — אַרויסווייזנדיק פיל פאַרשטענדעניש און ליב-שאַפט פאַרן בוך.

פאַר אונז ברידער און שוועסטער טייערע לאַנדסלייט זאָל דאָס דאָזיקע בוך דינען ווי אַ דערמאָנונג פון אונזער שיינעם אידעאַלן עבר און געבן אַ געלעגנהייט זיך מתייחד צו זיין מיטן אָנדענק פון אונזערע ליבסטע און נאָענטסטע. זאָל עס פאַרבלייבן ווי אַ מאָנומענט צו פאַראייביקן דאָס אידישע טאָמאַשאָוו.

זאָל דאָס דאָזיקע בוך פאַרבלייבן ווי אַ נשמה-ליכט פאַר די אומגעקומענע און אַן עמוד-האש פאַר די איבערגעבליבענע.

זאָל דער לעבנס-וועג פון אונזערע קדושים דינען ווי אַ ליכט-טורעם און אַ וועגווייזער פאַר אונזער צוקונפט, זייער גייסט זאָל איבערגעפלאַנצט און איינגעוואָרצלט ווערן אין די יונגע הערצער און מוחות פון אונזערע צוקונפטיקע דורות ווייטער צו פלעכטן די גאָלדענע קייט פון אידישקייט.

מיט ערפורכט דאַנקען מיר דעם בורא-עולם וואָס עס איז אונז ענדלעך געלונגען אַרויסצוגעבן דאָס יזכור-בוך.

שטיל און צובראָכן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ דערמאָנען מיר

מיט גרויס יראת הכבוד די נשמות פון אונזערע אייביק אומ־פארגעסענע טייערע קדושים — ערע זייער אנדענק!

דאס אידישע טאמאשאוו דלמטה לעבט ליידער מער נישט; אבער טאמאשאווער אידישע קינדער לעבן ב״ה און עקזיסטירן אין אונזער הייליקן היימלאנד ישראל אונטער אייגענע זעלבסטשטענדיקייט און אין אנדערע פרייע ווינקעלעך פון דער גרויסער וועלט על אפס וחמתם פון אלע אידישע שונאים און פון די פארשאלטענע דייטשע בעסטיעס, און מיר זאגן פייערלעך ווייטער פארצוזעצן די גרויסע ירושה פון אונזערע אבות און מיר האפן אז מער וועט שוין קיין שונא אויף אונז קיין שליטה נישט האבן, מיר זיינען טיף איבער־צייגט, אז דאס ליכט און די גייסטיקע ווערטן וואס דאס פאלק פון די נביאים האט געגעבן דער וועלט, וועלן פארטרייבן די פינסטערע כחות פון רשעות און טומאה וואס דער דייטשער עמלק האט צעבושעוועט טאקע מיטן הויפט־ציל צו פארניכטן דעם גייסט פון אידנטום צוזאמען מיט זיין גוף — **וכל הרשעה כולה כעשן תכלה,** און עס וועלן פארווירקלעכט ווערן די אידעאלן פון אחרית־הימים ווען דאס אידישע פאלק וועט צוריק באקומען זיין גרויסקייט און ווערן א נס־לעמים, דער גייסטיקער פאן־טרעגער און וועג־ווייזער פאר די העכסטע אידעאלן פון דער מענטשהייט — **נצח ישראל לא ישקר!**

א באזונדערן ווארעמען דאנק די „איוואָ״ אין ניו יארק פאר זייער בייהילף אין צושטעלן מאטעריאלן און פאטאסטאטס פאר דעם דאזיגען בוך.

און ועל כולם דעם טאמאשאווער הילפס־קאמיטעט אין ניו יארק פאר זיין פאזיטיווער, ווארעמער באציאונג און פינאנציעלער הילף וואס האט דערמעגלעכט דאס דערשיינען פון דאזיקן בוך.



# יזכור בוך קאמיטעטאין ניו יארק


יוסף מאסקאפ


אשר רייז


משה גארדאן


אלי׳ לעהרער


חיים יהושע בידערמאן


שמשון האלץ


רעי פאוסט־לעהרער


פישל האמער


וואווע ניי


שלמה ווייסלעדער


דוד גייער


יונה פעלדזען


שמאי דרילמאן

# חברי ועד ספר היזכור בישראל



יוסף הלוי לחר



יעקב שווארץ



זושא קונשטוק



יעקב מינקאווסקי



יעקב הערבסמאן

# עטליכע ווערטער צו די לעזער

● **י. מאסקאפ**

**מיט'ן** אַרויסגעבן דאָס ליגענדע פאַר אייך בוך, האַלט איך פאַר נויטיק צו באַקענען די לעזער אין קורצע שטריכען מיט'ן פּראָצעס פון דער דאָזיגער שאַפונג.

ס'ערשטע האָט מען אָנגעהויבען צו טאָן וועגען אַ יזכור בוך פאַר אונזער פאַרשניטענער שטאָט אין מדינת ישראל. קיין דאַטע ווייס איך נישט. אַהער קיין ניו־יאָרק האָט עס דערגרייכט אַרום 1950 אָדער 1951.

אין יענער צייט זיינען די נייגעקומענע טאָמאַשאָווער, דאָ אין ניו־יאָרק, געווען גערופען צו אַ פאַרזאַמלונג, וועלכע איז צאָלרייך באַזוכט געוואָרען. מר. שמואל שיפלינגער האָט געפירט דעם פאָרזיץ, בייזיצענד אויף דער טריבונע זיינען געווען אייניגע ראשים פון „חברה בני טאָמאַשאָוו". מען האָט דאָן פאָרגעלייענט אַ ווענדונג צו אונז מיר זאָלען אָנשרייבען אַרטיקלען פאַר'ן טאָמאַשאָווער יזכור בוך, וואָס אַ קאָמיטעט אין ישראל גרייט זיך אַרויסצוגעבען. דער בריף איז געווען געשריבען דורך מר יעקב הערבסמאַן אין נאָמען פון קאָמיטעט. אויף אָט דער פאַרזאַמלונג איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיטעט פאַר דעם צוועק, אָבער מער האָט מען פון דעם דאָזיגען קאָמיטעט גאָרנישט געהערט.

מיט עטליכע יאָר שפּעטער, זעהענדיק אַז פון דער פריערדיקער אַקציע איז גאָרנישט געוואָרען, האָב איך געפּרואווט נעמען די איניציאַטיוו אָנצוהויבען אויפסניי. איך האָב דאַן קאָנפערירט מיט הרב רובין און אייניגע אַנדערע פערזאָנען, זיי אַלע האָבען מיר פאַרזיכערט זייער מיטאַרבעט.

אינם ערשטען פּראָטאָקאָל לייענט זיך אַזוי:

„מוצש"ק פ' תשא מערץ 3, 1956 האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין הויז פון מר אלי' לערער אין ברוקלין פאָלגענדע פערזאָנען: הרב יחזקאל רובין, מר משה גאָרדאָן, מר שמואל שיפלינגער, מר פישל האמער, מר אלי' לערער, מר שמשון האלץ, מר שמאי דרילמאַן, מר יוסף מאסקאפ, מר מאיר נייהויז, מר צבי רייז, מר שלמה ווייסלעדער, מר דוד גייער און מר יונה פעלדזון, מיט'ן צוועק צו שאַפען אַ יזכור־בוך נאָך דער פאַרשניטענער קהלה טאָמאַשאָוו לובעלסקי, און אירע קדושים, אומגעקומענע דורך די דייטשע מערדער און זייערע פוילישע מיטהעלפער".

„נאָך אַלע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען ווערט איינשטימיג באַשלאָסען אַזאַ בוך אַרויסצוגעבען".

„ס'ווערט געשאַפען אַ יזכור־בוך קאָמיטעט פון פאָלגענדע פּריוויליגע פּערזאָנען: שלום ליכט, מר גאָרדאָן, מר שיפּלינגער, מר מאַסקאָפּ, מר נייהויז, מר האַמער און מר האַלץ".

„ס'ווערט געלאָזען פּלאַץ פאַר נאָך אַנדערע אין קאָמיטעט".

אויף די ווייטערדיגע זיצונגען בין איך דערוויילט געוואָרען — סעקרעטאַר און מר שיפּלינגער — פּרעזידענט. (דער לעצטער האָט אַביסעל שפּעטער רעזיגנירט). ביים אָננעמען דעם אַמט האָב איך געפּראָוואוט שטעלען אַ ווידערשטאַנד, ווייל איך האָב מיר אָפּגעגעבען אַ רעכענונג מיט וויפיל טעכנישע אַרבעט און מיינע ווייניגע מעגליכקייטען דאָס איז פאַרבינדען, אָבער קיין אַנדערער האָט דעם אַמט נישט געוואָלט אָננעמען און כדי עס זאָל נישט צוזאַמענברעכען באַלד ביים אָנהויב האָב איך זיך געמוזט איינשפּאַנען.

די שוועריגקייטען וואָס מיר האָבען אָנגעטראָפען פון דער ערשטער צייט אָן ביז'ן לעצט זענען איבערגעשטיגען אַלע דערוואַרטונגען. פון איין זייט האָבען מיר אָנגעטראָפען לאַנדסלייט וועלכע האָבען נישט אַרויסגעוויזען קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך, זיי האָבען אפילו אַרויסגעוויזען אַ געגנערשאַפט. מ'דאַרף נישט קיין בוך, איז געווען זייער טענה, ווער וועט אים לייענען? פון דער אַנדער זייט, האָט ביי די וואָס האָבען יאָ געפילט אַ נויט־ווענדיגקייט דערפאַר, געפעלט דער גלויבען אין דער פאַרווירקליכונג פון דעם פּלאַן און דאָס איז געווען די גרעסטע צרה. די ערשטע אויפרופען אונזערע צו די לאַנדסלייט זיך צו באַטייליגען אין דער שאַפונג האָבען געבראַכט אַזאַ נישטיג קליינעם אָפּרוף וואָס האָט געקענט אָנוואַרפען אַ יאוש'דיגע שטימונג אויף דעם שטאַרקסטען אָפּטימיסט.

אפילו פון ישראל וואו עס זיינען שוין געווען אַביסעל אָנגעזאַמעלטע מאַטעריאַלען פון פריער, האָט מען לכתחלה נישט געוואָלט זיי אַריינשיקען צו אונז. אויך זיי האָבען געהאַט אַ סקעפּטישען צוגאַנג דערצו. ערשט נאָכדעם ווי איך האָב זיי פאַרזיכערט אַז מיר באַזיצען שוין אַ סך מאַטעריאַלען און דאָס דערשיינען פונם בוך איז אויסער יעדען ספק, האָבען זיי אונז אַריינגעשיקט אַ פּעקל אַרטיקלען. און יעצט קען איך אייך שוין מוסר סוד זיין, אַז דאָס דערהאַלטען פון אָט דעם פּעקל איז טאַקע געווען אַ דערמוטיגונגס עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער שאַפונג. מען האָט געדאַרפען אויסאַרבעטען און פונאַנדערשיקען אויפרופען איינע נאָך די אַנדערע צו וועקען דעם גלויבען אין די מענשען זיי זאָלען אַריינשיקען אַרטיקלען און אויך נעמען פון די אומגעקומענע. דעם פאַקט וואָס די גאַנצע לאַסט פון דער אונטערנעמונג איז געלעגען אויף בלויז עטליכע געציילטע מענשען, וועלכע איר האָט געקענט אָנציילען מיט דער קלענערער העלפט פינגער פון איין האַנד, קענען זיכער

צוגעשריבען ווערען פיעל נעגאַטיווס אין דעם בוך און קודם כל זיין פּאַר־שפּעטיקונג. ווייל אַחוץ טעכנישע אַרבעט וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצופירען ווי: דרוקען און צעשיקען אויפרופען, אָנהאַלטען אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט׳ן קאָמיטעט אין חיפה מיט אַרגענטינא און פאַרשידענע יחידים, דאָס איבער־לייענען, קאָרעגירען, מאַנכעס מאָל אויך איבערשרייבען אַנדערע׳ס אַרטיקלען, נאָכאַמאָל קאָרעגירען נאָכ׳ן זאַץ און אַפילו אינזינען האָבען הזכרות און געלד זאַמלונגען, און אויך אַליין עפּעס אָנשרייבען, האָבען זיי אויך אייגענע התחייבות׳ן צו זייערע פאַמיליעס און באַשעפטיגונגען וועלכע לאָזען זעהר ווייניג פרייע צייט נאָך זיך און נאָך ווייניגער ישוב הדעת וואָס אַזאַ אַרבעט פאַרלאַנגט.

און יעצט ליבער לעזער אויב איר וועט אָנטרעפען אין דעם בוך עפּעס אַזעלכעס וואָס געפעלט אייך נישט, פאַרשטעהט אַז מ׳קען נישט נאָכקומען יעדען איינעמ׳ס געשמאַק. אויב איר וועט זיך אָנטרעפען אויף חסרונות ממש נעמט אין אַכט די געוואַלדיגע שוועריגקייטען פון די טוער, וועלכע האָבען ביי די געגעבענע באַדינגונגען אָט די חסרונות נישט געקענט גובר זיין. דאָס בוך וועט אוודאי ליידען פון איבער׳חזר׳ענדע זיך ענינים ד. ה. דער זעלבער ענין ווערט מערערע מאָל באַרירט אין פאַרשידענע אַרטיקלען, כדי דאָס אויסצו־מיידען האָט זיך געפאָדערט פיל צייט אין וועלכען מיר זיינען געווען מאַנגעל. אין פּרינציפּ האָבען מיר, ווי ווייט מעגליך, נישט געוואָלט שטרייכען יענעמ׳ס אַרטיקלען. מיר האָבען אויך געוואָלט געבען יעדען די מעגליכקייטען צו שרייבען אויף זיין אייגענעם אופן, אָדער, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדרוקען, זיך אַראָפּצורעדען פונ׳ם האַרץ. מיר זיינען אָבער געשטאַנען אויף דער וואַך, אין די ראַמען פון די מעגליכקייטען, אַז די באַשריבענע פאַקטען זאָלען שטימען מיט׳ן אמת. און אויב ס׳האָבען זיך דאָך דאָ און דאָרט אַריינגעכאַפּט וועלכע ס׳איז אומפּונקטליכקייטען לאָזען מיר עס אויפ׳ן אחריות פונ׳ם מחבר פון דעם געגעבענעם אַרטיקעל.

קריטיקירט נישט די טוער פון דעם בוך פאַר געוויסע אָביעקטען. וואָס זיינען געווען אַ לעבעדיקער טייל פונ׳ם שטאָטישען לעבען, צי דאָס זיינען אינסטיטוציעס צי פּערזאָנען, וועלכע זיינען אויסגעלאָזען אָדער נישט גענוג באַשריבען געוואָרען, דאָס איז אַ באַדויערנסווערטער פאַקט, אָבער איר קענט באַין אופן נישט פאַרלאַנגען פון וועמען צו באַשרייבען עפּעס אַזעלכעס אין וועלכען ער איז נישט גענוג באַהאַווענט. געפינט איר נישט איינעם פון אייערע נאָענטע אין דער רשימה פון די קדושים האָט דעם מוט צו באַשולדיגען זיך אַליין, פאַרוואָס איר האָט דעם נאָמען צו אונז נישט צוגעשיקט.

ווי יעדער אַנדערע אויסגאַבע איז אויך דאָס בוך רעדאַגירט געוואָרען דורך אַ רעדאַקציע קאָמיסיע מיט דעם אונטערשייד וואָס ביי אַנדערע אויסגאַבעס ליגט עס אין די הענט פון אַ פּראָפעסיאָנאַל, אַ פאַכמאַן אויף דעם געביט, מיט די נויטיגע דערפאַרונגען און קוואַליפיקאַציעס און ברייטע מעגליכקייטען

דאַגעגען מיט דעם דאָזיגען בוך האָבען זיך פון אָנהויב אָן פאַרנומען מענשען אָן וועלכע ס׳איז פּרעטענזיעס אויף פאַכמענישקייט אויף אָט דעם געביט און מיט זעהר אָרימע מעגליכקייטען. די רעדאַקציע קאָמיטע האָט זיך אָפּגעגעבען אַ גאַנץ קלאָרען רעכנונג וואָס אַ בוך קען ליידען דערפון, מיט וויפל חסרונות דאָס איז פאַרבונדען. אַרויסגעהענדיג אָבער פון דעם שטאַנדפּונקט אַז דער צוועק פון דעם בוך איז נישט זיין ליטעראַרישער גלאַנץ נאָר זיין מאָנומענ־טאַרישער אינהאַלט האָבען מיר אַלע אונזערע באַמיאונגען געלייגט דאָס בוך זאָל אַנטשפּרעכען זיין הייליגען צוועק אויף דעם ווייט מעגליכסטען אופן.

און אויב איר וועט מעסטען און וועגען די מעלות און חסרונות פון דעם דאָזיגען בוך פאַרגעסט נישט צו צולייגען דעם פאַקט, וואָס אַזאַ בוך איז פאַראַן, אויף איין זייט פון דער וואָגשאָל, און איר וועט האָבען דעם סך הכל פאַר זיך.

אינ׳ם קאָמיטעט פאַר׳ן יזכור בוך האָבען זיך באַטייליגט אויסער די אויסגערעכנעטע אינ׳ם ערשטען פּראָטאָקאָל: מר אלי׳ לעהרער — קאסירער. חיים יהושע בידערמאַן, אשר רייז, פּרוי רעכיל פּאוסט—לערער, דוד גייער, שלמה ווייסלעדער, וואווע ניי, יונה פעלדזון, לייבל פליישער און אביגדור גרינוואַלד.

אין דער רעדאַקציע קאָמיטע זיינען: שלום ליכט, מר משה גאָרדאָן, פישל האמער (נאט), שמאי דרילמאַן און דער שרייבער פון די שורות.

האַנד ביי האַנד מיט אונז האָט געאַרבעט אַ קאָמיטעט אין ישראל מיט ר׳ זושא קאָוענשטאַק אין שפּיץ.

אונזערע לאַנדסלייט אין אַרגענטינא האָבען אויך אַרויסגעוויזען אַ טיפען אינטערעס אין דעם בוך. זייער קאָרעספּאָנדענץ איז געקומען דורך שמואל אלעזר בראנער, ישראל׳קע אייזען און יוסף מעלדונג.

צו די אַלע אויבען אויסגערעכנטע און אַלע די וואָס האָבען צוגעטראָגען זייער חלק צו דער עבודת הקדש מיט דער פעדער, מיט נדבות, אָדער מיט אַנדערע באַמיאונגען, דערלויבט מיר דאָ אויסצודריקען מיין פּערזענליכען טיפסטען יישר כח פאַר זייער טרייער מיטאַרבעט אָן וועלכער מיר וואָלטען קיינמאָל אונזער ציל נישט דערגרייכט.

און אויב די איבעריגע וועלען מיר מוחל זיין, וועל איך מיט באַזונדערן דרך ארץ דערמאָנען: שלום לביא, פאַר זיינע שווערע לייסטונגען און גאָר באַזונדערס פאַר זיינע פאָרשונגס אַרבעטען וועלכען האָבען געגעבען דעם בוך אַ באַזונדערס היסטאָרישען ווערט, יעקב איטשע שוואַרץ אין ישראל וועלכער האָט אַזוי פיל צייט, האַרץ און טאַלאַנט אַריינגעלייגט ביים שילדערן די ליידען פון די איבערגעלעבטע היטלער קרבנות און דערמיט פאַראייביגט די פינסטערע היטלער תקופה אין אונזער געגענט. מרס. פאוסט וועלכע האָט אַ חוץ מיט טאַלאַנטפול געמאָלענע סיטואַציעס אויך צוגעהאָלפען איבערשרייבען



**די גרינדונגס־פערזאַמלונג פון פערוואַלטונג פון טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט־פעריין אין בוענאָס־איירעס, ארגנטינא, אין 1947**

1) יוסיל איילין ; 2) שמואל אלעזר בראנער (סעקרעטאר) ; 3) איציק זיגעלבוים ; 4) מרדכי ווייסבערג (פארזיצער) ; 5) משה ווערטמאן (קאסירער) ; 6) משה חיים צאן ; 7) יצחק שערמאן ; 8) זלמן לייכטער ; 9) לייבל צאן ; 10) דוד מיטעלפונקט ; 11) נח ווייסער ; 12) יצחק בריקס ; 13) שמאי מילשטיין ; 14) יוסיל שניצער ; 15) שלום שערמאן

די קדושים רשימה. פישל האַמער פאַר זיין מיהפּולע אַרבעט ביים קאָרעגירען די העברעאישע אַרטיקלען. שמאי דרילמאַן און אשר רייז וועלכע האָבען אַ חוץ אַנדערעס אויך אַוועקגעגעבען אַ ריי פרייע זונטאָגען פאַר געלד־זאַמלונגען ביי די לאַנדסלייט אין זייערע היימען.

זאָלען מיר אַלע, סיי די וואָס האָבען זיך אַקטיוו באַטייליגט אין דער שאַפונג פון דעם דענקמאָל און סיי די וואָס האָבען צוליב וועלכע ס׳איז סבות זיך נישט באַטייליגט, פילען אין דעם ספר הזכרון ווי אַ בשותפות׳דיג מחילה בעטען ביי אונזערע נאָענטע פאַרפייניגטע קדושים און ווי אַ מין דעקונג פון אונזער אַלעמענס התחייבות׳ן לגבי די צוקונפטיגע דורות.

אגב וואָלט איך וועלן דאָ באַמערקן, אַז מיר האָבן זיך מערערע מאָל געוואנדען צו דער סאָסייטי חברה בני טאָמאַשאָוו וועגן מיטאַרבעט פאַר דער שאַפונג פון בוך, אָבער לײדער האָבן זיי קיין פאַרשטענדעניש דערפאַר נישט אַרויסגעוויזן. אַלס אילוסטראַציע לאָזן מיר דאָ דרוקן דעם לעצטן בריוו פון יולי 8, 1963, אַדרעסירט צו זייער סעקרעטאַר מר שיפּלינגער פון פאָלגענדען אינהאַלט:

זייער חשוב׳ער קאָמיטעט פון „חברה בני טאָמאַשאָוו״.

מר. פּרעזידענט.

פאַראייביקענדיק אונזער פאַרשניטענע קהלה אין טאָמאַשאָווער יזכור בוך, וואָלטן מיר געוואָלט נישט אַדורכלאָזן די געלעגנהייט צו פאַרצייכענען אויך איר איבערבלייב. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו עפענען אין דעם דאָזיקן בוך אַן אָפּטייל וועגן לעבן און טעטיקייטן פון טאָמאַשאָווער אידן אין דער גאַנצער וועלט.

אַלס אַ קערפּערשאַפט פון טאָמאַשאָווער מיט אַ לאַנג יאָריקן סטאַזש פון טובת הכלל אַרבעט, וואָלט געווען נישט מער פון רעכט איר זאָלט פאַרנעמען אַ חשוב׳ן פּלאַץ אין דער אָפּטיילונג. מיר וואָלטן דעריבער אייך זייער בעטן אָנצושרייבן אַן אַרבעט וועגן אייער אָרגאַניזאַציע, אירע טעטיקייטן אויף פאַרשידענע געביטן פון כלל ענינים און אויך פּערזאָנען וואָס זיינען געווען אָדער זיינען מיט איר אַקטיוו פאַרבונדן.

נעמענדיק אין אַכט אַז דאָס בוך האַלט שוין באַלד ביים געדרוקט ווערן, וואָלטן מיר אייך באַזונדערס געבעטן צוצואיילן מיט דער דאָזיקער באַשרייבונג.

איר וועט מיר ביי דער געלעגנהייט דערלויבן צו באַמערקן אַז אויך אַנדערע אַרטיקלען וואָס קענען האָבן אַ שייכות מיט דעם בוך קענען נאָך אַריינגעשיקט ווערן.

מיט פריינטשאַפטס גרוס,

**י. מ. מאסקאָפּ,** סעקרעטאַר

לײדער איז דער בריוו דורך זיי איגנאָרירט געוואָרן. אַנטקעגן דעם... וואָס מאַנכע וואַרפן אונז פאַר וואָס מיר מאַכן דעם בוך אָן זיי.




מצבת זכרון במרתף השואה על הר ציון

# אַ מצבה פאַר אונזער שטאָט

● רעי פאוסט

נישט דער שטיין־האַקער
און נישט דער מצבה־קריצער,
שטעלט דעם נפטר אַ מצבה.
נישט דער שלייפער, פאַרבער און פאָלירער,
נישט דער ראש הקהל און פירער,
נישט דער סופר, און נישט דער נגיד דער בעל צדקה,
אויך נישט דער גרויסער דערפינדער.
אַ מצבה שטעלן בלויז די קינדער.

חרוב געוואָרן איז אונזער שטאָט,
מיט פיל שטעט צוזאַמען,
חרוב געוואָרן זיינען מצבות
פון טאַטע מאַמע.
נישטאָ מער קיין אידיש לעבן דאָרט;
די שטאָט וואו אונזער וויגעלע איז געשטאַנען,
איז נישט מער פאַראַנען:
רציחה האָט זיך פאַרשפּרייט
נאָך שנעלער ווי אַ מגפה
און האָט נישט איבערגעלאָזט
אויפן הייליקן אָרט אַ מצבה.

קינדער פון דער חרוב׳ער שטאָט!
אַלע צוזאַמען!
לאָמיר שטעלן אַ מצבה
טאַטע מאַמע.
לאָמיר פאַראייביקן אונזער שטאָט,
וואָס איז נישט מער פאַרהאַנען,
אין אַ יזכור־בוך, אין אַ ספר הזכרונות.
זאָל אַ מצבה פאַר אונזער שטאָט ווערן געשטעלט!
צו דערמאָנען, נישט צו פאַרגעסן און נישט דערלאָזן
מער קיין רציחות אויף דער וועלט.




**ביי די מצבה פון די קדושי טאמאשוב אין מרתף השואה**

**ס׳זיצען פון רעכטס :** שרה קופערשטאק (בארענשטיין), גרשון כ״ץ, משה גארדאן, ארי׳ ווייץ, חיים יוסף לרר, יעקב שלאגבוים ; **ס׳שטעהן :** זישא קאווענשטאק, משה בלאנדער

# צו דער געשיכטע פון אידען אין טאָמאַשאָוו-לובעלסק

## (דאַטעס און פאַקטען פון אַרכיוו-מקורות)

● מרדכי וו. בערנשטיין

**אַ ר י י נ פ י ר**

די אידישע רעגיאָנעלע ליטעראַטור, דאָס הייסט די געשיכטע פון די פאַרשידענע ישובים, האָט שוין אַ גאַר לאַנגע געשיכטע. מיט העכער הונדערט יאָר צוריק האָבען שוין אידישע פאָרשערס, משכילים, רבנים, אָנגעהויבען אויף זייער שטייגער צו פאַראייביגען זייערע קהילות. געווען זענען עס טאַקע בעיקר גרעסערע ישובים, ריכטיגע ערים ואמהות בישראל. אָט איז אַ צעטל פון צען קהילות (לויטען אלף-בית) וועגען וועלכע עס זענען דערשינען געשיכטלעכע מאָנאָגראַפיעס:

1. אָסטרע — „מזכרת לגדולי אוסטרא״;
2. בריסק־דליטע — „עיר תהילה״;
3. גראָדנע — „עיר גיבורים״;
4. דובנע — „דובנא רבתי״ און „עיר דובנא וחכמיה״;
5. ווילנע — „קריה נאמנה״;
6. זשולקיעוו — „קריה נשגבה״ (תולדות גדולי זאלקווא);
7. לעמבערג — „אנשי שם״ און „מצבת קודש״;
8. מינסק — „רבני מינסק וחכמיה״;
9. קראָקע — „עיר הצדק״ (תולדות חכמי קראָקע), „לוחות זכרון״ און „כלילת יופי״;
10. ריזשנאָי — „דעת קדושים״.

דער רוב פון די דאָזיגע מאָנאָגראַפיעס, ווי עס זאָגען אויף דעם עדות די נעמען, האָבען בעיקר דערציילט וועגען דעם גרויסען יחוס פון דער קהילה און פריער פאַר אַלץ וועגען די גייסטיקע מנהיגים פון דעם ישוב.

דאָ אָדער דאָרטען האָבען זיך אויך אַריינגעפלאָכטען פּרטים וועגען אידישען כלל־לעבען, וועגען פאַרשידענע חברות, אינסטיטוציעס. דאָס איז אָבער ניט געווען דער עיקר.

ווען מען באַטראַכט די דאָזיגע ספרים זעט מען, אַז די מקורות, די קוואַלען פון וואַנען די מחברים האָבען גענומען די ידיעות זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען טאַקע צוגעשטעלט די פאַקטען, וואָס האָבען געהאַט צו טאָן מיט די גדולי העדה. לרוב זענען עס געווען מצבות פון די בית־

עלמינס. קלאָר, אַז אָפּגעשריבן האָט מען די יחוס׳דיגע, די היסטאָריש־וויכטיגע מצבות. אַגב זענען זיי מער אָפּגעהיטען געוואָרען. מען האָט גענומען פון די אויפגעהיטע פּנקסים (פריער פון אַלץ פון דער חברא־קדישא); מען האָט געשעפּט פון די הסכמות אויף ספרים, וואָס די אָרטיגע רבנים האָבען אַרויסגעגעבען.

דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז דער ציל איז דאַן ניט געווען צו פאַראייביגען דאָס לעבען פון דער קהילה — די קהילה האָט דאָך געלעבט, האָט זיך ניט געשיקט צו שטעלען אַ מצבה נאָך אַ לעבעדיגען...

צוליב דעם זעלביגען טעם האָבען יענע מחברים, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, ניט געפּרואווט אויסניצען די ניט־אידישע מקורות. זעלטען ווען זיי האָבען אפשר גאָר געוואוסט, אַז אין פאַרשידענע פּריצישע, שטאָטישע אָדער מלוכה׳שע אַרכיוועו געפינען זיך די ערשטע ידיעות וועגען אידען אין דעם געגעבענעם ישוב; וועגען פּריווילעגיעס פאַר אידען פון די קהילות; וועגען געריכט־אַקטען, וואָס מען קאָן געפינען וכדומה.

פון גאָר אַן אַנדער מין זענען די געשיכטעס וואָס ווערען היינט געשריבען וועגען די פאַרטיליקטע קהילות. זיי זענען דאָך אין דער בחינה פון קאָלעקטיווע סימבאָלישע מצבות־קודש און לוחות־זכרון ניט פאַר יחידים, ניט פאַר אויסדערווײלטע גרופּען נאָר פאַר די גאַנצע שטעט און שטעטלעך. איז דעריבער די אויפגאַבע אַ פיל גרעסערע, אַ פיל ברייטערע און דעריבער אַן אַ שיעור אַ שווערערע.

יענע מחברים האָבען נאָך פאַר זיך געהאַט אַ „לעבעדיגען" בית־עלמין; זיי האָבען נאָך געקענט אויפמישען די פאַרגעלטע בלעטער פון די כל־המינים פּנקסים; זיי האָבען נאָך געקענט אויסהערען די דערציילונגען פון די זקנים, וואָס עס האָבען זיי אַמאָל זייערע זיידעס דערציילט. היינט איז אונטערען שווערד פון הענקער פאַרטיליקט געוואָרען די גאַנצע עדה צוזאַמען מיט אירע דאָקומענטען.

היינט איז אויך שווער צו דערגרייכן די ניט־אידישע מקורות. טייל פון זיי עקזיסטירען שוין ניט אין רעזולטאַט פון דער מלחמה — און חורבן — זאַוויערוכע און דאָס וואָס איז יאָ פאַראַן איז אָפּגעשלאָסען מיט זיבען שלעסער „אויף יענער זייט", וואוהין עס איז שווער צוצוקומען.

אָבער עס איז מיר געלונגען צונויפקלייבען אַ סעריע מיט דאָקומענטען, מאַטעריאַלען און פאַקטען צו דער געשיכטע פון אידען אין טאָמאַשאָוו-לובעלסק. פאַרשידענע צופאַלען האָבען געפירט צו שפּורען, וואָס האָבען ווייטער זיך געצויגען צו אַרכיוועו אָפּגעראַטעוועטע און פון דאָרטען זענען געשעפּט געוואָרען די ווייטערדיגע ידיעות פון אידען אין טאָמאַשאָוו־לוב. טאַקע פון די ערשטע טעג זינט טאָמאַשאָוו איז געוואָרען אַ שטאָט און אידען האָבען זיך דאָרטען באַזעצט.

וועלען מיר גייען כסדר און אָנהייבען מיט דער געשיכטע פון דעם:

## אָנהייב פון ישוב

דער גאַנצער געגנט איז ביזן יאָר 1462 געווען אַ פירשטענטום. שפּעטער, בעת דער אַלט־פּוילישער הערשאַפט איז דאָ אויספאָרמירט געוואָרען די בעלזער וואָיעוואָדשאַפט, צו וועלכער עס האָבען געהערט 5 קרייזען (פּאָוויאַטען): בעלז, גראַבאָוויעץ, אָראָדלע, ליובאַטשאָוו און בוסק [1].

דאָס שפּעטערדיגע טאָמאַשאָוו איז אויפגעקומען ערשט אַרום יאָר 1590. דאַן איז אויף דעם באָדן פון דעם דאָרף ראַגוזשנאַ, דורך דעם העטמאַן און פּוילישען קרוין־קאַנצלער יאַן זאַמאָיסקי געשאַפען געוואָרען דער נייער ישוב מיטן נאָמען יעליטאָווא. מיט 4 יאָר שפּעטער, גענוי דעם 10־טן אַפּריל 1594 ווען ביי יאַן זאַמאָיסקין איז געבוירען געוואָרען אַ זון פון זיין פערטער פרוי באַרבאַראַ טאַרנאָווסקא און מען האָט דעם זון אַ נאָמען געגעבען טאָמאַש האָט מען לכבוד דער דאָזיגער געשעעניש דאָס שטעטל יעליטאָווא געענדערט אויף טאָמאַשאָוו. אלה תולדות טאָמאַשאָוו [2].

דאַרף דאָ דעמאָנט ווערן, אַז דאָס דאָרף ראַגוזשנאָ איז שוין ווי אַ נאָמען אין דעם געגנט דעמאָנט געוואָרן אין יאָר 1422.

דער גאַנצער געגנט איז אין יאָר 1772, ביי דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילען אַריבער צו די האַבסבורגער און זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון די עסטרייכער. נאָכן ווינער קאָנגרעס פון די דריי גרויסמאַכטען, וואָס האָבען זיך צעטיילט מיט פּוילען (רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך), וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1811 איז אַ טייל פון דער געוועזענער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט, און די זאַמאָשטשער אָרדינאַציע אַריבער צו די רוסען. זיי האָבען געהערט צו דער לובלינער גובערניע.

אין דער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט, האָבן דאַן, ווען עס האָט זיך אָנגע־הויבען שאַפען דער טאָמאַשאָווער אידישער ישוב, די פאַרשידענע שטעט געהערט צו באַזונדערע באַלעבאַטים — צו דער מלוכה (אַזוי גערופענע קרוין־שטעט) אָדער צו פאַרשידענע יחידים־בעלי־בתים: פּריצים. פון די 31 שטעט, וואָס זענען געווען אין בעלזער וואָיעוואָדשאַפט אין יאָר 1629 האָבען 15 געהערט צו מלוכה און 16 צו פאַרשידענע יחידים. טאָמאַשאָוו איז געווען דאָס אייגענטום פון די זאַמאָיסקיס. אין דער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט האָבען די זאַמאָיסקיס געהאַט נאָר טאָמאַשאָוו און קרייז.

---

1) P. Dabkowski — Podzial Administracyjny Wojewodztwa Ruskiego i Bielskiego XV Wieku Lwow 1939.

2) Slownik Geograficzny Krolewstwa Polskiego. Tom 12 Str. 374-377 Warszawa, 1938.

אין יאָר 1621 (25טן מאַי) האָט איר דעמאָלטיקער בעל־הבית, טאָמאַש זאַמאָיסקי באַשטעטיגט די פּריווילעגיע, וואָס איז שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרען פון פּוילישען קעניג זיגמונט דעם 3טען. עס איז כדאי פון דער דאָזיגער פּריווילעגיע, וואו עס ווערט אָנגעצייכענט דער בראשית פון דער שטאָט און איר אַדמיניסטראַציע צו ברענגען אַ פּאָר אויסצוגען. עס זאָגט זיך דאָרטען:

...„ווען איך (יאַן זאַמאָיסקי) האָב זיך פאַרמאָסטען צו פאַרלייגען די שטאָט טאָמאַשאָוו און גאָר אין קורצען געזען מיט ג־טס לאָסקע ווי זי וואַקסט, האָב איך באַשלאָסען, צוליב דער טובה און נוצען פון כלל אַרויסצוגעבען די דאָזיגע פּריווילעגיע, וואָס זאָל זיין גילטיג פאַר די קומענדיגע דורות. מיט באַשטימען די שטאָט אין די ווייטערדיגע גרעניצען... אַלע באַזיצער ווערען באַפרייט פון אַלע מינים אָפּצאָלען אויף 15 יאָר. נאָך דער דאָזיגער צייט וועט מען דאַרפען אַריינטראָגען אין מיין אוצר צו 5 גראָשען פאַר יעדען הויז אויפ'ן מאַרק; פון די אַנדערע גאַסען און פאַרשטעט צו 4 גראָשען... (עס גייען דאָ פאַרשידענע טאַקסעס אין נאַטור).
...מיר דערלויבען אויך אויסצובויען אַ ראַטוש מיט הילצערנע קראָמען אַרום צו פאַרקויפען פוטער, קאַשע, בוימעל און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען... מיר זאָגען צו אויסצו'פועל'ען ביים קעניג אַז עס זאָלען איינגעשטעלט ווערען יאַרמערק אין די טעג פון: הייליגען סטאַניסלאַוו, הייליגען באַרטאָלאָמיי, דריי קעניגען, און וואָכען-מערק יעדען מאָנטיק...
די בירגער וועלען רעגירט ווערען לויט דעם מאגדענבורגער רעכט און דער מאַגיסטראַט זאָל באַשטיין פון קאַטאָליקען און אוניאַטען *. איך פאַרפליכטע די בירגער אויף זייער אייגענעם חשבון אויסצובויען אין משך פון 3 יאָר אַ קאָסציאָל. ווער דאָס ניט אויסגעפירט ווערען וועלען זיי באַשטראָפט ווערען מיט'ן פאַרלירען די רעכטען און פרייהייט אָדער מיט געלד־שטראָף לטובת מיין אוצר...״ [3]).

ווי מיר זעען זיינען אין דער דאָזיגער ערשטער פּריווילעגיע ביים גרינדען די שטאָט ניט דערמאָנט געוואָרען די אידען.

וועלען מיר טאַקע אין ווייטערדיגען קאַפּיטל זיך אָפּשטעלען אויף דער פראַגע:

---

* די אוניאַטען זענען געווען אַ מין קריסטלעכע סעקטע, אַ געוויסער געמיש פון רוימיש־קאַטוילישע און פּראַוואָסלאַווע.

3) Dr. Janusz Peter — Szkice z przeslosci miasta kresowego. Zamosc 1947.

## די ערשטע אידען אין טאָמאַשאָוו

פון אידישע מקורים איז באַוואוסט, אַז אין מיטען פון 17טן יאָר־הונדערט זענען אין טאָמאַשאָוו געווען אידען. איך וועל דאָ דערמאָנען נאָר דריי פּרטים, וואָס ווערן זיי רעדט זיך ברייטער אין די ווייטערדיגע אָפּטיילען פון פנקס.

1. בעת דער גזירת ת״ח איז שוין אין טאָמאַשאָוו געווען אַ גאַר גרויסער אידישער קיבוץ, („יון מצולה״, אין „צער בת רבים״ און אין „צוק העתים״).

2. אויף אַ זיצונג פון ועד ארבע ארצות אין לובלין אין יאָר תכ״ז (1667) האָט צווישען אַנדערע אונטערגעשריבען אַ תקנה יעקב לוי ספרא מטאָמשוב [4]).

3. אַרום דאָס יאָר 1676 איז אין טאָמאַשאָוו געווען אַ בילבול אויף אַ געוויסען ר׳ פנחס ברבי מאיר, וועלכער איז אומגעקומען ווי אַ קדוש. עס זענען צו זיין זכרון אַפילו פאַראַן קינות [5]).

אָבער ווען איז דער בראשית פון דעם טאָמאַשאָווער אידישען קיבוץ?

פון פּוילישע אַרכיוו־מאַטעריאַלען האָבען מיר אַ זיכערע דאַטע, דאָס יאָר 1621. אין דער דאָזיגער דאַטע האָבען די טאָמאַשאָווער אידען באַקומען פון דעם שטאָט־בעל־הבית, טאָמאַש זאַמאָיסקי (אויף וועמענס נאָמען מען האָט מיט 27 יאָר צוריק אַ נאָמען געגעבען די שטאָט) אַ פּריווילעגיע. מיינט דאָך דאָס, אַז דאַן זענען שוין אידען דאָרטען געווען אין אַ געהעריקער צאָל און זענען שוין געווען פון פריער.

איידער מיר קומען צו דער דאָזיגער פּריווילעגיע, וואָס איז דער וויכטיגסטער אומשטרייטבאַרער ערשטער דאָקומענט וועגען די טאָמאַשאָווער אידען דאַרף מען צוגעבען, אַז ביז די טאָמאַשאָווער אידען האָבען באַקומען אין 1621 די פּריווילעגיע זענען שוין געווען קהילות אין דאָזיגען געגענט, אין דער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס פּריווילעגיעס פאַר אידען זענען שוין דאָרטען געווען פריער. אָט איז די רשימה פון די דאָזיגע שטעט, גייענדיג לויטען כראָנאָלאָגישען סדר ווי זיי האָבען באַקומען די פּריווילעגיעס:

1. בעלז — אין יאָר 1517;

2. דעמבנאָ (געהייסען אויך דובנאָ, און דעריבער האָט דאָס וואָלינער דובנא געהייסען דובנא־רבתי, גרויס־דובנע) — אין די יאָרען 1538־1593;

3. מאסטי וויעלקיע (אויך געהייסען אויגוסטאָוו) — אין די יאָרען 1549־1576;

---

4) ישראל היילפּרין — פנקס ועד ארבע ארצות, ירושלים תש״ה, סימן רס״א פון יאָר תכ״ז, זייטען 105־106.

5) ד״ר מאַקס ווינרייך — שטורעמווינט, ווילנע 1927, זייטען 176־180.

4 סאָקאַל — אין די יאָרען 1565־1578;
.5 טישאָווצע — אין די יאָרען 1566־1576;
.6 אָלעשיצע — אין יאָר 1576;
.7 נעמיראָוו (ניט פאַרבייטען מיט'ן אוקראַאינער נעמיראָוו) — אין יאָר 1599;
.8 קאַריטניצע — אין יאָר 1617.
.9 טאָמאַשאָוו — אין יאָר 1621.

ווי מיר זעען זענען שוין אידען געווען אין יענעם געגענט מיט העכער 100 יאָר צוריק, ווען מען נעמט די פריווילעגיע-דאַטעס ווי דעם בראשית. מיר ווייסען אָבער אויך, אַז איידער אין אַ געוויסען אָרט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ פריווילעגיע זענען שוין דאָרטען געווען אידען.

רעדען מיר וועגען די פריווילעגיעס פאַר די אידען אין בעלזער וואָיעוואָדשאַפט דאַרף מען צוגעבען, אַז פון די דערמאָנטע 9 שטעט זענען נאָר דריי: אָלעשיצע, נעמיראָוו און טאָמאַשאָוו געווען פריצישע און האָבען באַקומען די פריווילעגיעס פון זייערע בעלי־בתים — אָלעשיצע פון דעם סטאַראָסטא שיענאַווסקי, נעמיראָוו פון פריץ סטאַדניצקין און טאָמאַשאָוו פון דעם גראַף זאַמאָיסקי. די אַנדערע זענען געווען קרוינישע שטעט און זייערע פריווילעגיעס באַקומען פון קעניג. עס זענען אָבער אויך געווען דריי שטעט, וואו אין זייערע פריווילעגיעס איז בפירוש געווען אָנגעגעבען, אַז דאָרטען זאָלען אידען נישט וואוינען. דאָס זענען:

מאַגיעראוו, וואָס האָט געהערט צו די בעלזער שליאַכטע, האָט פון אייגענטימער יאַן מאַגיער באַקומען דעם 20טן יאַנואַר אַ פריווילעגיע, וואו עס ווערט צווישען אַנדערע געזאָגט:

...„אידען, ווי אַ פאַרשאָלטען פאָלק, וואָס איז כיטרע און צוליב זייער גלויבען ניט פריינטלעך צום קריסטענטום... שליס איך אויס פון קענען זיין געדולדעט אין דער שטאָט; מען זאָל קיין הייזער ניט פאַרדינגען און ניט פאַרקויפען, אויך מיינע יורשים זאָלען אונטער קיין שום אויסרייד זיי אין שטאָט ניט אַריינלאָזען...״ [6]).

אין יאָר 1629 ווען עס איז, ווי מיר וועלען וועגען דעם שפּעטער ריידען, דורכגעפירט געוואָרען די ציילונג פון אידישע הייזער אין דער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט האָבען די מאַגיעראָווער איינוואוינער באַדאַרפט שווערען, אַז אויסער דעם אָרענדאַר פון שלאָס יאַקוב וואוינט ביי זיי ניט קיין שום איד.

---

6) Slownik Geograficzny ... Tom 5 str. 896.

פלאַזאָוו. די דאָזיגע שטאָט איז געווען אַ קרוינישע און דאָ האָט זיגמונד דער 3טער אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע אין יאָר 1614, וואו עס זאָגט זיך:

...„אידען איז פאַרווערט אין שטאָט צו וואוינען, בויען הייזער אָדער זיך פאַרנעמען מיט האַנדעל. נאָר אויף אַ דערלויבעניש פון מאַגיס־טראַט קענען אידען דורך דער שטאָט דורכפאָרען צוליב זייערע האַנדעלס־ענינים" [7].

וואַרענזש — די דאָזיגע שטאָט איז פריער געווען דאָס אייגענטום פון די פּריצים ניעדזוויעצקי, וועלכער האָט עס פאַרקויפט צום קלויסטער פון די „היילינגע שוועסטער פון לעמבערג", וועלכע האָבען ניט געוואָלט דאָרט קיין אידען. פאַר דעם אין יאָר 1578 זענען דאָרטען געווען 4 אידישע בעלי־בתים און 2 באַדינער.

הכלל אַרום טאָמאַשאָוו זענען געווען ישובים פון אידען. קלאָר, אַז ווען עס איז דאָרטען אין יאָר 1594 אויפגעקומען דער ישוב האָבען זיך אַהין אָנגעהויבען ציען אידען פון דעם אַרום. מיר וועלן עס טאַקע זעען שפּעטער אין די פאַמיליע־נעמען און די באַצייכענונגען פון די טאָמאַשאָווער אידען.

## די טאָמאַשאָווער אידען־פּריווילעגיע

די זאַמאָיסקיס האָבען שוין געהאַט אַ געוויסע פּראַקטיק מיט אידען. אין זאַמאָשטש האָבען זיי שוין אין יאָר 1588 אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר די דאָרטיגע אידען. אין אַ ריי אַנדערע שטעט פון זייער אָרדינאַציע האָבען שוין געוואוינט אידען. אַזוי, אַז מען דאַרף אָננעמען, אַז די אַרויסגעגעבענע אין טאָמאַשאָוו פּריווילעגיע איז געווען ענלעך צו די אַנדערע פון די זאַמויסקיס. צוליב דער היסטאָרישער וויכטיקייט פון דאָזיגען דאָקומענט וועלען מיר אים ברענגען אין דער אידישער איבערזעצונג. געשריבען איז די פּריווילעגיע אין לאַטיין. זי איז איבערגעזעצט געוואָרען אין פויליש און געווען צום ערשטען מאָל פאַרעפענטליכט ביים 300 יאָריגען יובילעי פון אידישען ישוב (וואָס איז ניט געפייערט געוואָרען!) אין יאָר 1921 [8].

זאָגט זיך אין דער פּריווילעגיע:

...„אין נאָמען פון ג־ט, אמן. אויף אייביגען זכרון. טאָמאַש פון זאַמאָשטש, דער וואָיעוואָדע פון קיעווער לענדער, סטאַראָסטא פון קנישין און גאָניאָנדז או"וו, או"וו, איז מודיע מיט דער דאָזיגער שריפט, אַלעמען אין כלל און יעדן יחיד בפרט ווען דאָס איז

7) Slownik Geograficzny ... Tom 8 str. 282.
8) Teka Zamojska, 1921 Zamosc.

נוגע. ווען איך האָב מיט עטליכע יאָר צוריק אָנגענומען דעם באשלוס צו גרינדען די נייע שטאָט, וואָס איז אָנגערופען טאַמאַשאָוו און ווען איך האָב געזען אַז דער ישוב וואַקסט און נעמט אָן פון טאָג צו טאָג אַלץ אַ ברייטערן פאַרמעסט, האָב איך כדי צו פירן אַן אויסגעברייטערטען און הצלחה׳דיגען האַנדעל אויפגענומען די אידען אויפ׳ן ביישפיל פון די אַנדערע שטעט פון מיין מלוכה, ווי איינוואוינער און בירגער פון דער דאָזיגער שטאָט און זיי דערלויבט צו פאַרלייגען דאָרטען זייערע הייזער און משפחות. די דאָזיגע אידען וועלען דאַרפען טראָגען די זעלבע לאַסטען, אָפּצאָלען און שטייערען, צו וועלכע עס זענען פאַרפליכטעט די קריסטלעכע בירגער פון דער שטאָט. איך דערלויב זיי צו געניסען פון אַלע רעכטען און פרייהייטען וואָס עס האָבען אַלע אַנדערע בירגער אין די שטעט פון מיין הערשאַפט, ביים אויספירען זייערע פונקציעס אין האנדעל, ביים אײנשאפען פראָדוקטען, ווי בכלל ביי אַלע אַנדערע ערלעכע באַשעפטיקונגען כדי שאַפען מיטלען צום לעבען. איך בין אויך מסכים, אַז זיי וועלען האָבען די זעלבע רעכטען ביים קויפען און פאַרקויפען אַלע מינים סחורות, אין אַלע צייטען — סיי בעת וואָכענטלעכע, סיי בעת די יערלעכע מאַרקען און אין אַנדערע צייטען. אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיגער פריווילעגיע וועלען די דערמאָנטע אידען, סיי אַזעלכע וואָס וואוינען אין דער שטאָט, סיי די וואָס וועלען צוקומען, זיין מחויב נאָכ׳ן אָפּלויף פון 15 יאָר, צו צאָלען מיר און מיינע יורשים ווי צינש פון יעדען איד, אַן אייגענטימער פון אַ הויז צוויי פלאָרינען און שכנים צו 1 פלאָרין, אומאָפּהעניג פון אַלע אַנדערע שטייערען, וואָס זיי דאַרפען צאָלען, צוגלייך ווי אַלע אַנדערע בירגער קריסטען, צו מיר און צו מיינע יורשים. חוץ דעם וועלען די אידען זיך קענען פאַרנעמען מיט דער צירולניק־קונסט (רופאים=פעלטשערס) צוגלייך מיט די קריסטלעכע צירוליקעס און פונקט ווי קריסטלעכע צירוליקעס וועלען זיי דאַרפען צאָלען מיר און מיינע יורשים צו 15 פלאָרינען אַ יאָר, און צום טערמין פון הייליגען מאַרצין ריינעם חלב, אָדער צעשמאָלצענעם 12 שטיינער.

אויב עס וועלען פאָרקומען קריגערייען און תביעות צווישען קריסטען און אידען דאַרפען זיי פריער באַהאַנדעלט ווערען ביים אידישען עלטסטען; אויב דער קריסט וועט זיך פילען באַ׳עוול׳ט מיט זייער אורטייל האָט ער דאָס רעכט זיך צו ווענדען צו מיין דעלעגאַט און אויך שפּעטער צו מיר און צו מיין געריכט. חוץ דעם קענען קריסטען גערופען ווערען צום משפט אין אַלע ענינים דורך די אידען, אָבער נאָר אין דעם שטאָטישען ציווילען געריכט.

חוץ דעם גיב איך די אויבענדערמאָנטע אידען דאָס רעכט צו קויפען אויף אַ גאַס, אָפּגערוקט פון דעם קאַטוילישען קאָסציאָל געוויסע פּלעצער, כדי דאָרטען אויפבויען אַ שול, אַ וואוינונג פאַר׳ן רב, חזן און מלמד ווי אויך אַ פּלאַץ פאַרן פּזשיטולעק (הקדש) אַריינצונעמען אָרעמע און אומגליקלעכע.

ווען די דאָזיגע בנינים וועלען אויפגעבויט ווערען וועלען זיי זיין באַפרייט פון אַלע שטייערען און צינשען, וואָס עס דאַרפען צאָלען די אידען פון זייערע הייזער.

די אידען האָבען אויך דאָס רעכט איינצוקויפען אַ פּלאַץ אויף די פאָרשטעט, כדי פאַרלייגען אַ בית-עלמין, צו באַגראָבען זייערע טויטע.

יעדענפאַלס זאָג איך אָן, אַז די דאָזיגע אידען איז ניט דער־לויבט צו קויפען ביי קריסטען, אָדער אַליין אויפבויען אויפ׳ן מאַרק פון דער דאָזיגער שטאָט מער ווי 12 הייזער. אין דער צאָל ווערען אַריינגערעכענט שוין די הייזער וואָס די אידען האָבען דאָרטען. וועט זיך אַרויסווייזען, אַז עמיץ האָט דאָס עובר געווען אָן מיין דערלויבעניש וועט ער באַשטראָפט ווערען מיט אַ געהעריגע סומע לטובת מיין אוצר.

אויף אַלע אַנדערע גאַסען קאָנען די אידען קויפען ביי קריסטען אָדער אַליין בויען אַזויפיל הייזער וויפיל זיי וועט נאָר געפעלען ווערען.

חוץ דעם באַפריי איך די דערמאָנטע אידען פון טראָגען וועלכע ניט איז לאַסטען צו פאַריכטען די גרעבלעס, וואָס מען האָט אויפגעבויט ביי די פאָרשטעט פון דער דערמאָנטער שטאָט, כדי פאַרפעסטיגען די ברעגעס פון די אָזיערעס, צו וואָס עס זענען פאַרפליכטעט אַלע אַנדערע קריסטלעכע בירגער פון דער שטאָט.

די אידען, אייגענטימער פון הייזער זיינען מחוייב, אויף אַלע אייביגען, ווען דאָס וועט זיך אַרויסווייזען פאַר נויטיג צו צאָלען צו 3 גראָשען פאָנאַנדערטיילען פאַר די באַדערפעניששען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט און דער באַקוועמלעכקייט פון דער שטאָט.

כדי דאָס צו באַשטעטיקען האָבען איך געהייסען דעם דאָזיגען פאַפּיר, וואָס איך האָב אייגענהענטיק אונטערגעשריבען, נאָך פאַר־פעסטיגען מיט׳ן זיגעל.

אַרויסגעגעבען אין זאַמאָשטש אין טאָג פון 6טן מאַי 1621 יאָר אין דער אָנוועזענהייט פון די אַדעליקע פאַנעס:

וואַווזשיניעץ סטאַרניגעל — דיעקאַן פון מיין קאַלעגיאַטע אין

זאַמאָשטש; מאַטעאוש לעשניעווסקי — פּאָדקאָמאָרני פון בעלז; יאַן קאָמאָראָווסקי — סטאַראָסטאַ פון ראַציבאָר; און: סטאַניסלאַוו ווילעלסקי, אַלעקסאַנדער דאַמעראַצקי, פּראַנצישעק קזשיזשאַנאָווסקי, מאַטעאוש מאַלקאָווסקי, יאַן דזיק, פּאַוועל סלאָטאָווסקי, וואָיציעך נאַפּיורקאָווסקי, סטאַניסלאַוו מאָקראָווסקי מיינע באַאַמטע און פאַר־טרויאונגס־מענטשען, כדי דאָס זאָל אָפּגעהיטען ווערען אין די ראַמען פון די רעכטען פון מיין הערשאַפט ווי אויך פון מיינע יורשים, זאַמאָיסקי יאַן איוואַשקאָוויטש.

דאָס אויבען־געבראַכטע באַשטעטיג איך — מאַרצין, אין זאַמאָשטש, זאַמאָיסקי״.

ווען מען פאַרגלייכט די פּריווילעגיעס פון די אַנדערע שטעט, ניט די וואָס זענען געווען אין דער זאַמאָיסקער אָרדינאַציע, זעט מען אַז דאָ האָבען די אידען באַקומען פיל ברייטערע רעכט ווי די אַנדערע שטעט. ניט נאָר האָבען די אידען געהאַט גלייכע רעכט ווי די טאָמאַשאָווער קריסטען, זיי זענען אפילו פון געוויסע פליכטען באַפרייט געוואָרען. עס איז דאָ פאַראַן אַ פּונקט פון אַ מין באַגרענעצונג (אויסצובויען אויפ׳ן מאַרק ניט מער ווי 12 הייזער) אָבער דאָס איז אין דער פּראַקטיק ניט איינגעפירט געוואָרען. אידען האָבען טאַקע ניט געבויט אָבער זיי האָבען געוואוינט, ווי שכנים ביי קריסטען אויפ׳ן מאַרק.

טאַקע צוליב דעם איז נאָכדעם געקומען צו אַ געוויסע טענה מצד דער שטאָט צו די אידען. אַזוי פלעגען די קריסטען צאָלען זייער שטייער פון די הייזער און פלעצער. אָבער אַז די אידען האָבען די הייזער דעראָבערט ווי „שכנים״ האָבען די קריסטען אויפגעהערט צו צאָלען דעם אָפּצאָל פאַר׳ן קאָסציאָל. עס איז דערגרייכט געוואָרען אַן אָפּמאַך צווישען דעם טאָמאַשאָווער קהל און דער קאַטוילישער פּאַראַפיע (וואָס איז אגב באַשטעטיקט געוואָרען אין רוים דורכן פּויבסט דעם 27טן אויגוסט 1761) אַז די אידען דאַרפען צאָלען דעם שטייער, וואָס די קריסטען האָבען פריער געצאָלט צום קאָסציאָל. די קריסטען פלעגען צאָל 2 שטיינער חלב אָבער די אידען האָבען שוין געצאָלט טאָפּעלט 4 שטיינער, אָדער 20 גילדען.

מיט עטליכע צענדליג יאָר שפּעטער איז אין שייכות מיט׳ן ווייטער־דיגען וואוקס פון די אידען דער דאָזיגער אָפּצאָל געהעכערט געוואָרען. דעם 3טן יאַנואַר 1824 איז געשלאָסען געוואָרען אַ נייער אָפּמאַך צווישען טאָמאַ־שאָווער קהל און אָרטיקען גלח, אַז דער יערליכער אָפּצאָל וועט פאַר׳ן קאָשציאָל זיין ניט 20 גילדען נאָר 40 גילדען.

מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען אויף אַ פּאָר מאָמענטען פון דער פּריווילעגיע. עס רעדט זיך דאָרטען וועגען דער צאָל אידישע הייזער אויפ׳ן מאַרק (נאָר 12) און בכלל דאָס רעכט פון בויען הייזער. אָט האָבען מיר

טאַקע אַ סטאַטיסטיק פון אידישע הייזער אין דעם גאַנצען בעלזער קרייז. צוליב אַ צופאַל איז די דאָזיגע סטאַטיסטיק אויפגעהיט געוואָרען אין אַן אַרכיוו, וואָס געפינט זיך „אויף יענער זייט".

ביז דאָס יאָר 1628 האָבען אידען געצאָלט איין אַלגעמיינעם שטייער „פּאָגלאָוונע" — לויט קאָפּ. דעם דאָזיגען קאָפּ־שטייער האָבען אידען געצאָלט דורך די וועדים אין דעם יאָר, אין שייכות מיט דער פּויליש־שוועדישער מלחמה האָט די קאָנסטיטוציע פון דאָזיגען יאָר פאַרפּליכטעט די אידען צו צאָלען חוץ דעם קאָפּ־שטייער אויך אַ שטייער פון הייזער און גרונטען, אַזוי ווי עס צאָלען די קריסטען און אַז דער שטייער איז סיי פון אייגענע הייזער ווי אויך געדונגענע ביי קריסטען.

אין שייכות דערמיט איז דורכגעפירט געוואָרען אַ גאָר גענויע סטאַטיס־טיק כדי צונויפשטעלען די שטייער־רשימות פון די אידישע הייזער. האָבען זיך אָפּגעהיט די דאָזיגע רשימות. די ציילונג איז פאָרגעקומען יעדע עטליכע יאָר און אָט האָבען מיר אַ פאַרגלייך פון 19 שטעט אין בעלזער קרייז, וואו עס זענען געווען הייזער וואו אידען האָבען געוואוינט אין יאָר 1629 און יאָר 1643 [9]:

| | שטאָט | צאָל הייזער אין 1629 | 1643 | צוגעקומען |
|---|---|---|---|---|
| .1 | בעלז | 34 | 40 | 16 |
| .2 | בוסק | 17 | 56 | 39 |
| .3 | ציעשאַנאָוו | 3 | 11 | 8 |
| .4 | דעמבנא | 15 | 64 | 49 |
| .5 | פלאָריאַנאָוו | 40 | 60 | 20 |
| .6 | האָראָדלע | 11 | 15 | 4 |
| .7 | קאָריטניצע | 36 | 47 | 11 |
| .8 | ליפּסקאָ | 30 | 37 | 7 |
| .9 | לאַשטשוווקע | — | 13 | 13 |
| .10 | מאָסטי' | 7 | 10 | 3 |
| .11 | ניעמיראָוו | 16 | 21 | 5 |
| .12 | פּאָטילעטש | 12 | 16 | 4 |
| .13 | ראַווע־רוסקע | 24 | 25 | 1 |
| .14 | סאָקאָל | 16 | 18 | 2 |
| .15 | סטשעמילעץ | 10 | 12 | 2 |
| .16 | שטוראָוויעץ | 10 | 15 | 5 |
| .17 | טאָמאַשאָוו־לוב. | 30 | 60 | 30 |
| .18 | טישעווצע | 18 | 18 | — |
| .19 | אוהנאָוו | 30 | 30 | — |

9) זע הערה 3.

מיר זעען דאָ אַן אַלגעמיין בילד פון דער שטייגערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין קרייז און ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען אין די באַזונדערע שטעט. מיר געפינען טאָמאַשאָוו צווישען די פּאָר געציילטע שטעט וואָס זענען גאָר שטאַרק אויסגעוואַקסען, אין פּרט פון הייזער. וועגען דער צאָל פון נפשות וועט אונז אויסקומען באַזונדער שפּעטער צו רעדען.

רעדט מען וועגען שטייערען איז כדאי דאָ צוברענגען אַ רשימה פון אידישע שטייער־צאָלער פון טאָמאַשאָוו־לובעלסקי אין יאָר 1702

אין די שטייער־רעגיסטערן פון דער שטאָט פון יאָר 1702 ווערען אָנגעגעבען בסך־הכל 212 שטייער־צאָלער. ביי יעדען שטייער־צאָלער ווערט אָנגעגעבען זיין גלויבען אָדער נאַציאָנאַליטעט. צווישען די דאָזיגע 212 זענען 119 פּאָלאַקען 68 רוסען און 17 אידען. ווען ניט די באַמערקונג ביי אַ טייל פון די דאָזיגע אידען וואָלטען מיר ניט געקענט, אויפ׳ן סמך פון נאָמען וויסען צי דאָס איז אַ איד. ביי פיל פּאַלען זענען עס די נעמען פון די יישובים פון וואַנען זיי האָבען אָפּגעשטאַמט. ביי טייל שטייט טאַקע זשיד ז...... (איד) פון........ מיר גיבען די רשימה ווי זי איז אין דעם אַלגעמיינעם רעגיסטער. דער נומער אין די קלאַמערען מיינט דער רעגיסטער־נומער פון שטייער־אַמט פון יאָר 1702 [10].

1. (4) — פלאָריאַנאָוויטש (געמיינט פון פלאָריאַנאָוו).. 15 גראָשען
2. (5) — בערקא איזראַעלעוויטש.................. 2 גילדען
3. (6) — איצקא לאַשטשאוויצקי.................. 1 גילדען
4. (8) — ליטמאַנאָוויטש.......................... 3 גילדען
5. (10) — נאַראָלסקי.............................. 3 גילדען
6. (13) — חיים.................................... 3 גילדען
7. (17) — פוקאַזשעווסקי.......................... 2 גילדען
8. (18) — אהרן צערולניק (אַ שערער, אָדער פעלטשער) 3 גילדען
9. (19) — זענדל שאַפּאַזש......................... 2 גילדען
10. (34) — נח פון לייבען.......................... 1 גילדען 20 גראָשען
11. (35) — ברוך.................................... 16 גראָשען
12. (51) — מעטיאַ בעקער........................... 15 גראָשען
13. (60) — ליטשמאַנקאַ............................ 1 גילדען
14. (69, 78) כאָדיוואַניעצקי...................... 1 גילדען 15 גראָשען
15. (165) — יאַוואָראָווסקים איידעם................ 20 גראָשען
16. (102) — לובקע................................. 1 גילדען 6 גראָשען
17. (205) — בענקשפּולעק............................ 1 גילדען 6 גראָשען

---

10) זע הערה 3.

דאָס זענען געווען בעיקר שטייערען פון די פּלעצער, הייזער אין הסכם מיט די פריער שוין געבראַכטע פּריווילעגיעס און אויסבעסערונגען.

עס איז כדאי זיך אָפּשטעלען אויף אַ טייל פון די דאָזיגע נעמען. קלאָר אין דאָזיגען יאָר האָבען נאָך אידען ניט געהאַט זייערע פאַמיליע־נעמען. טרעפען מיר דאָרטען סתם די נעמען חיים, ברוך, לובקע (אפשר לייבקע?). די נעמען פלאַריאַנאָוויטש, לאַשטשאָוויצקי, נאַראָלסקי, פוקאָזשעווסקי, כאָדיוואַ־ניעצקי, יאַוואָראָווסקי זענען אָפּשטאַם־ערטער פון די אידען, דאָס זענען אַלץ דאָרפישע ישובים אין דעם קרייז.

וועגען אהרן צירולניק וועט אויסקומען צו רעדען אין אַ באַזונדער קאַפּיטל.

באַזונדער וועלען מיר דאָ אויסטיילען דעם זענדעל שאַפּאַזש נומער 9 (19). דער דאָזיגער נאָמען איז אונז געקומען אויפן טיש פון אַן אַנדער דאָקומענט. אָט האָבען מיר אַ רשימה פון אַלע שטאָט־פאַרוואַלטונגען אין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי פון יאָר 1684 ביז דאָס יאָר 1810. אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער פּריווילעגיע, פון דער שטאָט, וואָס מיר האָבען ציטירט פריער ווערט אָנגעזאָגט, אַז אין מאַגיסטראַט דאַרפען זיין נאָר קאַטאָליקען און אוניאַטען. אָבער אין דעם צוזאַמענשטעל פון מאַגיסטראַט פון יאָר 1688 געפינען מיר דעם „פּאַמאַצניק זשידאָווסקי שמולקא קראַמאַזש" צווישען דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער זעלביגער קרעמער שמואל איז אויך אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג אַ יאָר שפּעטער, אין 1689. עס גייען ווידער איבער 13 יאָר, וואו עס זענען נישטאָ קיין אידען אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג און אין יאָר 1702 טרעפען מיר דאָרטען „שאַפּאַזש זשידאָווסקי זענדעל דאַווידאַ־וויטש". ער איז אויך אין יאָר 1704 אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. שפּעטער געפינט מען שוין ניט קיין אידען.

דער דאָזיגער זונדל איז עס פון אונזער שטייער־רשימה פון יאָר 1702.

רעדט מען וועגען רשימות פון אידען אין טאָמאַשאָוו מיט יאָרהונדערטער צוריק דאַרף מען דאָ ברענגען אַ גאָר אינטערסאַנטע רשימה. אינטערסאַנט דערמיט, וואָס אויב אין דער רשימה פון יאָר 1702 וועט מן־הסתם קיינער פון די היינטיגע טאָמאַשאָווער ניט געפינען קיין באַקאַנטע נעמען וועלען זיי עס אפשר קענען דעשיפרירען אין דער ווייטערדיגער רשימה, וואָס איז שוין אַביסל „יונגער", פון יאָר 1835, עס איז ניט מער ווי מיט אַ יאָר 130 צוריק. אגב דאָ האָבען מיר שוין די פאַמיליע־נעמען און פיל פון זיי טרעפען מיר שוין אין די שפּעטערדיגע דאָקומענטען און מאַטעריאַלען און טייל פון די היינטיגע טאָמאַשאָווער וועלען דאָ זיכער געפינען זייערע אור־אור־עלטערען. די דאָזיגע רשימה איז פון די:

## אידישע קראָמען אין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי אין יאָר 1835

(לויט דעם שטאַטישען היפּאָטעקען־בוך פון יאָר 1835).

אין דער שטאָטישער היפּאָטעקען־פאַרצייכענונג פון דערמאָנטען יאָר זענען אויסגערעכענט די וויטערדיגע אידישע קראָמען, וואָס האָבען דאַן עקזיסטירט אין טאָמאַשאָוו: (די נומערען מיינען לויט די פאַרצייכענטע אין היפּאָטעקען־רשימה) [10]).

| | | |
|---|---|---|
| 1. יודקא ראָזענפעלד | גומער | 41 |
| 2. שמעון בערגערסאָן | | 44 |
| 3. חנה ראָטענשטיין, אלמנה נאָך משה | | 2 |
| 4. פנחס לינדענוואַלד | | 195 |
| 5. יונה לודען | | 152 |
| 6. אהרן בינדלער | | 245 |
| 7. איטע — געבוירען בערגער, פריער ווערטמאַן איצט די פרוי פון וואָלף שניי | | 197 |
| 8. מנשה זינגער | | 22 |
| 9. לייזער־בער לעדערקרעמער | | 472 |
| 10. חיים פאַרשטענדיקער | | 40 |
| 11. אהרן קאָספּישער | | 8 |
| 12. לימא לאַנגער | | 157 |
| 13. בלומע ראָטענבערג, אלמנה נאָך משה | נומער | 33 |
| 14. פרץ רייכענבערג | | 4 |
| 15. אברהם קאָנספּישער | | 8 |
| 16. דוד קאָהאַן | | 14 |
| 17. נתן קינדער | | 245 |
| 18. משה דייטעל | | 35 |

אין יאָר 1834 האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די צאָל קראָמען איז צו ווייניק און די שטאָט האָט אַרויסגעגעבען אַ דערלויבעניש אויסצובויען אַ ראַד־קראָמען (אין מקור קראַמניצאַ) פון ציגעל. די קאָנצעסיע די דאָזיגע קראָמען צו בויען האָבען באַקומען: הערשקא ביילין; מיכל קאָרנגאָלד און מאָשקאָ (משה) קאָהן. די קראָמען זענען אויפגעבויט געוואָרען אויפ׳ן מאַרק.

## אידישע צירוליקעס (רופאים) אין טאָמאשאָוו

אַ גאָר כאַראַקטעריסטישער פונקט פון דער טאָמאַשאָווער פּריווילעגיע איז דער אָפּזאַץ, אַז די אידישע צירוליקעס וועלען קענען אומגעשטערט

10) זע הערה 3.

אויספירען זייער אַרבעט. גאַר זעלטען איז צו געפינען אַזאַ פּונקט אין די פאַרשידענע אַנדערע הונדערטער פּריווילעגיעס אַרויסגעגעבענע צו אידען אין אַלט־פּוילען. אַן אויסנאַם איז טאַקע אַ צווייטע פּריווילעגיע פון די זאַמאָיסקים, פאַר זאַמאָשטש פון יאָר 1588 — אויך דאָרטען רעדט זיך וועגען אידישע צירוליקעס [11]).

ווייזט זיך אַרויס, אַז טאָמאַשאָוו איז געווען געבענטשט מיט אַ גאַר גרויסער צאָל אידישע צירוליקעס, וועלכע מיר וועלען שוין ווייטער פשוט רופען רופאים. אין אַ ריי אַרכיוו־דאָקומענטען און פריער פאַר אַלץ אין געריכט־אַקטען געפינען מיר כסדר וועגען די רופאים. זייערע נעמען; זייערע טענות בעת משפּטים אַז די קריסטליכע קליענטען צאָלען זיי ניט אָפּ די באַדינגענע סומעס וכדומה.

אָט איז אין אַ כראָנאָלאָגישען סדר אַ צעטל (זיכער ניט קיין פולער) פון די טאָמאַשאָווער אידישע רופאים:

מיר געפינען אין יאָר 1684 אין אַ געריכט־אַקט, אַ פּראָצעס פון דעם רופא אהרן יאַקובאָוויטש וועלכער האָט אָנגעקלאָגט דער קריסטין עווא מידלאַנקאַ, אַז זי פירט אַן אומערלעכע קאָנקורענץ און נעמט צו זיינע קליענטען.

אין יאָר 1684 פיגורירען אין טאָמאַשאָוו די רופאים אהרן און אברהם איצקאָוויטש.

פון יאָר 1685 ביז 1694 געפינען מיר דעם רופא אהרן שאַפּשאָוויש. פון יאָר 1687 ביז 1700 איז דאָ דער רופא אהרן איצקאָוויטש. אין יאָר 1699 איז פאַרצייכענט אין די געריכט־אַקטען אַ פּראָצעס צווישען דעם צירוליק אהרן יאַקובאָוויטש און דעם בירגער פּראָקאָפּ שטשענסיאַק. וועמען ער האָט אויסגעהיילט אַן אויג. ער האָט זיך מיט אים באַדונגען 5 גילדען און באַצאָלט האָט ער נאָר 3 גילדען.

אַ גאַר גרויסע פּראַקטיק האָט געהאַט אַ געוויסער רופא משה איצ־קאָוויטש. אין יאָר 1689 האָט ער געוואוינט אין אַן אייגען הויז, אַ ירושה פון זיין פאָטער יצחק דעם אַלטען צירוליק. אין די אַקטען פיגורירט ער ווי מאָשקאָ איצקאָוויטש כירורגאַ טאָמאַשאָוויענסי און אויך ווי מאָסיע מעדיקוס. אין יאָר 1718 איז ער נאָך געווען טעטיק.

אין דער זעלביגער צייט איז געווען אַ רופא הירש.

סוף 17טן און אָנהויב 18טן יאָרהונדערט איז געווען גאַר טעטיג דער רופא ברוך אַראָנאָוויטש, אין די אַקטען פיגורירט ער אויך ווי ברוך מעדיק. אין יאָר 1705 האָט די שטאָט פאַרוואַלטונג געשלאָסען מיט אים אַן אָפּמאַך צו היילען קראַנקע.

---

11) פנקס זאמאָשטש, בוענאָס־איירעס 1957, זייטען 88-89.

לאָמיר דאָ דערמאָנען, אַז אין דער פריערדיגער שטייער-רשימה פון 1702 פיגורירט אהרן צירולניק און אַ געוויסער ברוך, עס קאָן זיין אַז דאָס איז דער ברוך מעדיק.

אין יאָר 1689 טרעפען מיר אויך אַ פרוי אַ רופא'טע. מיר דערוויסען זיך עס פון אַ מעשה־נורא ווי אַזוי אַ געוויסער קריסט איז באַפאַלען אַ אידישע פרוי און זי איז געהיילט געוואָרען פון דער „אידישער צירולניטשקע" — קיין נאָמען ווערט ניט אָנגעגעבען.

אין יאָר 1738 האָט דער צירוליק איצקא מארקאָוויטש באַקומען אַ דערלויבעניש אויפצובויען אַ הויז אויף דער גאַס, וואָס פירט צום שעברשינער טויער.

גאָר טשעקאָווע איז אַ געשיכטע מיט אַ קריסטליכען פעלדשער, וועלכער איז אַנטלאָפען פון טאָמאַשאָוו און איבערגעלאָזען זיין פרוי און קינדער אויף הפקר. אין דאָזיגען יאָר האָט דער זאַמאָיסקער אָרדינאַט, דער פולקאָווניק טאָמאַש־אַנטאָני אַרויסגעשיקט אַזאַ מין בריוו:

„...איך בין מודיע די וואָס דאַרפען עס וויסען, באַזונדער דעם חשוב'ען אַמט פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו און די אידען פון דער דאָרטיגער סינאַגאָגיע אין שייכות מיט דער געבראַכטער צו מיר בקשה פון אַנאַ קושיזשאַנאָווסקאַ, אַ צירולניטשקע, וועמענס מאַן עס איז צוליב הולטייסטוואָ אַוועק פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו און אויף אַ מיאוס'ען אופן איבערגעלאָזען זיין פרוי און קינדער. כדי די דאָזיגע פרוי זאָל האָבען מיטלען צום לעבען דערלויב איך איר טשעלאַדניק, אַ קאַטאָליק צו פאַרנעמען זיך מיט דעם צירוליק־פאַך. (איך בעט) אַז די דאָזיגע אַננע זאָל פון די צירוליקעס און בכלל פון די אידען ניט ווערען פאַרפאָלגט..." [12]).

אין יאָר 1753 זענען געווען טעטיק די רופאים אברהם איזראעלעוויטש און די ברידער לעוויק און הערשקא. הערשקא האָט פריער פּראַקטיצירט אין וואַרענזש און געהאַט דעם ביינאָמען וואַרענסקי. ער האָט זיך שוין גערופען דאָקטאָר.

פון יאָר 1788 איז פאַראַן אַ דעקרעט פון זאַמאָשטש צו די טאָמאַשאָווער בירגער, אַז איצקא גאָלדשטיין (דער זון פון פריער דערמאָנטען הערשקא וואַרענצקי) האָט אין יאָר 1785 דערהאַלטען אַ דיפּלאָם פון מעדיצינישע וויסענשאַפטען. ער איז געשטאָרבען אין יאָר 1800.

אין יאָר 1823 איז געווען טעטיק אין טאָמאַשאָוו דער דאָקטאָר לעאָן פונקענשטיין.

---

12) Maurycy Horn-Rzemieslnicy Zydowscy na rusi czevwonej na Przelomie XVI i XVIII wieku. Biuletyn Zydowskiego Institutu Historycznego. Warszawa 1960 Nr. 34.

פון צווישען די טאָמאַשאָווער רופאים איז געווען באַקאַנט ישראל בינדען־דער שטאָם־פאָטער פון אַ גאַנצע משפחה פעלדשערס אין לאַשטשעוו ביז 1939.

אין דער צייט פון דער „פּאָווסטאַניע״ (1831) זענען געווען טעטיק אין טאָמאַשאָוו די רופאים זלמן גראַדער און זיין זון מרדכי גראַדער ווי אויך לייבע פיינער און יאַנקל אַסיאַ.

אין יאָר 1851 געפינען מיר דאָקומענטען פון אַ חתונה פון דעם פעלשער מרדכי גאַלאָס מיט רייזל קאָרמאַנדל.

שפּעטער זענען געווען (ווי דאָקומענטען באַווייזען) אַ פעלדשער יצחק אסיא און זיין זון יאנקל אסיא. דער לעצטער איז געשטאָרבען אין יאָר 1935. משמעות, אַז דאָס זענען אָפּשטאַמיגע פון יאַנקל אסיא, דעם פעלדשער פון דער „פּאָווסטאַניע״־צייט. אגב איז דער פאַמיליע־נאָמען אַסיאַ געקומען פון אַראַמעאיש, אין תלמוד מיינט טאַקע אסיא אַ פעלדשער.

ווי מיר זעען איז דאָס פעלדשער־פאַך געווען גאָר אָנגעזען ביי אידען אין טאָמאַשאָוו און דערפאַר טאַקע איז אין דער ערשטער פּריווילעגיע פאַר דער שטאָט פון 1621 שוין געווען אַ באַזונדערע אָפּזאַץ וועגען דאָס רעכט פון די אידען זיך דערמיט צו באַשעפטיגען.

ביים פאַרענדיגען דעם דאָזיגען קאַפּיטל דאַרף באַמערקט ווערען, אַז די דאָזיגע פאַקטען וועגען די אידישע רופאים אין טאָמאַשאָוו זענען ניט געווען באַקאַנט די פאָרשערס, וואָס האָבען זיך דערמיט באַשעפטיגט. אַזוי איז אין דער אַרבעט פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום (הי״ד) „אידישע פעלדשערס אין אַמאָליגען פוילען״ (פאַרעפענטליכט אין „סאָציאַלע מעדיצין״ 1932), וואו ער רעכנט אויס ביז 320 פעלדשערס אינגאַנצען נישטאָ וועגען די טאָמאַשאָווער.

## אידישע בעלי־מלאכות אין טאָמאשאָוו

מיר האָבען זיך פריער אָפּגעשטעלט אויף דעם פעלדשער־פאַך אין טאָמאַשאָוו, ווי האָט עס אויסגעזען מיט אַנדערע פאַכען?

ליגען פאַר אונז אַ סעריע מיט פּריווילעגיעס, וואָס די זאמאָיסקיס האָבען אין משך פון יאָרען אַרויסגעגעבען צו די פאַרשידענע האַנדווערקער־צעכן אין טאָמאַשאָוו.

אָט איז די פּריווילעגיע פאַר׳ן צעך פון סטאָלאַרעס, באנדארעס, סטעל־מאַכעס, רעדערמאַכער און טאקארעס. אַרויסגעגעבען אין סעפּטעמבער 1618. 21 פונקטען האָט די פּריווילעגיע און זי הויבט זיך אָן מיט פּונקט 1, אין וועלכען עס זאָגט זיך:

„...לויט׳ן באַשלוס פון שטאָטישען אַמט קענען די האַנדווערקער פון דאָזיגען צעך זיין נאָר פון דער רוימיש־קאַטוילישער אמונה...״

אַ ווייטערדיגע פּריווילעגיע איז פון 18 יאַנואַר 1641 אַרויסגעגעבען פאַר דעם וועבער־צעך אין טאָמאַשאָוו. די פּריווילעגיע האָט 31 פונקטען. אויך דאָרטען הויבט זיך אָן מיט׳ן פונקט 1, וואו עס זאָגט זיך, אַז:

...„ווער עס וויל אַריינטרעטען אין דעם וועבער־צעך דאַרף זיין פון דער קאַטוילישער אמונה...״

דעם 27טן יאַנואַר 1642 באַקומען די פּריווילעגיע די שלאָסערס, שמידען, קאַטליארעס, שווערדמאַכער אין טאָמאַשאָוו. צווישן די פונקטען איז פאַראַן אויך אַזאַ וואָס איז מחייב די מיטגלידער פון צעך זיך צו באַטייליגען אין די קאַטוילישע רעליגיעזע פּראָצעסיעס. ניטאָ דאָרטען הייסט עס קיין פּלאַץ פאַר אידען.

דאָס זעלביגע געפינען מיר אין דער פּריווילעגיע פאַר די טאָמאַשאָווער זדונעס (אויוועו־מאַכערס), אויך צום דאָזיגען צעך קענען געהערען נאָר רוימיש-קאַטוילישע בעלי־מלאכות.

די אידען האָבען טאַקע ניט געקענט געהערען צו די דאָזיגע צעכן און מען האָט זיי אויך ניט דערלויבט צו גרינדען אייגענע צעכן אָבער זיי פלעגען דאָך אויספירען געוויסע אַרבעטען, פריער פאַר אַלץ די יעניגע וואָס זענען געווען דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרבונדען מיט אידישען לעבענס־שטייגער. אין אַ סעריע אַקטען געפינען מיר וועגען דעם, אַז אידען זענען געווען אין טאָמאַשאָוו, חוץ אין האַנדעל און פאַרמיטלונג באַשעפטיגט אין פאַרשידענע מלאכות ווי קצבים, שניצערס, סטאָלערס, אַפּטייקערס, שוסטערס, קירזשנער, שניידערס [13]).

אין 1705 זענען אין געריכט אַריינגעטראָגען געוואָרען אָנקלאַגעס פון דעם קריסטלעכען שוסטערשען צעך אויף די אידען שלמה קלמאַנאָוויטש און כאַסקל הירשאָוויטש, אַז זיי האָבען אַראָפּגעריסען אומלעגאַל דעם אָנזען פון צעך.

אַזאַ אָנקלאַגע האָט דער קירזשנער־צעך אַריינגעטראָגען קעגען דעם אידען אברהם רודי, אַז ער פירט אויס אומלעגאַל דעם פאַך.

## קעגענזייטיגע באַציאונגען צווישען די אידען און פּאָלאַקען אין טאָמאַשאוו

ווי אַ כלל איז אין יענער צייט די באַציאונג צו די אידען אין דער גאַנצער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט געווען אַ נייטראַל־טאָלעראַנטע. מצד די הערשער פון די שטאָט (די מלוכה און די פּריצים) געווען אויף אַזויפיל אַ פּאָזיטיווע אויף וויפל די אידען זענען געווען די וואָס האָבען אַריינגעטראָגען דורך שטייערען גאָר וויכטיגע סכומים אין די שטאָטישע און מלוכה׳שע קאַסעס. די אידען האָבען, ווי דאָס איז געווען צו זען פון אַ ריי אַרויסזאָגונגען אין די

---

13) זע הערה 12.

פריווילעגיעס, אַ גאַר גרויסען צושטייער צוגעגעבען צו דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער ווירשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון די שטעט.

פון אַן אַנדער זייט זענען די אידען אויסגעשטאַנען אַ שיעור אַנגריפען מצד די שטאָט־בירגער, קרעמער און בעלי־מלאכות, וועלכע האָבען אין אידען געזען אַ גאַר ערנסטען קאָנקורענט און דער עיקר אַ פעאיקערען קאָנקורענט, ווי מיר וועלען עס באַלד זען פון אַ גאַר כאַראַקטעריסטישען דאָקומענט.

צו הילף די דאָזיגע קריסטלעכע קרעמער און צעכן איז געקומען די קאַטוילישע קירכע, וועלכע האָט צוגעגאָסען אויל צום פייער — האָט זי די דאָזיגע ערדישע טומאה באַשמאָלצען מיט אַביסל „הימלישע יראה״...

אין אַן אַ שיעור אַקטען פון געריכטען האָבען מיר אַ סעריע פון אָנ־קלאַגעס קעגען אידען. פון געשלעגען פראָוואָצירטע דורך כלומר׳שטע און אמת׳ע שיכורים. אין זייערע טענות האָבען זיי אַרויסגערוקט, אַז זיי ליידען פון דער „אומצערייסבאַרער אחדות פון אידישען קהל״, וואָס נוצט נעבעך אויס דעם ליידענדיגען און אָרעמען קריסטלעכען פאָלק.

אָבער אָט דערציילט אַ דאָקומענט פון יאָר 1689, אַז דער אידישער קהל האָט געמוזט לייען אויף גאַר הויכען פראָצענט געלט ביי איינעם פון די קלויסטער־פירער און קריסטלעכען טעאָלאָג. דער דאָזיגער דאָקומענט איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז עס לוינט פון אים צו ברענגען געוויסע פראַגמענטען:

...„פאַר׳ן פאָרום פון דעם אַמט פון טאָמאַשאָווער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבען זיך געמאָלדען די ווייטערדיגע פערזאָנען: איצקאָ שיקאָוויטש, אהרן מאיראָוויטש, כאַסקל לייבאָוויטש, שלמה מאַרקאָוויטש, מאַרקאָ גרשונאָוויטש, ליטמאַן לעווקאָוויטש, לעווקאָ רודזענסקי, מיכאל גע־צאָוויטש, איצקאָ מאָשקאָוויטש, מאָשקאָ יוזעפאָוויטש, שבתי לעווקאָ־וויטש די עלטסטע און אָנפירער פון אידישען קהל (אין טאָמאַשאָוו) און האָבען דערקלערט און געהייסען אַריינשרייבען אין שטאָטישען בוך דאָס ווייטערדיגע: מיט אונזערע אונטערשריפטען באַשטעטיגען מיר, אַז מיט אונזערע הענט האָבען מיר גענומען אַ הלוואה וואָס איז גאַראַנטירט פון אונז און פון גאַנצען קהל, ביי דעם פון ג־ט געזאַלבטען... קסיאָנדז קאַזימיר לעזשינסקי, דאָקטאָר פון דער הייליגער טעאָלאָגיע און אָנפירער פון דעם הייליגען דאָמיניקאַנער קאָנוועגט אין קראַסנאָבראָד, 2,000 פוילישע גילדען, וואָס איז גאַנגבאַר אין דער גאַנצער קרוין... פאַר וועלכע מיר וועלען צאָלען פראָצענט יעדען יאָר צו צוויי ראַטעס צו 80 גילדען אַ יאָר...״[14]).

---

14) שטאָטישער פראָטאָקאָל־בוך פון טאָמאַשאָוו־לוב. נומער 1262 פון יאָר 1689.

אַזעלכע הלוואות, אויף גאָר הויכע פּראָצענטער האָט דער טאָמאַשאָווער קהל גענומען ניט נאָר ביי די קריסטלעכע גייסטלעכע.

אין יאָר 1699 האָט טאָמאַשאָווער קהל געבאָרגט 1.100 גילדען פון דער פּריצה אַננאַ טישקיעוויטש.

אין יאָר 1701 האָט דער זעלביגער קהל גענומען אַ הלוואה ביי פּריץ סטאַניסלאַוו ליניעווסקי; אין זעלביגען יאָר אויך אין דער קאַסע פון דער זאַמאָשטשער אָרדינאַציע 300 טינפן (אַזאַ מטבע) [15].

דאָס אויפמאָנען די חובות מיט די גרויסע פּראָצענטער איז פאַרגעקומען דורך גאָר שווערע עקזעקוציעס — די אידען זענען געווען שטאַרק פאַראָרעמט.

די דאָזיגע לאַגע האָבען טאַקע אויסגענוצט די קאַטוילישע גייסטלעכע און געהעצט דעם עולם. עס ווערט אַרויסגעגעבען אַ בישאָף־בריוו פון דעם כעלמער ביסקופּ שעמבעל אויסטאַבי פול מיט בילבולים אויף אידען; אין דער זאַמאָשטשער דרוקעריי ווערט אַרויסגעגעבען אַ ספּעציעלער אַנטי־אידישער פּאַמפלעט קעגען תלמוד, וואָס ווערט דער וויכטיגסטער דאָקומענט אין דער דיסקוסיע צווישען די אידען און פראַנקיסטען אין יאָר 1759 אין לעמבערג [16].

עס הויבען זיך אָן שיטען גזירות אויף אידען. אַ ריי באַגרעניצונגען, פאַראָרדענונגען, דראָאונגען. דערגאַנגען איז אַפילו צו דעם, אַז אין טייל ערטער האָט מען געדראָט מיט אַרויסטרייבען די אידען. פון גאָר היסטאָרישען ווערט איז אַ מעמאָראַנדום, וואָס עס האָט אַרויסגעשיקט דער טאָמאַשאָווער סטאַראָסטאַ צום גובערניע-אַמט, דאַטירט דעם 31טן אָקטאָבער 1783. מיר לייענען דאָרטען צווישען אַנדערע:

„...דער אומבאַוואוסטזיין פון די ערשטע באַוואוינער פון טאָמאַשאָוו, זייער אומווילען צו יעדען מין בירגערלעכען מקור פון פּרנסה. ריכ־טיגער געזאָגט פּשוט זייער פוילקייט האָט געבראַכט די דאָזיגע (קריסטלעכע) בירגער דערצו, וואָס זיי האָבען צוליב אַ כלומר'שטען פאַרדינסט איבערגעגעבען די בעסטע פּלעצער אין שטאָט צוזאַמען מיט זייערע איינריכטונגען, צו די אידען, וועלכע זענען געווען פּעאיקער פון זיי און האָבען גענומען אַרויסציען נוצען פון דעם אַלעמען. זיי, די קריסטען, זענען געבליבען ביים ראַנד פון דער שטאָט...

---

15) טינף, אין פויליש TYMPF איז געווען אַ פּוילישער גילדען פון קלענערען געוויינליכען ווערט. דער נאָמען פון דער מטבע האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די מטבע איז צום ערשטען מאָל געוואָרען בעמינצט אין דער ערשטער העלפט פון 17 יאָרהונדערט און איז אָנגערופען געוואָרען אויפ'ן נאָמען פון דעם פירער פון דער מינצעריי אנדרעאס טימפף.

16) Z. L. Sulima. — Historya Franka i Frankistow, Krakow 1893.

> אין דעם ליגט טאַקע די סיבה, וואָס טאָמאַשאָוו, אַנשטאָט אויסצו־וואַקסען אין אַ שטאָט מיט אַ בליענדיגען בירגערטום האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ קבצנ׳סקן אידישען ישוב. צוליב דעם פעלט דאָ אויך אַ ראַטוש, וואָס די בירגער האָבען געדאַרפט אויס־בויען. . . " [17]).

אויסרעכענדיג נאָך אַ ריי חסרונות, אין וועלכע די אידען זענען שולדיג קומט ער צום אויספיר:

> . . . „דאָס אַלץ האָט גורם געווען, וואָס טאָמאַשאָוו, וואָס האָט געזאָלט זיין, לויט דער באַשטימונג פון אירע אויפבויער, אַ מוסטער־שטאָט האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ אידישער נעסט, אַרומגערינגעלט מיט פויערים. . .".

אַז עס איז קיין גאָר גרויסע גבירישקייט ניט געווען אין טאָמאַשאָוו באַווייזט אַ באַשרייבונג פון די וואוינונגען פון די אידען און פון קריסטען אין טאָמאַשאָוו. אַזאַ מין פרטימדיגע באַשרייבונג איז פאַראַן פון יאָר 1787. די אידישע שטוב ווערט געשילדערט מיט אויסגעהאַקטע שויבען; אָן פאָדלאָגע; אָרימע, צעבראָכענע מעבל; טירען אָן פאַרוקערס און קוים וואָס זיי האַלטען זיך; די אויווענס פון קאַכל אַלט, צעבראָכענע און מיט ליים פאַרשמירטע. אויך דער אָנטאָן פון די אידען — מענער און פרויען — זענען שמאַטעס, טראַנטעס. . .

אגב, נישט בעסער זעט אויס די קריסטלעכע דירה.

די כראָניקערס ווייסען צו דערציילען, אַז די דאָזיגע אָרימקייט איז געקומען צוליב דעם וואָס די שטאָט האָט כסדר געליטען פון שריפות; פון אָנפאַלען; פון די מלחמה וואָס האָבען אַ תל געמאַכט פון דעם האָב און גוטס. די וואָס האָבען אָבער געזוכט זיך טשעפען צו די אידען האָבען צוגעוואָרפען די אידען, אַז דאָס זענען זיי אַלץ אין דעם שולדיג. . .

און דער דאָזיגער סטאַראסטא האָט אָן עצה:

> . . . „מען וואָלט געדאַרפט זיך פאַרטראַכטען צי וואָלט מען ניט געדאַרפט מיט געוואַלט אַרויסשטויסען די אידען פון דאָזיגען געגענט. . . "

דערצו איז ניט געקומען, אָבער די לאַגע פון די אידען, ריכטיגער די באַציאונג צו זיי איז געווען אַ קלאָר־פיינטליכע. נאָך מער איז עס געקומען צום אויסדרוק ווען די געגענט איז אַריבער צו רוסלאַנד און עס האָבען דאָ אָנגעהויבען חל זיין לגבי די אידען די צאַרישע אויסנאַם־געזעצען.

---

17) מלוכה׳שער אַרכיוו, לעמבערג פון יאָר 1784, הערה 3.

## פאַרגלייך־ציפערן וועגן די אידן אין פאַרשידענע צייטן

אין דעם „פּאָלסקי סלאוויניק געאָגראַפּיטשני" באַנד 12 (1893) געפינען מיר די ווייטערדיגע ידיעות וועגן אידען:

אין שטאָט איז דאָ אַ פּראָוואָסלאַוונע צערקווע (אויפגעבויט 1889), אַ רוימיש־קאַטוילישער קלויסטער, אַ סינאַגאָגע... אין שטאָט זענען דאָ די גאַסען: רינעק (אויף אידיש: דער מאַרק) סוויענטאָ יורסקאָ — מיט דער צערקווע; סאָקאָלסקא; קאָסציעלנאַ; לוואָווסקאַ; וורובלא, צעלנאַ; האָטעלאָוואַ; סאָלנא; סוויענטאָ טעקלי; פּראַגאַ; פּיעקאַרסקאַ; מידלאַרסקא יאַקאָווא קראַסנאָבראָדזקאַ; פּאַריניאַנסקאַ; וואָלאָווא; בעדנאַרסקאַ; וואָדנאַ; פורמאַנסקא; רימאַרסקא; זאַמאָיסקאַ; ראַכאַנסקאַ; בלאָטנא. און פיר פאַרשטעטישע געגענט: ראָגוזשנא, לעסיניעצקע, קאָזיע, און סאָקאָלסקיע.

פאַראַן אין שטאָט צוויי שטאָטישע ברונעמס און 20 פּריוואַטע. די גאַסען זענען נישט ברוקירט,ביים זייט הילצערנע טראָטואַרען. די מערהייט הייזער זענען פון האָלץ; אין מאַרק אויך מיט שטאָקען; ביים ראַנד פון שטאָט זענען די הייזער אַרומגערינגעלט מיט גערטנער.

פון גרעסערע געביידעס זענען דאָ: די קאַזאַרמעס פון דער גרענעץ־וואַך (פאַר 400 מאַן) און די קאָזאַקישע סטיינעס (פאַר 300 פערד).

פון דעם אַמאָליגען קלויסטער זענען פאַראַן געבליבען חורבות.

די אַלגעמיינע צאָל באַפעלקערונג אין 1882 איז 7277 נפשות. אין דעם: קאַטאָליקן 2053; פּראָוואָסלאַוונע 986 און אידן 4238. דער גאַנצער האַנדעל (העכער 60 קראָמען) איז אין אידישע הענט. פאַבריקען זענען דאָ נישטאָ. אין קריסטליכע הענט זענען 1 בעקעריי, אַ צוקערניע מיט אַ רעסטאָראַן.

...אין יאָר 1819 האָט טאָמאַשאָוו פאַרמאָגט 2568 איינוואוינער.

אין יאָר 1827 — 2824 איינוואוינער; אין יאָר 1860 — 3587 איינוואוינער, אין דעם: קאַטאָליקען — 915; פּראָוואָסלאַווע — 503 און אידען 2117.

אין דער רוסישער „יעווריייסקאָיאַ ענציקלאָפּעדיא" (באַנד 14 פּעטער־בורג) האָבען מיר צווישען אַנדערע די ווייטערדיגע ציפערען וועגן דער צאָל אידען אין טאָמאַשאָוו־לובעלסק:

אין יאָר 1856 זענען דאָרטען געווען 3223 איינוואוינער אין דעם 1863 אידען; ביי דער פאָלקס ציילונג אין 1897 האָבען אין קרייז געוואוינט 100,000 נפשות דערפון 11,000 אידען. פון זיי זענען אין טאָמאַשאָוו געווען

6000 איינוואוינער, צווישען זיי 3646 אידען. אין די קרייז־שטעט אין וועלכע עס זענען געווען ניט ווייניגער ווי 500 אידען האָבען די אידען געבילדעט דעם גרעסטען פראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין די ווייטערדיגע פונקטען:

| | | |
|---|---|---|
| קאָמאַראָוו | 2610 איינוואוינער | אין דעם 1568 אידען |
| לאַשטשעוו | 1806 איינוואוינער | אין דעם 1626 אידען |
| טעלאַטין | 743 איינוואוינער | אין דעם 35 אידען |
| טישעווצע | 2201 איינוואוינער | אין דעם 1898 אידען |
| יאַרטשעוו | 487 איינוואוינער | אין דעם 348 אידען |

ווען מען נעמט די ציפערען פון דיביידע ענציקלאָפעדיעס קומט אויס דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג און איר פאַרהעלטעניש צו דער אַלגעמיינער אין טאָמאַשאָוו ווי ווייטער:

| יאָר | אַלגעמיינע צאָל | אידען |
|---|---|---|
| 1819 | 2568 | ? |
| 1827 | 2824 | ? |
| 1856 | 3223 | 1863 |
| 1860 | 3587 | 2117 |
| 1882 | 7277 | 4238 |
| 1897 | 6000 | 3646 |

מיר זעען אַז במשך דער גאַנצער צייט, וואָס מיר האָבען די ציפערען אויך פון די אידען, זענען זיי געווען מער ווי אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג.

עס איז אויך צו באַמערקען, אַז נאָכען יאָר 1882 איז די צאָל פון דער באַפעלקערונג געפאַלען. די פראָפּאָרץ אָבער איז איינגעהאַלטען געוואָרען.



# הקדוש ר׳ פנחס פון טאָמאַשאָוו הי״ד

## אומגעקומען י״ט אייר תל״ו

די געשיכטע איז איבערגעדרוקט פונ׳ם בוך שטורמ־ווינט, פון מ. וויינרייך, ווילנא 1927, זייט 176־180, וואָס ער האָט דאָס גענומען פון אַן אַנאָנים ביכל אָן אָנווייז וועגן צייט און אָרט פון דרוק, (זע באדילעיאנא קאַטאַלאָג נומ. 4030־1692) א. נ. קידוש השם המיוחד של ר׳ מתתי׳ ור׳ פינחס ז״ע במדינת פוילין.

מער פרטים וועגן מקורות פון דער געשיכטע און ביאָגראַפיע פונ׳ם קדוש רבי פנחס ז״ל, זע אין דער אָפּהאַנדלונג פון ש. לביא און דער מאָנאָגראַפיע פון טאָמאַשאָווער רבנים.

ר׳ פנחס דער צדיק איז געזעסען אין טאָמאַשאָוו. ער איז געווען אַזאַ פּרוש, אַז ער האָט ניט געהאַלטען פון טרינקען און עסען; רק ער האָט עוסק געווען אין תעניתים און סיגופים און געלערענט תורה. מען האָט אים קיינמאָל אויף דער גאַס ניט געזען, ער איז רק געזעסען בחדרי־חדרים און האָט כל־ימיו ממש די וועלט ניט פריי אָנגעזען. עס איז גאָר ניטאָ די גוטע מעלה וואָס ער זאָל ניט האָבען געהאַט אין זיך.

קעגען ר׳ פנחס׳ן איז אויך דערוועקט געוואָרען אַזאַ „עלילת שקר לחם הגואל״. מען האָט אים גענומען אין תפיסה און אָנגעהויבען פייניגען נאָך איידער דער תלין האָט זיך צו אים צוגערירט. איינמאָל אין טאָג האָט מען אים געגעבען וואַסער און אַ שטיקעל גראָב ברויט. געזעסען איז ער אין דער פינסטער אָן ליכט, אַזוי אַז ער האָט גאָרניט געקענט זען. קיין אידען האָט מען צו אים ניט צוגעלאָזען, עס האָט ניט געהאָלפען שוחד און בעטען. ראַצען און אומפלייט זענען אומגעקראָכען איבער דעם קאַמער און אים אָנגעטאָן פיין און שרעק. וויפיל מאָל האָבען אים די ראַצען אַראָפּגעריסען אין שלאָף די קאָלדרע און דאָס היטעל פון קאָפּ, אַזוי אַז ער פלעגט אויפשפּרינגען האַלב אָן זינען. פאַרן טויט האָט ער געזאָגט, אַז די תפיסה איז אים געווען ערגער איידער אַלע עינויים, מיט וועלכע מען האָט אים דערנאָך געפלאָגט. מסתמא איז דאָס געווען אַזאַ מין „אונטערשטע תפיסה״ ווי די, פאַר וועלכער ר׳ אברהם האָט מורא געהאַט.

די שתדלנים האָבען געטאָן אַ סך מיטלען כדי צו באַפרייען דעם פרומען מאַן. עס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען, ווייל די זאַך איז שוין דערגאַנגען צו אַ העכערער אינסטאַנץ: פון טריבונאַל איז אָנגעקומען אַן אויפאָדערונג, אַז די גאַנצע זאַך זאָל תיכף אַריבערגעטראָגען ווערען אַהין; עס האָט זיך געפונען אַ דינסטמיידעל, וואָס האָט גע׳מסר׳ט אויף אים.

געשען איז דאָס אַזוי: מען האָט איר איינגערעדט, אַז זי זאָל בלייבען ביי איר באַשולדיקונג, וועט מען זי אַרויסלאָזען און זי רייך מאַכען; קענטיק דאָס איז געווען אַן אָנגענומען מיטל אין קאַמפף קעגען אידען. האָט זי זיך ביי דער עינוי אַלץ געהאַלטען ביי דעם וואָס מען האָט איר געהייסען: אַז ר׳ פנחס איז שולדיק אין דער גנבה פון דעם הייליגען ברויט, און זי איז אויך געווען דערין באַטייליגט. דער שטאָטשרייבער האָט דאָס אַלצדינג פאַרשריבען, און דערנאָך האָט מען גע׳פסק׳נט, אַז ווייל זי האָט זיך אַליין מודה געווען אין איר פאַרברעך, זאָל מען זי טויטען. דאָס איז אַוועקגעשריבען געוואָרען צום טריבונאַל, וועלכער האָט דעם פסק־דין אויף דעם דינסט־מיידעל באַשטעטיגט (זי איז טאַקע איבערגעגעבען געוואָרען צום תליון און דעם אידענס ענין אַרויסגעפאָדערט צו זיך. מען האָט אים באַלד אַ געשמידטען אין קייטען אַוועקגעשיקט קיין לובלין.

ווען ר׳ פנחס האָט געמאָלדען ביים ערשטען פאַרהער, אַז ער ווייסט ניט פון קיין זאַך צו זאָגען, האָבען די ריכטער זיך געקלערט: ווען מען וועט זיך נעמען דיך פייניגען, וועסטו ריידען אַנדערע דיבורים. מען האָט אים אויסגעצויגען זיינע גלידער, אָנגעגליט אַ שין־אייזן (אַ שטאַבע אייזן, פון וועלכער מען מאַכט רעדער־שינעס; איינער פון די מכשירים פון דעם עינוי־קעלער), געבראַכען אים די געלענקען און מיט דעם גליענדיגען אייזן געברענט אים זיין לייב. דער נאָך האָט מען אים אַריינגעשרויפט די גלידער צוריק אין די געלענקען; דאָס איז געווען די גרעסטע פיין. נאָך דעם עינוי האָט מען אים אַ נאַקעטען אַריינגעוואָרפען אין מיסט, און ער איז געבליבען ליגען אָן אַ ברעקל כוח.

ווען ער איז אַ ביסעל געקומען צו זיך, האָט מען אים פונדאָסניי געבראַכט פאַרן געריכט. ער איז געבליבען ביי זיינס: אַז די באַשולדיגונג איז ליגן. האָבען זיי אים געפרעגט: ווי אַזוי האָסטו עס אַזאַ קופערנעם שטערן צו זאָגען, אַז דאָס איז ליגן, ווייבאַלד די דינסט האָט דאָך אַליין מודה געווען, אַז איר האָט זאַלבענאַנד אָפגעטאָן דעם פאַרברעך, און אַלץ איז פאַרשריבען? האָט ער געענטפערט: ווען די שפחה זאָל געווען וויסען, אַז זי וועט מיט אירע רייד אומקומען פון דער וועלט, וואָלט זי גערעדט אַנדערש, נאָר מען האָט זי פאַרפירט מיט שקר, איז זי ביים שקר געבליבען; מען האָט איר צוגעזאָגט אַ סך געלט, און צום סוף האָט זי פאַרלוירן די וועלט און יענע וועלט.

ווען זיי האָבען געזען, אַז דער איד וועט ניט אַראָפּגיין פון זיין וועג, האָבען זיי אים ווידער גענומען צו דער עינוי. עס איז אַרויס אַ נייער פסק: מען זאָל אים ווייטער ברענען מיט אַ שין־אייזן; מען זאָל אים אָפּשערען אַלע האָר ביז איינס און אים געבען דאָס אויסטרינקען, און ער מוז דאָס אַראָפּשלינגען אינגאַנצן, דערנאָך זאָל מען אים איבער־געבען צום תליון.

דער תליון האָט אים גענומען, צוגעבונדען צו אַ קלאָץ מיט אַלע פיר און „אויסגעשפּאַנט" דאָס הייסט אַרומגעוויקעלט אים אַרום דעם קלאָץ און אים אויסגעבויגען ווי אַ פּיילנבויגען, „דאָס זיינע כשרע ביינער האָבען אין אים געטון קנאַקן". דערנאָך האָט ער אים גענומען ברענען מיט ליכט אונטער די הענט און אויף די פיס און אים ממש אויסגעברענט לעכער. דערביי האָט דער תליון שרעקליך געשריען אויף אים — אַזוי איז דאָס געווען אָנגענומען, כדי די מורא זאָל ווערען גרעסער — און אים געוויזן פון דערווייטנס גליענדיגע אייזנס, כדי אים נאָך מער אָנצושרעקן. ווען דער קדוש האָט אַלץ געשוויגען, האָט מען אים נאָך מיט די אייזנס אויך געברענט אַזוי, אַז שטיקער פלייש זענען געפאַלען פון די ביינער.

איצטער האָבען זיי אויסגעטראַכט אַ נייע פּייניקונג: געמאַכט אַ פלאַסטער פון פעך, אַרויפגעלייגט דאָס דעם קדוש אויפן גאַנצען לייב ביזן אַקן און געוואַרט, ביז וואַנען דאָס האָט זיך גוט צוגעקלעפּט צו די וואונדען; דערנאָך האָט מען אים אַנידערגעלייגט אויפן רוקן און דעם פלאַסטער אַראָפּגעריסען. מען האָט געריסען מיט אַזאַ אַכזריות, אַז דאָס בלוט האָט זיך געגאָסען. דער קדוש האָט געשריען ווי אַ לייב. דערנאָך איז ער געבליבען פאַרחלשט און אַנטשוויגען געוואָרען.

נאָכדעם האָבען זיי ווידער צוגעקלערט עפּעס נייעס: געבראַכט אייזערנע שטיוול מיט שרויפען און אָנגעהייצט זיי. מען האָט גענומען דעם קדוש׳ס הוילן פוס און אַריינגעשטופּט אין שטיוול און מיט די שרויפען גענומען איינדרייען דעם פוס. מיטן אַנדערן האָט מען אויך געטאָן דאָס אייגענע. דער קדוש האָט געשריען געוואַלד; די פיס זענען געוואָרען ווי אויסגעבאַקען, און די ביינער האָבען געקנאַקט פון די שרויפען.

אויף מאָרגען האָט מען גענומען אַ פור, אָנגעלייגט זי מיט פעסער פעך, אַרויפגעזעצט אַהין דעם רב פנחס׳ן און אים אַוועקגעפירט צו דער תליה, מען האָט אָנגעלייגט אַ גרויסען באַרג האָלץ, באַשאָטן די ברעטער מיט פולווער, כדי זיי זאָלען בעסער ברענען, און אינמיטן שייטערהויפן אַריינגעשלאָגען אַ שטאַרקע פאַליע. צו דער פאַליע האָט מען צוגעבונדען דעם צדיק און אָנגעצונדען דאָס פייער. דער קדוש האָט זיך געוואָרפען ווי אַ פיש אין וואַסער אַזוי, אַז די פאַליע האָט זיך געטרייסלט; דערנאָך איז ער אַנטשוויגען געוואָרען, און ס׳איז אים אויסגעגאַנגען די נשמה פאַר

די רשעים איז נאָך אָבער דאָס ניט געווען גענוג: זיי האָבען נאָך צונויפ־געגעמען די אַש און זי אַריינגעוואָרפען אין טייך.

אין דער צייט ווען מען האָט דעם קדוש געפירט צום פסק, האָט מען אין אַלע שולן געזאָגט סליחות. און אַ גרויסער נס, דערציילט דער מחבר, איז יעמאָלט געשען: אידען, וואָס האָבען באַהאַלטענערהייט געקוקט אויף דער עקזעקוציע, און אויך גוים האָבען געזען, אַז בשעת מען האָט דעם קדוש געטראָגען צום שייטער זענען צוויי שניי־ווייסע טויבען געפלויגען איבער אים. די גאַנצע צייט וואָס דער קדוש האָט געברענט זענען זיי אויך געווען אין פייער, און פונדעסטוועגען איז אַפילו אַ פעדער זייערע ניט פאַרסמאַליעט געוואָרען. דאָס זענען געוויס געווען מלאָכי־השרת, וואָס האָבען זיך געטאָן מיען פאַרן קדוש. די גוים, וואָס האָבען דאָס געזען, האָבען זיך באַוואַשן מיט טרערען דערציילענדיג דאָס, און זיי האָבען געזאָגט: מיר פאַרשטייען אַליין, אַז אַ גרויס אומרעכט איז דאָ געשען...

---

# די קדושה

● ש. למד

איינע פון די לעגענדאַרע געגנשטאַנדן אין טאָמאַשאָוו איז געווען אַ מצבה פון אַ מיידל אין עק פון בית החיים (ווען מען האָט פאַרגרעסערט דעם בית החיים איז איר קבר אויסגעקומען אינמיטען. גערופן האָט איר דאָס פאָלק „די קעדיישע", ריכטיק געזאָגט: די קדושה, ווייל אויף איר מצבה איז זי געווען באַטיטלט מיטן נאָמען „הקדושה", אַן אויסדרוק וואָס ווערט גענוצט נאָר פאַר די וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם. די מצבה איז שוין געווען אַלט בערך 200 יאָר.

ווי עס איז דערציילט געוואָרן פון דור צו דור, האָט דאָרט גערוט אַ אידיש מיידל, וואָס איז געווען אַ וועלט־שיינהייט, און אַ רוסישער אָפיציר האָט איר געוואָלט שענדן, און ווען זי האָט זיך געוועךט האָט ער איר דערשאָסן, און אויף דעם זעלבן פלאַץ וואו זי איז געפאַלן איז זי באַגראָבן געוואָרן. מען האָט געהאַלטן דעם קבר פאַר אַ הייליקטום און פיל פרויען ווען זיי האָבן באַזוכט דעם בית הקברות, פלעגן גיין מתפלל זיין אויף איר קבר. „די קדושה" איז געווען איינער פון די היסטאָרישע פלעצער ביי אונז אין שטאָט.

# די שוהל

• ש. ליכט

**יעטוועדע** שטאָט און שטעטל האָט זיך זיין גרויס־קייט און שטאָלץ זיין היפער פּאַטריאָטיזם, בבחינת חן המקום על יושבי׳, ווי קינדער וואָס טראַכטען אַז נאָר זייערע עלטערן זענען די בעסטע און שענסטע, אָבער מיט די שוהל האָט טאָמאַשאָוו באמת געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירען, און זי איז טאַקע געווען די קרוין פון די שטאָט, און נאָך עד היום ווען אימיצער וויל אויפרישען זיין זכרון וועגען אונזער חרוב געוואָרענע שטאָט, מיט איהר גרויסע און רייכע פערגאַנגענהייט, איז דאָס ערשטע וואָס שווימט אויף אין זכרון און שטעלט זיך איהם פאַר די אויגען איז טאַקע די שוהל.

די שוהל איז געווען איינע פון די עלטסטע שוהלען און פוילען, וואונדערליך איז געווען איהר געבוי און סטיל, מאיעסטעטיש און אייגענ־אַרטיג און אויסזעה, איינע פון די חשוב׳סטע אידישע היסטאָרישע בנינים אין פוילען (צוליב פאַרשידענע סיבות וואָס דאָ איז ניט דער פּלאַץ זיי צו אַנאַליזירען, איז די שוהל ווי טאָמאַשאָוו בכלל אויסגעמיטען געוואָרען פון פּרסום, אינטערסאַנט ווי פאַלש אינפאָרמירט די אידישע וועלט איז וועגען דער טאָמאַשאָווער שוהל, אין באַרימטען ווערק „בתי כנסת בפוילן וחורבנם" פון דוד דווידוביץ, ירושלים תש״ך, ווערט די טאָמאַשאָווער שוהל גאָר ניט בעשריבען, נאָר אין פרק חמישי עמוד 15 וואו ער גיט אַן אַלגעמיינע ליסטע פון די שוהלען וואָס זענען געווען געבויט פון האָלץ, ווערט אויך דערמאָנט טאָמאַשאָוו לובעלסקי, אַז אונזער שטאָט האָט געהאַט אַ הילצערנע שוהל, און מיר אַלע טאָמאַשאָווער ווייסען און געדענקען אַז טאָמאַשאָוו איז גאָר געווען אַ געמויערטע שוהל, און קיין צוויי שוהלען איז ביי אונז ניט געווען).

זעהר אינטערסאַנט איז געווען צו הערען די לעגענדעס וואָס זענען פערבונדען מיט דער שוהל, זומער פאַרנאַכט, נעבן פּאָליש וואו ס׳זענען געשטאַנען קופקעלעך מענשען און אַ זקן האָט ווייטער איבערגעגעבען דאָס וואָס ער האָט געהערט און זיין יוגענד, אָדער תשעה באב בייטאָג ווען די יונגע שטיבעל בחורים זענען געקומען דאַווענען און שוהל מנחה, און די אַלטע אידען האָבען אָבגעפרישט זייערע זכרונות וועגן טאָמאַשאָוו, און ווער שמועסט אַז עס פלעגט קומען אַ חשוב׳ער גאַסט פון דער פרעמד, דאַן האָבען זיך די זקנים באַמיהט מיט דער גענויעסטער פונקטלעכקייט איבער־

צודערציילען אַלע מעשות און געשיכטעס וועגן טאָמאַשאָוו בכלל און די שוהל בפרט.

און מיר קליינוואַרג זענען געוואָרען צוגעקלעפּט ווי בינען צום האָניג און געשלינגען יעדערס וואָרט און מעשה, — און דערפאַר איז דאָס אַזוי טיף אייגעקריצט אין מיין האַרץ.

אויפריכטיג צו זיין מוז איך פעסטשטעלן אַז זעהר אַ סך פון זייערע סיפּורים זענען ניט מעהר ווי לעגענדעס, וואָס די פאַנטאַזיע האָט במשך פון דורות געשאַפען, באַפּיצט מיט לאָקאַלען פאַטריאָטיזם, אָט צובייישפּיל האָט קורסירט צווישען די שוהל אידען אַ מסורה, אַז אין דער טאָמאַשאָווער שוהל איז נאָך געוועזען דער רא״ש.

פיל זקנים האָבען איבערגעגעבען דאָס וואָס זיי האָבען און דער יוגענד געהערט אַז אויף דער מערב וואַנט פון שוהל איז געוועזען אויפגעשריבען שנת קשט סל״ה, דאָס זאָל מיינען אַז דער פרט סל״ה וואָס באַטרעפט 95 און אַז די שוהל איז געבויט געוואָרען שנת צ״ה לאלף הששי, אָבער דאָס איז שווער צו גלויבען, אין טאָמאַשאָוו איז נאָך זיכער דאַמאָלט אינגאַנצען קיין ישוב געווען בפרט קיין אידישער, און אפשר איז גאָר דער פר״ט געוועזען אויפ׳ן וואָרט „קש״ט״, דאָס באַטרעפט שנת ת״ט, און הגם די שוהל איז נאָך פריער אויפגעבויט געוואָרען, נאָר ווייל אין די פּאָגראָמען פון שטת ת״ח איז די שוהל חרוב און פּאָגראָמירט געוואָרען, האָט מען אין שנת ת״ט זי רעסטאַווערירט און רעמאָנטירט, און דערויף האָט מען געשריבען שנת קש״ט, אָבער דאָס איז פשוט אוממעגליך ווייל די שחיטות און פערוויסטונג האָט זיך געצויגען פון שנת ת״ח ביז ת״ט און ת״י, ווי כמעלניצקי׳ס חיילות האָבען פשוט גענצליך הרוב געמאַכט די אידישע שטאָט, איז שווער אָנצונעמען אַז אין סאַמע מיטען ברען פון חורבן האָבען אידען צוריק אויפגעשטעלט די שוהל.

יעדענפאַלס איז אוממעגליך פעסצושטעלען ווען די שוהל איז געביל־דעט געוואָרן נאָר די ווערטער קש״ט סלה קענען האָבען אַ צווייטע בעדייטונג, נעמליך ווי עס איז געווען אָנגענומען אין טאָמאַשאָוו ווי אויך אין שעבערשין (אַ שכנות׳דיג שטעטל) ווי אַ ריכטיגע מסורה אַז 3 שוהלען אין פוילען זענען געבויט געוואָרען פון איין מייסטער מיט׳ן זעלבען סטיל און אַרכיטעקטור: אַ סקלעפּיעניע אָהן זיילען, אין די פאָלגענדע שטעט: ק׳ראָקא ש׳עבערשין ט׳אָמאַשאָוו, און מעגליך אויף אָט דער כוונה האָט אָנגע־ווינקען דאָס וואָרט ק׳ש׳ט, סלה, וואָס דאָס איז די ראשי תיבות פון אָט די דערמאָנטע 3 שטעט, קראָקא, שעבערשין, טאָמאַשאָוו, יעדענפאַלס איז די שוהל געוועזען איינע פון די עלטסטע שוהלען אין פוילען און פון די געציילטע מיט איהר געבוי און אַרכיטעקטור, זעהר אַ גרויסע און אַ הויכע שוהל און דער סופיט האָט זיך געהאַלטען אָהן זיילען, נאָך דער שריפה

פון שנת תרע״ח, ווען אויך די שוהל איז גענצליך אָבגעברענט געוואָרען, און איז געשטאַנען אַלענגערע צייט גענצליך אַן ענטבלויזטע אָהן אַ דאַך, אַזוי אַז דער רעגען און שניי האָט אַ גאַנץ יאָהר אַדורכגעווייקט דעם סופיט, און ווען מען האָט זי רעסטאָווירירט האָט דאָס מאַגיסטראַט מורא געהאַט אַז אפשר איז שוין די סקליעפּיעניע צו שוואַך עס זאָל ניט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע, האָבען זיי אַרויף געשיקט בעלי מלאכות מיט שווערע אייזענס





די שוהל גענומען פון דרום מערב זייט, דער נידריגער בנין וואס רינגעלט ארום די שוהל איז די עזרת נשים, לינקס איבער די טרעפ זעהט מען דאס בית־שני

און געקלאַפּט אויסצופּרובירן צי די סקלעפּיעניע איז ניט בוי פעליג און דאָס האָט אויסגעהאַלטען, דאַן האָבען זיי ערשט ערלויבט אַרויף צו ציהען אַ נייעם דאַך.

ווי אלי׳ לערער גיט איבער איז אין צייט פון קריג אין די יאָרן 42־43, האָבען די דייטשען צענומען די שוהל, האָט מען געמוזט יעדער שטיקעל בעזונדער מיט דינאַמיט אויפרייסען אַזוי שטאַרק איז געווען די שוהל. —

די שוהל איז געווען אַ געמויערטע, געבויט קוואַדראַט מעסיג, בערך 26X26 מעטער, די הויך ביי 7 שטאָק, יעטוועדער זייט האָט געהאַט 3 גרויסע פענסטער, נאָר מזרח זייט האָט געהאַט נאָר 2 גרויסע פענסטער, די שוהל איז אינערווייניג געווען טיפער מיט 1½—1 מעטער, דער אַריינגאַנג איז געווען דורך צפון זייט האַרט צו מערב דאָס הייסט צפונית מערבית, בעפאָר דעם אַריינגאַנג איז געווען אַ קליינע פּאָטשינע, אַ דעכל מיט 2 זיילען, דאַן איז מען אַראָב ביי 6 טרעפּ אין דער טיף, דאָרט איז געווען דער פאָדער צימער וואָס האָט זיך גערופען דער פאליש.

פונ׳ם פאליש האָט זיך געעפענט אַ טיר אין שוהל, דאָס הייסט פון מזרח פאָליש — וואָס איז געווען דער מערב פון שוהל. אויף דער מערב וואַנט נאָהנט צו דער טיר האָט ביז צו דער שריפה עקזיסטירט אַ גאַלעריע ספּעציעל פאַר חדר־קינדער, און יעדען שבת פלעגען נעמען די בעהעלפערס זיין גרופּע קינדער, און ארויפגייען מיט זיי אויף דער גאַלעריא, און זיי פלעגען הויך נאָכזאָגען ברוך הוא וברוך שמו, און אמן, — נאָכ׳ן חזן׳ס ברכות.

די ווייבער שוהל איז געווען אַרום דער שוהל אויף 2 זייטען, מערב און דרום, נאָר און דער נידער אָהן שטאָק, ברייטע נידעריגע פענסטער האָבען פעראייניגט די ווייבער שוהל מיט דער מענער שוהל, די פענסטער זענען געווען אָבגעצוימט מיט אייזערנע שטאַנגען, און פערהאָנגען מיט ווייסע פאַרהענגלעך, די טיף פון די פענסטער האָט געהאַלטען בערך 2 מעטער, ביי מערבית צפונית איז געווען צו געבויט אַ קליינער שמאָלער הויכער בנין, וואָס דאָרט איז געווען די טרעפּ צום שוהל בוידעם, דערנעבען האָט זיך געפונען דער אַזוי גערופענער „בית שני״ וואָס איז געווען געבויט איבערן פאליש וואָס דאָרט איז געווען אַ מנין קבוע, נאָר שבת און יו״ט, אָמיינסטענס זענען דאָרט די מתפללים געווען „עמך״ אידען, און אין די וואָכען האָט דאָרט געפיהרט זיין מלמדות ר׳ מאיר זלאטעס ע״ה, צום בית שני אָדער ווי מען האָט עס אַמאָל גערופען „חברה תהלים״ איז מען אַרויף געגאַנגען מיט אויסערליכע טרעפּ.

די שוהל איז געווען אויסערליך ווייס אָפּגעקאַלעכט, איבער די שוהל איז געווען פאַרצויגען אַ דאָבעל דאַך בעסער געזאָגט אַ גיבראָכענער דאַך,

עס האָט אויס געקוקט ווי איין דאַך אויפ׳ן צווייטען, די קינדער האבען דאָס גערופען „הר־ההר״.

די שוהל איז געווען געטינקעוועט מבית ומבחוץ, אויף מזרח וואנט איז געווען אָנגעשריבען אַ חרוז המלך וואָס מען האָט געזאָגט ימים נוראים, ווי איך האָב געהערט פון פעראַנטוואָרטליכע אנשים חשובים און זקנים ווי ר׳ ישראלי דעם רב׳ס ע״ה ר׳ אברהם העשעלס ע״ה און ר׳ שמואל קעסעל ע״ה איז אַמאָל אויף די וואנט פון שוהל געווען אויפגעשריבען די נעמען פון די קדושים וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם און די יאָרען ת״ח און ת״ט הי״ד. די שוהל איז זעהר שיין אויסגעמאָלען געווען. מיט בילדער פון תנכ׳שע טעמעס, ווי די עקידה, דאָס מבול, סדום ברענט, כותל מערבי, על נהרות בבל, א.א.וו. דאָס אַלעס איז געווען ביי 5־6 מעטער די הויך, אויף די בילדער וואָס כאַראַקטעריזירען די משנה הוי עז כנמר, וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי, האָט איהר געזעהן אַלעמפערט מיט אַן אָדלער אַ הערש און אַ לייב, נאָר די עקידה איז געווען זעהר נידריג מיט פיגורען. אין 34־טען יאָהר, ווען דער ציעשינאָווער רבי ז״ל האָט חתונה געמאַכט זיין עלטסטע טאָכטער, זענען געקומען זעהר פיעל רביים פון דער פרעמד, און שבת האָבען זיי געדאַוונט און שוהל, זונטאָג פאַרטאָג האָט זיין שוואָגער דער ציעשינאָווער רבי ר׳ יחזקאלי הי״ד פון ציעשינאָוו גענומען אַ לייטער אַליין אַרויף געקראָכען און אָבגעקראַצט דאָס פנים פון אברהם׳ן ער האָט געזאָגט אַז עס איז אַן איסור עס זאָל זיין אַ צורה פון אַ מענש אין שוהל, און אַזוי איז עס פערבליבען ניט פעררעאָכטען.

אויף די וואנט פון דרום און צפון זענען אויך געווען די בילדער פון שפיל־אינסטרומענטען וואָס ווערען אויסגערעכענט אין תהלים ק״ג. —

אינמיטען שוהל אין די העכערע העלפט איז געווען די בימה מיט טרעפ אַרויפצוגיין, אַרומגעצוימט מיט אייזערנע שטייכעטען, וואָס האָבען זיך פערפלאָכטען איבער די בימה ווי אַ קרוין.

אַביסעל העכער נענטער צו מזרח איז געשטאַנען צו צפון און דרום, 2 „מזבחות״ אינערווייניג אָנגעשיט מיט זאַמד און צוגעדעקט מיט אַ האָלצענעם צודעק, דאָרט האָבען די מוהלים אַוועקגעלייגט די אָפּגעשני־טענע ערלות, נאָכן אידישען די אינגלעך, אין שטאָט איז אַרומגעגאַנגען זעהר אַ סך וויצען און אַ גאַנצער פאָלקלאָר איז געשאַפען געוואָרען וועגען די שטיקלעך וואָס ליגען אין שוהל, די שוהל איז געווען בעלויכטען דורך הענגעל לייכטער, ביז צום ערשטען קריג זענען געווען ספעשעל הענגעל לייכטער וואָס זענען גענוצט געוואָרען ביי ספעציעלע געלעגענהייט און זענען ביים ערשטען קריגס אויסברוך דורך דער רוסישער מאַכט רעקווערירט געוואָרען. די הענגעל לייכטער זענען געווען אַרומגעצוימט אין אקאסטען, וואָס די קינדער האָבען זיי גערופען נח״ס תיבה. די לייכטער זענען מיט שטריק

פון הינטען אַרויפגעצויגען געוואָרען, ביז עס האָבען זיך פאָרמירט 13 שורות ליכט איינס העכער פון צווייטען, די ענגעל לייכטער זענען זאָרגפעלטיג געהיטען געוואָרען זיי זאָלען אָנהאַלטען זייער מעשענעם גלאַנץ וואָס האָט געפינקעלט ווי גאָלד, ספּעציעל ווען די ברענענדיגע ליכט האָבען צוגעגעבען דאָס פייער און בלישטשענקייט. אין די צוואַנציגער יאָהרען ווען עס איז אינסטאַלירט געוואָרען עלעקטריק אין שוהל האָבען פיעל מתפללים דאָס געוואָלט שטערן, אפילו דעם זייגער האָבען זיי ניט געלאָזט אויפהענגען אין שוהל, זיי האָבען ניט געוואָלט לאָזען אַריינגעמען קיין שום נייעסען.

אָט די צוויי איינציגע רעפאָרמען זענען איינגעפירט געוואָרען, אָבער אַלע אַנדערע מנהגים זענען שטרענג אָבגעהיטען געוואָרען ביז׳ן לעצטען טאָג פון איהר עקזיסטענץ.

דער נוסח התפלה איז געוועזען נוסח אשכנז, וואָס איז שטרענג אָבגעהיטען געוואָרען, טראָץ דעם וואָס 95 פּראָצענט אידען אין שטאָט זענען געוועזען חסידים מיט נוסח ספרד, אין שוהל האָט געדאַווענט „עמך״ און ר״ה און יוה״כ — די קליינע צאָל פּראָפעסיאָנעלן און ווייסע קאָלנערס. די שוהל האָט שוין געהאַט אירע געשוואוירענע פּאַטריאָטען וואָס אין די גרעסטע פרעסט זענען זיי געקומען דאַווענען ערב ובוקר (די שוהל איז ניט געוועזען בעהייצט), בעקאַנט אויך די גרופּע וואָס האָט זיך גערופען דאָס צענטעל ווי משה פישעלעס יעקלי רופא א. א., די שוהל האָט געהאַט אַ חזן ווי אויך 2 שמשים ר׳ משה לעסערס און אברהם שמש.

חשוב׳ע רבנים און רביים וואָס האָבען באַזוכט טאָמאַשאָוו אויב זיי האָבען געוואָלט דאַווענען אין שוהל האָבען זיי געמוזט זיך צו פּאַסען צום שוהל נוסח, פאַר זאָגען ויצמח פורקני׳ האָט מען געקענט כאַפּען פעטש...





אנגשפּארט ביים עמוד — חיים שטראזבערג
(דער קאלעכמאכער)

„חברה קדישא״ האָט געהאַט אַ חזקה אין שוהל אָנצופירען די הקפות שמחות תורה ביינאַכט, זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען ביים ראש החברה גענומען אַביסעל משקה, פון דאָרט איז מען געגאַנגען לוסטיג און לעבעדיג צום שטאָט רב, איהם גענומען מיט געזאַנג אין שוהל אַריין, אין גאַר פאַרצייטענס האָט מען איהם געפירט אונטער אַ חופה, און דאָרט געפיהרט די הקפות, תרצ״א האָבען די שוהל בעלי בתים רעוואָלטירט געגען דער חברה קדישא און עס איז געקומען ביז צו א געשלעג, נאָך יו״ט האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם בילגאַרייער רב הר׳ הצ׳ ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל, ווי די חברה קדישא האָט געהאַט אַ דין תורה מיט די שוהל בעלי בתים, און דער פסק איז געווען זיי זאָלען ווייטער אָנהאַלטען זייער חזקה... אַלע אָפיציעלע רעגירונגס פייערליכקייטען זענען אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיט תפלות דורך די רבנים אין דער הויפּט שוהל, חס וחלילה בעת אַן עת צרה ווי מען האָט געדאַרפט מעורר רחמים זיין האָט זיך די שטאָט פערזאַמעלט אין שוהל צו זאָגען תהלים.

לינקס פון דער שוהל איז געשטאַנען דאָס שטאָטישע גרויסע ביהמ״ד, אָדער ווי אַ טייל האָבען עס גערופען דאָס פראָסטע ביהמ״ד, אינטערצושיידען און ניט פאַרטוישען מיט׳ן חסידישען ביהמ״ד די שוהל מיט׳ן ביהמ״ד האָבען געהאַט אַ שותפות׳דיגען גרויסען הויף, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ האָלצערנעם פּלויט, אַרום דער שוהל און ביהמ״ד האָבען זיך געפונען קברים פון קדושים פון שנת ת״ח און ת״ט, וועלכע זענען אויפגעפרישט געוואָרען אַלע יאָהר דורך די חברה קדישא און די טעג פון שלשת ימי הגבלה.

די גאַס וואו די שוהל איז געשטאַנען האָט מען גערופען די שוהל־גאַס און אויך אויף פּויליש האָט זי געהייסען באָזניצנא.

חופות פלעגען פאָרקומען אויפ׳ן שוהל הויף, די שוהל איז געווען דער העכסטער און אָנזעהוודיגסטער בנין אין שטאָט, יעדנפאַלס העכער פון אַלע אידישע בנינים, זי איז געווען אָנזעהענדיג אין אַלע ווינקלען פון שטאָט, נאָך העט ווייט פון שטאָט האָט דער קאָפּ פון שוהל זיך אַרויסגעוויזען און אַרויסגעשיינט און אַזוי האָט געקעניגט די הייליגע שוהל מיט איהר היסטאָריש אַלטקייט און מאַיעסטעטיש בכבוד׳יג אויסזעהן מיט איהר הדרת׳דיג שניי ווייסען אויבערמאַנטעל, און האָט מיטגעלעבט צרות און נחת, ליידען און פריידען פון די אידען, ביז צו דעם היסטאָרישען בלוטיגען דאָנערשטאָג, כ״ג אלול תרצ״ט וואָס די דייטשע לופט רויבער זענען בעפאַלען אונזער רוהיגע שטאָט מיט זייערע שטאָלינע מלאכי חבלה, האָבען זיי באָמבאַדירט טאָמאַשאָוו און ספּעציעל דווקא נאָר די ריין אידישע קוואַרטאַלען, און צווישען די ערשטע קרבנות איז טאַקע געווען די הייליגע באַליבטע שוהל. די פייער צונגען וואָס האָבען זיך געריסען עד לב השמים, האָט

פאַרברענט די גאַנצע שוהל איינריכטונג פון אינערווייניג, אָבער די ווענט מיט'ן קעניגלעכן אונבאַזיגבאַרען סופיט, זענען געבליבען גאַנץ און זיך ניט מכניע געווען פאַר די דייטשע חיילות, ביז דער דייטש האָט אויסגע־מאָרדערט אַלע אידען, און טאָמאַשאָוו איז געבליבען אידען ריין, האָט ער די שוהל מיט דינאַמיט אויפגעריסען, וואָכען האָבען דערביי פרעמדע אידען אונטערן טעראָר פון דייטשישע ביקסען געאַרבייט ביז זיי האָבען זי אויס־געגלייכט מיט די ערד, אַזוי אַז דער חורבן פון דער שוהל איז אויסגעפאַלען צוזאַמען מיט'ן חורבן פון אירע אידישע מתפללים, גוויל'ן נשרפים ואותיות פורחות און וואַרטען אויף זייער תיקון לעשות נקמה בגוים, ביז מיר וועלען דערלעבען צו דער נבואה פון: ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו והיתה לד' המלוכה, און מיט שיבת בנים לגבולם האָפען מיר אויך צו זעהן דעם קיום פון הבטחת חז"ל עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבחוץ לארץ לקבוע בא"י, ווי אונזער היסטאָרישע שוהל ווערט ווידער פאַרנעמען איהר בכבוד'יג אָרט.





דער עמוד און ארון קדש אין גרויסן ביה"מ




שמואל אלעזר בראנער

# דער שול פנקס

• שמואל אלעזר בראנער, אַרגענטינא

דער אַלטער פּנקס איז פאַרברענט געוואָרן אין דער ערשטער שריפה 1918, און דער נייער איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1919 דורך ר׳ יהושע הערש סופר ע״ה. ער האָט גוט געקענט דעם אינהאַלט פונ׳ם אַלטן פּנקס און ער האָט אין דעם נייעם פיל אַריינגעשריבן פון זכרון.

דאָרט איז געווען פאַרשריבן אַז די עלטסטע מצבה אויפן בית עולם איז פון יאָר שס״ה.

אין פּנקס איז געווען גענוי אָנגעגעבן אַלע ערטער וואו עס זיינען אומגעקומען על קידוש השם פיל אידן דורך די פּאָגראָמטשיקעס פון כמעלניצקי, און אַז מען האָט איינגעפירט אַ מנהג אַרומצוגראָבן די הייליקע קברים אין די טעג פון שלשת ימי הגבלה.

אין פּנקס איז געווען איינגעשריבן פיל תקנות, וועלכע האָבן גערעדט וועגן נוסח התפלות און מנהגי בית הכנסת, וואָס איז אגב, שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. דאָרט איז אויך געווען חתימות און צושריפטן פון רבנים און רביים געסט וועלכע האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן באַזוכט טאָמאַשאָוו. טייל האָבן שטאַרק אויפגעפאָדערט צו אָפּהיטן שטרענג אַלע מנהגים און די תפלות בנוסח אשכנז, און אויך געגעבן אַ ברכה פאַר די 10 פּערזאָן, דאָס איז געווען דאָס „צענדליק״ וואָס האָט גענומען אויף זיך אויפצובויען די שול נאָך דער שריפה דאָס זיינען די נעמען: 1. מאיר בערגערבוים, 2. שלמה ליכטענפעלד, 3. יעקב אסיא (רופא), 4. מאיר איילבוים, 5. ארי׳ לייב קירשענהאָלץ, 6. בונם בראנער, 7. הירש מאיר צימענט, 8. יעקב צבי ווינדער, 9. מאיר האבער, 10. שמעון רייס.

דאָס אויבנדערמאָנטע שרייב איך פון זכרון וואָס איך האָב אַמאָל געזען דעם פּנקס וואָס איז געלעגן ביי מיין פעטער ר׳ לייבעלע קירשענהאָלץ ע״ה, אָדער ווי מען האָט אים גערופן לייבעלע זאלופעס.

ווי אַלט איז טאָמאַשאָוו?

נאַטירלעך בין איך ניט קיין געשיכטע פאָרשער און אַודאי ניט קיין היסטאָריקער, כ׳וויל נאָר אַרויסברענגען אַז די דאָזיקע פראַגע איז שטענדיק געשטעלט געוואָרן פון טאָמאַשאָווער עלטערע אידן, קיינער האָט ניט געוואוסט צו געבן אַ קלאָרן ענטפער, אָבער געוויסע דאַטומס זיינען יאָ געווען. אין אויבנדערמאָנטן שול־פנקס האָט זיך געליייענט אָט וואָס: אַז מען האָט געפונען אַן אויפשריפט אויפן שול בוידעם מיט גרויסע אותיות „שנת ת״ן״, האָט מען אויסגעטייטשט אַז דער אויפשריפט האָט געשטאַמט פונעם מאַלער, וועלכער האָט זיכער אין דעם יאָר ת״ן פאַרענדיקט מאַלעווען די שול, און אפשר איז דעמאָלט די שול רעקאָנסטרויִרט געוואָרן נאָכן גרויסן חורבן פון שנות ת״ח ות״ט, וואָס אין זיי האָט אונזער שטאָט זייער געליטן. אויך, ווי פריער דערמאָנט, איז אויפן בית החיים געווען אַ מצבה פון יאָר שס״ה.

עס איז געווען אָנגענומען צווישן אַלטע לייט, אַז זיי ווייסן דאָס פון עלטערן און אור עלטערן, אַז מיט יאָרן פריער איז די שטאָט געווען אין לאַשטשוואווקא (היינט אַ דאָרף), נאָר דער אידישער ישוב איז דאָרט צעשטערט געוואָרן און אויף איר חורבן איז געבויט געוואָרן אונזער טאָמאַשאָוו. אַלס פאַקט קען דינען אַז אין יענעם דאָרף איז געווען אַ סקווער, וואָס מען האָט גערופן „רינעק״, וואָס דאָס איז געוויינלעך פאַראַן אין אַ שטאָט, עס איז אויך געווען אין לאַשטשובקא אַ פּלאַץ וועלכן מען האָט גערופן דער צמענטאַזש זשידאָווסקי (דאָס מיינט דער אידישער בית הקברות), עס האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט ווען מען האָט אַמאָל געגראָבן אויף דעם פּלאַץ, און מען האָט געפונען מענטשלעכע סקעלעטן, אַלע זיינען געווען אויסגעלייגט מיט די פוס פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו, אַזוי אַז די קריסטן זיינען געווען זיכער אַז דער בית עולם האָט געהערט צו דער שטאָט, און לויט די קברים האָט דאָס געזאָלט זיין דער אידישער בית עולם. איך האָב אויך אַמאָל געהערט אַ געשפרעך צווישן אַלטן פריץ קיווערסקי און פריץ באַלאַן, וועלכער האָט באַשטעטיקט אַז די גרינדער פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו זיינען געווען אידן, וועלכע האָבן מיטן אויפבויען די שול געגרינדעט די שטאָט.

ליידער איז היינט פון דעם אַלעמען קיין זכר ניטאָ; הונדערטער יאָרן האָרעפּאַשנע האָרעוואַניע, בלוט און שווייס פון אונזערע עלטערן, האָבן אויפגעבויט אַ שטאָט און זי אַנטוויקלט, געפירט דאָרט אַן אידעאַלן הייליק לעבן, און דאָס אַלעס איז אַזוי מערדעריש רוצח׳יש אויסגעראָטן געוואָרן דורך די פּויליש־דייטשע שותפים, די אייביקע עמלקים.

איך האָב מיר איינגערעמט דאָס בילד פון דער שול, און באַצירט מיין שטוב אַלס זכר לחורבן און אַלס זכרון פון דער גרויסקייט און הייליקייט פון אונזער אומפאַרגעסלעכער היים שטאָט: טאָמאַשאָוו לובעלסקי. כבוד דיין אָנדענק!

# מיין זיידע ר׳ פנחס און די כסא של אליהו פון דער טאָמאַשאָווער שול

● רעי פאוסט-לערער

ר׳ פיניע האָט געלערענט פאַר אַ גרופּע אידען משניות. ער איז געווען דער ראש פון דער חברה משניות. קיין געלט פאַר׳ן לערנען האָט ער ניט געוואָלט. איינמאָל, האָבען די אידען פאַר וועלכע ער האָט געלערנט באַשלאָסען אים צו געבען אַ סומע געלט אַ מתנה. ווען מען האָט אים דערלאַנגט דאָס געלט, איז ער בלייך געוואָרען. ר׳ פיניע האָט ניט געוואָלט אַזאַ געלט. נאָר דאָס וואַרימקייט מיט וועלכען די אידען האָבען אים דערלאַנגט די מתנה, האָט אים אַזוי גערירט, אַז ער האָט עס גענומען און געזאָגט:

— איך דאַנק אייך.

יענעם אָוונט האָט ר׳ פיניע ניט געהאַט קיין אַפּעטיט צו דער וועטשערע.

— וואָס איז געשען? ביזט ניט געזונט? — האָט רעכיל אַ דער־שראָקענע געפרעגט.

ר׳ פיניע האָט געשוויגען.

— צי מיר נישט אַרויס די נשמה, זאָג וואָס דיר איז — האָט רעכיל געבעטען.

ער האָט אַ טיפען זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— די חברה משניות האָט מיר געגעבען געלט אַלס מתנה פאַר׳ן לערנען מיט זיי. ווי אַזוי קאָנען מיר נוצען מיר אַזאַ געלט?

פאַר אַ מינוט איז רעכיל געבליבען זיצען איבעראַשט, ווייל אויך זי האָט ניט געוואָלט אַזאַ געלט. נאָר פלוצים האָט זיך איר פּנים צעשיינט, אַ שמייכל האָט זיך באַוויזען אויף אירע פולע ליפּען. זי האָט געזאָגט:

— דער וואָס אין הימעל האָט זיי געגעבען שכל דאָס צו טאָן. דער כסא של אליהו פון שול איז שוין אַזוי אַלט, אַז זי האַלט זיך ביים צעפאַלן. מיר וועלען דאָס געלט נוצען פאַר אַ נייער כסא של אליהו.

ווי זון אויפגאַנג אין אַ טריבען טאָג, האָבען געווירקט רעכיל׳ס ווערטער אויפ׳ן געמיט צושטאַנד פון איר מאַן. זיין פּנים האָט אויפגע־לויכטען און ער האָט געזאָגט:

— אָ, עס איז דעם אויבערשטענס ווילען אַז מיר זאָלען האָבען אַ

חלק אין דער שול. מיר וועלען מאַכען אַ נייע כסא של אליהו פאַר דער שול. מיר וועלען צולייגען צו דעם געלט און אַראָפּברענגען דעם גרעסטען מייסטער פון לובלין.

ר׳ פּיניע האָט זיך געלאָזט קאָסטען און אַראָפּגעבראַכט אַ גרויסען קינסטלער־שניצער, אויסצואַרבעטען די לייבען און אַנדערע באַפּוצונגען פון דער שטול. דער כסא של אליהו איז געמאַכט געוואָרען ביי ר׳ פּיניען אין שטוב. ווען די שטול איז פאַרטיג געוואָרען, איז אין טאָמאַשאָוו געווען אַ גרויסער יום־טוב. אַ פּאַראַד מיט מוזיק האָט געפירט דעם כסא של אליהו פון ר׳ פּיניעס הויז אין שול אַריין.

רעכיל און פּיניע האָבען אָנגעקוואָלען צו זעהן ווי זייערע קינדער־לעך טעמעלע און געצעלע רייסען זיך צו טראָגען דאָס קליינע בענקעלע פאַרן סנדק, וואָס איז געמאַכט געוואָרען צוזאַמען מיט דער כסא של אליהו.

די וויין־קאָלירטע צוויי קישענס האָבען אַרויסגעלויכטען פון דער שטול, וועלכע איז געטראָגען געוואָרען פון ר׳ פּיניען און נאָך דריי אידען פון דער חברה משניות.

אין פאַרלויף פון פּאַראַד האָבען זיך די טרעגער געביטען, כדי צו קענען אָפּגעבען כבוד דער גאַנצער חברה משניות.

אַ לאַנגע צייט האָט מען אין טאָמאַשאָוו גערעט וועגען דעם פּאַראַד. די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען אָנקוקען דעם נייעם כסא של אליהו.

ר׳ פּיניעס קינדער האָבען זיך געגרויסט מיטן טאַטענס אויפטו.

רעכיל איז נאָך חשוב׳ער געוואָרען ביי איר מאַן. איר קלוגער קאָפּ, איר געדאַנק איז עס דאָך געווען צו מאַכען אַ נייעם כסא של אליהו.

בין איך שטאָלץ וואָס איך דאָס אייניקעל, וואָס טראָג דעם נאָמען פון דער באָבע רעכיל קאָן אייך דאָס באַשרייבען. דאָס און פיעל אַנדערע געשיכטלעכע פאַקטען פון טאָמאַשאָוו, האָט מיר דערציילט מיין ליבער פאָטער יעקב אליקום געציל לערער וועלכער טראָגט דעם נאָמען פונם פעטער דעם מורה צדק, דעם טאָמאַשאָווער מורה־הוראה פון קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק.

זאָל דאָס זיין אין אָנדענק פון מיין שוועסטערקינד פּיניען פון טאָ־מאַשאָוו, וועמען די נאַציס האָבען אומגעבראַכט. ער האָט געטראָגען דעם נאָמען פון דעם זיידען פּיניען. זאָל דאָס זיין אין אָנדענק פון מיין גאַנצער געפאַלענער משפחה אין דער צייט פון די היטלעריסטישע גרוילקייטען.



# די שוהל און דאָס בית המדרש

• ישראל זילבערמאַן, חיפה

די גרויסע שטאָטישע שוהל האָט שוין זיכער פאַר־נומען איר פּלאַץ אין דעם דאָזיגען יזכור בוך. און נישט קיין וואונדער, יעדער ילוד עיר, יעדער טאָמאַשאָווער איינוואוינער האָט געטראָגען אַן אינערליכען שטאָלץ מיט דער שוהל, וואָס איז געווען אַ פענאָמענאַל אַרכיטעקטיש ווערק מיט זיין אייגענאַרטיקען געבוי און מיט שעהנע קינסטליכע מאַלערייען פון אינעווייניג אויף דעם סופיט און ווענט. בע׳עוולה׳ט איז געווען די ווייבערשע שוהל, וועלכע האָט זיך געפונען נישט איבער דער מענערישער, ווי אין אַנדערע שוהלען, אינערהאַלב דער געביידע; נאָר ווי אַ צוגעבויטער בנין וואָס האָט אַרומגענומען די גרויסע שוהל פון 2 זייטען. אָט די ווייבערשע שוהל האָט געמאַכט אַ נעבעכדיקען איינדרוק אויפ׳ן צושויער מיט איר נידעריקייט און אָפּגעלאָזענקייט, און דעריבער אויסגעזעהן מיט הונדערטער יאָרן עלטער ווי די גרויסע שוהל. מען פלעגט דערציילען אַז דער בוימייסטער פון דער שוהל האָט נאָר באַוויזען דריי אַ זעלכע אַרכיטעקטישע קונסט געבויטע שוהלען אויפצושטעלען. און ווירקליך אין די גרעסטע שטעט אין פוילען האָב איך נישט באַגעגענט אַזאַ אייגענאַרטיגע און פאַרהעלטניסמעסיג פּרעכטיגע גרויסע שוהל.

ווי גרויס און שעהן און באַליבט די שוהל איז געווזען, איז זי דאָך נישט געווזען דער צוזאַמענקונפטס פּונקט פאַר דער אידישער באַפעלקערונג ווי עס האָט זוכה געווען דערצו דאָס גרויסע שטאָטישע בית המדרש וואָס האָט זיך געפונען בשכנות דער שוהל. די אויפגאַבע וואָס דאָס בית המדרש האָט אויסגעפילט אין שטאָט, איז שווער צו געפינען אין די היינטיגע מאָדערנע אַנשטאַלטען אָדער קלובען. נישטאָ היינט אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס זאָל געענוי ענטשפּרעכען דאָס אַמאָליגע בית המדרש, דאָרט וואו יונג און אַלט, אָרעם און רייך, חסידים און מתנגדים פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען, ספּעציעל ביי מנחה ומעריב, וואו עס פלעגט ווימלען ווי אין אַ בינשטאָק להבדיל. באַקאַנטע פלעגען זיך טרעפען און דורכשמועסען זיך. מ׳פלעגט שליסען געשעפטס אָפּמאַכן רעדען פּאָליטיק אָדער אַ לשון־הרע׳לע אַריינכאַפּען. ציגאַרעטען הענדלער יונגע בחורים פאַרקויפען אַפילו איין סיגאַרעט און אויך אויף באָרג. נאָכן דאַוונען האָבען זיך געשאַפען פאַרשידענע טישן ווי: עין יעקב, משניות, גמרא, מדרש, וועלכע פלעגען זיין אַרום באַזעצט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט זענען אויך ביי אונז געווען אַ סך חסידים שטיבלעך, וועמענס מתפּללים זענען געווען פאַרברענטע לאָקאַלע פּאַטריאָטען

מיט באַזונדערע נוסחאות, ניגונים און אַמביציעס, וועלכע פלעגן צייטענווייז זיך געגענזייטיק באַקעמפען אין קהל׳שע ענינים ווי ביים אויפנעמען אַ רב, אַ שוחט א. ד. גל. אָבער אין בית המדרש זענען אַלע געווען פאַראייניגט און ס׳האָט געקענט טרעפען אַ מנין צוזאַמענגעשטעלט פון אַ מנין שטיבלעך „עמך״ אידען אַריינגערעכנט.

כדי צו האַלטען אָרדענונג אין אַזאַ בית המדרש האָט זיך גענויטיגט



דאָס גרויסע בית המדרש, גענומען פון צפון־מזרח זייט, ביים ערשטן פענסטער פון צפון־זייט ליגט אַ גרויסער שטיין פון קדושי שנת ת״ח (לויט דער לעגענדע פון חתן וכלה) פון אונטער דעם בנין זעהט זיך די שוהל

אַ זעהר פעאיקער אַדמיניסטראַטאָר קודם כל איינצוצוימען די קינדער, און טאָמאַשאָוו האָט דעם מענטש געהאַט אין דער פערזאָן פון שמש ר׳ נחום צוקער הי״ד. מיר די קונדיסים פלעגען אים רופען מיט׳ן צונאָמען „נחום טכויער״ ווייל ער פלעגט אונז אָפּשרעקען ווי אַ טכויער — די הינער. באמת איז ער גע־ ווען אַ זעהר גוטהאַרציגער וואוילער איד. דאָס בית המדרש איז געווען זיין גאַנצעס לעבען און ער פלעגט תמיד אינזינען האָבען אַרויסצוהעלפען אָרעמע נויטבאַדערפטיגע פון זיין אייגען געלד אַ חוץ וואָס זיין פרוי פלעגט כסדר צענויפזאַמלען געלד פאַר אַרימע מענשען.

---



אַ פענסטער פון גרויסן ביה״מ. פון הינטען אַ שטיין וועלכער האָט באַצייכענט אַ קבר פון חתן כלה קדושים פון שנת ת״ח —

---

# נחום שמש הי״ד

● ש. ליכט

הי׳ דמות נפלאה ואהוב בכל החוגים והשכבות, מכל שמשי העיר מזכירים שמו בחיבה מיוחדת, ואם כי בעת מלא תפקידו בתור שלוח בית־דין הי׳ נחשב כעין שוטר מהבית דין, ואם שלחו אותו להזמין מי שהוא לד״ת, הי׳ קשה להבעל דין להתחמק מידיו, אבל שלא בשעת העבודה הי׳ איש עממי ולבבי, הוא ואשתו הצדקנית שרה׳לי הי״ד שהיו חשוכי בנים ל״ע, עסקו בצדקה וחסד להושיע ולעזור לעניים גלוים ונסתרים, לבקר חולים ולגמול חסד, ונהפכו לאגדה עוד בחייהם, הוא לא עזב משמרתו עד רגע האחרון, כשרוב היהודים נמלטו לחלק שכבשו הרוסים נשאר הוא עם המעטים בטאָמאַשאָוו, ובחר לחלוק הגורל של אחינו המעונים, הנאצים החריבו והחרימו כל בתי התפלה ואסרו להתקהל, הוא עשה מנין בביתו שהתקיים עד טיהור העיר מיהודים ונהרג עמהם מות קדושים. הי״ד. יהי זכרו ברוך.



נחום שמש אין בית המדרש ביי די ספרים־שראנק

# די חברה משניות אין גרויסן בית המדרש

● אהרן פיטלוק

מיין פאָטער ר׳ אליהו מנחם פיטלוק ע״ה (דער קישקעלעמאַכער) מיט ר׳ בנימין טעפלער ע״ה און ר׳ נחום צוקער (שמש) זענען געווען די גרינדער פון דער חברה משניות אין בית המדרש פון לאַנגע יאָרן וואָס איך אַליין געדענק נישט. יעדע נאַכט נאָך מנחה ומעריב פלעגן זיך אַוועקזעצען די אויבען־דערמאָנטע און מיט גרויס התלהבות האָבען זיי געלערנט משניות. און אַ ביסעל אַ שפּעטערדיקע צייט איז צוגעקומען זעהר אַ גרויסער עולם, אַריינציענדיג עמך ד. ה. קצבים און סתם בעלי־מלאכות. מיט זעהר גרויס איבערגעגעבענקייט איז פאָרגעקומען די שלש־סעודות׳ן, עס איז כדאי צו דערמאָנען מיט וואָס פאַר אַ פרייד און איבערגעגעבענהייט שמואל לוסטיק פלעגט טראָגען די חלות אויף שלש סעודות און שטענדיג ווען איך פלעג אים זען לויפן אַ שטראַלנדיקן האָב איך זיך דערמאָנט אין די געשיכטעס וואָס מיין פאָטער ע״ה פלעגט מיר דערציילען ווי אַזוי גרויסע רבנים פלעגן שיקען זייערע חסידים זיך אָפּלערנען געוויסע מצוות, געוויסע פירעכצן, פון געוויסע בעלי־מלאכות און ביי זיך געטראַכט שמואל לוסטיג איז אפשר אויך איינער פון זיי — „אויב ניט נאָך העכער״ (י. ל. פרץ) — און היינט ווען עס שטאַרקט זיך דער ווייטיק פון דער שרעקליכער אכזריות וואָס האָט געטראָפען אונזערע טאָמאַשאָווער אידען קומט אויף אין מיין זכרון נאָך מער ליבע צו זייערע הייליקע ריינע נשמות.

היינט איז טאָמאַשאָוו גענצליך חרוב. נישטאָ מער קיין אידען. אומעטום





ר׳ אלי׳ פיטלוק לערנט משניות

איז איצט שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. דאָס צעשטערטע בית־המדרש ווי אידען האָבען אַזויפיל גייסטיקע רחבה געשעפּט ווען פאַרן עמוד די שלוחי־ציבור מער נישט שטיין מער נישט מקבל שבת זיין מיט „לכו נרננה״. די דייטשע מערדער האָבען זייער פאַרברעכישע אַרבעט געניי און פּינקטליך געמאַכט.

עס איז מיר שווער צו קענען באַשרייבען ווי אַזוי איך בין אינפאָרמירט געוואָרען וואָס מיין משפחה האָט מיטגעמאַכט אין די געטאָס; אין די לאַגערן; אין די עמק־הבכות וואָס זיי האָבן דורכגעליטען, דורכגעווייקט, און אין זייערע נשמות איינגעזאַפּט כל ערליי פּיינען, די יסורים׳דיקסטע גהינם ליידן, און לסוף זיי דערמאָרדעט.

מיין ברודערס קינד דוד יונה וואָס האָט געזינגען ביים חזן יצחק לעדער מיט נאָך צוויי ברידערלעך האָבן די רוצחים אַוועקגעשטעלט לעבן זייער פאָטער אברהם פּיטלוק ז״ל אין זבאָראָוו (לעבן טאַרנאָפּאָל) און דערשאָסן, און נאָכער געהייסען אויסגרובען אַ גרוב פאַר זיך אין פאַר די קינדער, און מיט שרעקליכע פּייניגונגען אים דערמאָרדעט. דער צווייטער ברודער מיינער האָט זיך געראַטעוועט אין די לאַגערן פון פאַרשידענע אַקציעס און שחיטות. אין אַ לענגערע צייט איז ער געווען אויסבאַהאַלטען און צוויי וואָכען פאַר דער באַפרייאונג איז ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע אומגעקומען. טראַגיש אומגעקומען זענען אויך מיינע צוויי שוועסטערן מיט די פאַמיליעס. אויך מיין שוואָגער יוסף לאַנצער וועלכער איז ביי שוידערליכע פּיינונגען אַוועקגעפירט געוואָרען קיין בעלזשעץ. אויך מיין שוועסטער חי׳ יוטע מיט די קינדער זיינען פאַרפּייניגט געוואָרען אין בעלזשעץ. איר מאַן איז אומגעקומען מיט זעהר זעהר אַ שרעקליכן טויט אין טישיוויץ וואָס צוליב סיבות וויל איך די איינצעלהייטען נישט באשרייבען. אָט מיט אַ זעלכע סאַדיסטישע מערדערליכע פּייניקונגען איז אומגעקומען די אידישע באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו אין צווישן זיי מיין ברייט פאַרצווייגטע משפחה וועלכע איך וועל אייביק געדענקען אין קיין מאָל ניט פאַרגעסען ביז דעם לעצטען קלאַפּ פון מיין צעווייטיקט האַרץ

יתגדל ויתקדש שמיה רבא...



# בית המדרש אידן

● **שמואל אלעזר בראנער**, בוענאס איירעס

**געווען** זיינען זיי אַ עדה אידן וואָס לויט זייער אויסזען האָט מען ניט אויף אַלע פון זיי געקענט זאָגן אַז זיי זיינען לומדים, אָבער ווער עס האָט זיך געפונען אין אַ באַגינען יעדן פרימאָרגן אין גרויסן בית המדרש, דער האָט זיי געקענט זען, וואו אָט די אידן זיצן און לערנען. אין דרויסן פינצטער און דער שניי מיטן ווינט פּאַטשן אין די פּנים׳ער, און אָט עפנט זיך די גרויסע טיר פון בית המדרש און עס שאַרן זיך אַריין די ערשטע אידן, שאָקלן אָפּ דעם נאַסן שניי פון זיך, קושן די מזוזה.

דער ערשטער איד איז שטענדיק געווען ר׳ יענקל האָדעס אָדער ווי מען האָט אים גערופן יענקל טשערניאַק. ער מוז — זאָגט ער — קומען פריער פאַר אַלע, ווייל ער איז דער ממונה פון די ליכט, ער מוז צוגרייטן און אויסטיילן אַ ליכטל פאַר יעדן פון די לומדים. נאָך אים אַ איד ר׳ שלום דער קראסניבראָדער איינבינדער. עס קומען און קומען ווייטער ר׳ שמואל האַמער אָדער ווי מען האָט אים גערופן שמואל הירש העניעס אַ קצב, אברהמ׳טשע דער שטיינערקלאַפּער, ר׳ אלי׳ דער קישקעלעמאַכער, און נאָך אַזעלכע אידן שניידערס, שוסטערס, סטאָליערס. זיי פאַרנעמען זייער „אויבן אָן" טיש טאַקעביים אויוון זעצן זיך אויס ביי משניות׳ן און עס קומט אָן זייער מלמד דער אַלעמען באַוואוסטער און גרויסער למדן ר׳ בנימין טעפּלער ז״ל און באַלד צעזינגט זיך דער למדן מיט זיין איידל קול, פאַרטייטשט





יחזקאל משה כאסקעלעס **ביים** טיש אין ביהמ״ד מיט קינדער

געלאָסן יעדן וואָרט פאַר זיינע תלמידים, און ווען זיי לערנען אַזוי אָפּ אַריבער אַ שעה און עס הויבן דאַן אָן קומען אידן צו תפילת שחרית ווערט דער שיעור פאַרענדיקט.

אָבער ניט מיט לערנען בלויז פאַרנעמען זיך די אידן, מען דאַרף אויך פאַרזאָרגן אָרימעלייט פון שטאָט. מען דאַרף איינעם גיבן אַ נדבה בסתר, און אַ צווייטן ברויט. אַ טייל פון די זעלבע אידן וואָס זיינען ערשט געזעסן ביי די משניות'ן הויבן אָן זייער אַרבייט נאָכן אָפּדאַוונען שחרית. זעט מען איינעם וועלכער פאַרלאַנגט נדבות ביי די מתפללים, און אָט זעהט מען צוויי אידן איינער ר' שמואל האַמער און דער צווייטער מענדל גייסט אָדער ווי מען האָט אים גערופן מענדל צניף, זיי נעמען מיט זיך זעק, און זיי צו הילף קומט נאָך איינער, אין אַלע דריי לאָזן זיך יעדן פרייטאָג אין דערפרי צוזאַמען נעמען ברויט, חלה, פלייש און וואָס עס לאָזט זיך נאָר פאַרלאַנגען אין די געוועלבן, שטיבן, אַלעס נעמען זיי און אַזוי גייען זיי ביז האַלבן טאָג פון פרייטאָג. אידן גיבן און אַ טייל בעל הבית'טעס ווייסן שוין צו צוגרייטן ספּעציעלע חלות פאַר די דריי אידן וועגן, 12 אַזייגער זעט מען ווי דריי אידן גייען מיט זעק אָנגעפּילט מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן, ביים קצב איד, ר' שמואל הירש העניעס ווערט אויסגעטיילט חלקים, אויפ'ן אויער גיבן זיי זיך איבער און ווייזן אָן אָט דאָס דאַרף מען געבן דעם און דאָס יענעם. קיינער אויסער זיי ווייסט ניט צו וועמען, און וועמען מען דאַרף געבען, ס'איז דאָך מתן בסתר, אמת'ע תומכי עניים.

אַזעלכע אידן האָט פאַרמאָגט אונזער שטאָט און אָט אַזעלכע אידן זיינען אומגעקומען אין די נאַצישע גאַז־קאַמערן און אין קאַלך אויוועוס.



# דאָס בעלזער שטיבל און איר השפּעה אין טאָמאַשאָוו

• אשר רייז

**נישט** ווי אַנדערע שטיבלעך וואָס זייער השפּעה און איינפלוס זיינען געווען באַגרענעצט נאָר אין די ענגע ראַמען פון זייער אייגענעם קרייז, איז געווען די השפּעה פון בעלזער חסידות אין טאָמאַשאָוו. די ערשטע סיבה איז די געאָגראַפישע נאָענטקייט פון טאָמאַשאָוו קיין בעלז וואו עס האָבען געקיניגט העכער 125 יאָר די באַרימטע חסידישע רביים פון דער רוקח דינאַסטיע, און אויך איר פאָלקסטימלעכער כאַראַקטער, וואָס האָט צוגעצויגן ניט נאָר תלמידי חכמים און חסידישע אידן, בעלי בתים, נאָר אויך „עמך" אידן, זיינען געפאָרן קיין בעלז, איבערהויפּט די ווייבערשע וועלט איז געווען כולו בעלז, און אַ וואָרט פון בעלזער צדיק האָט ביי אונז דעצידירט אין פיל קהל'שע אָנגעלעגנהייטן און אַפילו אין פּאָליטישע פראַגן. מיר טרעפן בעלזער חסידים אויך אין אַנדערע בתי תפלה, ווי ר' יהושע'לעס שטיבל, חסידישן ביהמ"ד, שטאָטישן ביהמ"ד, און אַנדערע. איבערהויפּט איז בעלז ניט געווען באַגרענעצט נאָר פאַר אירע חסידים, קיין בעלז פלעגן פאָרן פיל חסידים פון אַנדערע רביים, ווער נאָך אַן עצה און ווער נאָך אַ ישועה אָדער רפואה וכדומה, איבער־הויפּט יונגע לייט און בחורים וואָס האָבן געדאַרפט שטייען צום פּריזיוו האָבן געכאַפּט אַ שפּאַציר (ביי 40 קילאָמעטער) קיין בעלז צו באַקומען אַ ברכה פון רבין.

דער נאָמען בעלז איז געווען טיף איינגעוואָרצלט ביי אַלע אידן,





דאס בעלזער שטיבעל פון דרום־מזרח זייט, פון אונטען זעהט מען די שוהל און בית המדרש

אַזוי אַפילו די חברה קדישא־תקנות (וואָס איז געווען דער הויפּט געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין שטאָט זייט הונדערטער יאָרן) איז אין די לעצטע 60 יאָר רעגירט געוואָרן לויט די תקנות פונם מיטעלן בעלזער רבין הרה״ק ר׳ יהוש׳לע רוקח זצ״ל.

אויך צווישן די קהלה בעאַמטע זיינען געווען אַ גרויסער טייל בעלזער חסידים, ווי דער קרילאָווער רב, הרב ירחמיאל מרדכי וויינבערגער ז״ל, דער מורה הוראה הרב מאיר אברהם פרישערמאַן ז״ל, ווי אויך די שוחטים ר׳ שלום טארים, און ר׳ ברוך הורוויץ הי״ד. אַזוי האָבן אויך די בעלזער חסידים אַלע מאָל געהאַט אַ דאַזאָר אין דער אידישער געמיינדע, און שטאַרק פאַרטרעטען אין דער חברה קדישא. און בכלל געווען אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער כוח אין שטאָט, מיט וועמען מען האָט זיך געמוזט רעכענען ביי יעדן כלל־זאַך.

דער נערוו פון בעלזער חסידות אין שטאָט איז פאַרשטענדלעך געווען דאָס בעלזער שטיבל, וואָס דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט דער רוב מנין ורוב בנין פון בעלזער חסידים, איבערהויפּט אירע אַקטיוויטעטן.

בעלזער חסידות האָט געגרייכט קיין טאָמאַשאָוו זייט איר אַנטשטעאונג, צום ערשטן בעלזער רבין הגה״ק ר׳ שלום רוקח זיינען נאָך געפאָרן די טאָמאַשאָווער רביים, הרה״צ ר׳ לייבישל נייהויז זצ״ל און הרה״צ ר׳ יהושע׳לע זצ״ל, און זייט איר גרינדונג האָט געשטראָמט חסידים קיין בעלז פון טאָמאַשאָוו, אָבער צו קיין אייגן בנין זיינען זיי ניט צוגעקומען ביז נאָכן ערשטן קריג, אומגעפער אין די אָנפאַנג צוואַנציקער יאָרן איז דאָס בעלזער שטיבל אויפגעבויט געוואָרן, און האָט זיך געפונען אין דעם געדיכטסטן אידישן קוואַרטאַל בשכנות פון דרום־זייט צו דער שול.

דער געבוי פון שטיבל איז געווען אַ הילצערנער, פון פאָרנט די מענער און הינטן איז געווען די ווייבער שול. דאָס שטיבל איז געווען הויך געבויט, און די ווייבער שול איז געווען געטיילט אויף אונטן און אויבן. דאָס פעדער הייזל אין פראָנט האָט אויך געדינט ווי אַ סוכה, אתרוג צו בענטשן און פאַר שמחת בית השואבה. פון הינטערן שטיבל אַ קליין קאָרידאָרל וואו עס איז געווען דער האַנט־פאַס. אויף מזרח, בייביידע זייטן פון ארון הקודש, האָט זיך געפונען 2 לאַנגע טישן, אויך צו איינציקע טישן איז געווען ביי דרום און צפון, און אַ קליינער טיש אויף מערב האָרט ביים אויוון און אַ שלחן אין מיטן בית־המדרש.

דאָס שטיבל איז געווען אַ מקום תורה און תפילה, וואו מען האָט געדאַוונט און געלערנט יעדן טאָג. אין די ערשטע יאָרן האָבן אויך דאָרט בחורים געלערנט אַ גאַנצן טאָג, ובפרט ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די נאַוואַרדאָקער ישיבה, און זיי האָבן געלערנט אין בעלזער שטיבל, אָבער שפּעטער זיינען קיין בחורים וואָס לערנען דאָרט ניט געווען, ווייל

די תורה יוגנט האָט געצויגן אין ציעשינאָווער שטיבל, וואָס דאָרט איז געווען דער לעבנס נערוו פון אַלע תורה אַקטיוויטעטן און דער צענטער פון אַלע אָרטאָדאָקסישע בחורים, אַזוי אַז אין די ימות החול האָבן זיך נאָר געפונען געציילטע בעלי בתים וועלכע זיינען געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין שטיבל און געלערנט, ווי ר׳ שלום רייז (נאָכדעם ווי ער האָט אויפ־געגעבן זיין שוך געשעפט) ישראל׳קע ראצעס (לאכער), צוליב זיין קורצ־זיכטיקייט זיינען זיינע אויגן פשוט געווען אַריינגעגראָבן אין דער גמרא, וועמענס מאָנאָטאָנעם גמרא ניגון מען האָט געקענט הערן אַ גאַנצן טאָג, שלמה ציפעל, שלום שוחט׳ס איידים, אַ יונגערמאַן אַ מופלג בתורה. דאָס זיינען געווען די תורתם־אומנתם אידן. אַנדערע ווען זיי האָבן געהאַט צייט פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין שטיבל אַריין, ווער אַ שטיקל גמרא, ווער אַ פרק משניות, אָדער כאַפּן אַ בליק אין אַ חסידיש ספר, אָדער גאָר שמועסן און דערציילן מעשיות פון גוטע אידן.

די אַקטיוויטעטן זיינען באַשטאַנען פון תפילה בציבור, ערב ובוקר, אַן אַלגעמיינער שיעור בין מנחה למעריב, אַרויסהעלפן אָדער אונטערשטיצן אַ געפאַלענעם, פאָרן צום רבין, אָפּהאַלטן די יאָרצייטן פון די רביים פון דער בעלזער דינאַסטיע, מיט פראַוון סעודות, בשר ודגים כיד המלך, ספּעציעל פון פריערדיקן בעלזער רבין הרה״ק ר׳ ישכר דוב רוקח ז״ל וואָס זיין יאָרצייט פאַלט אויס כ״ב חשון. אַלע חדר אינגלעך וועמענס עלטערן האָבן געדאַוונט אין בעלזער שטיבל, פלעגן באַפרייט ווערן נאָכמיטאָג פון די חדרים וואו זיי האָבן געלערנט, און זיי פלעגן אַרומגיין אין שטאָט זאַמלען ליכט, וועלכע מען פלעגט טאַקע אָנצינדן צו מעריב לכבוד דער יאָרצייט. שמחת תורה ביינאַכט פאַר די הקפות האָט מען געבראַכט אַ פעסל ביר מיט הערינג און מען האָט זיך משמח געווען בשירים ותשבחות ביז צום דאַוונען מעריב.

אַן אויפלעבונג איז אַריינגעטראָטן ווען אַ רבי פון דער בעלזער דינאַסטיע פלעגט באַזוכן אונזער שטאָט. בכדי צו זיין קאָרעקט וויל איך אונטערשטרייכן אַז די בעלזער הויפּט רביים פלעגן בכלל זייער וויניק באַזוכן פרעמדע שטעט, איבערהויפּט האָט אונזער שטאָט קיינמאָל דערצו ניט געהאַט די זכיה, מיטן אויסנאַם פונם מיטעלן רבין הרה״ק ר׳ יהושע׳לע זצ״לוועלכער איז געווען אין טאָמאַשאָוו אין יאָר תר״מ אויף אַ צוזאַמענ־געפאָרענע חתונה וואָס זיין שוועסטער הרבנית איידעלע ע״ה פון בראָד האָט חתונה געמאַכט פון זאַמאָשטש, און די חתונה איז פאָרגעקומען אין טאָמאַשאָוו, דעמאָלט איז דער בעלזער רבי געווען ביי אונז אין שטאָט 2 וואָכן, און עס זענען געקומען טויזנטער אידן צו אים פון נאָענט און ווייט, אַפילו פון טיף רוסלאַנד. נאָר דאָס זענען געווען בעלזער קינדער אָדער

איינצקלעך װעלכע זיינען געווען לאָקאַלע רביים, ווי דער אַלטער מאַגירובער רבי ר׳ לייביש רוקח פון ראווא רוסקא, זיין זון ר׳ נחום אהרן דער מאַגיראָווער רבי פון לעמבערג הי״ד, הרב ר׳ יהושע׳לע רוקח פון יאַראָסלאַוו, הרב ר׳ װעלװועלע טברסקי זלאַטאָפּאָלער רבי פון קראקא, הרב ר׳ פּנחס טברסקי אוסטילער רבי אין פּשעמישל. דער בעלזער עולם פלעגט גיין צו זיי זיך פּראַווען, ווער מיט אַ קוויטל און ווער מיט אַ בלויזן פּדיון, ווי אויך צו די טישן וואָס זיי האָבן געפירט אין בעלזער שטיבל, האָבן געטיילט שיריים און געזאָגט תורה.

פאַרשטענדלעך אַז במשך דעם יאָר פלעגט כמעט דער גאַנצער עולם זיין אין בעלז ווער איינמאָל ווער מערערע מאָל, לויט זיין מדריגה אין חסידות.

2 מאָל אַ יאָר פלעגן קומען ספּעציעלע שלוחים פון בעלז צו זאַמלען מעמדות ווי ר׳ יעקב בעריש ראַווער, אָדער ר׳ שלמה סאקאלער א. א. און יעדערער האָט געגעבן יותר מיכולתו. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ תיקון ספרים קאַסע, וואו יעדער מתפלל האָט געצאָלט וואָכן אָדער חודש געלט פון 5 גראָשן און העכער. די קאָלעקטאָרס זיינען געווען די חדר אינגלעך, יעדן פרייטיק נאָך 12 זיינען זיי שוין געוואָרן פריי פון חדר און געגאַנגען צוזאַמענמאָנען פאַר תיקון ספרים.

אויך האָט עקזיסטירט אַן הכנסת אורחים״ קאַסע, פאַר חשוב׳ע אָרעמע לייט ווי בכבוד׳דיקע יורדים אָדער תלמידי חכמים און בנש״ק וואָס זיינען געקומען פון דער וועלט און זיינען ניט געגאַנגען אַליין נאָך נדבות מען זאָל זיי אַרויסהעלפן, דערפאַר איז שוין געווען אַ גרעסערע װעכענט־לעכע באַשטייערונג. דער קאָלעקטאָר איז געווען דער שמש פון שטיבל, וועלכער האָט דערפאַר באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט, און האָט עס איבער־געגעבן מיין ג־ט זעליקן פאָטער ר׳ מיכל רייז ע״ה וועלכער איז געווען דער קאַסירער און גבאי.

די אַדמיניסטראַציע פון שטיבל איז באַשטאַנען פון אַ גבאי און שמש. קיין פאָרמעלע וואַלן זיינען קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, נאָר אין אַ געוויסן שבת צווישן שחרית און מוסף פלעגט מען נאָך אַ לאַנגע דיסקוסיע באַשטימען ווער עס זאָל זיין גבאי. וויפל איך געדענק איז געווען תמיד (מיט קורצע איבעררייסן) גבאי ר׳ יעקב שטאהל ע״ה, וועלכער איז געווען זייער צוגעפּאַסט צו דעם אַמט, און ער האָט עס טאַקע געגליכן ווייל אין אים האָט עפּעס געשטעקט אַ קהל׳שע נשמה, ווי מען האָט עס אין דער היים גערופן קאָכער לעפל. דעם שמש דאַקעגן האָט מען באַשטימט דעם גרעסטן נצרך און לא־יוצלח׳ניק, כדי ער זאָל כאָטש האָבן אַ שטיקל פּרנסה, זיין געהאַלט איז באַשטאַנען פון חודש געלט וואָס יעדער מתפלל

האָט אים געצאָלט, און אויך די רעכט צו שטעלן אַ קערה ערב יוה״כ. אין מיין געדענקען זיינען געווען 2 שמשים, פריער יעקב קופפער, נאָכהער משה׳לע זילבערבערג (משה׳לע גארב).

די הכנסות פון שטיבל זיינען באַשטאַנען פון חודש געלט וואָס יעדער מתפלל האָט געמוזט אָבליגאַטאָריש צאָלן כפי יכולתו, אָבער מען פלעגט אָפט בלייבן הינטערשטעליק, און עס איז ניט געווען פון וואַנען צו דעקן די הוצאות, דאַן האָט מען שבת פאַרהאַלטן אַלע טליתים, אָן אויסנאַם, מען האָט ניט צוריק געגעבן דעם טלית ביז מען האָט ניט איינקאַסירט דעם חוב. די אויסגאַבן זיינען באַשטאַנען פון: שמש, באַהייצונג, באַלייכטונג, אויסקאַלירן און רעמאָנט, קיין חזן האָט מען ניט געדאַרפט און אַ רב איז באַצאָלט געוואָרן דורך דער קהלה. אינטערעסאַנט אַז דאָס שטיבל איז ניט געווען אָפּגעשריבן אויף די חסידים נאָר אויפן נאָמען פון בעלזער רבין. זיך פלעצער זיינען געווען אַן אייביקייט, מען האָט ניט פאַרקויפט אַלע יאָר קיין שטעט.

דער צוזאַמענשטעל פון די מתפללים איז באַשטאַנען פון פאַרשידנ־אַרטיקע מענטשן, אַ געמיש פון תלמידי חכמים און „עמך״, תקיפים און לאָמיך געמאַך אידן, אינטריגאַנטן און הצנע־לכת׳דיקע, ערנסטע און ציניקער, אָרעם און רייך. איין זאַך וואָס האָט אַלע פאַראייניקט און צוזאַמענגעקניפּט איז דאָס חסידות. איינערליי חסידות האָט ביי אונז זייער פיל געמיינט, דאָס האָט פאַרבונדן געגנזעצטע מיינונגען און קלאַסן, און עס האָט אַרויפ־געלייגט אַ מין ערבות און התחייבות איינער פאַרן צווייטן, ביי שמחות און ח״ו ביי ליידן, איז איין שטיבל איד פאַרן צווייטן געגאַנגען אין פייער אַריין, עס איז געווען מער ווי אַ משפחה פאַרבינדונג. אויך ביי כלל ענינים איז דער עולם על פי רוב געגאַנגען לויט דער ליניע, פון שטיבל פּאָליטיק.

ביים אויסרעכענען די נעמען פון די מתפללים (אויף וויפל איך געדענק זייערע נעמען) וועל איך אַ טייל פון זיי אין קורצע שטריכן פּרואוון כאַראַקטעריזירן.

ביים מזרח טיש לינקס פון ארון הקודש: ר׳ מענדל רייכענבערג אָדער ווי מען האָט אים גערופן מענדל לייזערס, אַ זקן אַ תקיף לאַנג יאָריקער דאזאר פון דער קהלה, גבאי פון חברה קדישא (ביי אים אין שטוב פלעגט פאָרקומען די טראַדיציאָנעלע סעודות פון דער חברה), דער הויפּט בעל דעה אין שטיבל, ר׳ מרדכי יוסף שפּארער אַ זקן אַ פּקח וועמענס גלייכווערטלעך מען פלעגט נאָכזאָגן אין שטאָט, אויך פון די ראשי החברה קדישא, ר׳ ישראל׳קע לערמאַן דער גביר פון שטאָט, אַ גדבן ביז גאָר אַן עניו וואָס האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַ שפּאַס אַפילו מיט קינדער,

חיים פישעלזאָן אַ איד אַ ת״ח אָבער אָן אַ כח הסברה, ער האָט קיינמאָל ניט געדאַוונט פאַרן עמוד אַפילו ווען ער האָט געהאַט יאָרצייט, לייביש גרינבוים, מיכל פאַנצער לייביש שטראַזבערג (לייביש אלי׳ס) אַ ת״ח אַ הייסער חסיד שפּעטער אַוועק קיין לאָדז, שלום פלעשלער, מיכל רייז, אַ בורח מן הכבוד, אָרגאַניזאַטאָר און קאַסירער פון בית יעקב אין שטאָט, שלום רייז אַ ת״ח וואָס האָט מקיים געווען והגית בה יומם ולילה, בעל שחרית פון שטיבל, ר׳ יהושע העשיל גרינוואלד אַ בר אוריין און פרומער שטילער מענטש אָבער ליב געהאַט דעם עמוד, הירשל גלאַנצער, ויבדל לחיים ר׳ משה שפּירא פון רבישע גזע געווען בעל מוסף, עוזר שטאל אַ חשוב׳ער יונגערמאַן פון די עסקנים אין דער אגודה.

מזרח שטאָט רעכטער זייט: ר׳ יצחק אַרבעספעלד (איצעלע דער מאַניעס) אַ הייסער חסיד מקפיד געווען אויף אַ קוצו של יוד פונם בעלזער דרך, ספּעציעל מען זאָל ניט דאַוונען מנחה בעפאָר דעם „בעלזער־זמן״ יודא אַרביספעלד אויף וועמען מען קען זאָגן ברא כרעא דאבוה, ברוך שו״ב אַ ירא שמים, ברוך שפאַרער אַ נגיד קהלה דאזאר חשוב׳ער בעל הבית, אלטער שטאל חשוב׳ער בעל הבית עסקן, מיטגליד אין שטאָט ראַט געוויילט פון דער אגודה, אַ גוט האַרציקער מענטש אַלעמאָל גרייט צו טאָן אַ טובה מיט אַ נדבה אָדער גמילת חסד, בעל אכסניא פאַר בעלזער איניקלעך, שלמה ציפעל חתן שלום שוחט אַן איידעלער יונגערמאַן מיט אַ גרויסן כח הסברה, לייב יוסף הערבסמאַן אַ יודע ספר, אַ גוטער בעל תפילה, סיני פוטער דער בעל קורא און האָט ליב געהאַט זיך צו קהל׳ן, וואלף שטאהל (רעכאנער) אַ זקן וואָס האָט געדענקט אַ סאַך מעשיות פון אַמאָל, ויבדל לחיים נטע פינקעלשטיין אַ איד אַ למדן, בן ציון שפּריצער אַן איידעלער איד משה שמעון׳לע שפּאַרער אַ מלמד און גרויסער תלמיד חכם.

ביים דריטן טיש: שמואל ליב שפּריצער (יוזשעס) קאַשע מאַכער, אַן אדוק אין בעלז ליב געהאַט ניינציקער בראָנפן און דערנאָך ריידן פון מיטעלסטן רב ז״ל, שיימע שפּריצער אַ שטילער פרומער יונגערמאַן, אַוועק קיין אַרגענטינע, שלום שוחט, מרדכי יוסף שוחט, אַ זקן מופלג אָבער אַ קרעפּקי אידל, לעבעדיק און לוסטיק, שמחת תורה פלעגט ער טאַנצן מיט די צאן קדשים, שמחה ווערטמאַן (בונימס) שלום הויט, יצחק שפּיץ, קוים דורכגעשטאַרקעט די פּרנסה, אָבער זיין נאָמען פלעגט שטענדיק ער־שיינען דער ערשטער אויף צדקה ליסטעס, דער ראש פון די קונדסים אין שטיבל, חיים הויט, יוסף פייער, ליב געהאַט אַ סעודה׳לע, דוד זילבער־בערג (דאטשע) ערנסטער חסיד.

צפון זייט: בעריש הערצמאַן, משה זימערמאַן, יהושע הירש יאַרטשעווער,

אברהם׳לע האכמאן אַן איידעלער אינטעליגענטנער מענשט, מיכל באדענשטיין, וועלכער איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן ביים מקיים זיין די מצוה פון מאַכן די סוכה, איטשע שפער (דער בייזער איטשעלע) קיינמאָל ניט געשמייכלט, חיים קוגעל, משה מענדל בראנד, זלמן בראנד אַ תלמיד חכם און פייערדיקער בעלזער חסיד שפעטער אַוועק קיין ווארשא וואו ער האָט געגרינדעט דאָס ערשטע בעלזער שטיבל, יצחק בראנד, יודל וואגנער (מלמד) מיט אַ געדיכטע לאַנגע באָרד, גערופן יודל בראדי.

מערב זייט ביים אויוון: נפתלי פוקס, יעקב קופער, געצל בראַנד, משה נחמן שלמה׳לעס תלמוד תורה מלמד און אויב איינער איז ל״ע געוואָרן אַן אבל פלעגט ער אין יאָר זיצן ביים אויוון־טיש.

די שבתים אין שטיבל פלעגן געבן גייסטיקע שפייז אויף אַ גאַנצע וואָך, און מיר ציען נאָך אונזער חיות ביז היינט פון דאָרט.

ערע זייער אָנדענק!

---



יחזקאל רייזפעלד, אהרטשע מעלדונג, סייקעוויטש, משה פישעלעס און נחום שמש

---

# צאַנזער־ציעשינאָווער שטיבל

• י. נידערגאנג

ריכטיק איז עס ציעשינאָווער שטיבל. ווייל אָבוואָל אין טאָמאַשאָוו זענען געווען פיל צאַנזער חסידים מיט הרה״צ ר׳ יהושע׳לע ז״ל בראש, אָבער קיין אייגן שטיבל האָבן זיי קיינמאָל ניט געהאַט, נאָר זיינען געווען קאָנצענטרירט אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל. נאָר אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך אָרגאַניזירט דער ציעשינאָווער רבי הרה״צ ר׳ לייביש רובין ז״ל אַ באַזונדער שטיבל, וואָס דער הויפּט יסוד פון שטיבל איז טאַקע געווען אַ שפּאַלטונג פון ר׳ יהושע׳לעס שטיבל.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַ שטיבל אין פשוט׳ן זין פון וואָרט, ד. ה. אַ קיבוץ פון געוויסע חסידים וואָס דאַוונען און אַמאָל לערנען צוזאַמען. דאָס ציעשינאָווער שטיבל איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אַלס צענטער פון תורה און חסידות אין שטאָט, אַלס דער לעבעדיקסטער נערוו אינ׳ם אָרטאָדאָקסישן ציבור אין שטאָט, אַלס דער מקור פון צדקה וחסד פון נאָענט און ווייט, אַ דאַנק די דינאַמישע פּערזענלעכקייט פון איר מנהיג רוחני דער ציעשינאָווער רב ז״ל, וועלכער האָט ווי אַ מאַגנעט צוגעצויגן די בעסטע און שענסטע כוחות פון די חסידישע יונגעלייט און בחורים און מיט זיי צוזאַמען אויפגעלעבט און אויפגעפרישט דאָס חסידישע לעבן ביי אונז אין שטאָט.

**לימוד התורה**

ווי בכלל אין פּוילן און ספּעציעל ביי צאַנזער חסידים איז ניט געווען אָנגענומען דער מנהג פון ישיבות. בחורים און יונגעלייט פלעגן זיצן און לערנען אין דער זעלבער שטאָט אין בית־המדרש אָדער אין שטיבל. ביז דער ערשטער קריג פלעגן די בחורים לערנען אין בית המדרש הגדול, רבי יהושע׳לעס שטיבל, טריסקער שטיבל, חסידיש בית המדרש און אַנדערע. תיכף נאָכן ערשטן קריג — אַ קורצע צייט אין בעלזער שטיבל דורך די נאַוואַראָדאָקער ישיבה. אָבער מיט דער אַנטשטייאונג פון דעם ציעשינאָווער שטיבל איז דער לימוד התורה פון די בחורים כמעט געווען אויסשליסלעך קאָנצענטרירט נאָר אין ציעשינאָווער שטיבל (מיט קליינע אויסנאַמען, אַביסל אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל און הויסאַטינער שטיבל). דער קול־תורה האָט דאָרט געקלונגען פון די פריע מאָרגן שעה׳ן ביז אין די

שפעטע נאַכט שעה'ן און זייער אָפּט ביז חצות, און אַלע דאָנערשטיק ביינאַכט — אַ משמר פון מתמידים.

אַ אינגל איז אַרויס פון חדר, איז זיין ערשטער טראָט געווען אין ציעשינאָווער שטיבל. דער פאָטער האָט געוואוסט אַז אויסער תורה וועט ער דאָ אויך האָבן חסידישע וואַרעמקייט און אַ סביבה וואָס מאַכט אים באַוואוסטזיניק און שטאַלץ ער זאָל ניט מיטגעריסן ווערן מיט די שטראָמען פון דער גאַס.

## דער סדר הלימוד

געוויינלעך האָבן די עלטערע בחורים און יונגעלייט געהאַט השגחה איבער די קלענערע בחורים'לעך און זיי געגעבן שיעורים. ווען אַן אָנפאַנגער איז געקומען בהתחלת הזמן אין שטיבל, האָט ער באַקומען איינעם אָדער צוויי שיעורים גמרא מיט תוספות, און דערצו האָט ער נאָך געמוזט אַליין לערנען פשוט גמרא. דאָרט וואו ער האָט ניט געוואוסט קיין פשט, האָט





הרב שלום יחזקאל רובין שליט"א מיט אגרופע תלמידים פון ציעשינאווער שטיבעל

ער געפרעגט אַן עלטערן בחור, אָדער רבי הירש ישראל׳קעלעס (גאַנצער) וועלכער איז געזעסן יומם ולילה אין שטיבל און געלערנט, ווי אויך די יונגעלייט: רבי אליעזר גרשון טייכער, רבי יחזקאל האַכמאַן, רבי וואָלף בער לושטשאַנאָווסקי, רבי אהרן קאַלטער, רבי יחזקאל פוטער, רבי אברהם׳לע גאָלדשמיט, רבי יעקב הערמאַן, רבי יעקב מרדכי גוט־האַרץ, רבי דוד גארטלער ווי אויך די בחורים מופלגים, וואָס יעדער תקופה האָט זיך דאָס געביטן צוליב דעם וואָס זיי האָבן חתונה געהאַט און די אינגערע האָבן פאַרנומען זייער פלאַץ. כדאי צו דערמאָנען אייזיק און ישעי׳ העלער, לייבל מערמעלשטיין, ברוך אַקסט, אלימלך העלער, אברהם זינגער, חיים יהושע בידערמאַן, גרשון בראַנד, יהושע גאָלדשטיי און ועל כולם בני הרה״צ ז״ל: הרבנים מאיר ז״ל ולהבדיל בין חיי־לחיים רבי שלום יחזקאל שרגא שליט״א.

אַלע צוזאַמען האָבן אַוועקגעלייגט זייערע בעסטע כוחות און גע־געבן שיעורים צו די יונגע בחורימ׳לעך, און זיי מדריך געווען צו אידיש־קייט, אַלץ אונטערן איינפלוס און דירעקטער השגחה פונעם ציעשינאָווער רב זצ״ל.

די גרעסערע בחורים פלעגן לערנען בחברותא 2־3 צוזאַמען.

פון קיין פלפולים האָט מען ביי אונז ניט געוואוסט. דער עיקר איז געווען צו לערנען גרינטלעך טיף אויפן אָרט, מיטן מהרש״א, מהר״ם, פני יהושע און שיטה מקובצת און אַנדערע ראשונים. טייל בחורים, ספּע־ציעל די וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פונעם גאַליציאַנער דרך הלימוד, פלעגן אויך לערנען סוגיות. אויך איז געלייגט געוואָרן גרויס געוויכט צו לערנען שלחן ערוך אורח חיים.

## שבתים און ימים טובים

דאָס זיינען געווען די טעג אין וועלכע זיי פלעגן זיך אָנטרינקען מיט שמחה של מצוה, מיט דערהויבנקייט, מיט דערפרישונג און באַוואוסט־זיניקייט. אין די טעג פלעגן די בחורים און יונגעלייט קומען צום ציעשי־נאָווער רבי׳נס טישן וועלכע זיינען געווען אַ קוואַל פון תורה און יראת שמים, שמחה און התלהבות. שווער איבערצוגעבן די פילונג נאָך די ריקודים און זמירות און רבי׳נס דברי תורה און שמועסן וואָס האָבן עפּעס אַריינגעגעבן אַ חיות, אַן אויפמונטערונג און גייסטיקע דערפרישונג.

## צדקה וחסד

זייער אַ גרויסער עול איז געלעגן אויף די בחורים און יונגעלייט פון ציעשינאָווער שטיבל. ווי דער מנהג איז געווען אין פוילן, פלעגן

אַנשים מכובדים, ווי אַדורכגעפאַלענער סוחר אָדער נשרף ר״ל, אָדער אַ בנש״ק וואָס האָט געדאַרפט שטיצע, אַרומפאָרן אין די שטעטלעך נאָך געלט. אַזעלכע מענטשן פלעגן ניט אַליין גיין אין די הייזער נאָר קומען צום רב אָדער רבי׳ן אָדער צו די בית־המדרש בחורים. אַזוי ווי מיר זיינען געווען אַלע צוזאַמען, שטיבל בחורים וואָס לערנען אין רב׳ס שטיבל וואָס איז אויך געווען דער רבי, און טאָמאַשאָוו האָט נאָך געהאַט די מעלה וואָס זי איז געלעגן אויף דער גרענעץ, האָבן מיר געהאַט בכבוד׳יקע אָרעמעלייט פון קאָנגרעס פוילן און פון גאַליציע, און דאָס אַלץ האָט מען באַזאָרגט אין ציעשינאָווער שטיבל. דער רב אָדער זיינע זין פלעגן אַלעמאָל אַרויסשיקן אַנדערע 2 בחורים אָדער יונגעלייט אין שטאָט, זאַמלען געלט פאַר דעם באַטרעפנדיקן נצרך.

## אורחים

ס׳איז געווען אַ נידעריקערער קלאַס אָרעמעלייט וואָס זיינען גע־גאַנגען אין די הייזער. זיי פלעגן אַרומקרייזן די מדינה לארכה ולרחבה. מ׳האָט זיי גערופן ארחי־פרחי. געלט שאַפן איז פאַר זיי ניט געווען קיין פּראָבלעם, ווייל זיי זיינען אַליין געגאַנגען אויף די טירן. פאַר זיי האָט מען געדאַרפט שאַפן עסן און שלאָפן.

מיט יאָרן צוריק האָט עקזיסטירט אַ „הקדש״, וואו די פרעמדע אָרעמעלייט פלעגן איבערנעכטיקן. נאָך דער ערשטער קריג איז עס בטל געוואָרן, ווייל נאָך דער שריפה האָבן די שטאָטישע אָרעמעלייט פאַרכאַפּט די וואוינונגען, האָבן די אָרעמע הייזער גייער ניט געהאַט וואו צו שלאָפן. אַ טייל פלעגן שלאָפן אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל, אַ טייל פלעגט ר׳ טעבל נאטה (מאַדיער) אַריינעמען לשם מצוה צו זיך אין שטוב אַריין און אַ טייל פלעגן די בחורים באַזאָרגן אין פּריוואַט הייזער אָדער באַצאָלן פאַר נאַכטלעגער ביי מענטשן וואָס פלעגן פאַרדינגען צימערן צו שלאָפן.

אויף שבת פלעגן רוב מתפללים פון שטיבל אַהיים נעמען אַן אורח אויף שבת.

אויך צו באַזאָרגן די פרומע אידישע זעלנער וועלכע האָבן געהאַט זייער מיליטערדינסט אין טאָמאַשאָוו, מיט כשר׳ע עסנס, האָט געלאַסטעט אויף די שטיבל בחורים.

## ספרים

אויב אין יעדער בית התפלה האָט עקזיסטירט אַ קנין ותיקון ספרים, איז אָבער די אויפגאַבע פון ציעשינאָווער שטיבלס קנין ספרים געווען אַ זייער שווערע, ווייל אַלס מקום תורה און הויפּט צענטער פון לומד׳ישע

בחורים און יונגעלייט האָט זי זיך געגוויטיקט אין זייער אַ סך לומד׳ישע און הלכה ספרים, וואָס ביי פּריוואַט מענטשן איז עס ניט געווען צו באַקומען. אַזוי אַז אַ סך כחות האָט מען אַוועקגעגעבן פאַרן קנין ספרים. כדאי צו דערמאָנען די גבאים: לייבל מערמעלשטיין, מאיר רובין, מלך העלער און יחזקאל רובין. יעדער וואָך איז אַן אַנדער בחור׳ל געגאַנגען צוזאַמענגעמען דאָס געלט. אויך פלעגן די גבאים זיך ווענדן שריפטלעך צו אַלע מחברים מאַרבע פינות העולם זיי זאָלן אַריינשיקן זייערע ספרים. און ווירקלעך, אין ציעשינאָווער שטיבל איז געווען די גרעסטע רעליגיעזע לומד׳ישע ביבליאָטעק.

## אגודה טעטיקייטן

כאָטש די אַגודה איז געווען אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע מיט אַן אייגענעם לאָקאַל, דאָך צוליב דעם וואָס די גאַנצע אַגודה יוגנט האָט געלערנט אין ציעשינאָווער שטיבל, זיינען אַלע אַגודה פּאָליטיקס און פּלענער באַשטימט און געבוירן געוואָרן אין שטיבל.

אמת, עס זיינען געווען צוויי קאַטעגאָריעס בחורים, אַזעלכע וואָס דער עיקר איז ביי זיי געווען דאָס לערנען, און אַ צווייטער טייל וואָס האָבן ליב געהאַט צו פירן פּאָליטיק און זיך צו קהל׳ן, אָבער אַז עס איז געקומען צו אַקציעס, ווי אַגיטאַציעס פאַר קהלה אָדער שטאָט־ראָט וואַלן, אָדער פאַרן סיים און סענאַט, אָדער פאַרשידענע געלט זאַמלונגען פאַר אַגודה אַקטיוויטעטן, ווי קרן הישוב, ישיבת חכמי לובלין א. אַ. האָבן זיך אַלע בחורים אַקטיוו באַטייליקט.

## דער לבוש

דער לבוש פון די בחורים און יונגעלייט איז געווען אַ שטרענג טראַדיציאָנעלער: אַ אידיש היטל (אַ טיכנס אינדערוואָכן און אַ סאַמעטנס אום שבת), אַ זשאַקעטל אָדער אַ שוואַרץ לאַנג כאַלאַטל און ווייסע העמדער; אַ קאַפּעליוש, אַ קאָלירט העמד אָדער קורץ רעקל, איז באַטראַכט געוואָרן פאַר פאַרגעשריטן, און מען איז באַזייטיקט געוואָרן פון שטיבל. אינטערע־סאַנט אַז יודעלע שור האָט זיך אַמאָל געזאַמלט אַ גאַנץ יאָר געלט כדי ער זאָל זיך קענען קויפן אויף פסח אַ קאָלירט העמד, האָט ער דאָס געמוזט אויסטאָן, ווען ניט האָט אים געדראָט ער זאָל באַזייטיקט ווערן פון שטיבל.

דאָס ציעשינאָווער שטיבל איז געווען די הויפּט דעה־זאָגערין אין אַלע רעליגיעזע ענינים אין שטאָט, און בכלל אויסגעדריקט גרויס איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג פון דער רעליגיעזער יוגנט אין שטאָט.

## מתפללים פון צאַנזער שטיבל

אריי׳ העלער, יחזקאל העלער, ישעי׳ העלער, אהרן קאַלטער, הירש גאַנצער (ישראל׳קעס), משה קנאָבליך, יוסף ציעגלער, מענדל סייקעוויטש, יהושע סייקעוויטש, יוסלי סייקעוויטש, הירש אַדער, מיכל וויינבלאַט, יוסלי פיטער, יעקב פיטער, הירש ווייסלעדער, פנחס ווייסלעדער, יצחק שלמה גראַף, משה ווײַנטרויב, אברהם אלי׳ יאָהר, יעקב יאָהר, יהושע יאָהר, ישראל פייפער, משה פייפער, יעקב פריינד, דוד גאַרטלער, יצחק גאַרטלער, יעקב מרדכי גוטהאַרץ, יוסף גוטהאַרץ, מרדכי סאַמיט, יעקב הערמאַן, יצחק קאַך, שלום זינגער, שלמה אַקסט, יוסף אַקסט, משה אַקסט, יוסף שפירא, חיים יהושע ליכטער, ברוך יונגמאַן, פייבל באב״ד קנאָכען, משה ווייס, יחזקאל פוטער, יחזקאל האַרמאַן, יוסף פרידלענדער, מאיר קלאָרמאַן, פנחס הורוויץ, יעקב פרעגער, הירש לייב פוטער, יצחק צוקער, ברוך אַדיר, ליפא מאַלץ, דוד זילבערצווייג, איטשא שפארער, אייזיק מאָרגענשטערן, לייזער וויינטרויב, העניך אַדלערפליגעל, ברוך העלער, אייזיק קראַז, סיני גרינבוים, וואָלף העבענשטרייט, יעקב פרעגער און שלמה עפשטיין.



# דאָס כעלמער שטיבל

● זושא קאַוועשנטאַק, חיפה

אין קעגנזאַץ צו אַנדערע חסידים שטיבלעך, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט רביים פון דער פרעמד, איז דאָס חעלמער שטיבל אייגענטלעך געווען אַ טאָמאַשאָווער שטיבל, ווייל דער גרינדער פון דער דינאַסטיע איז געווען דער רבי ר׳ לייבישל נייהויז אַ זון פון רבי יוסף קעזיס רב פון יאַנוב, און איידעם פונעם אַפּטער רבי׳ן באַקאַנט אונטערן נאָמען רבי מאיר׳ל סטאַבניצער, דער מחבר פון חסידישן ספר „אור לשמים״, וועלכער איז געווען רב און רבי אין טאָמאַשאָוו און האָט געפירט אַ גרויסע רבי׳סטווע. מען דערציילט פון אים גאָר גרויסע מופתים. נאָך אים האָט איבערגענומען דאָס רבנות און רבי׳סטווע זיין זון רבי ישראליש, ער איז יונגערהייט נפטר געוואָרן און די רבי׳סטווע האָט איבער־גענומען זיין זון רבי מאיר׳ל, אָבער דאָס רבנות האָט ער פאַרלאָזט צוליב מחלוקת און איז געוואָרן רב אין כעלם אַזוי אַז זיינע חסידים האָבן זיך גערופן כעלמער חסידים, און דאָס שטיבל — כעלמער שטיבל.

דער כעלמער רבי פלעגט אַלע 2 יאָר באַזוכן טאָמאַשאָוו, אָבער אויף אַ באַגרענעצטן שטיקן אופן, ניט געדאַווענט אָדער געטישט אין גרויסן בית המדרש אין צענטער פון שטאָט, נאָר אויף אַ לאָקאַלן אופן אין זיין שטיבל, דאָס הייסט אינ׳ם כעלמער שטיבל וואָס איז געווען ווייט פון אידישן צענטער.

אין כעלמער שטיבל האָבן ניט געדאַווענט קיין חסידישע היץ־קעפּ, נאָר חשוב׳ע שטילע סאָלידע בעלי בתים, וואָס דער המשך צו זייער רבי׳ן האָט זיך נאָך געצויגן פון זייערע עלטערן צו דעם כעלמער רבי׳נס עלטערן. צווישן זיי זיינען געווען: ר׳ יעקיל מינצער; ר׳ שמואל מינצער, זיין זון יוסף געפינט זיך אין ישראל, און זיין זון יודא אין דרום אפריקע, און איז געווען בירגערמייסטער אין יאָהאַניסבורג; לייביש באָרג, זיין זון יוסקי, יבל״ח, איז אין ישראל; ר׳ אהרן לאכער, זיין זון יוסיל לאכער איז אין ישראל; דוד׳ל באָרג — זיינע קינדער אין ישראל; יהושע פישעלזאָהן, וועלכער איז געווען בירגערמייסטער אין אָנפאַנגס ערשטען קריג, און ביי די נאַציס ימ״ש איז ער אומגעקומען אַלס קדוש, הי״ד; ר׳ בעריש לעווענפאָס, זיין טאָכטער חיה׳לע איז אין ישראל; ר׳ שמשון לעווענפוס פון די אַקטיווע טוער אין מזרחי, און אַנדערע.

אין שטיבל האָבן געדאַוונט בערך 60־70 מתפללים און אַלע האָבן פּאַרנומען אַ בכבוד׳יק אָרט אין דער געזעלשאַפט און נושא בעול געווען בכל צרכי העיר. ליידער היינט איז דאָס אַלעס פאַרשוואונדן אַזוי טראַגיש, הי״ד ויהי זכרם ברוך.

עס איז כדאי צו פאַראייביקן וואָס עס גיט איבער מר דוד יאָסל לעווענפּוס, אַז אין כעלמער שטיבל איז געווען אַ ספר תורה וואָס מען האָט עס גערופן די 18־נער ספר תורה, די אורזאַך דערפון ווייל די ס״ת האָבן מנדב געווען 18 בחורים וואָס האָבן דאָס ספר געלאָזט ספּעציעל שרייבן.

צווישן זיי זענען געווען זיין פאָטער שמשון לעווענפּוס, יצחק לעווענפּוס, ארי׳ לעווענפּוס, יצחק שאפּעל מיטן ברודער, יוסף לאכער, יוסף מינצער, יודא מינצער, הירש קרוק א. א. וו. ווען דאָס ספר איז געוואָרן פאַרטיק האָבן זיי באַשטעלט די עצי חיימ׳ס ביי בצלאל אין ירושלים, און זיי האָבן עס געגעבן אין כעלמער שטיבל מיט גרויס פּאַראַד, און זיי האָבן איינגעפירט אַ מנהג, אַז שבת בראשית זאָלען זיך אַלע 18 צוזאַמענקומען און עולה לתורה זיין, און די נדבות האָבן זיי גע׳שנדר׳ט פאַר בנין הארץ. אין די דרייסיקער יאָרן האָט שמשון לעווענפּוס און זיינע חברים אָנגעהויבן צו שרייבן אַ צווייטע ספר תורה, ליידער איז מען געבליבן שטיין אין מיטן צוליב די צווייטע מלחמה, אָבער שמשון׳לי האָט דאָס געהיטען ווי אַן אויג אין קאָפּ, דאָס ערשטע וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פון טאָמאַשאָוו איז געווען די געשריבענע יריעות, קיין רוסלאַנד ווען מען האָט זיי פאַרשיקט אין די טייגעס אין סיביר האָט ער דאָס מיט געהאַט, און ווען מען איז אַרויס פון רוסלאַנד האָט ער דאָס אויף זיינע מידע פּלייצעס געשלעפּט ווען מען איז געקומען פון פּוילן קיין עסטרייך האָט ער דאָס אַלעס מיטגענומען. היינט געפינט זיך דאָס אין אונזער הייליק לאַנד ישראל, און וואַרט אויף אַ תיקון משלים צו זיין די תורה, וואָס מיר האָפן אַז עס וועט זיין די שמחה פון גאַנצן טאָמאַשאָוער שארית הפליטה, און אַזאַ זכרון נצח פאַר די טאָמאַשאָוער קדושים.



# די חברה קדושה

● יוסף מאַסקאַפּ

אין טאָמאַשאָוו איז, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע אידישע קהלות, געווען אַ חברה קדישא; אָבער אַנדערש ווי אומעטום, האָט זי זיך דאָ גערופן „חברה קדושה".

ווי אַלט איז זי געוועזן אין שטאָט?

מסתמא אַזוי אַלט ווי דער אידישער ישוב דאָרט. צוליב דעם וואָס איר ערשטער פּנקס איז פאַרלוירען געגאַנגען (מיר וועלן שפּעטער זעהן ביי וועלכע אומשטענדען) זענען דערמיט אויך פאַרלוירען געגאַנגען זעהר וויכטיגע דאַטעס פון פערשידענע ענטוויקלונגען אין דעם אידישען ישוב און אפשר אויך די דאַטע פון'ם סאַמע אָנהויב אירען.

די חברה קדושה פון דער צייט וואָס איך געדענק זי, און איך געדענק זי גראָד פון מיין פריהסטער קינדהייט אָן, ווייל מיין פאָטער איז געווען מיט איר פערבונדען כל ימי חייו, האָט געהאַט גרויס אָנזעען אין שטאָט. ס'איז געווען אַ כבוד צו זיין אַ „חברה מאַן" ווייל זיי האָבען זעהר מדקדק געווען ביים אַריינגעמען איינעם אין דער „חברה". געווענליך האָבען זיי געוואָלט האָבען אידען לומדים, אָבער נאָכמער האָט דער קאַנדידאַט געמוזט זיין אַ ירא שמים. אויך זיין התנהגות צווישען מענשען האָט געהאַט צו זאָגען ביים אָננעמען אַ מיטגליד. די חברה איז אַלזאָ באַשטאַנען פון געקליבענע מענשען.

איר טעטיגקייט האָט לויט איר כאַראַקטער געדאַרפט זיין באַגרעניצט צום „פעלד" (אַזוי האָבען זיי ליב געהאַט צו רופען דאָס בית הקברות) און צו אַלץ וואָס איז דערמיט פערבונדען, אָבערווירקליך איז איר טעטיגקייט ווייט אַריבער געשטיגען די אויבענדערמאָנטע גרעניצען. און דאָס — וואַרשיינ־ליך לויט די אָנגעצייכענטע כללים אין זייער פּנקס. אין די ראַמען פון „פעלד" איז אַריינגעגאַנגען: קויפען דעם באָדען פאַר'ן בית עולם, פאַרוואַלטען מיט דעם מתעסק זיין זיך מיט אַ בר מנן, ווען נאָר ס'האָט זיך געטראָפען. ס'ערשטע אין אַזעלכע פאַלען פלעגען קומען 2 חברה לייט און אָפּהויבען דעם מת, נאָכהער אים זיין רעכט טון לויט אַלע דינים און מנהגים פון שלחן ערוך. נאָך דער טהרה האָבען זיי געמאַכט אַ קליינעם „לחיים" צו פערטרייבען דעם אונאַנגענעמען ריח וואָס שאַפט זיך דאַן אָפּט. אָבער פאַר אַלעם, נאָך איידער מ'האָט זיך גענומען זיין רעכט טון, זענען זיך צוזאַמענגעקומען די גבאים און אייניגע אַנדערע חברה לייט אַרומצורעדען וויפיל געלד מ'זאָל פערלאַנ־גען פון די יורשים. פון אָן אָרימען מענש האָבען זיי לגמרי נישט פאַרלאַנגט, אין באַזונדערע פאַלען פלעגען זיי אויך באַצאָלען פאַר הלבשה. אָבער פון פאַרמעגליכע האָט מען יאָ פאַרלאַנגט און דאָס לויט דעם פאַרמעגען פון

פאַרשטאָרבענעם און לויט דעם צושטאַנד פון די יורשים, אויב למשל דער מת האָט איבערגעלאָזט אומפאַרהייראַטע קינדער אָדער נישט פאַרמעגליכע האָט מען מיטב געווען מיט זיי, אָבער מ׳האָט געלייגט גרויס אָכט צי דער מת איז געוועזן ביים לעבען אַ געבער אַ בעל צדקה אויב נישט האָט מען פאַרלאַנגט גרעסערע סומען געלד. ס׳זענען באַוואוסט פאַלען ווען די יורשים האָבען נישט געוואָלט נאָכקומען די חברה׳ס פאַרלאַנגען און דער מת איז ערשט געקומען צו קבורה נאָך 2 אָדער 3 טעג.

אויף וועלכע צוועקען איז דאָס געלד פאַרווענדעט געוואָרען? אויף אויסגאַבען פאַר׳ן פעלד, אַ שטענדיגער היטער האָט געהאַט זיין וואוינונג דאָרט. אויפשטעלען אָדער פעררריכטען דעם פאַרקען. צאָלען דעם שמש וועלכער איז געווען צו זייער דיספּאָזיציע ביי יעדע געלעגענהייט. און לעצטענס אויך צאָלען די גרעבער (פריער איז דאָס געווען די אַרבעט פון די חברה לייט גופא) און ענליכעס, אויך אויף קידוש׳ן און סעודות, ווי מיר וועלען דאָס זעען שפּעטער.

און מיט׳ן איבריגען געלד? דאָ הויבען זיך אָן זייערע טעטיגקייטען אויסער די ראַמען פון פעלד. מיט די איבריגע געלדער האָבען זיי בייגע־שטייערט צו אַנדערע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס און אויך צו יחידים נצרכים. אין געוויסע פאַלען זענען זיי אויך באַטראַכט געוואָרען ווי די גייסטיגע בעלי בתים פון אידישען קיבוץ. איך געדענק אַז אין דער שטאָטישער שוהל איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקת פאַר אַ שטיקעל צייט, מסתמא צוליב גבאות, און דאָס דאַוונען איז עטליכע שבתים נאָכאַנאַנד געשטערט געוואָרען צוליב די קריגע־



דער אַריינגאַנג צום בית־החיים, פון רעכטס דאָס הויז פאַר׳ן וועכטער, לינקס דאָס טהרה שטיבעל

(אונזער לאַנדסמאַן פּראָפ. לואיס גערזאָן, וועלכער האָט באַזוכט טאָמאַשאָוו אין זומער 1964 גיט איבער אַז דאָס אָרט פון בית עולם איז אָרום געצוימט און מהאָט אים נישט דערלויבט צו באַזוכען עס, ווייל די מלוכה האָט דאָרט געהיימע איינריכטונגען).

רייען, דאַן האָט די חברה קדושה איבערגענומען די אָרדענונג אין שוהל. יעדען שבת זענען געקומען 4 אַנדערע חברה לייט דאַוונען אין שוהל צו האַלטען אָרדנונג און בלויז אין דרך ארץ פאַר זיי האָט קיינער נישט געוואַגט אַרויסרעדען אַ הויך וואָרט. נאָך עטליכע מאָנאַטען און דאָס מחלוקת האָט זיך איינגעשטילט.

וואָס זענען געווען זייערע רעגולאַציעס און מנהגים און ווער זענען געווען די מנהיגים פון אָט דער בכבוד׳יגער אינסטיטוציע?

לײדער קען איך זיך נישט רימען מיט באַזיצען אַלזייטיגע ידיעות וועגען דעם, אָבער ס׳ווייס, גלויב איך נוצליך זיין צו פערצייכענען דאָס וואָס איז מיר יאָ באַוואוסט.

אין דער צווייטער העלפט פון פאָריגען יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ שאַרפע מחלוקת אין דער חברה גופא. ר׳ סיני פוטער ע״ה האָט פאַרטרעטען איינעם פון די צדדים. אין אָט דעם מחלוקת איז פאַרלוירען געגאַנגען דער פנקס מיט זייערע תקנות. דער בעלזער רבי ר׳ יהושע׳לע זצ״ל האָט דאַן אויסגעגלייכט די צדדים און אַרויסגעגעבען אַ פנקס מיט נייע תקנות, לויט וועלכע זיי האָבען זיך געפירט ביז דער לעצטער צייט. לויט די תקנות האָבען זיי זיך פאַרזאַמעלט אין אַ חול ־המועד פסח׳דיגען טאָג יעדען יאָר צו קלויבען בעאַמטע פאַר דער חברה. דאָס האָבען זיי גערופען די „קלפי״. מ׳האָט אויפגעשריבען די נעמען פון יעדען אָנוועזענדען חברה׳מאַן אויף אַ צעטעלע און פון די אַלע צעטעלעך האָט מען בלינד אַרויסגעצויגען 5. דאָס זענען עס געוועזען די 5 בוררים וואָס האָבען בעשטימט בעאַמטע פאַר דער חברה אויף אַ גאַנץ יאָר. ביי אַ חילוקי דיעות צווישען זיי האָט דעצידירט די מערהייט. זיי האָבען דאַן אויסגעקליבען אַ ראש החברה, אַ נאמן, 4 גבאים, 2 רואי חשבון און נאָך אַנדערע וואָס איך געדענק נישט זייערע טיטולען. דער בורר ראשון, דער וועמענס נאָמען ס׳איז אַרויסגעצויגען געוואָרען דער ערשטער, האָט געהאַט די פריוויליגיע צו ערקלערען זיך פאַר גבאי אפילו געגען ווילען פון די איבעריגע. אינטערעסאַנט אַז אָט די פריווילעגיע איז זעהר זעלטען אויסגענוצט געוואָרען. פון דער צייט וואָס איך געדענק האָט איינמאָל דאָס באַנוצט ר׳ אהרן קיזעל הי״ד. די אַלע בעאַמטע האָבען נישט געקענט אָנהאַלטען זייערע אַמטען מעהר ווי 3 יאָר נאָכאַנאַנד. נאָך אַנ׳איבעררייס פון מינדעסטענס איין יאָר האָבען זיי ווידער געקענט געוועהלט ווערען. דער בכבוד׳יגסטער אַמט איז נאַטירליך געווען דער ראש החברה. נאָך אים קומט דער נאמן, ביי וועלכען ס׳האָט זיך געפונען די קאַסע און אויך כמעט אַלע סעודות און יו״ט׳דיגע פאַרוויילונגען זענען פאָרגעקומען אין זיין הויז. די 4 גבאים האָבען אָנגעפירט טעכניש מיט דער אינסטיטוציע. זיי האָבען באַשטימט ביים אויסקלייבען אַ קרקע פאַר אַ נפטר און אָנגעפירט ביי יעדע לוויה ביים דורכפירען אַלע פראָצעדורען. אויך אָרגאַניזירט די קידוש׳ן און סעודות. אויף די אונטער־

שריפטען פון 2 גבאים האָט דער נאמן געמוזט אויסצאָלען. די 2 רואי חשבון האָבען יעדען יאָר איבערגעקוקט דעם רעכנונג פון דער קאָסע און אָנגעשריבען אַ פּרטי־כל צי אַלץ שטימט. דאָ איז כדאַי צו באַמערקען אַז ס'האָט קיינמאָל נישט געטראָפען ביי דער אונטערזוכונג פון חשבון ס'זאָל פאַלען אַ חשד אויף דער ערליכקייט פון אַ נאמן, וועלכער האָט דיספּאָנירט מיט דער אינסטיטוציעס געלדער.

די תקנות פון'ם פנקס האָבען אויך פאָרגעזעען דאָס גראַדענווייזע אריינוואַקסען פון אַ נייעם מיטגליד אין דער חברה. אַזוי האָט זיך געפירט אַז אין די ערשטע 3 יאָר האָט אַ נייער נישט געהאַט קיין פּאַסיווע און אויך קיין אַקטיווע וואַל רעכט, זיין נאָמען האָט נישט פיגורירט אויף די צעטעלעך פון דער קלפי, אַזעלכען האָט מען גערופען „אַמלאַדזש" (פון פולישען יונג) ער האָט זיך באַטייליגט אין לוויות, אויסגעפירט טעכנישע אַרבעטען, און גערופען געוואָרען צו אַלע פאַרזאַמלונגען גלייך ווי אַלע אַנדערע. נאָך 3 יאָר איז ער ערשט אָפיציעל געוואָרען אַ חברה מאַן אָבער בלויז מיט אַקטיווע וואַל רעכט ערשט מיט 6 יאָר שפּעטער האָט ער אויך געקענט ערוועהלט ווערען צו אַנ'אַמט.

זייערע צוזאַמענקונפטען זיינען געווען: אין יעדען יום טוב אין דער פרי, ווען מ'איז מזכיר נשמות אויף אַ קידוש נאָכן דאַווענען. שמיני עצרת און אחרון של פסח בייטאָג מיט פערשידענע משקאות, צובייסען און פרוכטען. אַ פולע סעודה — כ"ה ניסן צו דער יאָרצייט פון רבין ר' יאָסעלע זצ"ל, און צו דער נאַכט פון זאת חנוכה; חמשה עשר בשבט אויף פירות. אין אָוענט



דער ברודער קבר פון געפאַלענע אידישע־סאָלדאַטען אין ערשטען וועלטס קריג, אין אַ באַזונדערן פּלאַץ אינמיטען בית החיים אַרומגעצוימט מיט אַ גדר

פון שמחת תורה איז די גאַנצע חברה געגאַנגען פון נאמנ׳ס הויז צום רב וואו מ׳איז געזעסען אַביסעל און געהערט פונ׳ם רב אַ שמועס אין תורה און נאָכהער געפירט אים אין שוהל צו הקפות. נאָך די הקפות האָבען זיי געלייענט שטיקלעך פון פערשידענע ערטער אין ספר פון אַלע 5 חומשים. דאָס לייענען פלעגט זיך פערציען ביז 12 ביינאַכט. די שוהל בעלי בתים זענען ביסלעכווייז אַהיים געגאַנגען נישט ווערענדיג אויפהאַלטען זייערע פאַמיליעס מיט דער יום דיגער סעודה אַזוי שפעט אין דער נאַכט; אָבער די חברה לייט בלייבען שטענדיג אַלע ביז דער ענדע. די בעלי קורא פון מיין צייט: ר׳ יוסף שטאל (יאָסל עוזר׳ס) און נאָכהער זיין זון ר׳ יעקב. אינטערסאַנט אַז מיט דער פטירה פונ׳ם ערשטען איז פערלוירען געגאַנגען די רשימה פון די אויסצוגען צום לייענען. מ׳האָט זיך געמוזט דאַן פערלאָזען אויפ׳ן זכרון וואָס האָט גורם געווען אַ באַדייטענדיגע פערקירצונג אינם לייענען.

ווער זענען עס געווען די חברה לייט און ווער זייערע ראשים?

ראשי החברה פון פאַר אונזער צייט זענען מיר באַוואוסט בלויז ר׳ סיני פוטער, אגב מיין פאָטער׳ס זיידע (מיין פאָטער ר׳ שבתי איז געווען אַ זון פון זיין טאָכטער לאה) און ר׳ נתן ניי. (דאָ אין ניו יאָרק געפינען זיך זיינע 2 אייניקלעך נעמליך: ר׳ וואָווע ניי און ביילע קרייצער זייער פאָטער ר׳ יהושע איז געווען ר׳ נתנ׳ס אַ זון) פון די וואָס איך געדענק זענען ר׳ ישראל פוטער (ישראל סיניס) ר׳ מאָטעל גרינוואַלד (מאָטעלע פולטשעס) ר׳ מענדל רייכענבערג און ר׳ מרדכי יוסף שפאָרער. נאמנים: ר׳ אלי׳ דרימלער, ר׳ ברוך סאבעל, ר׳ הירש אַרביספעלד, ר׳ יוסף שטאל, ר׳ יודעל אַדער און צייטענווייז די אויבנ־דערמאָנטע ראשי החברה. גבאים: ר׳ טובי׳ קארענווארצעל, ר׳ שבתי קאַווענ־שטעק, ר׳ משה חיים ניקעלסבערג, ר׳ שבתי פרידלענדער, ר׳ אלקנה פרוכט־הענדלער, ר׳ אהרן דוד איזען, ר׳ יהושע העשל גרינוואַלד, ר׳ אהרן קיזעל, ר׳ פייוועל פוטער, ר׳ אהרן לאכער, ר׳ שמואל מינצער, ר׳ יצחק שטערן (איטשעלע ניץ). פון די חברה לייט וואָס איך געדענק: ר׳ יוסף בן ירחמיאל פרידלענדער, ר׳ אברהמ׳לע ניקעלסבערג, ר׳ נתן גרינוואַלד, ר׳ יודעל קיזעל, ר׳ מענדעל לאנאייל, ר׳ מיכל וויינבלאַט, ר׳ חיים קנאבלעך, ר׳ אשר פערלמוטער און ר׳ יוסף פוטער.

אין דעם גרויסען חורבן האָבען די דייטשע מערדער פערשניטען אויך די הייליגע אינסטיטוציע, וואָס האָט פונקציאָנירט הונדערטער יאָרען אין אונזער שטאָט. זאָל אָט די אינסטיטוציע און אירע מענשען בלייבען אין זכרון פון אונזערע קינדער און קינד׳ס קינדער ווי אַ מוסטער פון צדקות און עהרענהאַפטער איבערגעגעבענהייט פאַר מצות און מעשים טובים. זאָל אַ קללה רוען אויף אַלע די וואָס האָבען צוגעלייגט אַ האַנד אין דער פערניכטונג פון אַזעלכע הומאַניטאַרע אינסטיטוציעס מיט זעלכע אומשולדיגע האַרציגע מענשען.

# זכרונות פון טאָמאַשאָוו

• מיכל ווײנבלאַט, פתח תקוה

## לינת הצדק

אײנע פון די ערשטע און וואונדערבאַרע וואוילטעטיקע אינסטיטו־ציעס וואָס טאָמאַשאָוו האָט אַמאָל געהאַט. ספּעציעל איז זי געווען טעטיק אין דער ערשטער מלחמה און באַלד נאָך דער מלחמה, וואָס איז אומגעגאַנ־גען שלאַפּקײטן ר״ל און דאָס אָרעמקייט איז געווען גרויס, און דער לינת הצדק האָט געראַטעוועט זײער פיל יונגע אידישע לעבנס.

איר טעטיקייט איז באַשטאַנען אין געבן בחינמ׳דיקע רעצעפּטן, גוט עסן פאַר ערהאָלונג ווי זעמעלעך, מילך און פּוטער, און פּרייוויליקע נעכטיקער ביי קראַנקע. „לינת הצדק״ איז געווען אָנערקענט ביי יעדן אידן ווי אַ וויכטיקע זאַך, און מען האָט אַרויפגעלייגט אַ ספּעציעלן אָפּצאָל אויף דער שחיטה, און פון דער הכנסה האָט זיך די אינסטיטוציע אויסגעהאַלטן.

די עסקנים זײנען געווען: פּינחס שפּארער, חיים חיימאָוויץ, יהושע פישלס גאָלדשטיין און אני הקטן. ר׳ אליעזר גרשון טייכער איז געווען בוכהאַלטער.



## דער מאַרקישעווער שוחט

זיין נאָמען געדענק איך ניט, נאָר די מעשה איז אַזוי געווען: די ראַדזינער חסידים האָבן זיך געפילט זייער באַ׳עול׳ט וואָס קיין אײן מענטש פון די משועבדי הקהלה ווי רבנים, שוחטים, חברה קדישא א. אַ. זיינען ניט געווען קיין ראַדזינער חסידים. האָבן זיי באַשלאָסן אויפצונעמען אַן אייגענעם שוחט אויף אייגענער האַנט. אָבער די אַנדערע חסידים פון אַלע שטיבלעך האָבן זיי באַקעמפט, און האָבן זיי ניט צוגעלאָזט צו קיין שום קצב, און ניט אין שלאַכט־הויז.

פאַר אין ברירה האָבן די ראַדזינער חסידים באַשלאָסן צו שחטן אויף אייגענעם חשבון. זיי האָבן געקויפט בהמות און איטא חאַנטשעלס האָט עס לשם מצוה פאַרקויפט אָן ריוות.

איינמאָל שבת נאַכט, האָבן זיי געפירט אַ גרויסן אָקס צו שחט׳ן.

האָבן די חברה יונגוואַרג פון די חסידים־שטיבלעך איבערגעשניטן די שטריק, און דער שור איז אַנטלאָפן. זיי זיינען ניט געווען קיין איינגע־אַרבעטע קצבים, זיינען זיי געווען מאַכטלאָז צו פאַנגען דעם צעווילדעוועטן אָקס און ער איז נעלם געוואָרן. נאָך דעם היזק איז אויך פאַרשוואונדן דער מאַרקישעווער שוחט. דער באָיקאָט קעגן ראַדזינער חסידים האָט אָנגעהאַלטן ביז צום חורבן.



## קופת רבי מאיר בעל הנס

● ש. לייבאָוויטש

**דאס** איז געווען אַ הייליגקייט ספּעציעל אין די חסיד׳ישע הייזער, יעדען פרייטאָג פאַרנאַכט פאַר ליכט צינדען האָט מען אַריינגעוואָרפען אין פּושקע אַ פּאָר גראָשען. ביי יעדער געלעגענהייט אַ שמחה אָדער חלילה אַ צרה האָט מען אַריינגעוואָרפען אין פּושקע. האָט זיך געַ׳חלומ׳ט אַ שלעכטען חלום אָדער ח״ו די תפילין זענען אַראָפּגעפאַלען האָט דער רב געהייסען וואַרפען 2 מאָל ח״י אין רבי מאיר בעל הנס פּושקעלע. דאָס פּושקעלע האָט מיטגעלעבט אַלע ליידען און פריידען פון אידישע הייזער, עס איז געוואָרען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אידישער משפחה. מיט צוזאַמענעמען דאָס אָבגעשפּאָרטע געלד האָבען זיך ניט פאַרנומען קיין באַצאָלטע קאָלעקטאָרס, נאָר די שענסטע בעלי בתים ר׳ אהרן לאכער און ר׳ אלקנה פרוכטהענדלער האָבען געהאַט אַ חזקה אויף דער מצוה. צוויי מאָל אין יאָר האָבען זיי אויסגעליידיגט די פּושקעס. ר׳ ישראלי גאָזיציאַנסקי איז געווען דער נשיא.



# טאָמאַשאָווער רבנים

**ש. ליכט •**

וואָס האָבען אָפיציעל באַקליידעט רבנ׳ישע אַמטען, זייט איר גרינדונג ביז צום חורבן אַ גרינדליכע אָפּהאַנדלונג וועגען זיי איז דאָ אין דער עברית אָפּטיילונג אינם מאמר פון שלום לבי״א, דאָס איז ניט קיין פולשטענדיגע אויסשעפּליכע רשימה, נאָר וויפיל עס איז געלונגען מיט גרויס מי און זיכונגען צו ענטדעקען.

1) רבי נח, אב״ד, געווען שטאָדט רב אין די יאָרען ש״פּ־ת״ד.

2) הרב רבי יעקב ב״ר אורי פייביש, אב״ד און ראש ישיבה, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און געוואָרען רב און ראש ישיבה אין סלוצק.

3) הקדוש רבי מרדכי ב״ר יוסף מווילנא, אַ ברודער פון קראָקאָווער רב בעל מגיני שלמה, אב״ד און ראש ישיבה, אומגעקומען על קידוש השם אין שנת ת״ט.

4) רבי יהודא ב״ר ניסן, אב״ד און ראש ישיבה, געווען פריער רב אין טארנא און נאכהער אין קאליש, דער פערפאַסער פון ספר בית יהודה, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו בערך תט״ז.

5) רבי ראובן זעליג ב״ר יעקב, אב״ד.

6) רבי יצחק ב״ר יחיאל מיכל אב״ד, בערך שנת תל״ג.

7) רבי חיים ב״ר מרדכי, אב״ד און ראש ישיבה, בערך שנת תמ״ז.

2) רבי אליעזר לייזער היילפּערן אב״ד, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו שנת תנ״ה און געוואָרען הויפּט רב און ראש ישיבה אין פיורדא.

9) רבי יהושיע, אב״ד (זיין אייניקעל רבי הירש האָט מחבר געווען אַ ספר עבודת השיר און געוואוינט אין טאָמאַשאָוו.

10) רבי משה ב״ר יהודא ליב גאָלדין, אַן אייניקעל פון טורי זהב, אב״ד, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו שנת ת״ק און געוואָרען רב אין לעמבערג.

11) רבי נתן נטע כהנא־שפּירא אב״ד און ראש ישיבה, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און געוואָרען רב און ראש ישיבה אין טישיוויטץ.

12) רבי אלעזר פערילס, אב״ד און ראש ישיבה, נפטר געוואָרען תקמ״ה בערך.

13) רבי משה באשקא, דער זוהן פון רבי הערשל׳י זאמאָשטשער, האַמבורגער רב, מחבר פון ספר שו״ת תפארת צבי, אב״ד, און האָט פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און זיך באַזעצט אין בראָדי.

14) רבי שאול הערצפעלד אַן אייניקעל פון זאַמאָשטשער־לעמבערגער רב בעל מרכבת המשנה, אב"ד, פאַרלאָזט די שטאָדט און זיך באַזעצט אין וואַרשא.
15) רבי יצחק נתן הלוי נאייגיבהאָר, רב אין טאָמאַשאָוו.
16) רבי יאסקי, דיין.
17) רבי דובעריש שווערדשארף, אב"ד, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און געוואָרען רב אין בילגורייא.
18) רבי יעקב אהרן יאנאווסקי מו"צ.
19) רבי ארי' לייביש נייהויז, אב"ד און אדמו"ר. אַ זוהן פון רבי יוסף קעזיס פון יאנוב און איידעם פון אור לשמים פון אפטא.
20) בנו רבי ישראל שמואל נייהוז אב"ד און אדמו"ר.
21) בנו רבי מאיר נייהויז, אַ קורצע צייט געווען רב און צוליב מחלוקת אַוועק קיין כעלם ווי ער איז געווען רב און אדמו"ר.
22) רבי נתן העבענשטרייט ראב"ד, אַוועק קיין זאַמאָשטש און נאכהער פרעמישלא.
23) רבי יעקב אליקום געציל מו"צ וראב"ד.
24) רבי יצחק אלי', אב"ד, צוליב מחלוקת פאַרלאָזט די שטאָדט.
25) רבי משה רויגענפיש, אב"ד, פריער געווען רב אין חמעלניק.
26) רבי אנשיל ראב"ד, פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און באַזעצט זיך אין לעמבערג.
27) רבי שמואל זינגער (טעמערלס) ראב"ד.
28) רבי יוסף ארי' לייביש פרישערמאַן, ראב"ד.
29) רבי שמשון זאב שטאקהאמער מו"צ (דער געלער מורה הוראה) אומגעקומען אין די אוקראַאינישע פּאָגראָמען.
30) רבי חיים אהרן שידקאווסקי, אב"ד (דער ליטוואק).
31) רבי יוסף לייבוש פרישערמאַן אב"ד.
32) רבי נחמן נייהויז, מו"צ, בהרה"צ ר' ישראל שמואל נייהויז.
33) רבי ירחמיאל מרדכי וויינבערג, אב"ד, געוועזענער רב אין קרילוב.
34) רבי ארי' לייביש רובין, אב"ד און אדמו"ר, געוועזענער רב אין ציעשינוב.
35) רבי מאיר אברהם פרישערמאַן, מו"צ.
36) רבי פסח סיטזאמער, יארטשיווער רב, אין דער מלחמה געוואוינט אין טאָמאַשאָוו און ביז דער ליקווידאַציע געווען דער שטאָדט רב.

ויבדלו לחיים

37) רבי משה פרישערמאַן שליט"א.
38) רבי שלום יחזקאל שרגא רובין שליט"א.



**הרב ר'** ירחמיאל מרדכי וויינבערג **ז"ל קרילאָווער רב**



# דער ציעשינאָווער רב
# הרב רבי ארי׳ לייביש רובין זצ״ל

**• י. וויינטרויב**

גערופן האָט מען אים אויפן נאָמען פון דער שטאָט וואו ער איז געווען רב און חסידישער רבי, איידער ער האָט זיך באַזעצט ביי אונז אין שטאָט. אָבער אין דער אמת׳ן איז ער געווען איינער פון ראַבינאַט ביי אונז אין שטאָט, און לעצטנס דער הויפט רב.

איך נעם זיך ניט אונטער צו באַשרייבן זיין לומדות און צדקות, יחוס און חכמה, ווייל דאָס איז איבער מיינע כוחות. כ׳וויל אַרויסברענגען דאָס וואָס איך האָב אַלס געוויינלעכער מענטש געזען און געקענט תופס זיין.

זיין פאַטריאַרכאַליש מייעסטעטיש אויסזען מיט זיין צויבערדיקן פריינט־לעכן בליק, האָט געפאַנגען יעדן מענטש וואָס איז געקומען מיט אים אין באַרירונג. זיין ריין קריסטאַל פערזענלעכקייט און פייערדיקע נשמה איז געווען ווי אַ לייכט טורעם, ספּעציעל פאַר דער אויפוואַכנדע שטאָלצע אָרטאָדאָקסישע יוגנט.

אויב די שטאָט האָט געהאַט אין אים אַ געטרייען פּאַסטעך, אַ קלוגן, אַרבעטסזאַמן רב מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, אויב די חסידים האָבן אין אים געהאַט אַן אמת׳ן צדיק און האַרץ־פריינט, — האָבן מיר, די יוגנט, אין אים געהאַט אַן אמת׳ן געטרייען ערציער און גייסטיקן פאָטער. יעדער בחור האָט געזען אין אים פאָטערלעכע באַציאונג. ער האָט אַריינגעגעבן תוכן אין אונזער לעבן. ער האָט דערהויבן אונזערע נשמות מיט מוט און שטאָלצקייט, באַוואוסטזיניקייט און קלאָרקייט.

אַ גייסטיקער גענוס איז געווען צו פאַרברענגען ביי זיינע טישן און האַרציקע, זיסע, דביקות׳דיקע תפלות, וואָס יעדער איז מיטגעריסן געוואָרן פון זיינע נאָגענדיקע ניגונים. מיט זיין פלאַם פייערדיקער נשמה און צאַנזער התלהבות אַדורכגעפלאָכטן מיט אמת׳ע שמחה און לעבעדיקייט האָט ער אונז אַלע אויפגעמונטערט און דערהויבן. ער האָט ערוואַכט פאַר־שלאָפענע און פאַרשטיינערטע און זיי פאַרוואַנדלט אין שפּרודעלדיקע לעבנס פול מיט ענערגיע און לעבנס־לוסט מיט מעשים פאַר תורה און חסידות.

ספּעציעל איז געווען אינטערעסאַנט דער פּרייטיק צונאַכט־טיש, מיט די ריקודים און חסידות־שמועסן, וואָס מיט יעדער פאַרברענגען איז אונזער גייסטיקער אוצר באַרייכערט געוואָרן מיט חסידישע תורות און סיפּורים פון אַלטע צדיקים.

גאָר געהויבן זיינען געווען זיינע שלש־סעודות׳ן. עס איז שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר זינט כ׳האָב געהאַט די זכי׳ צו זיצן ביי זיינס אַ שלש סעודות, אָבער דאָס בילד שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן: ס׳איז שבת פאַרנאַכט. די נאַכט דערנענטערט זיך מיט שנעלע טריט. זי שפּרייט אויס אירע שוואַרצע פליגל איבער דער גאַנצער וועלט, און ווי שוואַרצע סאַמעטענע פאָרהאַנגען באַדעקט זי די פענסטער פון רב׳ס גרויסע שטוב. דעם רבי׳נס צורה ווערט אויסגעמישט מיט דער געדיכטקייט פון דער פינסטערניש. עס בלישטשעט נאָר די ווייסע פּאַסן פון זיין קליין בערדל, און די ווייסע בלומען פון זיין טיש־כאַלאַטל. אָבער קיין געשטאַלט זעט זיך ניט נאָר מ׳הערט אַ ווייך האַרציק קול. דער רבי הויבט אָן „אתקינו סעודתא" מיט אַ צאַנזער דביקות ניגון און דער עולם זינגט מיט. דער רב הויבט אָן העכער און העכער. דער עקסטאַז שטייגט. דער עולם מיט דאָס פייער צעברענט זיך. מ׳דערפילט אַז מען איז עפּעס אַ חלק פון די „בני היכלא דכסיפין..." עפּעס פאַרטראָגט ער אונז אין אַזעלכע ווייטע פאַר־בענקטע עולמות וואָס עס גלוסט זיך ניט אַזוי שנעל צוריק אַראָפּנידערן צו דער וואָכעדיקער וועלט וואָס וועט זיך באַלד אָנהויבן נאָך הבדלה.

און ווען מען ענדיקט „בני היכלא" און צווישן איין „מזמור לדוד" און דעם צווייטן ווערט שטיל, דער רבי ברומט פאַר זיך אַ ניגונ׳דל „לית אתר פנוי מיני׳", ניטאָ קיין אָרט וואָס איז ליידיק פון כביכול, אָבער גלייכצייטיק „לית מחשבה תפיסא בך כלל", קיין שום מענטשלעכער געדאַנק קען דעם באַשעפער נישט באַגרייפן, און נאָך אַ פּאָר מינוט פון דביקות׳ן פאַנגט ער אָן דעם מזמור לדוד ד׳ רועי לא אחסר.

עפּעס האָט ער דעמאָלט אַריינגעגאָסן אין אונזערע הערצער אַזאַ מין שטאַרקן בטחון געפיל, אַז מיר אַלע האָבן געפילט און געגלויבט אַז „ד׳ רועי", אין ממילא „לא אחסר", האָט אונז גאָרניט געפעלט. טראָץ דעם וואָס אונז ערוואַרט די ששת ימי המעשה מיט ליידיקע קעשענעס, חובות און שטייערן און באַיקאָטן.

און ווען ער האָט געענדיקט דעם „שהשלום שלו ישים עלינו ברכה ושלום" מיט אַ פריילעכן צאַנזער מאַרש, איז יעדער געוואָרן מלא שמחה און בטחון, אַז מיר זיינען צוגעגאַנגען צו דער נייער וואָך פול מיט אמונה און בטחון און פול מיט אונטערנעמונגס גייסט.

ספּעציעלע איבערלעבונגען און גייסטיקע אויפמונטערונג האָבן מיר געהאַט אויף די ימים טובים, ווען עס איז געקומען אַ גרויסער עולם חסידים

פון דער פרעמד. די תפלות פון די הייליקע טעג וואָס האָבן געדויערט ביז פאַרנאַכט, און נאָכדעם דער תשליך מאַרש באַגלייט מיט געזאַנג און טענץ, האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אויף דער יוגנט. אָדער די צאַנזער הקפות שמחת תורה, וואָס דעמאָלט האָט דערגרייכט דער קולמינאַציאָנס פונקט פון שמחה און עבודה. עס האָט געברויזט מיט שמחה און קדושה. צוערשט די שירים פון דביקות און השתפכות הנפש, און דערנאָך זיין טאַנצן ביי די הקפות, און דער עולם אַרום האָט געפּאַטשט און געזונגען ביז אין די שפּעטע שעה׳ן. אָדער די חנוכה־ליכט בענטשן מיט זיינע האַרציקע ניגונים. אָט די גייסטיקע דערהויבנקייט האָט פול געמאַכט אונזער נשמה.

זיינע גייסטרייכע און אינהאַלטספולע שמועסן מיט דער יוגנט האָט אונז גייסטיג רייך געשטעלט. ער פלעגט אויך זיך פאַראינטערעסירן וועגן פּריוואַט לעבן, שידוכים, און העלפן ווי ווייט מעגלעך וועגן אַ תכלית.

און יעצט זיין האַנדלונג אַלס רב: זיין פּינקטלעכקייט און קלאָרקייט אין דין תורות, זיין באַזאָרגן וועגן אַלע כשרות ענינים, זיין חכמה און וויסן. ביי יעדער שווערער איבערלעבונג איז מען אַריין צום רב, געהאַלטן אַן עצה, באַקומען אַ ברכה, און געפילט ווי עס איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ.

מיר אַלע זיינען געווען שטאָלץ מיט אונזער גרויסן גייסטיקן ריז. אַפילו זיינע פּאָליטישע געגנער האָבן אים רעספּעקטירט און געאַכטעט.

אָט דער גרויסער צדיק איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין די סיבירער טייגעס וואו דער קאָמענדאַנט האָט אים געמוטשעט און באַליידיקט, געליטן הונגער און נויט, און צוגעזען ווי זיין באַליבט קינד, דער באַגאַבסטער און געלונגענער הרב מאיר, הויכט אויס זיין נשמה פאַר הונגער און פּיין. אין 26־טן טאָג אין סיון, תש״ב, איז אויך זיין הייליקע נשמה אויסגע־גאַנגען, וואו ער ליגט צוזאַמען מיט מאיר׳ן און זיין אייניקל נחמה זיכלינסקי און נאָך 25 אידן אין גוריעווסק, נאָוואָסיבירסקער אָבלאַסט. ת.נ.צ.ב.ה.

כדאי צו באַמערקן, אַז ער האָט פאָרגעפילט דעם חורבן און געוואָרנט מ׳זאָל הייס בעטן פאַרן שלום, ווייל ווי שלעכט די לאַגע ביי אידן איז דאַן געווען וועט אַ מלחמה זיין פיל ערגער. מעסט נישט מיט די צרות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווייל היינט איז די קריגס מאַשין פיל גרעסער אין קראַפט און היטלער מיינט וואָס ער זאָגט און די פּאָליאַקען קענען אים דאָ פיל העלפן.



# דער תשליך טייך

**• רעי לערער פאוסט**

אין טאָמאַשאָוו האָט מען די קאַשטשושקא גאַס, אַמאָל גערופן „די אוליצע", פונקט ווי אַלע אַנדערע גאַסן וואו עס זענען געווען גערטנער, בוימער און בלומען. נאָר די גאַס, איז דאָך געווען אַנדערש ווי די אַנדערע „אוליצעס".

למשל: די „אוליצעס" נישט ווייט פון דער קרעניצע, אָדער די „אוליצע" לעבן דער „טאַרגאָוויצע", זיי האָבן טאַקע געהאַט סעדער, גערטנער, בוימער און בלומען, נאָר די שטיבלעך זענען געווען נידעריגע, די פענסטערלעך קליינע, אָנגעשטעלט מיט וואַזאָנעס וועלכע האָבן פאַרשטעלט די שייבעלעך.

די גערטנער זענען געווען פאַרזייט מיט גרינצייג. פרילינג, אַז מען איז דאָרט געגאַנגען שפּאַצירן, האָט זיך דאָס אויג געקוויקט מיט די יונגע שפּראָצונגען: פון ראש־חודש רעטעכלעך, באָריקעס־בלעטעלעך, קאָפּאַ, שאַלאַטען, אוגערקעס, בעבלעך, קאַרטאָפלעס, קאָקאַרוזעס, מערן, דיניעס, אוילבירטען און פּעטרושקע. די יונגע שפּראָצונגען האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַ טייערן געשמאַק, די בוימער האָבן געבליט, און ווייסער צוויט איז געפאַלען ווי אַ שמעקעדיקער שניי.

אַ לייכט ווינטעל האָט געמאַכט רוישען די בוימער. און ווען די זון האָט זיי באַלויכטען, האָט מען געזען גרין פון אַלערליי שאַטירונגען. נאָר קיין טייך איז דאָרט נישט געווען.

געווען איז לעבן די קרעניצע אַ „באַגנע", וואָס האָט זיך פאַרמירט פון די וואַסער־פאַלען פון די בערגיקע גערטנער. די „באַגנע" איז געווען אַרום און אַרום באַוואָקסען מיט שאַוער. נאָר אין מיטען, איז געווען אַ גרינער שוים. אָפּט, ווען דאָס „באַגנע"־וואַסער איז באַשיינט געוואָרען פון די זון־שטראַלען, האָט מען דאָרט געזען מיניאַנצע קאָלירען, פון לילאַ, בלוי, רויט, גרין, פורפור און געל.

אַטיילמאָל האָט זיך געדאַכט, אַז די „באַגנע" אַנטהאַלט אויל, און אין דער ליכטיגקייט פון דער זון פאַרמירען זיך די קאָלירען.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די „אוליצע" וועלכע איז שפּעטער געוואָרען די קאַשטשושקא גאַס. ווייל די דאָזיגע „אוליצע" האָט געהאַט אַ טייך.

דער טייך איז געווען קיילעכדיג, און אין סאַמע מיטן פון דער גאַס. און אָט דעם קיילעכדיגען טייך האָט מען גערופן „דער תשליך־טייך".

אין די זייטען פון דער גאַס, זענען געווען קלאַטקעס. לעבן די קלאַטקעס שטיבעלעך. האָבן די שטיבעלעך געהאַט גאַניקלעך, און אַ טייל פענסטער

זענען געווען באַהאָנגען מיט טיולענע פאָרהאַנגען. אין די גערטנער זענען געוואָקסען בלומען. בוימער האָבען באַצירט די גאָס און זי האָט זיך געצויגען, פון קירישן שאָסעי, מיט וועלכען זי האָט זיך געגרעניצט ביים אָנהויב, ביז צו דער בריגאַדע „אוליצע".

די גאָס איז געווען די שפּאַציר־גאַס פון די פרומע טאַטעס און מאַמעס און זייערע קינדערלעך. ווייל דער קיילעכדיגער טייך „האָט געמאַכט" די דאָזיגע „אוליצע" פאַר אַ „אידישער גאַס", כאָטש דאָרט האָבען אויך געוואוינט קריסטען.

דעם קיילעכדיגען טייך, האָט מען גערופען: „דער תשליך־טייך", ווייל ראש־השנה, זענען אַהין געקומען אידען פון דעם קירישן שאָסעי און פון דער „אוליצע" און פון גאַנץ פראָגע צו תשליך.

און כאָטש עס איז געווען דער בית־עולם־טייך, וואו אידען פון מאַרק און פון זאַמאָשטשער שאָסעי און די אַרומיגע גאַסען זענען געגאַנגען צו תשליך, איז אָבער דער קיילעכדיגער טייך פאַרבליבען אין דער געשיכטע פון אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו, ווי דער „תשליך טייך".

זענען אידען געשטאַנען (ראש השנה) ביים תשליך־טייך אָנגעטאָן אין זייערע יום־טוב׳דיגע מלבושים. מיט גאַרטלען אַרום די לענדען, און מיט רויטע פאַטשיילעס אין די קעשענעס. מיט מחזורים אין די הענט, האָבען זיי זיך פרום געשאָקעלט און האָבען געזאָגט תשליך. די אינגלעך נאָכגעטאָן די טאַטעס, און שאָקלענדיג זיך, האָבען זיך מיטגעשאָקעלט די פּאָלעס פון זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס.

ביי אַ צווייטער זייט פון דעם קיילעכדיגען תשליך־טייך, זענען באַזונדער געשטאַנען די פרויען. אויסגעפּוצט אין זייערע קליידער פון דער „וויפּראַווע", אויך מיט מחזורים אין די הענט. זיי האָבען הויך געבעטען דעם אויבערשטען, פאַר אַ גוט און געזונט יאָר, פאַר נחת פון קינדער, פאַר גרינג האָדעווען און פאַר פרנסה.

די קליינע מיידעלעך, האָבען אין זייערע פיל קאָלירטע קליידלעך אויסגעזעהן ווי בלומען. ווי בלומען זאַפּען איין טוי, האָבען זיי איינגעזאַפּט דאָס בילד פון תשליך, און עס באַהאַלטען פאַרבאָרגען אין האַרץ און אין געדאַנקען.

ווען אַ ווינטעל האָט געבלאָזען, האָבען זיך די אָפּגעשפּיגלענדיגע בוימער אין וואַסער אויך געשאָקעלט, און עס זענען געפלויגען די מיידעלישע צעפּלעך און די אינגלשע געקרייזטע פאות. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די תפלות זענען געפלויגען גלייך צום הימעל.

האָט מען אויסגעשאָקעלט די קעשענעס. געוואָרפען די קרישקעס אין וואַסער. און מען האָט זיך דערפילט ריין פון זינד, און אַוועק מיט אַ גרינגער האַרץ פון דעם קיילעכדיגען תשליך־טייך.

# אַ פּאָר פּאַקטען וועגן מיין משפּחה פון טאָמאַשאָוו

• יצחק באַשעווים

איך בין פון מיין פאָטערס צד אַ טאָמאַשאָווער. מיין פאָטער, הרב פנחס מנחם הכהן זינגער, איז אַ זוהן פון הרב שמואל זינגער וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרען מורה הוראה אין טאָמאַשאָוו. זיין פאָטער איז געווען ר׳ ישעיה פון קינצק און זיין פאָטער — ר׳ משה חריף פון וואַרשע (דער מחבר פון אגרת הקודש וואָס איז געדרוקט אין ספר דעת משה), אַ זוהן פון ר׳ טוביה שטעקשינער רב, אַ זוהן פון ר׳ משה רב פון שדה חדש (נייפעלד), אַ זוהן פון ר׳ צבי הירש רב אין זשאַריק און אַזוי ווייטער און ווייטער. נאָך אַ גרויסער מיוחס איז מיין פאָטער געווען פון זיין מוטערס צד, מיין באָבע טעמעלע, אָדער טעמע בלומע ווי איר נאָמען איז געווען. זי האָט געשטאַמט פון ש״ך, פון מגלה עמוקות און פון רמ״א. דאָס אַלץ האָט אויסגערעכענט אין אַ בריוו אונזער קרוב דער פלונסקער רב צבי יחזקאל מיכלזאָהן.

איך בין קיינמאָל נישט געווען אין טאָמאַשאָוו, אָבער פון קינדוויז אָן האָב איך געהערט מעשיות וועגן מיין זיידען ר׳ שמואל, דער באָבע טעמעלע, מיין באָבע הינדע אסתר. אָט־די הינדע אסתר איז געווען אַ פערזענליכקייט פאַר זיך. זי האָט געטראָגען אַ טלית־קטן און איז געפּאָרען צו ר׳ שלום בעלזער. איר מאַן האָט, דוכט זיך, געהייסען ר׳ איציק הירש און איך הייס נאָך אים: יצחק צבי.

מיין זיידע ר׳ שמואל איז געווען און געבליבען אַ פאַרבאָרגענער מענטש. לרוב האָט ער יאָרען־לאַנג געגעסען קעסט ביי שווער און שוויגער און זיך אָפּגעגעבען מיט קבלה. ער איז געווען אַ קנאַפּער רעדנער, האָט לאַנג געדאַווענט, געשריבען כתבים וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געדרוקט. נאָכ׳ן שווערס טויט איז מיין באָבע טעמעלע געוואָרען אַ הענדלערין פון צירונג. זי פלעגט אַרומפאָרען צו פּריצות פאַרקויפען איידלשטיינער. נאָך שפּעטער זאָל זי האָבען געעפענט אַ שניט־קרעמעל. דער זיידע איז געוואָרען מורה הוראה ערשט אין די שפּעטערע יאָרען. ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש. אָט וואָס דער טאַטע שרייבט וועגן אים אין דער הקדמה צו זיין ספר מגדים חדשים:

„און אַז איך דערמאָן שוין מיין הייליגען פאָטער, לאָמיך דערציילען זיין לויב, וואָס מיינע אויגען האָבען אַליין צוגעזעהן. יעדען טאָג האָט ער

זיך ממש מוסר נפש געווען אין זיין ריינער און לויטערער תפילה, אַזוי אַז נאָכ׳ן דאַווגען האָט ער געמוזט איבערטאָן די מלבושים אַזוי זענען זיי געוואָרען פאַרשוויצט פון דער עבודה, דער ליבשאַפט צו גאָט און דער דבקות. אַ גאַנצען טאָג האָט ער עוסק געווען אין תורה, נגלה ונסתר און אַלץ אויף אַ שטילען שטייגער. ער האָט געשריבען אַ סך סתרי תורה מיט גרויס ציטערניש און פּחד פאַר גאָט און ער איז געווען ביי זיך זעהר שפל און האָט געליבט גאָט אויף דעם שלעכטען מיט שמחה ממש ווי אויף דעם גוטען. און יענע וואָס האָבען אים געטאָן שלעכטס האָט ער אָפּגעגילט מיט גוטס און תמיד מצדיק געווען דעם דין ווי וואויל ער איז אַלעמאָל געווען געשלאָגען מיט יסורים. דאָס איז בלויז אַ טייל פון זיינע הייליגע ווערגען" — — —

דער זיידע האָט פון צייט צו צייט געמאַכט נסיעות און מ׳האָט נישט געוואוסט וואוהין. נאָך דער חתונה בעת ער האָט געגעסען קעסט, האָט ער נישט געוואָלט עסען קיין פלייש. ער האָט אָבער געוואוסט אַז די שוויגער וועט מאַכען אַ געוואַלד, האָט ער באַשוואוירען די באָבע טעמעלע זי זאָל די זאַך האַלטען בסוד. זיבען יאָר צייט האָט ער זיך גענעהרט אַ גאַנצע וואָך בלויז מיט טרוקענס און די באָבע האָט געמוזט זוכען אַלערליי פאַרטלען אַז מיין עלטער־באָבע זאָל נישט וויסען וועגען דעם.

ס׳איז פאַראַן אַ שטריך וואָס געהט אַדורך כמעט איבער אונזער גאַנצער משפחה: אָפּגעזונדערקייט. דער זיידע ר׳ שמואל איז געווען אַ אָפּגעזונדערטער מענטש. דער זיידע פון מיין מוטערס צד, דער בילגארייער רב, ר׳ יעקב מרדכי זילבערמאַן, איז אויך געווען אַן אָפּגעזונדערטער. אַזוי איז אויך געווען אין אַ געוויסער מאָס מיין פאָטער, כאָטש ער איז גלייכצייטיג געווען אַ צוגעלאָזענער. ווען מיין טאַטע איז געווען אַ בחור, האָט ער זיך נישט גע׳חבר׳ט מיט די אַנדערע בחורים און ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ בטלן. ער האָט בחורוויז שוין אָנגעהויבען שרייבען חידושים און האָט מחבר געווען אַ ספר וואָס ער האָט גערופען „רצוף אהבה". עס איז געווען, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אַ פירוש אויפן סידור. מען קאָן זאָגען וועגען מיין פאָטער אָהן מליצות אַז ער האָט נישט געקאָנט קיין צורת מטבע.

מיין פאָטער האָט געהאַט אַן עלטערן ברודער ר׳ ישעיה וואָס האָט חתונה געהאַט קיין גאַליציע. אָט דער ישעיה איז נאָך דער חתונה געוואָרען אַ סוחר און אַ נגיד. געוואוינט האָט ער אין דער שטאָט ראַהאָטשין. ער האָט אויך געהאַט אַ ברודער שמעון וואָס איז יונג געשטאָרבען און צוויי שוועסטער וואָס האָבען חתונה געהאַט קיין אונגאַרן. ס׳זענען געווען עטליכע

משוגעים אין מיין טאַטענס משפחה און מיין מאַמע פלעגט עם איס פאַר־וואַרפען ווען זי האָט געהאַט מיט אים אַ שטיקעל מחלוקת.

יענע יאָרען זענען משפחות זיך גיך צעפאַלען. דער זיידע ר׳ שמואל איז נפטר געוואָרען. די קינדער זענען זיך צעפאָרען. אין טאָמאַשאָוו איז בלויז געבליבען מיין באָבע טעמעלע. זי איז געשטאָרבען אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איבער אַכציג יאָר אַלט. מיין טאַטע איז געווען ביי איר דאָס שיינדעל, ווייל מיין באָבע האָט געהאַט אַן אומ־באַשרייבליכע ליבשאַפט צו תורה און צו אידישקייט. דערביי איז זי אויף איר שטייגער געווען אַ פרוי וואָס האָט געקאָנט דאָס לעבען און גוט פאַר־בראַכט מיט מענטשען. זי איז אפשר געווען די איינציגע אין מיין משפחה (אויף וויפל איך ווייס) וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט מענטשען און איז געווען צו זיי נאָהענט. איך האָב זי נישט געקאָנט, אָבער מיין פריינד ר׳ משה גאָרדאָן (גאָזיטשיינסקי) האָט זי גוט געקאָנט און ער האָט מיר אַ ביסעל דערציילט וועגען איר. איך האָב אומעטום אָפגענומען פון איר גריסען. דאָ אין ניו־יאָרק האָט מיר דערציילט וועגען איר אַן עלטערע אידישע אַקטריסע וואָס האָט געשטאַמט פון טאָמאַשאָוו. איך געדענק שוין נישט איר נאָמען. זי איז געזעסען מיט מיר אַן אָוונט און נישט אויפ־געהערט לויבען מיין באָבע טעמעלע.

מחמת מיין פאָטער האָט אין די יונגע יאָרען שוין אָנגעהויבען שרייבען חידושים און זיך פיהרען רבנ׳יש, האָבען אים די בחורים אין בית־מדרש אַביסעל גע׳רודפ׳ט אויף דעם שטייגער ווי די שבטים האָבען גע׳רודפ׳ט יוסף׳ן. מ׳האָט מסתמא אויך חוזק געמאַכט אויף זיין בטלנות. ער איז געווען און געבליבען אַ מענטש וואָס איז אויסגעטאָן פון וועלט־זאַכען. ער האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט פויליש. פאַר אים האָבען עקזיסטירט בלויז פרומע אידען. די תורה און פרומע אידען זענען געווען פאַר אים די וועלט. אויסער דעם איז אַלץ געווען פרעמד ווילד, דער עולם הקליפות.

דער טאַטע פלעגט רעדען מיט באַדויערען וועגען זיין ברודער ישעיה וואָס איז געוואָרען אַ סוחר און אַ נגיד.

איך חזר דאָ אייגענטליך איבער בקיצור דאָס וואָס איך האָב באַשריבען באַריכות אין מיין בוך „אין מיין טאַטענ׳ס בית דין שטוב״, אָבער איך גלויב אַז איך האָב צוגעגעבען עטליכע פאַקטען וואָס זענען דאָרט נישטאָ.

אַ גרויסער פחד פאַר מיין פאָטער (ווי שפעטער פאַר מיר) איז געווען דער פריזיוו דאָס דאַרפען שטעלען זיך צום מיליטער. איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלען קיין ערגערע שטראָף פאַר אַזאַ מענטש ווי מיין פאָטער ווי דינען צווישען גוים, איוואַנעס. די העכערע כוחות האָבען אים באַשירעמט דערפון. ער האָט געקראָגען אַ „ליגאָטע״. געווי וואָס דאָס איז ווייס איך

נישט, דוכט זיך אַז דאָס איז געווען אַ הויכער נומער. דער טאַטע פלעגט אָפּט דערציילען וועגען דעם און צוגעבען אַז ער האָט אַפילו נישט באַדאַרפט זיך אויסטאָן פאַר די גויים.

דער טאַטע האָט געהאַט אַ גאַנץ לעבען איין וואונש: לערנען תורה במנוחה, אָבער ליידער האָט ער די מנוחה קיינמאָל נישט געהאַט. ער האָט געוואָלט לערנען תורה און טאָן אין אידישקייט. ער האָט ערגיץ חשק געהאַט צו ווערען אַ גוטער איד, אָבער עס איז שוין נישט געווען די צייט פאַר אַזוינע זאַכען. מיינע פעטערס, דעם בילגארייער רב׳ס זיהן, האָבען געקוקט אויף מיין פאָטער ווי אויף אַ בטלן. ער האָט נישט געוואָלט לערנען קיין רוסיש, נישט געוואָלט אָפּגעבען קיין עקזאַמען, וואָס איז יענע צייטען נויטיג געווען אויף צו ווערען רב. ס׳איז געבליבען ביי אונז אין דער משפחה מיין טאַטענס אַ וואָרט. ער האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן: „ס׳איז אומזיסט, איכ׳ל נישט רעדען מיט׳ן גובערנאַטאָר״! מיין מוטער וואָס האָט אין זיך געהאַט אַ פונק פון וועלטליכקייט און אַ סך קלוגשאַפט, פלעגט איבער׳חזר׳ען אָט־די לאָזונג מיט איראָניע. אָבער איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען מיין טאַטען. דער גובערנאַטאָר איז געווען פאַר מיין פאָטער דער סימבאָל פון גוי׳אישקייט, פּרעמדקייט, זינד, מאַכט־גיריגקייט. רעדען מיט דעם גובערנאַטאָר איז געווען פאַר מיין טאַטען דאָס אייגענע וואָס אריינגעהן אין דער שטייג פון אַ חיה רעה.

דורך מיין טאַטען האָב איך באַקומען אַ פאַרשטענדעניש פאַר דעם איד, דעם געטאָ־איד, דעם איד וואָס האָט אויף זיך אָנגעהאָנגען אומצאָהליגע מצוות און חומרא׳ס זיך אָפּצוטיילען פון דעם גוי. דער הויפּט־פּרינציפּ פון אידישקייט איז באַשטאַנען אין דערווייטערען זיך פון דעם גוי אַזוי ווייט ווי מעגליך; וויפל נאָר דער גוף קאָן דערלויבען. די השכלה איז געווען פאַר מיין פאָטער טריף ווי חזיר, ווייל זי האָט געוואָלט זיך דערנעהנטערען צום גוי. איך געדענק ווי אַ ציוניסט האָט געזאָגט צו מיין פאָטער אַז אידען דאַרפען ווערען אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער און ווי דער טאַטע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט שטוינונג, מיט באַדויערען. דער „ווי אַלע פעלקער״ האָט אַלץ אַוועקגעװאָרפן׳עט.

ווען זיינע אייגענע קינדער האָבען אָנגעהויבען ווערען קאַליע, איז דאָס געווען פאַר מיין טאַטען אַן אומבאַשרייבליכער צער. ער האָט געהאַט איין ערקלערונג: וואָס זיי האָבען געשטאַמט פון אַ מתנגד׳ישען שטייגער. דער בילגארייער רב איז אַ שטיקעל צייט געפאָרען צום טריסקער מגיד אָבער אין תוך איז ער געווען אַ מתנגד.

אידישקייט פאַר מיין פאָטער איז געווען דאָס פוילישע אידישקייט. דאָס אידישקייט פון די תלמידי בעל־שם. אַלדאָס איבעריגע האָט געהערט

צו די אוראַלטע צייטען, צו ספּערען אַזוינע וואָס דער היינטיגער מענטש האָט צו זיי נישט קיין צוטריט.

מיין פאָטער האָט געהאַט טונקעלע האָר, אַ טאַבאַק־רויטע באָרד, בלויע אויגען און אַ סלאַווישע נאָז. ער איז געווען שעהן, אָבער קליינוואוקסיג. אַ חוץ זיין גלויבען אין גאָט, האָט ער געהאַט אַן אומבאַגרעניצטען גלויבען אין צדיקים. ער האָט בכלל געגלויבט מענטשען. מ׳האָט אים לייכט געקאָנט אָפּנאַרען. זיין גוטסקייט איז געווען אַ קינדישע. ער האָט איין מאָל אַוועק געגעבען אַן אָרימאַן די לעצטע זעכציג רובעל וואָס ער האָט געהאַט.

די וועלט־מלחמה, דאָס קאַליע ווערען פון זיינע קינדער, האָט דעם טאַטען וויי־געטאָן, אָבער נישט דערשיטערט. דאָס אַלץ האָט געהאַט איין נאָמען: דער עולם הקליפּות, די וועלט פון פינסטערניש, רשעות, תאוות, שלעכטס, וואָס גאָט האָט באַשאַפען כדי דער איד זאָל האָבען אַ בחירה און זאָל קאָנען זיך דערהויבען צו הויכע מדרגות. דער טאַטע איז געווען צעהן יאָר רב אין דעם שטעטל לעאנטשין ביי דער ווייסעל, דאַן איז ער יאָרען לאַנג געווען מורה הוראה אין וואַרשע אויף דער קראָכמאַלנע גאַס, דאַן — נאָך דער מלחמה — איז ער געוואָרען רב אין אַלט דזשיקעוו, אַ פּיצעלע שטעטעלע נעבען האָלישיץ. ער האָט געהאַט נחת בלויז פון איין זוהן, מיין ברודער משה, דער אינגסטער וואָס איז געווען אַ צדיק תמים. וועגען זיין צדקות קאָן איך נישט און וויל דאָ נישט שרייבען. ער איז אומגעקומען ביי די באָלשעוויקעס. איין גליק האָט דער טאַטע געהאַט: ער איז נפטר געוואָרען פאַר דעם היטלער־חורבן.

ווען איך בין געווען אין ישראל האָב איך דאָרט געטראָפען די משפּחה קאַרפּער וואָס זענען אונזערע ווייטע קרובים און דער אַלטער קאַרפּער, אַ איד אַ תלמיד־חכם, האָט מיט מיר גערעדט וועגען מיין זיידען און דעם טאַטען.

דאָס ביסעל אידישקייט, די ביסעל אידיש פייער וואָס איז פאַראַן אין מיינע ווערק, האָב איך גע׳ירש׳נט פון זיי, דעם טאַטען, דער מאַמען, די זיידעס, די באָבעס. דאָס ביסעל ליכט וואָס איז פאַראַן אין דער אידישער ליטעראַטור איז אַן אָפּשיין פון זייער ליכט. אויב מיר ווערען נישט אַלע גוים, איז עס נאָר דערפאַר ווייל זיי האַלטען אונז צו און לאָזען נישט מיר זאָלען ווערען אָפּגעריסען פון שטאַם.



# מיין שטעטל אין באַגינען

רעי פאוסט

דער הימל איינגעהילט אין בלוי,
דאָס גראָז באַדעקט מיט טוי,
די לאָדן פאַרמאַכט,
עס שטייט די לבנה אין הימל פאַרטראַכט.
פון בעלזער שטיבל גייט אויף אַ גמרא געזאַנג
און מישט זיך אויס מיטן קלאַנג
פון תהלים־אידן אין בית־המדרש.
פייגעלעך זינגען שירה,
עס גייט צו קינד אַ מאַמע
אין אַן ענגער דירה.
גאָלד קאָלירטע כמאַרעלעך
באַצירן דעם הימל,
דער פאַסטוך מיט פייפל
פירט די בהמות, שוין מיט טומל.
פון פייגל געזאַנג אויפגעוועקט,
גייען מיידלעך
מיט קאָלירטע קליידלעך,
געבלימטע פאַטשיילעס אויף די קעפּ,
די פיס אין שמאַטע־שיך פאַרדעקט.
מיט שלאָף נאָך אויף זייערע קינדערשע אויגן
גייען זיי אין וואַלד,
און יעדער אַ טעפּל אָדער קריגל האַלט.
די יונגע רוקנס איינגעבויגן,
זיי קלייבן יאַגדעס און שוואָמען.
די זון גייט אויף צונטער רויט,
אין אַן איינגעבויגן שטיבל
באַקט זיך ברויט.
עס טריקנט זיך וועש
אויפן שכנ׳ישן פלויט.
פון קוימענס גייט שוין אַ רויך,
דער ערשטער מנין דאַווענט אין דער הויך,
ציבעלע־פלעצלעך שמעקן פול מיט מאָן,
אויפן בוידעם קרייט שוין דער האָן.
אַן אָנזאָג: אַז אַוועק איז די נאַכט
ס׳האָט מיין שטעטעלע שוין אויפגעוואַכט.

געווידמעט צום אייביגען אָנדענקען, מיין ברודער **יוסף** און מיינע שוועסטער **חיה'לע** און **חנה'לע**, שוועגערין **מינדעל** און זייערע פאַמיליעס, וועלכע זענען אומגעקומען אין חורבן פוילין. ד' ינקום דמם.

# טאָמאַשאָוו — פאַר די ערשטע וועלט מלחמה

**משה גאָזשיינסקי ●**

**ביי** אַ קליינע מיטינג פון טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט, וואָס איז פאָרגעקומען ביים טאָמאַשאָווער־ציעשינאָווער רבי'ן, הרה"צ ר' שלום יחזקאל רובין־האַלבערשטאַם שליט"א, אין הויז, האָט מען געפּלאַנט אַרויסצוגעבען אַ יזכור בוך „טאָמאַשאָוו", צו פאַראייביגען דעם אָנדענק פון די קדושים וועלכע זענען אומגעקומען דורך די טמאים, די נאַציס, ימח שמם. צו יעדען פון די פאַרזאַמעלטע איז צוגעטיילט געוואָרען צו שרייבען אויף אַ געוויסע „טהעמע", זכרונות וועגען אונזער געבורט שטאָט טאָמאַשאָוו־לובעלסקי.

צו מיר איז צוגעטיילט צו שרייבען אויף דער אויבען דערמאָנטען טיטל „טאָמאַשאָוו, פאַר די ערשטע וועלט מלחמה".

אָבער פון „פאַר" די ערשטע וועלט מלחמה, האָט דאָך ניט קיין שיעור. אין די היסטאָרי פון פוילין פיגורירט טאָמאַשאָוו זעהר ווייניג. פון די געשיכטע „תולדות היהודים" און אַנדערע ספרים, ווערט נאָר דערמאָנט „טאָמאַשאָוו" פון כמיעלניצקי'ס, ימח שמו, צייטען. אין טאָמאַשאָוו האָבען זיינע חיילות אָנגעמאַכט אַ חורבן. הונדערטער אידען זענען אומגעקומען. און ווי די אַגדה דערציילט זענען אין איין קבר אַריינגעוואָרפען געוואָרען 300 קינדער. איך געדענק פון מיין קינדהייט אָן, ווי אין די שלושת ימי הגבלה, ד. ה. דריי טעג פאַר שבועות, פלעגען די חברה קדישא אַרומגעהן מיט לאָפּעטעס און אויף־פרישען די קברים וואָס זענען געווען אין די גאַסען; פאַר די שוהל, פאַר'ן בית המדרש, א. א. וו. אין חסידישע ספרים ווערט דערמאָנט די שטאָט טאָמאַשאָוו צוליב די צדיקים וואָס האָבען דאָרט געוואוינט, און פון וועלכע איך האָב מיך באַנוצט, ווי צום ביישפּיעל: „שם הגדולים החדש", „נפלאות הרבי", „אוהל הרבי", „אוהל יצחק", „אור הנפלאות", „שארית ישראל", „דובר שלום", „הבאר", „הרבי מקוצק", „פשיסחא און קאָצק", א. ז. וו. דאָס רוב

ווערט דערמאָנט טאָמאַשאָוו אין די אַלע ספרים אין באַציהונג צו קאָצקער חסידות.

אין די יאָהרען 46־1945 נאָך דעם ווי עס איז באַקאַנט געוואָרען דאָס גרויסע אומגליק פון אידישען פאָלק, דער גרעסטער חורבן אין די אידישע געשיכטע, ווי אַ דריטל פון אידישען פאָלק איז אומגעקומען, און מען האָט זיך דערוואוסט פון חורבן פוילן, ווי די אַלע שטעט און שטעטלעך זענען אויסגעליידיגט געוואָרען פון אידען, דורך די נאַציס ימח שמם, מיט דער מיטהילף פון די אַנטיסעמיטישע פאָליאַקען, האָב איך געשריבען אַ ביסל זכרונות פון טאָמאַשאָוו אין „מאָרגען זשורנאַל״, וואָס האָט געטראָגען נאָר אַ פערזענליכן פאַמיליען כאַראַקטער. אָבער איצט וועל איך מיך באַמיהען צו שרייבען אין אַלגעמיינע שטריכען.

געוועהנליך, ווערען שטעט, זאָגאַר קליינע שטעטלעך, וועלט באַוואוסט דורך דעם צדיק אָדער גאון וואָס האָט געוואוינט אין דער שטאָט. ווי עס ווערט געברענגט פון דעם ערשטען רב־ראשי אין ארץ ישראל, הגאון רבי אברהם יצחק הכהן קוק ז״ל. ער האָט געזאָגט: חסידים זאָגען: אַז ניט נאָר דאָס דערמאָנען פון צדיק׳ס נאָמען דערוועקט אַ זכות אויף אידען, נאָר אויך דאָס דערמאָנען דעם נאָמען פון דער שטאָט, וואו דער צדיק האָט געוואוינט, דערוועקט אויך אַ זכות. און דורך די גרויסע צדיקים וואָס האָבען געוואוינט



אקבר פון אקדוש פון שנת ת״ח אינמיטען
גאס נעבען דער שוהל

אין די קליינע שטעטלעך איז דאָס שטעטל געוואָרען וועלט באַרימט. ער האָט עס באַגרינדעט און געבערענגט אַ ראיה פון אַ מאַמר אין ירושלמי (יומא, ג׳): „האיר כל המזרח עד שבחברון, ולמה עד שבחברון? — כדי להזכיר זכות אבות״. (פון גאַנצן מיטל מזרח דערמאָנט ער נאָר חברון, ווייל אין דער שטאָט חברון רוהען אונזערע הייליגע אבות). און דורך די עטליכע צדיקים וואָס האָבען געוואוינט אין טאָמאַשאָוו, איז די קליינע שטאָט געוואָרען וועלט באַרימט.

## דער רבי ר׳ מענדעלע ז״ל

אַ גאָר גרויסען טייל וואָס טאָמאַשאָוו פאַרנעמט אין פיעל חסידישע ספרים, איז צו פאַרדאַנקען דעם הייליגען קאָצקער רבין, ר׳ מנחם מענדל מאָרגענשטערן ז״ל. ער איז באַקאַנט אין די חסידישע וועלט אַלס „ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער״. וואָס האָט אָנגעהויבען צו פיהרען זיין דרך חסידות אין טאָמאַשאָוו, און דערנאָך פאַרגעזעצט אין קאָצק. ער איז געווען אַן איידים פון ר׳ אייזיק ניי, אַ גביר און תלמיד חכם, פון די שעהנסטע בעלי בתים אין טאָמאַשאָוו, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט אייביגע קעסט, ער זאָל קענען זיצען און לערנען אומגעשטערט.

אין ספר „שם הגדולים החדש״ שרייבט דער מחבר ר׳ אהרן וואַלדאַן ז״ל, וועלכער האָט געלעבט אין די צייטן פון רבי מענדלי: „...הרב מו״ה מנחם מענדל פון טאָמאַשאָוו איז געווען אַ גאון מובהק, אַ קדוש וטהור וכו׳ אַ תלמיד פון לובלינער „חוזה״ און פון „יוד הקדוש״ פון פשיסכע, און פון רבי שמחה בונם פון פשיסכע״. נאָכדעם ווי ער באַשרייבט די גרויסקייט און הייליגקייט פון רבי מענדל׳ען, שרייבט ער: אַז אַן ערך צוואַנציג יאָהר האָט ער זיך פאַראיינזאַמט אין זיין צימער און איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין חדר מיוחד. זיינע גרעסטע תלמידים זענען געווען רבי יצחק מאיר ז״ל, דער ערשטער גערער רבי און רבי חנוך העניך הכהן ז״ל פון אַלעקסאַנדער.

רבי מענדעלע איז געווען אַ תלמיד מובהק פון פשיסכער צדיק, דער רבי ר׳ בונם ז״ל, און ער פלעגט אָפט פאָהרען צום רבין, ער איז געווען דער חשוב׳סטער פון די פשיסכער חסידים, און נאָך די פטירה פון פשיסכער רבין האָט ער אָנגעהויבען צו פיהרען אַליין זיין רבי׳סטוואָ אין טאָמאַשאָוו. און כאָטש דער פשיסכער האָט איבערגעלאָזט אַ זון רבי אברהם משה ז״ל, זענען אָבער די גרעסטע יונגע לומדים געפאָהרען קיין טאָמאַשאָוו, צום רבין ר׳ מענדעלע.

צווישען די גאָר שאַרפע גרויסע קעפּ פון די חסידישע יונגעלייט, איז געווען „דער וואַרשאָווער עילוי״ ר׳ יצחק מאיר ז״ל, דער שפּעטערדיגער גרינדער פון דער גערער דינאַסטיע, דער וועלט באַרימטער גערער רבי,

אָדער בעסער באַקאַנט אונטערן נאָמען פון זיין ספר „חידושי הרי״מ״ (די אַלע גרויסע רבנים רופט מען אויפ׳ן נאָמען פון ספר וואָס ער האָט מחבר געווען). און אויך אַנדערע רבי׳שע דינאַסטיעס זענען שפּעטער אַרויס־געוואַקסען פון טאָמאַשאָווער חסידות, ווי צום ביישפּיעל: גער, איזשביצע, לובלין א. ז. וו. (אגב: דער איזשביצער, רבי מרדכי יוסף ז״ל, איז אַ געבוירענער אין טאָמאַשאָוו) צו וועלכע דער רוב פון פּוילישע חסידים זענען געפאָהרען.

רבי מענדעלי האָט געהאַט אַ גאָר שאַרפען מוח, (דער „חידושי הרי״מ״ האָט געזאָגט אויף איהם, אַז ווען ער זאָל געווען זיין אין די צייטען פון די תנאים וואָלט ער געווען אַ תנא) ער האָט ניט געוואָלט קיין גרויסען עולם, ער האָט געזוכט נאָר געקליבענע מענשען, אַ מנין פון אמת׳ע שאַרפע קעפּ, כדי זיך מיט זיי אויפהויבען צו די גאָר הויכע אַטמאָספערן. דער וואַרשאַווער יונגער עילוי, ר׳ איטשע מאיר׳ל, דער שפּעטערדיגער גערער רבי, וואָס אויף זיין וואָרט האָבען געוואַרט פיעל טויזענטער חסידים פון וואַרשאַווער קרייז, איז געווען איינער פון זיינע הויפּט אָנהענגער.

טאָמאַשאָווער חסידים פלעגען קומען קיין פּשיסכע, און זיי פלעגען צורעדען די גוטע יונגע לייט זיי זאָלען פאָהרען קיין טאָמאַשאָוו. געזוכט האָבען זיי די גאָר שאַרפע מוחות וועלכע זענען ראוי תופס צו זיין דעם נייעם דרך פון טאָמאַשאָווער חסידות.

די אַלטע פּשיסכער חסידים האָבען זיך אַ קעגען געשטעלט, און געזאָגט, אַז דער וועג פון רבי מענדעלי איז אַ געוואַגטער. אָבער די „אַגיטאַטאָרען״ האָבען געזאָגט: מיר מוזען האָבען אַ רבי׳ן וואָס זאָל אונז אַלע לערנען ווי אַזוי צו געהן אויף אָט דעם שאַרף פון שווערד, און רבי מענדלי וועט אייך לערנען.

אין פּשיסכער רבינ׳ס בית המדרש האָט געצאַנקט דער נר תמיד ביים עמוד, וואָס האָט געוואָרפען גרויסע שאָטענס אויף די ווענט; און די חסידים דערציילען: אַז ווען ר׳ איטשע מאיר, דער „וואַרשאַווער עילוי״, איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש, און זיך צוגערוקט צום טיש, האָט איהם קיינער נישט באַמערקט, דער חסידישער שמועס איז ווייטער געפיהרט געוואָרען, און איין חסיד האָט געזאָגט: — רבי מענדעלי איז צו שאַרף, און מיר ווילען אַ רבין, וואָס מען זאָל קענען דאָס האַרץ פאַר איהם אויס־גיסען, ער זאָל וועלען און קענען אונז פאַרשטיין. — אויב אַזוי, איז ר׳ מענדעלי ניט פאַר אייך, ווייל דאָרט אין טאָמאַשאָוו טרייבערט מען די אָדערן... — האָט זיך ר׳ הירש טאָמאַשאָווער אָנגערופען, וועלכער איז אויך אין געהיים געקומען קיין פּשיסכע צו צורעדען די יונגע לייט זיי זאָלען פאָהרען קיין טאָמאַשאָוו.

רבי יצחק וואָרקער ז״ל, וועלכער איז געזעסען די גאַנצע צייט

פאַרטראַכט, האָט דערהערט ר׳ הירש טאָמאַשאָווער׳ס לעצטע ווערטער, און ער האָט זיך אָנגערופען: מיט דעם שאַרפקייט טהוט מען גאָר נישט אויף, נאָר דורך אהבת ישראל קאָן מען די וועלט אויסלייזען. רבי מענדעלי שטעלט אָבער אַלעס אויפ׳ן שפּיץ מעסער.

אין טאָמאַשאָוו לערנט מען — האָט ר׳ הירש טאָמאַשאָווער ווייטער געזאָגט, מען זאָל אויסרייסען דעם גאַנצען שקר און עס זאָל בלייבען נאָר דער גאָרער אמת.

און איך האַלט — האָט רבי יצחק וואָרקער געגעבען אַ געשריי — אַז „טוב מעט בכוונה" — יעדער איד, אַפילו גאָר דער שאַרפער מוח, אויב ער מיינט עס נאָר בכוונה, איז שוין גוט. און רבי יצחק וואָרקער האָט פאַר די חסידים אָנגעהויבען צו דערצעהלען אַ מעשה:

— אַמאָל האָב איך געלערנט מיט אַן עדה אידען דעם מדרש אויפ׳ן פסוק: „לא תונו איש את עמיתו" (ויקרא, כ"ה) וועגען דער גרויסער עבירה פון אָפּנאַרען עמיצען: האָט זיך צו דעם צוגעהערט אויך אַ אַרענדאַר, און איז אַ היים געגאַנגען צו זיין ווייב, און האָט איהר געזאָגט, אַז זי זאָל מער נישט צוגיסען קיין וואַסער אין די מילך, וואָס זי פאַרקויפט אין דער שטאָט. ווייל מען טאָר נישט אָפּנאַרען. דאָס ווייב האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פון איהר מאַן, און האָט אָנגעהויבען צו ברענגען ריינע מילך אין שטאָט אַריין. אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָבען די אידען אויפגעהערט ביי איהם צו קויפען מילך. די מילך — האָבען זיי געזאָגט — טויג נישט. איז דער אַרענדאַר אַריינגעלאָפען צו מיר מיט אַ געוואַלד, וואָס איך האָב געוואָלט פון איהם האָבען. האָב איך איהם געענטפערט: ווי מיר זעהען קען די וועלט מיט׳ן בלויזען ריינעם קיין קיום נישט האָבען. טו נאָר אַריין אַ קליין ביסעלע וואַסער אין דער מילך, וועלען די אידען אין שטאָט שוין צוריק אָנהויבען צו קויפען ביי דיר מילך.

און כך הווה... די מילך איז שוין צוריק גוט געוואָרען... און דאָס זאָג איך אויך צו אייך: מען מוז אַריינטאָן אַ ביסעלע וואַסער... אַז נישט וועט די וועלט קיין קיום נישט האָבען.

***

אין ספר „שארית ישראל" שרייבט דער מחבר, מיין פאָטער ז"ל:

...אַז ר׳ נתן ני׳, האָט איהם דערציילט, אַז ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, האָט איהם זיין פאָטער, ר׳ יהושע ני׳, מיטגענומען אויף די חתונה פון קאָצקער רבי׳נס זון, ר׳ בנימין ז"ל, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אַ זעהר קאַלטען ווינטערדיגען טאָג. די חופה איז געווען אין הויף, פאַרן פענסטער פון קאָצקער רבי׳נס חדר. און אַלע מחותנים מיט די כלה און

דער מחותן אַליין דער „חידושי הרי״ם״, און חסידים זענען געגאַנגען אין זיידענע קליידער, זענען געשטאַנען און געוואַרט אויפן קאָצקער רבי׳ן ער זאָל אַרויסקומען, זיין דער מסדר קידושין. אָבער דער רבי איז נישט אַרויסגעגאַנגען, כאָטש ער האָט געזעהן דורכ׳ן פענסטער אַז דער עולם וואַרט און אַלע ציטערן פון קעלט.

נאָך די חופה, זענען די מחותנים און די חשובים ווי דער רב ר׳ הירשעלע דושקיס, ר׳ יצחק מאיר, דער חידושי הרי״ם, און ר׳ העניך פון אַלעקסאַנדער ז״ל, געגאַנגען זאָגען מזל טוב דעם קאָצקער רבין. זיי האָבען אַלע גערעדט שטייענדיג. נאָך דעם האָט רבי מענדעלי געזאָגט „נו״... דאָס איז געווען אַ רמז, אַ וואונק, אַז יעדער דאַרף אַרויסגעהן. נאָר ווייל דער קאָצקער רבי האָט געהאַלטען זיין האַנט אין „חידושי הרי״ם׳ס״ גאַרטל, איז ער שוין געבליבען שטיין, און אויך זיין זון ר׳ דוד ז״ל. האָט זיך דעמאָלסט דער קאָצקער רבי פאַרענטפערט, פאַרוואָס ער איז נישט באַלד אַרויסגעגאַנגען צו דער חופה, און ער האָט געזאָגט: וויל איך אייך איצט זאָגען, און אייך מגלה זיין די אורזאַך, ווייל איך האָב דאַמאָלסט געהאַט ביי מיר אַ „ידיד יקר״ אַ טייערען פריינט „ואורח יקר״ און אַ טייערען גאַסט וואָס איז געקומען צו מיר פאַר דער חופה — דאָס איז געווען רבי יצחק וואָרקער ז״ל, און ווי אַזוי האָב איך געקענט זיך פון איהם שיידען און אַרויסגעהן? ... כל זמן מיין חבר איז ביי מיר געווען? ... רבי דוד ז״ל דער מיטעלער קאָצקער, האָט מיט יאָהרען שפּעטער אַזוי דערצעהלט צו ר׳ נתן ניי, און ר׳ נתן ניי האָט דאָס דערצעהלט צו מיין פאָטער ז״ל.

**
*

אין יענער צייט, ווען דער רבי ר׳ מענדעלי, האָט אָנגעהויבען צו פיהרען זיין רבי׳סטוואָ אין טאָמאַשאָוו, האָט זיך, אונטער דער השפעה פון וואַרשאַווער עילוי, ר׳ איטשע מאיר ז״ל, דער שטראָם פון חסידים געצויגען קיין טאָמאַשאָוו, אַלטע און נייע, זיידענע יונגעלייטלעך האָבען פאַרלאָזט זייערע פרויען און קינדער, און געקומען קיין טאָמאַשאָוו, צו שעפּען גייסטיגע פאַרגעניגען. און כדי זיך צו דערנערן, האָבען זיי געמאַכט אַ שותפות׳דיגע חברה, מיט אַ שותפות׳דיגע קאַסע, וואו אָרים און רייך האָבען באַלאַנגט, אָדער בעסער געזאָגט: עס איז נישט געווען קיין אָרימע און קיין רייכע, אַלע זענען געווען גלייך, עס איז געווען ווי איין גרויסע משפחה.

אין יענער צייט האָט זיך געבויט דאָס שטאָטישע בית המדרש אין טאָמאַשאָוו, און זיי זענען געוואָרען פשוטע אַרבייטער, געטראָגען ליים און ציגעל, און דאָס געלט וואָס זיי האָבען פאַרדינט האָבען זיי אַריינגעגעבען אין אַ בשותפות׳דיגע קאַסע. ביינאַכט האָבען זיי געלערנט, און זיך צו־

זאַמענגערוקט אין אַ ווינקל, צו טרינקען „לחיים״, און זיך פאַרטיפען אין רבי׳נס אַ וואָרט ביז חצות.

צווישען די גאָר יונגע חסידים איז אויך געווען ר׳ לייבעלע אייגער ז״ל, דער שפּעטערדיגער לובלינער רבי.

חסידים דערציילען: רבי שלמה אייגער ז״ל, דער זון פון גרויסען גאון רבי עקיבא אייגער ז״ל, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין וואַרשע; זיין אויסזעהן איז געווען זעהר אויף־פּאָלענד, אַ שיינער מאַן מיט אַ לאַנגע געפלעגטע שוואַרצע באָרד, וועלכע איז געווען ריין און ציכטיג, ער האָט געטראָגען אַ טוכענעם הויכען קאַפּעליוש, און אַ קורצע דרייפערטעל שיינע קאַפּאָטע מיט לאַנגע געשטרייפטע הויזען, און געפּוצטע שיך, ווי מען האָט אין יענער צייט געטראָגען אין דייטשלאַנד, איז געקומען קיין טאָמאַשאָוו אויפזוכען זיין זון ר׳ לייבעלע, וואָס איז אַנטלאָפען פון די מתנגדישע היים און געבליבען זיצען אין טאָמאַשאָוו.

רבי שלמה אייגער איז אַרומגעגאַנגען אין חסידישען בית המדרש פון איין טיש צום צווייטען, און האָט געפרעגט: האָט איהר נישט געזעהן מיין לייבעלן?

די חסידים האָבען זיך אויף איהם כמעט נישט אומגעקוקט, נאָר ווייטער געשמועסט חסידות, ביז ער האָט אָנגעטראָפען ר׳ לייזער בער חסיד, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט מיט דעם ליולקע ציבעך אין מויל, און האָט איהם אויך געפרעגט די זעלבע פראַגע: האָט איהר נישט געזעהן מיין לייבלען?

איך וויים נישט וועמען דו מיינסט — האָט ר׳ בער חסיד איהם געענטפערט, און ווייטער געשפּרייזט פאַר׳מוח׳ט איבער׳ן בית המדרש. ווען ער איז אָבער שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען עטליכע טריט, איז ער צוריק געלאָפען צו ר׳ שלמה אייגער און איהם געפרעגט: ר׳ איד, וועמען מיינט איהר? אפשר מיינסט דו לייבל שלמה׳ס? — אויב דו מיינסט איהם, וועט ער באַלד צוריק קומען, מען האָט איהם געשיקט נאָך אַ ביסעל משקה...

די חסידים האָבען זיך געשטופּט צום טיש וואו דער „וואַרשאָווער עילוי״ איז געזעסען, און זיך איינגעהערט אין זיין אויסטייטשען דעם רבי׳נס אַ תורה־וואָרט. באַלד האָט דער רבי אַריינגערופען ר׳ איטשי מאיר׳ן, אין זיין חדר מיוחד, און ווען ער איז דערנאָך אַרויסגעקומען איז ער געווען אינ־גאַנצען דורכגעווייקט פון שוויס.

ווען די חסידים זענען צו איהם צוגעשטאַנען, ער זאָל זיי זאָגען וואָס דער רבי האָט מיט איהם געשמועסט, האָט ער זיי גאָרניט געוואָלט ענטפערען, ער האָט נאָר געזאָגט צום אַלטען חסיד ר׳ הירש טאָמאַשאָווער: מען דאַרף אָנהויבען אויפסניי געהן אין חדר אַריין... אוי, טרייבערט ער די אָדערן...

אָבער עס שאַט נישט, איצט ערשט האָב איך געפונען מיין רבי'ן, מיט וועמען איך וועל זיך קענען מתדבק זיין, עס ברענט דאָ טאַקע אַ פייער!...

און פון גרויס שמחה, האָט ר' איטשי מאיר אָנגעהויבען צו טאַנצען מיט די חסידים, און מען האָט ווידער אָנגעהויבען צו זינגען די ווערטער:

„אין טאָמאַשאָוו ברענט אַ פייער
עס געהט אויף אַן אור אַ נייער"...

ביז פלוצלונג האָט זיך געהערט אַ געשריי: גיט מיר אָפּ מיין זון!

— דאָס האָט אַ שריי געגעבען ר' שלמה אייגער וועלכער איז געקומען אָפּנעמען זיין זון ר' לייבלען. — וואָס איז דאָ? אַ שענק? — האָט ער ווייטער אויף אַ קול געשריגען.

די חסידים האָבען זיך אָפּגעשטעלט פון טאַנצען, און זיי האָבען איהם געוואָלט מקיים פסק זיין, אָבער ר' איטשי מאיר האָט געגעבען אַ וואונק מען זאָל איהם נישט טשעפּען. ער איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם געפרעגט וואָס ער וויל. רבי שלמה אייגער האָט גוט געקענט דעם „וואַרשאָווער עילוי", האָט ער פאַרחידוש'ט איהם געפרעגט: אויך איהר ר' איטשי מאיר געפינט זיך צווישען זיי?

— יאָ, אויך איך בין צווישען זיי — האָט ר' איטשי מאיר איהם געענטפערט; אָבער איהר האָט אַ גרויסען טעות ווען איהר מיינט, אַז דאָ איז חס ושלום אַ שענק. ווייסט איהר פאַרוואָס דער יצר הרע ווערט אָנגערופען „כסיל"? אַזוי ווי עס שטעהט: „טוב ילד מסכן וחכם ממלך זקן וכסיל" (קהלת, ד) בעסער אַן אָרים אינגעל אַ חכם, איידער אַן אַלטער מלך אַ נאַר; ווייל אין דער אמת'ן איז דער יצר הרע אַ חכם מחוכם, און אַ כסיל, אַ נאַר הייסט ער בלויז דערפאַר, ווייל ער האַנדעלט מיט נאַראָנים...

—זעהר גוט — האָט ר' שלמה געזאָגט, און איידער ר' שלמה האָט צייט געהאַט אַ טראַכט צו טאָהן וואָס צו ענטפערן, האָט מען איהם שוין אַריינגענומען אין רעדל, און מיט איהם אָנגעהויבען צו טאַנצען, נאָך מיט מעהר התלהבות ווי פריהער:

„אין טאָמאַשאָוו ברענט אַ פייער
עס געהט אויף אַן אור אַ נייער"...

***

נאָך אַ גרויסער חסיד פון רבי מענדעלי טאָמאַשאָווער, איז געווען רבי מרדכי יוסף ז"ל, דער שפּעטערדיגער איזשביצער רבי, דער פאָטער פון דער ראַדזינער רבי'שע־דינאַסטיע.

רבי מרדכי יוסף איז געבוירען אין טאָמאַשאָוו אין יאָהר תקס"א; ער איז געווען דער פיהרער פון די „יושבים" ביי רבי מענדעלין. עס זענען

געווען צווייערליי חסידים, אַ זעלכע וועלכע זענען געקומען צום רבין בלויז אויף אַ שבת, און דאָרט אַמאָל צו פאַרבלייבען אַ וואָך אָדער צוויי, און אַזעלכע וועלכע האָבען פאַרלאָזט זייער ווייב און קינד אויף לאַנגע חדשים, און זענען די גאַנצע צייט געזעסען אין טאָמאַשאָוו.

רבי מרדכי יוסף ז״ל, אַליין אַ געבוירענער און ערצויגענער אין טאָמאַשאָוו, האָט באַזאָרגט די יושבים מיט חיונה, האָט פאַר זיי געשאַפען „דזשאָבס״, און דער גאַנצער פאַרדינסט איז אריינגעגאַנגען אין איין קאַסע. נאָך דעם טאָג אַרבייט און נאָכ׳ן אָפּרוהען זיך ביי אַ בלאַט גמרא ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט מען גענומען אַ „לחיים״ און דערביי געזונגען:

ווער עס האָט זיך באַהאַלטען,
אונטער מיין באַלקען,
איז אַ סימן, אַז ער האָט ליב
דעם טאַטען דעם אַלטען...

---

נאָך נישט געדאַווענט,
און נישט געלערנט,
אַבי דעם בורא עולם,
נישט דערצערנט.

---

לאָמיר נישט זאָרגען,
וואָס וועט זיין מאָרגען,
לאָמיר בעסער פאַריכטען,
וואָס מיר האָבען קאַליע געמאַכט נעכטען.

---

די טאָמאַשאָווער חסידים זענען געוואָרען וואָס אַ מאָהל מער און מער. מען האָט געמוזט אויפשטעלען אַ גרויסע שאָפּע. אַ סאַך פון די „יושבים״ זענען אויך דאָרט געשלאָפען. זיי האָבען צוזאַמען געאַרבייט, צוזאַמען געגעסען אין דער שאָפּע, אַזוי איז אָנגעגאַנגען עטליכע יאָר ביז עס האָט אויסגעבראָכען אַ מחלוקת מיט אַ אַנדער רבין, וועלכער האָט אויך געוואוינט אין טאָמאַשאָוו און וועלכער איז געווען אַ געגנער צו דעם דרך פון פשיסכער קאָצקער חסידות. ווען רבי מענדעלי האָט אָנגעהויבען צו פיהרען זיין דרך אין חסידות, האָט דאָס אַרויסגערופען געגנערשאַפט פון רבין ר׳ יוסעלי.

## דער רבי ר׳ יוסעלי ז״ל

רבי יוסעלי יאַרטשיווער, אַזוי האָט מען איהם גערופען ווייל ער איז געווען רב אין יאַרטשוב, אַ קליין שטעטעל לעבען טאָמאַשאָוו, איז געווען אַ

תלמיד מובהק פון רבין פון לובלין, דעם „חוזה" ז״ל. וועלכער האָט איהם טאַקע געהייסען ער זאָל זיך באַזעצען אין טאָמאַשאָוו און אַלע חסידישע בעלי בתים האָבען זיך גרופירט אַרום זיין פיהרערשאַפט.

אין די ערשטע צייט, האָט דער רבי ר׳ יוסעלי געדאַווענט צו זאַמען מיט רבי מענדעלין אין חסידישען בית המדרש. און שפּעטער האָט ר׳ מענדעלי געמוזט אָפּטרעטען, און ער צוזאַמען מיט זיינע חסידים, זענען אַריבער אין שטיבעל אויפ׳ן פּאָליש, וואָס אין מיינע צייטען האָט מען עס גערופען די „חברה תהלים". אָבער ווען דאָס „פּאָהרעכטס" האָט זיך אָנגעהויבען צו פאַר־גרעסערען, וואָס מעהר רבי מענדעלים חסידים זענען געקומען, אַלץ מעהר און גרעסער איז געוואָרען די געגנערשאַפט פון רבי יוסעלין צו זיי. דאָס מחלוקת איז געוואָרען וואָס אַ מאָל שטאַרקער, די שטאָטישע בעלי בתים האָבען געהאַלטען מיט רבי יוסעלי און כדי אויסצומיידען ווייטערדיגע מחלוקת, האָט דער רבי ר׳ מענדעלי פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו, און זיך באַזעצט אין קאָצק. און זייט דאַמאָלסט האָט מען איהם גערופען: „דער קאָצקער רבי".

אָבער איידער דער קאָצקער רבי האָט פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו, האָט ער געזאָגט צו זיינע מקורבים שמייכעלדיג: אונזערע חכמים זאָגען: שני תלמידי חכמים הדרין בעיר אחת, ואין נוחין זה לזה בהלכה, אחד מת ואחד גולה (סוטה, מט). צוויי תלמידי חכמים וועלכע וואוינען אין איין שטאָט, און זיי קענען זיך נישט אויסגלייכען אין הלכה איז איינער שטאַרבט, און איינער ווערט פאַרטריבען. ווייל איך פאַרטריבען ווערען...

אַזוי האָט רבי מענדעלי פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו, און זיך אַריבערגעצויגען קיין קאָצק, לובלינער גובערניע. אין קאָצק האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע תקופה, אַ בליהענדע עפּאָכע, טויזענטער חסידים האָבען אָנגעהויבען צו פאָרען קיין קאָצק. איבערהויפּט תלמידי חכמים, יונגע לומדים, רבנים און שאַרפע קעפּ.

רבי יוסעלי יאַרטשיוואַער פלעגט אַרומפאָרען אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. איינמאָהל איז ער געקומען אין אַ שטאָט וואו ער פלעגט יעדעס יאָהר דאָרט איינשטיין. האָט דער בעל בית חתונה געמאַכט זיין טאָכטער מיט אַ יונגערמאַן וואָס איז געווען אַ קאָצקער חסיד. ווען רבי יוסעלי האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך איבערגעקליבען אין אַ אַנדער אַכסניה. דער יונגערמאַן, דער קאָצקער חסיד, האָט זיך געפונען זעהר באַליידיגט און איז אַריבער געגאַנגען צו רבי יוסעלין, און נאָכן שלום געבן האָט ער צו איהם געזאָגט: די צדיקים וועלכע קריגען אויפ׳ן קאָצקער דרך, איז נאָר דער עיקר ווייל ער דאַווענט שפּעט. דעריבער פרעג איך אייך, טאָמאַשאָווער רבי; תפילה, דאַווענען איז דאָך נאָר מדרבנן, וואָס אונזערע חכמים האָבען מתקן געווען, אָבער איהר האָט דאָך מיך מבייש געווען

ברבים, וואָס איז אַ איסור דאורייתא, ווי עס שטייט: המלבין פני חבירו ברבים אין לו חלק לעולם הבא?...

דיזע ווערטער האָבען געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף רבי יוסיל'ן, און ער האָט אים געענפערט: איך האָב באמת חרטה אויף דעם, און איך טוה תשובה. האָט איהם דער יונגערמאַן געפרעגט: קאָן מען אין איין מינוט תשובה טאָהן? — געוויס! — האָט איהם ר' יוסעלי געענטפערט, עס איז דאָך בפירוש אַ גמרא: „המקדש את האשה על מנת שאני צדיק גמור — מקודשת, שמא הרהר תשובה בלבו". אַז איינער איז מקדש אַ פרוי אויף דעם באַדינג אַז ער איז אַ ריכטיגער צדיק — ווערט די פרוי צו איהם מקודש, ווייל פיליכט האָט ער אין האַרצען געטאָהן תשובה. זעהט מען דאָך פון דעם אַז בלויז אַ הרהור תשובה איז שוין גענוג.

ווען דער יונגערמאַן איז געקומען קיין קאָצק, האָט ער דערציילט דעם רבין ר' מענדעלין, דעם געשפּרעך וואָס ער האָט געהאַט מיט רבי יוסעלי טאָמאַשאָווער. האָט איהם דער קאָצקער רבי געזאָגט: ווען איך וואָלט גערעט מיט ר' יוסעלין און ער וואָלט מיר דאָס געזאָגט, וואָלט איך איהם געענפערט, אַז זיין ראיה פון די גמרא איז גאָר ניט גלייך צו זיין זאַך. ווייל דאָרט ביי „המקדש את האשה" איז ער דאָך אַ חתן, און אַ חתן איז איינער פון די דריי וואָס מען איז זיי מוחל אויף זייערע זינד, ווי עס ווערט געברענגט אין ירושלמי, בכורים. דעראיבער איז גענוג פאַר איהם בלויז אַ הרהור תשובה, אָבער אַ אַנדערער מענש, ניט קיין חתן, איז ניט גענוג בלויז מיט אַ הרהור תשובה, נאָר ער מוז טון ריכטיג תשובה...

***

## ר' הירש טאָמאַשאָווער ז"ל

איינער פון די נאָענטסטע מקורבים פון רבי'ן ר' מענדעלע, איז געווען ר' הירש טאָמאַשאָווער. ער איז געווען די רעכטע האַנט פון קאָצקער רבי'ן. און אויך ווען דער קאָצקער רבי האָט זיך אָפּגעשלאָסען אין זיין חדר מיוחד אַן ערך צוואַנציג יאָהר און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט, איז פאַר ר' הירש'ן, זיין לייב־מענש, געווען אָפען די טיר, און צו יעדער צייט געקענט אַריינקומען לפני ולפנים. אין קאָצק האָט מען ווייניג גערעדט; מען האָט זיך פאַרשטאַנען אויפן וואונק, און ווען דער רבי פלעגט נאָר זאָגען איין וואָרט אָדער אַ קורצען מאמר, האָט מען שוין אַריינגעלערנט און פאַרטייטשט און אַריינגעטייטשט... זאָגאָר מיט אַ תנועה, אַן אָפּגעהאַקטען פאַל פון אַ ניגון, האָט שוין געהאַט אַ רמז, אַ באַדייטונג. אַ גרויסער מומחה איז געווען אויף אויסטייטשען דעם רבי'נס קורצע ווערטער, ר' הירש טאָמאַשאָווער.

איינמאָהל — דערציילען חסידים — האָט זיך פאַרגלוסט אַ חסיד אַ יושב, צו הערען ווי דער רבי ר׳ מענדעלע איז פרייטאָג מעביר די סדרה. דער חסיד האָט זיך אַריינגעגנב׳ט אין רבי׳נס חדר, און האָט זיך פאַרשטעקט אונטער דער טיר, צו הערען דעם רבי׳ן מעביר זיין די סדרה פון דער וואָך. הערט ער ווי דער רבי ברומט זיך אונטער דעם פסוק „ואהבת לרעך כמוך״ מיט אַזאַ תנועה: האַ? — כמוך?... און נאָך עטליכע מינוטען האָט דער חסיד געהערט ווי דער רבי האָט פאַרגעזעצט מיט דער תנועה פון אַ אתנחתא: אָ־אָ־כמוך!... דער פאָרם פון אַ פראַגע און אַ תשובה, האָט זייער באַאומרוהיגט דעם חסיד, ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין די באַדייטונג. דער חסיד האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון רבי׳נס חדר, און געפרעגט ר׳ הירש טאָמאַשאָווער די באַדייטונג, און ער האָט איהם ערקלערט בקיצור: דער רבי האָט זיך אַליין געפרעגט: ווי זאָגט די תורה אַז אַ מענש דאַרף ליעב האָבען זיין פריינט ווי זיך זעלבסט, מעג אַ מענש זיך אַליין ליעב האָבען? „כמוך״? דאָס איז דאָך אַ סתירה, אין געגענזאַץ צו דער שיטה פון קאָצק? זעלבסטליעבע ברענגט דאָך צו פאַלשקייט, צו זעלבסט נאַרעריי, צו פרעמדע מחשבות!... נאָר די תשובה דערצו איז אַזוי, דאָס איז דער פירוש: אַזוי ווי מיר דאַרפען זיך פיהרען מיט עניוות, נידריג, מיט זעלבסט־האַס, מיט די זעלבע מידה דאַרפען מיר דעם צווייטען ליעב האָבען, אומבאַגרעניצטע ליעבע צו די מיטמענשען... דאָס האָט דער רבי געמיינט: האַ־אַ... כמוך? — אָ־אָ־כמוך!...

ר׳ הירש טאָמאַשאָווער איז אַמאָל געקומען קיין לובלין, האָט ער זיך באַגעגענט מיט ר׳ לייבעלע אייגער ז״ל, וועלכער איז פריער געפאָהרען קיין טאָמאַשאָוו צום קאָצקער, אָבער נאָכדעם איז ער געפאָהרען קיין איזשביצע, צו רבי מרדכי יוסף ז״ל; דאָס איז געווען נאָכדעם ווי דער איזשביצער איז שוין נפטר געוואָרען. זאָגט ר׳ לייבעלע צו ר׳ הירש׳ן: איך וואָלט געוואָלט צוריק פאָהרען קיין קאָצק. ר׳ הירש טאָמאַשאָווער האָט צו איהם אַזוי געזאָגט: ווען דו קענסט פיהלען ביי דיר אַזוי ווי עס שטייט ביי אַ נזיר: „והימים הראשונים יפלו״, אַז די גאַנצע צייט וואָס דו ביזט געפאָהרען קיין איזשביצע זאָל אַוועקפאַלען, ווי עס וואָלט קיינמאָהל ניט געווען... דאַן קאָנס דו צוריק פאָהרען קיין קאָצק.

## רבי יהושע׳לע טאָמאַשאָווער ז״ל

נאָך דער פטירה פון רבי׳ן ר׳ יוסילי ז״ל, האָט איבערגענומען דאָס רבי׳סטוואָ זיין זון ר׳ יהושע׳לי ז״ל.

דער שרייבער פון דיזע שורות געדענקט נאָך דעם רבי׳ן ר׳ יהושע׳לי, וועלכער איז אין מיינע קינדער יאָהרען געווען אַ זקן מופלג. איבערהויפט

האָט דאָס הייליגע פּאַטריכאַלישע געשטאַלט געמאַכט אויף מיר אַ איין איינדרוק, ווען ער איז געווען איינגעלאַדען צו אונז אין טריסקער־קאַזמיר שטיבל, אַלס סנדק צו אַ ברית. איך געדענק נאָך ווי היינט דאָס פרומע פּנים און זיידענעם קאַפּטאַן, מיטן ברייטען גאַרטעל און הויכען ספּאָדיק.

דער רבי ר׳ יהושע׳לי איז געווען אַ גרויסער חשוב ביים הייליגען צאַנזער רבי׳ן, רבי חיים האַלבערשטאַם ז״ל, וועלכער האָט געשפּילט אַ גאַר גרויסע ראָלע אין דער חסידישער לומדישער וועלט, און טאַקע מיט׳ן פייערדיגען חסידישען ברען, ווי ער האָט געלערנט אין צאַנז, האָט ער געפיהרט דאָס חסידות אין זיין קלויז, אין „ר׳ יהושע׳ליס שטיבל״, און אין חסידישען בית המדרש. ר׳ יהושע׳ליס שטיבל איז געווען דאָס פּרימסטע צווישען אַלע שטיבלעך אין טאָמאַשאָוו. זאָגאַר אין דער גאַס האָט מען געקענט דערקענען אין די יונגע לייט און בחורים אַז זיי זענען פון ר׳ יהושע׳לעס בית מדרש. זייערע בערד און פּאות און זייער גאַנצער טראַכט, הלבשה, איז געווען אַנדערש ווי די חסידישע אידען וואָס האָבען געדאַווענט אין די אַנדערע שטיבלעך.

אין דעם ספר „דובר שלום״ ווערט געברענגט: אַז איינמאָל איז ר׳ יהושע׳לע טאָמאַשאָווער געווען שבועות ביים אַלטען בעלזער רבי׳ן, ר׳ יהושע׳לע ז״ל. האָט דער בעלזער רבי געהייסען זינגען ביים טיש דעם זמר:

„ובאו כולם בברית יחד,
נעשה ונשמע אמרו כאחד,
ופתחו וענו ד׳ אחד״.

די חסידים האָבען מיט התלהבות געזונגען איינמאָל, נאָכאַמאָל, וואָס אַ מאָל העכער מיט מעהר באַגייסטערונג. מיט אַ מאָל האָט דער בעלזער רבי געגעבען אַ וואונק מען זאָל אויפהערען צו זינגען, און ער האָט געזאָגט: אונזערע חכמים זאָגען: אַז ביי מתן תורה האָבען די אידען געענטפערט אויף יעדער מצות־עשה: — הן, יאָ! און אויף יעדע מצוה לא תעשה — לאַ, ניין! און ווידער זאָגען די חכמים: „אנכי ולא יהיה לך — בדיבור אחד נאמרו״. דאָס הייסט: אַז די מצות עשה פון אנכי און מצוה לא תעשה פון לא יהיה לך, זענען געזאָגט געוואָרען צוזאַמען, מיט איין זאָג. האָבען די אידען ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען אויף דעם, „הן״ אָדער „לא״. יאָ אָדער ניין. ווייל, ווען זיי זאָגען הן — יאָ, וועט מען זיך חס ושלום טועה זיין און מען וועט מיינען אַז זיי האָבען געזאָגט „הן״ אויף לא יהיה לך, וואָס איז אַ לא תעשה. וועלען זיי זאָגען לא — ניין, וועט מען זיך אויך טועה זיין און מען וועט חס ושלום מיינען אַז זיי האָבען געזאָגט לא — ניין אויף „אנכי״. דאַדורך האָבען זיי זיך געטאָן אַן עצה און זיי האָבען געענפערט „ד׳ אחד״ ופתחו וענו ד׳ אחד, גאָט איז איינער. ווייל דאָס איז

שוין במילא אַ ענטפער אויףביידע דיברות. און דער בעלזער צדיק האָט מיטען גאַנצען כח געזאָגט: „ופתחו וענו ד׳ אחד״, מיט אַזאַ שאַגת אַרי, מיט אַזאַ לייבען שטימע אַז אויף אַלע פאַרזאַמעלטע איז געפאַלען אַ גרויסער פחד. און ר׳ יהושע׳לע טאָמאַשאָווער האָט געזאָגט אַז אויף איהם איז אויך געפאַלען אַ שרעק ווען ער האָט געהערט פון בעלזער רבין די הויכע טענער: „ופתחו וענו ד׳ אחד״.

רבי יהושע׳לע פלעגט פיעל אַרומפאָהרען מיט זיין גבאַי אין גאַליציע און אין אונגאַרן, וואו ער איז געווען די מערסטע צייט פון יאָהר פאַר־רייזט. און דורך איהם איז אויך באַקאַנט געוואָרען אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו, אין גאַליציע און אין אונגאַרן. ווען איך פלעג פאַר גאַליציאַנער אָדער אונגאַרישע לאַנדסלייט נאָר דערמאָנען מיין געבורטס שטאָט, האָט מען באַלד אונטערגעכאַפּט: אָ, ר׳ יהושע׳לע טאָמאַשאָווער!

אין חסידישע ספרים וואָס זענען ערשינען אין די לעצטע צעהנדליגע יאָרן ווערט דערמאָנט ר׳ יהושע׳לע טאָמאַשאָווער, ווי אין ספר „דובר שלום״, נפלאות יצחק״ א. ז. וו.

דאָ אין ניו יאָרק וואוינט ר׳ יהושע׳ליס אַ אייניקל, ר׳ משה׳לע שליט״א, וועלכער רופט זיך: דער טאָמאַשאָווער רבי.

**
*

## דער רבי ר׳ לייבוש נייהויז ז״ל

נאָך אַ רבישע דינאַסטיע אין טאָמאַשאָוו, איז געווען די משפחה נייהויז. דער שטאַם פאָטער איז געווען ר׳ לייבוש ז״ל. וועלכע שטאַמען פון גרויסען גאון, דער ב״ח ז״ל, און פון איהם שטאַמט זייער פאַמיליע נאָמען. ב״ח איז די ראשי תיבות בית־חדש — נייהויז. מען האָט איהם גערופען אויפן נאָמען פון זיין גרויסען ספר בית־חדש — ב״ח.

אַ געוויסע צייט האָב איך געלערנט ביים רבין ר׳ נחמן, אַן אייניקעל פון רבין ר׳ לייבוש, אין „כעלמער שטיבל״. ר׳ נחמן ז״ל, איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, און זייער אַ שיינער מאַן מיט אַ הדרת פנים, אַ פּאַטריאַכאַליש געשטאַלט, וואָס האָט צו זיך אַרויסגערופען כבוד און דרך ארץ. ער איז געווען פיעלע יאָהרען רב אין קראשניק, און אויף די עלטערע יאָהרען האָט ער זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו.

דרך אגב, וויל איך ברענגען אַ וואָרט וואָס ווערט דערצעהלט פון רבין ר׳ לייבוש זצ״ל: אַ טאָמאַשאָווער חסיד איז געווען ביים רבין ר׳ שלום יוסף ז״ל, דער עלטסטער זון פון הייליגען רוזשינער ז״ל. ווען ער איז צוריק געקומען האָט ער דערצעהלט דעם רבין ר׳ לייבוש׳ן וואָס ער האָט דאָרט געזעהן: אַז בשעת דער רבי ר׳ שלום יוסף האָט געדאַווענט אין זיין

חדר מיוחד, האָט ער נישט געהערט קיין שטימע, ער האָט נאָר געהערט די טריט פון צדיק, געהן הין און צוריק. נאָכ׳ן דאַוונען איז דער משמש אַריינגעגאַנגען אין חדר מיוחד, און ער האָט אַרויסגעבערענגט אַ נאַס העמד וואָס דער רבי האָט אויסגעטאָהן, און עס אויפגעהאָנגען, עס זאָל זיך אויסטריקענען. האָט זיך דער טאָמאַשאָווער חסיד זעהר פאַרוואונדערט. אָבער דער משמש האָט איהם געזאָגט: אַז עס איז אַ מעשה בכל יום, יעדען טאָג נאָכ׳ן דאַוונען מוז זיך דער רבי אויסטאָהן דאָס העמד וואָס איז אויסגעווייקט, און אָנטאָהן אַ אַנדער העמד.

ווען דער חסיד האָט דאָס דערציילט דעם רבין ר׳ לייבוש׳ן, וואָס ער האָט געזעהן ביים רבין ר׳ שלום יוסף, האָט זיך דער רבי ר׳ לייבוש אָנגערופען: אַז דאָס איז אין דער בחינה וואָס ווערט דערמאָנט אין קדושת כתר וואָס ווערט געזאָגט ראש השנה: „זעות, בלי לאות, מחיל כסא״. דאָס הייסט: די חיות הקודש שוויצען ניט פון מאַטערניש, נאָר פון ציטערניש פאַר דעם כסא הכבוד...

## מיין זיידע

דער טאָמאַשאָווער רב, הגאון ר׳ משה רויגענפיש ז״ל, איז געווען גוט באַקאַנט אין דער לומדישער און חסידישער וועלט, נישט נאָר אין טאָמאַשאָוו און אין אומגעגענט, נאָר אויך אין גאַנץ פוילן.

פריער איז ער געווען רב אין כמעלניק, זיבען יאָהר, און דאַן אין קאָנסקיוואָלי. דערנאָך אין טאָמאַשאָוו ביז ער איז נפטר געוואָרען, י״ח מרחשון, תר״ם.

איך וויל דאָ ציטירען וואָס מיין פאָטער ז״ל, שרייבט אין זיין ספר „שארית ישראל״ וועגען די אויפנאַמע פון מיין זיידען אַלס טאָמאַשאָווער רב. דאָס איז אייגענטליך פאָרגעקומען אין טריסק, ביים טריסקער מגיד זצ״ל, אין שטוב.

מיין פאָטער איז געפאָרן מיט מיין זיידען צום טריסקער מגיד, זיך שואל בעצה זיין, וועלכע רבנות ער זאָל אָנעמען. ווייל מען האָט איהם געבעטען אין צוויי שטעט, אין הרובישאָוו און אין טאָמאַשאָוו. האָט דער טריסקער מגיד געזאָגט: אַז קיין הרובישאָוו איז ער נישט מסכים אַפילו די גאַנצע שטאָט איינוואוינער זאָלען וועלען, און קיין טאָמאַשאָוו איז ער מסכים, אַפילו ווען ניט די רוב איינוואוינער זאָלען וועלען. צופעליג זענען אויף דעם זעלבען שבת געקומען קיין טריסק, די חשוב׳סטע בעלי בתים פון טאָמאַשאָוו, און עס איז באַלד דאָרט באַשלאָסען געוואָרען, ער זאָל אָננעמען דאָס רבנות פון טאָמאַשאָוו.

מיין זיידענס „שאלות ותשובות״ זענען געדרוקט פון די גרעסטע

גאונים וואָס האָבען געלעבט אין זיין צייט, אין זייערע ספרים, ווי אין ספר שו״ת „חידושי הרי״ם" פון ערשטען גערער רבין. און אַ סאַך תשובות זענען ביי אונז געווען פון צאַנזער רב ז״ל, און אויך אין ספר „אבני נזר" פון סאָכאַטשאָווער גאון ז״ל, איז געדרוקט תשובות צו מיין זיידען.

אין ספר „שארית ישראל" שרייבט דער מחבר אַז ווען מען האָט געזאָגט דעם צאַנזער רב ז״ל, אַז דער כמעלניקער רב (מיין זיידע איז דאַמאָלסט געווען רב אין כמעלניק) איז צו איהם געקומען איז ער איהם אַ קעגען געגאַנגען מקבל פנים זיין, און ער האָט איהם ביים שלום נעמען אָנגענומען מיט זיינע ביידע הייליגע הענט, און אַריינגעפיהרט צו זיך אין צימער.

ער האָט געקענט מיין זיידען פערזענליך, אַ חוץ וואָס זיי פלעגען זיך דורכשרייבען שאַלות ותשובות. דער צאַנזער רב איז געווען אַ חבר פון רבי יוסף ז״ל, פון ניישטאַט, דער זון פון מחבר „מאור ושמש" ז״ל, און ווען דער צאַנזער רב איז געווען אין ניישטאַט, פלעגען אַלע רבנים פון דעם געגענט צו איהם פאָרען אויף שבת, און דאָרט האָבען זיי זיך מפלפל געווען אין לערנען. און מיין זיידע האָט געהאַט אַ ברודער ר׳ יעקב יצחק ז״ל, אין לאַנצוט, אַ גרויסער למדן וועלכער איז אויך געפאָרען קיין צאַנז, האָט ער געשריבען צו זיין ברודער, אַז דער הייליגער צאַנזער רב האָט איהם געזאָגט: איך קען דיר אָפּגעבען אַ גרוס פון דיין ברודער, דער כמעלניקער רב, ווייל איך בין געווען אין פוילין, און האָב מיך מפלפל געווען מיט אַ סאַך רבנים, און איך האַלט דיין ברודער פאַר דעם גרעסטען למדן פון אַלע רבנים וואָס איך האָב באַגעגענט אין פוילין.

איך געדענק נאָך די פיעלע כתב־יד׳ן און שאַלות ותשובות וואָס זענען ביי אונז געבליבען פון מיין זיידען. מען וואָלט געקענט פון זיי עטליכע גרויסע ספרים מאַכען. צווישען אַנדערע איז אויך געווען שאַלות־ותשובות פון לעמבערגער רב, ר׳ יוסף שאול נתנזון ז״ל, דער מחבר פון „שואל ומשיב", פון ראַדאָמסקער רבין, מחבר פון „תפארת שלמה", פון יאַסער רב, פון קאַלישער רב, ר׳ חיים אלעזר וואַקס ז״ל, מחבר פון „נפש חיה", פון ר׳ יהושע׳לע קוטנער ז״ל, און פון פיעל אַנדערע גרויסע רבנים.

אין ספר „שארית ישראל" זענען דערמאָנט די כתב־יד׳ן וואָס זענען ביי אונז געווען, גאַנצע חיבורים, וואָס זענען ניט געדרוקט, פון די גרעסטע צדיקים, פון בערדיטשעווער, קאָזשעניצער, רוזשינער צדיקים ז״ל. וועלכע זענען ליידער אין „חורבן פוילן" פאַרברענט געוואָרען. אַביסל פון זיי איז געדרוקט אין דערמאָנטען ספר „שארית ישראל" פון מיין פאָטער ז״ל.

איין כתב־יד פון „פרי מגדים", וואָס מיין פאָטער האָט דערפון מעתיק געווען, איז צום סוף פאַרענדיגט געוואָרען און אַרויסגעגעבען דורך

הרב ר׳ פינחס מענדל זינגער ז״ל, אַ טאָמאַשאָווער געבוירענער, וועלכער איז געווען פּיעלע יאָהרען מורה הוראה אין וואַרשאַ.

מיין זיידע ז״ל, האָט נאָך געקענט דעם רוזשינער צדיק ז״ל, ער איז נאָך געפאָהרען צו איהם קיין רוזשין, (רוסלאַנד). נאָך איידער ער האָט זיך באַזעצט אין סאַדיגורא (דאַמאָלסט עסטרייך). און אַזוי האָט ער פאַר־שריבען לזכרון דעם אויסזעהן פון רוזשינער צדיק: איינמאָל האָט דער רוזשינער ז״ל געזאָגט: עס ווערט געבראַכט, אַז שלמה המלך האָט געהאַט ווייניג האָר, און ביי שלמה המלך שטייט דאָך: „ויחכם מכל האדם״, ער איז געווען קלוגער פון אַלע מענשען, און דאַדורך האָט ער טאַקע געהאַט ווייניג האָר, ווי די וועלט זאָגט: „לאַנגע האָר — קורצער שכל״. און דאָס איז דער אָריגינאַל וואָס מיין זיידע האָט געשריבען אין העברעאיש:

„ואני הכותב זכיתי לראות טהרת הדרת פניו בעודו ברוזין. לא היה לו זקן, כגבר בן ט״ו שנה, ואז היה בן ארבעים שנה. רק אצל השפה היה לו שערות, ואחר כך זכיתי להסתופף בצלו בסאַדיגורה, אחר ישיבתו בבית האסורים בקיוב. היה לו שומא קטנה כעדשה, ובאותו השומא היה לו שערות מעט, ויכולת לספור אותם, דברי הכותב משה אב״ד מטאָמאַשאָוו״.

אין אידיש הייסט דאָס: „איך, דער שרייבער, האָב זוכה געווען צו זעהן זיין הייליגע צורה, ווען ער איז נאָך געווען אין רוזשין. ער האָט ניט געהאַט קיין באָרד, אַזוי ווי אַ פופצען יעהריגער, און דאַמאָלסט איז ער שוין אַלט געווען פערציג יאָהר. נאָר אַרום דעם מויל האָט ער געהאַט האָר. און דערנאָך האָב איך זוכה געווען צו זיין ביי איהם אין סאַדיגורא, נאָכדעם ווי ער איז געזעסען אין דער קיעווער תפיסה, פּריזאָן. ער האָט געהאַט אַ וואָרצל ווי אַן אַרבעס, און אין איהם איז געווען אַ ביסל האָר, מען האָט זיי געקענט איבערציילען. אַזוי שרייבט משה, דער רב פון טאָמאַשאָוו״.

אַלס רב פלעגט מיין זיידע דאַווענען יעדען שבת אין דער גרויסער שוהל. נאָר אין ימים טובים, איז שוין געווען חזקות וואו ער פלעגט קומען דאַווענען. אַזוי האָט ער שוין געהאַט אַ חזקה צו דאַווענען שמחת תורה אין טריסקער שטיבל.

אַלס קליין אינגל האָב איך געלערנט אין דער הושאַטינער קלויז, ביי ר׳ משה ז״ל, אַ איד אַ זקן, וועלכער האָט גוט געקענט מיין זיידען. ער פלעגט מיר דערציילען פּיעל אינטערעסאַנטע מעשיות פון מיין זיידען. אָבער דאָ איז נישט דער פּלאַץ דאָס אַלעס איבערצודערציילען. איך וועל נאָר איין זאַך איבערגעבען.

אין יענער צייט האָט מען פאַרריכט די שוהל וועלכע איז געווען רואינירט, און פילע אותיות אויף די ווענט געשריבען פון גאָר אַלטע

צייטען, זענען געווען אָפּגעמעקט. און אין מאַנכע ערטער אָפּגעהאַקט שטיקער וואַנט.

מען האָט עקסטראַ אַראָפּגעבראַכט אַ קינסטלערישען מאַלער, וועלכער האָט אויסגעמאָהלען פאַרשידענע קונסט בילדער, וואָס האָבען סימבאָליזירט היסטאָרישע זאַכען. ווי צום ביישפּיעל: דער כותל מערבי, רחל׳ס קבר, שטעט פון ארץ ישראל א. ז. וו. איין בילד ביים אַריינגאַנג אין דער שוהל, האָט פאָרגעשטעלט „עקידת יצחק״ ווי יצחק ליגט אויסגעשטרעקט אויפן מזבח צו דער שחיטה, און אברהם שטייט מיט אַ גרויס חלף אין דער האַנט. אברהם אַ הויכער מיט אַ ווייסע שעהנע באָרד, אַ פּאַטריאַרכאַלישע פיגור, מיט דעם ברייטען גאַרטל, און הויכען שטערן מיט אַ פּויליש שטריימל אויפן קאָפּ. האָט דער מאַלער פאָרגעשטעלט מיין זיידען אַלס אברהם. „אַט אַזוי האָט דיין זיידע אויסגעזעהן״ — האָט מיר מיין רבי דערציילט.

דער נוסח אויף מיין זיידענס מצבה:

הי חסיד הי עניו, זעק והילל
רב גדול, תהילתו מי ימלל
בקיאותו בתורה, כל השומע יהלל
משפט אמת וצדקה עשה בישראל
שם נפשו כעפר, לכל דורשי אל
הרב המאור הגדול, ראש גולת אריאל

מוהר״ר משה בהרב אפרים פישל זצלל״ה, האבד״ק טאָמאַשוב,
נכד השל״ה והרמ״א. ינוח בשלום ויעמוד לקץ הימין.
משה עלה למרום ח״י מרחשון תר״ם לפ״ק
שנת: וימי בכי אבל משה, אבל כבד ליהודים לפ״ק

## הרב רבי שמואל זינגער זצ״ל

איינער פון די גרויסע רבנים, בעלי הוראה, איז געווען רבי שמואל זינגער ז״ל, איך געדענק נאָך די פּאַטריאַרכאַלישע פיגור פון מיין קינדהייט, רבי שמואל זינגער האָט טאַקע געוואוינט אין אונזער הויז; ווען ער איז נפטר געוואָרען בין איך געווען אַ קליין אינגל. אָבער דאָס הייליגע געשטאַלט שטייט מיר נאָך פאַר די אויגען. די גרויע־ווייסע באָרד מיט דעם גרויסען טלית קטן, דער אָפענער קאַלנער פון העמד, וואו עס האָט זיך נאָכגעהאָנגען צוויי שנירלעך אָנשטאָט קנעפּלאַך, צו פאַרקנעפּלען דעם קראַגען, דער הויכער שטערן מיט די גרויסע יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אַזוי איז ער געזעסען

פאַרטיפט ביי אַ גרויס ספר, אַ גמרא אָדער אַ יורה דעה. ווען ער איז געגאַנגען דאַוונען האָט ער געטראָגען אַ גרויסען טלית און תפילין אונטער'ן אָרים און אַ שטעקן אין דער האַנט, אַ קאַפטען מיט אַ ברייטען גאַרטל און אַ ספּאָדיק אויפ'ן קאָפּ.

הרב ר' צבי יחזקאל מיכלזאָהן, ד' ינקום דמו, שרייבט אין ספר „יכבד אב", אַז הרב ר' שמואל זינגער, דער טאָמאַשאָווער מורה הוראה, האָט איהם דערציילט וואָס ער האָט געהערט פון זיינע עלטערן, אַן אינטע־רעסאַנטע זאַך וועגען רבין ר' שמעלקין. עס איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו איבערדערציילען. אויך אין ספר „נפלאות הרבי" ווערט געברענגט חסידישע ווערטער פון איהם.

הרב ר' פינחס מענדל זינגער ז"ל, געווען רב אין לענטשין און דערנאָך מורה הוראה אין וואַרשאַ, דער זון פון ר' שמואל זינגער, רעכענט אויס אין זיין ספר „מגדים חדשים", דעם יחוס פון זיין פאָטער ר' שמואל פון טאָמאַשאָוו־לובעלסקי, וועלכער איז געווען דער זון פון קונצקער רב הגאון ר' ישעי' ז"ל, אַ אייניקל פון הרב ר' משה פון „שדה חדש" (ניישטאַט) וועלכער איז געווען פון בעל־שם'ס תלמידים.

רבי שמואל'ס פרוי, די רביצין תמר'ל, אָדער טעמעלע, ווי מען האָט איהר גערופען, איז געווען פון די נשים צדקניות און אַ גרויסע חכמה, זי האָט גע'שמ'ט אין דער גאַנצער געגענט. אונזער הויז האָט באַלאַנגט צו איהרע עלטערען, און די יורשים האָבען עס פאַרקויפט צו מיין פאָטער ע"ה. אָבער טעמעלע האָט נישט געוואָלט פאַרקויפען איהר חלק נאָר מיט אַ תנאי אַז זי זאָל וואוינען אין הויז אין איין צימער מיט אַ קיך כל זמן זי וועט לעבען. און אַזוי איז טאַקע געווען. זי האָט לאַנג געלעבט נאָך איהר מאַנ'ס פטירה, און געוואוינט אין אונזער הויז. זי האָט געהאַנדעלט מיט צירונג שנירלעך פּערל. און אויף די עלטערע יאָהרען האָט זי געהאַט פסח־דיג זאַלץ, וואָס די גאַנצע שטאָט האָט ביי איהר געקויפט. דאָס האָט געמוזט זיין אַ מין קאָנצעסיע וואָס די טאָמאַשאָווער קהילה האָט איהר געגעבען און אויך שבת־ליכט.

די רביצין טעמעלע האָט געשטאַמט פון גאָר גרויסען יחוס. זי איז געווען רבי בעריש מייזילש טאָכטער'ס אַ טאָכטער. זייער אַ באַ'חנ'טע עלטערע פרוי, פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ שטענדיגען שמייכעל אויף איהרע ליפען. שבת נאָכמיטאָג פלעגט זי מיר געבען שבת'אויבס, אַ עפּעלע אָדער אַ באַרל, און מיך געהייסען מאַכען הוך אַ ברכה: בורא פרי העץ, און נאָכגעזאָגט: אמן.

# מיין טאַטע



ר׳ ישראל הכהן גארזיציינסקי ע״ה

ר׳ ישראל הכהן גאָזיטשיינסקי ז״ל, אָדער ווי מען האָט איהם גערופען: ר׳ ישראל דעם רב׳ס, געדענק איך פון מיינע קינדער יאָרען מיט אַ בלאָנד־ווייסליכע באָרד, געפלעגט, זויבער, אַ גראַדע שלאַנקע פיגור, מיט בלויע שעהנע אויגען; שטענדיג ריינע קליידער און געפוצטע שיך.

נאָך אַלס יונגער בחור, האָט ער גע׳שמ׳ט פאַר אַ עילוי. געווען אַ גרויסער מתמיד אין לערנען. צו זעכצען יאָהר האָט מען איהם גערעדט רייכע שידוכים אָבער מיין זיידע וועלכער איז דאַמאָלסט געווען כמעלניקער רב, האָט איהם „אויסגעכאַפט" פאַר אַ חתן.

נאָך דער חתונה האָט מיין זיידע מיט איהם געלערנט „יורה דעה", „אורח חיים", און אַנדערע רבנישע לימודים. ער האָט איהם געוואָלט מאַכען פאַר אַ רב. אָבער נאָך אין די צייטען ווען ער האָט געגעסען קעסט האָט ער מיט אַ שותף געקויפט וואַלד און זיי האָבען מצליח געווען. ער האָט

ניט געוואָלט זיין קיין רב, און אַזוי איז ער אַלע זיינע יאָהרען געווען אַ סוחר און געפיהרט גרויסע געשעפטען. ער פלעגט אָפט זאָגען ווי עס ווערט געבּרענגט פון רבי יעקב עמדין ז״ל, וואָס פלעגט מאַכען אַ ברכה „שלא עשני אב״ד". אַ שפּיעל־וואָרט פאַר די ברכה וואָס מען זאָגט יעדען טאָג אין דער פריה: „שלא עשני עבד", מיט אַ עיין. און אב״ד מיט אַ אַלף מאַכט די ראשי תיבות אב־בית־דין. ד. ה. געלויבּט איז גאָט וואָס האָט מיך ניט געמאַכט פאַר אַ רב.

צו זיין חתונה האָט ער באַקומען סמיכה פון אַ גרויסען רב, דרשה געשאַנק, און ער האָט געקענט ווערען אַ רב.

איך געדענק פון אינגלווייז ווי יעדען פריה מאָרגען פלעגט ער לערנען אַ שיעור אין טריסקער שטיבל מיט אויסגעצייכענטע בחורים. און אויך בין מנחה למעריב פלעגט ער פאַר זיך לערנען. ווי באַשעפטיגט ער איז געווען, ער האָט געהאַט אַ פאַבּריק מיט צעהנדליגע אַרבייטער, און אויך אַן עקספּאָרט ביזנעס קיין גאַליציע, אָבער זיינע שיעורים האָט ער ניט פאַרפעלט.

מיין פאָטער איז אויך געווען אַ עסקן־ציבורי, פאַר צעהנדליגע יאָהרען איז ער געווען „דאזאר", דער נשיא פון די שטאָטישע תלמוד תורה א. ז. וו.

ער פלעגט שרייבען חידושי תורה, און געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט פיעלע רבנים, מאַנכע פון זיי זענען געדרוקט אין רבנישע זשורנאַלען; ווי אין „הבאר", „אוהל מועד", „קול תורה" און אויך אין חסידישע ספרים וואָס אונזער מחותן הרב ר׳ מנחם מענדל וואַלדאַן ז״ל, האָט אַרויסגעגעבען: „אור הנפלאות", „נפלאות הרבי", „אוהל יצחק" און נאָך. כמעט ביי יעדען בריוו וואָס ער פלעגט צו מיר שרייבען האָט ער צוגעלייגט אַ בייגעלע „חידושי תורה". און פון דיזע בייגעלעך טאַקע האָב איך צוזאַמענגענומען און אַרויס־געגעבען אַ ספר „שארית ישראל", צו זיין אייביגען אָנדענקען.

ביז דער ערשטער וועלט מלחמה, איז ביי מיין פאָטער ז״ל געווען תורה וגדולה במקום אחד. אַ חוץ די געשעפטען וואָס ער האָט געפירט מיט הצלחה, האָבען מיינע עלטערע ברידער, נאָך בחור׳ווייז געקויפט אַ „לאָטעריע צעטל" וואָס האָט געוואונען דאָס „גרויסע געווינעכטס", פינף און זיבּציג טויזענט רובּל, וואָס איז אַריינגעפאַלען קיין טאָמאַשאָוו, און זיי האָבען געהאַט אַ פערטל. די אַנדערע פערטלען האָבען געהאַט: ר׳ יואל שאַפּראַן, ר׳ יחזקאל לערער און ר׳ אברהם שטיינוואָרצל. אין יענע יאָהרען איז עס געווען אַ גרויס פאַרמעגן. מיינע ברידער האָבען דאָס געלט געגעבען מיין פאָטער ז״ל, וועלכער האָט, ווי ער האָט זיך געפיהרט אין זיינע געשעפטען געגעבען מעשר, צעהן פּראָצענט; איך געדענק נאָך, אַלס קינד, ווען מען האָט איהם אויפגערופען צו דער תורה שבת נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגענומען

דאָס געלט אין וואַרשא, האָט ער מנדב געווען פינף הונדערט רובל פאַר׳ן הויז פון תלמוד תורה, און אַנדערע צדקות. אויך האָט ער געלאָזט שרייבען אַ ספר תורה, און ביים סיום הספר מיט גרויס פאַראַד געפיהרט דאָס ספר איבער׳ן מאַרק צו דער שוהל, מיט מיוזיק און פייער ווערק וואָס מען האָט עקסטרא געברענגט פון וואַרשא.

כמעט יעדע נאַכט, נאָכדעם ווי דאָס בני בית איז געגאַנגען שלאָפען, פלעגט ער זיך ערשט אַנידערזעצען שרייבען. ער האָט אויך איבערגעשריבען אַ אַלט כתב־יד פון „פרי מגדים״, וואָס איז אַלט געווען אַן ערך הונדערט און פופציג יאָהר, און דערצו איז נאָך דאָס פּאַפּיר געווען „באַבולע״ און זעהר שווער צו לעזען. ער האָט דאָס מאַנוסקריפּט אַוועקגעגעבען זיין פריינט הרב ר׳ פינחס מענדל זינגער ז״ל, דער וואַרשאָווער מורה הוראה, געבוירען אין טאָמאַשאָוו, אַ זון פון טאָמאַשאָווער מורה הוראה רבי שמואל זינגער ז״ל. וועלכער האָט עס אַרויסגעגעבען געדרוקט אין בילגורייא אין יאָהר תר״ע, און ער שרייבט טאַקע אין דער הקדמה אַ דאַנק צו מיין פאָטער ז״ל. דאָס ספר איז היינט אַ יקר המציאות, מען באַקומט עס נישט צו קויפען. איך האָב איין עקזעמפּלאַר.

אויך האָט מיין פאָטער ז״ל, געשריבען אָדער איבערגעשריבען אַ כתב־יד מיט תורות פון רוזשינער צדיק ז״ל, אָבער עס איז פאַרלוירען געגאַנגען.

מיין פאָטער ז״ל, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע לייבערי, ספרים פון ערשטע דרוקען, וואָס איז ניט היינט בנמצא. אַ חוץ די ספרים און כתב־יד׳ן וואָס איז געבליבען פון מיין זיידען, דעם טאָמאַשאָווער רב, פלעגט ער אַליין אויך קויפען פיעל ספרים. אָבער ליידער איז אַלעס פאַרברענט געוואָרען נאָך די ערשטע און צווייטע וועלט מלחמה.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די עסטרייכער האָבען באַזעצט טאָמאַשאָוו, האָט מען מיין פאָטער אַרעסטירט, און געהאַלטען אַלס משכון פאַר די גרויסע שטייערן וואָס די אַרמיי האָט אַרויפגעלייגט אויף די אידישע באַפעלקערונג. ביים ריקצוג פון די עסטרייכער איז ער אַנטלאָפען מיט זיין פאַמיליע קיין מינסק, וואו זיי זענען דאָרט געווען פיער יאָהר, ביז׳ן סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

נאָכ׳ן קריג, ווען מיין פאָטער איז צוריק געקומען קיין טאָמאַשאָוו, האָט ער געטראָפען כמעט די גאַנצע שטאָט אָפּגעברענט. ער איז באַלד צוגעגאַנגען צו דער מויער פון אָפּגעברענטען הויז און געמאַכט אַ ברכה, מקיים צו זיין די דברי חז״ל: כשם שמברך על הטובה — כך מברך על הרעה. ער האָט זיך נאַר דערפרייט ווען מען האָט איהם געזאָגט אַז אַ טייל פון זיינע ספרים זענען געראַטעוועט געוואָרען. מיין פריינט ר׳ יעקב

גרינער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט און וואוינט היינט אין ברוקלין, האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט געהאַט זיין סטאָר אין אונזער הויז, און ער האָט די ספרים צייטליך איינגעפּאַקט אין קאַסטענס, און ביי זיך באַהאַלטען. ווען מיין פאָטער ז״ל, האָט דערזעהן די ספרים, האָבען זיך טרעהרען פון שמחה געגאָסען פון זיינע אויגען.

אגב, אין ספר „שארית ישראל", באַשרייבט ער די ספרים וואָס האָבען זיך געפונען ביי איהם, אַנטיק ספרים, יקרי המציאות.

נאָך מיין פאָטער׳ס פטירה שרייבט דער רעדאַקטאָר פון רבנישען זשורנאַל „אונזער גייסט" פון חודש ניסן תרצ״ח, הרב ישראל דוב הכהן פירשטמאַן, הי״ד: „תלמיד חכם שמת... נדהמתי ונרעשתי מהבשורה המעציבה מפטירת ידינ״ע, הרב הגדול בתורה ובחסידות ובכל מדה נכונה, צמ״ס, חוטר מגזע תרשישים המפורסם וכו׳ מוה״ר ישראל גורזיצינסקי ז״ל, מטומשוב־לובלסקי, חתן הגאון הצדיק המפורסם וכו׳ מוה״ר משה רויגענפיש זצ״ל, אבד״ק טומשוב. בפטירת המנוח אבדה הקהלה העברית בטומשוב, אחד מחשובי בניה־בוניה, אשר במשך ימי חייו הארוכים, עד הזמן האחרון, פעל ועשה הרבה במסירת נפש לטובת החינוך וחיזוק הדת".

„דאָס אידישע טאָגבלאַט" פון ג׳ ניסן תרצ״ח שרייבט: „אין עלטער פון 93 יאָהר איז אין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי נפטר געוואָרען נאָך אַ קורצע קראַנקהייט, דער איבעראַל געאַכטעטער הרב ר׳ ישראל גאָרזשיטשיינסקי, באַקאַנט אונטער׳ן נאָמען ר׳ ישראלי דעם רב׳ס. דער נפטר איז געווען נשיא פון ארץ געלט איבער פופציג יאָהר, און אַזוי פיעל יאָהרען האָט ער אָנגעפיהרט די היגע תלמוד תורה, וואו ער איז געווען דער פּרעזידענט.

„אינטערעסאַנט איז, אַז דער נפטר איז במשך פון זיין לעבען, געווען ביי איבער הונדערט גרויסע צדיקים, ווי ביים חידושי הרי״ם, ביים טריסקער מגיד, ביים אַלטען צאַנזער רב זצ״ל א. אַנד. דער נפטר האָט געשטאַמט פון יחוסדיגע רבנישע פאַמיליעס. פרייטאָג איז פאָרגעקומען די לויה. פאָראויס זענען געגאַנגען אַלע תלמוד־תורה קינדער און גערופען: „צדק לפניו יהלך".

„אין טריסקער־קעלצער שטיבל וואו דער נפטר האָט געדאַווענט, זענען נאָך די הקפות געהאַלטען געוואָרען אַ רייהע הספדים. טראָץ דעם גרויסען רעגען און ווינט האָט דעם נפטר מלוה געווען אַ געוואַלדיגער עולם. דער נפטר האָט איבערגעלאָזט אַ צוואָה, אין וועלכער ער האָט פאַרטיילט אַ גרויסע סומע געלט אויף צדקה. דערונטער אייניגע הונדערט זל. פאַר דער היגער תלמוד־תורה.

„אינטערעסאַנט, אַז טראָץ זיין טיפען עלטער, האָט ער ביזן לעצטען טאָג, נישט פאַרלוירען זיינע חושים. אַליין געהאַנדעלט און נישט אָנגעקומען צו קיינעם. דער נפטר איז געווען אַ מיטאַרבייטער אין אַ רייהע רבנישע

ירחונים, מאַנאַטסשריפטען, ער האָט אויך איבערגעלאָזט איניגע חיבורים אויף תורה. באַזונדערס איז ער געווען אַ גרויסער חסידות קענער.

חבל על דאבדין ולא משתכחין! תנצב"ה".

## רבי חיים אהרן צבי שידקאווסקי ז"ל

אין מיינע צייטען איז געווען טאָמאַשאָווער רב, ר' חיים אהרן צבי שידקאָווסקי. די חסידים האָבען איהם גערופען: „דער ליטוואַק".

ביז פופצעהן יאָהר בין איך געווען פאַרטאָהן אין לערנען און אין חסידות, טאָג איין טאָג אויס געגאַנגען אין „טריסקער־קאזמיר" שטיבל" לערנען, אַריינקוקען אין חסידישע ספרים, און זיך צוגעהערט צו די חסידישע מעשיות.

איך געדענק, ווען איך בין איינמאָהל געגאַנגען אין שליחות פון מיין פאָטער ז"ל, איבערצוגעבען אַ בריוו צום רב, ר' חיים אהרן צבי, האָט ער מיך זעהר פריינטליך אויפגענומען, און מיך געפרעגט וואָס איך לערן, און אין איינוועגס מיך אַ ביסל פאַרהערט... פון דיזען טאָג אָן פלעג איך שוין זיין אָן אָפטער אַריינגייער, כמעט יעדען טאָג. צוויי מאָהל אין דער וואָך פלעגט ער מיט מיר און מיט זיין זון יחזקאל לערנען אַ שיעור.

אָבער אויסער לערנען דעם שיעור, האָב איך אויך אַנדערע זאַכען דאָרט געלערנט. עס איז ביי איהם געווען אַ מאָדערנע שטוב. עס פלעגען דאָרט אויך אַריינקומען פאַרשידענע וועלטליכע מענשען, און מאַנכע שמועסען פלעגען מיך זעהר אינטערעסירען. די אומגאַנגס שפּראַך איז דאָרט געווען אַנדערש ווי ביי אַ געוועהנליכען טאָמאַשאָווער איד. זאָגאַר דאָס אידיש רעדען איז געווען אַנדערש, מיט אַ ליטווישען דיאַלעקט, און מאַנכעס מאָהל האָט מען אויך גערעט רוסיש.

רבי חיים אהרן צבי האָט געלערנט אין ליטווישע ישיבות, און איז געווען אַ תלמיד מובהק פון לובלינער רב, הרה"ג ר' הלל ליפשיץ ז"ל, מחבר פון ספר „בית הלל". דער לובלינער רב האָט געשריבען אַ בריוו, המלצה, צו מיין פאָטער, ער האָט רעקאָמאָנדירט און געבעטען מיין פאָטער צו שטיצען די קאַנדידאַטור פון זיין תלמיד ר' חיים אהרן צבי, ער זאָל ווערען רב אין טאָמאַשאָוו, וועלכע איז אַ לאַנגע צייט געווען אָהן אַ רב, ווייל די שטאָט האָט זיך נישט געקענט אייניגען, איז נאָר געווען „מורה הוראות". נאָך די ערשטע דרשה אין „פראָסטען בית המדרש" איז ער טאַקע אויפגענומען געוואָרען אַלס שטאָט רב.

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען דער „קאַזשאָנער ראַבינער", דאָלגאָנאָס, איז געשטאָרבען, איז דער שטאָט רב ר' חיים אהרן צבי אויך געוואָרען „קאַזשאָנער ראַבינער".

און עס דערמאָנט מיך אַ שעהן וואָרט וואָס עס האָט געזאָגט דער

מאָסקווער רב, הרב מזא״ה ז״ל. ווי באַוואוסט איז אין גאַנץ רוסלאַנד, און פוילען האָט אויך דאַמאָלסט געהערט צו רוסלאַנד, געווען צווייערליי רבנים, אַ רב וואָס די אידישע קהילה האָט אויפגענומען, אַ רב אַ למדן, אַ תלמיד חכם, אַ ירא שמים, און אַ רב וואָס די רעגירונג האָט באַשטימט. דער „קאַזשאָנער ראַבינער" האָט נישט באַדאַרפט קענען לערנען, ער האָט געפיהרט די מעטריקעס, געבורט און טויטן־פאַל, אָפיציעל האָט ער פאַרטראָטען די אידישע געמיינדע געגען די רעגירונג. איהם האָט מען גערופען: „רב מטעם" דאָס הייסט: רב מטעם המלכות.

אויף דעם האָט הרב מזא״ה געזאָגט: עס איז דאָ פיערערליי מידות ביי רבנים, אַזוי ווי עס איז דאָ פיערערליי מינים ביים אתרוג. דער לולב האָט אַ טעם און ניט קיין ריח, דער אתרוג האָט אַ טעם און אַ ריח. דער הדס האָט אַ ריח און ניט קיין טעם, די ערבה האָט ניט קיין טעם און ניט קיין ריח (מדרש רבה).

אַ רב וואָס האָט אַ טעם און ניט קיין ריח? — דאָס איז אַ רב — מטעם, אָבער ער האָט ניט קיין ריח התורה.

וועלכער איז אַ רב וואָס האָט אַ טעם און האָט אַ ריח? — דאָס איז אַ „רב מטעם" און איז אויך אַ תלמיד חכם.

***

וועלכער איז אַ רב וואָס האָט ניט קיין טעם און ניט קיין ריח? — דאָס איז אַ רב וואָס קען ניט לערנען און ניט קיין קאַזשאָנער רב.

און וועלכער איז אַ רב וואָס האָט אַ ריח און ניט קיין טעם? — דאָס איז אַ רב וואָס קען לערנען און איז ניט באַשטימט מטעם המלכות...

רבי חיים אהרן צבי שידקאָווסקי איז געווען ביידע: אַ רב מטעם המלכות און אַ רב אַ תלמיד חכם.

ביים טאָמאַשאָווער רב האָב איך פיעל געלערנט. נישט נאָר תורה, נאָר אויך וועלטליכע זאַכען. דריי יאָהר אַן ערך האָב איך ביי איהם געלערנט. דאָס זענען געווען די שטורמישע יאָהרען פון רוסישען אידענטום. די צייטען פון דער ערשטע און צווייטע „דומע" (פאַרלאַמענט), נאָך די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, אין דער צייט פון די רוסישע פּאָגראָמען אויף אידען. יעדען טאָג האָבען די צייטונגען געבראַכט נייע באַריכטען פון פאַרגאָסען אידיש בלוט, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די אידישע לעזער. אין פוילען זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען, נאָר אין קיעלץ און אין שעדליץ. אין רוסלאַנד און אין אוקראַינא איז פיעל אידיש בלוט פאַרגאָסען געוואָרען. כמעט יעדען טאָג האָבען די צייטונגען באַריכטעט פון אַ פּאָגראָם.

אין יענע „שטורם און דראַנג" צייטען, האָב איך אָנגעהויבען צו לעזען העברעאישע און רוסישע צייטונגען. עס איז דאַמאָלסט געווען די בליענדסטע צייט פאַר דער העברעאישע פרעסע. די „הצפירה" און „הצופה" זענען ערשינען אין וואַרשאַ, דער „המליץ" אין פעטערבורג און דער „הזמן" אין ווילנא. פיער טעגליכע העברעאישע צייטונגען און כמעט אַלע האָב איך געלעזען.

קיין אידישע צייטונגען האָבען דאַמאָלסט קיין טאָמאַשאָוו נישט דער־גרייכט. כאָטש אין וואַרשא האָט שוין אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן „דער מאָמענט" און דער „היינט". שפּעטער האָבען אויך אידישע צייטונגען אָנגעהויבען צו קומען קיין טאָמאַשאָוו, אָבער אַ איידעלער בעל־בית אַ בן תורה, האָט זיך געשעמט צו לעזען אַ אידישע צייטונג. מען האָט עס גערופען די צייטונג פאַר אַרבייטער און פרויען. און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַז עס איז ניט געקומען קיין העברעאישע צייטונגען, ווייל אָפט האָט די צענזור גע־שטערט, פאַרמאַכט פאַר אַ געוויסע צייט, אָדער קאָנפעסקירט פאַר שרייבען אַרטיקלען געגען די רעגירונג, האָט מען בעדיי געלעזען רוסישע צייטונגען אָבי נישט די „זשאַרגאָנישע צייטונג", ווי מען האָט דאַמאָלסט גערופען די אידישע צייטונגען. מאַנכע העברעאישע שרייבער זענען געווען געגנעריש געשטימט צו דער אידישער שפּראַך זיי האָבען זי גערופען „שפת השפחה". אויף די ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען איז פאָרגעקומען אַ שפּראַכען קאַמף,



ר׳ פישל גארזיצײנסקי ע״ה

וואו מען האָט געלאָזט פאַלן די לאָזונג: „עברית או רוסית״. דאָס הייסט מען זאָל רעדן העברעאיש אָדער רוסיש.

אָבער אויך אידיש האָט געהאַט איהרע פּאַטריאָטען. און אין יענער צייט איז טאַקע פאָרגעקומען „די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ״, וואָס דער גרויסער דענקער נתן בירנבוים ז״ל, דער שפּעטערדיגער פירער פון דער „אגודת ישראל״ האָט צוזאַמענגערופען אין טשערנאָוויץ, וואו די גרעסטע אידישע שרייבער האָבען אָנטייל גענומען.

ביים רב אין שטוב, איז פאָרגעקומען פאַרשידענע דיסקוסיעס איבער צייטפראַגען. נאָכ׳ן שיעור האָט מען גערעדט „פּאָליטיק״. און ווען עס איז פאָרגעקומען אַ דין תורה, זענען מיר אַרויס פון הויז, און מיר זענען געזעסען אויף דער באַנק וואָס איז געווען ביי דער זייט פון הויז. עס זענען צוגעקומען אויך ניט קיין לערנער, וועלכע זענען געווען בעסער באַהאַוועגט אין וועלטליכע זאַכען, און מיר בטלנים, האָבען זיך צוגעהערט און זיך באַטייליגט אין די געשפּרעכען. געוועהנליך האָט מען דאָס געמאַכט בשתיקה, ווען דער רב איז געווען פאַרנומען ביי אַ דין תורה אָדער אַזוי ביי אַ וויכטיגען ענין.

**
*

צום רב פלעגען קומען פאַרשידענע מענשען: רבנים, דרשנים, אַ מאָהל אַ „מטיף לאומי״, וועלכער האָט פאַרלאַנגט פון רב אַ ערלויבעניש צו רעדען אין בית המדרש. אויך אַ זעלכע וואָס זענען געשיקט געוואָרען פון ישיבות, אינסטיטושענס פון גרויסע שטעט, און דאַמאָלסט האָבען מיר געהאַט אַ געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט די אידישע גרויסע וועלט, וואָס איז געווען אַזוי ווייט פון טאָמאַשאָווער אידישען לעבען, כרחוק מזרח ממערב. איינמאָל, געדענק איך, איז געקומען אַ רב אַ דרשן, מיט אַ ברייטע שיינע באָרד און לאַנגע האָר, וועלכע זענען אַריבערגעפאַלען איבערן האַלז, שבת האָט ער געטראָגען אַ צילענדער וואָס דאָס איז געווען אַ נייעס אין טאָמאַשאָוו. ער האָט געהאַט שוועריגקייטען ביז דער רב האָט איהם געגעבען אַן ערלויבעניש צו רעדען אין בית המדרש. ער האָט זיך גערופען „מטיף לאומי״, און געשיקט איז ער פונם „אָדעסער קאָמיטעט״. אין אַ זונטאָג, בין מנחה למעריב, האָט ער גערעדט אין „פּראָסטען בית המדרש״, (עס איז אויך געווען אַ חסידיש בית המדרש). ער האָט געהאַט אַ קלינגעדיגע שטימע, האָט אָנגעהויבען צו רעדען שטיל, אָבער וואָס אַמאָל העכער און העכער. עס איז געווען נאָכ׳ן האָמעלער פּאָגראָם, און ווען ער האָט געשילדערט סצענעס פון פּאָגראָם, האָט דער עולם געגאָסען מיט טרערען. אויך פון עזרת נשים האָט זיך געהערט וויינען אויפ׳ן קול.

זיין רעדע איז געווען דורכגעפלאָכטען מיט פסוקים און מאמרי חז״ל. ער האָט געשילדערט דעם „גלות רוסיה״ מיט די שוואַרצסטע פאַרבען. און דערנאָך האָט ער אַנטוויקעלט דעם ציוניסטישען געדאַנק, וואָס מיר האָבען דאָס ערשטע מאָהל געהערט אין אַ דרשה אין אונזער שטאָט. דער איינדרוק איז געווען זייער גרויס. איך געדענק נאָך ווי היינט, ווי ער האָט ציטירט פסוקים פון יחזקאל, ווי דער נביא זעהט דעם טאָהל מיט די „עצמות היבשות״, געמאָהלען האָט ער דאָס בילד מיט אַזאַ טאַלאַנט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַט זעהען מיר דעם נביא יחזקאל מיט די צושויבערטע גרויסע באָרד, און דעם באַרג מיט די טויטע טרוקענע מענשליכע ביינער, און אַט דאַכט זיך אַז די סקעלעטען הויבען זיך אָן צו רירען, ביין צו ביין, אָרים צו אָרים, און באַלד ווערען זיי לעבעדיג...

ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען דעם געדאַנק וואָס מען זאָגט נאָך פון רבי שמואל מאָהליווער ז״ל, וועגען די גרינדער פון חיבת ציון און פון ציוניזם, וואָס די מערהייט פון זיי זענען געווען פרייע מענשען, און דאָס האָט גורם געווען אַז די פרומע אָרטאָדאָקסישע אידען זאָלען שטעהן פון דער ווייטענס, און פיעלע זאָלען נאָך זיין געגנער צו דעם ציוניזם.

האָט איינמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג רבי שמואל מאָהליוועך גערעדט וועגען דער אויפלעבונג פון די עצמות היבשות. ער האָט דערמאָנט דעם מאמר חז״ל (סנהדרין צב, ב): פרעגט די גמרא: „ומאן נינהו מתים שהחיה יחזקאל״? — ווער זענען די טויטע וואָס יחזקאל האָט לעבעדיג געמאַכט? — „אלו בני אדם שאין בהם לחלוחית של מצוה״ — דאָס זענען מענשען וואָס באַזיצען נישט קיין מצוות. „אלו בני אדם שכפרו בתחיית המתים״ — דאָס זענען מענשען וואָס האָבען געלייקענט אין תחיית המתים. „אלו בני אדם שחיפו את ההיכל כולו שקצים ורמשים״ — דאָס זענען מענשען וואָס האָבען באַדעקט דעם היכל מיט שקצים ורמשים. מיט דיזען מאמר האָט רבי שמואל מאָהליוועך ערקלערט די פרומע לייט, אַז אויך יחזקאל הנביא, ווען ער האָט געזעהן די אויפלעבונג פון אידישען פאָלק, האָט געוואוסט אַז די ערשטע צום אויפלעבען דאָס פאָלק אין זיין לאַנד, וועלען זיין מענשען וואָס טוהן ניט קיין מצוות, און פיהרען זיך ניט ווי ערליכע אידען דאַרפען זיך פיהרען.

איך בין געווען אַזוי באַאיינדרוקט פון דער דרשה, אַז איך האָב ניט געקענט ביינאַכט איינשלאָפען. איך האָב פיעל נאָכדענקט וועגען דעם דרשן, און איך האָב באַשלאָסען צו שרייבען אין אַ צייטונג די „געשעהעניש״. און אומר ועושה, געשריבען און געמעקט, און איבערגעשריבען און אַוועק־געשיקט צוויי בייגעלעך צום „הצפירה״. איך האָב קיינעם נישט דערצעהלט, ווייל איך האָב זעלבסט ניט געגלויבט אויב די צייטונג וועט עס דרוקען.

עס זענען אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און האָב מיך שוין מייאש געווען, און געדענקט, אַז מן הסתם איז עס ניט געפעלן דעם רעדאַקטאָר, און ער האָט עס אַריינגעוואָרפען אין קאָרב.

אין איינעם אַ פרימאָרגען, ווען איך האָב געעפענט די צייטונג „הצפירה", דערזעה איך אין רובריק „מכתבים מערי השדה" מיין נאָמען, שוואַרץ אויף ווייס, טאַקע ממש, איך האָב מיינע אויגען נישט געגלויבט. מיין נאָמען אונטער דעם באַריכט פון דער דרשה פון דעם „מטיף לאומי", און וואָס פאַר אַ רושם דאָס האָט געמאַכט.

עטליכע טעג האָב איך מיך אויסבאַהאַלטען, איך האָב מורא געהאַט צו געהן אין „טריסקער־קאזמיר שטיבל". צוויי בעלי בתים פון שטיבל, זענען אויך געווען אַבאָנירט אויף דער „הצפירה", האָב איך געדענקט אַז זיי וועלען געוויס מפרסם זיין מיין קאָרעספאָדענץ, דאַדורך האָב איך מיך געשראָקען... אָבער איינער האָט צופעליג דאָס נישט געלעזען, און דער צווייטער האָט נאָך געלויבט מיין שרייבען.

אַ צייט שפּעטער באַקום איך אַ בריוו פון דער ציוניסטישער צענטראַלע אין וואַרשא, מיט אַ ביטע איך זאָל מיך באַמיהען און גרינדען אין טאָמאַשאָוו אַ ציון פאַראיין. אויף דעם בריוו איז געווען אונטערגעשריבען נ. ס. (נחום סוקולוב). האָב איך זיך געטראַכט אַז מן הסתם איז דאָ עפּעס געשעהן אַ טעות, ווייל ווי קום איך אַ זיבעצען יעהריגער בית־המדרש־בחור צו גרינדען אַ פאַראיין? און ווי קומט אַ רעדאַקטאָר פון דער גרויסער העברעאישער צייטונג מיר צו שרייבען? איך לייען נאָך אַ מאָהל דעם בריוו, עס איז פאַרט אויבען געדרוקט מיט גרויסע אותיות: „לשכת ההנהגה הציונית, למדינת פולין, גליל ווארשה, אדרעסה: נ. סוקולוב, ביורה, למר משה גאָזיצאַנסקי בטומאַשוב".

דער בריוו איז געטייפּט אויף אַ טייפּ־רייטער מאַשין, וואָס איך האָב געזעהן דאָס ערשטע מאָל, מיט העברעאישע אותיות, עס זעהט אויס ווי געדרוקט. און כאָטש עס איז שוין פאָראיבער פופציג יאָהר, זינט איך האָב דעם בריוו ערהאַלטען, געדענק איך נאָך ווי היינט, ווי איבעראַשט איך בין געוואָרען לעזענדיג דעם בריוו, און האָב ניט געוואוסט וואָס איך זאָל טון. וואָס ענטפערט מען? יאָ ענטפערען, ניט ענטפערען. ווי קום איך אַ זיבעצען יעהריגער „שטיבל בחור" האָבען צו טון מיט אַזעלכע גדולים, מיט אַזאַ אדם גדול ווי נ. סוקולוב? איך האָב נאָר געזוכט אַ אָרט ווי זיך צו באַהאַלטען...

ווען איך בליק אַ היינט צוריק צו יענער צייט, איז דאָס דאָך שוין „היסטאָרי". און די בריוו דאַרפען טאַקע אַריינגעהן אין ציוניסטישען אַרכיוו. זאָל מען זעהן ווי דער ציוניזם האָט זיך אָנגעהויבען צו אַנטוויקלען אין

פוילען. היינט ווען מיר האָבען שוין ב״ה זוכה געווען צו אַ מדינת ישראל, אָבער ליידער אָהן אַ פויליש אידענטום; איבער דריי מיליאָן פוילישע אידען זענען אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש. ווען מען דערמאָנט זיך כאַפּט אָן אַ גרויל, און אַ ציטער געהט דורך אַלע אברים.

און ווען איך שרייב דיזע שורות ליגען טאַקע פאַר מיר די אָרגינעלע בריוו, דאַטירט: וואַרשא, י״ג אלול, תרס״ה און ו׳ תשרי תרס״ו. למר משה גאַרזיצאַנסקי בטומאַשוב. שוין אַ האַלבער יאָהרהונדערט איז פאַרלאָפען זייט יענער צייט, אָבער עס דאַכט זיך, ערשט נעכטען אי״ז עס געשעהן.

איך האָב מיך אַליין געפרעגט: פון וואַנען וויסען זיי מיין אַדרעס? און ווי פאַלען זיי אויס צו שרייבען צו מיר? און וואָס קען איך, אַ אינגל טון? איך זאָל ווערען אַן עסקן ציבורי? — איך בין געווען הילפסלאָז, און האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָהן, און האָב אַפילו מורא געהאַט צו ווייזען עמיצען דעם בריוו. מען וואָלט דאָך מיך אויסגעלאַכט.

ענדליך האָב איך באַשלאָסען זיי צו ענטפערען און זיי שרייבען דעם אמת. אַז קודם כל, בין איך אַ אינגל, אַ בית מדרש׳ניק. און אַז טאָמאַשאָוו איז אַ חסידיש שטעטל, מיט חסידישע שטיבלעך.

עס זענען געווען אין יענער צייט אַ צעהנדליג שטיבלעך און קלויזען. רעליגיעזע פאַראיינען אָדער פאַרטייען זענען זאַגאַר אין גרעסערע שטעט ווי טאָמאַשאָוו ניט געווען. די מזרחי און אגודת ישראל, זענען ערשט נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה געגרינדעט געוואָרען. איך האָב אין מיין ענטפער אַלעס אַרויסגעשריבען, אַז טאָמאַשאָוו איז נישט דאָס אָרט און עס איז נישט דאָ מיט וועמען צו גרינדען אַזאַ פאַראיין. און די חסידים וועלען אַוודאי נישט דערלאָזען אַזאַ זאַך, און נאָך אַזעלכע תירוצים. האָב אַוועקגעשיקט דעם בריוו, און האָב געמיינט אַז איך בין שוין פּטור געוואָרען, און עס איז מיר לייכטער געוואָרען אויפ׳ן הארץ. איך האָב אויך געפרעגט ווי זיי פאַלען אויס צו שרייבען צו מיר. אָבער אין אַ קורצע צייט באַקום איך ווידער אַ בריוו, און מען ווענד אָפּ מיינע תירוצים. און גורם געווען צו די אַלע זאַכען האָט מיין „קאָרעספּאָדענץ״ וואָס איז געווען געדרוקט אין „הצפירה״.

***

אין יענער צייט ווען איך האָב געזעהן מיין בריוו געדרוקט אין „הצפירה״, איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, איך זאָל פאַר מיר אַליין אַרויסגעבען אַ וואָכען צייטונג... מיין ברודער יוסף (ע״ה) הי״ד, וועלכער האָט גוט געקענט העברעאיש, האָט צו מיינע עלטערן אָפּט געשריבען בריוו, פלעגט ער צו מיר אויך צושרייבען, און ער האָט מיך ערמוטיגט צו שרייבען צו איהם כמעט יעדער וואָך. האָב איך איהם כמעט יעדער וואָך געשריבען

אַ בייגעלע פון פיער זייטען, און האָב עס אויסגעשטעלט און נאָכגעמאַכט ווי אַ צייטונג. פון אויבען רעכטס איז געשטאַנען ווי געדרוקטע אותיות המביט. איך האָב עס אַ נאָמען געגעבען „המביט״ ווייל דאָס איז דער ראשי תיבות פון מיין נאָמען: הבחור משה בן ישראל, טאָמאַשאָוו. און המביט



ורשה, כ"ד תשרי תרפ"ה

לשכת ההנהגה הציונית
למדינת פולין
גליל ורשא
ורשה, נ. סוקולוב, בית
No. [illegible]

אל מר משה גארדיצאנסקי.

חבר נכבד!

ברגש של רצון קראנו את מכתבך האחרון. רוצים אתם לחכות לימים יותר טובים ומבקשים לבלי שלח אליכם אנשים, כי יראים אתם את חמת הקנאים. – אבל אם התבוללא תעשו מאומה, הלא לא יפקחו המסרדים את עיניהם או יפקחו ולא [illegible] הורדות לעבודתכם – מה שרע יותר – והימים הטובים לכם לא יבואו. יראה אחת מפני הרדיפות ואין אתה מתבייש אפילו להגיד זאת בפה מלא, והרי צריך אתה לדעת שרעיון חדש אי אפשר לו בלי לפגוש התנגדות נמרצה והמחזיקים בו אי אפשר שלא יהיו נרדפים מאותם האנשים שאת מנוחתם הוא מפריע, שנגד ממשלתם הוא מעורר [illegible] דיקים ברעיון – אם רק באמת ובתמים מחזיקים הם בו, אם אין העבודה לטובתו רק שעשועים בעיניהם ולא יותר – צריכים לעבד מבלי [illegible] השגיח במעצורים ורדיפות וחמת הקנאים.

האומנם חשבתם שלא תעוררו נגדכם שום אישי האומנם חשבתם שהמ-סרדים הקנאים לא יתקוממו נגדכם, אם תביאו בין העם את רעיון הציונות את רעיון התחיה, ההתפרצות נגד ממשלת עבדי הגלות בכל צורותיה. נגד אלה שאין הם מכניסים אפילו, כי נתונים הם במרמה ומובלים על גלות נוראה? אי אפשר היה שלא יתחילו לרדף אתכם, כשרק הבעתם את הקריאה הגדולה לחירות עברית לתחיה, – אבל אי אפשר צריך היה ליהיות שאתם תפסיקו את עבודתכם מפני הרדיפות. והאומנם כל כך קטנה הד[illegible]

המעוררים לרעיון חדש, לרעיון התחיה, צריכים להיות מסוגלים ומוכנים להביא קרבנות לטובת רעיונם באופן אחר אין הם ראוים לשם זה

רוצים אנו לקוות שדברינו יועילו אם מעט או הרבה שתבינו שאי שאי אפשר להפסיק את העבודה. אם אי אפשר לכם לעבד בגלוי, עבדו עבדו בסתר, עוררו את העם להירות, לתחיה – אך אל נא [illegible] תחכו בחבוק ידים לימים טובים. הכינו בעבודתכם את הימים הטובים האלה!

בברכת ציון

בשם הלשכה [signature]

אבריוו פון דער הויפט־לייטונג פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין פוילין

איז דאָך דער טייטש דער וואָס קוקט, האָב איך איבעראַל געקוקט און וואָס איך האָב געזעהן און געהערט האָב איך אויפגעשריבען אין „המביט". שטוב נייעס, פאַבריק נייעס, שטיבל נייעס, פון רב'ס הויז א. ז. וו. עס ליגט נאָך ביי מיר ביז היינט קאָפּיעס פון דער „צייטונג"...

עס איז נאָך דאָ ביז היינט אַ לעבעדיגער עדות וואָס האָט געזעהן מיין „המביט". ער וואוינט אין חיפה, מדינת ישראל, דאָס איז מיין פריינט ר' זושא קאַווענשטאָק. ווי אַזוי עס איז צו איהם אָנגעקומען דער „המביט", איז דורך אַזאַ צופאַל: איינמאָהל ברענג איך עטליכע „המביט"'ס אין שטיבל אַריין, צו צייגען מיין קריטיקער ר' נתן גרינוואַלד. אגב, דער ר' נתן איז געווען אַ קלוגער איד, אַ תלמיד חכם, אויך אַ לעזער פון „הצפירה". און כאָטש ער האָט געהאַט די זעלבע ביזנעס וואָס מיין פאָטער, און עס האָט געהייסען אַ געשעפט'ס קאָנקורענט, דאָך בין איך מיט איהם געווען אין בעסטער באַציהונג. און ווען איך האָב געשריבען אַ זאַך וואָס האָב געוואָלט וויסען אויב ס'איז גוט, האָב איך עס איהם געוויזען, ער זאָל מיר זאָגען זיין מבינות. און וואָס עס איז איהם ניט געפעלען פלעג איך עס אויסבעסערען.

אַזוי האָב איך איינמאָהל געבראַכט אין שטיבל עטליכע המביט'ס, און ר' נתן איז דאַמאָלסט צופעליג ניט געווען, האָב איך עס דערווייל אַריינגעלייגט אין מיין גמרא, איך זאָל עס איהם וויזען דעם צווייטען טאָג. מיין פריינט זושא האָט דאָס באַמערקט, און ווען איך בין אַהיים געגאַנגען, האָט ער עס אַרויסגענומען פון דער גמרא. דעם צווייטען טאָג ווען איך בין געקומען און געעפענט די גמרא אַרויסצונעמען די „המביט"'ס איז „והילד איננו"... ערשט אין אַ צייט שפּעטער האָט מען עס אָפּגעגעבען, און איך בין געוואָר געוואָרען אַז דאָס איז געווען ר' זושא'ס מלאכה.

אגב, ווען איך און מיין פרוי האָבען באַזוכט ארץ ישראל אין יאָהר תש"ט, האָט אונז מקבל פנים געווען מיין פריינט ר' זושא. איך האָב איהם קוים דערקענט, אַ שעהנע הדרת פנים'דיגע באָרד, אַ אמת חסידישער אויסזעהן. זיין פאָטער ר' שבתי קאַוועגשטאָק ז"ל, איז געווען יאָהרען לאַנג גבאַי אין אונזער שטיבל, אַ איד אַ חכם, אַ חוץ זיינע געשעפטען האָט ער געהאַט אַ „סייד־ליין", אַ זייטיגע ביזנעס, מען האָט איהם גענומען צו וויכטיגע דין תורה'ס פאַר אַ בורר. און אויף זיין בוררות האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזען. ער איז אויך געווען אַ ידיד נאמן פון מיין פאָטער ז"ל.

ר' שבתי קאַוועגשטאָק האָט געפיהרט דאָס גבאות ביד רמה, מיט דיסציפּלין; איך געדענק אַז שבת בראשית באַלד נאָכ'ן דאַווענען האָט ער געגעבען אַ קלאַפּ אין שולחן, און ער האָט אויסגערופען: איך בין מכריז ומודיע, אַז יעדער איינער זאָל אַנידערלייגען זיין טלית אויפ'ן שולחן, און קיינער זאָל נישט אַ היים נעמען זיין טלית. און כך הווה, ער האָט אַנידער־

געשטעלט „שומרים״ ביי די טיהרען פון שטיבל, און יעדער איינער האָט אויסגעטאָהן זיין טלית, צוגעלייגט, און בדחילו ורחימו צוגעטראָגען און אַרויפגעלייגט אויפ׳ן שולחן. דיזען שבת האָט מיין פאָטער תיכף נאָך „אנעים זמירות״ אויסגעטאָהן זיין טלית און ער איז געווען דער ערשטער אַנידער צו לייגען זיין טלית אויפ׳ן שולחן, יעדער זאָל זעהן, ווי אין פסוק שטייט: ממני תראה וכן תעשה...

די טליתים זענען געווען פאַר׳משכונ׳ט פאַר די חובות, פאַר די שטייערן וואָס יעדער איינער דאַרף באַצאָהלען אויסצוהאַלטען דאָס שטיבל.

נאָך הבדלה פלעגט ר׳ שבתי׳ל אָפשיקען דעם טלית צו מיין פאָטער, און צו מאָרגענס, זונטאָג פריה, האָט שוין געהאַנגען אַ צעטל אויף דער טיר, אויסגערעכענט וויפיעל יעדער איינער איז מחוייב צו געבען, לויט אַ אָפשאַצונג פון אַ קאָמיטע.

*****

אין טאָמאַשאָוו, וואָס איז געווען אַ גרעניץ שטאָט צווישען רוסלאַנד און עסטרייך, איז אַלע יאָרן געשטאַנען אַ פולק (רעגימענט) קאָזאַקען. און אויך „אָביעשטשיקעס״ וואָס האָבען געהיט די גרעניץ און די אומגעגענט. די „דאָנסקי קאָזאַקען״ פלעגען קומען פון זייערע היימען מיט זייערע פערד. אַ „קאָזאַצקי פערד״ איז געווען אַ שם דבר. און ווען זיי זענען אַרויס־געריטען אויף מאַנעוורעס פון זייער „בריגאַדע״, אויף דער צווייטער זייט אונטער די שטאָט, „סאָטניעס״־ווייז, דאָס הייסט צו הונדערט סאָלדאַטען, מיט זייערע אָפיצירען און עלטסטע, זיי אַלע זענען געריטען אויף פערד מיט זייערע ביקסען און הויכע „פיקעס״ איבער דעם מאַרק און שאָסעי. פאָראויס האָבען געריטען דער פאָלקאָווניק און זייער באַנד־מיוזיק מיט די גרויסע קופערנע טרומייטערס און אַנדערע מיוזיק אינסטרומענטען, אַלעס רייטענדיג אויף הויכע קאָזאַצקי פערד, האָט אַרויסגערופען קינד און קייט צו באַוואונדערען זייער העלדישקייט און זיך צוהערען צו די מיוזיק.

אַ האַלבע שטאָט האָט געמאַכט אַ לעבען פון די קאָזאַקען. עס זענען געווען בעלי־בתים, אידישע „פאָדראַטשיקעס״, ליוועראַנטען, וועלכע האָבען געהאַט קאָנטראַקטען און געליפערט אַלע פּראָדוקטען, לעבענסמיטל פאַר די זעלנער, היי און האָבער פאַר די פערד. אויך שניידער׳ס און שוסטער׳ס זענען געווען ביי זיי „ביזי״.

פאָדראַטשיקעס פאַר היי און האָבער זענען געווען יאָהרען לאַנג ר׳ שמואל ניי, ר׳ שמואל פוטער, ר׳ בנימין וויינבערג. מיין ברודער פישל ע״ה, וועלכער האָט געהאַט דעם שעהנסטען און גרעסטען סטאָר פון לעבענסמיטל האָט אַלע יאָהרען געהאַנדעלט מיט זיי. די אָפיצירען און דער פאָלקאָווניק

פלעגען אָפט קומען צו איהם אין סטאָר, און זיי זענען געווען זעהר פריינדליך.

דערביי איז כדאי צו באַמערקען אַז אַלע פּאַדראַטשיקעס האָבען געטראָגען בערד און געגאַנגען אידישלעך געקליידעט. און אַלע סטאָרס זענען געווען שבת געשלאָסען און זונטאָג אָפען. די אָפּיציר׳ס דינער האָבען שוין געוואוסט אַז פרייטאָג דאַרפען זיי קומען פרי איינקויפען.

***

אין אונזער טריסקער־קאַזמיר שטיבל, האָבען געדאַווענט די „שעהנסטע אידען" וואָס איך האָב געקענט. איך געדענק נאָך די אַלטע אידען וואָס אַזאַ טיפּ זעהט מען היינט ניט מעהר. זיי זענען געווען איבערגעגעבען נאָר לתורה ולתפלה. דאָס ערליכקייט און פרומקייט האָט פון זיי אַרונטער־געשיינט. דער זקן שבחבורה, דער עלטסטער שיינער איד איז געווען דער „קליינער יוסף". ער איז געווען לויטער רוחניות. מען האָט איהם גערופען דער קליינער יוסף, ווייל עס איז אויך געווען אַ „גרויסער יוסף", אָבער איהם האָב איך שוין ניט געקענט.

דער „קליינער יוסף" האָט אויסגעזעהן ווי עס איז באַקאַנט דאָס בילד פון רבי עקיבא אייגער ז״ל. ער האָט געטראָגען אַ ספּאָדעק אויפ׳ן קאָפּ. אויף זיין פּלאַץ אין שטיבל, אָדער ווי מען האָט עס דאַמאָלסט גערופען: שטאָט, האָט זיך ניט קיינער געוואַגט צו זעצען. און ביי שלש סעודות איז זיין „שטאָט" געווען אין דער זייט אויבען־אָן. איהם געדענק איך אַלס דער עלטסטער „שיינער איד". זיין מחותן ר׳ בן־ציון שוחט איז אויך געווען פון די גאָר שיינע אידען. ער פלעגט דאַוונען איין טאָג מוסף ראש־השנה. דאָס זענען געווען אידען תלמידי־חכמים, אָפּגעהיטען, שולחן ערוך אידען. אַ צווייטער בעל מוסף ימים נוראים איז געווען ר׳ מאָטעלע גרינוואַלד, אַ סוחר, אַ שיינער בעל בית און אַ בעל מנגן. אַ שיינער טיפּ איז אויך געווען ר׳ מאָטי־גבאי, אַ איד אַ זקן, יעדען טאָג האָט ער געדאַווענט אין טלית ותפילין פון גאַנץ פריה ביז נאָכמיטאָג. אַ חוץ „חק", תהלים, און אַנדערע לימודים וואָס געהערט צו צום דאַוונען, פלעגט ער אויך לערנען שוין שטייענדיג ביים שולחן, תנ״ך און משניות. פון די אָנגעזעהענע בעלי בתים זענען געווען ר׳ נחום ניי, ר׳ נתנאל ראַצימאַר, ר׳ העשעל שלאַגבוים, ר׳ אליי דרימלער, ר׳ פישל גאַזיטשיינסקי, ר׳ נתן גרינוואַלד, ר׳ שעפּסל קאָווענשטאָק, ר׳ שמואל מעלדינג א. נ. פון די אינגערע שיינע אידען: ר׳ קלמן עהרליך, ר׳ יעקב שלאַגבוים, ר׳ ירחמיאל מערמלשטיין, ר׳ ליפּא האָניגספעלד און נאָך. אידען תלמידי חכמים, סוחרים, תורה וגדולה, אַ שיינע גאַלערי ביי דער מזרח־וואַנט.

די טישען מיט די בענק זענען אין אונזער שטיבל געווען אויסגע־שטעלט ווי אַ חית פון בײדע זײטען ארון קודש, און בײ די צפון און דרום׳דיגע ווענט. בין מנחה למעריב, איז יעדען טאָג געווען איין שעה אַ הפסקה. דער עולם איז געווען אויסגעזעצט בײ די טישען בײ אָפענע גמרות אונטער גרויסע בליצלאָמפּען. און ווער עס האָט זיך נישט באַצײטענס געזעצט בײם טיש האָט נישט געפונען קײן פּלאַץ. עס איז אויך געווען אַ „בית שני״ אין שטיבל. בין מנחה למעריב האָבען די בחורים אָפּגעטראָטען זײערע ערטער די בעלי בתים און געלערנט אין „בית שני״. דאָרט האָט מען אויך שבת און יום טוב געלײענט אין ספר תורה. עס איז אויך געווען אין „בית שני״ אַ גרויסער באַק־אויוון, וואו מען פלעגט באַקען מצות ערב פסח. אַ גאַנץ באַזונדערע באַגײסטערונג האָבען מיר בחורים אַרויסגעוויזען יעדעס יאָהר, עטליכע טעג פאַר פסח, צו מאַכען הכנות, אויסצורײניגען דעם אויוון און פאַרצובערײטען אַלע מכשירים צום באַקען די ערב פסח מצות. מיט וואָס פאַר התלהבות און איבערגעבענהײט מיר האָבען דאָס געטאָהן איז שווער איבערצוגעבען; בײם באַקען די מצות האָט מען אינצווישען געזאָגט הלל און קאַפּיטלעך תהלים; יעדער אָנטײל־נעמער האָט געהאַט אַ רעכט אויף עטליכע מצות וואָס איז געבאַקען געוואָרען ערב פסח לשמה.

⁂

בײ אונז אין טאָמאַשאָוו איז נישט געווען קײן ישיבות; עס איז איבערהויפּט אין גאַנץ פּוילין ניט געווען קײן ישיבות אַזוי ווי אין די ליטע. די ליטווישע ישיבות האָבען גע׳שמ׳ט אין דער אידישער וועלט. אָבער אין פּוילין האָט עקזיסטירט פאַר העכערע לימודים ווי גמרא מיט תוספות נאָר „שטיבלעך״ פון יעדער רבי׳שע דינאַסטיע. און אין גאַליציע האָט מען עס גערופען „קלויזען״. יעדער אײדעלער איד, אַ בעל בית, אַ חסיד, האָט זיך אויסגעלעבט זײנע יאָהרען אין זײן „שטיבל״. אין אונזער שטיבל, דאָס טריסקער־קאַזמירער, האָב איך פאַרבראַכט מײן בעסטע יוגענד. קײן „פּראָגראַם״ ווי און וואָס צו לערנען איז נישט געווען. וואָס מען האָט געוואָלט האָט מען געלערנט. עס איז אויך נישט געווען קײן אויפזעהער, קײן משגיח, כל הישר בעיניו יעשה. די תקנות פון די שטיבלעך — פלעגען חסידים זאָגען — זענען דער ערשטער סעיף פון שולחן ערוך, אורח חיים: „יהודה בן תימא אומר: הוה עז כנמר, קל כנשר, רץ כצבי, וגבור כארי״. ווי פריה איך בין געקומען אין שטיבל האָב איך שוין געטראָפען אידען זיצען, ווער בײ אַ תהלים׳ל, ווער בײ אַ גמרא, ווער בײ אַ משניות. סײ ווינטער, סײ זומער, פאַרטאָג אָדער שפּעט בײנאַכט, ווער בײ אַ מלמד, אָדער בײ אַ אַן עלטערן

בחור. ווען איך בין אַרויס פון מלמד, האָב איך געלערנט מיט מיין עלטערן חבר אפרים סיני׳ליס, ער איז געווען אַ בחור אַ מתמיד, האָט שוין געהאַט וועלטליכע אַנשויאונגען. די בחורים זענען געווען פון פאַרשידענעם עלטער, און יעדער האָט געלערנט וואָס ער האָט געוואָלט, ווי די חכמים זאָגען: „לעולם ילמד אדם במקום שלבו חפץ״ (עבודה זרה, יט). די שטיבל־בחורים זענען נישט געווען דיסציפּלינירט, ווי אין אַ ישיבה אָדער חדר, זיי האָבען זיך פריי בייוואויגען, זיי האָבען זיך אַליין באַשטימט זייער צייט צו לערנען.

און כאָטש אין די „שטיבלעך״ זענען ניט געלערנט געוואָרען מיט אַ פּראָגראַם, מיט אַ שיעור פון אַ ראש ישיבה, מיט אַ השגחה פון אַ „משגיח רוחני״ ווי אין די ליטווישע ישיבות, נאָר פון זיך זעלבסט, אַ לומד מעצמו, דאָך זענען אַרויסגעקומען גרויסע תלמידי חכמים, זאָגאַר גאונים פון די „שטיבלעך״. איבערהויפּט אין די גרויסע שטעט, ווי וואַרשאַ, לאָדזש, לובלין, ראַדום א. ז. וו. האָט מען געפונען בחורים יונגע לייט לומדים וואָס זענען אויסגעוואַקסען גרויסע רבנים. על פּי רוב זענען די שטיבל מענשען געווען בני תורה, איידעלע אידען, ווער וויניגער ווער מעהר, אָבער כמעט אַלע זענען געווען יודעי ספר. חומש מיט רש״י און אַ פּרק משניות צי שולחן ערוך האָט כמעט יעדער געקענט. און דערביי איז יעדער געווען בבחינת אַ „ירא שמים״. עס איז נאָר געווען געוונג צו זאָגען אַז דער דאַווענט אין דעם חסידים־שטיבל; דאָס זאָל הייסען אַז ער איז בכלל אַ אמת־אידישער מענש. איבערהויפּט ווען מען איז אַריינגעקומען אין שטיבל, האָט מען געהאַט אַ באַגריף אַז מען איז אין אַ סביבה פון תלמידי חכמים, ווייל יעדער איז געזעסען ביי אַ ספר, צי ביי אַ גמרא. מען האָט אויך געקענט זעהן אַמאָל אַ טאַטען מיט אַ זון לערנען. אַלעס האָט אַריין געקוקט אין אַ לשון קודש ספר.

מען האָט אויך געפּראַוועט מלוה־מלכה׳ס יעדען מוצאי שבת פאַר די גאַנץ געהויבענע חסידים, פון די שאָר ירקות וואָס איז איבערגעבליבען פון די שבת׳דיגע מאַכלים האָט מען צוזאַמענגעשטעלט די מלוה־מלכה׳ס. מאַנכעס מאָל האָט מען נאָך צוגעקאָכט אַ הייסען באָרשט מיט קאַרטאָפּלעס. און ווער שמועסט ווען עס איז צופעליג געווען אַ יאָהרצייט, פון אַ רבי׳ן, דאַמאָלסט האָט מען שוין אויך געמאַכט אַ „לחיים״... די הלולאַ פון „טריסקער מגיד״ ז״ל, איז געפּראַוועט געוואָרען מיט באַגייסטערונג. מיינע עלטערע ברידער ישעי׳ און יוסף האָבען געשפּיעלט אויף מיוזיק אינסטרו־מענטען און ביי די געהויבענע מלוה מלכה, פלעגען זיי שפּילען חסידישע ניגונים און אויך „מאַרשען״.

די מערב ווענט פון די שטיבלעך זענען געווען באַדעקט מיט שעלפס, שאַפעס ספרים פון אויבען ביז אַרונטער, ספרים אָהן אַ שיעור. ש״ס׳ן,

רמב״ם׳ס, שאלות ותשובות, שולחן־ערוך׳ס און חסידישע ספרים, ספרי יראים. גרויסע דיקע בענדער קליינע און קלענערע ספרים אָהן אַ שיעור. ביי אונז אין שטיבל איז אויך געווען אַ „תיקון ספרים״, איינער פון די בחורים פלעגט יעדען פרייטאָג אַרומגיין מיט אַ פושקע פאַר „תיקון ספרים״, צו קויפען נייע ספרים און איינצובינדען די אַלטע ספרים. עס זענען ביי אונז אויך געווען „זיידענע יונגע לייטלעך״, קעסט קינדער, וועלכע זענען געזעסען כמעט אַ גאַנצען טאָג און געלערנט; ווער „לשמה״ און ווער שלא לשמה... אַזאַ „זיידענער יונגערמאַן״ האָט פאַרשאַפט זיין שווער און שוויגער כבוד און דרך ארץ. זיי האָבען אַזוי לאַנג געלערנט ביז דער שווער האָט געגעבען די „קעסט״ דאַן איז ער געוואָרען אַ סוחר אָדער אַ „שטעקעלע דרייער״... מאַנכע האָבען פאַרגעזעצט זייער לערנען און געוואָרען אמת׳־דיגע תלמידי חכמים, „שיינע אידען״.

***

דאָס אַלעס איז געווען פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה.

אָבער ווען איך האָב אין 1918 באַזוכט מיין געבורטס שטאָט, נאָך מיין אָפוועזענהייט פון 4 יאָהר קריג, האָב איך עס נישט דערקענט; פילע געגענטען פון שטאָט זענען פאַרברענט געוואָרען. קיין צייכען פון „קאָזאַקען״. די הילצערנע הייזער זענען אַלע אָפּגעברענט געוואָרען. עס זענען נאָר געבליבען די „מויער׳ן״, די שטיין און ציגעל הייזער, און פיעל פון זיי צעשטערט. די מענשען האָבען זיך אַרומגעדרייט ווי שאָטענס, די געוועלבער לעהר, אָהן קונים, אָהן סחורה. ווען איך בין אַריינגעקומען צו מיין ברודער פישל אין געשעפט, האָב איך עס ניט דערקענט... די פּאָליצעס כמעט לעהר, נישטאָ דאָס פרעהליכקייט, נישטאָ דאָס לעבעדיגקייט. און אַזוי איז געווען אין אַלע אַנדערע געשעפטען. טאָמאַשאָוו איז געוואָרען אַ קליין פּוסט שטעטל. אויך דאָס טריסקער־קאַזמיר שטיבל איז נישט דאָ. אַלעס איז אַוועק מיט׳ן רויך. שבת האָבען די טריסקער־קאַזמיר חסידים געדאַווענט ביי ר׳ אַנשל בראַנד. פיעלע מענשען וואָס איך האָב מיך אויף זיי נאָכגעפרעגט, מיינע חברים, זענען ניט געווען; מאַנכע זענען געבליבען אין רוסלאַנד, מאַנכע זענען אומגעקומען אין דער מלחמה. די טריסקער חסידים האָבען זיך אָרגאַניזירט צוריק אויפבויען דאָס „שטיבל״. אויך אונזער הויז און די פאַבריק איז אָפּגעברענט, עס איז נאָר געבליבען דער פראָנט מויער. דער עקספּאָרט קיין גאַליציע האָט אויפגעהערט, עס איז ניט מעהר קיין גרעניץ שטאָט. דער רב איז שוין מעהר נישט געווען צווישען די לעבעדיגע. די רביצין האָב איך ניט דערקאַנט, היתה כאלמנה... חרוב געוואָרען אַ שעהנע לומדיש־מאָדערנע שטוב. מיט וועמען איך האָב גערעט האָט נאָר געקרעכצט און געזיפצט; ווי אַזוי בויט מען אויף צוריק

אַ היים. „ווען איך וואָלט געווען ראָטשילד״ — האָב איך מיר געטראַכט — „וואָלט איך געקענט דאַמאָלסט אַ סאַך אויפטאָהן״... אָבער ליידער בין איך אַרויסגעפאָהרען פון טאָמאַשאָוו צוריק קיין וויען, וואו מיר האָבען געוואוינט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, מיט געלט, קוים אויף אַ טיקעט אַ היים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט, נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה, איז אויך מיין שטעטל טאָמאַשאָוו אויסגעליידיגט געוואָרען פון אידען. נישט דאָ מער קיין אידען אין טאָמאַשאָוו. זיי האָבען געטיילט דעם גורל פון די דריי און אַ האַלב מיליאָן פוילישע אידען, וועלכע זענען אומגעקומען דורך דעם אכזר׳ישען, מערדערישען דייטשען פאָלק, מיט דער מיטהילף פון די פוילישע אַנטיסעמיטען ימח שמם וזכרם, ד׳ ינקום דמם.

ארץ, ארץ אל תכסי דמם!



# פרילינג אין טאָמאַשאָוו

● ע. ה., ווראצלאוו *)

א.

צעגאַנגען איז דער שניי,
די בלאָטעס זיינען גרויס,
עס קומט דער חודש מאַי
און טרינקט שנעל זיי אויס.

מענטש ! אָ קוק און קוועל,
ס׳אַראָ גרויסער נס :
פרילינג אויף דער וועלט,
עס בליט די בלום דער בעז.

אָט שיינט די זון שוין באַלד !
זויבער, קלאָר די לופט.
דאָס גרינע פעלד, דער וואַלד,
פאַרשפרייטן זייער דופט.

עס וועקט באַגין פון שלאָף,
די זון אין פענסטער שיינט,
וואַך אויף אָט טאָמאשאָוו ! —
פרילינג איז דאָך היינט...

און קוים וואָס נאָר ס׳טאָגט,
באַלד ביים ערשטן קריי,
מען לויפט, מען איילט, מען יאָגט,
ס׳איז דאָך פרילינג, מאַי !...

## יעקעלע רופא

ב.

מיט אָ נאָז ווי אַ שופר,
און מיט טלית און תפילין,
גייט יעקעלע רופא
אין שול זאָגן תהלים.

* דער מחבר ע. ה. האָט זיינע אַרבעטן פאַרן בוך געשיקט פון פוילן און האָט זיין נאָמען נישט געוואָלט אויסגעבן.

זיין תהלים זאָגט ער,
פאַרפעלט ניט קיין האָר,
אויף זיינע פּלייצעס טראָגט ער,
שוין אַכט און אַכציק יאָר.

יעדן טאָג איז ער עולה,
דאַוונט מיט אַ הייסע שטים —
אַז עס מאַכט זיך נאָר אַ חולה;
רופט מען טאַקע אים.

יעק׳לע־רופא קומט אַרויף,
און נעמט זיך פּרעגן באַלד:
„זאָג, אַז ווען דו דעקסט זיך אויף
„איז דיר טאַקע קאַלט?

„און אַז דו דעקסט זיך איין
„איז דיר זיכער הייס,
„דאָס איז עס טאַקע — כ׳מיין
„די קרענק, אַט זעסט, איך ווייס״!...

אויף פּאַראַד אין דריטן מאַי
עס מאַכט ניט, ס׳איז קיין שאַנדע;
ער מאַרשירט אין ערשטער ריי,
אין פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע.

מיט אַ העלם וואָס גלאַנצט פון ווייט,
און בלישטשעט ווי אַ קרוין,
ער מאַרשירט פעסט און ברייט,
אַ גיבור, אַ פּאַרשוין.

און ווי הויך ער הויבט די פיס,
אַ יונגערמאַן און גאָר.
גיי דערקען אַז אים איז
שוין אַכט און אַכציק יאָר...

נאָך זיין טויט — עס שפּאַסט דער שפּאַסער
אַז עס בליצט און דונערט שטאַרק:
„יעקעלע־רופא פאָרט נאָך וואַסער,
לעשן שריפות אויפן מאַרק...״

# אידיש שטייגער לעבן אין טאָמאַשאָוו

● יוסף מאָסקאָפּ

**טאמאשאוו** לובעלסקי איז געווען אָ שטאָט ווי אַ סך אַנדערע אַזעלכע מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אידן און נישט אידן. די ערשטע האָבן געבילדעט די מערהייט אין שטאָט. צווישן די לעצטע זיינען געווען פּאָליאַקן און רוסן, אָדער אוקראַאינער. איך זאָג אָדער, ווייל גערעדט האָבן זיי רוסיש און געווען גלויביק פּראַוואָסלאַווגע. אָבער די לעצטנס אויפגעוואַכטע אוקראַאינישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט זיי באַטראַכט אַלס אוקראַינער. אין די לעצטע יאָרן אונטער דער פּוילישער הערשאַפט זיינען זיי כמעט ווי פאַרשוואונדען פון דער אויבערפלאַך.

אין שטאָט האָבן אידן באַוואוינט דעם צענטער, און די גאַסן אַרומ'ן צענטער. די פּוילישער באַפעלקערונג — די ראַנד גאַסן און געסלעך.

במשך די עטלעכע הונדערט יאָר, האָט זיך אידיש לעבן באַפעסטיקט אין שטאָט מיט אירע פאַרשידענע רעליגיעזע, סאָציאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. געווען דאָרט אַ שול אַ פּראַכט, בתי מדרשים און בתי תפילה, געווען אַ בית עלמין, אַ חברה קדישא מיט פאַרשידענע אַנדערע וואויל־טעטיקע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אין זייערע טעטיקייטן, ביז'ן ערשטן וועלט קריג, געגעבן אויסדרוק דעם רעליגיעז חסידישן לעבנס־שטייגער.

ביז דעם ערשטן וועלט קריג האָט זיך טאָמאשאָוו געפונען ביים דרום ברעג פון רוסיש פּוילן. האַרט אונטער דער שטאָט האָט זיך געפונען די „טאמאזשנע" דאָס איז די צאָל־קאַמער, וואו רוסישע גרענעץ באַאַמטע האָבן רעווידירט יעדן דורכפאָרער זיינע דאָקומענטן און באַגאַזשן. עטלעכע קילאָמעטער ווייטער צו דרום איז שוין געווען די טעריטאָריע פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפעריע.

אַלס אַ גרענעץ שטאָט האָט זיך אַ חוץ דעם 15־טן פּאָלק קאָזאַקן אויך געפונען אַן אָפּטיילונג פון דער גרעניץ וואַך די א. ג. אָביעשטשיקעס. נישט זעלטן פלעגט זיך טרעפן אַ שכורער קאָזאַק זאָל מיט זיין בלויזער שווערד איבערשרעקן גאַנץ קהל. אָבער צו קיין ערנסטע אינצידענטן איז עס נישט דערגאַנגען.

די 2 פּולקען מיליטער האָבן צוביסלעך צוגעהאָלפן צו די אידישע פּרנסות. אַ חוץ עטלעכע אידישע צושטעלער פון פאַרשידענע פּראָדוקטן וועלכע זיינען דערפון רייך געוואָרן. צווישן אַט די צושטעלער אָדער ווי

מ׳האָט זיי געררופן „פּאָדריאַטשיקעס״ זיינען געווען ר׳ שמואל פוטער ר׳ לייביש בארג, ר׳ פישל גאַזיטשאַנסקי, ר׳ שמואל ניי, ר׳ בנימין וויינבערג א. אַ.

ביז דעם ערשטן וועלט קריג איז טאָמאַשאָוו געלעגן ווייט פון אַ באַן סטאַנציע, די נאָענטסטע איז געווען רייוויץ, אַ 90 קמ. ווייט בערך. די קאָמוניקאַציע מיטלען זענען באַשטאַנען פון פערד און וואָגן; לייכטע פאַסאַזשיר וועגענער ווי קאָטשן, און לעצטנס אויך אַן אָמניבוס זיינען געגאַנגען בלויז ביז זאַמאָשטש, וואָס ליגט 35 קמ. צפון צו אויפן שאָסיי וועג וואָס פירט קיין ווארשא. אַלע איבעריקע וועגן וואָס האָבן געפירט אין אַנדערע פאַרשידענע ריכטונגען זיינען געווען ווייכע, נישט מיט קיין שטיינער אָדער ציגל אויסגעפלאַסטערטע און זיינען גערופן געוואָרן „פוילישע וועגן״. אין האַרבסט צייט ווי אויך אין אָנהויב פרילינג ווען די שנייען געהען אויף איז מיט אָט די פוילישע וועגן געווען זייער שווער צו פאָרן. די בלאָטעס זיינען געווען דאַן טיפע און קלעפיקע און די פערד פלעגן שלעפּן די, אָנגעלאָדענע מיט סחורות, וועגענער בכבידות. און ווייל די קאָמוניקאַציע איז געווען אַזאַ שלעכטע, זיינען זייער ווייניק מענטשן געפאָרן ווייטערע שטרעקעס, און דערפאַר פלעגט מען זאָגן אַז טאָמאַשאָוו געפינט זיך אין אַ העק, דאָס הייסט אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דער וועלט.

דאָס אידישע לעבן איז זיך געגאַנגען נאָרמאַל ווי אויף רעלסן, געלייגטע דורך זייערע אָבות מיט פופציקער יאָרן צוריק. געווען אידן חסידים, וועלכע האָבן געדאַווענט אין זייערע חסידים שטיבלעך, און אויך אידן פּראָסטע, אַממערסטן פון זיי בעלי מלאכות, וואָס האָבן געדאַווענט אין פּראָסטן בית המדרש אָדער אין שול. די ערשטע האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין עפענטלעכן לעבן, געזאָגט אַ דעה אין קהל׳שע ענינים: ביים אויפנעמען אַ רב אַ שוחט א. ד. גל. מחלוקת׳ן פלעגן זיך צעפלאַקערן צווישן איינע חסידים און די אַנדערע אין אַזעלכע פאַלן. האַרט פאַרן קריג האָט זיך אַזאַ מחלוקת צעפלאַקערט ביים אויפנעמען אַ שוחט. די ראַדזינער חסידים האָבן געבראַכט אַ שוחט אַ זייעריקן, און די אַנדערע האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן


יודען לערנען גמרא אין גרויסען בית המדרש

אין שטאָט אַ שוחט וואָס טראָגט ציצית מיט תכלת. דאָס מחלוקת האָט דאָן אָנגענומען גאַנץ שאַרפע פאָרמען. אויסער אין אַ מחלוקת צייט איז דאָס לעבן געגאַנגען איינטאָניג. אידן פלעגן זיך אויפהויבן גאַנץ פרי גיין דאַוונען, ווער גאָר פרי איילענדיק זיך אַרויסצוגיין אויפן דאָרף צו קויפן עפּעס דאָרט ביים פויער איידער זיין קאָנקורענט, אויך אַ איד, זאָל אים עס פריער נישט אויסכאַפּן, ווער צום שניידערישן אָדער שוסטערישן וואַר־שטאָט, און ווער ס׳האָט פריער געמוזט גיין אין מקוה און נאָכן דאַוונען צובייסן אַ בלאַט גמרא און נאָכהער עפּענען זיין געוועלב. דאָס אַלעס איז שוין געווען אַ געוואוינהייט און כמעט זיך נישט געלאָזט מערקן. מיט יעדן באַגינען פלעגט דער שמש גיין איבערן שטאָט און קלאַפּן אין די לאָדן לעבודת הבורא. געווענלעך האָט ער געגעבן מיט זיין הילצערנעם שטעקן דריי קלעפּ, די ערשטע צוויי צוזאַמען און דעם דריטן אַ באַזונדערן, נאָך אַן הפסקה פון סעקונדן. האָט אָבער געטראָפן אַ בר מינן אין שטאָט האָט דער שמש געגעבן נאָר 2 קלעפּ. און דאַן האָבן אידן און אידענעס אין איילעניש, איינע די אַנדערע געפרעגט: „ווער איז די נאַכט לעבעדיק געוואָרן״? ביסלעכווייז האָבן זיך געעפנט די געוועלבן. אויך די מאַרק זיצערינס האָבן אָנגעהויבן אַרויסטראָגן זייערע שטעלעכלעך מיט גרינסן, פרוכטן און אויך מיט מילכיגס. עטלעכע שעה יעדן פרימאָרגן זיינען אויך געשטאַנען איניגע שטעלעכלעך מיט פרישע וואַרעמע פלאַם פלעצלעך און געזאָטענע בייגל. קינדער, גייענדיק אין חדר פלעגן קויפן מיטצונעמען אַ פלעצל פאַר אַ צווייער און אַ קעזל פאַר אַ גראָשן. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיך זעלטן באַוויזן פויערישע פורלעך אויפן מאַרק, און קרעמער שטייען אין די געוועלבער שמועסענדיק איינער מיטן צווייטן. דאָנערשטאָג איז געווען דער מאַרק טאָג אָדער ווי מען האָט עס גערופן „דער יאַריד״. פויערים פונם גאַנצן אַרום קומען דאַן אין שטאָט פאַרקויפן זייערע פּראָ־דוקטן און לעבעדיקן אינווענטאַר ווי בהמות, פערד, חזירים, עופות, אייער א. ד. ג. און נאָכהער איינקויפן אַלץ פאַר זייער געברויך. דאַן זיינען אַלע געוועלבן געווען איבערפולט מיט קונים. אין די פאַרנאַכטן זיינען די שענקן געווען פול מיט פויערישע טרינקער. פרייטאָג פאַרנאַכט איז דער שמש אַרומגעגאַנגען און געקלאַפּט „אין שול״ צו ליכט בענטשן. אידן פאַרמאַכן דאַן זייערע קראָמען אין איילעניש צו די שבת׳דיקע הכנות. מיטן אָנקומענדיקן אָוונט קריגט די גאַנצע שטאָט אַ שבת׳דיקן אויסזען. דער מאַרק ווערט ליידיק, פון די בתי מדרשים טראָגן זיך צעצויגענע מתיקות׳דיקע טענער פון קבלת שבת און לכה דודי ניגונים. מיידלעך פריש אויסגעצוואָגענע און שבת געקליידעטע גייען אַרויס אויף אַ קורצן שפּאַציר ביז דער עולם גייט פון דאַוונען. נאָך דער פרייטאָג צו נאַכטיקער סעודה ווערט דער קירישער שאָסיי פול מיט יוגנטלעכע שפּאַצירער. אידן זיצן אין דער היים

אָדער גייען אין שטיבל מעביר זיין די סדרה שנים מקרא ואחד תרגום. דאָס זעלבע — די חסידישע בחורים. אָפט זיצט מען אַ שטיק אין דער נאַכט, דערציילענדיק זיך מעשיות און נפלאות פון גוטע אידן. מאַכט זיך אַמאָל אַז עס קומט אַ רבי צו גאַסט אויף שבת, דאַמאָלס פילט זיך אין שטאָט אַ באַזונדערס יום־טוב׳דיקע שטימונג. פרייטאָג צונאַכטס דאַוונט דער רבי אין שול מיט אַלע זיינע חסידים. נאָכן דאַוונען קומען גרויסע מאַסן אַנדערע חסידים נעמען ביים רבין שלום. נאָכן עסן גייט דער עולם צום רבינס טיש, וואו דער רבי זיצט אויבענאָן, נעבן אים זיינע מקורבים און חסידים אַרום טיש, אין אַ פול געפּאַקט שטיבל פון דער גאַנצער שטאָט. דער גבאי טיילט שיריים. אַ גוטער בעל מנגן זינגט זמירות, דער עולם איז זיך משמח. פאַרן בענטשן זאָגט דער רבי תורה אין אַן אימה׳דיקער שטיל־קייט. אַ התלהבות׳דיקער ריקוד פון די חסידים פאַרענדיקט דעם „טיש״ און די לעצטע פירן דעם רבין אַ היים. אַזאַ „טיש״ פירט אויך דער רבי שבת בייטאָג אָדער צו שלש סעודות.

די קינדער ערציאונג איז אַ שטרענג רעליגיעזע. נאָכן געבורט פון אַ בן זכר קומט אַ גרופּע דרדקי קינדער, געפירט דורכן בעלפער (באַהעלפער) צו דער קימפעטאָרין, יעדן פאַרנאַכט ביז צום ברית, לייענען קריאת שמע, די ערשטע פרשה און דעם פסוק המלאך הגואל. יעדער קינד באַקומט אַ צוקערל און אין דעם לעצטן מאָל אַ לעקעכל. צו 3 יאָר פירט מען דאָס קינד, אויב אַ אינגל, איינגעהילט אין אַ טלית, צום ערשטן מאָל אין חדר. וואו מען טיילט כיבוד דעם רבין, דעם בעלפער און די איבעריקע חדר קינדער. חדרים זיינען פאַראַן: 1. דרדקי, ד. ה. פאַר אָנפאַנגער, פון א־ב ביז חומש. 2. איבערזעץ: פון חומש מיט שטיקלעך רש״י. 3. פאַר גרעסערע ביז גמרא מיט תוספות. צו די קליינע קינדער 4־5 יאָר אַלט קומט דער בעלפער אַהיים, העלפט זיי אָנטאָן, זאָגט מיט זיי „מודה אני״ און נעמט זיי מיט אין חדר. מיט די מיידעלעך זאָגט ער די מאָרגן ברכה פאַר מיידלעך. גרעסערע קינדער גייען אַליין אין חדר. די חדרים זיינען אין הויז פון מלמד, די קינדער זיצן ענג באַזעצט אַרום אַ לאַנגן טיש. דער רבי (מלמד) זיצט אויבענאָן מיטן קאַנטשיק אין האַנט, פירט אַ שטרענגע דיסציפּלין. פאַר יעדן מינדסטן אָפּנויג פון חומש אָדער גמרא קריגט מען געשלאָגן מיטן קאַנטשיק, ס׳איז גענוג אַ קינד זאָל געבן אַן אומשולדיקן שמייכל אינ־מיטען לערנען און די בייזע בליקן פון מלמד זאָלן פאַלן אויפן ווידער־שפּעניקן תלמיד מיט אַ פראַגע: שימעלע וואו האַלט מען?! און ווי איז נעבעך צו דעם שימעלען אויב ער ווייסט נישט וואו מען האַלט. אָפט פאַרהערט דער רבי די קינדער יעדן דאָנערשטאָג דאָס אָפּגעלערנטע פון דער וואָך און די קינדער שרעקן זיך טאַקע פאַר די דאָנערשטאָגס. קינדער פלעגן האַלטן דאָס חדר פאַר אַ וויסטע אָפּקומעניש, זיי האָבן זיך געוואונשן

קראַנק צו ווערן כדי נישט צו דאַרפן גיין אין חדר. נישט גוט געווירקט אויף די קינדער האָבן די טענות פון די רביצינס צו זייערע רבי׳ס, הלמאַי ער דער מאַן אירער איז אַ שלימזל, פאַרדינט נישט גענוג אויף פרנסה. „ביי לייטן מענער פאַרדינען און ברענגען אין שטוב פון אַלעם גוטן און דאָס טויג צו גאָרנישט״. דער רבי פלעגט דאַן זיין כעס אויסלאָזן צו זיינע תלמידים. אָבער קינדער זיינען קינדער. אַהיים גייענדיק פון חדר שפילט מען אין קנעפּ, אין שטעקענס א. ד. ג. מאַכט זיך אַמאָל אַז די רביצין דערזעט עס און גיט עס איבער דעם רבין, ווערט די שטראָף דאַן קיינעם נישט געשענקט. אין די ווינטערדיקע נעכט ווען די בלאָטעס זיינען פאַר־פרוירן אָדער אין די שנייען פירן די קינדער פון איין חדר מלחמה מיט די קינדער פון אַן אַנדער חדר.

עטלעכע יאָר פאַרן ערשטן וועלט קריג, עפנט זיך אין טאָמאַשאָוו אַ ישיבה פאַר 10 ביז 13 יאָריקע קינדער. איינגעטיילט אין 3 כתות. הגם די לימודים זיינען די זעלבע ווי אין חדר ברענגט אָבער די ישיבה אַריין פיל וויכטיקע ענדערונגען. אַנשטאָט אין דעם ענגן וואוין צימער פון מלמד לערנען די קינדער אין דעם לאַנגען בית שני, די ערשטע כתה מיט ר׳ נתן מלמד ע״ה, אין דעם ווייבערשן בית המדרש, — די צווייטע כתה מיט ר׳ בנימין טעפּלער און אַ קליינע אָפּטיילונג פון גרעסערע בחורים — אין שניידערישן שולכל מיט ר׳ משה דוד ע״ה. יעדן שבת ווערן די כתות פאַרהערט דורך שטאָטישע בעלי בתים לומדים. נאָכן פאַרהערן ווערט אַ צעטעלע מיטן נאָמען פונם תלמיד אַריינגעוואָרפן אין אַן עפענונג פון אַ צוגעגרייט בלעכן קעסטל, אַזעלכע עפנונגען זיינען געווען 3 מיט דעם אויפשריפט „א״ וואָס באַדייט „שוואַך״ „ב״ וואָס באַדייט „מיטל״ אָדער „ג״ — „גוט״. די מתעסקים פון דער ישיבה זיינען געווען: ר׳ מענדל ליובאַרט, ר׳ מיכל יודא פלוג הי״ד א. אַ. נאָכן אויסברוך פון קריג הערט די ישיבה אויף צו עקזיסטירן.

נאָכן ענדיקן דאָס חדר ביי 13־14 יאָר גייט מען שוין לערנען אין איינעם פון די חסידים שטיבלעך, און מען ווערט שוין דאַן פאַררעכנט פאַר אַ שטיבעל־בחור. מיידלעך פלעגן בלויז באַזוכן דאָס דרדקי חדר אויסצולערנען זיך עברי זיי זאָלן קענען דאַוונען. עס זיינען אויך געווען אידישע לערער וואָס האָבן געלערנט מיט די קינדער שרייבן אידיש פון אַ בריווענשטעלער און ביסלעך לשון קודש. אַזעלכע זיינען געווען ר׳ יעקב שערער ע״ה באַוואוסט אַלס „יעקב לערער״ און ר׳ יואל האַנדלסמאַן (יואל בדחן) א. אַ.

עקאָנאָמיש איז דער אידישער ישוב געשטאַנען אויף אַ גאַנץ נידעריקן מצב. אַחוץ עטלעכע רייכע פאַמיליעס זיינען געווען אויך אַ סך בעלי פרנסה, עס זיינען אָבער אויך געווען נישט ווייניקער פאַמיליעס וואָס האָט

זיי צוגעפּעלט צו פּרנסה. אַ גאַנץ באַדייטענדע צאָל פון זיי האָט זיך בּישט געקענט ערלויבּען אַ שטיקל פליש אין מיטען וואָך אויסער שבת.

געלעבט האָט די שטאָט כמעט אין גאַנצן פון דאָרף. ד. ה. פון די אַרומיקע פּויערים. אידן האָבן געהאַט קראָמען פון פאַרשידענע סחורות, געוועזן גרעסערע און קלענערע, געוועזן קראָמען אָדער געוועלבן פון מאַנו־פאַקטור, לעדער, שיך, גלאָזוואַרג, פון פּויערישע מלבושים, אַ סך שפּייז קראָמען, טיי און צובייסן, שענקן, סאָדע וואַסער און זיסוואַרג און אַריי אַנדערע. פאַבריקן זיינען געוועזן פון קליינע הילצערנע שאַכטלען פאַר אַפּטייק געברויך. אַזעלכע האָבן געהאַט ר׳ ישראל גאַרזיטשאַנסקי ע״ה, ר׳ יעקב פּוטער, ר׳ נתן גרינוואַלד און ר׳ יחזקאל רייזפעלד הי״ד. געוועזן אַ פאַבריק פון גילזען צו פּאַפּיראָסן, איר אייגנטימער — ר׳ שבתי פרידלענדער הי״ד און עטלעכע סאָדע־וואַסער פאַבריקן צו: זלאָטע לאַנאַייל ע״ה, ר׳ „איטשעלע פון ביידעל״, ר׳ שכנא לערנער און ר׳ שמואל שוואַרץ (שמואל לייבעלעס). געוועזן אויך אַ פאַבריק פון חזיר האָר צו ר׳ געצל לערער און יונה זינגער. 2 באַרשט פאַבריקן איינע צו ר׳ לייבוש גרינבוים און צו ר׳ יהושע איילין הי״ד.

געוועזן אויך אידן וואָס האָבן געצויגן חיונה דירעקט פון דאָרף, זיי פלעגן גיין איבער די דערפער איינקויפן ביי די פּויערים ביסלעך תבואה, פלאַקס, הינער א. ד. ג. טראָגן עס אויף די פלייצעס אַהיים און פאַרקויפן עס צו די גרעסערע סוחרים. געוועזן גרעסערע תבואה סוחרים וואָס האָבן געקויפט ביי די קלענערע און אָוועקגעשיקט אין די גרעסערע שטעט, אָדער געמאָלן און פאַרקויפט דאָס מעל צו מעל סוחרים. גרויסע אייער סוחרים שיקן אויך גרעסערע טראַנספּאָרטן אייער קיין אויסלאַנד.

אין טאָמאַשאָוו אַלס גרעניץ שטאָט זיינען אויך געוועזן אידן וואָס האָבן געפירט דורך דער גרעניץ סחורות אומלעגאַל, מען האָט זיי גערופן די „שוואַרצערס״. געוועזן אויך אַזעלכע וואָס האָבן אַדורך געשוואַרצט איבער דער גרעניץ עמיגראַנטן פון דער פרעמד, וועלכע ס׳איז שווער געוועזן צו קריגן אַ גובערנאַטאָרסקע פּאַס אין זייער שטאָט. אַ קליינער אומבאַדייטענ־דער טייל האָט געלעבט בלויז פון אידן ווי די כלי קודש, דאָס זיינען רבנים 3 אין צאָל און שוחטים אין דער זעלבער צאָל, שמשים, איין חזן און אַ צענדליק מלמדים, אַ 2 סופרים און עטלעכע מוכרי ספרים, וואו מ׳האָט געקראָגן צו קויפן סידורים, חומשים, טליתים, תפילין און אויך קינדערשע מעשה ביכלעך אין אידיש.

אין היגיענישן זינען האָט זיך די שטאָט געפונען אין אַ זייער נידעריקן צושטאַנד. אַחוץ דעם שטיינערנעם וועג וואָס האָט דורכגעשניטן די שטאָט מיטן קירישן ביזן זאַמאָשטשער שאָסיי זיינען אַלע גאַסן, דער מאַרק אַריינגערעכנט, געוועזן בלאָטיקע. די טראָטואַרן פון ברעטער זיינען

געווען אין פיל ערטער צעבראָכענע, אין די הינטערגאַסן זיינען זיי לגמרי נישט געווען. נישט אַלע האָבן געטראָגן גאַנצע שיך, און פון די צעריסענע שיך, די נאַסע זאָקן האָט מען געמוזט טריקענען אויף די קיכן, וואו מען קאָכט שפּייזן. דער גרעסטער טייל שטאָט האָט געוואוינט ענג, פאַמיליעס פון 8־10 נפשות וואוינען אָפט אין איין צימער וואו די ריינקייט קען בשום אופן נישט אָפּגעהיט ווערן. דאָס שטאָטישע (אידישע) באָד ווערט באַהייצט בלויז אין די פרייטאָגן און דאָס נאָר פאַר מענער.

די קליידונג איז אין אַלגעמיין אַ טראַדיציאָנעל־חסידישע. מענער טראָגן געווענלעך קליינע טוכענע היטעלעך, שבת טראָגן חסידים סאַמעטענע. פרויען טראָגן אַלע אַן אויסנאַם שייטלען, די מערסטע פון זיי שערן זיך אָפּ די האָר באַלד דעם צווייטן טאָג נאָך דער חופּה.

אין אַלגעמיין לעבן זיך אידן געמיטלעך, פילן זיך נאָענט איינע מיט די אַנדערע. טרעפט חלילה ביי איינעם אַן אומגליק, פילן עס אַלע ווי זייער אייגענס אַן אומגליק. דאָס זעלבע מיט שמחות. חתונות ווערן געפייערט ביי גרויסע צאָלן באַטייליקטע, אָפט אַ גאַנצע נאַכט ביזן פרימאָרגן. יעדער פילט עס ווי זיין אייגענס אַ שמחה. מאַכט זיך מענטשן אָדער משפחות ווערן צעקריגט צוליב פּרנסות אָדער אַ ירושה עס קומט ערב יום כיפּור בעט מען זיך איבער און מען ווינשט זיך אַ גוט יאָר. ווערט אַ איד אַמאָל אַ יורד ר״ל, אַ דורכגעפאַלענער אין זיינע מסחרים זעט מען ווי ווייט מעגלעך אים אַרויסצוהעלפן און צוריק שטעלן אויף די פיס. גאַנץ אָרעמע ווערן פאַרזאָרגט זיי זאָלן האָבן אויף שבת פיש און פלייש, דורך זייערע שכנים. מאַכט זיך אַן אָרעם מיידל וואָס איז שווער אַ שידוך צו טאָן איז עס אַ לאַסט אויף יעדן באַזונדער און מען לאָזט נישט חלילה פאַרזיצן אַ אידישע טאָכטער.

אַזוי מער ווייניקער האָט עס אויסגעזען אין דער קהלה קדושה טאָמאַשאָוו־לובלינער ביז דעם יאָר 1914.

## ב.

אין דעם ערשטען שבת נאָכ׳ן אויסברוך פון קריג, אין אויגוסט 1914, אין דערפרי, ווען אידען האָבען געהאַלטען אין מיטען דער שבתדיגער סעודה איז געוואָרען אַ בהלה אין שטאָט. שמואל פוטער האָט געלאָזט איינשפּאַנען זיין פערדישען געשפּאַן און אָפּגעפאָרען, אַז שמואל פוטער פערלאָזט די שטאָט אום שבת איז עס דער בעסטער באַווייז אַז די שטאָט איז אין אַ סכנה. כמעט די גאַנצע שטאָט כאַפּט די פעקלאַך, וואָס מ׳קען נאָר טראגען מיט זיך און לאָזט זיך מיט׳ן זאַמאָשטשער וועג. בעלי עגלות לייגען אַרויף אויף זייערע וואָגענס זייערע געפּעק און בעטגעוואַנד און לאָזען זיך אין וועג. פאָרענדיג נעמען זיי אויף קינדער און זקנים וויפיל נאָר ס׳לאָזט זיך, צו זיך אויפ׳ן וואָגען. אין

שטאָט פערבלייבט דאַן אַזעהר קליינע צאָל איינוואוינער. דעם אַנדערען מיטוואָך ווערט די שטאָט פערנומען דורכ׳ן עסטרייכישען מיליטער. אַ שריפה ברעכט דאַן אויס אויפ׳ן קירישען שאָסיי אין וועלכער די גאַנצע גאַס כמעט געהט אַוועק מיט׳ן פייער. ביסלעכווייז הויבען אָן די אַנטלאָפענע שטאָטישע איינ־וואוינער צוריק צו קומען אין זייערע היימען. נאָך 3 וואָכען אָקופּאַציע פערלאָזען די עסטרייכער די שטאָט. עטליכע טעג פאַרן אַוועקגעהן לייגען זיי אַרויף אַ קאָנטריבוציע פון אַ גרויסע סומע אויף דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אַרעסטירענדיג דעם מורה הוראה ר׳ יוסף לייביש, ר׳ ישראל גאזשיטשאנסקי און ר׳ שמעון קאָסאָווסקי אַלס משכנות. ווערענדיג געיאָגט דורך די רוסען בעווייזען זיי איינצוקאַסירען בלויז אַ טייל פון דער בעשטימטער סומע, און זיי פערלאָזען די שטאָט, בעפרייענדיג פריהער די ערוב׳ניקעס. די רוסישע חיילות רוקען זיך ווייטער פאָראויס פערנעמענדיג געביטען אין גאַליציע. מיט׳ן דערווייטערן זיך פון די קריגס אָפּעראַציעס נאָרמאַליזירט זיך ווידער דאָס לעבען. די געוועלבען זענען ווידער אָפען, די פויערים קומען ווידער אויף די יאַרידים. אַנ׳אויפגעלעבט מסחר פאַנגט זיך אָן מיט פירען סחורות אין די אָקופּירטע שטעט פון גאַליציע.

קינדער געהען ווידער אין די חדרים; די שטימונג איז אָבער דאָך אַ געדריקטע. מלחמה... טאָג איין טאָג אויס מאַרשירען דורך דער שטאָט מיליטער אָפּטיילונגען צו די קאַמפס פראָנטען, מחנות פערוואונדעטע פירט מען פון די פראָנטען, פרויען וואָס האָבען זייערע זין אָדער מענער אין מיליטער געהן מיט פערזאָרגטע פנימ׳ער, און אַנ׳אומזיכערקייט ליגט אויף יעדענס געמיט. ווידער געהן אידען פרייטאָגצונאַכט צו קבלת שבת אָבער די טענער זענען מער נישט די זעלבע. אַנשטאָט אַ דערהויבענקייט רופען זיי גיכער אַרויס אומעט. מ׳זינגט נישט מער „לכה דודי״ און דאָס גאַנצע דאַוונען ווערט אויסגעפירט ווי אַ רוטין, און אַזוי דער גאַנצער שבת פערלירט אַ סך פון זיין קדושה׳דיקן כאַראַקטער. אידען לעבען מיט אַן אינערליכען פּחד פאַר׳ן אומבאַוואוסטען. דאָ אין דאָרט הערען זיך מעשיות פון „טרעפער״ וואָס האָבען נביאות געזאָגט וועגען דעם גיכען סוף פון קריג. ס׳ווערט זעהר פּאָפּולער דאַן דער „טיש טרעפער״. ווער נאָר ס׳האָט געהאַט אַ טיש פון האָלץ אינגאַנצען אָן אַ מעטאַל ווי נעגעל וכדומה, שטעלט אַרום אַ צענדליג מענשען מיט זייערע האַנדפלאַכען אופ׳ן דעק פון טיש האַלטענדיג אַזוי אַ 10 מינוט. נאָכהער הויבען זיי אויף זייערע הענד אַביסעל העכער פון טיש און שטעלען דעם טיש פראַגען מיט „וויפיל״? דער טיש הויבט זיך אויף מיט 2 פיס און לאָזט זיך צוריק אַראָפּ מיט אַ קלאַפּ די צאָל אַזעלכע קלעפּ איז דער ענטפער אויף דער פראַגע. אידען זענען זעהר נייגעריג געווען צו וויסען וויפיל וואָכען די מלחמה וועט נאָך דויערען און די טישען האָבען טאַקע געענטפערט. די צרה איז אָבער געווען וואָס צווישען די טישען גופא

האָט נישט געהערשט קיין שלום, ווען איינער האָט געענטפערט 6 וואָכען האָט דער צווייטער געגעבען 8 און דער דריטער אפילו 16. דער „טיש טרעפער" איז דאַן געווען דער העלד פון שטאָט; האָט אָבער נאָך מער צערייצט די געמיטער. באין ברירה האָט מען די פערפירערישע „טישען" אַוועקגעשטעלט און איבערגעגעבען דעם שלום אינ׳ם גורל׳ס הענד אַריין, האָפענדיג אַז ער, דער שלום, וועט דאָך נישט לאָזען לאַנג וואַרטען אויף זיך.

אין די זומער חדשים פון 1915. די דייטשען נעמען איבער דעם עסטרייכישען פראָנט און ברעכען דורך די רוסישע ליניעס. דער ריקצוג פון די רוסישע אַרמייען הויבט זיך אָן. ביסלעכווייז דערנענטערן זיך די שלאַכטען צו טאָמאַשאָוו. און אַ ציטער געהט אַדורך יעדענס לייב אין אַנבליק מיט די געפאַרען וואָס איז מיט זיי פערבונדען. פיל אידישע משפחות פערלאָזען דאַן די שטאָט אין דער ריכטונג פון טיפערן רוסלאַנד, כדי צו דעררווייטערן זיך פון די שלאַכט פעלדער. אין דער לעצטער נאַכט קומען פאַר פיעל רויבערייען פונ׳ם אָפטרעטענדען רוסישען מיליטער איבער דער שוצלאָזער אידישער באַפעלקערונג. מיט׳ן פריהמאָרגען פון 16־טן תמוז תרע"ה הויבט זיך אָן די באַשיסונג פון דער שטאָט דורכ׳ן דייטשען מיליטער. אידען לעבען דאַן פיעל איבער אונטער דער באַשיסונג, זיי גרופירען זיך אין די געמויערטע הייזער פאַר באַשיצונג. די שוהל ווערט אָנגעפאַקט פון אידישע פאַמיליעס, וועלכע נעמען אויף יעדען הילך פון אַ האַרמאַטען שאָס מיט אַ „שמע ישראל" געשריי. איינצעלנע קאָזאַקען קומען אַריין אין די שוץ פלעצער און פערלאַנגען געלד אָדער צירונג פון די פערזאַמעלטע אָנגעשראָקענע אידען. אַ גראַנאַט ברעכט אַדורך די ווייבערשע שוהל, אַ 20 יאָריג מיידעל פערלירט דערביי אַ פוס, און נאָך אַכט טאָג שווערע ליידען פערענדיגט זי איר יונג לעבען.

אַרום 4 בייטאָג זעהט מען שוין דאָס אָנקומענדע דייטשע מיליטער אין מ׳אָטעמט ערשט אָפּ.

אונטער דער דייטשער ממשלה ווערט דער פולס פון שטאָטישער ווירטשאַפט אָפּגעשטעלט. די געוועלבען בלייבען פערמאַכט, די פויערים קומען בכלל נישט אין שטאָט. די דייטשען נעמען צו ביי זיי די פּראָדוקטען און אויך די פערד. ס׳הויבט זיך אָן אַן אומלעגאַלער האַנדעל מיט יעדע זאַך. אידען געהן אויפ׳ן דאָרף קויפען ביים פויער תבואה אָדער פּראָדוקטען צום עסען. ווען אָבער אַ דייטש דערזעהט אַ איד טראָגען עפּעס אַזעלכעס נעמט ער עס צו. ס׳ווערט אַ הונגער אין שטאָט. ס׳ברעכט דאַן אויס אַ כאָליערע עפּידעמיע, וועלכע פערשאַפט פיעל קרבנות, מיט יעדען טאָג ווערט די צאָל מתים אין שטאָט גרעסער. די ביקור חולים געזעלשאַפט אַרבעט אונערמידליך צו העלפען די אַוועקגעפאַלענע אויף דער קראַנקהייט אָבער זעלטען ווען פון זיי ס׳געלונגט צי בלייבען ביים לעבען. דאַן באַנוצען טאָמאַשאָוו אידען אַ סגולה

מיטעל, נעמליך: מ׳פאָרט צוזאַמען אַנ׳אָרימען חתן מיט אַנ׳אָרימע כלה אַ יתומה און שטאָט מאַכט זיי חתונה. די חתונה קומט פאָר אין חסידישען בית המדרש, און פון דאָרט פירט גאַנץ קהל די חתן כלה צו דער חופה וועלכע קומט פאָר אויפ׳ן בית עולם, און מערקווירדיג נאָך עטליכע טעג און... והמגיפה נעצרה.

אונטער דער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע פון שטאָט שאַפט זיך אַ ציווילע אין וועלכער אידען נעמען אַ וויכטיגען אַנטייל. ר׳ יהושע׳לע פישעלזאָן הי״ד ווערט בירגערמייסטער, און אין דער שטאָט מיליץ איז פאַראַן אַ מערהייט אידען. דאָס דערקלערט זיך דערמיט וואָס ערשטענס זענען די מערהייט איינוואוינער אין שטאָט אידען, והשנית קענען אידען מיט זייער אידיש לייכטער זיך פערשטענדיגען מיט די דייטשען.

נאָך אַ שטיק צייט געהט די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע פון די דייטשען איבער צו די עסטרייכער. דאַן טרעטען איין פיעל פערלייכטערונגען אין לעבען, הגם מעהל אָדער ברויט און צוקער ווערען צוגעטיילט אויף נאָרמעס דורך קאַרטען קריגט מען דאָך צו קויפען כמעט אַלץ. מענשען נעמען פעסער אָהן שווערינקייטען צו פאָרען קיין לעמבערג, און מיט דער קליין באַן (קאָלעיקא) וועלכע די דייטשען האָבען אויסגעבויט, פאָרען קליין און גרויס קיין בעלזעץ צו דער באַן סטאַציע פון וואַנען זיי פאָרען קיין לעמבערג מיט׳ן צוג, פירענדיג סחורות הין און צוריק, דער האַנדעל איז נישט לעגאַל אָבער ווערט כמעט נישט געשטערט. פערשידענע קאָנצעסיעס ווערען צוגעטייל׳ט צו אידען ווי: טראַפיקען (טאַבאַק האַנדעל) דעם הויפט טראַפיק בעקומט ר׳ אברהם יצחק בלאַנדער ע״ה, וועלכער ווערט רייך דערפון, ער דאַנקט אָב דעם רבונו של עולם מיט לאָזען אָנשרייבען אַ ספר תורה. ער פירט דאָס ספר אין חסידישען בית המדרש מיט אַ געוואַלדיג פייערליכען פאַראַד מיט מוזיק, ער אָרדענט אויך איין אַ גרויסע סעודה וואו מלוכה לייט פון שטאָט זענען אויך פערבעטען. אַ קאָנצעסיע אויף מעהל קריגט ר׳ בנימין וויינבערג ע״ה. אויף פערשידענע אַנדערע פראָדוקטען — ר׳ ישראל לערמאַן בשותפות מיט זיין שוואָגער ר׳ הירץ פעלדזען ע״ה. די קאָנצעסיאָנערן ווערען אַלע רייך דערפון.

אונטער דער עסטרייכישער ממשלה ענדערט זיך אויך דער גאַנצער איינשטעל פון אידישען קיבוץ אין שטאָט. אידען האָבען אָפענע טירען צו אַלע מלוכה׳שע און שטאָטישע אַמטען. זיי ווערען איבעראַל אויפגענומען פריינדליך. אידען הערען אויף באַטראַכטען זיך ווי צווייטראַנגיגע בירגער. זייער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין וואַכט אויף און נעמט אָן לעבעדיגע פאָרמען. עס ענטשטעהט אין טאָמאַשאָוו אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דעם ערשטען רעדנער וואָס זיי ברענגען איז ה׳ חיים גאָטליעב פון זאַמאָשטש, וועלכער

רעדט פֿאַר אַ גרויסען עולם אין פּראָסטען בית המדרש. אידען גאַפֿען ווי אַנ׳עסטרייכישער מיליטערישער פּאָליציאַנט שטעהט פֿאַר דער טיר פֿון בית המדרש צו היטען די אָרדענונג. עס עפֿענט זיך אויף אַ ביבלאָטעק פֿון אידישע און העברעאישע ביכער. מען שפּילט אידיש טעאַטער. ווען האָט עס טאָמאַשאָוו געזען אַזעלכעס. אמת די פֿרומע אידען ווייזען אַרויס אַ שאַרפֿע אומצופֿרידענ־הייט דערפֿון, אָבער יוגענט וויל פֿון דעם נישט וויסען. אין פֿיל היימען ווערט דער שלום בית צווישען עלטערן און קינדער שאַרף אָנגעגריפֿען. יוגענט הויבט זיך אָן קליידען אייראָפּעאיש, פֿערבייטענדיג די קליינע חסידישע היטעלעך אויף קאַפּעלושען. אין געוויסע חסידים שטיבלעך קומט עס צו סקאַנדאַלען ווען מ׳שטעלט אָפּ דאָס דאַווענען צוליב דער אָנוועזענהייט פֿון אַזעלכע וואָס טראָגען קאַפּעלושען. עס עפֿנען זיך אויף פּאַרטייען איינע נאָך די אַנדערע. עס עפֿנט זיך די „מזרחי" אַ רעליגיעז ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָבער זי רופֿט אַרויס אַ שאַרפֿע געגענערשאַפֿט ביי די חסידים, וועלכע טענה׳ן אַז זי, די „מזרחי" איז עלול אַריבערצופֿירען די רעליגיעזע יוגענט אין די פֿריי געזאָנענע רייהען. עס עפֿענט זיך אַ חדר מתוקן, וואו מ׳לערנט מיט די קינדער העברעאיש. עס קומען אויף די „פּועלי ציון", „צעירי ציון" „השומר הצעיר" און ס׳גרינדעט זיך דער „החלוץ" וועלכער שיקט יוגענטליכע בחורים און מיידלעך אויף אַגריקולטור אַרבייט, זיך צוצוגרייטען אויף עליה קיין ארץ ישראל. עס קומט אויך אויף דער „בונד" וואָס האָט אַנ׳אַנטי ציון איינשטעלונג. אַרום די פּאַרטייען גרופּירען זיך כמעט אַלע יוגענטליכע פֿון שטאָט און אָט די יוגענט וואַרפֿט זיך מיט׳ן גאַנצען ברען פֿון זייערע יונגע נשמות אין די פּאַרטייאישע אַקטיוויטעטען, און ווי נישט וויסענדיג פֿון וואַנען

און פֿון ווען געפֿינט זיך די שטאָט אין אַ צווישענפּאַרטייאישען קאָכענדיגען קעסל. די מחלוקת׳ן צווישען חסידים פֿערשווינדען, זייער אָרט פֿערנעמען הייסע דיסקוסיעס צווישען די אָנהענגער פֿון די פֿאַרשידענע פּאַרטייען. זעהר זעלטען קומט אַ רבי צו גאַסט, דאַגעגען בעווייזט זיך יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג אַ פּאַרטייאישער רעדנער, וועלכער טרעט אויף, אַ חוץ אין זיין פּאַרטיי לאָקאַל פֿאַר די מיטגלידער, אויך אין אַנ׳עפֿענטליכען זאַל און נישט זעלטען אין בית המדרש, און דאַן גרייט מען זיך ווי צו אַ קהלי׳שע חתונה. די אָנהענגער פֿונ׳ם רעדנער׳ס פּאַרטיי פּיהלען זיך ווי מחותנים וואָס דאַרפֿען אָפּהיטען דעם חתן, ס׳זאָל אים חלילה קיין בייז נישט געשען, און די געגנער — אַרונטערצורייסען אים מיט אָפּטע צווישענרופֿען, און אַרויס שטעלען שאַרפֿצונגיגע אָפּענענטען. אַזוי ווערט דער חותם פֿון חסידות וואָס איז געלעגען אויף דעם אידישען ישוב פֿון כמה דורות זעהר פֿערבלאָסט, דעם אויבענאָן פֿאַרנעמט יעצט אַ צווישענפּאַרטייאישער אידעאישער געראַנגעל, וואָס באַהערשט דאָס עפֿענטליכע לעבען אין שטאָט. אמת יעדען שבת זענען די בתי תפֿלה, פֿול מיט מתפּללים, אויך אין מיטען וואָך געהן אידען און

אפילו אויך יונגוואַרג דאַווגען, אָבער דאָס זעהט מער אויס ווי אַנ׳אַלטע געוואוינהייט, אַ נאַטירליכער זאַך.

אין יאָר 1918. דער קריג איז נאָך נישט פאַרענדיגט, אָבער די אָנגעשטרענגטע מלחמה שטימונג איז געהאַט ווי פאַראיבער. ווי אין אַנ׳־אַקופירטען געביט איז טאָמאַשאָוו נישט אונטערלעגען קיין מיליטער דינסט פליכט. אידען האָבען זיך צוגעפּאַסט צו די נייע בעדינגונגען און זיך ביס־לעכווייז איינגעלעבט מיט׳ן עסטרייכישען רעזשים. אַ ברייט פערצווייגטער אומלעגאַלער האַנדעל האָט זיך ענטוויקעלט, דער עיקר מיט לעמבערג, דער אַלגעמיינער פרנסה מצב איז אָן אַנ״ערך געווען העכער ווי אין דער פאַר מלחמה צייט. האָבען זיך אידען גענומען אַרום זעהן אַז דער חינוך פון זייערע קינדער איז אין אַ גרויסער מאָס פאַרנאַכלעסיגט. עס איז דאַן ענטשטאַנען אַנ׳איניציאַטיוו צו עפנען אַ ישיבה קטנה. צווישען די עסקנים זענען געווען ר׳ מיכל יודא פלוג הי״ד, ר׳ אברהם יחזקאל בידערמאַן ע״ה ר׳ איטשע מאיר גארטלער ר׳ ליפא האניגספעלד ע״ה ר׳ אליעזר גרשון טייכער הי״ד ר׳ שלום רייז הי״ד און אַנדערע. באַלד נאָך פסח האָט זיך די ישיבה געעפענט אין 2 מחלקות. מיט די ערשטע די קלענערע האָט געלערנט ר׳ שמחה, „דער קאָמאָראָווער מלמד״, אין בית שני, דאָס איז געווען אַ לאַנגער זייטיגער צימער אין בנין פון פראָסטען בית המדרש, אין וועלכען ס׳האָבען געהאַט זייער מקום תפלה אַ היבשע צאָל פשוט׳ע אידען אָממערסטען פון זיי בעלי מלאכות. און מיט דער צווייטער מחלקה האָט געלערנט ר׳ נתן מלמד ע״ה אין עזרת נשים פון פראָסטען ביהמ״ד.

דערמאָנענדיג ר׳ נתן מלמד לוינט זיך צו באַמערקען אַז אָט דער ר׳ נתן ע״ה איז געוועזען אַ וואונדער פון אַ מלמד. אַליין אַ געבוירענער אין יוזעפאָוו פון אַ בעל מלאכה׳שער משפחה האָט ער חתונה געהאַט פאַר משה פישעלעס אַ טאָכטער אין טאָמאַשאָוו. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ פעדאַגאָגישער פאַכמענישקייט וואָס האָט כמעט נישט געהאַט זיין גלייכען אין גאַנצען אַרום. ער האָט קיינמאָל אַ קינד נישט געשלאָגען און דאָך האָבען די קינדער מורא געהאַט פאַר זיין קוק פונקט ווי זיי האָבען אים ליעב געהאַט. אַליין אַ גרויסער למדן איז ער געווען אַ געוואַלדיגער בעל מסביר ביים לערנען מיט די קינדער. די שטאָט האָט אָבער נישט געהאַט די זכיה אים צו האָבען לאַנג פאַר אַ דערציער. אַ כראָנישע לונגען קראנקהייט האָט פערציקט זיין יונג לעבען. די שטאָט האָט אים צוגעטיילט זיין לעצטען כבוד מיט אַ ריזיגער לויה צו זיין אייביגער רוה. זיין לויה איז אויסגעפאַלען דעם צווייטען טאָג פסח און מערקווירדיג אין דעם זעלבען יו״ט׳דיגען טאָג איז אויך געווען די לויה פון דעם גרויסען תלמוד חכם ר׳ הירשעלע משה אלי׳ס (געלערנטער) ז״ל און אָט די צוויי לוויות האָבען פערטונקעלט די יו״ט׳דיגע זון וואָס האָט זיך באַמיט מיט איר גאַנצער קראַפט אויפצוהייטערן

די אומעטיגע געמיטער פון די טאָמאַשאָווער אידען, מיט אירע פרעכטיגע פריהלינגס שטראַלען.

אין די 2 מחלקות פון דער ישיבה האָבען געלערנט מער פון 100 תלמידים און די מתעסקים האָבען זיך געגרייט צו פערברייטערן די ישיבה אָבער אין מיט׳ן זומער איז געשעהן אַן׳אומגליק, נעמליך: אַ שריפה איז אויסגעבראָכען אין אַ מיטן נאַכט און פערברענט דעם גרעסטען טייל שטאָט אין וועלכען ס׳האָט זיך אויך געפינען דאָס בית המדרש מיט׳ן בית שני צוזאַמען מיט דער שוהל. די ישיבה האָט זיך מער נישט געעפענט.

ג.

אין האַרבסט 1918. עס שלעפען זיך עסטרייכישע זעלנער איינצעלנע און אין גרופען, צעקנעפעלטע, צעלאָזענע, דערשלאָגענע ווי נאָך אַ פאַרלוירענער שלאַכט, אין דער ריכטונג צו דרום. זיי פערקויפען פון זיך אַראָפּ די מאַנטלען און אַנדערע מיליטערישע חפצים צו פערלייכטערן זיך דעם וועג אַ היים. אָרגאַניזירטע גרופען פון דער פוילישער יוגענט שטעהן אויפ׳ן קירישען שאָסיי, זיי נעמען צו די פערד און אַמוניציע פון די דיסאָרגאַניזירטע זעלנער פון דער צעפאַלענער עסטרייכישער אַרמיי. ס׳פאָרמירט זיך אַ פוילישע בירגער מיליץ, און טאָמאַשאָוו ווערט אַ טייל פון דעם באַפרייטען זעלבסטשטענדיגען פוילען. מיט׳ן אויפקומען פון דער פוילישער מלוכה זענען פאַרבונדען אַ סך צרות פאַר אידען. דער איינגעשלאָפענער אַנטיסעמיטיזם ביי די פּאָלאַקען וואַכט אויף און שפּרייזט איבער שטעט און שטעטלעך מיט אַ פעריסענעם קאָפּ, טרעטענדיג אויף די געפילען, פאַרמעגענס און טיילמאָל אויך אויף לעבענס פון די אידישע מיטבירגער. אידען פון זייער זייט נעמען עס מער נישט אויף ווי אַ נאַטירליכע ערשיינונג, מיט וועלכער מ׳מוז הכנעה׳דיג שלום מאַכען, ניין. אידען פיהלען זיך באַעוול׳ט און באַליידיגט, זיי פּראָטעסטירען און מאַנען גערעכטיגקייט, וואָס עס ברענגט אַמשטאַרקסטען צום אויסדרוק דער אידישער דעפּוטאַט יצחק גרינבוים פון דער סיים טריבונע. ס׳הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין אידישען לעבען אין פוילען, אין וועלכער אַ דור געהט אויף מיט אַ דורכגעדרונגענעם אידיש־נאַציאָנאַלען זעלבסט באַוואוסטזיין. אַ דור וואָס איז זעהר עמפּפינדליך אויף יעדע אומגערעכטיגקייט פון אַנטיסעמיטישען כאַראַקטער. רעאַגירנדיג מיט אַ ברויזענדער ענטשלאָסענקייט, ווי קיינמאָל נישט פריהער. אין אָט דעם דור, קען מען דרייסט זאָגען, זענען עס דערצויגען און אויסגעוואַקסען געוואָרען די קעמפער און בויער פון דער היינטיגער מדינת ישראל. ווי אַזוי האָט זיך די דאָזיגע תקופה אָפּגעשפּיגעלט ביי אונז אין טאָמאַשאָוו?

צוליב מאַנגעל אין קלאָרקייט וועגען אַ ריי געשעענישען ביי אונז אין יענער היסטאָריע מאַכענדער עפּאָכע. מוז איך דאָס דאָזיגע אינטערעסאַנטע

קאַפּיטעל לאָזען צו די וואָס געדענקען עס מיט מער גענויקייט און זענען דעריבער באַרופען עס צו טאָן.

איך וואָלט אָבער נישט יוצא געווען מיין חוב נישט צו פאַרצייכענען פאָלגענדען עפּיזאָד פון וועלכען איך אַליין בין געווען אַן עד ראיה. אין יענע טעג האָבען זיך באַוויזען אַ מחנה פּוילישע יונגע רעקרוטען מאַרשירענדיג אין קאָלאָנעס אויפ׳ן שאָסעי אין דער ריכטונג צום קירה׳שן שאָסעי. אידען האָבען פאַמאַכט די געוועלבען און אויך אין גאַס זענען אידען אַנטלאָפען כדי אויסצומיידען קלעפּ פון די צוקונפטיגע פּוילישע זעלנער. אין מאַרק האַרט נעבען שאָסעי קעגנאיבער די קאָשטשעלנא גאַס זענען געשטאַנען 3 אידען און געשמועסט, אין געלויף זיינען 2 פון זיי אויך אַנטלאָפען אָבער דער דריטער, און דאָס איז געווען ר׳ יקותיאל פויגעל ע״ה, אגב שוין דאַן אַ באַיאָרטער, איז געבליבען שטיין אויפן אָרט. די רעקרוטען זעענדיג אַזאַ מציאה זענען צו צו דעם איד, אָבער ער ר׳ יקותיאל האָט זיך נישט דערשראָקען און מיט זיין שטעקען אַוועקגעלייגט 2 יונגע כוליגאַנעס נאָך איידער זיי האָבען באַוויזען אים אָנצורירען, אויך דאַן איז אונזער העלדישער איד נישט אַנטלאָפען. דאַן זענען צו צו אים אַ גאַנצע מחנה און אים צעשלאָגען. אַ פּאַטרול פון די ליודאָווצעס האָט אים געראַטעוועט פון זייערע הענט און אַ צובלוטיגטען אים אַריינגעפירט צו שמואל רייזעלעס אין הויז. ר׳ יקותיאל איז אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען מיט אַ באַנדאַזשירטען קאָפּ און געהאַט די סימפּאַטיע פון אַלע טאָמאַשאָווער אידן. יהי זכרו ברוך.



# די טאָמאַשאָווער פידעלעך פאַבריקן

● רעי פאוסט

אין די פידעלעך פאַבריקן האָבן געאַרבעט קליין און גרויס פון די אָרעמסטע פון שטאָט. אָנהויבנדיק פון קליינע מיידעלעך, פון 8 יאָר, ביז פאַרהייראַטע מענער.

די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן פון זעגן און שפּאַלטן די קלעצער, דערנאָך שניידן שפּענער, נאָך דעם שניידן די שפּענער האָט דאָס קליינ־וואַרג סאָרטירט די שפּענער. דאָס „קליינוואַרג" זיינען געווען בלויז מיידע־לעך. אַלע אינגלעך אָן אויסנאַם זיינען קליינערהייט געגאַנגען אין חדר.

אָנגעהויבן האָט זיך די אַרבעט גאַנץ פרי, און געאַרבעט האָט מען ביז 9 אָוונט.

פאַר קלויבן און אַסאָרטירן שפּענער, האָט אַן אָנפאַנגער קינד באַקומען 50 קאָפּיקעס אַ וואָך.

דערוואַקסענע מיידלעך זיינען געוואָרן קלעבערינס. זיי האָבן באַ־קומען צוויי רובל אַ וואָך.

דנאַי זעצערינס, האָבן אויך פאַרדינט צוויי רובל אַ וואָך. די פּאַקערינס האָט מען געצאָלט לויט דער שנעלקייט פון פּאַקן. געפּאַקט האָט מען 100 פידעלעך אין אַ פּעקל.

פאַמיליע לייט האָבן פאַרדינט 4 און אַפילו 5 רובל אַ וואָך. דער־וואַקסענע אינגלעך, וועלכע האָבן שוין נישט געלערנט אין חדר, האָבן באַקומען צוויי רובל אַ וואָך.

עלטערע בחורים האָבן פאַרדינט דריי רובל אַ וואָך, לויט זייער אַרבעט. (עטעלע גרינוואַלד איז געווען איר פאָטערס סעקרעטאַרשע, און דורך איר האָב איך אויסגעפונען וויפל יעדערער האָט פאַרדינט).

עס זיינען אין טאָמאַשאָוו געווען דריי פידעלעך פאַבריקן.

די נאָענטסטע פידעלעך פאַבריק פון אונזער הויז, איז געווען ר׳ נתן׳ס. אין שטאָט האָט מען אים גערופן: „נאָסעלע מאָטעלע פולטשעס". זיין מוטער האָט מען גערופן: „שיינדעלע מאָטעלע פולטשעס". צווישן סוחרים און הענדלער האָט מען אים שוין גערופן אויפן צווייטן נאָמען אויך: נתן גרינוואַלד.

ר׳ נתנ׳ס פאַבריק האָט זיך געפונען אויף דער קראַסנאָבראָדער גאַס, נישט ווייט פון דער פּראָגע.

אַזוי ווי אין דער פראַגע האָבן געוואוינט אַ סך אָרעמע מענטשן זיינען זייערע קליינע קינדער געגאַנגען אַרבעטן אין נאָסעלעס פאַבריק. ער, ר' נתן, איז שוין געווען אַ „מאָדערנער" איד, ער האָט געקענט גוט העברעאיש, און האָט זיך אויסגעשריבן די הצפירה.

זיין פרוי מאַלטשע, וועמען מען האָט גערופן מאַלטשע נאָסעלעס, האָט געטראָגן אַ שייטל, פונקט ווי אַלע טאָמאַשאָווער פרויען פון יענער



ר' נתן גרינוואלד און פרוי מאַלטשע ז"ל

צייט. זי האָט אויף איר אופן געהאָלפן איר מאַן מיט דער פאַבריק־אַרבעט. איר הילף איז באַשטאַנען אין שטענדיק זיין פאַרנומען מיט דינגען געזונג בוידעמער ביי שכנים צו טריקענען די שפענער פון וועלכע מען האָט געמאַכט די פידעלעך.

ר׳ ישראל׳יע דעם רב׳ס, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ פידעלעך פאַבריק אין מאַרק אויף דער פאָטשענע, האָט מען גערופן סראליע דעם רב׳ס. ער האָט אויך געהאַנדלט מיט אייער (האַרטאָוונע) און געווען איז ער נאָסעלעס נאָענטסטער קאָנקורענט.

אָרעמע מיידעלעך פון דער פראַגע, ווען זיי זיינען געווען זיבן יאָר אַלט, האָבן זיי איינע די אַנדערע געפרעגט: — וואו וועסטו גיין אַרבעטן, צו נאָסעלען אָדער צו סראליע דעם רב׳ס?

די דריטע פידעלעך פאַבריק האָט זיך געפונען אויפן קירישן שאָסעי (לעמבערגער גאַס). די פאַבריק איז געווען פסח פוטערס. אויך פסח פוטער איז געוואָרן נתנ׳ס קאָנקורענט, ווייל נתן גרינוואַלד האָט שוין געהאַט 25 יאָר זיין פאַבריק ווען די אַנדערע צוויי פאַבריקן האָבן זיך געעפנט, פריער סראליע דעם רב׳ס, דערנאָך פסח פוטערס.

ווען דריי פידעלעך פאַבריקן זיינען געווען אין אַזאַ שטאָט ווי



שרה׳לע און ליעבעלע ר׳ נתן גרינוואַלד׳ס טעכטער

טאָמאַשאָוו, זיינען זייער אַ סך אַרבעטער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון די פאַבריקן. מען האָט געזען אַ סך מיידלעך מיט פאַרקלעפּטע נעגל פון פאַפּ, מיט וועלכע זיי האָבן געקלעפּט די פידעלעך. די פּאַפּ האָבן די פאַבריקאַנטן אַליין פּראָדוצירט.

יעדע פאַבריק האָט געהאַט אַ גרויסן הויף, אָדער אַ פּאָדוועך מיט געהילץ. דורכגייענדיק די פאַבריקן, האָט מען געקענט הערן דאָס זעגן און שניידן, דאָס שניצן און האַקן.

שטאַרקע מענער האָבן געאַרבעט, פון די קלעצער צו פּראָדוצירן שפּענער. אין די וואַרשטאַטן פון די פידעלעך פאַבריקן זיינען געשטאַנען מאַשינען, מיט וועלכע מען האָט געשניטן די שפּענער לויט אַ נומער און מאָס. דנאָיען געשניטן, יעדער דנאָי אַ נומער און אַ מאָס. מען האָט זיך אויך באַנוצט מיט ספּעציעלע מעסערס פאַר שניידן די שפּענער.

די פידעלעך האָט מען גענוצט אין די אַפּטייקן.

גאַנצע וועגענער מיט קאַסטנס פידעלעך זיינען געפירט געוואָרן קיין רייוועץ צו דער באַן, פון דאָרט קיין וואַרשע, קיין קיעוו און וואו מען האָט געדאַרפט.

די פאַבריקן האָבן פּראָדוצירט פידעלעך ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. צוליב דער מלחמה, האָבן זיך די פאַבריקן פאַרמאַכט.

נתן גרינוואַלד, וואָס האָט געהאַט די עלטסטע פידעלעך פאַבריק אין טאָמאַשאָוו, האָט געהאַט 8 קינדער: 6 טעכטער און 2 זין, צוזאַמען מיטן דיסנט מיידל זיינען זיי געווען 11 מענטשן.

כדי צו שפּייזן די פאַמיליע, האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען מיט נאַפט און זאַלץ, ווייל זיין פאָטער מאָטעלע פולטשעס האָט אין מאַרק געהאַט אַ קעלער מיט נאַפט צו פאַרקויפן. די גרינוואַלדס זיינען געווען באַוואוסט אַלס נאַפט סוחרים, האָט ר׳ נתן גרינוואַלד, דער געוועזענער פידעלעך פאַבריקאַנט, באַקומען אַ קאָנצעסיע פון די שטאָט־הערשער צו מעגן האַנדלען מיט נאַפט און זאַלץ. טאָמאַשאָוו איז דאַן איינגענומען געוואָרן פון די דייטשן, און אין שטאָט איז געשטאַנען עסטרייכיש מיליטער.

אַזוי איז געקומען אַן ענדע צו די פידעלעך פאַבריקן.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז צוזאַמען מיט די מיליאָנען אַנדערע אידן אויך אומגעבראַכט געוואָרן דער ערשטער פידע־לעך פאַבריקאַנט נתן גרינוואַלד און זיין פרוי מאַלטשע, זיין טאָכטער שרה׳לע און איר מאַן ישעיה לערער און זייערע צוויי קינדער. אויך זיין טאָכטער ליבעלע מיט איר מאַן נתן שפּאָרער.

ערע זייער אָנדענק.



# מיין טאַטנס פאַבריק

## • רעכיל פאוסט־לערער

עס איז געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.
אונזער חזיר־האָר פאַבריק איז שוין געווען אָפּגעטיילט פון דער וואוינונג.
אין דרויסן איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. די איינוואוינער פון דער טאָמאַשאָווער פראַגע האָבן פרי פאַרמאַכט די לאָדן, כדי איינצוהאַלטן אַביסל וואַרעמקייט.
אין דרויסן איז געווען פינצטער. דורך די שפּאַרעס פון די לאָדן האָט זיך דורכגעריסן אַ מאַטער שיין, וואָס האָט באַלויכטן אַ גרודע פאַר־פרוירענע ערד און אַ שטיקל קלאַדקע.
עס איז געווען שטיל. נאָר פון מיין טאַטנס חזיר־האָר פאַבריק האָט זיך געהערט אַ געזאַנגט:

„עס דרייען זיך די רעדער,
און עס קלאַפּן די מאַשינען,
די פאַבריקע פון חזיר־האָר גייט.
דער קאָפּ ווערט צעבראָכן,
די אויגן ווערן פינצטער,
פינצטער, פון טרערן און פון שווייס״.

דאָס געזאַנג האָט זיך צעטראָגן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט און האָט געקלונגען ווי אַ געבעט:

„הער שוין אויף דו אַרבעטער,
טרערן צו פאַרגיסן,
דו מאַכסט דאָך אויף דער אַרבעט אַ פלעק.
באַלד וועט אַריינקומען דער מייסטער, אַ בייזער,
שמייסט ער דיך פון דער אַרבעט אַוועק״.

אַ קאַלטער ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן, געריסן די לאָדן פון די פענצטער. דאָס געזאַנג האָט טרויעריק באַגלייט דעם ווינט:

„דעם אַרבעטערס לעבן,
איז אַ פאַרביטערט לעבן,
ער האָט דאָך קיינמאָל ניט קיין רו.
בייטאָג קאָן ער ניט דעם רוקן אויסגלייכן,
ביינאַכט קאָן ער ניט שלאָפן אין רו״.

די מומע טעמע מיטן פעטער יונה זינגער און זייער פאַמיליע, האָבן געוואוינט אַנטקעגן אונז. די פענצטער פון אונזער חזיר־האָר פאַבריק, האָבן זיך איבערגעקוקט מיטן פעטער יונה׳ס פאַבריק, פון וועלכער דער טאַטע האָט זיך געהאַט אָפגעטיילט. האָבן יונה׳ס אַרבעטער אויפגעכאַפּט דאָס ליד און מיטגעזונגען.

אויף דער פראַגע זיינען געווען שניידערייען, שוסטער־וואַרשטאַטן, היטל־מאַכער, בעקער און טאָקער. האָבן אַרבעטער אויפגעכאַפּט דאָס געזאַנג און געזונגען אין די וואַרשטאַטן.

נאָר שטאַרקער האָט זיך געטראָגן דאָס אַרבעטער געזאַנג פון מיין טאַטנס חזיר־האָר פאַבריק.

נישט ווייט פון אונז האָט אַ טאָל געפירט צו דער קרעניצע וואו עס האָבן געוואוינט סטראַזשניקעס. דער וועג האָט געפירט אויף דער אוליצע צו דער בריגאַדע, וואו עס זיינען געשטאַנען די קאָזאַקן. דורכ־גייענדיק אונזער הויז, האָבן זיי אָפט געהערט דאָס געזאַנג פון פאַבריק און האָבן אויפגעכאַפּט די מעלאָדיע.

חדר־אינגלעך מיט לאָמטערנעס אין די הענט, אָנגעפּעלצטע מיט קאָלירטע שאַליקעס אַרום די העלזער, האָבן גייענדיק פון חדר זיך אָפט אָפּגעשטעלט און געשלונגען די ווערטער פון די לידער.

אין דעם שכנישן בעלזער שטיבל (וואו מיין טאַטע האָט געדאַוונט), זיינען יונגע לערנער געזעסן און זיך געשאָקלט ביי אָפענע גמרות און





ר׳ אליקום געציל ב״ר פינחס אליעזר הלוי לערער
נפטר י״ג אב תשי״ז

זייער ניגון האָט זיך אויסגעמישט מיטן געזאַנג פון די אַרבעטער לידער.

די אַרבעטער האָבן געאַרבעט און געזונגען, נישט ווּיסנדיק ווער עס איז געווען דער פּאַרפאַסער פון זייערע לידער.

אין יעדער פאַבריק האָט מען דאָס ליד געזונגען אַנדערש, צופּאַסנדיק אייגענע ווערטער און מעלאָדיעס.

דעם טאָטנס פאַבריק איז געווען באַלויכטן מיט קליינע נאַפט־לעמפּלעך. די לעמפּלעך זיינען געהאָנגען איבער די וואַרשטאַטן. ביי יעדער וואַרשטאַט — אַן אַרבעטער און אַ לעמפּל.

די אויסלייגער, וועלכע גלייכן אויס, סאָרטירן און לייגן אויס די האָר אין קליינע בינטלעך, זיינען געשטאַנען ביי די וואַרשטאַטן און אויס־געלייגט די האָר. זייערע הענט זיינען געווען נאַס און רויט. די הויט אויף די פינגער צעווייקט ווי ביי אַ וועשנע.

די קעמער זיינען געשטאַנען ביי די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויף זיך געהאַט גרויסע קאַמען, מיט לאַנגע מעטאַלענע ציין, און האָבן געקעמט די בינטלעך האָר. יעדער קעמער האָט געהאַלטן אַ בינטל האָר אין ביידע הענט, שטייענדיק געבויגן איבערן קאַם. שנעלער, שנעלער האָבן זיך באַוואויגן זייערע גלידער. פלינקער, פלינקער זיינען די האָר געלאָפן דורך די גרויסע אייזערנע ציין פון קאַם.

פינגער פאַרבונדענע, פון ציין צעשטאָכענע, האָבן מיט ווייטיק זיך געיאָגט, גלאָט און גלייך צו מאַכן די חזיר־האָר.

די בינדער האָבן די בינטלעך און קיילעכדיקע בונטן צוזאַמענגענומען און מיט שפּאַגאַט פעסטגעבונדן.

האָבן די קעמער געקעמט, די אויסלייגער האָבן אויסגעלייגט, און די בינדער האָבן געבונדן די האָר צום ריטם פון געזאַנג.

די לופט אין פאַבריק איז געווען אָנגעפילט מיט דעם שטאַרקן ריח פון די האָר, וואָס האָבן זיך געטריקנט אין אויוון.

איך, אַ קליינע מיידעלע, בין געזעסן אַנטקעגן פייער פון פאַבריק־קיך און זיך צוגעהערט צום געזאַנג.

מיינע בעקעלעך האָבן געפלאַמט, און אין מיינע אויגן האָבן געגלאַנצט איינגעהאַלטענע טרערן.

— רעכאַלע (רחל'ע), קום אַריין, שוין צייט גיין שלאָפן! — האָט זיך דערהערט דער מאַמעס קול.

מיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט, נאָר מיר איז אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן די פאַבריק.

— הערסט נישט אַז די מאַמע רופט דיך?! — האָט דער טאַטע געפרעגט.

האָב איך זיך אויפגעהויבן פון דער פאָדלאָגע, און אומצופרידן געזאָגט:

— כ׳גיי שוין טאַטע! און פאַרלאָזט די פאַבריק.

ביי אונז אין דער גרויסער שטוב, האָט געברענט דער „בליץ־לאָמפּ״, לעבן דער קיך איז געשטאַנען אַ ראָשטשינע און אַ מולטער צו באַקן חלה אויף שבת.

עס איז געווען דאָנערשטיק נאַכט. מיין מאַמע חיה נעכע (ווען מען האָט אין טאָמאַשאָוו גערופן: חיה געצל פּיניעס) איז געווען פאַרנומען מיט קוועטשן דורך אַ לייוונטן טיכל, ראָזשענקע־וויין לכבוד שבת. איר פאַרטוך איז געווען פאַרמעליקט, אין שטוב ביי איר אַרבעט, האָט זי אויף איר געגאָלטן קאָפּ געטראָגן אַ ווייסן טשופּיק מיט אַ שליאַרקע. (צום אַרויסגיין, ווי אויך לכבוד שבת און יום־טוב, האָט זי געטראָגן אַ שייטל).

אין שטוב איז געווען שטיל. מיין עלטערער ברודער חיים יוסף וועלכער האָט אַ קורצע צייט געלערנטביים בעלזער רבין, איז שוין געווען צוריק אין טאָמאַשאָוו, און האָט געלערנט ביז שפּעט ביים רבין ר׳ נחמנ׳ען אויף דער קראַסנאָבראָדער גאַס. מיין יונגער ברודערל, משה, איז שוין געשלאָפן אין אַלקער אין טאַטנס בעט. מיין גרעלעגער איז שוין געווען אויסגעבעט, נאָר מיר האָט זיך נאָך נישט געוואָלט גיין שלאָפן.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און געפרעגט:

— מאַמע, ווער האָט געמאַכט דאָס ליד וואָס די אַרבעטער זינגען?

— וואָסער ליד?

— דאָס ליד מיט: „עס דרייען זיך די רעדער און עס קלאַפּן די מאַשינען״.

— וואָס הייסט ווער? ווער שרייבט אַלע לידער? האָט די מאַמע געענטפערט מיט אַ פראַגע, אַליין נישט וויסנדיק דעם נאָמען פון פאַרפאַסער.

— מאַמע, עפּעס איז נישט גוט מיט דעם ליד!

— נישט גוט? פאַרוואָס?

— די אַרבעטער האָבן עס געזונגען און דער טאַטע האָט געלאַכט.

— וואָס־זשע האָסטו געוואָלט, ער זאָל וויינען?

— ניין, נישט דאָס, איך מיין, פאַרוואָס האָבן זיי געזונגען דאָס ליד ביי אונז?

— פאַרוואָס נישט? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— דער טאַטע איז נישט קיין בייזער מייסטער, פאַרוואָס דאַרפן זיי דאָס ביי אונז זינגען — האָב איך אַ טרויעריקע געפרעגט.

— גיי, נאַרעלע, זיי האָבן ניט געמיינט דעם טאַטן, דערפאַר האָט ער געלאַכט. ער האָט געוואוסט אַז זיי מיינען נישט אים.

איך בין נאָך אַלץ נישט געווען צופרידן פון ענטפער און האָב ווידער געפרעגט:

— ביי אונז אין חזיר־האָר פֿאַבריק, דרייען זיך דאָך נישט קיין רעדער, און עס קלאַפּן נישט קיין מאַשינען פֿאַרוואָס זשע זינגט מען אַזוי אין דעם ליד?

מיין מאַמעס צאַרטער שטערן האָט זיך געגעבן אַ קנייטש, זי האָט אַ זיפֿץ געטאָן און געזאָגט:

— דעם אמת זאָגנדיק, ווייס איך אַליין נישט ווער עס האָט דאָס ליד געשריבן. איך ווייס נאָר, אַז ווען מען זינגט עס אין טאַטנס פֿאַבריק זאָגט מען: „די פֿאַבריקע פֿון חזיר־האָר גייט", און אַז מען זינגט דאָס ליד אין די פֿידעלעך פֿאַבריקן זאָגט מען: „די פֿאַבריקע פֿון פֿידעלעך גייט", נאָר אַמבעסטן פּאַסט זיך עס צו די שניידערייען. דאָרט דרייען זיך טאַקע די רעדער און עס קלאַפּן די מאַשינען. זינגט מען עס טאַקע אין די שניידער פֿאַבריקן פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך, ווייל די אַרבעטער האָבן ליב דאָס ליד. די אַרבעטער ענדערן עס און גיבן צו ווערטער וואָס זאָל פּאַסן זייערע פֿאַבריקן — האָט די מאַמע געזאָגט, באַטראַכטנדיק דעם ראָזשענקע ווײַן אין דער קראַפּינקע.

— אָבער מאַמע, זיי מיינען נישט מיין טאַטן? — האָב איך אַלץ געפֿרעגט.

— ניין, נישט דיין טאַטן. ער אַרבעט דאָך גלייך מיט די אַרבעטער און באַהאַנדלט זיי בעסער ווי אַנדערע בעלי־בתּים — האָט די מאַמע מיט שטאָלץ געענטפֿערט.

אין פֿאַבריק איז געוואָרן שטיל.

די אַרבעטער זיינען מידע אַהיים געגאַנגען. נאָר משה יאַנעווער און לייבל, זיינען געבליבן, ווייל זיי האָבן געוואוינט און געגעסן ביי אונז.

מיין מאַמע, האָט אַ חוץ די אייגענע פֿאַמיליע, אויך באַדינט די אַרבעטער.



# די בולאַק-באַלאַכאָוויטש פּאָגראָמען אין טאמאשאוו-לוב.

(אַ בלוטיק קאַפּיטל פון יאָר 1920)

● מ. זעלדין

נאָך די אכזריות׳ן פון דעם נאַצישען חורבן, נאָך דער בלוטיגער פאַרטיליקונג פון די זעקס מיליאָן אידען דורך דער ברוינער בעסטיע, זעען אויס פיל גזירות און שחיטות פון די פריערדיגע צייטען גאָר בלאַס. צו די דאָזיגע געהערען אויך די פּאָגראָמען, וואָס די בולאַק-באַלאַכאָוויטש-באַנדעס האָבען דורכגעפירט אין פוילישע שטעט אין דער צייט ווען דאָס באַנייטע פוילען, נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז אויפגעשטאַנען תחית-המתים.

געוועזען איז עס אַ צייט, ווען די נייע מדינה האָט זיך געראַנגלט פאַר איר פאַרפעסטיקונג. אין דער מוטערלאַנד, די צען געוועזענע גובערניעס פון קרוין-פוילן און די עכט-פוילישע געביטען — פויזנער געגענט און מערב-גאַליציע, איז דער מצב פון דער מלוכה געווען אַ כמו-סטאַבילער פון שטאַנד-פונקט פון מלוכה׳שער סואווערניטעט. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז פוילען. אַ שווערע הלכה האָט די נייע מדינה געהאַט אין די מזרח-געביטען, גערופען „קרעסן״. אין יענער צייט, ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען פאַרמירען אַ ריי נייע מלוכות, וואָס זענען געשטיצט געוואָרען פון פאַרשידענע פאַקטאָרען, זענען אויף די דאָזיגע געביטען געווען זייער פיל בעלנים. פון איין זייט האָבען די באָלשעוויקעס געהאַלטען, אַז זיי זענען די לעגאַלע יורשים פון דער דאָזיגער ערד, וואָס האָט געהערט צו רוסלאַנד און פון דער צווייטער זייט האָבען זיך באַוויזען נאָך אַנדערע פּרעטענדענטען — אוקראַינער און פאַרשידענע אַנדערע „באַטקאָס״, אַנטי-באָלשעוויסטישע צאַרישע אָפיצירען, וועלכע האָבען צונויפ-געשטעלט „אַרמייען״ און געבאַלעבאַטעוועט אין די דאָזיגע געביטען, וואָס זענען אין געוויסע צייטען געווען הפקר.

צווישען די דאָזיגע פאַרשידענע באַנדעס און מיליטערישע גרופּעס האָט אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט פאַרנומען די אַרמיי פון גענעראַל בולאַק-באַלאַכאָוויטש. דער דאָזיגער געוועזענער צאַרישער גענעראַל איז ניט געווען קיין פּאָלאַק; ער איז נאָר געווען אַ פאַרבינדעטער אין קאַמף פאַר פוילן. ער האָט פּרעטענ-דירט צו ווערען אַ מושל איבער פּאָלעשיע און ווייסרוסלאַנד, אויך טיילן פון וואָלין, אויב די באָלשעוויקעס וועלן צעשלאָגען ווערען. די טעריטאָריע אויף

ווערכער דער דאָזיגער גענעראַל האָט גראַסירט האָט זיך טאַקע געצויגען פון קאָוועל־וואָלין, ביז פינסקער בלאָטעס און פאַרכאַפּט שטיקער פון כעלמער־זאַמאָשטשער געביטען.

זיין אַרמיי איז באַשטאַנען פון געוועזענע צאַרישע ווייס־גוואַרדייער צוזאַמען מיט כל־המינים אוקראַיניש־ווייסרוסישע עלעמענטען, צווישען זיי גאָר פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס האָבען אין זייער „מיליטערישער" קאַריערע געזען אַ וועג פון באַרייכערען זיך דורך רויב און מאָרד. פאַר די דאָזיגע עלעמענטען איז אַזאַ הפקר־צייט און אַזאַ „אַרמיי" געווען דער בעסטער אָרט.

די טעטיקייט פון דער דאָזיגער אַרמיי האָט זיך טאַקע פריער פאַר אַלץ אויסגעדריקט אין באַפאַלען, באַרויבען די אידישע שטעט און שטעטלעך. געהייסען האָט עס אַז מען קעמפט ניט קעגען די אידען נאָר קעגען די „באָלשעוויקעס" — און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען די זשידעס. רויב, מאָרד, פאַרגוואַלטיקונג, אונטערצינדונגען דאָס איז געוועזען די טאָג־טעגלעכע פּראַקטיק פון די דאָזיגע באַנדעס. מיר זאָגען באַנדעס בלשון רבים, ווייל אויסער דעם דאָזיגען גענעראַל בולאַק־באַלאַכאָוויטש זענען געוועזען נאָך אַנדערע פון דעם מין.

אין די חדשים אויגוסט־סעפּטעמבער 1920 האָט די בולאַק־באַלאַכאָוויטש אַרמיי אַרודעוועט אין כעלם־זאַמאָשטשער געגענט. אין סך־הכל פון דער אַקטיוויטעט פון דער דאָזיגער באַנדע זענען צענדליגער שטעט און שטעטלעך פּאַגראָמירט געוואָרען. צווישען זיי איז אויך טאָמאַשאָוו־לובעלסק אַדורך דעם דאָזיגען פּאָגראָם.

אין איינעם אַ „מאַרש" פון דער דאָזיגער אַרמיי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דעם 8טן אויגוסט 1920 אין דאָרף וועבקאָוויץ, און שפּעטער דורך הרוביעשאָוו, טישעווצע, קאַמאַראָוו, קראַסנאָבראָד, לאַשטשעוו, טוטשאַב, זיינען זיי אויך אַריין קיין טאָמאַשאָוו. צוויי מאָל איז די דאָזיגע „אַרמיי" געווען אין טאָמאַשאָוו. דאָס ערשטע מאָל דעם 25־26 אויגוסט איז אַהער אַריין אַ פּאַטרול און שפּעטער דעם 30טן און 31טן איז געקומען די מיליטערישע אָפּטיילונג. ביידע באַזוכען זענען געווען בלוטיגע — רויב, פאַרגוואַלטיגונג און חורבן.

אין פּוילישען סיים איז דאַן געזעסען ווי אַ דעפּוטאַט ד"ר יצחק שיפּער, געוויילט פון דאָזיגען ראַיאָן. ער איז אַראָפּגעקומען אין דאָזיגען געגענט און אַדורכגעפירט אַ גענויע חקירה־ודרישה. אויפן סמך פון דער אויספאָרשונג האָט דער אידישער סיים־קלוב אין נאָוועמבער 1920 אַריינגעטראָגען אַ געהעריקע אינטערפּעלאַציע אין דעם פּוילישען פּאַרלאַמענט (סיים). עס זענען אויפגעהיט געוואָרען אין די דאָקומענטען און ביולעטינען פון דער אידישע סיים־פראַקציע די מאַטעריאַלען פון דעם חורבן אין גאַנצען געגענט. מיר

נעמען פון דאָרטען אַרויס נאָר יענע טיילען, וואָס האָבען אַ שייכות צו טאָמאַשאָוו.

יעדע דאַטע; יעדער פּרט; יעדער נאָמען איז דאָך היינט געשיכטע, הגם דאָס איז גאָר ניט לאַנג געשען. גראָד איצט, ווען אַלע ישובים זענען אָפּגעווישט געוואָרען; עס זענען פאַרטיליקט געוואָרען די לעבעדיקע עדות צוזאַמען מיט די אַנדערע באַווייזען פון יענער צייט איז וויכטיג, אַז פון דער געשיכטע פון ישוב זאָל גאָרניט פאַרלאָרען גיין. ברענגען מיר טאַקע די טאָמאַשאָווער דאָקומענטען ווי זיי גייען און שטייען. צוליב אַ ריי טעמים האָבען מיר ביי געוויסע נעמען געבראַכט נאָר ראשי־תיבות.

אַלע דאָקומענטען זענען גבית-עדות׳ן, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרען פון ד״ר י. שיפּער, פון אים באַשטעטיקט געוואָרען און בייגעלייגט צו דער פּאַרלאַמענט־אינטערפּעלאַציע.

## דאָקומענט נומער 1

בריוו פון טאָמאַשאָווער מאַגיסטראַט צום שטאַב פון דער מיליטערישער איינהייט נומער 3.

מיר מעלדען דעם שטאַב, אַז היינטיגע נאַכט (26טן אויגוסט 1920) האָט אַן אָפּטיילונג פון 2טן פּאָלק פון די דאָנער קאָזאַקען, פון דער וואולטשאַנסקער דיוויזיע דורכגעפירט אַ פּאָגראָם אויף די איינוואוינער פון טאָמאַשאָוו, דהיינו:

מען האָט פאַרגוואַלטיגט מ. ז. געפּרוווט פאַרגוואַלטיגען אַ. ל. חוץ דעם האָבען זיי דורכגעפירט רויב־אַקטען אויף אַ סומע פון בערך 300.000 מאַרק. אויף וויפל עס איז ביז איצט באַקאַנט זענען דורכגעפירט געוואָרען רויבערייען אין די הייזער פון יצחק ליבערמאַן, אליהו קרייצער, יעקב לעדערקרעמער, אהרן פאַלדבערג, אהרן פעלדזען, לייבע וואַלדבערג, מרדכי געלערנטער, דוד זאַפערן און פיל אַנדערע, וואָס זענען ביז היינט נאָך ניט קאָנטראָלירט געוואָרען.

בירגערמייסטער: קזשיזשאַנאָווסקי.
סעקרעטאַר דאָרנפעלד.

## דאָקומענט נומער 2

גבית־עדות פון שיע פישעלזאָן, ראטמאן פון טאָמאַשאָווער שטאטראַט, אַלט 33 יאָר און פון חיים האָרן, ראַטמאַן פון שטאטראַט, 31 יאָר, וועלכע דערקלערען:

מיטוואָך דעם 25טן, אָדער דאָנערשטיק דעם 26טן אויגוסט איז דורך אונזער שטאָט אַדורך אַן אָפּטיילונג פון באַלאַכאָוויצעס, וואָס איז באַשטאַנען פון 1 אָפיציר און בערך 20 סאָלדאַטען. זיי האָבען זיך פאַרהאַלטען איבער

נאַכט. זיי האָבן זיך גלייך געוואָנדען צום רב און פון אים געפאָדערט 10.000 מאַרק קאָנטריבוציע און צוויי האַלבע שטאָפּן שפּיריטוס. דער רב האָט צונויפגערופן די אידישע ראַטמענער און פאַרמעגלעכע בירגער, וועלכע האָבן צונויפגעקליבן די דערמאָנטע סומע, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרען דעם אָפיציר פון דעם באַלאַכאָווישען אָפּטיילונג דורך די קהילה־ראַטמענער: בנימין וויינבערג, מענדל רייכענבערג און דעם רב. דער אָפיציר האָט איבערגעציילט דאָס געלט און האָט אויף רוסיש מיט אַ שמייכל באַמערקט וועליקאָלעפּנאָ! (אויסגעצייכנעט!) און צוגעגעבן: „ביז מאָרגען פרי מוזט איר צוגעבן ווייטערדיקע 10.000 מאַרק". ווען וויינבערג האָט, אין אונזער אָנוועזנהייט אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס לייגט איר אויף אונז אַרויף אַ קאָנטריבוציע?" האָט דער אָפיציר זיך אָפּגערופן: „איר, אידען, באַגריסט אומעטום די באָלשעוויקעס און דערפאַר וועל איך נאָך מאָרגען מיט אייך רעדען, כדי איר זאָלט האָבן אַן אָנדענקונג, אַז אַהער איז געקומען די רוסישע מאַכט". אין 2־3 שעה שפּעטער, אַרום 11 אַזייגער ביינאַכט, האָבן די דערמאָנטע 20 זעלנער אָנגעהויבן ראַבירען אין די אידישע וואוינונגען. זיי האָבן אויסגערויבט די הייזער און קראָמען פון יעקב לעדערקרעמער, אליה קרייצער, יצחק ליבערמאַן, אהרן פעלזען, לייב וואַלדבערג, מרדכי געלערנטער, דוד זאַפערן און בכלל די גאַנצע אידישע געגענט. געשווינט זענען געבליבן יענע אידען, וואָס וואוינען אויף די פאַרשטעטלעך, צווישען דער מערהייט קריסטלעכער באַפעלקערונג. די אָנגעמאַכטע שאָדענס ווערט גערעכענט אויף אַ מיליאָן מאַרק בערך. ביז 8 אידישע פרויען און מיידלעך זענען פאַרגוואַלטיקט געוואָרען. עס זענען אויך געווען עטליכע פאַלען פון צעשלאָגען אידען. די רויבערייען און די גוואַלט־אַקטען האָבן געדויערט ביז 5 אַזייגער פרי.

מיטוואָך דעם 26טן אויגוסט האָט דער היגער דאָקטאָר זאַוואַדזקי אָוועק (אינטערווענירען) צום קאָמענדאַנט פון דער באַלאַכאָוויטש אָפּטיילונג; ער האָט אים געטראָפען אינגאַנצען שיכור, צווישען איבערגעקערטע פלעשלעך. דעם זעלביגען טאָג פאַרמיטאָג האָט די דאָזיגע אָפּטיילונג פאַרלאָזען טאָמאַשאָוו.

אין שטאָט איז אין משך פון 3 טעג ניט געווען קיין שום מאַכט.

מאָנטיק, דעם 30טן אויגוסט זענען אין שטאָט אַריינגעקומען ביז 600־700 באַלאַכאָווצעס. זיי זענען אַדורך דער שטאָט און זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון יעזשאָרנע (4 קילאָמעטער הינטער טאָמאַשאָוו). בעת דעם דאָזיגען דורכמאַרש האָט זיך אָפּגעטיילט אַן אָפּטיילונג פון בערך 60 מאַן און גלייך צוגעטראָטען צו ראַבירען, פרעגענדיג אויף אידישע וואוינונגען. אין דעם דאָזיגען אָפּטייל האָט זיך אויך געפונען דער קאַפּראַל סיקאָרסקי פון דער פּאָליציי אין לאָסינקאָ. ער האָט די רויבער אָנגעוויזען די אידישע וואוינונגען (באַזונדער די וואוינונגען פון חיים פוטער, יעקב לעדערקרעמער,

ישראל לערמאן, לייב שוואַרצבערג, אברהם בלאנדער) און האָט זיך אַליין אויך באַטייליגט אין די רויבערייען. אַזוי האָבען זיי גערויבט 4 שעה און נאָכדעם אַוועק אין דער ריכטונג פון יעזשאָרנע. ביינאַכט, אַרום אַזייגער 4־5, האָב איך, שיע פישעלזאָן, און יוזעף גאָזדעק, אַ שוסטער פון טאָמאַשאָוו (ביידע האָבען מיר געהאַט וואַך פון דער שטאָטישער מיליץ) געטראָפען סיקאָרסקין מיט 6 קאָזאַקען אויף דער לעמבערגער גאַס. סיקאָרסקי איז געשטאַנען נעבען לייב שוואַרצבערגס הויז, ביי אַן אַנגעלאָדענער פור מיט זאַכען, און די קאָזאַקען האָבען זיך נאָך אַלץ אַריינגעריסען אין אידישע הייזער. זיי האָבען אַזוי געראַבירט אַ 2 שעה. ווען איך, פישעלזאָן, האָב זיך געוואָנדען צו סיקאָרסקין מיט פאָרוואורפען אַז ער פירט אַן מיט די רויבערייען, האָט ער זיך באַמיט פאַרענטפערען, אַז מיין שטוב וועט ער דורכלאָזען; גאָזדעקן האָט ער געהייסען תיכף זיך אָפּטראָגען, ווייל אויב ניט וועט ער אים דערשיסען.

דינסטיק דעם 31טן אויגוסט, פאַר מיטאָק, איז געקומען אין שטאָט אַ גרופּע באַלאַכאָווצעס פון אַ מאַן 150 מיט אַן אָפיצער בראש. זיי האָבען זיך צעשטעלט אין פאַרשידענע זייטען פון דער שטאָט ווי פּאַטרולען און בערך אַ שעה שפּעטער האָבען זיי זיך גענומען ראַבירען. מיין אינטערווענץ ביי די אָפיצערען האָט גאָרניט געהאָלפען.

די רויבעריי האָט געדויערט ביז 5 אַזייגער נאָך מיטאָק. אַרום 1 אַזייגער נאָכמיטאָק זענען דריי אָפיצערען אַריינגעפאַלען אין דער וואוינונג פון רב ירחמיאל וויינבערג און געפאָדערט ביי אים אַ האַלבען מיליאָן מאַרק קאָנטרי־בוציע, דראָענדיג אים מיט טויט. גראָד בין איך, פישעלזאָן, אַריינגעקומען אין רב׳ס הויז און געוועזען ביי דער דאָזיגער סצענע. איך האָב זיך דאַן געוואָנדען צו איינעם פון די אָפיצערען און אים אויפגעקלערט, אַז דער רב איז אַן אָרימער מענטש און האָט גאָרניט אַזאַ איינפלוס, אַז ער זאָל צונויפקלייבען אַזאַ סומע געלט. איך האָב מיך אַליין פאָרגעלייגט דאָס צו טאָן. די אָפיצערען האָבען אָפּגעלאָזען דעם רב און מיט מיר אַרויס צונויפזאַמלען דאָס געלט ביי די אידען. מיר זענען אַוועק אויף דער לעמבערגער גאַס אויפ׳ן וועג האָב איך געפּרואווט מיט זיי אונטערהאַנדלען, אַז זיי זאָלען זיך באַנוגענען מיט 20.000 מאַרק, ווייל די שטאָט איז זייער אַ צעשטערטע. ווי אַן ענטפער האָב איך באַקומען געשמיסען מיט אַ נאַהייקע און געקאַטעוועט מיט אַ שווערד אַז איך בין געפאַלען אין אַנמאַכט. איך האָב זיך ערשט אויפגעכאַפּט אין אַפּטייק, וואו מען האָט מיך אָפּגעמינטערט.

סוף־כל־סוף האָבען זיך די אידען צונויפגעלייגט און איבערגעגעבען די דאָזיגע אָפיצערען 17.000 מאַרק. די רויבערייען האָבען געדויערט אַ גאַנצען דינסטיג און די שאָדענס דערגרייכען עטליכע מיליאָן. ביי דעם זענען עטליכע צענדליג אידען שווער און לייכט צעשלאָגען געוואָרען. ביז 50 אידישע פרויען זענען דעמאָלט געוואָרען פאַרגוואַלטיגט, צווישען זיי פ. ל.......... וואָס איז

ערשט געווען 3־4 וואָכען נאָך אַ קימפּעט. זי איז פאַרגוואַלדיקט געוואָרען דורך 6 קאָזאַקען און ליגט ביז איצט קראַנק. עס איז אויך פאַרגוואַלטיקט געוואָרען נ. פּ. וואָס איז אויך געווען עטליכע וואָכען נאָכ׳ן קימפעט. עס זענען געווען עטליכע פאַלען פון פאַרגוואַלטיגען מיידלעך יונגער פון 15 יאָר און עלטערע פרויען פון העכער 60 יאָר אַלט.

דינסטיק אָוענט איז אָנגעקומען דאָס פוילישע מיליטער און פון דער צייט איז אין שטאָט געוואָרען רואיג.

ס. פישעלזאָן; ח. האָרן.

## דאָקומענט נומער 3

גבית עדות פון אליה קרייצער, 71 יאָר אַלט, פעלדשער.

אין דער נאַכט פון 25טן אויפ׳ן 26טן אויגוסט 1920 זענען אין מיין וואוינונג אַריין אַ 10־12 באַלאַכאָווצעס און אויסגערויבט מיין וואוינונג. איך בין געקליידעט אייראָפּעאיש, האָב איך זיי דערקלערט, אַז איך בין אַ קריסט, אָבער זיי האָבען דאָס ניט גענומען אין אַכט. זיי האָבען צוגענומען 600 מאַרק, מלבושים, אַ זילבערנעם זייגער און 8 מעטער סחורה. זיי האָבען זיך גענומען צו מיין טאָכטער, וועלכע איז געלעגען קראַנק און האָבען פון איר אַראָפּגעריסען די אויערינגלעך און רינגען און לסוף געוואָלט פאַרגוואַלטיקן מיין יונגערער טאָכטער, וועלכער זיי האָבען פאַרשלעפּט אין קיך. ווען איך האָב אָנגעהויבען שרייען האָבען זיי מיר צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צום קאָפּ. זיי האָבען מיין טאָכטער אַרויסגעשלעפּט אין פעלד, אָבער דאָ איז אָנגעקומען אַ פוילישער זשאַנדאַרם און האָט צעטריבען די פּאָגראָמטשיקעס.

**אליהו קרייצער**

## דאָקומענט נומער 4

גבית-עדות פון יעקב לעדערקרעמער, 38 יאָר אַלט, וויין־סוחר.

אין דער נאַכט פון 25טן אויף 26טן (אויגוסט 1920) האָט אַן אָפּטיילונג פון באַלאַכאָווצעס אַרומגערינגעלט מיין שטוב און וויין־האַנדל. זיך אַריינגעריסען אינעווייניג צוגערויבט פון דער קאָסע בערך 1.600 מאַרק, צעשטערט די איינריכטונג, האָבען אויפגעבראָכען די טיר צום וויין־קעלער און אַרויסגעטראָגען פון דאָרטען פאַרשידענע געטראַנקען פאַר 150.000 מאַרק. בעת דער רויבעריי האָבען זיי צעשלאָגען מיין פרוי, וועלכע עס איז אָבער געלונגען אַנטלויפען פון שטוב. זי איז אַוועקגעלאָפען צום אָפיצער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דאָזיגער אָפּטיילונג, וועלכער האָט זיך געפונען אין הויז פון דעם צאַל־באַאַמטען פּאַנאַסעוויטש, וואו ער איז געזעסען ביים טיש, אויף וועלכען עס זענען געווען אָנגעשטעלט פלעשלעך מיט דעם גערויבטען וויין. זי האָט

אים געבעטען וועגען הילף. ער האָט איר אָבער געדראָט מיט אַ קריגס־געריכט און דערשיסען. צום סוף האָט ער איר איבערגעגעבען אין די הענט פון זיין אָרדינאַנס, וועמען ער האָט באַפוילען ער זאָל מיט מיין פרוי גיין צו מיין וויין־קראָם און נעמען אַ פלאַש וויין. ווען מיין פרוי האָט זיך געפונען מיט׳ן אָרדינאַנס אין קעלער האָט ער איר געוואָלט פאַרגוואַלטיקן. ער האָט זיך אויף איר פאַרמאָסטען מיט זיין שווערד. זי האָט אָבער אָנגעכאַפּט די שווערד, דערביי זיך פאַרוואונדעט אָבער אָפּגעשטויסען דעם אָנגריף פון פאַגראָמשטשיק און אַרויסגעלאָפען פון קעלער. אַ צווייטען מאָל האָבען די באַלאַכאָווצעס אויסגערויבט מיין וואוינונג אין דער נאַכט פון 30טן אויפ׳ן 31טן פון זעלביגען חודש. **יעקב לעדערקרעמער**

## דאָקומענט נומער 5

גבית־עדות פון הערש בלייכער, 52 יאָר אַלט, סוחר.

אין דער נאַכט פון 30־טען אויפ׳ן 31־טען אויגוסט (1920) זענען אַריינגעפאַלען צו מיר אין וואוינונג 5 באַלאַכאָווצעס, אַרויסגעשלעפּט מיינע צוויי טעכטער סימע (22 יאָר אַלט) און חנה־רבקה (19 יאָר אַלט) אויפן בוידעם, כדי זיי צו פאַרגוואַלטיקן. דער פרוי מיינער האָבען זיי שווער פאַרוואונדעט מיט אַ שווערד אין קאָפּ. מיך האָבען זיי אויך שטאַרק צעשלאָגען מיט די ביקס־קאָלבעס איבער דער פלייצע. זיי האָבען פון מיין הויז צוגערויבט סחורה פאַר עטליכע טויזענט מאַרק.

**הערש בלייכער**

## דאָקומענט נומער 6

גבית־עדות פון דוד זאַפערן, 48 יאָר אַלט. אויף אויסהאַלטונג ביי די קינדער

דעם 11־טען אלול זענען אַריינגעפאַלען צו מיר אין שטוב עטליכע באַלאַכאָווצעס. פון די קעשענעס צוגערויבט מיין גאַנצען פאַרמעגען: 300 מאַרק און 180 קראָן. ביי מיין זון יוסף האָבען זיי צוגערויבט 3.000 מאַרק דערביי געדראָט, אַז זיי וועלן אים דערשיסען. צום סוף האָבען זיי זיך גענומען צו מיין טאָכטער ליבע־מינדל. ווען איך האָב זיך געשטעלט צו איר פאַרטיידיקונג האָבען זיי מיר געדראָט מיט׳ן רעוואָלווער. מיין זון יוסף׳ן, ווען ער האָט גענומען באַשיצען זיין שוועסטער האָבען זיי אָפּגעשטויסען מיט קאָלבעס. צום סוף האָט איינער מיר געכאַפּט פאַרן האַלדז און צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צו די אויגן און דער צווייטער האָט אַוועקגעשלעפּט מיין טאָכטער אין אַ צווייטען צימער און דאָרטען איר פאַרגוואַלטיקט.

די זעלביגע האָבען זיך אַ צווייטען מאָל אַריינגעריסען אין דער וואוינונג, געדראָט מיט דערשיסען, אָבער זיי האָבען זיך גאָר שנעל אָפּגעטראָגען.

**דוד זאפערן**

צוגאַב פון ליבע־מינדל זאַפערן, 18 יאָר אַלט, טאָכטער פון דוד זאַפערן: איך האָב געהערט וואָס מיין פאָטער האָט דערציילט; איך באַשטעטיק דאָס וואָס ער האָט איבערגעגעבן.

## דאָקומענט נומער 7

גבית־עדות פון שיע־שמעון פוטטער, 50 יאָר אַלט, אייגנטימער פון אַ שענק.

אין דער נאַכט פון 25־טען אויפ'ן 26־טען אויגוסט (1920) האָבען זיך אַריינגעריסען אין מיין וואוינונג עטליכע באַלאַכאָווצעס, מיך צעשלאָגען און צוגענומען 900 מאַרק און 10 דאָלער.

אויף צו מאָרגענס האָב איך איבערגעגעבען דעם דאָזיגען אַקט צו פראָטאָקאָלירען 2 זשאַנדאַרמען וועלכע האָבען זיך צוזאַמען מיטן ד"ר זאַוואַדזקי געפונען אין היגען האָטעל צענטראַלני. ביי דעם האָב איך דערקענט די 2 באַלאַכאָווצעס, וועלכע האָבען מיר באַרויבט און צעשלאָגען. די דאָזיגע האָבען מיר פאַרגעשטעלט די זשאַנדאַרמען. צי די דאָזיגע שולדיגע זענען באַשטראָפט געוואָרען ווייס איך נישט.

שיע־שמעון פוטטער

## דאָקומענט נומער 8

גבית עדות פון יוסף שניטצער, 29 יאָר אַלט, סוחר.

דעם 30־טען אויגוסט זענען אַריינגעפאַלען אין מיין וואוינאונג 5 באַלאַכאָווצעס, האָבען צוגענומען ביי מיין שוואָגער יעקב ווינדער 150 מאַרק און ביי יקותיאל פאָגעל, וועלכער איז געווען אין מיין וואוינונג האָבען זיי אונטער דער דראָאונג אַז זיי וועלן אים דער'הרג'ענען מיט דער שווערד וואָס זיי האָבען צוגעלייגט צו זיין האַלדז, צוגענומען 40 מאַרק — מער האָט ער ניט געהאַט. אויף צו מאָרגענס זענען ווידער אַריינגעפאַלען אין מיין וואוינונג 8 באַלאַכאָווצעס מיט 2 אָפיצערין בראש און דורכגעטרייסלט אַלע זאַכען, מעבל און מלבושים. זיי האָבען צוגענומען די מלבושים און וועש און עס אויפגעלאָדען אויף אַ וואָגען וואָס זיי האָבען געבראַכט.

יוסף שניטצער

## דאָקומענט נומער 9

גבית־עדות פון דבורה שטעמפעל, 20 יאָר אַלט, ביי די עלטערען

דעם 30־טען אויגוסט האָבען די באַלאַכאָווצעס אויסגערויבט די וואוינונג פון מיינע עלטערען. זיי האָבען צוגענומען סחורה פאַר 2.000 מאַרק, 1.000 מאַרק מזומנים; און צירונג אין דעם ווערט פון 3.400 מאַרק. זיי האָבען אויך אויסגעהאַקט די שויבען פון דער וואוינונג.

דבורה שטעמפעל

## דאָקומענט נומער 10

גבית־עדות פון חנה־שרה ליכטמאַן, 35 יאָר אַלט, הענדלערין.

דינסטיק דעם 31־טן אויגוסט פאַרטאָג האָבען באַלאַכאָווצעס באַרויבט מיין געשעפט. זיי האָבען צוגענומען די גאַנצע סחורה וואָס האָט באַטראָפען 7.000 מאַרק. מיין שכנה, אסתר האַוט, האָט מיך אינפאָרמירט, אַז אָנגעפירט מיט דער רויבעריי האָט דער פּאָליציי־קאָפּראַל סיקאָרסקי. איך האָב עס איבער־געגעבען דעם אָרטיגען מיליטערישען קאָמענדאַנט אין טאָמאַשאָוו, מאָשטשינסקי.

**חנה ליכטמאַן**

## דאָקומענט נומער 11

גבית-עדות פון אהרן פעלזען, 62 יאָר אַלט, סוחר.

צוויי מאָל האָבען זעלנער פון באַלאַכאָוויטשעס אַרמיי דורכגעפירט רויבערייען אין מיין וואוינונג. דאָס ערשטע מאָל האָבען זיי ביי מיר צוגענומען 1825 מאַרק, זילבער־בעשטעק און אַנדערע זאַכען. דאָס צווייטע מאָל מלבושים און וועש.

צו מיין איידעם ישראל לערמאַן האָבען זיך דעם 30־טען אויגוסט אַריינ־געריסען אַ 15 באַלאַכאָווצעס, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרען דורכ׳ן פּאָליציי־קאָפּראַל סיקאָרסקי און פאַרלאַנגט פון אים 100,000 מאַרק. זיי האָבען אים דערלויבט אַרויסצוגייען פון הויז, כדי זיי צו ברענגען דאָס געלט, אָבער האָבען פאַרהאַלטען זיין פרוי און קינדער ווי ערוב׳ניקעס. ער האָט לסוף געבראַכט 5.000 מאַרק, אָבער די דאָזיגע סומע האָט זיי ניט באַפרידיגט האָבען זיי אויסגערויבט די וואוינונג און האָבען מורא׳דיג צעשלאָגען די משפחה. מיין אייניקעל פון 7 יאָר איז פון שרעק אַרויסגעשפרונגען פון פענצטער און צעבראָכען אַ פוס. צוויי אידישע דינסטען ביי מיין איידעם זענען דאַן פאַרגוואַל־טיקט געוואָרען.

ישראל לערמאַן, 38 יאָר אַלט,, אהרן פעלזענס איידעם באַשטעטיקט דאָס אַלץ.

## דאָקומענט נומער 12

גבית־עדות פון צאַנעל [1] פוטטער, 37 יאָר אַלט.

איינער פון די באַלאַכאָווצעס האָט פון מיין פרוי, סאלע, אַראָפּגעשלעפּט די צירונג. מיין פרוי איז דאַן געווען באַהאַלטען אין אַ קריסטליך הויז, ביי גאַלאַכאָוויטשען. אין דער דאָזיגער וואוינונג האָט זיך אַריינגעריסען אַ קאָזאַק און ווען ער האָט באַמערקט ווי מיין פרוי איז געוואָרען בלייך האָט ער

1) באַמערקונג פון רעדאַקציע : דאָ איז געמיינט סיני פוטער. דער שרייבער פונ׳ם פּראָטאָקאָל האָט ווייזט אויס ע״פ טעות פאַרטוישט דעם נאָמען סיני אויף צאַנעל.

אויסגערופען: „טי זשידאָווקאַ!" און דאַן אַראָפּגעצויגען פון איר די צירונג אין דער ווערט פון 30.000 מאַרק. די אָנוועזנדיגע אין הויז קריסטען זענען ניט אָנגערירט געוואָרען.

**צ. פּוטער**

* * *

מיר האָבען ביז איצט איבערגעגעבען וועגן די פּאָגראָם־מעשים אין טאָמאַשאָוו גופא. צווישען די סיים־מאַטעריאַלען געפונען זיך אָבער אויך אינפאָרמאַציעס, גבית־עדות'ן פון טאָמאַשאָווער תושבים וואָס זיי האָבען אינפאָרמירט וועגען אַרומיגע ישובים.

1. אַזוי למשל דערציילט דער טאָמאַשאָווער סוחר מרדכי געלערנטער, 45 יאָר אַלט, וועלכער שטאַמט פון לאַשטשעוו וועגן רויבערייען און מאָרדן אין דאָרף טעלאַטין, וואו עס האָבען געוואוינט ביז 25 אידישע משפּחות. דער זעלבער דערציילט אויך וועגען דעם מאָרד פון אידען ישראל־פּנחס פייל אין דאָרף טוטשאַפּ, וואָס איז פאָרגעקומען אַ פּאָר טעג פאַר ראש־השנה.

2. יוסף אייזען, 33 יאָר אַלט, אַ סוחר פון טאָמאַשאָוו, גיט איבער וועגן די פּאָגראָם־אַרבעט פון די באַלאַכאָווצעס אין לאַשטשעוו.

3. שיע לעריך, 36 יאָר אַלט, סוחר פון טאָמאַשאָוו, גיט איבער, אַז אין דאָרף טעלאַטין האָבען די באַלאַכאָווצעס דער'הרג'עט דעם אידען יצחק מאַנטאַק. די ידיעה שטאַמט פון אידען יאַנקל־שמואל קאַלענבערג פון דאָרף פּאַלאַזשינאַ, טאָמאַשאָווער פּאָוויאַט.

4. אברהם מעהרער, 70 יאָר אַלט, פון טאָמאַשאָוו, וועלכער האָט געהאַלטען אין אַרענדע אַ סאָד אין דאָרף קזשעמיען, 6 וויאָרסט פון לאַשטשעוו, גיט איבער וועגען דעם פּאָגראָם פון באַלאַכאָווצעס איבער די 6 אידישע משפּחות, וואָס האָבען געוואוינט אין דאָזיגען דאָרף.

## בריוו פון די לאַשטשעווער און קאָמאַראָווער קהילות צו די טאָמאַשאָווער אידען

די פריערדיגע דאָקומענטען האָבען אַ שייכות צו די באַלאַכאָוויטש־פּאָגראָמען פון טאָמאַשאָוו. מיר האָבען שוין ביים אָנהייב דערמאָנט, אַז דאַן האָט די דאָזיגע באַנדיטישע „אַרמיי" גראַסירט אין גאַנצען געגענט. צווישען די געליטענע קהילות האָבען זיך צווישען אַנדערע אויך געפונען די קהילות לאַשטשעוו און קאָמאַראָוו. געפינען מיר אין דעם זעלביגען אַרכיוו חוץ די מאַטעריאַלען פון די באַנדיטישע רויבערייען, מאָרדען און פאַרגוואַלטונגען מצד די באַלאַכאָווצעס אויך דאָקומענטען פון ברידערליכע הילף וואָס אידען האָבען איינע די צווייטע אַרויסגעוויזען אין יענער עת־צרה. עס האָבען זיך

אָפּגעהיט צוויי בריוו, איינער פון לאשטשעווער קהל און דער צווייטער פון קאָמאַראָווער. די דאָזיגע בריוו צו דער טאָמאַשאָווער קהילה זענען וויכטיגע צייט־דאָקומענטן, וואָס באַווייזן, אַז ניט געקוקט וואָס טאָמאַשאָוו גופא איז געווען פון די גליטענע ישובים האָט דער ישוב אַרויסגעהאָלפן די שכנה׳שע קלענערע קהילות. מיר גיבען איבער די דאָזיגע בריוו ככתבם. מיר זעצן עס איבער פון דעם פּוילישן טעקסט, וואָס איז פאַראַן אין די דאָזיגע סיים־ביולעטינען, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרען פון העברעאיש.

●

**בריוו פון לאַשטשעוו**

צו דער באַרעמהערציקער אידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו.

די צוגעשיקטע ברויט, זאַלץ און ליכט האָבען מיר באַקומען און מיר ענטפערען אויף דעם מיט ג־ט באַצאָל אייך, הגם די צוגעשיקטע הילף איז געווען ממש אַ טראָפּען אין ים אין אַנבליק פון דער גרויסער נויט וואָס הערשט ביי אונז. אין משך פון דריי טעג האָבען (די באַנדיטען) געמאָרדעט, פאַרגאָסען אומשולדיג בלוט, געראויבט, פאַרגוואַלדיקט פרויען און איינע פון זיי איז טאַקע געשטאָרבען. איר טויט זאָל זיין אַ קרבן פאַר אונזער אידישען ישוב. ביז 60 מאַן זענען דאָ לייכט און שווער פאַרוואונדעטע. ביז 100 מיידלעך און פרויען פאַרגוואַלטיקטע; דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס פון שטעטל: מזומנים, צירונג, מלבושים, וועש און דאָס גלייכען איז צערויבט געוואָרען. דער מצב פון דער באַפעלקערונג איז אַ טראַגישער. די מערהייט הונגערט, בעטן ברויט, וואָס מיר האָבען ניט. צוליב דעם וואָס מיר האָבען מורא זיך צו ווייזען מחוץ דער שטאָט האָבען מיר ניט די מעגליכקייט צו בעטן הילף פון דער ווייטנס. מיר שיקען דעריבער צו אייך אַ בקשה: האָט רחמנות אויף אונז; קלויבט אויף נדבות ביי די איינוואוינער פון אייער שטאָט און אויב עס איז מעגלעך פאַרלאַנגט אויך הילף פון זאַמאָשטש ווייל די קאָמוניקאַציע מיט זאַמאָשטש איז איבערגעריסען.

מיר בעטן אייך, אַז אייער הילף זאָל קומען ניט שפּעטער ווי זונטיק, ערב ראש־השנה, כדי די אידען זאָלען האָבען ברויט אויף יום-טוב.

מיר זענען מקצר אונזער בריוו צוליב דער שרעקלעכער געדריקטער שטימונג, וואָס עס הערשט ביי אונז אין שייכות מיט די לעצטע געשעענישען.

פאַרן הילף־קאָמיטעט אין לאשטשעוו
**מרדכי יוסף צוקער**

●

## בריוו פון קאמאראוו

**צום זייער חשוב'ן רב** הרב ירחמיאל ווײַנבערג, זיינע מיטאַרבעטער און דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון טאָמאַשאָוו.

איר ווייסט שוין זיכער פון דעם שרעקליכען פּאָגראָם, רויבערייען און מערדערייען, וואָס עס זענען פאָרגעקומען ביי אונז (אין קאמאראוו) דעם 14־טען און אויך דעם 21־טען אלול. 15 מאַן זענען דער'הרג'עט געוואָרען; אַ גרויסע צאָל זענען פאַרוואונדעט געוואָרען און כמעט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז אויסגערויבט געוואָרען. אין פשוט'ן זין פון וואָרט זיי האָבען זיך ניט מיט וואָס צוצודעקען. די אלמנות און די יתומים זענען געבליבען אָן מיטלען צום לעבען. ווי אַ צוגאָב האָט דער אומגליק געדאַרפט געשען ערב די יום־טובים, וואָס שטענדיג פלעגט מען דאַרפען מער אויף דער הוצאה. דער יקרות איז אומגעהויער און וועגן פאַרדינסטען איז ניט מעגלעך צו טראַכטען. עס האָט אונז אַרומגעכאַפּט אַזאַ פּאַניק, אַז מיר האָבען מורא זיך צו ווייזען אין די גאַסען אָדער מחוץ דער שטאָט. חוץ דעם איז אָמשווערסטען מיט פּראָדוקטען פון ערשטען באַנוץ. אַזוי ווי איר און אייערע ברידער זענען אין דער נאָענסטער שכנה־שאַפט מיט אונז בעטען מיר אייך, שיקט אונז אַרויס וואָס שנעלער הילף שיקט אויך שליחים אין די אַרומיקע שכנה'שע קהילות וועגען הילף, ווייל מיר קאָנען עס נישט טאָן, ווייל „אַן אַרעסטירטע קאָן זיך אַליין ניט באַפרייען פון תפיסה" (אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים) צו אונזער גרויסען צער דאַרפען מיר פעסטשטעלען, אַז ביז היינט האָט נאָך קיינער ניט אַרומגעקוקט זיך אויף אונזער אומגליק. איך בין געצוואונגען זיך ווענדען צו אייך, אַז איר זאָלט אויפוועקען דעם געוויסען אין אייערע הערצער; האָט רחמנות מיט אונז; גלויבט אונז ליבע ברידער, אַז די וואָס זענען ניט געוועזען ביי אונז בעת די געשעענישען וועט זיך טאָקע ניט פאָר־שטעלען דעם גרויל פון אונזער אומגליק. אַלץ וואָס ירמיהו האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין „איכה" איז ביי אונז מקויים געוואָרען. . . ."

רשימה פון די הרוגים דורך דער בולאַק־באַלאַכאָוויטש באַנדע אין קאָמאַראָוו־לובעלסק

1. דוד זיסמאַן — שמש, 49 יאָר אַלט;
2. פּאיע זיסמאַן, זיין פרוי, 38 יאָר אַלט;
3. זייער 10 יאָריגען זון;
4. זייער 12 יאָריגע טאָכטער;
5. יצחק צאלער, סוחר, בערך 60 יאָר אַלט;
6. יצחק נאיערמאַן, צאלערס איידעם, 35 יאָר אַלט;
7. שמואל רייס, שניידער, 43 יאָר אַלט;

8. דוד טראָסט, קצב, 40 יאָר אַלט;
9. רחל טראסט, זיין פרוי;
10. ביילע מאולשטיין, דוד זיסמאַנ׳ס אַ שוועגערין, 30 יאָר אַלט.
11. אברהם, דער זון פון וואלף זיידעל, 18 יאָר אַלט;
12. אלעזר פוטער, שענקער, 56 יאָר אַלט;
13. מענדל הערציג, סוחר, 68 יאָר אַלט;
14. יוסף שלאמאוויטש, שניידער, 60 יאָר אַלט;
15. פנה שולדינער (פון וואליצע).
16. חיים ווילד, קעמלמאַכער, 52 יאָר אַלט.

לאָמיר צום סוף צוגעבען, אַז די דאָזיגע בלוטיקע עפּאָכע פון בולאַק־באַלאַכאָוויטש פּאָגראָמען, רויבערייען און מאָרדען, האָבען ניט באַקומען קיין תיקון אין אונזער היסטאָריאָגראַפיע. עס איז פאַראַן אַ גרויסע ליטעראַטור וועגען די פּאָגראָמען פון יענער צייט אין אוקראינע, אין גאַליציע (לעמבערג און געגענט), וועגען די געשעענישען אין פינסק, אָבער וועגען די דאָזיגע מעשים־תעתועים שווייגט די אידישע כראָניק. און אַרומגענומען האָט דער דאָזיגער מאָרד און רויב-מאַרש הונדערטער שטעט און שטעטלעך.

עס איז אויך באַקאַנט, אַז אין די צוואַנציגער יאָרען האָבען צוויי יונגעלייט פון ראטנע אהרן־יעקב גינזבורג און נטע רויזקעס, גענומען זאַמלען מאַטעריאַלען וועגען די דאָזיגע געשעענישען. זענען זיי דורך דער פּוילישער מאַכט אַרעסטירט געוואָרען און די צונויפגעזאַמעלטע מאַטעריאַלען: גאָר רייכע אינפאָרמאַציעס, דאָקומענטען, רשימות, גבית־עדות׳ן וכדומה, זענען קאָנפיס־קירט געוואָרען.



# די צוריק אויפגעקומענע באַפרייטע פּוילן

## אין פרילינג 1920 אָדער 1921

● שמואל שיפּלינגער

דאָס וואָס איך וויל באַשרייבן איז געווען אין דער צייט ווען די ניי פאָרמירטע פּוילישע רעגירונג האָט אין איר ערשטע טעטיקייטן אָנגעהויבען צו רעקרוטירן און גרינדן אַ נייע רעגולערע פּוילישע אַרמיי. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען דער גענעראַל האַלער איז געקומען מיט זיין אַרמיי פון אויסלאַנד קיין פּוילן, ווען די „כלאָפּצעס" אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „האַלערטשיקעס" האָבן זיך געלאָזט וואויל גיין, אַמוזירן זיך דורך פאַרשידענע פאַרפאָלגונגען אויף אידן אין שטעט און שטעטלעך, אויף די באַנען און וועגן, וואו נאָר זיי האָבן זיך געפונען, ספּעציעל האָבן זיי זיך נאָכגעיאָגט נאָך אידן מיט בערד. האָבן זיי געפּאַקט אַזאַ אידן איז אים ניט געווען מקנא צו זיין. איינינקע האַלערטשיקעס האָבן געהאַלטן פעסט און אַן אַנדערער מיט אַ שער האָט געשניטן די באָרד, און ווען דער איד האָט זיך געריסן און געוואָלט שטערן זיי אין דער וואַנדאַלישער אַרבעט, האָט דער האַלערטשיק — ווילִיק אָדער אומווילִיק — צושניטן דעם אידן דעם האַלז און פּנים. ביי אונז האָט מען זיך דערוואוסט פון די שיינע מעשים פון די האַלערטשיקעס, וועלכע האָבן געזאָלט זיין דער קערן פון דער ניי שאַפנדיקער פּוילישער אַרמיי. געהערט האָט מען עס ניט נאָר פון די אידישע צייטונגען נאָר אויך פון אידן וועלכע זיינען געקומען צופאָרן פון יענע מקומות וואו עס האָבן געבושעוועט די האַלער־טשיקעס. די פאַקטן האָבן אויך דערגרייכט צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, עס איז אָן צווייפל דאָס אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן סיי פון דער אינטעליגענץ, סיי פון שטאָטישע „מיעשטשאַנעס" אָדער אַרבעטער, זיינען ניט נאָר געווען אומצופרידן פון די טרויעריקע געשעענישן, פון די אוממענטשלעכע טאָטן פון די האַלערטשיקעס, נאָר האָבן זאָגאַר צווישן זיך גערעדט אַז עס איז אַ שאַנדע פאַר פּוילן. ביז ניט לאַנג האָבן זיי געהערט אָדער געזען אַזעלכע שיינע מעשים פון די רוסישע קאַצאַפּעס, אָבער פאַר פּוילן פּאַסט עס ניט. אין פיל שטעט האָבן די פּוילישע אַרבעטער געהאָלפן דער אידישער זעלבסטשוץ צו פאַרטיידיקן די אידן פון די רוסישע פּאָגראָמטשיקעס, ווי למשל איך האָב עס פּערזענלעך געזען אין לאָדזש אין 1905־1906.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אויבן באַשריבענעם האָב איך געלייענט פאָלגענדן פאַקט, וואָס איז געווען די רעאַקציע פון אויסלאַנד איבער די

טרויעריקע מעשים פון די האַלערטשיקעס. ווי איך געדענק אין יענע יאָרן איז גראַדע פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ נאָך דער מלחמה פון פאָרשטייער פון פיל לענדער פון יוראָפּ און אַמעריקע. עס זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן מיניסטאָרן צווישן וועלכע עס איז אויך געווען אַ מיניסטער פון דער ניי אַנטשטאַנענער פוילן. אַזוי ווי פיל מיניסטאָרן האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל געזען און ניט געקענט איינער דעם אַנדערן, איז ווי דער שטייגער, צו אַ גרופּע מיניסטאָרן אַלע מאָל צוגעקומען אַן אַנדערער מיניסטער און זיך פאָרגעשטעלט ווער ער איז און פון וואָס פאַר אַ לאַנד, אין אַ געוויסן מאָמענט איז צוגעקומען אַ מיניסטער, איך געדענק ניט גענוי, צי פון האָלאַנד אָדער נאָרוועגן וועלכער איז גראַדע געווען דער איינציקער מיניסטער מיט אַ לאַנגער באָרד, ער האָט געשטעקט זיין האַנט צו באַגריסן יעדן מיניסטער וואָס מען האָט אים פאָרגעשטעלט, און ווען מען האָט אים אָנגעוויזן אויף דעם פוילישן מיניסטער האָט ער שנעל מיט דער לינקער האַנט פאַרדעקט זיין לאַנגע באָרד ווען ער האָט מיט דער רעכטער האַנט געקוועטשט די האַנט פון פוילישן מיניסטער, ניט זאָגנדיק גאָרנישט פאַרוואָס ער האַלט צו די באָרד, אָבער אַלע מיניסטאָרן האָבן זיך איבער־געקוקט געשמייכלט, אָבער זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען די אורזאַכע פון דעם, נאָר דער פוילישער מיניסטער האָט זיך פאַרשעמט און זייער שלעכט געפילט, ער האָט וועגן דעם פאַקט געלאָזט וויסן דער פוילישער רעגירונג און פאַרלאַנגט מען זאָל באַלד אָפּשטעלן די ווילדע מעשים פון די האַלער־טשיקעס, און ווירקלעך, באַלד נאָך דעם זיינען די ווילדערייען אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ווי אויבן געזאָגט איז אויך ניט געווען קיין סוד פון די פאַרפאָל־גונגען אויף אידן דורך די האַלערטשיקעס פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג און ספּעציעל פאַר די יונגע „כלאָפּצעס״, וועלכע מען האָט רעקרוטירט אין דער אַרמיי. אין אונזער שטאָט, איז די פאָבאָר קאָמיסיע דעמאָלט געווען אין די בריגאַדע בילדינגס, וואָס איז געבליבן נאָך דער רוסישע אַרמיי פון פאַר דער קריג. 12 גמינעס האָבן באַלאַנגט צו אונזער שטאָט, און מען פלעגט ברענגען מיט פורן די יונגע רעקרוטן פון יעדע גמינע באַזונדער, באַלד אין דער פרי פלעגט מען זען אָנקומען אַ לאַנגע ריי פורן מיט רעקרוטן אין דער שפּיץ פון וועלכע עס איז געווען דער וואָיט און סעקרעטאַר פון דער גמינע. די לאַנגע ריי פורן מיט רעקרוטן פלעגן דורכפאָרן די זאַמאָשטשער און לעמבערגער גאַס אום צו צופאָרן צו דער בריגאַדע, פאָרנדיק צו אונזער שטאָט פון די דערפער האָבן זיי יעדן איד געשלאָגן ווען זיי האָבן אויף דעם וועג געטראָפן, אָבער אויך אין שטאָט פלעגן זיי אַרויסשפּרינגען פון די וועגן און אַ אידן באַפאַלן אָדער אַריינ־שפּרינגען אין אַ אידיש געוועלב און כאַפּן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די יונגע ניי געשאַפֿענע מיליץ מיט דעם נאַטשעלניק פֿון מיליץ האָט גאָר ניט רעאַגירט אויף די ווילדע מעשים פֿון די רעקרוטן, און דאָס זעענדיק זענען די רעקרוטן געוואָרן אַלס מער האָפֿערדיקער און זיכער ביי זיך דאָס זייערע ווילדע אַקטן זיינען ניט שטראָפֿבאַר. אַזאַ פֿאַבאַר האָט געדויערט 3־4 וואָכן און עס איז איבעריק צו שרייבן ווי דאָס האָט זיך זייער טרויעריק אָפּגערופֿן אויף דער אידישער באַפֿעלקערונג. ווען עס פֿלעגן אָנקומען די פֿורן מיט רעקרוטן האָט מען פֿאַרקלאַפּט די געוועלבן און זיך אויסבאַהאַלטן וואו איינער האָט געקענט, אום אויסצומיידן צו טרעפֿן זיך מיט די רעקרוטן. אַ פּחד איז באַפֿאַלן די אידישע באַפֿעלקערונג, עס איז פּשוט ניט געווען מעגלעך מער אויסצוהאַלטן.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען צו מיר דער דאזאר פֿון דער אידישער גמינע לייזער לעדערקרעמער, און געבעטן מיך מיטצוגיין מיט אַ דעלעגאַציע צום סטאַראָסטע אום בעטן שוץ און פֿאַרקלאָגן זיך אויף די מיליץ. איך האָב דאָס אָנגענומען. נעקסטן טאָג אין דער פֿרי בין איך מיט דעם רב און לעדערקרעמער געגאַנגען באַלד אין דער פֿרי צום סטאַראָסטע וועלכער איז געווען אין דער ענדע פֿון לעמבערגער גאַס, אין דער געביידע, וואו עס איז אַמאָל געווען דער אביעזדטשיקס דאָקטאָר שאַמאַראַיעוו שפּיטאָל. געגאַנגען זיינען מיר באַלד אין דער פֿרי איידער די רעקרוטן קומען אָן, אום ניט אַריינצופֿאַלן אין זייערע הענט. דער סטאַראָסטע עיטנער האָט אונז באַלד אויפֿגענומען, באַגריסט אונז יעדן מיט אַ דריק פֿון האַנט, און געפֿרעגט וועגן וואָס מיר זיינען צו אים געקומען. איך בין געווען באַשטימט צום ריידן. איך האָב דעם סטאַראָסטע אַלעס איבערגעגעבן וואָס עס קומט פֿאָר שוין 8־10 טעג און מיר בעטן אים אַלס דער „פֿאָטער" פֿון גאַנצן פֿאָוויאַט, צו באַשיצן אונזער לעבן. איך האָב באַלד געזען אַז ער איז געווען גערירט פֿון מיין דערציילונג, און האָט באַלד געפֿרעגט אונז פֿאַרוואָס מיר האָבן פֿריער ניט געקומען צו אים, ער הערט ערשט דאָס ערשטע מאָל פֿון די געשעעענישן, און מעגלעך אַז עס איז אַזוי געווען, ווייל מען האָט אים קיינמאָל ניט געזען אין שטאָט, ער האָט באַלד אַריינגערופֿן זיין סעקרעטאַר מיכאַלקעוויטש, און פֿאַראָרדנט באַלד צו רופֿן דעם נאַטשעלניק פֿון פֿאָליציי, וועלכע האָט זיך געפֿונען אויפֿן לעמבערגער שאָסעי אין איטשע קאַרפֿערס הויז. זינט 15 מינוט האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און עס איז אַריינגעקומען דער נאַטשעלניק פֿון פֿאָליציי, אַ הויכער, דאַרער שייגעץ אין אוניפֿאָרם פֿון פֿאָליציי, געבליבן שטיין ביי דער טיר, געקוקט אויף דעם סטאַראָסטע וועגן וואָס ער האָט אים גערופֿן. דער סטאַראָסטע האָט דעם נאַטשעלניק ניט באַגריסט און ניט געבעטן אָפּילו זעצן, ווען מיר די דעלעגאַציע זיינען געזעסן, איז ער דער נאַטשעלניק די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן דער טיר. דער סטאַראָסטע האָט אים

געזאָגט אַז די דעלעגאַציע איז געקומען צו אים צו באַקלאָגן זיך אויף דעם נאַטשעלניק איבער די איבערפאַלן פון רעקרוטן אויף דער אידישער באַפעלקערונג, דאָס די פאָליציי טוט גאָרניט אום צו באַשיצן אונז. דער נאַטשעלניק איז געווען דערשראָקן און געפרואווט זיך פאַרטיידיקן, אַז ער האָט צו ווייניק מענטשן אין דער פאָליציי, און דעריבער קען ער זיך ניט קיין עצה געבן מיט די ווילדע רעקרוטן. איך האָב באַלד געבעטן דאָס וואָרט און געזאָגט, אַז איך שטים ניט איין מיט דעם נאַטשעלניקס תירוץ, ווייל, איך האָב זעלבסט געזען מיט אַ טאָג צוריק, ווי 4 רעקרוטן זיינען אַריין אין אַ געוועלב צו אַברהמ׳טשע וואַרטער אויף דעם לעמבערגער שאָסיי, און באַלד פון דאָרט אַרויסגעשפרונגען מיט גערויבעטע זאַכן, ווען פונקט אין דער רגע איז אָנגעקומען אַן אַלטער מיעשטשאַן, ווען פונקט אין דער רגע איז אָנגעקומען אַן אַלטער מיעשטשאַן, וועלכער זעענדיק זיי אַרויסשפרינגען מיט די זאַכן, האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן און געשריען צו זיי, ווי שעמט איר אייך ניט דאָס צו טאָן, האָט מורא פאַר גאָט, לאָבוסעס, און די רעקרוטן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם איינעם אַלטיטשקן און שוואַכן מאַן, און אַלע גערויבעטע זאַכן אַוועקגעוואָרפן און אַנטלאָפן, פרעג איך דעם סטאַראָסטע, אַז 4 רעקרוטן האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ שוואַכן אַלטן מאַן מיט נאָר אַ שטעקן אין האַנט, ווי וואָלטן זיי ניט קיין מורא געהאַט פאַר אפילו איין פאָליציאַנט? דער סטאַראָסטע קענטיק איז געווען איבערצייגט פון מיינע ווערטער, האָט געפרעגט דעם נאַטשאַלניק, וואָס ער זאָל ענטפערן דער דעלעגאַציע. דער נאַטשאַלניק האָט באַלד געענטפערט דאָס ער וועט פון היינט אָן זען אַז עס זאָלן מער ניט פאָרקומען קיין איבערפאַלן אויף אידן. מיר האָבן געדאַנקט דעם סטאַראָסטע און געווען צופרידן פון אונזער מיסיע.

צו מאָרגנס און ביז די ענדע פון פאַבאַר, איז געוואָרן פריי פאַר אידן אין שטאָט, מען האָט ניט געזען מער קיין איין רעקרוט, ווייל די פאָליציי האָט ניט אַריינגעלאָזט אין שטאָט, מען האָט זיי געהאַלטן פאַרשלאָסן אויף דער בריגאַדע אַ גאַנצן טאָג און דערנאָך מיט מיליץ אַרויסגעפירט פון שטאָט.

דעם אַנדערן טאָג, זיצנדיק פאַר דעם הויז וואו איך האָב געוואוינט ביי מיין שווער, זע איך פון דער וויטנס דאָס דער נאַטשאַלניק גייט אין מיין ריכטונג. איך האָב געפילט אַז מעגלעך אַז ער גייט מיר מוסר׳ן פאַרוואָס איך האָב אים פאַרקלאָגט צום סטאַראָסטע, אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער איז גאָר צוגעקומען צו מיר, העפלעך זיך באַגריסט, און געפרעגט, צי איך בין צופרידן פון דעם אָרדענונג וואָס ער האָט איינגעפירט, און דאָס עס איז ענדלעך רו אין שטאָט, איך האָב אים דערפאַר געדאַנקט און אַרויסגעוויזן מיין צופרידנקייט.

# חלוצים אין טאָמאַשאָוו

• פישל האמער

**דער** שרייבער פון די שורות געדענקט ניט פאַר זיכער ווען אייגענטלעך דער ציוניסטישער פונק האָט זיך אָנגעפאַנגען צו צעפלאַמען אין טאָמאַשאָוו, עס קען זיין אַז נאָך פון דער חיבת ציון באַוועגונג, נאָך פון הרב שמואל מוהליבר און פון הרב יצחק יעקב ריינעסעס צייטן און פון נאָך פיל גדולי ישראל וואָס האָבן נאָכער געגרינדעט די חיבת ציון באַוועגונג, זאָל זיך געווען בשתיקה אַריינגע׳גנב׳עט אין אייניגע יונגע לייט „קעסט אײדים׳ס" דער רעיון הציוני דער ציוניסטישער אידעאַל. און דאָס האָט סוף סוף דערפירט דערצו אַז עס זאָל מיט יאָרן שפּעטער אַנטשטיין אין טאָמאַשאָוו אַ שטאַרקע ציוניסטישע באַוועגונג. עס איז אויסגעוואַקסן אַ נאַציאָנאַלער בוים, פון וועלכן עס איז שפּעטער פון זיינע וואָרצלען אַרויסגעוואַקסן: דער מזרחי, צעירי מזרחי, אַלגעמיינע ציוניסטן, צעירי ציון, פּועלי ציון, און ווי באַוואוסט די ערשטע חלוצים וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלס די פּיאָנערן עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

אייגענטלעך איז אונזער טאָמאַשאָוו ניט געווען די איינציקע שטאָט וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אָט די אויבנדערמאָנטע פּאַרטייען. כמעט יעדע שטאָט אין פּוילן האָט אויך אַרויסגעגעבן חלוצים פּיאָנערן וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן די בויער פון ארץ ישראל. ווער זיינען עס טאַקע די היינטיקע פירער און שאַפער פון מדינת ישראל אויב ניט די אַמאָליקע חלוצים וועלכע זיינען געוואַקסן אין די שטעט און שטעטלעך ווי אונזער טאָמאַשאָוו איז געווען.

אָט די חלוצים זיינען עס געווען די וועלכע זיינען געגאַנגען די ערשטע פאַר דער מחנה (ווי אין פּסוק שטייט: ועבר לכם כל חלוץ את הירדן לפני ד׳ עד הורישו את אויביו מפניו, ונכבשה הארץ וכו׳ — און אַלע באַוואָפנטע פון אייך וועלן אַריבערגיין דעם ירדן פאַר ג־ט ביז ער וועט פאַרטרייבן זיינע פיינט פאַר אים, און דאָס לאַנד וועט איינגענומען ווערן). אַלזאָ דער חלוצים גייסט האָט אויך אַריינגעדרונגען צו אונז אין טאָמאַשאָוו.

אָט דער חלוצים גייסט האָט גענומען אַריינדרינגען אין די הערצער אין אַ גרופּע פון פערצן יונגע „שטיבל" בחורים אין אונזער טאָמאַשאָוו. די בעלי בתישע „שטיבל" בחורים, זיינען זיך אין אַ געוויסן טאָג צוזאַמענ־

געקומען אין דער שיינער הויז פון משה קאַרפּער ז״ל און האָבן זיך אָפיציעל אָרגאַניזירט אַלס: אגודת החלוץ בטומשוב לוב. יעדער חבר האָט אויף זיך גענומען די שבועה: „אנחנו נעבר חלוצים לפני בני ישראל" — און מיר וועלן גיין אַלס פּיאָנערן פאַר די קינדער פון ישראל.

עס זיינען ערווײלט געוואָרן בעאַמטע: אריה לעווענפּוס, יושב ראש, הי״ד. אברהם זילבערבערג, מזכיר וועלכער פאַרנעמט היינט אַ חשוב׳ע שטעלע



**די ערשטע חלוצים אין טאמאשאוו:** משה רייכענבערג, ישראלקי גרינבוים, משה קאַרפּער, שמואל געלערנטער, יוסיל מעלדינג, אברהמלע דארענפעלד, נתן גאלדשטיין, אברהם זילבערבערג, ארי׳ לעווענפוס אייזן, פישל נאט. קלערער, פלטיאל הערבסמאן און יוסיל זינגער

ביי דער ישראל רעגירונג אין תל אביב. אפרים פישל האמער (נאט), אין אַמעריקע ג. י. פלטיאל הרבסטמאן, אין ארץ ישראל. ישראל גרינבוים אין ארץ ישראל. — אין ועד הפועל. פאָלגענדע חברים זיינען געווען די ערשטע חלוצים אין טאָמאַשאָוו: משה רייכענבערג, הי״ד, משה קארפער ז״ל, געשטאָרבן אין גאַליציע, שמואל געלערנטער ז״ל געשטאָרבן אין ג. י. יוס׳ל מעלדינג, אין אַרגענטינע, אברהם דורנפעלד אין ג. י. נתן גולדשטיין אין ישראל, מאָטל אייזן, חיים הערש געלערנטער. יוסף זינגער ז״ל געשטאָרבן אין ישראל.

פון דער ערשטער גרופע בחורים איז אַנטשטאַנען די ערשטע חלוצים אין טאָמאַשאָוו וועלכע זיי האָבן געגרינדעט. מיר האָבן זיך באַלד פאַר־בונדן שריפטלעך מיטן צענטראַל קאָמיטעט פון החלוץ אין וואַרשע, וואו מיר זיינען גלייך אָנגענומען געוואָרן און אָנערקענט געוואָרן אַלס אגודת החלוץ, און מיר האָבן דערהאַלטן אינסטרוקציעס וועלכע מיר גיבן דאָ אָן.

אַלזאָ די גרינדונג פון חלוציזם אין טאָמאַשאָוו איז פאָרגעקומען איידער מען האָט נאָך געדענקט פון דער באַלפור דעקלעראַציע. וואָס האָבן געזאָגט די עלטערן פון די חלוצים? עס איז געווען תשעה באב אין די הייזער. די עלטערן האָבן געמאַכט סקאַנדאַלן, און איבערהויפּט ווען מיר האָבן פאַרמאַכט די גמרות און האָבן זיך גענומען פלייסיק לערנען עברית, תנ״ך און די געאָגראַפיע פון ארץ ישראל.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן אונזער ערשטן רבין, לערער און וועגווייזער ר׳ יעקב מרדכי דורענפעלד ז״ל פון וועלכן מיר האָבן געשעפּט מוט און באַגייסטערונג. ער האָט אין אונז איינגעפלאַנצט אמת׳ע ליבע צו העברעאיש און צו ארץ ישראל. צוויי מאָל אַ וואָך האָבן מיר זיך פאַר־זאַמלט צו הערן פון אים לעקציעס אין העברעאיש, נ״ך און ארץ ישראל־געאָגראַפיע.

ר׳ יעקב מרדכי דורנפעלד איז געווען אַ גרויסער מלומד. ער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער העברעער, ער האָט פאָלקאָם באַהערשט רוסיש, פויליש און דייטש. זיין פּראָפעסיע איז געווען בוכהאַלטער. ער האָט פאַרנומען אַ חשוב׳ן פּאָסטן אין מאַגיסטראַט. ער האָט ליידער ניט דערלעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, ער איז געשטאָרבן אין נויאָרק אין יאָר 1954, אָבער ער האָט זוכה געווען צו דערלעבן די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל. ערע זיין אָנדענק.

אַלזאָ אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַ חלוץ פאַראיין און מיר האָבן שוין אויך אַביסל גע׳דבר׳ט עברית, האָט זיך ערשט דאַן געדאַרפן אָנצו־פאַנגען דאָס ווייכטיקסטע פון דער אויפגאַבע. דאָס הייסט אַז מיר דאַרפן איבערגיין פון טעאָריע צו פּראַקטיק, מיר דאַרפן פשוט אַרויסגיין אין פעלד אַריין, און זיך נעמען צו דער אַרבעט ממש. דאָ איז אַנטשטאַנען

די פראַגע וואו נעמט מען אַ פעלד אום מיר זאָלן זיך לערנען די מלאכה פון ערד אַרבעט. קיין אידישע ערד באַזיצערס פאַרשטייט זיך איז אין אונזער סביבה ניט געווען בנמצא.

אָבער נאָך גרויס זוכעניש האָבן מיר געקראָגן צו דינגען אַ שטיק פעלד אויסער דער שטאָט ביי אַ גוי אַ „מיעשטשאַן" און אויך האָט דער מיעשטשאַן אונז באַדאַרפט צו לערנען די מלאכה פון ערד אַרבעט. נאָך אַ באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס אונזער ערשטע זריעה אָדער נטיעה זאָל זיין קאַרטאָפלעס. דער גוי האָט געזאָגט דאָס מיר דאַרפן באַמיסטיקן דאָס פעלד מיט מיסט (גניו) פון בהמות, דאָכט זיך אַזאַ לייכטע זאַך מיסט, אָבער אונזער גוי דער לערער האָט נאָר געוואָלט האָבן בהמה מיסט, גייט און געפינט בהמה מיסט אין טאָמאַשאָוו אַז קיין בהמה איז ניטאָ. מזל טוב! מיר געפינען אַ איד אין עק שטאָט (לײדער געדענק איך ניט זיין נאָמען) מיט אַ בהמה, וואָס האָט אונז פאַרקויפט אַ וואָגן מיסט פאַר אַ זאַק קאַרטאָפלעס וואָס מיר וועלן אי"ה אַרויסקריגן פון אונזער שטיקל געדונגענעם פעלד.

די חלוצים פירן מיסט... עס רעדט זיך פירן מיסט, מיר פירן דעם וואָגן מיסט מיט אַ באַגלייטונג אַזוי ווי מען פירט אַ חתן צו דער חופה... מיט פרייד און געזאַנג. פון די פערצן חלוצים וואָס מיר זיינען געווען אין דער גרופע האָבן בלויז אַביסל וויינעקער ווי העלפט געהאַט דעם קוראַש נאָכצוגיין דעם וואָגן מיסט פון ביידע זייטן, און געפירט האָט מען דעם וואָגן מיסט דוקא דורכן מיטן מאַרק און מיט געזאַנג פון התקוה...

די קרעמער זיינען אַרויס פון די קראָמען און האָבן אונז נאָכגעקוקט מאַנכע מיט ביטול און מאַנכע מיט באַדויערן, עס איז ביי זיי בלי ספק אויסגעקומען דאָס מיר זיינען חסר דעה אָדער גאָר משוגע געוואָרן רחמנא לצלן. געבראַכט דאָס מיסט צום פעלד האָבן זיך חברה גענומען צו דער אַרבעט. דער גוי אונזער „אַגראָנאָם" איז געשטאַנען און געקאָמאַנדעוועט ווי אַזוי דעם גניוי צוצושפרייטן איבערן פעלד. און אַז די באַמיסטיקונג איז געווען צו ענדע, האָט אונז דער גוי געהייסן גיין אַהיים און קומען מאָרגן גאַנץ פרי און מיר זאָלן ברענגען רידלעס, און זיך נעמען ווידער צו דער אַרבעט און צעקאָפּען די ערד.

פאַרשטייט זיך אַז מיר זיינען געווען זעקס אַזייגער אינדערפרי אויפן פעלד, אָבער ניט אַלע האָבן געבראַכט רידלעס, איז ווידער די זעלבע פראַגע: ווער האָט פון אונז פאַרמאָגט אַ רידעל? אָבער דאָך האָבן מיר געבראַכט מער ווי אַ האַלבן טוצן רידלעס, און דאָס גראָבן האָט זיך אָנגע־הויבן מיט געזאַנג און פרייד, מיר האָבן זיך פשוט ממש געריסן צו דער אַרבעט. די פריילינג זון האָט געשיינט און געוואַרעמט, און מיר האָבן געשוויצט און געשפירט דעם טעם פון: „בזעת אפיך תאכל לחם", מיטן

שווייס פון דיין פנים וועסטו עסן ברויט. אַזוי גראָבנדיק די ערד ביז מיטאָג צייט האָבן מיר שוין כמעט אַלע געהאַט אָפּגעריבענע הענט און בלאָטערן צווישן די פינגער.

און אַז מיר האָבן באַטראַכט דאָס קליינע שטיקל פעלד וואָס מיר האָבן צעגראָבן, און דאָס גרויס שטיק פעלד וואָס מיר האָבן נאָך באַדאַרפט


תעודה

אבעשטעטיגונג פון אגודת העברית

צו גראָבן, און דערפילנדיק אונזערע אָפּגעריבענע הענט... האָבן מיר ערשט באַגריפן אַז עס איז ניט אַזוי לייכט צו זיין אַ פויער, עס איז פיל לייכטער צו זינגען: „אין דער סאָכע ליגט די מזל ברכה״ ווי צו שטיין איינגעבויגן און גראָבן די ערד.

דעם צווייטן טאָג האָט אונזער גוי געבראַכט צופירן אַ פערד מיט אַן אַקעראייזן און דאָס פעלד איז צעאַקערט געוואָרן אין אייניקע שטונדן. נאָכן צעאַקערן און צעבראַנאַווען האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען דער עיקר המעשה דאָס הייסט פאַרזעצן די קאַרטאָפּלעס. אָבער דאָס איז שוין געווען פיל לייכטער און אָנגענעמער ווי גראָבן די ערד.

אָבער וואָס טוען מיר ווייטער? ביז די קאַרטאָפּלעס וועלן אויס־וואַקסן און צייטיק ווערן, האָבן מיר געקראָגן אַ גאָרטן ביי ר׳ נתן ניי וואָס מיר האָבן צעגראָבן ווידער מיט רידלעס. אגב דא האָבן מיר שוין אַלע רידלעס. וואו האָבן מיר אַלע געקראָגן די רידלעס איז טאַקע געווען אַ רעטעניש, און נאָך גרעסער איז דער חידוש ווען איר באַטראַכט אָט די צוקונפטיקע פויערים... ערד אַרבעטער וואָס פאָזירן אויפן בילד, מאַנכע מיט קראַוואַטן און מאַנכע מיט שבת׳דיקע בגדים... נו בלייבן טאַקע די שאלות ניט פאַרענטפערט. אָבער וואָס מיר זיינען זיינען מיר אָבער חלוצים זיינען מיר. אַזוי האָבן מיר געזונגען, און מיר זיינען שטאָלץ געווען וואָס מיר האָבן געהאַט דעם זכות צו זיין די ערשטע פון דער טאָמאַשאָווער יוגנט וואָס האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

אָבער, בלויז צוויי חברים האָבן געהאַט דעם זכות עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, משה רייכענבערג און ישראל גרינבוים, אָבער זיינען ליידער שפּעטער צוריקגעקומען קיין טאָמאַשאָוו, די סיבה איז מיר ניט באַקאַנט. אָבער פון די וועלכע האָבן שפּעטער עולה געווען און דאָרט טאַקע פאַרבליבן זיינען: אברהם זילבערבערג, נתן גאָלדשטיין, פּלטיאל הערבסמאַן און יוסף זינגער, און די איבעריקע פון דער גרופּע זיינען מאַנכע ליידער אין אַמעריקע, איינער אין אַרגענטינע, און די איבעריקע זענען אומגעקומען דורך די טמאים די דייטשן ימח שמם וזכרם עד סוף כל הדורות.



# די מלחמה און דער געבורט פון צעירי ציוניסטישן פאַראיין

● רעי פאוסט (לערער)

**צוליב** דעם וואָס טאָמאַשאָוו לובלינער גובערניע איז ביי דער גרעניץ (דער גרעניץ איז געווען בעלזשעץ וועלכע האָט געהערט צו עסטרייך), איז טאָמאַשאָוו אַלעמאָל געווען אַרומגערינגלט מיט מיליטער. עס איז דאָרט געשטאַנען דאָס 15־טע פּאָלק קאָזאַקן און אָביעשטשיקעס וועלכע האָבן געהיט דעם גרעניץ. צוליב דעם מיליטער, האָט זיך אַביסל געררודערט אין שטאָט, ווייל אַ טייל שטאָטישע אידן האָבן געהאַט פּרנסה פון דעם וואָס מען האָט צוגעשטעלט פאַרן מיליטער עסן, געניית מלבושים א אַ. וו. אַפילו פרידן צייט, האָט מען אין טאָמאַשאָוו געהערט שיסן. ווייל דאָס מיליטער האָט אָפט געמאַכט „מאַנעווורעס".

אויף דער בריגאַדע איז אַלעמאָל געווען לעבעדיק: אויסשטעלונגען, יאַרידים פון פּראָדוקטן פון אַלע סאָרטן, זיינען פאָרגעקומען אויף דער בריגאַדע. אַפילו קאָנצערטן מוזיקאַלישע האָט מען אויך געקאָנט פון דאָרט הערן, נאָר דאָס טאָמאַשאָווער אידישע לעבן איז געווען אין גליוועד.

ווען די מלחמה פון 1914 איז בלויז איין טאָג אַלט געווען, האָט זיך שוין דערהערט אַ שיסן, נאָר דאָס מאָל נישט פון דער בריגאַדע, נאָר פון קירישן שאָסיי (די לעמבערגער גאַס). עטלעכע אויסשפּיר אולאַנער זיינען אַריבער די גרעניץ און באַלד געווען אויפן טאָמאַשאָווער קירישן־שאָסיי. דאַן איז פאָרגעקומען אַ שיסעריי און עס זיינען געפאַלן די אולאַנער. די ערשטע מלחמה קרבנות אין טאָמאַשאָוו.

די מערסטע מאַנספאַרשוינען זיינען שוין געווען ביים מיליטער. אין שטאָט זיינען געבליבן בלויז ווייבער, קינדער, און גאָר אַלטע, אָדער מענער מיט פעלערן. אויך אַזעלכע וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן געוויסע פּאָזיציעס. אין שטאָט איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד: געוויסע שטונדן פאַר־נאַכט, האָט מען געמוזט פאַרלאָזן די גאַסן, פאַרהענגען די פענסטער.

מיטן אָנקומען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געקומען אַ סוף צום טאָמאַשאָווער פאַרגליווערטן אידישן לעבן. עס זיינען געבליבן אַזעלכע וואָס האָבן צום מיליטער נישט געדאַרפט גיין. ספּעציעל האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָלע די מינדעריעריקע: די יוגנט האָט אַראָפּגעוואָרפן די אידיש פּוילישע קליינע היטלען און מען האָט אָנגעטאָן היטלען מיט גלאַנציקע

דאַשיקעס, אַ טייל האָבן אָנגעהויבן טראָגן קאַפּעליושן און מאָדערנע אַנצוגן, ערגעץ איינגעקויפט אַלטע, ווייל קיין נייע מאַטעריאַלן פאַר ציווילן געברויך האָט מען נישט פּראָדוצירט, און אַפילו די וועלכע האָבן נאָך געטראָגן די חסידישע היטלען און לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן שוין אויך אָנגעטאָן געפּרעסטע קעלנער מיט שניפּסן אָדער קראַוואַטן. און כאָטש עס איז געווען אַ געיאָג נאָך אַלע געבליבענע מענער און אינגלעך, כאַפּענישן צו גראָבן „טרענטשעס״ אין די וועלדער, האָט זיך דאָך אָנגעהויבן רודערן צווישן דער יוגנט: עס זיינען אויפגעקומען פּאַראיינען.

אין אָנהויב פון דער מלחמה, איז מען געווען פאַרנומען מיטן באַטראַכטן דאָס פּאַפּירענע געלט, אויב עס האָט יאָ אָדער נישט קיין לעכלעך. אַפילו אַ לעכל די גרויס פון אַ שפּילקע קעפּל האָט שוין נישט געטויגט. דערנאָך האָט דאָס רוסישע פּאַפּירענע געלט אינגאַנצן קיין ווערט נישט געהאַט: עס איז געוואָרן אינפלאַציע: מען האָט די קופּעס פּאַפּיר־געלט אָנגעהויבן בייטן (ווער עס האָט געהאַט) אויף גאָלד און זילבער.

די שטאָט איז געוואָרן איבערגעפּולט מיט רוסישן מיליטער. אין דער פּראַגע און אין אַנדערע געגנטן האָט מען אויפגעשטעלט פעלד־קיכן.

אין יעדער הויז האָט מען אַריינגעשטעלט עטלעכע סאָלדאַטן, ספּעציעל די עלטצטע, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן שלאָפן אין די גאַסן. דאָס איינפאַכע מיליטער איז געשלאָפן נישט ווייט פון די פעלד־קיכן. אויך צו אונז אין שטוב זיינען געקומען עטלעכע מיליטער לייט שלאָפן. ביי אונז אין שטוב איז נישט געווען קיין דערוואַקסענער מאַנספּאַרשוין ווייל דער טאַטע מיטן עלטערן ברודער יוסף זיינען שוין געווען אין אַמעריקע. די מאַמע איז געבליבן מיט דריי קליינע קינדער, איז קאָזין יוסף זינגער, דער זון פון מיין טאַטנס שוועסטער טעמע, צו אונז געקומען שלאָפן, כדי די מאַמע מיט די קינדער זאָל נישט זיין אַליין מיט מיליטער־לייט.

קאָזין יוסף זינגער איז געווען אַ פרומער בחור, אַ לערנער, ער פלעגט לערנען אין רבי׳ן ר׳ יהושע׳לעס הויף. צו יענער צייט, איז קאָזין יוסף זינגער נאָך געווען אַזוי פרום, אַז די ערשטע הערעלעך וואָס האָבן גענומען שפּראָצן אויף זיין גאָמבע, האָט ער נישט אָפּגעשוירן, נאָר זיצענדיג ביי אַ ספר און לערנען, פלעגט ער זיי צופּן, דערנאָך זיי אַריינלייגן אין ספר.

די זעלבע וואָך וואָס די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז מיין זיידע ר׳ אלקנה זיידל, דער מאַמעס פאָטער פון קאָמאַראָוו, צו אונז געקומען מיט אַ גרויסע פוהר, און מיט אַן אָנטרייבער, און אונז אַלע פאַרנומען צו זיך, דענקענדיק אַז די מלחמה וועט נישט קומען צו דעם באַרגיקן שטעטל קאָמאַראָוו.

נאָכן אַנטלויפן פון די קאָמאַראָווער שלאַכטן, האָבן מיר געוואַנדערט אין אַ ריי שטעט פון לובלינער גובערניע, און צוריק געקומען קיין טאָמאַשאָוו

און איבערגעלעבט די גרויסע שלאַכט, ווען די עסטרייכער און דייטשן זיינען אַריין, און טאַמאַשאָוו איז געבליבן אונטער זייער אָקופּאַציע ביז ווייטערע אַנטוויקלונגען.

דער ווייל איז אונטערגעוואַקסן די יוגנט און האָט ניט זיך נישט געדאַרפט שטעלן צום מיליטער, איז באמת געקומען אַן איבערקערעניש אין טאַמאַשאָוו.

די אונטערגעוואַקסענע רעליגיעזע יוגנט איז געוואָרן פריי. קאָזין יוסף זינגער איז געוואָרן אַ פריידענקער, און נישט נאָר ער, נאָר אויך אַנדערע אין זיינע יאָרן. זיי האָבן אָנגעהויבן לייענען ביכער, זיך באַקענען מיט די פּראָגראַמען פון די פאַרשידענע פּאַרטייען און זיך אָנגעהויבן לערנען ציוניסטישע לידער.

דער פרומער פעטער יונה פיניעס, יוסף זינגערס פאָטער האָט דעם אַפּיקורוס זיין זון יוסף אָנגעהויבן האַסן, יאָגן און פּלאָגן. פלעגט ער קומען צו אונז אין שטוב לייענען די ביכער און זינגען די לידער. ספּעציעל האָט ער ליב געהאַט דאָס ליד: „אין דער סאָכע, ליגט דאָס מזל ברכה".

ער פלעגט די ביכער פאַרלייענען פאַר מיין מאַמען און איך האָב שוין אויך געהערט.

מיין מאַמע, כאָטש זי איז געווען אַ פרומע, און אַ טאָכטער פון אַ תלמיד חכם, האָט ליב געהאַט ווען קאָזין יוסף האָט פאַר איר פאַרגע־לייענט און געזונגען ציוניסטישע לידער. ווען יוסף מיטן ביכל איז צו אונז געקומען איז געווען יום־טוב.

די מלחמה האָט אָנגעהאַלטן. עס האָט נישט גענומען קיין סוף. מען האָט געהונגערט. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קראַנקהייטן.

אַ חוץ דעם מיליטערישן שפּיטאָל, האָט מען אין טאָמאַשאָוו אויפ־געשטעלט אַ גרויסן שפּיטאָל פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. דער שפּיטאָל איז געווען אויף דער לעמבערגער גאַס, אויפן וועג צום סקאַטשעדאָל וואַלד וואָס פירט קיין בעלזשעץ. אַלע טיפוס קראַנקע האָט מען גענומען אין שפּיטאָל צוזאַמען מיט די געזונטע, מיטן בעטגעוואַנט און די שטובן פאַר־חתמ׳ט. דאָרט האָט מען אַלעמען אָפּגעשוירן.

דאָקטוירים פון עסטרייך דייטשן מיליטער פלעגן גיין פון הויז צו הויז און יעדן אונטערזוכן. ווער עס האָט געהאַט היץ העכער ווי נאָרמאַל, האָט געמוזט אַוועק אין שפּיטאָל. איך בין געווען פון די גליק־לעכע נישט קראַנק צו ווערן, פלעג איך שטיין מיט מיינע געזונטע חבר׳־טעס און באַטראַכטן פון דערווייטנס די שיינע שפּיטאָל געביידע מיט די פּאַציענטן וועלכע ווערנדיק געזינטער, פלעגן אַרויסקומען איינגעוויקלטע אין ליילעכער שעפּן פרישע לופט. מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו זען באַקאַנטע, און אַט איז מיין חברטע טובה געלבער און איר מאַמע די קליינע

שרה'לע און טובה'ס ברודערל יוסף און איר שוועסטערל פייגעלע. אַלע מיידלעך האָט מען אָפּגעשוירן די האָר.

מיין חברטע זאָגט מיר: דו ווייסט, לאה דאַרנפעלד, יעקב דאַרנפעלדס מיידל, האָט שוין אָפּגעשוירענע האָר.



מיטגלידער פון צ.צ. פועלי ציון ביים גרונדען אקיבוץ הכשרה



**שטייענדיג פון רעכטס:** בנימין הערינג, משה אונטערבוך, יעקב הערבסמאַן, אומבאַקאַנט, בעריש קעלנער, אומבאַקאַנט, שמעון שפארער; **צווייטע רייהע:** מאיר אייזען, אומבאַקאַנט, מיכאל כ״ץ, נטע אייזען, פייבל האלץ **און אַנדערע.**

יעקב דאַרנפעלד האָט געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט פאַר דער ציוניסטישער אידייע.

אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ גרויסער לערנער. שפּעטער איז ער געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט. אַ דאַנק אים און זיינס גלייכן האָט זיך געגרינדעט די „טשיטעלניע״, וואו די דערוואַכטע יוגנט האָט אָנגעהויבן לייענען ביכער. די פאַנאַטיקער האָבן געשטערט זייערע קינדער צו לייענען ביכער און „טשיטעלניק״ איז ביי זיי געוואָרן אַ זידל־וואָרט אָדער צונאָמען. נאָר מען האָט דאָך געלייענט. ווען מען האָט זיך אַ ביסל אַנטוויקלט האָט מען אָנגעהויבן נישט איינצושטימען איינער מיטן אַנדערן אין ציוניזם. למשל: יעקב דאַרנפעלד איז געווען דער אָנפירער פון אַלגעמיין ציוניסטישן פאַראיין.

די פרימערע האָבן זיך געגרינדעט אַ מזרחיסטישן פאַראיין. די אַר־בעטער האָבן געהאַט אַ בונדיסטישן פאַראיין. עס איז געווען אַ פּועלי ציוניסטישער פאַראיין פאַר אַרבעטער־ציוניסטן.

איז אונטערגעוואַקסן אַ יוגנט, וואָס דער מזרחי איז פאַר איר געווען צו פרום, די פּועלי־ציון צו לינק, די אַלגעמיינע ציוניסטן צו רעכט, האָבן זיי געגרינדעט דעם צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

אויף וויפל איך קאָן געדענקען, זיינען צווישן די גרינדער געווען: אברהם׳לע זילבערבערג, מיין קאָזין יוסף זינגער, פּסח גארטלער, בראַפּמאַן (דער עלטערער ברודער), אסתר איילבום און איר ברודער. צוגעקומען: יהושע ווייסלעדער, יעקב דעם קאָזיאָנער ראַבינערס זון, און אַנדערע וועמענס נעמען איך קאָן זיך נישט דערמאָנען.

אין דער צייט פון דער גרינדונג פון דער צעירי ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש אויף דער וועלט. אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע. מיר די מינדעריעריקע קינדער, האָבן נישט געוואוסט וואָס עס מיינט אַזוינס אַ רעוואָלוציע. נאָר די וועלכע זענען געווען עטלעכע יאָר עלטער און געלייענט אַ צייטונג וואָס מען האָט אויסגעשריבן האָבן שוין עפּעס פאַרשטאַנען. אַ צייטונג וואָס איינער האָט באַקומען פון וואַרשע אָדער לובלין, איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. מען האָט אויפגעכאַפּט נייעסן און ווערטער. צו מיר האָט עס נאָך נישט גע־גרייכט. איך בין געווען פאַרנומען מיט מיין קראַנקער מאַמען און מיט מיין פּיצל ברודערל אלי׳ בן ציון און משה. דאָס אינגסטע ברודערל אליהו בן ציון איז געווען 4 יאָר אַלט און צוליב הונגער אויסגעזען אינגער.

אין שטוב איז געווען קאַלט. קאָזין יוסף זינגער האָט גענומען אַ פּניאַק פון זייער האָלץ אַז דער פאָטער זאָל נישט וויסן און עס געבראַכט צו אונז אין שטוב. מיט דער גרויסער שאַרפער האַק, האָט ער גענומען צעהאַקן דאָס שטיק האָלץ זינגענדיק דערביי שוין אַ ניי ליד.

און ווען דאָס פייער האָט זיך אין קיך צוברענט און אין שטוב איז געוואָרן אַביסל וואַרעמער, האָט ער געזונגען:

„אין דער קוזשניע ביי דעם פייער,
שטייט אַ שמידער און ער שמידט,
ער קלאַפּט דאָס אייזן,
פונקן פייער שפּריצן,
און ער זינגט דערביי אַ ליד".

קאָזין יוסף זינגער האָט געקוקט אויף מיין קראַנקער מאַמען און געזונגען, ווי מיטן געזאַנג זי וועלן אויפמונטערן. ער האָט פאַרגעזעצט דאָס ליד:

„פון דער פרייהייט וואָס וועט קומען,
זינגט ער מוטיק, זינגט ער הייס,
און ער פילט נישט ווי עס טוט אים רינען
פון זיין פּנים טייכן שווייס".

נאָך מיין מוטערס טויט, איז קאָזין יוסף זינגער געוואָרן מיין גייסטיקער אויפפּאַסער.

איינמאָל, איך געדענק אַז עס איז געווען אין זומער פון 1917, זאָגט צו מיר קאָזין יוסף זינגער:

— רחליע, מיר גרינדען אַ צעירי ציוניסטישן פאַראיין שליס זיך אָן.

— איך? — פרעג איך איבערראַשט.

— יאָ דו — ענטפערט ער מיר.

— מען נעמט דען אַריין קינדער? האָב איך געפרעגט.

— זיי דאַרפן נישט וויסן וויפל דו ביסט אַלט, זאָג אַז דו ביסט שוין 18 יאָר, ווייל אונטער 18 נעמט מען נישט אַריין.

— איך בין דאָך נאָך אַפילו נישט קיין פולע 16 יאָר, פאַרוואָס זאָל איך זאָגן אַז איך בין 18 יאָר אַלט? איך קאָן דאָך וואַרטן מיטן אַנשליסן זיך.

— וואַרט נישט, מיר דאַרפן האָבן אַ געוויסע צאָל מיטגלידער כדי צו קאָנען אָרגאַניזירן דעם פאַראיין.

— עס איז דאָך שוין דאָ אַ ציוניסטישער פאַראיין, וואָס דאַרף מען נאָך איינעם? — האָב איך געפרעגט.

האָט מיר קאָזין יוסף זינגער דערקלערט, אַז דער צעירי־ציוניסטישער פאַראיין וועט זיין דעמאָקראַטיש. די צעירי ציון וועלן שטרעבן אַז ארץ ישראל זאָל געבויט ווערן אויף דעמאָקראַטישע יסודות.

— וואָס זענען דעמאָקראַטישע יסודות? — האָב איך געפרעגט.

— פרייהייט, גערעכטיקייט, און אַז אַלע מענטשן זאָלן באַהאַנדעלט ווערן גלייך. — האָט יוסף אויסגעטייטשט דעמאָקראַטישקייט.

מיר איז דאָס געפעלן. האָב איך געזאָגט:

— אויב אַזוי, וועל איך זאָגן אַז איך בין שוין 18 יאָר אַלט. אַזוי האָב איך זיך צוזאַמען מיט די גרינדער אָנגעשלאָסן אין דעם צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

איך האָב אַריינגענומען אין פאַראיין מיינע חברטעס און קרובים עטוואָס עלטער פון מיר: גיטל רונד, פעסל קייטל און טובה געלבער. שפעטער איז מיין אינגערער ברודער משה לערער אויך אַריין אין צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

דער פאַראיין האָט זיך געפונען אויפן קירישן שאָסעי (לעמבערגער גאַס). די שטימונג פאַר דעמאָקראַטי איז געוואַקסן. אַפילו בלאַנדער, אַט דער רייכער מאַן, האָט אויך געוואָלט דעמאָקראַטי און זיך אָנגעשלאָסן אין צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

עס איז שווער צו געדענקען אַלע נעמען פון די אָנגעשלאָסענע מיטגלידער, נאָר איך געדענק האַלץ און קרוק פון זאַמאָשטש אַז ער פלעגט קומען קיין טאָמאַשאָוו צו זיין שוועסטער, פלעגט ער קומען אין צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

אַ היפּשע צאָל מיטגלידער זענען געקומען פון די בתי־מדרשים און אויך פון דעם אַלגעמיינעם ציוניסטישן פאַראיין.

אין דער פירערשאַפט זיינען געווען: בראַפמאַן (דער עלטערער ברודער), אברהם׳לע זילבערבערג, פסח גארטלער, יוסף זינגער און אסתר איילבום. איך בין געוואָרן שפעטער אסתר׳ס העלפערין. אסתר איילבום איז געווען די סעקרעטאַרשע פון פאַראיין.

עס זענען פאָרגעקומען אויפקלער לעקציעס. בראַפמאַן איז געווען דער הויפט רעדנער. עס זענען פאָרגעקומען קעסטל־אָוונטן.

אין דעם פאַראיין האָב איך דאָס ערשטע מאָל געהערט דיסקוטירן די דריי אינטערנאַציאָנאַלן. איך האָב געהערט רעדן וועגן אַ צווייטע און אַ האַלבן אינטערנאַציאָנאַל און עס האָט געקלונגען קאָמיש אין מיינע קינדער־שע אויערן. די מערסטע פון אונז יונגע קינדער האָבן נישט פאַרשטאַנען די לעקציעס מיט די שווערע טערמינען. נאָר דעמאָקראַטיע וואָס מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל געהערט דיסקוטירן איז געווען אין צעירי ציוניסטישן פאַראיין צו דעם האָבן מיר געשטרעבט און פאַרשטאַנען. מען האָט פלאַנירט אַרויסצוגעבן אַ לעבעדיקע וואַנט־צייטונג.

צווישן די פאַרשידענע טעמעס אויף וועלכע די רעדנער האָבן גערעט, איז פאַרשטייט זיך געווען די באַלפור דעקלעראַציע.

עס איז געווען אין אַ שיינעם נאָוועמבער טאָג פון 1917, ווען עס האָט זיך צוטראָגן די נייעס אַז „מען האָט די אידן אָפּגעגעבן זייער לאַנד ארץ ישראל".

די ציוניסטישע יוגנט האָט זיך געפרייט. מען איז געלאָפן אין די פאַראיינען צו הערן באַשטעטיקונג. איך בין געלאָפן צו די צעירי ציון.

אסתר איילבוים האָט מיך אַרומגעכאַפּט און מיט פרייד אויסגערופן:

— רחליע, מיר האָבן שוין ארץ ישראל!

— וואָס הייסט מיר האָבן שוין? — האָב איך געפרעגט און זיך פאַרשעמט וואָס איך פאַרשטיי זיך נישט גענוג אויף דעם ענין. מיין קינדערשער געדאַנק האָט נישט באַנומען אַז אָט מיטאַמאָל וועט מען אונז אָפּגעבן ארץ ישראל. איך האָב זיך עפּעס נישט געגלויבט און זיך געשעמט דאָס צו זאָגן. איך זע אַז אַלע פרייען זיך, דאַרף איך זיך אויך פרייען. אָבער שטיל אין געדאַנק האָב איך געטראַכט: — אַזוי לייכט אָפּגעגעבן? איז דאָס מעגלעך? עס זאָל כאָטש נישט זיין קיין אַנטוישונג; עס זאָל כאָטש אמת זיין.

ווען די נייעס פון דער באַלפור דעקלעראַציע וואָס איז פראָקלאַמירט געוואָרן נאָוו. 2, 1917, איז שוין געווען באַקאַנט צו קינד און קייט פון טאָמאַשאָוו, איז די פרייד געווען אַזוי גרויס, אַז אַלע ציוניסטן צוזאַמען האָבן מאַרשירט, אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער וואָס מען האָט פאַרמאָגט און איבערפולט די גאַסן מיטן געזאַנג פון די ציוניסטישע לידער; מען האָט געפייערט די באַלפור דעקלעראַציע.

איך געדענק יעקב דאַרנפעלד׳ס ליכטיקן פנים, און זיין מיידל לאה דאַרנפעלד מיט אַ שיינער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, ווייל זי איז געווען נאָך אַ טיפוס קראַנקהייט און די האָר זיינען ביי איר געווען אָפּגעשוירן. ביי דער האַנט האָט זי געפירט איר ברודערל משה׳לע דאַרנפעלד.

אונזער אַלעמענס פרייד איז געווען נישט צום באַשרייבן. דאַן איז אָפּגעווישט געוואָרן פאַרטייאישקייט: אַלע ציוניסטישע פאַרטייען זענען געווען פאַראייניקט אין דער גרויסער פרייד ווען מען האָט אין טאָמאַשאָוו געפייערט די באַלפור דעקלעראַציע. די התקוה האָט אָנגעפילט די גאַסן. מען האָט זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב, אַ טייל האָבן זיך געקושט פאַר פרייד. איך מיט מיינע חברטעס האָבן מיטגעזונגען.

כאָטש מיר האָבן נישט גענוי פאַרשטאַנען וואָס באַלפור האָט געזאָגט אין זיין דעקלעראַציע, נאָר אַז עס איז עפּעס אַ צוזאָג וועגן ארץ ישראל פאַר אידן, האָבן מיר פאַרשטאַנען. אַז מיינע חברים פרייען זיך און מען זינגט, איז אַ גוטער סימן. און מיר געפעלט וואָס אידן מאַרשירן און זינגען. מיין פרייד איז געווען ביז טרערן.

זינט פוילן איז געקומען צו דער מאַכט, קומען פאַר אָבלאַוועס. די יוגנט איז שוין ניט מער פריי. מען נעמט שוין ווידער צום מיליטער.

דער צעירי ציוניסטישער פאַראיין עקזיסטירט דאָך ווי פריער. אַז עס קומט אַריין אַ פאַרדעכטיקער פּערזאָן, ציטערט מען אַז עס זאָל עפּעס נישט געשען. די ציוניסטישע פאַראיינען זענען לעגאַל, דאָך שרעקט מען זיך.

דער צעירי ציוניסטישער פאַראיין איז שוין אַ יאָר אַלט. עס דאַרפן פאָרקומען נייע וואַלן. די וואַלן דאַרפן זיין העכסט דעמאָקראַטיש. מאַכט מען געהיימע. דאָס הייסט שטימען דורך אַריינשרייבן וועמען מען וויל אויף צעטעלעך און די וועלכע וועלן האָבן מער שטימען וועלן זיין די נייע באַאַמטע. אַ טייל ווילן אַז די וואַלן זאָלן פאָרקומען שבת, אַנדערע זיינען נישט צופרידן, מען איז נאָך פרום.

נישט אַלע זענען שוין געוואוינט זיך פריי ביי אַ מיטינג אַרויס־צוזאָגן אַ מיינונג. עס קלאַפּט האַסטיק דאָס האַרץ פון געדאַנק אַליין צו נעמען אַ וואָרט און ריידן.

ווייסט דאָס די פירערשאַפט. האָט מען איינגעאָרדענט דאָס קעסטל אין וועלכן מען האָט געקאָנט אַריינוואַרפן אַן אָנגעשריבענעם געדאַנק אָדער געדאַנקען וועלכע מען איז נאָך נישט געווען דרייסט אַרויסצוזאָגן, אָדער מען איז געווען שעמעוודיק. דורך דעם קעסטל האָט מען געקאָנט קריטיקירן, ווייל מען האָט נישט געדאַרפט אונטערשרייבן דעם נאָמען, איז לייכטער געווען צו זאָגן וואָס מען האָט געוואָלט. די פּעריאָדע פון לייענען די קריטיק איז געווען אינטערעסאַנט און באַלערענד.

אין דעם פּאָסט־קעסטל האָב איך מאָביליזירט מיינע חברטעס און גע־פּאָדערט אַז קיין וואַלן זאָלן נישט פאָרקומען שבת. ווייל שבת טאָר מען נישט שרייבן. איך האָב אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס די צעירי ציון האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ באַרימטן רעדנער (איך דענק אַז עס איז געווען איינער מיטן נאָמען ליווערטאָווסקי), און אָט דער רעדנער האָט צווישן אַנדערעס געזאָגט אַז מען דאַרף אין דעם פאַראיין אַריינציען וואָס גרעסערע מאַסן. מיין אָנגעשריבן צעטל וואָס איך האָב אַריינגעלייגט אין קעסטל האָט זיך געלייענט: — ביים גרויסן פאַרזאַמלונג האָט דער רעדנער געזאָגט אַז מען דאַרף צוציען די מאַסן. שטעלט זיך די פראַגע: וואָס פאַר אַ מאַסן האָט ער געמיינט? קאָן מען דען די קליינע צאָל פרייגעזאָגענע אָנרופן „די מאַסן״? די מאַסן זיינען דאָך נאָך רעליגיעז. און קיין זיצונג דאַרף דערפאַר נישט פאָרקומען שבת, ווייל דאָס שטויסט אָפּ די מאַסן.

מיינע חברטעס: גיטל פּעסל און טובה האָבן געשריבן ענלעכס. מיר זיינען געווען זיכער מיט 4 שטימען קעגן אָפּהאַלטן וואַלן אום שבת.

די וואַלן זיינען פאָרגעקומען אָן אונז 4 מינדעריעריקע מיידלעך.

אסתר איילבום איז ווידער דערוויילט געוואָרן סעקרעטאַרשע. זי האָט

מיך געבעטן איך זאָל איר אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט. איך האָב איר געהאָלפן. די אַרבעט וואָס זי האָט מיר צוגעטיילט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי האָט מיר געגעבן אַ ליסט מיט נעמען פון מיטגלידער וועלכע זיינען שולדיק מיטגליד־אָפּצאָל, אַז איך זאָל זיי גיין מאָנען. עס איז נישט געווען קיין אָנגענעמע אַרבעט און נישט קיין לייכטע, און כאָטש איך בין דאַן נאָך געווען אַ שעמעוודיקע האָב איך עס אָנגענומען, ווייל איך האָב ליב געהאַט דעם צעירי ציוניסטישן פאַראיין מיט זיין דעמאָקראַטישער פּראָגראַם, און זיך געוואָלט נוצלעך מאַכן.

ווען מיין קאָזין יוסף זינגער האָט חתונה געהאַט מיט זיין געליבטער מלכה, איז די אָנפירערשאַפט פון צעירי ציוניסטישן פאַראיין געקומען צו דער חתונה, צווישן זיי, אברהם׳לע זילבערבערג וועלכער פאַרנעמט איצט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ישראל רעגירונג. מיין קאָזין יוסף זינגער האָט שוין דאַן געטראָגן אַ שליאַפּע אין אַ מאָדערנעם אַנצוג. אַ שטיקל צייט האָט ער זיך געלערנט ערד־אַרבעט, סטימולירט דורכן צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

איך בין אין דעם פאַראיין געווען ביז 1920, ווען איך בין נאָך אַלס מינדעריעריקע אַוועקגעפאָרן מיט מיינע ברידערלעך משה און אליהו בן־ציון קיין אַמעריקע צום טאַטן און עלטערן ברודער יוסף. איך האָב געבענקט נאָכן צעירי ציוניסטישן פאַראיין מיט די לעקציעס זומערדיקע פעסטן מיט פּלי־פּאָסט און קאָסע־גאָרטן.

שפּעטער איז קאָזין יוסף זינגער געפאָרן קיין ארץ ישראל דאָרט העלפן טריקענען די זומפּן. ער האָט אַראָפּגענומען זיין פאַמיליע קיין ארץ ישראל: אַ פרוי און קינדער, צוויי שוועסטער: ביילע רבקה און גרוניע, און זיין פאָטער דעם קעגנער. נאָך דעם וואָס די אַנטיסעמיטן האָבן אים אויסגעריסן די באָרד צוזאַמען מיטן פלייש, איז ער געפאָרן צום זון קיין ארץ ישראל, און דאָרט געלעבט ביזן טיפן עלטער.

די מערסטע פון מיינע חברטעס פון צעירי ציוניסטישן פאַראיין, זענען איצט אין ארץ ישראל, און סיי קאָזין יוסף זינגער, סיי מיינע חברטעס גיטל און טובה, האָבן געגעבן דעם לאַנד צוויי דורות צברות, ישראל געבוירענע, אַ דאַנק — דעם צעירי ציוניסטישן פאַראיין.

מיין קאָזין יוסף זינגער איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין פּרדס חנה ערב דער פּראָקלאַמירונג פון ישראל אַלס אידיש היימלאַנד מיט 11 יאָר צוריק. ער איז געווען אַ גרויסער אידעאַליסט דער מיטגרינדער פון צעירי ציוניסטישן פאַראיין. ערע זיין אָנדענק.



# די בונדישע באַוועגונג אין טאָמאַשאָוו-לובעלסק

● דוד גייער

עס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרען דער גורל, אַז איך זאָל אין דעם יזכור־פּנקס פון אונזער פאַרשניטענער היימשטאָט דורך די נאַציס, פאַראייביקען דעם בונד", די באַוועגונג, צו וועלכער איך האָב געהאָט דעם כבוד געהערן און זיין אַקטיוו. עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז איך בין אפשר פון די געציילטע עדות פון דער טעטיגקייט פון דער דאָזיגער באַוועגונג, וואָס האָט אין אונזער שטאָט געשפּילט איר חשוב׳ען אָרט. זייענדיג כסדר אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד", צווישעןביידע וועלט־מלחמות, דער ראַטמאַן פון „בונד" אין דעם טאָמאַשאָווער שטאָטראַט, האָב איך די באַוועגונג גוט געקאָנט און אָנטייל גענומען אין אַלע אירע אַקטיווּיטעטען. אָבער דאָס וואָס איך וועל איבערגעבען זענען דאָך אַלץ על־פּי־זכרון — ליידער זענען דאָך נישטאָ קיין שום אַרכיוועך פון אונזער שטאָט, זיי זענען דאָך אומגעקומען צוזאַמען מיט די לעבעדיגע אידען. דעריבער קאָן דאָך זיין, אַז איך וועל געוויסע יחידים דורכלאָזען, אַז געוויסע געשעענישען וועלען ניט זיין מיט׳ן כראָנאָלאָגישען סדר. איך בעט דעריבער פון פאָראויס אַנטשול־דיקונג פאַר די דורכגעלאָזטע נעמען, זיכער וועל איך ניט קענען, סיי צוליב דעם פריערדיקן טעם — זכרון, סיי צוליב דעם מאַנגעל אין פּלאַץ, אויסרעכענען אַלץ פון דער טעטיגקייט פון „בונד" און זיינע קרוב׳ישע אָרגאַניזאַציעס. איך גיב זיך אָפּ דערפון אַ חשבון. מיר דוכט אָבער, אַז אין די ווייטערדיגע שורות האָב איך אַרויסגעבראַכט דאָס וויכטיגסטע, וואָס איך געדענק פון דער אַרבעט פון „בונד" ביי אונז.

ווי געזאָגט האָב איך די פאַרצייכענונגען געמאַכט על־פּי־זכרון. אָבער אין דעם טייל, וואו איך רעדט וועגען דעם בראשית פון דער בונדישער באַוועגונג, בעת דער צאַרישער הערשאַפט, האָב איך די אינפאָרמאַציעס באַקומען פון באַטייליגטע אין דער באַוועגונג אין יענע יאָרען. קלאָר, אַז דאָס וועלען אויך זיין נאָר פראַגמענטען.

* * *

וועגען דעם אָנהויב פון „בונד" אין טאָמאַשאָוו־לוב. דערציילט סאלאמאן בלום, דער זון פון יצחק און מרים (צונאָמען: דער בולאַכעס). געוועזען איז עס

בערך אין יאָר 1904 ער איז דאַן געווען אַ סטאָלער. דאַן האָט זיך געשאַפן די ערשטע בונדישע גרופּע, הגם יחידים בונדיסטען זענען געווען פריער. ווי ער געדענקט האָבען צו דער גרופּע געהערט, חוץ אים, די ווייטערדיגע, וואָס זענען געבליבען אין זכרון ביי סאלאמאן־שלמה בלום.

חיים־מעכל האָרן, זלמן אָרדינאַצקי, מאַקס־מענדל וואונדער, פּרץ קעניגער, לייבל פּערדער, חייקע פּערדער, אברהם־שמואל קנאָפּ, אַ מאלער אברהם־שמואל, אַ קלעזמער, פּערל־לאה, אַ טאָכטער פון אַ וואַסער־טרעגער, משה גרינטוך — קוימענקערער, יוסף גרינטוך און איסר גרינטוך — ביידע שערערס, די ברידער שמואל־מאָטיע און מאיר שמוטס — זין פון אַ וואַסער־טרעגער. יעקב דאָרנפעלד (געשטאָרבען אין אַמעריקע), מנשה דאָרנפעלד (דראָגיסט אין ברוקלין). זיכער איז די צאָל געווען גרעסער, אָבער דער דערציילער געדענקט ניט מער.

אָנגעפירט מיט דער בונדישער טעטיגקייט אין טאָמאַשאָוו האָט אַ געוויסער בחור, אַ געקומענער פון דער פרעמד, אַ טאָקער. געווען איז ער אַן אָרגאַניזאַטאָר און אַ גאָר גוטער רעדנער. זייער אָפט פלעגען פאָרקומען געהיימע פאַרזאַמלונגען אויסער דער שטאָט. די פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אין קאָטשעדול־וואַלד אָדער אין דער שיווע דאַלינע. פון צייט צו צייט אַפילו אויפ׳ן אידישען הייליגען אָרט — אויפ׳ן בית־עולם. מען פלעגט די פאַרזאַמלונגען איינאָרדענען מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט. עס פלעגען אויסגעשטעלט ווערען וואַכען אויף דעם גאַנצער וועג צו דער פאַרזאַמלונג, וואָס פלעגט נאָך אָפּגערעדטע „פּאראָלן", אַזעלכע סימנים, צולאָזען די זיכערע מענטשען צו דער פאַרזאַמלונג.

ביי שלמה בלומען איז געווען דער פּלאַץ, וואו מען פלעגט האַלטען די אומלעגאַלע בונדישע ליטעראַטור. די פּראָקלאַמאַציעס פלעגען געבראַכט ווערען פון דער פרעמד — ווייזט אויס פון לובלין, וואו עס איז געווען דער ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד", אָדער פון דעם שכנות׳דיגען זאמאָשטש, וואו עס איז געווען אַ גאָר שטאַרקע בונדישע באַוועגונג.

אַ פּאָר יאָר איז די בונדישע אַרבעט געפירט געוואָרען אָן ספּעציעלע שטערונגען. נאָך די מער אָפטערע און אַקטיווערע אַרויסטרעטונגען האָבען זיך אָנגעהויבען רעפּרעסיעס מצד דער צאַרישער פּאָליציי. ביי בלומען אין הויז איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע. מען האָט אָבער די ליטעראַטור נישט געפונען. עס זענען אַרעסטירט געוואָרען אַ ריי בונדיסטען, אָבער נאָך אָפּ־האַלטען זיי אַ געוויסע צייט זענען זיי באַפרייט געוואָרען, ניט האָבענדיג געגען זיי קיין שום פאַרדעכטיגע באַווייזען.

נאָכן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אַרום 1906, זענען אַ טייל אַוועק קיין אַמעריקע, אַ טייל זענען גערופען געוואָרען אין מיליטער, דער עולם איז געוואָרען פאָרזיכטיגער. דער „בונד" ווי אַ מאַסען־

אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען נאָר יחידים האָבען אויפגעהאַלטען אַ קאָנטאַקט מיט דעם לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט, אָדער מיט זאַמאָשטש.

שלמה בלום איז אין יאָר 1910 געראַפען געוואָרען אין מיליטער. געדינט האָט ער אין סמאָלענסק אין 1911 איז ער אַנטלאָפען קיין אַמעריקע.

מיט דעם אַלגעמיינעם שטילשטאַנד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין צאַרישען רוסלאַנד איז אויך אין טאָמאַשאָוו האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה שוין ניט געווען קיין אָרגאַניזאַציע נאָר יחידים, וואָס האָבען געלעבט מיט די ראָמאַנטישע־רעוואָלוציאָנערע זכרונות.

אַן ענדערונג קומט נאָך דעם ווי עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה און אונזער געגענט ווערט אָקופּירט פון דער עסטרייכער מאַכט. דאָס איבעריגע פּוילען איז געווען אָקופּירט פון די דייטשען, אָבער לובלינער געגענט, און די דעמאָלטיגע כעלעמער גובערניע איז געוואָרען באַזעצט פון די עסטרייכער, וואו עס איז געווען אַ באַדייטענדיק לייכטערער רעזשים ווי אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

עס קומט אויף אַ נייע באַוועגונג אין גאַנץ פּוילען און אויך ביי אונז אין טאָמאַשאָוו שאַפט זיך אַ נייע בונדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט באַדינט פון צוויי צענטערס — פון לעמבערג און פון לובלין. אין לעמבערג האָט עקזיסטירט פון דער עסטרייכישער צייט נאָך די זש. פּ. ס. (זשידאָווסקא פּאַרטיא סאָציאַליסטיטשנא), דער א״ג „גאַליציאַנער בונד״, וואָס האָט קיין טאָמאַשאָוו געשיקט דעם חבר אַדאָלף. אין לובלין האָט זיך געשאַפען אַ בונדישער קאָלעקטיוו, וואָס האָט אַפילו צוגעגרייט די ערשטע לאַנד־קאָנפערענץ פון „בונד״ אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע. פון דאַנען האָט אונז דאַמאָלט באַזוכט דער חבר לייזער לעווין (געשטאָרבען אין 1940 ווי אַ פּליט אין קאָוונע — ליטע). מיר האָבען אויך געהאַט הילף פון כעלם, וואו עס איז שוין דאַן געווען טעטיג דער חבר אַרטור זיגעל בוים, דער שפּעטערדיגער קדוש פון פּוילישען אידענטום. כעלם איז געווען אין אַ ספּעציעלער לאַגע. איינער פון די אָפיצירען פון דער עסטרייכישער אַרמיי איז געווען ד״ר שיע פענסטערבלוי, וועלכער איז געווען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט באַשטימט ווי דער וויצע־בירגערמייסטער פון דער שטאָט. ניט געקוקט וואָס עס איז געווען פאַרווערט די מיליטער־לייט צו פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיגקייט האָט ער געהאָלפען דער בונדישער אַרבעט און אין כעלם איז אויפגעקומען אַ גאָר וויכטיגער בונדישער צענטער, וואָס האָט אויך משפּיע געווען אויף דער אַרומיגער פּראָווינץ.

ד״ר ש. פענסטערבלוי, צוזאַמען מיט זיין משפחה, זענען אומגעקומען אין טויטען־לאַגער טרעבלינקע.

## די שטאָטישע ביבלאָטעק

אונזער ערשטע טעטיגקייט אין דער דאָזיגער צייט איז געווען דער אָנטייל אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. עס איז ניט געווען קיין אָרט און מעגליכקייט פון ריין־פּאָליטישער אַקציע און דעריבער האָט דער „בונד" אויסגענוצט די קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. גראָד האָט זיך געמאַכט וואָס נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער מלחמה איז אין טאָמאַשאָוו געבליבען אַ גרופּע געוועזענע יונגע עסטרייכישע אָפיצערן און אונטער־אָפיצערן אידען, וועלכע האָבען חתונה געהאַט מיט טאָמאַשאָווער מיידלעך. די דאָזיגע האָבען געגעבען די איניציאַטיוו צו שאַפען אַן אַלגעמיינע אידישע ביבלאָטעק.

געווען איז עס אין יאָר 1919. די איניציאַטיוו־גרופּע האָט פאַרבעטען אַלע אָרטיגע אידישע אָרגאַניזאַציעס זיך צו באַטייליגען אין דער אינסטיטוציע. צווישען אַנדערע האָט אויך דער קאָמיטעט פון „בונד" באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג. דער „בונד" האָט באַשלאָסען אין דער פאַרזאַמלונג זיך צו באַטייליגען און ווען עס איז אויסגעטיילט געוואָרען די פאַרוואַלטונג זענען מצד דעם „בונד" אין איר אַריין פוליע הויט און איך. דער אַלגעמיינער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען: פון די ציוניסטען: עדלשטיין און הערש זילבערבערג, פון פּועלי־ציון: פייוול האָלץ און משה בלאַנדער, פון „בונד": פוליע הויט און דוד גייער.

בערך דריי יאָר איז די פאַרוואַלטונג געווען אַ געמיינזאַמע, אָבער די ציוניסטישע מערהייט האָט געקויפט מער העברעאישע ביכער. דער סעקרעטאַר פון דער ביבליאָטעק, הערש זילבערבערג האָט דורכגעפירט זיין ליניע. דאָס האָט געבראַכט דערצו, וואָס דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטען פון דער ביבליאָטעק. אַזוי ווי דאַן האָט שוין עקזיסטירט דער נאָדל־אַרבעטער־פאַראיין, וואָס איז טאַקע געגרינדעט געוואָרען דורך די בונדיסטען האָט דער בונד אַרויסטרעטענדיק פון דער אַלגעמיינער געשאַפן אַן אייגענעם ביבליאָטעק ביים דאָזיקן פאַראיין.

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון דער בונדישער ביבלאָטעק זענען אַריין די חברים: 1. פוליע הויט, 2. נחום שולדינער, 3. לייבל שערער, 4. יוסף מעלדונג, 5. יעקב־שיע גראָהמאַן, 6. מאָטל לערנער, 7. שבח קאָרנוואָרצל, 8. עזריאל צאַן, 9. דוד גייער.

מיר שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט די אידישע פאַרלאַגען פון וואַרשע און ווילנע. גאָר אין גיכען האָבען מיר אויפגעבויט אַ שיינע ביבלאָטעק פון אויסגעוויילטע אידישע ליטעראַטור פון העכער פינף הונדערט ביכער. די ביבלאָטעק ווערט דער אידישער קולטור־צענטער ניט דווקא פאַר די ענגע פאַרטיי־מיטגלידער, נאָר אַ וויכטיגע אינסטיטוציע פאַר דער אידישער אויפגעקלערטער יוגענט. מיט דער צייט ווערען מיר די איינציגע אידישע ביבליאָ־

טעק, וואָס האָט באַדינט דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געזוכט אידישע ביכער.

עס זענען אָבער אונטערגעקומען געשעענישען, וואָס האָבען צעשטערט די ביבליאָטעק, אין שייכות מיט די אָנגעהויבענע רעפּרעסיעס אויפ'ן „בונד" אין די ערשטע צוואַנציגער יאָרען האָט זיך די אָרטיגע פּאָליציי גענומען צו דער ביבליאָטעק און צו אירע אָנפירער. אָפטע רעוויזיעס, איבערפאַלען ביי

דער קאָמיטעט פון בונד אין טאמאשאוו



פון רעכטס: דוד גייער, מאטעל לערנער, דוד גייער'ס זונעלע, מרדכי ווייסבערג, שבח קאַרענוואַרצעל און יעקב יהושע גראהמאן

פריוואַטע טוער און אין ביבליאָטעק, ביז מען האָט אַרעסטירט דעם חבר מרדכי ווייסבערג און די ביבליאָטעק געשלאָסען. די ביכער זענען צוגענומען געוואָרען צום סטאַראָסטאָ, דער לאָקאַל איז געוואָרען פאַר׳חתמ׳עט.

דער פּראָצעס פון חבר מרדכי ווייסבערג האָט אַרויסגערופען גרויס אָנזען אין גאַנץ פּוילען. ער איז געווען באַרימט ווי דער „לובלינער פּראָצעס פון בונד". עס ווערען גע׳משפט חוץ דעם חבר ווייסבערג אַ ריי אַנדערע בונדיסטען פון לובלין און ראַיאָן. צום פּראָצעס קומען ווי פאַרטיידיגער די חברים הענריק ערליך (אומגעבראַכט דורך די קאָמוניסטען) אסתר איוווענסקא (ניט לאַנג געשטאָרבען אין בריסל) און לודוויק האָניגוויל (היינט אין ניו־יאָרק). דער חבר ווייסבערג ווערט פאַר׳משפט אויף צוויי יאָר תפיסה, ער איז אָפּגעזעסען אין דער לובלינער טורמע.

דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער ניט גערוט. מיר האָבען כסדר דערלאַנגט ביטעס און פּראָטעסטען מען זאָל אונז אָפּגעבען די ביכער, דערלויבען צוריק עפענען די ביבליאָטעק. לסוף האָט מען אונז דערלויבט צוריק עפענען די ביבליאָטעק, אָבער ניט אויפ׳ן נאָמען פון נאָדל־פאַראיין, וועלכער איז געוואָרען „טרייף". מיר האָבען געעפענט אַ צווייטע ביבליאָטעק אויף אַ נייעם נאָמען און אַן אַנדער סטאַטוס. אגב מיר האָבען אַרויסגעגנב׳עט פון דער ביבליאָטעק אַ טייל ביכער, וואָס מיר האָבען באַהאַלטען אויפ׳ן בוידעם פון פּוליע הויט.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערען, אַז ווען מיר זענען געקומען צום סטאַראָסטאָ, ווען מיר האָבען שוין געהאַט די נייע דערלויבעניש אויף דער ביבליאָטעק, און געבעטען מען זאָל אונז אָפּגעבען די אידישע ביכער פון ביבליאָטעק, וואָס זיי האָבען קאָנפיסקירט, האָט זיך געפונען אַ גרופּע, וועלכע איז אויך געקומען מאָנען „ירושה" טענה׳ענדיג, אַז זיי האָבען אויך אַ חלק אין דער ביבליאָטעק. דער סטאַראָסטע האָט די דאָזיגע תביעה גענומען אין אַכט... ער האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבען די קאָנפיסקירטע ביכער פון דער בונדישער ביבליאָטעק. ביז׳ן מלחמה־אויסבראָך אין 1939 זענען די קרוב פינף־הונדערט ביכער געלעגען אויפ׳ן ביידעם פון דעם טאָמאַשאָווער סטאַראָסטאָ.

אין דער צייט ווער דער חבר מ. ווייסבערג איז געזעסען אין דער תפיסה האָבען מיר צוזאַמענגעשטעלט אַ דראַמאַטישען קרייז פון אמאטאָרן־שפּילערס. מיר פלעגען שפּילען טעאַטער בכדי צו שאַפען פאָנדן, כדי צו שטיצען דעם חבר ווייסבערגס משפחה, פאָטער און מוטער און זייערע קינדער וואָס ער, מרדכי, איז געווען זייער איינציגער שפּייזער.

נאָכן אָפּזיצען דעם טערמין איז ח. ווייסבערג געקומען צוריק און זיך ווידער געשטעלט בראש פון דער אָנפירונג פון טאָמאַשאָווער „בונד".

אויך אין די וויטערדיגע יאָרען איז די בונדישע ביבליאָטעק געוואָרען דער אידישער קולטור־צענטער פון טאָמאַשאָוו־לוב.

## אין שטאָט ראט

צום באַדוירען האָב איך ניט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, די געהעריגע מאַטעריאַלען וועגען דער באַוועגונג און במילא פעלן די גענויע דאַטעס און די צאָל פון באַקומענע בונדישע פאָרשטייער אין שטאָטראַט, וואו דער „בונד" האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיגע ראָלע ביים פאַרטיידיגען די אידישע פאָלקס־מאַסע בכלל און דער אידישער אַרבעטערשאַפט בפרט. דאָס וויטערדיגע איז נאָר פראַגמענטאַריש און שפּיגלט ווייט ניט אָפּ די פולע טעטיגקייט.

צום ערשטען מאָל האָט דער „בונד", אין אָנהייב צוואַנציגער יאָרען, באַקומען אַן איינלאַדונג צו דעלעגירען פאָרשטייער אינ׳ם ערשטען שטאָטראַט פון טאָמאַשאָוו, וועלכער האָט ניט געדאַרפט זיין קיין געוויילטער, נאָר אַ מין „אויסגעוויילטער" פון צווישען די פאָרשטייער פון די באַזונדערע גרופּען. דער מיין פון די פּאָלאַקען איז טאַקע געווען צוצוטיילען דער אידישער באַפעלקערונג אַ פיל קלענערע פאַרטרעטערשאַפט, ווי עס קומט זיי לויט דער צאָל אידישע באַפעלקערונג. ווידער איז דעם „בונד" געגאַנגען ניט אין דערגרייכען פאָרשטייער, נאָר אין דורכפירען אַן אויפקלערונג־אַרבעט בעת די וואַלען, וואו מען האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע צווישען דער ברייטער אידישער פאָלקס־מאַסע.

דער „בונד" האָט דעריבער דערקלערט, אַז ער וועט אין די דאָזיגע „וואַלן" ניט אָנטייל נעמען און איז מוחל אויף אַזאַ „פאַרטרעטערשאַפט" אין שטאָטראַט. — די שטאָט־באַלעבאַטים איגנאָרירען די שטעלונג פון „בונד" — זיי טיילען זיך פאַנאַנדער מיט די בענקלעך אין שטאָטראַט און מאַגיסטראַט.

אַזוי דויערט עס ביז דאָס יאָר 1927 ווען עס קומען שוין פאָר וואַלן אויפ׳ן סמך פון נייעם פּוילישען וואַל־געזעץ. דער „בונד" באַשליסט אין די דאָזיגע וואַלן זיך צו באַטייליגען און נאָכן דורכפירען אַ ברייטע וואַל־קאַמפּאַניע באַקומען מיר די צווייטע גרעסטע צאָל שטימען אויף דער אידישער גאַס. אויף דער ליסטע פון „בונד" ווערען דאָס מאָל אויסגעוויילט דריי ראַטמענער: נחום שולזינגער, לייביש קאָפּענבוים און דוד גייער.

וועל איך דאָ ברענגען נאָר איין עפּיזאָד וועגן דער טעטיגקייט פון די פאָרשטייער פון „בונד" אין שטאָטראַט, אַ געשעעניש, וואָס איז אין איר כאַראַקטער אפשר פון די געציילטע אין דער פּראַקטיק פון די שטאָטראַטען אין פּוילען.

אויף איינער פון די זיצונגען פון שטאָטראַט, וואו עס איז באַהאַנדעלט געוואָרען דער שטאָטישער בודזשעט האָט די בונדישע פראַקציע אַריינגעטראָגען אַ פאָרשלאָג צו באַשטימען אַ געוויסע געלט־סומע פאַר דער „אָפּיעקע ספּאָלעטשנאַ" — סאָציאַלער הילף, כדי צו איינקויפען האָלץ און קוילען פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג, וואָס קאָן זיך נישט דערלויבען צו באַהייצען ווינטער זייערע אָרימע היימען. עס איז דאַן געווען אַ שרעקלעכער ווינטער.

עס האָבען געבושעוועט פראָסט און ווינט ניט נאָר אין פוילען נאָר אין גאַנץ אייראָפּע.

מיר זענען געזעסען און געוואַרט אויפ׳ן צוזאַמענקומען פון די ראַט־מענער און פריוואַט געשמועסט וועגען די לויפענדיגע פראַגען און וועגען דעם סדר־היום פון דער זיצונג...

דער ראַטמאַן פון די ענדעקס (פוילישע רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע פאַרטיי), וועלכער איז געווען דער שול־אינספעקטאָר פון גאַנצען טאָמאַשאָווער פאָוויאַט, האָט זיך דערביי אָפּגערופען: „איך פאַרשטיי ניט וואָס איז דאָ געשען. שוין לאַנגע יאָרען ווי מיר האָבען אַ שטאָטראָט און אַ מאַגיסטראַט און מיר האָבען קיין מאָל ניט געהאַט אין אונזער בודזשעט אַזעלכע מינים אויסגאַבען ווי פאַר „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ" — זינט עס זענען געקומען די בונדיסטען, האָבען זיי אָנגעהויבען איינפירען מאָדנע נייסן. מען האָט אונז, זאָגט ער ווייטער צוגעקוועטשט צו דער וואַנט. ווער וועט עס וואַגען זיך קעגענשטעלען אַזאַ פאָרשלאַג, אָבער פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ בונדישער פאָרשלאַג" ?

מיר האָבען אים גלייך אָפּגעענטפערט — אַז ער האָט דאָך אַליין די פראַגע פאַרענטפערט. ביז עס זענען ניט געווען קיין בונדישע ראַטמענער זענען טאַקע אַזעלכע פאָרשלאַגען ניט געווען, דעריבער איז עס לאָגיש טאַקע אַ בונדישער פאָרשלאַג.

מען האָט דעם פאָרשלאַג פון „בונד" איינשטימיג אָנגענומען, אָבער די מערהייט פון שטאָטראַט (אגב צוזאַמען מיט דער אידישער בירגערלעכער פאַרשטייערשאַפט), האָט זיך צונויפגערעדט, אַז מען זאָל אין דער קאָמיסיע פון סאָציאַלער הילף וועלכע וועט פאַרטיילן די ווינטער־שטיצע ניט אַריינגעמען קיין פאַרשטייער פון „בונד". ניט נאָר איז דאָס געווען די „נקמה" אָן דער בונדישער פראַקציע, מען האָט ביי דער פאַרטיילונג טאַקע אויסגעמיטען און באַ׳עוול׳ט די יעניגע נויט־באַדערפטיגע וועלכע זענען געווען באַקאַנט מיט זייערע בונדישע סימפּאַטיעס. מען האָט געטיילט האָלץ און קוילן אויף רעכטס און לינקס, אָבער ניט די משפחות, וואָס מען האָט געוואוסט, אַז זיי האָבען קינדער אין „בונד" אָדער אין אַנדערע קרובה׳שע צום „בונד" אינסטיטוציעס. אויף אַ זיצונג פון שטאָטראָט איז טאַקע דער פאַרשטייער פון „בונד", וואו עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרען די דיסקרימינאַציע־פאַקטען, אַרויסגעטראָטען מיט אַ פּראָטעסט. דער פאַרשטייער דוד גייער האָט דערקלערט:

> ...מיר ווייסען אייערע געפילען, פאַרוואָס איר האָט ניט צוגעלאָזט קיין בונדישען פאַרשטייער אין דער קאָמיסיע פון פאַנאַנדערטיילען די הילף פאַר דער נויט־ליידענדיגער באַפעל־קערונג. עס איז אייער נקמה ווייל דאָס האָט דער „בונד" אַרויפגעצוואונגען די אַקציע, וואָס איז צום ערשטען מאָל

אין דער געשיכטע פון טאָמאַשאָווער שטאָטראַט. שוין ביי דער
ערשטער רעאַליזירונג פון דעם בונדישען פאָרשלאַג האָט דער
פרעזעס פון דער קאָמיסיע באַוויזען איינצוטונקען די פינגער
אין קוילן־שטויב און זיי זענען אַרויסגעקומען שוואַרץ...״

איך האָב עס געזאָגט אין סימבאָלישען זין, גאַרניט געהאַט אין געדאַנק צו באַשולדיגען דעם פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע אין גניבה, אָבער די רעאַקציאָנערע מערהייט מיט׳ן ב״רגערמייסטער בראש האָבען אין דעם געזען אַ באַשולדיקונג אין גניבה און פאַרלאַנגט פון אונז מיר זאָלען צוריקציען דעם אויסדריק „איינגעטונקט די פינגער אין קוילן־שטויב״. הגם מיר האָבען דעם דאָזיגען פאָרזיצער, ווי דערמאָנט, ניט חושד געווען אין מיסברוכען האָבען מיר ניט געוואָלט צוריקציען דעם אויסדרוק און דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז די דערקלערונג זאָל אַריין אין פראָטאָקאָל, ווי זי איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען פון בונדישען פאָרשטייער.

גאַנצע דריי זיצונגען פון שטאָטראַט האָבען זיך פאַרנומען מיט דעם ענין און מיר האָבען ניט צוריקגעצויגען אונזער דערקלערונג. די פירער פון שטאָטראַט האָבען נאָך אַ באַראַטונג מיט׳ן סטאַראָסטאָ אויסגעשלאָסען דעם פאָרשטייער פון „בונד״ — דעם ראַטמאַן דוד גייער פון שטאָטראַט.

קעגען דעם דאָזיגען פאָרשלאַג האָבען חוץ די דריי ראַטמענער פון „בונד״ אויך געשטימט די פאָרשטייער פון פועלי־ציון און צוויי קריסטלעכע ראַטמענער. מיט אַ מערהייט האָט מען דעם ראַטמאַן דוד גייער אויסגעשלאָסען פון שטאָטראַט.

גראָד האָט זיך אין זעלביגען טאָג געפונען אין הויז פון איינעם פון די אידיש־בירגערליכע ראטמענער, יהושע פישעלזאָן, צוגאַסט דער סענאַטאָר פון דער פויערים־פאַרטיי זובאָוויטש, וועמען מען האָט איבערגעגעבען די דאָזיגע געשיכטע און דעם באַשלוס פון שטאָטראַט וועגען אויסשלוס פון פאָרשטייער פון „בונד״. דער סענאַטאָר האָט מיך גלייך פאַרבעטען און ער האָט ביי מיר גענומען אַ גענויעם באַריכט פון דעם ענין. ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט איבערנעמען דעם ענין אָן געצאָלט. אויב עס וועט דאַרפען וואָס קאָסטען געלט וועט ער, דער סענאַטאָר, אַליין דעקען. נאָך אַ באַראַטונג פון קאָמיטעט פון „בונד״ מיט דער בונדישער שטאָטראַט־פראַקציע האָבען מיר איבערגעגעבען דעם ענין צום סענאַטאָר.

אַ גאַנץ יאָר האָט דער ענין געדויערט. עס איז דערגאַנגען צום וואָיעוואָדע אין לובלין און אין סיים. אין משך פון דער צייט האָט די בונדישע פראַקציע, ווי אַ געשלאָסענע, אַלס פראָטעסט, זיך ניט באַטייליגט אין די אַרבעטען פון שטאָטראַט. ווען עס פלעגט אַרויסגעשיקט ווערען די איינלאַדונג צו די זיצונגען, פלעגען מיר באַשטעטיגען, אַז אַזאַ איינלאַדונג

האָבען מיר באַקומען אָבער מיר ווערען ווי אַ פּראָטעסט ניט קומען און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל דעם ענטפער ביילייגען צום פּראָטאָקאָל, כדי עס זאָל ניט הייסען, אַז מיר באַזוכען ניט סתם די זיצונגען.

דער סוף איז געווען, אַז דער וואָיעוואָדישער געריכט האָט אַרויסגע־טראָגען אַן אורטייל, אַז דער גאַנצער שטאָטראַט האָט געהאַנדעלט ניט געזעצלעך און דער שטאָטראַט ווערט אויפגעפאָדערט צוריקצושטעלען אין זיין רעכט דעם פאָרשטייער פון „בונד" — דוד גייער. צו דער זיצונג ווען מען האָט צוריק פאַרבעטען דעם חבר גייער צו די זיצונגען פון שטאָטראַט איז געקומען די גאַנצע בונדישע פראַקציע. דער זאַל פון סיימיק איז געווען פול מיט זייטיגע ווי קיינמאָל נישט. נאָכן דורכלייענען דעם אורטייל פון וואָיעוואָדע, אַז דער שטאָטראַט האָט געהאַנדעלט אומגעזעצלעך האָט דער גרויסער עולם עס אויפגענומען מיט שטורמישען אַפּלויז. עס איז געווען אַ זעלטענער דערפאָלג קעגען דער רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישער מערהייט פון שטאָטראַט.

נאָך דעם ווי דער וואָיעוואָדישער אורטייל האָט אַנולירט דעם באַשלוס פון שטאָטראַט וועגען אויסשלוס פון דעם בונדישען ראַטמאַן און די בונדישע פראַקציע איז צוריקגעקומען אין שטאָטראַט, זענען מיר אַרויסגעטרעטען קעגען דעם אופן ווי דער פּרעזעס פון דער „אָפּיעקא ספּאָלעטשנא" דער אַפּטייקער פראַנק, אַן „ענדעק", טיילט אויס רעצעפּטען, וואָס באַשטימט פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג. ער פלעגט פּשוט איגנאָרירען די באַדערפטיגע אָרעמע באַפעלקערונג. אויף דער זיצונג פון שטאָטראַט איז טאַקע אויסגעוויילט געוואָרען דער פאָרשטייער פון „בונד" (דוד גייער) ווי דער פאַרטרעטער אין דער קאָמיסיע מיט דער פולמאַכט אונטערצושרייבען די רעצעפּטען ווי אויך אַרויסגעבען הילף צו דער נויטליידענדיגער שטאָטישער באַפעלקערונג.

איך האָב פון דער טעטיגקייט פון „בונד" אין שטאָטראַט געבראַכט נאָר 1 ביישפּיל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר טאָמאַשאָוו.

## דער בונד העלפט אָרגאַניזירען די פּוילישע ארבעטער

איינע פון די ערשטער און וויכטיגסטע אַרבעטען פון „בונד" איז געווען צו אָרגאַניזירען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די אידישע אַרבעטער. אָבער ניט נאָר די אידישע אַרבעטער האָבען געוואוסט דעם אַדרעס פון „בונד". עס האָבען זיך אויך צום „בונד" געוואָנדען די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען געווען אין דער שטאָט און אין דער נאָענטער סביבה, ווי טאַרטאַק־אַרבעטער, וועג־אַרבעטער אויפ'ן שאָסיי און ברוקירער. זיי פלעגען דורכפירען שטרייקען און קומען צום דעם „בונד" זיך באַראַטען. אַזוי איז אין יאָר 1921 דורכגעפירט געוואָרען אַ שטרייק פון די טאַרטאַק־אַרבעטער אין

טאַרנאָוואָטקע, וואו עס איז ניט געווען קיין איין אידישער באַשעפטיגטער. דאָן האָט זיך דער „בונד" אַראַנזשירט אין שטרייק, עס זענען טאַקע אַרעס־טירט געוואָרען צוויי ברידער אָנפירערס פון שטרייק.

געווען נאָך אַ טעם, וואָס האָט אונז דיקטירט צו אָרגאַניזירען דער פוילישער אַרבעטערשאַפט. די פאַרשאַרפטע אַנטיסעמיטישע העצע און פּראַקטיק האָט אונז געצוואונגען צו געפינען פאַרשטענדיקונג און פאַרבינדונג מיט דער

**אגרופע פארוואלטונגס מיטגלידער פון פראפעסיאנעלן פעראיין**



**עס שטייען פון רעכטס:** נתן גרינער, העכט, מאשקע צימענט; **עס זיצן:** שיראטא, יהודא ווינדער, לאהטשע שאר, **און** יעקל האבער

פוילישער גאַס, וואָס וואָלט אונז געשיצט אין צייטען פון עקסצעסען. מיר האָבען דעריבער, באַטראַכטענדיג די לאַגע באַשלאָסען צו העלפען דער פוילישער אַרבעטערשאַפט צו גרינדען אַן אָרגאַניזאַציע פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

מיר האָבען זיך פאַרבונדען מיט אַ ריי פוילישע אַרבעטער. אין אונזערע לאָקאַלען האָבען זיי געהאַט זייערע ערשטע פאַרזאַמלונגען. עס האָט זיך געשאַפען אַ געזונטער קערן פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט טאַקע געאַרבעט צווישען די פוילישע אַרבעטער. מיר האָבען דורך די חברים פון „בונד" אין זאַמאָשטש זיך פאַרבונדען מיט׳ן פוילישען אַדוואָקאַט שוויאָנטקאָווסקי וועלכער איז געווען דער פּ. פּ. ס׳ישער דעפּוטאַט פון זאַמאָשטשער קרייז אין סיים. עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ גוטע באַוועגונג, וואָס האָט טאַקע אין מאָמענטען פון פאַרשאַרפטע אַקציעס קעגען די אידען געגעבען אַ געהעריגע זיכערקייט.

דער טאָמאַשאָווער סטאַראָסטע האָט געפּרואווט די אַקציע צו צעשטערן. ער האָט גענומען אַרויסרופען צו זיך געוויסע טוער פון דער פוילישער באַוועגונג, טייל געפּרואווט איבערקויפען מיט פּאָסטנס, אַנדערע מיט אַנדערע צוזאָגען — דער עיקר האָט ער זיי „גע׳מוסר׳ט" פאַרוואָס זיי חבר׳ען זיך מיט די זשידעס... ניט געקוקט אויף דעם איז דאָך אין טאָמאַשאָוו און נאָענטען ראַיאָן געבליבען אַ געזונטער קערן פון אַ פויליש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרען דורך דער מיטאַרבעט פון „בונד".

## ברייט־פאַרצווייגטע מאסן־ארבעט

מיר האָבען פריער דערמאָנט די ביבליאָטעק, דעם שטאָטראַט, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ טייל פון דער טעטיגקייט פון „בונד". דער טאָמאַשאָווער „בונד" פלעגט זיך באַטייליגען אין אַלגעמיינע אַקציעס פון דער באַוועגונג פון לאַנד. ביי סיים וואַלן, פּראָ־טעסט־קאַמפּאַניעס, קאַמף קעגען אַנטיסעמיטיזם, און דאָס גלייכן.

עס פלעגען זיין טראַדיציאָנעלע אונטערנעמונגען, וואָס זענען דורכ׳ן „בונד" אָפּגעהיט געוואָרען, ווי די ערשטע־מאַי־פייערונגען — דורך דעמאָנ־סטראַציעס, אָדער אַקאַדעמיעס, יובל־פייערונגען פון „בונד" וכדומה.

אַ גאַר וויכטיגען אָרט האָט פאַרנומען די עפענטלעכע אויפקלערונג. חוץ די טעטיגקייט פון דער ביבליאָטעק פון אַרויסגעבען ביכער איז דער לאָקאַל געווען אַן אָרט פון אָפטע אונטערנעמונגען, רעפעראַטען, לעקציעס, קעסטל־אָווענטען. עס האָט עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז פון אָרטיגע כוחות, אָדער די אָרגאַניזאַציע איז געווען דער אַדרעס פאַר פאַרשידענע אידישע טעאַטער־טרופּעס פּראָפעסיאָנעלע פון דער פרעמד.

אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט האָבען פאַרנומען די באַזוכען פון לעקטאָרען פון דער פרעמד. ניט געווען קיין יאָר ווען קיין טאָמאַשאָוו זאָלען ניט קומען רעדנער, וואָס דער „בונד" האָט געשיקט פון צענטער אויף פאַרשידענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטור־ליטעראַרישע טעמעס. די דאָזיגע אונטערנעמונגען זענען ניט געווען פאַר די בונדיסטען אַליין און זייער סביבה. עס איז גאַנץ שטאָט געגאַנגען הערען די בונדישע רעדנער, וועלכע האָבען געהאַט אַ שם אין פוילען. עס זענען געקומען אַפילו קעגנער פון „בונד" צו די דאָזיגע רעפעראַטען.

אין דער אַרבעט האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָליע די פּאַרטיי־פּרעסע. דאָס פאַרשפּרייטען די „פּאָלקסצייטונג" — אָרגאַן פון „בונד" און יוגענט־וועקער" אָרגאַן פון דער בונדישער יוגענט אָרגאַניזאַציע יוגענט־בונד „צו־קונפט" איז געווען פאַר די בונדיסטען אַ גרויסער חוב. עס פלעגען פון צייט צו צייט דורכגעפירט ווערן „פּרעסע־טעג" ווען די בונדישע פּרעסע פלעגט פאַרקויפט ווערן צו גאָר ברייטערע קרייזען. דאָס האָט געהערט צו דער קולטור־פּראָפּאַגאנדיסטישער טעטיגקייט.

## יוגענט און קינדער־באַוועגונג

צו דער וויכטיגסטער טעטיגקייט האָט דער „בונד" באַטראַכט די אַרבעט צווישען דעם אונטערוואַקסענדיגען דור. מיר האָבען ביי אונז געהאַט אַ גאָר גוטע אָרגאַניזאַציע פון יוגענט־בונד „צוקונפט" און פון דער קינדער־אָרגאַ־ניזאַציע „סקיפ" (סאָציאַליסטישער קינדער פאַרבאַנד"). די אַרבעט איז דאָרטען געפירט געוואָרען אויף „קרייזן" — צוגעפּאַסט צו דער עלטער און אַנטוויקלונג־ניוואָ פון די מיטגלידער. די קרייזן האָבען געטראָגען די נעמען פון די בונדישע פירער. מיר האָבען געהאַט אין טאָמאַשאָוו די קרייזן אויף די נעמען פון מיכאלעוויטש, מעדעם, גראָסער, בערנשטאָק, ארקאדי, ליטוואק און אַנדערע מיט די קרייזן האָבען אָנגעפירט רעפערענטען, דערציִיגענע אין דער באַוועגונג גופא. חוץ די קרייז־אַרבעט האָט זיך די יוגענט פאַרנומען מיט אויספלוגען, ספּאָרט, געזאַנג. אַ גאָר וויכטיגער טייל פון דער אַרבעט זענען געווען די „צוזאַמענפליען", וואָס פלעגען פאָרקומען אין די זומער־חדשים, ווען עס פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען די יוגענטליכע פון גאַנצע ראַיאָנען. איינער אַזאַ „צוזאַמענפלי" איז פאַרגעקומען אין טאָמאַשאָוו סוף אויגוסט 1932, אויף וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט עטליכע הונדערט יוגענטליכע פון די אַרומיגע שטעטלעך: זאַמאָשטש, שעבערשין, טוראָבין, קרילאָוו, קאָמאראוו, טישאָווצע, ראַווערוסקע און אַנדערע.

דער אוניפאָרם פון דער בונדישער יוגענט איז געווען בלויע בלוזעס און רויטע בינדעס. מען האָט טאַקע אין יום־טוב־טעג געקאָנט טרעפען אין טאָמאַשאָוו אַ גאָר היפּשע צאָל יוגענטליכע אין דער דאָזיגער אוניפאָרם.

## קעגנזייטיגע באַציאונג אין דער אידישער סביבה

קלאָר, אַז דער „בונד" האָט געהאַט קעגנער אין דער אידישער סביבה. עס פלעגן פאָרקומען אָפטע דיסקוסיעס, וויכוחים מיט ציוניסטישע און קאָמוניסטישע גרופּן. עס איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ קאַמף פון דעם פרומען טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכער האָט אין „בונד" געזען דאָס אַראָפּגיין און אַראָפּפירען אַנדערע פון דרך־הישר פון אידישקייט. אָפטמאָל זענען די וויכוחים געווען גאָר שאַרפע, עס פלעגט דערגיין צו גאָר ערנסטע צוזאַמענשטויסען. יעדער צד האָט געהאַלטען מיט זיין אמת, אַז ער האָט דעם ריכטיגען וועג. שטעל איך זיך ניט אָפּ אויף די באַזונדערע פאַלען, פאַר דער געשיכטע דאַרף עס אָבער געזאָגט ווערען. דער סוף־פּסוק פון אַלץ איז דאָך געווען וואָס דער שונא, דער נאַצי־מערדער האָט ביים פאַרטיליקען די אידען נישט נאָכגעקוקט די פאַרטייאישע איבערצייגונג פון יחיד, נאָר האָט דעם כלל געפירט צו דער פאַרטיליקונג.

## די קאָמיטעטען פון "בונד"

צו די קאָמיטעטען פון „בונד" אין פאַרשידענע צייטען האָבען געהערט אין טאָמאַשאָוו די ווייטערדיגע חברים: נחום שולדינער, לייביש קאַפּענבוים, קאָפּל שפּיזאייזן, פעלטיק לעדערקרעמער, יעקב־שיע גראָמאַן, עזריאל צאַן, יוסף מעלדונג, לייבל שערער, שבח קאָרנוואָרצל, דוד גייער, שמעון לעדער און יצחק זיגעלבוים.

עס זענען צווישען די לעבעדיגע: לייבל שערער (מדינת ישראל), דוד גייער (אַמעריקע), שמעון לעדער (טשילע), יצחק זיגעלבוים (אַרגענטינע), עזריאל צאַן (ישראל), יוסף מעלדונג (אורוגוואי), שבח קאָרנוואָרצל איז גע־שטאָרבען אין אורגוואי — די אַנדערע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

## א גאלעריע פון די בונדישע טוער אין טאָמאשאָוו־לובעלסק

איך האַלט פאַר מיין חוב ווייטער צו ברענגען (אין סדר פון אלף־בית) ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן עטליכע פון די אַקטיווע טוער פון „בונד" אין טאָמאַשאָוו, וועלכע זענען שוין ניט צווישען די לעבעדיגע. טייל זענען פאַרבייוועגס פריער דערמאָנט געוואָרען. זאָלן די ווייטערדיגע שורות זיין אַ צושטייער צום זכר פון די, וואָס זענען אומגעקומען און אויך אַביישטייער צו דער געשיכטע פון אונזער שטאָט, וואו די דאָזיגע יחידים זענען אויסגע־וואָקסען און געדינט אויף זייער אופן דער אידישער פאָלקסמאַסע.

# 5 וואל-קאמיטעט פון „בונד" אין טאמאשאוו לוב. 5

## צו דער גאנצער יידישער ארבעטערשאפט און ארעמער באפעלקערונג אין טאמאשאוו לוב.

**זונטיק דעם 3-טן יולי דארפט איר אויסקלייבן אייערע פארשטייער, וועלכע וועלן אין אייער נאמען אנפירן מיט דער שטאט-ווירטשאפט.**

פון אייער אויסוואל וועט זיין אפהענגיק צי די ד.ה. וועלן האבן די קהלשע פארזארגער, וועמענס די גאנצע געזעלשאפטלעכע ארבעט איז א פאראט בנינע דער ארבעטנדיקער יידישער באפעלקערונג, אדער די פארשטייער פון די יידישע ארבעטער דער „בונד", וועלכער פירט אין די שטאט-ראטן א קאמף פאר די נערעכטע פאדערונגען פון די ארבעטער מאסן:

פאר באפרייען דעם ארבעטס-מענטש פון שטאט. שטייערן און ארויפלייגן זיי אויף די באזיצנדיקע קלאסן,

פאר אומזיסטע מעדיצינישע הילף פאר דער אריטער שטאטישער באפעלקערונג,

פאר לינדערן דעם מאנגל פון דירות דורך בויען ביליקע שטאטישע דירות.

א גרויסע פלאג איז איצט פאר דעם ארבעטס-מענטש די ארבעטסלאזיקייט, דעריבער פאדערן די סאציאליסטישע ראטמענער פון די שטאט ראטן וואס מער עפנטלעכע ארבעטן. דער פארשטייער פונם יידישן ארבעטער דער „בונד" פירט דערביי א אומדערמידלעכן קאמף פאר רעכט אויף ארבעט ד.ה. אז דער יידישער ארבעטער זאל צוגעלאזט ווערן צו אלע עפנטלעכע און שטאטישע ארבעטן, פאר צונעמען יידישע אנגעשטעלטע אין די קאמונאלע אינסטיטוציעס כדי די אריטע יידישע באפעלקערונג זאל זיך קענען פארשטענדיקן אויף יידיש.

**די יידישע ארבעטנדיקע מאסן נויטיקן זיך אין א יידיש וועלטלעכע שול און דעריבער פאדערט דער „בונד" אויסצוהאלטן אויפן חשבון פון שטאט-ראט די יידיש וועלטלעכע שולן צוגלייך מיט די אלגעמיינע פוילישע שולן.**

**חברים און פריינט!** סוועלן פאדערן פון אייך די שטימען די האנדווערקער, סאווייט, אז דאס זיינען די מענטשן וועלכע זיצן כיון היינטיקן טאג אין דער גמינה און הערן זיך נישט צו צו די נייטן פון דער יידישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג, און אלע גערעכטע פאדערונגען פון אונזער חבר שולדינער ווערן אפגעווארפן דורך דער שווארצער מערהייט פון דער גמינע צוזאמען מיט די שטימען פון די האנדווערקער, דעריבער קיין איין שטים נישט פאר די וועלף וואס ווילן זיך באהאלטן אונטער א שעפסענער פעל.

צו אייך וועלן זיך ווענדן די ציוניסטישע אגודה די אזוי גערופענע פועלי-ציון, וועלכע טרעטן ארויס אונטער דער ליסטע № 4 ווער זענען זיי? מיט וואס פאר א רעכט האבן זיי די העזה צו רעדן אין נאמען פון ארבעטער, דאס זענען דאך קינדער פון אונזער אפענע שונאים. זיי מוזן מיר פארטרייבן מיט נאך א גרעסערע פאראכטונג, ווייל זיי קומען צו אייך אונטער א היטער ארבעטער מאסקע. מיר ווייסן אבער זייערע כוונות, זיי ווילן צוברעכן ... האבן דורך שווערע מי געשאפן. א קלארן עגזעמפער האט די פארטיי באקומען פון דער ארבעטנדיקער ... פון ווארשע, לובלין, ווילנא און א גאנצע רייע אנדערע שטעט און שטעטלעך ביי די לעצטע ... האבן ... זיי האבן אפילו קיין איין ראטמאן נישט דורכגעפירט. דאס האט די פארשווינען ארייננעבראכט ... קענען „בונד" וועלן די יידישע ארבעטער האבן אנגעטרויט זייערע שטימען, אז זייער ... באשטייט אין גיסן שמוץ אויפן „בונד".




**ווילער און ווילערינס! קיין איין שטים טאר נישט ... ווערן פאר די רייכע און זאטע, ווי אויך נישט פאר דער ליסטע פון זייערע משרתים — די פ. צ. וועלכע האבן נישט קיין כוח צו ... קיין מוט צו שטארבן.**

איר אלע מענטשן פון ארבעט און שווערער פראצע מוזט אין טאג פון די וואל, שטימען נאר פאר אייערע אויסגעפרוווטע קעמפער, פאר דער א נציקער פארטיי אויף דער יידישער גאס, וועלכע קעמפט אומדערמידלעך פאר אייער אויסלייזונג און באפרייונג - פארן סאציאליזם.

## אלע ווי איינער פאר דער ליסטע פון „בונד"

## 5 No 5 פאר דער ליסטע 5

## יעקב־שיע גראָמאַן

יעקב־שיע גראַמאַן איז געבוירען געוואָרען ביי עלטערען שניידערס. ער איז אויך געווען אַ שניידער. גאָר יונג טרעט ער אַריין אין דער בונדישער באַוועגונג און דערגייט דערצו וואָס ער איז אין משך פון דער לעצטער צייט כסדר געווען, ביז זיין טויט, דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט פון „בונד". ער האָט דורכן וועג פון אַליין־בילדונג דערגאַנגען צו אַ גאָר הויכער ניוואָ פון אַנטוויק־לונג. ער איז געווען אַ גאָר שיינער רעדנער. ער האָט געהאַלטען רעפעראַטען אין דער בונדישער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אויפ'ן ערשטען שטאָק פון די שטאָטישע האַלעס. ער איז אויך געווען דער רעפערענט אויף די קרייזן פון יוגענט־בונד „צוקונפט" און „סקיפ". ער איז אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון נאָדל־אַרבעטער־פאַראיין. ער איז אין די דרייסיגער יאָרן געוואָרען קראַנק און איז געשיקט געוואָרען זיך קורירען אין וואַרשע. זיין קרענק איז ניט אויסגעהיילט געוואָרען. ער איז געקומען צוריק און קראַנקערהייט אָנטייל גענומען אין אַלע בונדישע טעטיגקייטען. ער איז געשטאָרבען אין טאָמאַשאָוו. די לוויה האָט דורכגעפירט דער „בונד", אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליגט אַ גאָר גרויסער עולם.

## מרדכי ווייסבערג

מ. ווייסבערג איז געבאָרען געוואָרען אין יאָר 1895 אין טאָמאַשאָוו. אין יאָר 1917 האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אין „בונד", וועמען ער איז געבליבען געטריי ביז זיין לעצטען לעבנס־טאָג.

ער איז גלייך געשטעלט געוואָרען אין דער אָנפירונג. ער באַטייליגט זיך ביי דער אָרגאַניזירונג פון די שטרייקן פון די אַרבעטער און איז דער יעניגער, וועלכער פירט די אונטערהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים. פאַר יעדען ערשטען מאַי ווערט ער שטענדיג אַרעסטירט. ער איז דער קאָרעספאָנדענט פון דער בונדישער „לובלינער שטימע". ער ווערט דעלעגירט צו די בונדישע צוזאַמענ־פאָרען ווי אַ דעלעגאַט פון דער טאָמאַשאָווער אָרגאַניזאַציע, אָדער פון לובלינער ראַיאָן.

מיר האָבען שוין פריער דערמאָנט, אַז אין די אָנהויב צוואַנציגער יאָרן, ווען עס ווערן דורכגעפירט אַרעסטען אין גאַנצען לובלינער ראַיאָן איז ווייס־בערג צווישען די קרבנות.

איך האָב דערמאָנט, אַז כדי צו העלפען אים מאַטעריעל האָבען מיר דאַן געשאַפען אַ דראַמאַטישען קרייז. איך וועל דאָ, לויט מיין זכרון, אויסרעכענען די מיטבאַטייליגטע אין דעם קרייז: 1) רפאל — פוליע — הויט; 2) מרים פרעגער־שערער; 3) חיים־מיכל האָרן; 4) פריידעלע רייכמאַן — מאיר בעערס; 5) מאָטיע בלאַנק: 6) באַלטשע בלאַנק; 7) שיינדל בלאַנק; 8) ווייגדער צוקער; 9) מינדל מייל־זיגעלבוים; 10)יוסף מעלדונג; 11) נחום שולדינער; 12) איטע

טייג. איך האָב זיך אויך באַטייליגט אין דער דאָזיגער דראַמאַטישער סעקציע, אמת ניט ווי אַ שפּילער. מיין אַרבעט איז געווען צונויפצוקלייבן די נויטיגע גאַרדעראָבע, דעם רעקוויזיט, באַזאָרגען דעם גרימירער און דערליידיגען אַלע פאָרמאַליטעטען ביי דער מאַכט און טאַקע זאָרגען, אַז די פּאָליציי זאָל צושטעלען „גוטע״ באַריכטען פאַר דער העכערער מאַכט.

אַגב דאַרף מען דאָ דערציילען ווי אַזוי מיר פלעגען זיך נוהג זיין, אַז די פּאָליציי זאָל צושטעלען די„גוטע״ ראַפּאָרטען. גאָר שווער איז געווען צו באַאַרבעטען דעם פּאָליציי סערזשאַנט ציעשאַק, אַ ווילדע באַשעפעניש, וועלכער האָט אויף זיין געוויסען געהאַט דאָס לעבען פון אַ נאַראָלער אידישען אינגעל וועלכען ער האָט דערשאָסען. דער דאָזיגער האָט עס געדאַרפט באַריכטען דעם סטאַראָסטאָ, אַז אויף דער פאָרשטעלונג האָט מען ניט אַרויסגעטראָטען קעגען דער פוילישער מאַכט... אַז אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. מיר פלעגען אים אַריינגעמען הינטער די קוליסען און מאַכען מיט אים אַ „לחיים״ ליב געהאַט האָט ער גאָר שטאַרק דעם ביטערען טראָפּען, ער פלעגט טרינקען ווי אַ פיש... נאָך יעדע פאָר גלעזלעך פלעגט ער אַנטשלאָפען ווערען און אַז ער פלעגט זיך אויפכאַפּען איז דאָס פלעשעל געווען גאָר נאָענט און ער האָט ווידער געמאַכט אַ כוסה... אַזוי איז עס געגאַנגען ביז נאָך דער פאָרשטעלונג. די באַריכטען זענען טאַקע געווען אויסגעצייכענטע.

רעזשיסאָר און סופלאָר איז געווען דער חבר נחום שולדינער, וועלכער איז אין יאָר 1927, אויסגעוויילט געוואָרען ווי אַ ראַטמאַן פון „בונד״.

מרדכי וויסבערג איז די לעצטע יאָרען געווען אין אַרגענטינע, גאָר אַקטיוו אין דער אידישער באַוועגונג, געשטאָרבען אין 1963.

## שלמה ליבער

ער איז געווען אַ קינד פון גאָר אָרעמע עלטערען. זיין פאָטער איז געווען אַ תלמוד־תורה מלמד, וואָס האָט אָבער פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע. אַרויסגעהאָלפען אין דער פרנסה האָט זיין מוטער, וועלכע איז געווען באַקאַנט מיט׳ן נאָמען „שפּרינצעלע די שדכנ׳טע״. אָבער פון דעם אַלעמען איז נאָך אַלץ געווען קאַרג אויף לעבען.

שלמה ליבער איז גאָר יונג אַריין אין דער בונדישער באַוועגונג. באַזונדער געווען טעטיג אין דער בונדישער יוגענט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״. לויט זיינע יאָרען האָט ער זייער פרי חתונה געהאַט און געוואוינט אין וואַרשע, וואו ער איז געווען באַשעפטיגט ביי הויז־מאַלעריי. ער האָט געפירט אַ שווער לעבען. געווען אַ טרייער מיטגליד אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״. ער איז נאָך דעם אין לעמבערג. ווען עס ברעכט אויס דער בירגער־קריג אין שפּאַניע לאָזט ער איבער זיין פרוי און קינד, אַ אינגעלע

און גייט אומלעגאַל אַוועק קיין שפּאַניע און קעמפט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. אין איינער פון די שווערע קאַמפן אויפ'ן בארצעלאָנער פראָנט פאַלט ער פון די פאַשיסטישע קוילן.

זיין אינגעלע איז אַריינגענומען געוואָרען אין דער בונדישער מעדעם־סאנאטאָריע אין מיעדזשעשין, וואו ער איז דערצויגען געוואָרען.

## פעלטיק לעדערקרעמער

פעלטיק לעדערקרעמער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ אידיש־באַלעבאַטישער משפחה. אין טאָמאַשאָוו איז ער צום „בונד" געקומען פון דער לובלינער גימנאַזיע. לעבענדיג דאָרטען האָט ער פאַרקערט אין די בונדיש־סטודענטישע קרייזן און אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער באַוועגונג. ביי אונז האָט שוין פעלטיק געטראָפען אַ גוטע בונדישע אָרגאַניזאַציע און אַ ברייט פעלד פאַר טעטיגקייט. מיר האָבען אים אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס, ווייל מיר האָבען זיך גענייטיגט אין אינטעליגענטע כוחות. ער האָט אונז טאַקע געהאָלפען ביים איינאָרדענען די אָוונט־קורסן, וואו מיר האָבען געלערנט צוויי מאָל אין דער וואָך. ער איז געווען דער באַראטער ביים אויסשרייבען די נויטיגע ביכער. אויך האָט ער פאַר אונז געשריבען אַלע נויטיגע דאָקומענטען, ביטעס צו דער מאַכט וועגען פאָרלעזונגען און דאָס גלייכען. אמת, מיר פלעגען די ביטעס איבערשרייבען. זיין פאָטער איז געווען א קהילה־דאַזאָר נאָך פון די אַלטע צאַרישע צייטען און מיר האָבען ניט געוואָלט אַז דער יונגער פעלטיק זאָל האָבען משפחה־עגמת־נפש'ן...

ווען דער „בונד" האָט אין יאָר 1927 דורכגעפירט 3 ראטמענער אין שטאָטראַט באַמיען מיר זיך, אַז ער זאָל ווערען אַ באַאַמטער אין שטאָטראַט, וואו ער האָט געאַרבעט פאַר אַ לענגערער צייט, נאכהער אַרבעט ער אין מלוכה'שען פינאַנץ־אַמט (אוזשאָנד סקאַרבאָווא). אין סעפּטעמבער 1939 ווען די שטאָט ווערט באָמבאַרדירט פון די דייטשען ווערט ער שווער פאַרוואונדעט אין אַ פוס. ניט געקוקט אויף זיין שווערען צושטאַנד אַנטלויפט ער אויף מזרח, צום סאָוועטיש־אָקופּירטען טייל פון פוילען. ער נעמט אַ סאָוועטישען פּאַספּאָרט און פאָרט אַוועק, ווי דאָס איז געווען די אינסטרוקציע, צו וואוינען אין אַ שטאָט ווייט 200 קילאָמעטער פון דער גרענעץ. ווען די דייטשען ברעכען דעם אָפּמאַך מיט די סאָוועטען און זיי באַפאַלען רוסלאַנד פאַלט פעלטיק לעדער־קרעמער אַריין צו די נאַציס און טיילט דעם גורל פון אַלע אידען.

## לייביש קאפענבוים

ל. קאפענבוים איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1897 ביי עלטערען בעלי־מלאכות. דער פאָטער איז געווען אַ סטאָלער און די מוטער אַ צוקער־

בעקערין. קיין פּרנסה האָט ניט געפעלט, הגם זיי זענען קיין גבירים ניט געווען. שטאַמענדיג פון דורות סטאָלערס איז אויך לייביש געוואָרען אַ סטאָלער און טאַקע געהערט צו די בעסטע פאַכלייט.

צום „בונד" איז ער צוגעשטאַנען ווען די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פאַרצוויגטע. ווען דער „בונד" איז אין יאָר 1927 געגאַנגען צו די וואַלן צום שטאָטראַט האָבען מיר געפונען פאַר נויטיק אַרויסצושטעלען אים פאַר אַ קאַנדידאַט אויף דער ליסטע און ער איז טאַקע אויסגעוויילט געוואָרען ווי דער דריטער בונדישער קאַנדידאַט צום שטאָטראַט. ער איז טאַקע געווען דער אינגסטער פון די שטאָטראַטמאַנער. ווי אַ ראטמאַן איז ער געווען דער ריכטיגער רעפּרעזענטאַנט און געטריי אויסגעפילט די שליחות'ן פון „בונד".

ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה אַנטלויפט ער, ווי די מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, און קומט קיין ראווא־רוסקע, וואוהין עס איז אַריין די רויטע אַרמיי. די סאָוועטישע מאַכט צווינגט די פּליטים צו ווערען סאָוויעטישע בירגער די מערהייט זאָגט זיך אָבער דערפון אָפּ, צווישען זיי אונזער חבר לייביש. צוזאַמען מיט אַלעמען ווערט ער טאַקע אַרויסגעשיקט קיין סיביר אויף קאטאָרזשנע אַרבעט. ער האָט געאַרבעט אין וואַלד ביי די שווערסטע קלימאַטישע און אוממענטשלעכע באַדינגונגען. ער איז טאַקע דאָרטען געפאַלען אַ קרבן, געשטאָרבען פון הונגער און קעלט. פון וואַלד האָב איך, אין מיין פאַרשיקונג־אָרט, פון אים באַקומען נאָר איין פּאָסט־קאַרטל. צווישען אַנדערע האָט ער דאָרטען אַריינגעשריבען אַזאַ מין פילדייטיקע שורה: — „דוד, וואָס זאָגסטו עפּעס צו אָט די וואַלד־גזלנים?"...

## שבח קאָרנוואָרצל

ש. קאָרנוואָרצל איז געבוירען געוואָרען אין טאָמאַשאָוו־לוב. ביי זייער אָרעמע עלטערען. דער פאָטער אַ פודעלעך־מאַכער איז געווען גאָר קראַנק אָבער געמוזט אַרבעטען כדי אויסצוהאַלטען די גאָר צאָלרייכע משפחה פון זיבען נפשות. שבח'ן איז אויסגעקומען צו גיין זייער פרי אַרבעטען כדי אַרויסצוהעלפען דעם פאָטער אין דער פּרנסה. שפּעטער ווערט ער דער גאַנצער פּרנסה־געבער, ווייל דער פאָטער שטאַרבט יונג און פאַר'יתומ'ט אַ גרויסע משפחה.. ער אַרבעט ווי אַ סטאָלער. ער שליסט זיך אָן גאָר יונג אין דער בונדישער באַוועגונג. צוזאַמען מיט יוסף מעלדונג פירט ער אָן מיט דער בונדישער ביבליאָטעק. פאַרנעמט כסדר וויכטיגע אַמטען אין קאָמיטעט פון „בונד", בעיקר איז ער דער פּאַרטיי סעקרעטאַר און דער פּרעסע־קאָמיסאַר. אין יאָר 1931 עמיגרירט ער קיין אורגוואַי. אויך דאָרטען איז ער גאָר אַקטיוו, איז אין דער אָנפירונג פון דער אָרטיגער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער ווערט קראַנק אויף קאַנסער און שטאַרבט אין יונגען עלטער, ער פאַר'יתומ'ט אַ פרוי און 2 קינדער.

## נחום שולדינער

ב. שולדינער איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1892 אין טאָמאַשאָוו־לוב. זיין פאָטער איז געווען אַ גמרא־מלמד. הגם ער האָט די קינדער, 4 זין און 2 טעכטער געגעבען אַ רעליגיעזע דערציאונג האָט ער זיי אויך דערמעגלעכט צו לערנען וועלטלעכע לימודים. דער איינציגער זון, וואָס איז אַוועק אין דער פרעמד איז געווען נחום, ער איז אַוועקגעפאָרען קיין וואַרשע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זיך געלערענט אַ פאַך — מאַלעריי. ער האָט זייער שווער



נחום שולדינער, זיין זון משהלע, אין זיין ברודערס צוויי מיידלעך פון הרוביעשאוו

געאַרבעט פאַר פרנסה. ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה קומט נחום צוריק קיין טאָמאַשאָוו. דער הונגער צווינגט אים אָנצונעמען אַ שטעלע פון אַ סאַניטאַר אין שטאָטישען שפיטאָל. ער אַרבעט אין דער דיזענפעקציע־אָפּטיילונג און ער פאָרט אַרום איבער די וואוינונגען פון די טיפוס־קראַנקע, וואָס זענען אַריינגענומען געוואָרען אין שפיטאָל כדי דאָרטען דורכצופירען די דיזענפעקציעס. ער ווערט אַליין אָנגעשטעקט מיט טיפוס און ווערט אַריינגענומען אין זעלביגען שפיטאָל, וואו ער ליגט לאַנגע וואָכען. ער קומט אַרויס אַן אָפּגעשוואַכטער, אַ צעבראָכענער אָבער ער מוז ווידער זיך שטעלען

אַרבעטען. ער האָט חתונה מיט דער חבר'טע מאַלע זיגעלבוים זי איז אַ שניידערין. מען מאַטערט אויס פּרנסה.

ער טרעט אַריין אין „בונד" און ווערט איינער פון די אָנפירער. ער איז דער ערשטער קאַנדידאַט פון „בונד" צום שטאָט־ראַט בעת די וואַלען אין יאָר 1927. ער פאַרטרעט מיט ווירדע די אינטערעסען פון די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסען אין שטאָטראַט. ער איז אויך דער פאָרשטייער פון „בונד" אין דער אידישער קהילה. ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה ווערט ער פאַרוואָגעלט ווי אַ פּליט קיין ראַוווע־רוסקע. די שטאָט איז פול מיט פּליטים און ער באַשליסט אַריבערפאָרען טיפער אין לאַנד. צוזאַמען מיט זיין משפּחה וואַנדערט ער איבער קיין וויניצע, פּאָדאָליע. דאָרטען גרייכט אים אָבער אויך די נאַצישע מערדער־האַנט — צוזאַמען מיט אַלע אידען קומט ער אום מיט זיין פרוי און איין טאָכטער.

## קאָפּל שפּיזאייזן

לויט אונזערע היימישע באַגריפען איז קאָפּל צו אונז געקומען אין „בונד" פון אַ „בורזשואזע" משפּחה, זיין פאָטער איז געווען אַ וואַלד־סוחר, פאַרמאָגט אַן אייגען הויז מיט אַ פיינעם פרוכט־גאָרטען. דער „בונד" האָט אָבער אויף דעם דאָזיגען משפּחה־פּגם ניט געקוקט, אָבער דערפאַר האָט ער טאָקע געהאַט אויסצושטיין אויסזעצונגען פון זיינע עלטערען און פון זיין „באַלעבאַטישער" סביבה, וועלכע האָבען אים פאָרגעוואָרפען דאָס חבר'ן זיך מיט די שניידערס און שוסטערס... ער האָט סטאַביל מיטגעאַרבעט מיט דער אָרגאַניזאַציע און מיר האָבען אים אָנפאַרטרויט צו דערציען אונזער יוגענט ווי אַ רעפערנעט אויף אַ טייל פון די „צוקונפט"—קרייזן.

אַגב איז ער ניט געווען דער איינציגער „בונדישער פּסול" אין דער משפּחה. זיינע פעטערס, דעם פאָטערס ברידער, זענען געווען גאַר אַקטיווע בונדישע טוערס אין דער שכנות'דיגער שטאָט זאַמאַשטש.

געקומען איז ער אין „בונד" שוין אַ דערוואַקסענער, נאָכן דורכמאַכען דאָס מיליטער־דינסט. דאָך האָט ער מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבענ־קייט און טריישאַפט געדינט דער באַוועגונג. ער האָט זיך פאַר'ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַריבערגעצויגען קיין לודמיר, וואו ער האָט חתונה געהאַט. אויך דאָרטען האָט ער אָנגעהאַלטען זיין אָנגעהעריגקייט צום „בונד".

ער און זיין משפּחה זענען פאַרטיליגט געוואָרען דורך די נאַצישע מערדערס. איין טאָכטער האָט באַוויזען זיך צו ראַטעווען און געפינט זיך אין קאַנאַדע.

* * *

איך האָב דאָ דערמאָנט נאָר געציילטע פון דעם בונדישען אַקטיוו, נאָר די יעניגע וואָס לעבען ניט. פאַרשידען איז געווען דער וועג זייערער אין דער אייביגקייט, די מערהייט האָט געטיילט דעם גורל פון די מיליאָנען פאַרטיליגטע ברידער און שוועסטער פון אידישען פאָלק. צוזאַמען מיט די יעניגע וועמענס נעמען מיר דערמאָנען יאָ און די וואָס זייער נאָמען ווערט ניט דערמאָנט, באַערען מיר זייער אָנדענק.





# הסתדרות „צעירי־המזרחי" בטומשוב

● **נחום רצימר,** תל אביב

ברצוני להביא בזה תואר על דבר יסודה והתפתחותה של תנועת „צעירי־מזרחי" בטומשוב לכל שלוחותיה, כגון: „החלוץ־המזרחי", „ברוריה" ו„השומר הדתי". אולם כדי להבהיר את הדברים על רקע ההתפתחיות, שנתהוו בימים הראשונים ליסודה, עלי להקדים סקירה קצרה על דבר ההתפתחות של התנועה הציונית בכלל ו„המזרחי" בפרט בימי מלחמת העולם הראשונה יתקופה קצרה לאחריה.

ובכן, עוד בעצם ימי מלחמת העולם הראשונה, עם יציאת הרוסים משטחה של פולניה וכניסתם של הגרמנים התחילה התנועה הציונית להתפשט במהירות מפתיעה. עד אשר כמעט לא נשארה בכל השטח אף עיר ועירה שלא נוסדה בה איזו שהיא אגודה ציונית. הסתדרות הציונית, שהתקיימה עד אז בסתר בעקבת משטר הדכוי של הצאַר הרוסי, שרוב שטחה של פולניה היה נתון תחת שלטונו, קבלה אז דחיפה חזקה להתארגנות מחדש ורוב העם, ביחוד בני הנוער, התיצב תחת דגלה.

אז התחילו להתארגן גם הרבה אגודות ציוניות של היהודים הדתיים בשם ה„מזרחי". ולמרות זה שהקו הרשמי של החרדים, ביחוד של החסידים היה בימים ההם נגד הרעיון הציוני, והיו גם הרבה מקרים שיצאו במלחמה גלויה נגד הציונות, — בכל זאת התעוררו, כאמור, הרבה מן היהודים הדתיים, ובתוכם הרבה מגדולי הרבנים ויסדו אגודות של „המזרחי", שאת יסודותיו הניחו גדולי ישראל עם הרב ריינס זצ"ל בראש, עוד בשנת תרס"ב, בוילנא.

בעירנו טומשוב נוסדה האגודה הראשונה של ה„מזרחי" בשנת תרע"ז, ובתוך שורותיה התארגנו אז זקנים וצעירים יחד. והיא התחילה מיד עם הוסדה לפתח פעילות ענפה בכל שטחי התנועה הציונית. — אולם מפאת השרפה הגדולה, שפרצה בטומשוב בקיץ תרע"ח, ושבה עלה בלהבות רוב העיר נפסקה העבודה לזמן קצר. עם קצה של המלחמה בסוף שנת תרע"ח ותקומתה של פולניה המשוחררת, נתחדשה שוב העבודה במלוא המרץ.

אבל אז כבר הרגישו הצעירים, כי בשבילם צרה המסגרת האחידה ביחד עם החברים הזקנים; ביחוד נוכחו לדעת שבשבילם בתור צעירים נועדו גם

תפקידים מיוחדים, מחוץ לאלה שיש להמזרחי בכלל ולשם הגשמתם היעילה יש צורך בארגון מיוחד של הצעירים. אז קמה אגודת „צעירי־מזרחי". הדבר נעשה כמובן במסגרת כל ארצית. — בעירנו טומשוב נוסדה אגודת „צעירי־מזרחי" בשנת תר"פ, שרכזה בתוכה את טובי הצעירים הדתיים בעיר, רובם מחובשי בית המדרש.

המארגן ויושב ראש הראשון שלה היה הח' נחום דב גלאז הי"ד. הוא בא אל התנועה כמובן גם כן מספסל בית־המדרש, אולם הוא היה כבר לפני זה חדור ברוח הציונית הדתית וידע כבר אז את השפה העברית על בוריה. בין חברי הועד הראשונים נמנו: שמואל גולדשטין ז"ל ויבדלו לחיים נחום רצימר, שמואל הונורוב ויוסף זינגר.

הפסקה קטנה בעבודה נגמרה שוב בזמן המלחמה של הפולנים עם הבולשביקים, אולם עם גמר הקרבות נתחדשה העבודה ביתר תנופה. כאן צריך להזכיר את הח' יעקב ארביספלד הי"ד, שהצטרף אז לתנועת „צעירי־המזרחי". הוא היה כח מארגן ממדרגה ראשונה ובמשך הזמן נעשה לעמוד התוך של תנועת ה„מזרחי" בטומשוב בכללתה עד לימים האחרונים שלפני מלחמת העולם השניה.

הס' צעירי המזרחי בטומשוב נחשבה בין החשובות במדינת פולין. לא היתה אף ועידה אחת של התנועה שלא לקחו חלק בה. עוד בשנת תרפ"א שלחו את בא־כחם לועידה הארצית הראשונה בורשה. היה זה הח' פנחס נויהויז, בנו של הרב ר' נחמן זצ"ל מטומשוב והוא גם נבחר אז להועד המרכזי. עם התגברות התנועה החלוצית היו צעירי המזרחי בטומשוב מהראשונים. שיסדו בשנת תרפ"ד את ה„חלוץ המזרחי", ומיד באותה שנה נוסדה על ידו בטומשוב „נגריה" והרבה מחבריו התמחו בה בעבודת הנגרות, וגם עלו אח"כ ארצה ועד היום הם חיים ממקצוע זה.

בשנת תרפ"ה נוסדה על ידי ה„חלוץ המזרחי" בעירנו חוה חקלאית בכפר מראַטין, שחברים מכל הסביבה קבלו בה את הכשרתם לעליה כמו כן נשלחו על ידו כמה חברים לשם הכשרה בחוה החקלאית המרכזית של החלוץ המזרחי בסקוצ'קובה", ביניהם הח"ח: משה פייער וישעי' גורזיצנסקי ז"ל ויבדל לחיים הח' שמואל וייסר.

בשנות תרפ"ה—תרפ"ז נתקיימו בטומשוב ועידות מחוזיות של כל ארגוני ה„חלוץ המזרחי" במחוז, בהשתתפותם של באי כח הועד המרכזי.

מלבד העבודה החלוצית פעלו הרבה בשדה החינוך והתרבות. נערכו שעורים לעברית, תנ"ך ותלמוד ועוד. עלינו להזכיר כאן במיוחד את הח' בצלאל בזק (ביז'ינסקי), כיום חבר המרכז העולמי של ה„מזרחי", ששהה

במשך זמן מה בטומשוב ועמד בראש התנועה. הוא הקדיש הרבה מזמנו וידיעותיו בעיקר להעבודה התרבותית ובכלל פעל הרבה להתחזקתה של התנועה בטומשוב.

השנים תרפ"ח תר"צ היו שנות שקט יחסי בתנועה הציונית והעבודה הצטמצמה בשנים אלה במדת מה. אבל החל משנת תרצ"א באו שוב שנות

**החלוץ המזרחי בטאמאשוב חול המועד פסח תרפ"ה**



**ערשטע רייע פון רעכטס אובען :** שמואל גאלדשטיין, ישראל אייזען, וואווע ניי **(האלט דעם פאן)**, משה פייער, יצחק האַכמאַן, אומבאַקאַנטער ; **צווייטע רייע :** לייבל לאכער, מאטעל טארעם, אומבאַקאַנטער, יוסיל טעפלער, אומבאַקאַנטער, בעריש פוטער **און** זיינוול פילמער ; **דריטע רייע :** חיים לאזאר, אומבאַקאַנטער, פייבל בלאנדער, הירש רייז, ווערטמאן, יוסיל זינגער **און** נחום בער גלאז ; **זיצענדיג :** שמחה הויט. פערל, נחום ראצימיר, ארי' ארביספעלד **און** שמואל האנאראוו

גאה. אז נכנסו לעבודה חברים חדשים, הרבה מאלה התחנכו כבר בביה"ס „יבנה". ביניהם האחים קוינשטוק ז"ל ויבדלו לחיים שבתאי וסרמן ועוד. — בראש התנועה עמד הח' שמואל וייסר, שהתפתחה אז במיוחד ורכזה בתוכה את רוב הנוער הדתי בעיר.

בזמן ההוא נוסדה גם אגודה של צעירות דתיות בשם „ברוריה", שהתפתחה יפה ולשורותיה הצטרפו כל פעם חברות חדשות. הרבה מהן, לאחרי שקבלו הכשרה מתאימה במוסדות ההכשרה של ה„פועל מזרחי" עלו אז ארצה ואפשר להפגש אתן בכל פנה בארץ.

מגומרי בית הספר יבנה נוסדה ג"כ הסתדרות ה„שומר הדתי", ששמה לה בעיקר למטרה להשתלם בלמודים במסגרת שעורי ערב ולפתח פעילות תרבותית וספורטיבית, המיוחדות לתנועת השומר הכללי, בעיקר היתה שאיפתם להמצא בתוך שורותיה של התנועה הדתית הלאומית.

בסוף רשימתי אני רואה לי לחובה להקדיש שורות אחדות לשבחו של איש אחד, אשר אם אמנם לא היה אף פעם חבר בהסתדרות „צעירי־מזרחי", הרי עבד כל הזמן במחיצתה והשפיע עליה השפעה מכרעת. מתכון אני בזה למר חיים יוסף לרר, שלפי דעתי אי אפשר בכלל לכתוב על פעולה מזרחית, איזו שהיא בטומשוב, מבלי להזכיר את שמו של ח. י. לרר. הוא הצטרף ל„המזרחי" בימים הראשונים להוסדו ומיד משך אליו את תשומת הלב הכללית בתוך התנועה, בהיותו אז אחד מצעירי בית המדרש המוכשרים ביותר ונבחר מיד למזכיר. כעבור זמן מה שמש כבר כיושב ראש בפועל ואח"כ נבחר ליו"ר, ובכהונה זו שמש עד הזמן האחרון. הוא הקדיש ל„המזרחי" כל כך הרבה זמן, כח ומרץ עד שקשה היה להבין מתי יש לו זמן לעניניו הפרטיים. בכלל היה הרוח החיה בכל התנועה כל זה שלא על מנת לקבל פרס, רק לטובת הרעיון, שאליו הוא מסור בכל נימי נפשו.

כיום הח' לרר חי בישראל והנהו המנהל בפועל של החברה להוצאת ספרים אל „המקורות". — עד היום הנהו אהוד מאד על כל מכיריו וחבריו מימים עברו וברכתם תלוה אותו תמיד.



# די אַנטשטייאונג פון קן השומר־הצעיר אין טאָמאַשאָוו לוב.

● דוד י. לעווענפוס

אין טאָמאַשאָוו לובעלסקי איז דער קן פון השומר הצעיר אָרגאַ־ניזירט געוואָרן זומער 1933. ווען עס איז געקומען אויף כיבוש אַ פלוגה פון קיבוץ בנתיב פון לובלין. דאָס איז געווען אַ קבוץ פון השומר הצעיר.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די אידישע קבוצניקעס אין אונזער שטאָט.

יונגע אידישע בחורים און בחורות זיינען געגאַנגען צו דער שווערס־טער אַרבעט אין טאַרטאַקן, ציגעלניעס, ווי אויך געגאַנגען האַקן האָלץ ביי בעלי־בתים פון שטאָט ווי אויך אין די אידישע בעקערייען. נישט איינמאָל פלעגן מיר מיטגיין העלפן טאָן די אַרבעטן, ווייל עס האָט זיי אויסגעפעלט אַרבעטס הענט. די אידן פלעגן קוקן אויף זיי מיט שטוינונג אַז אַזעלכע איידעלע יוגנט טוט אַזעלכע שווערע אַרבעט. אַ סך האָבן געקוקט אויף זיי מיט רחמנות. כאָטש עס זיינען שוין געווען אַ סך יוגנט פון אונזער שטאָט אויף הכשרה אין קבוצים. לויט איך געדענק, די ערשטע זיינען געווען החלוץ, החלוץ־הצעיר און פועלי מזרחי. און פיל האָבן שוין געהאַט עולה געווען קיין ישראל.

אין דעם זומער 1933 דורך דער איניציאַטיווע פון יוסף גאָלדמאַן (אומגעקומען דורך די נאַציס ימח שמם), בראַני קאַרפ (אומגעקומען דורך די נאַציס ימח שמם), ישראל צאַן (היינט אין ישראל), חנה לערנער (היינט אין ישראל), דוד יוסף לעווענפוס (היינט אין ניו יאָרק), פנחס ערליך (היינט אין אַרגענטינע), משה גורטלער (היינט אין ישראל), ווי אויך 3 חברים פון קיבוץ בנתיב אבראשי פינסקי, קן ציפור און דער ווייסער יעקב, האָבן מיר די ערשטע אויפגעשטעלט דעם קן פון השומר־הצעיר.

גלייך דעם ערשטן טאָג האָט עס געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטעטל ביי דער יוגנט. דער קן האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט אין משך פון עטלעכע מאָנאַטן. עס איז אָנגעפירט געוואָרן אַ פאַרצווייגטע קולטור־רעלע אַרבעט. עס זיינען שטענדיק באַהאַנדלט געוואָרן וויכטיקע אַקטועי־

לע פראַגן, ציוניסטישע ווי אויך סאָציאַלע, וואָס האָבן אָנגערירט דאָס אידישע און אַלגעמיינע לעבן אין יענער צייט.

אין משך פון אַ קורצער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן 3 קבוצות: קבוצת בוגרים, קבוצה א׳ און קבוצה ב׳.

מיר האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין קרן־קימת, קרן־היסוד ווי אויך אין דער ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל, ווי אויך מיט־



די פירערשאַפט פון השומר הצעיר און קיבוץ בוגרים

געהאָלפן פאַרשידענע ציוניסטישע אימפּרעזעס.

די אָרגאַניזאַציע פון השומר הצעיר האָט פאַרצוימט דעם וועג פון די קאָמוניסטן וואָס האָבן געלויערט אויף דער אידישער יוגנט. די יוגנט וואָס האָט געלערנט אין יבנה שול ווי אויך אין פובליק שול האָבן זייער אָרט געפונען זיך אויסצולעבן קולטורעל און געזעלשאַפטלעך אין קן פון השומר הצעיר.



קיבוץ בנתיים פון השומר הצעיר אין סאמאשאוו

ספּעציעלן אינטערעס האָט מען געלייגט אויף די חוגים פון עברית, אינטערעסאַנטע עונגי שבת, טיולים א. ד. ג. די גרויע „חולצה" און די „עניבה" האָט ספּעציעל צוגעגעבן חן דער יוגנט. די דערגענצונג אין דער אַרבעט איז געווען ווען מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קיבוץ „במעלה" אין פלאָנסק. דאָס האָט אויך צוגעגעבן וויכטיקייט אונזער קן. און 3 חברים זיינען באַשטעטיקט געוואָרן צו גיין אויף הכשרה.

דער קיבוץ ביי דער ארבייט



פון רעכטס : טאבטשע גאלדמאן, אומבאקאנטער, דוד יוסף לעווענפוס, הערבסמאן, בנימין הערינג, אומבאקאנטע, יוסיל גאלדמאן

# אַ קורצער איבערבליק פונעם „אַרבעטנדיקן ארץ ישראל" אין טאָמאַשאָוו

**• אשר הערבסמאַן**

מיטן אַנטשטיין פונ׳ם באַפרייטן פוילן אין יאָר 1918, איך נאָך אַלס ישיבה בחור מיט דער יאַנגער קאַפּאָטע, מיטן אידישן היטעלע שטייענדיק אויפן זאַמאָשצ׳ער שאָסיי, האָב דערזען ווי עס קומט אָן פון דערווייטנס אַ קליין מוזיק אָרקעסטער און נאָך זיי אַ קאָמפּאַניע זעלנער, פרעגנדיק ווער איז דאָס, האָט מען מיר געענטפערט דאָס איז „אידישע סקויטן" פון זאַמאָשטש, ד. ה. „השומר־הצעיר" ווי מען האָט זיי גערופן. דאָס האָט מיר זייער אימפּאָנירט אַז איך האָב דערהערט אַז מען גרינדעט ביי אונז אויך אַזעלכעס בין איך געווען צווישן די ערשטע וואָס בין געלאָפן זיך פאַרשרייבן, דאָס איז געווען ביי משה קארפער אין הויז.

קומענדיק אַריין מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע זיך צו פאַרשרייבן, האָבן זיי געפאָדערט אַן אונטערשריפט פון מיין פאָטער צי ער ערלויבט מיר דאָס (ווייל פאַר 18 יאָר האָט מען דעם אונטערשריפט געדאַרפט, און איך בין דעמאָלט אַלט געווען 14־15 יאָר). דערהערנדיק די בשורה האָב איך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, ווייל אַזאַ אונטערשריפט איז געווען ערגער ווי קריעת ים־סוף. סוף כל סוף פאַלנדיק אויף אַ פאָרטל האָט מיר מיין עלטערער ברודער פלטיאל אַזאַ אונטערשריפט געגעבן און צום מזל בין איך געוואָרן, ווי מען האָט עס גערופן אַ „סקויט".

דער השומר הצעיר איז אַנטשטאַנען ווי עס האָט אַרומגענומען כמעט די בעסטע יוגנט פון אונזער שטאָט, די אויפגאַבן זיינען נאָך אין יענער צייט געווען צו אַנטוויקלען די יוגנט גייסטיק און פיזיש, קיין שום פּאָליטישן כאַראַקטער האָט עס נישט געטראָגן, עס זיינען געשאַפן געוואָרן 4 קבוצות איינגעטיילט לויטן עלטער, יעדער קבוצה האָט געהאַט אַ ראש קבוצה און די אַרבעט איז געפירט געוואָרן געננוי, ד. ה. יעדע קבוצה האָט געהאַט פאַרשידענע קורסן ווי למשל: פאַר עברית, ארץ־ישראל־געאָגראַפיע, אידישע געשיכטע א. אַ. וו. אויך אויספלוגן אין די טאָמאַשאָווער וועלדער אויף גאַנצע נעכט, טיולים קיין בילגוריי, ראַווע־רוסקע, אַלץ וואָס האָט

אַרונטערגענומען אונטערן נאָמען „סקויטינג״, אין פוילן האָט דאָס געהייסן „האַרצעט״, עס איז אַנטשטאַנען אויך ביי דער אָרג. אַ ספּאָרט קלוב א. נ. „הכח״, אונטער דער לייטונג פון ה׳ עדלשטיין, אַזוי אַז מיר זיינען אַרויס אויף אַ „מעטש״ מיטן גימנאַזיום קלוב „טאָמאַסאָפּיה״, האָבן מיר זיי אַריינגעהאַקט „גאָלן״ אַז פאַר כעס האָבן זיי אונז באַוואָרפן מיט שטיינער, מיר זיינען קוים אַרויס לעבעדיקע.

איך דערמאָן זיך אַ שיינע קוריאָז וואָס איז מיט מיר פאָרגעקומען. בעת עס האָט געדאַרפט פאָרקומען די לאַנדעס־קאָנפערענץ פון „השומר־הצעיר״, האָט מען פון אונזער שטאָט געדאַרפט שיקן 3 דעלעגאַטן און אַלע 3 זיינען געווען שומרות ד. ה. בחורות, נו, האָבן זיך אונזערע בחורים צעבונטעוועט הלמאי עס געפינט זיך ניט צווישן די 3 דעלג. קיין איין בחור, האָט מען באַשטימט מען זאָל שיקן מיך אַלס דעלעגאַט. נו, אַז מען פאָרט אויף אַ קאָנפערענץ פון השומר־הצעיר מוז מען דאָך אָנטאָן אַ שומר׳ישן מונדיר און איך בין נאָך דעמאָלט געגאַנגען אָנגעטאָן אַ אידיש היטעלע ווי מען האָט עס גערופן. נאָר וואָס טוט מען, האָט מען באַשטימט אַז איך פאָר אַרויס קיין בעלזעץ מיט מיין אָנטאָן און די חברה וועלן מיר ברענגען דעם מונדיר, אַזוי איז געווען, אין בעלזעץ האָב איך זיך איבערגעטאָן דאָס ערשטע מאָל מיט קורצע הויזן, מיט אַ ברייטן בראַזיליאַנער הוט, אַזוי אַז איך האָב זיך אַליין ניט דערקענט, איך האָב ערשט דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען אַן אייזנבאַן, דאָס איז געווען בערך אינעם יאָר 1920, שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר אַ איינדרוק דאָס אַלץ האָט אויף מיר געמאַכט. אָנקומענדיק קיין לובלין וואו האָב זיך געטראָפן מיט פאָרשטייער פון גאַנץ פוילן, ווי מען האָט אונז ערשט געפירט אין אַ גרויסן וואַלד אַריין וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען די ועידה אויף דער פרייער לופט ווי עס פּאַסט פאַר סקויטן, און איך, מיד זייענדיק פונ׳ם גאַנצן טומל, בין אַרויף אויף אַ בוידעם שטיבל און אַזוי אָפּגעשלאָפן דאָרט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, אַזוי אַז די בחורות וואָס זיינען געפאָרן מיט מיר, רבקה אורבאַך, לאה בארנשטיין, לאה ווערטמאַן האָבן ניט געוואוסט וואו איך בין אַהינגעקומען, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און אַראָפּגעגאַנגען פונעם בוידעם שטיבל, האָב איך דערזען אַ מעלדונג בזה הלשון: אַזוי ווי שוין אַ טאָג צייט איז נעלם געוואָרן אַ דעלעגאַט מיטן נאָמען הערבסמאַן אשר, מעלדן מיר אַז ווער עס ווייס פון אים אָדער געהערט עפּעס וועגן אים זאָל מעלדן אין דער הויפּט־ביוראָ. בין איך טאַקע באַלד געגאַנגען מעלדן אַז איך האָב דעם פאַרלוירענעם געזען און דאָס בין איך אַליין.

אַזוי האָט דער השומר־הצעיר אָרג. עקזיסטירט ביזן יאָר 1925 בערך, ווען גלייכצייטיק עס האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דער „החלוץ״

וואָס אַ סך פון די השומר הצעיר חברים זיינען איבערגעגאַנגען צום החלוץ. אין יענער צייט האָט אין דעם באַפרייטן פוילן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן, ווינטן פון אַנטיסעמיטיזם, אַז די טאָמאַשאָווער יוגנט האָט זיך מער ניט געקענט שפילן אין סקויטינג. נאָר מען האָט אָנגעהויבן זוכן עקזיסטענץ, „תכלית", און אין אונזער שטאָט האָבן מיר קיין תכלית ניט געקענט געפינען, דאַן האָט זיך געשטעלט די פראַגע וואוהין? אָט דעם וואוהין האָט מען געפונען אין דער החלוץ אָרג. וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו שיקן חברים אויף הכשרה־פּלעצער, כדי זיך צוגרייטן צו פיזישע שווערע אַרבעט, וואָס מיר האָבן עס קיינמאָל ניט געפילט, און עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

די גרינדונג פון דעם החלוץ הכללי, איז געווען ווי מען קען זאָגן אַ הצלה פאַר אַ סך יוגנטלעכע פון אונזער שטאָט וואָס האָט דערמעגלעכט די עליה קיין ארץ ישראל, מיר האָבן אין החלוץ געפירט אַ פאַרשפּרייטע קולטורעלע און ציוניסטישע אַרבעט, עס האָט אויך עקזיסטירט ביי דער אָרג. אַ החלוץ־הצעיר ד. ה. אַ חלוצישער יוגנט כדי פון איר צו ליפערן





**פערוואַלטונגס מיטגלידער פון פּ.צ.צ.ס**

פון רעכטס אין פראַנט: אברהם מעלדינג, נתן מיטלער; אין דער צווייטער שורה: ישראל ווערטמאַן און לעוויט — אשליח פון א"י

יוגנטלעכע, אויפן אָרט פון די חברי החלוץ וואָס זיינען אָפּגעפאָרן, אייניקע אויף הכשרה און אייניקע עולה געווען קיין ארץ ישראל.

די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פונעם החלוץ האָט זיך געפירט אַן אינטענסיווע פאַרצווייגטע החלוץ אַרבעט, אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווען חברים זיינען זיך צעפאָרן, האָט זיך געפילט דער טעמפּאָ פון דער אַרבעט אויף אַ שוואַכערן אופן, עס האָט אויך ניט געפעלט קיין קוריאָזן: למשל אין אַ געוויסן אָוונט קומט צו מיר צולויפן ברכה שטערן, פאַרסאָפּעט און מיט אַ געשריי אשר! קום שנעל אין לאָקאַל אַריין דאָרט וואַרט יעק׳ל בעכער, גייענדיק אויפן וועג באַגעגנט מיך שוין יענקל בעכער און פרעגט מיך, קענסטו מיר געבן אַ 10 חברים אויף הכשרה אין קיבוץ „דרור״ ביי זשאָלקעוו, ניט קלערנדיק קיין רגע האָב איך באַלד צונויפ־גערופן אַן אַסיפה־כללית, כדי אויסצוקלייבן קאַנדידאַטן אין קיבוץ דרור, נאָך אַ האַלבע נאַכט פון ויכוחים האָבן מיר געפונען אַ צאָל קאַנדידאַטן צו שיקן זיי אויף הכשרה, מערסנטס חברות.

נאָך אַ קוריאָז מוז איך דאָ דערמאָנען, ווייל דאָס האָט פּאַראַליזירט און דערשטיקט אויף אַ לענגערע צייט די החלוץ אַרבעט: אויף אַ געוויסע זיצונג פונ׳ם ועד האָט אימיצער פאָרגעשלאָגן, אַז אַלס אויסצייכענונג פאַר מיין 10 יאָריקע אַקטיוויטעט אינעם החלוץ, זאָל מען מיך באַשענקען מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, אייניגע חברים ניט פילנדיק זיך גוט אין דער סיטואַציע, געגוי קען איך עס ניט געדענקען, האָבן געשפּאָלטן דעם החלוץ אויף אַן עזרת נשים און עזרת גברים, ד. ה. אַלע חברות זיינען צוגעשטאַנען צו נטע אייזן און די חברים זיינען געבליבן אויף מיין זייט, אַזוי אַז עס איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: אין וועלכן החלוץ ביסטו אין עזרת־נשים אָדער אין עזרת־גברים...

די גאַנצע געשיכטע איז דערגאַנגען ביזן „מרכז החלוץ״ אַזוי אַז מען האָט צו אונז אַלעמאָל געשיקט שלוחים ווי מייטשע האָפּמאַן און יוחנן מאָרגנשטערן כדי צוריקצושטעלן דעם געשפּאָלטענעם החלוץ אָרג.

סוף כל סוף איז די גאַנצקייט פון דער החלוץ אָרג. צוריקגעשטעלט געוואָרן, מיט אַ באַנייטער אינטענסיווע אַרבעט אויף אַלע געביטן זיינען מיר ווייטער געגאַנגען צו פאַרווירקלעכן דעם ציל וואָס איז געווען „עליה״, אַזוי אַז אין יאָר 1934 בין איך און אַ סך חברי־החלוץ ווי י. הרבסמאַן י. לאַנאַייל ש. זילבערמן פ. זילבערגלד י. לרנר פ. שטול ב. שטערן ר. הערבסמאַן מ. בראַפּמאַן ג. שפּורער ד. ווייסלעדער מ. ליבערמאַן ר. ווערטמאַן און אַנדערע וואָס איך קען ניט געדענקען, עולה געווען קיין א״י. ווי איר זעט איז דאָס געווען דער אַקטיוו פונ׳ם „החלוץ״, אַזוי אַז די לייטונג פון דער אָרג. איז איבער־געגאַנגען אין אינגערע הענט מיט יונגן מוט און כוח.

אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש, מיטן אַריינמאַרשירן פון די היטלער־באַנדעס קיין טאָמאַשאָוו און מיטן אומברענגען פון דער טאָמאַשאָווער אידישער באַפעלקערונג, איז אויך אומגעקומען די העראָאישע החלוץ אָרג. און מיט זיי די גאַנצע שעפערישע יוגנט פון אונזער שטאָט.

בערך האָבן מיר אַן אָפשפּיגלונג פון אונזערע ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וואָס זייער פּראָגראַם האָט ניט אַריינגענומען קיין שום פּאָליטישע טעטיקייט, יעצט וועלנדיק באַשרייבן אין קורצן די עלטערע און פּאָליטישע פּאַרטיי א. נ. „פּועלי ציון" ווי מען האָט עס גערופן „רעכטע" ווייל קיין לינקע פּועלי ציון איז ביי אונז אין שטאָט ניט געווען, אַפילו פאַר אַ רפואה אויך ניט, מען האָט געקענט געפינען אַלעס ביי אונז אין שטאָט, ווי „בונד", געשפּאָלטענע קאָמ. בונד, געשפּאָלטענע ציוניסטן, „על המשמר" און „עת לבנות", קאָמוניסטן טראָצקיסטן און סתם קאָמוניסטן, אָבער „לינקע פּועלי ציון" דאָס איז ניט געווען בנמצא.

די שפּראָצונגען פון אָנהויב פון פּועלי ציון באַוועגונג איז אָנטשטאַנען נאָך אין 1917 מיטן צוריקקומען פון רוסלאַנד קיין טאָמאַשאָוו פון די ח"ח שיפּלינגער און טעוול איילבוים. קיין כאַראַקטער פון אַן אָרגאַנירטע פּאַרטיי האָט עס נאָך ניט געטראָגן, נאָר אַן אָנטייל אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס וואָס איז אין יענער צייט געווען האָבן אָנטייל גענומען אין אַ גרויסער מאָס חברים פון „פּועלי־ציון", אין קאָאָפּעראַטיוו פון שיך און קליידונג וואָס אונטער דער אָנפירונג פון ח' שיפּלינגער, דאַמאָלס נאָך אַ חבר אין פּאַרטיי, אויך אין דער אידישער קיך וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון'ם אַמעריקאַנער „דזשוינט", ווער געדענקט ניט דאָס ליד: „דער חבר וואָלף פירט די קינדער צו קושציושקי שטיין" אויך אַ חבר פון פּועלי־ציון, ווי אויך ווער געדענקט ניט די מאַסען פאַרזאַמלונג אין „דאָם לודאָווי" פאַרן אַנטשטיין פונעם נייעם פּוילן, ווען בראש פון דער פאַרזאַמלונג איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ דעמאָנסטראַציע מיט רויטע פענער די ח"ח טעוועלע איילבוים און מאָטל בלאַנק אויך חברים פון פּועלי־ציון, אָט פון די איינצלנע און געציילטע חברים איז אין יאָר 1923 מיטן קומען פון חבר בוים פון כעלם און חבר זאַק, אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזירטע און צענטראַליזירטע „פּועלי ציון פּאַרטיי", ווי דעם ערשטן פּאַרטיי לאָקאַל האָבן מיר געהאַט אין הויז פון אלי' רופא קרייצער וואָס האָט געציילט אַ שיינע פּאָר צענדליקער חברים, פון פאַרשידענע האָרעפּאַשנע און פּראָלעטאַרישע טאָמאַשאָווער באַפעלקערונג, דאָס איז געווען די ערשטע וועמען מען האָט געקענט אָנרופן „ציוניסטישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי ציון", ווייל דאָרטן האָבן זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט כמעט אַלע אַרבעטער און וואָס האָבן זיך געוואָלט פּראָלעטאַריזירן אין יענער צייט.

איך און נאָך איינצלנע חברים ווי ש. הויט מ. ליכטנפעלד וואָס האָבן זיך אין דרוק וועזן אין סטאָלעריי אַרבעט ספעציאַליזירט, האָבן מיר אויך געפונען אונזער אָרט אין דער פועלי ציון פּאַרטיי, דעמאָלט צו יענער צייט איז זי געווען די אַקטיוויסטע פּאַרטיי אויף אַלע געביטן ווי אינערליכע קולטורעלע אַרבעט ביז אויסערלעכע פּאָליטישע אַרבעט, ווי וואַלן צום פוילישן „סיים", שטאָט־ראַט וואַלן, אָדער וואַלן צום ציונ. קאָנגרעס.

איך געדענק אַ קוריאָז ווען עס האָט געדאַרפט פּאַרקומען וואַלן צום שטאָט־ראַט, איז די ערגסטע שלאַכט פּאַרגעקומען אויפן שטאָטישן „בית־הקברות", דאָרט האָט געוואוינט נתנאל דער געליימטער, און איבער אים האָבן זיך געשלאָגן אַלע פּאַרטייען גלייך ווי פון זיין שטים איז אָפּהענגיק די גאַנצע וואַלן, אַזוי אַז אויף דער בריק פאַרן בית־עולם טייך, לויפנדיק כאַפּן נתנאל׳ן אים צו פירן שטימען, האָב איך דערזען אַ שלאַכט אויפן בית עולם טייך ווי עס פאַלן מענטשן פון בריק גלייך אין טייך אַריין, דערזעענדיק ווי מ. איילבוים ליגט נעבעך אויסגעצויגן אין טייך און אַ פאַרוואונדעטער, האָב איך שנעל גערופן אונזער חברים נאָך הילף, מיטן אָנקום פון די חברים האָבן מיר געמאַכט אַ הסכם מיט די פאָרשטייער פון „בונד", ציונ. אָרג. „אגודה" אַז מער זאָל מען זיך ניט רייסן ביי נתנאל׳ן, נאָר מיר וועלן נעמען אַ פערדן־וועגעלע אים אַוועקזעצן אויף דעם וועגעלע און פון יעדע פּאַרטיי זאָל מיטגיין אַ פאָרשטייער, און אים צופירן ביז צום וואַל־ביוראָ, דאָרט קען ער שטימען פאַר וועלכע פּאַרטיי ער וויל, ווער עס האָט ניט געזען די לויה מיטן וועגעלע מיט דער באַגלייטונג פון די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען, האָט נאָך קיין שענערע זאַך ניט געזען.

אָבער די פּאַרטיי־אַרבעט האָט זיך ווייטער געפירט איר אָרט טעטי־קייט, צו יענער צייט האָט זיך געגרינדעט דער „האַנדווערקער־פאַראיין", און מיטן אַוועקגיין פון די ח״ח בוים, שטרוזלער און אַנדערע, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ שוואַכקייט אין אונזער פּאַרטיי לעבן, מען האָט אָנגעהויבן וואַנדערן פון איין לאָקאַל צו אַ צווייטן, אָבער די רעטונג איז געקומען פון אַ צווייטער זייט, ווי מען זאָגט, „גאָט גיט די רפואה פאַר דער מכה", צו יענער צייט איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון „פועלי־ציון" מיט „צעירי־ציון" און מען האָט עס דערנאָך גערופן: „פועלי ציון צ. ס." און דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף אונזער שטעטל. פאַר דער פאַראייניקונג איז פאָרגעקומען פאַרשידענע אינטענסיווע באַראַטונגען וואו מען האָט פעסט־געשטעלט דעם באַזיס פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי.

אין יאָר 1926, איז פאָרגעקומען די פייערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג וואו עס זיינען אויפגעטראָטן מיט פייערלעכע רעדעס פון ביידע פּאַרטייען, עס איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַן אַלגעמיינער פּאַרטיי־

קאָמיטעט וואָס איז באַשטאַנען פון: פייוול האָלץ, שמחה הויט און איך פון „פועלי ציון", ישראל ווערטמאַן, שמשון האָלץ פון צעירי ציון. אַז עס איז מיט מזל געשאַפן געוואָרן די פאַראייניקטע פאַרטיי א. נ. „פועלי ציון צ. ס." האָבן מיר באַלד אָנגעהויבן איינצופירן פאַרצווייגטע פאַרטיי־אַרבעט.



**אקבוצה פון החלוץ וואס פארט אב אויף הכשרה**



פון **רעכטס זיצענדיק**: יעקב הערבסמאַן, אומבאַקאַנטער, לאה זילבערשטיין, חיים באַלסענבוים; **שטייענדיק**: פישל זילבערגעלד, פרימעט מיראַטשניק, יוסף לאנאייל, טאבע סטעמפעל, יודא זילבערשטיין, חנה שפארער **און** געציל בערגער

ערשטנס האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל פון 3 צימערן (ביי נאוואשעלסקי׳ן), יעדן פרייטיק צונאַכטס איז פאָרגעקומען אַ קעסטל אָוונט וואו עס האָבן זיך באַטייליקט כמעט פון אַלע פּאַרטייען, אַלע שבת בייטאָג אַ פאָרטראַג אויף אַקטועלע און קולטורעלע טעמעס, אונזערע פאַרשטייער האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע פאַרשידענע קאָמיסיעס פון שטאָט ווי: „קרן קיימת״, „קרן היסוד״, „אידישע שול אָרג.״ א. אַ. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ „הפועל־קלוב״ וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אַנטוויקלען פיזיש די טאָמאַשאָווער יוגנט אויף פאַרשידענע געביטן, אָבער די עיקר אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז געווען צו שאַפן אַ יוגנט רעזערוו פאַר דער פּאַרטיי בכדי אַז מיטן אויסוואַנדערן פון עלטערע פּאַרטיי חברים ווער קיין דרום אַמעריקע און ווער קיין ארץ־ישראל זאָל ניט בלייבן אַ ליידיקער בלייז, האָט דער פּאַרטיי קאָמיטעט אַרויפגעלייגט אויף מיר, אַלס סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, צו גרינדן אַ יוגנט־„פרייהייט״. איך ווייסנדיק אַז די „פרייהייט״ אָרג. קומט אין באַטראַכט אַלס רעזערוו פאַר דער פּאַרטיי, האָב זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן להט און די יוגנט־„פרייהייט״ געשאַפן.

די „פרייהייט״ איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע 14 ביז 18 יאָר, וואָס זיי האָט מען געדאַרפט צוגרייטן אין משך פון דער צייט זיי זאָלן ווערן קולטורעל באַוואוסטזיניק כדי זיי זאָלן פאַרשטיין אַז אַריינגייענדיק אין דער פּאַרטיי זאָלן זיי וויסן וואָס מען פאָדערט פון אים אַלס חבר פון דער פּאַרטיי.

די אַרבעט איז ניט געווען פון די גרינגע זאַכן, בפרט דער מענטשן־מאַטעריאַל איז געווען אַ צוזאַמענשטעל פון די אָרעמסטע און אָפּגעשטאַנענע יוגנטלעכע, ובכל זאת, מיט אַ שטאַרקן ווילן האָט מען אַלץ דורכגעזעצט, יעדן אָוונט איז פאָרגעקומען שיחות אויף פאַרשידענע פּראָבלעמען און מען האָט איינגעטיילט די חברים אויף קרייזן, פאַר סאָציאָלאָגיע, ציונ.פּראָבלעמען, פרייהייט־ און פּאַרטיי־ענינים. אין משך פון אַ געוויסע צייט האָבן שוין די יוגנטלעכע פרייהייט׳אָווצעס אַ פרייהייט־„סקויט״, דאָס איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע 10־14 יאָריקע וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען און אַרומגענומען אַלע סקויטינג־אַנטוויקלונגען ווי: אויספלוגן, זומער קאָלאָניעס און פאַרשידענע ספּאָרט איבונגען.

עס האָט דאָ אויך ניט געפעלט קיין קוריאָזן, איך האָט געדאַרפט זען ווען עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען חברים פון דער פּאַרטיי אין סקויטן־לאָקאַל, וואו עס זענען געווען די חברים פ. האָלץ, י. איילבוים י. ווערטמאַן ווען די פרייהייט׳אָווצעס מיט די סקויטן האָבן אָנגעהויבן צו זינגען דאָס ליד: „מיר זיינען יונג און יונג זיינען די מוחות״, ווי די איבערגעראַשטע חברים זיינען אַריין אין אַזאַ עקסטאַז און מיטגעזונגען דאָס ליד „מיר זיינען יונג״ האָט מען ניט דערקענט ווער פון זיי איז יונג און ווער איז

אַלט, אַלץ האָט זיך פאַרכאַפּט אין איין האַרמאָניע אַז כמעט דאָס פריילעכקייט און לוסטיקייט פון די יוגנטלעכע פרייהייט חברים האָט יעדן אָוונט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר פון די פאַרטיי חברים, נאָר אַפילו פון אַלע דורכגייענדיקע מענטשן, כדי זיך צוצוהערן דאָס זינגעריי פון דער „חברה־טראַסק", אַזוי איז מען געוועזן געוואוינט צו רופן זיי.

אַזוי ווען אין יאָר 1938 בין איך געקומען אויף אַ טיול קיין טאָמאַשאָוו, דאָס איז געווען אַ יאָר פאַר דער צווייטער וועלט מלחמה, האָב איך שוין געטראָפן אַ מאָדערנעם „קלוב" וואָס איז געווען ביי ה׳ גולדמאַן אויף קאשטשושקא גאַס, מיט 3־4 צימערן, וואָס דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט די אַלע אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס.

אין אַ יאָר שפּעטער, מיטן אויסברוך פון דער וועלט קריג און מיטן אַריינמאַרשירן פון די היטלער־חיות צו אונז אין שטאָט, מיטן אומקום פון דער טאָמאַשאָווער אידישער באַפעלקערונג, איז אויך אומגעקומען אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין משך פון דער גאַנצער צייט.

אָבער איין טרייסט איז אונז געבליבן, דער אידעאַל צו וואָס די טאָמאַשאָווער יוגנט האָט געשטרעבט האָבן אים די נאַצי־כחות ניט געקענט אומברענגען, אָט דער אידעאַל פון די יוגנט־חברים האָט מיטגעהאָלפן צו שאַפן די „אידישע מדינה", וואו דאָרט זאָלן קענען קומען די שארית־הפליטה פון אונזער שטאָט און אויפסניי אויפשטעלן לעבן אויף פעסטע יסודות.



# די „אגודה" איר אנטשטעהונג און איר אַנטוויקלונג

● **הרב יצחק מאיר גורטלער,** חיפה

**די** אַגודת האָרטאָדאָקסים, שפּעטער „אַגודת שלומי אמוני ישראל" און צום־לעצט זיך גערופן „אַגודת ישראל" אָדער ווי זי איז באַקאַנט קורץ „אַגודה", איז געגרינדעט געוואָרן דורך די גרעסטע גדולי ישראל פון פריערדיקן דור, אין תרע"ב אין קאַטאָוויץ. אָבער קיין פּאַר־צווייגטע טעטיקייט האָט זי אין פּוילן ניט געפירט, עס איז גיכער געווען אַ שפּיצן פאַראייניקונג פון דער וועלטס אָרטאָדאָקסיע, אָדער אַן הכנה צו דער שפּעטערדיקער אַגודה טעטיקייט, און עס האָט זיך ניט געפילט שטאַרק דאָס נחיצות פון אָרגאַניזירן אין דער פּראָווינץ, ווייל אויך די נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען ניט געווען טעטיק נאָר באַגראָבן אין די מוחות פון געציילטע אַנהענגער, צוליב דער דעספּאָ־טישער צאַרישע הערשאַפט וואו יעדע עפענטליכע אַקטיוויטעט (אויסער ריין רעליגיעזע) אין געווען פאַרווערט און פאַרבאָטן. מיטן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט קריג זיינען אויך זיך צעפאַלן די אַלע איינגעשטעלטע אָרדענונגען פונם אַלטן שטייגער לעבן, ספּעציעל אין יאָר 1915 ווען די רוסישע מאַכט איז פאַרטריבן געוואָרן דורך די דייטש־עסטרייכישע חיילות, איז דאָס אידישע לעבן אַרויס פון זיינע איינגעשרומפּענע ד' אַמות, און זיך אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירן אויף מאָדערנע יסודות, יעדער אין זיין קרייז, מיט די באַמיהונגען צו פאַרשפּרייטן זיינע אידעאַלן און פּרינציפּן. די פירער פון דעם חרד'ישן אידנטום האָבן דערפילט די געפאַר וואָס דאָס נייע לעבן האָט פאַר דעם פרומען איד, און ספּעציעל פאַרן יונגן דור, האָבן זיי זיך אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירן אונטערן פאָן פון „אַגודת האָרטאָדאָקסים" און שפּעטער געטוישט אויפן נאָמען „שלומי אמוני ישראל", אָבער צוליב דעם וואָס די לובלינער וואָיעוואָדסטווא איז געווען אָקופּירט דורך די עסטרייכער און אַדמינסטרירט פון זיי א. נ. קליין פּוילן וואו זיי האָבן געהאַט די פולע הערשאַפט, און גרויס פּוילן מיט וואַרשא בראש, איז געווען רעגירט דורך דייטשלאַנד, און כאָטש זיי זיינען געווען פאַרבינדעטע אויפן שלאַכט־פעלד דאָך האָט צווישן אָט די צוויי אָקופּאַציע מאַכטן, עק־זיסטירט אַ פאָרמעלער גרעניץ־פּאַס מיט אַלע שטרענגע גרעניץ געזעצן, אַזוי אַז דער גאַנצער לובלינער געגענט און טאָמאַשאָוו בתוכם, זיינען אָפּגעריסן

געוואָרן פונם קאָפּ פונם פוילישן אידנטום פון דער הויפּט שטאָט וואַרשאַ, און עס האָט ממש ניט עקזיסטירט קיין שום פאַרבינדונג צווישן זיי, און דאָס האָט שטאַרק אָפּגעטעמפּט און געהאַמעוועט די אַזוי אַנטשאַנענע פּאַרטיי אַקטיוויטעטן, אויך צוליב די צרות פון דער מלחמה האָבן גורם געווען צו אַ פאַרפרירונג פון טעטיקייטן. ערשט אין יאָר 1918 נאָכן עו'שטן וועלט קריג מיטן אַנטשטעהען פונם זעלבסטשטענדיקן אויפגעלעבטן באַפרייטן פוילן, האָבן צוריק אויפגעוואַכט אַלע אידישע באַוועגונגען, דאַן האָט זיך אָנגעהויבן צו שיטן אויף די אידישע קעפּ די באַרימטע פּאַגראָמען פון די אַזוי גערופענע האַלערטשיקעס, דעם העכסטן פּונקט האָבן די פּאָגראָמען דערגרייכט אין דער שכנ'ישע שטאָט לעמבערג וואו די אוקריינישע פּעטלאָרטשיקעס בשותפות מיט די פּוילישע האַלערטשיקעס האָבן דורכגעפירט דעם שוידערליכן פּאָגראָם. אָט די אַלע געשעהענישן האָט זייער שטאַרק באַאיינפלוסט די אידישע יוגנט, דער טייל פונם נאַציאָנאַלן לאַגער האָבן געזען די איינציקע רעטונג און אויסוועג מיטן אַנטשעהונג און אַנטוויקלונג פון „ציוניזם", און די פונם מאַרקסיסטישן־סאָציאַליסטישן לאַגער האָבן געזען די איינציקע לייזונג מיטן לאָזונג „אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך" און קלאַסן קאַמף, אוןביידע צוזאַמען האָבן זיך געוואָרפן מיט אַ יונגן אימפּעט און פלאַמענדיקע באַגייסטערונג אויף דער תמימות'דיקע פרומע אידישע באַפעלקערונג און אַריינציען זיי אין זייערע נעסטן און פאַרטיי קעמערלעך, ספּעציעל האָבן זיי געוואָרפן אַן אויג אויף דער פרומער יוגנט, און פון איר געריסן שטיקער מיטן לאָזונג און ציל: בכדי צו דערגרייכן דאָס נייע מוז מען צושטערן און פאַרניכטן דאָס אַלטע, אין דער אידישער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן צו הערן די לאָזונגען: אַ טויט קלאַפּ די אָרטאָדאָקסיע! נידער מיטן קלעריקאַליזם! באַפרייט זיך פון תורה קנעכטשאַפט! נעמט דעם גורל אין די אייגענע הענט! צוברעכט די אָרטאָדאָקסישע פעסטונגען! באַפרייט די יוגנט פון אַלטן פאַנאַטיזם! רעליגיע איז אָפּיום פאַר דער מאַסע! און נאָך אַזעלכע אָפּעטיטלעכע שלאַגערס מיט אַגיטאַטאָרן פון די פאַרטיי הערד־קוואָדערס, און מיט דער מיטהילף פון ביבליאָטעקן און פאַרשטעלונגען און פאַרוויילונגען האָט מען ביסלעכווייז אַריינגעצויגן די פרומע פאָלקסמיטליכע אומפּאַרטייאישע יוגנט און זיי אַראָפּגעפירט פון גוטן וועג.

אין יענער תקופה האָבן זיך פאַרזאַמלט אַנשי תורה ויראָה חסידים ואַנשי מעשה מיט אַחריות פאַרן כלל און באַטראַכט די ניי געשאַפענע לאַגע די גרויסע סכנה אַז די פייער צונגען פון די פאַרטיי אידעאָלאָגיעס און אַקטיוויטעטן וועלן חלילה אין גאַנצן אומברענגען די אָרטאָדאָקסיע. צווישן זיי האָט אָנטייל גענומען אויך דער שרייבער פון די שורות, און בימי הספירה תרע"ט איז צו מזל געגרינדעט געוואָרן אין טאָמאַשאָוו די נייע זעלבסשטענדיקע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע א. ג. שלומי אמוני ישראל.

וואָס בראש די אָרגאַניזאַציע זיינען געשטאַנען ר׳ דוד ווייצמאַן, ר׳ מיכל יודא לערער, ר׳ ארי׳ העלער, ר׳ מיכל יודא פלאג, ר׳ מאיר קלאַרמאַן, ר׳ יצחק ב״ר ראובן גאַרטלער, ר׳ יחזקאל לערער, ר׳ דוד פעריל, און מיין ווייניקייט. פאַר מיין ווייניקייט איז ניט געווען קיין שום זאַך צו שווער בכדי צו פאַרשפרייטן דעם אַגודה געדאַנק. דאָס ערשטע האָבן מיר אָרגאַניזירט עפענטלעכע שיעורים, מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרשפרייטן די אָרטאָדאָקסישע אידישע פרעסע פון וואַרשא, באַזונדערס עלטערן פון קינדער זיי אויפצוקלערן די סכנה פון באַלאַנגען צו די נייע אָרגאַניזאַציעס, פאַרופן יוגנטליכע פאַרזאַמלונגען זיי אויפצוקלערן דעם אַגודיסטישן שטאַנדפונקט פונם לעבן.

די פרייע פאַרטיי לייט האָבן דערשמעקט דעם ווידערשטאַנד כוח, וואָס פאַנגט זיך אָן צו אָרגאַניזירן, און האָבן געפרואווט מיט אַלע מיטלען צו שטערן די אַנטשטייאונג פון דער אַגודה, דער שרייבער פון די שורות איז געוואָרן דער ציל ברעט פון אַלע זייערע פיילן, פאַרלוימדונגען און רכילות, און געליטן ניט ווייניק בזיונות און בושות פאַר מיין מוט זאון מסירת נפש׳דיקע אַרבעט. די „חבלי לידה״ פון דער אגודה זיינען געווען זייער שווערע, נאָר בעזרת השם און מיט ממש איבערמענטשלעכע כוחות איז געלונגען אַוועקצושטעלן די אַגודה אַלס לעבעדיקער פאַקטאָר אין ציבור׳דיקן לעבן פון דער טאָמאַשאָווער קהלה, ניט נאָר האָט זי איינגעהאַלטן דאָס פאַרשפרייטונג פון פרעמדן גייסט אין פרומע הייזער, נאָר זי איז אויך געוואָרן אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער און פאָליטישער כוח וואָס אַלע אַנדערע פאַרטייען האָבן זיך געמוזט מיט אונז רעכענען.

פון צייט צו צייט האָבן אונז באַזוכט אַגודה׳יסטישע רעדנער ווי דער פעלציוויזנער רב, קוילער רב הרב קליין, אליעזר גרשון פרידענזאָן, יודא לייב אָרלעאַן א. אַ.

די אַגודה האָט תיכף בתחילה איינגעזען אַז דער עיקר פון אירע אַקטיוויטעטן מוז זיין די „תינוקות של בית רבן״ און מען האָט תיכף אָנגעפאַנגען האָבן השגחה איבער די „פריוואַט־מלמדים״, פאַרהערן די קינדער א. א. וו. אָבער ווען עס איז אַדורך דער שטורם און דראַנג תקופה זיינען די טעטיקייטן אַביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איבערהויפּט איז געווען אַ גרויסער חסרון וואָס בראש פון דער פאַרטיי זיינען געשטאַנען מענטשן פון איין חסידות (גערער חסידות), אויך האָט שלעכט געווירקט דאָס וואָס דער „מזרחי״ האָט אָרגאַניזירט אַ בירגערלעכע שולע א. נ. „תורה ודעת״ וואָס גלייכצייטיק מיט לימודי קודש האָבן זיי געלערנט „לימודי חול״, און די וואָס האָבן ניט געוואָלט שיקן אין „מזרחי״ זיינען געווען געצוואונגען צו שיקן אין דער „פאָלקס־שול״ א. נ. „שקאָלע פאוו־

שעכנא״, אָדער גענצלעך ניט געבן קיין עלעמענטאַרע וועלטלעכע בילדונג וואָס ניט יעדער פּאָטער האָט דערצו מסכים געווען. די פראַגע האָט זייער געפּרעסט און געמאָנט, עס איז געמאַכט געוואָרן אייניקע פּרוואוון צו אָרגאַניזירן אַן איין זעלבסטשטענדיק „חדר״ מיט „לימודי־חול״, אָבער אַן ערפאָלג, פאַרשידענע מכשולות און שוועריקייטן האָבן מיר באַגעגענט און עס האָט זיך געדוכט אַז עס איז שוין אַ פאַרשפּילטע זאַך אויף אייביג. ענדלעך, אַ דאַנק דער השגחה עליונה האָבן די היגע ציעשינאָווער־צאַנזער חסידים איינגעלאַדן הרב הגאון הצדיק המפורסם ר׳ ארי׳ לייביש רובין זצלה״ה אבד״ק ציעשינאוו בן בתו של הגאון הקדוש רשכבה״ג מרן הדברי חיים מצאַנז זי״ע וחתן הגה״ק בעל דברי שמחה מציעשינוב, אַ איד אַ למדן אַ פּקח, פול מיט ברען, שלהבת קודש, מיטן רעכטן צאַנזער פייער מיט נימוס און מידות, אַ מענטש מיט חן און צוציאונגס קראַפט, אַ מענטש מיט אחריות און זאָרג פאַרן כלל. די גאַנצע אָרטאָדאָקסיע פון אַלערליי חסידים ביזן פּראָסטן המון, עמך, ווערן מיטגעריסן פון זיין זויבער פערזענלעכקייט. מיט זיינע פראַווען טישן און התלהבות׳דיקע תפלות עלעקטרעזירט ער ספּעציעל די יוגנט און ברענגט אַן אויפמונטערונג, און גייסטיק דערהויבונג, דערפילט זיך צווישן די חובשי ביהמ״ד, אַפילו די וועלטלעכע אידן באַציען זיך צו אים מיט כבוד און רעספּעקט. דעם ציעשינאָווער רבי׳ן געלינגט צו שאַפן אַן ענגן אייגענעם קרייז וואָס ווי אויסגעדינטע געטרייע סאָלדאַטן, זיינען זיי גרייט אויסצופירן דיסציפּלינירט יעדער באַפעל זיינעם, און די אגודה האָט טאַקע אין זיין פערזאָן באַקומען אַן עמוד הברזל, אָבוואָל ער איז אָפיציעל ניט געווען קיין אַגודה׳ניק. ספּעציעל האָט זיך צעבליט די „צעירי אַגודת ישראל״ וואָס איז געוואָרן אַ פעסטונג פון אידישקייט אין דער גאַנצער געגענט, און ענדלעך מיט די נייע אַנטשטאַנענע כוחות מיט דער פול ענערגישע גייסטיקע השפּעה פון ציעשינאָווער רבי׳ן זצ״ל, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס באַרימטע אַגודה חדר א. נ. „יסודי התורה״, שנת תרפ״ג איז געעפנט געוואָרן אַ פולשטענדיקע שולע מיט 140 תלמידים פון התחלת חומש ביז הויכע לימודים, גמרא מיט תוספות און מפרשים, ווי אויך וועלטלעכע אָבליגאַטאָרישע לימודים אָנדערהאַלבן שטונדע אַ טאָג. מיין ווייניקייט איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דעם וויכטיקן אַמט אַלס מנהל החדר, וואָס ווי באַקאַנט די גאַנצע שטאָט, האָב איך מיינע בעסטע כוחות דאָרט אַריינגעלייגט, מוח און האַרץ, און אונזער אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג, די תלמידים זיינען געשטיגן הויך אין לערנען און אויסגעצייכנט אין מדות און דרך ארץ. פון דער גאַנצער פּראָווינץ ווער עס האָט געוואָלט געבן זיין קינד אַ לייטישע ערציאונג האָט מען געשיקט אין אַגודה חדר, אַזוי אַז די צאָל תלמידים האָבן דערגרייכט 223 קינדער. דער חדר איז געשטיגן מדרגא לדרגא, און האָט געגעבן גרויס אָנזען די

„אַגודה״, אַזוי אַז די „אַגודה״ איז געוואָרן די גרעסטע פּאָליטישע פּאַרטיי ביי אונז אין שטאָט, און ביי די ערשטע קהלה וואַלן איז אויף אַ צאָל פון 12 דאזאראס (מיטגלידער און קהלה ראַט) האָט די אַגודה אַליין באַקומען 5 מיטגלידער. ביי יעדן סיום מסכת פון „דף היומי״ ווערט איינגעאָרדענט אַן עפנטליכער סיום מסכת וואו עס טרעטן אַרויס מיט הדרנים די רבנים און אַגודה פירער, טייל מאָל באַטייליקט זיך אויך דער ציעשינאָווער רבי זצ״ל, און זיינע התלהבות׳דיקע ווערטער און דברי חיזוק טוען אייביק אינספּירירן אויף ווייטערדיקע מוטיקע אַרבעט, פאַר חיזוק הדת והפצת תורה ויראת שמים.

איינמאָל איז איינגעאָרדענט געוואָרן אַ בשותפות׳דיקער סיום פון אַגודה חדר מיט די לומדי דף היומי, די העכסטע קלאַס פון דער „יסודי התורה״ האָבן מסיים געווען מסכת „בבא קמא״ און דף היומי „פּסחים״, דערביי איז איינגעאָרדענט געוואָרן אַ בחינה כללית פון די בעסטע תלמידים וועלכע האָבן געדענקט 30 בלעטלעך גמרא מיט תוספות פון מסכת בבא קמא אויסווייניק מיטן לשון. צווישן די אויסגעצייכנטע תלמידים זיינען דענסטמאָל געווען די תלמידים: גרשון בראַנד, אלימלך העלער, יונה זינגער, מרדכי שפּול, הי״ד, און יבדל לחיים הרב שלום יחזקאל רובין א. אַ. דער לעצטער האָט אויך געהאַלטן אַ הדרן אויף מסכת בבא קמא. די מענטשן זיינען געווען אַנטציקט פון דער רייפקייט און אַזאַ באַהאַווענקייט מיט בקיאות פון יונגע קינדער. ר׳ שמואל לובערט ע״ה, אַן עלטערער איד אַ ת״ח, האָט פאַר שמחה געוויינט און געטאַנצט דווקא נאָר מיט די יונגע קינדער.

אָט אַזעלכע מסיבות און פאַרוויילונגען האָבן אָנגעצונדען דעם תורה פייער אין אידישע הערצער, און די טאָמאַשאָווער „אַגודה״ איז געווען ווי אַ לייכט־טורם און וועג ווייזער פאַר דעם תורה אידנטום פון טאָמאַשאָוו און אומגעגענט. אַזוי האָבן פאַרשפּרייט תורה־אידישקייט אונזערע האָרפּאַשנע אָרעמע ברידער אין אונזער היימשטאָט. אייביג זאָל לייכטן זייער אָנדענק.



# די אגודה באַוועגונג

**ש. ליכט ●**

די אגודה איז געווען טעטיק אויף אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע צווייגן אין שטאָט. זי האָט זיך באַטייליקט אין די וואַלן פון סעים און סענאַט, שטאָט פּאַרוואַלטונג און אידישע גמינע, סוחרים פאַראיין און קליינהענדלער פאַראיין. אירע פאָרשטייער זיינען געווען טעטיק צו העלפן די אידישע באַפעלקערונג אויף אַלע געביטן. ספּעציעל האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַרבעט לחיזוק הדת און אויפן חינוך געביט. דעם הויפּט געוויכט האָבן זיי געלייגט צו דערציען אַ נייע, באַוואוסטזיניקע און שטאָלצע אידישע יוגנט.

צווישן דער אָנפירערשאַפט און אַקטיווע אגודיסטן זיינען געווען:

ר׳ יחזקאל און מיכל יודא לערער, ר׳ מיכל יודא פּלוג, דוד שווינדלער, מיכל שאַפּראַן, אברהם יחזקאל בידערמאַן, נטע העלער, יצחק גאַרטלער, יצחק מאיר גאַרטלער, ר׳ דוד פּעריל, פּנחס שפּאָרער, ר׳ אלטר שטאָל און ר׳ דוד גאַרטלער.

### צעירי אגודת ישראל

בעת דער גרינדונג פון דער אגודה באַוועגונג זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די צעירים: יחזקאל׳ע פּוטטער, הירש לייב פּוטער, אייזיק העלער, משה מאָרגענשטערן, ישראל לייב ציטרין, יצחק גאַרטלער, אברהם בערגשטיין א. אַ. אָבער זיי אַלע זיינען געווען פון אַלטן טיפּ שטיבל־בחור, וואָס האָבן ניט געלייגט צופיל אַכט אויף די מאָדערנע אָרגאַניזאַציע מיטלען.

מעהר אינציאַטיוו מיט אָרגאַניזאַציע פעהיגקייטען האָבען אַרויסגעוויזען די צווייטע גענעראַציע פון פרישען דור, ווי לייבעל מערמעלשטיין לייבעל לערער יוסף פריעדלענדער ישעי׳ העלער מרדכי גאַנצער און סיני שטענדער.

נאָכמעהר וואַכזאַמקייט און אגודיסטישע אַקטיוויטעט האָבען אַרויס־געוויזען דער פרישער דור צעירים, וואָס זענען שוין אינגאַנצען דערצויגען געוואָרען אויף דער שויס און אידעאַל פון אַגודיזם, ווי די חח׳ הרב מאיר

רובין, יצחק מאיר פלוג, ברוך אַדער, ברוך אַקסט גרשון בראַנד, מלך העלער, חיים יהושע בידערמאַן, יונה זינגער, אברהם זינגער בן ציון שניידער, הירש און אשר רייז, יהושע גאָלדשטיין, יהושע נידערגאַנג, לייבל ווערמוט, שמעון טענענבוים, יעקב משה טעפּלער, און מענדל פלוג.



די פירער פון צעירי אגודת ישראל אין טאמאשאוו



פון רעכטס: לייבעל מערמעלשטיין (יושב ראש), יוסף פריעדלענדער (סגן יושב ראש), לייבל לערער (מזכיר)

## פרחי אגודת ישראל

די לעצטע האָבען שוין אָרגאַניזירט פרחים, וועלכע זענען געווען דער אַ וואַנגאַרד און דער רעזערוואואַר וואָס האָט געבראַכט פרישע כוחות און די רייהען פון די צעירים כדאי צו דערמאָנען די פרחים פירער יודל שור און יעקב פאַנצער.



**פערוואלטונג פון פרחי אגודת ישראל**

**שטייענדיג פון רעכטס :** אשר רייז, יעקב אליעזר ב״ר דוד גארטלער, לייבעל ווערמוט, פרץ ב״ר שלום זינגער, שמחה רובין, פישל שפארער, ישראל משה בידערמאן, פייבל פערשט, שלמה גאלדשטיין, מאיר וואלף ב״ר דוד אויפען **און** יצחק מאיר ב״ר ברוך יונגמאן ; **זיצענדיג : די גייסטיקע מדריכים** חיים יהושע בידערמאן, הרב י. רובין **און** דוד יודיל שור

## פועלי אגודת ישראל

פאַרמעל האָט אויך עקזיסטירט אַ סניף פון פועלי אַגודת ישראל, קיין ספעציעלע אַקטיוויטעטען האָבען זיי ניט געפירט, זיי זענען געווען שטיבעל בחורים וואָס האָבען בייטאָג אַ פּאָר שטונדען געאַרבעט, אָבער ניט דאָס האָט גורם געווען זיי זאָלען אָרגאַניזירען די פועלים, נאָר צוליב חלוקי דעות מיט די צעירים, האָבען זיי געוואָלט ווערען זעלבסטשטענדיג מיט אַן אייגענעם סטעמפעל און פרעזידענט... די אָנפירערס זענען געווען שלמה גארטלער און שמואל שפארער.

די אגודה און אירע יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען טעטיג ביים שאַפן געלט פאַר די אגודה אינסטיטוציעס ווי קרן הישוב, קרן התורה, ישיבת חכמי לובלין א. א. און בכלל פאַרשאַפען געלד פאַר די בכבוד׳יגע אָרימע לייט, וואָס זענען געקומען פון דער פרעמד. אָבער די קרוין פון זייערע טעטיקייטן איז געווען חינוך, ווי איינאָרדענען שיעורים אין לערנען, אידעאָלאָגישע רעפעראַטען, און פייערליכע סיומ׳ס אויפ׳ן דף היומי, וואָס יעדער סיום האָט אַריין געבראַכט אויפלעבונג און אויפמונטערונג, אָבער די קרוין אַרבייט איז געוועזען דאָס אגודה חדר.

## חדר יסודי התורה

צוליב דעם דראַנג זיך צו לערנען די לאַנדס שפּראַך, איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַן אגודה חדר מיט לימודי חול 2 שעה אַ טאָג אָנערקענט פון די רעגירונג.

דער ערשטער מנהל איז געוועזען ר׳ יצחק מאיר גארטלער, זעהר אַן ענערגישער מענטש און גרויסער פּעדאַגאָג. נאָכער איז געווען מנהל ר׳ אברהם יחזקאל בידערמאַן, און צום סוף ר׳ חיים אונציג.

אויסער די אָפיציעלע אויבענדערמאָנטע אגודיסטישע עסקנים האָבען מיטגעאַרבעט אין חדר קאָמיטעט: מיכל רייז, הירץ פעלדזאַן, לייבעל ראבינאָוויטש, ברוך גאָלדשטיין א. א. וו.

## בית יעקב

די בית יעקב שולע איז געשאַפען געוואָרען דורך דעם ועד פון אגודת ישראל אין באַזונדערס דורך ר׳ אברהם יחזקאל בידערמאַן מיט דעם בית יעקב האָבען אָנגעפירט יעקב הערמאַן, יעקב מרדכי גוטהאַרץ און ישראל׳קי פייפער.



די בית יעקב לערערין מיט 2 תלמידות: בערנבלאַט און זינגער

# אַ מצבה פאַר אומפאַרגעסלעכע חברים

● **אייזיק קראַס,** נהריה

**איך** פיל אַ הייליקן חוב צו פאַראייביקן מיינע חדר און שטיבל חברים, וועלכע זיינען דערנאָך געוועזן דאָס קרוין און דאָס שפּיגעלע פון דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט, און ליידער זיינען אַלע אומגעקומען דורך די דייטשן.

## ישראל פּערל

מיין נאָענטסטער חבר, זיין פאָטער ר׳ דוד פּעריל ע״ה, וואָס איז געווען אַ יונגערמאַן אַ תלמיד חכם, אַ איד אַ פּקח און דערצו אַ פייערדיקער גערער חסיד, שבת פלעגט ער מיט אונז לערנען אַ שטיקל שפת אמת, אָדער נאָכזאָגן אַ שאַרף וואָרט פון חידושי הרי״ם, וואָס האָט געשאַרפט אונזער שכל, איז ליידער זייער יונג געשטאָרבן. ישראל׳קי האָט איבער־גענומען די פאָטערלעכע פליכטן און האָט אָנגעפירט דעם פאָטערס הויז און באַזאָרגט די מוטער מיט די יתומים. ער אַליין האָט חתונה געהאַט פון קאמיאנקא סטר, און געוואוינט אין טאָמאַשאָוו ביזן חורבן.

## מרדכי גאנצער

זיין פאָטער ר׳ הירש ישראל׳קעס איז געזעסן יומם ולילה אין טשעשאנאווער שטיבל און געלערנט. מאָטל איז געווען אַ בן יחיד, איך האָב מיט אים צוזאַמען געלערנט, אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ חוש פאַר אָרגאַניזאַציע און איז טאַקע געווען פון די הויפּט פירער פון צעירי אגודת ישראל. ער האָט חתונה געהאַט קיין הרובישאוו און איז שוין דאָרט געבליבן וואוינען. ער האָט אויך דאָרטן פיל געהאָלפן אויפצולעבן די רעליגיעזע יוגנט.

## יצחק מאיר פלוג

זיין פאָטער ר׳ מיכל יודא ע״ה איז געווען פון די נכבדים אין שטאָט, אַ איד אַ למדן, חסיד און עושר. יצחק מאיר איז געווען זיין

עלטסטער זון, מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין ציעשינאָווער שטיבל. ער איז אויך געווען פון די הויפּט בחורים וואָס האָבן אָנגעפירט די אגודה. ער איז געווען אַ סוחר׳ישער טיפּ, און שוין בחור׳וויז האָט ער געפירט האָלץ מסחרים און מצליח געווען. ער האָט חתונה געהאַט פון בילגורייא.



**אין דער הויף שטייען די פירער פון צעירי אגודת ישראל**



**פון רעכטס :** יצחק מאיר פלוג, הרב מאיר רובין **און** מרדכי גאנצער ; **נעקסטע שורה די פרחים פון רעכטס :** שלמה ב״ר דוד גארטלער, מענדיל ב״ר נטע העלער, חיים יהושע בידערמאן, בן ציון שניידער, שמואל שפארער, יעקב פאנצער, יודיל שור, בערל שווינדלער **און** גרינבוים ; **דריטע שורה :** סיני ב״ר יוסף שפירא, טויבענבלאט, משה ב״ר ליפא מאלץ, יודיל ב״ר זלמן בראנד **און** לייבעל פערשט ; **זיצענדיג :** מרדכי ב״ר דוד שווינדלער, וואלף פייל, שמעון טעננענבוים, שמואל קויפמאן, הירשיל שפריצער, יצחק מאיר יונגמאן **און** משה שטראזבערג ; **לעצטע שורהביים טראנספאראנט :** נתן ב״ר שלמה אקסט, משה ב״ר נטע העלער **און** דוד ב״ר אר״י העלער

שפעטער זיך באַזעצט צוריק אין טאָמאַשאָוו, וואו ער איז ווייטער געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך, ספּעציעל ביי די אגודה אינסטיטוציעס.

## סיני שטענדער

אַ קינד פון עמך, זיין פאָטער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, זיין מוטער ברכה האָט זייער פיל אַכט געגעבן אַז איר סיני׳לע זאָל אויס־וואַקסן אַ לערנער, און ער האָט זיך טאַקע לויט דעם גייסט דערצויגן, געלערנט אין ציעשינאָווער שטיבל, אָבער די הויפּט טעטיקייט זיינע איז געווען די אגודה, מיט דער גאַנצער נשמה איז ער געווען איבערגעגעבן איר אידעאַל, און האָט זיך פּשוט מקריב געווען פאַר איר, יעדער בריוו און פאַרלאַנג פון דער צענטראַלע איז געווען פאַר אים אַ געזעץ. ער איז געווען פון די אַזוי גערופענע פּאַרטיי־פאַנאַטיקער, ביי יעדער טעטיקייט וואָס איז געווען נוגע צו דער אגודה, איז ער געווען דער ערשטער, און קיין שום אַרבעט איז פאַר אים ניט געווען צו שווער. ער האָט חתונה געהאַט קיין לוביטש. די עלטערן האָבן אים אַרויסגעפאָדערט אין אַמעריקע, אָבער צוליב די שוועריקייטן וואָס דער קאָנסול אין וואַרשע האָט אים געמאַכט איז ער פאַרבליבן ביים דייטש.

## לייבל לערער

זיין פאָטער ר׳ יחזקאל לערער, אַ חשוב׳ער בעל בית, אַ גערער חסיד, וואָס האָט ליב געהאַט אַ שווער שטיקל אבן עזרא, אַ קלוגער מענש וואָס מ׳האָט אים געגעבן צו דין תורות, לייבל איז געווען זיין ליבלינג, זייער אַ געראָטענער מיט אַ גוטן קאָפּ, און אַ גוטער בטבע, אַ בריליאַנטענער יונגערמאַן מיט זייער אַן איידעלן כאַראַקטער, ער איז געווען אַ גרויסער בעל מעלה, חוץ לערנען אויך געשפּילט אויף אַ פידל, פון די געציילטע בחורים וואָס זיינען געווען זעלבסטשטענדיק עקאָנאָמיש, געפירט גרויסע וואַלד געשעפטן און מצליח געווען. געהאַט אַן אָפענע האַנט, ספּעציעל איז ער געווען טעטיק אין דער אגודה און אין ציעשינאָווער שטיבל. האָט חתונה געהאַט פון קראַסניסטאָוו און דאָרט געבליבן וואוינען.

## לייבל מערמעלשטיין

זיין פאָטער ר׳ ירחמיאל הכהן מערמעלשטיין הי״ד, איז געווען פון די קיעלצער חסידים, זייער אַ שטילער בכבוד׳יקער איד, אַ לעדער סוחר, האָט ניט אָנטייל גענומען אין קיין שום קהל׳שע טעטיקייט נאָר געפירט אַן ערלעך שיין אידיש לעבן און האָט יעדן טאָג געהאַט אַ שיעור קבוע. ווען לייבל איז נאָך געווען אַ יונג חדר־אינגל, האָט דער ציעשינאָווער

רבי זיך אַריינגעצויגן צו זיין פּאָטערס הויז, דער רבי האָט געהאַט זייער אַ גרויסע השפעה אויף לייבלען, און לייבל איז געוואָרן פון די גרעסטע מתמידים, לייבל איז געוואָרן אַ גרויסער ירא שמים, וואָס האָט שטאַרק געפּילניוועט מקוואות, און געדאַווענט בכוונה און התלהבות. לייבל שטייגט אין לומדות און חסידות פון יאָר צו יאָר, ער ווערט דער מוסטער פון ציעשינאָווער שטיבל. ווען ער איז עלטער געוואָרן איז ער שוין געווען איינער פון די בעסטע בחורים לומדים אין שטאָט און געזאָגט שיעורים פאַר די יונגע בחורים׳לעך. בכלל איז ער געווען אַ בעל נפש טובה, דאָס גוטסקייט אַליין. אַלע בכבוד׳יקע אידן וואָס פלעגן קומען פון דער וועלט, און דער ערשטער און בעסטער אַדרעס איז געווען דאָס ציעשינאָווער שטיבל, פלעגט לייבל באַזאָרגן מיט געלט, עסן און שלאָפן. לייבל איז געווען דער יושב ראש פון צעירי אגודת ישראל. ער האָט ניט פאַרמאָגט צופיל אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. (פאַקטיש האָט מיט דער אָרגאַניזאַציע דאַן אָנגעפירט דער סגן יו״ר יוסף פרידלענדער. היינט אין אַמעריקע, אגב דער סעקרעטאַר פונם דאָזיקן בוך קאָמיטעט). נאָר זיין זויבערע פערזענליכקייט האָט אַרויסגערופן רעספּעקט און דרך ארץ. ער האָט חתונה געהאַט קיין ראווא רוסקא, און איז דאָרט פאַרבליבן.

אָט מיט די אַלע יונגעלייט האָב איך פאַרבראַכט מיינע שענסטע און בעסטע יאָרן, מיר אַלע האָבן זיך געטוליעט און געוואָרעמט ביי דעם גרויסן ליכט פון גרויסן הייליקן ציעשינאָווער רב, הגאון הצדיק ר׳ ארי׳ לייביש רובין זצ״ל, וואָס האָט אַריינגעגעבן אַן אינהאַלט אין אונזער לעבן, דערצויגן און אויסגעפורעמט אונזערע נשמות, מיר האָבן ביי זיינע טישן פאַרבראַכט שבתים און ימים טובים, זיינע דברי תורה האָבען אונז געגעבן אַן התחזקות, זיינע שירות ותשבחות האָבן אונז פאַרשאַפט דעם גרעסטן עונג רוחני און דערהויבן אונזער גייסט, זיינע שיחות חולין האָבען געשפּרודלט מיט חכמה, זיין אהבה צו יעדן אידן און צו אונז בפרט האָט געמונטערט און דערפרישט, זיינע התחזקות ווערטער און דברי תנחומים האָבן געהיילט צעבראָכענע הערצער, יעדער צעבראָכן האַרץ און שווער געמיט האָט ביי אים געפונען טרייסט און דערלייכטערונג, און איבער אַלעמען האָט ביי אים אין זיין סביבה געהערשט שמחה און פריילעכקייט וואָס האָט דער־גריינגערט דאָס לעבן, אָט ביי אַזאַ סביבה זיינען מיר אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, און זיינען מושפע געוואָרן פון זיינע מעלות און מידות, און,ליידער, בעוונותינו הרבים האָבן מיר זיי אַלע אויף אַ טראַגישן אופן פאַרלאָרן, הי״ד, ערע זייער אָנדענק!



# דוד יודיל שור הי״ד

● א. פריינד

אברהם בלעכער׳ס זון, אַ קינד פון „עמך״ וואָס פון זיין פריערסטער יוגענט האָט איהם געצויגען צו חסידות, נאָך אַלס 5 יאָריג קינד, ווערט ער אַ שטענדיגער איינגייער ביים ציעשינאווער רבי׳ן, און פאַרפעלט ניט קיין טיש, ער ווערט ערצויגען אונטער זיין השפעה, און ווען ער ענדיגט די חדרים פאַנגט ער אָן צו לערנען אין ציעשינאָווער שטיבעל, אָבער גלייכצייטיג מיט זיין שטייגען אין לערנען ענטוויקעלט זיך ביי איהם אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַלאַנט, און ווערט אַ פירער פון דער „פרחים״ גרופּע ביי צעירי אגודת ישראל, ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער רעדנער און האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטען פאַר דער ענטוויקלונג פון דער פרחים אָרגאַניזאַציע. ער איז אויך געווען סעקרעטאַר פון בית־יעקב שולע.

בשעת דער דייטשער באָמבאַרדירונג, דעם בלוטיגען דאָנערשטאָג, איז ער געטראָפען געוואָרען פון אַ שפּליטער אין פוס, און דאָס האָט איהם צוגעשמיט צום בעט און האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט צו אַנטלויפען, און געבליבען אין טאָמאַשאָוו און געטיילט דעם גורל פון אַלע אידען דאָרט.





יעקב פאנצער הי״ד

פיהרער פון
פרחי אגודת ישראל



דוד יהודה ב״ר
אברהם שור הי״ד

# די אגודה באיזאָווקע

● ש. ל.

די אַגודה וואָס האָט זיך גרופּירט אַמיינסטנס פון בעל־בתישן חסי־דישן עלעמענט, האָט מען געמיינט אַז זיי זיינען מער ניט פעאיק ווי צו לערנען אין שטיבל און איינאָרדענען סיום מסכתות פון דף היומי און חסידישע יאָרצייטן מיט מלוה מלכה׳ס, דערווייל ווען עס איז געקומען צו וואַלן, לאָקאַלע אָדער פון לאַנדס כאַראַקטער, האָבן זיי גוט באַהערשט די וואַל סטראַטעגיע גלייך ווי אַלע פּאַרטייען, אַפילו ווען מען האָט גע־דאַרפט נוצן כוח מיט שטאַרקייט . . . אין די ערשטע יאָרן פון די געווייל־טע קהלה אָרגאַנען, בשעת דער קאַדענץ פון לייזער לעדערקרעמער אַלס פּרעזעס, האָבן זיי ניט געוואָלט צולאָזן צו אַ געוויסע אָפּשטימונג, און די אגודה האָט בסך הכל דעמאָלט געהאַט 5 דאַזאַרס קעגן 7, האָט די אגודה־יוגנט איבערגעריסן די עלעקטרישע באַלייכטונג, אָנגעהויבן צו טומ־לען אַזוי אַז מען האָט געמוזט איבעררייסן די זיצונג.

ווען דער פאַראייניקטער „קרן היסוד" מיט די מזרחי אין שפּיץ האָבן אַראָפּגעבראַכט קיין טאָמאַשאָוו הרב קאָוואַלסקי פון וולאַצלאַוועק, וועלכער איז דעמאָלט געווען מיטגליד אין פּוילישן סענאַט, אַ גרויס רבניש פּאָליטיש פּער־זענלעכקייט, און עס איז געווען אַנאָנסירט אַז הרב קאָוואַלסקי וועט ריידן שבת בייטאָג 5 אַזייגער אין דער גרויסער שול.

די אגודה האָט ניט געוואָלט ער זאָל ריידן, ווייל דאָס קען נאָך פאַרשטאַרקן דעם ציוניזם אין שטאָט, עס איז דעמאָלט געווען שבת שמברכין ראש חודש אלול, די אגודה יוגנט פאַסט אַ באַשלוס ניט דער־לאָזן ריידן הרב קאָוואַלסקי׳ן מיט דעם אויסרייד, היות מ׳בענטשט ראש חודש אלול, דאַרף מען דאָך תשובה טאָן דערפאַר קומט מען אין שול 2 אַזייגער און מען פאַנגט אָן זאָגן תהלים, נאַטירלעך איז דער פּלאַן געהאַלטן געוואָרן שטרענג געהיים, בכדי די שול זאָל בלייבן אָפן.

ווען די ציוניסטישע גרופּן מיט די מזרחי בראש, האָבן אָנגע־הויבן קומען אין שול און געטראָפן די אומדערוואַרטע געסט, עפּעס נייע שול תהלים זאָגערס, האָבן זיי באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט, אָבער זיי האָבן געשוויגן, ווי לאַנג געדויערט דען אויסזאָגן תהלים?

הרב קאָוואַלסקי איז אַריין אין שול און זיי זאָגן נאָך אַלץ תהלים. ווען זיי האָבן געענדיקט און נאָך אַמאָל ווייטער אויפסניי אָנגעהויבן פון אָנהויב דעם תהלים, דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל, און די ציוניס־טישע יוגנט פון אַלע גרופּירונגען האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן אויף דער אגודה יוגנט, אָבער זיי האָבן פעסט געהאַלטן די פּאָזיציעס, געמאַכט אַ מענטשלעכע קייט אַרום דעם עמוד, און ווייטער פאָרגעזעצט דאָס זאָגן תהלים, ביז עס איז געקומען פּאָליציי און דעם גאַנצן עולם אַרויסגע־טריבן און צוגעשלאָסן די שול, און הרב קאָוואַלסקי האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו ריידן. אַלס רעוואַנש איז ווען עס איז אַראָפּגעקומען דער אגודה אינסטרוקטאָר אליעזר גרשון פרידענזאָן פון לאָדז און געוואָלט האַלטן אַן אַגודה׳יסטישן רעפעראַט אין גרויסן בית המדרש, איז ער געשטערט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער יוגנט פון אַלע שאַטירונגען און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די בימה, און ער האָט פאָרגעזעצט זיין רעדע אין קיעלצער שטיבל.

דער פּאַרטיי קאַמף האָט אַריינגעבראַכט לעבעדיקייט און אויפמונ־טערונג צווישן דער יוגנט.



# די לינקע באַוועגונג אין טאָמאַשאָוו

• לאה פרידלענדער

אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן פּאָליטישע באַוועגונגען פון אַלע ריכטונגען אויף דער פּוילישער ווי אויך אויף דער אידישער גאַס. אין טאָמאַשאָוו איז געקומען צום לעבן די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַלע אירע שאַטירונגען, און נאָכהער אויך דער בונד.

נאָך פּוילענס באַפרייאונג וואָס איז אויסגעפאַלן איין יאָר נאָך דער אָק־טאָבער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן הערן אָפּקלאַנגען פון אַ קאָמוניסטישער באַוועגונג. מ'האָט שוין שטילערהייט געשמועסט אַז דער און דער איז אַ קאָמוניסט. געווי ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן זייערע פּאַרטייאישע טעטיגקייטן איז שווער צו וויסען.

אַרום ענדע זומער 1920 ווען די באָלשעוויסטישע חיילות זענען געשטאַנען האַרט אונטער טאָמאַשאָוו און מ'האָט דערוואַרט זייער אָנקום, האָט זיך באַוויזען אַן אַגענט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צווישען אַ גרופּע אויסבאַהאַלטענע דערזערטירען און אָרגאַניזירט אַ שטאָט פאַרוואַלטונג, וועלכע זאָל אָנהויבן פונקציאָנירן גלייך נאָכן אַריינמאַרש פונם סאָוויעטישן מיליטער. אַזוי האָט מען איבערגעגעבען בסוד פון מויל צו אויער. פון דעם פּלאַן איז סיי ווי גאָרנישט געוואָרען, ווייל אַ חוץ אַן אויסשפּיר אָפּטיילונג וואָס האָט זיך באַוויזען איינמאָל אין אַ שבת בייטאָג, האָט די רוסישע אַרמיי נישט באַוויזען צו פאַרנעמען די שטאָט, גראד דאַן האָט זיך אָנגעהויבן זייער צוריק מאַרש ביז צו דער גרעניץ וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרען לויט'ן דאַמאָלסדיגען שלום אָפּמאַך צווישען פּוילען און די באָלשעוויקעס.

און די ערשטע 20־ער יאָרן האָט מען שוין מיט זיכערקייט געשמועסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ קאָמוניסטישער באַוועגונג אין טאָמאַשאָווער געגנט. אין די שפּעטערע 20־ער, נאָכדעם ווי די פּילסודסקי רעגירונג האָט זיך געלאָזט אויף מער שאָוויניסטישע וועגען און אָנגעהויבן פאַרפאָלגען די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען האָט זיך דער קאָמוניסטישער געדאַנק פערשפּרייט אַלץ מער און מער צווישען די לעצטע. די עקזיסטענץ פון זייער אונטערערדישען אַפּאַראַט איז מער פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. אַרעסטען און משפּטים געגען קאָמוניסטען איז געוואָרען אַן אָפטע דערשיינונג אין שטאָט. די אָפּגעגעבענע

שטימען פאַר זייער ליסטע ביי די סיים וואָלטן הגם אין אַ קליינע צאָל האָבען אויך עדות געזאָגט וועגען אַ פּאַרטיי אַפּאַראַט וואָס פונקציאָנירט, ווייל קיין אָפענע וואָל אַגיטאַציע האָט מען נישט געטאָרט פירען. אין די אָנהויב 30־ער יאָרן איז שוין זייער איינפלוס אויף די פויערים אין די מזרח דערפער פונם פּאָוויאַט, וועלכע זענען געווען מערסטענס באַוואוינט פון אוקראַאינער, געווען מער בולט. דאָס איז געווען אין דער צייט פון פּאַסיפיקאַציע. די פוילישע רעגירונג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פערפוילישען די אוקראַינישע פויערים, צו ברענגען זיי אונטער די פליגעל פון דער רוימיש קאַטוילישער אמונה. פאַר דעם צוועק האָט זי באַנוצט פערשידענע רשעותדיגע מיטלען פונאַנדערנעמען די קלויסטערס און ענליכעס. די רעאַקציע פון די אוקראַינער איז געווען דאָס אַרונטערפאַלען דעם קאָמוניסטישען איינפלוס. דאָס זעלבע איז געשען אין שטאָט, וואו דער פולס פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט האָט געקלאַפּט אויף דער אידישער גאַס. דער מלוכה׳שער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט בהדרגה גענומען אַרויס שטופען אידען פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, האָט נאַטיר־ליכערווייזע געזייעט זוימען פון שנאה צום עקזיסטירענדען רעזשים. די אידישע יוגענט האָבענדיג פאַר זיך אַן אויסזיכטלאָזע צוקונפט, ווייל אַלע טויערן פון די מלוכה׳שע אונטערנעמונגען זענען געווען פאַר איר פאַרשלאָסען, און אידישע מלאכה און האַנדעל זענען געפאַלען אונטער דער שווערער לאַסט פון שטייערן, וועלכע די מלוכה האָט בכיוון אויף זיי אַרויף געלייגט זיי צו דערשטיקען. און דערצו אויך די חוזק׳דיגע באַציאונג פון די מאַכט אָרגאַנען צו די אידישע אינטערעסאַנטען, — האָט געפּפענט איר האַרץ אַלץ ברייטער און ברייטער פאַר דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט געהאַט פּאַרטיגע לאָזונגען צו די אַלע אָנגעווייטיגטע פּראָבלעמען. אָט האָט איר אַ שכנות׳דיג גרויס־לאַנד וואו אַלע לעבען גליקליך אָן אַרבעטסלאָזיגקייט אָן אַנטיסעמיטיזם א. אַ. וו. און ווייטער. די יוגענט האָט נאַטירליך גענומען ערנסט אָט די אַלע לאָזונגען. דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַפּאַראַט האָט זעהר געשיקט אויסגעניצט די אַלע אַנטי־מלוכה שטימונגען סיי ביי די אוקראַינער און סיי ביי אידען. זי האָט געעפּענט אַ כלומר׳שט אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי ביי די אוקראַינער א. ב. „סעלראב" און דאָס זעלבע ביי אידען א. ב. „אַלגעמיינע אידישע אַרבעטס פּאַרטיי" פערקירצט „איאַפּ". דורך די 2 פּאַרטייען, האָט די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע געקריגען אַ פרייען צוטריט צו די בע׳עוולה׳טע מינדערהייט׳ס מאַסען, דורך זייערע צייטונגען זשורנאַלען און פערשידענע אויפרופען. אין אָט דער ליטעראַטור איז די מלוכה שאַרף אָנגעגריפען געוואָרען פאַר די עוולה׳ס געגען די מינדערהייטען. די אויספירען זענען נאַטירליך געווען, אין אַ נישט גאַנץ קלאָרער פאָרם, פּראָ סאָוויעטישע, די אויבנדערמאָנטע 2 פּאַרטייען זענען פאַר אַ געוויסער צייט געווען לעגאַל אָבער די מלוכה האָט געהאַלטען אַ וואַכזאַם אויג אויף זיי.

אין טאָמאַשאָוו האָט זיך געעפֿענט דער „איאַפּ״ אין ענדע זומער 1933, איר הויפּט טעטיגקייט איז געווען צו שיטען פּעך און שמוץ אויף אַלע אַנדערע אידישע פּאַרטייען, און ווי פֿאַרבייגייענד גלאָראָפיצירען די וואונדער אויפטוען פונם ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין מוצאי שמחת תורה־נאַכט אינם זעלבען יאָר איז אַ שלוח פון דער פּאַרטיי מר זיגמונט שטיין אויפגעטרעטען ביי אַ קליינעם עולם צוהערער אין טאָמאַשאָווער „פֿאָלקס הויז״ מיט אַ רעפעראַט געווידמעט דעם „פּאַרראַט צו די אַרבעטער מצד דעם „בונד״. איר עקזיסטענץ אין טאָמאַשאָוו האָט גאָרנישט לאַנג אַנגעהאַלטען. דער קאָמוניסטישער פּרצוף האָט זיך צו בולט אַרויסגעוויזען און גאָר וויניגע, ווייזט אויס, האָבען געוואָלט זיין פֿאַרבונדען מיט איר.

ביים באַהאַנדלען די טעטיקייטן און דעם אויפבלי פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי ביי דער אידישער יוגנט אין טאָמאַשאָוו האָב איך בכיוון געצויגען אַ פּאַראַלעל מיט זייערע דערפּאָלגען ביי דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג כדי אונטערצושטרייכן די געמיינזאַמע סבה דערפון און דאָס: די ברוטאַלע באַציאונג פון די פּוילישע מאַכט אָרגאַנען צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען. די טענות פון די אַנטיסעמיטען אַז אויף דער אידישער גאַס איז זיך דער קאָמוניזם צעוואַקסען, וואָס ס׳איז אגב ווייט פונם אמת ווי מיר וועלען עס באַלד זעען, דאַרפען לכן געווענדעט ווערען צו זיי אַליין. דאָס האָבען זיי מיט זייערע אונמענשליכע האַנדלונגען לגבי זייערע אידישע מיטבירגער געוואָרפען געוויסע טיילען פון דער אידישער יוגענט אין די אָרעמס פונם פאַרפירערישען קאָמוניזם. און ווען מיר ווילען וויסען אויף וויפיעל ס׳זענען זיך באמת צעוואַקסען די כחות פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אויף דער אידישער גאַס, וועלען מיר פּרוּווען זיי פּערגלייכען מיט די כחות פון אַלע אַנדערע אידישע פּאַרטייען וועלכע זענען געווען אין שטענדיגען גערעאַנגעל מיט זיי און זייער כח וועט זיך געפונען נישט ווייט פונם ציפער „0״ (זעראָ). אויב מ׳האָט געקענט רעדען וועגען זייער איינפלוס אויף געוויסע טיילען פון דער אידישער יוגענט האָט זיך עס אָבער וויי ניג געלאָזט מערקען ביי דעם דערוואַקסענעם דור. ביי וואַלען צום סיים וואו אַ שטימבאַרעכטיגער האָט געמוזט זיין נישט אינגער פון 21 יאָר האָט זייער ליסטע אָנגעצויגן עטלעכע צענדליק שטימען פון וועלכע אַ טייל זענען געקומען פון אוקראַינישע וועהלער אין שטאָט. דער געשריי פון די אַנטיסעמיטען אַז די אידישע גאַס איז באַהערשט פון קאָמוניסטען איז לכן געווען נישט נאָר אַן איבערגעטריבענער נאָר אינגאַנצען אַ גרונטלאָזער.

דער קאָמוניסטישער טאַראַראַם אין שטאָט האָט נישט לאַנג אַנגעהאַלטען, ביסלעכווייז האָבען זיי פאַרלוירען יעדען אָנהאַלט אַפילו אין דער יוגענט. אין די לעצטע עטליכע יאָר פאַרן קריג, האָט זיך קיין שום טעטיגקייטען פון זיי נישט געלאָזט הערען.

אויפגעשטאַנען תחית־המתים איז די פּאַרטיי, ערשט נאָכדעם ווי די רויטע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין טאָמאַשאָוו אין ערב סכות 1939. זי האָט דאַן איבערגענומען די ציווילע אַדמיניסטראַציע אין שטאָט ..ונטער דער פירערשאַפט פון דער מיליטערישער מאַכט. און נישט קוקענדיג דערויף וואָס די מערהייט איינוואוינער אין שטאָט זענען געווען אידען, האָט זי דאָך נישט געוואָגט איבערצוגעבען דעם אַמט פון בירגערמייסטער צו אַ איד. דעם אַמט האָט פערנומען דער קריסט זשעברון.

זייער מאַכט האָט אָנגעהאַלטען בלויז 2 וואָכען ביז די רויטע אַרמיי האָט פּאַרלאָזט די שטאָט לטובת זייערע פּאַרבינדעטע — די דייטשען. דער גאַנצער פּאַרטיי אַפּאַראַט האָט צוזאַמען מיט דער אַרמעע זיך דאַן עוואַקואירט קיין ראווע־רוסקע.

פון די אַלע פּאַרטיי חברים איז ביז היינט צו טאָג קיינער אין דער פּאַרטיי נישט פּאַרבליבען. אייניגע פון זיי האָט היטלערס רשעות׳דיגע האַנד דערגרייכט און געמאַכט אַ סוף צו זייערע יונגע לעבענס. די איבעריגע זענען צעשפּרייט איבער פערשידענע וועלטס טיילען, וואו זיי קוקען מיט בענקשאַפט און באַדויערן צו זייער ווייטער שטורמישער פאַרגאַנגענהייט. מיט בענקשאַפט: צו אַ צייט ווען זיסע חלומות האָבען געשוועבט פאַר זייערע אויגען, חלומות וועגען אַוועלט אַ דערהויבענע, אַ באַפרייטע פון עוולות און אונטערדריקונגען. מיט באַדויערן — וואָס זיי האָבען אַזוי פיל ענערגיע, נשמה און לעבען אַוועקגעגעבען פאַר אַ שטרעבען וואָס האָט זיך מיט אַזאַ שאַרפער בולטקייט אַרויסגעוויזען צו זיין אַ פוסטער חלום.

יעצט ווען מיר שטעלען אַ שטיין אונזער פאַרשניטענער שטאָט מיט אירע מענשען און אינסטיטוציעס לאָמיר מיט וואַרימער סימפּאַטיע דערמאָנען אויך די אידישע אינגלעך און מיידלעך וואָס האָבן מיט אויפריכטיקער מסירת נפש׳דיגער איבערגעבענהייט געקעמפט פאַר אַן אידעאַל אין וועלכען זיי האָבען געגלויבט ס׳ליגט די דערלייזונג פון דער מענשהייט.



# די אידישע יוגנט אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו לובעלסקי

● **פנחס ערליך,** בוענאָס איירעס

די אייגנאַרטיקייט כאַראַקטער שטריכן און מהות פון דער טאָמאַשאָווער יוגנט, געבאָרן אין די יאָרן 1916-17-18. — די ציוניסטישע יוגנט באַוועגונג, דאָס קינד פון באַשטימטע פּראָצעסן און פון אַקטועלער נויטווענדיקייט. — פון וואַנען די טאָמאַשאָווער יוגנט האָט געשעפּט איר גייסטיקע יניקה און אינטעליגענץ. — בית הספר יבנה. — „שקאָלא פּאווּשעכנאַ" — די שטאָטישע פּוילישע גימנאַזיום. — דער החלוץ — „הפועל" „ביתר און מנורה" „השומר הצעיר און שומריה" „מכבי" „הפועל המזרחי און השומר הדתי" „פּרחי אגודת ישראל" „בונד און סקיף" מאַרטירער יוגנט. — קדושה און גבורה.

**עס** בלוטיקט דאָס האַרץ און עס ציטערט די האַנט ביים אויפשרייבן בלויז דעם טיטל פון דער דאָזיקער אַרבעט „די אידישע יוגנט אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו ליובעלסקי", ובפרט ווען איך ווייס אַז די דאָזיקע מיטאַרבעט אין יזכור בוך דאַרף דינען ווי אַ מאָנומענט נאָך דער טייערער טאָמאַשאָווער יוגנט, וואָס די גרעסטע טייל פון איר איז אומגעקומען מיט כל מיני מיתות משונות דורך דער בעסטיאַלער היטלער האַנט מיט דער מיטהילף פון זיינע אַלאירטע פּוילישע מערדער שותפים, וואָס האָבן אויך נישט קיין קליינעם חלק אין דעם שוידערלעכן אומקום פון דעם בעסטן פון פּוילישן אידנטום — דער יוגנט.

מיר איז גוט באַקאַנט די יוגנט וואָס איז געבוירן אין די יאָרן 1916, 1917 און 1918, ערב דעם סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה אין מיין געבוירן פּאוויאַט־שטאָט טאָמאַשאָוו לובעלסקי. ווילן זיך דאָ פּאַרציי־כענען אייניקע כאַראַקטער שטריכן, די אייגנאַרטיקייט און דער מהות פון דער דאָזיקער יוגנט, מיט וועלכער עס איז מיר אויסגעקומען צו אַקטירן אַלס זייער חבר, מנהל און מדריך אין דער ציוניסטישער יוגנט און ספּאָרט באַוועגונג, און עס איז מיין טיפער וואונטש אַז איך זאָל חלילה ניט נכשל ווערן, ניט איבערשאַצן (מחמת סענטימענט) און ניט מינדער־שעצן, און איך טו תפילה, אַז עס זאָל מיר געראָטן צו געבן אַ טרייע און

ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער פאַרשידענאַרטיקער יוגנט, וואָס האָט אין טאָמאַשאָוו זיך קאָנצענטרירט אין פאַרשידענע גרופּן און קרייזן אין פאַרשידענע חלוצישע און נישט חלוצישע יוגנט באַוועגונגען, וואָס זיינען פאַרבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון, און איבער וועלכע עס קומט מיר אויס צו לאָזן אַ טרער און לייגן אַ באַשיידענע קוויט אויף זייער אומ־באַקאַנטן קבר.

עס איז ביי אונז אין אידישן לעבן געווען אַן עפּאָכע פון יוגנט באַוועגונג. אויב מיר ריידן וועגן דער ציוניסטישער יוגנט באַוועגונג אין וועלכער דער גרעסטער פּראָצענט יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט, דאַרפן מיר אונטערשטרייכן אַז די ציוניסטישע יוגנט באַוועגונג איז אין אַ געוויסער מאָס געווען דאָס קינד פון באַשטימטע פּראָצעסן און אַקטועלע נויטווענ־דיקייט. די נויט פון דעם פאָלק און זיינע גאולה לעכצונגען האָבן געבוירן די יוגנט באַוועגונג, די יוגנט האָט רעוואָלטירט קעגן דעם גלות, זי האָט געשטרעבט צו אַ נייעם און אומאָפּהענגיקן לעבן, און זי האָט געבראַכט די גורל׳דיקע ענדערונג: מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן אַז אויך די מיטגלידער פון „ביל״ו״ זיינען געווען יוגנטלעכע און אַז די צווייטע און דריטע עליה האָבן געבראַכט קיין ארץ ישראל ענטוזיאַסטישע, ברויזנדיקע, קעמפנדיקע און שטורמישע יוגנט, מיט אַ גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט צו זייער אידעאַל, די צענדליקער טויזנטער חלוצים וואָס זיינען געקומען נאָך זיי אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, האָבן שפּעטער מיט ענטוזיאַזם און אייפער פאָרגעזעצט זייער ווערק, און אַ דאַנק זייער מסירת נפש איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער באַנייטער אידישער מלוכה׳שקייט.

קען איך צענדליקער יוגנטלעכע, פון טאָמאַשאָוו, מיט אַ סך פון זיי האָב איך זיך געטראָפן ביי מיינע צוויי באַזוכן אין ישראל אין 1951 און אין 1961, וואָס האָבן זיך, באַוואָפנטע פון חלוצישן אידעאַל אָנגעשלאָסן צו דעם אויפבוי ווערק און צו די בויער פון נאָך דאַן ארץ ישראל, און היינט לעבן זיי צווישן דעם גליקלעכן טייל פון דער ישראל באַפעלקערונג וואָס האָט זיך איינגעגלידערט אין דער נייער ישראלווירקלעכקייט, ווער אין שטאָט, ווער אין אַ מושב און ווער אין קבוץ.

— פון וואַנען האָבן די דאָזיקע יוגנטלעכע געשעפּט זייער גייסטיקע יניקה און חלוצישע אינספּיראַציעס, און פון וואַנען בכלל דער גאַנץ טיפער באַוואוסטזיין און העכערע אינטעליגענץ פון דער טאָמאַשאָווער יוגנט, פון וועלכער אַ גרויסער פּראָצענט לעבט איצט אין ישראל און אַנדערע אין דעם פאַרוואָרצלטן אידישן ישוב אין נאָרד אַמעריקע און אין די נייע אידישע תפוצות פון זיד אַמעריקע, בעיקר אַרגענטינע, בראַזיל און אורוגואי, — פון וואַנען?

דאָ דאַרפן מיר אָנהויבן פון בראשית, דאָ קומען מיר צום קאַפּיטל אַ „בית הספר יבנה" (פריער זיך גערופן בית הספר תורה ודעת), הגם מיין ווייניקייט, פונקט ווי אַנדערע מיינע חברים האָבן אידעאיש רעוואָלטירט קעגן די הויפּט עיקרים און פּרינציפּן פון דער אידעאָלאָגישער ריכטונג און שיטה פון דער מזרחי שול יבנה, מוז איך אָנערקענען און מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט אַז דער בית הספר יבנה האָט אין אונז איינגעפלאַנצט מידות, אונז באַוואָפנט מיט אידיש קענטעניש, האָט געהאָדעוועט און ביי אונז אַנטוויקלט אידישע פּערזענלעכקייט.

טראָץ דעם וואָס מיר האָבן געלעבט אין אַן אַטמאָספער פון גאַנצער אידישקייט, פולבלוטיקע אידישע היימען מיט אידישן שטייגער לעבן, מיט אידישן אינהאַלט, האָט מען דאָך באַדאַרפט ביי אונז תלמידים אַנטוויקלען אַן אָרגינעלע זעלבסטשטענדיקייט, און אַ באַוואוסטזיין פאַר אידיש קענטע־ניש, און דאָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך העברעאיש, תנ"ך, תלמוד, אידישע אמונה און גייסטיקע מאָראַלישע ווערטן פון אידענטום, אויסער די וועלטלעכע לימודים ווי נאַטור וויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק, פיזיק, כעמיע, פוילישע שפּראַך און אַנדערע לימודים וואָס זיינען געלערנט געוואָרן אין דער יבנה שול. איך געדענק אַז מיר האָבן אויסגעלערנט גענוג עברית כדי צו קענען באַקומען דעם ריכטיקן שליסל, מיט וועלכן אַ גרויסע טייל פון מיינע חברים היינט האָבן געקענט עפענען די טויערן פון דער העברעאי־שער ליטעראַטור. מיר דוכט זיך אַז אונזער גאַנץ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיטן תנ"ך האָט אויף אונז קינדער טיף געווירקט און האָט אַרויסגעשיינט פון אונזערע קינדערשע נשמות. ארץ ישראל קענטעניש האָט אין דער יבנה שול פאַרנומען זייער אַ וויכטיק פּלאַץ. ביז היינט באַהאַלט איך און היט שטאַרק אָפּ דעם ערשטן אַלבום בילדער וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן. שוין דעמאָלט האָב איך אין די ישראל בילדער געזען דעם וואונדער פון אויפבוי און די אוצרות פון דער ארץ ישראל צוקונפט. ווער פון אונז קען פאַרגעסן די אָרעמע (אָבער פאַר אונז קינדער אַן אוצר) בייטעלעך מיט חמשה עשר בשבט פּרוכטן פון ארץ ישראל.

הונדערטער אידישע קינדער וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די צוקונפטיקע יוגנט, האָבן זיך דערצויגן אין דער יבנה שול. די שול האָט אויף אונז קינדער געווירקט אַז דער היסטאָרישער קשר מיט ארץ ישראל, זאָל אין אונז פאַרקערפּערט ווערן, און מיר זאָלן דאָס שפּעטער ווערן די וואָרט זאָגער און די מדריכים אין די פאַרשידענע אויבן אויסגערעכנטע יוגנט באַוועגונגען.

כדאי דאָ צו דערמאָנען אַז עס איז אַפילו געווען אַ פּרוואוו פון גרינדן אַ תרבות שול ביי אונז אין שטאָט. איך פּערזענלעך האָב זיך

באַשעפטיקט מיט דער אָרגאַניזאַציע, אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט האָב איך זיך פאַרשטענדיקט מיט מיין געוועזענעם לערער יואל קויפמאַן (ער איז געווען אַ לערער אין יבנה שול, און אויך אַ בוכהאַלטער, עס איז מיר נישט באַוואוסט זיין גורל). מיר האָבן שוין געהאַט אַפילו אַ סטעמפל און פאַראינטערעסירט אַ גרופּע מענטשן, נאָר מחמת מיין זיין שטאַרק באַשעפטיקט אַלס ראש הקן פון השומר הצעיר, און מיין גרייטן זיך צו פאָרן קיין אַרגענטינע 1935 איז די אָרגאַניזאַציע צוגעגאַנגען זייער לאַנג־זאַם. פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע האָב איך דעם שטעמפל און די געשריבענע אָרגאַניזאַציע פּלענער איבערגעלאָזט ביים לערער קויפמאַן. זעט אויס אַז די תרבות שול האָט זיך נישט אָרגאַניזירט.

די יבנה שול איז אָבער געווען די ווירקלעכע אַנטפּלעקערין פון דעם גרויסן ליכט, וואָס איז פאַראַן אין דער אידישער ירושה וואָס האָט איינגעפּלאַנצט אין אונזערע קינדער הערצער אַ פאַרערונג צו די אידישע לעבנס אינהאַלטן, האָט פאַרטיפט ביי אונז די קענטשאַפט פון דער העב־רעאישער שפּראַך און ליטעראַטור, (אידיש אַלס שפּראַך איז נישט בויטיק געווען צו לערנען, אַלע האָבן גערעדט אידיש), האָט פאַר אונז אַנטפּלעקט (הגם מיט פאַרעלטערטע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן) די אייביקע ווערט און די וויזיע פון די אידישע נביאים און אונז אומדירעקט דערנענטערט צו דעם אויפלעבונגס ווערק און לאַנד פון די אבות.

נישט אַלע קינדער האָבן זיך דערצויגן אין דער יבנה שול. אַ גאָר גרויסע פּראָצענט קינדער מיר דוכט זיך צוליב אָרעמקייט, צוליב נישט קענען צאָלן קיין שכר לימוד, זיינען געגאַנגען אין דער טאָמאַשאָווער פּוילישער פאָלקס שול (שקאָלאַ פּאַווּשעכנאַ), אויך מיר איז אויסגעקומען פאַר דער צייט פון מיין פּרימאַר בילדונג צו לערנען אין 7־טן קלאַס פון דער פּאַווּשעכנאַ שול. די טאָמאַשאָווער פּוילישע פאָלקס שול האָט זיך געפונען אין זייער אַ פּאַסיקן שול בנין, עס האָבן אויף אונז געמאַכט אַן איינדרוק די קלאַס צימערן, די לאַבאָראַטאָריעס, די אַרבעטס סאַלעס וואו מען האָט געלערנט סטאָלעריי, די מאָדערנע אויסמעבלירונג, די געשמירטע פּאָלן און אויסערגעוויינלעכע ריינקייט פּונקט דער היפוך פון דער יבנה שול, וואָס האָט זיך געפונען שטענדיק אין געדונגענע דירות נישט צוגע־פּאַסט פאַר קיין שול. די „פּאַווּשעכנאַ שול" איז געווען ממש אין וואַלד, הינטער דער שטאָט ווייט פון שטעטלשן טומל און גערויש. די לערער אין דער שול זיינען זיכער געווען דיפּלאָמירטע. די לערער אין יבנה שול זיינען אין גרעסטן טייל געווען אויטאָדידאַקטן. פונדעסטוועגן געדענק איך גוט אַז די לערער אין דער פּאַווּשעכנאַ שול, די שול וואָס איר שטרעבונג איז דאָך זיכער געווען צו פּאָלאָניזירן די אידישע מינדערהייט, דאָך איז

די ווירקונג פון די לערער אין איינקלאַנג מיט זייער ציל, געווען אויף אונז קינדער, אַ נעגאַטיווע. נישט דערפאַר ווייל מיר זיינען געווען אידישע קינדער און האָבן נישט געוואָלט דורך אַ פּרעדיספּאָזיציע אויפנעמען זייער לערע און דערציאונג, נאָר דערפאַר ווייל זייער אָריענטאַציע איז געווען נישט קיין קלאָרע, זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען און נישט געפונען דעם וועג אויפצוואועקן ביי אונז שילער דעם דראַנג און פאַרשטאַנד פון לערנען. מיר האָבן ווי מיט דורות צוריק געלערנט דורך צוואַנג און אויס מורא פאַר פיזישע שטראָף מיטלען. זעלטן ווען אַ לערער זאָל געווען זיין באַליבט ביי אונז שילער אַזוי אידן ווי קריסטן. מיר געדענקען לערער וואָס זיינען געשלאָפן און געכראָפּעט בשעת דער לעקציע. אַן אַנדערן קריסטלעכן לערער האָבן מיר אַרויסגעשלעפּט ביינאַכט אַ שיכור׳ן פון אַ בלאָטע. דער לערער פון אַרבעט (סטאָלעריי) און דער מחנך פון אונזער קלאַס פלעגט יעדער ווילע זאָגן „כאָראָבא נאַ מאיך זשידקואוו (אַ קרענק אויף מיינע אידעלעך).

יענע לערער איז געווען פרעמד דער כוח און מהות פון חינוך. פרעמד די פאַרשידענע דערציאונג שיטות פון פעדאַגאָגיע בכלל, זיי האָבן געהאַט פאַר זיך די לערן פּראָגראַם, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם קינדער מאַטעריאַל, מיט דעם שילערס מענטאַליטעט, מיט זיין אויפנאַמס פעאיקייט, מיט זיין פיזישער שוואַכקייט, זיין נישט דערנערטקייט, נישט צוגעפּאַסט זיך צו דעם כאַראַקטער פון די קינדער, צו זייער עלטער. איין ציל בלויז האָט געהאַט יענער לערער: דורכפירן זיין פּראָגראַם ביי אַלע באַדינגונגען...

געדענקען מיר זעלטן ווען אַ סימפּאַטישן לערער, צו דעם דאַרף מען צוגעבן די פאַרפעסטעטע אַנטיסעמיטישע לופט וואָס האָט געהערשט אין דער שול, וואָס האָט געהאַט כמעט אַ אידישע מערהייט. איך קען נישט אָפּמעקן פון מיין געדעכעניש יענע אַנטיסעמיטישע און פון אידן אָפּלאַכערישע פאַרשטעלונג, פאַר אַ מערהייט אידישע שילער פאַר דער ווי־נאַכט פייערונג, און ווי אַ לערער האָט זיך נאָכגעיאָגט אין דער אַרבעטס סאַלע מיט אַ זעג נאָך אונזערן אַ אידישן חבר, און האָט דעם שילער צע׳מזיק׳ט מיט דער זעג שיער נישט אָפּהאַקנדיק אים אַ האַנט.

זיינען מיר אַזוי געוואָקסן און זיך דערצויגן די אידיש טאָמאַשאָווער יוגנט אין מדינת פוילן וואו עס האָבן זיך הונדערטער יאָרן דערצויגן אידישע דורות, מיט באַרעכטיקטער שנאה צו דעם אייגענעם פאָטערלאַנד, וואָס האָט געפירט אַ דיסקרעמינאַציע פּאָליטיק לגבי דעם אידנטום, לגבי דער אידי־שער יוגנט. האָבן מיר יוגנט געמוזט אַרויסווייזן אומגעהויערע עקשנות און נאַציאָנאַלע זעלבסטווירדע, און דאָס איז אפשר אויך געווען אַ שטאַרקער מאָטיוו פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַן אייגענעם אידישן שול וועזן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין פוילן ווי אַ קליין קוועלעכל און האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן אין אַ ברייטן טייך.

די פוילישע שטאַטישע גימנאַזיום איז געווען אַ גרויסער צוציאונגס כוח. קלאַסן, מאַטורע, אוניווערסיטעט, אַ מין פאַר׳כשופ׳טע נעץ. און איך געדענק די קנאה וואָס האָט ביי אונז אַרויסגערופן צו די פּאָר אידישע גימנאַזיום סטודענטן, צו זייערע אוניפאָרמען און בכלל צו זייערע מעגלעכ־קייטן פון לערנען אין גימנאַזיום, אין דעם מאָדערנעם ממש לוקסוס בנין. צו לערנען אין גימנאַזיום האָבן זיך געקענט פאַרגינען בלויז די פאַרמעג־לעכערע קינדער. זי די דאָזיקע גימנאַזיום יוגנט האָט שוין בלויז גערעדט פויליש, זיי האָבן געלערנט אויך שבת (אין דער פּאווישעכנא שול האָבן אידישע קינדער נישט געלערנט שבת).

די דאָזיקע „גימנאַזיום גרופּע" האָט זיך שוין געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון דער רעשט יוגנט זיינען נישט געקומען אין די יוגנט אָרגאַניזאַציעס, בלויז געוואַרט אויף דער גליקלעכער מאַטורע.

נישט ווינציק האָבן אָבער די קליינע צאָל גימנאַזיום סטודענטן געהאַט אויסצושטיין פון זייערע קריסטלעכע חברים, מען האָט אָבער געשלונגען די טרערן און ווייטער געלערנט. אייניקע פון די סטודענטן האָבן געמאַכט גאַנץ באַדייטנדיקע קאַריערעס. אַ טייל געראַטעוועטע פון היטלעריסטישן גיהנום„ אודים מוצלים מאש" האָב איך געטראָפן אין ישראל. פון אַנדערע האָב איך געהערט אַז זיי זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע פערזענלעכקייטן אין נאָרד אַמעריקע, און פיל פון זיי האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל פון דער גאַנצער אידישער יוגנט אין פוילן...

דער גרעסטער טייל אָבער פון דער טאָמאַשאָווער יוגנט איז געווען ווי פריער געזאָגט אָרגאַניזירט אין דער חלוצישער יוגנט באַוועגונג, און ביי אַלע אָן אויסנאַם פון פּאָליטישער ריכטונג, פון רעכטן ביתר, וואָס האָט געזונגען „מדן ועד באר שבע ומגלעד לים" ביז דעם החלוץ און




די שטאַטישע גימנאַזיום

השומר הצעיר באַוועגונג, וועמענס לאָזונג איז געווען ברענערס „אף על פי כן" שווימען קעגן שטראָם, איז האָבן אָבער, אַלע געזונגען „עוד לא נותקה השלשלת", עס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן די קייט פון דורות, וואָס ציט זיך פון דור צו דור, איז דאָס געווען אַ געזאַנג פון העכסטן נשמה אקארד, פון דער דאָזיקער יוגנט, וואָס איז אַפילו ביי די ווינציקער



החלוץ הכללי ציוני




עס שטייען פון רעכטס אויבן: פּיניע איילבוים, פייגע ראַפּמאַן, רייזעל מעלדונג (מאַלערמאַן), מאָטעל זינגער, פּסח קרעלמאַן, ציפּורה שטערן, רבקה אייזנשפּיז, חיי מעלדונג; **עס זיצן פון רעכטס:** רחל שטרוזלער, מינדעל קראָס, פייגע שפּייכלער, אַ חבר פון קיבוץ, רייזקע צוקער, אַ חבר פון קיבוץ, סימה ניקעלסבערג, העניע הערבסמאַן; **עס זיצן פון אונטן רעכטס:** העניע דעם סופר'ס, לייביש קאַץ, חנה טורעם. **צוגעשיקט פון** משה פרידלענדער, **נתניה, ישראל**

באָוואוסטזיניקע געווען אינסטינקטיוו פאַרוואָרצלט אין אידישע געשיכטע און די מער באַוואוסטזיניקע וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם זין פון ירושלים של מעלה, און האָבן דאָך געהאַט דעם טיפן גלויבן אַז נאָר שוואַרץ־ערד און אידישער באָדן קען ראַטעווען די אידישע וועלט, ירושלים של מטה מוז זיין אַ פאַרבאַדינג של ירושלים של מעלה. דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן





ספארט קלוב הפועל

דער החלוץ וואָס האָט פאַראייניקט די חדוה און ברען פון דער פרומער כמעט חסידישער טאָמאַשאָוו מיטן שאַפונגס אימפעט און גלויבן פון חלוצי־שער יוגנט.

דער החלוץ ווי איך געדענק איז געווען די ערשטע גרעסטע און אָנגעזעענסטע יוגנט באַוועגונג אין שטאָט, וואָס האָט אַריינגעצויגן אין זיינע רייען די בעסטע יוגנט. געווען איז דאָס אַ יוגנט מיט עטלעכע יאָר עלטער ווי מיין דור. איך געדענק אַז מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו זיי ווי צו־אַ העכערע אינטעליגענץ.

דער החלוץ האָט געהאַט דעם ספּאָרט קלוב „הפועל״, וואו מיר איז אויסגעקומען אַ צייט צו זיין דער סעקרעטאַר. דער דאָזיקער ספּאָרט קלוב האָט געהאַט אָנזען אין שטאָט, צוליב זיינע געוואַגטע פאַרמעסטן מיט די נישט אידישע ספּאָרט קלובן. נאָך אַ פּלוס איז כדאי צו דערמאָנען: עס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין הפועל די יוגנטלעכע פון די „נידעריקערע שיכטן״ פון די טאָמאַשאָווער ווינקל געסלעך. למען האמת אַ פאַרלאָזענע יוגנט אָן אומבאַוואוסטזיניקע וועמענס כוח איך געדענק, אַלס שלעגער. עס איז טיילוויז געלונגען אויסצומענטשלען די דאָזיקע יוגנטלעכע, דורך אָרגאַ־ניזירן זיי און דורך פּראָגראַמירטע שמועסן, ביי וועלכע איך האָב זיך נישט ווינציק באַשעפטיקט.

די צווייטע יוגנט באַוועגונג איז כראָנאָלאָגיש לויט דער צייט פון דער גרינדונג געווען דער ביתר (ברית טרומפּלדור) ביי דער רעוויזיאָניס־טישער באַוועגונג „ברית הצה״ר״.

דער ביתר איז אויפגעקומען ווי אַ באַוועגונג אין דער מאָדע. עס קען זיין אַז עס האָט געזאָקט דער שיינער מונדיר וואָס האָט גערייצט די יונגע נשמות, עפּעס האָט דאָ געשמעקט מיט אַן אַנדערע דיסציפּלין, מיט מיליטערישע מאַרשן און „הדר״. ארץ ישראל איז אַרומגערינגלט פון אַראַבער די גרעסטע שונאים פון די אידן און בלויז מיט דער שווערד וועט מען קענען באַפרייען דאָס לאַנד און האָבן אַן אייגענע ארץ ישראל. „בדם ואש יהודה נפלה ובדם ואש יהודה תקום״, מיט בלוט און מיט פייער איז יהודה געפאַלן, מיט בלוט און פייער וועט יהודה אויפשטיין, און פאַרוואָס עפּעס קעמפן פאַר אַ קליינער ארץ ישראל פאַרוואָס נישט אַ גרויסע ארץ ישראל פוןביידע זייטן ירדן. די אידעאָלאָגיע האָט למען האמת אימפּאָנירט און האָט פאַרכאַפּט די הערצער פון אַ גרויסן טייל יוגנט.

די טעמפּעראַמענטפולע אַרטיקלען אין דעם רעוויזיאָניסטישן אָרגאַן „די וועלט״ פון ראש ביתר זאב זשאַבאָטינסקי זיינען דיסקוטירט און אויס־געטייטשט געוואָרן; ארץ ישראל אויף ביידע זייטן ירדן איז כמעט דריי מאָל אַזוי גרויס ווי בעלגיע און זי וואָלט געקענט אַריינעמען אַ באַפעל־

קערונג פון איבער צוועלף מיליאָן אידן, מען דאַרף שאַפן אַ גרויסע אַרמיי כדי צו שיצן און פאַרזיכערן דאָס לעבן פון דעם נייעם גרויסן לאַנד. די רעוויזיאָניסטישע פאַרטיי איז קעגן קלאַסן קאַמף און דערפאַר איז זי פאַר איין קלאַס אידן, אַלע פאַראייניקט, דערפאַר מוז זי באַקעמפן די לינקע הסתדרות וואָס צעטיילט דאָס פאָלק, שאַפט אַן אַרבעטער קלאַס און פירט שטרייקן, שטרייקן זיינען אַ פאַרברעכן ווייל זיי שטערן דעם נאַציאָנאַלן אויפבוי. מיר זיינען אַלע סאָציאַליסטן. מיר זיינען מסכים מיט דעם יושר־דיקן סאָציאַליסטישן אידעאַל, אָבער דאָס איז אַ זאַך אויף שפּעטער. ווען מיר וועלן האָבן אַן אייגן לאַנד וועלן מיר שפּעטער קעמפן איינצופירן סאָציאַליזם אין דער נייער ארץ ישראל, — אַזוי האָבן גע׳טענה׳ט די באמת אַנטוזיאַסטישע יוגנטלעכע וואָס האָבן מאַניפעסטירט זייער נייעם אידעאַל און גלויבן מיט מאַרשן אין מונדירירטע מאַניפעסטאַציעס איבער די גאַסן פון טאָמאַשאָוו.

אַ שווערן קריזיס האָט אַריינגעבראַכט אין די רייען פון ביתר דער מאָרד פון חיים ארלאזאָראָוו און דער סטאַווסקי פּראָצעס. די זעלבע ביתר יוגנט האָט דאַן זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן און לייענען אויפקלערערישן מאַטעריאַל וועגן דעם מהות און וועגן דער אידעאָלאָגיע פון ביתר און עס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך לאַנגע און זייער ערנסטע ויכוחים אַ מאַסן פאַרלאָזן פון דער ביתר באַוועגונג.

אין יענער צייט איז געקומען אַ גרופּע פון דער באַוועגונג השומר הצעיר און עס האָבן זיך באַוויזן קיבוצניקעס אינגלעך און מיידלעך מיט האַק און זעג איבער די גאַסן. דער השומר הצעיר האָט געעפנט אַן הכשרה פּונקט אין טאָמאַשאָוו.

די דעסאָריענטירטע און צעטומלטע יוגנט וואָס האָט זייער ערשטע ענטוזיאַסטישע ציוניסטישע דערציאונג באַקומען אין ביתר, און איז פון דער דאָזיקער באַוועגונג אַוועק אַנטוישט איז דאָס ערשטע קערנדל דער גרעין פון ערשטן השומר הצעיר קן אין טאָמאַשאָוו.

די אינטעליגענטע הכשרה בחורים און בחורות גרינדן דעם השומר הצעיר ביי דער נקודת ההכשרה. און פּונקט ווי עס האָט געברויזט, געראַשט און געווימלט מיט יוגנט פריער אין קן פון ביתר רוישט און ברויזט אין דעם ניי געשאַפענעם קן פון השומר הצעיר. די יוגנט ווערט דערצויגן אין גייסט פון ציוניסטיש חלוצישן טאַט. אַלס לעבעדיקערביישפּיל דינט דער הכשרה פּונקט וואָס גרייט צו אירע חברים צו „הגשמה" צו פאַרווירק־לעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל נישט מיט קיין לאָזונגען און מאַניפעס־טאַציעס נאָר מיט מעשים.

די יוגנט ווערט דורכגעדרונגען מיט אויסערגעוויינלעכע אָפּפערווילי־

קייט, און מיט פערזענלעכער חלוצישער גרייטקייט. און עס הויבט זיך אָן
אַ מין צוגרייטונג צו הכשרה אויף וועלכער אַ סך רייסן זיך צו פאָרן.

די באַוועגונג השומר הצעיר האָט נישט געהאַט קיין פולע לאַנד
לעגאַליזאַציע אין גאַנץ פוילן, נאָר אין געוויסע טיילן פון לאַנד. געוועזן
שטעט וואָס דער השומר הצעיר האָט געמוזט פיגורירן אונטער דער





פלוגה א׳ פון השומר הצעיר

לעגאַליזאַציע פון אַ ספּאָרט קלוב „שומריה״, אַזוי איז אויך געווען אין טאָמאַשאָוו, האָבן מיר געמוזט זוכן וועגן און אומוועגן צו קענען לעגאַל עקזיסטירן, פּאָליציי האָט שוין אָבער געפונען אַ מיטל צו שליסן דעם לאָקאַל.

געדענק איך אַז מיר האָבן געהאַט אָרגאַניזירט אַ טרומפּעלדאָר אַקאַדעמיע. איז געקומען געהיים פּאָליציי צעטריבן דעם גרויסן עולם פאַר־זאַמלטע עלטערן און יוגנט, און אַרעסטירט די אָנפירער פון אַקט, און געשלאָסן דעם לאָקאַל, אַני הקטן בין דאַן געווען דער ראש הקן און ממילא צווישן די אַרעסטירטע.

ביי אַ צווייטער געלעגענהייט בין איך געפאָרן אין שליחות קיין לאַשטשעוו כדי צו אָרגאַניזירן אַ קן פון השומר הצעיר האָט מיך אויך דאָרט די פּאָליציי אַרעסטירט און מיך צוריקגעשיקט קיין טאָמאַשאָוו איך בין נאָך דאַן געווען אַ מינדעריעריקער. דער אידעאָלאָגישער קאַמף צווישן די יוגנט באַוועגונגען אין פריקן איז געווען גרויס האָט מען דאַן געשמועסט אַז אין בײדע פאַלן האָט אונז אַן אַנדערע באַוועגונג פאַר׳מסר׳ט.

אויך דער ביתר האָט געהאַט אַ ספּאָרט קלוב מיטן נאָמען „מנורה״, די אַקטיוויטעט איז געווען זייער אַ רעדוצירטע און מיט דער פאַרקלענערונג פון דער גרופּע יוגנט האָט די ספּאָרט גרופּע זיך כמעט ווי אויפגעלייזט.

אַ קליין שטיקל צייט האָט אויך עקזיסטירט אַ ספּאָרט קלוב „מכבי״ למען האמת געדענק איך נישט קיין ספּעציעלע אַקטיוויטעט וואָס זאָל כדאי זיין צו דערמאָנען, איך געדענק אויך נישט וועלכע טייל פון דער יוגנט האָט זיך גרופּירט אַרום „מכבי״.

זייער אַ באַגרענעצטע צאָל יוגנטלעכע האָט אַקטואירט אין „השומר הדתי״ אייגנטלעך האָבן זיי באַדאַרפט שעפּן זייער רעזערוו פון דער איינצי־קער גרויסער און וויכטיקער שול יבנה. נאָר עפּעס האָט זיך דער רעזערוו אויסגעלאָזט, עפּעס האָט זיך ווי אויסגעטריקנט דער קוואַל. פון איין זייט האָט ווי פריער דערמאָנט די יוגנט רעוואָלטירט זיי זיינען אַוועק אין אַנדערע יוגנט באַוועגונגען און פון דער צווייטער זייט האָט דאָס קליינע הייפל טריי געבליבענע דעם גייסט פון מזרחי זיך גרופּירט אין „הפועל המזרחי״.

פלעגן מיר באַגעגענען אַ רעדוצירטע גרופּע יוגנט פון השומר הדתי, זייער אַנדערשקייט פון דער אַנדערער יוגנט האָט זיך אויסגעטיילט מיט דעם, וואָס זיי האָבן געטראָגן אידישע היטעלעך, זיי פלעגן זיך באַווייזן אויף דער צענטראַלער לוואָווסקע גאַס בלויז אינגלעך, דאַקעגן די אַנדערע יוגנטלעכע פלעגן אָפּט אַרומשפּאַצירן אינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. זייער סימפּאַטיש, איידל אין זייער גאַנג (הצנע לכת) און אין זייער באַנעמונג זיינען געווען די דאָזיקע יוגנטלעכע וואָס האָבן פאַרביישפּאַצירט די שבת־

דיקע גאַס מיט מייעסטעטישער רויקייט און אַרויסגערופן דרך ארץ צו זיך. זיי די שטאָלצע זין פון עם קשה עורף, וואָס זיינען גרייט געווען שטאָלץ צו לעבן און שטאַרבן פאַר אידישקייט, און פאַר נצח ישראל.

עפּעס דערמאָנט זיך מיר ווי אין אַ חלום די יוגנט פון דער פאַרטיי אגודת ישראל וואָס זאָל זיך האָבן גערופן „פרחי אגודת ישראל", עס קען זיין אַז זייער צאָל איז לויט דער פּראָפּאָרץ פון דער גאַנצער טאָמאַשאָווער יוגנט, געווען נישט קיין קליינע. נישט מער מיר האָבן זיי נישט געזען. מיר האָבן זיך מיט זיי נישט באַגעגנט. זיי זיינען געווען קאָנצענטרירט אין די זייער נאָענט אידעאָלאָגישע שטיבלעך. זיי וואָס האָבן באַזירט זייער אַקטואַציע אויפן יסוד פון אידיש רעליגיעזער עטיק, גאָט איז דער מקור, דער ציל פון יעדער מאָראַלישער שטרעבונג, מען דאַרף נאָר מקיים זיין דעם פּסוק „ואהבת את ה' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך" און די ליבע צו אים מאַכט אונז זעליש גליקלעך. די דאָזיקע ליבע איז פאַר יענע יוגנטלעכע אַ לאָגישע נויטווענדיקייט, נאָר כדי די דאָזיקע ליבע זאָל נישט זיין אומפּרוכטבאַר האָט מען זיי פּראַקטיצירט אין זייער געזעל־שאַפטלעכן שטיבל־לעבן ביי אַ בלאַט גמרא און ביי זייערע שמועסן וואָס האָבן געצילט לויט זייער וועלט באַנעם צו אידישער רעליגיעזער שלמות.

אויך די טיף פאַרוואָרצלטע קולטור פאַרטיי אין טאָמאַשאָוו דער „בונד" האָט געהאַט אַ יוגנט גרופּע מיטן פאַרקירצטן נאָמען „סקיף".

דער עקאָנאָמישער קאַמף פון דער קליינער אַרבעטער פאַרטיי אין טאָמאַשאָוו ווערט אַ דאַנק דעם בונד אַ דערציאונגס שול פאַר דער פּאָליטי־שער רייפקייט פון די אַרבעטער, און דערוועקט ביי זיי די שטרעבונג צו בילדן זיך, האָט דערפאַר דער בונד געהאַט די גרעסטע אידישע ביבליאָטעק אין שטאָט.

די עקאָנאָמישע שטרייקן ווערן אַ פּאָליטישע שול פאַר די שטאָטישע אַרבעטער און דער קולטורעלער אויפשטייג קומט צוזאַמען מיט דער צע־וואַקסונג פון דער קאַמפּסשטימונג צווישן זיי.

בירושה האָט די בונדישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַר־בעטער איבערגענומען די טראַדיציע פון פייערן דעם ערשטן מאַי. די דאָזיקע פייערונג איז באַטראַכט געוואָרן פאַרן מאַסשטאַב מיט וועלכן מען האָט געמאָסטן דעם וואוקס און אויפשטייג פון די אַרבעטער מאַסן.

געדענקען מיר די פון איין זייט יום טוב'דיקע שטימונג פון ערשטן מאַי אויף דער גאַס און פון דער אַנדערער זייט די מורא'דיקע לופט וואָס האָט געהערשט מחמת מאַניפעסטאַציעס, פּאָליציייאישע אינטערווענץ אַרעסטן און געשלעגן מיט די מאַכט אויספירער. באַזונדערס געדענק איך די יוגנט פון בונד פון די ערשטע מאַי מאַניפעסטאַציעס. זייער צושפּיליען די רויטע

בלימלעך, זייער לויפן מיט דער רויטער פאָן, זייערע לאָזונגען: פרייהייט פון שטרייקן, פרייהייט פון וואָרט און פרעסע, העכערע לוינען, אַכט שעה׳־דיקער אַרבעטס טאָג א. א. וו.

פאַרשטייט זיך אַז אין דער בונדישער יוגנט אָרגאַניזאַציע סקיף האָבן זיך גרופּירט אַרבעטער יוגנט. קינדער פון פאַרשידענע בעלי מלאכות. אַ דאַנק דער גרויסער אידישער בונדישער ביבליאָטעק האָט זיך די יוגנט געהאַט וואו צו פאַרזאַמלען און אַ מעגלעכקייט זיך צו בילדן אין דער אידישער שפּראַך.

פלעגן מיר זיך אין די שיינע זומערדיקע טעג טרעפן די גאַנצע יוגנט פון אַלע שיכטן און פון פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס אין די געדיכטע וועלדער וואָס אַרום שטאָט. פון אַלע ווינקלען וואַלד פלעגט אָפּקלינגען דאָס הילכיקע געזאַנג פון אַן אָרעמער אָבער פריילעכער און גליקלעכער יוגנט, וואָס איז געגאַנגען געשלאָסן האַנט אויף אַקסל, געגאַנגען פריי, זאָרגלאָז, און פאַרהילכט דעם וואַלד מיט יוגנט פרייד, טאַקע נאָר ווי יוגנט קען נאַטירלעך זיין פריילעך און מוטיק.

באַזונדערס קען זיך נישט פאַרגעסן די מאַי שפּאַצירן („מאַיאָווקעס״) אויפגעשטאַנען איז מען באַגינען מיטן זון אויפגאַנג און לאַנגע רייען יוגנט־לעכע פלעגן ציען אין די וועלדער, כמעט אַלע שבת באַגינען האָב איך געהאַט די סאַטיספאַקציע צו קענען געבן שמועסן וועגן ציוניסטישער געשיכטע פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם און מיט אַן אַנדערער רעדוצירטער גרופּע לייענען קאַפּיטלען פון פראָפ. קלויזנער׳ס ישו הנוצרי, ווען האָט גאָר געקענט איינפאַלן אַז מיר וועלן ווערן אבלים, אַז מיר וועלן דאַרפן באַוויינען דעם אומקום פון דער דאָזיקער ליכטיקער יוגנט, ווען האָט געקענט איינפאַלן אַז דער טויזנטיאָריקער אידישער דאַמב פון פוילן זאָל אַרויסגעריסן ווערן מיט די וואָרצלען, ווער וועט קענען באַשרייבן דעם קידוש השם פון אידישן קינד אין פוילן, פאַר די קומענדיקע דורות, ווי קענען מיר פאַרגעסן אין די דאָזיקע חלוצים פון אַלע ריכטונגען וואָס האָבן אונטער די שווערסטע באַדינגונגען איינגעהאַלטן זייערע הכשרות, זייער חלוציש לעבן און זיינען געוועזן דער וויכטיקסטער ווידערשטאַנדס כוח פון אידישן פוילן און געשפּילט די הויפּט ראָל אין אויפשטאַנד קעגן דער דייטשישער בעסטיע.

ווי קענען מיר פאַרגעסן די פרומע יוגנט וואָס האָבן אַזוי פיל געליטן און געטראָגן מיט ווירדע גאָטס נאָמען, אונטער די פייער ריטער פון דייטש האָט זייער שמע ישראל דורכגעשניטן די הימלען און אויפ־געציטערט זייערע פייניקער, מען טאָר אָפילו נישט אויסריידן קיין האַלב

קריטיק וואָרט אויף אונזערע אַנוסים וואָס האָבן אָנגעטאָן צלמים אויף דעם האַלדז און האָבן אין די זונטיקס שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה פאַר היטלערס פאַרניכטונג.

ווי קענען מיר פאַרגעסן די אידישע טעכטער פון החלוץ, השומר הצעיר, ביתר, בונד, וואָס זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון די נאָמענלאָזע מאַרטירעריגס פון די קרייצצוגן...

איז געווען ווען אַ קרבן
העכער הייליקער ?
איז אַזוי ווען ווער געשטאָרבן
גרעסער, גרויליקער ? (א. ליעסין „די נאָמענלאָזע״)

זיי אַלע די דאָזיקע גע׳רודפ׳טע, געטריבענע, געמאַטערטע, פאַר־פייניקטע, פאַרשניטענע, זיי די דאָזיקע, דאָ דערמאָנטע יוגנט, זיי קומט דער אויבנאָן אין מאַרטירער פאַנטעאָן פון ימי היטלער ושותפיו ימח שמם.

יזכור! לאָמיר געדענקען די דאָזיקע יוגנט פון קדושה און גבורה, וואָס זיינען אַלע צוזאַמען אַנטקעגן געגאַנגען דעם טויט. זייער אַלעמענס נאָמען זאָל לייכטן לדור דורות.



# בית־ספר „יבנה"

● **אריה ארבספלד**

**ברצוני** לסקר בקצרה את תולדות מוסד חנוכי זה אשר האציל מרוחו והטביע את חותמו על מהלך החינוך בעירנו טומשוב.

עד שנת 1915 היתה עירנו תחת שלטון הצאַר הרוסי, אשר דכא ביד אכזריה כל חפש וקדמה. בעזרת כמה יהודים „נכבדים" ומלשינים שלט ברחוב היהודי. והם השגיחו בשבע עינים שלא חלילה יחדר קו אור של השכלה. היה מעשה שרצו ליסד ספריה, הודיעו תו"מ לנצ׳לניק והסבירו לו את מה שהיה צריך, והלה אסר את יסוד הספריה. ביחוד, נלחמו — הנכבדים האלה — בשפה העברית. ציונות היא ממש כפירה — טענו — והשפה העברית היא הדרך המובילה לציונות. הדור הצעיר היה מתחנך בחדרים המסורתיים, אשר החדר האחד שמש מקום מגורים ומטבח למשפחת הרבי ומקום למוד לילדים. הציונים הותיקים, שחיו כל זמן במחתרת מפחד השלטונות חלמו תמיד על בי"ס מודרני, אולם היו חסרי אונים לשנות את המצב.

בשנת 1915 כאשר הצבא הרוסי הבוס והונס מפולניה, ועירנו עברה לידי שלטון אוסטריה, נשתנו פני הדברים. השלטונות האוסטריים הנהיגו קצת חופש ודימוקרטיה, שלטון היחידים נשבר. התחילו להתארגן ארגונים לגווניהם השונים. נוסדו הסתדרות הציונות הכללית, המזרחי, צעירי־ציון וכו׳. הנער התחיל לנהר לאגודות השונות. התחילה פעולה לאומית, מכרו את השקל הציוני, אספו תרומות לקק"ל וכו׳.

הפעולה הראשונה במעלה שהציבו להם חברי המזרחי היתה ליסד בי"ס עברי מודרני, אשר חוץ מלימודים כללים, יקנו לילדים את ערכי רוח היהדות מראשית צמיחתה עד ימינו. להחיות בפיהם את השפה העברית, ולהכשירם שיצטרפו למחנה המגשימים את הרעיון הציוני.

בשנת 1918 נגשו החב׳ ח. לרר, ז. קונשטוק, י. לכר, א. הוכמן, ד. י. שפורר שיבדלו לחיים, וא. לדרקרמר ז"ל, מ. רצימור ז"ל, ו. לדרקרמר ז"ל ועוד, ליסד בי"ס בשם „מזרחי", שכרו שני חדרים אצל בעל בית אחד הזמינו את מר גוטליב בתור מורה עברית והתחילו הלמודים. חיים יוסף לרר, אברך כבן 20 מלא מרץ עלומים ואידאליזם, חניך ביהמ"ד אשר מלא

את כרסו בספרות העברית החדשה, מושפע מספרות הוגי רעיון הציוני ובהתגשמות הציונות ראה את חזון חייו, קבל על עצמו את הנהגת ביה״ס. התמסר בכל לבו ונפשו להתפתחותו של ביה״ס, ועבודתו נשאה פרי.

בטרם שביה״ס התחיל להתארגן כראוי, והנה בקייץ 1918 בחצות הלילה התלקחה אש בביתו של ל. בוים, חיש מהר התפשטה האש ושרפה כ־80 אחוז מבתי היהודים, ובתוכם גם ביה״ס, שכרו שני חדרים אצל א. אידלסברג, ברם, מצב התושבים היה רע מאד, כי כל אחד דאג לקורת גג מעל לראשו ואת שכר הלימוד לא שלמו בזמן. מחסר תקציב נסגר ביה״ס.

בינתיים, התחילו התושבים להתאושש ולבנות את הריסותיהם והנה בא מר הירש וינדר והציע, אם ישלמו לו סכום של עשרת אלפים קרונים, יקציע מביתו שלשה חדרים ויתאימם בשביל ביה״ס.

באותו הזמן שהה בעירנו הרב גרוברד, רב דעיר סטשוב, שנסע מטעם המרכז בורשה לארגן את המזרחי. הלה המריץ את חברי המזרחי שיגשו לענין, וגם הציע שבנו ישמש בתור מורה לעברית. בנוכחותו נאסף הסכום הדרוש: יעקב לדרקרמר תרם 1000 קרון, מרדכי רצימור תרם 500 קרון ויתר החברים תרמו סכומים יותר קטנים. נחתם החוזה עם מר וינדר וביה״ס נפתח. הוזמן חבר מורים: ר׳ בנימין טפלר, גרוברד, נ. ד. גלס והנריך אידלשטין. התלמידים התחילו לנהר לביה״ס, כי ההורים מזמן כמהו לבי״ס עברי מודרני.

אולם, מר גרוברד, היה בחור בעל השכלה עברית וכללית, מעמיק חשוב אבל בדידקטיקה המודרנית היה חלש מאד, והתקוות הגדולות שתלו בו, שהוא יהיה המארגן והמעמיד את בי״ס על גבה הראוי, הכזיבו.

בישיבת הועד החליטו לשלח את ד. י. שפורר לורשה ולהזמין מורה שיהא ראוי לאיצטלא זו. כעבור זמן נשלח מטעם המרכז בורשה מר הוברמן. היה זה יהודי חלש בגופו, אולם, עז ברוחו, בעל נסיון בהוראה וגישה מודרנית לילד, הכיר את נשמת הילד והבין לרוחו, מסור בלב ונפש לעבודתו. עזר ע״י ישעיהו פרגר שאמנם היה מתחיל בהוראה, אולם מטבעו היתה לו הבנה בהוראה. תחת הנהגתו התפתח ביה״ס ומספר התלמידים הגיע קרוב למאה.

חברי המזרחי קוו כי ביה״ס יעשה חייל ויעלה מעלה מעלה, והנה קפץ עליו רוגזו של מלחמת פולין־בולשביקים.

כאשר הגרמנים והאוסטרים נוצחו ע״י בעלי־הברית ואמריקה, והנשיא וילסון פרסם את הסעיפים הידועים, קמה ממשלה פולנית זמנית בראשה המרשל פילסודסקי, ובאותו הזמן התחילו הבולשביקים לפלש לפולניה למען הגיע למערב אירופה. הממשלה הפולנית יצאה בחרב נגדם כדי לבלום את פלישתם. הממשלה התחילה לגייס את הצעירים למלחמה. חובת הגיוס חלה על




אגרופען־בילד פון תלמידים בית הספר יבנה

כל פולניה חוץ מגליציה המזרחית, שטרם סופחה לפולניה. ע״כ כל מי שהשתמט מהצבא ערק לגליציה המזרחית. וכאשר מר ח. י. לרר נקרא לצבא, קרא למר הוברמן והודיעו: להוי ידוע לך שאני עורק לגליציה מאימת הצבא. ובזה אני מסיר מעלי את האחריות כלפיך, אם ברצונך להשאר ולקיים את ביה״ס תבוא עליך ברכה, ואם לא הרשות בידך לעזוב את עירנו. מר הוברמן, שהשקיע הרבה כוחות להתפתחותו של ביה״ס וראה ברכה בעמלו, כאב לו לבו לעזובו בימי אנדרלמוסיה, והחליט להשאר. מה שיהודי הזה סבל באותם הימים קשה לתאר. כל עסקני ביה״ס נתפזרו, ההורים הצעירים שנתגייסו לצבא או ערקו לגליציה לא שלמו שכר לימוד. לא היה לו למי לפנות ולתנות את עקת לבו. בשנת 1930 פגשתי אותו בעת השעורים להשתלמות בורשה שהשתלמנו יחד, והוא התאונן לפני על הימים ההם, בתור ימים הכי קשים בחיו. כעבור זמן קצר חזר מר ח. י. לרר הביתה, והדבר הראשון אסף סכום כסף בשביל מר הוברמן. והוא שכח את הימים העגומים, נגש במשנה מרץ לעבודתו הקדושה וביה״ס חזר למסלולו הרגיל והוסיף להתקדם והתפתח.

כאשר הפולנים הצליחו להדף את הרוסים וכרתו עמם ברית שלום, התחילו החיים הממלכתיים להתארגן, קמה ממשלה חוקית ע״י בחירות לסיים הפולני בורשה. בכל עיר ועיר קם ממשלה חוקות נפתחו בתי ספר פולניים, ושלטונות החינוך דאגו להפיץ את התרבות הפולנית גם בין התושבים היהודיים. בי״ס עברי לאומי היה לצנינים בעיניהם ושלטונות החינוך התחילו להתנכל לביה״ס העברי. לא נחו ולא שקטו עד אשר מצאו אמתלא מתחסדת: היות שהילדים עמוסיים יותר מדי בלימודים וזה מזיק לבריאותם ע״כ נאלצים לסגרו. וביה״ס נסגר.

ח. י. לרר וחבריו לא אמרו נואש. אחרי מאמצים רבים השיגו רשיון לפתח בי״ס חדש בשם „תורה־ודעת״. ארגנו מעין מועצה פדגוגית שישגיחו על מהלך הלימודים מן הח״ח: ח. י. לרר, יוסף לחר, ד. י. שפורר שיבדלו לחיים, וש. זיברמן ז״ל. תלמידים התחילו לנהר לביה״ס ומספרם הגיע עד 150 בערך. שלשה החדרים היו צרים מלהכילם אז שכרו עוד חדרים בסביבה וביה״ס הגיע לשש כיתות. הזמינו עוד מורים מקומיים ומחוץ למקום, אשר התחלפו במשך הזמן.

אציין את המורים בני עירנו ששמשו בביה״ס במשך זמן קיומו: ר׳ בנימין טפלר, שמואל בליי, מאיר קלרמן, נחום דב גלס, ישעיהו פרגר, יואל קופמן, הנריך אדלשטיין, אפרים שולדינער, ליפא גולדמן ושיבדלו לחיים דוד שפירא ואריה ארבספלד.

כאשר ביה״ס התחיל להתפתח ומדי פעם בפעם נוצרו ענינים רבים שדרשו מאמץ מיוחד, וח. י. לרר לא יכל היה להתמסר אך ורק לביה״ס, כי החיים הלאומיים והצבוריים הסתעפו, העבודה למען הציונות דרשה מאמץ

כביר, לחנך את הנער לציונות ולחלוציות, וגם מוסדות צבורים מקומים, בכל אלה לקח חבל פעיל מר ח. י. לרר, בכל מקום ניכר היה מרצו, שכלו ודעתו התקיפה. ע״כ חפש בן־אדם שאפשר יהיה לסמוך עליו שינהל את ביה״ס לפי רוח מיסדיו. ובן־אדם כזה נמצא. זה היה אחי יעקב ז״ל.

בשנת 1925 הציעו לאחי ז״ל שיקבל את הנהלת ביה״ס. בקבל אחי את הנהלת ביה״ס התמסר לביה״ס בכל נפשו. את כל להט נשמתו, קנאת החסידים וכושרו הארגוני הקדיש לביה״ס, שקד יומם ולילה לשכללו ולבססו, לא היה דבר יקר, אם רק יביא תועלת לביה״ס. הוציא סכומים גדולים, ועי״ז השקיע את ועד ביה״ס בחובות של אלפי זהובים למען העמיד את ביה״ס במצב שיהא ראוי לבית יוצר לנשמת הילד היהודי.

הכיתות המפוזרות בבתים שונים הכבידו על מהלך הלמודים. ואי לזאת לא התאימו החדרים לבי״ס. ע״כ החליטו למצא בית מתאים בשביל ביה״ס. והנה הציע מר אדלר (לטר), שהיה לו שלד בן שתי קומות עם מגרש גדול סביבו ברחוב הקרסנוברודי, שיחכיר אותו לועד, בתנאי שיגמרו ויתאימו אותו לבית הספר. ועד ביה״ס קבל את הצעתו. לוה 2000 זהוב בבנקים ומאנשים פרטים וגמר את הבית. לפי התנאים של עירנו היה זה מתאם מאד לבי״ס, חדרים מרווחים ומוארים יפה. מסביב מגרש גדול למשחקים. ובמרוצת הזמן לוה הועד שוב כסף, ושכלל אותו והוסיפו מבנים ופתחו גם גן־ילדים תחת הנהלת גננת מוסמכת.

הבנין הזה השקיע את הועד בחובות שלא יכלו לצאת מהם. התנהגו כמו סוחרים מובהקים. לוו גמ״ח ושלמו בבנקים, לוו בבנקים וסלקו את „גמילות חסדים" וחוזר חלילה. עם פרוץ מלחמת העולם השניה ב־1939 היו חובותיו של הועד קרוב לשלשת אלפים זהוב.

בערך בשנת 1926 נוסד בורשה ע״י המרכז של המזרחי אגודה מרכזית לבי״ס מיסודו של המזרחי בשם „יבנה". אז סונף ביה״ס למרכז הזה וקבל את השם „יבנה".

דרך התפתחותו של ביה״ס לא היתה סוגה בשושנים. קמו לו מתנגדים מימין ומשמאל. החסידים ראו בו סטיה מן המקובל והמסור, „להתחיל עם הילד קריאה בלי ללמד מקדם א׳ ב׳ זאת פשוט מינות". להתחיל ללמוד את התורה מבראשית ולא ויקרא, זוהי כפירה במדרש מפורש: יבואו טהורים ויעסקו בטהורים. הדברים הגיעו לידי כך, כי פעם בקר הרבי מרדזין בעירנו, אסף את אנ״ש ודרש מהם להוציא את ילדיהם מביה״ס, וחסידיו יראו להמרות את פי „צדיקים" והוציאו את הילדים מביה״ס. איני רוצה להזכיר כאן שמות אנשים אשר הצרו והזיקו לביה״ס, היות, ורבים מהם נמצאים אתנו כאן בא״י ונהנים מפרס עמל ביה״ס. גם חברי אגודת „בונד" שנלחמו בציונות ובשפה העברית השתדלו להצר את צעדי ביה״ס. כאשר דנו במועצת העיריה להקציב תמיכה בשביל ביה״ס הצביעו

תמיד שלשת חברי ה„בונד" במועצה נגד הקצבת התמיכה, בטענם, כי בי"ס עברי נוגד את האינטרס הלאומי היהודי, לפי השקפתם הם. ובהעדר תמיכה מתמדת מטעם העיריה והקהלה היהודית, היה ביה"ס נאבק תמיד על קיומו, כי להחזיק את ביה"ס על רמה תרבותית נאותה, נדרשו סכומים גדולים, אשר אי אפשר היה לכסות מתשלומי שכ"ל. נתקבלה אמנם, מידי פעם בפעם איזו תמיכה כספית, ביחוד כאשר ח. י. לרר נבחר ליו"ר ועד הקהלה, אבל הקמץ לא היה משביע את ארי וכפי שציינתי לעיל, היה הועד שקוע בחובות, וכסה את זה ע"י הלוואות.

ביה"ס מלא את יעודו אשר הציבו להם מיסדיו. רוח היהדות המקורית רחפה על כל מהלך הלמודים. האויר בין כתליו היה ספוג אוירא דא"י, הילדים ינקו משרשי הגבורה של דברי ימי עמנו הספוגים דם ודמע, ומתכוננים מתוך כמיהה להצטרף לחלוצים הבונים את הארץ. זכורני, כאשר הק. ק. ל. היתה מקשרת את ילדי הגולה עם ילדי א"י בחליפת מכתבים, ומדי פעם, כאשר נתקבל מכתב מילדי עין־חדוד, כפר יחזקאל וכו' וקראנו אותו בצוותא, איך היו עיניהם נוצצות בערגון לא"י, כדברי ר' יהודה הלוי: אנכי במערב ולבי במזרח.

מאות התלמידים שחונכו בביה"ס זה נשארו כולם בנים נאמנים לעמם ולרוח התחיה הלאומית. פגשתי אותם, לפני קום המדינה, עוסקים בבנין הארץ ומשתתפים בהגנתה, ובימי מלחמת השחרור נלחמו נגד הפולשים הערבים. אחדים מהם נפלו בקרב, טפלר ז"ל בלסנבוים ז"ל ועוד, מסרו את חייהם למען מדינת ישראל.

גם מחוץ לכותלי ביה"ס היתה השפעתו רבה. עסקני הציונים שעמלו בכל הדרכים להחדיר את הרעיון הציוני בין ההמונים, והנה ביומא דפגרא או בעצרת־עם כאשר ילדי ביה"ס הופיעו ודגל הלאומי בידם ושיר עברי בפיהם פעלו יותר להפיץ את הרעיון הציוני מכמה נואמים בעלי כשרון תעמולתי רב. זכורני, כאשר פעם טיילתי ברחוב עם הילדים והם פטפטו ביניהם עברית, והנה אשה אומרת: „אריה, שמע את אשר אגיד לך, אם ילדי ישראל מדברים ביניהם לשון הקדש, סימן הוא, כי גאולתנו קרובה".

כדאי לציין, הדבר שהתמיהני תמיד, שכמה אברכים, חובשי ביהמ"ד שדידקטיקה המודרנית לא היתה ידועה להם, וספרי המופת של הפדגוגים לא היו נהירים להם, ובכל זאת הצליחו, בכוחות עצמם, להתקין תכנית למודים, אשר אינה נופלת מתכנית הלמודים פה בארץ. כנראה, החוש הטבעי ויעוד הלאומי הם שהורו להם את הדרך הנכונה.

בהתעטף נפשנו על אסון שקרנו ב„שואה" האיומה, נעלה גם את זכרו של מקדש מעט זה שנחרב ואיננו.



# מנהיגי מזרחי

● ח. י. לרר

**בהתפתחות** החיים הלאומיים והתנועה הציונית בעירנו, אחר המלחמה העולמית הראשונה, היה לה להסתדרות ה„מזרחי" חלק גדול, ואני רוצה בזה להעמיד מצבת זכרון לחברי הי"ד שהודות להם עלה לה להסתדרות ה„מזרחי" מיום הוסדה ועד שעלה עליה הכורת על ידי הנצים ימ"ש לעמוד בראש החיים הצבוריים בעירנו ולהיות מן העושים והמעשים בכל ענפי התחיה הלאומית ברוח הדתית.

## לראש ולראשונה **ר' אליעזר לדרקרמר**

הוא היה בן למשפחה המסועפת ששמה יצא מחוץ לתחומי העיר. תחלת עבודתו הצבורית נעוצה עוד הרבה זמן לפני המלחמה הראשונה. מלבד חנוכו היהודי שקבל בילדותו כמו כל הדורות האלה במקרא גפ"ת בחדר, השתלם גם בלמודים הכלליים וידע את השפות פולנית ורוסית, על בוריין, והשכלתו הכללית הביאה לו שעוד בימי הצאר היה מראשי השלטון של הקהלה ומעסקניה הכי נמרצים, השתדל בכל מרצו לשפר את החיים הדתיים של הקהלה, והיה לו תמיד מלחמה עם אלה שכל חדש אסור להם. בתור יו"ר של הקהלה בימי המלחמה הראשונה נלקח אז ע"י חייליו של הצאר גנרל רדקי דימיטרוו בזמן נסיגתם בשנת 1915 — בתור ערב וככה נתגלגל אז למרכז רוסיה עם בתו היחידה ונשאר שמה עד אחרי המהפכה הבולשיבית שאז עלה לו לחזור הביתה. מיד עם שובו נכנס לתנועה המזרחית, שבה מצא כר נרחב לפעולתו, התיצב בראשה, ועד המלחמה השניה היה נשיא הכבוד שלה. בועידה הלאומית הראשונה של יהדות פולניה אחרי שחרורה של פולניה שנקראה אז ע"י מר גרינבוים, נבחר הוא פה אחד בתור ציר של עירנו להועידה, עם יסודה של הקהלה הראשונה עפ"י החוק הזמני של הממשלה הפולנית בשנת 1924 נבחר הוא בתור יו"ר הקהלה ועמד בראשה כמה שנים אבל עם שינוי המצב הפוליטי בפולניה אחרי מהפכת פילסודסקי, וביחוד הסכסוכים הרבים בקהלה עצמה שהפריעו לעבודה נורמאלית פרש מהחיים הצבוריים אבל בעבודה המזרחית התענין עד יומו האחרון.

ראוי לציין את בניו שכלם עמדו בראש התחיה הלאומית: בנו בכורו ר' יעקב הי"ד, כמו אביו גם הוא קיבל את חנוכו רב גוונית. עם הוסדו של

המזרחי וביה״ס היה הוא מהמיסדים והודות לתמיכתו הכספית יכלנו לפתוח את ביה״ס. ובשנים הראשונות היה הוא מהעסקנים הכי נמרצים. ביתו היה התל שהכל פונים אליו,רבנים, חסידים, אינטליגנטים, פשוטי עם, כולם היו מבאי ביתו. במעשה הצדקה השתתפה גם רעיתו אסתר הי״ד וביתם היה פתוח לכל מר נפש. בנו השני ר׳ ארי׳ לייבל היה מפעילי המזרחי וכל שעותיו הפנויות הקדיש להתנועה. בנו ר׳ יצחק הי״ד היה מראשי הציונים הכלליים.

## ר׳ שלום זלברמן הי״ד

נכדו של הרב מבילגורי ר׳ יעקב מרדכי זילברמן זצ״ל הנקרא דער מאציאוויר עלוי, הרב הזה היה מגדולי רבני פולין מלפני המלחמה הראשונה. אהבתו לעם ישראל ולתורת ישראל ולכל קדשי ישראל עברה כל גבול ועל ברכי זקנו נתחנך ר׳ שלום ועם הוסדו של המזרחי, העמיד את עצמו בראשו והוא עם תבונתו ושקול הדעת שלו עזר הרבה להתפשטותו של רעיון המזרחי בחוגי החסידים. בכל הישיבות ואסיפות שכמעט בכלם השתתף, כלם הקשיבו לדבריו, ועצתו ודעתו היתה תמיד המכרעת, השתוקק כל ימיו לעלות ארצה ולזה שלח את ארבעת בניו יבדלו להיים ארצה אבל הוא לצערנו לא זכה. עם כניסת הנצים ימ״ש עזב את העיר ועבר לתחום הרוסי, אבל עם פרוץ המלחמה הגרמנית־רוסית הדביקוהו הנצים על אדמת וואהלין.

## ר׳ בנימין טפלר הי״ד

טפוס נפלא היה ר׳ בנימין, חסיד גורי ולמדן שפרנסתו היתה מזה, בתור מלמד לגפ״ת, ומלבד ידיעותיו הרבות בתלמוד היה בקי נפלא בידיעות כלליות כמו היסטוריה גיאוגרפיה אסטרונומיה. למותר להגיד שהיה בקי בתנ״ך ובשפה העברית. אבל מי פלל שבתוך תוכו של האדם היקר הזה קונן אהבָה בלי מצרים לארץ ישראל, לתחית עם ישראל בארצו, וזוכר אני בימי המלחמה הראשונה עם יציאתו של חיילות הצר — שתחת משטרו היתה התנועה הציונית אי־לגלית — מפולניה הקנגרסית והיא נכבשה על ידי הגרמנים והאוסטרים, התחילה התנועה הציונית לצאת מהמרתף. אלה היו אז ימי הזהר של התנועה. בכל עיר ועיר נוסדו אגודות ציוניות של כל הזרמים. כמובן שזה לא פסח גם על עירנו טומאשוב, ובגשתי אז ליסד עם עוד כמה חברים את המזרחי בעירנו, שרוב רובו היו חסידים, ושם המזרחי לא ידעו אפילו, חפשתי איזה אדם בא בימים שיוכל להשפיע עליהם, ז. א. על אנשים חסידים באים בימים. אז — אינני זוכר כבר מי זה היה — ניגש אלי אחד מחברי ולחש לי באזני, תגש אל ר׳ בנימין טפלר, הוא חובב ציון גדול. אני את ר׳ בנימין הכרתי, היתה לי הזדמנות פעמים אחדות להפגש אתו בהישיבה שהתקיימה אז בטומשוב לפני המלחמה ושהוא היה אחד מהמלמדים אבל מלבד

**די גרינדער פון מזרחי**



**זיצענדיג פון רעכטס :** שלום זילבערמאן, אליעזר לעדרקרעמער, מרדכי בלאנק **און** אברהם האכמאן ;
**שטייענדיג :** מרדכי ראצימור, חיים יוסף לערער **און** יודא גאלדמאן

זה לא היה לי שום קשר עמו, גם הגיל השפיע, הוא היה קשיש ממני בהרבה שנים. נלחמתי עם עצמי כמה ימים עד שאזרתי עוז ונגשתי אליו להציע לו שיקבל עליו להיות מן המארגנים של המזרחי. אבל איך נדהמתי שקבל אותי בסבר פנים יפות והבטיח לי לעשות כל מה שיהי׳ ביכלתו, למרות זאת שהוא בעצמו אז לא האמין שנוכל להשפיע הרבה. והוא נכנס מיד לעבודה והיה מן היחידים שעזרו לי בהנחת המסד של המזרחי בעירנו. בועד הראשון של המזרחי נבחר בתור מזכיר שמלא אותו באחריות עם הוסדו של הבית־ספר הראשון של המזרחי העמידו אותו בתור מורה לתלמוד. ואת המשרה הזאת מלא בהתמסרות כמה שנים. בועידה השניה של המזרחי שהתקיימה מיד אחר שחרורה של פולניה בשנת תרע״ט, נבחר הוא ביחד עם ר׳ יעקב לדרקרמר בתור צירים. מפני סבות שונות התרחק אח״כ מעבודת המזרחי, אבל בתוך תוכו נשאר חובב ציון נלהב, וכל בשורה טובה שמחה את לבו ולהיפך איזה בשורה לא טובה בימי המאורעות של תרפ״ט, גזרות פספילד, דכאו את נפשו עד מאד. אני רוצה לציין את ר׳ בנימין בתור מספר. הוא, בתור ידען נפלא של ההיסטוריה היהודית, היה אוהב לספר איזה מאורע וזה היה באמת נחת רוח לשמוע ממנו איך הוא מרצה, לא חשוב היה על איזה נושא, אם זה היה משפט דרייפוס, המחלוקת של ר׳ יעקב עמדין עם ר׳ יונתן מפרג וכדומה. כדאי להזכיר שכל ימיו הקדיש את עצמו ללמוד עם פשוטי עם בשעותיו הפנויות, משניות ואגדה, בלי לקבל פרס.

## ר׳ מרדכי רצימר הי״ד

מיום הוסדו של המזרחי התמסר אליה בכל נפשו ומאדו ועד יומו האחרון היה מן הפעילים הכי מסורים. עליו נוכל לאמר כי המזרחי היה ביתו השני. את כל שעותיו הפנויות הקדיש להמזרחי. הרבה פעמים כשבא מן הדרך — מסחרו היה מחוץ לעיר — לפני שהלך הביתה סר להמזרחי לקבל דו״ח. כפי שהזכרתי התמסר להתנועה, לא רק בנפשו אבל העיקר במאודו בזמן שמצבו החומרי הרשה לו. תמיד כשבא מן הדרך ונכנס לבית הספר, השאלה הראשונה היתה אם לא צריכים לכסף, ומתי לא היה צורך? ומשאלתו היחידה היתה לעלות ארצה ולבנותה, ולשם זה השתתף בשנת 1924 בקניית אדמת עפולה ביחד עם עוד חברי המזרחי, אבל בזמן האחרון התרושש מאד מצבו ולא יכול היה לגשם את שאיפתו, אבל את האדמה לא מכר למרות מצבו החומרי.

## ר׳ מרדכי בלנק הי״ד

מן המיסדים הראשונים של המזרחי עוד בשנת 1917 בזמן הכבוש האוסטרי העמיד עצמו בראש העבודה לקח חלק פעיל בכל המפעלים של התנועה הציונית היה המורשה הראשון של הקק״ל ב„מזרחי״ אבל מפאת

מצבו החומרי שהורע מאד בזמן האחרון וביחוד המצב המשפחתי הוכרח להיות מהחברים הפסיביים שזה העיק עליו מאד.

## ר' פנחס ברם הי"ד

אחד מראשוני המיסדים של המזרחי ועד יומו האחרון היה חבר הועד שלו למרות טרדות הזמן שלו כי מצב הפרנסה שלו בתור אופה העסיק אותו כל ימיו לרבות הלילות מצא די זמן להקדיש להתנועה וכמעט לא היתה ישיבה אחת של הועד שהוא לא השתתף בה. היה לו תמיד דעה ברורה ובכל השאלות כמעט תמיד קלע למטרה.

## ר' נחום דוב גלז הי"ד

עוד בהיותו צעיר לימים נרתם לרעיון הציוני בשביל זה התחיל ללמוד את השפה העברית על בוריה שזה היה בזמן ההוא ז. א. לפני המלחמה הראשונה חזיון נדיר, כמובן עם הוסדו של המזרחי נכנס לתוכו בראשו ורובו. ועם הוסד ביה"ס של המזרחי בשנת 1918 בימי הכבוש האוסטרי נתמנה בתור מורה לעברית ותנ"ך ולעבודה הזאת הקדיש את כל כחו. אבל עם העבודה הזאת לא זנח את שאר עבודות של הציונות והמזרחי, לא היה אף מפעל אחד של קק"ל וקרן היסוד ועוד שהוא לא לקח חבל בראש. עם עזבו את העיר בעברו לשמש מורה בבילגוריא אבד המזרחי כח רב של מרץ ופעולה. בזמן האחרון היה מורה בביכאוו ושם כנראה נפל ע"י הנאצים ימ"ש.

## ואחרון אחרון חביב ר' יעקב ארביספלד הי"ד

אחד ממעצבי החיים הצבוריים בעיר טומאשוב בשתי עשרות שנים האחרונות לפני השואה המארגן של התנועה המזרחית והמרכז של ביה"ס „יבנה". נולד לאביו ר' יצחק יבדל לחיים ארוכים החי אתנו בארץ. אביו היה אז מקנאי חסידי בלז וממתנגדיה הגדולים של התנועה הציונית, את חנוכו קבל כמו שאר בני גילו אז, בחדר בישיבה שהתקיימה לפני המלחמה הראשונה. והכנסו לתנועה המזרחית היתה בשבילנו אפתעה גדולה. את חטאי אני מזכיר היום, היה זה באחד מן הערבים בשנת תרפ"א שתלמידי ביה"ס „יבנה", אז „מזרחי", ערכו הצגה, ההצגה נערכה בביה"ס אז בדירתו של ר' צבי ווינדר. והנה בין אלה שנדחפו לראות את ההצגה בא גם יעקב הצעיר והרזה, אני שהכרתי אותו בתור בנו של ר' יצחק הקנאי, אגב דירתם היתה ממול הבי"ס, ועד אז לא ראיתיו בין באי המזרחי למרות שהתנועה התקיימה זה כמה שנים והכתה שרשים בחיים של העיר, חשבתי שהוא בא בוודאי בתור בלש בכדי שלמחר יוכל למסור בבית החסידים של בלז הכל מה שראה כמובן בסלופים. רציתי לאמר לכמה מן הסדרנים שיזרקו אותו החוצה אבל אחד — אינני

## דער אָפּפאָר פון בצלאל ביזינסקי קיין ישראל



**זיצענדיג פון רעכטס:** נחום ראצימער, נחום' גלאס, בצלאל בישינסקי **און** יעקב ארביספעלד; **שטייענדיג פון רעכטס:** שמחה הויט, שמואל האנאראוו, שמואל גאלדשטיין **און** יוסף זינגער

זוכר מי זה היה —לחש לי באזני, הצעיר הזה הוא אחד משלנו. כמובן שהתחלתי אז להתיחס אליו בגישה אחרת. לא עברו שבועות ויעקב נכנס באופן רשמי להסתדרות של „המזרחי" אבל מיד עם בואו אלינו בא לא רק לראות אלא גם להיראות, הוא נכנס מיד לכותל המזרחי של התנועה, הוא בא, מיד עם דעתו הצלולה והברורה. כנראה שדעותיו הוגבשו אצלו עוד הרבה זמן לפני זה, בזמן שהיה עוד מהנסתרים. עם הכנסו העמיד עצמו בראש של „צעירי מזרחי" שריכזה אז את הצעירים הדתיים שנלקטו לציונות ולא היה כל מפעל של הצעירים שהוא לא היה הרוח החיה שלהם. עם התרחבותו של ביה"ס „יבנה" העמיד אותו ועד ביה"ס למזכיר ולמנהל אדמיניסטרטיבי שאת התפקידים האלה החזיק עד סופו של ביה"ס שנחרב עם פלישת הנצים ימ"ש הודות למרצו ביחוד להתמסרותו יכול היה הבי"ס לא רק להחזיק מעמד למרות כל הקושיים שעמדו לו על דרכו ביחוד מצב החומרי, אלא להתרחב ולהשתפר בכל המובנים ולהעשות מוסד חנוכי מוכר לא רק מהצבור היהודי אלא גם מהמוסדות המפקחים הממשלתיים שעיניהם בדרך כלל היו צרות לגביהם. בתור מזכיר של התנועה המזרחית מוטלת היתה עליו כל העבודה שהסתעפה להרבה ענפים והוא נהל אותה ברב כשרון, למותר להגיד שלא היה אף מפעל ציוני אחד שהוא לא השתתף בו ושלא היתה נכרת השפעתו — השפעת המזרחי. השתתף כמעט בכל הועידות הארציות של ה„מזרחי" ו„תורה ועבודה". בספר המכתבים של הרב ניסנבוים הי"ד שיצא זה לא מכבר נמצאת תמונתו שהשתתף במועצה הארצית של המזרחי, למועצת העיריה האחרונה נבחר הוא לחבר המועצה ביחד עם החבר לייבל לדרקרמר. וברוב כשרון וטקט הגן על עניניהם של היהודים, ולמרות הרוח האנטישמית ששררה בשנים האחרונות לפני המלחמה בפולניה היתה לו השפעה על הנהלת העיריה וראש העיר התחשב מאד בדעתו. מפאת מצב בריאותו לא רצה לעזוב את העיר ולנדוד לרוסיה אבל הנמוק העיקרי שאמר לי בעת הפרדו מאתי שמרוסיה הוא איננו רואה האפשרות שיכול לעלות להארץ שאליה השתוקק כל ימיו וככה נשאר ביחד עם שאר החברים שהזכרתי למעלה. — השם ינקום את נקמתם.



# די נאָוואָרדאַקער ישיבה

**● יוסף פֿריעדלענדער**

**אין** די ערשטע 20־ער יאָרען, נאָך דעם ווי די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט פאַרשטאַרקט די רדיפות אויף די אידישע רעליגיעזע אַנשטאַלטען, האָט די נאָוואָרדעקער ישיבה, וועלכע האָט דאַן געהאַט אַ נעץ פון אירע אָפּטיילונגען פערשפּרייט אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אין אוקראַאינע, ווייסרוסלאַנד און טיילווייז אויך אין צענטראַל רוסלאַנד, איבעגעוואַנדערט קיין פוילען. דאָס איז געטון געוואָרען אויף אַנ׳אומלעגאַלען אופן, אַדורכשוואַצענדיג דעם וועג אין די פינסטערע נעכט, נישט באַמערקט צו ווערען דורך דער רוסישער גרענעץ וואַך.

קועמנדיג קיין פוילען, האָט זיך די ישיבה געשטעלט פאַר אַנ׳אויפגאַבע צו גרינדען ישיבות איבער שטעט און שטעטלעך אין לאַנד. פאַר אָט דעם צוועק האָט זי אַוועקגעשטעלט 4 צענטראַלע ישיבות: אין ביאַליסטאָק אין וואַרשא, אין מעזריטש און אין סעמיאַטיטש.

אין איינעם אַ נאָך־סכות׳דיגען פרימאָרגען, האָט זיך אין חסידישען בית המדרש, אין טאָמאַשאָוו, באַוויזען אַ גאַנצע ישיבה אויסשטאַטונג מיטאַמאָל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ראש ישיבה, אַ מנהל, 2 ראשי השיעורים און אַ צוויי צענדליג בחורים. דאָס האָט לודמיר, לויט דער אָנווייזונג פון איר ביאַלאָסטיקער צענטראַלע, געשיקט קיין טאָמאַשאָוו אַוועק צו שטעלען דאָרט אַ נאָוואָרדיקער ישיבה.

און הגם שוין מיט אַ צייט צוריק האָט אַ נאָוואָרדאָקער דעלעגאַציע אין שפּיץ פון לודמירער ראש הישיבה הרב ר׳ שרגא מגיד ז״ל הי״ד. געווײלט אין טאָמאַשאָוו און צוגעגרייט דעם באָדען דערפאַר ווי אָפּהאַלטענדיג אַנ׳־אסיפה אין גרויסען בית המדרש און שאַפענדיג אַ קאָמיטעט אויפצונעמען און איינצואָרדענען די ישיבה; האָט דאָך דאָס באַווייזען זיך פון דער ישיבה אַרויסגערופען אַ סענסאַציע אין שטאָט, מ׳איז געלאָפען קוקען אויף וואונדער ווי יונגע בחורים קורץ געקליידעטע דרעהען זיך איבערן בית המדרש הין און צוריק אין זייער מוסר שעה אין קולי קולות איבער׳חזר׳נדיג אָן אויפהער ווערטער און מאמרים פון ספרי מוסר. בעזונדרעס צוציהענד זענען געווען זייער תפלות אין דער וואָכען מיט אַ צעצויגענעם שרייענדען טאָן פון **תחנונים**,

וועלכע האָבן געקענט אַ שטיין רירען. און ס׳פלעגן זיך פערזאַמלען מאַסען צוהערער צו זייערס אַ וואָכענדיגען מעריב.

וואָס אַ ווירקונג האָט די געשעעניש געהאַט אויף דעם דערציערישען פעלד פון רעליגיעזען קיבוץ אין שטאָט?

כדי צו געבען אַ קלאָרען ענטפער דערויף, מוזען מיר פריער זעען ווי אַזוי דער מצב התורה האָט דאַן דאָרט אויסגעזעען.

אויב ביז׳ן ערשטען וועלט קריג האָבען עקזיסטירט בלויז חדרים פון אַלטען שניט און קינדער נאָכ׳ן ענדיגען דאָס חדר ביי 12־13 יאָר האָבען על פי רוב פאַרגעזעצט זייער לערנען אין די פערשידענע חסידים שטיבלעך, האָט זיך די לאַגע אין משך פון קריג און אויך נאָך אים גרינדלעך געענדערט.

מיט׳ן פערשווינדען פון דער רוסיש־עסרייכישער גרענעץ ביים ראַנד פון שטאָט, האָט די לעצטע געקריגען אַ נאָענטען צוטריט צו דער באַן ביי דער סטאַנציע בעלזיץ. דאָס האָט געעפענט פאַר איר אַ ברייטע טיר צו דער ארומיגער וועלט. אויב פריער למשל האָט מען געמוזט פאָרען מיט אָקס ביז צום נאָענסטען באַן פונקט אַזש קיין רייוויץ, וואָס דאָס איז געוועזען אַ מהלך פון עטליכע מעת־לעת שלעפעניש, און דאָס איז דעריבער געווען אַן ענין פאַר בלויז געציילטע יחידים, האָט שטאָט אויפגעלעבט יעצט, נאָכן קריגען אַ באַן סטאַציע הינטער׳ן נאָז. און עולם האָט זיך געלאָזט אויף די ברייטע וועגען אָפט און געדיכט. און טאָמאַשאָוו איז נישט מער דאָס פערוואָרפענע שטעטל ערגעץ אין אַ טעמפען ווינקעל. אויך יוגענט הויבט אָן זיך פילען ענג אין די ווענט פון ביהמ״ד און לאָזט זיך איבער שטעט פון דער פרייער, וועלט, צוריק ברענגענדיג מיט זיך באַגייסטערונג פאַר אַן אויפגעלעבטער טעטיגקייט אין געזעלשאַפטליכע ענינים. ס׳קומען אויף אין שטאָט אַלערליי פּאָליטישע פּאַרטייען און יעדע אָרגאַניזירט ביי זיך אַ יוגענט אָפּטיילונג. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבען ווערט מאָדערניזירט. אַלע חסידים שטיבלעך וואו יונגעלייט פלעגן זיצען און לערנען ווערן פוסט פון אַזעלכע. אַן אויסנאַם בלייבט בלויז ר׳ יהושע׳לעס שטיבעל, וואו איינצעלנע יוגענטליכע, וועלכע לאָזען זיך נישט מיטרייסען מיט׳ן מאָדערניזאַציע שטראָם, געפינען דאָרט זייער פלאַץ ביי די גמרות און אַנדערע ספרי קודש. אַזוי בלייבט ר׳ יהושע׳לעס שטיבעל דער איינציגער תורה צענטער אין שטאָט. אָבער דאָס לערנען דאָרט קומט פאָר אויפ׳ן אַלטען שטייגער, אינדיווידועל. יעדער לערנט פאַר זיך אָן אַ סיסטעם און אָן יעדע אויפזיכט איבער די גאָר יונגע בחורימלעך; ווער ס׳לערנט און ווער ס׳בטל׳ט אָפּ דעם טאָג מיט גאָרנישט. אַזאַ שטייגער לערנען קען, נאַטירליך, קיין בעזונדערן כח המושך אויף דער יוגענט נישט האָבען.

דעם רוב אידען אין שטאָט האָט זיך זעהר געבענקט נאָך די צייטען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, ווען דער קול התורה האָט זיך געלאָזט הערען פון אַלע בתי מדרשים. זיי האָבען זיך אָבער געפילט הילפלאָז אויף דעם געביט. דער פלאַן פון דער דעלעגאַציע איינצואָרדנען אַ ישיבה אין שטאָט איז דעריבער געווען דעם עולם זעהר צום האַרצען.

דאָס איז געווען אין האַרבסט 1925 ווען די ישיבה האָט זיך געעפענט. דער שטאָט קאָמיטעט און דער שפּיץ פון הר׳ דוד ווייצמאַן הי״ד און ר׳ מיכל יודא פלוג הי״ד (פון די איבעריגע וואָס איך געדענק זענען געווען ר׳ משה וויסלעדער ע״ה ר׳ יודעל וואַגנער און ר׳ גרשון ראָטענבערג הי״ד) האָט זיך פלייסיג אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט איינצואָרדענען זיי. באַלד אין ערשטען טאָג איז געשאַפען געוואָרען סטאַבילע נאַכטלעגער פאַר די עטליכע צענדליג בחורים ,ווי אויך „טעג״ צום עסען ביי פערשידענע בעלי בתים. די בעלזער חסידים האָבען אָפּגעגעבען זייער שטיבעל פאַר די לימודים אויפ׳ן ערשטען ווינטער.

שוין אין די ערשטע טעג זענען די טישען פונ׳ם בעלזער שטיבעל געווען פול באַזעצט מיט בחורים אין פערשידענעם עלטער. און די מתיקות׳דיגע גמרא טענער האָבען געקריגען זייער אָפּקלאַנג ווייט און ברייט אַרום אויך אויסערהאַלב דער שטאָט.

ס׳הויבען אָן זיך בעווייזען קינדער איינצעלנע און אין גרופּען אויך פון שטעט און שטעטלעך אַרום טאָמאַשאָוו ווי: קראַסניבראַד, יוזעפאָוו, טאַרניגראַד, שעבערשין, איזביצע, קאָמאַראָוו, לאַשטשאוו א. א. און אויך אפילו פון שטעטלעך אין וואָלינער געגענט. און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן צום שבח פון די טאָמאַשאָווער אידען, וועלכע האָבען בדרך כלל געפירט אַן אָרעם לעבען און דאָך אויפגענומען די תלמידים פון דער פרעמד בסבר פנים יפות נישט לאָזענדיג קיין איינעם פון זיי בערך 100 אין צאָל אָן אַ נאַכטלעגער אָדער אַ טאָג עסען.

די תלמודים זענען געווען איינגעטיילט אין 3 שיעורים מיט אַ ראש השיעור פאַר יעדען, און אַ גרופּע „קבוץ״ בחורים פאַר וועלכע דער ראש ישיבה פלעגט זאָגען אַ „שמועס״ אין פלפול פון צייט צו צייט.

דער סדר הלימוד איז געווען אַז די תלמידים האָבען געלערנט אַ בלאַט גמרא בערך יעדען טאָג, און אויף דער נאַכט איבערגעלערנט עס צוזאַמען אונטער׳ן ראש השיעור׳ס אופזיכ׳ט. 2 מאָל אין טאָג צו איין שעה — לימוד המוסר פון מסלת ישרים אָדער פון דעם „אַלטענס״ (אַזוי האָבען זיי גערופען דעם גרינדער פון די נאַוואַרדעקער ישיבות ר׳ יוסף יוזעל הורוויץ ז״ל) בראָשורען „מדרגת האדם״.

יעדען שבת צונאַכט האָט דער ראש הישיבה געגעבען אַ שמועס אין מוסר אויף פרשת השבוע טעמעס. די אלול׳דיגע שבת׳צונאַכטסען זענען געווען געווידמעט תשובה טעמעס און האָבען זיך גערופען התעוררות שמועסען.

צו אַט די אַלע שמועסען פלעגען קומען אויך זייטיגע צוהערער, און צו די התעוררות זענען אויך פרויען געקומען הערען, שטעהענדיג אין דרויסען ביי די אָפענע פענסטער און זיך צוהערען נישט זעלטען מיט פערוויינטע אויגען. אויף גאָר אַ געהויבענעם אופן פלעגען זיי פערברענגען די ימים טובים בעזונדערס חנוכה און פורים מיט געזאַנג טענץ און אָריגינעלע נאַוואַרדעקער לידער מיט אַ צולאָג פון מוסר דרשות, וועלכע פלעגען ברענגען גרויסע מאַסען צושויער. דאָס אַלעס האָט זיי געגעבען פיעל אָנזעען אין גאַנצען אידישען אַרום און געברענגט באַגייסטערונג פאַר כבוד התורה און אידישער טראַדיציע.

נאָך אַנדערהאַלבען יאָר אָפזיין אין טאָמאַשאָוו האָט זיך די ישיבה איבערגעטראָגען קיין כמעלניק. די סיבה דערפון איז מיר נישט באַוואוסט.

אין דער קורצער צייט פון איר זיין אין טאָמאַשאָוו, האָט די ישיבה פיעל אויפגעטאָן פאַר לימוד התורה. זי האָט צעאַקערט אַ פאַרוואָרלאָזטיק באָדען און אים צוריק פרוכטבאַר געמאַכט. זי האָט געגעבען דראַנג פאַר אַ באַדייטענ־דען טייל פון דער יוגענט צו די ד׳ אמות של הלכה.

ביים פערלאָזען די שטאָט האָט די ישיבה מיטגענומען מיט זיך אַ געוויסען טייל פון אירע תלמידים, אַנדערע האָבען פאַרגעזעצט זייער לערנען אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבעל און אויך אין סאַנדזער שטיבעל.

און אויב טאָמאַשאָוו האָט זיך אויסגעצייכענט ווי אַ שטאָט מיט אַ גרויסער תורה טרייער יוגענט איינע אין גאַנצען אַרום, האָט אָט דער עפיזאָד נאַוואַרדעק געהאַט זיין חלק אין דעם, גישט אונטערשטאַצענדיק דערביי די איבערגעגעבענע הארציגע ליבשאַפט צו לימוד התורה מצד דעם גרעסטען טייל פון דער טאָמאַשאָווער אידישער באַפעלקערונג.



# לחם עניים

## • יונה פעלדזין

**טאמאשאוו**, טראָץ דעם וואָס עס איז ניט געווען קיין רייך שטעטל, אידן האָבן שווער געהאָרעוועט אויף פרנסה, און לײדער קען מען זאָגן אַז רוב האָבן קוים בדוחק געמאַכט פרנסה, דאָך האָבן טאָמאַשאָווער אידן געטאָן פיל צדקה, אויב ניט אויף קיין אָרגאַניזירטן אופן און ניט מיט אַ פּלאַן מעסיקן מאַסשטאַב, און בודאַי ניט לויט די כללים פון אַן אויסשטודירטן סאָשעל וואָרקער... אָבער פול מיט האַרץ און טעם. אַן אויסנאַם איז געווען די לחם עניים אָרגאַניזאַציע, הגם אַן אַ טשאַרטער און אַן געוויילטע באַאַמטע, אָבער פול מיט האַרץ און מסירת נפש, מיט אמת׳ע ברידערליכע פּאַלקסטימלעכקייט, פשטות און צדקות מיט מוטערליכע צערטליכקייט און פאָטערליכע איבערגעגעבנקייט און טרייהייט, אָרגאַניזירט און געפירט דורך דעם אומפאַרגעסליכן נחום שמש און זיין פרוי די צדקנית שרה׳לע הי״ד מיט דער מיטהילף פון די אַזוי האַרציקע פשוט׳ע עמך אידן וואָלונטירן פאַרן הייליקן צוועק.

### ציל פון דער אָרגאַניזאַציע

דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע „לחם עניים״, האָט פולשטענדיק אָפּגעשפּיגלט איר צוועק און אינהאַלט און טעטיקייט, ברויט פאַר אָרימע. דער צוועק איז געווען צו באַזאָרגן די אָרימע און עלענטע אָרימע לייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט אויף שבת ל״ע, פאַרמעל מיט חלות אויף שבת. אָבער פאַקטיש האָט דאָס שוין געקלעקט אויף אַ האַלבע וואָך. די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפאַנגען קליין און באַשיידן, אָבער אַ דאַנק זייער פלייסיקע ערליכע אַרבעט, און אויך לײדער צוליב דער נויט און אָרימקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געוואָרן גרעסער און ערגער פון יאָר צו יאָר, ובפרט אין די לעצטע פאַר יאָר פאַרן קריגס אויסברוך, צוליב די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג און באָיקאָט אַקציעס, איז די אידישע באַפעלקערונג שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן, און יעדן וואָך איז צוגעקומען פרישע מקבלים ל״ע, אַזוי אַז דער ציפער האָט דערגרייכט ביז קרוב 400 מקבלים אויף אַ באַפעלקערונג פון קרוב 1500 אידישע משפחות.

**די אָנפירערשאַפט פון לחם עניים** (בית לחם)



**פון רעכטס:** משהלי פאנקעווער, שמואל הירש העניעס (האמער), שלמה קנאפף, יחזקאל לערער, משה פריינד, יעקב שערער, נתן גרינוואַלד, אלי׳ דרימלער, אברהמלי גאָלדשמיטה, נחום צוקער (שמש) **און** משה נחמן שלמה׳ליס; **שטייענדיג:** חיים יהושע בידערמאַן **און** אפרים הירשפעלד

## הכנסה קוואַלן

נחום שמש מיט שרה׳לען מיט דער מיטהילף פון זייער קאָמיטעט, די זיסע האַרציקע אידן, האָבן זיך אָרגאַניזירט אין פּאַרטיעס, וואָס האָבן באַזוכט אַלע טאָמאַשאָווער אידן אָן אויסנאַם, פּשוט ניט אַדורך געלאָזט קיין איין אידיש הויז. די לאָזונג פון דער „לחם עניים״ קאָמיטע איז געווען אָדער מען נעמט אָדער מען גיט, אַזוי אַז יעטוועדער איד וואָס האָט נאָר אַנגעגרייט אויף שבת, האָט זיך שוין באַטייליקט אין דעם „לחם עניים״ קאַמפּיין. די נתינות זיינען על פּי רוב באַשטאַנען אין נאַטירלעך געבעקס, ד. ה. אַ חלה, אַ קוכן, אַ קויליטש, אַ בולקעלע און אַט די זעלבע פּראָדוקטן אויך אין מערערע צאָל, דאָס אַלעס איז געווען פּראָדוקטן פון היימיש געבעקס, ד. ה. וואָס די בעל־בית׳טע האָט געוויינלעך אַליין געבאַקן אין אייגענעם באַק־אויוון, טייל האָבן ספּעציעל באַשטעלט ביים בעקער אַ פּאָר חלות פאַר „לחם עניים״ פּונקט גלייך ווי פאַרן אייגענעם געברויך, טייל האָבן געצאָלט רעגולער וואָכן־געלט, אַזוי אַז יעטוועדער אידישער איינוואוינער האָט זיך באַטייליקט מיט נתינות פאַרן „לחם עניים״ איש איש כפי יכלתו.

אויך האָט מען איינמאָל אין יאָר ספּעציעל באַשטימט אַ שבת וואָס אין אַלע בתי מדרשים און שטיבלעך האָט מען גע׳שנדר׳ט פאַר „לחם עניים״ מען האָט ספּעציעל אויפגערופן רוב מתפּללים און יעדערער האָט מנדר געווען ביים ספר פאַר „לחם עניים״. אַ גרויסן צושטייער פלעגן אַריינשיקן יאָר יערלעך די טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט אין ניו יאָרק, די היגע טאָמאַשאָ־ווער סאָסייטי א. נ. בני טאָמאַשאָוו לובעלסק.

## דאָס צעטיילען די פּראָדוקטען

ביים נחום שמש אין שטוב פרייטאָג באַ חצות, אין אַנוועזנהייט פון אייניקע קאָמיטעט מיטגלידער, איז צעטיילט געוואָרן די חלות און ברויט. עס איז געווען 3 סאָרטן אָרעמע לייט, און ממילא אויך דרייערליי מיני חלוקות:

1) די הייזערגייערס און אַנדערע וועלכע האָבן שוין אויסגעטאָן די בושה פון אָרעמקייט, און שלום געמאַכט מיטן גורל אַז זיי לעבן אויף בעטל־ברויט, אָדער קצבה, זיי זיינען אַליין געקומען מאָנען זייער חלק, און פיל מאָל אויך זיך געדונגען.

2) די וואָס האָבן זיך געשעמט צו קומען ברבים נעמען חלה, צו זיי האָט מען אַהיימגעשיקט מיט אַ קינד אָדער אַ קאָמיטעט מיטגליד.

3) פאַרבאָרגענע אָרעמע לייט, בכבוד׳יקע בעלי בתים וואָס זיינען ל״ע געוואָרן יורדים, זיי האָבן געהונגערט און זיך געשעמט צו אַנטפּלעקן, ניט געוואָלט אָנקומען צו מתנת בשר ודם, צו זיי האָט מען געמוזט זוכן

וועגן, דורך פאַרשידענע ספּאָסאָבן און קונצן, עס זאָל געלונגען זיי צו דעליוווערן חלות, אָדער געלט אויף חלות, טיילמאָל האָט עס געמוזט גיין דורך דער פאַרמיטלונג פון עטליכע שלוחים, אַזוי עס זאָל געגנצלעך פאַר־ווישט ווערן די שפורן פון וואַנען עס קומט, ווייל זיי האָבן ניט געקענט בשום אופן שלום מאַכן מיטן גורל אַז זיי באַקומען פון „לחם־עניים״.

אָט די אַלע דרכים פון צדקה זיינען געטאָן געוואָרן מיט אַזוי פיל האַרץ און חכמה, צדקות און ברידערליכקייט, אַז די אינסטיטוציע האָט באַקומען די פולסטע אָנערקענונג און צופאַרטרויען פון אַלע טאָמאַשאָווער אידן. יהי זכרם ברוך.

וואָס האָט געבראַכט צו דער גרינדונג פון לחם עניים? אין אַ געוויסן פרייטיק פאַרנאַכט, ווען די מענער זיינען געווען אַוועק צו קבלת־שבת, האָט אַ פרוי באַזוכט איר שכנ׳טע וועלכע איז געווען פאַררעכנט צו די בעלי פרנסה אין שטאָט. דער טיש האָט געהאַט אַ פולקאָמען שבת׳דיקן אויסזען, מיט ליכט און אַ חלה טישטעכל אויף די חלות. גראַד האָט דער ווינט פון אָפענעם פענסטער אַראָפּגעבלאָזן דאָס חלה טישטעכל און ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט 2 ציגל אָנשטאָט 2 חלות. די פרוי האָט זיך צעוויינט פאַר בושה.





פרייטאגביים פארטיילען דאס ברויט און חלות צו די נצרכים
אדער זייערע שליחים

# טהרת ישראל

## די חברה איז געגרינדעט געוואָרען אין יאר תר״פ תרפ״א

**ש. ליכט**

**דאס** איז געווען אַ וואוילטעטיגע אינסטיטוציע וועלכע איר אויפגאַבע איז געווען צו ערמעגליכען אַלע אָרימע אידישע טעכטער זאָלען קענען האַלטען טהרת משפחה.

אין דער ערשטער רייע איז דאָס געווען אַ פּראָבלעם צו באַפרייען די אָרימע פרויען פון יעטוועדען אָפּצאָל פאַר באַדינונג, אָדער געבען אַ הנחה לויט די פינאַנציעלע פערהעלטניסען, אַזוי אַז קיין געלד זאָל ניט זיין אַ מניעה אין אָפּהיטען טהרת המשפחה. אין דער צווייטער רייע איז זייער אויפגאַבע געווען צו פאַרבעסערען און פאַרשענערען די אינערליכע איינריכטונג און באַדינונג זיי זאָלען ניט זיין אָפּשטויסענד אפילו פאַר דער מאָדערנער יונגער פרוי.

ליידער זייער געראַנגעל מיט׳ן צווייטען פּראָבלעם איז געווען אויסזיכטלאָז, ווייל ליידער איז דאָס מרחץ (שוויץ־באָד) און מקוה געווען זעהר פרימיטיוו, דאָך האָבען זיי אַלעס אָנגעווענדעט לויט די פערהעלטניסען ווי ווייט מעגליך אויסצובעסערען און פאַרשענערען, איינגעקויפט נייע וואַנעס (בלעכינע) אין אַ גרעסערע צאָל, געהאַלטען גוטע באַדינונג, מיט דעם קאָמיטעט האָבען אָנגעפירט די חשוב׳סטע בעלי בתים אין שטאָט, אפרים רוב פּרעזעס, פּינחס גאָלדשטיין, ליפּא האָניגספעלד און נטע העלער.

די איינקונפט איז געקומען פון מאָנאַטס־בייטראָג פון אַלע פאַרמעגליכע אידען אין שטאָט און רעגולאַרע איינאַמע פון מקוה און מרחץ, אָנגעשטעלטע זענען געווען משה׳לי אינגבער (יוטקעס) און חיים יהושע ליכטער.

אין די אָנפאַנגס דרייסיגער יאָרען איז די מקוה געוואָרען בוי פעליג, און עס האָט זיך געפאָדערט אַ נייע מקוה און מרחץ, וואָס די רבנים און אַ ספּעציעלע קאָמיטעט האָבען געשאַפען, און שפּעטער האָט דאָס איבערגענומען די אידישע גמינע, עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרען אַ ספּעציעלער אָפּצאָל אויף דער שחיטה פאַר דער מרחץ־מקוה אויפבוי, לויט דעם מאָדערנסטען סטאַיל, מיט ספּעציעלע קאַבינעס און וואַנעס.

די וועלט איז געוואָרען מער מאָדערן, און עס האָט זיך געפאָדערט מקוואות וואָס זאָלען ענטשפּרעכען אַלע באַדערפענישען פון מאָדערנער היגיענע און דאָס איז טאַקי געשאַפען געוואָרען, עס איז געוואָרען געבויט אַ נייע מקוה מיט קאַבינעס און אַ נייע מרחץ. אויך איז שוין געווען נויטיג פון צייט צו צייט צו רעדען און אויפקלערען וועגען דעם הויפּט יסוד פון אידישקייט ווי טהרת המשפחה, אין וואָרט און שריפט, און אַ דאַנק דעם איז די מצוה כמעט אָפּגעהיטען געוואָרען פון 99 פּראָצענט אידישע פרויען.

# די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון אונזער ישוב

## ווי אַ שטיקעל הקדמה

**• וואָווע ניי און ביילע קרייצער**

**פאַראייביקענדיג** דאָס הייליגע און אַזוי אכזריות'דיג אונטער געהאַקטע לעבען פון די טאָמאַשאָווער אידען, צו וואָס דער „יזכור־בוך" איז באַצוועקט, וואָלט געבליבען אַ גרויסער בלויז ווען מען זאָל נישט שרייבען וועגען די פרנסות זייערע.

די פרנסות וואָס די אידען האָבען בעאַרבעט האָבען געהאַט אַ חוץ קאָמערציעלע אָדער אַ פּראָפעסיאָנעלע זייט אויך אַ פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע.

איינס פון די גאָר וויכטיגע צילען, וואָס די פּאָלאַקען האָבען זיך געשטעלט צו דערגרייכען איז געווען צו מאַכען פּוילען אידען ריין.

דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער איז שטענדיג געווען אונטער דעם זידונג פּונקט און געשפּריצט מיט אַנטיסעמיטישען גיפט האָט אַצינד צוגעקראָגן אַ נייעם מאָטאָ, אַ נאַציאָנאַלן מאָטיוו: צו מאַכן מער פּלאַץ פאַר פּאָליאַקען און פּטור ווערען פון אידען. מיט'ן גאַנצען ברען האָבען זיי זיך גענומען דורכצופירן די דאָזיקע אויפגאַבע. צו דערגרייכן דאָס האָבן זיי זיך באַניצט מיט דעם מיטעל פון פאַרניכטען אידישע פרנסות.

די לאָזונג איז אויך געגאַנגען אין דער דערמאָנטער ריכטונג: „נישט קיין פּאָגראָמען נאָר שלאָגען די אידען איבער די קעשענעס".

די גאַנצע שאַרפקייט פון דער אַקציע האָבען זיי אָנגעשטעלט אויף דעם אידישען סוחר און קרעמער, אויף דעם געביט, וואו דער רוב בנין און מנין פון דער אידישער באַפעלקערונג איז געווען קאָנצענטרירט. דאָס געביט האָט געהאַט נאָך „אַ מעלה" דאָ האָבען די פּאָליאַקען זיך געקענט ברייט פאַנאַנדערנעמען די הענט און דערגרייכען גרויסע רעזולטאַטען אין זייער רשעות'דיגע פּלענער. באַזונדערס שטאַרק איז געווען דער דרוק צום קליינעם און אָרעמען קרעמער. וואָס שוואַכער און אָרעמער אַלץ גרינגער אומצואוואַרפען.

דער איד ווידער שוואַך און אונבאַהאָלפען, נאָר מיט אַ שטאַרקען ווילען צו לעבען האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אויסגעניצט יעדען לעגאַלען טריק (שפּיצעל) צו שיצען זיך געגען די בייזע כוחות.

דער גערּאַנגל איז געווען אַ פּאַרצווייפלטער, אַ פּאַרביסענער, אָבער האָפענונגסלאָז. דער לייב האָט נישט געמיינט צו שפּילן זיך מיטן שעפּעלע נאָר פּאַרציקען עס.

די אידישע לאַגע אין טאָמאַשאָוו און אין פּוילען בכלל, איז געווען ענליך צו אַ שיף, וועלכע די מים הזדונים האָבען פאַרשווענקט און אַראָפּ־געשטויסען הונטען. גרויסע טיילען פון דער אידישער באַפעלקערונג זענען געווען אַרבייטסלאָז, פּרנסה־לאָז, אָהן אַ היינט און אָהן אַ מאָרגען. אַ שמאָלער האַלדז האָט נאָך אַרויסגעשטאַרצט מיט דינע שיכטען — וואָס העכער אַלץ שיטערע — וועלכע האָבען נאָך געגאָסען פון אַ מאַטריעלען וואוילזיין.

צוליב פאַרשידענע סיבות האָט די שיף, מיטן גאַנג פון דער צייט, געזאָלט גיין נאָך נידעריגער אַראָפּ. די פּאָליאַקען אָבער האָבען קיין צייט און געדולט געהאַט און געשטורעמט זי פון אַלע זייטען, כדי וואָס גיכער זי אין גאַנצען אונטערשווענקען.

דערציילענדיג וועגען אידישע פּרנסות וויקעלט זיך ממילא אויף די בלוטיגע מגילה פון פאַרפאָלגונגען אוןליידען.

מיר ברענגען אין אַ קאָנדעסטער פאָרם אַ שטיקעל בילד פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די טאָמאַשאָווער אידען.

מיר נעמען נישט אַרום אַלע צווייגען נאָר אַ גאָר גרויסען רוב פון די וויכטיקסטע.

טאָמאַשאָוו איז געווען פאַרהעלטענמעסיג אַ קליינע שטאָט. ווי אין אַ קליינע שטאָט איז אַלץ אָפען. יעדער האָט געקענט יעדערען און געוואוסט וואָס ביים אַנדערן טוט זיך. אָדער דורך זעהן, אָדער דורך הערען. און יעצט, כאָטשע עס טיילט פונאַנדער אַ געוויסער צייט אָבשניט, טויכען די אַלע זאַכען אויף גלייך ווי עס וואָלט געווען נעכטען.

## קראָמען

די עקאָנאָמישע פונקציע פון קראָמען איז — פאַרמיטלונג. דער פּראָדוקט, אַרטיקעל און אויסאַרבייטונג, וועלכע דער קרעמער שטעלט צו, זענען פאַר דעם אוממיטעלבאַרען געברויך פון קויפער. אַמהעכסטען דאַרף דער קונה, אין טייל פאַלען, אַליין נאָך עפּעס טאָן צו קענען די זאַכען נוצען.

די אַרטיקלען זענען דורכגעגאַנגען אַלע יסודות׳דיקע פּראָצעסען און אין דעם זעלבען צושטאַנד ווי די קרעמער קויפען די סחורה, פאַרקויפען זיי דאָס.

דעם פאַרמיטלונגס־כאַראַקטער פון די קראָמען האָבען די פּאָליאַקען אויסגענוצט אויף אָנצווייזען אויף די אידען, אַז זיי זענען אומפּראָדוקטיוו פּאַראַזיטען און לעבען פון יענעמ׳ס פּראַצע. אַלס פּועל־יוצא דערפון, איז פּשוט אַ מצוה צו פאַרפאָלגען די אידען.

די איראָניע פון דער בייזוויליגער באַצייכענונג איז געלעגען אין דעם פאַקט, וואָס דעם אידישען קרעמער׳ס גראָשען איז געווען דורכגעווייקט אין שווייס און בלוט.

קרעמעריי בכלל געהערט צו די שווערע פרנסות. באַזונדערס שווער איז געווען די פרנסה פון דעם אידישען קרעמער אין פוילען. געדרוקט פון





די האַליעס

אַ מאַנגעל אין געלד און צעפּרעסען פון אַ רואינירענדער קאָנקורענץ, האָט דער איד, דער קרעמער געמוזט אַריינלעגען לאַנגע שעה׳ען און שווערע האָרוואַניע כדי אַרויסצונעמען קליינע גראָשענס.

און דאָס אַלעס נישט נעמען אין באַטראַכט די שיקאַנעס און פּאַרפאָל־גונגען מצד דער פּוילישער מאַכט, וועלכע האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צו מאַכן דעם אידישען קרעמער ענגער און ענגער ביז צו לאָזען דעם איד אָהן לופט צו אָטעמען.

פון דער אַנדערע זייט, האָט דאָס נישט געשטערט דער פּוילישער רעגירונג און פּוילישער געזעלשאַפט צו אַגיטירען און ערמוטיגען פּאָליאַקען צו עפענען קראָמען און סטראַגאַנען. דערביי האָבען זיי געגעבען דעם סטראַגאַן אַזאַ חשיבות און אַוועקגעשטעלט דעם סטראַגאַן און די קראָם אויף אַזאַ הויכען און צענטראַלען פּונקט, גלייך ווי דאָס וואָלט זיי געגעבען דעם שליסעל צו אַלע פּראָבלעמען. אַזוי האָבען זיך פאַרגעשטעלט די באַדינגונגען אונטער וועלכע דער אידישער קרעמער האָט געמוזט אַרבייטען.

דאָס איז געווען ווי אַ קורצע באַלויכטונג וועגען דער אַטמאָספּערע, וואָס די פּאָליאַקען האָבען געשאַפען אַרום די אידישע קרעמער. און אַצינד וועגען דער טעכנישער און עקאָנאָמישער זייט פון די קראָמען אין טאָמאַשאָוו.

קראָמען צעטיילען זיך אויף 2 טיפּען: אויף אַ הורט און דעטייל קראָם.

צוויי הורט־געשעפטען זענען געווען אין אונזער שטאָט: איינס — פון אייזענוואַרק; דאָס צווייטע — פון קאָלאָניאַלע סחורות. די אייזען־קראָם איז געווען פון הורט־כאַראַקטער נישט אַזוי פיל צוליב דעם האַנדלען מיט קרעמער, ווי דערפאַר, ווייל אייזענוואַרק האָט זיך פאַרקויפט צו פּריוואַטע קונים, אפילו, אין גרעסערע סומעס. צום ביישפּיל: פאַר געבוי און רעמאָנט פון הייזער. דאָס קאָלאָניאַלע געשעפט איז געווען דורך און דורך אַ הורט־געשעפט: צוגעשטעלט סחורות פאַר קרעמער און גאָר ווייניג זיך אָפּגעגעבען מיט דעטייל.

די צוויי געשעפטען האָבען געפירט זייער מסחר אויף אַ סקאַלע, וואָס איז ווייט איבערגעשטיגען די פאַרהעלטעניסן פון אונזער שטאָט. אין גרעסערע שטעט אַפילו, וואָלטען זיי באַטראַכט געווען פאַר ריזען געשעפטען. פעהיגקייט, געשיקטקייט געפּאָרט מיט ענערגיע און פלייסיגקייט זענען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייער הצלחה. דערביי איז כדאי צו באַמערקען, אַז אין דיביידע געשעפטען זענען פרויען געווען די וועלכע האָבען געשפּילט די הויפּט ראָלע. באַזונדערס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט נישט געוויינליכע סוחר׳ישע פעהיגקייטען די מענשען פון קאָלאָניאַלען געשעפט.

אַ דאַנק די סוחר׳ישע מעלות האָט די קאָלאָניאַלע קראָם געקענט ביישטיין די קאָנקורענץ, וואָס די פּאָליאַקען האָבען אויפגעשטעלט געגען איר.

די פּאָליאַקען האָבען געטאָן אַלעס, וואָס מעגליך צו דערגרייכען זייער ציל צו מאַכען פּוילען אידען ריין.

## די ספּולדזיעלניאַ

זייט ביי זייט מיט דער אָפענער, כּאַמסקער און ברוטאַלער באַהאַנדלונג צו די אידן, האָבן די פּאָליאַקן אָנגעווענדעט אַ מער כיטרע און ראַפינירטע מעטאָדע. די מעטאָדע איז באַשטאַנען פון אויפשטעלען עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און דורך פּראָפּאַגאַנדאַ און דרוק צווינגען די פויערים און אַנדערע צו קויפן ביי די פּאָליאַקן. אויף אַזאַ אופן אָפּצוציהען דאָס וואַסער פון אידישען טייך און די פיש וועלען בממילא מוזען אויסשטאַרבען.

פאַר דעם צוועק האָט מען אין אונזער שטאָט פאַרלייגט אַ סינדיקאַט, דאָס איז געווען אַ גרויס הורט־אונטערנעמונג פון קאָלאָניאַלע סחורות.

די גרינדער און אַנטיילנעמער זענען געווען די פוילישע גוטבאַזיצער — די פּריצים. פאַרשטייט זיך, אַז דער דערמאָנטער סינדיקאַט האָט גענאָסען פון שטייער־הנחות און געהאַט אָפענע קרעדיטען אין דער פוילישער באַנק.

טראָץ די שטאַרקע אַגיטאַציע און אַנטי־אידישע פּראָפּאַגאַנדע, איז דאָס געווען אַ פאַקט, אַז די פוילישע קרעמער — און אַפילו די, וועלכע די אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאָלפען ווערען סוחרים און, טיילס מאָל אויך, געבערענגט זיי פון דער פרעמד — האָבן בעסער געוואָלט האַנדלען מיט דעם אידישען קאָלאָניאַלען געשעפט. ווי מען קען זיך פאָרשטעלען האָט די געשיקטע באַהאַנדלונג און ווייכע און העפליכע באַנעמונג גיכער געלאָקט, ווי די ביוראָקראַטישע ערלעדיגונג און שטייפע און גלייכגילטיקע באַציהונג.

דאָס לעבהאַפטע לייזען און ברייטע פּרנסה ביי די הורט-געשעפטען איז, אָבער, אָפט געווען דורכגעבראָכען מיט שוואַרצע וואָלקענס פון בלוט־צאַפּעניש, אויפרעגונג און שרעק. אַזעלכע מאָמענטען פלעגען צוטיילען די אידען די „פליענדע בריגאַדע".

## די „ליאַטניטשע בריגאַדע" (פליענדע בריגאַדע)

אַזוי האָט געהייסען אַ מלוכה'שער אָרגאַן, וועמענס אויפגאַבע איז געווען אַז די האַנדעלס־ביכער זאָלען זיין אין אָרדענונג. די לייט פון דער בריגאַדע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו פאָדערן די ביכער פאַר קאָנטראָל צו יעדער צייט. אַזוי בייטאָג ווי ביי נאַכט. אין באַצוג צו די אידען האָט דער אָרגאַן זיך נישט באַגרעניצט בלויז צו זיין אויפגאַבע. אַלע באַמיהונגען פון די בריגאַדע־לייט זענען, צום אַלעם ערשטען און דערהויפּט, געגאַנגען אין דער ריכטונג — צו געפינען עבירות.

ערמוטיגט זיי אין דער דאָזיגער איינשטעלונג האָט זייער חשד, אַז די אידען שרייבען נישט אַלעס איין און מאַכען קאָמבינאַציעס. געשטיצט האָט זיך דער חשד אויף דעם פאַקט, וואָס די פוילישע רעגירונג האָט פאַרלאַנגט אַלעס פאַר זיך, איבערלאָזענדיג פאַר דעם סוחר פאַר זיין מיה און אַרבייט, אויב עס איז געווען פאַרדינסט אַ טרוקענע שאָל. (מיטן פוילישען סוחר

איז מען דורכגעקומען, אים געמאַכט הנחות. ביי דעם אידישען סוחר, האָט מען אָנגעווענדעט דעם גאַנצען חומר־הדין).

און אַ חוץ דעם האָט דער אידישער סוחר געמוזט שמירען יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקעל מאַכט. אַנדערש, איז דער סוחר געווען, ווי געפּענטעט, נישט קענענדיג זיך באַוועגען.

## די טריקס פון די פליענדע־בריגאַדע

כדי צו גיין אויף זיכער האָבען די בריגאַדע־מענשען זיך באַנוצט מיט אַ מעטאָדע, וואָס האָט דערמאָנט בדיקת־חמץ. נישט צו מאַכען קיין ברכה לבטלה גרייט דער איד אָן שטיקלעך חמץ. זיי האָבען אויך אָנגעגרייט זיך „שטיקלעך חמץ". געטאָן האָבען זיי אויף אַזאַ אופן: איידער די ליאטניטשע־לייט זיינען געגאַנגען קאָנטראָלירען די ביכער, האָבען זיי אין אַ געוויסען טאָג — ספּעציעל אין אַ מאַרק־טאָג, דאָנערשטאָג — זיך אַנידערגעשטעלט פאַר דעם געגעבענעם געשעפט און יעדען איינעם, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטען, אָבגעשטעלט און אויסגעפרעגט, וואָס מען האָט געקויפט, ווי פיעל באַצאָלט א. א. וו. דאָס אַלעס ביי זיך פאַרשריבען און אויך פאַרצייכענט די צייט. דרך אגב איז כדאי צו באַמערקען, אַז די פויערים און אַנדערע גוי'שע קונים האָבען אַלעס איבערגעגעבען, כאָטש זיי האָבען געקענט דאָס נישט טאָן און געוואוסט דעם צוועק פון דעם פרעגען. דער רוב פון די קריסטלעכע קונים זיינען געווען צופרידען פון אַזאַ געלעגענהייט גורם צו זיין שלעכטס צו אַ אידען. זעלטען, איז געווען איינער, וואָס האָט נישט געוואָלט האָבען אַ חלק אין דעם געשעפענסט.

האָבענדיג אין באַזיץ אַזעלכע פאַרצייכענונגען האָבען זיי געלאָזט זיך אָפּשטעקען אַ וויזיט ביים איד, אָדער אין אַ רעש'דיגען מאַרק־טאָג, אָדער אין מיטען דער נאַכט און פאָדערען די ביכער.

די קלענסטע און אומשולדיגסטע אומפּינקטליכקייט האָט געקענט ברענגען אין רעזולטאַט אָן אַרעסט אויף דער גאַנצער סחורה ביז אַ געריכט־דעציזיע און שטעלען דעם אייגענטימער אין שאָטען פון אַ שווערע געלד שטראָף, און טיילמאָל האָט דאָס אויך געשמעקט מיט „קאַרטוז־בערעזע". אין בעסטען פאַל האָט דאָס געקאָסט ממון און דמים.

מען קען זיך פאַרשטעלען די שוואַרצע און שרעקליכע איבערלעבעניש, וואָס דער איד האָט דורכגעמאַכט, ווען די פינסטערע גייסטער, אין געשטאַלט פון די בריגאַדע-מענשען, האָבען זיך באַוויזען. אַ זעלכע וויזיטען זענען נישט געווען אַ זעלטענהייט.

## דעטייל קראַמען

אַ גרויסער רוב פון דער אידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו ליובעלסק האָט געפריווט ציהען זיין חיונה פון קרעמעריי. די דאָזיגע ערשיינונג האָט נישט געהאַט איר באַרעכטיגונג אין די גרויסע מעגליכקייטען, וואָס דאָס

פעלד האָט אָנגעבאַטען, נאָר געווען אַ רעזולטאַט פון נעגאַטיווע סיבות. עס איז נישט געווען צו וואָס זיך נעמען, „נסתתמו כל המקורות" — ווי עס זאָגט חיים נחמן ביאַליק ז"ל — אַלע קוואַלען פון פּרנסה זענען פאַרשטאָפּט. אָבער לעבען ווילט זיך און עסען מוז מען. דאָס איינציגע געביט, וואָס האָט נישט געפאָדערט אַ סאַך געלד און אויך נישט פאַרלאַנגט איבעריגע פאַכמענערישקייט, איז געווען קרעמעריי. איבערהויפּט וואָס דערמיט זיינען זיי ערצויגען און פּראַקטיצירטביים פאָטער אין קראָם. און דער, וואָס האָט געהאַט עפּעס געלד — ספּעציעל נייע פאַר־פעלקער — האָט געפּרואווט זיין גליק אין אַ קראָם. דערביי האָט יעדער געגלויבט, אַז ער וועט קריגען דאָס גליקליכע צעטעל. דאָס גליקליכע צעטעל, אָבער, האָבען ווייניג אַרויסגעצויגען. די רעשט האָט געמוזט פאַרלירען דאָס פאַרלירען אָבער, איז געווען באַגלייט מיט פיזישע און פּסיכישע יסורים. אין עקאָנאָמישען זין — אין הינזיכט פון פּרנסה — איז געווען אַ גרויסער אינטערשייד צווישען די בראַנזשעס.

## שניט — גאַלאַנטעריע און לעדער — שיך געשעפטען

די אַמיינסטען צופרידענשטעלענד, לויט די טאָמאַשאָווער פאַרהעל־טניסען, זענען געווען די בראַנזשעס פון די אינדוסטריעלע אַרטיקלען, ווי שניט, גאַלאַנטעריע, לעדער, שיך און אַנדערע. די לייזונג פאַר אָט די אַרטיקלען האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. הן שטאָטישע, ווי אויך דאָרפישע. די גרעסטע לייזונג האָט צוגענומען די שניט־בראַנזשע. דער אַלגעמיינער פּראָגרעס, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין ענטוויקלען אין גאַנג פון די יאָהרען, האָט פּראָגרעסירט דעם געברויך פון שניט. אויך אין דאָרף האָט מען זיך אָנגעהויבען צו קליידען. צוליב די דאָזיגע טעמים האָט די שניט־בראַנזשע געקענט באַזעצט זיין פון אַ גרעסערע צאָהל קרעמער, ווי יעדע בראַנזשע, פון די אינדוסטריעלע אַרטיקלען, האָט געהאַט. דערביי איז די שניט־בראַנזשע געווען צופרידנשטעלנד פאַר אַ געוויסע צאָל פון אירע סוחרים. די קעפּ פון דער בראַנזשע, וועלכע האָבען געציילט בלויז אַ פּאָר, זענען געווען ווירקליך פאַרמעגליך. אויך די, פון דער מיטעלע פּאָזיציע, זענען געווען נישט שלעכט סיטואירט. דער גינסטיגער כאַראַקטער פון דער בראַנזשע האָט זיך געבראָכען, ווען עס איז געקומען צום פּונקט פון קליינע קראָמען מיט ווייניג סחורה. באַזונדערס האָט דאָס געהאַט אַ שייכות צו די ירידים־סוחרים, וועלכע האָבען אין די ירידים־טעג אויסגעלייגט זייער ביסל סחורה אונטערן פרייען הימעל אויף שטעלעכלעך.

אויף דעם טונקעלען באַדען פון דער אַלגעמיינער שווערע לאַגע איז געשטאַנען ווי אַ ריז אַ קאָנפעטי געשעפט וואָס איז כמעט געווען אָן קאָנקורענץ. די לייזונג איז געווען גאָהר אַ פעטע. די קליענטעליע איז אַממיינסטען באַשטאַנען פון פאַרמעגליכע פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

דערצו איז די לייזונג געווען אויף אַ שטילען אופן: אָהן רעש און אויפרעגונג. דאָס געשעפט האָט דעם איינגענטימער געשטעלט אין דער ריי פון די גרעסטע גבירים אין שטאָט. וואָס בנוגע די אַנדערע בראַנזשעס מיט אינדוסטריעלע אַרטיקלען? זיי זענען נישט געווען אַזוי צופרידענשטעלענד ווי די שניט. די צאָהל קרעמער, וואָס יעדע פון די בראַנזשעס האָט געטראָגען איז געווען פאַרהעלטענמעסיג אַ קליינע. אויך די גבירים פון די דאָזיגע בראַנזשעס, זייער גביר׳ישקייט איז באַשטאַנען מעהר פון אַ ברייטער, לויט טאָמאַשאָוו, פרנסה, ווי צו זיין אמת׳ע גבירים.

## שפּייז־קראָמען און צוקערניעס

אויף אַ נידעריגע מדריגה האָט זיך געפונען די שפּייז־און קאָלאָניאַל בראַנזשע. (שפּייז און קאָלאָניאַלע סחורות זענען געגאַנגען צוזאַמען) די לייזונג איז געקומען כמעט אויסשליסלעך פון דער אידישער באַפעלקערונג. און דערצו נאָך איז די צאָהל קראָמען געווען אַ סאַך גרעסער ווי די באַדערפענישען האָבען געפאָדערט.

אַחוץ שפּייז־קראָמען זענען געווען אויך אַנדערע פרנסה־באַשעפטיגונגען פון באַזונדערע טיפען, וואָס האָבען געהאַט צו טאָן מיט שפּייז, אָבער באַפרידיגט בלויז דעם מאָמענטאַלען געברויך פון עסען און טרינקען. און דער קונה, וועלכער איז געווען אַצופעליגער, האָט אָפט פאַרניצט דאָס אויפ׳ן אָרט. צו דער דאָזיגער קאַטעגאָריע האָבן געהערט: רעסטאָראַנען, שענקען, סאָדאַ־וואַסער־בודקעס און צוקערניעס. די דערמאָנטע גרופּע האָט גאָר נישט צוגעגעבען, אָדער אַראָבגענומען פון דעם אַלגעמיינעם בילד פון די קראָמען. זייערע קאָלירען זענען נישט געווען העלער און נישט טינקלער, און בכלל זיך אַריינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער ראַם. דאָך קען אַ פּאָר ספּעציפישע שטריכען און איינצעלהייטען פון דער דאָזיגער גרופּע באַלויכטען און בולט׳ער מאַכען דאָס אַלגעמיינע אידישע לעבען.

## האָטעלען און רעסטאָראַנען

דריי רעסטאָראַנען זענען געווען אין טאָמאַשאָוו. יעדער פון די דריי איז געווען אַ טייל פון אַ האָטעל, וועלכען דער געגעבענער רעסטאָראַן האָט באַדינט. פרייע מאָהל־צייטען האָבען זיי נישט געקאָכט. די מאָהל־צייטען האָבען געמוזט זיין באַשטעלט. די אידישע באַפעלקערונג, אין אַלגעמיין, אין טאָמאַשאָוו האָט זיך נישט געקענט ערלויבען צו עסען אַ מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן ווי הונגעריק און פאַרנומען מען זאָל נישט געווען זיין. און אַחוץ דעם איז די שטאָט געווען קליין, מען האָט זיך שטענדיג געפונען לעבען דער היים. די רעסטאָראַנען האָבען באַדינט בלויז די אויסער־דער־שטאָט געסט, וואָס זענען געשטאַנען אין דעם געגעבענעם האָטעל.

איין רעסטאָראַן פלעגט אַ מאָהל אָנגרייטען אַ פאָהר פרייע מיטאָגען. דער קונה פון דעם איז געווען ווער פון די בעלי־העגלות, אָדער טרעגערס, וועלכע, צוליב זייערע פרנסה, זענען געווען געצוואונגען נאַכט און טאָג צו זיין אויף דער גאַס. און פשוט זיך דערוואַרעמען אָדער אויפהייטערען האָבען זיי געקויפט אַמאָל אַ מיטאָג.

## שענקען

פיער שענקען זענען געווען, וואָס אידען האָבען באַארבייט. אַ חוץ אונזער קאָנצעסיע, וואָס איז געווען אויף אונזער מאַמענ׳ס ע״ה נאָמען, האָבען די רעשט קאָנצעסיעס באַלאַנגט צו פאָליאַקען; און די אידען האָבען בלויז דאָס געדונגען.

די שענקערס האָבען געהאַט אייגענע קאָנצעסיעס אַמאָל. פוילען אַליין, נאָך דער ווידערענטשטעהונג, האָט זיי די קאָנצעסיעס געגעבען, דאָס איז געווען זייער פרנסה פון יאָרען. נאָר מיט דער צייט האָט פוילען ביי די אידען צוגענומען די קאָנצעסיעס און איבערגעגעבען צו די פאָליאַקען. ביי אונז האָט מען די קאָנצעסיע נישט צוגענומען, כאָטשע מען האָט געפריווט דאָס צו טאָן. מיר האָבען געהאַט גרויס פראָטעקציע און באַזיצט דאָקומענטן, אַז אונזער פאַמיליע האָט געלייסטעט גרויסע פאַרדינסטען פאַר פוילען אין די „פאָווסטאַניעס״ (אויפשטאַנדען). דאָך, ווען אונזער מאַמע ע״ה איז געשטאָרבען, דריי חדשים פאַר דער לעצטער מלחמה, האָט די פוילישע רעגירונג גלייך זיך צוגעאיילט און צוגענומען די קאָנצעסיע.

אַן אייגענע קאָנצעסיע האָט געהאַט אַ חסרון: די פוילישע רעגירונג האָט אַרויף געלעגט גרויסע שטייערען אויף די קאָנצעסיעס. און נאָר דורך קאָמבינאַציעס האָט מען געקענט עפּעס אַרויסקריגען פאַר זיך אויך. די שענקערס מיט די געדונגענע קאָנצעסיעס האָבען געקענט דאָס טאָן, ווייל אין פאַל, ווען עס האָט עפּעס פאַסירט האָבען די פאָליאַקן, די בעלי־הבתים, שוין געזען אַז עס זאָל גאָר נישט געשען. די פוילישע מלוכה איז מיט גוים דורכגעקומען. גאָר אַנדערש וואָלט אין אַזאַ פאַל געווען, ווען די קאָנצעסיע זאָל זיין אַ אידישע.

אַ חוץ די שענקערס מיט קאָנצעסיעס זענען אויך געווען אַ פינף זעקס ביר־שענקען אָהן אַ רעכט צו פאַרקויפען בראָנפען. אייניגע פון די לעצטע האָבען אַליין געהאַט קאָנצעסיעס. ווי שוין דערמאָנט האָט די פוילישע מלוכה ביי זיי צוגענומען די קאָנצעסיעס. די רעשט זענען געווען ביר־שענקערס פון שטענדיג. זיי האָבען פאַרקויפט בראָנפען אין געהיים. די קונים זייערע זענען געווען היימישע פויערים, וועלכע פלעגען זיך פיהלען ביי דעם שענקער, ווי ביי זיך אין דער היים. ביים איד האָבען זיי געהאַלטען די זאַכען, וואָס זיי האָבען געקויפט, אָדער געברענגט פון דער היים און בכלל גענאָסען פון

גרויסע באַקוועמליכקייטען. דאָס האָט זיי געהאַלטען צוגעבונדען צום איד און אויך געגעבען די גאַראַנטיע געגען מסירה.

## סאָדאָווקעס און צוקערניעס

נישט קיין גרויסע צאָל סאָדא־וואַסער בודקעס זיינען געווען צעשפּרייט איבער דער שטאָט. טייל האָבען געהערט צו די סאָדא־וואסער פאַבריקלעך און האָבען געדינט אַלס הילף־מיטלען צו פאַרקויפען וואָס מער סאָדא־וואַסער. די אַנדערע ווידער, זענען געווען זעלבסשטענדיגע בודקעס, פון וועלכע די אייגענטימער האָבען געפּריוועט ציהען פרנסה. דער פּדיון איז באַשטאַנען פון גראָשענס. פאַרקויפט האָט מען, אַ חוץ סאָדא־וואַסער, אין די בודקעס: אַ לייכטען נאַש, אַ זיסען און געזאַלצענעם צובייס און ליאָדעס (אין זומער). קיין גרויסע געלטער האָט אַזאַ געשעפט נישט פאַרלאַנגט. דער הויפּט אינ־וועסטמענט איז געווען פיזישע אַרבייט. דער עיקר'שט לייזונג האָט זיך געטראָגען אום זומער ספּעציעל אין הייסע טעג, ווען דער עולם האָט זיך געקילט מיט סאָדא־וואַסער און ליאָדעס. אין ווינטער דאַגעגען איז דער פּדיון אַראָפּגעפאַלען ביז אַרונטער. און דאָך זענען די מענשען פון די בודקעס נישט געווען פריי פון אַרבייט. זיי האָבען געדאַרפט אָנגרייטען איז אויף זומער און דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבייט.

העלערע פונקטען אין דער סאָדא־וואַסער צווייג זענען געווען דריי צוקערניעס. די דריי זענען געווען געפירט אויף אַ ברייטערען מאַסשטאַב, געהאַט אַ גרעסערען אויסוואַל פון פאַרשידענע מינים זיסוואַרג און אויך אויסלענדישע פּרוכטען. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבען געברענגט אַ גרעסערען גראָשען ווי די סאָדא־וואַסער בודקעס.

## די ביטערע לאגע פון קרעמער

צו דער שווערער מערכה פון פרנסה האָט דער גורל צוגעטיילט די קרעמער צו פּילן אַמשטאַרקסטן דעם אַנטיסעמיטישן דרוק און צו זיין אויף די פאָדערשטע רייען צו ווערען אָנגעגריפען פון דער אויסראַטונג פּאָליטיק לגבי די אידען.

די סיבה פון אַזאַ „מזל" איז געלעגען אין דעם כאַראַקטער פון דער סטראַטעגיע אין באַצוג צו די אידען. אין זייער טעטיגקייט צו מאַכען פוילען אידען־ריין האָבען די פּאָליאַקען אָנגעווענדעט אַ סטראַטעגיע „פון שלאָגען דעם שונא פון דער שוואַכער און גרינגער זייט". די קרעמער האָבען אַמבעסטען ענטשפּראָכען די דאָזיקע צוויי באַדינגונגען: פון איין זייט זענען די קראָמען געווען ווי שפּייז אויף אַ טעלער, וואָס מען קען גרייכען צו יעדע צייט און מינוט, ווען דעם פריץ האָט זיך דאָס נאָר געוואָלט. פון דער אַנדערע זייט האָבען די קראָמען — אין אַ גרויסען רוב — קוים געזשיפּעט; זענען געווען, אין עקאָנאָמישען זין, אברים מדולדלים — שטייענדיג אויף אַ שווערען באָדען — און אפילו מיט קליינע אָנשטרענגונגען האָט מען זיי געקענט אומוואַרפען.

## די באַציִאונג פון דער פוילישער מאַכט צום אידישען קרעמער

דאָס פוילישע פאָלק, דורך זיין רעגירונג, האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצע ענערגיע און מיה אַרויסצושטויסען דעם שוואַכען קרעמער פון זיין פּאָזיציע. די רעגירונג האָט געלאָזט אין גאַנג יעדן אָרעם איר'ן, וואָס האָט געקענט זיין ניצליך פאַר דעם דאָזיגען צוועק. זי האָט זיך באַנוצט מיט דעם אַדמיניס־טראַטיוון אָרעם, וועלכער האָט געשאַפן גזירות, באַשרענקונגען און אָנגעשיקט קאָמיסיעס, ווי סאַניטאַרע און אַנדערע, וועלכע ווי בלוט־דאָרשטיגע אינזעקטען, האָבען געביסען דעם קרעמער — אַרויף געלייגט שטראָפען. דערביי איז די לאָקאַלע מאַכט נישט געווען אונטערשטעליג אין דער הייליגער אַרבייט צו מאַכען דעם אידישען קרעמער ענג.

## דער שטייער־אַמט (אורזאַנד סקאַרבאָווי)

דער שטאַרקסטער אָרעם אָבער, וואָס האָט זיך באמת אויסגעצייכענט מיט צעברעכן אידישע לעבנס, איז געווען „דער שטייער־אַמט". דער שטייער־אַמט האָט דעם אידישען קרעמער אַריינגנומען אין אַ נעץ פון שטייערען, מאַכענדיג די נעץ וואָס אַ מאָל געדיכטער.

דער שטייער־אַמט האָט דאָס געטאָהן דורך אויסמעסטען גרויסע שטייערען אויפהויבנדיק דעם קרעמערס אומזאַץ און הכנסה אַזוי הויך, אַז אַפילו אין חלום האָט ער דאָס נישט געזעהן.

דער קרעמער האָט געפּריווט מיט זאַכליכע באַווייזען אויפווייזען די גרונדלאָזיקייט פון אַזאַ אויסמעסטען. אָבער אין זעלטענע פאַלען האָט דאָס געהאָלפען.

דער שטייער־אַמט געגען די גערעכטע טענות פון די אידען האָט זיך פאַרופען אויף אַ רעפאָרט, וואָס ער האָט געהאַט אין באַזיץ. דאָס איז געווען אַ רעפאָרט צוזאַמענגעשטעלט פון שטייערן־באַאַמטע, וועלכע דער אַמט פלעגט אָפט שיקן צו אינספעקטירן די אידישע לייזונג און ברענגען אינפאָרמאַציע.

דער אופן, ווי די אינספעקציעס פלעגען געמאַכט ווערען און דאָס נוצען זיי דורך דעם שטייער־אַמט אַלס יסוד פאַר אויסמעסטען שטייערען — האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אַקט פון פאַרדאָרבענע ציניזשקייט און כאַמסקע גרויזאַמקייט, וואָס איז כדאי צו ברענגען. נאָר פר־יז'ר אַ פּאָר ווערטער וועגען די באַאַמטע אַליין.

## די שטייער־בעאַמטע

די פוילישע רעגירונג כדי צו באַזאָרגען מיט באַשעפטיגונג די פערטעל און שטיקלעך אינטעליגענטע פאָליאַקען, באַזונדערס די יונגע, האָט אָנגעפילט יעדען אַמט מיט אַ איבערמעסיגער צאָל פון אַזעלכע. ספּעציעל איז געווען

באַזעצט מיט אַן איבעריגע צאָל פון דער דאָזיגער קאַטעגאָריע — דער שטייער־אַמט. די לייט פלעגן גאָר נישט האָבן וואָס צו טאָן, די איינציגע אַרבייט זייערע איז געווען צו שפּילען זיך.

די דאָזיגע חברה האָט דער שטייער־אַמט געשיקט צו אינספּעקטירען די אידישע קראָמען און צו ברענגען רעפּאָרטען. די לייט פלעגן זיך אַזוי לאַנג דרייען צווישען די קראָמען ביז זיי האָבן באַמערקט קונים אין וועלכען געוועלב. ווען דער קרעמער איז געווען אין דער מיטען פון דער באַדינונג זענען זיי אַריינגעקומען.

דערזעענדיק זיי האָבן הענט און פיס אָנגעהויבן צו ציטערן ביי דעם קרעמער. ער האָט געוואוסט דעם צוועק פון זייער וויזיט און וואָס ער קען ערוואַרטען. זיי ווידער אויף אַ ציניש׳ען אופן, מיט אַ טאָן פון אַ כלומר׳שטען פריינד און „זיסע״ רייד, גע׳עצה׳עט דעם קרעמער אין זינען האָבען נאָר די קונים און באַדינען זיי. און דערווייל האָבען די לייט פאַרצייכענט אַלעס, וואָס ער האָט געלייזט און ווי לאַנג עס האָט געדויערט.

ווען דער איד איז געקומען זיך באַקלאָגען געגען דעם גרונדלאָזען שטייער, האָט מען אים געוויזען דעם רעפּאָרט. דערביי האָט מען געמאַכט אַ חשבון, אַז לויט דער אינפאָרמאַציע האָט ער, אין משך פון אַזאַ און אַזאַ צייט, געלייזט אַזויפיל און אַזויפיל. און ווען מען זאָל צוזאַמען רעכענען, לויט דערדאָזיגער פּראָפּאָרציע, די שעה׳ען און טעג, וואָס די קראָם איז אָפען — איז דער שטייער פּיל פּיל הינטערשטעליק. מען האָט זיך, אויף אַזאַ אופן, נאָך געריכט מיט דעם קרבן. דער קרעמער האָט זיך געוועהרט מיט אַלע כחות. ער האָט אויסגענוצט יעדע מעגליכקייט וואָס האָט געקענט אים העלפן, כאָטש אויף דערווייל, צוריקצוהאַלטען די אייזערנע און אומבאַ׳רחמנות׳דיגע האַנד, וואָס האָט זיך געשטרעקט נאָך זיינע פּאָר זלאָטעס, אויף וועלכע עס האָט געהאַנגען זיין און זיין הויזגעזינדס לעבען.

אין אָפטע פאַלען איז דאָס געלד געווען געליען געלד. אין דעם ווערען זיך צו דערהאַלטען וואָס לענגער זיין פּאָזיציע, האָט דעם אידישען קרעמער געהאָלפען דאָס, וואָס אין פוילען פאַר אַ שטייער־חוב איז מען מאָראַליש נישט פאַראַנטוואָרטליך — עס האָט נישט געדראָעט קיין אַרעסט. מען איז געווען פאַראַנטוואָרטליך מיט דעם בלויז, וואָס מען האָט באַזיצט. און די דאָזיגע פאַראַנטוואָרטליכקייט איז געגאַנגען ביז איבערלאָזען נאָר צו פאַרדעקען דאָס לייב. וואָס עס איז געווען מעהר האָט געקענט ווערען קאָנפיסקירט. (אין באַצוג צו אידען האָט די פּוילישע רעגירונג געהאַנדעלט טאַקע אויף אַזאַ אופן, אויסגענוצט די דאָזיגע רעכט אָן שום איינזעעניש).

## אידישע קאָמבינאַציעס געגען שטייער־רויב

אַ דאַנק דעם, וואָס פאַר אַ שטייער־חוב האָט נישט געדראָט קיין אַרעסט, ווען דער קרעמער האָט געזעהן, אַז מען לייגט נישט קיין אַכט צו

זיינע באַגרינדעטע טענות און דער שטייער־אַמט וויל פּשוט באַרויבען זיין האָב און גוטס. האָט ער דאָס געשעפט און סחורה אָבגעשריבען אויף אַ היימישען פרעמדען און געמאַכט יענעם פאַר דעם בעל־הבית.

דאָס איז געווען מעגליך איידער דער שטייער־אַמט האָט פאַרצייכענט די סחורה צו דעקען דעם שטייער־חוב. אויב די סחורה איז געווען פאַרשריבען, אין אַזאַ פאַל, איז דער קרעמער געווען פאַראַנטוואָרטליך, אונטער שווערע שטראָפען, פאַר דעם פעהלען פון דער קלענסטער זאַך. אויב דער איד אָבער, האָט זיך מקדים געווען, האָט ער געקענט אָפּאָטעמען פרייער פאַר אַ געוויסע צייט. אויף דעם באָדען פון די דערמאָנטע קאָמבינאַציעס האָבען זיך געשאַפען סיטואַציעס, ווען נישט די טראַגישקייט זייערע, וואָלטען זיי געווען זעהר קאָמיש. אידען מיט בערד און פּיאות און גרויסע חסידים האָבען כלומר׳שט געלעבט מיט געליבטע. אַנשטאָט פרויען האָבען זיי געהאַט ליבהאָבערינס.

אַזעלכע סיטואַציעס זענען ענטשטאַנען, ווען דער קרעמער, צוליב דעם דרוק פון שטייער־אַמט, האָט אָפּגעשריבען אַלעס אויף זיין ווייב, און דורך אַ געריכטליכען גט, געמאַכט זי פאַר אַ פרעמדע. פאַרשטייט זיך, אַז דער גט איז בלויז געווען אַ געריכטליכער און נישט לויט דעם אידישען דין.

ווען פון שטייער־אַמט זענען געקומען אין מיטען דער נאַכט קאָנטראָלירען צי די מאַן און ווייב זענען צושייד און געטראָפען די פרוי אין הויז, האָט דער מאַן געזאָגט, אַז זי איז זיין געליבטע. די חברה האָבן זיך אַמוזירט מוטשענדיג דעם איד מיט קשיות, ווי קומט אַ איד אַ פרומער זאָל האָבען געליבטע און אַנדערע פראַגען.

די פּאָליאַקען, אין אַלגעמיין, האָבען געלאַכט און געוויצעלט זיך פון די אידישע קאָמבינאַציעס און פון די „געליבטעס״. זיי האָבען געלאַכט, ווייל זיי האָבען געוואוסט אַז זיי זענען די בעלי־הבתים פון דער סיטואַציע, און צו יעדער צייט קענען זיי אַ צי טאָן דאָס שטריקל און פאַרמאַכן די עפענונג. זיי האָבען דאָס אויך געטאָהן, מאַכענדיג דעם נייעם אייגענטימער פאַראַנטוואָרטליך פאַר די שטייער־חובות, מיט וועלכע דער אַלטער בעל־הבית איז געווען באַלאַסטיגט.

## ווען דער איד האָט שוין טרויריג געלאַכט

עס זענען אויך געווען פאַלען, אַז די אידען האָבען געלאַכט און די פּאָליאַקען — נישט. דאָס לאַכען איז אָבער געווען מיט יאַשטשערקעס. עס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל ווי צו איין אָפּגעשובענעם איד, וועלכער איז געבליבען מיט נאַסע ווענט, פאַרויכערטע קעך און צובראָכענע פאַר כלים, איז געקומען אַן עקזעקוטאר פון שטייער־אַמט צו פאַרשרייבן די זאַכן פאַר

אין איבערגעבליבענעם שטייער־חוב. מיט איין ערנסטע מינע האָט דער איד אַראָפּגענומען פון אַ ווינקעל אַ קאַן און איבערגעדרייט זי מיטן דנאָ אַרויף און געבעטען דעם עקזעקוטער זיך צו זעצען. דערביי צוגעטראָגען אַ צובראָכענע שטוהל אַלס טיש, וואו ער זאָל קענען לייגען זיין טעקע און שרייבען. דער פּאָליאַק האָט זיך דערפילט נישט היימיש עפּעס און שנעל זיך אַרויסגעטראָגען. דער איד ווידער האָט געלאַכט. אַזעלכע פאַלן מיט פאַרשידענע אינהאַלטען זענען געווען נישט ווייניג. דאָס איז געווען די איינציגע נקמה, וואָס די אידען האָבען געקענט נעמען פון די שונאים־פּאָליאַקען.

## די אידישע פאַרצווייפלונג

יעדען יאָר איז אַ געוויסע צאָל אידען געוואָרען אַרויסגעוואָרפען פון זייער עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, בלייבענדיג פּרנסה־לאָז, אַרבייטס־לאָז, אָהן אַ היינט און אָהן אַ מאָרגען. דער וועג צו דעם אַ פּונקט איז געגאַנגען דורך אַ גיהנום פון גייסטיגע און פיזישע יסורים.

אַנדערש איז, אַז מען האָט גאָר נישט, אַנדערש איז אויך, אַז מען האָט עפּעס און פון דעם עפּעס איז אָפּהענגיג דאָס לעבען פון זיך און פון די נאָענטע און אַן אומבאַגרעניצטער כח רייסט זיך דאָס צוצונעמען. די שרעקליכע בילדער, וואָס מאָלען זיך, דער שוואַרצער אָפּגרונד, וואָס שטעלט זיך פאָר, ווען דער שונא וועט דערגרייכען זיינס, זענען צום משוגעת טרייבענדע איבערלעבענישען. דער שרעק און ציטער מען זאָל דעם „עפּעס" נישט פאַרלירען זענען, ווי אונטערגעלייגטער דינאַמיט, וואָס רייסט לעבעדיגע שטיקער פון גוף. נישט זעלטען האָט זיך געטראָפען, אַז נישט קענענדיג אויסהאַלטען דעם דרוק, איז דער איד געפאַלען איידער די שלאַכט האָט זיך געענדיגט.

די אידישע סוחרים און קרעמער אין פּוילען, באַזונדערס די קליינע פון זיי און באַזונדערס אין קליינע שטעטלעך ווי טאָמאַשאָוו, האָבען געפילט, ווי אַריינגענומען אין פּולאָפּקע, פון וועלכער זיי וועלען נישט קענען אַרויס מער.

פון פאַרצווייפלונג האָבען טייל געוואָלט, אַז עס זאָל קומען איין ענדערונג, זאָל דאָס זיין, אָהן אונטערשייד, וואָס פאַר אַן ענדערונג. זיי האָבען געגלויבט, אַז אַלס פאַרסמאָלעטע און אָפּגעברענטע גלאָוונעס וועט יעדער ענדערונג אָפּשטעלען דאָס ברענען אַ ביסעל. ליידער איז די ענדערונג געקומען: די דייטשען האָבען פאַרנומען פּוילען און אונזער שטאָט בתוכה. אָבער, אַנשטאָט אָפּשטעלען דאָס פייער, האָבען זיי, ימח שמם וזכרם, שטאַרקער געמאַכט די פלאָמען און אין גאַנצען פאַרברענט די אָפּגעברענטע גלאָוונעס.

טאָמאַשאָוו איז היינט אידען ריין.

## די אידישע בעלי־מלאכות

טאָמאַשאָוו ליובעלסקי איז געווען באַקאַנט פון איר געאָגראַפישע לאַגע — זי איז געווען אַרומגערינגעלט מיט וועלדער — און פון דער גרויסער צאָל שוסטערס און בעדנאַזשעס. בעדנאַרקע (פעסער־מאַכעריי) איז געווען אַ ריין גוי׳אישער פאַך, שוסטעריי איז געווען אַ געמישטער פאַך, אין וועלכען הן אידן, הן גוים זענען געווען פאַרטראָטן אין אַ גרויסער צאָל.

טאָמאַשאָוו האָט געהאַט ריין אידישע פאַכען, ווי שניידעריי, זייגער־מאַכעריי; ריין גוי׳ישע פאַכען, ווי בעדנאַרקע, שמידעריי, און געמישטע פאַכען, ווי שוסטעריי, מוליאַרקע.

דרך אַגב איז כדאַי צו באַמערקען, אַז אַ סך גוים פון די געמישטע פאַכען, האָבען דעם פאַך זיך אויסגעלערענט ביי אידען. געאַרבייט צוערשט אַלס געזעלען און דערנאָך געוואָרען זעלבסטשטענדיג. פאַרקערטע פאַלען זענען נישט געווען.

יעדער פאַך באַזונדער — הן די ריין אידישע און הן די בשותפות׳דיגע — איז נישט געווען באַזעצט פון אַ גרויסע צאָל אידישע בעלי־מלאכות. אַן אויסנאַם זענען געווען שוסטעריי און שניידעריי. די דאָזיגע פאַכען האָבען געהאַט אַ פערהעלטענמעסיג גרויסע צאָל אידען.

בדרך הכלל קען מען זאָגען, אַז „מלאכה" איז נישט געווען אַ „ברכה" אין אונזער שטאָט. טראָץ דעם, וואָס די אידישע האַנדווערקער האָבען געאַרבייט שווער און לאַנגע שעה׳ען (אויב עס איז געווען אַרבייט) פון גאָר פרי ביז שפּעט אין אָוונט מיט אַ קורצן נאָר איבעררייס — האָט די מלאכה בלויז קאַרגליך זיי צוריק געצאָהלט. אַפילו די גאָר גוטע פאַכלייט, זייער גוטע מערכה האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געוואוינט אין אַ מער מענשליכער, לויט די טאָמאַשאָווער פאַרהעלטניסען, דירה, עפּעס בעסער זיך געקלייד און געגעסען. די אַנדערע ווידער, וואָס זייער פאַכמענערישקייט איז געווען באַגרעניצט, האָבען צומאָלס קיין ברויט צו דער זעט געהאַט. זיי האָבען געליטען הונגער. צוליב דער קאַרגער באַלוינונג פון מלאכה, איז די צאָל אידישע האַנדווערקער נישט געוואַקסען. אין טייל פאַכען האָט זיך די צאָל, אַפילו, איינגעשרימפּען. די דערוואַקסענע קינדער, ביי טייל פאַמיליעס, האָבען געזוכט עפּעס אַנדערש זיך אויסצולערנען, אָדער זענען געפאָרען אין גרויסע שטעט צו זוכען דאָרט גליק.

פאַר די הויפּט סיבות, וואָס זענען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אונגיסטיגען מצב פון האַנדווערקעריי, קען מען פאַרעכענען די פאָלגענדע צוויי:

סיבה נומער 1: אַרבייט האָט נישט געהאַט קיין ווערט. אַזאַ מין באַציאונג צו אַרבייט האָט זיך באַזירט אויף דער „פילאָזאָפיע”, אַז דער אַרבייטער לייגט נישט אַריין קיין געלד און טוט גאָר נישט ריזיקירען; די אַרבייט קאָסט דעם אַרבייטער קיין געלד נישט. ער האָט דאָס פאַר אומזיסט. אַזוי האָבען געטראַכט די מענשען און אַזוי האָבען אויך געטראַכט די בעלי־המלאכות אַליין. די סיבה נומער צוויי: די אומגעבונג, אויף וועלכער די בעלי־המלאכות האָבען זיך אָנגעלענט, איז געווען אָרום, די קוואַלען, פון וועלכע זיי האָבען געזאַלט שעפּען, זענען געווען טריקען. און אַלעס פּועל־יוצא דערפון, כאָטש די צאָל האַנדווערקער אין די פאַרשידענע פאַכען, איז געווען נישט גרויס. דאָך איז דער אָנבאָט געווען גרעסער ווי דער פאַרלאַנג. און ווי עס זאָגט דאָס עקאָנאָמישע געזעץ אויב דער אָנבאָט איז גרעסער ווי די פאָדערונג, מוז די פּרייז פון דעם, וואָס ווערט אָנגעבאָטען — פאַלען.

## די סאָציאַלע אויסבעסערונג!

די נישט צופרידענשטעלענדע לאַגע פון מלאכה איז נישט שטיין געבליבען אויף איין אָרט. געוויסע ענטוויקלונגען, וואָס די צייט האָט געברענגט, האָבען מיטגעבראַכט אַ פאַרבעסערונג אין דער באַציהונג צו אַרבייט.

די אַכט שעה אַרבייטס־טאָג, קראַנקען־קאַסע און אַנדערע סאָציאַלע פאַרבעסערונגען פאַר דעם אַרבייטער, וועלכע די פּ. פּ. ס. האָט דורכגעפירט אין פוילישען סיים — פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט דאָס ענטשטעהן פון אידישע אַרבייטער פּאַרטייען, ווי פּועלי־ציון, חלוצים, בונד, און אידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — דאָס אַלעס האָט געהאָלפען צו הויבען דעם ווערט פון אַרבייט.

דערביי האָט דער האַנדווערקער־פאַריין, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין אונזער שטאָט, געהאַט זיין חלק אין דער זאַך אויך.

## די האַנדווערקער באַנק

באַזונדערס וויכטיג אין דער הינזיכט, איז געווען די באַנק, וואָס די האַנדווערקער האָבען געשאַפען. באַדינענדיג זיינע מיטגלידער מיט הלוואות אויף קליינע פּראָצענטען, האָט דאָס געמאַכט דעם האַנדווערקער מער אויס־געהאַלטענער געגען אויסנוצען אים אין ענגערע צייטען.

די באַנק האָט געהאַט נאָך אַנדערע פאַרדינסטען פאַר ערמעגליכען טייל בעלי־מלאכות צו אַרבייטען זייער פאַך אויף אַ קאָמערציעלען יסוד. נאָר וועגען דעם שפּעטער. געגעאָסען פון דער פאַרבעסערונג האָבען דער עיקר'שט די גוטע בעלי־מלאכות מיט זעלבסטשטענדיגע וואַרשטאַטען. אין מאַנכע פאַלען זענען זיי געווען אין אַ בעסערע סיטואַציע, ווי גוט סיטואירטע קרעמער. דער דרוק פון שטייערען איז נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי ביי די קרעמער.

די גאַנצע שאַרפקייט פון שטייערן האָט פּוילען אָנגעשטעלט אויף די קרעמער, וואו דער רוב בנין ומנין פון אידען איז געווען קאָנצענטרירט. און באַצוג צו האַנדווערקער, וואו אַ קלענער טייל פון די אידען איז געווען באַשעפטיגט, איז דער שטייער געווען אַ ביסעל מילדערער. דערביי נישט האָבענדיג, קיין סחורה אויסגעשטעלט, צו וואָס דער שטייער־אַמט, דורך זיינע עקזעקוטאָרס, האָט געקענט גרינג גרייכען, האָט דאָס זיי איינגעברענגט אַ סך בלוט צאַפּעניש און שטורמישע איבערלעבענישען, צו וועלכע דער קרעמער איז געווען אויסגעשטעלט. אויך די געהילפען, וואָס האָבען געאַרבייט ביי יענעם האָבען געהאַט בעסער ווי פריער. זיי האָבען גענאָסען פון דעם אַכט־שעה־אַרבייטס טאָג און געווען באַזאָרגט מיט קליינע סאָציאַלע פאַרזיכערונגען, וואָס האָט זייער לאַגע כאָטש אין אַ קליינע מאָס, געמאַכט מעהר זיכערער דער עיקר׳שט איז געווען צו האָבען אַרבייט.

פון דעם „האָניג" האָבען געלעקט, ווי שוין דערמאָנט אויבען, בלויז די גוטע בעלי־מלאכות. די האַנדווערקער, וועלכע זענען געווען באַגרעניצט אין זייער פאַך, זייער לאַגע איז געבליבען ווי פריער. די נישט גוטע שניידערס, למשל, האָבען געמוזט אַרבייטען פאַר גראָשענס פאַר טאַנדייט סוחרים; די שוואַכע שוסטערס האָבען געמוזט זיך באַגעניגינען מיט דעם, וואָס מאַכען לאַטעס האָט זיי געגעבען; די נישט פעהיגע צווישען די סטאָליאַרס האָבען געמוזט אַרומלויפען איבער די הייזער צו זוכען עפּעס אַרבייט. אַזוי האָט אויך אויסגעזעהן די לאַגע פון באַגרעניצטע פאַכמענער און אַנדערע פאַכען.

## שניידערס

אין ענין פון באַשעפטיגונג האָבען די שניידערס פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. זיי האָבען איבערגעשטיגען די אַנדערע פאַכען מיט אַ גרעסערן צייט־





„דאס דאקטאר׳ל" אקיזרנער־לאטשאזש ביי דער ארבייט

אַפּשניט אין אַ יאָר־סירקעל און מיט אַ גרעסערע צאָל באַשעפטיגטע. אַ גרויסן חלק אין דער בעסערער לאַגע פון באַשעפטיגונג האָט געהאַט דער אַלגעמיינער פּראָגרעס, וועלכער האָט געבערענגט אַ נייגונג צו קליידען זיך, אפילו אין די געוועגליכע קלאַסען פון דער גוי'ישער באַפעלקערונג. אַ חשוב'ען פּלאַץ אין דעם שניידער־פאַך האָט פאַרנומען, אין אונזער שטאָט, אַ דאַמען־שניידער וואַרשטאַט, וועלכער איז געווען געפירט אויף אַ ברייטען — לויט די טאָמאַשאָווער פאַרהעלטיניסען — מאַסשטאַב מיט דער גרעסטער צאָל געהילפען, צווישען וועלכע עס זענען אויך געווען פּוילישע מיידלעך, לערנענדיג זיך דעם פאַך. אַ חוץ דעם גרויסען, זענען אויך געווען אַנדערע צוויי אידישע דאַמען וואַרשטאַטען, די לעצטע האָבען באַדינט בלויז די דאָרפישע באַפעלקערונג, פאַר וועלכער דאָס נייהען איז געווען פשוט און נישט קאָמפּליצירט. דער גרויסער ווידער, האָט גענייהט לויט זשורנאַלען און באַדינט די, וועלכע האָבען געזוכט די מאָדע.

דער וואַרשטאַט האָט דעם אייגענטימער געגעבען די מעגליכקייט צו פירען אַ ברייטער לעבען און געשטעלט אים אין דער רייע פון די גוט סיטואירטע.

די היימישע אַנטיסימיטען האָבען געפּרואווט אָנגרייפען דעם שניידער פאַך. די ערשטע שריט זייערע זענען געווען געווענדעט צו אינטערגראָבען דעם עקזיסטענץ פון די דאַמען שניידערס, ספּעציעל דעם גרויסען צווישען זיי. פאַר דעם צוועק האָבען זיי (די אַנטיסעמיטען) אַראָפּגעבערענגט פון דער פרעמד אַ בעסערען פּוילישען דאַמען שניידער מיט געזעלען. געעפענט אַ וואַרשטאַט און געהאָלפען אים מיט אַלעס, וואָס איז נאָר געווען מעגליך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט גאָר נישט צוגעגעבען די אידישע שניידערס. די איינציגע שטערונג, וואָס האָט געשטערט די פּאָליאַקען צו דערגרייכען, דערוויל זייער ציל — איז געווען די אידישע פאַכמענערישקייט. דער איד איז געווען אַ סך אַ בעסערער פאַכמאַן, ווי דער פּאָליאַק. די, וועלכע האָבען געוואָלט, אַז דאָס מלבוש זאָל זיין בעסער גענייט, זענען געגאַנגען צום איד, אָבער ערנסט איז געווען די דראָאונג פאַר דער צוקונפט.

## ש ו ס ט ע ר

טייל בעלי־המלאכות האָבען פאַרבונדען זייער מלאכה מיט אונטערנעמונג. באַזונדערס איז דאָס געווען פּראַקטיצירט אין שוסטער פאַך. געוויסע שוסטערס, אַנשטאָט צו וואַרטען ביז מען וועט קומען צו זיי מאַכען אַ באַשטעלונג, האָבען געאַרבייט פאַר'ן מאַרק. לייענדיג געלד און האַנדווערקער־באַנק, אָדער נעמענדיג סחורה אויף באָרג ביי דעם לעדער־קרעמער — האָבען זיי די סחורה אויסגעאַרבייט פאַר'ן אַלגעמיינעם קונה און די אויסאַרבייטונגען געבערענגט אויפ'ן יאַריד.

## גלעזער

אויף אַ מער געשעפטס־מעסיגען באָדען האָבען געאַרבייט צוויי גלעזערס און אַ היטעל־מאַכער.

די גלעזערס האָבען זיך דער׳עיקר׳שט אָפּגעגעבען מיט גרעסערע אַרבייטען פאַר גרעסערע סומעס, ווי צום ביישפּיל נייע הייזער, אַמטען און אינסטיטוציעס, אָדער ווען די שויב איז געווען פון אַ בעסערען קוואַליטעט. איינצעלטע און געוועגליכע שויבען האָבען זיי זעלטען געטאָן. די סחורה האָבען זיי געבערענגט דירעקט פון דער הוטע. פאַרשטייט זיך, אַז קויפענדיג ביי דער ערשטער האַנד און אין גרעסערע קוואַנטומס, האָט זיי דאָס אויסגעמאַכט ביליגער. די אַנדערע גלעזערס האָבען טאַקע ביי די צוויי געקויפט דאָס גלאָז, וואָס זיי האָבען באַדאַרפט. די צוויי זענען געווען פאַרעכענט צווישען די פאַרמעגליכע.

## היטעל מאַכער

דער היטעל־מאַכער האָט באַשעפטיגט אין זיין וואַרשטאַט עטליכע אַרבייטער און געאַרבעט נישט בלויז פאַר דעם מאַרק קונה, נאָר האָט אויך געהאַט פאַר אָפּנעמערס קליינע סוחרים פון די אַרומיגע שטעטלעך.

אויך דער היטעל־מאַכער האָט זיך געציילט צווישען די פאַרמעגליכע אין אונזער שטאָט.

## דער הויכער ניוואָ פון אידישע אַרבייט

אין באַצוג צו פאַכמענערישקייט: עס זענען אין אונזער שטאָט געווען אידישע האַנדווערקער, וועלכע זענען געשטאַנען אויפ׳ן העכסטען שטאַפּעל פון פאַכקענטינעס. נישט געגאַנגען אין קיין שקאָלעס, נישט געזעהן אַפילו אַ אוניווערסיטעט, האָבען זיי אָבער, פאַרמאָגט אַ געבענשטע אינערליכע ליכט, וואָס האָט זיי דורכגעלאָכטען די אַלע געהיימניסען פון דעם געגעבענעם פאַך. אונזער שטאָט האָט געהאַט אידישע שניידערס, דאָס מלבוש, וואָס זיי האָבען געמאַכט איז נישט בלויז געווען גוט און באַקוועהם, נאָר גלייך ווי דאָס וואָלט געווען מיטגעוואַקסען מיט דעם מענש; עס זענען ביי אונז געווען אידישע שוסטערס דער לאַטש אָדער שיך, וואָס איז געווען ביי זיי געמאַכט איז נישט בלויז געווען גרוים און באַקוועם, נאָר אַפילו דעם אויסזעהן פון דעם פוס געענדערט. פון מיאוס׳ען געמאַכט אַ שיינעם; מיר האָבען געהאַט אידישע סטאָליאַרס די טיר אָדער פענסטער וואָס זיי האָבען אַריינגעשטעלט אין אַ פּיטרינע איז נישט בלויז געווען גוט אַריינגעשטעלט, נאָר האָט זיך אַריינגע־פּאַסט ווי אַ גליד אין אַ קערפּער. אונזער שטאָט האָט געהאַט אידישע מוליאַזשעס די קיך און אויוועז, וואָס זיי האָבען געמאַכט האָבען באַשיינט די שטיב ווי

שיינע מעבעל־שטיקער און דערביי פונקציאָנירט ווי עס וואָלט געווען די אַרבייט פון דער נאַטור און נישט פון קיין מענש; עס זענען ביי אונז געווען אידישע בעקערס, דאָס ברויט זייערס איז געווען מלא טעם, מעדן מעדנים, בעסער ווי לעקעך. זאַטערהייט האָט מען געקענט עסען דאָס מיט חשק. פּוילישע פּריצים זענען געפאָרען צענער קילאָמעטערס צו האָבען דאָס ברויט אויף זייער טיש. טאָמאַשאָוו האָט געהאַט אידישע טשעשליאַרס, מיט וועלכע אינזשינערען אַרכיטעקטען האָבען זיך גע׳עצה׳עט ביי אויסאַרבייטען אַ פּלאַן און זיך צוגעהערט צו זייער מיינונג, ווי אויסצומעסטען טרעפּ.

דאָס איז נישט קיין גוזמא, נאָר געווען אַ פאַקט. די הויכקלאַסישקייט פון די אידישע בעלי־מלאכות האָט געשטערט די אַנטי־אידישע בויקאָט־אַגיטאַציע, וואָס די פּאָליאַקען האָבען אינטענסיוו געפירט אין אונזער שטאָט. עס איז געווען אַ פאַקט, אַז די פּאָליאַקען וואָס זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער אַנטי־אידישער באָיקאָט באַוועגונג — זיי אַליין האָבן גענוצט אידישע בעלי־מלאכות. ווי עס זאָגט דאָס עקאָנאָמישע געזעץ: ווען מען קויפט פאַר געלד נישט דער סענטימענט דעצידירט, נאָר די קוואַליטעט און פּרייז פון דער זאַך, וואָס מען קויפט דעצידירען.

## דער גייסטיגער און רעליגיעזען צושטאַנד פון׳ם אידישען אַרבייטער

אַ חוץ אַ פּראָפעסיאָנעלע זייט האָט דאָס לעבען פון די אידישע בעלי־מלאכות אין אונזער שטאָט געהאַט אויך אַ מאָראַלישע און אַ רעליגיעזע זייט. ספּעציעל האָט דאָס אַ שייכות צום אַמאָליגען בעל־מלאכה פון „בית שני״ טיפּ (אַ קליין שטיבעל אונטער איין דאַך מיט׳ן בית־המדרש האָט מען גערופען בית־שני. די בעלי־מלאכות האָבען דאָרט געהאַט זייער מנין). וואָס אַנבאַלאַנגט דער מאָראַלישער זייט:

גלייך, ווי אין אַנדערע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג, זענען צווישען די רייען פון די אידישע בעלי־מלאכות געווען אַ סך אַ זעלכע וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט טיף מענשליכע אומפּולסען. נאָר ביי זיי, אַן דעם פּאָליר פון לומדות און אין דער ראָם פון אויסגעאַרבייטע הענד און צעשיילטע, אָפּגעברענטע פּנימ׳ער, פון זון און ווינט, האָבען די אימפּולסען געהאַט דעם חן פון תמימות. נישט זייענדיג קיין געלד שפּינערס, האָבען אָבער, די דאָזיגע מענשען געהאַט גאָלדענע נשמות, אויסגעזעצט מיט די פּילבאַרסטע קליאַווישען צו יענעמ׳ס באַדערפעניש, נויט און אומגליק.

דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען די ווייבער זייערע וועלכע זענען נישט אָפּגעשטאַנען אין באַרעמהאַרציגקייט פון די מענער.

## וועגען דער רעליגיעזער זייט

דאָס רעלייגעזע לעבען פון די אידישע בעלי־מלאכות איז געווען איינגעהילט אין אַ טלית פון פּשוט׳ע אָבער טיפע אמונה.

די שבתים און יום־טובים האָבען נישט געהאַט די דראַמאַטישקייט, מיט וועלכע עס האָבען זיך אויסגעצייכענט חסידי׳שע און לומד׳ישע היימען. זענען אָבער די שבתים און יום־טובים געווען אַ היילונג פאַר זייער מידע אברים, אַ באַלזאַם פאַר׳ן אומרוהיגען געמיט, און אַ פרייד און האָפענונג פאַר זייער נשמה. דער אויסגעאַרבעטעטער גוף און פאַר׳דאגה׳טע נשמה האָבען מיט אַ אויסערגעוועהנליכע בענקשאַפט געוואַרט אויף די הייליגע טעג.

דעם גמרא־ניגון, וועלכער האָט זיך זעלטען געהערט אין זייערע היימען, האָט פאַרטראָטען דער טרויעריגער ניגון פון תהילים. ביחידות, אָבער בצבור, באַזונדערס האָט זיך דאָס קול פון תהילים געלאָזט הערען שבת און יום־טוב ביי טאָג נאָכ׳ן שלאָף פון דער גרויסער שוהל, ווי עס זענען זיך צוזאַמענ־געקומען די תמימות׳דיגע אידען, ס׳רוב בעלי־מלאכות, און געזאָגט תהילים בצבור. אויף די פאַליעס פון תהילים האָבען די פשוט׳ע אידען אָנגעלאָדען זייערע הייסע בקשות, זייערע ליידען און צרות און געשיקט דאָס צום כסא הכבוד.

**שבת צו שלש סעודות**

אין דעם שאָטענפולן גאָרען־שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אין דער מעריב־זייט פון דער שוהל, האָבען טייל פון די תהילים זאָגערס זיך געקליאַ־מערט אין דער שבת מלכתא מיט פירען אַ „שלש־סעודות" און זינגען זמירות. דער שבת האָט זיך גערוקט און דער געשפענסט פון דער וואָכען מיט זיינע אַלע צרות און שוועריגקייטען האָט געשוועבט פאַר די אויגען. אַן אומרוהיגקייט און אַ נאָגענדיקע בענקשאַפט האָט אַרומגענומען דאָס געמיט. די אידען האָבען געפּרואווט צו פאַרלענגערען דעם שבת מיט נאָך אַ זמר. אָבער פלוצלונג האָט עמיצער אַריינגעבראָכן אַן אָנגעצונדען ליכט און געזאָגט: „גוט־וואָך"! דאָס איז געווען ווי אַ קאָמאַנדאַ צוריק צו דער שלאַכט. מען האָט גיך אָפּגע־בענשט און מיט שווערע באַוועגונגען זיך אויפגעהויבען פון די ערטער. געדאַווענט מעריב און געמאַכט הבדלה. דער וואָכען האָט צוריק איבערגענומען די ממשלה.

**די יוגענט**

די יוגענט, וועלכע האָט פאַרלאָזט די וועגען פון אירע עלטערען און באַהעפט זיך מיט פאַרשידענע פאַרטייען און אידייען, האָט איבערגעלאָזט דעם גאַנצען גייסטיגען באַגאַזש און מיטגענומען מיט זיך פון דער היים בלויז דעם טיפען גלויבען אין אַ בעסערע צייט און אַ שטאַרק געפיל פאַר גערעכטיגקייט און אמת.

**דאָס נייע צעך־געזעץ ווי אַ מיטעל אַרויסצושטויסען דעם איד פון דער האַנדווערקעריי**

אין דעם ווינקעל פון אידישען לעבען, וואָס האָט געהייסען מלאכה, האָט געברענט אַ טונקעלער לאָמפּ. דעם דאָזיגען לאָמפּ האָבען די פאַליאַקען

זיך פאַרנומען אויסצולעשען. זיי האָבן דאָס געטאָהן דורך דורכפירען אַ צעך־געזעץ. די מכלומר׳שטע מאָטיווירונג פאַר דעם צעך־געזעץ איז געווען: כדי אַוועקשטעלען די מלאכה אויף אַ געהעריגער הויך. די אמת׳ע כוונה אָבער פון דעם געזעץ איז געווען: צו פאַרשטעלען פאַר דעם איד דעם וועג צו אַ פאַך. און טאַקע פאַר אָט דעם צוועק האָבען זיי אויסגענוצט דעם צעך־געזעץ. די אידען, וועלכע זענען געווען אין זייער געגעבענעם פאַך שוין פון יאָרען און געפירט אַ וואַרשטאַט, אַזעלכע אידען האָט מען נאָך, אָן שוועריקייטען, געגעבען אַ „קאַרטע־זשעמיעשלניציע״ (אַ האַנד־ווערקער קאַרטע), וואָס איז געווען אַן ערלויבעניש צו פּראַקטיצירען דעם פאַך. דאַגעגען ווידער, ווען פרישע אידען האָבען זיך געווענדעט נאָך אַזאַ קאַרטע, אַפילו אַזעלכע, וואָס דער געגעבענער פאַך איז געווען ביי זיי אַ ירושה־זאַך פון דורות און זיי אַליין האָבען געהאַט אַ פּראַקטיק פון יאָרען אונטער זיך אין דעם פאַך, האָט מען געפאָדערט אַן עגזאַמען. דעם עגזאַמען אָבער האָט מען געמאַכט אַזוי שווער — פאַרשטייט זיך פאַר אידען — אַז עס איז געווען אוממעגליך אים דורכצוגיין. זעלטען, זעלטען האָט מען דורכגעלאָזט אַ איד. און דאָס אויכעט האָט מען געטאָהן כדי צו האָבען אַ גרעסערע העזה דורכצוואוואַרפען נאָך מער אידען.

אין דעם בנין פון מלאכה איז געווען איין טיר אָפען פאַר דעם איד: די טיר וואָס האָט געפירט אַרויס; די טיר ווידער, וואָס האָט געפיירט אַריין האָט מען געמאַכט שמעלער און שמעלער ביז זי האָט געזאָלט אינגאַנצען פאַרמאַכט ווערען.

## די „ספּולקע״ (שותפות)

די נאָענסטע באַן־סטאַציע איז געלעגען אַכט קילאָמעטער ווייט פון אונזער שטאָט. די באַדינונג, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט — צו ברענגען די מענשען צו דער באַן און צוריק און אויך צו פאָרען אין די נאָענטע שטעט — האָבען צוגעשטעלט אידישע בעלי־עגלות. די בעלי־עגלות האָבען זיך באַניצט מיט וועגעלעך, בריטשקעס און קאָטשען, געשפּאַנט אין איין, אָדער צוויי, פערד.

אויף פאַר סחורות — אַריינגעברענגטע און אַרויסגעפירטע — האָט מען געניצט, אין גרעסטען טייל, פערד און וואָגען, און דער רוב פון די, וואָס האָבען געפירט די סחורה פון פאַרשידינע האַנדעלס־צענטערס, זענען געווען אידישע בעלי־עגלות. באַזונדערס, ווען די שטרעקע איז געווען אַ ווייטע. די בעלי־עגלות האָבען זיך באַנוצט מיט גרויסע, שווערע, קוואַדראַטנע וועגענער, געשפּאַנט אין צוויי אָדער דריי פערד. פלעגען אַרויספאָרען אין אַנהויב וואָך

און קומען ענדע וואָך. זייער אַרבייט איז געווען אמת'ע עבודת־פּרך. און די שווערע אַרבייט איז געווען באַגלייט, אין זומער, מיט שטורעם־רעגענס און היצען, און אין ווינטער, מיט זאַוויערוכעס און פרעסט.

נישט זעלטען האָט זיך געטראָפען, אַז דער וועג אַליין האָט זיי צוגע־שאַפט שוועריקייטען, וועלכע האָבען געפאָדערט אַן אַ שיעור פיזישע אָנשטרענ־גונגען און געדולד. צו דעם נאָך זענען זיי געווען אויסגעשטעלט אויף לעבענס סכנות, פאָרענדיג דורך וועלדער און וויסטע וועגען. ביי די אַלע זאַכען האָבען זיי קוים געקענט מאַכען שבת...

די דערמאָנטע שוועריקייטען האָט נישט בלויז דער בעל־עגלה מיטגעמאַכט, נאָר אויך דער אידישער שפּיליטער וואָס איז מיטגעפאָרען, האָט זיי געטיילט. פערד און וואָגען זיינען באַגרעניצט ביז אַ געוויסען שטח. ווען די טאָמאַשאָווער סוחרים צוליב סוחר'ישע קאַלקולאַציע, האָבען געקויפט סחורות אין ווייטערע האַנדלס־צענטערס זיינען די סחורות געבראַכט געוואָרען מיט דער באַן. און די אידישע בעלי־עגלות זענען געווען אינגאַנצען אויסגעמיטען.

דאָס פירען סחורה פון דער באַן אין שטאָט און אויך דאָס פירען האָלץ־מאַטעריאַל — ווי שווערלען בעלקעס און בלאָקען צו דער באַן — האָבען פויערים פון דער שטאָט און אומגעבונג דאָס געטאָן. אידען זענען נישט געווען דערביי באַשעפטיגט. די אידען האָבען נישט געקענט קאָנקורירען מיט די פויערים. דער פויער, וועלכער האָט געהאַט עסען פאַר זיך און פאַר די פערד פון די פעלדער און אָפט דאָס געלד געדאַרפט פאַר בראָנפען בלויז. וויפיל ער האָט פאַרדינט איז געווען גענוג. דער איד ווידער, וועלכער האָט געדאַרפט פאַרדינען פאַר זיך און פאַר די פערד, האָט נישט געקענט באַשטיין פאַר אַזאַ קליינע באַלוינונג. אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה ווען אויף דער אידישער גאַס איז געוואָרען זעהר ענג, האָבען אויך טייל אידישע בעלי־עגלות גענומען פירען האָלץ־מאַטעריאַלען און סחורות צו, און פון, דער באַן. אויסגעשלאָגען עפּעס פאַר זיך האָבען זיי דורך לאַדען טאָפּעלט און דערביי אַליין מעהר געשלעפּט ווי די פערד.

נישט בלויז אין טאָמאַשאָוו נאָר כמעט אין גאַנץ פּוילען, האָבען פערד און וואָגען געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אַלס טראַנספּאָרטאַציע־מיטעל. מיט דעם גאַנג פון יאָרען אָבער, האָט דער אויטאָמאָביל אָנגעהויבען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון פערד און וואָגען.

פּריוואַטע מענשען — דער'עיקר'שט אידען — זענען געווען פאַראַנט־וואָרטליך פאַר דער מעכאַניזירונג פון דער טראַנספּאָרטאַציע צווישען שטעט. אין שטעט אוז שטעטלעך, וואו עס איז נאָר געווען מעגליך, האָבן זיך געבילדעט גרופּעס, געשאַפען „ספּולקעס" (שותפות'ען), וועלכע האָבען אָרגאַניזירט, פאַר

דער באַדינונג פון די שטעט, אַ מעכאַניזירטע טראַנספּאָרטאַציע, פאַרטרעטענדיג פערד און וואָגען מיט לאַסט־און־פּאַסאַזשיר אוטאָמאָבילען.

דער אוטאָמאָביל איז געווען — אין געגענזאַץ צו פערד און וואָגען — אומבאַגרעניצט אין באַוועגונג. ער האָט געקענט גרייכען צו יעדען פונקט אין לאַנד.

די מעלה איז געווען גינסטיק פאַר די סוחרים, וועלכע האָבען געדאַרפען ברענגען פון ווייט, אָדער פירען ווייט.

אַ חוץ דעם איז דער אוטאָמאָביל געווען אויך באַקוועם פאַר די סוחרים דערמיט, וואָס ער האָט געברענגט די סחורה דירעקט צום באַשטימטען אָרט, איינבּרענגענדיג צייט און עקסטראַ טרחא, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אויסמיידען, נוצענדיק די באַן.

עס איז זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז ווי ווייט עס איז געווען מעגליך, האָבען די סוחרים בעסער גענוצט דעם אוטאָמאָביל, ווי די באַן. ווי עס האָט דערציילט שלום גרינוואַלד ע״ה, (בן נתן) וועלכער איז געווען אַ בוכהאַלטער אין דער טאָמאַשאָווער ספּולקע, האָט דער אוטאָ גורם געווען גרויסע דעפיציטען אין דעם באַן וועזען, וועלכע איז געווען אַ מלוכה׳שע אונטערנעמונג. אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערען אויף די אוטאָמאָבילען. און פאַר איינוועגס, געבונדען זיי מיט שטייפע באַגרענעצונגען הן צו דער גרויס פון לאַדונג און הן צו דער צאָל פון פּאַסאַזשירען. ספּעציעלע סקוואַדראַנען פון מלוכה׳לייט האָבען אַכטונג געגעבען אויף די פאַראָרדענונגען. יעדע עבירה געגען די גזירות איז געווען באַשטראָפט מיט אַ שווערע געלד־שטראָף.

די דערמאָנטע באַגרעניצונגען דער רוב פון זיי איז געווען פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז עס איז געווען אוממעגליך זיי אויסצופירען. די כוונה פון די באַגרעניצונגען איז נישט געווען די אַלגעמיינע טובה, נאָר צו לייגען שטיינער און באַשווערען די אונטערנעמונג, וואָס איז געלעגען כמעט אין אידישע הענד.

כדי דורך צושטיפען זיך דורך די דאָזיגע שטייפע און געדיכטע פאַרצוימונגען, האָבען די אידען געמוזט שמירען אויף רעכטס און אויף לינקס. די פּאָליאַקען האָבען גענומען ווי הונגעריקע הינט.

דאָס פעטע שמירען האָט זיך געקענט דעקען בלויז דורך צולאָזען געוויסע אומפּינקטליכקייטען אין די ביכער. דאָס האָט אָבער פאַרפּלאָנטערט דעם באַטרעפענדען אין די שטייער גזעצען און, אין רעזולטאַט, געשטעלט אים אין סכנה צו יעדען מינוט ווערען רואינירט הן עקאָנאָמיש און הן פיזיש.

ווי אַ שפּין פאַרלייגט שפּינוועבס, אַזוי האָט די פּוילישע אַנטיסעמיטישע רעגירונג פאַרצויגען אַ געוועב פון גזירות, באַגרעניצונגען און בכלל שוועריקייטען אַז דער אידישער סוחר אָדער אונטערנעמער, זאָל מוזען זיך אויסגליטשען און אַריינפאַלען אין דער פּאַסטקע. די רעגירונג, האָבענדיג דעם כח און מיטלען, האָט שוין געפונען די געלעגנהייט פּלוצלונג אַ צי טאָהן דאָס

שטריקעל און מיט איין מאָל דערקוועטשען דעם איד. צונעמענדיג אַלעס און דראָענדיג נאָך מיט אַרעסט. און דערביי נאָך אָנשטעלען אַ פּנים פון אַ פרומע קאַץ, אַז דאָס „געזעץ" נעבאך, איז פאַרלעצט געוואָרען.

אַזוי האָט אויסגעזעהן די פּראַקטיק, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט פּראַקטיצירט בדרך הכלל און באַצוג צו אידען. די טראַנספּאָרטאַציע געזעל־שאַפטען זענען נישט געווען קיין אויסנאַם.

אויך ביי אונז אין שטאָט האָט זיך געשאַפען אַזאַ געזעלשאַפט. נאָך אַ פּאָר יאָר עקזיסטענץ האָט די פּוילישע מלוכה זי ליקווידירט און דערצו נאָך געוואָלט די אייגענטימער איינזעצען אין טורמע.

אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה האָבען זיך עטליכע אידען אין אונזער שטאָט צוזאַמען גענומען און געגרינדעט אַ „ספּולקע" (שותפות בלע"ז), וועלכע האָט אויסגעשטעלט אַמעכאַניזירטע טראַנספּאָרטאַציע פאַר פּאַסאַזשירען און סחורות.

די גרינדער האָבען אַרויסגעוויזען גרויסע אָרגאַניזאַטארישע פעהיג־קייטען. כאָטשע דאָס געשעפט איז געווען פרעמד צו זיי און נישט געהאַט די מינדסטע ערפאַרונג אין דעם אַ געביט — דאָך האָט די אונטערנעמונג פונקציאָנירט ווי אַ מאַשין. געקלאַפּט ווי אַ זייגער. אַ דאַנק די פעהיגקייטען און אויך אַ דאַנק דעם, וואָס דער נייער סיסטעם האָט מער צוגעדינט די סוחרים, איז די ספּולקע געוואַקסען אין דער לענג און דער ברייט. אין אַ קורצע צייט איז אַ געוויסע צאָל לאַסט־מאַשינען שוין געווען אין באַוועגונג מיט סטאַבילע נסיעות, לויפענדיג הין און צוריק מיט לאַדונג אויף אַ שטרעקע, וואָס האָט זיך געצויגען פון טאָמאַשאָוו־לעמבערג פון איין זייט און טאָמאַשאָוו־לובלין־וואַרשאַ — און טיילמאָל ביז אַפילו לאָדזש — פון דער אַנדערע זייט. גלייכצייטיג זענען געלאָפען פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָבילען 3 מאָל אַ טאָג קיין לעמבערג (לבוב), צוויי מאָל אַ טאָג, אַ חוץ שבת און זונטאָג, קיין לובלין און אַלע שטונדע קיין זאַמאָשטש — אַהין און צוריק. עטליכע מאָל אין מעת לעת צו דער באַן־סטאַנציע אין בעלזשעץ אַחוץ דעם האָט זיך אָפט געמאַכט צופעליגע יאַזדעס פאַר לאַסט־אויטאָס צו פאַרשידענע פּונקטען פון לאַנד.

די אַלגעמיינע באַפעלקערונג האָט אויך גענאָסען פון דער ספּולקע, געבענדיג באַשעפטיגונג צו טייל אידען און קריסטען אַלס שאָפערס און העלפערס. נישט דערלייגט דערצו האָבען אויך די אַלע פּאַליאַקען, וועלכע האָבען געהאַט עפּעס אַ מאַכט און געקענט מאַכען שוועריקייטען.

אַ פּאָר יאָר האָט די ספּולקע עקזיסטירט. ווי איך האָב שוין דערמאָנט האָט דאָס געשעפט געבליהט און געוואַקסען. אינמיטען דעם בליהען און ענטוויקלען אין אַ געוויסען טאָג — איך געדענק נישט צי דאָס איז געווען אַ יאָר אָדער מעהר פאַר דער מלחמה — זענען פּלוצלונג געקומען אַגענטען

פון שטייער־אַמט און ווי מיט איין אייזערנע צודעק אַרויפגעלייגט אַ קאָנפיס־קאַציע אויף אַלעס, וואָס די ספּולקע האָט געהאַט און באַזיצט.

די בעלי־בתים האָבען געמוזט זיך אויסבאַהאַלטען ווייל די מלוכה האָט געוואָלט נאָך דערצו זייער גוף און נשמה.

אַזוי איז אידישע ענערגיע, אידישע פּראַצע און מח געוואָרען צוגעריבט און פאַרניכטעט.

אַ זכר איז, פונדעסטוועגען, נאָך דער ספּולקע געבליבען: צוויי אידען, וועלכע זענען געווען קליינע שותפים און העלפערס, האָבען נאָך דער ליקווי־דאַציע פון דער ספּולקע, יעדער באַזונדער מיט שותפים, איינגעהאַנדעלט אַ לאַסט־אויטאָ און געפירט לאַדונג. די הויפּט שטרעקע איז געווען טאָמאַשאָוו־לעמבערג, און צוריק.

עס איז כדאי צו דערציילען, אַז איינער פון די צוויי האָט נאָך דעם פרייטאָג, ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען און צעשפּילט, געמאַכט אַ יאַזדע קיין לעמבערג. קומענדיג אַ היים האָט ער געבערענגט די נייעס, אַז לעמבערג איז געוואָרן באָמבאַרדירט. ליידער האָבען מיר לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטען אויף די דייטשע באָמבעס וועלכע האָבען אונז „באַזוכט" אַכט טעג נאָכאַנאַנד, ברענגענדיג טויט און אומגליק צו אַ גרויסע צאָל אידישע קרבנות.

## וואַלוטע סוחרים

פּוילען, וועלכע איז געווען הינטערשטעליג אין שווערע אינדוסטריע, האָט געהאַט אַן איבערגעלאָדענעם פּאַרטיידיקונגס־בו־דזשעט און געפירט איר ווירטשאַפטליכע פּאָליטיק אויף אַ ברייטן, אַנטי־סעמיטישען שליאַך און אַנדערע סיבות, האָט געליטען פון אַ פּאַסיווען האַנדעלס־באַלאַנס.

אַלס רעזולטאַט פון דעם אונגינסטיגען באַלאַנס, איז אין פּוילען אָנגעגאַנגען אַן אומלעגאַלער האַנדל מיט פרעמדע וואַלוטע, די קרוין פון וועלכע איז געווען, דער גרינער אַמעריקאַנער דאָלאַר.

די טרייב כחות פון דעם דאָזיגען האַנדעל זענען געווען די פאָלגענדע סיבות און גורמים: אומצוטרוי. די באַפעלקערונג האָט אָנגעוואוירען איר צוטרוי צו דער אייגענער וואַלוטע, און די, וועלכע האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו שפּאָרען — אַנשטאָט די שפּאָרונגען לייגען אין אַ באַנק עס זאָל וואַקסען פּראָצענט — האָבען בעסער געקויפט דאָלאַרען צו פאַרזיבערען זיך מיט דעם ווערט, וואָס מען האָט דערגרייכט. אַזוי האָבען אויך געטאָן די, וועלכע האָבען פאַרקויפט אַ וויכטיגע זאַך, ווי, למשל, אַ נחלה.

טייל פאַבריקען, זייענדיג אָפּהענגיג, אין זייער פונקציע פון געוויסע כעמישע שטאָפען, אָדער טיילען פון מאַשינען, וואָס מען האָט נאָר געקענט

קריגען אין אויסלאַנד, האָבען געמוזט האָבען פרעמדע וואַלוטע. דער איינציגער מקור פון דעם איז געווען דער שוואַרצער מאַרק.

נישט זעלטען האָט זיך געטראָפען, אַז עס איז געווען נויטיג אַ רעצעפּט אָדער אַן איינשטיך וועלכע פוילען האָט נישט געהאַט. אין אַזאַ פאַל אויך האָט מען געמוזט אָנקומען צום שוואַרצען מאַרק.

פון וואַנען האָבען זיך גענומען די קוואַלען, וואָס האָבען געשפּייזט דעם שוואַרצען מאַרק מיט פרעמדע וואַלוטע?

דער הויפּט קאַנאַל, וואָס האָט צוגעשטעלט די פרעמדע וואַלוטע, איז געווען די שטיצע, וואָס קרובים פון אויסלאַנד (דער׳עיקר׳שט פון אַמעריקע) האָבען געשיקט צו זייער אייגענע אין פוילען.

די קרובים אָדער זיי זענען געקומען אַליין, אָדער זיי האָבען באַזאָרגט דורך פריינד, וועלכע זענען אויך געקומען באַזוכען נאָענטע און ברענגען הילף.

עס זענען געווען אויך פאַלען, אַז דאָלאַרען, וואָס זענעען געקומען פון פאַרקויפען עפּעס, אָדער פון אָפּשפּאָרונגען, און וועלכע זענען געלעגען אומ־באַוועגליך, האָבען זיך דורכגעליפטערט איבער׳ן מאַרק. אַזאַ פאַל האָט פּאַסירט, ווען עס האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ געשעפט און גערדאַרפען האָבען זלאָטעס.

אונזער שטאָט איז נישט געווען קיין אויסנאַם אין דעם פּרט און ביי אַ צען פּערזאָן (פאַמיליעס) האָבען געהאַנדעלט מיט וואַליוטע.

דאָס קויפען אָדער טוישען דאָלאַרען מצד דער באַפעלקערונג קען מען איינטיילען אין צוויי קאַטעגאָריעס: אַ פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע. אַזוי, למשל, קען ווערען באַטראַכט פאַר פּאָזיטיוו דאָס קויפען דאָלאַרען פון אָפּשפּאָרונגען און אויך צו זיין געדעקט פאַר סחורה. און דאָס טוישען ווידער: ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען מאַכען אַ געשעפט. דאַגעגען קען ווערען באַטראַכט פאַר נעגאַטיוו דאָס טוישען דאָלאַרן, וואָס מען האָט באַקומען אַלס שטיצע, פּשוט פאַר ברויט. און קויפן ווידער: ווען מען האָט דאָס געטאָן, כדי צו צאָלען אַ חוב, אָדער דערגרייכען אַ רעצעפּט.

וואָס בנוגע דער אידישע באַפעלקערונג פון אונזער שטאָט: בלויז אַ קליינע גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון די קעפּ פון אַ פּאָר געוויסע בראַנזשעס, האָט געהאַט צו טאָן מיט די וואַליוטשאַזשעס פון דער פּאָזיטיווער זייט, באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער הינזיכט די שניט בראַנזשע. ביי דער דאָזיגער בראַנזשע אַחוץ די גרויסע, האָבען אויך די וועלכע האָבען פאַרנומען אַ מיטעלע פּאָזיציע געהאַט די מעגליכקייט, אין אַ קליינער מאָס, צוצורירען זיך צו וואַליוטע אויף אַ פּאָזיטיווען אופן.

דאַגעגען די איבעריגע אידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען פּרנסה־לאָז, אַרבייטס־לאָז און געלעבט אין שרעקליכע באַדינגונגען, זייער האָבען צו טאָהן מיט וואַליוטע איז געווען בלויז פון נעגאַטיווען כאַראַקטער.

דער גרויסער רוב פון זיי האָט אַפילו נישט געזעהן אַ דאָלאַר, אָדער אַנדערע פרעמדע וואַליוטע.

וואָס אַנבאַלאַנגט די וואַליוטע־סוחרים אַליין: זיי האָבען געמאַכט נישט שלעכט. שוין צוליב דעם פּשוט׳ן טעם, ווייל דער האַנדעל איז געווען אומלעגאַל. און דאָס וואָס איז אומלעגאַל האָט נאָר ריזיקע, אָבער נישט — קיין אויסגאַבען.

## פליישׁ בראַנזשע

35 משפחות, האַלטענדיג זיך ביי דעם פאַך פון וייערע עלטערען, האָבען זיך פאַרנומען מיט קצב׳ריי. זיי האָבען באַזאָרגט די שטאָט מיט כשר און נישט כשר, פליישׁ (אַ גוי׳ישע יאַטקע איז נישט געווען אין שטאָט. צוליב דער ביליגקייט פון טריפה־געוואָרענעם אויפ׳ן חשבון פון כשר׳ס, האָט זיך אַזאַ יאַטקע נישט געלוינט. ערשט שפּעטער, אַ דאַנק דער שחיטה־גזירה און אויך אַ דאַנק דער פּראָפּאַגאַנדע צו באַפרייען זיך פון דער אידישער פאַרמיטלונג, האָט זיך געעפענט, אין אַ קליינעם פאַרמאַט, אַ קריסטליכע יאַטקע).

אַזוי ווי די אַנדערע, האָט אויך די בראַנזשע כאָטשע קליין אין צאָל, זיך געטיילט אויף די דריי פּרינציפּיעלע קלאַסען: גבירים, מיטעל־קלאַס און אָרימע.

די צאָל פון די גבירים איז געווען גאָר אַ קליינע. זי איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר איינצעלנע. די גבירים האָבען אָבער, געהאַט מזומנים. דאָס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו געניסען פון אַ גינסטיגע געלעגענהייט, אויב אַזעלכעס האָט זיך געמאַכט, און אַחוץ דעם, האָבענדיג געלד האָבען זיי געקענט קויפען מיט אַמאָל אַ פּאָר שטיק בהמות ביי אַ פּריץ, אָדער רייכען פויער.

אַזעלכע טראַנזאַקציעס האָבען זיך אויסגעצייכענט, געוועגליך, מיט אַ נידעריגערן פּרייז ווי אויפן מאַרק באַזונדערס, ווען דער פאַרקויפער האָט זיך גענויטיגט אין געלד.

ווי פאַרשטענדליך האָבען די פּאָר גבירים געשפּילט די הויפּט ראָלע אין דער בראַנזשע. באַזונדערס דאָמינירענד איז געווען די ראָלע פון צוויי ברידער. צוויי פון דער גרופּע האָבען צוגעשטעלט פליישׁ צו דעם גאַרניזאָן, וואָס איז געשטאַנען אין שטאָט. וואָס עס איז גרינג זיך פאָרצושטעלען איז דאָס פליישׁ־צושטעלען נישט געווען באַזירט בלויז אויף די גאָר גוטע באַדינ־גונגען פאַר דעם גאַרניזאָן. נאָר האָט אויך געהאַט צו פאַרדאַנקען דאָס גראָבע „שמירען" אָרום און אַרום. דאָס האָבען דעם גאַרניזאָן פאַר אַן אָפּנעמער, האָט קודם כל געהאַט די מעלה, וואָס עס האָט געהאָלפען לינדערען די שווערע היזיקות פון טריפה־געוואָרענע בהמות. די מענשען פון דעם קלאַס האָבען נישט זעלטען זיך באַנוצט מיט געדונגענע הילף. די הילף איז געווען פון

געלעגענהייטליכען כאראקטער. עס זיינען אויך געווען צוויי פון דער גרופע וואס האבען באשעפטיגט איינעם, אדער צוויי מענשען סטאביל.

די מיטעל־קלאס איז געווען א סך גרעסער אין צאל, ווי די גבירים, אבער באגרעניצט אין געלד. די, וואס האבען געהאט „מזומנים" האט זייער קאפיטאל בלויז געקלעקט פאר איין בהמה. אנדערע ווידער, האבען זיך געדארפען צוזאמען נעמען אין א שותפות צו קענען קויפען א בהמה.

די מענשען פון דער דאזיגער גרופע האבען אליין געטאהן די אלע ארבייטען, וועלכע האבען זיך געפאדערט. זעלטען זיך באנוצט מיט באצאלטער הילף. די פרנסה האט זיי געגעבען יום־טוב׳דיקע און געדריקטע מאמענטען: עס איז געווען יום־טוב, ווען די בהמה איז געווען כשר. דאמאלט, האט דער פאטער זיך ערלויבט, אויך דעם חשבון, א ביסעל בראנפען אויף שבת. די מוטער האט „אריינגעכאפט" עפעס פאר די קינדער, אדער פאר זיך, אדער גאר, פאר דער שטוב. און פארקערט, ווען די בהמה איז געווארען טריפה, איז די שטימונג געווען אן אויפגערעגטע און א נידערגעשלאגענע.

דער פאקט, וואס דער אויסגאנג פון דער שחיטה האט זיך אפגעשפיגעלט אין דער שטימונג און האנדלונג פון די דאזיגע מענשען, קען געבען א באגריף פון זייער פינאנציעלען מצב.

די מענשען פון דער ארעמער קלאס, כאטש גרויס אין צאל, האבען געשפילט א גאר קליינע ראלע אין דער בראנזשע, זיי האבען אליין נישט גע׳שחט׳ען און אויב עס האט ווער פון זיי פארקויפט פלייש, איז דאס געווען גענומען ביי אנדערע. טייל האבען געזוכט א גראשען צו פארדינען דורך קויפען א קעלבל אויפ׳ן דארף, אדער אויפ׳ן מארק, און דאס פארקויפען צו די, וועלכע האבען אליין גע׳שחט׳ען.

די דאזיגע גרופע האט אויך צוגעשטעלט די מענשען, וואס האבען געהאלפען די גרויסע ביי פארען זיך מיט די לעבעדיקע בהמות און אנדערע פונקציעס.

די דאזיגע פרנסה צווייג, גלייך ווי די אנדערע אידישע פרנסה־צווייגען, האט געהאט בלויז א פאר איינצעלנע זאפטיקע און גרינע — לויט די טאמאשאווער פערהעלטניסען — בלעטער — א פאר בלויז פאזיציעס, וואס זענען געווען גוט אוועקגעשטעלט. די אנדערע פאזיציעס דער רעשט פון דער בראנזשע, זענען געווען — פארוועלקטע בלעטער. טייל מער, טייל ווייניגער.

אין אלגעמיין, איז די צווייג געווען אונטער דעם צייכען פון ירידה מיט א שארפע טענדענץ צו פארשמעלערען און איינשרימפען זיך.

דער פאראמונס־ פראצעס וואס האט ארומגענומען די אידישע באפעלקערונג צוליב פארשידענע סיבות — הן אביעקטיווע און הן אנטיסע־מיטישע — האט איינגעצויגען דאס צירקעל פון די, וועלכע האבען זיך געקענט ערלויבן צו קויפען פלייש, וואס האט געקאסט טייער און געווען

פשוט אַ לוקסוס. און דאָס במילא, האָט אין קאָנסעקווענץ, פאַרשמעלערט דאָס פרנסה־פעלד פון דער דאָזיגער בראַנזשע. גלייכצייטיג, די פאַרפאָלגונגען, וואָס די פּאָליאַקען האָבען אָנגעווענדט לגבי אידישע פרנסות, האָט די קצבים נישט אויסגעמיטען און אויך זייערע פּאָזיציעס צעטרייסעלט.

אין אַזעלכע באַדינגונגען, נאַטירליכערווייז, אָן אַפילו, וועלכע ס'איז אינטערווענץ פון דרויסען איז די בראַנזשע געגאַנגען צו איינשרימפּונג און איינדאַרונג.

דאָס איז פאַר די פּאָליאַקען אָבער געווען אַ צו לאַנגזאַמער פּראָצעס. און כדי דעם פּראָצעס צו צויאָגען האָבען זיי געשאַפען די שחיטה־גזירה. די גזירה איז צושטאַנד געקומען אין מערץ 1936.

די שחיטה־גזירה, וועלכע האָט באַגרעניצט די צאָל בהמות צו שחט'ען לויט דעם אידישען דין, האָט מיט איין קלאַפּ פאַרקלענערט דעם שטח פון דער דאָזיגער פרנסה־צווייג, מאכענדיג ענג און שווער.

אמת די גבירים האָט דאָס נישט געטראָפען אַזוי שווער. אָבער עס האָט זיי אויך אָנגערירט. ווייל די, וועלכע האָבען געהאַט דערפון מערער, האָבען באַקומען ווייניגער; די וואָס האָבען געהאַט ווייניג — נאָך ווייניגער און די ווידער, וועלכע האָבען געהאַט בלויז אַ ביסעל — זענען אינגאַנצען אַרויס־געשטויסען געוואָרען.

די מענשען פון דער אָרעמער גרופּע האָבן געפּרואווט אַרויסקריגען עפּעס פון דער צעשטערונג דורך אומלעגאַלער שחיטה. אָבער דאָס איז ווייט נישט געגאַנגען. ווייל לויט דעם אידישען דין מוז כשר פלייש זיין פון אַ נישט אָנגעשטרענקטער שחיטה ד. ה. די שחיטה מוז זיין לעגאַל. און אַזוי ווי די טאָמאַשאָווער אידען האָבען זעהר מדקדק געווען אויף כשרות האָט אַזאַ פלייש זיך נישט פאַרקויפט.

די שחיטה־גזירה האָט אָנגעפילט די פּאָליאַקען מיט גרויס צופרידענהייט. זיי זענען געווען באַהערשט פון טריאומף געפילען, גלייך ווי זיי וואָלטען אַ גרויסע מלחמה געווינען. די מאַדאַם פּריסטעראַווא, וועלכע איז געשטאַנען אין דער סאַמע שפּיץ פון דער גזירה־אַקציע, איז געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע העלדין. די אידען ווידער, דורך דער דאָזיגער גזירה האָבען געפילט, אַז דער אַנטיסעמיטישער שטורעם האָט אַ שטאַרקן בויג געטאָן די אידישע שיף.

## די טאָמאַשאָווער אידישע טרעגערס

הן דאָס אויסלאָדען די אַריינגעבערענגטע סחורות הן דאָס אָנלאָדען די אַרויסגעפירטע סחורות און אויך דאָס איבערטראָגען פאַר־שידענע משאות פון איין אָרט צום צווייטען — די אַרבייטען האָבען געטאָן אידישע הענד און פלייצעס. די מענשען האָט מען גערופען טרעגערס.

ביי אונז אין טאָמאַשאָוו האָבען זיך די טרעגערס געטיילט אויף צוויי גרופּעס, איין גרופּע האָט באַאַרבעט בלויז סחורה, אַרומנעמענדיג אַלע מינים סחורה; די צווייטע גרופּע האָט ערלעדיגט די פאַרשידענע משאות וואָס דער טאָג האָט געבראַכט.

די לעצטע האָבען זיך באַהאָלפען מיט פערד און וואָגען. ווייל טייל פון די שווערע זאַכען האָט מען געדאַרפט ברענגען צו אַ פּונקט, וואָס איז געלעגען ווייט און עס איז געווען אוממעגליך צו טראָגען דאָס אויף זיך, צוליב דעם זעלבען טעם האָבען זיך די מעהל־סוחרים מיט זיי באַניצט ביי צושטעלען מעהל פון דער מיהל, וואָס איז געשטאַנען אין עק שטאָט, צו שפּייז־קראָמען און בעקערס. זיי האָבען אויך געפירט ליים און זאַמד צו אויפשטעלען, אָדער פאַריכטען אויוועגס און קיכען. ווי האָרפּאַשניקעס האָבען די דאָזיגע אידען געאַרבעט שווער און געלעבט אַן אָרעם לעבען, זייענדיג דערביי פריילעכע קבצנים.

די טרעגערס פון דער ערשטער גרופּע, וועלכע האָבען ערלעדיגט די סחורות האָבען געציילט אַ גרעסערע צאָל משפחות, ווי עס האָט געהאַט די צווייטע גרופּע. זיי זענען געווען פאַראייניגט אין אַ שותפות. אין דעם שותפות האָבען זיי אַריינגענומען בלויז די, וועלכע האָבען געהאַט אַ חזקה אויף טרעגעריי, גלייכצייטיג האָט דער שותפות נישט דערלאָזט אַז עמיצער זאָל זיך אַריינרייסען אין זייער געביט. עס זענען געווען פאַלען, אַז טייל אידען, וועלכע זענען געוואָרען אַרויסגעוואָרפען פון זייערע פרנסות, און נישט האָבענדיג וואָס צו טאָן האָבען געפּרואווט ווערען טרעגערס. די שותפים אָבער, האָבען נישט דערלאָזט דערצו.

אַזאַ שטעלונג פון זייער זייט איז געווען באַרעכטיגט דערמיט, ווייל ווען מען וואָלט יעדען צוגעלאָזט, וואָלט קיינער גאָר נישט געהאַט דערפון.

וועגען די מענשען פון דער דאָזיגער גרופּע קען מען זאָגען, אַז זיי האָבען אַרויפגעלייגט זייער חתימה אויף דער פּראָפעסיע — יעדער פון זיי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, און געווען אויך אַזוי באַטראַכט ביי אַנדערע, דעם פּראָפעסיאָנעלען טרעגער. און גלייכצייטיג האָבען די דאָזיגע מענשען געמאַכט פילען די עקזיסטענץ פון זייער גרופּע אַרום און אַרום.

זייער באַציהונג מיט די קרעמערס האָבען זיי איינגעשטעלט אויף אַזאַ אופן, אַז טרעגעריי־באַדינונג איז געווען, ווי אַ טייל פון די פּראָצעסען וואָס סחורה מוז דורכמאַכען. אַלע סחורות האָבען געמוזט דורכגיין זייער באַדינונג און אונטער באַשטימטע פּרייזען.

פאַר טייל קרעמערס איז אַזאַ רעגולאַציע געווען אַ לאַסט. זייערע קראָמען האָבען נישט געטראָגען אויף באַדינונג. און דער פּרייז, וואָס זיי האָבען געדאַרפט באַצאָלען צו די טרעגערס, איז געווען — ווי קליין דער פּרייז זאָל נישט געווען זיין — אַ לעבעדיגער טייל פון זייער פאַרדינסט. די דאָזיגע

קרעמערס, ווי ווייט מעגליך, האָבען אַליין געטאָן די טרעגער־אַרבעט. די טרעגערס פון שותפות אָבער, האָבען 24 שעה אין מעת־לעת געהיט זייער פּרנסה צו זיין גרייט, ווען עס וועט זיך עפּעס מאַכען, צו טאָן זייער מלאכה. יעדע נאַכט האָבען אַנדערע געהאַט שמירה.

ווי האָט אויסגעזעהן די אינערליכע זייט פון שותפות?

כאָטש אין דעם אויסערליכען פאַרקער איז זייער פּראַקטיצירען טרעגעריי געווען באַהערשט פון אַ שטייפער שטעלונג, זענען אָבער, די באַציהונגען צווישען זיך, אינערהאַלב דעם שותפות, געשטאַנען אויף אַ גאַר הויכען מאָראַלישען ניוואָ.

יעדער איינער פון די שותפים האָט געקראָגען אַ גלייכען חלק פון פאַרדינסט, וואָס דער טאָג האָט געברענגט. אחד המרבה ואחד הממעיט — דער וואָס האָט מעהר און שווערער געאַרבעט (עס זענען געווען צווישען זיי שטאַרקערע און שוואַכערע) און דער, וואָס האָט ווייניגער און גרינגער געאַרבעט — אַלע האָבען געקראָגען גלייך. ווען עס האָט זיך געמאַכט, באַהיט ג־ט, אַז איינער איז קראַנק געוואָרען, האָט ער די גאַנצע צייט פון דער קרענק געקראָגען זיין פולען חלק. און ווען עס איז געקומען צו אַרבעט איז יעדער געלאָפען טאָן די געפאָדערטע אַרבעט מיט דעם גאַנצען אינטערעס, ווי דאָס וואָלט געווען פאַר אים אַליין. מיטן זעלבען ברען און חשק האָבען זיך געוואָרפען צו דער אַרבעט, די, וועלכע האָבען שוין געהאַט אָפּגעטאָהן געוויסע אַרבעטען, ווי די, וועלכע האָבען נאָך גאָר נישט געהאַט געטאָהן. דערביי האָט דער שטאַרקער נישט געהאַט קיין פּרעטענציעס, וואָס ער אַרבעט שווערער און דער, וואָס האָט געאַרבעט מעהר האָט נישט געהאַט קיין פּרעטענציעס, ווייל ער האָט געאַרבעט מעהר. די אַטמאָספערע צווישען זיי איז געווען גלייך, ווי זיי וואָלטען געווען איין משפחה.

אין הינזיכט פון פּרנסה האָבען די טרעגערס פון שותפות געהאַט בעסער, ווי די טרעגערס פון דער אַנדערער גרופּע, כאָטש די שווערע אַרבעט האָט זיי געגעבען אויף אַן אָרעם לעבען, וואָס האָט נישט איבערגעשטיגען דעם גאָר נידעריגען לעבענ׳ס־שטאַנדאַרט פון די אָרימע אידישע האָרעפּאַשנע מאַסען אין טאָמאַשאָוו. פונדעסטוועגן איז זייער לאַגע געווען אַ בעסערע ווי ביי די אַנדערע. יעדער טאָג איז געווען זיכער אַז ער וועט ברענגען וועלכען פאַרדינסט. עס איז געווען אַזוי ווי גאַראַנטירט.

די פּרנסה פון אָט די טרעגערס איז געווען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון אידן. זיי זיינען געפאָרן אין דעם שיפל פון דעם אידישן סוחר און קרעמער. אַזוי לאַנג דאָס שיפעל האָט זיך געהאַלטען אויף דער אויבערפלאַך, כאָטש דער ווינט האָט דאָס געבויגען און די כוואַליעס געפלייצט, האָבען זיי זיך אויך געהאַלטען. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען דאָס שיפעל וואָלט זיך איבער־געדרייט וואָס איז געווען זעהר נאָענט דערפון — וואָלטען די טרעגערס

אַרונטערגעגאַנגען צוזאַמען דערמיט. די פּוילישע סוחרים האָבן אין פּרינציפּ נישט צוגעלאָזט אַ אידישען טרעגער.

דאָס לעבן פון די טרעגערס און באַזונדערס פון די פון שותפות, איז נישט באַשטאַנען פון איין קאַמער, פון דער נידעריקער, ווי דאָס לעבן דרייט זיך בלויז אַרום דער באַשעפטיקונג און נאַטירלעכע פונקציעס. נאָר געהאַט אויך די העכערע קאַמער, וואָס איז אויסגעשטאַטעט מיט די איידעלע אינסטרומענטען, מיט די כלים, וועלכע באַווירקט פון אויסערליכע איינדרוקען צינדען אָן געפילען, שאַפען פסיכישע סיטואַציעס, בריען אויס אידעען און פאָרמאַלירען פסיכילאָגישע איינשטעלונגען. עס וועט נישט זיין איבעריג צו דערציילען וועגען טייל טעטיקייטען פון דער העכערער קאַמער ביי די טרעגערס, ווייל געוויסע אידעען, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו מאַנכע פון זיי און פסיכילאָגישע איינשטעלונגען וואָס האָבן זיך ענטוויקעלט ביי זיי, האָבן געהאַט אַ איינפלוס אויף באַשלוסען אין רעש׳דיקע און אומערוואַרטעטע סיטואַציעס, וואָס די שטורמישע און טראַגישע צייט האָט געשאַפן, ליידער זיינען מאַנכע באַשלוסן געווען פאַטאַלע. טייל פון דער שותפות גרופּע, באַזונדערס די טאָן־געבערס, זענען געווען נישט צופרידען מיט זייער פּראָפעסיע, וועלכע האָט געגעבען אָן אָרימע פּרנסה און אַ נידעריגע סאָציאַלע פּאָזיציע. דער חלק, וואָס דער גורל האָט זיי צוגעטיילט אין אַלגעמיינעם לעבען האָט אויסגעזעהן אין זייערע אויגען ווי אַן אומרעכט. אַזאַ געדאַנקען־גאַנג, פאַרשטענדליך, האָט מיט זיך געטראָגן פאַרדראָס און פּרעטענזיעס. אַ גרויסן חלק אין צעבלאָזן אַזעלכע געפילן האָבן געהאַט די לינקע פּאַרטייען. די דאָזיגע פּאַרטייען האָבן אָנגעוויזען אויף דער געזעל־שאַפט אַלס די שולדיגע אין דער נעבעכדיגע מערכה פון די אידישע אָרימע מאַסען. ווי אַ נאַטירליכע זאַך זענען די הערצער און האָפענונגען פון די נישט צופרידענע טרעגערס, גלייך ווי אַנדערע נישט צופרידענע, געווען פאַרבונדען מיט די לינקע פּאַרטייען, וועלכע האָבן צוגעזאָגט אין דער נייער געזעלשאַפט, נישט בלויז אַ גרויסען חלק אין מאַטעריעלען וואוילזיין פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסען, נאָר אויך אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין געזעלשאַפטליכער חשיבות.

ווי פּשוט׳ע אידען האָבן זיי געגלויבט, אַז דאָס לעבען איז אויך פּשוט. דאָס לעבען איז ווי אַ באַן: עס איז אָפּהענגיג, אויף וועלכער זייט פון דער באַן מען שטעלט אַוועק דעם לאָקאָמאָטיוו. און אויף יעדער זייט, ווי דער לאָקאָמאָטיוו זאָל נישט שטיין, זענען די וואַגאָנען וואָס שטייען לעבען אים — די ערשטע און די אַנדערע — פון אונטען. אַזוי מיטן לעבען: וועט מען דעם לאָקאָמאָטיוו פון לעבען אַוועקשטעלען לעבען די אָרימע, האָרעפּאַשנע מאַסען, וועלען זיי זיין פון פאָרענט און די אַנדערע — פון אונטען.

דערווייל אָבער, האָבן די נישט צופרידענע טרעגערס מקנא געווען די קרעמערס און געקוקט אויף זיי ווי אַ העכערע און פּריווילעגירטע קלאַס.

מערקווירדיג איז דערביי דער פאַקט, וואָס די דאָזיגע באַציאונג איז נישט געווען איינזייטיג: אַ סך פון די קרעמערס האָבן נישט וויניגער מקנא געווען די טרעגערס. מאַנכע דערפאַר, ווייל די טרעגערס האָבן פשוט מעהר פאַרדינט; מאַנכע ווידער דערפאַר, כאָטשע זייער אַרבעט איז געווען שווער און דאָס לעבן אָרעם, האָבן אָבער געגעסען זייער ברויט במנוחה; שרעק און ציטער פאַר עקזעקוטערס האָט נישט פאַרוואָגעלט זייער שלאָף, און זייער שבת איז נישט געווען געשטערט צוליב נישט ערלעדיגטע שוועריקייטען און שוועריקייטען, וואָס מען האָט געקענט ערוואַרטען.

דאָס זענען געווען זאַכען, וואָס אַ סך קרעמערס האָבן זיך געוואונשען צו האָבן, האָבן אָבער דאָס נישט געהאַט.

דרך אגב איז כדאי צו באַמערקען, אַז בדרך כלל האָט אויף דער ענגער אידישער גאַס אין טאָמאַשאָוו אויף אַזאַ אופן געשפּילט די מוזיק: איינער האָט מקנא געווען דעם אַנדערען. יעדען האָט עפּעס וויכטיגס געפעלט אַז ער האָט געהאַט פאַר וואָס מקנא צו זיין.

דאָס לעבען האָט אַמאָל ליב זיך אַ שפּיל צו טאָן מיטן מענש אויף אַ ברוטאַלען אופן: די זאַך, וואָס ס'איז הייס באַגערט און געבענקט, דערלאַנגט דאָס לעבען דעם מענש גלייך אין האַנד אַריין; אָבער, עס גיט אים דאָס אויף אַ הייסער טאַץ, אַז ער מוז די טאַץ מיט דער זאַך אָוועקוואַרפען, בליי־בענדיג מיט אַ שטאַרקען ברי. אַ ענליכע ערפאַרונג האָבן דורכגעלעבט די אַלע, וועלכע האָבן ערוואַרטעט גרויסע גליקען פון אַ סאָציאַליסטישען סיסטעם.

ערב סוכות 1939 לויט אַן אָפּמאַך מיט די דייטשען י״ש, וועלכע האָבן געהאַט פאַרנומען טאָמאַשאָוו, זענען די רוסען געקומען צו אונז צו זיין די בעלי־הבתים פון אונזער שטאָט. געקומען זענען זיי ווי אַ פאַרפלייצונג. מחנות פון פאַרשידענע מיליטער און פאַרשידענע געווער האָבן זיך געשאָטן ווי אַ ליאַווע. אַכט טעג זענען די רוסען געווען אין טאָמאַשאָוו, איבערגע־בענדיג — ווידער לויט אַן אָפּמאַך — צוריק אונזער שטאָט צו די נאַציס י״ש. אין משך פון דער קורצער צייט אָבער, האָבן די רוסען געפירט אַ העפטיגע ווערבירונג־אַקציע צו פאָרען קיין רוסלאַנד צו לעבען און אַרבעטען דאָרט.

די וועלכע האָבן אויפריכטיק געגלויבט אין דעם, וואָס זיי האָבן געלייענט אָדער געהערט, האָבן אין דער מעגליכקייט צו פאָרען קיין רוסלאַנד געזעהן ווי דער הימעל וואָלט זיך אַראָפּגעבויגען און געברענגט זיי דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. און די צווישן זיי ביי וועלכע פאַמיליע־שטערונגען, אָדער אַנדערע שטערונגען זענען נישט געשטאַנען אין וועג, זענען מיט פרייד געפאָרען. צווישען די פאָרערס זיינען אויך געווען פון די דערמאָנטע טרעגערס. קומענדיג אַהין אָבער און זעהענדיג די כלה אין איר ווירקליכען געשטאַלט, זענען די מענשען געוואָרען זעהר ענטוישט. וואָס גרעסער די ערוואַרטונג,

שטאַרקער און ביטערער איז געווען די ענטוישונג. און די, וועלכע האָבען זיך אַ סך צוגעזאָגט — האָבען אויסגענוצט די ערשטע געלעגענהייט און געפאָרען צוריק אַהיים. לײדער זענען זיי אַנטלאָפען פון אַ רעגען גלייך אין פייער אַריין. דער דייטש י״ש האָט זיי מיט די רעשט אידען אַלע פאַרברענט.

ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז וואָלטען די מענשען, וועלכע זענען געפאָרען צוריק אַהיים, נישט ערוואַרטעט אַ סך, וואָלטען זיי אפשר, כאָטש אין גאָר שלעכטע באַדינגונגען, דורכגעלעבט די מלחמה. עס איז געווען אַ פאַקט, אַז אַ געוויסער פּראָצענט פון די פּוילישע אידען, וועלכע די מלחמה־זאַוויערוכע האָט פאַרטראָגען — באונס אָדער ברצון — קיין רוסלאַנד, האָט איבערגעלעבט די מלחמה.

פון רוסלאַנד זענען די משחיתים, מיט וועלכע דער טויט האָט זיך באַנוצט אין זיין אַרבייט, געווען עלעמענטאַרע נאַטור־כוחות, ווי עפּידעמיעס, הונגער, קעלט און אַנדערע אָנשיקענישען. דער, וועלכער האָט געהאַט עפּעס גליק און אויסגעמיטען די נעצען, וואָס די דאָזיגע כוחות האָבען פאַרשפּרייט, אָדער זיך אויסגעפּלאָנטערט, ווען ער איז אַריינגעפאַלען אין זיי — דער האָט דערצויגען צו דער ענדע פון דער מלחמה. אַנדערש איז געווען אין פּוילען. דאָרט זענען מענשען — דייטשען און פּאָליאַקען — געווען די אַגענטען פון טויט. זיי האָבען שוין געזעהן, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַרויסדרייען פון זייערע הענד.

ווי ס׳איז שוין געווען דערמאָנט, האָבען בלויז איינצעלנע טרעגערס פון דער שותפות־גרופּע געהאַט זייערע סענטימענטען אויף דער זייט פון די לינקע פּאַרטייען. די רעשט איז באַשטאַנען פון פּשוט׳ע און אָרימע אידען. זיי האָבען אויך מקנא געווען, באַגערט צו פאַרזוכען דעם טעם פון דעם, וואָס, אין זייערע אויגען, האָט עס געשיינט צו ברענגען גליק און כבוד. גלייכצייטיג אָבער, האָבען זיי זיך אָפּגעגעבען אַ דין וחשבון, אַז עס זיינען דאָ ערגערע מדרגות.

כדי דער מצב זאָל זיך נישט ענדערען, חלילה, צום ערגערען, נאָר צום בעסערען, איז אַ רוב פון דער גרופּע געווען שבת און יום טוב צווישען די תהילים זאָגערס בצבור אין דער גרויסער שוהל.

די דאָזיגע אידען, גלייך מיט די אַנדערע טאָמאַשאָווער ערליכע און פרומע אידען, האָבען נישט געוואָלט גלויבען, אַז מענשען זאָלען זיין ערגער פון חיות און הרג׳ענען אַנדערע מענשען בלויז פאַר דעם צוועק פון צופרידען שטעלען זייער סאַדיסטישע תאוה פון הרג׳ענען און פּייניקען. דעם דאָזיגען בלוטיגען אמת, לײדער, האָבען זיי געפילט און געלערענט אויף זייער אייגענע לעבענס, וועלכע די רשעים האָבען פאַרשניטען דורך פאַרברענען אָדער דורך אַנדערע שרעקליכע מיטלען. די רשעים — די דייטשען מיט די פּאָליאַקען — האָבען מיט שמחה דורכגעפירט דעם בלוטיקען שניט איבער יראים און צדיקים. ג־ט זאָל אָפּמאָנען דאָס אומשולדיקע בלוט.

# פרנסות

● ע. ה. ווראצלאַוו

## בערעלע כתריאל׳ס

עס ווערט שוין גרויסער„ העלער טאָג,
די זון פאַרשפּרייט איר כישוף־מאַכט,
הויך, גאָר הויך דער שפּאַרבער יאָגט —
פרילינג אין זיין גאַנצער פּראַכט...

פול ווערן די גאַסן
פון מענטשן־געדראַנג,
פאַרשידענע קלאַסן,
פאַרשידן איז זייער גאַנג.

עס איילן אידען אין קאַפּאָטעס,
די היטלען אין אַ זייט פאַריקט,
אויגן זוכן אַ פּאָר זלאָטעס —
דער עול־פּרנסה דריקט...

צווישן זיי עס שטעלט אויף פיס,
דער קלוגער, דאַרער, בייזער,
דער בורר „בערעלע-קאַזרילס״
דער מעקלער פון הייזער.

וואו נאָר וואו אין שטאָט אַ פּלאַץ,
אַ דירה צו פאַרדינגען,
טוט זיך בערעלע אַ קראַץ
און נעמט אין שטאָט צעקלינגען.

ער יאָגט זיך ניט, ער ווייסט זיין ווערט,
יעדער מוז אים שוינען
ער וועט שוין פון אונטער ד׳רערד
אויסזוכן אַ קונה.

און אַז עס נעמט אין שטאָט זיך גרייטן,
ס׳מאַכט זיך אַ דין־תורה,
פון ביידע קעגנערישע זייטען
בעט מען אים אַלס בורר.

זיינע ווערטלעך — באַרימט זיי ווערן
אַ צונג ווי אַ שפּיז
סתם אַ נחת אים צו הערן
„בערעלע כתריאל׳ס״...

## אויפן מאַרק

און עס שפּאַנען אויך ב׳חשיבות,
זיך געלאַסן טראָט ביי טראָט
די בעלי־טובות, ראשי־ישיבות,
די גאַנצע סמעטענע פון שטאָט.

עס יאָגן קינדער אין חדרים,
מיט צעשפּרייטע פּאָלעס,
און גרעסערע — שוין גאַנצע וכרים,
אין טריף־פּסול׳ע שקאָלעס.

גימנאַזיסטען אין מונדירן,
טריפ׳ניאַקעס, דראַבעס,
וואָס שטאָלצירן מיט „שטודירן״
און זענען מחלל שבת.

און אויך יאָטן מיט קאַשקעטן,
פּראָסטע אַרבעטס־יונגען,
וואָס פון הייליקטימער שפּעטן
און פרייהייטס־לידער זינגען.

ווי אויך יידענעס מיט קוישן,
מיט טשיפּעקעס אויף קעפּ,
זיי טומלען, פּלוידערן און טוישן
זיך מיט פּייער־טעפּ.

אַלעס יאָגט אַהין צום מאַרק,
דער זון גלייך מיטן טאַטן,
ס׳איז דאָך דאָנערשטיק היינט, טאַרג
ס׳עט גיין אַ משא־מתן.

עס קומען פּויערים אָן אין מאַסן,
מיט וועגענער פאַרלאָדן פול
זיי פאַרלייגן אַלע גאַסן
פון די האַליעס ביז דער שול...

און עס רוישט ווי אין אַ בינשטאָק,
אײנער שרײַט דעם צווייטן איבער,
עס הילכט איין קול אָפּ ווי אַ גלאָק
וואָס שטײַגט אַלעמען אַריבער.

„האַמאַי, האַמאַי, האַמאַי וויבוראַי”
זאָקן, אַגראַפּקעס, שעלקעס, שקאַרפּעטן!
„האַמאַי וויביראַי דליאַ באַבע ראַי”
שפּילקעס, פּאַטשאָרקעס און בראַנזלעטן...

ביי אַ סטראַגאַן מיט פּאַרטיקע זאַכן,
שטייט דאָרט אַ פּויער און מעסט אָן אַ רעקל,
צו גרויס זיין בויך — וואָס קאָן מען מאַכן,
אַ קלײניקייט פעלט נאָר, אַ פּיצל, אַ ברעקל.

עס כאַפּט אים אָן דער ייד מיט כוח,
און קוועטשט — ווי אַ פאַרפוילטן עפּל,
ער דריקט צו מיט דער קני זיין בויך
און פאַרקנעפּלט קוים דאָס קנעפּל.

פּרימאַ! — קלאַפּט ער אים אין פּלייצע,
און עפנט יענעם מענה־לשון —
עס טוט דער פּויער זיך ניט קיין עצה
און ציילט אים אויס די פּאָר גראָשן...

עס מישן קולות זיך צוזאַמען
מענטש און פערד, ייד און קריסט —
„עפּל! — זאַפּטיקע באַנאַנען!
„היינט פאַר געלד, מאָרגן אומזיסט!...

„אַ גאַנצע קילאָ פאַר אַ צענער!
„קומט אַהער בערן־טרייבער!
„פעטע הינער, קאַטשקעס, הענער!
פּופּציק גראָשן אַ קילאָ — ווייבער!

„קוואַס־עפּל, גאָלד־ראַנעטן!
עס צעגייט אין מויל אַליין —
„און די קולות מאַנען, בעטן
„מיט געבייזער, מיט געוויין.

און פּלוצים ברעכן אויס יללות,
און מען קריגט זיך גאַנץ געשמאַק,
און עס שיטן זיך דאָס קללות
ווי קאַרטאָפל פון אַ זאַק.

מען איז זיך מכבד מיט פינסטערע דאָליעס,
מיט נעגל און ציין אין געזיכט פון׳ם שונא,
צוויי אידענעס שלעפּן אַ פּויער ביי די פּאָלעס
מען הרג׳עט זיך צוליב דאָרט אַ קונה.

צוויי טרעגערס, גאָר פעסטע יאַטן
נעמען זיך אויך אַריינמישן —
„אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטנס טאַטן
העט ווייט ביז אדם הראשון.

ביז מאַקס דער שומר קומט צו גיין,
אויף יידיש ער צעשרייט זיך —
„זאָגט אַליין, פע, ס׳איז ניט שיין!
„אידעלעך צעגייט זיך!

און באַלד ווי רוהיק, שטיל עס ווערט,
מען טראָגט זיך אָפּ געשווינדט,
בלויז עס הירזשען נאָר די פערד
און בייז וואָרטשען די הונט.

## הילקעלע

אַן אַלטיטשקער, אַ בלאַסליך גרינער,
מיט אויגן גראָליכע און פלאַכע,
צווישן קוישן פול מיט הינער,
שטייט „הילקע״ מיט דער „הילקעלאַכע״.

איינגעשרומפּן, דאַר און קליין,
עס שפּילט דער ווינט זיך מיט זיין באָרד,
ער האָט אין מויל שוין ניט קיין ציין,
ער רעדט שוין קוים אַרויס אַ וואָרט.

און דאָך ער האַנדלט אויס אַ וועלט,
מיט הינער, הענער — אָן אַ סוף,
עס האָט ביי אים נאָך ניט פאַרפעלט,
אַן אמת גוטע, פעטע עוף.

ער שרייט ניט הויך, ער קאָן ניט שרייען,
שוין אַלט איז ער דערצו
ער וועט קיין מעשות לאַנג ניט ברייען
עס קאָסט אַזוי און — נו?

אין דער האַנט האַלט ער אַ האָן,
און טאַפּט אים ווי מען דאַרף,
ס׳קאָסט אַ זלאָטע — מיט אַ טאָן
מאַכט ער — שטיל און שאַרף.

און ביי „הילקען" קאָנט איר קריגן,
הינער — אינדיקעס די גרויס,
און אויך קורטשאַקעס — ווי פליגן,
פון די אייער קוים אַרויס.

און אויך קאַלעקוצקע הענער,
מיט רויטע קאָמען — פייער!
און אויך הינער — דאַר ווי שפענער
נאָר וואָס לייגן אייער.

ווילט איר קאַטשקעס, גענז, אינדיקעס
וואָס ס׳פאַרגלוסט נאָר אייער האַרץ,
קליינע, גרויסע — ווי די ביקעס
רויטע, געלע, ווייס און שוואַרץ.

אַלץ וועט איר ביי אים באַקומען
סחורה האָט ער דאָך לרוב
אייביק איז ער שטאַרק פאַרנומען —
האָט ער קונים אָן אַ סוף.

צווישן אַלע זיצט ער „הילקע"
ווי אַ קעניג אויף זיין טראָן
געשמאַק קייעט ער אַ בולקע
און אין האַנט האַלט ער אַ האָן...

## דער טויבער משה מיטן פערדל

און אָט באַוויזן זיך עס האָט
מיט אַן אויסגעקראָכן בערדל,
שלעפּענדיק זיך טראָט ביי טראָט
דער „טויבער־משה" מיט זיין פערדל.

ער האַלט דאָס פערדל זיינס גאָר ערליך,
און דער דלות וואַקסט אַלץ גרעסער —
ער געוויינט עס אָפּ פאַמעליך
פון צו זיין אַ גרויסער פרעסער.

און עס לעצעווען קונדייסים —
אין הלכת־פערד — אַ גרויסער ספּעץ
ער האָדעוועט עס מיט תעניתים
עס זאָל דערגענטערן דעם קץ...

יעדן טאָג אַ קילאָ מינער,
אָנשטאָט האָבער — סאַמע היי
כאָטש עס ווערט דאַרער, דינער
נאָר עס שלעפּט דאָך סיי־ווי־סיי.

אָפּגעוואוינט עס קוים פון עסן
אַ „ה" אין סידור'ל און אוי!
עס האָט אינגאַנצן שוין פאַרגעסן
דעם טעם פון האָבער, היי און שטרוי.

ביז איינמאָל ס'איז אָפּגעשטאַנען
עס וויל ניט גיין מער און אַן עק —
פּלוצים! — ווייסט ער ניט פון וואַנען
עס נעמט און פּגר'ט גאָר אַוועק.

ער נעמט פון דעם זיך שטאַרק ניט איבער,
ער טוט צומאָלס זיך ניט קיין קראַץ,
ער לויפט צום פערד־סוחר אַריבער
און קויפט זיך באַלד אַ פרישע קאַץ.

אַזוי, ער שלעפּט זיך ג־ט צו־דאַנק,
עס שיינט די זון אים גלייך אין בערדל,
אין געדיכטן מאַרק־געדראַנג
מיט זיין האַלב־גע'פּגר'ט פערדל...



# דאָס איז געווען טאָמאַשאָוו

● ש. לייבאָוויטש

טאָמאַשאָוו וועלכע ליגט אויפ׳ן שליאַך צווישען ווארשא-לעמבערג, האָט דער הויפּט וועג, ווי מ׳האָט דאָס ביי אונז גערופען דער שאָסעי (ברוקירטע גאַס) אַ דורך געשניטען די לענג פון טאָמאַשאָוו, וואָס פון צפון האָט זי געהייסען זאַמאַשטשער גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער דירה פון יהושע בערגערבוים אַ תבואה סוחר, און פון דרום האָט זי געהייסען די לעמבערגער גאַס, אָדער ווי אידען האָבען זי גערופען דער קירישער שאָסעי, אויף דער גאַס האָבען זיך קאָנצענטרירט אַלע שטאָטישע און קרייז אַמטען, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט׳ן בנין פון סטאַראָסטווע. אין די 30־ער יאָרען האָט זיך ענטוויקעלט דער ישוב און האָט זיך אויסגעבויט ביז בלאַנדערס טארטאַק.

אין צענטער פון שטאָט איז געווען דער מאַרק אָדער ווי מען האָט עס גערופען דער רינעק אַ זעהר גרויסער פיר עקיגער פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרבויט מיט הייזער וואָס אין דער פראָנט זענען געווען געשעפטען, (געוועלבען) מיט וואוינונגען צוזאַמען, פון מזרח האָט זיך אויסגעשניטען די פאַטארצער גאַס, אָדער ווי מען האָט זי אַמאָל גערופען די סקאָלער גאַס, וואָס האָט זיך געצויגען ביז די שנאַריס.

פון מעריב איז אַוועק די קראַסניבראָדער גאַס, וואָס האָט זיך געצויגען ביז רבי נחמנ׳ס הויף, און שפּעטער איז זי אויסגעבויט געוואָרען ביז ראגוזנע, פון עק מאַרק מזרחית צפונית, איז געלאָפען די אַלטע זאַמאָיסקי, וואָס האָט געפירט ביז צום בית עולם, און פון מזרחית דרומית, איז געווען די קאשטשעלנא גאַס, וואָס זי איז געווען אינגאַנצען באַוואוינט מיט אידען. פון עק מערבית דרומית איז געווען די שוהל גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער פּראגא און וואהל די אַמיינסטען געדיכט באַוואוינטע אָרימע אידישע געגענד, פון דער לעמבערגער גאַס האָט זיך אַוועקגעשניטען צו מעריב די קאַשטשיושקא וואָס האָט זיך געצויגען ביז באַרעצקיס וואַלד, צווישען די הויפּט גאַסען האָט זיך געפונען אַ לאַבירינט פון אינטערגאַסען, וואָס איז געווען געדיכט באַוואוינט פון אידען, די קריסטען האָבען אַמערסטען געוואוינט אין די פאַרשטעט און די פארצעליע.

## דער האַנדעלס צענטער

טראָץ דעם וואָס ביי אונז אין שטאָט איז געווען אַ גרויסער טייל האָלץ סוחרים און תבואה סוחרים וואָס זייער מסחר איז ניט געווען געבונדען מיט׳ן מאַרק, דאָך איז דער הויפּט מסחר, געווען געבונדען מיט׳ן מאַרק, וואָס אויסער די געוועלבער אָרום דעם מאַרק און די זייטען געסלעך, איז מיט 150 יאָר

צוריק אויפגעשטעלט געוואָרען דורך די אידען אין מיט׳ן מאַרק פיר רייהעס געוועלבען וואָס יעדער בלאָק האָט פאַרמאָגט 50 געוועלבען, און נאָך פּוילינ׳ס אַנטשטעהונג ווען עס איז פאַרגרעסערט געוואָרען די אידישע באַפעלקערונג און קיין אַנדערע פאַרדינסטען ווי פון מסחר איז ניט געווען, האָבען די אידען אויפגעבויט נאָך 4 רייען נייע געשעפטען וואָס מען האָט זיי גערופען די האַליעס. 99 פּראָצענט געשעפטען האָבען באַלאַנגט צו אידען, דער הויפּט פּדיון איז געווען אין מאַרקס טאָג, וואָס אין דעם טאָג פלעגען אויך די דאָרפס גייערס אַוועק שטעלען שטעלעכלעך (סטראַגאַנס) אָבער די קאָנקורענץ איז געווען זעהר גרויס און מען האָט זייער ווייניג פאַרדינט, מיט׳ן אויפקום פון די גוי׳אישע ספּולדזיעלנעס און עקאָנאָמישען באָיקאָט, און אויפשרויף פון שטייערען ספּעציעל פאַר אידען, זענען פיל אידען רואינירט געוואָרען און ניט געהאַט אויף דעם טאָג איבערצולעבען.

## בעלי מלאכות

### פרייע בארופען

נאָכ׳ן ערשטען קריג האָט די אידישע גמינע אַראָפּגעבראַכט דר. שולמאַן, דער ערשטער אידישער דאָקטאָר. פאַר דער צווייטער קריג האָבען שוין גע־וואוינט 3 אידישע דאָקטוירים, אויסער די אידישע אַדוואָקאַטן מאַנדעלטאַרט פון זאַמאָשטש און ניק פון לעמבערג.

עס האָבען נאָך עקזיסטירט אין טאָמאַשאָוו די אַזוי גערופענע ווינקעל שרייבערס וואָס האָבען געשריבען פּראָשעניעס אין סאָנד און מאַגיסטראַט אָדער אורזאָנד סקאַרבאָווי, זיי זענען געווען אברהם שטיינוואַרצעל (דער נגיד) און איטשע מעכאַליס.

עס זענען אויך געווען 2 אידישע דענטיסטען: דר. גערזאָן, און דר. מלכה אָרענשטיין. רעגירונגס באַאַמטע זיינען געווען 2: אליעזר דאָרנפעלד, סעקרעטאַר אין מאַגיסטראַט און פעלטיק לעדערקרעמער אין שטייער אַמט.

### דאָס מאגיסטראט

טראָץ דעם וואָס די באַפעלקערונג איז אין מערהייט געווען אַ אידישע, דאָך האָט די מאַכט קיינמאָל ניט צוגעלאָזט עס זאָל געוויילט ווערן אַ אידישער בורמיסטש. זייט פּוילנס אַנטשטייאונג זיינען געווען די בירגער־מייסטערס קזשיזשאַנאָווסקי אַן אַלטער שיכור, ליגאָווסקי, זייער אַן ענערגישער מענטש, ער האָט אויסברוקירט אַלע גאַסן אין שטאָט, דר. יאַבלאָנסקי און דער לעצטער אַן עמעריטירטער פּאָלקאָווניק יאַן מינאַר פון אזאַן לאַגער. אידען זענען געווען פאַרטרעטען אין דער פאַרוואַלטונג אַלס לאַווניקעס.

במשך די צוויי וועלט־מלחמות האָבען דעם אַמט באַקליידעט אביגדור אײדעלסבערג, לייזער לעדערקרעמער, יעקב לעדערקרעמער, שמואל שיפּלינ־גער און העניך עדעלשטיין.

### דאָס אַרט לעבען

איז געווען אויפ׳ן פאַרצייטישען שטייגער, ביז די ערשטע מלחמה האָט מען גערופען די מענטשען אויפ׳ן פאָטערס אָדער מוטערס נאָמען, נאָכ׳ן ערשטען קריג שוין מעהר אויף די משפחה נעמען, אָבער טייל משפחות האָבען אויך געהאַט קאָלעקטיווע צונעמען, וואָס זענען איבערגעגאַנגען בירושה מדור לדור, אינטערסאַנט אַז אויך צווישען די אמת׳ע אָרגינעלע פאַמיליע נעמען האָבען זיך געפונען אַזעלכע משפחה נעמען ווי שווינדלער, שמוץ, טויטען־גרעבער, די משפחה צונעמען זענען געווען: „צאַפּעס״, „קאָזאַקן״, „פליי״, „סמענאַקיס״, „זאַלופּעס״, „ניץ״, „קאסערטשיקעס״ א. אַ. וו.

### רעליגיעזע לעבען

דער עלטערע דור איז געווען גאַנצע הונדערט פּראָצענט פרום, און בכלל האָט דאָס רעליגיעזע אידענטום אַרויפגעלייגט דעם חותם אויף דער שטאָט, קיין איין געשעפט איז ניט געווען אָפען שבת (אויסער די פריזיערס). ווען מאַרק טאָג איז אויסגעפאַלען אין אַ יום טוב, זענען אַפילו די פויערים ניט געקומען אין שטאָט, ווייל אַלע געוועלבען זענען געווען געשלאָסען.

### בתי־תפלה

1) שוהל, 2) ביהמ״ד הגדול, אָדער ווי מען האָט עס גערופען דאָס פּראָסטע בית המדרש, 3) בית שני, דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס עמך, 4) בעלזער שטיבעל, 5) ר׳ יהושיע׳לעס שטיבעל, 6) בית המדרש דחסידים, וואו דער קאָצקער האָט געדאַוונט, 7) כעלימער שטיבל, 8) ר׳ נחמנ׳ס שטיבל, 9) קיעלצער שטיבעל, 10) צאַנזער־ציעשינאָווער שטיבעל, 11) גערער שטיבעל, 12) ראַדזינער שטיבעל, 13) הויסאַטינער שטיבעל, 14) טריסקער שטיבעל, 15) מזרחי מנין, 16) אגודה מניך, 17 ציוניסטישער מנין.

### רבנים און ראשי ישיבה צווישען ביידע וועלט מלחמות

הרב ירחמיאל מרדכי וויינבערג (קרילאָווער רב) הרב ארי׳ לייביש רובין (ציעשינאָווער רב) הרב מאיר אברהם פרישערמאַן (מורה הוראה) הרב ר׳ מרדכי שוך (נאַווארדאקער ישיבה) הרב שלום יחזקאל רובין (נצח ישראל).

### ש ו ח ט י ם

ר׳ מרדכי יוסף בוים, ר׳ יעקב שניידער, ר׳ שלום טארים, ר׳ וואָלף בער לושטשאנאווסקי קויפמאן (זדיטיטשער שוחט) ר׳ ברוך סג״ל הורוויץ.

### מ ו ה ל י ם

דאָס איז געווען אַן ערן מלאכה וואָס זיי האָבען ניט גענומען דערפאַר באַצאָלט נאָר דאָס געטאָהן לשם מצוה.

ר׳ יעקב שניידער שו״ב, ר׳ יחזקאל לערער, ר׳ פינחס גאָלדשטיין און ר׳ ברוך שו״ב הורוויץ.

**ש מ ש י ם**

משה לעסערס, אלעזר שמש (שוהל), נחום צוקר (ביהמ״ד הגדול), אברהם ריינמאַן, יצחק שטערן, יעקב פּרעגער דער גבאי פון ציעשינאָווער רב, וועלכער איז אויך געווען דער שליח ביד״צ.

**חינוך אינסטיטוציעס**

תלמוד תורה, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער אָרימער קלאַס.

מזרחי חדר „יבנה״, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די מאָדערנע און ציוניסטיש געשטימטע עלטערען.

אַגודה חדר יסודי התורה, וואו עס האָבען זיך קאָנצענטרירט די חסידישע און אולטראַ אָרטאָדאָקסישע עלטערען.

בית יעקב (אָרטאָדאָקסישע מיידעל שול).

אויסער דעם זענען געווען זעהר פיל פּריוועט מלמדים.

דרדקי: 1) אברהם שמעון האַכמאַן, בצלאל קעלנער, לייזער זלמן שנור.

התחלת גמרא: פינחס קרוינגאָלד, זלמן בעזשיס וועלטשער, נחמי׳ ביינוואָהל, דוד אויפן, מאיר לאַנאייל, מענדל לאַנאייל.

גמרא מיט תוספות: אהרן אונציג, שמחה׳לי הרצוג, בנימין טעפּלער, מאיר קלאַרמאַן.





**די טאָמאַשאָווער רבנים אין יאָר תרצ״א. זיי גייען נאָך מעות חיטים**



פון רעכטס: הרב ארי׳ לייביש רובין ז״ל (ציעשינאָווער רב) און הרב ירחמיאל מרדכי וויינבערג ז״ל (קרילאָווער רב)

ווען מען האָט געענדיגט די העכערע חדרים זענען די בחורים געגאַנגען לערנען אין ציעשינאָווער שטיבעל, רבי יהושיע׳לס שטיבעל, אַ קורצע צייט האָט זיך געפונען אין שטאָט די נאַוואָרדאָקער ישיבה בית יוסף, און לעצטנס איז געווען אָרגאַניזירט די ישיבה נצח ישראל, אונטער דער אָנפירונג פון האחים הרבנים מאיר ויחזקאל רובין, און אַ טייל בחורים זענען אַוועקגעפאָרן לערנען אין די ישיבות למרחקים.

## וועלטליכע לימודים

די מערהייט פון די אידישע יוגענט זענען ניט געגאַנגען אין דער אַלגעמיינער שולע ווייל זיי האָבען געלערנט אין די אגודה־מזרחי חדרים, אָדער פון גאָר אולטראַ אָרטאָדאָקסען וואָס זיי האָבען פרינציפּעל ניט געוואָלט די קינדער שיקען אין שקאָלע. זייער וועלטליכע בילדונג האָבען זיי באַקומען ביי די פּריוואַט לערער יואל האַנדעלסמאַן (בדחן) און יעקב שערער,ביידע זענען געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס לערער, וואָס האָבען געלערנט לשון קודש, אידיש, פּויליש, שרייבען און רעכענען.

די שטיבעל בחורים וואָס האָבען געוואָלט קענען פּויליש האָבען געקנעלט אין שבח וואלקאַווסקיס בריוו.

טראָץ דעם וואָס אין שטאָט איז געווען אַ גימנאַזיום, אָבער זעהר אַ קליינער פּראָצענט אידישע קינדער האָבען נאָכ׳ן ענדיקען די פּאָוושעכנע שקאָלע פאָרגעזעצט דאָס ווייטערדיקע לערנען אין מיטעל־שול, צוליב אָרימקייט, פרומקייט, און אַנטיסעמיטישע באַגרעניצונגען פאַר אידישע קינדער.

## פילאַנטראָפּישע און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס

אויסער די אידישע גמינע (קהלה) און חברה קדישה וואָס זענען געווען די עלטסטע איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציעס, האָט עקזיסטירט: 1) גמילת חסדים קאַסע, 2) לחם עניים, 3) לינת הצדק, 4) פרויען הילפס פאַראיין, 5) ארט שולע פון זאָקען פאַבריק, 6) טהרת המשפחה קאָמיטעט, 7) קופּת רבי מאיר בעל הנס.

אָבער עס איז כדאי צו באַמערקען אַז צוליב דעם פּאַרצייטישען שטייגער ארט לעבען זענען רוב צדקות און הילף געגאַנגען דורך פּריוואַט איניציאַטיוו ביחידות ניט אָרגאַניזירט, אויך האָט ביי יעדען שטיבעל עקזיסטירט אַ הילפס קאָמיטעט, צו העלפען אייגענע מענטשען.

##ווירטשאַפטליכע און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס

אידישע פאָלקס באַנק. סוחרים פאַריין ענטשטאַנען אין דער „גראַבסקי׳ס עגלה״ עפּאָכע אָנגעפירט דורך משה באַרעצקי, האַנדווערקער פאַראיין, קליינ־הענדלער פאַראיין.

## די יוגענטליכע תענוגים

זומער פלעגט די יוגנוואַרג זיך באָדן אין באַלאַנ׳ס טייך ניט ווייט פון שלאַכט הויז (אין שטאָט איז ארומגעגאַנגען אַ לעגענדע אַז דער טייך מוז האָבען יעדערס יאָר זיינס אַ קרבן), אויך פלעגט מען גײהן כאַפּען פרישע לופט אין באַרעצקיס וואַלד אָדער ווי מען האָט עס גערופען שיוואדלינא.

אין שטאָט איז געווען איין קינאָ, אין דאָם לאדאווי און איין קינאָ פּריוואַטעס פון מר גאַלעצקי אויף דער לוואָווסקאָ.

אויסער די יוגענטליכע פאַרווייליגען יעדער אין זיין פּאַרטיי קרייז.

## פּאָליטישע פּאַרטייען

אַגודת ישראל, צעירי אגודת ישראל, פּועלי אגודת ישראל, פּרחי אגודת ישראל. מזרחי, צעירי מזרחי, תורה ועבודה בני עקיבא. ציונים כללים, צעירי ציון, פּועלי ציון רעכטע, השומר, החלוץ, בונד, צוקונפט, פריי‌הייט, ציוניסטען, רעוויזיאָניסטען, ביתר, ברית חיל.

## עמיגראַציע

ביז צו די ערשטע מלחמה האָט דער אָרימער עולם עמיגרירט קיין אַמעריקע, און די גרויסע טייל פון זיי, זענען נאָר געפאָרען אויף אַ פּאָר יאָר צו מאַכען אַ פּאָר דאָלאַר און צוריקקומען, נאָכ׳ן ערשטען קריג ווען די טויערען פון אַמעריקע זענען געשלאָסען געוואָרען האָט די יוגענט עמיגרירט קיין ארץ ישראל און דרום אַמעריקאַנער לענדער.



# אַטריבוטען פון אונזער שטאָט

● שלום ליכט

ווען איך וואָלט געוואָלט אין קורצן סומירן די הויפּט שטריכן פון אונזער שטאָט, וואָלט איך אַזוי געזאָגט:

די שול איז געווען אונזער שיין און פּראַכט, שטאָלץ און גלאַנץ, דאָס גרויסקייט פון די אידישע איינוואוינער, מיר האָבן געהאַט מיט וואָס זיך צו רימען און מיט וואָס זיך צו גרויסן, פון די געציילטע שולן אין פּוילן מיט איר שיינע קינסטלעכע אַרכיטעקטור, אַלטקייט און היסטאָרישקייט.

דאָס גרויסע ביהמ״ד, דער זאַמלפּונקט פון שטאָט וואו אַלע שטאָטישע און פּריוואַט אָנגעלעגנהייטן זיינען דורכגעלופּטערט געוואָרן, ביחידות אָדער בציבור.

די חסידים שטיבלעך, דער לעבנס נערוו פון שטאָט.

די אָרגאַניזאַציעס, די נעסטן פון דער ערוואַכטער ברויזנדער יוגנט.

ביים ציעשינאָווער רבין, התחזקות, פריילעכקייט און אויפמונטערונג.

ביי די רבנים, קאָנטראָל איבערן ריטועלן לעבן פון דער אידישער געמיינדע.

די שמשים, דער אויספיר אָרגאַן פון תורה׳דיקן רעזשים פון די רבנים און קהלה.

דאָך ווילט זיך אַביסל אויפרישן דעם זכרון אַרויסצובאַקומען וואָס מער פאַקטען בכדי צו פאַראייביקן דעם שטייגער אָרט לעבן פון אונזער היים־שטאָט, וואו אונזערע וויגעלעך זיינען געשטאַנען און מיר האָבן אויסגעבריט אונזערע חלומות און שטרעבונגען, וואו אונזערע עלטערן האָבן אויפגעהאָדעוועט דורות געטרייע אידן, וואָס האָבן ביי די שווערסטע באַדינגונגען זיך געקלאַמערט מיט די לעצטע כוחות ביי די הייליקע פרינציפּן וואָס מיר האָבן מקבל געווען ביים באַרג סיני, די שטאָט וועלכע איז געווען אַ רינג אין דער גרויסער ערהאַבענער גאָלדענע קייט, וואָס האָט געהייסן „פּויליש אידנטום״, וואָס איז געווען דער האַרץ און מוח פון אידישן פאָלק, דער גרויסער לעבנס רעזערוואואַר און גייסטיקער קוואַל פון וואַנען אַלע מדינות פון אַלע תפוצות און ארץ ישראל בראש, האָבן געצויגן זייערע עטנישע און גייסטיקע כוחות, אַט אַזאַ פרוכטבאַרן ישוב, וואָס איז אַזוי גרויזאַם און מערדעריש עמלק׳יש־כיטרע פאַרשניטן געוואָרן,

איז כדאי אַביסל באריכות און מער בפרטות צו פאַראייביקן זייער לעבנס גאַנג, מנהגים און זיטן, עס וועט זיין אונז לטובה און אפשר וועט דאָס אַביסל אינספּירירן אונזערע קינדער וועלכע מיר דאַרפֿן דערציִען אַלס געטרייע יורשים און פאָרזעצערס פון דעם גרויסן ווערטפולן פּוילישן אידנטום.

אונזער שטעטל איז עקאָנאָמיש קיינמאָל ניט געווען צו גוט־אָפּ, געווען אַ קליינער טייל גבירים, און אַ קליינער טייל הייזער גייער, אָבער די מערהייט איז באַשטאַנען פון די אַזוי גערופענע „בעל־בתישע״ אידן, „קרעמערס״ און „עמך״ וואָס איז באַשטאַנען פון בעל מלאכות און קליינ־הענדלערישע דאָרפסגייער וואָס האָבן שווער געאַרבעט אויף פּרנסה און פיל פון זיי האָבן לײדער קיין בריוח׳דיקע פּרנסה ניט דערצויגן, אין קיין צו באַקוועמע וואוינונגען האָט מען ניט געוואוינט. ביז 1916 איז קיין עלעקט־רישע באַלייכטונג ניט געווען, פון קאַנאַליזאַציע האָט מען איבערהויפּט ניט געוואוסט, פון וואַסער לייטונג האָט מען נאָר געהערט, פון פריזידערס און וואַש־מאַשינען האָט מען אַפילו ניט גע׳חלומ׳ט. צענטראַל באַהייצונג האָט זיך געפונען אין איין איינציק הויז אין שטאָט, דאָס איז סעמיק־פּאָווי׳אַ־טאווי״, אַ וואַסער טרעגער האָט געטראָגן וואַסער, האָלץ צום הייצן האָט מען זיך געמוזט אַליין באַזאָרגן אָדער לעצטנס מיט שטיין־קוילן. פּאַרטאָג אויפשטיין אויסשאַרן אַ גרובע איינהייצן די גריבע, אויפשטיין פּאַרטאָג און גיין אין ביהמ״ד אָדער שטיבל זאָגן אַביסל תהלים אָדער לערנען אַ פּרק משניות, גמרא און אַריינקוקן אין אַ חסידיש ספר, און דאַוונען מיט מנין, אַהיים קומען, און דאַן זיך נעמען צו דער אַרבעט פון עפענען די קראָמען אָדער אָנהויבן די מלאכה אין וואַרשטאַט. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געדרייט אין קראָם אָדער אין וואַרשטאַט אויסער די קונים אויך אידן פון נאָענט און ווייט נאָך „נדבות״, ווער פאַר זיך ווער פאַר יענעם, פאַר בכבוד׳דיקע אָרעמע־לייט פון דער פרעמד, זיינען בחורים אָדער יונגע לייט געגאַנגען צוזאַמענמאַכן, אַהיים גייענדיק אויף וויעטשערע האָט מען מיטגעבעטן אַן אָרעמאַן צום עסן, ווי האָט אַ איד אַ געזאָגט, אַז עס סטאַרצעט פאַר 8 וועט סטאַרצן פאַר 9, מען דאַרף נאָר צושטעלן נאָך אַ לעפל, און ס׳רוב מאָל אויך פאַרבעטן אַן אורח צום שלאָפן, צוזאַמענגערוקט די קינדער און געמאַכט פּלאַץ. אַז עס איז אונטערגעקומען קינדערלעך האָט מען צוגעבילדעט הימל בעטלעך, חתונות, ברית׳ן, תנאים פּדיון הבנ׳ס האָט מען געפראַוועט אין שטוב, פון בר־מצוות פייערונגען האָט מען בכלל ניט געוואוסט, ביי געציילטע שטיבל בחורים פון די „געהויבענע משפחות״ פלעגט מען זיך וואַשן (אַזוי האָט מען גערופן אַ סעודה) פאַר אַ קליינעם ענגן קרייז נאָענטע און היימישע, אָדער געטרונקען בלויז אין שטיבל לחיים, בעל בתישע פרויען האָבן אַליין געבאַקן „חלות״ און „מזונות״ לכבוד

שבת, און טייל אַפילו אַ גאַנץ „געבעקל־ברויט" אויף אַ גאַנצע וואָך, אין יעדן בעל־בתיש הויז איז געווען אַ „באַק־אויוון", און אויף שבת האָט מען דאָרט געשטעלט טשאָלנט און אויפן „פיעקעלעק" טיי און קאַווע פאַר שבת, פאַר אַ חתונה האָט מען אָנגעהויבן חדשים פריער פאָרצו־ברייטן געבעקס, ביי רייכע האָט מען אַריינגענומען אַ קעכין, ביי אָרעמע האָבן די קרובים געהאָלפן פאַרברייטן, חופות זיינען פאָרגעקומען אין „שול־הויף" אין דרויסן, אָדער ביי יעדן הויז וואו די חתונה איז געפראַוועט געוואָרן, שבת פאַר דער חתונה האָט געהייסן דער „פאָרשפיל", דעם חתן האָט מען אויפגערופן צו דער תורה, על פי רוב האָט ער באַקומען „מפטיר", נאָכן דאַווענען אַ קידוש, שבת בייטאָג איז פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע מסיבה פאַר די בחורים די חברים פון חתן, אויב דער חתן איז נאָר געווען אַ שטיקל בן תורה, האָט ער געזאָגט אַ „פשט׳ל", קיין צו גרויסער למדן האָט מען דערויף ניט געברויכט זיין, ווייל אויב מען האָט ניט מחדש געווען קיין אייגנס האָט מען זיך אויסגעלערנט פון אַ ספר, און בכלל האָט דער חתן געקענט זיין זיכער אַז ווייטער ווי ציטירן די ערשטע שטעלן פון גמרא אָדער רמב״ם וועט ניט מעגלעך זיין, ווי דער מנהג איז געווען אונטערצוברעכן דאָס זאָגן, מיט אַ פריילעכן מאַרש, בכדי שלא



**ביי אקבלת פנים אויף אחתונה**



**פון רעכטס:** אברהם זינגער, יחזקאל העלער, הרב שלום יחזקאל רובין, ירחמיאל שטיינבערג **(החתן)** און **הרב** מאיר רובין;
**שטייענדיג:** פרץ זינגער

לבייש דעם וואָס יכול'ט נעבעך ניט. אויך צו דער כלה האָט זיך פאַרזאַמלט אירע חברטעס צום געזעגענען מיט די מיידלשע יאָרן, פאַר דער חופה זיינען חתן־כלה יעדערער באַזונדער זיך געגאַנגען „בענטשן" צו רבנים גוטע־אידן, אין טאָג פון דער חופה זיינען זיי געווען אָפּגעשלאָסן יעדערער באַזונדער אַ גאַנצן טאָג, געוויינט און „תשובה" געטאָן אויפן עבר, און געבעטן פאַר אַ גוטע צוקונפט, ספּעציעל די בקשה זוכה צו זיין צו האָבן גוטע כשרע דורות, אַ חתן פון דער פרעמד איז מען אַנטקעגן געפאָרן און אים אַריינגעבראַכט אין שטאָט מיט געזאַנג, פאַר דער חופה פלעגן בחורים קומען מקבל פנים זיין דעם חתן, תיכף ווי דער רב איז אָנגעקומען צום באַדעקנס, זיינען די בחורים אַוועק, עס איז געווען אַ בושה צו פאַרבלייבן ביי דער חופה און ווער שמועסט ביי דער וויעטשערע, סיידן גאָר נאָענטע קרובים, נאָכן בענטשן האָט מען געפראַוועט דעם „מצוה־טאַנץ", יעדער מחותן מיט דער כלה דורך אַ טיכל, נאָך דער חתונה האָט זיך די כלה אָפּגעשוירן און ביי אַ טייל נאָר אָנגעטאָן אַ שייטל אָדער טיכל, אָבער דער מנהג איז מיט דער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אונטערפירערס זיינען געווען על פי רוב די עלטערן דאָס הייסט די מחותנים פון ביידע צדדים האָבן געפירט דעם חתן, און די מחותנת'טעס — די כלה, ווען עס איז געווען דער צווייטער זיווג האָבן די עלטערן ניט אונטער־געפירט, ביים אינגסטן קינד האָט מען די עלטערן אָנגעטאָן אַ קראַנץ ביים מצוה טענצל, דער חתן האָט געטראָגן אַ קיטל בשעת דער חופה, און דער רב האָט מסדר קידושין געווען, די כתובה האָט געשריבן דער שטאָט חזן אָדער דער שמש, און פאַר דעם האָט מען געמוזט באַצאָלן רח"ש, ר"ת רב, חזן שמש, גאָר פרומע פלעגן זיך דאָס פּאָרל ניט רופן נאָך דער חתונה ביי די נעמען נאָר „זאָג־נאָר" אָדער „הער־נאָר", ספּעציעל ביי רבנים האָט ער זי גערופן רביצין און זי אים רב, ווען השי"ת האָט געהאָלפן אַז עס האָט געדאַרפן קומען אַ קינד, האָט מען געטאָן פאַרשידענע סגולות, אונטערגעלייגט צוקאָפּנס פון דער יולדת אַ ספר „רזיאל המלאך" אָדער „נועם אלימלך", ווען עס איז געבאָרן געוואָרן אַ אינגל איז געווען די שמחה בשלימות, יעדן טאָג קריאת שמע לייענען, דער בעלפער מיט די קליינע קינדער איז געקומען פאַר נאַכט, פרייטיק צו נאַכט אַ זכר, פאַרן ברית אַ וואַך נאַכט, און דאַן דער ברית מיט אַ סעודה, אַן אָרעמאַן האָט דער סנדק געגעבן געלט אויף דער סעודה, דערויף האָט מען שטאַרק מקפיד געווען ספּעציעל די חסידים, מוהלשאַפט איז געווען אַ כיבוד־זאַך, ניט גענומען דערפאַר באַצאָלט, די מוהלים זיינען לעצטנס געווען ר' יעקב שניידער שוב ר' יחזקאל לערער, ר' ברוך הורוויץ שו"ב, און ר' פנחס גאָלדשטיין, נאַטירלעך האָבן אַלע מוהלים דורכגעפירט מילה מיט „מציצה־בפה" אָן אויסנאַם, סנדק האָט מען על פי רוב מכבד געווען די

רבנים אָדער רביים, ביז 3 יאָר האָט מען אַ אינגל ניט אָפּגעשוירן אין טאָג פון אָפּשערן האָט מען דאָס קינד איינגעהילט אין אַ טלית און אַוועקגעפירט צום דרדקי־מלמד און מיט אים אָנגעהויבן אלף־בית. פון דאַן איז יעדן טאָג געקומען אין דער פרי דער בעלפער אַהיים זאָגן מיט די קינדער „ברכה" און זיי אַוועקנעמען אין „חדר". ביזן ערשטן קריג האָבן רוב אידן קיין קינד אין שקאָלע אַריין בכלל ניט געשיקט, עס איז געווען פריוואַט לערער ר' יואל האַנדלסמאַן און ר' יעקב לערער, אידן מיט בערד און פיאות וואָס האָבן געלערנט אידיש, פויליש, רוסיש און רעכענען, נאָכן קריג זיינען מיידלעך געגאַנגען אין סקול, און אינגלעך — נאָר פון מאָדערנע הייזער, די אינגלעך האָט מען געשיקט צו „פריוואַט־מלמדים" אָדער „תלמוד־תורה" אָדער אין די „מזרחי" „אגודה" חדרים, קינדער פלעגן גיין אין חדר ביינאַכט ווינטער ביז פרשת תרומה גרעסערע אינגלעך ביז פרשת פקודי, און ביים ענדיקן געמאַכט אַ סעודה, דאַן די עלטערן וואָס האָבן געוואָלט די קינדער זאָלן קענען לערנען און בלייבן פרומע אידן האָט מען געשיקט אין די „שטיבלעך" לערנען, אַממיינסטן האָט זיך דאָס קאָנצענטרירט אין די שטיבלעך, צאַנזער־ציעשינאָווער און ר' יהושע'לעס שטיבל, דאָרט איז אויך געווען די גרעסטע ספרים־זאַמלונגען אין שטאָט.

קיין „בר מצוה" צערעמאָניעס איז ניט דורכגעפירט געוואָרן, די בחורים זיינען עלטער געוואָרן האָבן זיי אויך אָנגעהויבן פּראַוון חסידות גיין צו רביים צו די טישן מערסטן טייל האָבן זיך געקלאַמערט ביי די לאָקאַלע רביים, ווי הרה"צ ר' יהושע'לע זצ"ל און זיין זון הרה"צ ר' יוסף לייביש זצ"ל, און שפּעטער ביים ציעשינאָווער רבין הרה"צ ר' לייביש רובין זצ"ל, אַ טייל זיינען געפאָרן קיין בעלז, און אַ קליינער טייל ביי די טריסקער איינקלעך וועלכע האָבן אַלע יאָר באַזוכט טאָמאַשאָוו אָדער אין געגנט, „עמך" קינדער איז נאָך חדר תקופה האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען מלאכה, און סוחרישע קינדער האָבן צוגעהאָלפן די עלטערן אין געשעפט, פאַרזעצן די שטודיום אין גימנאַזיום און הויכשול האָבן איינצלנע, ערשט נאָך פוילנס אַנטשטעאונג, דאַקעגן אַ גרויסער פּראָצענט פון דער מאָדערנער יוגנט האָט זיך אַוועק געלאָזט אין די קיבוצים פון השומר הצעיר ביז דער „מזרחי", אָט די נייע שטרעמונגען האָט אויפגעוועקט ביי דער יוגנט נאַציאָנאַלע ציוניסטישע געפילן, עס האָט איר אַריינגעגעבן שטאָלץ און מוט, פון אַ צווייטע גרופּע איז אַנטשטאַנען פאָלקישע און סאָציאַלע באַוועגונגען וואָס מערסטנס האָבן זיי זיך גרופּירט ביים „בונד", און די יוגנט און איר מערהייט איז אַרויף אויף נייע רעלסן מיט נייע השגות אין לעבן און אידישער צוקונפט, און די אָנגעצונדענע פייערן פון „נאַציאָ־נאַליזם" און „סאָציאַליזם" וואָס האָבן זיך פאַרקערפּערט אין די פאַרשידענע אַנטשטאַנענע פּאַרטייען פון לינקס ביז רעכטס האָבן פאַרצערט די פרומע

יוגנט, אַלע האָבן געריסן שטיקער פונם תורה׳דיקן אידנטום, די לעצטע יאָרן איז אויך צוליב דעם די „אגודה״ געווען געצוואונגען צו עפענען „הכשרות״ מיט „חלוצים״, אָבער עס האָט שוין ווייניק וואָס געהאָלפן, די מערהייט איז אַוועק אין די וועלטלעכע לאַגערן, עס איז נאָר געבליבן די רייַן באַוואוסטזיניקע תורה־יוגנט.

דאָס קהל׳שע און רעליגיעזע לעבן, איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די שטאָטישע שמשים, ד. ה. 2 שמשים פון דער שול (ר׳ משה לעסערס, ר׳ אברהם שמש, ריינמאַן) פון שטאָטישן גרויסן ביהמ״ד ר׳ נחום שמש, פון חסידישן ביהמ״ד ר׳ אלעזר שמש. יעדן כרוז פון ביד״צ און פון ראשי הקהל, איז באַקאַנט געמאַכט געוואָרן נאָר דורך די 4 שמשים, זיי האָבן באַזוכט אַלע בתי־תפילה (17 אין צאָל) און געגעבן אַ קלאַפּ אין שלחן און אָנגעפאַנגען בזה הלשון מכריז ומודיע בפקודת הבית דין צדק ובפקודת ראשי הקהל אַז״... אויב מען האָט געשיקט רופן צו אַ דין תורה האָט מען באַנוצט די שטאָטישע שמשים, דורכפירן „לויות״ פאַר קליינע קינדער ר״ל, די אַלע נויטיקע זאַכן ביי ברית׳ן חתונות לויות, ווי אויך באַגלייטן די רבנים ביי יעדער אַמטלעכער פונקציע, ווי כשר׳ן די מיל, זאַמלען מעות חטים, ביי קהלה זיצונגען א. א. וו. אויך איינלאַדן צו ברית׳ן אָדער פאַנאַנ־דערטיילן „חתונה־בריוולעך״ איינלאַדונגען צו אַ חתונה, דאָס אַלעס פלעגט געטאָן ווערן דורך די שטאָטישע שמשים.

כדאי צו באַמערקן אַז די תקנה איינצולאַדן צו שמחות ווי חתונות ברית׳ן תנאים דווקא דורכן קהל׳שן שמש, שטאַמט נאָך פון די תקנות פון „ועד ארבע הארצות״, מיט דער כוונה, כדי דער פרנס החודש זאָל קענען קאָנטראָלירן די צאָל מענטשן וואָס זיינען געלאַדן געוואָרן צו דער שמחה, ווייל עס איז געווען באַגרענעצט די הוצאות הסעודה לויט דעם מאַטעריעלן מצב פונם בעל שמחה, און לויט די משפחה נאָענטקייט. כאָטש די תקנות זיינען בטל געוואָרן, איז אַלץ פאַרבליבן דער אַלטער „מנהג״ אַז נאָר דער שמש זאָל איינלאַדן צו שמחות.

אינטערעסאַנט אַז אין די לעצטע יאָרן ביים אַנטיסעמיטישן פוילן, האָט די „פּאָסט״ ניט ערלויבט די שמשים פאַנאַנדערטיילן די חתונה־בריוולעך, מיטן מאָטיוו אַז זיי מאַכן היזק די פּאָסט, דאָס זעלבע איז געווען מיט די שפּילטערערס (פאַכטערס) וואָס זיינען געפאָרן קיין וואַרשע אָדער לעמבערג, זיינען פיל מאָל פאַר דער רייזע רעוועדירט געוואָרן דורך די פּאָליציי אויב זיי פירן ניט מיט זיך בריוולעך, און אויב מען האָט ביי זיי געטראָפן אַ בריוול זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרן אַלעמאָל מיט אַ גרעסערע שטראָף.

דאָס מאַגיסטראַט (שטאָט פאַרוואַלטונג) האָט פאַרמאָגט אייגענע קוריערן און שלוחים צווישן זיי איין איד, דער בלינדער הערש, אינטערעסאַנט ער האָט ניט געקענט ניט לייענען און ניט שרייבן פּויליש, ער האָט בכלל ניט געקענט די לאַטיין אַלפאַבעט, נאָר זיינע קינדער האָבן אים אויף דער צווייטער זייט אָנגעשריבן אויף אידיש גע׳כתיב׳עט און געפינטעלט, אַזוי האָט ער זיך אָריענטירט צו וועמען ער דאַרף דאָס צושטעלן, נייעס פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער איז געוואָרן געפּויקט אין שטאָט, די שמשים פלעגן קלאַפּן יעדן טאָג אין שול אַריין דעם גאַנצן רינעק (מאַרק) און אין די פיל זייטיקע גאַסן, פרייטיק פאַרנאַכט זיינען אַלע 4 שמשים אַרומגעגאַנגען אין דער גאַנצער שטאָט און געקלאַפּט אין שול פאַר ליכט צינדן.

רוב שידוכים זיינען געשלאָסן געוואָרן צווישן שטאָטישע און בערך אַ 30 פּראָצענט פון אויסער דער שטאָט, אָבער כמעט אַלע דורך „שדכנים", זינט נאָכן ערשטן קריג ווען די יוגנט איז שוין געוואָרן מאָדערן מיט אָפענע אויגן, האָט שוין אַ גרויסער טייל זיך אַליין אָפּגעזוכט דעם באַשערטן, אָבער טראָץ דעם אַלעמען איז נאָך אַלץ די „שדכנים־פּראָפעסיע" געווען אַ גוטע, בדרך כלל איז דער מנהג געווען ביי די חשוב׳ע בעלי־בתים, דער אבי הכלה האָט געגעבן אַ רשימה, דאָס הייסט אַזאַ מין סאָרט שריפטלעכע דערקלערונג אָדער התחייבות, לויט אונזער היינטיקן אויסדרוק אַ סטייטמענט, בזה הלשון, אני הקטן החתום מטה בין זיך מתחייב צו געבן נדן פאַר מיין טאָכטער... כך וכך, מתנות כך וכך, קעסט אַזויפיל און אַזויפיל יאָרן, אַזאַ צעטל האָט מען נאָר געגעבן אַן ערנסטן שדכן און ווען ער איז געקומען צום אבי החתן, איז דאָס צעטל געווען אַ באַווייז אַז דאָס איז ניט קיין שדכנישע פאַנטאַזיע, נאָר אמת׳ע התחייבות׳ן וואו מען קען ריידן וועגן תכלית.

אין די לעצטע יאָרן צוליב דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט, דחקות אין פּרנסה און דער אומזיכערער פּאָליטישע לאַגע, און אידן רדיפות, וואָס יעדערער האָט געפיל אַז דער באָדן אונטער די פיס טרייסלט זיך, האָט גורם געווען אַ צוריק־האַלט פון חתונה האָבן, און עס האָט זיך געמערט אַלטע בחורים און פאַרזעסענע מיידלעך.

דער עלטערער דור, ד. ה. פון מיטל יאָרן און העכער איז כמעט 95 פּראָצענט געווען עכט פרום און אָרטאָדאָקסיש, ניט אָנגערירט די באָרד, געגאַנגען אַ לאַנג כלאַטל מיט אַן אידיש היטל אויפן קאָפּ, די חסידים פלעגן שבת טראָגן אַ סאַמעטן היטל, און אַ זשעקעט מיט אַ טיפן שפּאַלט אַלס בגדי שבת, אַ טייל האָבן געטראָגן זיידענע בעקעשעס, שטריימלעך פלעגן טראָגן נאָר די רבנים, חסידים פלעגן גיין יעדן טאָג זיך טובל׳ן

אין מקוה. ערב שבת כמעט די גאַנצע שטאָט, ווייל דאָס מרחץ (שוויצבאָד) איז געווען צוזאַמען מיט דער מקוה, און אַזוי ווי קיין פּריוואַט באָדע צימערס האָט ניט עקזיסטירט, זענען כמעט אַלע געקומען זיך אויסוואַשן און אָפּבאָדן, אויספּאַרן די וועש און זיך דורכשמייסן און שוין אין איינוועגס געגאַנגען אין מקוה, בפרט פּאַר די אָרעמע שיכטן וואָס זיי זיינען געווען די מערהייט איז דאָס באָד געווען ווי אַ לעבנס פראַגע און דערפרישונג. פרויען איז כמעט אָן אויסנאַם אין די גאַנצע שטאָט האָבן פרויען געהיטן „טהרת משפחה", דער אינגערער דור האָט זיך שוין מאָדערניזירט, די יוגנט האָט געטראָגן קורצע קליידער מיט „מאַציובקעס" אויפן קאָפּ, די עלטערע — קאַפּעליושן, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי זייער מאָדערן (אין די אָנפאַנגס צוואַנציקער יאָרן האָט מען פון „הוסאַטינער שטיבל געוואָלט אַרויסוואַרפן אַלע בחורים און יונגע־לייט וואָס זיינען געגאַנגען קאַפּעליושן). די וועלטלעכע יוגנט איז שוין געווען אינגאַנצן פריי, אָבער טראָץ דעם איז קיין עפנטלעכער חילול שבת ניט געווען, אַלע קראָמען (וואָס 99 פּראָצענט האָט באַלאַנגט צו אידן) זיינען געווען געשלאָסן מיטן זמן כניסת השבת. די גוים האָבן שוין געוואוסט אַז שבת קען מען גאָר ניט באַקומען אין שטאָט, ווען מאַרק טעג איז אויסגעפאַלן אום יום טוב טעג, איז עס אָפּגעלייגט געוואָרן, און קיין אײן פויער איז ניט געקומען אין שטאָט, נאָר לעצטנס האָבן די פריזערס (באַרבערס) אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן שבת, און איין סאָדע־וואַסער געוועלבל (קענדי סטאָר).

שבת פלעגט „עמך" קומען אין שול און ביהמ"ד זאָגן „תהלים" און די בעלי בתישע אידן אין די שטיבלעך לערנען, און די שאַרפע חסידישע יונגע לייט מיט די בחורים האָבן פאַרבראַכט ביים ציעשינאָווער רבי'ן וואָס ער האָט 3 מאָל געפּראַוועט שבת אַ טיש וואו עס איז געווען לעבעדיק און לוסטיק. בכלל איז ער געווען דער רוקן־ביין פון די אָרטאָדאָקסישע יונגעלייט און זייער פירער. די מאָדערנע יוגנט האָבן פאַרבראַכט ווער אין די פּאַרטיי לאָקאַלן און ווער מיט שפּאַצירן אויפן קירישן שאָסיי. אָבער די שטאָט אין אַלגעמיין האָט זיך געפונען אונטערן חותם פונם רעליגיעזן לעבן.

אין שטאָט איז דער רוב מסחר באַשטאַנען פון האָלץ סוחרים, תבואה און מעל סוחרים, שפּייז געוועלבער, שניט און צעלניק, אייזן, אייער סוחרים, מעקלערס, שפּילטערעס, קצבים, פערד סוחרים, קליידער געשעפטן, מילן און טאַרטאַקן. קיין אינדוסטריע אונטערנעמונגען איז ניט געווען. בעלי מלאכות האָבן געאַרבעט פאַרן אָרטיקן געברויך, אָן אויסנאַם זיינען געווען די טאַנדייטניקעס, וועלכע האָבן שוין געאַרבעט פאַר ווידער־פאַרקויף אין שטאָט און אומגעגנט אויף די ירידים.

ב"ה

לראי' ביד ר' מענדיל ווייסלעדער איך שקראו את ר'

לד"ת בערך ארבעה או חמשה שבועות ולא בא ואחר שבא וקבל בקגא"ס שידין עמו ואח"כ שלח אחריו שלשה פעמים שידין עמו ולא בא ע"כ יש לו דין מסרב לד"ת ויש רשות לר' מענדיל ווייסלעדער לכוף את ר' ו      בכל מיני כפיות שידין עמו וע"ז בעה"ח אור ליום ה' תזריע כ"ח אדר שני תרחק לפ"ק פה טומשוב, ה"ק מאיר אברהם פרישערמאן מו"צ דפה.

# ויראה הכהל וישפוט!

אזוי ווי ס'איז ידיע אז עפ"י שו"ע. טאר א מסרב לד"ת נישט מצורף ווערען למנין. ומכש"כ צו זיין א שלוח ציבור.

פרעג איך אלזא צי מ'קען דערלאזען אז אציבור זאל יוצא=זיין ראש=השנה=דיקע תקיעות פון אזא בעל תוקע.

שומו שמים!

# מענדיל ווייסלעדער

דער אָריגינאַל ליגט ביי מיר כ'קען עס ווייזען יעדען וואָס וועט עס פערלאַנגען.          ד. ז.

אַ סירוב פון מו"ץ

באמ. פון רעדאקציע: דער נאָמען פון מסרב איז דורך אונז אַרויסגענומען געוואָרן צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים.

ביי אַ סכסוך זיינען אידן געגאַנגען צו רבנים האַלטן אַ דין תורה, אַמערסטן דין־תורות״ האָט געהאַט דער ציעשינאָווער רבי, וואָס מען האָט געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן און קלוגן מענטש וואָס פּאַסט זייער גוט אויף דעם ענין, און ניט קיין בטלן, געוועגלעך פלעגט דער רב אַליין פסק׳נען די דין תורה, טאָמער איז געווען אַ שווערער ענין און די בעלי דינים האָבן געוואָלט בוררים, האָט מען געווײנלעך גענומען ר׳ אהרן קיזעל און ר׳ שבתיל קאַוועשטאָק, וועלכע זיי זיינען געווען זאַוואָדאָווע בוררים, מען פלעגט אויך טיילמאָל נעמען ר׳ יהושע גאָלדשטיין, ר׳ יחזקאל לערער ר׳ פינחס זילבערגעלד, ר׳ מיכל יודע לערער, אביגדור איידלסבערג און יבל״ח ר׳ זישא קאַוועשטאָק נ״י. ווען אַ איד האָט ניט געוואָלט האַלטן אַ דין תורה האָט דער רב אַרויסגעגעבן אַ סירוב, וואָס דאָס האָט געמיינט אַז דער צווייטער האָט רעכט אים צו קלאָגן אין שטאָטישן געריכט, ווי אויך אָנצונעמען קעגן אים פאַרשידענע מאָראַלישע רעפּרעסיעס און באַיקאָט.

עס איז אויך געווען מענטשן וואָס האָבן געצויגן חיונה פון „מלאכת הקודש״ אַ חוץ די שוחטים, רבנים, דיינים, שמשים, חזנים, איז אויך געווען 3 סופרים, ר׳ חיים יהושע ליכט יהושע הירש סופר ז״ל און ר׳ משה׳לע סופר, ר׳ אהרן סופר, וואָס האָבן אויך אַביסל צוגעהאַנדלט מיט ציצית. אַ ספּעציעלער מוכר ספרים, ספּעציעל מיט לומד׳ישע ספרים איז געווען ר׳ אליעזר גרשון טייכער הי״ד. עס זיינען אויך געווען סעזאָנאָווע סוחרים 6־8 אתרוג סוחרים, 20 מצות בעקערייען.

כמעט אין יעדן בעל־בתישן הויז האָט זיך געפונען דאָס נויטיקסטע היי־ליקע ספרים ווי חומשים, משניות, עין יעקב׳ס, דייטש חומש, תחינות, עטלעכע גמרות, משנה ברורה׳ס אָדער רב ש״ע, און מיט אַ פּאָר חסידישע ספרים ווי נועם אלימלך, קדושת לוי, עבודת ישראל, אוהב ישראל, מאור ושמש א. א. דער וואָס איז שוין געווען אַ שטיקל בן תורה האָט שוין פאַרמאָגט אַן אייגן ש״ס און וואָס מער איידעלער איד האָט ער פאַרמאָגט מער ספרים וואָס זיינען געווען דער שענסטער און חשוב׳סטער אוצר, אַ צירונג וואָס מען האָט דערמיט שטאָלצירט.

די שטעטלדיקע פּאָליטיק מיט פאַרשידענע פלאַטקעס און וועלטס נייעס איז דורכגעדראָשן געוואָרן ביים גערטנדל נעבן דער טשיינע (דאָס ליודאווי) וואו די „שטעקעלעך־אידן״, מעקלערס און פּראַצענטניקעס פלעגן שטיין.

ווען עס פלעגט קומען אַ בעל־דרשן אָדער פאַרטיי־רעדנער פלעגט ער ריידן אין שטאָטישן בית־המדרש, וואָס איז געווען די צוגענגלעכע בימה פאַרן גאַנצן פאָלק.

פאַרן ערשטן קריג איז געגאַנגען אַ גרויסע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, אָבער על פּי רוב זיינען געפאָרן נאָר די מענער אַליין און איבערגעלאָזט די פאַמיליע, און נאָכדעם ווי זיי האָבן אָנגעזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט פלעגן זיי זיך אומקערן אַהיים צו די פאַמיליע. שפּעטער נאָכן קריג ווען די טויערן קיין אַמעריקע זיינען פאַרמאַכט געוואָרן, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אימיגראַציע קיין לאַטיין אַמעריקא, און אין ארץ ישראל וואו עס לעבט בלי ע״ה הונדערטער טאָמאַשאָווער משפחות כ״י.

און טראָץ דעם וואָס דאָס לעבן אין דער היים איז געווען שווער און אָרעם, בענקט זיך זייער און עס ווילט זיך אַלע מאָל דערמאָנען אָן אונזער היים שטאָט, מיט אירע מנהגים, מיטן פּול־בלוטיקן אידישן לעבן, וועלכע איז ליידער שוין חרוב געוואָרן אויף אייביק, זאָלן מיר כאָטש אַביסל איבערגעבן פאַר די צוקונפטיקע דורות.



## אידען הערען זיך צו אגוטען בעל־דרשן אין בית המדרש



פון רעכטס צו לינקס: שלמה קנאפף, נחום צוקער (שמש), מענדל סייקעוויטש און יחזקאל רייזפעלד



# זכרונות פון אַ טאָמאַשאָווער

● פוליע הויט, נהריה, ישראל

טאמאשאוו לובעלסק איז געווען אַ שטאָט פול מיט לעבען, מיט פאַרשידענע פּאַרטייען פון לינקע און רעכטע. אין דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט זיך אין טאָמאַשאָוו געשאַפען די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיט די ברידער רייכענבערג און יענקעל דארענפעלד אין דער שפּיץ, און דער ערשטער אַרבייטער פאַראיין מיט די ח״ח ווייסבערג, שולדינער, און דער שרייבער פון דער שורות אין דער שפּיץ. דאַן האָט זיך געשאַפען צוויי דראַמאַטישע קרייזען, איינער אַ ציוניסטישער און דער צווייטער אַ בונדישער, מיט דעם ערשטען האָט אָנגעפיהרט חבר דארענפעלד, און מיטן צווייטען די ח״ח חיים איכל הארן, שולדינער, ווייסבערג, בלאנק און דער שרייבער פון די שורות. אויסער דעם האָבען אויך געפיהרט אַקטיוויטעטען אַלע אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס ווי אַגודה, מזרחי, אַזוי אַז עס האָט זיך גערודערט אין שטעטעל.

ווער געדענקט ניט דעם אָרימען טייל שטאָט דעם אַזוי גערופענעם „פּראַגע”, מיט איהרע בעלי מלאכות פון פאַרשידענע פאַכען, די קצבים די הויכע און שטאַרקע אָבער מיט גוטע אויגען, דאָס „בית שני” וואו עס האָבען געדאַוונט די בעלי מלאכה, שבת פאַר נאַכט, זייערע זמירות צו שלש סעודות, די חסידים שטיבלעך, זייער דאַוונען און זינגען, זייער שמחה און לעבעדיגקייט, בכלל דאָס דערהויבענקייט פונם גאַנצען שטעטעל אין די שבתים און ימים טובים.

ווער געדענקט ניט דעם פרומען פסח׳ל, דעם טייערען האַרציגען איד מיטן גוטען פּנים און קינדערישע גוטמוטיגע אויגען, און דעם שמש פון דער גרויסער ווייסער שוהל ר׳ משה לעססערס מיט זיין טרויעריגען רופען: אין שוהל אַריין!

און דעם צווייטען שמש, דער הייליגער קדוש נחום צוקער, וואָס האָט מיט אַראָפּגעריסענעם האַלב־פּנים דורך די דייטשע בעסטיאַלען, האָט ער זיך מתעסק געווען ביזן לעצטען אָטום צוג, מיט די הרוגים וואָס זענען געלעגען אין די גאַסען פון טאָמאַשאָוו.

כבוד זייער הייליגען אָנדענק!



# עירנו

**● יעקב לאנאייל**

**גדול** כחה של עיר־הילדת, שמשאירה היא זכרונות אצל האדם עד יומו האחרון. ישנם מאורעות, ולעתים די חשובים, שקרו רק לפני זמן מועט, ונשכחו מהלב כלא היו. לעומת זאת כל־אימת שמזכירים לי את טומשוב, נצבת היא לנגד עיני, היא ורחובותיה, סמטאותיה, יהודיה ויהודיותיה, גוייה וגויותיה. הנה היא! אני רואה אותה בעיני רוחי, ופרושה היא על כף ידי.

## השוק

אני מתחיל מהשוק, כי הוא מרכז העצבים של העירה, וממילא גם מרכז החיים של היהודים. הככר קראו למקום הזה ועגול הוא ככבר לחם ממש. מסביב חנויות, חנויות, ובחזית שורה של שלחנות רוכלים ורוכלות, בעיקר רוכלות: מוכרות פירות וירקות, ומפטפטות בקול רם אשה עם רעותה, על דא ועל הא. דוברי רכילות של כל העירה. הכל הן יודעות, אין דבר נעלם מעיניהן. חתונה בעירה: שמחות פניהן, ותספרנה על ההכנות לחתונה, כמה שמלות לכלה, וכמה מיני תרגימא הוכנו. יפה היא הכלה, או מכוערת, תלמיד חכם החתן או עם הארץ. ואם ח"ו לויה בעירה עצובות פניהן, ותספרנה בשבחו או בגנותו של המת, תוך כדי אנחה עמוקה ופליטת רחמנה־ליצלן. גדול כחן בברכות ובקללות כאחת. ברכותיהן מן המפורסמות בעירה, וקללתיהן לא תמצא אפילו בתוכחה. מסודרות בחצי גורן שלחנות רוכלים עם גגונים. אלו הם מוכרי בשר חזיר, הגויים האלו תקועים בככר כעצם בגרון החסידה, כאבר זר הם בשוק היהודי, ונבדלים הם בכל משכניהם היהודים. אלה מול אלה: היהודים: רצים, צועקים, מזיעים רבים, מקללים, מברכים. אשה כי תעבור עם סלה בידה ותקראנה לה כל הרוכלות, ותשבחנה את סחורותיהן. הגויים: עומדים בשקט כל אחד ע"י שלחנו, כתלי החזיר, וקעריות הפריקסה בכלי החרס מוצגים לפניהם. קונה כי יזדמן לעברתם יסתכלו, בשויון נפש, ויחכו עד אשר יבחר הוא בעצמו את המכר. בדרך כלל אין מגע בין הרוכלים היהודים והגויים, אבל בשעת סכנה עוזרים הם איש לאחיו; צוענים, שכורים או רקרוטים כשמתנפלים על היהודים לשדוד את סחורתם יקומו הרוכלים הגויים ויעזרו לשכניהם היהודים. באמצע הככר שלש שורות של חנויות. בחנויות אלו מוכרים הכל וקונים הכל. אכר כי יבוא העירה, עגלות עמוסה וגדושה תוצרת משקו; אוזים וברזים, תרנגולות, תפוחי־אדמה, שעועות,

תבואה ופירות. יושב הוא על העגלה ומחכה לקונים. מסתובבים היהודים מסביב לככר, מאכר לאכר, מעגלה לעגלה, קונים את הסחורה ושוקלים לידי האכר את הכסף. האכר בקבלו את הכסף תמורת תוצרתו יוצא מסביב לככר לקנות את צרכיו: מעיל לאשתו, או נעליים לבתו, משי, עטרן למגפיים, דג מלוח, חוטי תפירה, הכל הוא משיג בככר הגדולה. במיוחד גדולה ההמולה ביום חמישי לשבוע, זהו יום השוק בטומשוב. אז, ביום זה, מלאה הככר עגלות שקשה לעבור ביניהן, ובין עגלות אלו מפלסים להם היהודים את דרכם כשכנפות בגדיהם תקועים בחגורותיהם ומגפיהם שוקעים בבוץ. מנהלים מקח־וממכר בכדי להרויח למחיתם, אפשר להגיד שמיום זה, מיום „היריד" היתה תלויה פרנסתם של כל כל יהודי העירה. במשך כל השבוע היו יהודי טומשוב מתפללים למזג אויר יפה ביום חמישי. והיה אם ירד גשם שוטף בקיץ, או סופת שלג בחורף ביום חמישי, נשארו רבים מבני העירה בלי פרנסה במשך כל השבוע.

## בתי התפילה

דרומה מהככר, רק כמה צעדים ממנה נמצא בית המדרש הגדול, ובקרבתו, בית הכנסת, הנחשב בין העתיקים והיפים במדינה. בית כנסת זה שמש גם כמקום מקלט ליהודים בכל עת צרה, במלחמת עולם הראשונה התרכזו היהודים בבית הכנסת ובזמן הרעשת תותחי הגרמנים לפני כבוש העיר על ידם, חדר פגז דרך החלון ורגלה של בחורה נקטעה. גאות העיר היתה על בית הכנסת. כל תיר או עובר־אורח חשוב שהזדמן העירה, היו מוליכים אותו לבית הכנסת ומתפארים לפניו ביופיו, גודלו ורחב המדות, ציוריו העשויים בטוב טעם. ציורים שונים מתנ"ך היו מצוירים על כתליו ותקרתו העשויה כוכים, כוכים, עקדת יצחק, שתים עשרה המזלות וכו' וכו'. ע"י בית המדרש היתה מונחת אבן גדולה; קבר של עשרות ילדים יהודים שנרצחו בשנת ת"ח ונקברו שם. בגלל האבן הזאת ובגלל אגדה שאספר אותה להלן, פחדו ילדי העיר לעבור בלילות ע"י בית הכנסת ובית המדרש.

אגדה התהלכה בין הילדים על פלוני שעבר בחצות הלילה ע"י בית הכנסת ושמע קולות מוכרים של אנשים שמכבר מתו עולות מתוך בית הכנסת. כשעמד רגע להאזין, שמע לקרוא את שמו שיעלה לתורה. האיש הלך הבמה ולמחרת מת. רק כמה עשרות מטרים מבית הכנסת, היה בית התפילה של חסידי בלז, מיד ע"י זה היה בית המרחץ והמקוה. בכל בוקר אפשר היה לראות יהודים אדוקים יוצאים מהמקוה רועדים מצנח הבוקר ופונים לעבר בתי המדרש.

יום ששי הוא יום המרחץ. בית המרחץ היה עשוי בסגנון תורכי: תנור גדול שהיו מסיקים אותו בעצים, וע"י שפיכת מים על לבניו השרופות היה מוציא אדים שמלאו את כל בית המרחץ העשוי ספסלים בצורת מדרגות.

על מדרגות אלו היו עולים יהודי העירה איש איש לפי כחו לסבול את החום ומשפשפים את גופותיהם שמטאטאים וצועקים בקולי קולות מרוב הנאה, לא הרחק מבית המרחץ היה ביתו של זלמן שניאור המלמד, שאשתו היתה מוכרת חמיצה עשויה לחם ישן וסובין. סבתי זלאטע היתה מספרת שהיא





יהודי הולך למרחץ בערב שבת

זוכרת זמנים, שהיו קונים בעד גראָשן אחד חמיצה היו מוסיפים ביצה, מחוסר מעות קטן לתת עודף.

ע״י ביתו של זלמן שניאור היתה ה„חצר״ של ר׳ יהושע׳לע ובתוכה ה„שטיבל״. בחצר זו המלאה מסתורין, חיו בעניות ובדחקות במשך דורות רבנים תלמידי חכמים וצאצאיהם שלא יצאו מד׳ אמותיהם וישבו על התורה והעבודה יום ולילה בכדי לקיים „והגית בו יומם ולילה״. כל החצר יחד עם השטיבל הווי כעין גיטו בזעיר אנפין. אנשי החצר לא ידעו דרך אחרת מאשר משטיבל לביתם וחזרה. שתי בנות החצר היו אלמות. מזרחה מהככר היתה הכנסיה ובמרחק מה ממנה בית מכבי האש שהיה עשוי עמודי עץ ובו הציגו לראשונה בעיר הצגות ראי־נוע. בפנים היה מזנונו של מיכאלעק גוי קטן, וזריז כחתול, קצין המכבי־אש ובעל כשרון דרמטי. מסביבו התרכזו בנים בעלי־בתיים ואכלו מאכלים אסורים. דרומה השתרע רח׳ לבובסקה; הרחוב היפה ביותר בעיר, כאן היו בתי העשירים, משרידי הממשלה והעיריה. בערבים טילו כאן בחורים ובחורות ושאפו אויר מלא חופניים.

בעיקר היה הרחוב מלא בלילות שבת ומוצאי שבת. הרחוב התחלק לשני חלקים נפרדים: לצד ימין וצד שמאל. בצד ימין טילו זוגות צעירים „מתקדמים״, וצד שמאל שהיה שרוי באפלה שימש לאדוקים, חובשי ספסל בית המדרש.

העיריה. עיריה מיוחדת במינה היתה בטומשוב, עיריה עם מזוזות על משקופיה ורוב גודדיה דוברים אידיש. לייזערל המזכיר שזכר בעל־פה את כל תאריכי הלידה של תושבי העיר והירש־העור שלא ידע צורת אות, והביא כל מודעה מהעיריה לתעודותה.

ע״י העיריה היה גן צבורי שנקרא הקאסע גאָרטן, לכאן היו נכנסים זוגות שעייפו מרוב הליכה, לפוש ע״י הספסל, או מתוך צורך אחר להתבודדות, או בחורים בעלי בתים שפחדו לעשן סיגריות בליל שבת בפרהסיא. כאן היו ספסלים לצורך הטילא, ובמה באמצע לתזמורת.

בקצהו האחד של הגן היתה בצה שצפרדעים היו מקרקרים מתוכה, מצד זה של הביצה היתה גדר גבוהה ומעברה השני של הגדר היה רחוב קוז׳ה שנקרא על שם בית הסהר. מבית הסהר בקעו ועלו קולות שרורים ושירת מהפרנים שהפריעו ללחישות זוגות המאהבים, בפנות השונות של הגן. הלאה מבית הסהר נמשך הרחוב דרך חולות, עד לטחנת הקמח והנהר „העגול״ כפי שהוא נקרא בפי התושבים. בנהר זה היינו מתרחצים בימות הקיץ ונהנים ממימיו הצוננים שזרמו מתחת לסכרים שע״י הטחנה.

הבית האחרון בלבובסקה הוא בית ה„סטרוסטה״ (מושל המחוז) כשפונים ימינה ויורדים קצת במורד החולות עוברים הר חול גדול ש„נאכל״ בחלקו ע״י עגלוני העיריה לצרכי בניה וצרכים שונים אחרים.

היער. רק כמה מאות מטרים מהחולות מתחיל היער אשר אין לתאר את העיר בלעדו. ביער זה בילו כמעט כל תושבי העיר חלק גדול מחייהם. ביער התקיימו הפגישות הראשונות של בחורות ובחורים שארגנו את תנועת „השומר". בערבי קיץ ובשבתות היו מהדהדים שיריהם מלאי געגועים למולדת. ביער התאספו ראשוני הכדורגלנים ובכדור עשוי סמרטוטים והשער מסומן ע"י שני רובעים, התחילו ללמוד את מלאכת הכדורגל. ביער אפשר היה לפגוש יהודים מרובדים שסבלו מכל מיני מיחושים, יושבים בצל האורן ונושמים אויר מלוא־ריאותיהם. ר' ליביש בורג שסבל מ„אסטמה" לא החסיר יום מימות הקיץ שלא ביקר ביער.

החזן העירוני עם מקהלתו עברו על החזרות של „כל־נדרי" „ונתנה־תוקף" ביער מצד אחד, ומצד שני ישב פּן יאַן, קוזאַק מהגורדיה הלבנה שנמלט מרוסיה אחרי המהפכה, ונגן על בלליקה ושר שירים ביודיש להנאת כל החבורה שסובבוהו. והנה שיר אחד שנשמר בזכרוני מחודש אלול, לכבוד הימים נוראים שהולכים ומתקרבים שר פּני יאַן ככה: די יומטובדיגע טעגעלאך הויבן זיך אָן צוריקען האַרציגער טאַטע, אַביסעלע וויין פון יום־טוב צו פערזוכן איז בעסער ווי צלייגן אַ לאַטע. החזן ופּאַני יאַן בלווי ציף הצפרים זה היה קונצרט שאפשר היה לשמוע אותו רק ביער בטומשוב בחודש אלול.

זוגות, זוגות התבודדו בפנות שונות של היער וחלמו על עתידם בצל עצי האורן וציוף הצפרים. ביער למדו ה„מלמדים" את תלמידיהם פרק גמרא ותוספת, ובתשעה באב לקטו התלמידים פטריות ותותי יער בשביל אשת המלמד. ביער קוששו הגויות עצים והכינו להסקה בחורף. ביער גרפו הגויות במגרפות את מחטי האורן בכדי לרפד את קירות בתיהם בפני צנת החורף. ביער היו ערימות נמלים שמי שנגע בהם בידו או זרק ממחטה למורה הרגיש ריח של חומץ, כלם האמינו שהריח הוא סגולה נגד כאב ראש. רבים התאספו מסביב לנחיל הנמלים והכו בידיהם על הערימה, הגישו מהר את ידם לנחיריהם בכדי להפטר ממיחושי ראש. ילדים שניסו להתנקש במשפחת הנמלים ע"י זריקת גפרור בוער לתוך הערימה נוכחו לראות איך הנמלים כבו את השריפה ברוק פיהם מבלי עזרת מכבי האש. אבי ז"ל היה מהמבקרים המושבעים ביער, וממנו באה אלי האהבה לעץ ולצומח. בכל שבת השכים לקום, העירני משנתי, ולקחני אתו ליער בתור „נושא־כליו" מחמת האסור לשאת בשבת, התישב על גבעתו הקבועה ומעיין בספר עד לשעת התפילה. כשהגיעה שעת תפילת שחרית חזר העירה והלך להתפלל לשטיבל של רב יהושעלע. אחרי הצהרים חזר ליער עד לתפלת „מנחה". אבי ז"ל שהיה איש חזק אופי אמיץ לב לא הפסיק את טיוליו ליער גם בימי המהומות של גיסותיו של הלר. זכורני שבת אחת בימים ההם ישבתי על ידו ביער על „גבעתו" ופתאום ראיתי במרחק מה מאתנו

חיל מאנשי הלר צועד לקראתנו וסכין שלופה בידו. כשהערותי את לבו של אבי שצריך להמלט, ענה לי: מעודי לא ברחתי מפני איש ולא אברח גם הפעם. בשקט ישב וחכה לבואו של החיל, כשהגיע החיל שאל את אבי לתמהוני, אם ידוע לו על עץ לבנה שאפשר לעשות ממנו מטאטאים. אבי הסביר לחיל לאן ללכת, ונשמתי שכמעט פרחה, — חזרה אלי. ל"ג בעומר היה יום היער של כל ילדי בית הספר. כל בתי הספר וה„חדרים" יצאו ליער בסך, תחת פקודם של מוריהם ו„מלמדיהם" כמו צבא לקרב, חמושים בקשתות וחצים ואגדוחי סרה, כל ילד ומנת מזונו בתרמילו: כעכים וביצה מבושלת בקליפות בצל וצבעה חום. כל „פלוגה" בהשגחת „מפקדה" הדליקה מדורה, אכלה את „הצידה" ירתה יריות, התגודדה והשתובבה, עד שקיעת החמה.

לפנות ערב, התקימה מלחמה בין ה„חדרים" השונים באבנים ובענפי סרך לחמו ה„גבורים" בלי רחמנות. פעם יצאתי ממלחמה כזאת בל"ג בעומר עם „פנס" על העין שאמי לא הכירתני.





א גרופּע פון בית"ר

ס'שטייען פון רעכטס: אהרן גאָלדשטיין, חיים ערליך, בנימין בלוזער און שמעון גאָלדשטיין (זיצנדיק)

# טומשוב־לוב — עיר מולדתי

● **מרדכי ארליך,** קרית מוצקין, ישראל

**רגש** פנימי המפריע את מנוחתי — פן נאחר! הניעני כתוב שורות אלה.

אנו, אחרוני הדור בעיירתנו, בה גדלנו וחנכנו, למרות עשרות בשנים יצאנו אותה, אם אנו לא נעשה את המלאכה הקדושה הזאת, לא תיעשה ע״י הדור הבא שהקשר נותק מהם.

חובה היא לכלנו להנציח את כל בני העיירה שנרצחו, הומתו ואין איש יודע את מקום קבורתם.

ישמש ספר זה, גל־עד לנו ולדורות הבאים.

עטי רועדת בזכרי מה שעבר על יקרי קרובי ובכלל יהודי טומשוב.

*****

עיירה שמנתה כעשרים אלף תושבים, רובם יהודים, שזכתה בזמנו לראש עיר יהודי — יהושע פישלזון ע״ה, סובבוה שפע יערות אורן, ששמשו בימי קיץ מקום מפגש לנוער ולמבוגרים כאחד.

עיירה לא מפותחת במיוחד, בחלקה מוזנחת. ללא מקורות כלכליים, ללא תעשיה, רוב תושביה חיו בדוחק רב, אלא עשירה היתה ביהודים. בכל מקום לאן שפונים — יהודים. יהודים דתיים, חסידים, מספר קטן גם יהודים מתקדמים. שפע של בתי כנסת, מדרש ו„שטיבלך" שהיה תוסס מיהודים בתפילות ודבקים בלמוד תורה בנגון הבוקע לרחובותיה.

לאט, לאט זורמים החיים. לילה — יום, ימים דומים זה לזה. כיום אתמול יום המחרת, ויום המחרת יחלוף גם הוא כיום אתמול. רחוקה מסילת הברזל מהעיר שבעה קילומטרים.

החיים יצוקים בדפוסים מסורתיים, מעשי אבות וירושת אבות, שרשרת דורות בחוליות דומות זו לזו. באותו חלק, באותו בית שבו גרו אבותיו ואבות אבתיו אותו בית בעצמו קבל בירושה.

אף הפרנסות שהן בדחק ובצמצום עוברות בירושה: חנוונים, סוחרים, מוזגים, יהודי „הפריץ", בתי־מרזח „באיסור", „טבק פתוח" בלי רשיון, עוסקים במלאכה, קצבים, עגלונים, שואבי מים וכו׳. כלם משתוקקים ליום השוק שהוא יום ה׳ בשבוע שהנהו יום המחיה ליתר ימי השבוע ובמיוחד להכנת השבת.

„יום השוק" יום ביסוס פרנסתם של מאות משפחות, חרוט עמוק

בזכרוני, כי בית הורי עמד בקרבת המקום ושנים התבוננתי בו.

בלב העיירה מגרש ריק גדול, סביבו עוברת מדרכה מלוחות עץ, ומתמלא משעות המוקדמות מאות עגלות מאנשי הכפר עם נשיהם עד אפס מקום. סביב המדרכה דלפקים נמוכים שעליהם לחמים לבנים ארוכים, שחורים עגולים, פיתות, לחמניות, כעכים. דלפקים עם פירות וירקות, דלפקים עם בגדים מוכנים, נעליים ומגפיים. יהודיה עם חבית דגים מלוחים לא מהמשו־בחים שריחם נודף מסביב.

בקיץ יושבות התגרניות בשמש הלוהטת ובחורף הן מסורבלות בפרוות כבשים וסיר מלא גחלים לוחשות מתחת לשמלה לחמום. בקולי קולות קוראות לכפריים „גויות" „שקצות" הכפר ומשבחות את סחורותיהן.

אל לנו חס וחלילה לדלג על בעלי מעמד יותר גבוה. אמנם מספרם של אנשים אלה לא גדול, אלה הם בעלי חנויות יפות ומסודרות ברחוב לבובסקי, סוחרי יערות, יהודים בעלי רבית ב„היתר עיסקא" עומדים וסובבים את מקליהם ונשענים על הגדר של גינת „בית־העם" המיועד לנוצרים בלבד. היו עומדים שעות, ימים ושנים.

מפרנסות אלה, היו חיים ומתקיימים, משיאים בנים ובנות, משלמים שכר למוד ונותנים צדקה.

**שבת וימי טוב:**

בערב שבת עם חשכה, נעלם הכל. העגלות, דלפקי השוק, האנשים החנויות והככר עומדים בבדידות, עזובים, מיותמים. נשמעים צלצולי מפתחות וחריקת דלתות ותריסים. יהודים שבים מבית המרחץ — שאינו לפי כל דקדוקי הסניטציה — בפנים משולהבים, בצעדים מדודים ומתחת לבית שחים חבילת הלבנים המזוהמים שפשטו.

אחד עומד במכנסי שבת ובחזיה מופשלת על טלית־קטן, מצחצח נעלים בחוץ לכבוד שבת. נשים בפנים מיוזעות יושבות בחוץ, נחות מעמל העבודה והטורח שבהכנת צרכי שבת, ותוך כך חוטפות שיחה עם השכנות. ילדים בחליפות־שבת, בנעלים מצוחצחות הולכים באטיות ובזהירות בהחזיקם בידים רועדות בקבוק יין לקדוש.

מבתי הכנסת נישאים סלסולי ניגונים של קבלת־שבת מהקולות החגי־גיים של המתפללים. „גוי" נבהל ממהר הביתה, מצליף בשוטו על סוסיו בעצבנות רגזנית וגלגלי עגלתו מהדהדים בשאון בשלות הרחוב.

עם הבקר, תריס נפתח, אשה עטופה רובליק קוראת ל„שבת־גוי" המטייל עם אשתו בנחת בדממת הרחוב כשבידיהם שקים של פרוסות לחם שמקבלים מהיהודים עבור הסקת התנור והסרת הפמוטים מעל השלחן.

יהודי בנעלי־בית חוזר מטבילת שחרית במקווה לפני התפילה. אנשים אפופי שלווה הולכים לבית הכנסת. טליתותיהם מתחת למעיל ועל ראשם

ירמולקה ששוליה נראות מתחת לכובע. אחריהם באות נשים בשמלות שבת, כשהילדות נושאות אחריהן את סדור ה„קרבן־מנחה" שממחטה לבנה כרוכה עליו.

בשעת סעודת הצהריים, ילדים נושאים סירים מלאים החמין לשבת מהאופה הקרוב. יהודים חוזרים מ„קידוש" תוך שיחה קולנית. קול זמירות בוקע מהחלונות הפתוחים. מנוחת הצהרים, תענוג של „שינה בשבת".

הקהילה היהודית שכנה ברחוב לבובסקי. בראשה עמד מר שמואל שיפ־לינגר ומזכירה אריה לוינפוס ע"ה. תפקידה מצומצם מאד. לא דאגה להקמת מוסדות חנוך, או תרבותיים וכו'. מקורות הכנסתה דלים, מחוץ לסכום פעוט הפרשה משחיטת עופות ובקר כסתה הוצאות החזקת הבית והפקידות המצומצמת.

כן הורגשה ערות בין פרנסי הקהילה בקבלת רב, שוחט וכיוצא בזה. אחת הפעולות שהיה לברך עליה, בקבלת רופא יהודי ראשון ד"ר שולמן הי"ד. בהתחלה היה מעורב בין היהודים לאחר ביסוסו במקום, הצטרף לחוג האינטלגנציה הנוצרית מחוסר חוג זה בישוב היהודי.

לפני מלחמת העולם הראשונה הוקם בנק משותף ליהודים ונוצרים „ספולדזלצי" בראשו עמד ד"ר זבדסקי, נוצרי ליבראלי, איש משכיל, עיין בתנ"ך ואוהב ישראל. עובדי הבנק היו על טהרת היהודים.

אבי ז"ל ר' קלמן ארליך, היה מראשוני מיסדיו ועובדיו. רוב חבריו יהודים, חנוונים ממעמד בינוני הנאבק על קיומו, מזדקק להלואה ואשראי. נרכש בית במקום מרכזי של העיירה בגן יפה ומטופל („קסה גרטען") שמו הלך לפניו.

אחרי מלחמת העולם הראשונה, העיריה שכנה את משרדיה בבית הבנק. מזכירה היהודי אליעזר דורנפלד הי"ד כהן בתפקידו עד שנת השואה. הבנק עבר לבנינו החדש מול הבית הקודם.

בשנת 1930 נוסד בנק יהודי טהור „הנדורקר" בנק־הפועלים. חבריו בעלי מלאכה, חנוונים זעירים. בראשו עמד מר הרש מאיר צימנט, ואלעזר ברגרבוים ע"ה.

קפת גמילת־חסד היתה בזעיר אנפין. לא יכלה להענות לבקשת המז־דקקים והתנהלה בצורה פרימטיבית. רבים הנדפקים על דלתיה היו ללא הצלחה.

**מוסדות חנוך:**

דלה היתה עיירתנו במוסדות חנוך בכלל ויהודיים בפרט. אמנם קיימה הממשלה בית ספר עממי ותיכוני, אלא רב ילדי היהודים, במיוחד בנים לא בקרו בהם מבחינות שונות, כגון: לשבת בגלוי־ראש, בנים ובנות מעורבים יחד. לכן העדיפו לשלח את בניהם ל„חדר" שהיו מלמדים על קצה המזלג למודי חול.

בית הספר התיכוני פתוח היה לכל בני הטובים של התושבים הנוצרים וליחידי סגולה של ילדי יהודים. מספרם יותר קטן מהחוק „נומרוס קלאוזוס".

בעיית שמירת שבת ושכר למוד סגר לפניהם את השער לחלוטין. אותותיו נתן חוסר חוג אינטליגנציה יהודית. חלק מהנוער זרם לבתי מדרש ולשטיבלך ללמוד תורה, מי למלאכה וחלק הצטרף לעסקי הוריו, או סתם בטלנות.

בשנת 1918 בגמר מלחמת העולם הראשונה, התכנסו פעילי הנוער המזרחי בראשה מר חיים יוסף לרר הנמצא אתנו בא"י. ראו אחריות גדולה לנוער המתחנך ללא בתי ספר יהודיים. הוחלט ליסד בי"ס מתקדם „מזרחי". תכנית למודים כללה למודי קדש וחול כאחד. מוריו הראשונים: ר' בנימין טפלר מורה לתלמוד וחומש, אלתר גיטלין מברנוביץ, מורה לעברית ותנ"ך. נחום דב גלז בתור מורה לנסיון. בית הספר מנה ארבעים תלמיד. ושוכן בבית יצחק מימון ברח' זמויסקי.

לא עברו חדשים פרצה שריפה גדולה והעיירה כולה נשרפה, מלבד הרובע הצפוני מזרחי. למרות שהבית של בית הספר נשאר, נתפסו החדרים ע"י נצולי השריפה ורוב התלמידים התפזרו.

הודות למאמצי המורים להמשיך לקיים את בית הספר, הצליחו לקבל באופן זמני 2 חדרים בבית אביגדור אידלסברג, ולאחר זמן קצר כל מאמציהם עלו בתוהו, ובסוף נאלצו לסגרו.

לא שקטו פעילי המזרחי ולא השלימו עם העובדה. אחריותם לבטול תורה לנוער המקומי ולחנכם ברוח ציונית חלוצית לא נתנה להם מנוח. בסוף שנת 1919 עם בקורו של הרב גרוברט ז"ל מסטשוב, התכנסה קבוצת פעילי המזרחי בלשכה בבית סבי ר' ישראל גורזיציינסקי ז"ל, ביניהם: חיים יוסף לרר, דוד יודל שפורר, זישא קונשטוק הנמצאים בא"י. קלמן ארליך, יעקב לדרקרמר, שלום זילברמן, לייבל לדרקרמר, יענק'לה ארביספלד הי"ד. לאחר חשובים רבים הוחלט פה אחד לפתוח שוב את ביה"ס.

החלטה זו היתה מלווה ברטט גדול. איך לקיימו מבחינה תקציבית ומבחינות רבות אחרות. אחת הבעיות, למצא בנין מתאים. אחרי חפושים מרובים עלה לשכור חצי בית של צבי וינדר שהבניה טרם נגמרה.

עם פתיחתו גדל מספר התלמידים למאה. הלמודים התנהלו כסדרם. עם הרחבתו גדל גם מספר המורים. נוסף לשני המורים שציינתי לעיל נתקבל מורה לעברית ותנ"ך בנו של הרב גרוברט מסטשוב. לשפה פולנית וחשבון המורה פרשלייסר מלבוב. לאחר עזבו נתקבל צבי איידלשטיין ישעיהו פרגר הי"ד.

לא הרבה זמן נשם ביה"ס לרוחה. לאחר מספר חדשים עם פרוץ מלחמת הפולנים — הבולשביקים הופרע המהלך הרגיל של ביה"ס והיה הכרח לסגרו. בתום המלחמה התחדשו מיד הלמודים. בתור מנהל ומורה נתקבל

אברהם הוברמן, אחד המורים המצטינים בהוראה ובהנהלה כאחד. השפעתו תרמה להתפתחות והתקדמות ביה״ס.

בשנת 1921 לפני חג השבועות סגר משרד החנוך את ביה״ס מפני שלא היה מוכר בתור מוסד חנוכי. כל ההשתדלויות למנוע את הגזירה עלו בתוהו. לאחר שהוחלף שמו לשם „תורה ודעת״ נתקבל בשנת 1922 רשיון ממשרד החנוך והשכלה ממשלתי לפתיחתו. המשיך ללא תזוזות עד שנת 1929.

בשנה זו הצטרף ביה״ס לרשת ההסתדרות בתי ספר „יבנה״, מיסודו של המזרחי. שגם שמו הוחלף ע״ש „יבנה״.

בתור מנהל רשמי ומורה לפולנית נתמנה מר צבי איידלשטיין. נוסף למורים שהזכרתי לעיל נתקבלו שמואל בלאי וקלרמן מורים לתלמוד, יואל קופמן לעברית ותנ״ך ושיבדלו לחיים מר שפירא הנמצא בדרום אפריקה, אריה ארביספלד והגב׳ סנדברג הנמצאים בא״י.

עם התרחבותו של ביה״ס שהכיל יותר ממאה וחמשים תלמיד, הכרח היה לשכור מספר חדרים בבתים פרטיים. מובן, דבר זה השפיע לרעה על מהלך הלמודים התקינים. בשנת 1934 הצליחו לשכור בנין אחד גדול שהכיל 7 חדרים אצל משה אדלר (לטר) ברחוב קרסנוברוד. הנהלת ביה״ס עברה לידי מר קסלר. שנים מספר לפני פרוץ מלחמת העולם השניה נפתח גן ילדים ע״י ביה״ס שהתחנכו בו 40 ילד, הוקם בנין מיוחד ומתאים.

יש לציין, לא מעט טרח ללא לאות ובהתמסרותו הרבה לשגשוג ביה״ס מר יעקב ארביספלד הי״ד, בתור מרכז ומנהל טכני משנת 1925 ועד יומו האחרון.

בשנת 1938 שנת העשרים להוסדו וקיומו של ביה״ס חגגו את חצי יובלו באספת־עם גדולה בהשתתפות ד״ר ש. ז. כהנא מנהל הסתדרות בתי ספר „יבנה״ בפולין. כיום מנהל משרד הדתות במדינת ישראל. העתון „דאס יודישע לעבן״ של הסתדרות המזרחי בפולין הוציא תוספת מיוחדת, שהיתה מוקדשת לחצי יובל ביה״ס, שמצא לו הד בכל הסביבה. חנך דור לאהבת המולדת, לתנועה החלוצית ולתחיית השפה העברית.

הניצנים הראשוניםהמשיכו ב„תחכמוני״ בורשה. בבתי ספר תיכוניים, ובאוניברסיטאות ברחבת פולין. הרבה גלגולים ומשברים עברו על ביה״ס. רק הודות לקבוצת הפעילים שראו דבר של קדושה בקיומו תרמו רבות. זרעו בדמעה וקצרו ברנה.

בתור אחד מחניכי בי״ס זה, לא אצא ידי חובתי אם לא אציין את התמסרותו ועבודתו הרבה והמיגעת שלא על־מנת לקבל פרס, של מר חיים יוסף לרר. אדם אציל נפש, רב פעלים והמפעיל גם אחרים, שלוה את ביה״ס מיום הוסדו עד יומו האחרון לחסולו. בתקופת עבודתו הפוריה והמבורכת הרים קרנו של המוסד.

**תלמוד תורה:**

רשת החנוך היהודי כללה גם תלמוד תורה של כמה עשרות תלמידים, ילדי עניים מדלת־העם, רובם יתומים רעבים ללחם, חסרי נעל ובגד ללבוש.

בשנת 1929 נרתם לתפקיד הנעלה הזה אחד מבעלי הבתים המכובדים, איש התורה והחכמה, בעל הדרת פנים, זקן העדה, בעל השפעה גדולה — סבי ר׳ ישראל גורזיצנסקי ז״ל, ויבדל לחיים מר יצחק קרפר, סוחר יערות, מקובל בישוב היהודי והנוצרי כאחד, הנמצא אתנו בא״י. רכזו סביבם עוד מספר בעלי בתים מכובדים, מר אהרון לכר ז״ל ועוד, שמסרו מרבית זמנם ומרצם למפעל זה. שתפו את הקהילה היהודית ומוסדות צבור אחרים. לאחר זמן קצר נרכש בית למטרה זו, מספר התלמידים גדל ל־100, קבלו אוכל, שתיה ובגד ללבוש.

תלמוד תורה פה טומשוב לוב.

קבלה מתלמוד תורה חתום בידי ר׳ ישראלי פארזיציינסקי ע״ה לר׳ יצחק דאקס ע״ה
יליד טאמאשוב בניו יארק

כמה שמח ופעם הלב לראות טיול ליער בל״ג בעומר של הילדים הללו, בחץ וקשת, לבושים בגדי חג אחידים ונעל חדשה מצוחצחת, על מלמדיהם ומוריהם וחבילות צידה לדרך בידיהם.

**מפלגות ותנועות נוער:**

התברכה העירה שלנו בכל המפלגות. החל מהציוניות עד ל„בונד" וקומוניסטים.

**בחורות מזרחי „ברוריה"**



**על התמונה נמצאות בין השאר:** חיה שטאנג, פאגעל, מיראטשניק, שלייער, שיינדל ארביספעלד, רחל ליכטענשטיין, גיטל פערשט, לאה ארביספעלד, פיגא גאלדמאן, שיינדל צוקער, שרה פערשט, מאשע שאפעל, רבקה טענענבוים, בלימא בלאנק וכץ

תנועת הציונים הכלליים, בראשה עמד אביגדור אידלסברג הי"ד רכזה את המעמד הבינוני והחוג המתקדם. מספר חברי תנועת המזרחי עלה על הציונים הכלליים מפני שרוב תושבי העיירה שומרי מסורת היו, לכן התאימה להם תנועה זו. בראשה עמד חיים יוסף לרר. אחד ממיסדי התנועה בעיר, איש יודע ספר, רבים מעשיו, לוחם אמיץ לאין שיעור. מקובל על הבריות, איש החלוץ עמד על משמרותו עד לחורבנה של העיר. תנועה זו יסדה קבוץ הכשרה של הפועל המזרחי במקום ועשרות חלוצים קבלו הכשרתם הגופנית והחלוצית לפני עליתם ארצה.

תנועת הציונים הכלליים



**על התמונה נמצאים בין השאר:** יונה זילבערשטיין, לייבל לדרקרעמער, סיני פוטער, יצחק בארענשטיין, ישראל גרינבוים, הירש זילבערבערג, אביגדור איידעלסבערג, חיה פוטער, י. מינקאווסקי, אברהם פעפערמאן, זילבערגעלד, חיים גאלדזאמד, הירשיל עהרליך, ארי' לעווענפוס, אשר הערבסמאן, דוד שפירא, משה עלבוים ומשה איידעלסבערג

מקום נכבד תפסה מפלגת פועלי ציון — צעירי ציון בראשה עמד פייבל הולץ הי"ד שהתמסר לה בלב ונפש. סביב התנועות האלו התרכזו כל תנועות הנוער: השומר הצעיר, החלוץ ופרייער סקוט.

מאות בני נוער מצאו את מקומם בתנועות. רובם מ„החלוץ". יצאו לקבוצי הכשרה ומפוזרים בכל רחבי פולין רובם עלו ארצה וממשיכים את משפחת ה„טומושובים" במדינת ישראל.

רבה היתה פעולתם שלהתנועות הציוניות בעיירה. לא מעט חלקם באסוף תרומות לקרן הקימת ולקרן היסוד בנשפים, חתונות, יום פרח וכו׳, שנעשה ע"י הנוער וראו בזה עבודת הקדש.

לא מעט עמדה למכשול תנועת אגודת ישראל וסתם יהודים חסידים וקנאים שראו בזה כ„טרף פסול".

ערב יום כפורים בזמן תפילת מנחה, מקובל היה מתן צדקה ופדיון נפש. על „הבלמר" (שולחן קריאת התורה) היו מעמידים קערות של מוסדות עניים, צדקה בסתר, תלמוד תורה, ישיבות, ר׳ מאיר בעל הנס וכו׳. הונהג גם להעמיד „קערה" של קרן קימת וקרן היסוד.

קרה הדבר בבית תפילה של רב יהושע׳לה, רוב המתפללים חסידים היו, קנאים גדולים. כותב שורות אלו התנדב לא לדלג על בית תפילה זה, ב„קערת" קרן הקימת. החלטתי מלווה היתה ברטט גדול, כי ידוע ידעתי לפני מי אני עומד. הודות לשרשרת היוחסין שלי, היה לי העוז לעמוד ע"י ה„קערה" בשקט, להסתכל מי יפדה את נפשו בתרומת קרן הקימת וקרן היסוד. אלא לשוא, מיותמת היתה „קערה" זו. הנה נכנס יהודי בעל זקן ארוך ופאות מסולסלות רטובות מטבילה במקוה, שפתיו נעות בתפילה, נגש לשולחן „הקערות" משלשל פרוטותיו מקערה לקערה, כשהגיע תורה של קערת קרן הקימת הפסיק לשלשל ובצעקה רגזנית שואל? מי הוא השקץ שהעיז להכניס למקום קדוש את ה„טרף־פסול"!

ביראת הכבוד ללא תנועה הצבעתי על עצמי. ברגע זה סטר על לחיי שתי סטירות די חזקות, לפני כל העם והעדה. תגובתי היתה לא לזוז, גם לא לסלק את „הקערה".

מורגשת היתה בין המתפללים אי שביעת רצון, למעשיו של הסוטר ערב תפילת „כל נדרי".

לא מעט היה על הנוער הציוני ללחום עם הקנאים מצד אחד, וה„בונד" והקומוניסטים מצד שני. אלא כחם עמד להם.

התקימה בחלקה הנבואה של הנביא: „וגר זאב עם כבש יחדיו".

נמצאים כעת במדינת ישראל גם חלק מהחלק שהתנגד תמול שלשום, כאזרחים שוי זכויות במדינת ישראל. חבל! אך חבל! שרבים לא הגיעו אלינו ואין איש יודע מקום קבורתם.

יהי זכרם לעד!

קרית־מוצקין, א׳ ניסן תשי"ט, 8.4.1959

# וואלען אין שטעטעל

● ש. ליכט

### די ב. ב. וו. ר. (פּילסודסקים סענאַציע) און די אידישע וועהלער

אין די וואַלן צו די מלוכה׳שע געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן האָבן טאָמאַשאָווער אידן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל. אין די וואַלן צום סיים און סענאַט אין 1922 זיינען אַלע אידן אין שטאָט געגאַנגען אונטער דעם נאַציאָנאַלן מינדערהייטס בלאָק, וואָס האָט געטראָגן דעם נומער 16. צו די שפּעטערדיקע וואַלן האָבן די אידישע פּאַרטייען אַרויסגעשטעלט זייערע אייגענע ליסטעס.

אין 4־טן מערץ 1928 איז פאָרגעקומען וואַלן צום סיים און סענאַט. פּילסודסקי וועלכער האָט שוין געהאַט איבערגענומען די מאַכט מיטן כח פון זיין מיליטער, האָט אויך געוואָלט האָבן אַ כלומר׳שטע פּאַרלאַמענטאַרישע מערהייט, צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרען דער אומפּאַרטייאישער רעגירונגס בלאָק, וואָס אין אים זענען געווען פאַרטרעטען אַלע מינדערהייטן, פון די אידן איז געוויילט געוואָרן אויף זייער ליסטע דעפּ. ווישליצקי א. א.

דער בלאָק האָט זיך גערופן סאנאציע אָדער ב. ב. וו. ר. זיי זענען געגאַנגען צו די וואַלן אונטערן נומער 1.

צו די וואַלן זענען פיל אידן אַריינגעצויגען געוואָרן אין דער אַרבייט צו ערוועררבען אידישע וועהלער פאַרן איינסעל, אויך אין אונזער שטאָט.

און ביי אַלע וואַלן איז זיי געלונגען צו באַקומען אַ באַדייטענדע צאָל שטימען, פיל האָט גורם געווען דאָס שכנות׳שאַפט מיט גאַליציען, וואָס זענען געוואוינט געווען צו שטימען פאַר׳ן „מלכות״...

אָבער נאָך פּילסודסקי׳ס טויט האָבן זיינע יורשים די „פּאָלקאָווניקעס״ אָנגענומען אַ מער בולט׳ן אַנטיסעמיטישן קורס, אַמשאַרפסטן איז די לאַגע געוואָרן ווען פּולק. קאָטץ האָט געשאַפן און אָרגאַניזירט דעם אזאָן.

אידן אין אַלגעמיין האָבן זיך בעצויגן פּאַסיוו צו די וואַלן, דאָך האָט זיך געפינען אַ געוויסע גרופּע וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן צו זוכן שטימען פאַר׳ן אזאן ווי דער אויפרוף ווייזט אונז.

### קהלה־וואַלן

ביז פּוילנס אַנטשטייאונג איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען וואַלן פאַר קהלה פאָרשטייער אָדער „דאָזאָרס״ ווי מען האָט עס ביי אונז גערופן,

# צו די יודישע וועהלער!

זונטאג דעם 8.9. קומען פאר וואהלען צום סיים, עס איז די פליכט פון יעדען איינעם צו געהן צו דער אורנע און אבגעבען זיין שטימע. ספעציעל מיר יודען מוזען ארויסווייזען, אז גלייך מיט אלע אנדערע פערשטעהן מיר אונזערע פליכטען און קענען און וועלען זיי ערפילען. יעצט מוזען מיר געבען דערויף א בעשטעטיגונג.

דער יודישער וואהל קאמיטעט אין צוזאמענשטעל פון פארשטעהר פון אלע שיכטען און גרופירונגען פון דער יודישער געזעלשאפט, פאדערט אייך אויף, היגע יודישע וועהלער, ניט זיך צי צוהערען צו די מורמלערייען פון ניט פעראנטווארטליכע פערזאנען און זיך ניט אבהאלטען פון שטימען, ווייל מיר טארען ניט דערלאזען דערצו, אז עס זאלען געוועהלט ווערען דעפוטאטען אן אונזער אנטייל.

אונזער קאנדידאט איז, **ד״ר אדאם קרעבל**, רעיענט אין טאמאשאוו-לוב. פרעזעס פון פאוויאטאווען .B. B, דער איינציגער קאנדידאט אלס פארשטעהר פון דער שטאטישער בעפעלקערונג, וועמען עס איז בעוויסט די פערלאנגען און וועהטאגען פון דער יודישער בעפעלקערונג, וועלכער איז בעקאנט מיט זיין געהעריגער בעציהונג צו דער יודען פראגע, וועמענס געזעלשאפטליכע טעטיגקייט, קענען מיר אלע אין אבסערווירען, דעריבער זאל קיינער ניט פעהלען ביי דער אורנע, יעדע שטימע (גלאס) קען דעצידירען, און יעדער אנדערער קאנדידאט וועט ניט קענען אין סיים אזוי פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען ווי **ד״ר אדאם קרעבל**.

יודען! לאזט אייך ניט פערדרעהען די קעפף, הערט זיך ניט צי צו די אלע מורמלערייען. געהט גרימיאל צו דער אורנע, זאל קיינער ניט פעהלין, און שטימען מיר אלע אויף דעם אלגעמיינעם געשעצטען קאנדידאט **ד״ר אדאם קרעבל**.

די וואהל ביורעס זענען אפען (טעטיג) פון 9 פריה ביז 9 אווענד.

אין אייגענעם אינטערעס עצה׳נען מיר אבצוגעבען די שטימע אין די פארמיטאג שעה׳ן ווען עס איז נאך ניט פערהאנען די ענגשאפט פון די וועהלער.

## דער יודישער וואהל קאמיטעט.

אויפרוף פון אידישן וואַל־קאָמיטעט אין טאָמאַשאָוו פאַר דער ערוויילונג פון ד״ר אַדאַם קרעבל, דעם קאַנדידאַט פון דער סאנאציע, צום סיים

אויף דעמאָקראַטישע יסודות. די „תקיפים" בשותפות מיט דער מאַכט האָבן שוין געפונען די וועגן ווי אַזוי ניט אַרויסצולאָזן די „ממשלה" פון זייער האַנט.

די קהלות האָבן זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן ערשט אונטער פּוילן, און טראָץ דעם וואָס דאָס נייע געזעץ האָט פאָרגעזען תיכף׳דיקע אָרגאַניזירונג פון דער אידישער קהלה (פּאַראַגראַף 709 פון 17טן מאַרץ 1921 האָבן אָבער די פּוילישע מלוכה׳לייט ניט געוואָלט געבן די אידן די מינדעסטע אילוזיע וועגן די אַזוי גערופענע „זעלבסט אויטאָנאָמיע" האָבן זיי בכוונה אָפּגעשטופּט די קהלה וואַלן, ווייל ביי זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון דער קהלה האָט זיך געוויזן עפּעס אַ שפּור פון זעלבסטשטענדיקייט אין ריין אידישע פראַגן.

נאָך דער אַנטשטייאונג פון פּוילן האָט דער סטאַראָסטווע נאָמינירט די ערשטע דאָזאָרעס, די פּערזאָנען: מענדל לייזערס (רייכענבערג), בנימין ווייס־בערג און אברהם יצחק בלאַנדער.

דער ערשטער פאַרמעסט צווישן די פּאַרטייען איז פאָרגעקומען אין יאָר 1924, וואָס איז אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן פאָרגעקומען די אַזוי געבענקטע „קהלה וואַלן", און הגם די קהלה האָט געטראָגן געזעצלעך און אינם פּאַקטישן פּראַקטיצירנדיקן לעבן אַן אויסדריקלעך בולטן רעליגיעזן כאַראַקטער, ובפרט אין די קלענערע שטעטלעך, דאָך האָט קיין איין איינציקע פּאַרטיי ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אָנטייל צו נעמען אין די קהלה וואַלן, אַפילו דער בונד האָט זיך אין איר באַטייליקט.

יעדער קרייז האָט געוואָלט ווייזן זיין כוח און איינפלוס אויף דער אידישער גאַס, וואָס דאָס וועט זיי פאַרשאַפן אויטאָריטעט און אָנזען, ווי אויך צו האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצונוצן די קהלה־פּלאַטפאָרמע אַלס פּראָ־פּאָגאַנדע־בימה פאַר זיין פּאַרטיי. די מענטשן האָבן זיך נאָך דעמאָלט גע־שפּילט און טייל אויפריכטיק געגלויבט אין פּאַרטיי דאָגמעס.

און דערפאַר איז דער קאַמף געווען עקשנות׳דיק און פאַרביסן, מען האָט שווער און ביטער געקעמפט פאַר יעדער איינצלנער שטימע. די פּאַרטיי אַגיטאַטאָרס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום זאַך, ספּעציעל די פאַרשטייער פון די פּאַרטייען וואָס זייערע מיטגלידער זיינען די מערהייט געווען יוגנטלעכע, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי האָבן נאָך ניט דערגרייכט די יאָרן פון וואַל באַרעכטיקטע, האָבן זיי געמוזט זוכן שטימען ביי די ניט באַהאַוונטע און ניט אָריענטירטע מאַסע. די הויפּט שלאַכט איז פאָרגעקומען איבערן „עמד", מען האָט זיי צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן, ווי ביליגער מאַכן שחיטה געלט, פריי פון אָפּצאָל דער איינטריט אין מקוה אָדער מרחץ, און אַנדערע דעמאַגאָגישע לאָזונגען, וואָס די פירערס

האָבן געוואוסט אַז לויט די טאָמאַשאָווער אומשטענדן איז דאָס אַן אוטאָפּיע וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן, נאָר וואָס טוט מען ניט צו באַקומען אַ דאָזאָר־בענקל.

טראָץ דעם אַלעמען האָט מען פאָראויסגעזען אַ פולשטענדיקן זיג פאַר די אגודה, וואָס האָט פאַראייניקט אַלע חסידים און אָרטאָדאָקסן אין שטאָט, נאָר צוליב דעם וואָס אין דער לעצטער מינוט האָבן די בעלזער און כעלמער חסידים פאַראייניקט מיט דער „חברה קדישא״ אַריינגעטראָגן אַ זעלבסט־שטענדיקע ליסטע, האָט זיך די לאַגע געענדערט. דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגענד:

אגודה — 5 מאַנדאַטן; בעלזער — 1 מאַנדאַט; מזרחי — 1 מאַנדאַט; ציונים כלליים — 1 מאַנדאַט; האַנטווערקער — 3 מאַנדאַטן און דער בונד — 1 מאַנדאַט.

זיי זיינען געווילט געוואָרן צום ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון 12 מיטגלידער, און זיי האָבן פון צווישן זיך געווילט אַ פאַרוואַלטונג וואָס האָט פאַקטיש אָנגעפירט מיט די קהלה טעטיקייטן וואָס איז באַשטאַנען פון 8 מיטגלידער.

איך וויל אויפפרישן מיין זכרון און געבן אַ ליסטע פון די מענטשן וועלכע זיינען דערווילט געוואָרן אָדער זיינען אַריין אין אַמט נאָך דער רעזיגנאַציע פון זייערע פאָרגייער. כ׳בין אָבער ניט זיכער צי איך גיב אַ פולשטענדיקע ליסטע צוליב דעם כוח השכחה, ואתם הסליחה.

איך מאַך אויך ניט קיין באַזונדער רשימה פון מיטגלידערשאַפט אין ראַט אָדער פאַרוואַלטונג. די רשימה נעמט אַרום מערערע קאַדענצן פון ראַט און פאַרוואַלטונג.

אגודה: **דוד ווייצמאַן, ארי׳ העלער, מיכל יודא לערער, פּינחס זילבער־געלט, יהושע גאָלדשטיין, מיכל יודא פלוג, דוד שווינדלער, נטע העלער, יצחק מאיר גארטלער און יוסף פרידלענדער (בן ירחמיאל).**

מזרחי: **לייזער לעדערקרעמער, שלום זילבערמאַן און מרדכי ראצימאר.**

אַלגעמיינע ציוניסטן: **אביגדור איידלסבערג, יצחק באָרענשטיין, יצחק לעדערקרעמער און משה רייכענבערג.**

בעלזער — חברה קדישא: **מענדל רייכענבערג, ברוך שפארער און יודל אַדער.**

בונד: **נחום שולדינער.**

האַנדווערקער פאַראיין: **יחזקאל קאפּענבוים, מאיר בלומער, הירש מאיר צימענט, יוסף גראָמאַן, שמואל שיפּלינגער און אלי׳ שטראָזלער.**

ביים ווילן אַ פּרעזעס האָבן זיך אַלע פּאַרטייען צוזאַמען מיט די בעלזער חסידים פאַראייניקט און דערוויילט לייזער לעדערקרעמער (מזרחי) אַלס פּרעזעס.

אין די ערשטע האָניק יאָרן האָט יעדע זיצונג צוגעצויגן אַ גרויסן עולם צושויער ווי אַזוי די זיצונגען פירן זיך לויט אַלע פּאַרלאַמענטאַרישע כללים, מיט לייענען דעקלעראַציעס דורך יעדן פּאַרטיי פאַרשטייער, זיין וואונטש און באַגער, אַז די קהלה זאָל דערפילן זיין פּאַרטייס פּאָסטולאַט, און דער בונד האָט געפאָדערט העלפן צו באַפרייען די מענטשהייט פון פאַשיזם... אָדער אַרויס מיט אַ שאַרפן אָנגריף קעגן קלער...

בעפאַר עס האָט זיך געענדיקט די קאַדענץ פון די געוויילטע אין דער ערשטער קהלה האָבן זיך געוויסע פּאַרטיי פּאָליטיקער געסטאַרעט ביי דער מאַכט, צו פאַרקלענערן די קהלה, דאָס הייסט אַז אַנשטאָט אַ ראָט און פאַרוואַלטונג זאָל די קהלה באַשטיין נאָר פון אַ פאַרוואַלטונג פון 8 פּערזאָן.

אין די שפּעטערדיקע וואַלן האָט דער עולם שוין אַביסל פאַרלוירן דעם אינטערעס. דאָך איז ביי יעדער וואַל פאָרגעקומען מצד די פּאַרטייען הייסע קאַמפּן.

אַלס קהלה פּרעזעס איז דערוויילט געוואָרן שמואל שיפּלינגער, וואָס האָט כמעט די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן דעם פּרעזעס אַמט, ביז צום לעצטן קאַדענץ ווען עס איז דערוויילט געוואָרן חיים יוסף לערער (מזרחי) וואָס האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז צום ענדע. פאַר אַ געוויסער צייט האָט דעם פּרעזעס אַמט אָנגעהאַלטן ר׳ איטשע מאיר גאַרטלער.

## שטאָט־ראַט וואַלן

דאָ האָבן זיך די פּאַרטייען שטאַרק צעשפּרייט די הענט. דער ראַט איז באַשטאַנען פון 24 מיטגלידער. די זיינען געווען אַ מערהייט פון דער אַלגעמיינער שטאָט באַפעלקערונג. ס׳איז געווען פון וואָס צו שניידן מוציא׳ס. ביי די ערשטע וואַלן האָבן אידן דערוויילט אַ פולשטענדיקע מערהייט, וואָס געזעצלעך איז די אידן געקומען דער אַמט פון בורמישטש (בירגער־מייסטער, אָדער מעיאָר), נאָר אונטערן דרוק פון דעם סטאַראָסטאָ וויעלאָ־נאָווסקי (אגב אַ משומד, גראָסמאַן פון באַכניא) האָבן אידן פרייוויליק אָפּ־געטראָטן דעם אַמט פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג, און מיט זייער הילף איז דערוויילט געוואָרן מר לעגאָווסקי, אַ גוטבאַזיצער און געוועזענער אַנטיסעמיט, אָבער שפּעטער געווען אַ זייער ליבעראַלער מענטש. ער האָט

געהאָדעוועט אַ היימלאָז אידיש קינד און פאַר אים באַצאָלט שכר הלימוד. שפּעטער האָט דאָס אינגל באַקומען אַ צונאָמען: לעגאָווסקי לייזער.

די פּאָלאַקן האָבן אָבער ניט געוואָלט אָנקומען צום חסד פון די אידן, און שפּעטער האָט דער אינערן מיניסטער דורך אַ ספּעציעלן דעקרעט צוזאַמענגעשמאָלצן די נאָענטע דערפער צו דער שטאָט (מיט אַ פּריווילעגיע צו בלייבן ביי די קלענערע דאָרפישע שטייערן) און אַזוי איז צוזאַמענגעשטוקעוועט געוואָרן אַ גויאישע מערהייט. דאָך האָבן אידן געהאַט 50 פּראָצענט ראַדניקעס.

אָבער צו דערוויילן דעם בורמישט האָט שוין קיינער קיין דיעה ניט געהאַט, נאָר דער סטאַראָסטווא האָט אָנגעוואָרפן אַן עמעריטירטן פּאָל־קאָווניק פון דער סאַנאַציע.





# דרך אגב

## • נטע אייזען (א. רום)

**א** גענזעץ אַזאַ: אַלץ וואָס איז פאַרגאַנגען, אַלץ וואָס איז אַריבער און איז מער נישטאָ, אַ חוץ — פאַרשטייט זיך — דעם גרויליקן אומקום פון אונזערע נאָענטע און טייערע, אַלץ דאָס אַנטפּלעקט זיך שפּעטער אין זכרון אַזוי אינטערעסאַנט, אַזוי פּראַכטפול, אַזוי רירענד. אַפילו שווערע פּערזענלעכע איבערלעבענישן און טיפע מענטשלעכע ליידן, רוט איבער זיי שפּעטער דאָס ליכט פון אַ צאַרטער בענקשאַפט און אַ אידעאַליזירטער פאַרגאַנגענהייט. אַזוי איז שוין דאָס מענטשלעכע האַרץ: עס האָט ליב און איז פאַרבענקט אין דעם וואָס עס איז געווען אַמאָל און איז אַוועק אויף אייביק, אַפילו ווען דער היינט איז בעסער, באַקוועמער ליכטיקער ווי דער נעכטן.

אייגענטלעך איז דערין נישטאָ קיין שום חידוש. דער „אַמאָל" איז אונזער קינדהייט, אונזער יוגנט, אונזער הערלעכע וועלט פון טרוימען און חלומות. וואָסזשע איז דער וואונדער וואָס עס בענקט זיך צו זיי? וואָס אונזער זכרון שעפּט פון זיי פולע הויפנס מיט אַנטציקונג, בענקעניש און באַרויקונג?

איך בין זיך אָפן מודה אַז פון דעם טאָג אָן, אין וועלכן איך בין געקומען צו מיין אייגענעם שכל — און צו מיין גליק אָדער צער — איז דאָס געווען זייער פרי האָב איך געשטרעבט מיט אַלע מיינע כחות צו אַנטלויפן פון אונזער שטעטל. עס זיינען מיר געווען דערווידער די דחקות, די לופט־פּרנסות די אומזיכערקייט אין וועלכע די אידן האָבן געלעבט, אָבער, גאָר באַזונדערס האָט מיך געאַרט די בטלנות און האָפענונגסלאָזיקייט פון דער יוגנט פון די אינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַסט און האָבן געלעבט אין אַ שטענדיקן פּחד פאַר דעם מאָרגן.

עס האָט מיך אַליין כסדר געפּייניקט אַ גליענדיקער געפיל פון אַ שאַרפער אינערלעכער סתירה: פון איין זייט האָב איך שטאַרק ליב געהאַט דאָס לאַנד ד. ה. די פעלדער, וועלדער, טייכן, די פּראַסטיקע באַשנייטע לבנה־נעכט אין ווינטער און דעם זאַנפטן, מחיה'דיקן פרימאָרגן פון פּויליש הערבסט; איך האָב דורשטיק געטרונקען פון די קוואַלן פון דער פּוילישער ליטעראַטור און פּאָעזיע און איך האָב אַפילו ליב געהאַט דעם פּוילישן מענטש, און איך בין געווען גרייט פיל מוחל צו זיין. פון דער אַנדערער זייט, ווידער, האָב איך געפילט אַז איך שפּרייז אויף פרעמדער

ערד אַז איך לעב צווישן אַ פרעמד, פיינטלעך פאָלק, אַז דער מאָרגן איז אויסזיכטלאָזער, איז האָפנונגסלאָזער, איז פינסטערער ווי דער נעכטן און אַז וואָס ווייטער אַלץ ערגער. אין אָט די שלאָפלאָזע נעכט און אומרואיקע טעג פון ספקות און געראַנגל, פון סתירות און יסורים איז געקומען מיין ציוניסטישע התגלות און האָט מיך פאַרפירט אויף אַנדערע שטעגן און וועגן. אַ גורל אַזאַ.

ציוניסטישע יוגענט



אברהם אונטערבוך, שפּארער, זעליג פאמעראנץ, נפתלי מעסער, שמואל באקסענבוים, ירוחם מונטער און נתן שפּארער

ווי געזאָגט האָב איך וויניק געהאַט נחת פון מיין שטאָט. איך בין געווען אומצופרידן פון אַלץ, הגם, איך האָב קיינעם נישט געהאַלטן פאַר שולדיק דערין. אַזאַ איז געווען די לאַגע. עס איז איבער איר געווען אויס־געגאָסן די קללה, פונקט ווי איבער אַלע אַנדערע אידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

אָבער אינטערעסאַנט וואָס מער איך האָב זיך דערוויטערט פון טאָמאַשאָוו אין שטח און אין צייט, אַלץ מער האָבן זיך פאַר מיר אויך אַנטפּלעקט די גוטע, שיינע זייטן פון דער שטאָט, די אייגנאַרטיקע מעלות פון אירע אידישע איינוואוינער, דאָס אינטערעסאַנטע אינהאַלטסרייך גע־זעלשאַפטלעך און קולטור־גייסטיק לעבן.

נישט געקוקט אויף דעם שווערן ביטערן קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, פאַר פרנסה; נישט געקוקט אויף דער עקאָנאָמישער נויט און די שנאה פון דעם אַרום האָט זיך די אידישע קהילה פון אַ נאַציאָנאַלן און גייסטיקן שטאַנדפּונקט געפירט ווי אַ מדינה אין אַ מדינה. די אידן זיינען געווען פאַראייניקט אַלס אַ כלל מיט אַן אייגענער שפּראַך, מיט אייגענע ימים טובים, מיט געמיינזאַמע טראַדיציעס, מיט התחייבות׳ן און קעגנזייטיקער הילף, בקיצור: הגם מיר האָבן געלעבט אויף פרעמדער ערד און אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט האָבן מיר דאָך אָפּגעהיטן אונזער אייגענע נאַציאָ־נאַלן אידישן פּרצוף־פּנים אונזער גייסטיקע ירושה און וויטער געשפּינט דעם פאָדים פון אידישן קיום פון אידישן המשך און פון אידישער שעפע־רישקייט.

סך־הכל האָבן געלעבט אין טאָמאַשאָוו עטלעכע טויזנט אידישע פאַ־מיליעס, אַ קליינער אידישער צבור אָבער ווי פאַרבנרייך און דינאַמיש ער האָט געלעבט זיין אידישן און גייסטיקן לעבן. איבער דעם אומעטנעם טאָמאַשאָווער הימל האָט זיך געשפּרייט דער גאַנצער רעגנבויגן פון אַלע אידייען, אופּאָסונגען און אידעאַלן וועלכע האָבן אין די ערשטע צענדלי־קער פון דעם 20־טן יאָרהונדערט באַהערשט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק און אַפילו די גאַנצע וועלט.

הייסע חסידים און געמאַכטע פריידענקער; מזרחיסטן און אַגודיסטן און קאָמוניסטן, ציוניסטן, בונדיסטן און סיימיסטן און טעריטאָריאַליסטן און אַפילו אַנאַרכיסטן פון אָט די אַלע מינים האָט מען געקענט געפינען אין דעם קליינעם אידישן ישוב אין טאָמאַשאָוו. און יעדער איינער האָט געגלויבט אין זיין וועג, אין זיין אידעאַל; יעדער איינער האָט געלייענט און געלערנט; אַגיטירט און געקעמפט מיט עקשנות און מסירת־נפש פאַר זיינע איבערצייגונגען און אמונה. היינט וואָלט זיך גאָרנישט גלויבן אַז אַזאַ

זאָך איז מעגלעך געווען, האָט עקזיסטירט. מען האָט, וואָס אַן אמת, אונטער־געהונגערט און נישט קליין איז געווען די עלנט און די נויט, אָבער, יעדער איינער האָט זיך געשאַפן אַן אַנדער וועלט, אַ גייסטיקע, אַן אידעאישע אין וועלכער ער האָט זיך געפילט פריי און אומדערשראָקן און זי האָט אים געדינט סיי אַלס רעטונג פון דערווירקלעכער לאַגע און סיי אַלס בשורה פאַר אַ בעסערער צוקונפט. אוי וויפל גייסטיקע ענערגיע, וויפל שיינע חלומות וועגן מענטשן־ליבע און פעלקער־פאַרברידערונג; וויפל בענקשאַפט און טרוים צו פערזענלעכן אויסלייז און גאולה פון פאָלק, זיינען געווען פאַרבאָרגן אין די אידישע קינדער, אין דער אידישער יוגנט און אין יעדן אידן פון טאָמאַשאָוו!

ביז די דרייסיקער יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט בין איך געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלע טיילן פון דער טאָמאַשאָווער אידישער קהלה מיט יונג און אַלט, מיט גלויביקע און פרייע, מיט פשוטע פאָלקס־מענטשן און פשוטי־העם, מיט ציוניסטן און בונדיסטן מיט אַלץ און אַלעמען. איך זע זיי איצט אַלע פאַר מיינע אויגן נידערשלאָגענע און שטאָלצע; מוטלאָזע און קעמפערישע; אָרעמע אין גאַנגול און רייכע אין גייסט; פאַר־יאוש׳טע און האָפענונגסלאָזע. זיי גייען אַלע אַדורך ווי אין אַ קאַליידיסקאָפּ. טאָמאַשאָוו האָט נישט געהאַט די זכיה אַרויסצוגעבן גאונים. מיר דוכט זיך אַז עס איז שווער צוגעפינען אין איינציקן איד פון טאָמאַשאָוו וועמענס באַרימטקייט עס איז אַריבערגעשטיגן די גרעניצן פון דער אייגענער שטאָט. דערפאַר האָט די השגחה געטאָן מיט איר אַ חסד:

די פאַנאַנדערטיילונג פון ווערטן און מעלות צווישן יעדן איינעם באַזונדער און אַלע צוזאַמען איז זיכער געווען גערעכטער און אפשר אויך נוצלעכער.

געווען אַמאָל אַ אידיש טאָמאַשאָוו מיט לייד און פרייד, מיט שאַפן גלויבן און האָפענונג. געווען — און איז מער נישטאָ!



# דער גייסטיקער מצב פון טאָמאַשאָווער אידנטום

● ש. ליכט

די טעמע איז אַ ברייטע און אַ טיפע, ווי אונזער תורה האָט שוין פון לאַנג קאנשטאַטירט דעם מענטש׳ס באַדערפעניש מיט׳ן הימלישן אויסדרוק „כי לא על הלחם לבדו יחי׳ האדם״, ניט נאָר אויפ׳ן ברויט אליין לעבט דער מענטש. אויב ער וויל אינהאַלט אין לעבען, אַ גייסטיגע צופרידענקייט מיט זיין עקזיסטענץ דאַן מוז ער עפּעס האָבען אַ תכלית אַ ציל, אַן אידעאַל, וואָס דאָס גיט אים כח צו פאַרדייען דעם זיגזאַג לעבען פון אַדורכפאַלען און שטייגען אין מאַטעריעלן זין, ער זאָל קיינמאָל ניט פאַלען צו נידעריג און ניט שטייגען צו הויך, ער זאָל עפּעס פאַרמאָגען וואָס האַלט זיין חומר, אויפ׳ן היינטיגען לשון אַ לעבענס וויטאַמין — און בעסטען גלייכגעוויכט.

כ׳האָב אויך ניט בדעה צו שרייבען אַ געשיכטליכע אָפּהאַנדלונג וועגען דעם הויכען גייסטיגען ניווּאָ פון טאָמאַשאָווער אידענטום זייט זיין אַנטשטייאונג, וואָס דערמיט קענען מיר שטאָלץ זיין, ווייל שוין מיט 350 יאָר צוריק ווען אין פיל אידישע ישובים אין פוילען זענען נאָך געווען רויהע און ניט אַנטוויקעלטע, קוים געהאַט אַ מנין, און טייל נאָר געהאַט אַן אַנגעשטעלטען ביי קהל וואָס האָט פאַרנעמען דעם זעקס מאָל געדאָפּלטען פּאָסטען, פון רב, חזן, שוחט, מלמד, מוהל, שמש האָט שוין טאָמאַשאָוו פאַרמאָגט אַ בליענדען אידישען ישוב מיט די גרעסטע גאונים פון יענער צייט, אַלס רבנים און ראשי ישיבות, כדאי צו דערמאָנען אייניגע ווי הגאון רבי מרדכי א ברודער פון קראָקאָווער רב בעל מגיני שלמה ופּני יהושע, אומגע־קומען על קידוש השם שנת ת״ט, הגאון רבי יעקב ב״ר פייוול, רב און ראש ישיבה אין טאָמאַשאָוו, און שפּעטער אין לויצק, הגאון רבי יהודה ב״ר ניסן אַ תלמיד פון מהרש״ל און מהרש״א, און שפּעטער רב אין קאַליש, מחבר פון בית יהודא געוועזען רב אין טאָמאַשאָוו שנת תי״ד, און פון זיין ישיבה זענען אַרויס גדולי הדור און די חשוב׳סטע רבנים אין יענער צייט. אַזאַ אַרבעט וואָלט מיך צו ווייט פאַרפירט, און שפּעטער די רביים פון קאָצק און יאַרטשוב א. אַ. כ׳וויל זיך נאָר קאָנצענטרירען אויף דער לעצטער צייט, וואָס מיר געדענקען, אָדער מיר האָבען עס געהערט פון אונזערע עלטערען וואָס זיי האָבען עס מיטגעלעבט.

## די גייסטיקע שפּייז אין דער לעצטער תקופה

און עס ווילט זיך באַהאַנדלען די פראַגע, וואָס איז געווען די גייסטיגע ערנערונג פון אחינו בני ישראל בקהלת טאָמאַשאָוו בימינו ובימיכם?

כדי צו זיין ערליך און אויפריכטיג, מוז איך טיילען מיין אַנטוואָרט אין 2 חלקים.

1) ביז׳ן ערשטען קריג. 2) נאָכ׳ן ערשטען קריג.

ווייל די קריג האָט ניט בלויז געענדערט גרעניצען פון לענדער און פעלקער אין אַלגעמיין נאָר האָט אויך געשאַפען נייע באַגריפען, אַ נייעם קוק אויפ׳ן לעבען אין דער וועלט, זי האָט פשוט רעוואָלטירט געגען דעם גאַנצען אַלטען שטייגער אַרט אידיש לעבען און דענקען, כדי צו זיין מער פּינקטליכער און רעאַלער, דאַרף מען די תקופה פאַר׳ן ערשטען קריג אויך צעטיילען אין צווייען, ביז׳ן פינפטען יאָר, און פון פינפטען ביז 1914, דאָס הייסט ביז צום קריגס אויסברוך.

## דער גייסטיקער צושטאַנד ביז 1905

אַלזאָ לאָמיר גיין כסדר, ביז׳ן פינפטען יאָר, האָבען זיך אונזערע טאָמאַשאָווער אידען געלעבט מיט דער לעבונגס־איינשטעלונג און מנהגים פון אבות אבותינו, דער יסוד פון לעבען איז געווען די הייליגע אמונה, און דער בנין הן אין פריוואַט לעבן הן דאָס ציבור׳דיגען איז געווען אַדורכגעדרינגען און אַדורכגעפלאָכטען מיט אַלע שטרענגע כללים פון שלחן ערוך, די תורה געזעצען האָבען אויסגעפאָרמט דאָס אינדיווידועלע און געזעלשאַפטליכע לעבן עס איז ניט געווען קיין אונטערשייד רייך צי אָרים פון סוחר אָדער בעל מלאכה אלע האָבען געהאַט איין ציל און אַלע האָבען געהאַט איין תכלית, אָפּצוהיטען אַלע תורה געזעצען אין טעאָריע און אין פּראַקטיק, און דאָס חשיבות פון מענטש איז געמאָסטען געוואָרען מיט׳ן תורה קאַליבער אָדער לויט די פרומקייט און נדיבות וואָס אַ גרעסערער תלמיד חכם און ערליכער איד אַלץ מער נכבד, אין אַ געוויסען זין האָט זיך דאָס אידישקייט אין די לעצטע הונדערט יאָר געשטאַרקט צוליב דעם איינפלוס פון חסידות, וואָס האָט זיך זעהר שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין טאָמאַשאָוו. דאָס האָט אויפגעפרישט און אויפגעמונטערט איינגעגעבען התחזקות און מוט, פריילעכקייט און לעבעדיגקייט, התחזקות און בטחון מוט און לעבענסערפרישונג. ספּעציעל דערהויבען זענען געוואָרען די „פּאָלקס מענטשען", דער גרעסטער וואונטש אין לעבען ביי טאַטע־מאַמע איז געווען צו האָבען קינדער תלמידי חכמים און יראי השם, אידען האָבען געדאַווענט ערב ובוקר מיט מנין, און אויך אַריינגעכאַפּט אַביסעל לערנען יעדער לויט זיין מעגליכקייט. אפילו די האָרעפּאַשנע „בעלי מלאכה" וואָס האָבען צוליב זייער אָרימקייט געמוזט פון זייער פריהסטער

יוגענט גיין אַרבעטען בכדי צו פאַרדינען אויף ברויט, האָבען זיי געהאַלטען אַ רבי׳ן וואָס האָט מיט זיי געלערנט עין יעקב אָדער משניות. אמת עס האָבען זיך געפונען עמי־ארצים, אַן עבריין אָדער אפילו בעלי עבירה אָבער נאָר אַלס אַן אינדיווידואַל און אָהן וועלכע אידעאָלאָגישע אונטערשלאָגן אָדער אָרגאַניזירט נאָר דאָס דוב מאָל לתיאבון, באַהערשט פון נידעריגע תאוות און אינסטינקטען אָדער צוליב שווערע אומשטענדען און נסיונות איז דער מענטש נכשל געוואָרן. די „השכלה״, וואָס אין די שכנות׳דיקע שטעט זאַמאָשטש און שעבערשין האָט זי געהאַט אַזעלכע ריזן ווי יעקב רייפמאַן, ש. דוד שיפמאַן סאמאראדנער פרץ און אַנדערע פענאָמען האָבען ניט באַוויזן אָנצורירן דאָס גאַנצקייט פון יהדות, אָריגינעלן אידישקייט אין טאָמאַשאָוו, ווי איך דענק האָט זעהר פיל דערצו געהאָלפען דער חסידישער־פאַנצער וואָס טאָמאַשאָוו האָט פאַרמאָגט, עס זענען איבערהויפט אין טאָמאַשאָוו קיין מתנגדים אָדער ווי מען רופט זיי אין דער ליטא עולימשע אידען ניט געווען, נאָר חסידים, בעלי בתים און פראָסטע אידען דער קלאַס וואָס איז שפּעטער טיטולירט געוואָרען מיט׳ן נאָמען „עמך״ וואָס איז באַשטאַנען פון אָרימע בעלי מלאכות ־דאָרפס גייער און אַ געוויסען טייל קליינהענדלער.

פון קיין וועלטליכע בילדונג איז קיין רייד ניט געווען, געוויסע אידען (ספּעציעל פון דער רייכערע סוחרישע קלאַס האָבען געקענט לעזען און שרייבן די לאַנדס שפּראַך, און רעכענען אויף אַזוי פיל וואָס זענען נויטיג צום מסחר, און אויך דאָס איז געלערנט געוואָרען נאָר דורך פּריוואַטע לערערס וואָס זענען אַליין געווען זעהר פרומע אידען מיט באָרד און פיאות. דער גרעסטער געוויכט איז געלייגט געוואָרען אויף לימודי קודש, ש״ס און פוסקים, אין דער בירגערליכע שולע איז כמעט קיינער ניט געגאַנגען. מיט די ניט אידישע שכנים האָט מען געהאַט גאָר קליינע מחזקות, עס האָט געמעגט זיין דער בעסטער קונה און שכן, חסידישע אידען פלעגען אויך מוסיף זיין צו לערנען חסידישע ספרים, ווי דעם נועם אלימלך, קדושת לוי און עבודת ישראל און דעם רבין פון לובלין׳ס ספרים, די מער מאָדערנע האָבען עוסק געווען אין די ספרי חקירה ווי מורה נבוכים, בעל עקידה, כוזרי אָדער שפּעטער ספר הברית און געלערענט תנ״ך מיט׳ן מלבי״ם.

דאַוונען און עברי האָבען אַלע הונדערט פּראָצענט געקענט, אידיש אָדער אונטערשרייבען זיך ביי אַן ערך פון 80 פּראָצענט, אין דער צייט ווען די ניט אידישע שכנים האָבען 80 פּראָצענט ניט געקענט לעזען און שרייבען.

דאָס לעבען איז געגאַנגען מאָנאָטאָן, קיינער פאַרפעלט ניט צו דאַוונען ערב ובוקר, נאָר די מער איידעלע פלעגען עפּעס לערנען יעדען טאָג, יעדער לויט זיין שטאַנד און התמדה, חסידים פלעגען אויך יוצא זיין מיט אַ חסידישען שמועס אָדער רביישע מעשה, אין פּראָסטען בית המדרש פלעגט אויפקומען די „פּיעכאָטנע מגידים״ און עמך פלעגט לעקען די פינגער, איבערהויפּט פון

די „משלים״. און אַז עס איז געוואָרען אַ מחלוקה, און דאָס האָט ליידער ניט געפעלט, איז יעדען טאָג געווען פרישע נייעס. אין שטאָט האָבען עקזיסטירט „פריוואַטע מלמדים״ און אַ שטאָטישע תלמוד תורה, פאַר די אָרימע קינדער, עס האָט עקזיסטירט אין שטאָט אַ רוסישע שולע פאַר עלעמענטאַרע בילדונג, אָבער ניט אַלע האָבען געשיקט אַהין די קינדער, פון די אידען כמעט קיינער ניט, אידען האָבען געלעבט צוזאַמען מיט פּאָלאַקען און רוסען און מיט זיי געהאַנדעלט יעדען טאָג, אָבער האָבען מיט זיי קיין שום שייכות ניט געהאַט, און ניט נאָר רעליגיעז נאָר אויך קולטורעל געווען צוויי באַזונדערע אָדער בעסער געזאָגט געגענגעזעצטע וועלטן. דאָס רוב אידען האָבען כמעט ניט געקענט די לאַנדס שפּראַך, און אַזוי האָבען זיך געהאַדעוועט דורות, דור הולך ודור בא, און די אידען זענען געבליבען די זעלבע עקשנים מיט זייער אָריגינעל אידישקייט.

## נייע שטרעמונגען

ביים ענדע פון ניינצענטן יאָרהונדערט האָבען זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו פרישע מענטשען וואָס זענען געקומען פון זעהר ווייט. מאָדערנע מענטשען אָפּגעזענגט פון דער השכלה, געווען זענען דאָס די פאדרייטשיקעס און וואַלד סוחרים. ביי זיי אין שטוב איז די אומגאַנגס שפּראַך געווען נאָר רוסיש, אונטער זייער השפעה און דרוק איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב דער ליטוואַק, הרב שידקאווסקי, מתחילה אַלס „קאַזאָנע־רב״ און שפּעטער אַלס שטאָטישער רב, זיין הויזגעזינט איז געווען גייסטיג זעהר נאָענט צו די נייע שטרעמונגען, און זיי האָבען אַריינגעצויגען, אויך שטאָטישע חסידישע בחורים אַזוי, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען בילדען אַ קרייז פון „מאָדערנע יוגענט״, פון לערנען רוסיש, לייענען אַ צייטונג אָדער אַ ביכעל, די „הצפירה״ האָט אָנגעהויבען צו האָבען דריסת הרגל אין אידישע הייזער, און האָט אַריינגעבערענגט אַביסעל „השכלה״ און פאַרזייט די ערשטע קערענדלעך פון ציוניזם, אין פינפטען יאָר מיט׳ן אויסברוך פון די יאַפּאַנישע קריג און די ערשטע שפּורען פון רעוואָלוציע, האָט זיך בכלל די רוסישע אימפעריע געגעבען אַ טרייסעל און מיט איר האָבען זיך אָנגעהויבען צו שאָקלען אַלע אַלטע פונדאַמענטען ביי אידען, אַריינגערעכנט די פריש געקומענע בעלי בתים, די מאָדערנע רוסישע אידען. אין אַ טייל אָנגעזענקטע פון „זאמאשטשער־השכלה״, האָבען געהאַט אַ סאָטיספאַקציע, אַז עס איז זיי געלונגען אַריינצוריקן אַ ביכעל אַ חסידישען בחור, אָדער מיידעל, אַזוי, אַז אין 1910 איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע אידישע ביבליאָטעק דורך דער מיטהילף פון איינעם מר מיימון, נאָר לאַנג האָט זי ניט עקזיסטירט. אַ פּאָר פרומע אידען מיט ר׳ מרדכי יוסף מילכיגער ע״ה בראש, זענען אַריין ביינאַכט צעריסען און פאַר־ברענט אַלע ביכער און דעמאָלירט דאָס לאָקאַל, און די רוסישע מאַכט האָט

דערפון הנאה געהאַט און געשוויגען. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען שפּראָצען און אַנטוויקלען אַן אַלגעמיינע־ציוניסטישע באַוועגונג אָבער צו קיין פאַר־ווירקליכונג איז דאָס ניט געקומען, און אַזוי איז אָנגעגאַנגען דאָס לעבען ביז׳ן קריגס אויסברוך פון 1914.

## דער גייסטיקער איבערברוך

אין דער צייט פון ערשטן קריג וועלכער האָט געברענגט חורבן, הונגער און נויט האָט קיינער ניט אינזינען געהאַט קיין קהלישע געשעפטען, נאָר ביים ענדע פון קריג האָט זיך שוין אָנגעהויבען אויספּיקען פאַרשידענע פּאַרטייען און קרייזען, ספּעציעל נאָכ׳ן קריג מיט׳ן אַנטשטיין פונ׳ם נייעם זעלבסט־שטענדיגען פּוילען. ביי פיל האָט דאָס אַרויסגערופען האָפענונגען פון נייע מעגליכקייטען צו עקזיסטירען אויפ׳ן אָרט, און זיי זענען פאַרבלענדט געוואָרען פון די פאַפּירענע פרייהייטס לאָזונגען פאָרגעצויגען די אידעען פון פאָלקיסטען־בונדיסטען, אַז דאָ אין פּוילען איז אונזער צוקונפט, און דאָ דאַרפען מיר אויסקעמפען אונזער רעכט, און דאָ איז אונזער היים. זיי האָבען גערופען צו פאַראייניבארונג און פאַרברידערונג מיט די פּאָלאַקען, וואָס אונזער גורל איז אַ שותפותדיגער, און ממילא האָט די גייסטיגע מחיצה אָנגעהויבען ביסלעך פאַרשווינדען, ניט פון די גוים צו אידען, נאָר פון אידען צו גוים. געוועזן איז דאָס דער גרעסטער טייל וואָס די באַפרייאונג פון פאַרשקלאַפטע לענדער, האָט אַרויסגערופען ביי זיי פאַרבאָרגענע קנאה און אויפגעוועקט נאַציאָנאַלען שטאָלץ איבערהויפּט נאָך דער „באַלפור דעקלאַראַציע", זענען אידען געוואָרען ענטו־זיאַסטיש געשטימט פאַר׳ן אויפבוי פון ארץ ישראל, אַ שטראַל פון האָפענונג פאַר אַן אייגען זעלבסטשטענדיג נאַציאָנאַל לאַנד אַן אייגען לאַנד וואָס דאָס אידענטום לעכצט און בענקט טויזענטער יאָרען, און דאָס האָט אַריינגעצויגען גרויסע גרופּן אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אין אַלע אירע אָפּשפּאַלטונגען און אָפּנייגונגען פונ׳ם מזרחי ביז׳ן השומר הצעיר און לינקע פועלי ציון.

נייע ווינטען האָבען אָנגעהויבען וויען אויף דער אידישער גאַס, און האָבען אָנגעהויבען אַריינדרינגען כמעט אין אַלע היזער, און האָבען צעבראָכען אַלע פעסטונגען און פאַרצוימונגען, די פּאַרטיי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן העכער פון אַלעמען אפילו פון פאַמיליע אינטערעסן. ביכלעך און צייטונגען זענען געוואָרען אַ טעגליך געברויך, פאָרלעזונגען און פאַרוויילונגען זענען געווען אָפּטע דערשיינונגען, עס האָבען זיך געשאַפען ביבליאָטעקען און דראַמאַטישע קרייזען, ספּאָרט קלובען און בכלל פאַרוויילונגען און די אַלע זאַכען האָבען מיט געברענגט הפקרות, און אַראָפּ געוואָרפען דעם עול התורה והמצות, ניט אַלע מיט׳ן זעלבען טעמפּאָ און מאַסשטאַב, אָבער די אַלטע יסודות פון אידישקייט זענען צעשטערט געוואָרען און דער תהום צווישען דור און דור איז געוואָרן ברייטער און טיפער, די אָרטאָדאָקסיע איז געווען צעבראָכן און דערשלאָגען,

די שטיבלעך האָבן כמעט געפּוסטעוועט פון יוגענט. יעדער נייע פּאַרטיי אָדער אידעאַל איז דאָס ערשטע ווי זי האָט געזוכט און באַקומען קאַנדידאַטען, איז דאָס געווען פונ׳ם „אָרטאָדאָקסישען לאַגער״. ביז עס איז אַנטשטאַנען די „אגודה״, אָבער דאָס האָט ווייניג וואָס געהאָלפען נאָר ביז עס האָט זיך באַזעצט ביי אונז אין שטאָט דער ציעשינאָווער רבי, ער האָט אויפגעהויבען די אָרטאָדאָקסיע ספּעציעל די יוגענט זיי אַריין געגעבען מוט און שטאָלץ, און ער האָט דערצויגען אַ באַוואוסטזיניגע חסידישע יוגענט וואָס זענען שוין ניט מער מיטגעריסן געוואָרען מיט׳ן מאָדערנעם שטראָם, נאָר שטאָלצע מוטיגע יונגעלייט און בחורים, און דאָס לעבען האָט זיך מער ווייניגער אַזוי אָוועקגעשטעלט.

## דער סך־הכל

דער אַלטער דור, ד. ה. נאָך 40 יאָר אַלט, איז הונדערט פּראָצענט געווען רעליגיעז, וואָס האָט געצויגען זיין גייסטיגע חיונה פון אַלטען אידישען אוצר, אַ גמרא, משניות אַ חסידיש ספר א. א. וו., אָבער אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי האָבען שוין געלייענט יעדען טאָג אַ צייטונג און זעהר פיל זענען נכשל געוואָרען מיט׳ן „היינט״ אָדער „מאָמענט״ ציוניסטישע צייטונגען וואָס זענען געווען איבערגעלאָדען מיט אַפּיקורסות, די גאָר פרומע און „אגודה״ מענטשען האָבען געלייענט דעם „יוד״ און שפּעטער דער „טאָגבלאַט״, אפילו זיי זעלבסט האָבען דאָס ניט באַדאַרפען, האָבען זיי דאָס אַריינגענומען אין שטוב אַריין צוליב די קינדער צו פאַרלויפען דעם וועג פון אַ צווייטע צייטונג און דאָס לייענען איז ניט אַנגעקומען גרינג, טייל מענטשען האָבען געהאַט דעם צייטונג נאָר אַ שעה, און טייל ערשט אויף צומאָרגענס אָדער איבערמאָרגענס, ווייל 6־8 מענטשען האָבען אַבאָנירט איין צייטונג, אָבער געלעזען האָט מען דעם צייטונג מדאטשקא אל דאטשקא, און ווען עס איז געקו־מען צו פּאַרטיי פּאָליטיק האָט מען דאָס איבערגעלעבט ווי עס וואָלט געווען אַן אייגען געשעפט.

פון 25 — 40 זענען די „פרייע״ שוין געווען קענטיג און אַנזעעוודיק. דער יונגערער דור איז כמעט 50 פּראָצענט שוין געווען „פריי״, אונטער דעם אויסדרוק האָט מען ביי אונז געמיינט, מענטשען וואָס האַלטען ניט די תורה, דאָס הייסט זיי דערלויבען זיך עובר צו זיין אויף דער תורה, דער באַגריף פון 3 טאָגיגע אידען, ד. ה. צו זיין רעליגיעז מיט קומען אין שוהל אַריין ראש השנה, יום כפור, האָט ביי אונז בכלל ניט עקזיסטירט (מיט׳ן אויסנאַם פון דאָקטאָר), אויב ער איז ניט געווען רעליגיעז איז ער קיינמאָל ניט געגאַנגען, בפרהסיא איז אין שטאָט ניט געווען קיין מחלל שבת, ווייל אַלע געשעפטען און בעלי מלאכות האָבען ניט געאַרבעט מיט׳ן אויסנאַם פון די פריזיערס, אָבער אין טייל פּאַרטיי לאָקאַלען ווי דער בונד אָדער לינקע

פּועלי ציון אָדער די אידישע אַרבייטער פּאַרטיי באַקאַנט אונטער׳ן נאָמען „איאפּ״, איז דער חילול־שבת געווען (כמעט) אַ טייל פון פּאַרטיי פּראָגראַם.

און אפילו אין די מעסיגע וועלטליכע פּאַרטייען, זענען אויך נישט אָפּיציעל נכשל געוואָרען אין חילול שבת, ספּעציעל די חלוצישע יוגענט, ווייל דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון איבערייסען מיט׳ן אַלטען בטלנישען לעבען.

ניט אַלע האָבן געלייענט ביכער, אָבער געטראָגען אַ ביכעל ׳אונטער׳ן אָרים״ האָבן אַלע, ווייל דאָס האָט מכלומר׳שט געגעבען אַ צייגעניש פון באַוואוסטזיניגקייט, און מאָדערן. אין פאַוושעכנע שקאָלא, זענען שוין געגאַנ־גען כמעט רוב שטאָטישע אידישע קינדער, און גאָר אַ קליינער פּראָצענט אין דער גימנאַזיום. אידיש איז געווען די אומגאנגס שפּראַך אפילו פון דער יוגענט, און קיין פּוילישע צייטונג האָט קיינער ניט אַבאָנירט, אפילו דער בונד האָט זיך אויסגעלעבט מיט׳ן „פאָלקס צייטונג״, נאָר אין די אָנהויב פון די דרייסיגער האָט דאָס פּוילישע אָנגעהויבען מער אַריינצודרינגען אין די אידישע הייזער. די קליינע צאָל אידען, וואָס זענען געגאַנגען אין גימנאַזיום האָבן שוין גערעדט נאָר פּויליש, אויך די אינטעליגענטע יוגענט פּויליש, און דאָס האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרשפּרייטען, די לעמבערגער „כווילא״ און וואַרשאַווער „נאש פּשעגלאנד״ (ציוניסטישע צייטונגען אין דער פּוילישער שפּראַך), זענען וואָס אַ יאָר מער געלעזען געוואָרען און פאַרשפּרייט געוואָרען. די אָרטאָדאָק־סישע יוגענט איז געטיילט געוואָרען אין 3 טיילען: מזרחי, אגודה, און אומ־פּאַרטייאישע. אין מזרחי האָט זיך קאָנצענטרירט די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע יוגענט, אין 2 גרופּען „תורה ועבודה״ און „שומר הדתי״, אָבער ע״פּ רוב האָבען זיי ניט געהאַט קיין אריכת ימים, ווייל זי האָט נאָר געדינט ע״פּ רוב ווי אַ בריק פאַר איבערגיין אין די פרייע לאַגערן, יעדענפאַלס זיי האָבען גענאָסען פוןביידע וועלטען... געמישטע מיטגלידער פון יונגלעך און מיידלעך, ווייניג געלערנט זעלטען ווער פון זיי געוועזען פון די חובשי ביהמ״ד, זיי זענען געווען שומרי הדת, און אַזוי האָבען זיי זיך גערופען שומר הדתי.

די אגודה יוגענט זענען געווען די „קנאים״, שטיבעל בחורים וואָס האָבען אַ גאַנצען טאָג געלערנט, אפילו די סוחרישע בחורים האָבען אויך געהאַט שיעורים ערב ובוקר, אָבער די צייטונג און פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבען ווי „דרכנו״ „יוגענט בלעטער״ „בית יעקב״ זשורנאַל, האָבען פיל צייט אַוועק געגרויבט פון זמן לימוד התורה, זיי האָבען אָבער געדעכענט, אַז דאָס מוזען זיי האָבען, כדי זיי זאָלן זיין באַוואָפענט מיט אגודיזם, אָדער זיי זאָלען ניט הייסען קיין „בטלנים״, אָדער גלאַט ווייל עס איז מושך... אומ־פּאַרטייאישע אַ קליינער פּראָצענט פון יאָר צו יאָר איז דאָס אידישקייט אין אַלגעמיין געוואָרען שוואַכער, כאָטש עס איז כמעט ניט געווען קיין אָפּיציעלער מחלל שבת, און כשרות איז אָפּגעהיטען געוואָרען אין אַלע שטיבען און אין

טהרת המשפחה איז נאָר געווען אַ פּאָר אויסנאַמען, אָבער בדרך כלל איז דאָס געווען מצות אנשים מלומדה, און די יוגענט איז אַלעמאָל אַוועק ווייטער, אמת פיל האָט גורם געווען די ספּעציעלע באַגרעניצונגען פאַר די אידען זיי זענען געווען אַנטוישט און פאַרביטערטע, און דאָס האָט זיי געשטויסען אין פאַרשידענע ריכטונגען, זיי האָבען פשוט געוואָלט אַנטלויפען פון זיך זעלבסט. אויך דער שנאת הדת איז ביי פיל געווען זעהר שטאַרק, אין אַלגעמיין האָט די פּאַרטיי געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ניט נאָר ביים ציבורדיגען לעבען נאָר אויך ביים אויספאָרמירען דאָס גייסטיגע געשטאַלט פון יעדען יחיד.

און אין יעדער פּאַרטיי האָבן זיך געפונען אַזעלכע אידעאַליסטען, אַז די פּאַרטיי אינטערעסען זענען ביי זיי געשטאַנען העכער ווי זיינע פּריוואַטע אינטערעסען. יעדענפאַלס דאָס פּוילישע אידענטום, וואָס אונזער שטאָט איז געווען אַ טייל פון איר האָט זיך געמוטשעט אין גייסטיגע קאָנוואולסיעס, און האָט געהאַלטען אין ענדערן איר גייסטיגען פּרצוף פון יאָר צו יאָר.





זעליג וואַסערטרעגער

# די ספּעציעלע אידישע קליידונג

ש. לייבאָוויטש •

דער איד וואָס האָט זיך געפונען אין פּוילן קרוב צו טויזנט יאָר, געלעבט און געהאַנדלט און געאַרבעט צווישן דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, האָט זיך אויסגעטיילט פון דער אַרומיקער ניט־אידישער באַפעלקערונג ניט נאָר מיט דער רעליגיע, נאָר אויך מיטן ספּעציפישן אידישן לבוש, טראָץ דעם וואָס טיילמאָל איז דאָס געווען אַ שטער צו זיין פּרנסה, און מיט דער גרעסטער עקשנות און טיילמאָל ממש מיט מסירת נפש האָבן אידן זיך באַמיט אָפּצוהיטן און אויפצוהאַלטן דעם אידישן לבוש, מקיים צו זיין אין פּוילן באַדייט דעם מנהג פון אונזערע אור־עלטערן אין גלות מצרים „שלא שינו את לבושם", זיי האָבן ניט געענדערט דעם אויסזען פון זייער קליידונג.

עס איז ניט מיין אויפגאַבע צו געבן אַ היסטאָרישן איבערזיכט וועגן דער אַנטוויקלונג פון׳ם לבוש. איך וויל נאָר איבערגעבן דעם מנהג פון לבושי יהדות ווי עס האָט זיך אויסגעפאָרעמט אין די לעצטע הונדערט יאָר, און אַזוי איז עס מערסטנטייל אָנגעהאַלטן געוואָרן ביז צום לעצטן חורבן.

דער טראַדיציאָנעלער אידישער לבוש איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע מלבושים:

אַ אידיש היטל. אַ נידעריק קיילעכדיק געפּאַסט שוואַרץ היטל, געצווען געדעקט מיט האַרטן טאָוול, מיט אַ קליינעם דאַשעק פון פאָרנט. דער מאַטעריאַל איז געמאַכט געוואָרן, פון שוואַרצן טוך פאַר אַ גאַנצע וואָך, און דער זעלבער פאָרעם נאָר אַנשטאָט טוך איז דער מאַטעריאַל באַשטאַנען פון שוואַרצן סאַמעט, פאַר שבת און יום טוב.

דאָס סאַמעטענע היטל האָט פאַרטראָטן דעם שטריימל וואָס מען האָט געטראָגן אין גאַליציע, נאָר ביי אונז האָט דאָס סאַמעטענע היטל מער אויסגעדריקט דאָס שטרענגע חסידישע אויפפירונג פון׳ם אָנקליידער, און עס האָט זיך געפאָדערט מער ערנסטקייט און זעלבסט־קאָנטראָל, ווייל, ניט אַלע אידן וואָס האָבן געטראָגן אין גאַליציע שטריימלעך וואָלטן ביי אונז געטראָגן אַ סאַמעטענעם היטל שבת, ווייל דאָס סאַמעטענע היטל האָט אַרויפגעלייגט מער פליכטן פון חסידות און יראת שמים. געהויבענע אידן פלעגן אין דער וואָכן טראָגן אַ זיידן היטל אָדער גאָר אַ סאַמעטענעם.

דאָס אידישע היטעלע איז געטראָגן געוואָרן פון 90 פּראָצענט אידן אין שטאָט, און דאָס סאַמעטענע שבת נאָר 60 פּראָצענט, בערך.

אַ שטריימל שבת האָבן געטראָגן נאָר די דוכאָוונע, רבנים, רביים און מורי הוראה. אויך איניקע יחידים האָבן געטראָגן אַ שטריימל נאָר אין שטוב אָבער זיך ניט באַוויזן דערמיט אין גאַס אָדער שטיבל.

יאַרמאָלקעס אונטערן היטל האָבן נאָר יחידי סגולה געטראָגן.

דאָס רוב אידישע באַפעלקערונג האָט זיך ניט געקליידעט קורץ. אַ קינד פון 10 יאָר און העכער האָט מען שוין געמאַכט לאַנגע מלבושים, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ צייגן כאַלאַט ביי דער אָרעמער קלאַס, און ביי די מער פאַרמעגלעכע, פון אלפאגא אָדער וואָל, אָדער אַ זיקעטל.

שבת האָבן די זעלבע געטראָגן אַ שוואַרץ זשעקעטל מיט אַ טיפן שפּאַלט, וואָס טייל האָבן צוליב די שאלה פון ציצית געמאַכט איין עק קיילעכדיק, און אַ קליינער טייל האָבן געטראָגן זיידענע אָדער אַטלאַסענע בעקישעס.

הויזן און וועסט האָבן שוין געטראָגן די מער מאָדערנע, מיט אַ גאָלדענעם קייט פאַרצויגן דורך דער גאַנצער ברייט פון איין קעשענע צו דער צווייטער אויף דער וועסטעל.

די מער פרומערע האָבן געטראָגן שטיוול אַריבערגעצויגן איבער די הויזן, אָדער שטיווילעטן און פאַרבויגן די הויזן. די מער מאָדערנע האָבן געטראָגן געשנאָרוועטע גאַנצע שיך.

די פרומע האָבן געטראָגן אַ ווייס העמד אָן וועלכעס עס איז באַפּוצונג, און די רביים האָבן ניט געהאַט קיין קנעפּל נאָר מיט בענדלעך פאַרבינדן דעם קאָלנער פון העמד. בעל הבית׳ישע האָבן געטראָגן אַ געפּרעסטן קאָלנער מיט אַ בינד פאַרפלאָכטן, אָדער אַ פייגעלע, אָדער אַ שוואַרצע אונטערלאַגע אונטערן קאָלנער.

אַן אַרויפגעזעצטן הארטן קראַגן האָבן געטראָגן די גאָר מאָדערנע, אויך צו פאַרשפּילן די מאַנזעטען מיט ספּינקעס האָט באַלאַנגט צום מאָדערנעם רימל. אַן אמת חסידיש העמד איז געווען אַ פּשוט העמד אַפילו ניט קראַכמאַלעט דעם קאָלנער.

ווינטער פלעגט מען טראָגן אַ שוואַרצן אויבעראָק אָדער פוטער.

נאַטירלעך איז אַלעס געווען גענייט אַז עס זאָל זיך פאַרשפּילן פון רעכטס אויף לינקס.

בעלי מלאכות פלעגן ביי דער אַרבעט טראָגן „קורטקעס" און „מאַרי־נאַרקעס", ד. ה. קורצע רעקלעך, און אויפן קאָפּ אַ מאַטשיואָוקע, אַן

אַכט קאַנטיק היטל מיט אַ לאַנגן דאַשעק, גענייט פון קאָלירטע **סחורה.** מאָדערנע מענטשן — אַ קאָלירטן טוכענעם קאַפּעליוש.

זינט פוילנס אַנטשטעאונג האָט זיך די לאַגע געענדערט: **פּוילן איז** געוואָרן איין מדינה מיט גאַליציע און טאָמאַשאָוו, אַלס ערשטער נאָענטסטער



לייבל רייוועצער **לערנט**

שכן, האָט געהאַט אַ ווירקונג, די יוגנט האָט ניט פאַרשטאַנען אַז אַ טוכענעם קאַפּעליוש וואָס אין טאָמאַשאָוו ווערט עס באַטראַכט ווי פאַרגעשריטן, טראָגן אין ראַווא זאָלקווי פרומע אידן. די יונגוואַרג האָט בכלל פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם ספּעציעל אידישן לבוש, אָבער דאָך האָבן די חסידים מיט מסירת נפש זיך געקלאַמערט אָנצוהאַלטן דעם אַלטן לבוש. אין הויסאַטינער שטיבל האָט מען איינמאָל געוואַרט שטונדן אַלס פּראָטעסט אַז די „קאַפּעליושן זאָלן פאַרלאָזן דאָס שטיבל״.

ביזן ערשטן קריג, האָבן כמעט אַלע אידן, יונג און אַלט, געטראָגן בערד, ספּעציעל די שטיבל בחורים. אַפילו די וואָס האָבן געשוירן די באָרד, האָבן דאָס זייער הויך געשוירן אָדער נאָר צוגעגלייכט די באָרד. דאַקעגן זינט פּוילנס אַנטשטעאונג האָט דאָס יונגוואַרג אַפילו די פרומע ניט געטראָגן קיין בערד. עס איז געווען געוויסע אויסנאַמען וואָס האָבן ניט אָנגערירט די בערד אָבער זיי זיינען געווען אַ קליינער מיעוט.

די פרויען פלעגן גענצלעך אָפּשערן די האָר און צודעקן מיט קאַפּקעס, שלייערס און טיכלעך. שפּעטער האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט די שייטלען, אָבער אַ פרוי וואָלט ניט געקומען דאַוונען מיטן אַנטבלויזטן שייטל, זיי זיינען געגאַנגען איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן שפּיצן שאַליק. די מאָדערנע פלעגן אויך טראָגן היטן.

מיטן אָפּשערן די האָר ביי די פרויען איז בכלל נאָך דער גזירה פון צאַר געוואָרן אַביסל אָפּגעשוואַכט. זינט טאָמאַשאָוו האָט אַריינבאַקומען אַלס רב דעם ליטוואַק הרב סיטקאָווסקי וואָס זיין ווייב איז אין דעם ניט נזהר געווען האָט דאָס גורם געווען צו אַ גרויסע פּרצה. הגם די פרנסי הקהלה האָבן אַלס שטראָף פאַרקלענערט דעם רב׳ס שכירות איז אָבער אַ פּרצה פאָרט געבליבן.

זאָקן פלעגן די פרויען טראָגן גראָבע, און זיידענע מיט טונקעלע קאָלירן, ניט דורכזיכטיקע. זינט פּוילנס אומאָפּהענגיקייט האָבן זיך די מאָדעס שטאַרק אַריינגעריסן אַפילו אין שטאַרק פרומע הייזער, מ׳האָט שוין געטראָגן זיידענע דורכזיכטיקע זאָקן, נאָר די פרומע האָבן דאָס ניט דערלויבט, ווי אויך ניט קיין קאָליר לייב זאָקן.

אינטערעסאַנט אַז דער ציעשינאָווער רבי הרה״צ ר׳ לייביש רובין פלעגט באַזוכן טאָמאַשאָוו אויף דער איינלאַדונג פון זיינע חסידים, ווען ער האָט נאָך געוואוינט אין ציעשינאָוו, ער האָט זיך זייער באַליבט ביי די חסידים. איינמאָל האָט ער געמאַכט פיל תקנות אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל (וואָס איז דעמאָלט געווען דאָס גרעסטע אין שטאָט), נעמליך, אַז פרויען וואָס גייען די אייגענע האָר מוזן פאַרלאָזן דאָס ווייבערישע שטיבל, און

עס איז געווען אַ חשוב׳ער בעל־הבית וואָס זיין פרוי איז אין דעם נכשל געוואָרן, האָבן די מתפללים ניט געלאָזט שבת אָנהויבן הודו. אָבער עס איז ליידער ניט געווען אויספירבאַר און די תקנה האָט ניט אָנגעהאַלטן.

אויך אין פנקס פון שול האָט ער אַריינגעשריבן אַ תקנה אַז אַ גלוח בתער טאָר ניט עולה לתורה זיין. עס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר חדשים און עס איז אוממעגלעך געווען אויסצופירן, ווייל פון יאָר צו יאָר איז דאָס אידישקייט שוואַכער געוואָרן און ממילא אויך דער אידישער לבוש. אָבער אין אַלגעמיין קען מען זאָגן אַז אַפילו ביי די פרייע איז דער לבוש געווען אַ סאָלידער און קאָנסערוואַטיווער. לגבי היינט אין אַמעריקע קען מען דאָס רופן צניעות׳דיקער לבוש.



**די רבנים פאהרען כשר׳ן די מיהל**



**הרב ר׳** ארי׳ לייביש רובין **ז״ל (ציעשינאווער רב), הרב** שלום יחזקאל רובין **שליט״א,** אברהמלי ראפאפארט **און דער בעל עגלה** לייבל

# די הכנות פאַר שבת און יו"ט

● ש. לייבאָוויטש

**כ'ווייס** עס וואָלט זיך בעסער געפּאַסט אויסצודריקן די פאָרברייטונגען פאַר שבת און יו"ט, אָבער דאָס וואָרט „הכנה" למצוה האָט אין זיך אַ ספּעציעל הייליקן באַגריף, אַ מין אויסדרוק וואָס לאָזט זיך ניט איבערזעצן אין קיין שום שפּראַך, ווייל לויט די חסידישע לערע איז די הכנה צו דער מצוה אויך אַ מצוה, און ביי געוויסע שטאַנד־פּונקטן נאָך גרעסער ווי די מצוה. איך שרייב ניט וועגן די שבתים און ימים טובים זעלבסט, וואָס האָבן זייער סדר און איינשטעלונג לויט די פעסטע תורה געזעצן, דאַקעגן די הכנות איז שוין אַן אויספאָרמירונג פון נשמה געפילן, וואָס יעדע אָרטשאַפט האָט שוין געהאַט זיינע מנהגים און טראַדיציעס און ממילא טוט עס אָפּשפּיגלען דעם גייסטיקן טיפן רעליגיעזן צושטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג אין באַטרעפנדן אָרט.

כ'וויל דערפרישן מיינע געפילן און הייליקן ציטער פאַר אַ מצוה וועק איך אויף מיין זכרון, און עס שווימען אויף פאַר מיינע אויגן הייליקע מאָמענטן פון אונזער אומ'רחמנות'דיק פאַרטיליקט שטעטל, עס גייען פאַר־ביי אונזערע טאַטעס און מאַמעס מיט זייער ציטער און ליבשאַפט פאַר אַ מצוה, טראָץ די ווייטקייט פון צייט און דיסטאַנץ, דאָך זיינען זיי אַזוי נאָענט צו מיין האַרץ, איך זעה אַלעס בולט און פריש און קלאָר, גלייך ווי נעכטן וואָלט דאָס אַלעס פּאַסירט, גאַנץ באַזונדער שיינט פאַר מיינע אויגן זייערע מנהגים און נשמה־יתירה'דיק אויסזען ביי די הכנות אויף שבת און יום טוב.

יעדער לויט זיין פּרנסה־שטאַנד, האָט לכבוד שבת פאָרגעברייט בע־סער עסן און שענער אָנטועכץ, און פאָרגעברייט ספּעציעלע מאכלים וואָס אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיי ניט געגעסן, פּרייטיק פאַרטאָג אויף שבת איז געבאַקן געוואָרן פרישע חלות און מזונות, און אַפילו די וואָס האָבן אַליין געבאַקן ברויט, האָבן זיי אויך דאָס געבאַקן לכבוד שבת, אַז די ברכה פון שבת זאָל אויף דעם רוען. פיש איז געווען אַ ספּעציעל שבת מאכל, נייע וועש געביטן נאָר אויף שבת, אַלע טישן זיינען געדעקט געוואָרן מיט ווייסע טישטוכער נאָר לכבוד שבת ויו"ט, געוואַשן און גע־צוואָגן געגאַנגען אין מרחץ און מקוה לכבוד שבת, אַפילו געכאַפּט אַ דרימל בייטאָג לכבוד שבת.

יעצט דער טשאָלנט מיט די קוגלען די ספּעציעלע שבת מאכלים.

אַפילו דער איד וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך זיך ניט געקענט פאַר־גינען אַ שטיקל פלייש, לכבוד שבת האָט ער אַ גאַנצע וואָך געשפּאָרט און געקאַרגט כדי ער זאָל קענען קויפן אַ שטיקל פלייש לכבוד שבת. מיר איז באַקאַנט אַ פאַל פון אַן אָרעמן אידן, וואָס אַ גאַנצע וואָך האָט מען געגעסן פאָסנע ברויט מיט קאַרטאָפלעס, און אויף שבת האָט ער אַלעס אָנגעווענדעט אָנצוגרייטן פיש און פלייש, אָבער ניט אַלע מאָל איז אים געלונגען ביידע מינים צוזאַמען. אָבער איינס, פיש אָדער פלייש, איז אייביק געווען. איר קענט אייך פאָרשטעלן די שמחה ביי די קינדער־לעך ווען נאָך אַ גאַנצע וואָך הונגערן האָבן זיי זיך באַלעקט, ווער מיט אַ פאָלקע ווער מיט אַ פליגעלע און ווער מיט אַ גערגעלע, און אויב עס איז אויך געווען פיש איז דאַן די שמחה געווען אין לשער.

פאַר קידוש פלעגן די קינדערלעך פרעגן דעם פאָטער, מיט וואָס ווען מיר דעם שבת מכבד זיין? האָט ער געענטפערט מיט פלייש אָדער פיש אָדער ביידע צוזאַמען לויט ווי ער האָט געגעבן געלט פאָרצוברייטן.

איינמאָל האָט ער געהאַט זייער אַ שווערן ווינטער, ער האָט גאָרניט פאַרדינט, ער האָט זיך געבאָרגט און געליען, אַבי צו האָבן אַ שטיקל פלייש לכבוד שבת. מאַכט זיך אַ מעשה אַז דאָס הינדל וואָס ער האָט געקויפט לכבוד שבת איז טריפה געוואָרן, און אויף אַ צווייטע האָט ער ניט געהאַט אַפילו וואו צו באָרגן, האָט ער ליידער אויף דעם שבת גאָרניט געהאַט, נאָר ברויט מיט בעבלעך־וואַסער, ווען ער איז אַהיים געקומען פון שול און געזאָגט דעם לוסטיקן פריילעכן גוט־שבת, לויפן צו די קליינוואַרג: טאַטע, טאַטע! מיט וואָס ווען מיר דעם היינטיקן שבת מכבד זיין? ענטפערט ער: מיט זייער אַ חשוב׳ע זאַך, וואָס מיר האָבן נאָך ביז היינט ניט געהאַט.

די קינדערלעך זיינען געוואָרן זייער נייגעריק און אים געפרעגט: מיט וואָס? האָט ער זיי געענטפערט: איר וועט שוין זען נאָך קידוש.

זיי האָבן געזונגען אַ שיינעם ניגון צו שלום עליכם. ווען זיי האָבן שוין געגעסן די חלה, און זיי זעען גאָרניט דערלאַנגען, ניט קיין פיש און ניט קיין פלייש, פרעגן זיי דעם פאָטער: טאַטע, וואו איז דער נייער כיבוד?

ענטפערט ער זיי: מיט די הייליקע תורה ווען מיר היינט מכבד זיין דעם הייליקן שבת. קינדערלעך, איך האָב געקויפט אַ הינדל אויף שבת, נאָר די תורה האָט עס טריפה געמאַכט און דאָס איז אונזער „עונג שבת" וואָס צוליב די הייליקע תורה עסן מיר ניט דאָס הינדל, כאָטש מיר זיינען זייער הונגעריק דערצו. און קומט קינדערלעך לאָמיר זיך פרייען מיט די הייליקע תורה און מיטן הייליקן שבת! און ער איז אַוועק

אין אַ טענצל מיט די קינדערלעך וואָס זייער הייליקער געזאַנג האָט אויפגעוועקט אַלע פאַרשלאָפענע שכנים.

## די הכנות אויף פסח

אויב די פאַרברייטונגען פאַר אַ צווייטן יום טוב, פאַנגט זיך אָן אין די נאָענטסטע טעג אָדער העכסטנס וואָכן פאַר יום טוב, איז אָבער אָן אויסנאַם דער יום טוב פסח, וואָס כמעט אַ גאַנץ יאָר האָט מען הכנות פאַרן פסח.

באַלד נאָך שבועות הויבט מען אָן שניידן דעם שמירה ווייץ, פאַר די שמירה מצות. ביי די געהויבענע חסידים איז דאָס געווען אַ גאַנצער ענין, פאַרן אָנקוקן דעם ווייץ, און דאַן דאָס שניידן און דרעשן מיט עכטע חסידישע התלהבות און געזאַנג און געענדיקט מיט אַ לחיים און רקידה׳לע.

ווי עס איז נאָר צוגעפאַלן דער ווינטער, האָט מען אָנגעהויבן צו האָדעווען גענז, פון זיי צו האָבן שמאַלץ אויף פסח. געווײנלעך חנוכה צייט האָט מען געשאָכטן די גענז און אויסגעלאָזט דאָס שמאַלץ, וואָס דערצו האָט מען ספּעציעל געגליט די קיך אָדער די פייערקעס. מיט די גריוון האָט מען געפּרעגלט לאַטקעס אָדער פלעצלעך מיט קאַשע.

באַלד נאָך חנוכה האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון כשר׳ן די מיל, אין אונזער שטאָט האָט מען אייביק געמוזט כשר׳ן 2 מילן מיט וואַלצן און אַ וואַסער מיל אויף אַ שטיין, ווייל די ראַדזינער חסידים האָבן ניט גענוצט מעל פון אַ דאַמף מיל אָדער וואָס איז געמאָלן דורך וואלצן, עלעוואטארן (די הייבערס, וואָס פירן די תבואה און נאָכהער דאָס מעל אויטאָמאַטיש) זיינען באַזייטיקט געוואָרן צום פסח׳דיקן מעל. און געהויבענע אידן האָבן נאָר גענוצט רחיים של יד, און פריער אויסגע־קליבן דעם ווייץ פון יעדן חשש חימוץ.

אויב די פריערדיקע הכנות האָבן נאָר אָנגערירט אַ טייל חסידישע אידן אָדער די רבנים און אַנדערע קהל׳שע פונקציאָנערן, איז אָבער דאָס מצות באַקן שוין געווען אָן ענין פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, ווייל פון קיין מאַשין מצות איז קיין רייד ניט געווען (ווייל זיי זיינען גע׳אסר׳ט געוואָרן פון גדולי ישראל בדורות הקודמים) גרייטע האַנט מצות איז אויך ניט געווען צו קויפן, נאָר יעדער איד האָט זיך געלאָזט באַקן מצות לויט באַשטעלונג.

תיכף אַ טאָג נאָך פורים האָט זיך געעפנט דער סעזאָן פון מצות באַקן, אין שטאָט האָט עקזיסטירט ביי 18 לאָטס (מצה בעקערים), די אַלע בעקערים זיינען ניט געווען קיין שטענדיקע בעקערס, נאָר ספּעציעל מצה בעקערים וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט זייער פּריוואַטע וואוינונג, און אַ

טייל זייער וואָרשטאַט, אין אַ מצה בעקערי. דאָס האָט שוין געהאַט צו טאָן מיט חזקות. יעדער בעקער האָט שוין געהאַט זיינע פאַמיליעס וואָס האָבן ביי זיי געבאַקן מדור דור, און אויך די בעקעריי איז איבערגע־גאַנגען בירושה פון טאַטע צו קינד, די בעקערייען זיינען געשטאַנען אונטער דער דירעקטער השגחה פון ראַבינאַט, וואָס האָבן, אגב, גאָרניט גענומען באַצאָלט, די בעקערייען זיינען געווען זייער פרימיטיוו און אָרעם.

דעם ערשטן איוון איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם גרעסטן כיבוד. אָבער אין דעם איז געווען 3 קאַטעגאָריעס: 1) גאָר דער ערשטער איוון ווען מען האָט אָנגעפאַנגען בכלל צו באַקן, 2) יעדער זונטיק פרי, ווייל עס איז געווען אַ הפסקה פון שבת, און 3) יעדן טאָג אין דער פרי. צו באַקומען דעם ערשטן איוון איז ניט מעגלעך געווען אָן אַ חזקה, סיידן אַז עס האָט זיך געעפנט אַ נייע בעקעריי. געוויינלעך פלעגט יעדער איד באַקן צום ערשט די שמירה און נאָכהער די פּראָסטע, די וועלגערינס זיינען באַשטאַנען פון אידישע פרויען און מיידלעך, דאַקעגן די רעדלערס, שיבערס, און טיילמאָל די קנעטערס, זיינען געווען מענער.

געוויינלעך פלעגט קומען צו די מצות באַקן דער בעל בית אָדער בעל בית׳טע אָדערביידע צוזאַמען. ביי די מאָדערנע פלעגן זיי זעלבסט ניט קומען, יעדער איינער פלעגט איבערלאָזן טרינק געלט פאַר די אַרבעטער.

די מצות פלעגט מען אַהיים טראָגן אין אַ פלאַכטע פאַרבונדן די 4 שפּיצן און אַריינגעשטעקט אַ דראָנג אינדערמיט, און 2 בחורים פלעגן דאָס אַהיים טראָגן און די פלאַכטע אויפהענגען אין מיטן שטוב.

דאַן האָט מען איינגעזייערט דעם באָרשט, און שפּעטער איינגעלייגט ראָזינקעס אויף וויין, דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון רייניקן, שאָבן, קראַצן און כשר׳ן; אויסלופטערן די ספרים אויפן הויף, איבערדרייען די קעשענעס פון די מלבושים, און כשר׳ן די כלים, וואָס אין באָד איז געווען ספּעציעלע קעסלען וואו מען האָט גע׳כשר׳ט.

אַ ספּעציעלע עבודה איז געווען דאָס באַקן די ערב פסח׳דיקע מצות, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ טאָג פריער, ווייל פאַרנאַכט איז מען געגאַנגען נאָך „מים שלנו" (וואַסער וואָס האָט גענעכטיקט, און דערמיט איז געקנאָטן געוואָרן דאָס טייג פאַר די מצות).

ספּעציעל איז דאָס געווען פייערלעך ביים ציעשינאָווער רבי׳ן ווי ער מיט די חסידים זיינען געגאַנגען צום פּלומפּ לעבן משה׳לע סופר, איינער האָט געהאַלטן די וויאַדרע (דוקא אַ הילצערנע) דער צווייטער דאָס ערדענע שעפּ־טעפּל, דער פערטער דאָס דורכזיי טיכל, און עס איז געגאַנגען אַ כיבוד ווער עס זאָל אָנשעפּן פריער און ווער שפּעטער, ווען מען האָט שוין אָנגעפילט פינף עמערס מיט וואַסער זיינען זיי אַהיים געגאַנגען, אָדער בעסער געזאָגט, אַהיים געטאַנצט מיט געזאַנג.

נאָך מעריב האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס בדיקת חמץ מיטן חמץ פאַרקויפן, פאַרשטייט זיך אַז דאָס רוב בעל בית׳טעס זיינען אויף געווען אַ גאַנצע נאַכט, פאַרצובערייטן אויף יום טוב, און זיי זיינען נאָך אַלץ ניט געווען פאַרטיק.

איינס אַזייגער בייטאָג האָט מען זיך אָנגעטאָן די בגדי שבת, דער רב אין שטריימל, און מען איז געגאַנגען באַקן מצות, דאָרט האָבן גע־אַרבעט בלויז די חסידים, פונעם וואַסער גיסער און מעל מעסטער ביזן וואַלגערער און רעדלער, קנעטער און שובער, אַלע אייגענע מענטשן.

די ערשטע מיירעס האָט דער רבי אַליין געקנעטן, און געזאָגט הלל מיט געזאַנג און שמחה, און דער גאַנצער עולם האָט מיט געהאַלטן און יעדער פון די באַטייליקטע האָט זיך אָנגעבאַקן זיינע מצות, וואָס איז גערעכנט געוואָרן לויט די מיי־רעס. אַלע פּאָר מינוט האָט דער אינהאַבער פון דער מיירע אויסגעשריען: הפרורים יהיו הפקר! די ברעקעלעך זאָל זיין הפקר. ספּעציעל איז געווען אַן עבודה דאָס באַקן ביי די טריסקער חסידים, אין קיעלצער שטיבל האָבן זיי געהאַט אַן אייגענע בעקעריי פאַר ערב פסח.

## ערב שבועות

קיין ספּעציעלע הכנות איז ביים פּשוט׳ן עולם ניט געווען, ווייל דער יו״ט איז ניט פאַרבונדן מיט קיין צערעמאָניעס, די קינדער האָבן געמאַכט רייזעלעך און אויסגעהאַנגען אין די פענסטער, אויך אָנגעגרייט גרינס אויפצוהענגען אָדער אויסצושפּרייטן אין די הייזער, געלייגט שאַוואַרען (גרין געוויקס ביים וואַסער) אויף די פּאָדלאָגעס.

אין די שטיבלעך און בתי מדרשים האָבן די שמשים באַצירט מיטביימער ספּעציעל אַרום דער בימה און ארון הקודש.

חסידים פלעגן אָמערסטן אויף דעם יום טוב פאָרן צו זייערע רביים.

אויך זיינען די מילכיקערס געווען שטאַרק טרוד מיט פאַרברייטן מילכיקס אויף שבועות און די פרויען מיט צוגרייטן די מילכיקע וואַרע־ניקעס און ספּעציעל מילכיק געבעקס, ווי קעז קיכן און קעז־ראַגעלן א. אַ.

## ערב ראש השנה ויום כפור

אָדער ווי אַ טייל האָבן זיי גערופן ימים נוראים, די פאַרכטיקע טעג אָדער הייליקע טעג. די פאַרברייטונגען זיינען שוין געווען גייסטיקע. ביי די יחידי סגולה האָט זיך דער סעזאָן געעפנט שוין פון חמשה עשר באב, מען איז שוין פאַרבליבן אין שטיבל לערנען ביינאַכט, אויב מען האָט זיך געזעגנט מיט אַ מענטש פון אַ צווייטע שטאָט האָט מען זיך שוין געוואונטשן אַ כתיבה וחתימה טובה, אָבער דער הויפּט סעזאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען ראש חודש אלול, דאָס שופר בלאָזן, דאָס בציבור׳דיקע

תהלים זאָגן יעדן אין דער פרי. עס האָט זיך אָנגעהויבן טעג פון חשבון־הנפש און לייטערונג, פאַרגעבונג און אויסבעסערונג, ברודערלעכקייט און מעשים פון צדקה און חסד, מענטשן זיינען מער געווען נזהר אין וואָרט, מען האָט עפּעס שטילער גערעדט, איידעלער געשמועסט. און בודאי מער אויפריכטיק אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, די הויפּט מאַנעוורעס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו די ערשטע סליחות, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אינ־מיטען דער נאַכט, און ביי אַ טייל זונטיק פאַרטאָג, אין די פינסטערע גאַסן האָבן מענטשן געאיילט מיט ציטערדיקע טריט, אַלע דערוואַקסענע מענטשן, מאַן און פרוי און קליינע קינדער האָבן געשטראָמט אין די בתי תפלה גלייך ווי מען גייט זוכן פּראָטעקציע פאַר אַ גרויסן שווערן פּראָצעס, די הויפּט התעוררות איז געקומען ערב ראש השנה וואָס האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט בלויז סליחות זאָגן נאָר זיי האָבן אויסגעזאָגט גאַנץ „תהלים״ פאַר די סליחות און נאָך די סליחות, זיך מתיר נדר געווען, געגאַנגען אויפן בית החיים, געגעבן צדקה, געפאַסט ווער אַ גאַנצן טאָג און ווער אַ האַלבן טאָג, און נאָך שטאַרקער מיט מער עקסטאַז האָט זיך דאָס איבערגע׳חזר׳ט צו „שלש עשרה מידות״. דער קולמינאַציאָנס פונקט האָט דערגרייכט אין סאַמע ערב יום הכפור.

צו אָרעם איז מיין פעדער אַרויסצוברענגען די שטימונג און איבער־לעבענישן און געפילן פון ערב יום הכפור. די שטימונג האָט אָנגעהאַלטן ביז צום חורבן ווען אַ גרויסע טייל פון דער אידישער יוגנט איז שוין געווען וועלטלעך און אַ טייל ליידער זייער וויט פון רעליגיע. פון פאַרטאָג אָן האָבן מענטשן געשטראָמט אין מקוה אַריין, ווייל כמעט אַלע אידן, ספּעציעל פון עלטערן דור זיינען געגאַנגען אין מקוה ערב יום הכפור, אַ טייל זיינען געגאַנגען דעם טאָג 3 מאָל אין מקוה, פאַר שחרית, פאַר מנחה, און נאָך דער סעודה מפסקת. אויך די פרויען האָבן זיך דעם טאָג גע׳טובל׳ט. און מען דאַרף געדענקען אַז בסך הכל איז געווען אין טאָמאַ־שאָוו נאָר איין מקוה פאַר דער גאַנצער שטאָט. די מקוה איז פשוט געווען געדיכט און ווייס, און דאָך האָט עס קיינעם ניט צוריקגעהאַלטן.

פון אָוונט אָן בעפאָר פון ערב יום הכפור האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון „כפרה״ שלאָגן, אַ ווייסער האָן האָט געהאַט פאָרצוג. צו די חשוב׳ע גבירים פלעגן די שוחטים אַהיים קומען שעכטן די כפרות, און פון פאַרטאָג, שטיין אין „שעכט־שטיבל״ וואו מען האָט געדאַרפט וואַרטן לאַנגע שעה׳ן, אָנצוקומען אין דער רייע, אידן האָבן דעם טאָג געטיילט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. אַ פאָר שעה פאַר ליכט צינדן איז שוין די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג געווען אָנגעטאָן יום טוב׳דיק, די פרויען אַם מיינסטן אין ווייסן, מיט ווייסע טיכלעך אָדער שאַליקעס איבערן קאָפּ, יעדער איז געגאַנגען צו זיינע נאָענטע און פריינט זיך אָנווינטשן, אַז מען זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר און אַ גמר חתימה טובה, ווי אויך

טיילמאָל בעטן מחילה פאַר די ניט ריכטיקע אויפפירונג אַ גאַנץ יאָר, כמעט פון אַלע אידישע הייזער האָט זיך געטראָגן יאָמערלעכע געוויינען, קינדער האָבן זיך געטוליעט צו די מאַמעס, מענטשן זיינען געגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגן אין דער גאַס, די מענער האָבן זיך אָנגעטאָן די ווייסע קיטלען מיט די טליתים און פאַרן פאַרלאָזן דאָס הויז, מיט הייסע טרערן געבענטשט די קינדער מיטן הויזגעזינד, דאָס שליכצן און וויינען האָט צעריסן הערצער, אַפילו די וואָס האָבן ניט געוויינט האָבן טרערן גע־שטיקט זייער ריידן, די שטימונג איז געווען ערנסט, הייליק און פאַרכטיק, מיט צעבראָכענע הערצער און פול מיט מורא און פחד פאַרן גרויסן יום הדין, האָבן אידן מיט אַ שעה פאַרן זמן זיך געאיילט צו די בתי מדרשים און שטיבלעך צו זאָגן תפלת זכה און וידוי פון רבינו נסים, ביז דער חזן האָט אָנגעפאַנגען כל נדרי.

## ערב סוכות און שמחת תורה

סוכות איז גראַדע אַ יום טוב וואָס איז יאָ פאַרבונדן מיט זייער פיל צערעמאָניעס און מצות, אָבער צוליב דער ענגער צייט, האָט מען אַלעס געמוזט פאַרברייטן שנעל, די הויפט הכנות האָט זיך געפאָדערט צום אתרוג און לולב, וואָס איז געווען אַן אימפּאָרטירט אויסלענדיש אַרטיקל. אין טאָמאַשאָוו זיינען געווען ספּעציעלע אתרוג־סוחרים, גרשון זעגל, יעקב פייגענבוים (דעם רב׳ס), מיכעל וויינבלאַט, סיני׳לע פוטער, יהושע גאָלדשטיין און אַנדערע. דער איינקויף פלאַץ איז געווען אין לעמ־בערג. די מערהייט אתרוגים זיינען געווען „גריכישע". געוויינלעך פלעגט קויפן יעדער ביהמ״ד אָדער שטיבל אַ פּאָר אתרוגים פאַר כל הקהל, און אַלע מתפללים האָבן צושטייער געגעבן פאַרן אתרוג. פאַר די ווייבער איז געווען אַ ספּעציעלער אתרוג, און די שמשים פלעגן אַרומגיין אין די הייזער מיטן אתרוג בכדי די פרויען זאָלן בענטשן. חסידישע־גבירישע אידן פלעגן יעדער באַזונדער אָדער מיט אַ שותף קויפן אַן אתרוג בכדי צו קענען מאַכן די נענועים. יעדערס יאָר איז צוגעקומען מער מענטשן וואָס האָבן געקויפט פריוואַט אתרוגים.

אויך האָט פאַרנומען פיל אַרבעט און צייט צו מאַכן די סוכה, און ספּעציעל די נוי סוכה וואָס דאָס איז געווען די מצוה פון די קינדער, אַ גאָר גרויסע שיין באַצירטע סוכה האָט פאַרמאָגט דער ציעשינאָווער רבי, וועלכע איז באַוואונדערט געוואָרן פון אַלע. די שטיבל בחורים מיט דעם רב׳ס קינדער האָבן זייער פיל אַרבעט אַוועקגעלייגט להידור הסוכה.

אין שטאָט האָט איינמאָל פּאַסירט אַן אומגליק, מיכעלי באַדענשטיין ע״ה האָט אויסגעהאַנגען זיין סוכה ערב יום־טוב פאַרנאַכט, ווייל אַ גאַנצן טאָג האָט גערעגנט, די סוכה איז געווען זייער פייכט און דער עלעקטרי־

שער דראָט איז ניט געווען גענוג באַשיצט, און דאָס גאַנצע סכך איז געוואָרן עלעקטריזירט. און ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פּאָרן מיט דער סוכה, איז ער געוואָרן עלעקטריזירט, און געפאַלן נאַזנאַק אויפן קאָפּ און באַקומען אַ מוח ערשיטערונג און באַלד געשטאָרבן. דער פאַל האָט אַרויסגערופן גרויסן טרויער אין שטאָט.

אויף שמחת תורה האָבן די קינדער צוגעגרייט פּאַפּירענע פענער מיט אַן עפּעלע אויפן שפּיץ פאָן, בײַ די קינדער איז דאָס געווען אַ גרויסע איבערלעבעניש אַלס מיטבאַטייליקטע אין שמחת תורה. אויך די פרויען האָבן אויף שמחת תורה אָנגעגרייט זיס קרויט מיט געבראָטנס.

## הכנות פאַר חנוכה און פּורים

דאָס זיינען ימים טובים וואָס מ׳טוט אין זיי אַ מלאכה, דערפאַר זיינען די הכנות געווען קליינע, איבערהויפּט האָט דער חנוכה ניט פאַרנומען קיין צו גרויס אָרט ביי דער אַלגעמיינע אידישער באַפעלקערונג. חנוכה ליכט האָט נאָר געצונדן דער הויפּט פון דער משפחה (ביי גאָר געציילטע פרומע משפחות האָבן אַלע בחורים געבענטשט באַזונדער). קיין פאָרברייטונגען דערצו איז ניט נויטיק געווען, ווייל יעדער האָט געהאַט בירושה אַ לעמפּל צו צינדן. פאַר חתנים שטיבל בחורים האָט חנוכה געמיינט זייער פיל, ווייל ווי געוויינלעך ווער ס׳איז אַ חתן געוואָרן האָט באַקומען פון מחותן אַ מתנה אַ זילבערנע מנורה. דער עולם האָט זיך געלאָזט וואוילגיין און אַביסל געשפּילט אין קאָרטן. און ביי אַ טייל מענטשן האָט מען געבאַקן לאַטקעס.

אויף פּורים זיינען שוין די פרויען געווען פאַרנומען מיט פאַרברייטן די ספּעציעלע המן־טאַשן, נאַנט, פלײשיקע קרעפּלעך, און פאַרשידענע משלוח מנות׳ן. פאַרצייטנס איז דער פּורים, און אַפילו דער שושן־פּורים, געפייערט געוואָרן מיט גרויס פרייליכקייט און פאַרשטעלטערס. שושן פּורים פלעגן די יונגעלייט אַרומקרייזן דעם מאַרק (וואָס איז געווען טיפע בלאָטעס) 7 מאָל מיט אַ שליטן פאַרשטעלטערהייט. אָבער פון יאָר צו יאָר איז עס געוואָרן שוואַכער. דאָס איינציקע אָרט וואו פּורים איז געווען לוסטיק און לעבעדיק מיטן גאַנצן קנאַק איז געווען ביים ציעשינאָווער רבי׳ן, וואו זיינע יונגעלייט און בחורים, האָבן אַדורכגעפירט שיינע פּורים נומערן. דאָס שיקן משלוח מנות האָט די קינדער אַריינגעצויגן.

אָט אַזוי זיינען אָפּגעהיטן געוואָרן טראַדיציעס און מנהגים, און אָט ביי דער וואַרעמער היימישע אידישע אַטמאָספערע פון שיינע מנהגים און טראַדיציעס איז אויסגעוואַקסן, אידעאַלע דורות וואָס האָבן געצויגן זייער לעבנס־קראַפט פון אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון אידישקייט און זיינען געוואָרן צוגעבונדן מיט אַלע פעדים פון זייער נשמה צום אידישן פאָלק און מיטגעפילט זייערע ליידן און פריידן.

# דער שווארצער קלאָץ

• יאָסל שעפּסיל׳ס

**דאס** איז געווען באַלד, אַ יאָר אָדער צוויי, נאָכ׳ן פּויליש־באָלשעוויסטישען קריג. דאָס לעבען איז געווען אין דער פּאַזע פון סטאַביליזירען זיך. די מענער זענען שוין צוריק אין דערהיים פונם קריג, די מורא פאַר האַרמאַטען שאָסען איז שוין פאַראיבער. יעדער אָדער כמעט יעדער האָט שוין צוריק אויפגעבויט זיין היים נאָך דער גרויסער שטאָט־שריפה און פלוצים, ווי אויפגעכאַפּט זיך פון אַ קאָשמאַרען שלאָף האָבען אידען דערזען וואָס אַן איבערקערעניש עס איז פאָרגעקומען אויף דער אידישער גאַס וואָס האָט זיך לאַנגזאַם איינגעגעסען אין דעם גייסטיגען קערפּער און געענדערט די פיזאָנאָמיע פונם אידישען קיבוץ אין שטאָט. אידען פרומע ערנסט־גאָטספאַרכטיגע האָבען אָנגעהויבען פיהלען זיך ווי מיטשולדיקע אין דעם „הפקרות״ הלמאי זיי האָבען צוגעלאָזט, גאָרנישט געטאָן געגען דעם. נאָך שטורמישער איז שוין געוואָרען אין בית המדרש און אין די שטיבלעך ווען איינער, אַ פריזיער, האָט געלאָזט אָפען זיין פריזיר אַנשטאַלט אום שבת.

מיטאַמאָל האָט זיך געלאָזט הערען אַז די חברה קדושה גרייט זיך אָפּצוגרעניצען אַ שטיקעל פעלד ביים פּאַרקאַן און אַריינשטעלען דאָרט אַ שוואַרצען קלאָץ אַלס אַ שאַנד סלופּ פאַר די מחללי שבת בפרהסיה. און כדי עס זאָל מאַכען דעם געהעריגען איינדרוק, עס זאָל האָבען אַ ווירקונג וועט מען דעם קלאָץ פירען מיט פּאַראַד איבער דער שטאָט צום בית עולם.

און כך הוה.

אום תשעה באב, נאָך קינות האָט זיך פאַרזאַמעלט אין גרויסען בית המדרש אַ גרויסער עולם מענשען, אין פאָדער הויז פונם בית המדרש איז געלעגען דער קלאָץ וואָס איז געווען אָפּגעשמירט מיט שוואַרצע סמאָלע און אויסגעלאָזט פונם שוואַרצען אויף אייניגע ערטער, כדי די וואָס טראָגען אים זאָלען זיך נישט אויסשמירען די הענד. דער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט פונ׳ם בית המדרש, לאָזענדיג זיך צום בית עולם. אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צו נעמען דעם קלאָץ. ענדליך האָט דער פרומער מרדכי יוסף און דער גאָלדשמידט ר׳ אברהם מרדכי פערלמוטער גענומען דעם קלאָץ און געטראָגען אים צום בית עולם. אופ׳ן וועג האָבען אַנדערע איבערגע־נומען די משא.

אינטערסאַנט אַז קיין איינער פון די וואָס האָבען דעם קלאָץ געטראָגען איז נישט געווען קיין חברה קדושא מאַן. אויפ'ן פעלד האָט מען דעם קלאָץ איינגעגראָבען אויפ'ן באַשטימטען פלאַץ, עס זאָל זיין אַ וואָרנונג אַז דאָ נעבען פלויט וועט מען מקבר זיין די מחללי שבת.



דער שווארצער קלאָץ
אויפ'ן בית־החיים.

אין מיטען דער נאַכט ווען דאָס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפען כראָפּענדיקן שלאָף זענען זיך צונויפגעקומען חברה יונגוואַרג פון פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען ווי „בונד״ „פּועלי ציון״ א. א. וו. און במחילה אַרויסגעהויבען דעם העלדישען קלאָץ פון דער פינסטערער בית עולם ערד און אים צוגעטראָגען צום שטאָטישען באָד און דורך אַ פענסטער אים אַריינגע־שאָסען אין מקוה. אינדערפרי איז מען געלאָפען אויף וואונדער קוקען ווי דער קלאָץ איז זיך געלעגען במנוחה אין זיין גרעסטער העלפט אין מקוה אַרויס־שטייענדיג דורך דער אויסגעבראַכענער שויב אין דרויסען.

די מעשה מיט׳ן קלאָץ איז פאַר לאַנגע טעג געוועזען אַן אָביעקט פון סאָטירע אין שטעט און שטעטלאך און אַפילו געפונען אַן אָפּקלאַנג אויף די שפאַלטען פון דער אידישער פרעסע אין פוילען.

אין שטאָט גופא האָבען לצים פאַרטראַכט אַ ליד וואָס האָט זיך געזונגען אַזוי:

היידאָץ! היידאָץ! מ׳פירט דעם קלאָץ

שלום, שלום. דאָ וועט מען ליגען גרוים

דאָ וועלען ליגען אַלע דראָבעס,

די וואָס זענען מחלל שבת, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

מחבר פון ליד — אביגדור צוקער.



# דער ערשטער און לעצטער טעאַטער פאָרשטעלונג אום שבת

• הירש רייז

**דאָס**... איז געווען אין אָנפאַנגס דרייסיגער יאָהרען אין אַ שבת צווישען פסח און שבועות. 7 אַזייגער אין דער פריה קומט אַריבער דער דאַמאָלסטיגער פּרעזעס (ראש הקהל) ר׳ לייזער לעדערקרעמער, צום ציעשינאָווער רבין אין שטוב, אַ זאַך וואָס האָט נאָך קיינמאָהל ניט פּאַסירט, און אַזאַ זמן וואָס דער רבי איז פאַרנומען מיט הויכע ענינים פון עבודה אין תפילה, זאָל ער קומען און איבער רעדען מיטן רבי׳ן געוויסע קהל׳שע ענינים, אָבער אַז דער ראש הקהל בכבודו ובעצמו איז אַריבער געקומען האָבען די שטוב מענטשען פאַרשטאַנען אַז עפּעס אויסערגעוויינליכעס האָט געמוזט פּאַסירען, און זענען אַריין צום רב איהם מעלדען אַז דער ראש הקהל דאַרף זיך נויטיג באַראַטען וועגען אַ דבר נחוץ, דער רב האָט באַפוילען דעם ראש הקהל אַריין צופיהרען אין זיין „חדר־מיוחד״, דער רבי זאָגט אַזאַ חשוב׳ן גאַסט שבת פאַרן דאַווענען: וואָס איז נייעס:

ר׳ לייזער מאַכט דאָס בקיצור היות דער „בונד״ האָט אָרגאַניזירט אויף דעם שבת 3 אַזייגער בייטאָג אַן עפענטליכען טעאַטער פאָרשטעלונג ביי גאַלעצקין אין קינאָ (מואווי הויז) און דאָס איז בכלל דער ערשטער „חילול־שבת״ בפרהסיא אין שטאָט, על כן דענקט ער אַז מען דאַרף עפּעס טאָן דערוועגן, נאָך אַ לענגערע באַראַטונג זענען זיי געקומען צום אויספיהר אַז הגם בעוה״ר איז שוין נעבעך פאַראַנען אַ גרויסע צאָל יוגענטליכע וואָס זענען נלכד געוואָרען אין זייער נעץ ר״ל וואו זיי טרעטען על כל הקודש לנו, אָבער היות אַז קיין עפענטליכען חילול שבת האָבען זיי נאָך עד היום ניט געוואָגט צו מאַכען, מוז מען על כל פנים כאָטש מאַכען אַ מחאָה, ד. ה. אַ פּראָטעסט, והשנית דער עיקר דאַרף מען זעהען צו פאַרהיטען אַז די וואָס האָבען נאָך אַ ביסעל בושה זאָלען ניט גיין אין טעאַטער אַז אויב דער רב מיט די חשובי הקהלה וועלען שטיין נעבען טעאַטער (פּיקעטען בלע״ז) וועט קיין שום בעל־בית׳יש קינד ניט האָבען די העזה אַריינצוגיין אין טעאַטער, אַזוי עס עס וועט פאַר זיי זיין אַ זיכערער דורכפאַל, און דאָס וועט שוין פאַר זיי זיין „רבי געלט״ מעהר קיין פאָרשטעלונגען אום שבת ניט צו מאַכען, עס וועט אויך זיין אַן אַזהרה

פאַר אַנדערע וועלטליכע יוגענטליכע אָרגאַניזאַציעס ניט עפּענטליך מחלל שבת צו זיין.

אומר ועושה. שיקט דער רב (נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען די הסכמה פונ׳ם קרילאָווער רב) אויסרופען אין אַלע 16 בתי תפלה בפקודת הבד״צ ובפקודת ראשי הקהל זאָלען אַלע אידען היינט 1 אַזייגער בייטאָג כאיש אחד זיך פאַרזאַמלען אין שטאָטישען בית המדרש, און פון דאָרט וועט דער גאַנצער עולם מיט די רבנים בראש אָפּמאַרשירען צו גאַלעצקיס קינאָ מוחה צו זיין געגען געפּלאַנטען חילול־שבת.

דער שבת איז גראַדע געווען זעהר אַ שיינער זוניגער טאָג און עס איז טאַקע געקומען אַנשים ונשים וטף, ווער ערנסט און ווער צוליב נייגעריגקייט. דער רב איז אַרויף אויף דער בימה און אין קורצע ווערטער ערקלערט דעם צוועק פונ׳ם מאַרש. דער רב האָט געזאָגט: מיר גייען ניט זיי מחזיר למוטב זיין, מיר גייען נאָר זיך אָנעמען דעם כבוד פונ׳ם הייליגען שבת, און פאַרהיטען אַז די וואָס זענען נאָך ניט אַריינגעכאַפּט אין זייער נעץ זאָלען ח״ו ניט נכשל ווערען. ער האָט די ווערטער געזאָגט מיט גרויס עקסטאַז און התלהבות אַזוי אַז דער עולם איז גוט אָנגעוואַרימט געוואָרען און דער מאַרש האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט קאָמפּסלוסט. אמת, דער רב האָט אויפגעפאָדערט אַז דער גאַנצער עולם זאָל זיך פאַרהאַלטען ווירדיג און רוהיג און זאָל ניט טאָן קיין שום ווילדע שריט אויפן אייגענעם חשבון נאָר לויט די אָנווייזונגען פון די סדרנים (זיינע יונגוואַרג).

„ומי ראה את אלו יוצאין ולא יצא״, די רבנים מיט די שטריימלעך און די שטיבל־אידען מיט די זיידענע קאַפּאָטעס און סאַמעטענע היטלעך; און דווקא האָט דער וועג געפירט דורך דער לוואָווסקאַ גאַס, די הויפּט גאַס וואו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע שטאָטישע און רעגירונגס אַמטען, דאָס מאַגיסטראַט, שטייער אַמט, סטאַראָסטווא סיימיק, פּאָסט, און אַלע בעאַמטע האָבן גלייך געוואָרפען די אַרבעט בכדי קענען בייצוואוינען דעם ספּעקטאַקעל. דער מאַרש האָט געדויערט באַלד 2 שעה.

מתחילה ווען די דעמאָנסטראַציע איז צוגעקומען צום קינאָ, האָבען די רבנים מיט די זקני העדה פאַרנומען די וויכטיגע פּאָזיציעס וואָס פיהרען צום הויפּט אַריינגאַנג און זיך פאַרהאַלטען רוהיג, אויסצופירען דעם פּראָגראַם נאָר צו „פּיקעטען״ דעם טעאַטער. אָבער די דרשות מיטן מאַרש האָבען צוגעגעבען היץ און ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם דערנעהנטערט צו די טירען און זענען געוואָרען ווילד און אַגרעסיוו און נפתחו השערים.

די חברה יונגען פון אינעווייניג האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען אַ ויברח, זיי זענען געשפּרונגען דורך די פענסטער, און די גאַנצע פאָרשטעלונג

איז צעשטערט געוואָרען. דער רבי פּערזענליך האָט געלאָזט רופען דעם אייגענטימער מר. גאַלעצקי, אַ קריסט, און האָט אים פאַרזיכערט אַז ער יועט איח גוט מאַכען דעם היזק. די גאַנצע פאָרשטעלונג איז שוין מעהר ניט פאָרגעקומען און האָבען זיך שוין מער ניט ערוואַגט צו מאַכען אַן עפּענטליכען חילול שבת. דער רב און יחידי סגולה האָבען דאַן געמוזט מכיסם 15(ו זלאָטעס באַצאָלען מר. גאַלעצקי׳ן, והעיר שקטה.

נאָר אין אַ געוויסען אָוועגט האָבען 2 שטיינער אַדורכגעזעצט דעם רב׳ס בית־דין שטוב, צו זיי איז געווען צוגעשפּילט צעטעלעך, דאָס איז „נקמה" פאַר שטערען דאָס טעאַטער.

מיט דעם האָט זיך די געשיכטע געענדיגט.



# דאָס שבת־יו״ט׳דיקע טאָמאַשאָוו

## • ח. י. בידערמאַן

**ווילסטו** אויפלעבן אין דיין זכרון די וואַרעמסטע עראינערונגען, די שענסטע מאָמענטן און דערביי אויך בולט׳ער אַרויס־ברענגען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אונזער ליבן שטעטל — לאָמיר דאַן אָנשטרענגען אונזער זכרון און אונזער פאַרשטעלונגס קראַפט, צוזאַמען אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר שבת אָדער יום־טוב איבער די שטילע געסלעך פון טאָמאַשאָוו ווען מען האָט זעלטן אָנגעטראָפן אַ גוי. אַלע געשעפטן זיינען פאַרמאַכט און שטילערהייט פּראָקלאַמירן זיי אַז טאָמאַשאָוו איז אַ אידישע שטאָט וועלכעס אויך די גויים מוזן דע פאַקטאָ אָנערקענען. לאָמיר אָבסערווירן די פריילעכע שפּאַצירנדיקע גרופּן פון אַלע שיכטן און קרייזן. עפּעס ווי דורך אַ מאַגיש שטעקעלע האָבן זיי באַוויזן אַראָפּצווואַרפן פון זיך די גאַנצע לאַסט פון שווערן וואָכעדיקן לעבן, די פילע זאָרגן און פּראָבלעמען וואָס דאָס פאַר׳מלחמה׳דיקע פּוילן האָט אַזוי ברייטהאַרציק צוגעגרייט פאַר דער אידישער באַפעלקערונג, די אויפגעבלאָזענע שנאה און „אָוושעם״ באָיקאָט פּאָליטיק, פיינטלעכע שכנים און חרוב׳ע פּרנסות באַגלייט מיט אויסזיכטלאָזער צוקונפט, מיטאַמאָל פאַרגעסן אַלע דאגות און אָנגעטאָן דעם ספּעציפישן חן וואָס די מלכה שבת טיילט צו יעדן איד, הויבט אויף זיין איינגעבויגענעם רוקן און גיט אין אים אַריין אַ נשמה יתירה פול מיט שטאָלץ און בטחון.

נישט לייכט געווען אַריינצוברענגען דעם שבת אין פיל אידישע שטובן. איך האָב געהאַט דעם זכות צו זיין טעטיק אין געוויסע שטאָטישע מוסדות, ווי בית־לחם און תלמוד־תורה, און אין די אַרכיוון פון דער טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק וועט מען נאָך געוויס געפינען בריוו וועלכע שילדערן די אורזאַכן פאַרוואָס בית־לחם האָט געמוזט געשאַפן ווערן, און איך ציטיר פון זכרון דעם בריוו וואָס איך האָב דאַן געשריבן: „אַ בעל הבית וועלכן מען האָט אין שטעטל געהאַלטן פאַר אַ בעל־פּרנסה האָט מען צוגעטיילט אַן אורח אויף שבת. ווען דער אורח איז אַריינגעקומען אין דער היים פון דאָזיקן איד האָט ער זיין גאַסט מיט טרערן אין די אויגן פאַרטרויט אַ סוד אַז אַלץ וואָס ער האָט אָנגעגרייט אויף שבת איז אַ פּאָר קליינע זעמעלעך, און געבעטן דעם אורח זיך צו טיילן מיט אים מיט זיין אָרעמער סעודה און גרויסן סוד. דער הונגעריקער אורח האָט אָבער דעם סוד נישט געקענט האַלטן און די

נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ „בית לחם" וואָס זאָל אין געהיים פאַרטיילן חלות אין הונדערטער אידישע היימען איז געוואָרן דער געבאָט פון דער שעה". די אָרעמעלייט, וועלכע האָבן שוין געהאַט אויסגעטאָן דאָס שעם־היטל פלעגן אַרומגיין אין די הייזער זאַמלען שטיקלעך חלה, אָבער פיל בכבוד'יקע פאַמיליעס האָבן אין דער שטיל ממש געהונגערט. און זאָל עס פאַרצייכנט ווערן צום קרעדיט פון ר' נחום צוקער הי"ד, אָדער ווי דער ברייטער עולם האָט אים גערופן, ר' נחום שמש, וואָס האָט פיל געלייסטעט ביי דער אויספאַרשונגס־אַרבעט פעסטצושטעלן די נויטבאַדערפ־טיקע און דורך פאַרשידענע בכבוד'יקע וועגן (פיל מאָל דורך באַצאָלן אין געוועלבל פאַר דער חלה וואָס זיי האָבן דאָרטן איינגעקויפט) זיי באַזאָרגט פון די פאָנדן פון „בית לחם" זיי זאָלן כאָטש האָבן אַ שטיקל חלה אויף שבת.

און אויך די מכלומר'שטע „בעלי־פרנסה" האָבן זייער שווער געמוזט אַרבעטן אַריינצוברענגען דעם שבת אין שטוב. די „אָזאָן" פּאָליטיק פון „אוישעם" פון עקאָנאָמישן באַיקאָט האָט אַמבעסטן כאַראַקטעריזירט דער טרויעריק־באַרימטער אידיש־ריידנדיקער טאָמאַשאָווער פּאָליציאַנט „מאַקס": „מיר וועלן אַרויסלאָזן דאָס וואַסער און די פיש וועלן שוין אַליין אָפּשטיין". יאָ, שווער איז אָנגעקומען שבת צו מאַכן, אָבער ווען שבת קודש איז געקומען האָט ער מאַיעסטעטיש אַראָפּגעשיינט פון יעדן איד און מען האָט אין אים ווידער דערקענט דעם בן־מלך.

מער ווי צוויי צענדליק יאָרן זיינען שוין פאַרביי זינט איך האָב דעם לעצטן פאַרבענקטן בליק געוואָרפן פאַרלאָזנדיק מיט אַ שווער האַרץ דאָס ליבע שטעטל וואו איך בין געבוירן געוואָרן און אונזערע יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט, וואו אונזערע פאַמיליעס זיינען יאָר־הונדערטער געווען פאַרוואָרצלט, אַנטלויפנדיק אין פחד פאַר דער אָניאָגנדיק נאַצישער בעסטיע וואָס האָט צום גליק פיל פון אונז פאַנאַנדערגעיאָגט און צעשפּרייט בוכשטעבלעך איבער אַלע עקן פונעם ערד־קוגל און מיר האָבן אַמווייניקסטן געהאַט דאָס גליק האָבנדיק די מעגלעכקייט באַצייטנס צו אַנטלויפן פון דער אויסגעשפּרייטער נעץ, אַ גליק וואָס זייער ווייניק אידישע שטעטלעך האָבן געהאַט, און אַ דאַנק דעם האָט טאָמאַשאָוו אַ גרעסערע שארית־הפליטה. אין רעטראָספּעקט פון איבער צוויי צענדליק שטורמישע יאָרן פון בלוט און טרערן, וואַגלענישן און וואַנדער, פון נייע האָפענונגען און אויף חורבות געבויטע נייע היימען, זיינען פיל בילדער געבליבן פאַרנעפּלט און איר וועט מיר אַנטשולדיקן ווען אויפלעבנדיק אין זכרון געשעענישן און פּערזאָנען, די געסלעך און הייזער, שולן און שטיב־לעך, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, די פירער און דאָס פאָלק וועלן פיל איינצלהייטן ווערן דורכגעלאָזט אָדער טיילמאָל נישט גענוי איבער־

געגעבן, טראָץ דעם בעסטן ווילן און גרעסטע אָנשטרענגונג, אָבער אויב נישט אַ פול בילד, וועט אונזער שפּאַציר איבערן שבת־יו״ט׳דיקן שטעטל אונז אויפלעבן פיל אָנגענעמע מאָמענטן, וועט אונז אָנפילן מיט בענקשאַפט נאָך יענעם שיינעם אַמאָל, נאָך יענער דערהויבענער תמימות׳דיקער שמחה, נאָך יענע באַשיידענע עסקנים וואָס האָבן זיך מיט זייער גאַנצער נשמה איבערגעגעבן דער אַרבעט לטובת זייערע אָרעמע און ליידנדיקע בני־עיר און אויפגעטליעט האָפענונג אין פאַר׳חושכ׳טע הערצער. מיר וועלן ליידער זיך מוזן באַגרענעצן בלויז צו אַ פּאָר געציילטע ערטער וועלכע שטייען נאָך איצט לעבעדיק פאַר מיינע אויגן און דאָס וועט זיין אַן אָפּשפּיגלונג אויך פון די אַנדערע ערטער וועלכע מיר מוזן צוליב מאַנגל אין פּלאַץ אַדורכלאָזן.

## ערב שבת אין שטאָט

געדענקט איר דעם ערב שבת פאַרנאַכט אין שטעטל? געוויס איז פרייטאָג געווען אַן אָנגעשטרענגטער טאָג, ספּעציעל פאַר די פרויען און גאַנץ באַזונדערס די קורצע פרייטיקס ווען עס האָט טייל פרויען כסדר אויסגעפּעלט כאָטש אַ האַלבע שעה צו קענען פאַרטיק ווערן מיטן שבת. די בריה׳דיקע פרויען דאַקעגן האָבן אָבער אויך מיט שעה׳ן פריער געהאַט אַלעס צוגעגרייט, באַוויזן אויסצוצוואַגן די קינדערלעך און אָנטאָן זיי אין די שבת׳דיקע בגדימ׳לעך. אידן זיינען געגאַנגען פאַרשוויצטע און פאַר־פּלאָמטע פון מקווה, וואו מען האָט אויך זיך מחי׳ געווען מיטן הייסן באָד. געווען אידן היובע „בעלי־מדרגה״, וועלכע זיינען דערגאַנגען ביז צום העכסטן „טרעפּל״ און זיך געלאָזט גוט אויסשמייסן, געהאַלטן אין איין שרייען „פּייער״ און זיך דערקוויקט פון די שמיץ פון באָד־בעזימלעך, אָבער אויך די וואָס האָבן זיך געמוזט באַגנוגען מיט די נידעריקע טרעפּלעך האָבן אויך דערפילט אין „זייערעביינער״ דעם „עונג״ פון אַראָפּוואַרפן פון זיך צוזאַמען מיטן שמוץ אויך די זאָרג פון דער שווערער וואָך און די פרייד פון באַגריסן דעם ליבן שבת. דאָס באָד איז געווען אַן אויס־געצייכנט פּלאַץ אויפצונעמען אַלע פּאָליטישע פּראָבלעמען פון שטעטל און נישט איין פלאַם־פייערדיק מחלוקת איז אויסגעבריט געוואָרן אויף די הייסע באָד בענק. דאָרט האָט מען זיך אויסגעטוישט מיט די לעצטע נייעס פון דער וועלט בכלל און פון דער אייגענער קהלה בפרט.

ווען דער שמש האָט געקלאַפּט די 3 קלעפּ אויף דער טיר פון יעדן הויז אין שטעטל, האָט זיך געהערט אַ געקלאַפּעריי פון געשעפטס טירן. מען האָט אַרויסגעיאָגט די פאַרשפּעטיקטע קונים און פון אַלע פענסטער האָבן אָנגעהויבן אַרויסווינקען די סודות׳דיקע פלעמלעך פון די שבת ליכט. אידן האָבן זיך געאיילט יעדער אין זיין מקום תפלה און

טאָמאַשאָווער אידן האָבן געהאַט אַן אויסוואַל. איך וועל זיך באַמיען אויסצו־רעכענען וויפל איך געדענק: שול, בית־שני, בית המדרש, חסידישע בית המדרש, ר׳ יהושע׳לעס שטיבל, בעלזער שטיבל, קיעלצער שטיבל, כעלמער שטיבל, ר׳ נחמן׳ס שטיבל, צאַנזער שטיבל, גערער שטיבל, ראַדזינער שטיבל, הושיאַטינער שטיבל, מזרחי.

## די קבלת שבת

קומענדיק אין בית המדרש אָדער שטיבל, האָט מען צוערשט געזוכט דעם פּלאַץ וואו מען פלעגט אַרויסהענגען די פאַרשידענע מעלדונגען פון אַלערליי אָרגאַניזאַציעס. דאָרטן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די טעטיקייט פון אַלע פּאַרטייען און אינסטיטוציעס. איר האָט דאָרט געפונען מעלדונגען וועגן רעפעראַטן אָדער געלט זאַמלונגען, וועגן אַ סיום פייערונג אָדער אַ הספד נאָך אַ באַרימטער פערזענלעכקייט. באַזונדערס ווען עס האָט גע־האַלטן פאַר לאָקאַלע אָדער אַלגעמיינע וואַלן, דעמאָלט זיינען די ווענט געווען פול פאַרקלעפּט מיט שרייאיקע פלוג־בלעטער וועלכע האָבן אויפ־גערעגט די געמיטער פון די לייענער וועלכע זיינען ווייט נישט געווען קיין פּאַסיווע צושויער. אידן האָבן גענומען אַן אַקטיוון און לעבהאַפטן אַנטייל אין אַלע געשעענישן פון עפנטלעכן לעבן הן פון לאָקאַלן הן פון אַלגע־מיינעם כאַראַקטער און מען איז געווען טיף פאַראינטערעסירט אין זייער אַנטוויקלונג.

באַלד אָבער ווען דער חזן אָדער בעל־תפלה האָט אָנגעהויבן דאַווי־נען האָט עס אויסגעזען ווי מען האָט שנעל פאַרגעסן אין אַלע אַנדערע זאַכן און מיט התלהבות מיטגעדאַוונט און מיטגעזונגען און באַגריסט די כלה־שבת. נאָך דער פרייטיק צונאַכטיקער סעודה זיינען די גאַסן געוואָרן אָנגעפילט מיט שפּאַצירנדיקע. פאַר אַ טייל איז דער שפּאַציר געווען אַ ציל אַן און פאַר זיך, אַנדערע אָבער האָבן געשטראָמט צום רב׳ס טיש אָדער אין די שטיבלעך צו שיעורים צי אין אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן צוגעגרייט אַ פאָרטראַג אויף אַן אַקטועלער טעמע.

## ביי דעם רבי׳נס טיש

איך וויל זיך יעצט באַזונדערס אָפּשטעלן אויף די „טישן״ וואָס זיינען געפּראַוועט געוואָרן ביים „טשעשענאָווער רב״ הרה״צ ר׳ ליביש רובין זצ״ל און אָט איז אַן עראינערונג: אין דרויסן ברשעוועט אַ שניי־שטורעם, אַ בייסיקער פראָסטיקער ווינט שמייסט אין פּנים אָבער מיט וויפל פרייד און אינערלעכער דערהויבנקייט שטראָמט מען פון אַלע ווינקעלעך פון שטעטל צו איין צענטער, צום הויז פון טשעשענאָווער רבי, הרב רובין

ז״ל. ווי קאַלט און פּראַסטיק עס זאָל נישט זיין אין דרויסן ווערט מען באַלד דערוואַרעמט איבערטרעטנדיק די שוועל פון דאָזיקן הויז, נישט דערפאַר ווייל עס איז געווען אַזוי גוט באַהייצט נאָר עס ווערט וואַרעם אויפן האַרץ און נשמה פון ליבלעכן בליק מיט וועלכן עס באַגריסן אייך די קלוגע אויגן און הויכע מאַיעסטעטישע געשטאַלט פון רב, און אַלע ווינקעלעך פון הויז ווערן באַלד פול מיט די זיסע קלאַנגען פון האַרציקן שלום עליכם געזאַנג וועלכע ווערט באַלד ענטוזיאַסטיש מיטגעכאַפּט דורכן גאַנצן פּילפּאַרביקן עולם וועלכער באַשטייט פון עלטערע חסידים, מיטליע־ריקע בעלי־בתים און יונגע בחורים׳לעך מיט גליענדיקע אויגען און צע־פלאַמטע בעקעלעך פון פּראַסטיקן דרויסן אַלע אינאיינעם פאַראייניקן זיך אין חסידישער התלהבות. אַלע אויגן קאָנצענטרירט צו דער פּאַטריאַרכאַ־לישער הדרת־פּנים׳דיק געשטאַלט פון רב. יעדעס וואָרט ווערט אויפגעכאַפּט מיט יראת הכבוד, יעדע נגינה ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אָנרעגונג צו אַן אויסברוך פון נייע קוואַלן פון שמחה און השתפכות הנפש, פון הימלע־שער דערהויבנקייט, פון אַזאַ זעלישן פאַרגעניגן צו וועלכן נאָר חסידיש געזאַנג וועמענס מקור שטאַמט פון היכל־הנגינה וואָס געפינט זיך בשכנות פון היכל התשובה קען דערהויבן. און אַ קייט פון האַנט אין האַנט, אַקסל ביי אַקסל פאַרגייט זיך אין שעה׳ן לאַנגען רקוד.

שווער צו שילדערן די גליקזעלקייט וואָס האָט אַרומגענומען יעדן איינעם אַהיימגייענדיק שפּעט פּרייטיק צונאַכטס פאַרטאָן אין געדאַנקען פון נאָר וואָס איבערגעלעבטער התרוממות הרוח וועלכעס האָט געגעבן אַ רעזערוו פון חיות און חזוק פאַר אַ גאַנצע וואָך, בכדי באַלד פאַרטאָגס אַ נייעם וועג אין פריש־געפאַלענעם שניי צו מאַכן קומענדיק אין צאַנזער שטיבל צו אַ שיעור רמב״ם אָדער חומש מיט אור־החיים און אויפסניי טרעפט מען זיך ביים רב׳ס טיש שבת נאָכמיטאָג און ביי שלש־סעודות ווען אין הויז איז שטאָק־פינסטער. די שטוב וואו דער רב פירט טיש איז אָנגעפילט מפה אל פה און באַלד ווערט דער חלל אָנגעפילט מיט האַרציקע תנועות מיט בענקעדיקן געזאַנג און אויך מיט לעבעדיקע מאַרשן. יונגע־לייט און בחורים וועלכע זיינען געבענטשט מיט שיינע שטימען ווערן מכובד מיט פאַרשידענע ניגונים. אָט באַלד וועט הרב מאיר רובין ז״ל, דעם רב״ס עלטסטער זון, זינגען „ברוך קל עליון״, און איר שפּיצט אָן אייערע אויערן אַז באַלד וועט איר הערן אַ וואונדערשיינעם נייעם ניגון אָדער „אָפּערע״ געזונגען אַזוי ווי נאָר ער אַליין האָט עס געקאָנט. די אַקסט׳ס ברידער און יבדלו לחיים יצחק קאַך, יחזקאל העללער, שמעון מאלארש, האָבן געהאַט כיבודים צו זינגען כמעט ביי יעדן שלש־סעודות און דער מאָמענט פון רעווא־דרעווין ווערט טיף איינגעקריצט אין האַרץ פון די צאַלרייכע אָנטיילנעמער.

## ראש השנה צו תשליך

און אַט אַ ניי בילד: דער רב מיטן עולם חסידים גייען צו תשליך. דער וועג פירט דורך עטלעכע הויפּט־גאַסן און דער מאַרש ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַן איינדרוקספּולער פּראָצעסיע, די גאַסן ווערן אָנגעפילט מיט חסידישן געזאַנג און ווען דאָ אָדער דאָרט פּרובירט אַ שגץ וואַרפן אַ שטיין ווערט עס איגנאָרירט און מען רעכנט עס צו צום „אַלטן יאָר״... דער מאַרש ווערט פאַרגעזעצט און מען זינגט מיט מער ברען און בטחון ווייזנדיק אַז מיר האָבן פאַר קיינעם קיין מורא נישט נאָר פאַר דיר אַליין, ווי מען פלעגט אַזוי זיס זינגען אין אַ אידישער ווערסיע פון „אל תירא עבדי יעקב״ יעדן מוצאי־שבת, ווען ווידעראַמאָל האָט מען זיך פאַר־זאַמלט אין שטיבל צו מלווה מלכה צו באַגלייטן די שבת המלכה מיט בענקשאַפט און פרישער זאָרג פאַר דער אָנקומענדיקער וואָך. און אָט די זאָרג פאַר דער צוקונפט האָט זיך אָמבעסטן אויסגעדריקט אין דער פּאַראַדיע פון גשם־נגון שפּעט שמחת תורה אין אָוונט (נאָכדעם ווי מען האָט זיך געהאַט איינגאַנצן פאַרגעסן גאַנצע צוויי טעג זייענדיק זיך משמח מיט דער תורה, נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעצאַפּט דאָס לעצטע פעסל ביר ביז צום דנאָ און אויסגערעכנט אַלע אידישע מעלות אין „אום אני חומה״ און דערפילט ווי גוט עס איז צו זיין אַ איד) ווען אין דרויסן איז צוגעפאַלן די פינסטערניש פון דער נאַכט און צחאָמען מיט איר — אַ חשכות אין האַרץ. דער קאָנטראַסט פון שמחה און ריקודים ביז צום זעלבסט־פאַרגעסן און דעם אויפוואַכנדיקן באַוואוסטזיין אַז אָט קומט ווידער אַ לאַנגער שווערער, קאַלטער ווינטער מיט אַלע זיינע פּראָבלעמען, און דער בגילופינ׳־דיקער ר׳ דוד אויפען הי״ד אָדער ר׳ שמעון דער דרדקי מלמד האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף דער באַנק אין ר׳ נחמנ׳ס שטיבל און געזונגען מיטן גשם ניגון „אַף ברי — דער זומער איז פאַרביי און דער ווינטער רוקט צו, דער דאַך איז צעבראָכן, דער פעלץ איז אויסגעקראָכן, און קיין געלט איז נאָך אַלץ נישטאָ, פאַר מלמד געלט נאָך שולדיק פאַרן אַלטן יאָר (און ווער נאָך האָט עס געקאָנט וויסן בעסער ווי ר׳ שמעון מלמד הי״ד אַליין?), און אַזוי ווייטער אין ענלעכן זין.

## שמחת תורה

און ריידנדיק פון שמחת־תורה ווען מיר זיך ווידער צוריקקערן צו אונזער ליבן צאַנזער שטיבל וואו דער רב פלעגט פּראַוון די באַרימ־טע צאַנזער־הקפות. עס איז דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּונקט צו וועלכן מען האָט עולה־רגל געווען פון אַלע שולן און שטיבלעך נאָכדעם ווי מען איז אין אַנדערע ערטער פאַרטיק געוואָרן מיט די הקפות, און עס איז באמת כדאַי געווען די טרחה. דער רב זצ״ל פלעגט טאַנצן שעה׳ן

## ביי דער דריטער כנסיה הגדולה אין מאַרינבאַד, תרצ״ז



שפאצירענדיג פון רעכטס: הרב מאיר רובין ז״ל, הרב משה חיים בלום ז״ל
(זאמאשטשער רב) און הרב שוסטער הי״ד (סאקאלקער רב)

לאַנג אָן אויפהער און מיט געוואַלדיקער התלהבות געזונגען די ספּעציעלע צאַנזער הקפות מיט די באַרימטע ראָפּשיצער ניגונים. צווישן איין הקפה און דער אַנדערער פלעגט מען זינגען פאַרשידענע זאַכן, אַמאָל אין סאָלאָ און אַמאָל פלעגט זינגען דער פרחים־כאָר וואָס איז געווען אַ באַזונדערע אַטראַקציע. איך דערמאָן זיך איינע פון די לידער וואָס איז געווען ספּעציעל פּאָפּולער: איינער האָט געזונגען סאָלאָ (לויט אַלף בית) אמונת חכמים האָבן מיר אונז, בראשית ברא לערנען מיר אונז", באַלד האָט דער כאָר באַגלייט מיט אַ מעכטיק געזאַנג „וואויל, וואויל, וואויל איז אונזער דינסט, אונזער לעבן איז צוקער־זיס"... וויפל פון אָט־די יונגע האָפנונגספולע און לעבנסלוסטיקע צוקער־זיסע בחורים'לעך זיינען אומגעקומען דורך דעם גרויזאַמען מערדער?

ווי כסדר האָט זיך ספּעציעל אין סאָלאָ געזאַנג אויסגעצייכנט הרב מאיר רובין ז"ל, וועלכער איז אויסער אַ זייער באַגאַבטער בעל־מנגן אויך געווען אַ זעלטענער בעל מעלה, אַ גוטער פּעאיקער אָרגאַניזאַטאָר, געווען פּרעזעס פון צעירי אַגודת ישראל, האָט אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע קאָנפערענצן דערונטער אויך די כנסי'־גדולה פון אַגודת־ישראל אין מאַריענבאַד, געווען אַ מיטגליד אין די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער אַגודה אין פּוילן. מען האָט אים פאָראויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט אָבער זיין לעבן איז אין בליענדיקן עלטער פאַרשניטן געוואָרן פון הונגער און קראַנקייטן אין סיבירער פאַרשיקונג.

האָבנדיק דערמאָנט די צעירי־אגודת ישראל אין טאָמאַשאָוו לאָמיר זיך אויף אַ ווייל אָפּשטעלן אויף דער טעטיקייט און פירערשאַפט פון אָט־דער גרופּע ווי אויך פון די פרחי אַגודת ישראל און בנות אַגודת ישראל אין טאָמאַשאָוו, וועלכע האָבן מיט זייער טעטיקייט אַריינגעבראַכט אַ סך יו"ט'דיקייט אין גראָען וואָכעדיקן לעבן פון שטאָט און פאַרצייכנט אַ רומרייך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון טאָמאַשאָוו ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939.

אויף אַ צווייט אָרט אין דאָזיקן בוך האָט ר' יצחק מאיר גאַרטלער שוין ברייטער באַשריבן די גרינדונג און טעטיקייט פון דער אגודה־באַוועגונג אין טאָמאַשאָוו, איך וועל זיך דאָ דעריבער בלויז קורץ אָפּשטעלן אויף דער טעטיקייט פון די יוגנט גרופּן פון אָט־דער באַוועגונג, אין וועלכן איך האָב געהאַט אַ זכי' אַ געוויסע צייט צו נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל.

## די סיום פייערונגען פון דף היומי

די פירער פון צעירי־אגודת־ישראל דאַרף צוגעשריבן ווערן דער קרעדיט פאַר פיל מאָמענטן וועלכע קאָנען נישט אַנדערש באַצייכנט ווערן ווי „יום־טוב אינדערוואָכן". איר האָט געקענט זען אין אַ פּראָסטן מיטוואָך

אָונט, פילע הונדערטער אידן יום־טוב׳דיק אָנגעטאָן שטראָמען אין בית־המדרש צו אַ סיום מסכתא פון דף־היומי. צו אַזאַ געלעגנהייט פלעגן איינגעלאַדן ווערן דורך די צעירים באַוואוסטע פירער און רעדנער וועלכע פלעגן מיט זייער אָראַטאָריע ווי פערטראָגען די צוהערער אין אַ נייער העכערער וועלט פון גייסטיקן געַנוס, פלעגן געבן דעם עולם די אָנרעגונג און געלעגנהייט פון חשבון הנפש און אויך דאָס באַוואוסטזיין אַז די אַלע טעגלעכע שוועריקייטן און די אַלע פינסטערע וואָלקנס וואָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן זאַמלען אויף די אידישע הימלען אין דער שטיקענדיקער אַטמאָספערע פון דער היטלער עפּאָכע, זיינען באמת נישט מערער ווי פאַראיבערגייענדיקע מאָמענטן אין טויזנט יעריקן וועג פון אידישער נצחיות, וועלכעס צילט באַוואוסטזיניק צו אַחרית־הימים, און אויפן וועג צום העכסטן ציל מוזן קומען נסיונות און קרבנות, טאָקע מיטן צוועק מקרב צו זיין די ימות־המשיח. ממילא האָט עס צוגעגעבן חזוק און אויך שטאָלצן באַוואוסטזיין, זייענדיק איבערצייגט אַז די צרות און יסורים האָבן אַ צוועק, אויב נישט פאַר זיך זעלבסט, איז פאַר די צוקונפטיקע דורות.

צווישן די צעירים און פרחים זיינען געווען אייניקע גוטע רעדנער. הרב מאיר רובין ז״ל, דער פּרעזעס פון די צא״י און אויך יבל״ח זיין ברודער דער טשעשענאָווער רבי הרב שלום יחזקאל רובין האָבן באַשיינט די טריבונע און מיטגעריסן דעם ענטוזיאַסטישן עולם. אַ גוטער רעדנער איז אויך געווען יודל שאָר הי״ד, אַ דינאַמישער און אַמביציעזער יונגערמאַן וועלכער איז פאַרוואונדעט געוואָרן באַלד אין אָנהויב פון דער מלחמה בעת דעם באָמבאַרדירן פון וועלכן ער איז געוואָרן אַ קאַליקע און שפּעטער האָט ער געטיילט דעם גורל פון אַלע קדושים.

### שמחת פּורים

אַזעלכע שמחות של מצווה און ענלעכע פייערונגען זיינען פאָרגעקומען זייער אָפט, אַמאָל איז עס געווען אַ חמשה עשר בשבט אָדער חמשה עשר באָב פייערונג אָדער אַ ל״ג בעומר אויספלוג. פּורים צייט פלעגן די פרחי־אגו״י געבן פאָרשטעלונגען ווי פטירת משה רבינו און אַנדערע.

אַגב, פּורים ביינאַכט פלעגט ר׳ ישראל׳קע פייפער הי״ד צוזאַמען מיט אַנדערע יונגעלייט, אַזוי פריילעך מאַכן ביים רב׳ס טיש מיט זייערע פאָרשידענע איינפאַלן און פאָרשטעלונגען, אַז חברה פלעגן אויף דעם אויסקוקן אַ גאַנץ יאָר. מאַכט זיך אַמאָל אַז ר׳ ישראל׳קי איז עפּעס ברוגז געוואָרן און נישט געקומען צום טיש. שפּעט ביינאַכט פּורים האָט מען אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר אים געזאָגט אַז מען דאַרף בענזין (וועלכעס ער פלעגט פאַרקויפן) ווען ער איז אַרויסגעקומען האָט אים חברה „געקידנעפּט“

אַריבערגעבראַכט צום רב, אים איבערגעטאָן אין רבנישע קליידונג מיט אַ זילבערנעם שטעקן אין האַנט און מאַרשירט צום הויז פון זיין שווער ר׳ אריי׳ העללער, איינער האָט אָנגעקלאַפּט געמאָלדן אַז אַ רבי ר׳ דוד׳ל לאַנצוטער איז געקומען, מען האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, און אַריינגעלאָזט דעם רבי׳ן״. דער שווער האָט דעם איידעם נישט דערקענט... און אַזוי האָט מען פריילעך און זאַרגלאָז מאַרשירט און אויפגעוועקט איין חסיד נאָכן אַנדערן. ביי ר׳ שלמה אָקסט איז אָבער געשען אַ דורכפאַל, ווען מען האָט געעפנט די עלעקטריע מקבל פנים זיין דעם „רבי׳ן״ האָט פונקט דער „רבי״ ר׳ ישראל׳קי פייפער געהאַט פריער אין דער פינסטער באַמערקט אַ האַלבן שמאַלץ הערינג און אים אַריינגעכאַפּט אין מויל, אין דעם צושטאַנד האָט מען געטראָפן דעם „רבי׳ן״ בעת מען האָט געעפנט די עלעקטריע... אָבער פריילעך איז יונגוואַרג געווען, להכעיס אַלע שונאים וועלכע האָבן דעמאָלט אָנגענומען אַלץ מער און מער דראָהענדע שטעלונג באַאיינפלוסט פון היטלער׳ס סם פּראָפּאַגאַנדע.

אַמאָל איז דער יום־טוב אינדערוואָכן געווען אַ געזעגענונגס־אָוונט פאַר עולים קיין ארץ־ישראל, פאַר אַט־דער קליינער צאָל וואָס האָט געהאַט די זכי׳ צו באַקומען סערטיפיקאַטן. מען האָט זיי באַגלייט מיט די בעסטע וואונטשן און אויך באַהאַלטענע קנאה־געפילן פון פיל וועלכע האָבן וועגן דעם בלויז געקענט חלומ׳ען (אַלס איינער וואָס האָט אין דער צייט ווען דער רוב אַגודה־עולים פון טאָמאַשאָוו האָבן באַקומען זייערע סערטיפיקאַטן געהאַט די אויפזיכט איבער דעם ועד למען ארץ ישראל און מורשה פון קרן־הישוב ביי צא״י, האָב איך געהאַט די פולע אינפאָרמאַציע און גוט געקענט די שטימונג אין אונזערע רייען).

## בית יעקב באַוועגונג

און אַט ווידער אַ פייערלעכע שטימונג: די פרויען יוגנט פון אַגודת ישראל, די בנות אַגודת ישראל, בראש פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען די בית־יעקב לערערין טויבע לעווקאָוויטש, די שוועסטער חי׳ און מאַליע העללער, רחל שאַפּראַן א. אַ. האָט איינגעלאַדן די באַרימטע שרה שענירער מיטן צוועק צו פאַרברייטערן און פאַרשטאַרקן די בית־יעקב שולע וועלכע איז דורך פיל מי אויפגעשטעלט געוואָרן פון אַ פאַר צענדליק עסקנים בראש מיט מיין פאָטער ר׳ אברהם יחזקאל בידערמאַן ז״ל, וועלכער האָט זיך ממש מוסר נפש געווען און אָוועקגעגעבן די בעסטע צייט און כחות פאַר דער שולע. דער וויזיט פון פרוי שענירער האָט ממש אויפגערודערט דאָס רעליגיעזע טאָמאַשאָוו. דער רעספּעקט פאַר איר איז געווען געוואַלדיק אַזוי ביי די תלמידות ווי ביי די לערערינס און עלטערן. די פרוי שענירער האָט אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי אונז אין הויז און איך געדענק ווי די

לערערין לעווקאָוויטש איז געשטאַנען מיט מורא און יראת־הכבוד פאַר איר, הגם פרוי שענירער איז געווען זייער ליבלעך און צערטלעך ווי עס פאַסט פאַר דער מוטער פון די פיל טויזנטער בית־יעקב קינדער וועלכע זי האָט באַטראַכט ווי אייגענע (זייענדיק קינדערלאָז).

אין די „בנות" האָבן זיך גרופּירט די מיידלעך פון די רעליגיעזע פאַמיליעס און באַזונדערס די וועלכע האָבן פאַרענדיקט די „בית יעקב" שולע וועלכע האָט זיך קונה שם געווען אין דער גאַנצער אומגעגנט פאַר דער מוסטערהאַפטער דערציאונג וואָס די מיידלעך האָבן דאָרטן באַקומען.

## חדר יסודי התורה

צוגלייך מיטן „ועד" פון דער אגודת ישראל איז אויך די פּירער־שאַפט פון צא"י געווען באַשעפטיקט מיט פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון „חדר יסודי־התורה", אָדער ווי מען האָט עס גערופן: דאָס „אגודה חדר". מען קאָן גאַנץ דרייסט זאָגן אַז די גרעסטע טייל פון דער רעליגיעזער יוגנט האָט באַקומען זיין דערציאונג אינעם דאָזיקן חדר וועלכער האָט געהאַט אויסגעצייכנטע מנהלים און מחנכים. ר׳ יצחק מאיר גארטלער, אַ זייער פעאיקער אָרגאַניזאַטאָר, רעדנער און שרייבער, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל און באַשרייבט זעלבסט אין יזכור־בוך אַ קאַפּיטל אגודה־לעבן אין טאָמאַשאָוו, איז פאַר יאָרן געווען דער מנהל און רוח החי׳ פונ׳ם דאָזיקן מוסד וועלכער האָט דערצויגן הונדערטער אידישע בחורים אין עכט־טראַדיציאָנעלן גייסט, און די דאָזיקע תלמידים זיינען עס געווען דער אַוואַנגאַרד פאַר די „פּרחים" און שפּעטער פון די „צעירים".

איינער פון די באַליבסטע מחנכים איז געווען ר׳ אהרן אַנצוג, וועלכער וואוינט היינט אין ישראל. אַ נעטגעקליידעטער פון נידעריקן וואוקס מיט גאָלד באַצירטע ברילן פלעגן די תלמידים פון העכסטן קלאַס זיצן ווי צוגעשמידט צו זייערע ערטער און צוהערן זיין שיעור גפ"ת בעיון, אָדער אַ שיין שאַרף חסידיש וואָרט אויף דער סדרה וועלכעס איז פאַר־בליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון פון זיינע תלמידים (איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זיין איינער פון זיי). אַ שיינער שיעור זאָגער איז געווען דער מנהל ר׳ יצחק מאיר גארטלער, איינער פון די מנהלים איז אויך געווען ר׳ חיים אַנצוג פון קראַסנאָבראָד. פון די אַנדערע מחנכים וועל איך דאָ דערמאָנען ר׳ מאיר קלארמאן, ר׳ פנחס קראנגאלד, ר׳ שמחה הערצאָג, ר׳ בנימין טעפּלער (וועלכער האָט פאַרלאָזט זיין לערער אַמט אין מזרחי חדר).

## פּרחי אגודת ישראל

אַ רומרייך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער רעליגיעזער יוגנט אין טאָמאַשאָוו האָט אויך פאַרשריבן די יוגנט־גרופּע וואו עס האָבן זיך

גרופּירט די אינגערע בחורים צווישן בר־מצווה און 18 יאָר, נעמלעך די „פּרחי אַגודת ישראל", אין וועמענס שפּיץ עס איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען מיין חשוב'ער חבר און פריינט הרב בנציון שניידער, וועלכער געפינט זיך יעצט אין חיפה.

פאַר מיר ליגן יעצט צוויי פאָטאָגראַפיעס פון אָט־דער ליבער יוגנט. פיל פון זיי זיינען איצט פאַרשפּרייט איבער אַלע עקן וועלט, פיל פון זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון די 6 מיליאָן. קוקנדיק יעצט אין זייערע אויגן אויפן בילד און זייענדיק זיך מתייחד מיט זייערע נשמות, איז שווער צוריקצוהאַלטן אַ טרער. זיינען זיי דאָך אַלע געווען אַזוי לעבנס־לוסטיק, האָבן זיי דאָך פאַרשפּרייט אַרום זיך אַזויפיל ברויזנדיקע יוגנט־פייער און שטראָמענדיקע ענערגיע, ווי אַזוי און אונטער וואָסערע אומ־שטענדן האָט איר פאַרענדיקט אייערע יונגע לעבנס?

פאַר פיל יאָרן האָט איר מיר צוגעטיילט די אויפגאַבע צו זיין מזכיר־סעקרעטאַר פון פּרחי־אגו"י און צא"י. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט דענקען אַז איך וועל האָבן צוגעטיילט פון „יזכור־בוך קאָמיטעט" די אויפגאַבע מזכיר צו זיין אייערע טייערע און הייליקע נשמות.

איך וויל דאָ אויסרעכענען די חברים וואָס געפינען זיך אויף די פאָטאָס, וועמענס לעבנס זיינען יונגערהייט פאַרשניטן געוואָרן: צוערשט די פירער פון צא"י: הרב מאיר רובין, יצחק מאיר פלוג, מרדכי גאַנצער, ר' אליעזר גרשון טייכער. יעצט די פירער פון פּרחי אגו"י: שלמה גארטלער, מענדל העללער, יעקב פאַנצער, יודל שאָר, סיני שפּירא, יודל בראַנד, מאָטל שווינדלער, שמואל קויפמאַן, נתן אַקסט, משה העללער, דוד העללער, יצחק יונגמאַן (וועלכער איז אומגעקומען פון די ערשטע באָמבעס וואָס זיינען געפאַלן אויף טאָמאַשאָוו), פּרץ זינגער און שלמה קופּיעץ (וועמענס קדושים טויט באַשרייבט אין דעם זעלבן בוך אַזוי רירענד און האַרצרייסענד מיין חשוב'ער חבר און פריינט אברהם זינגער), מאיר וואָלף אויפען, יעקב אליעזר גארטלער, שמואל הירש לישטשאַנעווסקי (דעם טורבינער שוחט'ס זון), און משה מאַלץ.

## עסקנים פון די צעירים

לאָמיר ביי דער געלעגנהייט אויך אויסרעכענען אייניקע עסקנים פון די צעירים (אויסער די פריער דערמאָנטע אויף די פּרחים פאָטאָס) נעמליך: ר' סיני שטענדער, לאַנגיעריקער סעקרעטאַר, אלימלך העללער, וועלכער האָט איבערגענומען דעם סעקרעטאַריאַט נאָך סיני'ס הייראַט, און וועלכער איז אומגעקומען אַנטלויפנדיק פון לאָדזש בעת די באָמבאַרדירונגען אין 1939, ר' לייבל מערמעלשטיין לאַנגיעריקער פּרעזעס און באַליבטער מוסטער פאַר דער צעירים יוגנט, גרשון בראַנד, תלמיד פון טאַרנאָפּאָלער רב און

גרויסער למדן, ר׳ ישעי׳ העללער, ר׳ יעקב הערמאַן, ר׳ יעקב מרדכי גוט־הארץ, ר׳ יונה זינגער, ישעי׳ הירש העללער, ברוך אַקסט (וועלכער האָט זיך באַזונדערס געווידמעט צו הרבצת תורה וחסידות).

כאָטש הרה״צ ר׳ לייביש רובין זצ״ל איז נישט געווען קיין אָפּי־צעלער מיטגליד פון דער אַגודה, איז אָבער די גאַנצע אָרגאַניזאַציע אַגודה־יוגנט געשטאַנען אונטער זיין השפעה און דאָס צאַנזער שטיבל איז פּאַק־טיש געווען דער צענטער פון אַלע אַקטיוויטעטן פון דער אַגודה אין אַלע אירע אָפּצווייגונגען, און זיינע צוויי זין זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פירערשאַפט. דערמאָנענדיק דאָס צאַנזער שטיבל זאָלן דרך אַגב דערמאָנט ווערן אַ פּאָר חשוב׳ע בעלי־בתים: ר׳ ארי׳ העללער, ר׳ נטע העללער, ר׳ ישראל׳קי פייפער ר׳ משה קנאבליך, ר׳ שלמה אַקסט מיט זיינע זין, ר׳ הירש גאַנצער, און דער גרויסער מכניס אורח ר׳ שלום זינגער (ר׳ שלום ראַכאַנער וועמענס זון אברהם באַשרייבט זיין קדוש־השם טויט).

## תלמוד־תורה

אַ וויכטיקער חנוך־מוסד פאַר די אָרעמע קינדער וועלכע האָבן נישט געקענט צאָלן קיין שכר־לימוד איז געווען די תלמוד־תורה אין דער שפּיץ פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען (פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען סעקרעטאַר פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע) ר׳ יעקב לעדער־קרעמער, ר׳ אפרים ראָב, ר׳ יעקב שערער (אָדער ווי מען האָט אים גערופן יעקב לערער) א. אַ. חשוב׳ע בעלי־בתים.

אַ דאַנק דער ברייטער אונטערשטיצונג פון די טאָמאַשאָווער לאַנדס־לייט אין ניו־יאָרק איז ר׳ נחמן׳ס שטיבל אויף דער קראָסנאָבראָדער גאַס (אָדער ווי מען האָט עס לעצטנס גערופן פּיעראַצקיעגאָ) איבערגעבויט געוואָרן אַלס תלמוד תורה בנין, און איך בין פּילמאָל טיף גערירט געוואָרן בייוואוינענדיק דאָס פאַרטיילן יעדן פרימאָרגן אַ הייס גלאָז מילך מיט אַ זעמעלע פאַר יעדן קינד זעענדיק די גיריקייט מיט וועלכן די אויסגע־הונגערטע קינדער האָבן אָפּגעוואַרט אין דער ריי צו באַקומען זייער פרישטיק (פיל פון די דאָזיקע בני־עניים האָבן אויך פאַרדינט פרייזן פאַר אויסצייכענען זיך אין לערנען און אין דרך ארץ) און די דאַנקבאַר־קייט אין די אויגן פון די אויסגעהונגערטע קינדער איז געווען די גרעסטע סאַטיספאַקציע פאַר די עסקנים וועלכע האָבן עס בייגעוואוינט, און די טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע מעגן זיין שטאָלץ פאַר דערמעג־לעכן דאָס. באַזונדערס אַז עס פלעגט קומען חמשה עשר בשבט און זיי פלעגן קריגן מתנות פעקלעך ארץ־ישראל פּירות, איז צו די קינדערס פרייד נישט געווען קיין גרענעץ.



דאס בילד איז געשיקט געווארען צו ה׳ יידל און חיה זאבערמאן אלס אנערקענונג פאר זייער שטיצען די ת״ת. אויף דער אנדערער זייט פון בילד איז פאראן דער רונדער סטעמפעל מיט די אונטערשריפטען פון ר׳ י. גאזיציאנסקי — נשיא און ר׳ יצחק קארפער — סעקרעטאר

דאָס נעקסטע הויז צו דער „תלמוד תורה״ איז געווען די „יבנה״ שולע אָדער, ווי מען האָט עס גערופן, דאָס מזרחי־חדר (וועלכעס ווערט בפרטיות באַשריבן אין אַנדערע ערטער אין דאָזיקן בוך) פון וואַנען דאָס געזאַנג פון העברעאישע לידער האָט אָפּגעהילכט ווייט און ברייט איבער דער קראָסנאָבראָדער גאַס און אַריינגעבראַכט אַביסל הייטערקייט צווישן די סוחרים פון די האָלץ קלעצער וואָס האָבן זיך געפונען בשכנות, שטייענדיק לאַנגע שעה׳ן אויסקוקענדיק אַ קונה זאָל זיך באַווייזן און צונעמען אַ פּאָר פעסטמעטער בוי־האָלץ באַדיי פּאַרן קרן, אַבי מען זאָל זען אַ „לעבעדיקן״ גראָשן פאַר די אויגן.

## שטיבל פון הרב ר׳ נחמן נייהויז ז״ל

אין ר׳ נחמן׳ס שטיבל האָבן געדאַווענט פיל טייערע פאָלקסטימליכע אידן, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אייניקע פון זיי: ר׳ אברהם שמעון מלמד, ר׳ דוד אופען, אַ האַרציקער בעל־תפלה, דער אַלטיטשקער קאַשע מאַכער, און דער זקן ר׳ משה אהרן מויז (וועלכער האָט גע׳טענה׳ט אַז ער געדענקט נאָך אַלכסנדר מוקדונ׳ס מלחמה), ר׳ חיים יעקב שענער און זיין ברודער יאָסעלע וואַסערטרעגער, און דער ליבער ר׳ טעבילע דער גרינדער


ר׳ דוד אויפען (מלמד)


שפרינצא אויפען

פון הכנסת־אורחים, וועלכן מען האָט גערופן ר׳ טעביל מאַדיער, דער פאָטער פון חשוב׳ן לאַנדסמאַן דעם עסקן און משכיל ר׳ פישל האַמער.

הרב ר׳ נחמן נייהויז זצ״ל איז געווען מו״צ אין שטאָט, אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פון ב״ח און אַנדערע גדולים. איך געדענק אים אין די לעצטע יאָרן אַ קראַנקן, אַ מדוכה ביסורים ר״ל ווען ער איז געווען צוגעשמידט צום בעט.

מיט זיין זון הר׳ לייביש נייהויז ז״ל בין איך געווען צוזאַמען אין פאַרשיקונגס פּאַשאַלעק מאַטוויעוווקא אין אַרכאַנגעלסקער וועלדער, און שוין ווערנדיק באַפרייט פאַרנדיק אויפן צוג קיין מיטל־אַזיע אונטער אוממענטש־לעכע באַדינגונגען צו 40 מענטשן און מער אין אַ פּי־וואַגאָן אָנגעפּאַקט מיט די אָרעמע בעביכעס און פול מיט שמוץ און אומפלייט, זיינען פיל קראַנק געוואָרן אויפן וועג וואָס האָט געדויערט איבער 8 וואָכן און ר׳ לייביש נייהויז מיט זיין פרוי זיינען ביידע אומגעקומען אויפן וועג. זייערע קערפּערס זיינען אַרויסגעלייגט געוואָרן אין פראַנט פון די וואַגאָנען ווי די טעגלעכע פּראָצעדור פלעגט זיין און די נקוו״ד פלעגט שוין קומען אויפקלויבן די טויטע און זיי ערגעץ באַגראָבן. אַזוי האָבן זיי און פיל אַנדערע אין טיף רוסלאַנד געטיילט דעם גורל פון מיליאָנען היטלער קרבנות וועלכע האָבן אַפילו נישט איבערגעלאָזט קיין אָרט וואו אויסצו־וויינען זיך אויף זייער קבר. דאַקעגן אין די פּאַשאַלקעס וואו דער פּראָצענט־זאַץ פון שטערבלעכקייט איז געווען אַ הויכער, האָבן די פאַרשטאָרבענע מיט זייער טויט געשאַפן די איינציקע אידישע אינסטיטוציע אין די דאָזיקע פאַרוואָרפענע מקומות, נעמליך: אַ אידיש בית הקברות.

## דער טיפוס מלאך המות

מיין פאָטער ר׳ אברהם יחזקאל ז״ל צוזאַמען מיט פיל אַנדערע זיינען אומגעקומען פון אַ מאַסן טיפוס־עפּידעמיע בלויז אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, שוין אָנקומענדיק אויף די פּאַר זיי באַשטימטע „פלעצער״, קראַנקע, אויס־געהונגערטע און אויסגעמוטשעטע.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער פּאָלגנדיקער פּאַל: ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, 2 אידישע פּאַמיליעס אין קאָלכאָז קיזיל בולאַק אין אש׳ער אָבלאַסט אין קירגיזסטאַן (נישט ווייט פון דער כינעזי־שער גרענעץ) האָט מען אונז צוגעטיילט אַ שטיבל מיט פענסטער אָן שויבן, און מיט אַן אויוון אָן אַ קוימען וועלכער האָט געדויכערט אינע־ווייניק, אויב ס׳איז נאָר געווען מיט וואָס צו הייצן (מיר זיינען אין הייסן מיטל־אַזיע מער געפרוירן געוואָרן צוליב מאַנגל אין באַהייצונג ווי אין קאַלטן אַרכאַנגעלסק) די וואָענטן ספּעציעל זיינען געווען גוט קאַלט. מיין מוטער חי׳ שרה ע״ה און איך זיינען באַלד קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און דער טאַטע ע״ה האָט אונז באַגלייט צום האָספּיטאַל אין דערבייאיקן

שטעטל וואו מען האָט אונז פיל מענטשן אין איין צימער געלייגט אויף דער בלויזער פּאָדלאָגע צוליב מאַנגל אין בעטן. ווען עס זיינען פאַרביי איניקע טעג און מיין פאָטער ז״ל און אויך מיין ברודער (יבל״ח) ישראל משה זיינען נישט געקומען אונז באַזוכן, האָב איך זיך אָנגעהויבן אָנפרעגן ביי פאַרשידענע מענטשן אין שפּיטאָל צו עמעץ האָט זיך נישט געפרעגט אויף אונז, און אַ פּוילישע נוירס האָט מיר געזאָגט אַז דער טאַטע ע״ה לעבט מער נישט. איך האָב איר נישט געוואָלט גלויבן, צי האָט זי דען געקענט מיין פאָטער? דעם זעלבן טאָג איז געקומען אונז באַזוכן דער פירער און קאָמאַנדיר פון בית״ר אין טאַמאַשאָוו ישראל גרינבוים ע״ה, וועמענס שוועסטער און שוואָגער זיינען געלעגן אויף דער זעלבער פּאָדלאָ־גע ווי מיר קראַנקע אויף טיפוס. איך האָב אים געפרעגט אויב ער האָט עפּעס געהערט וועגן מיין פאָטער אָבער ער האָט זיך אויסגעדרייט פון געבן אַן ענטפער. דאָס איז געווען דאָנערשטיק, און זונטיק דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרן אַז דער זעלבער ישראל גרינבוים וועלכער האָט דאָנער־שטיק אונז באַזוכט אַ געזונטער לעבט מער ניט, ער איז אומגעקומען אַ מיתה־חטופה אין דער מאַסן מגפה פון טיפוס און אַנדערע קראַנקייטן צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע פּליטים דערונטער אויך מיין פאָטער ז״ל. מיין ברודער איז איינער אַליין מיט אים נאָך דער פּטירה איבערגענעכטיקט 2 נעכט און מיט די אייגענע הענט געמוזט אים מקבר זיין אויף אַ באַזונדער שטיקל פּלאַץ וואָס איז פאַר אים צוגעטיילט געוואָרן, ווייל די איסלאַמישע באַפעלקערונג האָט נישט געוואָלט קיין פרעמדע אויף זייער בית־הקברות. דערנאָך איז דער ברודער זעלבסט קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געלעגן איינער אַליין אין שטוב בעת מיר זיינען געווען אין האָספּיטאַל און נאָר אַ דאַנק דער פאַמיליע פון ליבע שטאָל און איר ברודער שלמה געלערנטער, די איינציקע אידישע פאַמיליע אין קאָלכאָז, וועלכע האָבן באַמערקט ווי מען האָט נישט געזען דעם ברודער שוין אַ פּאָר טעג, זיינען זיי אַריין אין שטוב און אים געטראָפן ליגן מאַכט־לאָז אויפן בעט אָן אַ טראָפּן וואַסער אַפילו ווער ס׳זאָל אים דערלאַנגען, און זיי האָבן אים אַריבערגעפירט צו זיך אין וואוינונג וואו ער איז בעז״ה שנעל געזונט געוואָרן.

## גערער שטיבל

אַ פּאָר ווערטער וועגן גערער שטיבל וואָס איז טאַקע געווען נאָר אַ שבת־יו״ט׳דיק שטיבל. אַ גאַנצע וואָך האָבן די גערער חסידים געדאַוונט אין שכנות פון זייערע היימען אָדער אין גרויסן בית־המדרש און די יוגנט האָט געדאַוונט און געלערנט אין דערבייאיקן צאַנזער שטיבל.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס וואָס האָט זיך שבת גערופן גערער שטיבל געווען — אַמאָל אַן אָפּטיילונג פון חדר יסודי התורה און אַמאָל —

אדרבא, טרעפט! — אַ שענק, וואו אַ פּאָר דאָרשטיקע פּויערים און פויערטעס האָבן געלאָשן זייער דאָרשט (דער בעל־הבית פון הויז האָט דאָך געדאַרפט פּרנסה, און ווי „פּרנסה" האָט אויסגעזען אין דאַמאָלסטיקן „באַיקאָט־אָוושעם" פּוילן געדענקט איר נאָך מסתמא — איז שווער צו באַשולדיקן אַ איד אויב ער האָט אין מיטן דער וואָך פאַרשטעלט דאָס „אָרון־קודש" און געפּראוווט אַריינברענגען אַביסל פריילעכקייט צווישן גוים און אַביסל מער פּרנסה אין שטוב — ווייל ר' מרדכי'לעס אָרעמע געוועלבל אַליין האָט קיין פּרנסה נישט געבראַכט).

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פּאָר נעמען און אַרויסברענגען אַ פּאָר געשטאַלטן.

ר' מיכל יהודה לעהרער ז"ל איז לאַנגע יאָרן געווען גבאי אין גערער שטיבל. אַ איד מיטברייטן ליבלעכן שמייכל אויפן פּנים (אומאָפּ־העגניק ווי עס איז אים געווען אויפן האַרץ), איז געווען באַליבט און פאַרערט צווישן אַלע וואָס זיינען געקומען מיט אים אין פאַרקער. ער איז געווען אַ האַרציקער בעל־תפלה פלעגט דאַוונען כל־נדרי (ער איז געבוירן געוואָרן פּונקט צו כל־נדרי), געווען אַ בעל־קורא און אַ ראש וראשון צו יעדער דבר שבקדושה.

זיין ברודער ר' יחזקאל לעהרער ז"ל איז געווען פּרעזעס פון דער „אגודה", איז געווען זייער אַ באַגאַבטער מענטש, געווען אַ פּעאיקער וואַלד־סוחר, געקאָנט אָפּשאַצן אַ וואַלד זייער פּינקטלעך און זעלטן געמאַכט אַ טעות, געווען אַ מוהל, אַ גערטנער (זיין בלומענגאָרטן איז געווען אַ שם־דבר), האָט געקאָנט אויסקריצן אויף אַ ווייץ דעם פּסוק ארץ חטה ושעורה וגו'. ער האָט אַמאָל געמאַכט אַ קיישעלע מיט אַן אויערל פון אַ קער פון אַ קירש און אויף דער העלפט פון קיישעלע אויסגעקריצט די מאַפּע פון עסטרייך, אַן עסטרייכישער אָפיציר האָט עס אין די יאָרן פון דער ערשטער מלחמה מיטגענומען פאַרן ווינער מוזעאום, פלעגט ליב האָבן זיך מפלפל צו זיין אין לערנען, אויסטייטשן אַ שווער שטיקל דקדוק אָדער אבן עזרא מיט זיין שכן און שוועסטערן־זון ר' מיכל יהודה פלוג, אַ איד אַ למדן, אַ ליכט פאַבריקאַנט, אַ שאַרפער אויפן קאָצקער שטייגער ווי עס פּאַסט פאַר אַ חסיד, גביר און אַגודה עסקן (זיין זון יצחק מאיר ז"ל איז געווען אַן עסקן פון צא"י, זיין צווייטער זון יבל"ח, מענדל, איז געווען פון די ערשטע אגודה עולים און איז היינט אַ ליכט פאַבריקאַנט אין ישראל).

מיין זיידע ר' יעקב יואל שאפּראַן ז"ל פלעגט זיך יעדן טאָג אויפ־הייבן 3־4 אַזייגער לערנען און זאָגן תהלים מיט אַ האַרצרייסנדיקן ניגון, דערנאָך גיין פאַרטאָג דאַוונען מיטן ערשטן מנין און שפּעטער צוזאַמען מיט זיין זון ר' מיכל שאפּראַן ז"ל (אַ למדן און עסקן) זיך פאַרנעמען מיט זייערע וואַלד מסחרים און איז געווען רעספּעקטירט פון אַלע וואָס האָבן אים געקענט. זיין אידעם ר' דוד פּעריל ז"ל וועלכער האָט אין אַ קורצער

## די שאפראן משפחה





פון רעכטס: שרה פערל, נוניא פערל, חיים יהושע בידערמאַן, חוה שאפראן, ישראלקי פערל, ר׳ יואל שאפראן, ישראל משה בידערמאַן און צבי לאכער



צייט זיך באַרימט און באַליבט געמאַכט אין טאָמאַשאָוו מיט זיין מסירות־נפש׳דיקער עסקנות, פלאַם־פייערדיקן דאַווענען און זינגען אין די ימים־נוראים, איז יונגערהייט אַוועקגעגאַנגען זייענדיק אונטערוועגס אין לובלין.

אַ ליבער עכט פאַרצייטישער טיפּ איז געווען ר׳ מענדעלע טעפּלער ז״ל. האָט עוסק געווען יומם ולילה אין תורה ותפלה און צדקה. עס האָבן אין שטיבל אויך געדאַוונט זיינע זין ר׳ גדלי׳ און ר׳ שלום מיט זייערע קינדער אויך זיין זון ר׳ ישראל׳קע, וועלכער איז געווען אַ „מזכיר" אין גערער שטיבל, ווייל ער האָט געדענקט פיל ניגונים, אַלעמאָל געהאַט גרייט דעם נויטיקן ניגון און דערמאָנט יעדן בעל־תפלה וואָס האָט עס נאָר פאַרלאַנגט (נישט אומזיסט קען זיין זון אפרים אַזוי שעהן זינגען...).

אַ לאַנגע צייט איז אויך געווען גבאי ר׳ שמואל שיער וועלכער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין זון נתנאל דורך באַנדיטן אין לעמבערג אין 1941.

ר׳ משה ליבערמאַן ז״ל איז פאַרבליבן אין זכרון ביי אַלע מתפללים פאַר זיינע האַרציקע מתיקות׳דיקע ימים־נוראים תפלות.

צווישן די אַנדערע מתפללים זאָלן אויך דערמאָנט ווערן די טייערע און האַרציקע אידן ווי ר׳ שמואל לובאַרט ז״ל וועלכער פלעגט שעה׳ן לאַנג

טאַנצן מיט די חדר־אינגלעך אום שמחת־תורה מיט אַ פלעשעלע יי״ש צדיק טהור (ריינע ניינציקער...) אין דער הינטערשטער קעשענע פון דער ויידענער קאַפּאָטע, ר׳ מיכל יהודה שיינמאַן, ר׳ זלמן הלל בראַנדווין, ר׳ יהושע גאָלדשטיין, ר׳ איטשעלע גאָלדשטיין און זייערע קינדער, ר׳ איטשע שפּאָרער אין וועמענס הויז מען פלעגט לייענען שמחת־תורה אַלס „בית־שני״, ר׳ גרשון זעגיל דער אתרוגים סוחר.

אָט אַזוי איז געווען דאָס לעבן פון די טאָמאַשאָווער אידן, אין זייערע פריידן און ליידן, אין זייער יום־טוב און אין זייערע וואָכנטעג, ביז — ביז עס איז געקומען אלול תרצ״ט. אלול איז אַלעמאָל אַ צייט ווען עס דערנענטערן זיך פּאָרכטיקע טעג, ימים נוראים, די אלול ווינטלעך ווי דאָס שופר בלאָזן פלעגן אַריינברענגען אַן אומרו, אַניאָגען אַ מורא און אַ ציטערניש אין האַרץ. אָבער אין אלול תרצ״ט האָט אָנשטאָט די נאָרמאַלע אלול ווינטלעך אָנגעיאָגט אַ ווילדער חורבן־ברענגענדיקער שטורם באַגלייט מיט מורא׳דיקע דונערן פון אַ בליץ־קריג וואָס האָט אומגעבראַכט פילע טויזנטער, אויסגעוואָרצלט און פאַרטראָגן העט־ווייט די שארית־הפליטה און פולשטענדיק אָפּגעווישט און אויסגעראָטן דעם יאָרהונדערטער אַלטן אידישן ישוב אין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי (וואָס האָט אַפילו באַוויזן איבערצולעבן דעם מורא׳דיקן כמעלניצקי פּאָגראָם אין ת״ח ות״ט), מיט זיינע איינגע־פונדעוועטע היימען און אינסטיטוציעס, שולן, בתי מדרשים און אַפילו נישט געשוינט דאָס בית הקברות — און פאַרשטערט איז געוואָרן דער שבת און דער יום־טוב און אומגעבראַכט זיינען געוואָרן די האַרציקע שבת־יום־טוב׳דיקע אידן — ה׳ נקום נקמת דם עבדיך השפוך!





**פון רעכטס:** ישראל משה בידערמאַן, שרה פערל, סטעמפּל, חיים יהושע בידערמאַן, יוטא לערער, לאה פערל, צבי לחר, מנוחה פערל (לחר), דבורה שאפראן, ישראלקי פערל, זיין פרוי רייזל, מנוחה מילשטיין, קאפעל קאלינבערג, שרה בידערמאן, אהרן און מנחם פערל

# די גרויסע חתונה

● אשר רייז

**געוויינליך** האָבן קליינע שטעטלעך אַן אייגענעם לוח, מען חשבונ׳ט 3 יאָר פאַר דער שרפה אָדער כך וכך נאָך דער שרפה. טאָמאַשאָוו האָט נאָך אַ וויכטיק היסטאָריש געשעעניש, וואָס יונג און אַלט געדענקען און חשבונ׳ען טאַקע לפי סדר זה, פאַר דער „חתונה" אָדער נאָך דער „חתונה". און מיינט ניט סתם אַ געשעעניש, די חתונה איז נאָך עד היום טיף איינגעקריצט בזכרון אַז די אַלע וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט ריידן נאָך ביז היינט מיט אַ פול מויל מיט זאַפט. די געשיכטע איז פאָלגענד:

דער ציעשינאָווער רבי, הגאון הצדיק ר׳ ארי׳ לייביש רובין זצללה״ה, וועלכער איז אויך געוועזן רב אין שטאָט, האָט געהאַט אַ גרויסן קרייז פון פאַרערער און נאָכפאָלגער, ספּעציעל ביי די יוגנטליכע חסידים און

●

**ביים אפפאר פון ווידאמער רב הרב ר׳ יוסף ברוך בעער הי״ד פון טאמאשאוו 1932**



**פון רעכטס:** הירשל ברענער, הרב א. ג. טייכער, מיכל וויינבלאט, הרב יוסף ברוך בעער (דער חתן), הרב יחזקאל רובין און הרב שמחה רובין



אשטיבעל בחור אלס אולאנער מענדעלע העלער הי״ד אומגעקומען
אלס פארטיזאנער אין ראגיזנער וואלד



אַגודה קרייזן. זיי זיינען געווען צו אים צוגעבונדען מיט לייב און לעבן, אים ליב געהאַט אַהבת נפש און געווען גרייט זיך פאַר אים מקריב צו זיין. און עס איז ניט קיין חידוש, ווייל אויך דער רבי איז געווען אַ האַרץ פריינט צו זיי אַלע און האָט זיי מדריך געווען מיט ליבשאַפט און טרייהייט וואָס עס איז געווען אַן אויסנאַם, לשם ולתפארת אין גאַנצן געגענט. און



יוסיל שאַפּירא הי״ד אַלס קאָזאַק



אָט די לוסטיקע חברה האָבן ביי יעדער יום טוב אָדער יומאָ דפגראָ פיין פאַרבראַכט מיט ריקודים און געזאַנג ביים רבי׳נס טיש ליהודים׳דיק.

ויהי היום האָט דער ציעשינאָווער רבי אַ שידוך געטאָן מיט זיין עלטסטע טאָכטער הענעלע הי״ד וואָס איז פאַר׳קנס׳ט געוואָרן צום חענטשי־נער רבי׳נס אַ זון הרב ר׳ יוסף ברוך הי״ד שפּעטער רב אין ווידאמע־

פשעדבורז. די ציעשינאָווער חסידים האָבן באַשלאָסן צו פּראַווען די חתונה מיט פּראַכט און גלאַנץ אַזוי ווי אין אַלע גרויסע רבי׳שע הויפן, און דערמיט אָביסל צוריקצאָלן דעם ציעשינאָווער רבין פאַר זיין ברכה׳פולע אַרבעט פאַר זיי, זיין גאַנץ לעבן.

די חתונה איז געווען באַשטימט אויף י״ט כסלו תרצ״ד האָבן די חברה זיך גענומען גרייטן נאָך אַ זומער בעפאַר מיט הכנות. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַז מען זאָל צו האַלטן דעם אַלטן מנהג אין רבי׳שע הויפן אַנטקעגן רייטן אַלס פאַרשטעלטע „קאָזאַקן״ דעם חתן און מחותנים (דער מהלך איז געווען 8 קילאָמעטער צו דער סטאַנציע בעלזעץ). צו דעם צוועק איז אויסמושטירט געוואָרן 3 קאָמפּאַניעס יעדערער צו 50 פּערזאָן, די ערשטע קאָמפּאַני רייטער אין פאָרם פון קאָזאַקן, און די אַנדערע 2 פוס־גייער מיט ספּעציעלע מונדירן. וועגן מלבושים האָבן די חברה זיך צו־זאַמענגעלייגט און אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג און אויסגעבאָרגט פאַר געלט ריכטיקע היסטאָרישע מיליטער מלבושים מיט שווערדן. ביקסן האָבן זיי געמאַכט פון האָלץ שיין אָפּגעפּאַרבט עס זאָל אויסזען ווי עכטע, און די יונגעלייט וואָס האָבן געדינט אין מיליטער זיינען געוואָרן די אינסטרוקטאָרן און האָבן מושטירט די חברה אַז זיי זאָלן קענען מאַרשירן מיטן עכטן מיליטערישן טאַקט. די שווערסטע זאַך איז געווען פאַר די שטיבל בחורים זיך אויסצולערנען רייטן אויף פערד, ממש לעבעדיקע פיר פיסיקע פערד אויך דאָס האָבן זיי זיך אויסגעלערנט. די טשוויטשעניעס (איבונגען) וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי אַרי׳ העלער אויפן הויף, האָבן געגעבן פּרסום, אַזוי אַז אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָבן פיל נייגעריקע מענטשן זיך געגרייט צו קומען צו דער חתונה.

יאושזאָן אין „היינט״ און ב. שעפּנער אין „פאָלקס צייטונג״ האָבן געווידמעט די חתונה מיט דער פאָרשטעלונג 2 אַרטיקלען אין זייערע צייטונגען, פאַרשטענדלעך מיט קריטיק געגן אָט די פאַרצייטיקע מנהגים, אָבער פאַרקערט, דאָס האָט נאָך געגעבן די חתונה מער פּובליסיטי און די חסידים מער קוראַזש. אויך דער שטאָט מעיאָר בורמישטש האָט אין די אַלע גאַסן וואו די חתונה צוג האָט געדאַרפט פאַרביי מאַרשירן פאַרגרעסערט די עלעקטרישע באַלייכטונג.

דעם טאָג ווען מען איז אַנטקעגן געפאָרן דעם חתן מיט די מחותנים, האָט 7 אַזייגער אין דערפרי זיך אָנגעפאַנגען די פאַראַדע דיפילאַדע, בראש פון מיליטער איז געריטן ר׳ הירש אַדער, אַ 70 יאָריקער זקן מיט אַ ווייסע ברייטע פּאַטריאַרכאַלע באָרד (וועלכער האָט געדינט אין קייזערליכן פּאָלק אין פּעטערבורג), און נאָך אים זיין אַדיוטאַנט יחזקאל העלער, נאָכהער 2 אָרקעסטערס און נאָך זיי אַלע 3 קאָמפּאַניעס געפירט פון זייערע בעשטימטע

אָפּיצירן מיט עכט מיליטערישן דיסציפּלין. די באַגייסטערונג איז געווען אומגעהויער גרויס, מענטשן האָבן געוויינט פאַר שמחה, און הונדערטער מענטשן זיינען נאָכגעלאָפן דעם גאַנצן וועג. 12 אַזייגער בייטאָג האָט דאָס גאַנצע מיליטער צוריק מאַרשירט מיט מוזיק און מיט דעם חתן מיט די מחותנים און אים אָפּגעפירט אויף זיין סטאַנציע. 4 אַזייגער בייטאָג איז דאָס מיליטער אַנטקעגן געגאַנגען די רביים פון ציעשינאָוו, הה״צ ר׳ יחזקאל הי״ד, פון בעלזער הויף, פּשעוואָרסקער רבי, צאַנזער רביים און אַנדערע חשוב׳ע מחותנים.

דאָס מיליטער האָט ביינאַכט מיט שטורקאָצן אין די הענט געפירט דעם חתן צו דער חופּה, וועלכע איז פאָרגעקומען ביי דער שול, וואו די שטאָטישע פייערלייט מיט די פּאָליציי האָבן אַרומגעצוימט מיט זייערע מענטשן בכדי מען זאָל קענען האַלטן אָרדענונג, און אינווייניג איז נאָר אַריינגעפירט געוואָרן ספּעציעל „אנשים חשובים״ ונכבדי הקהלה און די אָנגעפאָרענע חסידים און קרובים. דער רבי האָט געמוזט איינלאַדן די שטאָט באַהערדע פון שטאָט ווייל אויך זיי זיינען געווען נייגעריק ביי צו זיין אַזאַ צערעמאָ־ניעדיקע חתונה, און פאַר זיי פעראַנשטאַלט אַ ספּעציעלע סעודה אין אַ ספּעציעל הויז.

באַדינט די חתונה געסט האָט דאָס מיליטער און זיי זיינען אַ גאַנצע נאַכט געבליבן געקליידעט מיליטעריש. פאַר די אָרעמע לייט האָט דער רבי געמאַכט אַ ספּעציעלע סעודה און געטיילט צדקה. יעדן טאָג איז 2 מאָל געפּראַוועט געוואָרן שבע ברכות. צו יעדער שבע ברכות איז געקומען אַן אַנדער חשוב׳ער רב פון געגנט, אַזוי אַז די גאַנצע שטאָט האָט זיך געפילט ווי מחותנים, ספּעציעל די חסידים, און לאַנג לאַנג האָט דער עולם אַלץ גערעדט וועגן איינדרוקן פון דער חתונה, ספּעציעל פון „מצוה־טענצל״ וואָס דער ציעשינאָווער רב האָט געטאַנצט מיט דער טאָכטער די כלה, איז דער עולם געווען אַזוי גערירט און ממש געוויינט ווי צו כל נדרי. יאָ! אַזוי האָבן זיך אונזערע עלטערן זיך משמח געווען ביי אַ שמחה של מצוה פון זייער רב און רבי.



# עראינערונגען פון דער יוגנט

● אייזיק קראַם

ווי חדר־אינגלעך איז פאַר אונז די בעסטע צייט געווען חול המועד. מיר פלעגן זיך שפּילן אין ניס און אין קנעפּלעך, זיך געפרייט מיט די אָנגעפּאַרענע געסט פון די דערבייאיקע שטעטלעך ווייל כמעט יעדערער האָט באַקומען אַ קרוב אין שטוב; אין גאַס איז געווען פריילעך; יעדער קינד האָט שטאָלצירט מיטן נייעם מלבוש וואָס ער האָט באַקומען אויף יום־טוב.

אויך זומער, נאָכן לערנען, פלעגן מיר פיין פאַרברענגען, זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש און אַנדערע שפּילערייען. ווען מען איז שוין געווען אַביסל עלטער דערוואַקסן פלעגן מיר גיין אין שיוואַדאַלינע וועלדל אויף שפּאַצירן.

זאָרגלאָז מיט קינדישן שכל האָבן מיר ניט געפילט דעם עול הפּרנסה און די אַנטיסעמיטישע נגישות פון די פּאָליאַקן, האָבן מיר ליב געהאַט צו שטיפן און צו לאַכן, צו שפּאַצירן צווישן די שטיבלעך אויפצוכאַפּן אַ מחלוקת׳ל וועגן אַ באַ׳עולה׳דיקן אידן פאַר ניט קיין בכבוד׳יקע עליה, אָדער קריגערייען פון פּאַרטייען, אַזוי אויך ווען עס איז געקומען אַ רבי אין שטעטל זיינען מיר נייגעריק געווען צו זען ווי ער פּראַוועט דעם טיש. ספּעציעל האָבן די אינגלעך געהאַט פאַרגעניגן צו טשעפּען יעקעלע טשעשטש, די משוגע׳נע חייטשקע, אָדער שמועסן מיטן בלינדן נחום, דער זאַמל פונקט פלעגט זיין אין פּראָסטן בית־המדרש, נאָר אויב די אינגלעך האָבן צו שטאַרק געברויעט, האָט נחום שמש גענומען דעם רעמעט און געמאַכט אָרדענונג.

ל״ג בעומר פלעגט מען אָפּפאַרבן אייער און מאַרשירן אויסער דער שטאָט. ווינטער, ספּעציעל חנוכה, עשרה בטבת אָדער ניטל פלעגט מען כאַפּן אַ קערטל. זומער פלעגט מען אויך גיין באָדן זיך אין באַלאַנס טייך.

ווען מיר זיינען געוואָרן 13־14 יאָר, איז אָדער מען איז געגאַנגען לערנען אין די שטיבלעך, אָדער זיך לערנען אַ מלאכה, אָדער גיין העלפן דעם פאָטער אין געשעפט. שפּעטער איז די יוגנט אַריינגעצויגן געוואָרן אין די פּאַרטיי קרייזן יעדער לויט זיין געשמאַק און אויסוואַל. קיין צו

גרויסע באַשעפטיקונג האָט די יוגנט ניט געהאַט, האָט די יוגנט געלייענט צייטונגען און ביכער און די פרומערע זיינען געזעסן און געלערנט.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ דראַנג צו פאָרן קיין ארץ ישראל און די יוגנט איז געגאַנגען אין די קיבוצים, אָבער לײדער צוליב די באַגרע־נעצונגען פון דער ענגלישער מאַנדאַטור מאַכט האָבן נאָר אַ טייל געקענט דערגרייכן זייער ציל, און די וואָס זיינען געבליבן האָבן ווייטער ממשיך געווען דאָס האָראָפּאַשנע גלות־לעבן, ביז עס איז געקומען דער גרויסער המן און האָט פון אַלץ געמאַכט אַ וויסטן סוף, אָבער, דער המשך ווערט פאַרשענערט און פאַרבעסערט אין ישראל.





בצלאל מלמדיס חדר

# אַ קראַנקן אַ רפואה

**ש. לייבאָוויטש**

ווי איך פאַרשטיי די אויפגאַבע פונם „יזכור־בוך", איז צו פאַראייביקן דעם ספּעציעלן אַרט לעבן און דענקען, מנהגים און געוואונהייטן וואָס אונזערע עלטערן האָבן אויפגעהאַלטן און אויך זיי פּראַקטיצירט אין לעבן, דערפאַר האָב איך געפונען פאַר נויטיק צו פאַרצייכענען און טאַקע פאַראייביקן דעם טייל לעבן, וואָס האָט ניט אויסגעמיטן אָרעם און רייך, פרום און וועלטלעכע, חסידים און „עמך", און דאָס איז די טעמע אַ רפואה פאַר אַ קראַנקן מענטש.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו פאַרנאָטירן אַן היסטאָרישן פאַקט, וועלכע עס האָט פאַרשטענדיקט מאיר רובין ע"ה צום ייווא אין ווילנע (דער אָריגינאַל געפינט זיך אין „ייוואָ" ניו יאָרק, אַ פאַרשטענדיקונג פון ווילנער „ייוואָ" צו דר. יעקב שאַצקי וועלכער האָט געאַרבעט איבער די היסטאָריע פון אידישע דאָקטוירים אין פּוילן, וועגן דער ידיעה פון מאיר רובין) אַ געשפּרעך מיט דר. פּעטער, הויפּט ד"ר פון קרייז האָספּיטאַל אין טאָמאַשאָוו, וועלכער האָט געפאָרשט די היסטאָריע פון מעדיצינען און פאַרמאַציע אין טאָמאַשאָווער קרייז, זינט איר אַנטשטעאונג, האָט ער איבערגעגעבן אַז לויט די היסטאָרישע דאָקומענטן, איז באַוויזן געוואָרן אַז צווישן די אַלע דאָקטוירים וועלכע האָבן פּראַקטיצירט מעדיצין אין טאָמאַשאָוו און קרייז זינט איר אַנטשטעאונג זיינען 90 פּראָצענט געווען אידן.

אָבער פאַר אַלעמען וויל איך באַשרייבן די „מנהגים" וואָס אונזערע אידן האָבן פּראַקטיצירט בשעת קראַנקהייט. (כ'וויל דאָ ניט פאַרצייכענען קיין חתונה אויפן בית הקברות בשעת עפּידעמיעס, ספּעציעל ווען עס האָט געהערשט די כאָלעריע ר"ל, אָדער אויסמעסטן דעם בית עולם מיט לייוונט, און דאָס צעטיילן פאַר אָרעמע לייט, ווייל דאָס זיינען געווען זעלטנהייטן און אויסנאַמען). כ'וויל דאָ זיך באַמיען צו פאַראייביקן די אָפטע טאָג־טעגלעכע ערשיינונגען און מנהגים וואָס האָט אַ שייכות מיט קראַנקהייט.

## אַ קאַטער אָדער פאַרקילונג

ווען אַ מענטש איז שוואַך געוואָרן אויף אַ פאַרקילונג, דאָס וואָס מען רופט דאָ אַ קאַלט, האָט מען אין דער היים גערופן אַ קאַטער, ס'האָט

גערונען פון דער נאָז, זיך געפילט אַביסל מעראַט, ס׳האָט געשטאָכן אין זייט, ביי אַזאַ קליינינקייט האָט מען זיך אַפילו אין בעט אַריין ניט געלייגט, מ׳האָט גענומען אַן אַספּירין, געטרונקען אַ סאַך טיי, ספּעציעל היימיש געמאַכטע „ליפּאַוועט־טיי״, וואָס זיינען געוואַקסען אויף די היימישע בוימער אין שטאָט, זיך געלאָזט שטעלן באַנקעס אין פאָרם פון קליינע גלעזלעך, וואָס מיט אַ ברענענדיקן פאַקל האָט מען אַרויסגעטריבן די לופט און אַרויפגעזעצט אויף דער פּלייצע, און אויב דאָס פלייש אונטער די באַנקעס איז שטאַרק שוואַרץ געוואָרן, איז געווען אַ סימן אַז די פאַרקילונג איז גאָר שטאַרק, געוויינלעך פלעגט דאָס שטעלן אַ קרוב אָדער אַ שכן, ווייל כמעט יעדער צווייטער איד האָט געקענט די מלאכה, נאָר ביי „געהאַקטע־באַנקעס״ האָט מען געמוזט האָבן דעם רופא, איך האָב דאָס פּערזענלעך ניט געזען פּראַקטיצירן, נאָר ווי מען זאָגט מיר, האָט מען ביי דעם אויך געשניטן דעם קערפּער און געלאָזט בלוט, מען האָט אויך געהאַלטן אַ גרויסע רפואה צו גיין פרייטיק אין שוויצבאָד אויף די „הויכע בענק״ און זיך לאָזן גוט דורכשמייסן מיט אַ ווייך בעזימל, דאָס אַלעס האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין העלפט די בלוט צירקולאַציע און דאָס פאַרטרייבט די פאַרקילונג.

## אַן עין הרע

בכלל ווען אַ מענטש האָט זיך שלעכט געפילט, אָדער געהאַט קרעמפּן, שטאַרקן קאָפּ ווייטיק, אָדער וועלכע טראָבל אין זיין קערפּער, איז דאָס ערשטע האָט מען באַטראַכט אַז דאָס איז עפּעס אַן „עין־הרע״, די משפחה האָט שוין אָנגעהויבן זיך צו דערמאָנען ווער עס איז דאָ היינט געווען אין שטוב, און ווער עס האָט געקענט געבן אַן „עין הרע״, בכלל האָט מען געהאַלטן זיינען קינדער זייער עמפּינדלעך צו אַן „עין הרע״, און עס איז שוין געווען אין יעדער סעקשאָן, אַ איד אַ מומחה אָפּצושפּרעכן קעגן אַן „עין הרע״, דער סימן איז געווען, אַז עס איז טאַקע ריכטיק אַן אמת׳ע „עין הרע״, ווען דער קראַנקער און דער אָפּשפּרעכער האָבן אָנגעהויבן צו גענעצן, טייל האָבן געהאַט אַנדערע סמנים און סגולות, ווי אָפּצומעסטן 3 לעפל וואַסער און דאַן זיי איבערגיסן אין אַנדערע 3 לעפל וואָס האָבן די זעלבע מאָס, אויב עס איז געבליבן מער וואַסער, איז עס געווען אַ סימן בדוק ומנוסה אַז דאָס איז אַ שווערע עין הרע, און מיט דעם פאַרבליבענעם ביסל וואַסער פלעגט מען אַרומוואַשן דעם קראַנקנס שטערן, אַנדערע האָבן געהאַט אַ סגולה צו נעמען אַ שטיקל פונם פערזאָנס בגד וואָס מען איז חושד אַז ער האָט געגעבן אַן „עין הרע״ אָדער זיינס אַ האָר און דאָס אָנרייכערן אויף ברענענדיקע קוילן צוקאָפּנס פונם קראַנקן, אַן עין הרע פון אַ פרוי איז געווען שווערער פאַרן קראַנקן. טייל האָבן

זיך נוהג געווען אַז עס איז אַריינגעקומען אין שטוב דער מענטש, וואָס האָט געהאַט די שלעכטע אויגן האָט מען אונטער דער פּאָלע געוויזן אַ פייג, דאָס איז געווען אַ סגולה אַז די „עין הרע" זאָל ניט האָבן קיין שליטה.

## גיסען וואַקס

ביים איבערשרעקן זיך האָט מען געפלעגט גיסן וואַקס. שרה'לע צוקער נחום שמש'ס ווייב, זי איז געווען אַ ספּעציאַליסטין אויף דעם געביט, לויט די פיגורן וואָס האָבן זיך פאָרמירט אינם וואַקס האָט זי דערקענט און פעסטגעשטעלט פון וואָס מען האָט זיך דערשראָקן, אַ הונט אַ קאַץ אַ פערד א. א.

## צעבראָכענע אָדער אויסגעלענקטע גלידער

ביים אויסלענקען אָן אבר איז מען געגאַנגען צו היימישע קענערס, וועלכע האָבן דאָס תיכף פאַרזעצט אָדער אַפילו פאַרגיבסט, כדאי צו דערמאָנען שבע בראַנד און דער סטעלמעך זיי זיינען געווען גרויסע מומחים אין אַרטאָפּעדיקס.

## אַ לעמונג

דאָס וואָס מיר רופן דאָ אָן אַ סטראָק, און אין יוראָפּ אַ לעמונג, האָט מען ביי אונז גערופן אַ ווינד, אַ ליפּט, אַ צוג, אָדער גאָר פאָלקס־מיטלעך אָרגינעל זיך אויסדריקן ער איז געכאַפּט געוואָרן, און עס איז געווען אָנגענומען אַז די קראַנקהייט האָט עפּעס צו טאָן מיט די ניט־גוטע ר"ל, ספּעציעל ווען מען גייט אַ׳ין זייער תחום אַריין, אָדער מען פאַרטשעפּעט זיי, ווי שטייען אונטער אַן אוקאָפּ, אָדער דורך גיין אַליין, אָדער חס וחלילה פאַרבויען אַ טיר אָדער אַ פענצטער אויף שטענדיק און ניט איבערלאָזן אַ קליין לעכל, די שדים זאָלן קענען ווייטער אָנגיין זייער וועג, אָדער געשלאָפן אויף אַן אָרט וואו עס איז געשטאַנען אַן אויוון, דאַן ווערן די שדים דערצאָרנט און דער מענטש ווערט געכאַפּט (ווערט פּאַראַ־לעזירט). דאָס אָבערגלויבן איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דערמיט, וואָס אויפן בית החיים האָט געוואוינט אַן אלמנה האָט זי געהאַט קינדער און דער עלטסטער נתנאל'ע איז געווען זייער שטאַרק פּאַראַליזירט וואָס האָט אים שרעקלעך פאַרקריפּלט, דער גאַנצער קערפּער פאַרדרייט און אויסגעבויגן, דאָס פּנים צו דער זייט פון רוקן, דאָס מויל פאַרדרייט, די אויגן אויס־געקרימט, אונטערגעהונקען אויפן רעכטן פוס און געלעמט אויף ביידע הענט, דאָס בלויזע אָנקוקן אים האָט געשוידערט, און ווער שמועסט ווען ער האָט אָנגעפאַנגען צו ריידן האָט ער געמאַכט אַזעלכע שרעקלעכע סוגיעס

און הויות אַז עס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק, אין שטאָט איז אומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז נתנאל'ע איז געווען געזונט און שיין ככל אדם, יעדע נאַכט האָט ער געמוזט אַרויסשטעלן אַ וויאַדרע (עמער) וואַסער, די מתים זאָלן זיך קענען וואַשן, איינמאָל האָט ער פאַרגעסן אַרויסצושטעלן, זיינען זיי אין כעס געוואָרן און ער איז געכאַפּט געוואָרן, דערפון איז ער פאַראַליזירט געוואָרן.

## פעלדשער אָדער רופא

אויב עס איז ניט בעסער געוואָרן, האָט מען גערופן דעם דאָקטאָר אָדער דעם רופא. דער רופא איז געווען שיריים פון דער צאַרישער מאַכט, דאָס איז געווען אַ מענטש וועלכער האָט ניט באַזיצט קיין שום וויסנשאַפט אָדער וועלכע ידיעה אין מעדיצין טעאָרעטיש, כ'בין מסופק צי זיי האָבן געהאַט עלעמענטאַרע בירגערלעכע קלאַסן, נאָר ער האָט געהאַט גרויסע פּראַקטיק ביי מעדיצין, דאָס הייסט ער איז געווען אַ משרת ביי אַ דאָקטאָר אין אַפּיס, און האָט אים אַביסל צוגעהאָלפן ווי היינט אַ נוירס, און פון די ערפאַרונגען און פּראַקטיקס ביים דאָקטאָר האָט ער אַליין באַהאַנדלט קראַנקע. און מערקווירדיק, יעקלע רופא ע"ה האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גרויסן מבין און מומחה, מ'האָט זיך געוויצלט אַז ער פאַרשטייט אַ קרענק, היינט וואָלט מען אים גערופן אַ גוטער דיאַגנאָסטיקער, ביי פוילן האָט אַ רופא שוין ניט געטאָרט פאַרשרייבן אַ רעצעפּט, אָבער יעקלע רופא פלעגט זיך אַן עצה געבן, ער האָט געזאָגט די נעמען פון די „מינים" און הייסן אַליין אויפשרייבן און דאָס קויפן אין דער אַפּטייק, אינטערעסאַנט אַז יעקלע רופא'ס פאַמיליע נאָמען איז געווען „אסיא", ד. ה. אויף אַראַמיש גמרא־לשון: דאָקטאָר, און ווי ער האָט דערקלערט דעם שרייבער פון די שורות, האָט ער געשטאַמט דור אחר דור פון רופאים, די פעלדשערס אָדער רופאים זיינען אויך געווען פריזערס און על פי רוב די פרוי אַ באָבע־הייבאַנד.

## שוואַנגערשאַפט

פרויען אין צייט פון שוואַנגערשאַפט האָבן מדקדק געווען זיי זאָלן זיך ניט פאַרקוקן ניט אויף אַ קאַץ אָדער הונט עכבר א. א. און ווען זי ווערט איבערגעשראָקן פון אַן אויסטערליש פאַסירונג ווי פייער אָדער חיה אַדורכלויפן זאָל זי זיך ניט אָנכאַפּן אָן איר קערפּער, ווייל אויב זי וועט זיך אָנכאַפּן וועט אויף דעם זעלבן פלאַץ ביים נפש וואָס זי טראָגט אַרויסקומען די זעלבע צורה אויף דער הויט.

## געבורט

יעדע פרוי איז געלעגן געוואָרן אין דער היים, אָן דער מיטהילף פון אַ דאָקטאָר, נאָר מען האָט גערופן די באָבע־הייבאַנד, יעקלע רופא'ס ווייב



דאָס פּאָוויאַטאָווי־שפּיטאַל

און שפּעטער שיינדל בלאַנק, רחל׳ע אלי׳ רופא׳ס א. א. (אינטערעסאַנט דער מנהג אַז ווען אַ באָבע איז געשטאָרבן, האָבן אַלע מענטשן וואָס זי האָט זיי געהאָלפן געווינען און געבוירן ווערן, אָנגעצונדן ביי איר אָפּשטאַרבן אַ ליכט, אַזוי אַז יעקלע רופא׳ס וויב איז געשטאָרבן איז זי געווען אַ זקנה האָבן הונדערטער מענטשן אָנגעצונדן ליכט). געוויינלעך פלעגט מען אויך צוניצן ביי אַ יולדת היימישע סגולות, 7 מאָל זיך אַרומדרייען ביים טיש בעפאָר די געווינערין האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, געגעבן צו טרינקען איר ריינע שוואַרצע קאַווע (ניט ציקאָריע), בלאָזן אין אַ פלאַש אַריין, אונטערגעלייגט אונטערן קישן דאָס ספר „רזיאל המלאך״ אָדער „נועם אלימלך״, אויב עס איז חלילה געווען אַ מקשה לילד פלעגט מען זאָגן תהלים, אָדער גיין מזכיר זיין צום רבי׳ן, אין גאָר שווערע פאַלן פלעגט די הייבען רופן דעם דאָקטאָר וועלכער האָט שוין אָפּגענומען דאָס קינד מיט קלעשטשעס.

## שווער קראַנקע

ווי אויבן געשריבן, פלעגט מען רופן ביי שוין אַן ערנסטע זאַך דעם דאָקטאָר, אויב די קרענק האָט זיך פאַרצויגן און מען האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט איז מען געפאָרן קיין לעמבערג צו אַ גרויסן דאָקטאָר, איבערהויפּט ווען דער שטאָט דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז מען דאַרף אַן אָפּעריישאָן, האָט מען זיך ניט פאַרלאָזט אויפן שטאָטישן דאָקטאָר נאָר מען איז געפאָרן קיין לעמבערג, איבערהויפּט האָבן אידן כמעט ניט גענוצט דאָס פּאַווישעכנע קרייז האָספּיטאַל, מ׳האָט ניט געהאַט קיין צופאַרטרויען צום דאָקטאָר, נאָר אין אויסנאַמס פאַלן אַז עס איז שוין ניט געווען קיין צייט האָט מען זיך געלאָזט אָפּערירן אין טאָמאַשאָווער האָספּיטאַל.

## „איינרייסן״

ווען דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט אַז דער חולה איז חלילה אַ מסוכן, אָדער ווען עס איז געווען אנאגלע פלוצלונגדיקע זאַך, ווי צ.

ב. ש. אַ מקשה לילד, אָדער די נאַכט פון קריזיס ביי אַ שווער קראַנקן, דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז אויב דער קראַנקער וועט אויסהאַלטן די נאַכט, דאַן איז ער אַן אונזעריקער, אָדער ביי אַן אָפעריישאָן, איז מען געלאָפן „איינרייסן", די באַדייטונג דערפון איז געווען עס האָט זיך פאַר־זאַמלט די נאָנטע קרובות און פריינט פון דער באַטרעפנדיקער משפחה פונם קראַנקן און אַלע צוזאַמען זיינען זיי געלאָפן אין שטאָטישן בית־המדרש, אָדער אין די שכנ'ישע שטיבלעך וואו מ'האָט געדאַוונט און געלערנט, על פי רוב האָט מען דאָס געמאַכט בין מנחה למעריב אָדער באַלד אין דער פרי ביים דאַוונען, די ווייבער זיינען אַריין אין ביהמ"ד מיט אַ שטורם און געוויין, און מיט יאָמערלעכע האַרצרייסנדיקע קולות זיינען זיי צו גלייך צום ארון קודש, דאָס איז געווען ווי אַן עמוירדזענסי אַפּיל, זיי האָבן ניט געקוקט צי דער חזן האַלט אין מיטען שמונה עשרה אָדער אין מיטן לייענען, און מען האָט אויפגעעפנט דאָס ארון קודש, דאַן האָט די עלטסטע זאָגערקע אָנגעהויבן מיט אויפוועקנדיקע התעוררות'דיקע רופן, רבש"ע! דער גרויסער בעל הרחמים! האָב רחמנות אויף אַ טאַטן פון 5 יונגע שעפעלעך, אָדער אַ מאַמע פון 6 יונגע עופ'לעך, רבש"ע! פאַרשעם אונז ניט! רבש"ע! עפן אויף די שערי רחמים! און יעדער אויסרוף איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ שטראָם פון טרערן פון די מיטגיינדיקע ווייבער, זיי פלעגן ברעכן מיט די הענט און אַזוי יאָמערלעך וויינען אַז אַלע מאָל האָט עס יעדערן גערירט ביז טרערן אַפילו אַ שטיינערן האַרץ. עפּעס האָט דאָס „איינרייסן" געהאַט אין זיך אַן אויסטערלישן כוח התעוררות, דער שטאַרקער געפיל פון „יודיע צערו לרבים כדי שיבקשו עליו רחמים", ער זאָל באַקאַנט מאַכן זיינע שמערצן צום פובליקום כדי אַז פיל זאָלן אויף אים בעטן גענאָד, דאָס האָט מען געזען בחוש. אַז נאָך אַזוי איינ־רייסן, זיינען ווילד פרעמדע מענטשן מיטגעריסן געוואָרן, און די באַטרעפנ־דיקע צרה איז געוואָרן אַ בשותפות'דיקע פונם גאַנצן שטעטל, ווען זיי זיינען אַרויס דאַן האָט זיך תיכף פאַרמירט אַ מנין וועלכע האָבן געזאָגט תהלים ספּעציעלע קאַפּיטלעך וואָס זיינען מסוגל ממשיך צו זיין אַ רפואה, פיל מאָל האָט מען געזאָגט תמניא אַפּי לויטן א"ב, דאָס הייסט די אותיות פון נאָמען, און טייל מאָל אויך די אותיות פון „קרע שטן", דאָס אַלעס האָט זיך געווענדעט אינם צוגס פירער, חסידישע אידן האָבן אויך געהאַלטן פאַר אַ סגולה צו ברענגען אין שטיבל אַריין אַביסל „משקה" בכדי מען זאָל ווינטשן לחיים און אַ רפואה שלימה פאַרן קראַנקן, אויך האָט מען געטיילט צדקה אין צווייערליי פאָרמען, פאַר באַוואוסטע אָרעמעלייט האָט מען געגעבן ברויט און טיילמאָל צעטיילט אַלע מלבושים פון די חלאים, פאַר פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט האָט מען געשיקט געלט.

## רפואות און תפלות

ווי געזאָגט ביי מער ערנסטע קראַנקהייט האָט מען גערופן דעם דאָקטאָר, ביים צאָר איז איבערהויפט ניט געווען קיין אידישער דאָקטאָר. אין 26'טן יאָר איז געקומען ד"ר שולמאַן וואָס די אידישע קהלה האָט אים אַראָפּגעבראַכט, און ביים ענד, האַרט פאַרן חורבן, איז שוין געווען 3 אידישע דאָקטוירים, און ווען דער דאָקטאָר איז געוואָרן אַ יוצא ונכנס, אַן אָפטער גאַסט, האָט מען שוין אָנגעהויבן אויך צו לויפן צו גוטע־אידן, ווי דער רבי ר' יהושע'לע און ר' ישראל'יש און אין די לעצטע יאָרן צום ציעשינאָווער רבי'ן זצלה"ה אָדער די שכנישע רביים ווי בעלז, שינאווא, מאגערוב, אָדער עס איז אין שטאָט גראַדע געווען פאַרבעטן אַ פרעמדער רבי ווי די טריסקער אייניקלעך אָדער בעלזער אייניקלעך, טייל פלעגן שרייבן אַ קוויטל צו זייער רבי'ן.

## ציין־ווייטאָג

ביז אין די אָנפאַנגס צוואַנציקער יאָרן איז אין טאָמאַשאָוו איבער־הויפט ניט געווען קיין ציין דאָקטאָר אָדער דענטיסט, מיט ציין ווייטאָג האָט מען זיך ניט געשפּילט, מתחילה האָט מען געשווייַנקט מיט שטאַרקן אַקאָוויט, אָדער אַריינגעשטופּט פעפער און זאַלץ אין לאָך פון צאָן, ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן האָט מען דעם צאָן באַזייטיקט גאַנץ פרימיטיוו, צוגעבונדן צו דעם צאָן אַ שטאַרק שטריקל און געגעבן אַ פעסטן צי און דער צאָן איז שוין געווען אין דרויסן אָדער איבערגעבראָכן אויף צוויי טיילן, מענטשן וואָס האָבן ניט געהאַט גענוג מוט אַליין אַרויסצורייסן דעם צאָן זיינען געגאַנגען צום רופא, אָבער אויך ער האָט זיך באַנוצט מיט גאַנץ פרימיטיווע מיטלען, אין די 20 יאָרן איז אָנגעקומען ד"ר גערזאָן און שפּעטער ד"ר מלכה אָרענשטיין.

## קינדער ציינדלעך

ווען ביי אַ קינד איז אַרויסגעפאַלן די ערשטע ציין, איז ביים פאָלק געווען אַ שפּראַך אַז דאָס קינד האָט געזאָגט מייזעלע מייזעלע! נאַ דיר אַ ביינערנעם צאָן און גיב מיר אַן אייזערנעם צאָן, און נאָכדעם אַרויפגעוואָרפן דעם צאָן אויפן פּיעקאליק.

## רעצעפּטן

אין שטאָט איז געווען 2 אַפּטייקן און 2 סקלאַד אַפּטעשני, דאָס הייסט געוועלבן וואָס האָבן געמעגט פאַרקויפן נאָר גרייטע זאַכן, אָבער אַליין צו מאַכן רעצעפּטן האָבן נאָר געמעגט די אַפּטייקן, ווען מען איז שבת געגאַנגען נאָך אַ רעצעפּט פלעגט מען מיטנעמען דורך אַ קינד אַ זילבערנעם בעכערל, אָדער אַן אַנדער משכון בכדי מען זאָל ניט דאַרפן שבת טראָגן קיין געלט פאר דעם רעצעפּט.

# זכרונות פון מיין קינדהייט

● לאה ארדינאצקי־באדנשטיין

מיר זענען געווען אין הויז 5 קינדער, די עלטערען האָבען אונז געגעבען אַ שטרענג רעליגיעזע אידישע ערציהונג. מיר אַלע שוועסטער 3 מיידלעך זיינען געגאַנגען אין בית יעקב שולע ביז צום קריגס אויסברוך.

דאָס זענען געווען אמת'ע זיסע קינדער יאָרען, גליקליכע און פריי־ליכע און זאָרגלאָזע, אַרומגערינגעלט מיט ליבשאַפט, וואַרימקייט פון אַן עכטע אידישע היים, אַלע פרייטאָג צונאַכט פלעגען מיר געהן דאַווענען אין בית יעקב, און פאַרבראַכט מיט תפילה שירה וזמרה, און די זיסע נאָגענדיגע געזאַנגען האָבען זיך צוטראָגען אויף דער באַלעבטער לוואָווסקאָ גאַס, וואָס עס איז געווען דער הויפט שפּאַציר וועג פאַר דער טאָמאַשאָווער אידישער יוגענט. אַזוי זענען אַנגענעם געלאָפען אונזערע קינדער יאָהרען.

אָהיים קומענדיג פרייטאָג צו נאַכט, די שטוב איז צוגעראַמט, דאָס ווייסקייט און ריינקייט האָט געפעכלט אין אַלע ווינקעלעך, ליכטיג און וואַרים





„אחשורוש־שפיל" אויפגעפירט דורך בית יעקב תלמידות
באלטשע זינגער (אין צענטער ביים טיש) אלס אסתר המלכה

שיין און זויבער, דער קדושת השבת איז געלעגען אויסגעגאָסען אויף די גאַנצע שטוב, אַלעס האָט אויסגעזעהן אַנדערש ווי אַ גאַנצע וואָך. דער טאַטע איז געקומען אַ פריילּיכער אַ לוסטיגער פונם בעלזער שטיבעל און געזאָגט דעם ברייטען האַרציגען „גוט־שבת!״ מיר, די קינדער האָבען זיך געזעצט צום טאַטענס טיש און מיט עהרפאַרכט אויסגעהערט זיין „שלום־עליכם״ און קידוש, די זיסע זמירות האָבען געהויבען די אַזוי פיינע אַט־מאָספערע, פשוט די שכינה האָט גערוט ביי אונז און ביי יעדען אידיש הויז. דער טעם און געשמאַק פון אַ מלכות׳דיגען שבת אין דער היים, איז שווער צו שילדערען, מיר קינדער פון 13־14 יאָהר האָבען פאַרברענגט אויף אונזער אייגענעם קינדערשען שטייגער, מיר פלעגען געהן צו חבר׳טעס, טייל מאָהל זומער פלעגען מיר געהן אַלע צוזאַמען אין באַרעצקי׳ס וואַלד אַריין, שטיפען לאַכען און זינגען. מיר זענען געווען אַ גרופע פון 14 מיידלעך און ליידער איז מעהר ניט געבליבען פון אונז ווי 2, איך און פעשע בראַנד, זי געפינט זיך אין ישראל.

ביז דעם טרויעריגען פינסטערען דאָנערשטאָג ווען די ערשטע באָמבעס זענען געוואָרפען געוואָרען אויף אונזער באַליבטע שטאָט טאָמאַשאָוו. ווער איז דען בכח צו שילדערען די וויסטע בהלה און מהומה וואָס איז באַלד אַנטשטאַנען. דאָנערשטאָג איז ביי אונז געווען מאַרק טאָג ווען די פויערים פון די דערפער פלעגען קומען פאַרקויפען זייערע תבואות און אייער און איינקויפען פאַרשידענע סחורות פאַר זייער געברויך. דעם דאָנערשטאָג איז עפּעס געווען ספּעציעל אַ גרויסער יאַריד מיט אַן איבערגעפּולטען מאַרק. און גלייך ווי די באָמבעס האָבען אָנגעפאַנגען צו פאַלען, זענען מענטשען אַריין אין אַ שרעקליכען פּאַניק, פאַר גרויס פחד און שרעק, טייל האָבען געמיינט אַז עס איז גאַז באָמבעס, און אַז מיר אַלע זענען שוין פאַר׳סמ׳ט, און פאַר גרויס שרעק און צוטומלעניש האָט מען אָנגעפאַנגען צו לויפען ווי ווילדע וואַנזיניגע מענטשען און דאָס אַלעס האָט זיך אויסגעמישט און פאַרפלאָנטערט, מען האָט עפּעס געהאַט די פיהלונג ווי דער אָנפאַנג פון וועלט אונטערגאַנג, די מעהר מיושב׳דיגע מענטשען זענען געלאָפען זיך באַהאַלטען אין די סכראַנעס מיטפירענדיג די נאָהענטסטע משפחה מיטגלידער. ווען די באָמבאַרדירונג האָט אויפגעהערט איז יעדער געלאָפען זוכען די נאָהענטע משפחה מיטגלידער, וועלכע זענען גראַדע בשעת דער באָמבאַדירונג ניט געוועזען אין דער היים. מיר זענען באַלד אַוועק אין אַ דאָרף וואו עס איז געווען שטילער און רוהיגער ווי אין שטאָט, אָבער די גוים זענען עפּעס געוואָרען זעהר פרעמד און אומפריינטליך. ביז עס זענען אַריינגעקומען די דייטשען און נאָכהער די רוסען, און נאָכדעם נאָכאַמאָל צוריק די דייטשען, און דאָס מאָל טאַקע זיך צו באַזעצען. און דענסטמאָל איז שוין געוואָרען אַ וויסטע סומאַטאָכע, מען האָט געשוירען בערד און אַלע טאָג נייע גזירות

ספעציעל אויף אידען. יעדער טאָג גרויזאַמער, עס איז אוממעגליך געווען דאָס איבערצוטראָגען. האָב איך געזאָגט אַז איך האָב זעהר מורא פאַר די מערדער, מיר זאָלען אַנטלויפען קיין ראַווע רוסקע, וואו מיין מוטער האָט געהאָט אַ ברודער. צום גליק איז מיר געלונגען איבערצורעדען מיין מאַמען און מיר זענען אַלע אין איין נאַכט אַוועק קיין בעלזעץ און פון דאָרט געשוואַרצט די גרעניץ און מיר זענען גליקליך ווייזע בשלום אָנגעקומען קיין ראַווע. די מוטער איז נאָכדעם צוריק געגאַנגען קיין טאָמאַשאָוו אַרויס־צוראַטעווען אַביסעל זאַכען, אָבער די שרעקליכע און שוידערליכע איבער־לעבונגען ווען די דייטשען האָבען אויף שבת צוזאַמענגעטריבען אַלע אידען פון שטאָט אין „דאם לאדאווי", מען האָט זיי געשלאָגען מכות רצח, און נאָכהער האָבען די פייערמענער אויף זיי געגאָסען וואַסער, אַזוי זענען זיי געפייניגט געוואָרן אַ גאַנצן טאָג. אלי' שטרוזלער (וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבען אין רוסלאַנד פאַר הונגער) האָט מען נעבעך אויף האַלב טויט צעשלאָגען. מיין מוטער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפען. דאַן זענען מיר זומער 1940 פאַרשיקט געוואָרען אין די רוסישע טייגעס (וואָס דאָרטען האָבען מיר איבערגעלעבט איז אַ קאַפּיטעל פאַר זיך). אין מאַי 46 זענען מיר צוריק געקומען קיין פוילען. מיין מוטער איז ווידער געפאָרען „אַהיים" קיין טאָמאַשאָוו בכדי אויסצוגעפינען וואו איהרע שוועסטער און ברידער זענען אומגעקומען, און אפשר איז כאָטש געראַטעוועט געוואָרען אַ קינד. זי האָט שוין דאָרט ניט געטראָפען קיין אידען. די פוילישע שכנים האָבען איהר דערציילט די באַרבאַרישע מעשים וואָס די דייטשע מערדער מיט זייערע פוילישע אַרויסהעלפער האָבען געטאָן צו טאָמאַשאָווער אידען. איינס פון די ספּעקטאַלען: דעם דריטען מאַי 1942 לכבוד דעם פוילישען באַפריי־אונגס יום־טוב, האָבען זיי צוזאַמענגעשלעפּט אַלע אידישע מוטערס מיט זייערע קינדער אין קאַסע־גאָרטען, און אָפּגעטיילט די קינדער און דאַן אויף זיי אָפּגעלאָזט די אויסדרעסירטע הינט, וואָס האָבען געריסען שטיקער פלייש פון די אידישע קינדער, און די מוטערס האָבען געמוזט פאַטשען בראַוואָ, און די מוטער וועלכע האָט דאָס ניט געקענט האָט מען געשלאָגען מיט די קאָלבעס ביז טויט.

פיל אידען האָבען זיך באַהאַלטען אין סכראנעס און בונקערס, אָבער די פוילישע „שכנים" האָבען פאַראַטען און אָנגעוויזען די געסטאַפּאָ אויף אַלע פאַרדעכטיגטע באַהעלטענישען. דאברא אקסט מיט די קינדער זענען אַנטדעקט געוואָרען 3 טעג פאַר דער באַפרייאונג. מיין מומע טעמא הערבס־מאַן מיט 2 קינדער זענען געווען אויסבאַהאַלטען ביי אַ רוסישען מיעשטשאַן, אָבער 2 טעג פאַר דער באַפרייאונג האָבען זיי די פּאָליאַקען גע'מסר'ט און מען האָט איהר צוזאַמען מיט איהרע 2 קינדער לאה און דינה דערשאָסען און באַגראָבען אויפן אָרט. אַזוי זענען אומגעקומען אַלע אונזערע קרובים,

שכנים און באַקאַנטע. פאַרשניטען און אָפּגעמעקט טאָמאַשאָוו, ניטאָ מעהר קיין טאָמאַשאָוו, ניטאָ אַפילו קיין צייכען פון אַ קבר, וואו דאָס האַרץ זיך אויסצוויינען, זאָל דער אָנדענק פון די הייליגע קדושים זיין אייביג הייליג און טייער ביי אונז. זאָלען מיר געדענקען אויף אייביג לדור דורות דאָס רשעות און אכזריות פונם דייטשען מערדער פאָלק, מיט דער מיטהילף פון דעם שפּל'דיגען פּויליש־עמלק פאָלק.

מיר, די רעשטלעך און יורשים פון די הייליגע מאַרטירער, דאַרפען זיך באַמיהען דעם אש קודש און אידישען שטאָלץ פון אונזערע עלטערען, ברידער און שוועסטער, ווייטער איבערצופלאַנצען אין אונזערע קינדערס הערצער, עס זאָל אויפלאַמען אין זייערע יונגע הערצער ליבשאַפט און טריישאַפט צום פאָלק ישראל, תורת ישראל און ארץ ישראל. און מיר אַלע זאָלען לעבען אין אַ וועלט פון שלום, פרייהייט און גלויבען אין ג־ט.





דאָס תלמוד תורה הויז

# אומפאַרגעסלעכע איינדרוקן

• יעקב מינקאָווסקי

מיין שטעטעלע טאָמאַשאָוו ליובעלסקי. מיר ווייסן באמת נישט ווען אָנהויבן צו ציילן די יאָרן פון דיין אומקום. אָנהויבן ציילן פון יאָר 1939 און אפשר פון נאָך פריער? דער ערב חורבן האָט זיך פאַר די אידן אין פוילן אָנגעזען פיל פריער, איך האָב נישט די געהעריקע מאַטעריאַלן כדי אויסצושטעלן די דאַטעס וואָס האָבן געבילדעט עטאַפּ־פונקטן אין דער דאָזיקער ערב חורבן תקופה. פאַרוואָס דאָך אָנהויבן צו ציילן פון די לעצטע אומגעקומענע אידן? אַזוי צי אַזוי דער עיקר דו ביסט פאַר אונז געווען און מער נישטאָ.

דאָס אייראָפּעאישע אידענטום איז צעשטערט געוואָרן ביזן יסוד. דער שוידערלעכער פאַרנעם פון די מאַסן רציחות האָט געשאַפן אַן אַבסאָלוטע שרעקלעכע און טרויעריקעווירקלעכקייט, איינצעלנע זיינען פאַרבליבן פון יעדער משפחה, דאָס זיינען די עדות פון אייראָפּעאישן אידנטום. עס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיטן טייל פון אידענטום אירע קולטורעלע אוצרות וועלכע האָט געשפייזט כמעט דאָס גאַנצע וועלט־ אידענטום מיט זיין קולטורעלע שאַפונג. דאָס דאָזיקע אידענטום איז געווען פּראַכטפול מיט זיין שאַפונג און מיט זיין לעבנס־ווילן, דאָס מעכטיקע אייראָפּעאישע אידענטום איז מער שוין נישטאָ. עס זיינען נאָר פאַרבליבן זכר׳ס פון משפחות, עלטערן אָן קינדער, קינדער אָן עלטערן, מענער אָן זייערע פרויען און פרויען אָן זייערע מענער. די הערלעכע און שיינע תקופה איז געוואָרן פאַר׳יתומ׳ט און צוזאַמען מיט איר אויך מיר און אויך אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו־לוב.

טאָמאַשאָוו לוב. אַ שטאָט וואָס ליגט אויפן שלאַך צווישן לובלין און לעמבערג וואָס פאַרבינדט צענטראַל פּוילן מיט גאַליציע איז ביז אין יאָר 1914 געווען באַקאַנט אַלס גרענעץ שטאָט, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „קליין טאָמאַשאָוו", די גרענעץ וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס שוואַרצע רעאַקציאָנערע צאַרישע רוסלאַנד פון דעם אַמאַליקן דעמאָקראַטישן עסטרייך. דער גרענעץ פּונקט האָט פיל געהאָלפן די „רעקרוטן" וואָס האָבן נישט געוואָלט דינען דעם פּאָגראָמישן צאַריזם וואָס איר אידעאַל איז געווען צו מאַכן וואָס מער פּאָגראָמען און באָגרענעצונגען אויף אידן, מיט אירע

פינסטערע גזרות און בלוט־בילבולים, די גרענעץ שטאָט האָט געגעבן די מעגלעכקייטן די דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע עלעמענטן צו באַ־פרייען זיך פון דער שוואַרצער רעאַקציע און צו שאַפן אַ דעמאָקראַטיש און פריי לעבן אין אַמאָליקן טאָלעראַנטן עסטרייך.

## די שול.

טאָמאַשאָוו איז געווען איינע פון די אַלטע אידישע קהילות וואו די אידישע באַפעלקערונג איז געווען אין דער מערהייט מיט דורות׳דיקע איינגעזעסענע אידישע תושבים מיט אידישע חברות, מיט אַן אַלטע הויך שיינע געמויערטע שול וואָס איז געווען אַן אַרכיטעקטאָרישע זעלטענהייט, נישט בלויז ביי אונז נאָר האָט גע׳שמ׳ט אין דער גאַנצער סביבה, וואָס איז געשטאַנען אַן ערך 400 יאָר. גלייך אַנטקעגן דער טיר איז געווען די גרויסע קיילעכדיקע בימה פאַר קריאת התורה. עס איז באַשטאַנען פון אַ גאַנצע נעץ זעלטן שיינע מאָלערייען. דער עמוד איז געווען באַשיינט מיט אַן אַלטע שיינע מנורה. די סטעלע (סופיט) פון שול איז געווען ווי אַ גרויסער אויסגערונדעטער גרוב באַפאַרבט אין הימל בלוי פאַרב. די ווענט באַמאָלן מיט אַלע צוועלף שבטים סימבאָלן. צום סופיט איז געווען צו־געבונדן גרויסע און קליינע קופערנע הענג־לייכטער, און אין די שבתים און ימים טובים פלעגט מען זיי אַלע אָנצינדן און עס פלעגט זיך באַקומען אַן אויסערלעכע פייערלעכע אילומינאַציע. ווען זיי זיינען געווען באַלויכטן האָבן זיי געוואָרפן אַ יום־טוב׳דיקן חן אויף די פנימער פון אירע מתפללים וואָס יעדער האָט געזאָגט שירה אויף זיין אייגענעם אַרט: „הייליקער און





די שוהל מיטן
בית שני

גרויסער גאָט עפן אויף די טירן פון הימל און פאַרנעם מיין תפילה, פאַר מיר, פאַר מיין גאַנצע משפחה און פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק. שיק אונז דיין הייליקע ברכה און הילף". און אויף אירע ווענט זיינען געווען אויס־געמאָלט היסטאָרישע צייכנונגען. צווישן אַנדערע אויך נח׳ס תיבה וואָס האָט באַדייטעט דאָס וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז מיר אידן אין גלות געפינען זיך ווי אין אַ קאַסטן אָן אַ רודער אויפן ים, וואָס יעדער קלענסטער שטורם קאָן אונז דערטרינקען און פאַרניכטן. פייגל, חיות, מוזיק אינס־טרומענטן, דער כותל מערבי האָט אויף קיין מינוט נישט געלאָזט פאַרגעסן פון אונזער אַמאָליקע פרייהייט, שיינקייט, רייכקייט און הייליקטום, אין דעם אַלטן אָרון הקודש אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די הייליקע ספר־תורה׳ס וואָס אירע גרעזצן האָבן געהייליקט און צעמענטירט דאָס אידישע פאָלק איז געווען באַצירט מיט שיינע פלושענע און סאַמעטענע פרוכת׳ן וואָס זיינען געשאָנקען געוואָרן דורך די דאָרטיקע מתפללים. צווישן די שיינע פרוכת׳ן איז כדאי צו דערמאָנען דעם פרוכת פון חיים און צפורה פוטער, וועלכער איז געווען פיל יאָרן גבאַי פון דער שול.

## דער מצב ערב מלחמה.

שטיל, רואיק וואָלט זיך דער ישוב געפירט זיין באַשיידן לעבן ווען אין יאָר 1939 זאָל נישט געווען אויסגעבראָכן די בלוטיקע מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פוילן. אויך אונזער שטאָט האָט נישט אויסגעמיטן די גרויזאַמע שחיטות, מצד די דייטשישע מערדער אָקופּאַנטן מיט דער מיטהילף פון אַ טייל פוילישע פאַרברעכער און מערדער. די פוילישע מערדער און כוליגאַנעס דערשפּירענדיק דעם שטורם וואָס האָט זיך געטראָגן פון מער־דערלעכן פאַשיסטישן דייטשלאַנד האָבן באַלד צוגעגרייט די רויב זעק פאַרן אידישן האָב און גוטס, און האָבן גלייך גענומען מיטאַרבעטן מיט די דייטשישע מערדער. זיי האָבן האַרציק מקבל פנים געווען זייערע „פריינט" פון מערב. עס האָבן אָנטייל גענומען אין פאַרניכטן די אידן דירעקט אָדער אומדירעקט פוילישע פאַרברעכער, אונטערוועלט מענטשן און אויך אַ טייל פון די בירגערלעכע (מיעשטשאַניעס) עלעמענטן, דאָרפס־פּויערים און מיט דער מיטהילף פון אַ טייל אינטעלעגענץ.

דער פאַר לעצטער בלוטיקער און עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן האָט זיך אָנגעהויבן ווען די פוילישע „פאָלקאָווניקעס" מיט סלאַווי סקלאַדקאָווסקי, פּילסודסקי׳ס ליבלינג וועלכער האָט אָרגאַניזירט און געשאַפן די „אזאָן" באַוועגונג, האָבן געשלאָסן דעם פאַרברעכערישן אָפּמאַך מיטן בלוטיקן היטלער רעזשים. באַלד נאָך דעם איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג צום שלעכטן פאַר די אידן. היטלער ימח שמו האָט גוט געוואוסט

אַז אין פּוילן וועט אים אַמלייכסטן זיין אויסצופירן זיין בלוטיקע אַרבעט. ער האָט גוט געוואוסט אַז אַ גרויסער טייל פון פּוילישן פאָלק איז שטענדיק גרייט צו נעמען דאָס מעסער אין דער האַנט און אים העלפן מאַכן מאַסן שחיטות איבער אומשולדיקע אידן. עס איז געגוג זיך צו דערמאָנען זייערע שיינע מעשים טובים פאַר דער שרעקלעכע אינקוויזיציע און בלוט מבול; מיר געדענקען גוט און וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן די פּוילישע „אינ־טעלעגענץ" וואָס האָבן מערדערלעך געשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן דורך די פענסטער פון די אוניווערסיטעטן און אַנדערע הויך שולן זייערע מיט־שילער, די אידישע זין און טעכטער! מיר געדענקען די „פּיקעטניקעס" וואָס זיינען געשטאַנען פאַר די אידישע געשעפטן און נישט אַריינגעלאָזט קיין קונים! מיר געדענקען דעם הייליקן „אווֹשעם" אין יאָר 1937, אַז דאָס קולטורעלע פּוילן דאַרף נישט מאַכן קיין פּאָגראָמען, אָבער פאַרניכטן די אידן עקאָנאָמיש „אווֹשעם", דאָס דאַרף מען אַדורכפירן מיט דער גאַנצער קראַפט, אַזוי האָט באַפוילן דער אינערן מיניסטער סקלאַדקאָווסקי. דעם אווֹשעם באַפעל האָבן די פּאָליאַקן גוט פאַרשטאַנען און נאָך בעסער אים אויסגעפירט. מיר וועלן אייביק געדענקען די פּאָג־־אָמען אין: לעמבערג, פשיטיק, מינסק מאַזאָוויעצקי, קיעלץ און פיל אַנדערע ערטער. מיר האָבן געפרעגט און פרעגן ווייטער וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר פּוילן געטאָן? צי האָבן מיר נישט באַרייכערט זייער מדינה? צי זיינען זייערע קאַסעס נישט פול געוואָרן מיט דעם שווער פאַרהאָרעוועטן אידישן געלט? צי האָבן מיר נישט באַשיינט זייערע שטעט און גאַסן מיט שיינע הייזער און געשעפטן און מיט קליינע און גרויסע פאַבריקן?

## די אינסטיטוציעס און זייערע עסקנים.

אָט שוועבט פאַר מיינע אויגן מיין שטעטל טאָמאַשאָוו לובעלסקי וואָס איז געווען פול מיט אידן און מיט אַ בליענדיקע יוגנט, אינסטיטוציעס, שולן, חדרים, תלמוד תורה'ס, אידישע בענק און גמילות חסדים קאַססע, אַ שול און בתי מדרש, פיל חסידישע שטיבלעך, אַ שיינע און גרויסע שול „יבנה". זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער שעפער וואָס האָט זייער פיל געלייסטעט און געטריי געדינט דאָס גרויסע ווערק, ר' חיים יוסף לערער ווי אויך זיל־בערמאַן, לייזר לעדערקרעמער א. אַ. „יבנה" איז געווען דאָס וויגעלע און די ערציערין פון דער ציוניסטישער יוגנט. דאָס אַלץ איז מער נישטאָ!! פאַרשניטן איז געוואָרן די קהלה טאָמאַשאָוו. קיין שריד ופליט ניט געבליבן פון אידישן לעבן אין טאָמאַשאָוו. בלויז אַ געוויסער פּראָצענט זיינען אַרויס פון דעם שרעקלעכן גהנום, און געוואָרן צוזייט און צושפּרייט איבער פאַר־שידענע לענדער, דער גרעסטער טייל האָט זיך אויסגעקליבן זיין היים־לאַנד ישראל. די אַלטע היים געהערט צו אונזער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ס'איז

פאַר אונז נישט מער געבליבן ווי אַ שוואַרצער פונקט אויף דער שוואַרצער מפּה וואו ס'איז באַצייכענט די אַמאָליקע אונזער היים. טאָמאַשאָוו האָט געדינט אַלס עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער צענטער פאַר פיל קליינע שטעטלעך פון איר אומגעבונג וועלכע האָבן אויך געטיילט איר טראַגישן גורל. אַלס אַן אַלטע אידישע קהילה וואָס האָט געלעבט אַ פול אידיש לעבן און זיך געפילט פאַרבונדן מיטן אידנטום פון אַלע דורות, איז שטענדיק געווען שטאַרק דער סענטימענט פאַר ארץ ישראל. נאָך אין די פריערדיקע צייטן האָט דער נאָמען ארץ ישראל געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די וועלכע האָבן זיך וואַרים אָפּגערופן און בייגעשטייערט פאַר אונזער לאַנד. אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט האָבן פאַרנומען די ציוניסטישע פּאַרטייען, און אַזעלכע זיינען געווען פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס. אַ שיין פאַרצווייגטע אַרבעט האָט געפירט דער קרן קימת לישראל, אין וועלכן עס האָבן אַן אַקטיוון אַנטייל גענומען צווישן אַנדערע: פישל פיש, פייוויל האַלץ, בירך פעפערמאַן, זלאַטקע גאָלדשטיין און משה בלאַנדער.

שיין און גוט געאַרבעט האָט דער קרן היסוד מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון די הערן: שמואל שיפּלינגער, פישל פיש, יצחק לעדערקרעמער, משה באַרעצקי, אברהם פעפערמאַן, משה בלאַנדער, מאיר בלומער און דער שרייבער פון די שורות. ישראל גרינבוים, ישרולקע גרינבוים, עדלשטיין, אביגדור איידלסבערג.

***

ביי אונז אין שטאָט איז אויך פאָרגעברייטערט געוואָרן אידישע פּיאָנערן (הכשרה) פאַר ישראל, דורך די „אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרג." ביי הער משה באַרעצקי אין וואַלד. דער הכשרה פונקט וואו רבקה מינקאָווסקי איז געווען זייער פאַרטאָן און האָט פיל מיטגעהאָלפן אין זייער טעטיקייט. טראָץ זייער שווער לעבן זיינען אַלע געווען פריש און מונטער, מיט מוט און באַגייסטערונג. זאָרגלאָז און פריילעך האָבן זיי געלעבט מיט דעם גרויסן האָפענונג צו קומען נאָך ארץ ישראל, וואָס טראָץ אַלע שוועריקייטן האָבן זיי זייער ציל דערגרייכט.

## צווישן ביידע וועלט־מלחמות

נישט קיין לייכט לעבן האָבן רוב אידישע איינוואוינער געהאַט, די הויפּט מקורות פון די אידישע פּרנסות זיינען געווען: תבואה, קרעמער, בעלי מלאכה, האָלץ הענדלער, מאַרק שטייערס, שענקער א. אַ. וו. עס זיינען אויך געווען אידן נגידים, בעלי בתים פון גרעסערע און קלענערע הייזער, פון מילן, טארטאקן א. א. וו. דאָס איז געווען איינגעפונדעוועטע פּרנסות. אין 1918 מיטן אויפקום פון דער פּוילישער מלוכה בויט זיך צוריק אויף מיט באַנייטע כוחות די אידישע קהלה, נאָכן חורבן פון דער ערשטער מלחמה. עס מערקט זיך

אַן אויפשוואונג אין מסחר, מלאכה און אין קולטור לעבן. עס באַזעצן זיך אין די לעצטע יאָרן אידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. עס אַנטשטייט אַ גרעסערע אידישע „פאָלקס־באַנק" וואָס שטיצט און העלפט מיט אַ ברייטע האַנט האַנד־ווערקער, בעל מלאכה׳ס און סוחרים. זייער אַ בכבוד׳דיק אָרט האָט פאַרנומען די גמילות חסד קאַסע", וואָס איר גרינדער איז געווען משה באַרעצקי ז״ל. ער האָט אויך פיל מי און צייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון איר געשפּענדעט. אַ שיין טעטיקייט האָט געפירט די ביבליאָטעק וואָס אַ גרויסע טייל פון די איינוואוינער האָבן פון איר גענאָסן, בפרט די יוגנט.

## דער חורבן

דאָס אַלץ איז דאָרטן פאַר אונז מער שוין נישטאָ. מער איז דאָס שוין פאַר אונז קיין היים. נישטאָ דאָרטן מער אונזערע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער, קינדער און פריינט. מיר זעען דאָרטן דעם שרעקלעכן אומקום, דעם מאַסן קבר פון אונזערע געליבטע, און אפשר איז דאָס אויך נישטאָ. מען זאָגט אַז די קברים מיט זייערע מצבות פון אונזערע עלטערן און אור עלטערן זיינען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן געשענדעט און פאַרניכטעט געוואָרן. די רוצח׳ישע נקמה איז געווען נישט בלויז איבער די לעבעדיקע נאָר אויך איבער מתים. מיר האָבן אַלע מאָל געגלויבט אַז די פּוילישע רויבער־באַנדעס מיינען נאָר אונזערע פאַרמעגנס. אָבער וואָס האָט איר געוואָלט פון די אידישע לעבנס? וואָס האָט איר געהאַט צו די קליינע און גרויסע אומ־שולדיקע קינדער? מערדער! וואָס האָט אייך באַוואויגן אומשולדיקע קליינע קינדער צו צערייסן פאַר די אויגן פון די עלטערן לעבעדיקערהייט? און אונזערע טייערע און נאָנטע צו דערשיסן אין די גאַז קאַמערן? מיר באַוויינען אונזערע קדושים און אויך אונזערע רעליגיעזע, קולטורעלע און געזעלשאַפלעכע אינס־טיטוציעס וועלכע זיינען צוזאַמען פאַרניכטעט געוואָרן.

## דער מוסר השכל

ווען די וועלט איז צו אונז אַזוי אכזריות׳דיק זאָלן מיר די איבער־געבליבענע צעמענטירן אונזער פריינטשאַפט, ליבע און חבר׳שאַפט פון איינעם צום צווייטן. זאָלן מיר זיין געגנזייטיקע פריינט און חברים, זאָל איינער דעם צווייטן העלפן מיט אַלעס וואָס ער איז בכוח. דאָס וועט זיין די שענסטע מצבה וואָס מיר וועלן שטעלן אונזערע טייערע און ליבע. לאָמיר נישט פאַר־געסן און אייביק געדענקען אַז אַ דריטל פון אידישן פאָלק איז אויסגעשאָכטן און פאַרברענט געוואָרן דערונטער אונזערע נאָנטסטע. לאָמיר הייליקן זייערע נשמות מיט אייביקן האַס און שנאה צו די מערדער פון אַלע לענדער.

לאָמיר דערמאָנען מיט יראת הכבוד אונזערע קדושים די אומגעקומענע, לאָמיר געדענקען אַז זייער וואונש איז געווען אַז מיר זאָלן קאָנטונירן אונזער לעבן אין לאַנד פון אונזערע אבות, און דאָס וועט זיין דאָס הייליקע יזכור ליכט נאָך זייערע לעבנס.

מוקדש לזכרם היקר של אחי **נח** בן **אברהם** אשתו **אסתר** בת **יעקב** שטול וילדיהם אברהם׳לה ושרה׳לה, גיסתי טעמע וילדותיה לאה וחיה צינה אשר נספו בשואת אירופה ה. י. ד.

# קינה על טומשוב

● **יעקב הרבסמן**

**על** עיירתי בה נולדתי וגודלתי ,בה אהבתי את אהבותי הראשונות ובה נחלתי אכזבותי הראשונות. העיר על רבניה, חסידיה ותלמידי חכמיה, על סבליה תגרניה ויהודי „עמל״. על הסתדרויות נוער למיניהן ועל הנוער התם הנלהב והמסור. על הורים, אחים ובנים שנשמדו, על עיירה שהיתה ואיננה — על אלה אשא קינה.

לא בלב כבד עזבתיה לפני 23 שנה. הן הארץ הבחירה, ארץ ישראל שדותיה קבוציה, הנוער שלה — משאת נפשנו היתה ועליה חונכנו וחלמנו. אולם בשנים הראשונות קויתי, הנה אקח את בתי או בני, אעבור אתם את טומשוב, שדותיה וגניה את היערות ואראה להם את השבילים והדרכים שאביהם דרך עליהם בילדותו. אשתטח על קברי הורי שהם לא הכירום. והנה הכל אבד ואיננו.

שעון על זרועי, העברתי לנגד עיני בערב רהום אחד את כל הפינות והמקומות. אחד אחד עלו בזכרוני. ראשי נעשה עלי כבד ולבסוף צנח על השולחן, והנה — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בהירות עצומה עברנו הדרך באוירון, הגענו באוטובוס לזמושץ ועד אחרי טרנובטקה הגענו. פה אמרתי אקח את בתי ואעבור אתה ברגל — — ידה בידי אנו צועדים...

הנה מימיננו, מאחרי הגבעה משתרע לו האגם של „בולן״. לשם היינו ממהרים עם גמר הלמודים ב„חדר״ להתרחץ במימיו וללמוד שחיה. גוי משופם עמד במעבר וגבה דמי כניסה. בחפזון זרקתי אחד אחד את בגדים עד שנשארתי עירום. אורז הבגדים לחבילה ו—קפוץ המימה. מים



הכניסה הראשית לבית המטבחיים



מתוקים היו, רעננים. אם כי שקטים היו, לא פעם קרה אסון טביעה. הבבנין הנראה, הריהו בית המטבחיים. ספרתי לך כבר כי עסק משפחתנו היה סחר בעורות. ע״י בית המטבחיים היה לנו מחסן, שם היו מאחסנים את העורות ומשמרים אותן.

משמאלנו נראית טחנת הקמח של צישקביץ׳. עוד מעט נגיע לעיר ממש.

הלאה מימין — החצר עם אסמי הבר של משפחת ברגרבום. ליד החצר עובר נהר „בית העלמין״ — הוא כנראה יובלו של ה„וויעפש״. צר הוא הנהר ומימיו זורמים לאט. שם מתרחצות בעיקר נשים. מדוע לחוד נשים? — עליך לדעת בתי שאצלנו לא תמיד לבשו בגד ים, התרחצו במערומים ועל כן ההפרדה.

הנה אנו על הגשר. מתחתיו לארכו מתמשך ערוץ הגיא. בחורף מתמלא היה מים ובקיץ היה כמעט חרב. משפתו היינו חותכים ירק ה„שאוואניס״ לקשט בהם הבתים לכבוד חג השבועות.

אנו ברחוב זמויסקה. הבית מימין הוא ביתנו, כלומר היה שייך עוד לסבא. מרווח היה הבית וכשהשיא בן או בת, גדר או הוסיף עוד „אלקער״ עבור הזוג הצעיר וכך המשיכו לחיות, להוליד ילדים ונכדים. הילדים היו מתרוצצים במסדרון ובחצר הרחבה, אשר חילקה את הבית לשני אגפים. ברבות הימים היה הכרח להרוס חלק, לחזק, לתקן את הגג וכו׳. בבית היו החנויות — מקור פרנסתם. עליך לדעת שצד אחד יוצא ל„רינעק״ כלומר לשוק והפתגם השגור היה: „דלת בשוק — חלון בשמים״, הוה אומר, מי שיש חנות במקום השוק, פרנסתו מובטחת.

הגן שאת רואה, הוא הגן שלפני הכנסיה הפרבוסלבית. כעת ירדה היא מגדולתה. בימי הצאר היו כל יום א׳ בבקר הולכים אליה החיילים להתפלל. בראשם התזמורת והמנצח עם השרביט היה עושה להטוטים —

לשמחת הילדים. אמרו עליו על המנצח שהוא יהודי ועל כן הביא את התזמורת עד לכנסיה — פנימה הוא לא נכנס.

המגדל הגבוה הוא של מכבי האש. תפקיד חשוב היה לכבאים. דליקות היו בעיירתנו חזון נפרץ, כי על כן הבתים היו מעץ ואם פרצה דליקה עלולה היתה לכלות אפילו חצי עיירה. הזקנים היו מונים את מנין






מגדל המכבי־אש, ומשמאל חניות החדשות (ההאליעס בככר השוק)

השנים לפיהן: כך וכך שנים אחרי הדליקה הגדולה. לנו לילדים היו השריפות גורמות סיוטי לילה. בלילות החורף והסערות, בהתכסותי בשמיכה החמה, הייתי תמיד מוסיף לקריאת שמע את תפלתי האישית: „אנא ה׳, עשה כך שלא תפרוץ חלילה הלילה שריפה״.

בהישמע הצפירה — בזמנים קדומים יותר היו מצלצלים בפעמון או מחצצרים בחצוצרה מפי יענקלה רופא — מיד נראו אצים רצים הכבאים עם חביות המים. בראשם הא׳ שיפלינגר. מי הוא א׳ שיפלינגר? — הוא ה„כל ולך״ בעיר. יושב ראש הקהלה היה ויד ושם לו בחלונות הגבוהים. עיקר תחביבו היה אצלו גדוד מכבי האש. הרבה מרץ וכסף השקיע בו. בתהלוכות החגיגיות בימי גנוסיה, מתקשט במדי הכבאי, כרסו מובלטת, היה צועד בגאון ובחשיבות בראש הגדוד. בראש הגדוד אמרתי? — לא בדיוק, השני היה, הראשון צעד הקומורניק הגוי, אם כי נפל בהרבה ממנו במומחיותו בשריפות ומסירותו לגדוד. שיפלינגר היה סגנו, משום לראש הכבאים לא ניתן ליהודי להגיע.

נטה ימינה ונכנס לשוק. הבנינים בצורת פרסה הנם ה„האליס״ שנבנו למרכז מסחרי. חנויות שונות היו בו. הנה החנות של ברקה׳לה. מוכר הוא אפודות ומעילים מוכנים. אצלו האפודה תמיד התאימה למידת הקונה. צר מדי? — היה דוחף את הכרס בברכו ו־„ראי בעלת בית רחומה, זה כמו מדוד״. ארוך מדי? — הרי לא לשנה אחת גברתי הכבודה את קונה מעיל לבנך, יגדל הוא ויתאים בדיוק.

מעבר השני — החנות של רחל „ליליק״. אשה פעלתנית. בעלה מכין עבורה את עולם הבא בתלמודו והיא שולטת בחנות. היא היתה אומרת שלעולם אין לה פנאי לנטילת ידים של שאו ידיכם, ובלעדי זה אסורה אכילת הלחם. אם כן, לא אכלה? לא כי, אכלה כל היום כעכים, רקיקים וכד׳ שאינם טעונים נטילת ידים.

הרי החנות של ה„ברטשליכה״: חנות בגרוש. תציץ בה ואין בה ולא כלום. מה מוכרת? — כבאותה החנות בספר קידוש השם לשלום אש — בטחון. מהחנות הזאת הוציאה פרנסתה, הכינה שבתות, גדלה ילדים והשיאם. איך? — זה היה הנס או הבטחון שבעיירה.

ינטה פייבליס מתהלכת לה, חובקת את סיר הפולים החמים ומודדת כוס בגרושין „קח יענקלה, קח. אין לך גרושין? אין דבר אמא תאמין לי ותשלם״.

הנה צפורה׳לה העיוורת עם עיניה הטרוטות וחסרי הריסים. סורגת היא במהירות מפליאה. עד שהעין תופסת והנה יוצא סודר או גרב. סורגת היא בהליכה ובישיבה. בישיבה — מרימה את השמלה במחילת כבודה, ושמה מתחת סיר עם גחלים לוחשות לחמום הגוף.

רואה את בתי, את זה העומד ודורך בלי הרף במקום. אל תבהלי. הוא אינו נוגע לרע אף בזבוב. זהו „נחום העיוור". בעיוורונו יגיד לך תמיד את השעה המדויקת ולפי הקול יכירך מי את, מי הוריך וכמה אחים ואחיות בשמותיהם ינקוב לך בדיוק.

היהודי נשוא הפנים והזקן שאת רואה, הוא אהרן קיזל, חריף המח. מה מעשיו — זקוק איש לבורר (כעין עורך דין) בדינו עם שכנו או שותפו, מזמין את רב אהרן קיזל ובוטח בו שהוא יוציא לאור דינו ויחלצהו מכל סבך.

אנו מתקרבים לצריפו של ביילה מעכאליס. בפנים לא תכלה רגל איש ביום ובלילה. אחד מחכה להסיעו לרכבת, חברו חוזר ממנה. בינתים לפני לכתו לביתה יתחמם בכוס חמים ויקנח „ברוס" ז. א. קדש — מין רקיק עבה ופריך המתמסמס בפה כצפיחת בדבש.

נמצאים אנו ברחוב לבובסקי. זהו הרחוב היפה והארוך ביותר. בו החנויות המפוארות של גבירי העיר: יענקלה לדרקמר, איטשה בורנשין ולוויש בעכר. על מדרכות הרחוב היו במתינות בעלי בתים מטילים זוגות שלובי זרוע וחבורות חבורות בני תשחורת משני המינים היו מתגודדים, מפטפטים ומתווכחים בעליצות ובקול רם עד הגיאם לבית הסטרוסטה, כלומר גבול המדרכה, ואז היו יורדים לשבילים פחות מוארים ונותנים קולם בשירה עליזה.

אנו לא נעקוב אחריהם. נעלה נא במדרכה הצרה ע"י ביילה מעכאליס ונגיע לבית הכנסת. רגע בתי — לא נלך ישר. נעשה קפדנריה קטנה. משום מה? — הבה אספר לך, אם כי הנני מתביש במקצת: המדרכה עוברת ע"י מגוריו, של ה„פנבוקיל". זה הרגל מילדות. כשהייתי צריך לעבור במקום הזה, הייתי נוטה הצדה. את וודאי סקרנית לדעת הסיבה, הבה אספר לך: ה„פנבוקיל" (שמו האמתי לא ידוע לי, כולם כך קראו לו) הוא ננס עם ראש ענק. ידים ורגלים עקומות ובהליכה מסתייע במקלות זעירים. על כן היה מטיל עלינו הילדים פחד בצורתו. האם נולד כך ומנין זה בא לו, גם זה לא ידוע לי. מפה לאוזן ספרו הסיפור הבא: פעם לחג הסכות הגיע העירה אחד צדיק גדול. הפנבוקיל עבר ע"י סכת הצדיק ובשמעו מברך קידוש על היין, עקם את הפנים וידים. הצדיק בהרגישו זאת קלל אותו, וקללת הצדיק התקימה ובאותו רגע נהפך לבעל מום. ועוד ספרו שאחרי מותו, קרע תרנגול את פסת הבד ושפך את כוס המים שעמד על החלון, כמנהג המקובל בימי אבל ה„שבעה".

ידוע היה של„פנבוקיל" ראש פקח. הוא היה המנהיג של הבונדאים בעיר. בביתו היו מתאספים בלילות שבת, מתווכחים, מזמרים, מעשנים סיגריות ועושים כל מיני עבירות. אמנם בהתבגרי, כשהייתי סר אליו לקנות

סיגריות — מתפרנס היה מעשית סיגריות מעשי ידים — היה עוטפן לי בידיו העקומות, וקולו רך היה בדברו, היה הפחד סר ממני, אבל הרגל נשאר הרגל. ימחול לי על הטרידו ממנוחתו.

אנו מתקרבים למקומות הקדושים: הבנין עם הגג הכפול המתנשא רם וגא, זהו בית הכנסת הגדול. גאוות יהודי העיר עליו. הוא עומד כבר קרוב ל־500 שנה. שתי הדליקות שעברו עליו לא יכלו לו. נכנסים להיכל דרך ה„פוליש". באמצעיתו של ההיכל מתנשאת הבמה עם מדרגות משני צדדיו. לצד מערב יציע בשביל עזרת הנשים והמקהלה. מולו במזרח — ארון הקודש עם פתוחיו, מכוסה בפרוכת משי מרוקמת. נברשות גדולות תלויות מהתקרה המקומרת. התקרה היתה בעיני הילדו־תיים פלא הבניה. תמיד רציתי להגיע לחקר הידיעה כיצד התקרה מחזיקה מעמד, כשאינה נשענת על עמודים. על הקירות מסביב מצוירים מעשי ידי אמן מזלות חדשי השנה וארבעה הצוויים, רץ כצבי גבור כארי וכו'.

בית הכנסת היה עטוף מסתורין של פחד וקדושה. ידוע היה לכל שלילה לילה באים ומתקבצים לשם שוכני עפר, עטופים בתכריכיהם ומת־פללים. והיה אם עובר מישהו על ידו, היו מזמינים אותו לעליה לתורה: „יעמוד פלוני בן פלוני מתכבד בכבוד התורה" ואוי לו לאיש אם מסרב להכנס ואבוי לו אם נכנס. כמובן בתי, לא בדקתי כונות הדברים, אך בכל זאת איש לא העיז לעבור ע"י בית הכנסת בחצות הלילה, ואנו ילדי ה„חדר" אפילו לפנות ערב בחוזרנו הביתה, היינו עוקפים את המקום. מול בית הכנסת נצב בית המדרש. שם ר' נחום שמש מושל בכפה. הוא אומנם לא הדור ועטוף מסטורין כבית הכנסת. הוא חילוני יותר ואפוף חמימות, כאד היוצא מפתחו בערבי חורף הקרים. בפנים תמיד לומדי פרק משניות, עין יעקב, או סתם מבלים בשיחה על פוליטיקה, מצב הפרנסה וכו'.

כעת נכנס ללב ליבה של העירה היהודית: ל—פראגה. שכונת העוני והדלות, שכונת ה„עמך" העמלים מבקר עד ערב להביא פת לחם לפי הטף. זוהי גם מקום מגורי ה„כלי קודש".

אבל, מהו השקט האופף כעת את השכונה? — הן אנו באשמורת השלישית ליום חמישי — יום היריד. היכן כלם הרגילים לקום בשעה זו? איכם יהודים! קומו לעבודת הבורא, קומו לעסקיכם ולטרדתכם היומית. האינכם זקוקים לצרכי שבת, הן יום היריד היום.

איה משה איטשע וולף קצב, המוביל בשעה זו את העגלה לבית המטבחיים, איה איטשע ברטיק, סוחר הסוסים שיריץ את הסוסה לשוק? היכן בני שמואל ליבליס החסונים, הצריכים להכין גזוז וגלידה לאכרי הסביבה הבאים לשוק? לא רואים גם את חיים יצחק כלי זמר עם הקאפליה שלו חוזרים מנומנמים ועייפים מחתונה, איכם בעזשע, זלמן שניאור ומרדכי

סופר, המשכימים למקוה ולמנין הראשון. מה קרה אתכם? נרפים נעשיתם ישנים שנת ישרים, או חלילה — — — — — — — — —בואי בתי, אינני תופס, אינני יודע מה קרה פה, היכן היהודים שלי, היכן הם?? בואי, ניגש לבית העלמין, נשתטח על קברי הורי והקרובים, נשאל אותם אולם שם יוודע לנו מה קרה ליהודי טומשוב.

הנה מכאן יורדים. מצד ימין ישנה הבאר על יד הבולאכי, פה ירידה. בגשם הסתוי היו בוססים בבוץ עד הברכים ובחורף עם הפשרת הקרח היו צריכים מאוד מאוד להזהר נושאי מטת הבר־מינן. בקיץ לעומת זאת נישא לכאן ריחו המבשם של בוסתנים ושדות. אנו ממשיכים. הננו על יד הגשר הנטוי על נהר בית העלמין. נעלה ומכאן כברת דרך קטנה לבית העלמין. אבל — — מה זה אינני רואה את הגדר המקיפה ולא נראית אף מצבה. הגם את אינך רואה? האם לא תעיתי? — לא, לא תעיתי. הרי אנו על הגשר. מה קרה כאן, איזה אסון מחריד, הגם על המתים לא חסו, גם אותם הטרידו ממנוחתם ולא השאירו להם זכר וציון? אבוי, הבה נברח בתי מגיהנם זה, מעמק הבכא האיום הזה. תני ידך, החזיקי בי, בואה נברח, נברח הביתה — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כן, שושנה ואברהם ילדי, הביתה, אל כברת ארץ קטנה זו שנאחזנו בה, כי בה, בכם, בנוער הגדל חפשי במולדת הזאת שנשארה לפליטה, בכם הבטחון והערובה כי לא ישונה האסור היום, כי שנית לא יקרה את אשר קרה לטומשוב ולאלף ערים אחרות דומות לה.



# דאָס לעבען און אומקום פון אונזער שטעטל טאָטאשאָוו לובעלסקי

• י. שוואַרץ

אַ אידיש לעבן האָט געבליט אין טאָמאַשאָוו וואו עס האָבען זיך געבונדען אַלטע טראַדיציעס מיט נייערע צייטען, מען האָט צווישען זיך געשלאָסען מסחרים, עסקים, געהאַנדעלט געליען געלד א. א. וו. די אידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון קליינהענדלער, בעלי־מלאכות, סוחרים, אַביסעל פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. ביי פיל פון שטעטל איז פרנסה געווען אַ זעלטענהייט, און אָרימקייט, נויט און דחקות איז אַן אָפטער גאַסט געווען. אויך זעהר פיל לײדיק־גייערס צוליב אַרבעטסלאָזיקייט. די טאָמאַשאָווער אידען זענען אָבער געווען אַקטיוו און שעפעריש און אַנטוויקעלט אַ פילפאַרביק קולטור לעבן און זענען געווען איבערגעגעבען בלב ונפש אין זייער געזעלשאַפטליכער, עקאָנאָמישער רעליגיעזער, קולטורעלער און פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. די אידישע גמילת חסד קאַסע וואָס האָט אַזוי פיל אויפגעטאָהן: ביבלאָטעקען, די העברעאישע שול, פאַרטייען פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס, יוגענט אָרגאַניזאַציעס, אידישע בענק, רבנים, אַ שיינע געמאָלענע שוהל, בתי מדרשים, חדרים, ספּאָרט אָרג. פּראָפ. פאַראיין, און אַ אידישער דראַמ. קרייז. אַ אידישע יוגענט וואָס האָט געשפּרודעלט מיט ענערגיע און פרייד. אין אָט די אַלע אינסטיטוציעס האָבען טאָמאַשאָווער אידען אַריינגעלייגט אַ סך האַרץ און זאָרג בכדי אויסצובעסערען און פאַרשענערען דאָס לעבען. אַזוי האָבען אידען געבויט געשאַפען און געוועבט זייערע חלומות פאַר אַ בעסערער וועלט פאַר אַ בעסערן מאָרגן. וויפל וואונדערבאַרע אוצרות זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, ביז׳ן דור פון חורבן ווען די דייטשע בעסטיע האָט אַרויפגעלייגט איר ברוטאַלע האַנט אויפ׳ן אידישען גוף און אויפ׳ן אידישען גייסט און אַלץ אָפּגעמעקט. אונזער שטעטעלע טאָמאַשאָוו פון ליכט און לעבען איז היינט די זון פאַרוויינט. דער הימעל מיט בלוט פאַרגאָסען איבער די פאַר׳יתומ׳טע הייזער קייקלען זיך בלוטיקע טרערען וואָס וועלען זיך קיינמאָל נישט אָפּווישען און די גאַסען ווי מיין מאַמע מיין שוועסטער און אַלע מיינע שטאָט־לייט זענען געגאַנגען, זענען רואינירט און די שטומע ווענט זאָגען קדיש. אַ חורבן, אַ מדבר, אַ בית־עולם אָן מצבות, אַן אייביג פאַרלאָשען ליכט...

איך וויל דאָ דערמאָנען אויף וויפיל איך וועל בכוח־זיין, די ליכטיגע געשטאַלטען און געזעלשאַפטליכע טוער וואָס זענען געווען טעטיק אין אַלע געזעלשאַפטליכע קולטורעלע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס...

## גבאים אין אונזער שיינע שול

די דייטשע רוצחים האָבען זיך נישט באַגעניגענט מיט דער מיליאָנען שחיטה פון אידישען פאָלק, מיט זייער טייוולאָנישען דראַנג אָפצומעקען יעדען זכר פון אונזער פאָלק, האָבען זיי אויסגעגאָסען זייער צאָרן אויך אויף אַלע אידישע הייליקטימער וועלכע זיי האָבען אָנגעטראָפען אויף זייער פאַרברע־כערישען וועג. באַזונדערס האָבען די מערדער צעלאָזט זייערע בלוטיגע הענט אין צעשטערען און פאַרברענען אידישע שולען און אויך אונזער שול פאַר־ברענט וועלכע איז געווען זעהר אַ שיינע. לויט ווי מען האָט דערציילט איז די שול שוין אַלט געווען קרוב צו זעקס הונדערט יאָר אָבער זי איז נאָך געווען פריש ווי ניי, געבויט ווי אַ פעסטונג זעהר הויך מיט זעהר דיקע ווענט. די פענצטער זענען גאָר הויך מיט פאַרביקע שויבען. אויך די טירען זענען געווען דיקע, שווערע און באַשיצטע.



שמעון רייז גבאי

ווער געדענקט נישט דאָס בילד פון יום־כפור אין אונזער שטעטל ווי די שול איז געווען איבערפילט מיט אידען אין טליתים באַדעקט די פנימ׳ער אויסגעטאָן געגצליך פון עולם הזה ווירקליכקייט, זיסע האַרץ דערקוויקענדיקע טענער רייסען זיך פון ימים נוראים׳דיקען שליח־ציבור „יעלה תחנונינו מערב״ און עס דאַכט זיך שטענדיג אַז איך הער די רירענדיגע ניגונים און תפילות פון דער הייליגער עדה פון אונזער שטעטל טאָמאַשאָוו וואָס איז אַמאָל געווען און איז מעהר נישטאָ.

פון דער לעצטער צייט זענען די גבאים געווען: פוטער חיים ז״ל, הובער מאיר ז״ל, רייס שמעון ז״ל, זיכלער וואָלף ז״ל, ליכטענפעלד שלמה ז״ל.

## די אידישע קהילה

די ערשטע אידישע דעמאָקראַטיש קהילה איז ענטשטאַנען אין פוילען ערשט אין יאָר 1924 פריער זענען דאָס געווען פאָרשטייער ווי מען האָט זיי גערופען דאָזאָרעס אָבער ניט אין דעם זין ווי די קהילות אין מערב־אייראָפּע.

די ערשטע קהילה קאַדענץ איז באַשטאַנען פון: ר׳ אליעזר לעדער־קרעמער, ר׳ פנחס גולדשטיין, ר׳ בנימין וויינבערג, ר׳ אריה העלער, ר׳ מיכל

Jednodniówka.

# יודישע גמינע אין טאמאשאוו-לוב.

היינט דינסטאג ד. 5.VII. קומט פאר אין דער היגער גרויסער שיהל

# א פייערליכע הזכרה

בעד נשמת **שלמה בן-יוסף** ה׳י׳ד׳.
שנפל מות קדושים בעד תחית העם ובנין הארץ על אדמתנו הקדושה.

ווערט די גאנצע יודישע באפעלקערונג אויפגעפאדערט אין גלייכצייטיג געבעטען צו קומען נעמען אנטייל אין דעם טרויער אין וועלכען עס איז איינגעהילט דאס גאנצע יודישע פאלק.

## אנפאנג 6 אוועגד

די פערוואלטונג

Druk S. Szyflingera • Tomaszowie Lub

אויפרוף וועגען א הזכרה פון קדוש שלמה בן יוסף וועמען די ענגלענדער האבען אויפגעהאנגען אין ארץ ישראל

# יודען בירגער!

דער פליצלענדיגער טויט פונ׳ם אונפערגעסליכען פוילישען העלד און שעפער פונ׳ם נייעם פוילען מארשאל **יוזעף פילסודסקי** האט געטראפען ווי א דינער אין העלען טאג דער גאנצער פוילישער באפעלקערונג אן אונטערשיד פון רעליגיע און נאציע.

ביים אפענעם קבר פונ׳ם גרויסען נפטר שטייען מיר אויך די יודישע באפעלקע-רונג אין טאמאשאוו מיט אראבגעלאזטע קעפף און בעדויערן די גרויסע אבדה.

דער טרויער קאמיטעט וואס איז געשאפען געווארען ביי דער יודישער גמינע פאדערט אויף די יודישע באפעלקערונג צו צופאסען זיך צו די פעראָרדנונגען און מאסענווייז אנטייל נעמען אין דער **פייערליכער טרויער-תפילה** וועלכע וועט פארקומען שבת ט״י אייר זייגער **10** פריה אין דער גרויסער שוהל.

דער טרויער קאמיטעט פאדערט אויף די יודישע באפעלקערונג אז פרייטאג אוונד זאל מען זיך צוריק האלטען פון שפאצירען אין גאס ווי אויך נישט ארויסצווייזען קיין עפענטליכע פרייד אין משך פונ׳ם גאנצען שבת׳דיגען טאג.

שבת פריה מוז אין אלע בתי תפילות ווערן געענדיגט די תפילות ביז **9** אזייגער בכדי צו געבן די מעגליכקייט דער גאנצער יודישער באפעלקערונג זיך צו בעטייליגען אין טרויער גיבעהט אין שוהל, ווי אויך אין דעם טרויער-צוג.

די וואס נעמען נישט קיין אנטייל אין גאסן-צוג ווי: עלטערע מענטשען און קינדער ווערן גיבעטען נישט צו זיין אין גאס בעווייל עס וועלן זיך שבת געפינען אין שטאדט אסאך דעלעגאציעס פונ׳ם גאנצען פאוויאט ביז **10.000** מענטשען בערך, און עס איז געווינשען נישט צו שטערן די באוועגונג אין גאס.

אין דער צייט פון מארש פון טרויער-צוג איז פארווערט צו געפינען זיך אויף די באלקאנען און אויף די טראטוארען.

די וואס נעמען אנטייל אינ׳ם טרויער-צוג ווערן גיבעטען צו פערהאלטען זיך רוהיג נישט צו רעדען און נישט צו לאכען ביים גאנג, צו רעכנען זיך מיט דער ערענסטקייט פון מאמענט און דעפילירען פאר׳ן ביוסט פונ׳ם מארשאל אונטער דער לייטונג פון דער יודישער גמינע.

**טרויער קאמיטעט ביי דער יודישע גמינע**

אין טאמאשאוו-לוב.

אויפרוף פון דער יודישער גמינע צום טויט פון מארשאל פילסודסקי

יהודה פלוג, ר׳ מענדל רייכענבערג, ר׳ יצחק באָרענשטיין, ר׳ הירש מאיר צימענט.

אויסער דעם איז נאָך געווען אַ ראַט וועלכע איז באַשטאַנען פון: ר׳ נתן גרינוואַלד, ר׳ שלום שפּיזאייזען, ר׳ דוד ווייצמאַן, ר׳ חיים יעקב שענער, ר׳ נחום שולדינער, א. א. וו. אָבער אין משך פון דער ערשטער קאַדענץ האָבען זיך פיל געטוישט.

די צווייטע קאַדענץ וואָס איז געווען אַ פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: ר׳ שמואל שיפּלינגער אַלס פּרעזעס, ר׳ שמואל מעלדונג, ר׳ ברוך שפּאָרער, ר׳ יוסף געלד, הערש מאיר צימענט, ר׳ חיים יוסף לערער, ר׳ משה בלאנדער און ר׳ מאיר בלומער.

די דריטע קאַדענץ איז באַשטאַנען פון: ר׳ חיים יוסף לערער אַלס פּרעזעס, ר׳ אריה העלער, ר׳ יידעל אַדער, ר׳ פישעל פיש, ר׳ נח הערבסמאַן, ר׳ נחום שולדינער, ר׳ משה בלאַנדער, און ר׳ יעקב שלאַגבוים.

## גמילת חסד קאַסע

זעהר אַ וויכטיגע אינסטיטוציע איז געווען די גמילת חסד קאַסע ווי די פאַרשטייערס האָבען געאַרבעט איבערגעגעבען מיט׳ן גאַנצען האַרצען שלא על מנת לקבל פרס. און דער אָרימער בעל־מלאכה און קליינהענדלער פלעגט זיך באָרגען אָן פּראָצענט הונדערט אָדער צוויי הונדערט זלאָטעס און פיל מאָל זיך געראַטעוועט און זיך צוריק אויף די פיס געשטעלט. די פאַרשטייערס זענען געווען: פּערשטמאַן חיים, הרב ר׳ אברהם גולדשמידט, מינקאָווסקי יעקב, ליכטענפעלד סיני, צימענט הירש מאיר, בלומער מאיר, שולדינער נחום, באָרענשטיין יצחק, לעדערקרעמער יצחק און זילבערשטיין יונה.

## שטאָט־ראַט

זעהר אַ שווערען געראַנגעל האָבען די אידישע ראַט־מענער געהאַט ביים פאַרטיידיקען די אידישע אינטערעסען האַרט פאַר׳ן מלחמה אויסברוך. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער סאַנאַציע רעגירונג. די ווירטשאַפטליכע עקסטערמינאַציע פּאָליטיק באַגלייט מיט פּיקעטען מיט ניע קופּואַי אָו זשידאַ א. אַ. וו. די פאָרשטייער זענען געווען פון אַלע פּאַרטייען.

פון מזרחי: ר׳ חיים יוסף לערער, ר׳ יעקב אַרביספּעלד. פון אגודה: ר׳ יצחק קאַרפּער, ר׳ אלתר שטול, ר׳ נטע העלער, ר׳ אפרים רוב, ר׳ דוד שווינדלער. פון אַלגעמיינע ציוניסטען: ר׳ איטשע לעדערקרעמער. פון האַנט־ווערקער: ר׳ שמואל שיפּלינגער, העריש מאיר צימענט. פון פּועלי ציון: ר׳ פייוויל האָלץ, ר׳ משה בלאַנדער. פון בונד: ר׳ נחום שולדינער, ר׳ דוד גייער, לייביש קאַפּענבוים.

## קרן־קימת

די זאַמלער אויף קרן־קימת האָבען ניט איינמאָל געהאַט אויסצושטיין פאַרשידענע שוועריקייטען אָבער אַלעס האָבען זיי אָנגענומען פאַר ליב ווייל הייליג און טייער איז זיי געווען יעדען גראָשען פאַר קרן קימת.






**פון רעכטס :** שלאגבוים, ליפא גאָלדמאַן, שמעון לאנאייל

די פאַרשטייערס זענען געווען: פיש פישעל, האַלץ פייוויל, ווערטמאַן ישראל, קעסלער שלמה, ארביספעלד י. מעלדונג אברהם, גולדמאַן ליפה, אונטערבוך משה (לרנר), שלאגבוים איטשע, לאַנאייל שמעון, אשר הרבסמן.

## קרן היסוד

געטריי און איבערגעגעבן און געאָפּפערט פיל צייט האָבן די מענטשן געווידמעט אַ גרויסע טעטיקייט פאַר׳ן קרן־היסוד פון וועלכע די פאַרשטייערס זיינען געווען: שיפּלינגער שמואל, יו״ר, מינקאָווסקי יעקב, יו״ר וסגן יו״ר, פיש פישעל, באַרעצקי משה, לערער חיים יוסף, באָרענשטיין יצחק, בלומער מאיר, שטרוזלער אליהו, גרינבוים ישראל, גרינבוים שראַלקי, האַלץ פייוועל, קאַלענבערג קאָפּעל.

## פאָלקס־באַנק

פאַר די בעל־מלאכות און קליינהענדלער איז די פאָלקס־באַנק געווען ממש ווי אַ רעטונגס ברעט ווי זיי פלעגען באַרגען עטליכע הונדערט זלאָטעס אָדער דיסקאָנטירען אַ וועקסעל. די פאַרשטייערס זיינען געווען: שיפּלינגער שמואל, בלומער מאיר, צימענט הערש מאיר, שמוץ ישראל לייב, שטרוזלער אליהו.

## סוחרים פאַראיין

אַ גרויסע אַקטיווע טעטיקייט האָט זיך געפירט אין סוחרים פאַראיין ווי מען האָט זיך באַמיט ניט צו דערלאָזען וועלכער סוחר זאָל ווערען אַ „יורד" אָדער ווי מען פלעגט עס רופען „פליטה" נאָר ווי ווייט מעגליך אונטערשטיצט און ניט געלאָזט פאַלען. די פאַרשטייערס זיינען געווען: מינקאָווסקי יעקב, יו״ר, פעריל שלמה, סגן יו״ר, באָרענשטיין יצחק, טרעגער־מאַן בערקע, זילבערשטיין יונה, פערפערמאַן אברהם, לעדערקרעמער יצחק, שווינדלער אברהם, הערינג שמואל, משה באַרעצקי, שלמה גאָלדזאַמד, יוסף פרידלענדער (בן ירחמיאל).

## האַנטווערקער פאַראיין

די פאַרשטעער פון האַנטווערקער פאַראיין זענען געווען: שיפּלינגער שמואל, שמוץ ישראל לייב, הובער משה׳לע, צימענט העריש מאיר, בלומער מאיר, שמוץ יעקב, ברעט אברהם.

## קאָמבאַטאַנטען

אויך קאָמבאַטאַנטען האָט מען אין טאָמאַשאָוו געקענט זעהן: דאָקטאָר שולמאַן, דאָקטאָר פּרוכטמאַן.

## פייער לעשער

און אויך אין דער פייערלעשער קאָמאַנדע זיינען געווען פאַרטרעטען אידען — גרויס רעספעקט. מיט גרויס כבוד האָבען זיך די פוילישע פייער לעשער קאָמאַנדע באַצויגען צו זייער אָנפירערס: שיפּלינגער שמואל, און יעקעלע רופא.



פירערשאַפט פון האַנדווערקער פעראיין



**עס שטעהן פון רעכטס :** פנחס באראס, שלמה מאלערמאן, גדלי' דארנפעלד, מאיר בלומער, וואלף לייכטער, **און** י. ה. ווינדער ; **עס זיצען :** משה בלאנדער, אגאסט, שמואל שיפילנגער, הירש מאיר צימענט ; **הינטען :** אדאם **און** רבקה שיפלינגער

## „בונד"

דער אָנהויב פון דער טעטיקייט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אין יאָר 1917 דאָס קלאַסען־באַוואוסטזיין פון דער אידישער אַרבעטער־שאַפט האָט זיך שטאַרק צוואַקסען, די אויסער געוועגליכע אַקטיוויקייט אויפ׳ן פּאָליטישען געביט וואָס די בונדישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי האָט געפירט טריי און איבערגעגעבען די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון „בונד" האָט זי זיך טאַקע זעהר שטאַרק פּאַרפעסטיקט זי האָט געהאַט אַן אייגענע שיינע ביבלאָטעק מיט אויך זעהר פיל איבערזעצונגען פון טאָלסטאָי, עמיל זאָלאַ א. א. זיי האָבען אויך געהאַט אַ ספּעציעלע יוגענט ביבלאָטעק וואו די יוגענט האָט געשעפּט איר וויסן. זיי האָבען כסדר איינגעאָרדענט פּאָליטישע און ליטעראַרישע אָוונטען. געמאַכט פאַרשידענע אויספלוגען. און אויך די אַזוי גערופענע צוזאַמענפלוגען א. א. וו.

די ערשטע אָנפירערשאַפט זענען געווען: לייבעל שערער, נחום שול־דינער, מרדכי ווייסבערג, דוד גייער, קאָפּל שפּיזאייזן, פעלטיק לעדערקרעמער. נאָכער: יעקב יהושע גראָמאַן, מאָטעל לערנער, יוסף מעלדונג, איציק זיגעלבוים, מינדיל מייל (זיגעלבוים) — שבח קאָרנוואָרצעל, שמעון לעדער, אלעזר ליבער, אברהם שערער.

## דראַמ. קרייז

מיט גרויס איבערגעגעבענקייט און ליבע צום אידישען טעאַטער האָט מיט אייגענע כוחות דער טאָמאַשאָווער דראַמ. קרייז געגעבען אַ רייע יאָרען זעהר געלונגענע פּאַרשטעלונגען עס איז ווערט זיך צו באַקענען פון וועלכע סאָציאַלע שיכטען ס האָט זיך רעקרוטירט דער דראַמ. קרייז ווי עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט פון אויפשטייגענדיקער אַרבעטער באַוועגונג. דער גרעסטער טייל איז געווען פון די אַרבעטער מאַסען און אַחוץ דעם דערמאָנטען ציל פון פאַרשפּרייטען קולטור צווישען די אידישע אַרבעטער מאַסען האָבען אויך די אידישע אַמאַטאָרען געוואָלט דורך דעם טעאַטער אַנטוויקלען זייער באַוואוסטזיין און דערהויבען זייער פּאָליטישען און סאָציאַלען ניוואָ. פון די ערשטע זענען געווען: חיים מיכאל הורן, אברהם שמואל קנאָפּ, נחום שולדינער אויך סופליאָר, מרדכי ווייסבערג, שיינדעל בליאַנק, לאה׳טשע שאָר, מרים שערער, מאיר בלומער, מאיר בוים, אביגדור צוקער. נאָכער: מינדיל מייל, איציק זיגעלבוים, עזריאל צאַן, שבח קאָרנוואָרצעל, און שמעון לעדער.

פון די ערשטע פּיעסען וואָס זיי האָבען געגעבען זענען געווען: „די סדר נאַכט" פון לאַטיינער — „געבראָכענע הערצער" פון ז. ליבין — „דער ישיבה בחור" פון זאָלאָטאַרעווסקי — „די גרינע פעלדער" פון פרץ הירשביין,

„חנה׳לע די נייטאָרען״ פון ? — „דער דאָרפס יונג״ פון ל. קאָברין — „דער פאָטער״ פון סטרינבערג — „די משפחה״ פון ה. ד. נאמבערג — „דער אידישער קעניג ליר״ פון יעקב גאָרדין — „ג־ט מענטש טייוול״ פון יעקב גאָרדין — „טוביה דער מלכיגער״ פון שלום עליכם — „דאָס גרויסע געווינס״ פון שלום עליכם — „די צוויי קוני לעמעל״ס פון א. גאָלדפאַדען — „די שחיטה״ פון יעקב גאָרדין.

זעהר פיל פאַרשטענדעניש האָט טאָמאַשאָוו אַרויס געוויזען פאַר אידיש טעאַטער, פאַר אידישע קולטורעלע־פאַראַנשטאַלטונגען...

אָט דאָס אַלעס איז חרוב ונחרב געוואָרען אין דער שרעקליכער פינצטערער תקופה פון דער אידען אויסראָטונג אין דעם ציוויליזירטען איראָפּע וואָס דאָס אידישע פאָלק, דאָס אַממיינסטען אויסגעבלוטיקטע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס נישט דער מאָרד נאָר אויך די פּיין פאַר׳ן טויט. די שרעקליכע פאַרברעכענס פון וועלכע ס׳בלוט ווערט פאַרגליווערט און די האָר שטעלען זיך קאַפּויער — מיט אַ דערשטיקטען געוויין האָב איך אויפגענומען דערציילונגען און איבערלעבונגען פון די געציילטע על פּי נס ניצול געוואָרענע טאָמאַשאָווער מענטשען וואָס זיי האָבען נעבעך מיטגעמאַכט. ווי אַזוי די דייטשע רוצחים האָבען מיט אַלע גהינום מיטלען פאַרפּייניקט, דערנידערט, באַליידיקט און באַשפּיגען די לעבענגעבליבענע צעבראָכענע אינוואַלידען ווער אויסערליך און ווער אינערליך זענען די נערוון צעשטערט. די נישט דערשוחט׳נע קרבנות וואָס זייערע נעכט זענען נאָך איצט פיל מיט קאָשמאַרען און קענען מער קיין טרייסט אין זייער לעבן ניט געפינען. זיי זענען צעבראָכען, עלנט פול מיט אייביגער בענקשאַפט נאָך אונזערע פאַרפייניגטע משפחות. יעדער פון זיי טראָגט אין זיין האַרץ צענדליגער קברים — קברים פון קינדער פון טאַטע מאַמע פון שוועסטער און ברודער וואָס זענען אַזוי אכזריות׳דיג פאַר־שניטען געוואָרען מיט די שוידערליכסטע שרעקליכסטע יסורים וואָס האָט נישט קיין גלייכען אפילו אין דער געשיכטע פון דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע. דאָס אויסטאָן באָרוועס אויפ׳ן פראָסט; דאָס טרייבען נאַקעט אויפ׳ן לעצטען וועג; דאָס אויסרייבען די ציין פון מויל; דאָס זשאַלעווען אַ טראָפּען וואַסער צו באַנעצען די ליפּען פאַר׳ן אומקום; דאָס לעבעדיג באַגראָבען קליינע קינדער, אָדער דאָס צעשמעטערען די קליינע קינדערישע קעפּלעך אין די סלופּעס אָדער אין ווענט און זייער מאָרד האָט גליטשיק געמאַכט די טראָטואַרען. די מוזיק קאַפּעליע וועלכע האָט געשפּילט יעדען פרימאָרגען אין אוישוויץ אונטער וועמענס קלאַנגען אונזערע טייערסטע און נאָענסטע זענען געטריבען געוואָרען אין די גאַז־קאַמערען און אַוועק מיט׳ן רויך. די שרעקליכע פּיין פון די קאַסטרירטע מענער, די שוידערליכע עקספּערימענטען אויף יונגע פרויען קערפּערס. דאָס פאַרשיטען פאַרוואונדעטע אינאיינעם מיט די טויטע, דער

מאָרד איבער קראַנקע און זקנים, דאָס קרעכצען פון די גריבער פון די לעבעדיג־באַגראָבענע, דאָס געוויין און געשריי פון די קליינע קינדער צו די שוואַרץ פאַרוואָלקענטע הימלען ווען מען האָט זיי צוגערויבט פון זייערע מוטערס, און קיינער ווייסט נישט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען. זיי שוועבען צווישען הימעל און ערד, אינ׳ם רויך פון קרעמאַטאָריעס, אינ׳ם אַש וואָס איז צעזייט און צעשפרייט געוואָרען איבער פעלדער וועלדער און איבער ימים. אָט צו דעם שרעקליכען גרויל צו דער שוידערליכען פיין פון גרעסטען אידישען חורבן האָט זיך די וועלט צוגעקוקט צו דער דאָזיגער מאַסען שחיטה איבער שוצלאָזע מענטשען און געשוויגען. דאָס אידישע פאָלק אין זיין רומרייכע געשיכטע וואָס איז פאַרשניטען געוואָרען פאַרטיליקט און פאַרברענט געוואָרען דורך די דייטשע מערדער וואָס האָבען אויף אייביג אויסגעלאָשען די ליכטיגע געשטאַלטען פון הונדערטער אידישע קהילות אין פוילען די קללה פון סדום ועמורה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיי. דער ריזען בוים פון פוילישען אידענ־טום איז מיט׳ן וואָרצעל אַרויסגעריסען געוואָרען. מיט פייער און שווערד זענען פאַרניכטעט געוואָרען שטעט און שטעטלעך אין די גרויליכע יאָרען, און צווישען זיי אונזער האַרציג שטעטעלע טאָמאַשאָוו וואָס איז אַמאָל געווען און וועט שוין קיין מאָל מער ניט זיין. און זאָל מיין באַשרייבונג זיין ווי אַ מצבה אויף דעם קדושימ׳דיג אָן קברימ׳דיגען בית־הקברות פון דער טאָמאַ־שאָווער קהילה בכדי אונזערע קינדער און קינדס קינדער זאָלען וויסען און מקיים זיין די חומש׳דיגע צוואה **"זכור את אשר עשה לך עמלק"**...

(פּ. ס. אויב איך האָב אַדורכגעלאָזט וועלכען ס׳איז אָנגעזעענעם נאָמען אָדער פאַקט בעט איך ענטשולדיקונג דאָס איז געשען נישט צוליב מיין שלעכטען ווילען).

**שוואַרץ יעקב** — חבר הועד של ארגון יוצאי טומשוב בישראל.



**געווידמעט גוטאַין . . . און אַלע קינדערלעך פון טאָמאַשאָוו וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש־השם.**

# אידישע שנייעלעך

● ע. ה. ווראצלאַוו

אַמאָל האָבן שנייעלעך,
ווייסינקע צינגעלעך,
באַשאָטן די פּיאה׳לעך,
פון אידישע אינגעלעך.

שנייעלעך, קעפּעלעך,
מיט בלישטשענדע קליידעלעך,
באַשיטן די צעפּעלעך
פון אידישע מיידעלעך.

שנייעלעך פייגעלעך,
וואונדערלעך־קליינינקע,
שפּריצן אין אויגעלעך
שווארצינקע, שיינינקע.

שנייעלעך, בלעזעלעך,
זילבערנע ריטעלעך,
שמייסן די נעזעלעך,
רייסן די היטעלעך.

שנייעלעך ברעקעלעך,
נשמה׳לעך טויטינקע,
גלעטן די בעקעלעך,
פלאַמיקע, רויטינקע.

ניטאָ מער די פּיאה׳לעך,
צעפּעלעך, וואונדערלעך,
אידישע שנייעלעך,
אידישע קינדערלעך . . .



# שמואל מעלדונג

● **ש. ליכט**

**בעל בית חסידי, סוחר נכבד, פקח, נבון ומתון, אנשים התיעצו עמו בכל ענין מסובך.**



אברהם ב״ר שמואל מעלדינג בשנת 1932

פרנס הקהלה נקי כפים וישר דרך, עסקן בעל מצפון ואחראי, נציג קבוע במשרד המסים, הי׳ ציר נאמן לשלוחיו וניהל שם מאבק קשה ובלתי פוסק נגד קיפוחים והפליות נגד היהודים, לחם נגד הגדלת המסים על חשבון סוחרים היהודים, והגן בכלל על זכות אוכלסי היהודית, שירת את הציבור בכנות ונאמנות והי׳ חביב ונערץ על כולם, נמלט לקוליקוב ע״י לבוב ואח״כ דר בעיר אזשעראַן אצל טאַרנאָפּאָל, שם נספה עם משפחתו, מבניו נשארו יוסף שהיגר לארגענטינא ושמאי שנמצא כעת בניו יאָרק והוא אחד מהפעילים בין המהגרים החדשים ויש לו חלק חשוב בהדפסת ספר היזכור.



# דוד שווינדלער

● **דוב בן דוד,** ישראל

הי׳ תורני וחסיד ראדזין, איש המרץ ובעל המעש, ממיסדי החדר של אגודה „יסודי התורה״ ודאג לו כל ימי קיומו. הי׳ גם ממיסדי בית הספר לבנות „בית יעקב״ ודאג להתרחבותו. הוא התפלל בבית התפלה דחסידי ראדזין, אבל אותי ואחי הקטן מרדכי הי״ד שלח ללמוד לשטיבעל דחסידי צאנז־ציעשינוב, שהי׳ המרכז לתורה וחסידות בעירנו.

חמש עשרה שנה הי׳ חבר בעיריה מטעם מפלגת אגודת ישראל. והי׳ מקובל על כולם מפני שלא רק טובת מפלגתו היתה לנגד עיניו אלא

כל צורכי העיר בכלל ושל היהודים בפרט. לא פעם קרה שאחרי נאום על ענינים צבוריים או סעד, כולם החזיקו אחריו, אפילו מהמפלגה הבונדיסטית.

הי' גם חבר בועדת הסעד בתוך העירי', ובידו היתה החלוקה של עצים להסקה ותפוחי אדמה לעניים פעמיים בשנה, ובגלל זה לא חסרו שערוריות בביתנו. הוא הי' עומד על דעתו בתוקף שרק לנצרכים ביותר מגיעה העזרה ומוכן לקבל הי' הרבה, ואלו שלא קבלו עשו שערוריות בביתנו. האמא ע"ה התחננה אליו כל השנים שיפסיק מזה, אבל העסקנות היתה טבועה בדמו והמשיך בה כל השנים. הי' פיקח ונבון ואנשים באו להתיעץ עמו.

בפרוץ המלחמה העולמית השני' לא רצה לעזוב את העיר בטענה שמכיר את הרוסים עוד ממלחמת העולם הראשונה. ביום כפור תש"ד (?) הוציאו אותו ואת בנו מרדכי באמצע התפלה והמיתו אותם ביריה ביער בערעצקי, הי"ד. יהי זכרם ברוך.



# נח בן אברהם הרבסמאן

● **אשר הרבסמאַן**, ישראל

נולד בשנת 1901, חונך בבית אדוק מחסידי בלז. את ימי ילדותו אינני זוכר. בשנת 1920 כשנוסדה בעירנו ההס' „השומר הצעיר" אז הוא היה אחד מהמיסדים, הכיר שמה את החברה אסתר שטול, אחרי זמן מה התחתן, ונולדו להם בת ובן נחמדים.

נתן את ידו גם בשדה העסקנות הציבוריות, נבחר לועד הקהילה בתור (דאזאר). כשנתפלגה ההסת. הצ. בפולניה, לפלג „על המשמר" ו„עת לבנות", אז הוא היה אחד הדוברים של פלג „עת לבנות".

כשפרצה המלחמה האיומה הוא עם משפחתו עברו לצד הסוביטי, ז. א. לראווע רוסקה, ושם נספה עם אשתו אסתר וילדיהם.

„חבל על דאבדין ולא משתכחין"



# לזכרון של בני משה הי״ד

● **זושא קאוועגשטוק**, חיפה

**קיבל** חינוך בבי״ס „יבנה״ של המזרחי בטומשוב, אח״כ למד בישיבת נובהרדיק והשתלם בתלמוד. היה בקי בתנ״ך בע״פ. הלומדים המופלאים שבשטיבל קאָזמיר ר׳ ישראל גארזיציינסקי ז״ל ור׳ ליפא הוניגספלד ז״ל ור׳ קלמן ארליך הי״ד כשחיפשו איזה פסוק מתנ״ך ולא ידעו מקומו קראו למשה ושאלו אותו והוא ענה תיכף על המקום בקפיטל זה ופסוק זה. היה חביב על כל אנ״ש וכל מכיריו. פעם הוציאו בורשה ה„ועדת התרבות״ קונקורס שכל מי שישלח להם חיבר יפה מתנ״ך יזכה ע״י השופטים שיבחרו לקבל פרס א׳ ב׳ ג׳. בני משה שלח להם חיבר תנכ״י וזכה לקבל הפרס הראשון כשהגיע לו הפרס מורשה לא היה קץ לשמחתו. היה מורה ביוזעפאָף ובקומרוב ואח״כ בורשה. כשפרצה המלחמה הנוראה סיבב דרכו בסכנות גדולות עד שהגיע לעיר מולדתו טומשוב ונתמנה למזכיר הקהלה, אז היה יו״ר הקהילה יהושע פישלזון וכבר ידוע מה שנעשה אתו. הוא קידש שם שמים ברבים.

הנאצים דרשו ממנו שיתן להם 300 יהודים לעבוה״ה בבלזיץ, וכשנודע לו מה שנעשה עם היהודים הללו יצא מכליו והתרוצץ כמו משוגע. וכשבאו הנאצים ודרשו ממנו עוד 300 יהודים ענה להם תנו לנו היהודים הקודמים ואתן לך חדשים, אני יכול לתת לכם רק 3 נפשות אותי ואשתי ובני. וכן הנאצים ירו אותם על המקום, ואח״כ חיסלו כל אנשי טומשוב ביחד עם הקהלה ובתוכם בני יקירי משה, נפסק פתיל חיו בעודו באיבו.

בני בני משה!
איך נגדעת מהמשפחה
ואף קברת אדמה
בשבילך לא נשארה
בגופך קרבן עולה
קרבת וקדשת שמימה
נשמתך הטהורה והקדושה
לגן עדן עפה
תנוח נפשך צרורה
בצרור החיים שמה

הכותבים בדמע, ההורים השכולים.


משה קאוועגשטוק



# אביגדור איידעלסבערג

● ש. זאמויסקי

יליד זאמאשטש, בן למשפחה נכבדה, ובימי ילדותו הושפע הרבה מההשכלה בזאמאשטש, נסע ללמוד לישיבת הרב רייניס בלידא, והי׳ בעל כשרונות פקח וחכם. ביחוד הצטיין בפיו החד והי׳ יודע הרבה אמרות ופתגמים תורניים שמשך בהם את לב ההמון. הי׳ משכיל ציוני נלהב ודבק בה בכל להט נשמתו, נואם מצוין וכח השכנוע שלו הי׳ גדול מאד, ועל חשבונו יכולים לזקוף החדרת רעיון הציונות בעירנו. הי׳ עסקן צבורי פעיל בכל שטחי החיים. בכל ישיבה ואסיפה מחשובי העיר השתתף ועשה נפשות לרעיון התחיה הלאומית. זמן רב הי׳ נציג הציונים בעירי׳ וכיהן כפרנס קהלה במשך שנים רבות, נואם עממי מוכשר ואין כמעט הופעה מפלגתית או פומבית בלי השתתפותו. הרבה פעמים הי׳ גם כן בורר בזבל״א. מצבו החומרי לא הי׳ מזהיר, אבל זה לא הפחית ולא הפעים אישיותו. בנו משה הי׳ מראשי ומנהיגי ציונים הרבזיוניסטים ומראשי הבתרי״ם. כל משפחתו נספתה בימי השואה. הי״ד.



# שלמה גאלדזאמד

● ש. זאמויסקי

תורני משכיל בעל הדרת פנים ודמות של יהודי אינטעלגנטי שכבר ספג לתוכו השכלה, התפלל בבית החסידים דהוסיאטין, אבל החסידים רננו אחריו שנתפס בדעותיו... אהב לומר דבר תורה ובפרט פשט באבן עזרא קשה, הי׳ לו כח ההסבר ופה שנון. כל תהלוכותיו הי׳ בנעימות ומתינות, הי׳ סוחר נעלים ונחשב מנכבדי הקהלה, לפני כמה זמן היה יושב ראש לאגודת הסוחרים בעירנו.



# משה רייכענבערג

● ש. זאמויסקי

או כמו שהי׳ מכירים אותו בשם משה׳לי באלטשעס, שאמו היתה בעלת־מלון ומסעדה, אשה נכבדה ומקובלת בעיר, הוא נמנה מהראשונים שבין הנוער שהפיצו רעיון הציוני־החלוצי בעיר, הרבה כוחות ומרץ השקיע בארגון החלוץ הציוני ולכבוש לב הנוער היהודי לרע־יונם, ועמל הרבה ל־החדרת רעיון התחיה הלאומית בין היהו־דים, הי׳ אחד מנושאי לפיד הציונות בגאוה וגאון לאומי, לפני זמן מה היה ציר המפלגת הציונית ל־מועצה העיריה, עלה לארץ וחי בה תקופה מסוימת, ומפני קשוי התאקלומתו מבחינת חברתית, גם געגועי משפחתו הביאו חזרה הביתה. מאז התחבר לתנועת הצה״ר והי׳ אחד ממנהיגיה. נה־רג עם כל משפחתו. הי״ד.

●

ותיקי הציונים בטאמאשוב



מימין: הירש זילבערבערג, יצחק לעווענפופ, משה רייכענבערג



# פינחס גאלדשטיין

• ש. זאמויסקי

מחסדי חעלים, מוהל ותיק ומכובד שעשה אומנתו ללא קבלת תשלום, הי' איש צנוע שלא התערב בשום פאָליטיק והי' אהוב על כולם, בנו ונכדיו נמלטו לרוסיא ומהם נמצאים כעת בישראל.



# גרשון בראנד

• ש. ליכט

בן הרה"ח ר' שלמה זלמן בנו בכורו של משה מענדיל בן געציל בראנד. הוא היה עשיר אבל איש פשוט, זלמן השתלם עצמו בתורה ויראה על כן עשה עמו שידוך ממשפחה מיוחסה ולקח לאשה בת הרב ר' צבי עפשטיין ראב"ד מאגרוב בן הגאון ר' יוסף עפשטיין אבד"ק אוזיראן בעל גנזי יוסף על הפתיחה כוללת מהפרי מגדים.



גרשון ב"ר שלמה זלמן בראנד
צילום בשנת תרצ"ד

גרשון הי' מחונן מילדותו בכוחות וכשרונות יוצאים מן הכלל, הי' חריף ושנון ומצוין בתפיסתו המהירה והעמוקה, ועל כולם הי' מתברך בזכרון נפלא ושקידה עצומה, כשגמר החדר נכנס לשטיבעל דציעשאנוב ושם השתלם עצמו בתורה וחסידות, הוא נתגדל ונתחנך ביחד עם בני הרב, וכשהם נסעו לישיבות, נסע גם הוא לטארנאפאל ששם גר דודו הרה"צ ר' מאיר רוקח אהדמו"ר מקאזלוב, ולמד אצל האב"ד משם הגאון רבי דוד מנחם מאניש באבד ז"ל מח"ס שו"ת חבצלת השרון, והי' מתלמידיו המצוינים, חריף ומפולפל, כשחזר לטאמאשוב הי' אחד מאבני החן של שטיבעל חסידי ציעשינוב קודם המלחמה נשא אשה מאיזביצא ושם נהרג ביחד עם משפחתו יזכר לטובה. גם אחיו הקטן יודאלי שהי' מופלג בתורה כבד פה ומהחסידים בשטיבעל וכל בית אביו היקרים והתמימים שנאבדו כולם הי"ד.



# אריי העלער

**• ש. ליכט**

מהדומיות המופלאות המעוטות בדורנו, שהתאחדו אצלו תורה וגדולה במקום אחד. נולד בעיר פראמפאל לאביו הרה״ג החסיד ר׳ ישעי׳ צבי העלער, מחשובי הרבנים בדורו, למדן חסיד ופקח יחסן גדול נכד הגאונים בעל ברוך טעם, וזכרון שמואל מפרעמישלא והמשיך יחוסו עד התוספות יו״ט והמגלה עמוקות. נשא אשה מטאמאשוב מרת חנה שרה שהיתה אשת חיל במלוא מובן המלה (בת הגביר החסיד ר׳ דוד הכהן גאלדשטיין שהי׳ נקרא ר׳ דודל חייטשעס, מחסידי הויסאטין, שלקחו בתור בחור מצוין). כנהוג בימים ההם אכל מזונות על שלחן חותנו אכן הוא שמוצאו הי׳ מחסידי צאנז־גארליץ התדבק עצמו להרה״צ ר׳ יהושיעלי ז״ל ולמד והתפלל בבית מדרשו, אח״כ פתח לעצמו חנות של ברזל, והצליח ועלה מעלה מעלה. אשתו חנה שרה שהיתה מפורסמת לאשה חרוצה עזרה לו הרבה, והי׳ לו פנאי לקבוע בכל יום שיעורים תמידין בערב בוקר וצהרים. הי׳ לו שלשה עשר בנים ובנות, ובכל פעם שנתוסף לו ילד גדל בעושרו, וחינכם ע״פ דרכי התורה והחסידות בלי שום וויתורים. כל בניו וביתו היו מצוינים בתלבושת המסורתית ולא נגעו בזקנם והבנות גלחו שער ראשן לאחר הנישואין. בשנת תרפ״ג הי׳ הוא בין המביאים את הגה״צ רבי ארי׳ לייביש הרב מציעשינוב זצ״ל לטומאשוב והי׳ מתומכיו וחסידיו הנלהבים, והוא ובניו לא חסרו אפילו שלחן אחד בשבתות ויו״ט. הי׳ מראשי תנועת אגודת ישראל וחדר יסודי התורה ובית יעקב. את בניו שדך עם רבנים ורביים ובע״ב חשובים, למשפחות מיוחסות בכל רחבי פולין, והיו כולם אנשי שם. ביתו היתה פתוחה לרוחה, ואם כי הי׳ חבר לשלטון קהלה העברית וגם בעירי׳ ומראשי האגודה בכל זאת השתדל להיות הצנע לכת וברח מפרסומת. כשפרצה המלחמה ברח עם מקצת מבניו ללבוב לבנו הרה״ח ר׳ משה הי״ד חתן הרה״צ ר׳ יעקב יצחק בהרה״צ ר׳ בערלי ז״ל אדמו״ר מסטרעטין, ומשם גרשוהו הרוסים לסיביר ונפטר בשנת תש״ג בקאזאקסטאן. מבניו נשארו ר׳ אייזיק ור׳ ברוך ור׳ יחזקאל שרגא העלער ובתו הדסה עם בעלה העניך אדלערפליגעל וחתנו ר׳ נתן גאלדשטיין עם בנו דוד וחתנו ר׳ אהרן קאלטער.



## יעקלי לעדרקרעמער

● **ש. ליכט**

מנכבדי ואצילי העיר. הי׳ בן למשפחה נכבדה מהכי ותיקות בעירנו, בן תורה וחסיד הויסאטין, עשיר ונדבן, וקיבל כל אדם בסבר פנים יפות, טוב לב וער לכל דבר שבצדקה, הדור בהופעתו החיצונית, עסקן בצרכי ציבור ורכש עמדת כבוד בכל העיר. הי׳ אהוב לבריות וידע לטפח קשרי ידידות גם עם מתנגדיו ולשמור על יחסי כבוד. הוא הי׳ מהיחידים שנסעו חוץ למדינה, למקומות הרחצה והי׳ עומד בקשרי ידידות עם אישים ידועים במדינה וכולם התיחסו אליו בהערצה. ביתו הי׳ פתוח לרוחה והשתתף בכל דבר שבצדקה ביד רחבה ורוח נדיבה. הרבה עזרה לעציבת ביתו הנהדר רעיתו המהוללה מרת אסתר הי״ד שהיתה עדינה ונדיבת לב שכולם התיחסו אליה בהוקרה. הוא ואשתו ויו״ח נספו בשואה. מבניו נשאר רק בנו מר יצחק שיחי׳.



## יצחק קארפער

● **ש. ליכט**

בעל הבית ת״ח מחסידי ראדזין, והי׳ נחשב כמלומד מפני שידע שפת המדינה. נולד בטארניגראד בשנת תרל״א, הי׳ מחובשי ביהמ״ד ולמד אצל הרה״ג רבי בונם סופר בנו של הגאון רבי שמעון סופר מקראקא. נשא אשה מטאמאשוב והי׳ סוחר נכבד ונבחר מתוך היהודים האדוקים בתוך מועצת העירי׳.

בתו שושנה השיא לר׳ בצלאל בוזינסקי מוולאצלאוועק ממנהיגי המזרחי בפולניא, שעלה אח״כ לא״י והוא שם ממנהיגי המזרחי העולמית, והם העלוהו קודם המלחמה לא״י.

בכ״ד שנים האחרונות לחייו התגורר בירושלים בבית בתו וחתנו, שם המשיך לשבת על התורה כבימי נעוריו, כי לא הי׳ טרוד במסחרים, ולמד בשקידה, דף היומי הי׳ לחם חוקו. הי׳ איש שמזג בתוכו תורה ודרך ארץ, ואיש שיחה נאה, והי׳ נעים להמצא בסביבתו כי בכל פעם העלה פנינים מאוצר התורה וסיפר זכרונות מחיי פולניא. נפטר בשיבה טובה בחודש אייר תשי״ט.



## שלום זינגער

● ש. ליכט

יליד גראבאוויץ שדר בכפר ראכאן הסמוכה לטאמאשאוו, ובשנת תרצ״א התיישב בטאמאשאוו. תורני מופלג חסיד וירא שמים ועדין הנפש. הוא גילם באישיותו דמות עילאית, שכמעט לא היתה דוגמתה. הוא הי׳ בעל רחיים וסוחר קמח שלרגלי מסחרו הי׳ כמעט רוב השבוע נוסע ללבוב ודרוהוביץ, אבל קבע עתים לתורה ולא חסר יום מלהתפלל תפלה בציבור. לא לקח חבל בשום עבודה צבורית, כי הזמן הי׳ מוקדש אצלו מאד והי׳ ממעט בדיבור ובורח ממחלוקת, אבל הי׳ בעל צדקה ובעל מכניס־אורחים למופת, ביתו הי׳ פתוח לכל נזקק ודורש חסד, למי הלוה גמילת חסד, ולמי עזר בצדקה. הוא לא ישב עצמו לסעודה שלא יסעדו עמו הארחי ופרחי שלא חסרו בפולין, ודווקא אלו שמחמת העניות והנדנוד התדרדרו ושום איש לא רצה לקבלם הוא אספם אל ביתו והיו מאורחיו בכל שבת ויו״ט ביחד עם ב״ב על שלחן אחד.

מסר נפשו בעד חינוך בניו ובעבורם עזב את הכפר, שהי׳ מסודר שם בפרנסה קבועה שהשפיעה לו עשירות, ולא הי׳ יקר אצלו שום טירחא או ממון בכדי שבניו יגדלו בתורה וחסידות, ולכוונה זו קבע בית תפלתו אצל בית החסידים ציעשינוב־צאנז, הגם שנעשה עליו לחץ גדול שיקבע מקום להתפלל עם חסידים שהשתייך להם ממקום מגורו, אבל הוא לא הביט על שום דבר, ואמר אם נועזתי לעזוב פרנסה ולקבוע דירתי בטאמאשוב כדי לתת לבני חינוך הגון אינני רואה עבורי מקום אחר להתפלל ולהתדבק ברוחניות רק אצל אדמו״ר מציעשינוב ששם הוא מקום התורה וחסידות שבטוח אני שעל ידי זה ילכו בני בדרך הישר. בניו היו מצוינים בתורה ויראת שמים, מחובשי ביהמ״ד של חסידי צאנז.

הוא ואשתו ובניו יונה ופרץ ובנותיו מלכה ובאלטשע וחתנו ר׳ ירחמיאל שטיינבערג מחלם, כולם נהרגו על קידוש השם, הי״ד. רק בנו אברהם צבי נשאר בדרך נס בחיים ונמצא בארץ ישראל.



## יעקב מרדכי גוטהארץ

● ש. ליכט

אברך בן תורה חסיד קאזניץ, מלא מרץ וכביר המעש, תוסס ומלא חיים, תמיד דרוך לפעולה ומעש לחיזוק הדת והפצת לימוד התורה.

הוא לא הי׳ יליד טומאשוב ואף גם לא לקח מבנות טאמאשוב לאשה, רק חותנו ר׳ מרדכי סאמיט מחעלים מותיקי חסידי ראדזין, התיישב

בטאמאשוב לרגל מסחרו שקיבל רשות לפתוח חנות של טאבאק, ותיכף השתלב עצמו להחברותא של אצילי הרוח והחסידות של בית חסידי צאנז ודבק עצמו בכל נימי נשמתו באדמו״ר מציעשינוב ז״ל ששם הי׳ המטה של עבודה למען הרמת קרן התורה ושיפור מצב החרדים בעיר. נכנס לפעולה בשדה החינוך של האגודה ועזר הרבה להתיסדות וקיום בית הספר לבנות בית יעקב והדריך הבחורים שלא יהי׳ בעבורם שום דבר קשה בכדי לבצע מטרה נשגבה וקדושה, שהוא הי׳ להם למופת בענין זה.

זריז וקל התנועה, מעמיק במחשבה ומהיר מעשה, כל התכונות הללו העמידוהו תיכף בשורה ראשונה של חלוצי גדוד התורה. הי׳ מעמודי התוך של האגודה והצעירים ועזר הרבה לחיזוק וביצור כוחות החרדים בעיר. בעיות הציבור החרדי וחובשי הביהמ״ד היו אצלו יותר חשובים מאשר צורכי ביתו הפרטי.

בפרוץ המלחמה עזב ביחד עם חותנו עירנו והתיישבו בלאדמיר הוואלינית ושם נספו בהשואה, הי״ד.



# שלמה אקסט

**ש. ליכט •**

יליד טארניגראד שנשא אשה, דאברא בת אדעל, מטאמאשוב. מנעוריו הסתופף בצל הרה״ק בעל דברי יחזקאל משינאווא, ואח״כ בצל בנו הרה״ק בעל דברי שמחה מציעשינוב, והוא הי׳ מן אלו שהביאו את הגה״צ רבי ארי׳ לייביש זצ״ל חתנא דבי נשיאה מציעשינוב, להתיישב בטאמאשוב, והי׳ מחסידיו הנלהבים וממתפללי בית מדרשו.

רבי שלמה אקסט הי׳ איש תמים וירא אלקים, יראתו ותמימתו הי׳ למופת, וזכה לבנים ת״ח גדולים, כולם אהובים חסידים ואנשי מעשה. כדאי להזכיר את חתנו ר׳ יחזקאל שרגא פוטער שהי׳ נקרא יחזקאל זכרי׳ס שהי׳ אברך ת״ח עצום ויר״ש אמיתי מהחשובים בעירנו, ובניו רבי משה חתן הרב ר׳ יאסעלע ראטענבערג מסיקאלי, יהושע, יחזקאל שרגא, ברוך, הוא הי׳ ת״ח עצום ועמקן נפלא, למד עם הבחורים בביהמ״ד צאנז שלא בשכר, ובנו הצעיר נתן דוד, ועוד בת אחת כולם נספו בשואה, רק הבן הבכור ר׳ יוסף אקסט נשאר לפליטה ונמצא בא״י.

הוא הצליח במסחרו, בנה רחיים, והיה לו בית חרושת לחמאה. ביתו היתה פתוחה לרוחה לפעולות צדקה וחסד. אחר שנהרג ר׳ נחום שמש התקיים אצלו המנין היחידי בעיר שנשאר עד שחוסל לגמרי הישוב היהודי בטומשוב. חלק ממשפחתו התחבאו בבונקר שנתגלה ע״י שכניו הפולנים ימים אחדים קודם השחרור, ונהרגו כולם על המקום. הי״ד.



# ר׳ דוד ווייצמאַן

● **ש. ליכט**

נולד בשנת תרט״ו, מילדותו הי׳ בעל כשרון מצוין ומתמיד גדול. הוא נולד במשפחה חסידית, ונסע להרה״ק מאיזביצא בעל בית יעקב ז״ל, חכה עוד להיות מהחוזרים דברי תורתו שהשמיע בשלחנותיו, וחסידים קשישים בקשוהו שיחזור לפניהם מאמרי הרבי, כי הי׳ בעל זכרון נפלא וקלט כל דבר במוחו בלי שכחה. (כדאי להזכיר בהזדמנות זאת מה שאמר האדמו״ר האחרון לבית ראדזין הקדוש רבי שמואל שלמה ליינער הי״ד לכותב הטורים האלה בביקורו האחרון בשנת תרצ״ט בטומאשוב: הוי יודע שדוד לא שכח דבר מתלמודו אפילו חידושיו מימי עלומיו לא שכח, וכולם נחרתים בתאי מוחו הכביר). כפי שאמר לי האדמו״ר מראדזין שליט״א התורות בפרשת נח בספר בית יעקב נדפס מרשימותיו. אצל בנו הגאון רבי גרשון העניך זצ״ל בעל אורחות חיים למד בקביעות ונתחשב לתלמידו והי׳ דבוק אליו בכל נימי נשמתו והוא רשם כל עניניו ומעשיו ובפרט בהמצאת תכלת, כעין יומן (נאבד בימי השואה).

נשא אשה מרת חוה ווייצמאן מעירנו, ואיזה שנים אחר החתונה אכל מזונות והי׳ פנוי כולו לתורה ולמד בהתמדה. כשירד משלחן חותנו פתח לעצמו חנות מכולת והצליח ונעשה מהסוחרים הגדולים, אבל הוא לא עמד בחנות למכור, הנהגת החנות מסר לאשתו שהיתה אשת חיל, והוא לא הפסיק מלימודו, ורק אחת לשבועיים נסע ללובלין לקנות סחורה, וזהו הכל. (סיפר לי, בתחילת מסחרו כשהיו הרבה קונים רצתה אשתו להעסיק אותו בחנות כי הדירה והחנות היו בבית אחד, חדר לפנים מחדר וכשראה שזה מבטלו מלימודיו ושיעוריו, אז כאשר הי׳ לקח בקבוק שמן להוריק לכלי קטן, הפילו מידו, ומני אז והלאה לא השתמשה עוד עמו למכור בחנות והי׳ פנוי לעסוק בתורה).

הי׳ גאון עצום ביחוד הי׳ כחו רב בסדר טהרות והוא עזר הרבה בסידור הכתבים של ספרי סדרי טהרות לדפוס למורו הגדול הרבי מראַדזין, ובימי זקנותו טרם שפרצה המלחמה השלים עריכת מסכת מקואות שהאדמו״ר האחרון לבית ראדזין התחיל להדפיסו, גם הי׳ בעל לשון ומדקדק והי׳ לו שיטה בחכמת הדקדוק שכל תיבה יסודה ושורשה הוא רק משתי אותיות והי׳ לו חיבור גדול על זה. גם הי׳ בעל חשבון ובימי עלומיו המציא פורמולא בחשבון שקיבל ע״ז אות הצטיינות, וגם ח״ז סלאנימסקי כתב בשבחו בענין זה. כל הכתבים שלו נשרפו בהשריפה בשנת תרע״ח, ואם כי מני אז נעשה יורד ל״ע והי׳ לו צרות משפחתיות, ובסוף ימיו גר בדירה קטנה מסובל בצרות, והי׳ עצור במטה, בכל זה לא פסק פומי׳ מגירסא יומם ולילה ולא הניח העט מידו וכתב חידושים בכל מקצועות התורה, הערות ומ״מ על הזוהר שלח לרבי ראובן מרגליות מלבוב והוא

פרסם אותם. גם תשובה אחת לו נדפסה בשו״ת חזון נחום להגאון ר׳ נחום ווידענפעלד מדאמבראווא. כשפרצה המלחמה העולמית השני׳ העבירוהו עם ארגז כתביו לבית החסידים ראדזין וחי שם איזה חדשים ונפטר בערך בחודש כסלו שנת ת״ש.



# ר׳ בן ציון פאַבער

● ש. ל.

געבוירן תרס״ט אין ראדזשעלע גורנע, לימאנאווער געגנט, דער־צויגן אין ניי סאַנז, דאָרט געלערנט אין חסידישן בית המדרש, ער איז געווען געבענטשט מיט אויסערגעוויינלעכע גייסטיקע פעאיקייטן, וועלכע ער האָט געווידמעט צום לערנען. זייענדיק אַ גרויסער מתמיד איז ער אויסגעוואַקסן אַ גרויסער תלמיד חכם און ירא שמים. ווען דער לובלינער רב הרב מאיר שפירא זצ״ל האָט באַזוכט צאַנדז און געהאַט אַ שמועס מיט אייניקע לומדים אין לערנען האָט ער באַזונדערס באַוואונדערט זיין, בן ציונ׳ס, טיפזיניקן שכל און הבנה אין לערנען.

זייער פיל צו זיין גייסטיקער אויספאָרמירונג האָט געהאָלפן דער גלוסקער רבי אין צאַנדז הרב נפתלי צבי האַלבערשטאַם ז״ל.

ער האָט חתונה געהאַט קיין טאָמאַשאָוו מיט מאַליע די טאָכטער פון יאָסעלע און טאָבעלע פרידלענדער.

זייענדיק אַ ברילי‏אַנטענער מענטש מיט אַ וואַרעם אידיש האַרץ און אויך אָנגעלערנט אין וועלטלעך וויסן איז ער זייער באַליבט געווען אין שטאָט.

אין 1940 איז ער צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פוילישע אידן פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע אַרבעטן. אין די שווערסטע באַדינגונגען האָט ער זיך באַמיט צו לעבן לויטן שלחן ערוך. שבת ווען ער איז געווען געצוואונגען צו גיין צו דער אַרבעט האָט ער קיין עסן נישט מיטגענומען כדי נישט צו טראָגן אום שבת. אויך ביי דער שווערער אַרבעט אין די וועלדער האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע פעאיקייטן. איינמאָל איז אַ דיקער אור־אַלטער בוים ביים אונטערשניידן זיך געגעבן אַ נויג אין אַ זייט און אַרויסגעפאַלן אויף אים און דער׳הרג׳ט אים אויפן אָרט.

ר׳ אַלטער בן ציון ב״ר זאב פאַבער איז אומגעקומען אין פריען עלטער אין סיביר אַלטייסקי קראַי טאַבאַלסקי ראַיאָן אין י״א שבט תש״א.

זיין פרוי מאַליעלע מיט די 2 קינדער האָבן שפּעטער עולה געווען קיין ישראל.



# בנימין וויינבערג

• ש. למד

געבוירען אין קראַשניק, ערצויגען און חתונה געהאַט אין זאמאשטש, טראָץ דעם וואָס ער איז ערצויגען געוואָרען אין אַ שטרענג חסידישע סביבה פון טריסקער חסידים, אָבער דאָס מאָדערנע וועלטליכע זאמאשטש און די נגידישע היים האָט אַרויף געלייגט אויף איהם זייער חותם, ער האָט באַהערשט די רוסישע שפּראַך אין וואָרט און אין שריפט, ער איז פאַרעכענט געוואָרען צו דעם טיפּ — אינ־טעליגנטער — אַריסטאָקראַטי־שער חסיד, מיט אַ הונדערט פּראָצענטיגען טראַדיציאָנעלען לבוש פונ׳ם אידישען היטל און שיין שוואַרצן וואָלען זשעקעטעל, אָבער ריין צוזאַמעגענומען שיין פאַרקעמט די באָרד, און געהאַט אַ ידיעה און וועלטס זאַכען.


ר׳ בנימין וויינבערג

קיין טאָמאַשאָוו איז ער מגולגל געוואָרן אַלס פּאָדריאַט־שיק (ליפעראַנט) פאַר אַ גאַנצע רוסישע דיוויזיע וואָס האָט סטאַנציאָנירט אין די שטעט טאָמאַשאָוו, יאַנוב און בילגורייא. אויסער דעם פלעגט ער פירן גרויסע מסחרים מיט וואַלד און לאַנד, און האָט געהאַט פאַר־בינדונגען מיט די גרעסטע שררות, וואָס דאָס האָט אים פיל געהאָלפן צו זיין סוקסעס.

זיין הויז איז געווען אַ נגד׳יש חסידיש הויז, אָפן פאַר יעדן נויט־באַדערפטיקן. ספּעציעל האָט צוגעגעבן קאָליר זיין חשוב׳ע פרוי שרה, וועלכע איז אין איר נאַטור געווען אַ נדבנית מיט אַ ברייטע האַנט, וועלכע

איז ליידער יונג געשטאָרבן, און איז פאַרגעזעצט געוואָרן דורך זייער עלטסטע טאָכטער רבקה׳לע.

ר׳ בנימין איז געווען פּרעזעס פון דער באַנק קופּיעצקאַ, וואָס האָט זייער פיל געהאָלפן די קליינהענדלער אָנצוהאַלטן און צו פאַרגרעסערן זייערע קראָמען און וואַרשטאַטן.

אין אַלגעמיין קהל׳שן לעבן איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ערשטער מלחמה בשעת דער אָקופּאַציע פון דייטש־עסטרייכיש מיליטער.

**ווי זיין טאָכטער רבקה גיט איבער איז עס געשען אַזוי:**

ווען די ערשטע קריג איז אויסגעבראָכן איז ער אַוועק מיט דער פאַמיליע קיין זאַמאָשטש, זיין וואוינונג (וואָס איז געווען פון די שענסטע אין טאָמאַשאָוו) ביי מר מאַרקאָווסקי אויף דער סאָקאָלער פּיטארצער גאַס, אָדער ווי אַזוי זי האָט געהייסן ביי פּוילן: ליסטאָפּאַדא גאַס, איז רעקווי־רירט געוואָרן פאַר די שטאַבס־אָפיצירן, און פאַן פּאַפּען האָט דאָרט סטאַנציאָנירט.

איינמאָל איז זיין טאָכטער רבקה׳לע געקומען קיין טאָמאַשאָוו עפּעס צו דערליידיקן. עס האָבן דעמאָלט געהערשט הונגער און קראַנקייטן, די שטערבלעכקייט האָט זיך שרעקלעך פאַרגרעסערט, ספּעציעל ביי קליינע קינדער, און ווען רבקה׳לע איז געווען ביי די מאַרקאָווסקי׳ס, האָט זי זייער שטאַרק געוויינט פאַר אויפרעגונג פון די גרויסע צרות וואָס זי האָט געזען. האָט פאַן פּאַפּען געפרעגט: וואָס איזט היער געשען? האָבן זיי אים פאַרגעשטעלט די פריילין וויינבערג און איבערגעגעבן וואָסער מצב עס הערשט אין שטאָט. האָט זיך פאַן פּאַפּען אויסגעדריקט: ווען איך וואָלט גהעאַט אַ געוויסנהאַפטן אָנשטענדיקן מענטש, וואָס קען זיך באַשעפ־טיקן מיט אַפּראָוויזאַציע, וואָלט איך דורך אים איינגעאָרדנט הילף פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

מר מאַאַרקאָווסקי האָט דאַן געענטפערט: קיין בעסערן פעאיקן און אָנשטענדיקערן מענטשן ווי הער וויינבערג ווירט איר ניט געפינען. האָט ער איר גלייך געשיקט צוריק קיין זאַמאָשטש מיט מיליטערישע באַגלייטונג, מיט אַן אויפפאָדערונג צו מר בנימין וויינבערג צו קומען און איבערנעמען דעם אַמט פון אָפּראָוויזאַציע שעף. אַ דאַנק דעם איז פיל געלינדערט גע־וואָרן די נויט פון דער באַפעלקערונג אין דער אָקופּאַציע מאַכט. דאָס האָט אויך אים אַריינגעפירט אין כלל לעבן. ער איז גטוואָרן דאָזאָר און אויך ראַטמאַן.

אין די עלטערע יאָרן האָט ער זיך געפילט פיזיש שוואַך און האָט זיך צוריקגעצויגן פון קהל׳שע געשעפטן, דאָך פלעגן אידן קומען אים פרעגן עצות.



# ר׳ שמואל פוטער הי״ד

● **לאה מאסקאפ** (פרידלענדער)

**ווען** מיר ווילען פערצייכענען שטאָט פּערזענליכ־קייטען איז נישט מעגליך אַדורך צולאָזען די פיגור פון ר׳ שמואל פוטער ז״ל. סיי אין די פריערדיגע יאָרן, נאָך אין די צייטען פונם צאַר און סיי אין די שפּעטערדיגע יאָרן ווען ער האָט שוין געוואוינט אין פּוילישען לעמבערג, איז דער נאָמען שמואל פוטער געווען באַוואוסט ווייט אויסער די גרעניצען פון אונזער שטאָט.

זיין ענערגישער כאַראַקטער, זיין געוואַגטקייט האָבען אים אַרויפגעפירט אויף די הויכע שטאַפּלען פון געזעלשאַפטליכער לייטער אויף דער אידישער ווי אויף דער נישט אידישער גאַס.

ווען טאָמאַשאָוו האָט נאָך געטראָגען אַלע סימנים פון אַ קליין אָפּגעש־טאַנען שטעטל, מיט אירע אומברוקירטע בלאָטיגע גאַסען און אָרימע איינ־וואוינער. האָט ר׳ שמואל פוטער געוואָגט צו עפנען אויף דעם קירישען שאָסעי אַ שעהן מאָדערן געשעפט מיט אַ בלענדענדער גאַז באַלייכטונג וואָס מ׳האָט נאָר געקענט טרעפען אין אַ גרויסער שטאָט, מענשען זענען דאַן געגאַנגען אויף וואונדער קוקען צו דעם אויסזעהן, צו די איינריכטונגען פון אָט דעם געשעפט. און געקראָגען האָט מען דאָרט צו קויפען פון אַלעם וואָס ס׳מויל האָט נאָר אַרויסגערעדט. זיינע קונים זענען באַשטאַנען מערסטענס פונם רייכען קלאַס קריסטען און אָפיצירען. ער האָט אַלעמען באַהאַנדעלט ערליך און העפליך. און מעגליך אַז די אָפיצירען, זייענדיג צופרידען פון דער באַהאַנד־לונג אין דעם געשעפט, האָבן אים אַריינגעפירט צו ווערען אַ צושטעלער פון פּראָדוקטען פאַר דעם פּולק קאָזאַקן וואָס איז געשטאַנען אין שטאָט. דאָס האָט אים דערהויבען אין זיין קאַריערע, ווייל אַ חוץ רייכטום האָט עס אים געגעבען אָנזעהן צווישען דעם אינטעליגענטען קריסטליכען קלאַס, אַלס אַ זעהר אינטעליגענטען ערליכען רייכען אידן. אינטערסאנט אַז ער האָט געהאַט אַ „פּערווע געלדע״ און פאַר זיין ערליכער פּינקטליכער באַהאַנדלונג אַלס פּאַדריאַטשיק האָט ער געקראָגען אַ מעדאַל אַלס אויסצייכנונג פונם צאַר. זיין ענערגיע ווערט אָבער דערמיט נישט אויסגעשעפּט, ער עפענט אַ מיל און נאָכהער אַן אַגענטור פון זינגער׳ס ניי־מאַשינען אין טאָמאַשאָוו און אין זאַמאָשטש וואָס פערלייכטערט אָסך די שניידערשע מלאכה אין דעם געגענט.

אויך ביי דעם שטעלט ער זיך נישט אָפּ, ער הויבט אָן ברענגען פון אויסלאַנד לאַנדווירטשאַפטליכע מאַשינען פאַר די פּריצים צו בעאַרבעטען זייערע שטחים-רייכע פעלדער, דאָס ברענגט ממש אריין אַ רעוואָלוציע אין דעם

אַגריקולטור ווען זיי אינם גאַנצען ראַיאָן. אויך אין דעם אָרימען פויער וואָס פערמאָגט אַ זעהר באַגרעניצטען שטח באָדען פערגעסט ער נישט, ער ברענגט קלענערע אַקער און דרעש מאַשינען און פאַרקויפט זיי צו די פויערים אויף אויסצוצאָלן אין משך פון 2 יאָר. דער נאָמען פוטער ווערט דער סימבאָל פון דערלייזונג אין אַלע דערפער ווייט אַרום טאָמאַשאָוו.

אויך אין אידישען טאָמאַשאָוו איז ר׳ שמואל פוטער אַ זעהר פּאָפּולערע פּערזאָן. נאָכפאָלגענדיג די טראַדיציעס פון זיין זיידען ר׳ סיני ז״ל איז ער איינער פון די פירענדע פיגורען פון אידישען קבוץ. ער איז נעמליך איינער פון די דריי דאָזאָרס וואָס פירען אָן מיט׳ן אידישען צבור׳דיגען לעבען אין שטאָט. און אַז עס מאַכט זיך אַ שתדלנות ביי מלכות, ווערט עס נאַטירליך אים אָנפאַרטרויט.

צו זיינע מענשען אין געשעפט האָט ער אַ מענשליכע פריינדליכע באַציאונג, דער באַפעלערישער טאָן איז אים פרעמד. ער גיט זיי הוספות אין די שכירות נאָך איידער זיי פערלאַנגען עס, זיין פּרינציפּ איז געווען אַז פון אַ צופרידענעם אַרבעטער קען מען מער דערוואַרטען. און אָט דער פּרינציפּ, פלעגט ער זאָגען, האָט אים קיינמאָל נישט פאַראַטען.

ביי זיך אין הויז איז ער צו די קינדער דוקא יאָ שטרענג געווען, געבענדיג זיי אַ וועלטליך רעליגיעזע דערציאונג. פאַר אַ געוויסע צייט לערנט זיין עלטסטער זון הירשל ביים טשעשאַנאָווער רבין, וועלכער האָט זיך געריכטעט קרובה׳שאַפט מיט זיי.

זיין פרוי חיה, אַ גוטהאַרציג איידעלע נשמה, פירט דאָס הויז ביד רחבה ווי עס פּאַסט פאַר אַ גביריש־יחוסדיג הויז. איר פאָטער איז געווען אַ שוואָגער פון כזשאַנאווער רב רב דוד האַלבערשטאַם, וואָס איז געווען אַ זון פון רבין ר׳ חיים סאַנדזער זצ״ל. אורחים פון פערשידענעם כאַראַקטער, אויך אַזעלכע וואָס קומען שטילען זייער הונגער מיט אַ גביריש בעל בתישען מאַלצייט, קומען און געהן. זייער הויז קריגט אַ שם אין שטאָט. מענשען פון נאָענט און ווייט קומען נאָך הילף, נאָך נדבות און גמילות־חסדים ווער מיט — און ווער אָן משכנות. דאַן קוקט זיך ר׳ שמואל אַרום אַז מ׳דאַרף עפּעס טאָן פאַר די נויטליידענדע, ער עפענט אַ באַנק, וועלכע טיילט אויס הלוואות ביז 200 רובל אויף אַ זעהר קליינעם פּראָצענט. אידען, אָרעמע קרעמער און בעלי־מלאכה ווערען פשוט אויפגעריכטעט. „שמואל פוטער׳ס באַנק״, אַזוי האָט מען זי גערופען, אָפיציעל האָט זי געהייסען סודאזביערזאגאטעלנאיע טאוואריש־טשעסטווא, ווערט די פּאָפּולערסטע אינסטיטוציע אין שטאָט, וועלכע העלפט אַרויס דעם אָרימסטען טייל פון דער באַפעלקערונג אויפ׳ן בכבוד׳יגסטען אופן. די באַנק האָט עקזיסטירט ביז צום אויסברוך פונם ערשטען וועלטסקריג.

מיט׳ן אויסברוך פון קריג פערלאָזט שמואל פוטער און זיין פאַמיליע די שטאָט, ער באַזעצט זיך אין רוסלאַנד. נאָך דער ענדע פון קריג קומט ער

צוריק קיין טאָמאַשאָוו וואו ער ברייטערט אויס זיין מאַשינען געשעפט מיט אָפּטיילונגען אין זאַמאָשטש, כעלם און אין לוצק. ער טראָגט דאַן איבער זיין צענטראַל געשעפט קיין לעמבערג, וואו פון אַ גרויסער שעהנער געביידע אויף גרודעצקא 95 האָט אַראָפּגעשיינט די אויפשריפט S. Putter I Synowie

דאָרט אין לעמבערג באַזעצט ער זיך מיט זיין משפחה, וואו ער וואוינט ביז'ן לעצט. אויך דאָרט אין דער גרויסער שטאָט ווערט זיין נאָמען פּאָפּולער אַלס גרויסער געשעפטסמאַן און אויף איינע פון די גרויסע ירידים אויסשטע־



שמואל פוטער זיין פרוי חיה זייער זון יהושע מיט זיין פרוי

לונגען, באַוואוסטע אַלס מזרח ירידים (אין פוילישען: טארגי־ווסכאָדניע) וואָס זענען פאָרגעקומען אין לעמבערג ווערט ער געקרוינט מיט'ן טיטול „מאַשינען קעניג". ער איז אויך טעטיג אין אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען אין לעמבערג. ער און זיינע זין זענען זעהר אַקטיוו אין ז'ער ציוניסטישער באַוועגונג. זיין עלטסטער זון הירשל ע"ה באַזעצט זיך מיט זיין פאַמיליע אין

ישראל מיט'ן צוועק איבער צו טראָגן זיינע געשעפטען קיין ארץ ישראל; אָבער היטלער'ס טייוולאַנישער אָנפאַל אויף פוילען צעשטערט אַלע זייערע פלענער.

וואוינענדיג אין לעמבערג פערגעסט ער נישט אין דער טאָמאַשאָווער קהילה ווען ער הערט אַז דער מו"צ הרב ר' נחמן נייהויז ז"ל איז אַ חולי מסוכן ברענגט ער אים קיין לעמבערג און קורירט אים ביי גרויסע דאָקטוירים מומחים, נאָכדעם ווי די לעצטע גיבען אויף יעדע האָפנונג, שיקט ער אים צוריק אַ היים אין דער באַגלייטונג פון אַ דאָקטער. פערשטעהט זיך אַז דאָס איז פאַרבונדען מיט גאָר גרויסע הוצאות וועלכע זענען דורך אים אינגאַנצען געדעקט געוואָרען.

געווען איז ער, ר' שמואל, פון העכערען וואוקס שעהן געבויט שטענדיג אויסגעפוצט מיט אַ שעהן פאַרקעמטער באָרד און שמייכלענדע בלויע אויגען. זיין הדרת פנים און הויכע פּאָזיציע האָבען אַרויסגערופען ביי אַלעמען אַ ליבליכען רעספעקט צו זיך. אויך אין הושאַטינער שטיבעל וואו ער האָט געדאַוונט האָט מען אים צוגעטיילט באַזונדערן כבוד.

אויף אַזוי פיל די פערזאָן פון ר' שמואל פוטער, ווי מיר זעען אים. פון וועלכען אָפּשטאַם, איז אָט די מערקווירדיגע פערזענליכקייט? אָדער פון וועלכער משפחה?

## ר' סיני פוטער ז"ל

אויף וויפיעל מיר וויסען איז די משפחה פוטער געווען אַ ברייט־פאַרצווייגטע אין און אַרום טאָמאַשאָוו. אינטערסאַנט אַז עס זענען געווען נאָך 2 משפחות אין שטאָט מיט'ן זעלבען נאָמען וועלכע האָבען נישט געהאַט קיין קרובה'שאַפט מיט דער דאָזיגער פוטער משפחה. פון ר' שמואל'ס פאָטער האָט מען וויייניג געהערט דאָגעגען איז געווען באַוואוסט צו אַלעמען זיין פאָטער'ס פאָטער ר' סיני. מ'האָט געוואוסט אַז אָט דער ר' סיני איז אַמאָל געווען דער ראש הקהל פון שטאָט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט'ן צבור'דיגען לעבען ביד חזקה. ער איז שטענדיג געשטאַנען אין שוץ פון די אָרימע ביי יעדע געלעגענהייט. ער האָט נישט דערלאָזט צו קיין אומדירעקטע שטייערן פאַר פאַרשידענע צרכי צבור צו וואָס די רייכערע האָבען געצילט, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ רייכער. ער האָט שטאַרק אַכט געלייגט אויף די קצבים זיי זאָלען נישט הויבען די פרייזען אויף פלייש, כדי אַן אָרימאַן זאָל אויך קענען געניסען פון אַ שטיקעל פלייש, דער עיקר אויף שבת. פיעל מעשיות און ווערטלעך ווערען דערציילט פון אים. אַז דער רב איז געווען אויף זיין זייט ביי וועלכע קהל'שע ענינים געגען דעם ווילען פון אַנדערע בעלי־בתים, און ־ער רב אין זיין צייט איז געווען הרב ר' משה רויגענפיש ז"ל, דער שווער

פון ר׳ ישראלי גאזשיציאנסקי, פלעגט מען אין שטאָט זאָגען „משה קבל תורה מסיני״. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע געגנערשאַפט אין שטאָט, אָבער זיין וואָרט איז שטענדיג געווען דערצידירענד. וואָס מיר ווייסען אויך איז אַז דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע מאָרגענשטערן זצ״ל איז געווען זיינס אַ פעטער, און אַז דער בעלזער רבי פלעגט אים, ר׳ סיני׳ן, זעצען נעבען זיך ביים טיש אויבענאָן ווען נאָר ער פלעגט קומען קיין בעלז.

ער, ר׳ סיני, האָט געהאַט מערערע זין און טעכטער, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין פאַרשידענע שטעט און געבילדעט די בכבוד׳יגסטע משפחות דאָרט. זיין יונגסטער זון ר׳ מענדיל הי״ד האָט געוואוינט אין טאַרניגראָד, ער איז געווען אַ גרויסער למדן און בכבוד׳יגער איד אין שטעטל, אים איז באַשערט געווען צו טיילען דעם פינסטערן גורל פון די איבעריגע אייראָפּעאישע אידען אין דעם היטלער גיהנם. ר׳ שמואל׳ס פאָטער ר׳ יאָסל איז געווען איינער פון ר׳ סיני׳ס זין וועלכער האָט געלאָזט נאָך זיך 7 זין און איין טאָכטערביילע שאַפּיראָ הי״ד, וועלכע מ׳האָט גערופן אין שטאָט ביילע פּוטער. איר איינציגער זון יאָסל איז אומגעקומען אין לעמבערג מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. איר עלטס־טער אידים איז געווען ר׳ שלום זילבערמאַן הי״ד, ער איז געווען אַן אייניקל פונם בילגאַרייער רב דעם מאטשעווער עילוי, רבי יעקב מרדכי ז״ל. ער איז געווען אַ גרויסער ת״ח און בעל מדות. ער, זיין פרוי מאַליע מינדיל און עטליכע קינדער זענען אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש. איין איידעם אירער הרב יחזקאל האָכמאַן איז געווען דיין אין בילגאַריי, ער איז אויך אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע. איין איידעם הרב שלום יוסף ענגלסבערג איז היינט אַ רב אין הדר יוסף, ישראל.

איין טאָכטער ר׳ סיני׳ס, לאה, איז געווען די מוטער פון מיין פאָטער ע״ה.

דאָס חשיבות פון ר׳ סיני פּוטער קענען מיר אָפּשאַצען אויך דערפון, וואָס אין טאָמאַשאָוו זענען געוועזען אַ סך מענשען מיט׳ן נאָמען סיני וואָס האָט געשטאַמט פון איין שורש פון אָט דעם ר׳ סיני פּוטער, ווייל נאָך זיין פּטירה האָבען פיל משפחות אַפילו נישט קיין קרובים, אַ נאָמען געגעבען זייערע ניי געבוירענע אינגלעך דורך אים.

אַ כאַראַקטער שטריך וואָס ציהט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם אינ׳ם געוועב פון אָט דער משפּחה ביז׳ן היינטיגען טאָג איז די נייגונג צו עסקנות אין געזעלשאַפטליכע ענינים.

דאָ אין אַמעריקע טרעפט איר עס ביי מיין מאַן יאָסל, ביי שמואל פּוטער׳ס טאָכטער באַלטשע, וועלכע וואוינט מיט איר מאַן אין לעיקוואוד. זי נעמט אַן אויסערסט אַקטיווען אָנטייל אין געזעלשאַפטליכען לעבען אויף

פערשידענע געביטען אין ניו יאָרק און אין ניו דזשורזי. אויך די ברידער משה, סיני און פּיניע די זין פון ר׳ מענדל פּוטער פון טישעוויץ פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ניו יאָרק.

דער גרויסער היטלערישער חורבן וואָס האָט פאַרוויסט און אָפּגעווישט פון ג־טס ערד גרויסע און קליינע אידישע ישובים מיט זייערע מענשען, האָט אויך נישט געשוינט די יחוס׳דיגע פאַרדינסטפולע משפחה פּוטער, ר׳ שמואל, זיין פרוי חיה זייער זון יהושע מיט דער פרוי און קינד, זייער זון יוסף זענען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער. ר׳ שמואל׳ס ברודער סיני, וועלכער האָט לעצטענס אויך געוואוינט אין לעמבערג האָט נאָך באַוויזען צו דער הרג׳ענען איין געסטאַפּאָ מאַן איידער ער און זיין פרוי שרה׳לע מיט זייערע 2 קינדער זענען דערשאָסען געוואָרען. זאָל זייער אָנדענק זיין געהייליגט.



# יחזקאל לערער און די קראַסניבראָדער גאַס

● אלי׳ לעהרער

**נומער** 28 קראַסניבראָדער גאַס אַ ווייס שטיינערען הויז מיט אַ גרויסען הויף איז געווען דער פּלאַץ וואו יחזקאל לערער זיין פרוי איטה אין משפּחה ז״ל האָבען געלעבט.

ר׳ יחזקאל אַן אָנגעזעהנער מענש. אַ גרויסער וואַלד סוחר, געווען ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט, יושב ראש פון ועד החינוך פון חדר יסודי־התורה, אָנגעפירט מיט׳ן אויפבוי פון דעם שטאָדטישען בית־המדרש וואָס ס׳איז פאַרברענט געוואָרען בעת דער ערשטער וועלט מלחמה. אַ געוויסע צייט דער איינציגער מוהל אין טאָמאַשאָוו, רוב אינגלעך אין שטעטל זיינען געאידישט געוואָרען דורך זיינע כשר׳ע הענט.

געלעבט האָט ר׳ יחזקאל, זיין פרוי איטה ז״ל, זייערע 4 זיהן און 5 טעכטער און זייערע בני־בית בכבוד אין בעל־בתיש. געהאָלפען אָרימע מענשען. דורכגעפירט דין־תורות האָט ר׳ יחזקאל ז״ל ווי צדדים האָבען זעלבסט נישט געקענט אַ דורכקומען, און בכלל געווען הויכגעשעצט אין שטעטל.

דאָס לעבן איז געגאַנגען נאָרמאַל ביז דעם ערשטען סעפּטעמבער 1939 ווען דער גרויסער אידישער חורבן האָט זיך מיט׳ן אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט מלחמה אָנגעהויבען.

אָט דאָס הויז אויף דער קראַסניבראָדער גאַס איז אין מיטען העלען טאָג דאָנערשטאָג דעם 7־טן סעפּטעמבער 1939 צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער הייזער דורך דייטשע באָמבער-עראָפּלאַנען חרוב און פאַרברענט געוואָרען, ווי אויך עטליכע הונדערט מענשען זיינען אומגעקומען.

נע־ונד איז יחזקאל לעהרער ז״ל מיט זיין משפּחה געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף אויסבעהאַלטען זיך פון די דייטשע מערדער. לעצטענס געווען אין הרובישאוו אין געטאָ ביז די ביטערע גזרה „יודען פריי״ איז געקומען דעם 21־טן אָקטאָבער 1942 זיין משפּחה איז שוין האַלב געהאַט אומגעקומען דורך די נאַציס, זיין זון ישעי׳ איז געווען דער ערשטער קרבן ז׳ תשרי 1939 בעת די דייטשע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין טומשוב־לוב. אַ טאָכטער יוכבד און פאַמיליע, אַ זון שלמה און פאַמיליע זיינען ענדע 1939 אַנטלאָפען איבער דער גרעניץ צו די רוסען, אָבער זענען אין 1942 אומגעקומען דורך

די דייטשען בעת זיי האָבען פאַרכאַפּט די רוסיש באַזעצטע פּוילישע געביטען.
אַ טאָכטער חנה און פאַמיליע, אַ זוהן לייבל און פרוי און 2 קינדער זענען
געפאַלען קרבנות דורך די נאַצישע מערדער אין 1942.

דער אינגסטער זוהן אלי׳ לעהרער וואָס בין געבליבען מיט מיין טאַטע
און מאַמע ע״ה ביז דער לעצטער מינוט פון „יודען פריי״ אין הרוביעשאָוו איז
געלונגען מיר זיך אַריין צוכאַפּען קיין טומשוב אויף עטליכע טעג. דאָס איז
געווען זומער 1941 אום צו זעהן דאָס „חורבן טומשוב־לוב.״.

דאָס שטעטל האַלב פאַרברענט, חרוב איז געשטאַנען די ריזיגע מויערען
פון דער פאַרברענטער שוהל, כמעט אַלע אַנדערע מויערען שוין געווען
איינגעלייגט דורך דעם ביסעלע פאַרבליבענע אידען וועלכע זענען געצוואונגען
דורך די ס. ס. פּאָליציי דאָס צו טאָן.

נאָך עטליכע טעג זייענדיג אין טומשוב האָב איך אַ בליק געגעבען
אויף דעם בית־עולם צעריסענע שמות פון ספרים, און האַלב צעריסענע
ספרי־תורה׳ס האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער ערד ביים אַרייגאַנג פון
טויער אויפ׳ן בית־עולם.

אַ שוידער האָט מיך אָנגעכאַפּט און בין גלייך אַוועק. גייענדיק צוריק
צום יודען־ראַט וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער זאַמאָשטשער גאַס
האָב איך געטראָפען נחום שמש, אבא בערגערבוים אַלס פאָרזיצער פון יודען־
ראַט, נטע העלער סעקרעטאַר, און נאָך עטליכע אידען. מיר האָבען גערעדט
וועגען די אויפרייסען וואָס מ׳האָט געהערט אין שטאָדט, דאָס איז געווען
דינאַמיט אויפרייס וואָס פּאָלאַקען אונטערן אויפזיכט פון ס. ס„ לייט האָבען
צעריסען די פאַרברענטע שוהל. ס׳איז זיי נישט לייכט אָנגעקומען, טעג און
וואָכען האָט גענומען ביז מ׳האָט די גראָבע מויערען און דעם זייער־דינעם
סופיט 1 ציגעל דיק, צעשטערט. מען האָט דאָן אין יודען־ראַט געשמועסט
אַז דער סופיט פון שוהל איז געווען געקלעבט מיט ווייסעל פון אייער, און
דערפאַר איז עס געווען אַזוי שטאַרק, אַז די דייטשען האָבען געמוזט נוצען
זייער שטאַרקען דינאַמיט. מיט די שטיינער פון דער חרוב׳דיגער שוהל האָט
מען געפלאַסטערט די טאָמאַשאָווער בלאָטעס.

איך בין צוריק געפאָרען קיין הרובישאָוו און פאַרבליבען דאָרט מיט
מיינע עלטערן אין געטאָ ביז דעם 21טן אָקטאָבער 1942 ביז צום „יודען פריי״
געזעץ. איך האָב זיך באַהאַלטען ביי אַ פּוילישען פאָליסמאַן אין קעלער. די
עלטערן האָב איך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין געטאָ, אָבער צום באַדויערן
האָבן די נאַצישע מערדער זיי געפונען נאָך עטליכע טעג, און זיי געפירט מיט



יחזקאל לערער און זיין פרוי איטעלע

קייטען געשלאָסען אויף דעם הרובישאווער בית־עולם, מיט שמע-ישראל אויף זייערע ליפען איז יחזקאל לעהרער און זיין פרוי איטה געפאַלען על קידוש השם,

כ״ב מרחשון 1942
ת. נ. צ. ב. ה.

דורך די נאַצישע מערדער ימח שמם וזכרם עד עולם.

מיר איז געלונגען על־פי־נס ניצל צו ווערן פון די רוצח׳ישע הענד. איך בין אַנטלאָפען ביינאַכט קיין סאָקאָל און בין דאָרט פאַרבליבען ביז דעם 13־טן פעברואַר 1943. דאַן ווען דאָס סאָקאָלער געטאָ האָט געהאַלטען ביי פאַרניכטעט ווערן האָב איך צופיס ביינאַכט צוריק געלאָפען קיין הרובישאוו, ווייל איך האָב געהאַט אַ ידיעה אַז אין הרובישאוו האָט זיך געשאַפען אַ צוואַנגס־אַרבייט לאַגער פון 60 אידען מענער און פרויען. און אָט אין דעם צוואַנגס־לאַגער בין איך געווען ביז דעם 12־טען סעפטעמבער 1943 ביז מ׳האָט אונז געפירט אין אַ גרעסערען לאַגער קיין בודזין לעבן לובלין.

אין פעברואַר 1944 האָט מען אַ גרופּע פון אונז ואני בתוכם איבער־געפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קיין מיעלעץ לעבן קראָקא.

ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט אויף דער פּוילישער טעריטאָריע האָט מען אונז דעם 12־טען יולי 1944 פון דער אַרבייט פאַרנומען און אונז אַלע געפירט קיין וועליטשקע לעבן קראָקא. זייענדיג דאָרט עטליכע טעג ביז דעם 20 יולי 1944 האָט מען אַ גרופּע פון אונז ואני בתוכם געפירט קיין פלאָסענבורג אין דייטשלאַנד, 2 וואָכען שפּעטער מיינע אויגען רויט פון רויך פון דאָס פאַרברענען טאָג טעגליך הונדערטער אידען וועלכע זענען נישט געווען מעהר פעהיג צו אַרבעטען. האָט מען מיך געפירט אין אַ שטיין־האַקעריי אין הערסברוק אין דייטשלאַנד.

דעם 3־טן יאַנואַר 1945 האָט מען דעם גאַנצען לאַגער פון הערסברוק און ווידער ואני בתוכם געפירט קיין קאָכענדאָרף. עטליכע וואָכען שפּעטער פון קאָכענדאָרף קיין פלאָסענבורג, און פון פלאָסענבורג דעם 2-טן מערץ 1945 האָט מען ווידער אַ גרופּע פון אונז געפירט קיין צוויקאָא לעבן לייפּציג ווי מיר האָבען געאַרבעט אין אונטערערדישע היילן וואו מ׳האָט פאַבריצירט די מיסעלס און

אין מיטען העלען טאָג פון דער אַרבעט האָט מען אונז אַלע אין דער באַגלייטונג פון ס. ס. פּאָליציי לאַגער וועכטער אונז געטריבען 2 וואָכען בייטאָג און ביינאַכט אָהן עסען אָהן וואַסער דורך פעלדער און וועלדער ביז פון העכער 800 פון אונז איז געבליבען ביי 50 פערזאָנען. די רעשט פון אונז איז אויסגעשטאָרבען, און געשאָסען געוואָרען. איך האָב שוין קוים געשלעפּט

די פיס, האָב דאַן באַשלאָסען צו אַנטלויפען אין וואַלד. כ׳האָב זיך אין וואַלד אויסבאַהאַלטען איבער 2 וואָכען ערנעהרט זיך מיט אַ ביסעל שניי און בלעטלאך פון די בוימער. ביז אַ געוויסן טאָג דער 10־טער מאַי 1945 אַרויסקומענדיג פון וואַלד בין איך אַריין צו אַ קריסט פאַר צו בעטען עסען, האָט ער מיר ערקלערט אַז די מלחמה איז געענדיגט מיט דער דייטשישער מפלה.

אין גאַס האָב איך געזעהן ווי דאָס דייטשע מיליטער וואַרפט דאָס געווער אויף אַ הויפען און אונטערגעצונדען מיט בענזין, און העגגען אַרויס ווייסע פענער.

אַ פאָר מינוט שפעטער האָב איך געזעהן אַריינמאַרשירען די אַמעריקאַנער טרופען.

איך בין צוגעלאָפען צו אַ לאַסט אויטאָ געלאָדען מיט שפייז. ווער קען זיך פאָרשטעלען מיין אַפעטיט. בקיצור איך האָב זיך פאַרדאָרבען דעם מאָגען, און מ׳האָט מיך גענומען דורכ׳ן רויטען קרייץ אין אַ שפיטאָל אין קאַרלסבאַד. איך בין דאָרט געווען 4 מאָנאַטען, דורכגעגאַנגען אַן אָפעראַציע.

מיין נייע לעבן האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען דעם 2־טען אָקטאָבער 1947, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקא.



# מיין פאָטער ר׳ שבתי ז״ל

• **משה פרידלענדער,** נתניה

מיין פאָטער ר׳ שבתי פרידלענדער הי״ד, אָדער ווי מ׳האָט אים אַמאָל גערופען שעפסל ירחמיאל׳ס איז געווען איינער פון די חשובי העיר, באַליבט און געאַכטעט אין אַלע קרייזען פון אידישען טאָמאַשאָוו. זיין התנהגות, זיין שכל הישר׳דיגער צוגאַנג צו אַלץ וואָס איז אים צו האַנד געקומען האָט אַרויסגערופען רעספּעקט צו אים אומעטום, באַזונדערס אין די חסידיש לומדישע קרייזען וואָס האָבען אים גענעטער געקענט און געוואוסט אויך זיין יחוס׳דיגען אָפּשטאַם, נעמליך: זיין פאָטער׳ס מוטער רעכיל איז געוועזען די טאָכטער פונם פלאָצקער רב ר׳ ליבוש צינץ זצ״ל באוואוסט אַלס ר׳ ליבוש חריף אין זיינע לעצטע יאָרען געוואוינט אין וואַרשאַ, וועלכער איז געווען ב׳שמ׳ט אין דער לומד׳ישער וועלט מיט זיין גאונות און מיט זיינע 30 חיבורים בערך אויף פאַרשידענע געביטען פון תורה והלכה. אויך מיין פאָטער׳ס מוטער לאה איז געווען אַ טאָכטער פון ר׳ סיני פוטער ז״ל ווערענס פּערזענליכקייט איז בשעתו אַריבערגעשטיגען די גרעניצען פון אונזער שטאָט זייענדיג איר ראש הקהל און מנהיג.

נאָך אין זיינע בחור׳ישע יאָרן איז מיין פאָטער געווען זעהר באַליבט ביים רבין ר׳ יהושע׳לען זצ״ל, וועלכער האָט אים מערערע מאָל מיט גענומען אין זיינע נסיעות איבער פאַרשידענע שטעט. אין זיינע יונגע יאָרען פלעגט מיין פאָטער פאָרען צום שיניעווער רבין זצ״ל דעם בעל דברי יחזקאל און אויך צו זיין ברודער דעם גאָרליצער דער זון פון הרה״צ ר׳ חיים סאַנזער זצ״ל און שפּעטער איז ער געווען אַ חסיד מובהק פון טשעשאַנאָווער רבין דעם בעל דברי שמחה זצ״ל. מיט זיין חסידות ווי אויך מיט זיין יחוס האָט ער פאַר מענשען זיך נישט געגרויסט, ער האָט עס געטראָגען אין זיך ווי אַ באַהאַל־טענעם אבן טוב.

נישט קיין רייכער און אויך נישט קיין שטאָטישער קאָך לעפעל האָט ער דאָך זיין חלק צו כלל ענינים בייגעשטייערט אויף זיין אייגענאַרטיגען באַשיי־דענעם אופן. אַ חוץ אין דער חברה קדושה וואו ער איז געווען אַקטיוו אַזוי לאַנג ווי מיר אַלע געדענקען אים, האָט ער דאָך אין שטאָטישע ענינים נישט ליב געהאַט זיך צו מישען, אָבער טיף אינערליך האָט ער געטראָגען אַן אחריות׳פול געפיל פאַר אַלץ וואָס איז שייך אידיש לעבען אין שטאָט, בלויז אין אויסנאַמס פאַלן, ווען ער האָט געפילט זיין אינטערווענץ פאַר אומבאַדינגט נויטיג, האָט ער גענומען שטעלונג. אַזוי האָט ער נאָכ׳ן ערשטען וועלט קריג געזעען אַז די תלמוד תורה אין שטאָט איז צוליב׳ן קריג געוואָרען פאַרנאַכ־

לעסיגט און די אָרימע אידישע קינדער קריגען נישט קיין שום דערציאונג. האָט ער אינטערוועניִרט ביי ר׳ ישראל׳יע דעם רב׳ס, דעם נשיא פון תלמוד תורה. יענער האָט אים געענטפערט: אדרבה טוט דערוועגען, איך וועל אייך זיכער געבען מיין הסכמה. מיין פאָטער ע״ה האָט דאַן גענומען די איניציאַטיוו און אין משך פון אייניגע וואָכען האָט די תלמוד תורה צוריק אָנגעהויבען פונקציאָנירען. פאַר אַ ריי יאָרן איז דאַן מיין פאָטער ע״ה געווען דער נאמן אירער, און די קידוש׳ן פון די ת״ת גבאים אין די שבתים פון פ׳ יתרו און פ׳ ואתחנן, ווען מ׳לייענט פון קבלת התורה און איינמאָל אויך די מלוה מלכה פון מוצש״ק פ׳ יתרו, זענען דאַן פאָרגעקומען ביי אונז אין הויז.

אַן ענליכע לאַגע איז געווען הארט נאָכן קריג. ס׳האָט דאַן פונקציאָנירט אין שטאָט אַ קינדער קיך פון אַמעריקאַנער פראָדוקטען. אַזעלכע פראָדוקטען רויע זענען אויך פונאַנדערגעטיילט געוואָרען צווישען דעם אָרימען טייל פון דער באַפעלקערונג. אידען אין שטאָט האָבען דאַן גענוצט פושקעלעך אַמעריקאַנער מילך אַלס פאַרעווע און ממילא זיי געמישט מיט פליישיגס. מיין פאָטער ע״ה האָט דאַן אינטערוועניִרט ביים רב אָבער אויך ער, דער רב, האָט עס אָנגענומען פאַר פלאַנצען מילך. דאַן האָט מיין פאָטער אָנגעפרעגט אין אַ בריף ביי זיין ברודער ליבוש ע״ה אין ניו יאָרק, יענער האָט געענטפערט מיט אַ צוגעלייגטען בריף פון אַן אַמעריקאַנער רב אַז די מילך איז חלב בהמה. דאַן האָט דער רב געלאָזט אויסרופען אין די בתי מדרשים אַז די מילך איז אַ נאַטירליכע און די וואָס האָבען זי געמישט מיט פליישיגס זאָלען פרעגען אַ שאלה אויף די געפעסען. מיין פאָטער האָט זיך דער מיט פאַר קיינעם נישט געריִמט און זעהר ווייניג מענשען האָבען געוואוסט אַז דאָס האָט ער געהאָט אַ האַנד אין דער אויפדעקונג.

אַליין איז ער, מיין פאָטער, געווען אַ האַרציגער גוטמוטיגער מענש, פון טאָן וועמען אַ טובה האָט קיין זאַך אים נישט געקענט צוריקהאַלטען, נישט אַ דאַנערשטיגער מאַרק טאָג ווען ער האָט געדאַרפען שטעהן אין געוועלב און באַדינען די קונים, און אויך נישט אַפילו אינמיטען דער נאַכט. אין אַרויסהעלפען יענעם, מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געפילט אַן אינערליכע באַפרידיגונג, אַ מין אינערליכע באַרואיגונג אין זיין אייגען צרות׳פולען לעבען. אָבער ביי זיך אין הויז איז ער געווען זעהר שטרענג, דער עיקר אין פראַגען פון ריטועלער אויפפירונג און קינדער דערציאונג. אויף אָט דעם געביט האָט ער נישט מוותר געווען אויף אַ חוט השערה. קיין שטרעבען פאַר רייכטום האָט מען ביי אים נישט געקענט מערקען; זיינע אַמביציעס זענען געווען געווענדעט אין אַן אַנדערע ריכטונג נעמליך: צו דערציען זיינע קינדער אין גייסט פון ישראל סבא.ליידער האָט ער ווייניג פון זיינע שטרעבונגען דערגרייכט. בלויז זיין עלטערער זון סיני ע״ה (געשטאָרבען אין רוסלאַנד) האָט אים גייסטיג פולשטענדיג צופרידען געשטעלט, זייענדיג אַ תלמיד חכם, אַ חסיד

און אַ ירא שמים. דאַגעגען דער אינגערער, יאָסל, אויף וועמען ער האָט נאָך גרעסערע האָפנונגען געלייגט, האָט אים שמערצליך אַנטוישט, ווען ער האָט אויף אַ דראַמאַטישען אופן איבערגעריסען מיט זיין טראַדיציאָנעלער פאַרגאַנגענהייט.

קיין פיעל נחת האָט מיין פאָטער אין לעבען נישט געהאַט. אין שבת הגדול ח׳ ניסן תרע״ו שטאַרבט זיין עלטסטע אומפאַרהייראַטע טאָכטער מאַליע מינדיל אין עלטער פון 21 יאָר. אין זומער 1918 ווערט ער אָפּגעברענט אין דער גרויסער שטאָט שריפה, נאָך וועלכער ס׳קומט אים אָן זעהר שווער זיך צוריק צו שטעלען אויף די פיס. אָבער אין די מיטעלע 30־ער יאָרן ווערט ער אינגאַנצען רואינירט דורך די פאַנטאַסטיש הויכע שטייערן וואָס דער מלוכה׳שער פינאַנץ אַמט האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

דער קריגס אויסברוך אין 1939 טרעפט מיינע עלטערן אין אַ זעהר שווערער מאַטעריעלער לאַגע. די דייטשען פאַרנעמען די שטאָט, באַגייען רויבערייען און רציחות לגבי דער אידישער באַפעלקערונג. אונזער הויז ווערט אָפּגעברענט אין דער שריפה וואָס די דייטשען האָבען אונערגעצונדען. מיינע עלטערן געהן איבער אין דער דירה פון מיין שוועסטער פריידע הי״ד. וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון יהושע בלאַנדער. יונגע מענשען ספּעציעל פרויען באַהאַלטען זיך מיט׳ן באַוויזען זיך פון אַ דייטש. מיט אַמאָל באַוויזט זיך אַ זעלכער אין הויז ער פאַרלאַנגט פון מיינע אָרימע עלטערן מ׳זאָל אים צושטעלען אַ „פרוי״.

דערזעענדיג מיין שוועסטער רעכיל׳ס מינדעריעריג מיידעל באַשטעהט ער אויף איר. עס העלפט נישט קיין געוויין אַז זי איז דאָך נאָך אַ קינד, ער דראָהט מיט׳ן רעוואָלווער געצילט צו איר. מיין פאָטער רייסט זיך דאַן אַריין צווישען דעם קינד און רעוואָלווער און זאָגט צום דייטש: שיס מיך, דאָס קינד קענסטו נישט קריגען. דאָס מיידעלע איז אין דעם מאָמענט פאַרשווינדען און דעם דייטש ימ״ש האָט מען צוגעזאָגט צו שאַפען אַ פרוי אין משך פון איין שטונדע אונטער דער דראָהונג פון אונטערצינדען דאָס הויז. אַלע אָנוועזענדע האָבען דאַן פאַרלאָזט דאָס הויז און זיך מער נישט צוריק געקערט.

פאַר׳ן צווייטען אַריינמאַרש פון די דייטשען פאַרלאָזען פיעל אידישע משפחות די שטאָט, צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי, קיין ראווא רוסקא. מיינע עלטערן, פריידע מיט׳ן מאַן און 2 קינדער פאַרבלייבען אין טאָמאַשאָוו; די איבעריגע פון אונזער משפחה אַנטלויפען קיין ראַווע. זיין פאַרבלייבען אין טאָמאַשאָוו האָט מיין פאָטער דערקלערט מיט זיין אָרימען צושטאַנד און ווי אַ סך אַנדערע האָט אויך ער נישט דערשאַצט די פאַרדאָרבענקייט פון די דייטשען. און מעגליך אַז נאָך אַ מאָטיוו אַ באַהאַלטענער האָט אומדירעקט מיטגעווירקט דערצו, נעמליך: אין זיין טיפען אונטערבאַוואוסטזיין האָט געטליעט אַ מין אָנשפּאַר געפיל אין זיין גרויסען זיידען, וועמענס זכות וועט

אים באַשיצען אין אַן עת צרה. און אפשר... אפשר האָט אים דאָס געפיל נישט אינגאַנצען אָפּגענאַרט, האָט ער דאָך זוכה געווען אויסצומיידען די סעלעקציעס און קרעמאַטאָריומס און נישט צו האָבען די טמאים פאַר זיינע אויגען אין זיינע לעצטע מינוטען.

## אין בירכ'ס מיל אין בעלזעץ

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב מיינע עלטערן געזעהן איז געווען אין אַ חנוכה טאָג אין בירכ'ס מיל אין בעלזשעץ. און געווען איז עס אַזוי: אָנהויב אָקטאָבער 1939 בין איך און מיין ברודער יאָסל אָנגעקומען פון



ר' שבתי פריעדלענדער מיט זיין פרוי מלכה

ווארשא קיין ראווא. דאָרט האָבען זיך גרופּירט פיל פּליטים פון טאָמאַשאָוו, וועמענס לאַגע איז געווען זעהר אַ געדריקטע, ווייל נישט ראַווע איז געווען פעאיק אויפצונעמען אַזאַ גרויסע צאָל אַנטלאָפענע, און נישט די ראַווער איינוואוינער זענען געווען פסיכיש צוגעגרייט צו די נייע באַדינגונגען, און

נישט אַרויסגעוויזען קיין באַזונדערע גאַסטפריינטליכקייט צו זייערע שכנות׳דיגע וואָגלער. ביי די פליטים האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען אַ באַגער צוריק צו גיין אַ היים: אַט שוואַרצען מענשען די גרענעץ כסדר אַהין און צוריק און ברענגען באַרואיגענדע גריסען פון טאָמאַשאָוו „עפּעס טשעפּעט מען נישט אַזוי״ „עפּעס פּילט מען אַ פערלייכטערונג״ א. אַ. וו. פלוצים הערט מען אַז אין לעצטען שבת צונאַכט האָט מען געדופען די טאָמאַשאָווער אידען אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דאָם לודאָווי און דאָרט האָט מען זיי געשלאָגען מכות רצח באַגלייט מיט פאַרשידענע באַליידיגונגען און סאַדיסטישע שטיק וואָס האָר און נעגל האָבען זיך געשטעלט קאַפּויער. נאָכהער האָבען זיי געקראָגען אַ באַפעל צו פאַרלאָזען די שטאָט און געהן צו די רוסען. די אידען האָבען אויסגעפאָלגט דעם באַפעל און זיך געלאָזט צו דער רוסישער גרענעץ וואָס האָט זיך געפונען אין צווייטען עק פון בעלזשעץ. אָבער די רוסען האָבען די אידען די גרעניץ נישט אָ דורכגעלאָזט. די אידען האָבען זיך דאַן געוואַלגערט אונטערן פרייען רעגענדיגען הימעל. לויט אַ היטלערישען באַפעל האָבען די אַרומיגע פּויערים נישט געטאָרט זיי אַריינלאָזען צו זיך און אויך נישט פאַרקויפען זיי קיין שפּייז. נאָך עטליכע טעג וויקען אונטער די רעגענס זענען זיי איינקוואַרטירט געוואָרען אין בירכ׳ס מיל. (אַזוי האָט מען גערופען די מיל וואָס האָט געהערט צו ר׳ בירך קעסלער הי״ד). פון די טאָמאַשאָווער פליטים אין ראַווע האָט אַ דעלעגאַציע אינטערוועניערט ביים קאָמענדאַנט פון דער רוסישער גרעניץ־וואַך אָבער אָן דערפאָלג: דאַגעגען די גרעניץ־וואַך אָפיצירען האָבען געהאַלטען אין איין פאַרזיכערן אַז די גרעניץ וועט אין משך פון עטליכע טעג געעפענט ווערען פאַר די אַרויסגעטריבענע טאָמאַשאָווער אידען. איך האָב דאַן אַריבער־געשוואַרצט די גרעניץ זיך צו זעען מיט מיינע עלטערן. אָנקומענדיג אין בירכ׳ס מיל האָט אַ שוידערליך בילד זיך געוואָרפען אין מיינע אויגען. די מענשען דאָרט זענען אַרומגעגאַנגען איינגעהילטע אין אַ לעבעדיג באַוועגליכע מאַסע פון לייז. איך האָב נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי די מענשען לעבען, ווי אַזוי זיי עסען ווי אַזוי זיי שעמען זיך נישט איינער פאַרן צווייטען. אין איין קליינעם צימער האָבען זיי געוואוינט עטליכע משפחות. זיי האָבען מיר אויסגערעכענט 16 נפשות, וועלכע שלאָפען אויף דער בלויזער פאָדלאָגע איינגעפּרעסטע איינער אינם צווייטען און אפילו אַזוי האָב איך בשום אופן נישט געקענט באַנעמען ווי אַזוי 16 נפשות קענען אַריין אין אַזאַ קליינעם צימער. מיין פאָטער איז געשלאָפען אויף דעם קאַלטען, ערטערוויז אָפענעם, בוידעם. איך האָב געשמועסט מיט זיי וועגען אַריבערשוואַרצען די גרעניץ אָבער זיי האָבען אָפּאָטיש אויפגענומען דעם פּלאַן: צו וואָס זיך גנב׳נען אין דער נאַכט מיט׳ן לײדיגען אַז אָט נאָך אַ טאָג נאָך אַ טאָג און מיר וועלען קענען פריי אַריבער־געהן מיט אַ ביסעל בעדגעוואַנד לפחות. יאָ, די באַפרייער האָבען צוגעזאָגט און מיר האָבען זיי געגלויבט. לײדער איז אומזיסט געווען זייער האָפענונג. די

גרעניץ איז פאַר די אומגליקליכע הימלאָזע אידען נישט געעפענט געוואָרען און נאָך אַ צייט זענען זיי צוריק געגאַנגען קיין טאָמאַשאָוו וואו עס האָבען זיי דערוואַרט אוממענשליכע פּיינען און יסורים און לסוף גאַז קאַמערן אין דעם זעלבען בעלזשעץ.

מיין פאָטער איז קראַנק געוואָרען אין בירכ׳ס מיל און זיך אַזוי געמאַטערט אין יסורים און אין הונגער ביז זיין הייליגע נשמה האָט אים פאַרלאָזט אין י״ח אדר ב׳ ת״ש אין דער געגענוואַרט פון מיין מוטער און מיין שוועסטער פריידע הי״ד אין טאָמאַשאָוו. און כאָטש זיין טויט האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ נאַטירליכער, איז ער דאָך געקומען ווי אַ דירעקטער רעזולטאַט פון די מערדערישע האַנדלונגען פון די דייטשען. אין אַנדערע ווערטער: זיי האָבען אים דערמאָרדעט מיט אַ לאַנגזאַמען טויט.

שרייבענדיג די שורות וועגען מיין פאָטער ז״ל בין איך נישט אויסען אים פאָרצושטעלען אַלס אַן אויסנאַם פיגור אין זיין גאַנצען אַרום; אדרבה אונטער אָט די שורות וועלען זיך געפינען נאָך אַנדערע וואָס האָבען פונקט ווי מיין פאָטער אַ באַשיידען, ערליך לעבען געפירט. וואָס האָבען פונקט ווי ער געבלוטיגט פאַר זייער פרנסה און געאָטעמט מיט אהבת ישראל, וואָס האָבען פונקט ווי ער זייער ביסען מיט אַן אָרימען זיך געטיילט: געווען צייטען ווען שבת מאַכען איז אָנגעקומען מיט קריעת ים סוף דאָך האָט אַן אורח אָפט זיין טיש באַצירט. ער האָט קובע עתים לתורה געווען, ער פלעגט לערנען איין שעה יעדען פרימאָרגען, גאָרנישט האָט אים געקענט אָפּהאַלטען דערפון. און אויך שבת נאָכמיטאָג.

זאָל דער אָנדענק פון אַזעלכע ליכטיגע געשטאַלטען זיין פאַר אונז דער עמוד האש אין אונזער ווייטערדיגען לעבענסגאַנג פאַר המשך פון אידישער אייגענאַרט און גייסטיגער דערהויבונג. זאָלען אָט די מצבות וועקען אין אונז געפיהלען פון נקמה צו די דייטשע מערדער און זייערע פוילישע מיטהעלפער פאַר די אונמענשליכע פּיינונגען, פאַר דעם אומשולדיג פאַרגאָסענעם בלוט פון אַזעלכע איידעלע האַרציגע מענשען וואָס זענען געווען די אומשולד אַליין.

מיין מוטער מלכה, מיין שוועסטער פריידע יהודית מיט אירע 2 קינדערלעך שלמה אלעזר און זלאַטעלע הי״ד זענען אומגעקומען וואַרשיינליך אין די אויוועגס אין בעלזשעץ.

וועגען מיין מוטער הי״ד איז כדאי צו דערמאָנען אירע זעלטענע מדות טובות, אין איר גאַנצען פאַרביטערטען לעבען האָט זי קיינמאָל קיין תרעומות נישט געהאַט נישט צו ג-ט און נישט צו מענשען. זינט איר טאָכטער׳ס, מאַליע׳ס טויט האָט זיך קיין שמייכל אויף אירע ליפען נישט באַוויזען. שווייגענדיג און ווײנענדיג האָט זי אַרויסגעוויזן אַן איבערמענשליכען געדולד צו אַלע אירע צרות. אַזוי האָט זי די ערשטע זיך אויפגעהויבען גאַנץ פרי שטיל אָן רעש, גע־עפנט דאָס געוועלב און צווישן קונה און קונה אויך אַריינגעכאַפּט אַ יום תהלים.

אַזוי האָט זי אַריינגע׳גנב׳עט איין תענית נאָכן אַנדערן און אין אָווענט איבער־געביסען ווי קיינמאָל גאָרנישט. זי איז קיינמאָל נישט געווען פערדראָסיג אויף מיין טאַטן הלמאַי ער לאָזט שטיין דאָס סאָדע געוועלבל אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג און געהט מיט דער חברה זיך מתעסק זיין מיט אַ מת. אַ באַהאַלטענע מינע פון פראָטעסט האָט מען קוים געקענט מערקען ווען דער טאַטע האָט אַמאָל געשלאָגען וועמען פון די קינדער. דאָס איז איר, ווייזט אויס, שווער געווען צו פאַרנעמען.

איר גאַנץ לעבען האָט זי געווידמעט אירע קינדער אַרויסלאָזענדיג זיך אַליין פונם חשבון. אַזוי פלעגט זי אויך האַנדלען מיט אַן אומגעריכטען אורח ביי אַ מאָלצייט, אַוועקגעבענדיג אים איר אייגען חלק און צוטיילען פאַר זיך אַ ליידיגען טעלער מ׳זאָל נישט באַמערקען אַז זי האָט זיך פאַרטיילט. ווי האָט זיך גאָר געקענט געפינען אַ האַנד וואָס זאָל זיך אויפהויבען געגען אַזאַ צאַרט מענשליך לעבען.

שרייבענדיג די שורות לעבט אויף איר געשטאַלט פאַר מיינע אויגען. איך זעה זי אין אירע שיינענדיגע שבתים. ביים סערווירען דעם טיש צי ביי דעם לייענען מיט אַ באַ׳טעמ׳ט קלינגענדיגען ניגון די סדרה פון דערוואָך אין טייטש חומש, און אויך אין אירע אומעטיגע אינדערוואָכענס. איך זעה זי אין איר שפּל׳דיגען מצב אין בירכ׳ס מיל, איר פראַגע דאַמאָלס: „קינדער ביי וועמען האָט איר מיך איבערגעלאָזט?״ רייסט פאַסען פון מיין לייב ביז׳ן היינטיגען טאָג. איך זעה זי אין מיין דמיון אין איר הונגעריגען אויסגעמאַטערטען צושטאַנד בעדינענדיג מיין קראַנקען טאַטען ע״ה און באַגלייטענדיג אים צו זיין אייביגער רו, מיט קנאה וואָס ער האָט שוין זוכה געווען אויסגעלייזט צו ווערען פון די טמאים׳דיגע קאַניבאַלען. איך זעה זי אין איר לעצטען טויטן־מאַרש קיין בעלזשיץ. איך זעה און הער אירע שלוכצען אירע קללות צו די מערדער, אירע תפלות פאַר די מעגליך לעבען־געבליבענע קינדער. איר צוואה נישט מוחל צו זיין די הינטישע הינט וואָס האָבען נאָך די חוצפה זיך צו רופען „מענשען״.

די דערמאָנונג פון אָט דער צאַרטער געשטאַלט וואָס איז געווען מיין מאַמע צעבלאָזט אין מיר פונקען פון פייערדיגע נקמה אין דעם פאָלק וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַזעלכע רשעי רשעים, וועלכע האָבען אויף אַזאַ גרוזאַמען אופן געפייניגט, געשענדעט און צוגערויבט די לעבענס פון מיליאָנען אומשולדיגע צאַרטע מאַמעס מיט זייערע בע׳חנ׳טע קינדערלעך. זאָל דאָס פייער פון נקמה אייביג טליען אין אונזער הערצער און אין די הערצער פון אונזער קינדער און קינדסקינדער אַזוי לאַנג ווי עס וועט נאָך אָטעמען איינער פון דעם אומווירדיגען פאָלק אויף ג־טס ערד.



# גוטשע די אַלמנה

• רעכיל לערע — פאוסט

**איך** האָב זיך נאָענט באַקאַנט מיט גוטשען, אין יאָר 1918. דאָס איז געווען נאָך דער שרפה, ווען די גרעסטע צאָל מענטשן זיינען געבליבן היימלאָז, און מיר צווישן זיי. אונזער הויז איז פאַרברענט געוואָרן. מיר האָבן נישט געהאַט וואו צו זיין. ווער נאָר עס האָט געהאַט אַ ווינקל צו פאַרדינגען, איז עס באַלד פאַרנומען געוואָרן. אין אָט יענער קריטישער צייט, האָט מיר גוטשע פאַרדונגען אַ שטיקל פלאַץ.

גוטשע האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט דריי פענסטער. אַ „שפּאַניש ווענטל" האָט אָפּגעטיילט אַ שטיקל פלאַץ וואו די קיך איז געווען. די קיך איז געווען לעבן דער טיר. דורך דעם קי־בעלע איז מען אַריינגעקומען צו איר אין שטוב. דאָרט האָבן מיר געוואוינט.


גיטשא שווארץ

מיין פאָטער געצל פּיניעס ע"ה איז דאַן געווען אין אַמעריקע, מיין מוטער חי' נעכע ע"ה איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן. מיר זיינען דאַן געבליבן דריי יונגע קינדער: איך, משה און דאָס אינגסטע אליהו בן ציון 5 יאָר אַלט. דאָס קליינע ברודערל איז געווען זייער קראַנק. ביי גוטשען אין דעם קליינעם קיכעלע האָב איך געראַטעוועט דאָס לעבן פון מיין קליין ברודערל.

גוטשע איז געווען אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר 37. צוליב פרומקייט האָט זי אַלעמאָל גע־טראָגן אַ פאַטשיילע. קיין האָר פון קאָפּ האָבן זיך ביי איר נישט אַרויסגעזען. אויף איר פיינעם פּנים איז אַלעמאָל געווען אויסגעגאָסן אַ געפיל פון מיטלייד צו אָרעמע.

גוטשעס מאַן, מאיר, איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זי זיך געדאַרפט דערנערן, זיך און אירע 4 קליינע קינדער. דאָך האָט זי געפונען צייט צו העלפן נויט באַדערפטיקע.

אין גוטשעס הויז, אונטער אירע מאַמעשע בליקן, האָבן מיר זיך געפילט ווי אין דער היים. כאָטש עס איז געווען ענג האָט זיך עס נישט געפילט צוליב איר געטריישאַפט.

גוטשעס גוטסקייט האָט געהאַט אַ שם: זי האָט געהאָלפן אָרעמע, קראַנקע און עלנטע. זי פלעגט זיך נישט נאָר טיילן מיטן ביסן מיט די אָרעמע, נאָר אויך מיט אַ העמד, מיט אַ מלבוש פאַרן לייב.

זי פלעגט העלפן פאַרבאָרגענערהייט. אויב מען האָט זיך דערוואוסט איז דאָס געווען דורך אַ צופאַל, ווייל זי האָט זיך נישט באַרימט. ביז עפּעס האָט זיך דערטראָגן צו עמעצן, האָט זי שוין געהאַט אָפּגעטאָן אַ סך גוטס. זי האָט שוין געוואוסט וועלכע מענטשן עס קענען איר צוהעלפן כדי זי זאָל קענען העלפן די נויט באַדערפטיקע. נישט נאָר האָט זי געהאָלפן אידישע מענטשן, נאָר אַפילו אָרעמע נישט אידישע האָט זי אין אַ נויט געהאָלפן.

צוויי יאָר האָבן מיר קינדער געוואוינט ביי גוטשען, ביז מיר זיינען געפאָרן קיין אַמעריקע אין 1920. דורך די צוויי יאָר האָב איך באַוואונדערט איר איידלקייט און גוטן כאַראַקטער.

יאָרן שפּעטער האָב איך גוטשען געדענקט און געהאָפּט זי נאָכאַמאָל מיט אירע קינדער צו זען. נאָר אָט האָט זיך אָנגערוקט די צווייטע וועלט־מלחמה. גוטשע האָט פאַרלוירן איר טאָכטער מירעלען און מירעלעס מאַן און אַ קינד.

מיט די אַנדערע קינדער איז זי פאַרוואָגלט געוואָרן אין פאַרשיי־דענע ערטער, ביז זי איז ענדלעך מיט די קינדער אָנגעקומען קיין ישראל.

נאָכפרעגענדיק זיך, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אומעטום וואו נאָר זי איז געקומען האָט זי אַרויסגעוויזן איר מענטשלעכן כאַראַקטער. אין ישראל, פּונקט ווי אין טאָמאַשאָוו, האָט זי געהאָלפן אָרעמע מענטשן, געלינדערט די שמערצן פון קראַנקע.

אסתר גוטשע שוואַרץ בת ר׳ יצחק הובער, איז געשטאָרבן אין ישראל ט״ו ניסן תשי״ז. ערע איר אָנדענק.



# ר׳ טעבל ז״ל

## (אַ מצבה דעם פרומען טעבל)

• **ישראל זילבערמאַן**, חיפה

**אז** מ׳האָט ביי אונז אין שטאָט דערמאָנט דעם נאָמען ר׳ טעבל, האָט קינד און קייט געוואוסט אַז דאָס איז טעבל דער פרומער, וואָס זיצט יומם־ולילה על התורה ועל העבודה אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל, אָדער אין נאָכבאַרן חסידישן בית־המדרש.

טעבל׳ס זיינען געווען פיל אין שטעטל, אָבער סתם ר׳ טעבל דאָס איז געווען דער פרומער ר׳ טעבל, דער נזיר. אַזוי שטאַרק פּאָפּולער איז דער פּערזאָן געווען, אָן אויסנאַם.

דעם אמת געזאָגט, איז ר׳ טעבל געווען דער קעגנזאַץ פון פּאָפּו־לאַריטעט, זיין גאַנץ וועזן איז געווען עניוות, צניעות, באַשיידנקייט און דערווייטערט זיך פון רעקלאַמע אַזוי ווי פון פייער, ער וואָלט זיכער צופרי־דענער געווען ווען מען וואָלט פון אים בכלל נישט וויסן, שטענדיק זיך איינגעשרומפּן, באַהאַלטן אין ווינקל, געווען נידעריקער פון גראָז און שוואַכער פון אַ פליג, באַנוגנט זיך מיט טרוקן ברויט און וואַסער, וואָס גוטע מענטשן האָבן פאַר אים געזאָרגט, און געשלאָפן זיין קורצן שלאָף ביים אויוון אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל.

ר׳ טעבל׳ס אָפּשטאַמונג איז געווען פון „עמך״, נישט קיין שלשלת היוחסין פון רבנישע אָדער רבי׳שע משפחות, נאָר פון אַ איינפאַכע משפחה פון דעם גאָר אָרעמען שטעטעלע יאַרטשעוו. אויך זיין נזיר׳ישן אַרט לעבן האָט ער אָנגעפאַנגען זייענדיק שוין אַ פאָטער פון עטלעכע קינדער.

די אורזאַך פון ר׳ טעבל׳ס ראַדיקאַלן שריט איז נישט געווען באַוואוסט, וואָרום נישט יעדער טאָג געשעט עס, אַז איינער זאָל פאַרלאָזן פאַמיליע, פרוי און קינדער, און זיין נע־ונד אין אַ פרעמדער שטאָט און לעבן איינזאַם ווי אַ נזיר. ר׳ טעבל זעלבסט האָט זיך זייער ווייניק געאויסערט וועגן זיין פּערזאָן, און בכלל ווייניק גערעדט. דאָס הייסט נישט אַז ער איז געווען אַ קפדן, אַז מ׳האָט אים געפרעגט, פלעגט ער געמיטלעך ענטפערן און פלעגט גוטמוטיק שפּרעכן, אָבער ער פלעגט דאָס האַלטן פאַר צייט־פאַרלוסט: „היום קצר, והמלאכה מרובה״, און עס וואַרטן די גמרא,

די ספרי־מוסר און אַנדערע הייליקע ספרים, און מ׳דאַרף נאָך אָניאָגן דאָס וואָס מ׳האָט אין די פאַרגאַנגענע יאָרן פאַרפעלט...

זייער ווייניק איז באַוואוסט וועגן ר׳ טעבל׳ס פאַמיליע אָנגעלעגנהייטן, אָבער איינס איז זיכער, אַז נישט דאָרט דאַרף מען זוכן די סבה פון ר׳ טעבל׳ס שיקזאַלן באַשלוס אויף אומוועקסלען זיין אַלטן אָרט לעבן און אָנפאַנגען אַ נייעם, אַ גאָר שווערן, לויט אונזערע באַגריפן. העכסט וואַרשיינלעך האָט ער זיך איבערצייגט אַז אַלץ איז, ווי דער חכם פון קהלת זאָגט „הבל הבלים הכל הבל״, דאָס איינציקע וואָס דער מענטש קאָן און דאַרף טאָן אויף דער וועלט איז נאָר צו דינען דעם רבונו של עולם און זאָרגן פאַר עולם־הבא.

ר׳ טעבל מיט זיין שטאַרקן ווילן מאַכט אַלעס פאַלקאָם, הונדערט־פּראָצענטיק. און איינמאָל איבערגעטראָטן די שוועל פון ר׳ יהושע׳לעס שטיבל האָט ער שוין מער יאַרטשעוו נישט געזען. זיין פרוי איז וואַרשיינלעך געווען אַן אשת חיל, דען זי האָט באַוויזן אַליין דערנערן און דערציען די קינדער.

אָבער נישט נאָר יאַרטשעוו, אויך אין טאָמאַשאָוו האָט מען ר׳ טעבלען נישט געזען אויסער צווישן די ווענט פון ר׳ יהושע׳לעס הויף. ר׳ יהושע׳לעס הויף וואָס איז באַשטאַנען פון אַ בלאָק, אַנטהאַלטנדיק אייניקע דירות פאַר די משפחה מיטגלידער, אַ שטיבל צום דאַווענען און צום לערנען, און אויך אַ בית־מדרש וואָס האָט געהייסן דאָס חסידישע בית־מדרש, כדי אונטערצושיידן פונ׳ם גרויסן אַלגעמיינעם בית־המדרש. דער בלאָק איז געווען פון דיקע ווענט פון שטיינער, איינשטאָקיק, נידעריק, מיט אַ פינסטערן קאָרידאָר און אומעטיקן אויסזען. אין אַלגעמיין האָט עס אויס־געזען ווי אַ פאַרגליווערט מיטלאַלטער הייליקייט, אַזוינע שולן וואָס זיינען באַשריבן אין שלום אַש׳ס „קדוש־השם״, פּרץ׳ס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ אָדער אין י. י. זינגער׳ס „יאָשע קאַלב״.

די אַכסניא איז געווען גענוי צוגעפּאַסט פאַר דעם איינוואוינער. אין דעם דאָזיקן שטיבל וואו די ווענט זיינען געווען באַדעקט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט אַלטע הייליקע ספרים, איז ר׳ טעבל געווען דער גרעסטער „מתמיד״, דער לעצטער צום שלאָפן, דער ערשטער צום אויפשטיין. ר׳ טעבל האָט איינגעטיילט די שעה׳ן פון טאָג אויף תורה און תפלה. און געלערנט האָט ר׳ טעבל אין אַלע ספרים, אויך קבלה פון וואָס די חסידים האַלטן מער, און אויך גמרא, וואָס די מתנגדים בעפאָרצוגן.

קיין ספּעציעלע גאונ׳ישע פעאיקייטן האָט ר׳ טעבל וואַרשיינלעך נישט געהאַט, ר׳איז נישט געווען באַקאַנט אַלס אַזעלכער און ר׳האָט אויך קיין שריפטן געלאָזן. ער פלעגט אויך ניט פירן קיין וכוחים מיט אַנדערע

לומדים אין שטיבל ווי אַנדערע פלעגן דאָס טאָן, נישט דאָס איז געווען זיין ציל. ער איז נישט געווען פאַראינטערעסירט צו צייגן זיינע קענטעניש, ער האָט געלערנט, ווייל די תורה דאַרף מען לערנען, אָבער נישט כדי צו ווערן אַ למדן. דאַקעגן איז ער באַקאַנט געווען אַלס אַ גרויסער בקי, דאָס הייסט, ר׳האָט פיל געדענקט.

אויסערלעך איז ר׳ טעבל געווען אַ גאַנץ סימפּאַטישער מאַן. מיטל־וואוקסיק, אַ שיין־געפאָרמטע גריכישע נאָז, טונקל ברוינע אויגן, אַ פאַרמעט־ווייס געזיכט ווי אָן אַ טראָפּן בלוט, מיט אַ קאַלטאַנעוואַטע נישט אויס־געקעמטע באָרד. זיין רוקן איז געווען עטוואָס איינגעבויגן פון שטענדיקן זיצן. אָנגעטאָן איז ער געווען מיט אַ לאַנגן גראָען כאַלאַט וואָס האָט שוין לאַנג פאַרלאָרן זיין פאַרב, פאַרבונדן מיט אַ גאַרטל. געטראָגן זומער און ווינטער אַ פאָר הויכע שטיוול, און אויך וואַרעמע קליידער אונטערן כאַלאַט. דעם קאָפּ האָט צוגעדעקט אַ סאַמעט־אידיש היטל, אָבער דעם סאַמעט האָט זיך שוין מער נישט אַרויסגעזען. די קליידער, לויט ווי איך געדענק האָט ער קיינמאָל געוועקסלט.

אָבוואָל ביי די פרויען פון אונזער שטאָט, איז ר׳ טעבל געווען דער סימבאָל פון בטלנ׳ישקייט, טויגעניכטס, לא יצלח׳ניק א. א. וו. מעגלעך אַז זייער מיינונג איז געווען בעאיינפלוסט פון דעם וואָס ער האָט פאַרלאָזט פרוי און קינדער און געלאָזט זיי, ווי מ׳זאָגט, אויפן וואַסער, און זיך גאָרנישט געקימערט, אָבער איך מיין אַז מיר, ילודי־אשה, זיינען נישט דערוואַקסן דערצו צו פאַראורטיילן אים וועגן דעם, זאָלן מיר דאָס לאָזן פאַר דעם רבונו־של־עולם, און ווען אַפילו די דאָזיקע פרויען אַז דער מאַן זייערער האָט נישט מצליח געווען אין פרנסה אָדער אַנדערע געביטן האָבן זיי אים געגעבן אַ צו־נאָמען „פרומער טעבעלע״, איז דאָך ר׳ טעבל געווען און געבליבן אַ זייער מערקווירדיקע פערזענלעכקייט. עס איז נאָך וועגן אים פיל צו שרייבן. און איך געדענק ווען מיט איניקע צוואַנציק יאָר צוריק, ווען כ׳בין נאָך ארץ־ישראל געקומען, און באַזוכט די הייליקע שטאָט פון די „מקובלים״, צפת, האָב איך געוואַנדערט צווישן די געסלעך זוכנדיק מקובלים, איז מיין ערשטער איינדרוק געווען, אַז אַזעלכע אידן ווי ר׳ טעבל איז שווער צו געפינען אַפילו אין אַזאַ מקובלים שטאָט ווי צפת. און איך האָב דאָס צו מיינע עלטערן און צו אַנדערע געשריבן.

און איך מיין אַז מיר מעגן שטאָלץ זיין אויף אונזער שטאָט וועלכע האָט אַזאַ ר׳ טעבל׳ען און אויך פיל, פיל אַנדערע פערזענלעכקייטן אַרויסגעגעבן.



# הרב דוב בערל פערשטמאַן הי״ד

● ש. ליכט

אַ טאָמאַשאָווער קינד, זיין פאָטער ר׳ משה פערשט הי״ד, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין דער היים, משה רפאל׳ס, איז געווען פון די בכבוד׳יקע אידן. די מוטער יבל״ח אידעל פערשט, אַ גרויסע מלומדת פון די משפחה פרידלינג פון זאַמאָשטש, די שוועסטער פון די רבנים צבי הירש פרידלינג פון ביסקאָוויץ, דער אַרויסגעבער פון „הבאר״, און יחיאל פרידלינג, רב אין זאקשאָוויץ. איר שוועסטער איז געווען די לעצטע רעבעצין פון הרב צבי יחזקאל מיכלזוהן, פלונסק, וואַרשא. אַט דער יחוס פון דער מוטערס צד האָט אים זייער שטאַרק געהאָלפן אין זיין קאַריערע. ווען ער איז אויסגעוואַקסן איז ער אַוועק צו זיין פעטער קיין ביסקאָוויץ (ער איז געווען אַ קינדערלאָזער) און דאָרט זיך משתלם געווען, ספּעציעל האָט ער ביי אים געגנאַשט די מלאכה פון פאַרבינדונגען מיט דער ברייטער וועלט, און די שרייבערישע מלאכה, אַזוי אַז אין יאָר תרפ״ח האָט ער אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבן אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל פאַר חיזוק התורה א. נ. „אונזער גייסט״, וואָס צו ערשט איז ער ערשינען אין זאַמאָשטש און דערנאָך אין וואַרשע, וואו ער האָט אָרגאַניזירט מיט דער מיט־הילף פון זיינע אָנקלס די רבנים מיכלזוהן און פרידלינג, דעם „מפיצי תורה והדת״, אַן אינסטיטוציע צו פאַרשפרייטן תורה און אידישקייט און דרוקן ספרים.


הרב דוב בערל הכהן פערשטמאַן

ער האָט אויך צוגעגרייט צום דרוק אַ ספר א. נ. „אוצר ההדרנים״, וואָס האָט אַנטהאַלטן די הדרנים וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן דורך די חשוב׳סטע רבנים בכל תפוצות ישראל, צום ערשטן סיום הש״ס פון דף היומי.

צוליב זיינע גרויסע פעאיקייטן איז ער געווען זייער אָנגעזען. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון גראָדזינסקער רבי׳ן אין טאַרנוב, הקדוש רבי אלעזר הורוויץ, פון דער ראָפּשיצער גזע.

ליידער איז זייער יונג לעבן פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע מערדער, הי״ד.

| | | |
|---|---|---|
| אבאָנאַמענטס-פרייז: אין לאַנד: א יאהר — 8 זל. א האַלב יאהר — 4 זל. אויסלאַנד: א יאהר — 2 דאָלאר א האלב יאהר — 1 " איינצעלנומער: אין לאַנד — 2 זל. אויסלאַנד — 50 סענט. | עמ"י — עש"ן<br># אונזער גייסט<br>** אָרגאַן פאַר חזוק הדת והאמונה ** | אדרעס פון רעד. און אַדמיניסטראַציע<br>Red. i Adm.<br>„UNZER GAJST"<br>ZAMOŚĆ<br>N. O. 62.<br>Z. Lub. (Polland). |

ענטהאלט דרוש, מוסר, ליטעראַרישע מאמרים, ערצעהלונגען, ביאָגראַפיעס, זיטען און איידעלע טהאַטען פון די חז"ל, תורה-ווערטלעך, עפּיזאָדען, אַנעקדאָטען, אַפאָריזמען און געדאַנקען.

| | | |
|---|---|---|
| ערשטער העפט<br>חודש אלול | רעדאַקטאָר: ישראל דוב הכהן פירשטמאַן<br>זאַמאָשטש | 1-טער יאָהרגאַנג<br>שנת תרפ"ח לפ"ק |

שער בלאט פון מאנאט זשורנאל אונזער גייסט

# די דאָרנפעלד משפחה

**● לאה דארענפעלד**

## ר׳ יעקב מרדכי דארענפעלד ז״ל

די וועלכע געדענקען מיין זיידען ר׳ אריה׳לע דארענפעלד, ווייסען געוויס וואָס פאַר אַ משפחה ער האָט דערצויגען. ער איז געווען אַן „עמך״ איד אַ י״ש מיט אַלעמען געווען אַ גוטער ברודער. קיין למדן איז ער ניט געווען, ער האָט



יעקב מרדכי דארענפעלד

מפרנס געווען די משפחה מיגיע כפיו. ער האָט געניים און פּראָכטען די שטיוועל פאַר די קאָזאַקען וועלכע זענען געשטאַנען אין טאָמאַשאָוו. עס ווילט זיך גלויבען דאָס ווען ער איז געזעסען ביי משניות — עין יעקב לערנען האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען דעם ענין. דערפאַר האָט ער ערצויגען זין לומדים און משכילים. בלי ספק ווען זיי זאָלען געווען האָבען די מעגליכקייט וואָלטען מאַנכע פון זיי געוואָרען גדולי ישראל.

דער יונגער טאָמאַשאָווער דור געדענקט געוויס מיין פאָטער ר׳ יעקב מרדכי דארענפעלד, ער איז געווען כמעט דער ערשטער וועלכער האָט אָרגאַניזירט די יוגענט פאַר ארץ ישראל, פון וועלכער עס זענען אויסגעוואַקסען שפּעטער דער החלוץ, דער השומר, און צעירי ציון. טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאָט אויפצופאַסען און ערציען זיינע צוויי יונגע קינדער וועלכע זענען געבליבען יתומים, און אויך זייענדיג דער סעקרעטאַר אין מאַגעסטראַט, דאָך האָט ער געפונען גענוג צייט זיך אָפּצוגעבען מיט דער יוגענד.

ער האָט געגעבן קורסען אין תנ״ך העברעאיש אידישע געשיכטע און ארץ ישראל געאָגראַפיע. ער האָט גערעדט פליסיג עברית, ארץ ישראל געאָגראַפיע איז אים געווען אַזוי גוט באַקאַנט גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ געבוירענער אין ארץ ישראל.

צו זיין אהבת ישראל איז ניט געווען קיין גלייכען. דעם טאַטענס איינציגע שטרעבונג איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, אָבער ליידער האָט ער ניט זוכה געווען עולה צו זיין און זיך דאָרטען באַזעצען. אָבער ער האָט נאָך יאָ דערלעבט צו זעהן דעם אויפקום פון דער אידישע מדינה. ער איז געשטאָרבען א׳ אלול תשי״ג אין ניו־יאָרק.



# מיין פאָטער ר׳ דוד טעביל נאָט הי״ד

**● אפרים פישל האַמער**

**וואָרום** האָט מען גערופן דעם טאַטן טעוועלע מאַדיאַר? ווייל ער האָט געהייראַט מיט אַן אונגאַרישע פרוי (דער צווייטער זווג), דערפאַר האָט מען אים געקרוינט מיט אַ צונאָמען: מאַדיאַר. נו, אַ צונאָמען אין טאָמאַשאָוו און אַזוי אויך אין פיל אַנדערע שטעטלעך אין פוילן בימים ההם, איז דאָך געווען כמעט אַ חק ולא יעבור. חברה




טעביל נאָט זיין פרוי רבקה

האָבן שוין געקענט צופּאַסן איינעם אַ צונאָמען, איינעם לויט זיין באַשעפטיקונג ווי: יעקב דער בעקער, חיים דער זייגערמאַכער, דער מילכיקער א. ז. וו. מאַנכע לויט זייער אויסזען: דער בלינדער, יוסל דער טויבער, דער גאָרבאַטער, דער קרומער קאָפּ, און אויך לויט איינעמס האַלטונג אָדער נאַטור, למשל: דער מלך, דער פרומער טעוול. און אַז איינער איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ צונאָמען, איז ער און אויך זיינע קינדער געבליבן מיט אים.

דער טאַטע איז אייגענטלעך ניט געווען קיין טאָמאַשאָוו געבוירענער, נאָר אַ לאַטשיוער. ער איז געוואָרן אַ טאָמאַשאָווער אײדעם. ער האָט אויך געוואוינט אַ צייט אין דאָרף ראַכאַן, און דערפאַר האָט מען אים גערופן טעוועלע ראַכאַנער. אונזער הויז אין ראַכאַן איז געשטאַנען על פּרשת דרכים צווישן פיר וועגן, דערפאַר איז אונזער הויז געווען אַ דורכפאַר הויז. פיל אידן פלעגן דורכפאָרן יעדע וואָך יעדן טאָג, ווער אויף אַ יאַריד, ווער לשם מסחר. כמעט אַלע האָבן זיך ביי אונז אָפּ־געשטעלט. מיין מאַמע חנה ע״ה טראָץ איר שוואַכן געזונט (מיין מוטער איז געשטאָרבן צו 27 יאָר) האָט אַליין אַלעמען באַדינט. קיין אורח איז ניט אַוועק קיין הונגעריקער, סיי די וועלכע האָבן באַצאָלט און אַפילו די אָרעמע וואַנדערער וועלכע מען האָט נאָך אויך געדאַרפט עפּעס מיט־געבן אויפן וועג. מיין זיידע האָט אַמאָל דערציילט דאָס ער געדענקט דאָס זיין זיידע האָט ניט גערעדט קיין אידיש נאָר שפּאַניש געמישט מיט לשון קודש, און אַז די משפּחה שטאַמט פון שפּאַנישע אידן וועלכע זיינען געקומען פון פּאָרטוגאַל קיין פּוילן און די משפּחה האָט זיך גערופן: דאָן נאַד. דאָן איז אַ נאָבל טיטל, ווי סער אין ענגליש. אָבער וואַנדערנ־דיק פון לאַנד צו לאַנד איז דער נאָמען דאָן פאַרלוירן געגאַנגען, און געבליבן איז בלויז דער נאָמען נאַט.

די פּויערים פאַרברענען אונזער הויז אין ראַכאַן שבת ביינאַכט און מיר ראַטעווען זיך קוים מיט׳ן לעבן. בלויז דאָס שבת׳דיקע טשאָלנט איז געבליבן ניט פאַרברענט אין אויוון וועלכער איז געבליבן שטיין גאַנץ נאָך דער שריפה. מיר זיינען געבליבן נאַקעט און באָרוועס.

עס ברעכט אויס די רוסיש יאַפּאַנעזישע מלחמה און מיין פאָטער זייענדיק אַ זאַפּאַסנוי אַ רעזערוויסט, אַנטלויפט קיין אַמעריקע וואו ער איז 6 יאָר. די מאַמע שטאַרבט און דער טאַטע הייראַט מיט אַן אונגאַרישער פרוי און קומט אַהיים מיט איר קיין טאָמאַשאָוו, פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה. מיין שטוב מוטער רבקה הי״ד איז געווען אַן אשה צנועה אַ גוטע און מיט מידות טובות פונקט ווי מיין ג. ז. מאַמע, און איז צו מיר געווען זעהר גוט, וואָס בעסער קען ניט זיין, און שכנים האָבן בלויז גוטעס געזאָגט וועגן איר.

מיין טאַטע איז געווען אַ גרויסער ירא שמים אַן איש תם וישר, און האָט אויך געוואָלט דאָס איך זיין איינציקער זון זאָל אויך דאָס זיין.

מיט מיין טאַטען בין איך געווען צוזאַמען בלויז געציילטע יאָרן, צו דריי יאָר האָט מען מיך געשיקט קיין טאָמאַשאָוו צום זיידען, ווייל אַ בחור פון 3 יאָר מוז דאָך שוין גיין אין חדר לערנען. איך בין בלויז אַהיים געקומען אין ראַכאַן אויף שבת.

נו, און די 6 יאָר וואָס מיין טאַטע איז געווען אין אַמעריקע בין איך ווידער געווען ביים זיידען. פון בר מצוה ביז 17 יאָר בין איך געזעסן און געלערנט אין ר' נחמן'ס שטיבל און אויך אין רבי יהושיע'לעס בית המדרש, און צו 17 יאָר בין איך שוין געווען אין לעמבערג, און נאָכער קיין אַמעריקע געפאָרען.

מענטשן וועלכע האָבן מיין פאָטער געקענט און האָבן מיט אים געטאָן מסחר האָבן בלויז שבחים פאַר זיין ערליכקייט. ספעציעל די לאַנדסלייט וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה, דערציילן בלויז גוטס וועגן מיין טאַטן. ער האָט זיין הויז פאַרוואַנדלט פאַר אַ הכנסת אורחים הויז, און אַריינגענומען אָרימעלייט וואַנדערער.

פון דעם טאַטענ'ס לעצטע בריף צו מיר, האָט ער זייער חשק געהאַט עולה צו זיין און זיך באַזעצן אין ארץ ישראל, איז אָנגעקומען די פינסטערע קאַטאַסטראָפע און האָט אַ סוף געמאַכט פון זיין חלום. די נאַצישע בעסטיעס ימ"ש האָבן דעם טאַטן און מיין גוטער שטוב מוטער אַוועקגעפירט גלייך מיט אַלע טאָמאַשאָווער עלטערע אידן קדושים קיין בעלזיטץ און זיי דער־מאָרדעט און פאַרברענט. הי"ד.



# מיינע זיידע און באָבע ז"ל

• אפרים פישל האַמער

דער זיידע האָט געהייסן ר׳ חיים יוחנן סאבעל, אָבער בלויז דער בריף־טרעגער האָט געוואוסט דעם נאָמען סאבעל, ווייל אַלע האָבען אים גערופן ר׳ חיים יוחנן. מיין באָבע האָט געהייסן פייגע, אָבער גערופן האָט מען זי: די חיים יוחנ׳טע. און מיך דעם שרייבער פון די שורות האָט מען גערופן פישל חיים יוחנ׳ס אייניקל. ווי געוויינליך האָט מען אַזוי גערופן פיל משפחות אין כמעט אין אַלע שטעטלעך אין פוילן, בלויז געציילטע האָט מען גערופן מיט דעם פאַמיליען נאָמען, ווי גאָלדשטיין שפּארער לערער א. א. וו. ווען איך בין אַלס יונגער יתום אָנגעקומען צו מיינע זיידע און באָבע אין הויז, זיינען זיי שוין געווען אחרי ימי השיבה.





ר׳ חיים יוחנן זיין פרוי פייגא זייער זון אהרטשע

מיין זיידע איז געווען אַ איד אַ שיינער אַ הדרת פנים מיט אַ ווייס שיינער באָרד הויך כלו הוד והדר, אַ שמייכעלדיקער זייער באַליבט געווען ביי גרויס און קליין. איך האָב אים קיינמאָל געזעהן אין כעס. געדאַווענט האָט ער אין דער גרויסער שוהל ווי ער איז אימער געווען צווישן די ערשטע מתפללים. איך האָב אים קיין מאָל ניט געזען אַרויס פון בעט, ווי פרי איך זאָל געווען אויפשטיין איז שוין מיין זיידע געווען אין בית המדרש אָדער אין שוהל. דער מתיקות׳דיקער ניגון פון זיין תהלים זאָגן קלינגט מיר נאָך אין מיינע אוירען ביז דעם היינטיקן טאָג.

דער זיידע האָט דערציילט דאָס זיין זיידע האָט אים דערציילט, דאָס לויט זיין חשבון וואוינט שוין די משפחה אין טאָמאַשאָוו נאָך פון דער צייט, ווען טאָמאַשאָוו איז אַ שטעטל געוואָרן.

דער זיידע איז ניט געווען קיין חסיד פון אַ רבי׳ן, אָבער ווען אַ רבי איז געקומען אין שטאָט, איז ער געווען פון די ערשטע לויפן געבן שלום דעם רבי׳ן. „איך בין דעם רבונו של עולם׳ס אַ חסיד״, פלעגט ער זאָגן.

די משפחה סאבעל, האָט זיך צעוואָקסן אין פיל גרויסע משפחות. די הערבסמאַן משפחה שטאַמט פון מיין זיידנס שוועסטער, באַוואוסט אַלס ציפּע די פארקא בעקערן. אַזוי אויך די פאנג, די בוים און די גרינבוים משפחה, און נאָך אייניקע משפחות וועלכע זיינען שפּעטער צוגעקומען נאָך מיין אַוועקזיין פון טאָמאַשאָוו.

די באָבע פייגע ע״ה לויט ווי מיר איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן שוין זייענדיק אַ גרויסער בחור, און אַוועק פון דער היים אין לעמבערג (גאַליציע), דאָס מיין באָבע איז געווען אַ בת טובים, אַן „אייניקל״. זי האָט געשטאַמט פון ר׳ שמחה בונם פון פשיסחא זצ״ל. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין אינגעלע פלעגט זי מיר דערציילן פיל מעשיות פון איר גרויסן זיידן וואָס איר פאָטער פלעגט איר דערציילן, און אויך פון ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער זצ״ל (דער קאָצקער רבי) וועלכער איז געווען אַ טאָמאַשאָווער איידעם, און האָט אויך געוואוינט אין טאָמאַשאָוו, ביז ער איז נתגלה געוואָרן אויף דער וועלט און זיך נאכער באַזעצט אין קאָצק, נאָהענטער צו וואַרשע. „דער אַפּטייקער״ פלעגט מיין זיידע געבן אַ זאָג אַמאָל אין שפּאַס „ווי קען פון אַן אַפּטייקער ווערן אַ רבי״? — „אַט זעסטו דאָך אַז ער איז טאַקע געוואָרן אַ גרויסער רבי״, האָט אים די באָבע גלייך געענטפערט. ווי באַוואוסט דאָס איידער ר׳ שמחה בונם ז״ל איז נתגלה געוואָרן אַלס דער צדיק פון פשיסחא איז ער געווען אַ סוחר, אַ שרייבער און אויך אַן אַפּטייקער. ביז חסידים האָבן אים ממנה געווען אַלס זייער אדמו״ר, באַוואוסט אַלס דער פשיסכער רבי ר׳ שמחה בונם. די באָבע פייגע איז געווען אַן אשה צנועה האָט

געפאַסט פיל תעניתים מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און די ימי בה"ב; יאָרצייטן נאָך עלטערן און אירע קינדער וועלכע זיינען יונג פון דער וועלט אַוועק, און אויך אַלע ערב ראש חדש. „דאָס פאַסטן איז בלויז פאַר מיר אַליין" פלעגט די באָבע זאָגען, „אָבער אָרימעלייט דאַרפן עסן, אָרימע קינדער דאַרפן האָבן אַ בגד אַ שיך". דעריבער פלעגט זי מיט איר'ס אַ חבר'טע אַרומגיין יעדן דאָנערשטאָג איבער די געוועלבער און הייזער נדבות קלייבן, און דאָס געלד גלייך צעטיילן צו אָרימע מענטשן אויף שבת. זי האָט געקענט תהילים און כמעט אַלע תפילות אויסווייניק, (זי האָט געהאַט זייער שוואַכע אויגן). איך האָב זי אימער געהערט דאַוונען אָדער תהילים זאָגן.

דער זיידע ר' חיים יוחנן און די באָבע פייגע האָבן דערלעבט אַ טיפע עלטער. נאָך דעם זיידענס לויה איז נאָכגעגאַנגען אַ זוהן אַ יתום פון 72 יאָר. זייערע קינדער אין אַמעריקע האָבן זיי אויסגעהאַלטן בכבוד ביז די לעצטע טעג פון זייער לעבן.

ת. נ. צ. ב. ה.



# מיינע אומפארגעסליכע פריינד

**• י. לייבאוויטש**

**משה שפארער**

געבוירן תרמ״ח (1885) אין טאַרניגראַד, זיין פאָטער אברהם איז געווען אַ טאָמאַשאָווער פון די אַלט איינגעוואָרצעלטע אידישע משפחות אין טאָמאַשאָוו, אַ ברודער פון מרדכי יוסף און פנחס שפארער און פערל שפיזאייזן די פרוי פון שלום.

אברהם איז זעהר יונג געשטאָרבען און זיין פרוי גיטל פון דער היים גאָלדבוים איז געבליבען מיט אירע קליינע קינדער עלענד און אָרעם האָט זי מיט די קינדער אַריינגענומען צו זיך אין הויז דער שינאַווער רבי ר׳ יחזקאלי האַלבערשטאַם, ווייל זיי זיינען געווען קרובים. זיין פאָטער דער דברי חיים פון צאַנז איז אויך געווען אַ טארנאגראדער און אַ נאָענטער משפחה מיט די גאָלדבוים פאַמיליע, און דאָרט איז משה ערצויגען געוואָרען.

משה האָט חתונה געהאָט מיט זיין פרוי חנה די טאָכטער פון וואָלף ליבערמאַן (מאַדינער). משה האָט תיכף אָנגעהויבען צו האַנדלען מיט האָלץ בשותפות מיט זיין שוואָגער משה ליבערמאַן און האָבען מצליח געווען, שפעטערע יאָרען האָבען זיי מיט נאָך שותפים אָבגעקויפט בלאַנדערס טאַרטאַק, און זיינען געוואָרען גרויסע גבירים.

משה איז געווען אַ ראַדזינער חסיד פון די אָנגעזעענסטע בעלי בתים אין שטאָדט, זעהר אַ שטילער מענטש, ער האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט מישען אין קהל׳ישע ענינים נאָר זיך באַטייליגט מיט אַ ברייטע האַנד צו יעדער דבר מצוה, ער איז געווען זעהר אַ קלוגער און געלאַסענער און פיל מענטשען זיינען געקומען צו אים האָלטען עצות.

ביי דעם קריגס אויסברוך איז ער אַוועק מיט דער פאַמיליע קיין ראווא רוסקא, פון דאָרט איז ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע פאַרשיקט געוואָרען אויפ׳ן סיביר, נאָך דער באַפרייאונג צוליב דער אַמנעסטיע (לויט׳ן אָפּמאַך מיט דער שיקאָרסקי גלות רעגירונג), האָט ער געוואוינט אין ביסק, ביתו היתה פתוחה לרוחה פאַר יעדען נויטבאַדערפיגטען.

משה איז געשטאָרבען אין דייטשלאַנד נאָכ׳ן קריג, זיין פרוי חנה ע״ה מיט די קינדער פערל אסתר, הערשל און חנינא וואוינען אין ברוקלין.



## מיכל רייז

געבוירען אין טאָמאַשאָוו תרמ״ח געלערנט אין שטיבעל, חתונה געהאַט מיט פיגא שיינדל די טאָכטער פון אהרן וואָלדמאַן פון הרובישאָוו פון די אַנגעזעהנע חסידים. ווי דער מנהג אין יענע יאָרען האָט ער געגעסען קעסט עטליכע יאָר ביז ער איז געשטאַנען צום פריזיוו וואו ער איז באַצייכענט געוואָרען „גאדין״ (דינסטפעאיק), און ער האָט געמוזט אָפדינען 3 יאָר אין רוסישען מיליטער אין יאַראָסלאַוול, די גאַנצע צייט איז ער געווען שטרענג אָפּגעהיטען פון מאכלות אסורות, אין יאָר 1913 איז ער באַפרייט געוואָרען, צוליב דער שווערע עקאָנאָמישער לאַגע איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. דערווייל איז אויסגעבראָכען די ערשטע וועלטס מלחמה, און ער איז פאַר־בליבען ביז איבערן קריג, אַראָפּברענגען די פאַמיליע קיין אַמעריקע האָט ער ניט געוואָלט צוליב אידישקייט פאַר די קינדער, ער איז צוריק געקומען קיין טאָמאַשאָוו און געעפענט אַ שיך קראָם, וואָס אַמיינסטען האָט זיין פרוי וועלכע איז געווען אַן אשת חיל אָנגעפירט און ער זעלבסט האָט זיך אָפּגעגעבען מיט שפּילטערעריי קיין וואַרשא.

די סוחרים האָבען געהאַט צו אים דעם גרעסטען צופערטרויען ווייל ער האָט מקיים געווען דעם עסקת באמונה, זיין וואָרט איז געווען ערליך, און זיין האַנדלונג קאָרעקט, אפילו די ניט אידען האָבען מיט אים זיך באַדינט ספעציעל דער אַפּטייקער פּראַנקא וואָס איז מיט אים געווען פאַר־בונדען געשעפטליך.

מיכל איז געווען אַ בעלזער חסיד און אַ בן תורה, ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט האָט ער געלערנט משניות אַ מדרש אַ חסידיש ספר, קיינמאָל ניט געוואָלט זיך קהל'ן אָדער זיך מישען אין קהל'ישע געשעפטען אַן אויסנאַם איז געווען, דאָס אגודה חדר און בית יעקב וואו זיינע קינדער האָבען געלערנט איז ער געווען פאַרוואַלטונגס מיטגליד און קאַסירער, ווייל זיין גאַנצע שטרעבונג אין לעבען איז געווען צו האָבען אידישע קינדער, און דערפאַר האָט ער פיעל מיטגעאַרבייט צו העלפען אין דער עקזיסטענץ פון אָט די הייליגע מוסדות.

ביי אים אין שטוב פלעגען האָבען אַכסניא די רביים פון בעלזער דינאַסטיע ווי הרב ר׳ פנחס טברסקי, אוסטילער רבי, רבי נחום אהרן רוקח מאגירובער רבי, און אַנדערע.

ביים קריגס אויסברוך זיינען זיי פאַרוואָגעלט געוואָרען קיין קאָוועל און שפּעטער פאַרשיקט געוואָרען קיין אוראל, און נאָכדעם אין מיטעל אזיא, וואו ער האָט פאַרלוירען די פרוי, אין 1946 האָט ער זיך מיט דער פאַמיליע אומגעקערט קיין פוילען פון דאָרט קיין דייטשלאַנד און נאָכהער קיין אַמעריקע.

די עלסטע טאָכטער מיט'ן מאַן און קינדער זיינען אומגעקומען אין קאוועל, זיינע קינדער הירש און אשר וועלכע זיינען אַקטיוו אין יזכור בוך קאָמיטעט און נעמען אָנטייל אין טאָמאַשאָווער רעליעף און די טעכטער טויבא און חנה מיט זייערע פאַמיליעס וואוינען אין ברוקלין. זיין יאָרצייט איז כ"ה שבט.



## העניך קאַך

זיין פולער נאָמען איז געווען חנוך העניך ב"ר שלמה קאַך. געבוירען אין זאַמאָשטש, דער פאָטער איז געווען אַ ראַדזינער חסיד, ער האָט חתונה געהאַט מיט די טאָכטער פון מרדכי יוסף ווערטמאן (מילכיגער) וועלכער איז געווען פון די נאָענטע מקורבים ביים צדיק רבי יהושיע'לע און האָט איהם מיטגענומען נאָך קיין צאַנז און נאכהער קיין שינאווא און ציעשינוב. רבי מרדכי יוסף איז געווען אַ פלאַמענדיקער איד מיט'ן אמת'ן ברען פאַר אידישקייט, ווען אַ געוויסער מיימון פון די זאַמאָשטשער משכילים וואָס האָבען געוואוינט אין טאָמאַשאָוו האָט אָרגאַניזירט אַ טשיטעלנע (ביבלאָטעק) איז ר' מרדכי יוסף אַריין מיט אַ געוואַלד אין שטאָט ביהמ"ד, עס ברענט!!! דער עולם האָט זיך דערשראָקען. האָט ער געשריגען, עס ברענט ניט דאָס האַלץ, נאָר אידישע נשמות, ראַטעוועט איידער אייערע הייזער ווערען פאַר־ניכטעט פון דער טשיטעלניע, ער איז נאָך דעם אַריין מיט אַ פּאָר אידען אין דער ביבלאָטעק און זי פאַרניכטעט, ווען מען האָט איהם שפּעטער אויסגעהאָקט די שויבען האָט ער געזאָגט עס איז אַלעס כדאי, אַבי אויסגע־לאָשען די שריפה...

העניך קאַך האָט באַקומען זיין שולע ביי זיין שווער, און איז טאַקי אויך געווען אַ וואַרימער איד פול מיט שמחה און ברען, ביי יעדען יום טוב און פורים פלעגט ער משמח זיין, ער פלעגט גיין נאָך געלד פאַר אידענס וועגען, אַהיימגענומען אורחים אויף שבת פיל מאָל מעהר לויט זיינע פינאַנציעלע כוחות.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע לאַנגע באָרד, און ווען די האלערטשיקעס זיינען אַריין און 1919 קיין טאָמאַשאָוו, האָט ער געהאַט מסירת נפש ניט צו לאָזען זיך אָפּשניידען די באָרד, אויך ביי די דייטשען איז ער געבליבען דער איינציקער איד מיט אַ באָרד אין שטאָט.

ער איז געשטאָרבען ביי שלמה אקסט אין שטוב זיצענדיג ביי אַ ספר.

זיין פרוי און טאָכטער יוטא זיינען אומגעקומען ביי די דייטשען אין לעמבערג, לייביש ביי די רוסען, לעבען געבליבען איז יצחק און חנה, זיי וואוינען אין ברוקלין.



## הירץ פעלדזען

דער זוהן פון אהרן פעלדזען, הוסיאַטינער חסיד.

ער איז געווען אַ שותף מיט זיין שוואָגער ישראל'קי לערמאַן, וועלכע זיינען געווען די גרעסטע גבירים אין שטאָט, דאָך איז ער ווייטער פאַרבליבען דער פאָלקס מענטש, נישט געבלאָזען פון זיך נאָר זיך געהאַלטען בפשטות געהאָלפען נויטבאַדערפענדיגע ווען מיט אַ ברייטע נדבה און ווען מיט אַ גמילת חסד.

צוליב זיין געזונד צושטאַנד האָט ער ניט אָנטייל גענומען אין געזעלשאַפטליכען ענינים, אַן אויסנאַם איז געווען דאָס אגודה חדר יסודי תורה, וואו זיינע קינדער האָבען געלערנט, ווי ער איז געווען איינער פון די הויפט אָנפירער און האָט זעהר פיל פינאַנציעל געהאָלפען צום עקזיסטענץ פון חדר.

ער איז געווען אַ האַרץ לײדענדער און איז געשטאָרבען אין יונגען עלטער, אין לעמבערג.

זיין פרוי און טאָכטער מלכה זיינען אומגעקומען ביי די דייטשען, איטשע איז פאַרבליבען אין רוסלאַנד, און יונה מיט דער פאַמיליע געפינען זיך אין ברוקלין, יונה איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרס און פירערס פון רעליף קאָמיטעט.



# צום אנדענק פון בעקאנטע

● ש. חאנאוויטש

## משה ווייסלעדער

אָדער ווי ער איז געווען באַקאַנט מיט'ן נאָמען דער שוואַרצער משה. אַ רעליגיעזער איד מיט'ן אמת'ן פאַרצייטישען לבוש און אויסזעהן, אָבער מיט פאַרשטענדינישען פאַר דער פאָדערונג פון דער נייער צייט, אַ סוחר און ערליכער מענטש ביז גאָר, אַ ספּראַווידליווער, וואָס האָט אָהן פּחד געשלידערט יעדען דעם אמת אין פּנים אַריין.

ער מיט דער פאַמיליע האָבען זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד און נאָכדעם עולה געווען קיין ישראל צוזאַמען מיט דער פאַמיליע, וואו ער איז דאָרט געשטאָרבען. אין ניו יאָרק געפינען זיך זיינע קינדער: יהושע, מירל, פייגע, שלמה, און זייערע משפחות וועלכע נעמען אַ וויכטיגען אָנטייל אין דער טעטיגקייט פון די ניי געקומענע אָרגאַניזאַציע.



## אלעזר אדער

אַן אָפּשטאַמיגער פון די עלטסטע בכבוד'סטיגע טאָמאַשאָווער משפחות מדור דורות. ער איז נאָך געפאָרען צום טריסקער מגיד און שפּעטער צום דברי יחזקאל משינאווא און זיין זוהן דברי שמחה מציעשינוב, געדאַווענט אין רבי יהושע'לעס שטיבעל און געווען דאָרט בעל מוסף אין די ימים־נוראים. געווען אַ חסיד'ישער איד זעהר אַ שיינער בעל מנגן. ער האָט געהאַט אַ גרויסער משפחה אַ טייל פון זיינע קינדער האָבען פאַרנומען דעם אויבענאָן אין דער אידישער געזעלשאַפט. זיין זוהן יודעל אַדער, איז געווען אַ גרויסער עושר מיטאינהאָבער פון גרויסען טאַרטאַק, פון די הויפּט אָנפירערס פון דער חברה־קדישא און דאָזאָר אין דער אידישער גמינע. דער צווייטער זוהן משה'לי איז געווען אַ חשוב'ער בעל בית און חסיד'ישער איד. זיין אידים אברהמ'לע גוטווין אַ טריסקער חסיד געפינט זיך אין א"י. זיין אידים רפאל בערגשטיין וואָס איז געווען פון די חסיד'ישע גבירים אין שטאָדט אַ מיטאינהאָבער פון

גרויסען טאַרטאַק, איז אומגעקומען אין זאלקווע צוזאַמען מיט זיין זוהן אברהמ׳לי און פאַמיליע, עס זיינען לעבן געבליבען זיינע זין ישעי׳ און בערל; אלעזר׳ס זין יצחק מרדכי פון ווארשא און יחזקאל פון טאָמאַשאָוו זיינען אומגעקומען.



## אברהם שטיינווארצעל

מען האָט איהם גערופען אברהם נגיד. ער האָט באַקומען דעם נאָמען „נגיד" ווען ער האָט געוואונען נאָך אין צאַר׳ס צייטען אויף דעם לאָטעריע צעטעל, און איז איבערנאַכט געוואָרען אַן עושר. ער האָט דאַן געעפענט אַ דרוקעריי און זיך געקויפט אַ שיין גרויס הויז אויף דער לעמבערגער גאַס. ד״ר שולמאַן האָט געוואוינט ביי איהם. ער איז געווען אַ חסיד׳ישער איד, און האָט געקענט רוסיש און פויליש. ער איז געווען אַ פראשעניע שרייבער, ביי פוילען האָט ער זיך ספעציאַליזירט אין שטייערען און געשריבען רעקורסען, וואָס פון דעם האָט ער געצויגען חיונה. ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע זיינען אומגעקומען אין טאַרנאָפּאָלער געגענט.



## יעקב ארביספעלד

זיין פאָטער איטשעלע, מוניעס זון, איז געווען פון די שאַרפע בעלזער חסידים, און אַלס אַזעלכער האָט ער אים, יעקלען, געגעבן אַ שטרענג רעליגיעז-חסידישע דערציאונג. אָבער די נייע ווינטן וואָס דער ערשטע קריג האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, האָט אים אַוועקגעריסן פון זיין קרייז און ער איז איבער-געגאַנגען צו דער „מזרחי", וואו ער איז געוואָרן איינער פון אירע געטרייסטע סאָלדאַטן, און נאָכדעם פון אירע פירער. ספעציעל האָט ער זיך געווידמעט דעם מזרחי חינוך, און אויף זיין חשבון קען מען צושטעלן דעם סוקסעס און הצלחה פונם מזרחי חדר אין טאָמאַשאָוו. אַלס לערער און מנהל האָט ער דאָרט אַריינגעלייגט זיין מאַרך און ענערגיע פאַר דער עקזיסטענץ און דערפאָלג פונם מזרחי חדר, וואָס האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג.

ער פלעגט אויך אָנטייל נעמען אַלס פאָרשטייער פון מזרחי אין פיל שטאָטישע אינסטיטוציעס אָבער ער איז ניט געווען קיין אַגרעסיווער פאַרטיי מענטש, בכלל בטבע איז ער געווען אַ שטילער, איידעלער מענטש און אַזוי איז ער אויך געווען אין דער פאַרטיי. ליידער איז ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע טראַגיש אומגעקומען דורך די דייטשן.

**ד״ר שולמאן**

אַ מעדיצינער, געשטאַמט פון לעמבערג, און געווען דער ערשטער אידישער דאָקטאָר אין שטאָט זינט פוילנס זעלבסטשטענדיקייט, און אַלס אַזעלכער האָט ער זיך באַליבט אין שטאָט. ער האָט ניט באַלאַנגט צו קיין פּאָליטישער פּאַרטיי און ניט געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך, אָבער פלעגט ליב האָבן צו געבן אַ שיינע נדבה. ער האָט זיך נאָר געווידמעט זיין פּראָפעסיע.

ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און אַריינגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט און איז אומגעקומען אין די באַרימטע קאַטינער וועלדער.



## שבתי — גוט מאָרגן אייך

● ש. ל.

ר׳ שבתי האָט געשטאַמט פון זייער אַ בכבוד׳יקער משפחה, אַליין איז ער אויך געווען אַ יודע ספר און אינטעלעגענטנער מענטש מיט זייער איידעלע מאַניערן. ער האָט יעדן אַנטקעגן געטראָגן אַ העפלעכן גוט מאָרגן מיט אַ ליבלעכן נויג מיט׳ן קאָפּ. אָבער אין זיינע מסחרים האָט ער נישט באַזונדערס מצליח געווען. ער האָט אייניקע מאָל געטוישט די בראַנזשע פון זיין פּרנסה און עפּעס איז עס אים נישט געראָטן. ער איז געווען גאַנץ בכבוד געקליידעט און זיך פאַר קיינעם נישט באַקלאָגט, און דאָך אַרויסגערופן רחמנות געפילן צו זיך. ער האָט זיך ביסלעכוויז איינגעבירגערט ביים עולם ווי אַ לא יוצלח ל״ע. צו וואָס ער נעמט זיך ווערט גראַד דאָס מסחר קאַליע. דאָס איינרעדעניש איז זיך צעוואָקסן אַזוי ווייט אַז מענטשן האָבן געהאַלטן אַז ער שטערט די הצלחה פון יעדן מיט וועמען ער קומט אין באַרירונג, און מ׳האָט מורא געקראָגן אַריינצוכאַפּן אַ „גוט מאָרגן״ פון אים. מ׳האָט אים פּשוט אויס־געמיטן, ווייל מ׳האָט געהאַלטן אַז נאָכדעם ווי מ׳קריגט אַ „גוט מאָרגן״ פון ר׳ שבתי, איז דער טאָג שוין נישט קיין גליקלעכער. ער האָט לעצטנס געהאַט אַ געוועלב אין די האַליעס ווי אַ סך אַנדערע, און גראַד נישט געווען דער אָרעמסטער פון זיי, דאָך איז דער אָבערגלויבן געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן די מענטשן אין שטאָט. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז איינער האָט געוואָלט אַריינקיבעצן דעם צווייטן האָט ער אים געשאָלטן: „שבתי זאָל דיר נאָר אַנטקעגן קומען״. הגם ער איז געווען זייער באַליבט ביי יעדן.



## אדוואקאט מאנדעלטארט

אַ זאַמאָשטשער יונגערמאַן, וואָס האָט פּראַקטיצירט אַדוואָקאַטור אין טאָמאַשאָוו, אויך ער האָט זיך ניט געמישט אין קהל'שע ענינים, נאָר זיך אָפּגעגעבן מיט זיין באַרוף, אָבער איז געווען נאַציאָנאַל געשטימט.



## איטשע בארענשטיין

אלעזר בארענשטיינס זון, וואָס האָבן זיך גערעכנט קרובים מיטן ראַדזינער איזביצער הויף. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ חסידישער יונגערמאַן און חתונה געהאַט אין לובלין צו אַן עכט חסידיש הויז, האָט אַפילו אָנגעטאָן אַ שטריימל צו דער חתונה. נאָר די נייע ווענדונג פון דער ערשטער מלחמה האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ וועלטלעכן יונגערמאַן, ער איז אויך געוואָרן פון די גרויסע גבירים אין שטאָט, האָט פאַרמאָגט אַ שניט קראָם פון די גרעסטע אין געגנט. אויך איז ער געווען איינער פון די ציוניסטישע פירער און איר ערשטער פאָרשטייער צו דער אידישע גמינע אָבער זיין מהות איז ניט געווען פון אַ פּאַרטיי מענטש. ער פלעגט אָנטייל נעמען אין אַלע אידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מיט אַ ברייטער האַנט. זייער פיל האָט מיטגעהאָלפן זיין יונג פאַרשטאַרבענע צאַרטע פרוי מינטשעלע, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט זיין הויז אין אַן אַריסטאָקראַטיש הויז און האָט זיך אויך באַמיט אָנצוהאַלטן איר גייסטיקע ירושה, טראָץ דעם וואָס זייערע קינדער זיינען געגאַנגען אין גימנאַזיום זיינען זיי געווען מאָדערן רעליגיעז. זייער עלטסטע טאָכטער,ביילע, איז געוואָרן די שנור פון יעקב לעדערקרעמער פון די נכבדים אין שטאָט. ליידער איז קיינער פון זיי ניט געבליבן, נאָר זיין געוועזענער איידים: יצחק לעדערקרעמער.



## אלי' שטרוזלער

אַ איד פון פאָלק, אַ בוימייסטער, זייער אַ גוטער בעל מלאכה און אַ קלוגער ערלעכער מענטש. ער האָט ווייניק געלערנט אין דער יוגנט אָבער האָט פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענע אינטעלעגענץ און זעלבסטבילדונג. ער איז געווען פון די חשוב'סטע עסקנים אין האַנדווערקער פאַראיין און אַנערקענט און באַליבט אין אַלע קרייזן און שיכטן פון שטאָט פאַר אַן ערלעכן און אויפריכטיקן האָכאַנשטענדיקן מענטשן וואָס איז ווערט אַכטונג און כבוד.

## ארי' לעווענפּוס

אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט האָט ער געאַרבעט אַלס באַאַמטער אין מאַגיסטראַט. זינט די ניי דערווײלטע זעלבסטשטענדיקע אידישע קהלה איז ער געוואָרן איר סעקרעטאַר, וואו ער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז פּוילנס צוזאַמענבּרוך. ער איז געווען פון די פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט.



## יחזקאל קאפּענבוים

סטאָליער פון פאַך, אַ פּאַרצייטיקער טיפּ בעל מלאכה, מיט באָרד און פּיאות און שומר תורה ומצות, געווען פון די חשוב׳סטע פאַרשטייער פון האַנטווערקער פאַראיין אין די שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.



## אליעזר דארענפעלד

סעקרעטאַר פון שטאָטישן מאַגיסטראַט (אַן אַמט וואָס איז געווען פון די געציילטע אין פּוילן וואָס איז באַקליידעט געוואָרן דורך אַ איד). ביי פּוילנס אַנטשטעאונג האָט דעם אַמט פאַרנומען יעקלי דארענפעלד, ער איז באַלד אַוועק קיין אַמעריקע, האָט ער דאָס איבערגענומען און אָנגעהאַלטן ביז האַרט פאַרן קריג, וואָס צוליב דער אזאַן פּאָליטיק איז ער באַזייטיקט געוואָרן. זיין זון לייבל איז גע׳הרג׳ט געוואָרן אין דעם בלוטיקן דאָנערשטיק דורך די דייטשע באָמבערס. ער מיט דער פאַמיליע זיינען אַוועק קיין ראַווע רוסקא און דאָרט אומגעקומען.



## פייבעל האלץ

**גרינדער** און איינער פון די הויפּט פירער פון **פּועלי־ציון באַוועגונג אין טאָמאַשאָווער קרייז.**

געבוירן אין יאָהר 1894 אין טאָמאַשאָוו ביי בעל־בתישע רעליגיעזע עלטערן, ער האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע ערציהונג, געלערנט אין פּריוואַט רעליגיעזע חדרים, ווי דער שטייגער אין יענער תקופה, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז ער געוועזן איינער פון די ערשטע פּיאָנערן צו פאַרשפּרייטען דעם ציוניסטישען געדאַנק צווישען דער אויפ־

וואַכענדער אידישער יוגענט, און מיטן גאַנצן פייער פון זיין יונגער פילבאַרער ברויזענדער נשמה האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אידעאָלאָגישער אַרבייט און האָט געגרינדעט די פועלי ציון באַוועגונג, אין איז געבליבן איינער פון אירע דינאַמישע פירער ביז׳ן לעצטן טאָג.

די פּאַרטיי האָט איהם אַלע מאָהל אַרויסגעריקט אין פאָדערגרונט אַנטייל צו נעמען אַלס איר לעגיטימער פאָרשטעהר אין אַלע קהל׳ישע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, ווי ער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט אַלס ראַטמאַן אין שטאָט ראַט, ווי ער איז געאַכטעט געוואָרען אויך פון די ניט אידישע ראַטמענער.

ער איז פאַררעכענט געוואָרן אַלס אידעאָלאָג פון דער פּאַרטיי אין שטאָט, ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטען מיט אידעאָלאָגישע רעפאַראַטען ספעציעל האָט אים געהאָלפען זיין שאַרפקייט און אויפבליצענדע געדאַנקען צו אַפּאָנירען געגענערישע רעדנער, וואָס אין די יאָרען פון שטורם און דראַנג האָט דאָס פאַרנומען אַ גרויס אָרט ביי דער אידישער יוגענט אין די פּראָווינץ שטעטלעך.

זיין כח בלוט און מאַרך און פולער ענערגיע האָט ער געשאָנקען פאַר דער פּאַרטיי, פאַר וואָס ער איז זעהר געאַכטעט געוואָרען.

בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אַ פּאָר טעג נאָך ראש השנה ת״ש, האָבען די דייטשען פאַרנומען פייבלען מיט זיינע 2 זיהן, און יודא גאָלדמאַנ׳ס 2 זיהן לייביש באַריקס אײדים און ליפּאַלי קרעשיוועך א.א. וו. און זיי האָבען זיי אָוועקגעפירט פון שטאָט מיט׳ן בעלזיצער וועג, און ליידער זיך מער נישט אומגעקערט, אונטער וועלכע אומשטענדען און ווי זיי זענען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער איז אומבאַקאַנט הי״ד.



## אברהם יצחק בלאַנדער

אַן אָנגעזעענער איד, אַן איידעם פון ר׳ ישראל סיני׳ס, פון די עסקנים און דאָזאַרעס פון דער אידישער גמינע, כלל טוער. אין דער ערשטער מלחמה האָט ער מצליח געווען און האָט אויפגעבויט דעם טאַרטאַק וואָס איז גערופן געוואָרן ביז צום חורבן בלאַנדערס טאַרטאַק.

זיין זון משה, היינט אין ישראל, איז געווען פון די רעוויזיאָניסטישע עסקנים און זייער פאָרשטייער אין קהילה, אַן עסקן ציבורי ביזן היינטיקן טאָג.



# די זקנים אין שטאדט

● ש. ליכט

## דער אַלטער העשל

אַזוי האָט מען גערופן ר׳ אברהם יהושע העשל שלאַגבוים, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַפּטער רבי׳ן דעם אוהב ישראל. ער איז געווען אַ איד אַ שתקן און איש מכובד. ער איז נאָך געפאָרן צום נעשכיזער רבי׳ן ר׳ איציקל און צום אַלטן טריסקער מגיד, און נאָכדעם צום קוזמירער רבי׳ן ר׳ מרדכי׳לע.

ער האָט געהאַט 2 זין, ר׳ שמואל, וואָס זיינע קינדער געפינען זיך אין ישראל און אין אַמעריקע דניאל שלאַגבוים, און יעקלי שלאַגבוים מיטן זון יצחק שלאַגבוים, וואָס געפינען זיך אין טאָראָנטאָ. זיי זיינען געווען פון די חשוב׳ע קיעלצער חסידים און אָנגעזעענע בעלי־בתים אין שטאָט.



## דער אַלטער יעקאַלע

אָדער ווי מען האָט אים גערופן יעקאַלע בראַפּמאַן, פון די ראַדזינער חסידים. ער פלעגט שוין לייענען יעדן טאָג די אידישע צייטונגען און זיך אינטערעסירט מיט וועלט נייעס. די קינדער האָבן געהאַט אַ שענק אויף קאַשטשעלנאַ און זיינען געווען חשוב׳ע בעלי־בתים.



## דער אַלטער שמואל מיכעלעס (באַדענשטיין)

אַ בעלזער חסיד, וואָס טראָגט זיין טיפן עלטער איז ער אין די נייב־ציקער יאָרן נאָך געפאָרן מיט אַ וועגעלע קיין בעלז. זיין זון מעכעלע איז גע׳הרג׳ט געוואָרן ערב סוכות פון עלעקטרישן שטראָם. און דער אינגסטער איציק איז אין ניו יאָרק.



# אמצבה פאר בעקאנטע און פריינד

● ש. ליכט

## אלטער שטול

אַ חשוב׳ער בעל בית, בעלזער חסיד, פיש סוחר, געווען אַן עוסק בצרכי ציבור, חבר הועד פון שטאָטישער תלמוד תורה, פאַרשטייער פון דער אַגודה אין מאַגיסטראַט. ער האָט ליב געהאַט אַ טובה צו טאָן, פלעגט באַרגן אידן אַ גמילת חסד און געהאַט אַ ספּעציעלן בוך דערויף.



אלטער שטול און זיין פרוי סימא

ביי אים האָבן געהאַט אַכסניא פיל רביים, ספּעציעל פון דער בעלזער דינאַסטיע ווי די מאגיראווער רביים רבי ארי׳ לייבוש רוקח פון ראווא רוסקא און זיין זון רבי נחום אהרן פון לעמבערג. ער איז געווען פון די אָנגעזעענע אידן אין שטאָט און אויך זייער נאָענט צו די ציעשינאָווער חסידים. זיי זון עוזר וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער „צעירי אגודת ישראל״ געפינט זיך היינט מיט דער פאַמיליע אין חיפה, ישראל.



## ר׳ נתן ניי

פון די עליטע אין שטאָט, אַ איד אַ למדן אַפּקח, אַ גביר און נדבן, גערער חסיד און קרוב פון קאָצקער רבי׳ן. אַלע קינדער תלמידי־חכמים און לומדים. ער איז געווען דאָס פּענדל פון שטאָט.



## שמואל לובערט

אַ געבוירענער אין בריסק, נתן ניי׳ס אַן איידעם, אַ איד מיט אַ שאַרפן קאָפּ און גרויסער למדן און גערער חסיד. נאָכן ערשטן קריג איז ער געוואָרן אַ יורד ל״ע, אָבער טראָץ דעם איז ער געבליבן אַן עסקן, פון די אגודה פירערס.

ווען אין שטאָט איז אַראָפּגעקומען די נאָוואָראָדאָקער ישיבה האָט ער זיי גע׳רודפ׳ט ביז ער האָט זיי משלח געווען. מען האָט אים גע־פרעגט: היתכן, פאַרוואָס? האָט ער געענטפערט: ווייל זיי זיינען ליטוואַ־קעס, און אַ ליטוואַק האָט אַ צלם אין האַרץ. — ר׳ שמואל, פון וואַנען ווייסט איר? — האָט ער געענטפערט: איך בין דאָך אַליין אַ ליטוואַק, ווייס איך געניי...



## אלי׳ חיים גרשנ׳ם

אַ געהויבענער בעלזער חסיד, אַן עסקן במצות ורודף צדקה, פון די געציילטע אנשים חשובים אין שטאָט, אַ גרויסער קנאי, וואָס האָט לוחם געווען קעגן יעדן מינדסטן אָפּנויג פון אידישן דרך אָדער מנהג. ער איז געווען אַ גרויסער איש המעשה און געאַכטעט ביי דער גאַנצער שטאָט.



## מענדלי טעפּלער

אַ גערער חסיד, אַ גאַנצע וואָך געדאַוונט און געלערנט אין גרויסן בית המדרש, געווען דער הויפּט באַזאָרגער פון קנין ספרים, זייער אַ ליבלעכער מענטש, תמיד האָט געשיינט דער שמייכל אויף זיין פּנים. זיין פרוי רחל איז געווען די עקרת הבית און די הויפּט סוחר׳טע, און ער

האָט עוסק געווען בתורה וצדקה. אַ זעלטענער בעל מידות, האָט ניט אָנטייל גענומען אין קיין שום מחלוקה אָדער פּאָליטיק אין שטאָט.

זיינע זין, גדלי׳ שלום און ישראל׳קע, זיינען געווען בכבוד׳יקע חסידי־שע בעלי בתים וועלכע זיינען געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זייער פאָטער. זייערע קינדער זיינען ב״ה געבליבן לעבן און זיי געפינען זיך אין אַמעריקע און ארץ ישראל, און פאַרנעמען אַ בכבוד׳יק אָרט צווישן דער שארית הפליטה פון טאָמאַשאָוו.



## דודל גאָלדשטיין

פון די הויסאַטינער חסידים, זייער אַ בכבוד׳יקער און ערלעכער מענטש, ער האָט מצליח געווען אין מסחר און געהאַט זייער געראָטענע קינדער און האָט זיך משדך געווען מיט רבנים און חשוב׳ע אידן פון דער מדינה און איינגעהאַנדלט לייטישע איידימס און שניר. זיינע קינדער און אייניקלעך זיינען געווען פון די שענסטע מענטשן אין שטאָט, עשירים און חסידים, עסקנים ואנשי מעשה. זיינע זין: ישעי׳, יעקלי, ישראל הירש, און יבדלו לחיים, ר׳ ברוך גאָלדשטיין, אַ איד אַ למדן און חסיד, אַ וואונדערבאַרער האַרציקער חסידישער בעל תפילה, היינט אין ברוקלין, ר׳ נתן, אין ארץ ישראל.

זיינע איידימס: ארי׳ העלער, דעם פראמפאלער רב׳ס זון, ליפּא האַניקספעלד, אַ תלמיד פון מאציוווער עילוי און אַליין אַ גרויסער תלמיד חכם, מאָטל האַכמאַן, אַ איד אַ למדן און יעקב ווייסער. אויך זייערע קינדער זיינען שוין געווען פון די בכבוד׳יקסטע בעלי בתים. צווישן זיי דער באַקאַנטער פאַרדינסטפולער לאַנגיאָריקער מזרחי עסקן און געוועזענער קהלה פּרעזעס, היינט אין ישראל, ר׳ חיים יוסף לערער. אַ טייל פון זייערע אייניקלעך זיינען געראַטעוועט געוואָרן און געפינען זיך אין אַמעריקע און ישראל.



## ראובלע חייטשעס (גאַרטלער)

אַ איד וואָס האָט שווער געהאָרעוועט אויף פרנסה, אָבער נאָך אַ גרעסערער בעל עבודה אין אידישקייט. יעדן טאָג פלעגט ער אויפשטיין פאַרטאָג און גיין אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבל דאַווענען און לערנען, אַ איד אַ שמח בחלקו. זיין גאַנצן כוח האָט ער אַריינגעלייגט צו דערציען זיינע קינדער אויפן פאַרצייטיקן חסידישן שטייגער, און דאָס איז אים טאַקע

געלונגען. זיינע צוויי זין דוד און יצחק גארטלער זיינען געווען דורכגע־ווייקטע חסידישע יונגעלייט, ציעשינאָווער חסידים, מיט דעם עכטן חסידישן ברען, וואס אַ חוץ לערנען און חסידות האָט זיי גאָרנישט אינטערעסירט. זיי האָבן שוין געהאַט קינדער בחורים ווי די בלומען וואס האָבן כסדר געלערנט אין צאַנזער שטיבל. ליידער איז קיין איינער פון זיי ניט געראַטעוועט געוואָרן.

## פסח פוטער

געהאַט אַ קליין שפייז געוועלבל, אָבער ער האָט זיך ווייניק אָפּגעגעבן דערמיט, מיט פּרנסה האָט זיך באַשעפטיקט זיין ווייב יהודית, און שפּעטער די קינדער, ער איז געפאָרן קיין שינאווא צום דברי יחזקאל, און דאָרט אָפּזיצן חדשים און דאָס זעלבע שפּעטער קיין ציעשינאָוו צום בעל דברי שמחה, און די צייט וואס ער איז געווען אין דער היים איז ער מערסטנס געווען ביי הרה"צ ר׳ יהושע׳לע און זיין זון ר׳ יוסף לייביש זצ"ל, און געגאַנגען נאָך געלט פאַר אידנס וועגן. ער איז געווען דאָס גוטסקייט אַליין, זיינע צוויי שוואַרצע לאַכענדיגע אויגן האָבן אַרויסגעשיינט פון זיין ווייס פּאַטריאַרכאַלען געשטאַלט. ער איז ביי זיך געווען אַן עניו אַפילו פאַר אַ קליין אינגל, אַ איד אַ בעל מידות וואס האָט תמיד עוסק געווען בתורה ועבודה. פון זיינע קינדער זיינען אַ טייל אין אַמעריקע און אַ טייל אין ישראל.

## ישראל׳קע לערמאַן

אַ בעל־בתישער איד, בעלזער חסיד, פול מיט ענערגיע און אייג־געבאָרענע חכמה מיט אַ וואַרעם אידיש האַרץ. ער מיט זיין שוואָגער הירץ פעלדזען, וועמענס שוועסטער יאַכיד איז געווען ישראל׳קעס פרוי, זיינען געווען פון די גרעסטע גבירים אין שטאָט. זיי האָבן שטאַרק מצליח געווען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן געהאַט דאָס גרעסטע קאַליניאַל געשעפט אין גאַנצן פּאָוויאַט, ווי אויך האָבן זיי געבויט צוזאַמען מיט בירך קעסלער די מיל אין בעלזשעץ.

ישראל׳קע איז טראָץ זיין גרויס גבירשאַפט פאַרבליבן דער פאָלקס־טימלעכער איד. ער האָט זיך ווייטער גוטברודעריש פאַרהאַלטן מיט אַלע. ער האָט ליב געהאַט אַ גוט ווערטעלע אַפילו ווען מען האָט עס אים אריינגעזאָגט, אַבי דאָס ווערטל איז געווען שאַרף און שפּיציק...

קיין אָפּיציעלע אַמטן האָט ער ניט געוואָלט אָננעמען, וואָס ווי פאַרשטענדלעך האָט מען דאָס אים אָנגעטראָגן. ער האָט זייער פיינט געהאַט זיך צו קהל׳ן. אָבער גרויס פאַרשטענדעניש געהאַט פאַר אינדיווי־דועלע הילף, פערזענלעך אַרויסהעלפן אַ איד, מיט אַ שיינע נדבה אָדער אַ גמילות חסד.

ער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף אַ סטראָק. די ערשטע זאַך האָט ער געגעבן אַ באַפעל אַלע משכנות צוריקצוגעבן אומזיסט. ווען דער ציעשינאָווער רבי האָט אים מבקר חולה געווען, האָט ער געווינט: רבי, זייט מתפלל, לא אמות כי אחיה, כ׳וויל נאָך לעבן, ווייל נאָך מענטשן וועלן עפּעס האָבן פון מיין לעבן. אָבער, ליידער, איז ער געשטאָרבן אין די פריע פופציקער.

פון זיינע קינדער האָבן זיך געראַטעוועט: פעשא און איר מאַן הירש מלך גלאַנצער מיט די קינדער, שלמה׳לע, יונה וואָס האָט אין די צוואַנציקער 20־ער יאָרן געלאָזט שטיין דעם פאָטערס פאַרמעגן און אַוועק קיין ישראל אַלס חלוץ, היינט אין אַמעריקע. דער אינגסטער, שמואל, האָט זיך געראַטעוועט ביי די דייטשן אין די וועלדער, היינט אין וויינלאַנד, אַמעריקע.

ישראל׳קי לערמאַן איז געווען אַ שם דבר אין טאָמאַשאָוו, און אַלע האָבן שטאַרק באַדויערט זיין יונגן טויט. נאָך זיין לוי׳ איז נאָכ־געגאַנגען די גאַנצע שטאָט, ווי אויך זיינען ספּעציעל געקומען מענטשן פון דער געגנט אים אָפּגעבן זיין לעצטן כבוד.



## אַנשל שור

געבוירן און דערצויגן אין טאָמאַשאָוו. פון דער פריסטער יוגנט האָט ער געהאַט אַ נייגונג צום ריידן, ער פלעגט אַרויפגיין אויפן שטיבל בוידעם און זיך איינהילן אין אַ טלית און ריידן מיטן עכטן מגיד׳ישן ניגון און נוסח. צו זיין יוגנט חבר מיכל יודא פלוג פלעגט ער זאָגן, אַז ווען איך היל זיך איין אין טלית, זע איך אין מיין פאַנטאַזיע אַ פול־געפּאַקטע שול אָדער בית המדרש, מיט הונדערטער צוהערער.

די בחורים פלעגן אים וואַרפן האַנטעכער, אָבער דאָס האָט אים ניט צוריקגעהאַלטן פון מאַכן איבונגען צום ריידן, ווי עפּעס אַן אינער־לעכער דראַנג וואָלט אים געשטויסן צו דער בימה. קיין גרויסער למדן איז ער ניט אויסגעוואַקסן, אָבער די אָראַטאָרישע קונסט האָט ער אין זיך אַנטוויקלט. בכלל איז ער געווען זייער אַ שיינער, הויך און פעסט-געבויטער מאַנספאַרשוין, דאָס וואָס מען רופט ביי אונז אין אַמעריקע „פערסאָנאַליטי“. ער האָט חתונה געהאַט קיין בילגוריי.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער קריג איז ער אַוועק אין טיף־רוסלאַנד, וואו ער איז געוואָרן טעטיק געזעלשאַפטלעך אין די פאַרשידענע הילפס־קאָמיטעטן פאַר די ביעזשניצעס. דאָרט איז ער געקומען אין באַ־רירונג מיט דער מאָדערנער אידישער וועלט פון וועמען ער האָט זיך געלערנט די מאָדערנע רעטאָרישע קונסט, עס האָט זיך ביי אים געשאַפן אַ סינטעז צווישן מגיד־מטיף און רעדנער, בעסער געזאָגט: אַ מאָדערנער מגיד.

ער איז ניט געוואָרן קיין „פיעכאָטנע־מגיד״, נאָר אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר דער אגודה, וואָס האָט אים באַצאָלט אַ סטאַביל געהאַלט אַרומצו־פאָרן אין די פּוילישע קליינע שטעטלעך צו אָרגאַניזירן אגודה צווייגן. שפּעטער איז ער געוואָרן דער אָפיציעלער משולח פון דער „מתיבתא״ אין וואַרשע, וואָס זי האָט אים געשיקט קיין אויסלאַנד זאַמלען געלט. שפּעטער איז ער געפאָרן פאַר אַנדערע אינסטיטוציעס. ער האָט שוין געהייסן הרב אשר אנשיל שור. ער האָט אַלעמאָל געהאַט אַ גרויסן סוקסעס אויף דער „בימה״.

אין אַ פּריוואַטן שמועס האָט ער געזאָגט, אַז דאָס האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם טאָמאַשאָווער שטיבל בוידעם מיט די בחורים, כאָטש זיי האָבן אים דעמאָלט געוואָרפן האַנטעכער...



## אליעזר בערגענבוים

אַן איינגעוואָרצלטער און אָפּשטאַמיקער פון טאָמאַשאָוו מדור דור, אַ איד אַן עושר און בעל צדקה פון די בכבוד׳יקסטע בעלי בתים אין שטאָט. ער איז געווען פון די געציילטע חשוב׳ע מענטשן אין שטאָט וואָס האָט ניט באַלאַנגט צו קיין חסידים שטיבל, ער האָט געדאַוונט אין גרויסן בית המדרש, אָבער זיך באַטייליקט אין יעדן דבר טוב וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אַנדערע בתי מדרשים. זייער אַ שטילער מענטש, פון די גרעסטע תבואה סוחרים אין געגנט. אַן אַריסטאָקראַטישער מענטש, געהאַט זייער חשוב׳ע קינדער.

זיין אידים איז דער באַוואוסטער געזעלשאַפטלעכער עסקן און לאַנג־יאָריקער פּרעזעס פון דער קהלה, מר שמואל שיפּלינגער, ער, מיט זיין שוואָגער יעקב בערגערבוים און קינדער, געפינען זיך אין אַמעריקע.



# שטיבעל יונגעלייט

• ש. ליכט

## מאָטיל פוש

משה לעסערס זוהן, וואָס ער איז געווען שמש און חזן שני אין דער גרויסער שוהל, ר׳ משה לעסערס איז געווען אַן איידעלער איד און האָט געהאַט טייערע קינדער, זיין זוהן מאָטיל איז געווען ספּעציעל אַ געראָטענער, קלוג און שיין מיט אַ שאַרפען קאָפּ אַ מתמיד און חסיד, געלערנט אין רבי יהושיע׳לעס שטיבעל און פון ציעשינאָווער רבינ׳ס גוואַרדיע, ער איז פאַרעכנט געוואָרען אַלס איינער פון די בעסטע בחורים, ער האָט חתונה געהאַט קיין קאַרטשין וואו ער האָט פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין געזעלשאַפטליכען לעבען, דאָרט איז ער אומגעקומען מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

## יחזקאל׳י זכרי׳ם

דער זון פון זכרי׳, און איידים פון שלמה אַקסט. פון די געציילטע בחורים וואָס נאָכ׳ן ערשטען קריג זענען זיי געבליבען טריי צו תורה און חסידות, ניט באַאיינפלוסט פון די אַלע נייע לאָזונגען און ווינטען וואָס זיינען שוין אַריינגעדרינגען אַפילו צו זיי אין שטוב, וואָס זיין שוועסטער גיטעל׳י איז געווען אַ פייערדיגע ציוניסטקע (די פרוי פון פישעל פלוימענבוים) פון די חשוב׳סטע חסידישע לומד׳ישע בחורים אין רבי יהושיע׳לעס שטיבעל און זייער מדריך, נאָך דער חתונה האָט ער געדאַוועגט אין ציעשאָנאָווער שטיבעל וואו ער איז פאַררעכנט געוואָרען פון די חשוב׳סטע יונגעלייט.

## יוסעלי געלבער

ווען דער קליינער יוסעלי איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער באַבערד־עלטער בחור, פון די אָנגעזעהנע חסיד׳ישע לומדים אין רבי יהושיע׳לעס שטיבעל, איז ער געבליבען ביים נאָמען דער קליינער יוסעלי, ווייל ער איז טאַקי געווען זעהר קליין געוויקסיג פיזיש, אָבער זעהר גרויס אין מעלות און מידות, אַ גרויסער תלמיד חכם און אַ גרויסער חסיד ויירא שמים.

געבוירען ביי אָרימע עלטערן וואו ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט עסען צו דער זעט, אַזוי האָט ער אויך ניט געהאַט אַ זעטיגקייט אין לערנען תורה, וויפיל ער האָט געלערנט איז איהם אַלץ געווען צו ווייניג, ער האָט פשוט געשלינגען בלעטער גמרא, די בעלי בתים פון רבי יהושיע׳לעס שטיבל האָבען איהם געגעבען טעג, און ער איז געוואַקסען ניט פיזיש נאָר גייסטיג. ער פלעגט זיין חסידישען דורשט לעשען ביי די טישען און תפלות פון ציעשינאווער רבי׳ן ז״ל ווי אויך פלעגט ער פאָרען טיילמאָל קיין בעלז, ער האָט חתונה געהאַט קיין קאַרטשין גאַליציען, וואו ער איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.





דער קליינער יוסלי ; זיין מוטער שרהלע און צוויי שוועסטער

# סיני פרידלענדער

## איינער פון די שטעטלשע יונגע לומדים

● **לאה הערציג**, טאראנטא

**געבוירען** אין אן ארימע יחוס׳דיגע היים. פון זיין פאטערס צד — א נאענט אייניקעל פון הרה״ג ר׳ ליבוש חריף, באוואוסט אלס פלאצקער רב זצ״ל.

פון קינדווייז אויף האט ער ארויסגעוויזן התמדה אין לערנען. אין דער ערשטער ישיבה צייכענט ער זיך אויס אלס איינער פון די בעסטע תלמידים פון ר׳ נתן מלמד, ביי דעם גרויסען שטאטישען פארהער, וואס איז דאן פארגעקומען ביי א סיום מסכתא.

אין די עטליכע יארן פונ׳ם ערשטען וועלט קריג, ווען דאס לערנען איז כמעט אינגאנצען אפגעשטעלט געווארען, ווארפט ער זיך מיט דער זעלבער התמדה צו דער מאדערנער אידישער ליטעראטור. ביי די עלטערן ווערט ער שיער נישט פארעכענט פאר א „פארלוירענעם״ ד. ה. אראפ פון דרך הישר. אבער ער געפינט זיין וועג צוריק צום לימוד התורה און ווערט איינער פון די טיפישסטע חסידישע בחורים וואס מ׳האט לעצטענס געקענט זעלטענס טרעפען. זיין פרומקייט און חסידות דערווייטערן אים פונ׳ם ברויזענדען ארום. זיין ארט איז שטענדיג אין ר׳ יהושע׳לעס שטיבעל ביי א גמרא אדער א ספר. ער העלפט אויך ארויס אין דעם סאדע געוועלבל פון זיינע עלטערן. פון דער נאטור איז ער אן אויסערסט גוטמוטיגער מענש. איך ווייס נישט צי ער האט אין זיין לעבען אמאל מיט וועמען זיך געקריגט. בכלל איז ער געווען א בעל מדות, געגאנגען יעדען אויס׳ן וועג.

ער איז זיך משדך מיט א שעהנער משפחה פון טישעוויץ, (זיין שווער ר׳ אלעזר לערנער איז א איד א תלמיד חכם), וואו ער באזעצט זיך. אויך דארט אין טישעוויץ טרעפט מען אים אין די נעכט אין בית המדרש ביי א גמרא.

אין דער צייט פון דער היטלער אקופאציע לאזט ער זיין פרוי חוה׳לע מיט זייער טעכטערל אין טישעוויץ און ער אנטלויפט קיין ראווע צו די רוסען. פון דארט ווערט ער פארשיקט צום וייטען צפון וואו עס פריען אים אפ די פינגער פון די פיס אין די ארכאנגעלסקער וועלדער ביי דער ארבעט.

נאָך דער באַפרייאונג פון דער פאַרשיקונג לאָזט ער זיך אָן אַפּגעשוואַכטער אין טשימקענטער געגענד אין מיטל-אַזיע אין שטעטל לענגער וואו זיין נשמה געהט אים אויס אויף די הענד פון זיין עלטערער שוועסטער רעביל, אין ב׳ מרחשון תש״ב.

דער קאָלכאָז וואו ער האָט געאַרבעט גיט אים אַפּ פיר איילען ערד וואו ער ליגט אָפּגעזונדערט אַליין טויזענטער מיילען אַוועק פון זיין געבורטס-אָרט און פון זיינע לעבענגעבליבענע נאָענטע.

ווען דער טאָג פון נקמה וועט קומען זאָל אויך זיין יונג פאַרשניטען לעבען אַריינגעהן אין רעכנונג.



## פריידע טייערשטיין

• **רעביל פרידלענדער,** טאָראָנטאָ

די טאָכטער פון ר׳ שבתי פרידלענדער. זי איז געווען ערלעך און גאָטספאַרכטיק. געהאַט אַ טיפע ידיעה אין דער מאָדערנער אידישער ליטע-ראַטור. זי שליסט זיך אָן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביים אָנהויב פון איר אויפקום אין אונזער שטאָט. נאָך דער חתונה פירט זי מיט איר מאַן דוד אַ סאָדע- און טיי-געוועלב אין די האַליעס. אין קריג אַנטלויפט איר מאַן קיין ראָווע פון וואַנען ער ווערט פאַרשיקט קיין סיביר. עלנט און איינזאַם גייט ער שפּעטער אויס אין סאַמאַרקאַנד, מיטל אַזיע, פון הונגער און קראַנקייט. זי, פריידע, איז געבליבן מיט אירע 2 קינדערלעך, שלמה אלעזר און זלאַטעלע, אין טאָמאַשאָוו, צוזאַמען מיט די עלטערן. פון דאָרט זאָל זי האָבן אויסגעזידלט געוואָרן קיין טשעשאַנאָוו און דערנאָך קיין בעלזעץ אין די גאַז-קאַמערן. פון די קינדער איז קיין שפור נישט געבליבן.



## שרה דבורה פרידלענדער

אַנטלאָפן פון די דייטשן קיין ראָווע רוסקע, דאָרט חתונה געהאַט פאַר יוסף לאַנאייל. ביידע זיינען דאָרט אומגעקומען דורך די דייטשע קאַניבאַלן.



# משולם בארג

י. מ.

געבוירען אין טאמאשאוו אין 1910 ביי זעהר ארימע עלטערן. געלערנט קינדווייז ביי פריוואטע מלמדים אין חדר. צוליב ארימקייט געהט ער זעהר יונג ארבעטען שניידעריי. זייענדיג רירעוודיק און דינאמיש ווארפט ער זיך מיט'ן גאנצען פייער פון זיין אינגער נשמה אין געזעלשאפטליך פארטייאישען געראנגעל, פריער אין החלוץ און נאכהער אין די רייען וואס גלויבען אין דער באפרייאונג פון דער גאנצער מענשהייט דורך א סאציאלער רעוואלוציע.

אין 1939 ווערבירט ער זיך מיט זיין מוטער קיין אוקראינא אויף ארבעט. נאך היטלער'ס אנפאל אויף רוסלאנד שליסט ער זיך אן, אין כערסאן, פרייוויליג אין דער רויטער ארמיי, צו קעמפען מיט זיין אייגען לעבען געגען די היטלערישע בעסטיעס. אין 1942 פאלט ער אין די שלאכטען ביי ראסטאוו ביים דאן.

זייענדיק פון דער נאטור א גוט־מוטיגער מענש האט ער סיי פריוואט סיי געזעלשאפטליך געלעבט פאר אנדערע פריער ווי פאר זיך ביז די דייטשע רשעים האבען פארשניטען זיין יונג לעבען.

ער האט פארענדיקט זיין לעבען מיט א מות קדושים.

זאל זיין אנדענק זיין געהייליגט.

משולם בארג

# טיפען

## יוסל וואסערטרעגער

ש. ליכט ●

ריכטיק האָט ער געהייסן יוסיל שיינער (אַ ברודער פון חיים יעקב שיינער, איינער פון די אויפגעקומענע גבירים נאָכן ערשטן וועלט־קריג און קיעלצער חסיד). יוסיל וואַסערטרעגער, אַ הויך געוויקסיקער און ברייט־ביייניקער יונגערמאַן, האָט געטראָגן דעם פאַלגע אידישן לבוש, די באָרד ניט געשוירן, לאַנגע שוואַרצע מלבושים מיט אַ שוואַרץ חסידיש־היטעלע אויפן קאָפּ.

אָבער דערמיט איז ער ניט געווען קיין אויסנאַם צווישן די וואַסער־טרעגער, ווייל פיל פון זיינע פאַך־קאָלעגן האָבן געטראָגן דעם זעלבן לבוש. אָבער יוסיל איז געווען אַן אויסנאַם מיט זיין ערלעכקייט און תמימות'דיקע אויפפירונג. פשוט און האַרציק און ערלעך ביז גאָר, און ווייניק גערעדט.

ספּעציעל איז ער שטאַרק נזהר געווען ניט אַרויסצולאָזן פון מויל חס וחלילה אַ ליגן. ער האָט זייער אָפט געליטן בכדי ניט צו זאָגן אַ וואָרט שקר. ער האָט אויך זייער שטאַרק אַכטונג געגעבן אַז די וויאַדרעס וואַסער זאָלן זיין פול אָנגעפילט, און עס זאָל פון זיי ניט אַראָפּגיסן קיין קראַפּליע אויפן וועג.

ווינטער ווען עס איז געווען גליטשיק און עס איז אוממעגלעך געווען צו טראָגן 2 שווערע פולע קאַנען וואַסער, אָדער עס האָט זיך אויפן וועג אַביסל אויסגעגאָסן, פלעגט ער צוברענגען נאָכאַמאָל בחינם. און ווען די בעלי־בתים האָבן דווקא געוואָלט אויך פאַר דעם איבעריקן מאָל וואַסער־ברענגען באַצאָלן, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט נעמען,

ער האָט גע׳טענה׳ט: „מדה צדק״ איז אַ ספּעציעלע מצוה אין דער תורה, און אויב מען איז עובר דערויף איז נעבעך די שטראָף זייער גרויס.

ער האָט יעדן טאָג געדאַוונט ערב ובוקר מיט אַ מנין, מיט אַ דאַבאַווקע פון אַ יום תהלים. אין די שווערסטע וועטערס, רעגן און שנייען, בלאָטעס און גליטשן פלעגט ער טאָן זיין אַרבעט באמונה. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער, מ׳האָט אים קיינמאָל ניט געזען בייזערן, אין די שווערסטע צייטן האָט דער גוטמוטיקער שמייכל אַראָפּגעשיינט פון זיינע ליפּן. פון זיין אָרעם ברויט פלעגט ער אָפּשפּאָרן אָנצוזעטיקן אָן אורחי פרחי.

שבת האָט ער געדאַוונט אין קיעלצער שטיבל, און פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג מיט לערנען און תהלים זאָגן:

זיין ערלעכקייט און תמימות איז שטענדיק געווען באַוואונדערט פון אַלע אידן אין שטאָט.





משה גאלדבוים

# דער שדכן דער קרומער קאָפּ

## ● אפרים פּישל האמער (נאָד)

דער קרומער קאָפּ — האָט מען אים גערופן אין טאָמאַשאָוו. וואָרום דער קרומער קאָפּ? — עס איז לייכט צו פאַרשטיין וואָרוואָס, ווייל זיין קאָפּ איז טאַקע געווען אָנגעבויגן אויף אַ זייט (ווי עס איז צו זען פון דעם בילד). אָבער שידוכים האָט ער אויסגעפירט גלייכע... און טאַקע אַ סך. ער האָט געקענט צוזאַמענפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, האָט מען אויף אים געזאָגט.

זעלטן ווער עס האָט געוואוסט זיין נאָמען וואָס איז געווען: ר׳ משה גאָלדבוים, ע״ה. ער איז געווען מיינע ג. ז. עלטערנ׳ס שדכן און האָט געזאָלט אויך זיין מיין שדכן, אָבער איך האָב זיך פון זיינע הענט אַרויסגעגליטשט...

איך בין זיכער דאָס פיל לעזער פון די שורות וועלן געוויס זיך דערמאָנען אין דעם טיפּ שדכן, און גאַנץ מעגלעך, דאָס ער איז אויך דער שדכן פון אייערע עלטערן, און אפשר טאַקע אייער אייגענער שדכן, און אויב איר האָט ניט חרטה אויפן שדוך... וועט איר אים געדענקען צום גוטן, יהא זכרו לטובה.



# נחום דער בלינדער

יעקב שוואַרץ •

**דער** בלינדער נחום אַ בחור פון 48 יאָר, אויס־געצויגען, דאַר ווי אַ שטעקען, אַ לאַנגע אַדלער נאָז מיט אַ שיטער געלב קאָזשע בערדל און צוויי קליינע אויגעלעך וואָס האָבען קוים געזעהן די שיין, געגאַנגען איז ער זייטיג פונקט ווי איינער וויל זיך אַדורך שטופען נאָך אַ שמאָלע טיר, געטראָגען האָט ער אַפּאַרפּעצט אידיש היטעל און אויפן לייב בלויז אַן אָפּגעבליאַקירט צוריסען כאַלאַטעל און אַז אין דרויסען איז קיין ווינט ניט געווען האָבען מענטשען זיין שאַנד ניט געזען, באָרוועס איז ער געגאַנגען זומער און ווינטער ווייל אויף זיינע גרויסע געשוואָלענע פיס איז קיין שיך ניט געווען צו קריגען, געגעסען האָט ער וואָס מענטשען האָבען אים געגעבען, אָבער שטענדיג איז ער געווען הונגעריג און אויף זיין פּנים איז געלעגען אַ טיפער טרויער אַזוי אַז ביי יעדען מענטש האָט ער אַרויסגערופען מיטגעפיל, געשטאַמט האָט ער פון אַ זייער שיינער יחוס׳דיגער פאַמיליע, זיין פאָטער ר׳ משה גראַף ז״ל איז געווען גבאי ביי הרב ר׳ יהושע׳לע זצ״ל און האָט גע׳שמ׳ט אַלס גרויסער למדן, זיין מוטער ע״ה וועלכע האָט אויך קוים געזען די שיין האָט מען גערופען „ראָשע די הייליגע צדיקת" — און כשר האָט זי דעם נאָמען פאַרדינט ווייל פון יעדע אָרימע שטוב האָט זי געטראָגען אַן עול. איינעם האָט זי געטראָגען חלות אויף שבת, איינעם האָט זי בשתיקה אַ פּאָר גילדען געגעבען וואָס זי האָט אַליין צונויפגעזאַמעלט — און פאַר יעדען האָט זי אַ טרייסט וואָרט געפונען. זי איז ביי יעדען איינעם געווען געליבט און געשעצט. נאָך קליינערהייט האָט נחום אַרויסגעוויזען גרויס קענטעניש אין לערנען, זיין פאָטער ע״ה האָט פאַר אים די גרעסטע מלמדים געהאַלטען (לויט ווי ער אַליין האָט מיר דערציילט). ביז 17 יאָר האָבען זיי געוואוינט אין אַ דאָרף, ביז איינמאָל האָט זיך נחום געבאָדען אין אַ טייך האָט אים אַ גויע וואָס מען האָט ביי זיי אין דאָרף גערופען די כישוף מאַכערין, אָנגעכאַפּט ביי די האָר, ער האָט זיך לאַנג מיט איר געאַמפּערט און ווייזט אויס זיך שטאַרק דערשראָקען, און לסוף אַהיים געקומען מיט אַ שרעקליך משוגעת, ער האָט אָנגעהויבען בילען פונקט ווי אַ הונט, אַזוי אַז אַלע הינט פון דאָרף זענען זיך צוזאַמען געלאָפען וואו ער האָט געוואוינט. זיין פאַמיליע וועלכע האָבען שרעקליכע יסורים געהאַט דערפון, זענען מיט אים אַרום געפאָרען צו רביים און גוטע אידען, פאַרנאַכלעסיגט זייער שפּייז-געוועלבעל און זיך אַרויסגעצויגען קיין

טאמאשאוו. שיינע עטליכע יאָר זענען אוועק און נחומען איז בעסער גע־
וואָרען, אָבער... ביי געװיסע משוגע'נע פעלערען איז ער געבליבען. דהיינו
שעה'נווייז פלעגט ער זיך ארום דרייען א רעדל, אָדער שרייען הע־הע־הע,
אָדער טופען מיטן פוס. און אין די שעה'ן וואס ער פלעגט פון דעם



דער בלינדער נחום

„משוגענעם אָנפּאַל" ניט באַפֿאַלן ווערען איז ער געווען נאַרמאַל, דאַמאָלס איז געווען אַ פֿאַרגעניגען מיט אים צו רעדן, אָדער אים הערן עפּעס דערציילען, און צו דערציילען האָט ער שטענדיג געהאַט זייער פיל. זיינע אַנעקדאָטען, אַפּראַיזמען, גלייכווערטלעך וואָס ער פֿלעגט מיר דערציילען פון רביים און פון ספרים איז ממש געווען מויל און אויערן אויפצושטעלען. געשלאָפן איז ער זומער אין ר' יהושע'לעס ז"ל שטיבעל, און ווינטער אין חסידי'שען בית המדרש, אונטערן אויסגעהייצטען אויוון, אויף דער הוילער באַנק, און ווי און ווינד איז געווען דעם יעניגען אָרימאַן וואָס פֿלעגט אַ גאַנצען טאָג אין טאָמאַשאָוו אום גיין אין די הייזער און ביינאַכט זיך וועלען אין בית־המדרש אויסרוען זיינע צובראָכענע ביינער, און נחומ'ען פֿלעגט אין מיטן נאַכט באַפֿאַלן דער „אָנפּאַל", אַרומדרייען זיך אַרום בעלעמער, אָדער טופען מיטן פוס, אָדער אַן אויפהער שרייען הע־הע־הע־הע — דאַמאָלס איז נעבעך דער אָרימאַן אַנטלאָפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

נחום איז אויך געווען ווי מען האָט אים ביי אונז אין דער גאַס גערופען „דער לעבעדיגער לוח" ער פלעגט מעלדען ווען מען בענטשט ליכט, ווען מען מעג אָנצינדען ליכט, ווען עס איז ראש חודש און דער מולד, וועלכען טאָג עס געפאַלט אויס יום טוב א. אַ. וו. נחומ'ען האָט געקענט כמעט די גאַנצע שטאָט יונג און אַלט, קליין און גרויס, גוים, פאָליציי, אַפילו דאָרפס־פויערים, אַלע האָבען געוואוסט אַז ביי נחומ'ען קען מען וויסען געוויס וויפיעל עס איז דער זייגער און יעדען פלעגט ער גוט־מוטיג ענטפערען ווי שפּעט עס איז און גלייכצייטיג נאָכ'ן קול נאָך דערקענען ווער עס פרעגט אים. נחום האָט אויך געוואוסט וויפיעל יעדערער איז אַלט, און אויך געוואוסט ווער עס האָט יאָר־צייט, און פאַרן מעלדען פלעגט מען אים געבען אַ פּאָר גראָשען. נחום פלעגט אויך אַ סך נוצן ברענגען די יעניגע וועלכע האָבען געהאַט אַזוי גערופענע אונלעגאַלע שענק וואָס שבת נאָכן דאַוונען פלעגט דער עולם פון דער שוהל און פון די בתי מדרשים אַריין גיין צום שענקער און איינער האָט גענומען צוויי גלעזלעך בראָנפען איינער פיר איינער פינף, גלייכצייטיג מיט פאַרשידען צובייס, פיל זייער פיל מענטשען פלעגען אַזוי אָננעמען איבערען שבת'דיגען אָדער יום־טוב'־דיגע טעג און מוצש"ק אָדער מוצאי יום טוב פלעגט שוין נחום זיצען ביים שענקער און אים פּינקטליך אָן דעם מינדסטען קלער אויסרעכענען אַמאָל עטליכע און זיבעציג און אַמאָל עטליכע און פופציג מענטשען וואָס האָבען אַלעס אָנגענומען און דער שענקער האָט זיך אַלעס געמיטליך פאַר־שריבען. נחום איז אויך געווען אַ גוטער זינגער, זיינע האַרציגע מאַנאָטאָנגע ניגונים זענען זיך צוגאַנגען אין אַלע אברים. נחום איז אויך געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר, אין די זומער נעכט ביי דער שיין פון אַ צייטיגע לבנה פלעגט ער אויסטראַכטען פאַרשידענע מעלאָדיעס מיט ווערטער צום גראַם

פון דער גמרא. אַמיינסטען פלעגט ער ליב האָבען צו דערציילען ווערטלעך פון רביים וועגען ליבע, און פלעגט בשעת מעשה צווינגען מיט אַ גמרא ניגון. ר׳ מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט „אַז ליבע איז לעבען, מיט ליבע שפּייזט זיך די נשמה, ליבע איז טאַקע ניט קיין ברויט, זי איז אָבער דער ווײַן פון לעבען זי קען זייער שטאַרק פאַר׳שיכור׳ן״.

עס דערמאָנט זיך מיר ווי ווייט זיין קאָפּ איז געווען שאַרף, ער האָט מיך געהאַט געבעטען איך זאָל אים אָנשרייבען אַ גראַטילאַציאָן צו זיינס אַ פאַמיליע וואָס האָט חתונה אין שטעטל טאַרנעגראַד, ער האָט דיקטירט און איך האָב געשריבען:

גראַטילאַציאָן

ווי רויזען זאָל שיינען אייער נייער וועג
און גליקליך זאָלען זיין אייערע נעכט און טעג;
עס זאָל ווי בלומען אייער צוקונפט בליען
און מיט צאַרטע טענער אייער לעבענס־ליד זיך ציען;
עס זאָל מיט גליק זיך וועבען אייער נייער מאָרגען
און פאַרשוואונדען זאָלען ווערען אייערע אַלטע זאָרגען;
פון דעם גוטען און דעם שיינעם זאָלט איר אימער געניסען
און די ליכטיגע וועלט זאָל אייך אימער באַגריסען;
איך גיב אייך מיין ברכה פון טיפען האַרצען
און ווינש אייך אַז דאָס קערענדל פון גליק זאָל ביי אייך זיך פאַרפלאַנצען.

דאָס ווינטשט אייך בכבוד רב —
נחום גראַף.

אין די ערשטע טעג פון דעם דייטשען אָנפאַל האָט אים אַ דייטשער ס. ס. מערדער געזעהן שטייען און טופּן מיטן פוס אויף די טרעפּלעך פון בעלזער שטיבעל מיט אַ דונערדיגע שטימע האָט ער אים געפרעגט „יודע האַסטו הונגער?״ ווען נחום האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ״, האָט אים דער מערדער אַריינגעזעצט דעם רעוואָלווער אין מויל אַריין און אויס־געשאָסען. מיט אַ פאַרשטיקטען „שמע ישראל״, איז ער פון די טרעפּ אַראָפּ־געפאַלען און אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה.

כבוד זיין אָנדענק.



צום אָנדענק פון מיין חבר ש. מ.

# „דער בלינדער נחומ׳ל״

ע. ה. וואַרצלאַוו

האַלב־גאַקעט, באָוואַקסן, דאַר, איינגעבויגן,
ער הויבט אויף צום הימל די בלינדע צוויי אויגן,

און קוקט איבערן דאַשעק פון היטל אַריבער,
אַ באַרוועסער, ער דרייט זיך און טאַנצט, ווי אין אַ פיבער.

ער טופּעט און דרייט זיך אַ טראָט נאָך אַ טראָט,
און ווילד ער צעטאַנצט זיך אין אַ קאַראַהאָד,

אַזוי טאַנצט ער און דרייט זיך און שטייט אויף אַן אָרט,
ביז ס׳שטילן די נערוון זיך אַיין אַמאָל פאָרט...

און דאָך האָט די קאַליקע באַוויזן טיילמאָל וואונדער
ער שמ׳ט דאָך אין שטעטל „נחום דער בלינדער״

האָט פּרוּווט, גיט אַ פרעג אים: וויפל ז׳דער זייגער? —
ער גלאָצט מיט די אויגן און ענטפערט, אַ שטייגער

„זיבן נאָך צוועלף, דאַכט זיך, יאָ, ס׳גוט״ —
און שטענדיק, דאָך טרעפט ער צו דער מינוט.

פאַרגעסט ווער דעם יאָרצייט פון זיין עלטער־זיידע,
איז נחום־דער־בלינדער דערמאָנט אים, „אַז פריידע

די טאָכטער זיין אינגסטע (ער געדענקט עס אויף קלאָר)
האָט אונטער דער חופּה געהאַט פערצן יאָר,

דער עלטער־זיידע איז דאַן אַ בן־שבעים
קומט אויס אַז דער יאָרצייט געפאַלט אין ט׳ סיון״...

און טויזנטער דאַטעס, נעמען, געבורטן
שנעל וועט ער אייך זאָגן, ווי איינער וואַרפט קאָרטן,

ווען ס׳איז געפאַלן (אַזאַ מאָדע טריק)
ראש־חודש תמוז מיט עלף יאָר צוריק.

אין חידושי תורה איז ער ווי ביי זיך
די שווערסטע קשיות פארענטפערט ער גיך.

ווייסן דאך אלע אז דער בלינדער נחום
איז א גאון, אן עילוי, א תלמיד־חכם.

גענוג אז ער הערט נאר עמעצנס קול,
גענוג שוין פאר אים אז ער ווייסן ער זאל,

ווער ס'איז דער מענטש, ווער ס'איז זיין פאטער,
וואס האט א פארמעגן געמאכט ביי א טאטער,

וואס האט געהאנדלט אויף וואס די וועלט שטייט,
און פלוצים עס האט זיך אלס איבערגעדרייט,

געקומען איז קריג, קריזיס און דאן
געשטארבן אלס קבצן, אלס א רעמאן..

אלץ וואס ס'איז פארלאפן צוריק שוין מיט יארן
דער שטאטעשער פינקס איז ביי אים אין זכרון.

דער עיקר נאך שמ'ט ער מיט זיינע גראמען,
און צוגעשלייערט אין פאסיקע ראמען,

צוגעשמאלצן מיט פשט'לעך פון ש"ס,
וואו נאר א שמחה איז נחום צו גאסט,

און אויב אויף א חתונה קומט ער צוגיין,
איז מען אים מכבד מיט בראנפן, מיט וויין,

דאן ווערט ער גאר פריילעך, ער גראמט שוין פאר אלע,
פאר די מחותנים, פאר חתן־כלה,

פאר אלע בחורים און אידישע טעכטער,
און ס'פלאצן די געסט שיער ניט פון געלעכטער,

און כאטש ער איז ברודיק און לעבט ווי א שרץ,
האט מען פאר אים רעספעקט, דרך־ארץ.

ער שלאפט אין בית־המדרש און לעבט פון כזית,
באקומט ער אן אטאק, דאן מאכט ער הועיות,

ער טופעט און דרייט זיך ארום אין א ראד,
אלץ האסטיקער, שנעלער, א טראט נאך א טראט.

ער מורמלט און זשומעט פּונקט ווי אַ בין,
און שאָקלט זיך, דרייט זיך, אַהער און אַהין.

קינדער, דערוואַקסענע, שטייען אַרום
מ'שרייט צו אים, נחום! — נאָר ער בלייבט שטום.

ער טופּעט, ער זשומעט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט,
ביז ס'גייט פאַראיבער אַ שטיקל צייט,

ביז עס שטילן די נערוון זיך איין,
און רואיק, געלאַסן בלייבט ער שוין שטיין.

חברה קליינוואַרג וואָס גייען פון חדר
שרייען: נחום! זאָג וויפל ז'דער זייגער?

זאָג וועןענס בין איך, און איך ווער בין?
וואָס איז איצט נאַכט, טאָג צי באַגין? —

ער ענטפערט אַלעמען און טוט זיי דערקענען,
ווער וועמעס איז און ווער זיי זיינען.

זיי שטופּן צו גראַשנס אין האַנט אים אַריין,
ער בענטשט זיי אין גראַמען, וויציק און שיין.

ער קאָן דאָך דאָס שטעטל פון אָנהויב ביז סוף,
ווי ס'קענען אים אַלע פון טאָמאַשאָוו...

געלעבט זיך זיין לעבן, ווי שטענדיק ער האָט
ביז ס'איז דער דייטש געקומען אין שטאָט.

חורבן און פייער האָט זיך צעגאָסן,
מען האָט אים דעם ערשטן פון אַלע געשאָסן.

נאָך איידער אַ ציטער געטאָן ס'האָט זיין ברעם,
איז ער געפאַלן אויף קידוש־השם.



# די משוגענע טעמעלע

• ע. ה., ווראָצלאַוו

און אַט באַווייזט זיך, שפּרייזט פּאַמעליך,
בּרייט אין מיט׳ן גאַס,
זי קנאַקט געלאַסען דינע־קערלעך,
ס׳פּנים עטוואָס בּלאַס.

אויגען גרויסע, ווילדע, שוואַרצע,
שוואַרצע, ווילדע, פּאַטלעס האָר,
אַזש, עס כאַפּט אָן בּיים האַרצען,
משוגע, דיל און גאָר.

אַז זי צעשעלט זיך — מעגט איר וויסן,
„זי זשמורעט צו דאָס לינקע אייגל,
„ווער צעפּענקיעט, אויסגעריסן,
„ליג אין ד׳רערד און באַק בּייגל.

„ווער פאַרברענט און ווער באַגראָבן,
„אַ טיעמנע, מיאוסע בּראָך,
„זאָל דיין מאַמע נאָך דיר האָבן —
און נאָך, און נאָך, און נאָך...

און אויך פראַנקע דער אַפּטייקער,
בּעט זי אָפּט צו־גאַסט
עס קומען אָן אַ גאַנצע שייקע,
מיט טעמעלען מען שפּאַסט.

און זי חנפ׳עט אונטער פיין,
לויבּן קאָן זי גראַדע
אוי, ביזטו וואויל! אוי, ביזטו שיין!
בּיזט זיס ווי האָניק, טשאָקאָלאַדע...

„זעסט גוט אויס! האָסט זיך פּאָפּראַוועט
„גלאַנצסט ווי אַ ליאַקערקיע,
רויטע בּעקלאַך האָסטו נאַוועט,
„גיבּ מיר אַ צוקערקע...

און קוים עס טרעפט מען נארט זי אפ,
פאר כעס זי ווערט אזש רויט,
ביזט א ממזר, ביזט א זשלאב,
ביזט מיאוס ווי דער טויט...

און ביים היטן דאס געשפאן,
פון פנחס־בעל־עגלה,
הויבט זיך אן ערשט דאן
די אמת'ע יללה.

איינער שטיפט דעם וואגן,
דער צווייטער שנעלט דאס פערד,
זי נעמט זיי שעלטן, קלאגן,
אזש רויט פאר כעס זי ווערט.

פנחס! — רופט זי, שרייט ס'א שרעק —
„אוועק באנדיט, רוצח!
איינער ציט דאס פערד ביים עק,
מען איז זיך משמח.

זי כאפט די בייטש — איך וועל אייך געבן:
„אוי — כ'וואלט אייך צעמארזשט —
פאר פנחס'ען ניט אוועקגעבן
זי וועט א זאק מיט בארשטש.

אויף זיבן קולות שעלט און שרייט,
„אוועק דו הונט דו שלעכטער
און דער עולם טאנצט פאר פרייד
פלאצט שיער פאר געלעכטער.

מען זשאלעוועט ניט איר קיין געלד,
זי נעמט צונויף א זשמעניע,
זי האט די גרעסטע אין דער וועלט,
משוגעים־פאוואדזעניע.

זי רעדט און שמייכלט ווי א קינד,
מען האט זי ליב דערפאר
אירס א ווערטל, וואס מען רימט:
„יעדער שמויגער איז זיין נאר...״

אזוי שפאנט זי זיך פאמעליך,
אביסל א צעטראגענע,
זי גייט און קנאקט זיך דינע־קערלעך,
„טעמעלע־משוגע'נע״...



# חורבן און אומקום



## טאמאשאוו - לובעלסק
(צו דעם 17-טן יארצייט פון אונזער אומגעקומענעם שטעטל)

• יעקב שווארץ

שטיל און איינזאם גיס איך אויס אין מיין תפילה —
דעם פייערדיקן בראנד פון א גאנצער קהילה.
שוין יארן זיינען פארלאפן, און גלייך ווי ס'וואלט גארניט געווען —
שוין דעם זיבצנטער יאר־צייט אז כ'האב מיין שטעטל געזען.

איך וואלט מיין שטעטל זיכער ניט דערקענט —
ווייל אלעס איז פארשוואונדן, אלעס איז פארברענט.
דער צער און ווי פון א הארציקער מאמען —
וואס הייליק און טייער אוועק איז מיט פלאמען.

נישטא מער די אידישע געשעפטן אין שטאט —
די טייערע אידן פון שטעטל לויפן ניט מער אין באד.
פרייטיק אין „שול ארייין" קלאפט ניט מער דער שמש —
געשאסן, געברענט, דערשטיקט האבן די ברוינע כוליגאנעס.

דער וועג צו דער שול איז פארוואקסן מיט גראז —
קיין דאך, קיין טירן, די פענסטער אן גלאז.
פאר'יתומ'ט זיינען געבליבן די הייליקע ווענט —
דאס טייערסטע צערויבט און געשענדט.

מענער, פרויען, הויכע ווי שטאנגען —
זיינען פאר הונגער, דארשט און יסורים אויסגעגאנגען.
נישטא מער די אידישע יוגנט מיט איר שפרודלדיקער פרייד —
זייער אש אויף פעלדער, צעזייט און צעשפרייט.

ביטערע גזירות און שרעקלעכע שחיטות יעדע וואָך —
און די וועלט האָט געשוויגן אויף אונזער גרויסער בראָך.
נאָך היינט איז אין טאָמאַשאָוו דאָנערשטיק יאַריד —
נישטאָ מער די סוחרים נאָכן בלוטיקן שניט.

מען הערט ניט מער קיין זמירות און קינדערישע פרייד —
לעקאַן און זאַבורקי אין אידישע געשעפטן זיך צעשפרייט.
יוזשעק דער קרומער קליין ווי אַ מויז —
פאַסט אים ניט אַנדערש נאָר באָרנשטיינס הויז.

נאַשינסקי דער חזיר־שלעגער איז בעל־הבית אין דער אידישער מיל —
אויף אונזער גרויסער וויטיק האָט ער דערגרייכט זיין ציל.
יאַנעק דער שוסטער און וואויטשעק באַרטיק —
זיינען די פאַרוואַלטער אין אידישן טאַרטיק.

נישטאָ זיינען אונזערע טייערסטע, וואו זיינען זייערע ביינער —
אין וועלדער? אין סטעפּעס? — עס ווייסט ניט קיינער.
קיין מצבה אויפן בית־עולם, פינסטער און גרוי —
ווער זאָל מאַכן אַ א־ל מלא רחמים, אַז דער שמש איז נישטאָ.

מיט יראת הכבוד דערמאָנען מיר אונזערע אידישע העלדן אין טראַגישן מאָמענט
ווען די היטלער־בעסטיעס האָבן געזייט פאַרוויסטונג, געבראָטן און געברענט.
עס איז שווער, זייער שווער, צו געפינען אַ טרייסט —
זייערע שאָטנס שוועבן אַרום וואו דו שטייסט און גייסט.

נישט פאַרגעסן וועלן מיר די שרעקלעכע שעה —
דיין טאַטען, דיין מאַמען — די היים וואָס איז מער נישטאָ.
מיין שוועסטער דיינע קינדער געדענק!!! זייער לעצטן געשריי פון פייער און פלאַם —
ג־ט פון נקמה — — — וינקום נקמת דם...



# ביים קריגס אויסברוך

## • שמאי דרילמאַן

די פאַרניכטונג פון אונזער פאָלק האָט זיך אייגענטליך אָנגעפאַנגען ווען היטלער ימ״ש מיט זיינע משרתים האָבן זיך פאַרזאַמלט דאָס ערשטע מאָל אין ווײַן קעלער אין מינכען, ווען די נאַצי פאַרטיי איז געשאַפן געוואָרן.

ווען די ערשטע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען און די סטודענטן מיטינגען האָבן אָפען גערופן צו פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק, האָט קיינער פון אונזערע אידישע פירער, אָדער פירענדע אָרגאַניזאַציעס ניט פאַראויס־געזען דעם שוואַרצן וואָלקן וואָס גייט אויף אונז, ווייל קיין איין לאָגיש דענקענדער מענטש האָט בכלל זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז אין צוואַנ־ציגסטן יאָר־הונדערט זאָל אַ מענטשליכער געדאַנק אימשטאַנד זיין אויס־צוטראַכטן אַזאַ גרויל אַקציע פון פאַרניכטונג.

עס איז קיין שאַנדע מודה צו זיין אַז פיל פון אונז לעזענדיק די שרעקליכע נייעסן אין דער פרעסע אין די יאָרן צווישן 1933 און 1939, האָבן נישט גענומען ערנסט גענוג די געשעהענישן וועלכע זיינען באַנאַכ־ריכטעט געוואָרן וועגן דעם וואָס עס איז דאַמאָלסט פאָרגעקומען אין דייטש־לאַנד, וועלכע האָט נאָך געלעבט מיט דער וועלט אין פרידן און איז נאָך געווען פאַרטראָטן מיט אַלע פעלקער צוגלייך אין פאַרשידענע וועלט אָרגאַ־ניזאַציעס, פאַרלאַנגענדיק יושר און באַרעכטיקונג צו אירע פאַרלאַנגען, און גלייכצייטיק אָנגעפירט די אויסראָטונג פון אונזערע ברידער ביי זיך אין לאַנד.

מיר קענען גאַנץ דרייסט צוגעבן אַז ווען די ערשטע און אויך שפּעטער די גרעסערע מאַסן פליטים האָבן געשטראָמט איבער די פוילישע מערב גרעניצן אַלס אויסגעוואָרצלטע, אַרויסגעטריבענע, נאַקעט און באָרוועסע פון דייטשלאַנד, וואו אַלע האָבן געלעבט פאַר די לעצטע דורות, און אַגב עס איז גוט באַקאַנט אַז דאָס פוילישע אידנטום פון קליין ביז גרויס, אָן אונ־טערשייד פון פאָליטישע אָנשויאונגען האָט געטאָן אַלעס וואָס איז נאָך מעגליך געווען צו שטיצן, און זאָל טאַקע אויך ביי דער געלעגענהייט געזאָגט ווערן, אַז דאָס פוילישע אידנטום האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער די כוחות און האָט אין דער דאַמאָלסדיקער קריטישער צייט געשאַפן די נויטיקע הילף, וועלכע האָט פיל געהאָלפן אין דער נויט פון אונזערע געפּלאָגטע ברידער,

אָבער דאָך האָט געהערשט אַ געפיל אַז דאָס וואָס די פּרעסע ברענגט ווי געשרייען איז נאָך נישט אַזוי געפערליך, און אַז די וועלט שטייט נאָך נישט ביים אָפּגרונט... אַזוי האָבן פיל פון אונז פּאַלעמיזירט.

אַפילו שוין גאַנץ נאָנט פאַר דעם, ווען די נאַצישע מערדער האָבן ווי אַ היישעריק זיך אַרויסגעלאָזט פאַרשקלאַפן די וועלט, און איינער פון אונזערע גרעסטע דענקער און פּאָליטיקער איז אַרויס מיט אַ געשריי, אַז ער זעט פאַר פאַרניכטונג, און האָט פאַרגעלייגט אַז דער איינציקער אויסוועג איז אונטערהאַנדלען מיט די דאַמאָלסדיקע רעגירונגען וועגן עוואַקואַציע פון אייראָפּייאישן אידנטום איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פאַרשידענע פּאָליטישע אידישע פּאַרטייען און אירע פירער האָבן דעם פּראָיעקט געבער, נישט נאָר פאַרשריגן, נאָר אויך צו אונזער גרעסטן באַדויערן און שאַנדע, אָנגערופן מיט די שמוציקסטע נעמען פון דער גייסטער אויסשפּראַך.

דאָס ציינט נאָר ווי ווייט אומגלויבליך און נישט באַגרייפבאַר די אָנקומענדע ביטערע פאַרניכטונגס יאָרן האָבן פאַרנומען אין דער פאַנטאַזיע פון אונזער פאָלק אין יענער צייט.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט און טאָקע אין די ערשטע טעג פונם קריג האָבן זיך די איינוואוינער פון אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו ביי לובלין איבערציינט אַז דאָס אומגלויבליכע איז מעגליך, און אַז רציחה האָט קיין גרעניץ נישט, אַז קריג אין דער מאָדערנער צייט, אין יאָר 1939 איז נישט מער אַ מלחמה וואו נאָר זעלנער שלאָגן זיך איינער קעגן צווייטן און נאָר זיי ווערן געטויט.

טאָמאַשאָוו איז אַ שטעטל וואָס געפינט זיך אויף דעם הויפּט וועג צווישן לובלין און לעמבערג (לבוב).

פאָרענדיק מיט דעם הויפּט שאָסיי דרום פון לובלין איז די לעצטע שטאָט פאַר טאָמאַשאָוו געווען זאַמאָשטש, די שטאָט וואו י. ל. פּרץ איז געבוירן געוואָרן און אויך דאָרט געלעבט. דרך אַגב איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז מען האָט ביי אונז אין שטאָט נאָכדערציילט אַז דער גרויסער אידישער שרייבער י. ל. פּרץ איז געווען פאַרלאָבט צו אַ טאָמאַשאָווער מיידל.

פאַרלאָזנדיק די שטאָט, נאָר 8 קילאָמעטער אויפן וועג קיין לעמבערג, געפינט זיך דאָס טרויעריקע שטעטעלע בעלזעץ, וועלכע איז בעפאָר דעם ערשטן וועלט קריג געווען דער גרעניץ פּונקט צווישן צאַרישן רוסלאַנד און עסטרייך, און אין די יאָרן פון 1918 ווען פּוילן האָט צוריקגעקראָגן איר זעלבסטשטענדיקייט ביז יאָר 1939 דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג, האָט בעלזעץ געשפּילט אַ ראָלע פון אַ קליינינקע באַן סטאַנציע, וועלכע האָט באַדינט אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו מיט דער באַקוועמליכקייט פון אַן אָפענעם וועג פאַר טראַנספּאָרטאַציע פון געהילץ און תבואה, וועלכע האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דעם האַנדל פון פיל אידן, ווי אויך די געלעגענ-

הייט צו פאַרן אין דער ברייטער וועלט ווען עס איז נויטיק געווען מאַ־כענדיק געשעפטן מיט אַנדערע שטעט.

דאָס זעלבע בעלזעץ אין וועלכן עס האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט קריג געלעבט עטליכע מניינים אידן, איז היינט גוט באַקאַנט איבער דער וועלט. דאָס זעלביקע קליינינקע בעלזעץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די דייטשע בעסטיעס פאַר אַ בקעה מלאה עצמות, ביינער פון הונדערטער טויזענטער אומגעברענקטע אומשולדיקע אידן צוזאַמען געטריבען פון אַלע עקן אייראָפּא און אין דעם קליינינקן בעלזעץ אומגעברענגט. פאַרגאַזט לעבעדי־קערהייט, אויף יעדער גרעזעלע פון די אַרומיקע פעלדער און וועלדער איז באַגאַנגען געוואָרן אַן אומרעכט, אויף יעדן זעמדעלע אַ רציחה, ווען מען נעמט צוזאַמען אַלע שטיינדלעך פאַר אַרום מיילן, מיילן אַרום, דעם אומגעבונג וואָלט נישט געווען גענוג צו באַצייכענען מיט מצבות פאַר די אומגעבראַכטע הונדערטער טויזענטער קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די פאַר־שאָלטענע דייטשן און זייערע מערדער אין בעלזעץ.

דאָרט אין בעלזעץ געפינט זיך היינט צו טאָג איינער פון די גרעס־טע בית־עולם׳ס אין דער וועלט, און צווישן די אומבאַקאַנטע ביינער און פאַרברענטע אַשן געפינען זיך אויך אונזערע טאָמאַשאָווער פאַרפייניקטע מאַרטירער ז״ל.

טאָמאַשאָוו איז נישט געווען קיין אינדוסטריעלע שטאָט, די אידישע איינוואוינער האָבן געצויגן זייער פרנסה, אַ טייל פון האַנדווערקעריי און אַ טייל פון מסחר.

די אידישע יוגענט אין טאָמאַשאָוו איז אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט קריג געווען גייסטיק און אויך פיזיש זייער שיין אַנטוויקלט.

די פילע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וואו לעקציעס און רעפעראַטן אויף פאַרשידענע געביטן זיינען געגעבן געוואָרן, די בתי מדרשים וואו פילע יונגעלייט זיינען געזעסן סיי בייטאָג סיי ביינאַכט און געלערנט, די שיין אַנטוויקלטע בית־יעקב שולע פאַר מיידלעך, אַגודה שולע, די יבנה שולע געפירט דורך דער מזרחי, אַ פאַר טוצן חדרים געפירט אויף אייגענער האַנט פון גוטע קוואַליפיצירטע מלמדים, אידן תלמידי־חכמים, און אַ חוץ די תלמוד־תורה פאַר קינדער וועמענס עלטערן זיינען נישט אימשטאַנד געווען צו צאָלן קיין שכר לימוד, וועלכע איז פינאַנסיעל אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער אידישער באַפעלקערונג פון אונזער שטאָט, טיילווייז פון קהילה סובסידיעס, טיילוויז פון וואָכענטליכע באַשטייערונגען פון יעדער פאַמיליע וואָס איז געווען אימשטאַנד צו העלפן, אין אַ גרויסן טייל איז די עקזיסטענץ פון אונזער תלמוד תורה געווען צו פאַרדאַנקען אונזערע ברידער אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ספּעציעל אין ניו יאָרק פון וואַנען שטיצע איז געשיקט געוואָרן.

אויסער דעם זיינען נאָך געווען די פּרעבול שולע, און פילע חדרים פאַר קליינע קינדער, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען מיט אַלף־בית זיך צו דער־וויסן אַז זיי געהערן דעם עם־הספר.

לויט די אָנגענומענע שטאַטישע און רעגירונגס געזעצן האָט יעדער יוגענטליכער געמוזט לערנען אין אַ רעגירונגס עלעמענטאַרע שולע, אָדער אין אַ שולע וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער רעגירונגס קאָנטראָל, אַז זי געהער צו אַ גלייכער ניוואָ ווי די וועלכע איז פאַרוואַלטעט דורך דער שטאָט, אויך האָבן מיר געהאַט אַ גימנאַזיום און לעצטענס אַ ליצעאום וואו אונזערע אידישע יוגענט איז געווען אין אַ גאַנץ שיינער צאָל פאַרטראָטן.

די אידישע ספּאָרט אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געציילט פילע מיטגלידער פון אונזער יוגנט זיינען באַוויזן אויף דעם גוטן פיזישן שטאַנד פון דער טאָמאַשאָווער אידישער יוגענטליכער באַפעלקערונג אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן קריג.

אויסער וואָס יעדער אָרגאַניזאַציע אָדער פאַרטיי האָט געהאַט אויף אַ קליינעם פאָרם אַ ביבליאָטעק, אַ חוץ דער בונד וועלכער האָט געהאַט אַ גאַנץ שיינע און גרויסע ביכער־לייערײַ, האָבן אויך עקזיסטירט צוויי גרויסע ביבליאָטעקן וואו עס האָבן זיך געפונען הונדערטער די בעסטע ביכער.

די שטאָטישע ביבליאָטעק וועלכע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דעם שטאָט־ראַט אָדער אַזוי גערופענעם מאַגיסטראַט האָט באַדינט אַ גרויסע צאָל אַבאָנענטען פון וועלכע 70 ביז 80% זיינען געווען אידן, און זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן אַז זייער פיל איז געווען צו פאַרדאַנקען פאַר דעם אויסבוי פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק און גוטן אויסוואַל פאַר איינקויף די נייסטע ביכער אין יענער צייט פון אידישע שרייבער און אידישע פּראָב־לעמען, דעם לאַנג יאָריקן אידישן לאַווניק ה' צבי עדעלשטיין ע״ה וועלכער איז שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אין לעמבערג.

די צווייטע גרויסע ביכער לייערײַ: „די אידישע האַנדווערקער פאַריין — ביבליאָטעק” וועלכע איז אַגב גערופן געוואָרן דעם נאָמען, ווייל זי איז געווען דאָס אייגענטום און איז אויך אויסגעהאַלטן געוואָרן מאַטעריעל פון דעם אידישן האַנדווערקער פאַריין ביי אונז אין שטאָט, האָט שוין פיל יאָרן אויסגעליגען ביכער אויסשליסליך נאָר צו אידן, און פיל מאָל האָט מען געדאַרפט וואַרטן וואָכן לאַנג פאַר אַ בוך, ווייל די צאָל לעזער איז געווען אַן אומגעהויערע גרויסע.

דורך אַגב איז זייער וויכטיק צו דערמאָנען אַז די אידישע האַנד־ווערקער פאַריין האָט פאַר פיל, פיל יאָרן זייער פיל געלייסטעט אויף פאַר־שידענע געביטן אין אונזער געזעלשאַפטליכן און קהילה׳שן לעבן פון אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו.

די טעגליכע אידישע פרעסע ווי אויך די אידישע ציישונגען אין דער פוילישער שפראך, וואכענשריפטן און מאנאטליכע אויסגאבן, וועלכע זיינען ערשינען אין די דריי גרעסטע שטעט: ווארשא, לעמבערג און קראקע, ווי אויך העברעאישע אויסגאבן האבן ביי אונז געהאט פילע לעזער.

די אידן אין טאמאשאוו זיינען בכלל געווען נאטור גוטע מענטשן, גאסטפריינטליכע און די שטאט האט געהאט א שם פאר אן ארט וואו אן ארימאן איז נישט אוועק הונגעריק און אויך נישט מיט ליידיקע הענט.

די לעצטע טעג פארן אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג האט יעדער איינער געפילט אז די לאגע איז אנגעשטרענגט, די אומגעלומפערטע, דיסאר־גאניזירטע מאביליזאציע וועלכע די פוילישע מאכט האט דורכגעפירט האט נאר ארויפגעווארפן א שרעק אויף יעדן באוואוסטזיניקן מענש, ווייל עס האט זאפארט געצייגט אז כאטש די רעגירונג שרייט אז מען וועט נישט געבן קיין איין שפאן ערד, איז מען גאנץ שוואך און מען האט געבעטן אז עס זאל צו קיין פארמעסט נישט קומען.

נעכט איז מען געזעסן ביים ראדיא אפאראט און געווארט פאר עפעס נייעס, פאר א שטיקל האפענונג אז צו קיין קריג וועט אפשר נישט קומען.

אבער ליידער האבן די אפטימיסטן פארלארן.

דער ערשטער שבת וועלכער איז געווען דער צווייטער סעפטעמבער און דער צווייטער טאג פון קריג איז אדורך רוהיק. א חוץ וואס אייניקע יונגע מענטשן זיינען פריש מאבליזירט געווארן און אוועקגעשיקט געווארן צו זייערע פונקטן אין אנדערע שטעט וואו זייערע פולקן האבן זיך געדארפט געפינען, איז אין שטעטל געווען פארהעלטענמעסיק רוהיק.

זונטאג גאנץ פרי האבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דער דעקלעראציע פון ענגלאנד און פראנקרייך וועגן זייער ארויסזאגן קריג קעגן דייטשלאנד.

דאס גאנצע שטעטל פון קליין ביז גרויס האט זיך פארזאמלט לעבן סעימיק וואו דער שטאטישער ארקעסטער האט געשפילט און די גדולי העיר, ווי דער סטאראסטווע, בירגערמייסטער, און אנדערע גרויסע שטאט בעאמטע און מיליטער אפיצירן האבן געהאלטן רעדעס און מיטגעטיילט דעם פארזאמלטן עולם: אז פוילן איז נישט מער אליין אויף דעם שלאכט פעלד, און אז מיט דער הילף פון די אנדערע צוויי גרויסמאכטן וועט מען גאנץ זיכער און אויך גאנץ שנעל צעקלאפן די דייטשן.

דאך מיט דער גאנצער פרייד, צוגעזאגטע שיינע פראזן און רעדעס האט יעדער איינער ביי זיך אין הארצן געפילט, אז די קריג איז געקומען צו זיין, א געווס לאנגע, און מען האט זיך פארגעשטעלט אז אויף דעם בעסטן אופן וועט זי קיין גוטעס נישט ברענגען בכלל, און צו אונז אידן בפרט.

די נעקסטע פּאָר טעג זײַנען אויך אַדורך גאַנץ רויִק, די אידן זײַנען יעדן פרי מאָרגן געגאַנגען אין די בתי מדרשים דאַווענען, און גלײַכצײַטיק געשמועסט אַ ביסל פּאָליטיק ווי דער שטייגער איז געווען, אין די אָוונטן צוליב דעם וואָס עס איז נישט ערלויבט געווען אָנצוצינדען קיין ליכט, האָט מען שוין געדאַווענט אין דער היים.

די שטאָט בכלל האָט אין די אָוונטן אויסגעזען טויט, ווײַל זייער ווייניק מענטשן האָבן אין די אָוונטען פאַרלאָזט זייערע היימען.

ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט האָט קיינער זיך נישט פאָרגע־שטעלט דאָס אַכזריות׳דיקייט פון די דייטשן לגבי אידן, אין די שפּעטערע יאָרן פון קריג, אָבער נאָך מער איז נישט געווען באַגרייפבאַר זייער אָנ־גרייפן אויף דער ציווילער באַפעלקערונג, באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, און ליידער האָבן מיר די באַפעלקערונג פון טאָמאַשאָוו בײַ לובלין איינע פון די ערשטע צוגעזען די גרוילטאָטן פון אומ׳ברחמנות׳דיקע מערדערייען פון די דייטשע באָמבאַרדיר עראָפּלאַנען איבער דער שוץ־לאָזער און אומבאַוואָפנטער באַפעלקערונג.

דאָנערשטאָג דעם 7טען סעפּטעמבער 1939, דער זיבעטער טאָג פון קריג אויסברוך האָט שוין צו אונזער שטעטל טאָמאַשאָוו געברענגט פאַר־ניכטונג און טויט צו פיל אידן און אויך פיל איינוואוינער פון דער באַ־פעלקערונג.

עס איז גראָדע געווען דער וועכענטליכער יאַריד־טאָג און עס איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטער מסחר, דער מאַרק פּלאַץ און די אַרומיקע גע־סעלעך זײַנען פול געווען מיט פויערישע וואָגענס, שטעלעכלאַך מיט אויבס און גרינוואַרג, וועגענער מיט פאַרשידענע סחורות, די צוגערייטע פויערים האָבן אײַנגעקויפט פאַר זייער געברויך אַלעס וואָס די אויגן האָבן נאָר געזען, ספּעציעל האָט יעדער איינער געקויפט זאַלץ, נאַפט, צינדהעלצער, וויסנדיק אַז די זאַכן קען זיכער פאַסירן אַז זיי זאָל מען אין דער צוקונפט נישט קענען קריגן, אין דער זעלבער צייט האָבן די שטאָטישע איינוואוינער געהאַנדלט פאַרשידענע אַרטיקלען פון די פויערים, עס איז געווען אַ געפילדער אַ גערויש וועלכעס עס האָט צוזאַמענגעשמאָלצן דעם געשריי פון די מענטשן, דעם געהירשעריי פון די פערד און געקוואַקעריי פון די קאַטשקעס און גענז.

דער מאַרק טאָג אין טאָמאַשאָוו וואָס איז פאָרגעקומען יעדער דאָ־נערשטאָג איז באַרימט געווען אין דער געגענט, נישט נאָר זענען געקומען פויערים פון דער געגענט, נאָר אויך פיל מענטשן פון די אַרומיקע שטעט־לעך, ווי: קאָמאַראָוו, טישיוועץ, לאַשטשוו, קראַסנאָבראָד, זוזעפאָף, נאַראָל, לוביטש, און אַפילו אַזוי ווייט ווי ראַווא־רוסקא.

אַ זייגער דריי נאָך מיטאָג, אין ברען פון געשעפטס טאָג ווען עס איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטער געווימל פון קויפער און פאַרקויפער אויפן מארק פלאַץ, האָבן זיך אויף דעם קלאָרן בלויען הימל איבער דער שטאָט באַוויזן אַ צאָל עראָפּלאַנען אויף וועלכע די באַפעלקערונג האָט געקוקט מיט באַוואונדערונג מיינענדיק אַז דאָס זיינען „אונזערע״ אָדער ווי די פויערים האָבן זיך אויסגעדריקט „נאַשע״ עס איז גאָר קיינעם נישט איינ־געפאַלן אַז מען דאַרף זיך באַהאַלטן, אַז דאָס זיינען גאָר דייטשע מעסער־שמידטס וועלכע זיינען געקומען אונז פאַרניכטן, אונז די רוהיקע ציווילע באַפעלקערונג, וועלכע האָט גראָדע אין זינען איינצוהאַנדלען עטליכע אייער אַ שטיקל פוטער אָדער גאָר עטליכע קילאָ קאַרטאָפל.

עס האָט גענומען אייניקע מינוטן זינט די שטאָלענע פויגל האָבן זיך באַוויזן, זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט, גוט אומגעקוקט, האָבן זיכער פעסטגעשטעלט אַז זיי האָבן דאָ נישט צו טאָן מיט קיין מיליטער־פונקט, און דאַן מיט דער גאַנצער שטאַרקייט פון אַטאַקע זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער הילפלאָזער באַפעלקערונג און אונז באַוואָרפן מיט צענדליקע באָמבעס.

די מהומה און צוטרייסלונג וואָס דאָס האָט אָנגעמאַכט איז אומעגליך צו באַשרייבן, די הונדערטער פערד זיינען ווי צעווילדעוועטע דערשראָקענע אַנגעפאַנגען צו לויפן מיטשלעפּענדיק מיט זיך אַלעס וואָס עס האָט זיך פאַרהאַלטן אין זייער וועג, יעדער איינער האָט געזוכט אַ שטיקל באַהעל־טעניש, לויפענדיק ווי ווילד וואו נאָר די אויגן האָבן געטראָגן, טרעטענדיג איבער צענדליקע טויטע קערפּערס וועלכע זיינען אין אַ שוידערליכן אופן צעריסן געוואָרן פון די באָמבעס.

אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשע מערדער אויך געוואָרפן פיל צינד־באָמבעס וועלכע האָבן געטראָפן דעם גאַנצן דרום־מערב פון דער שטאָט און גאַנצע קוואַרטאַלן זיינען אין פאַרלויף פון מינוטן געשטאַנען אין אַ שרעקליך פייער, ביי דער שריפה איז אויך פאַרברענט געוואָרן די שטאָטישע גרויסע שול און בית מדרש.

אויב די פאַנטאַזיע האָט אַמאָל געקענט פאָרשטעלן דאָס צעמישעניש ביים בויען דעם טורם פון בבל און אויך אין דער זעלבער צייט זאָל געשען דאָס פייער פון סדום, איז עס געווען יענער טרויעריקער דאָנערשטיק נאָך מיטאָג כ״ג אלול תרצ״ט, ביי אונז אין שטעטל טאָמאַשאָוו ביי לובלין.



# די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אין טאָמאַשאָוו

## דערציילט פון ווערטמאַן יי. און אַנד.

**• אשר הערבסמאַן**

**שוין** מיט אַ צייט צוריק פאַרן אָנפאַנג פונם דייטש־פוילישען קריג, האָט מען אָנגעהויבען צו מורמלען מפה לפה אַז עס גרייט זיך אַ נייע מלחמה צווישן פוילען און היטלער־דייטשלאַנד, אָבער עס זאָל אַזוי מיט אַזאַ שנעלער טעמפּאָ דערגיין צו אונזער שטאָט האָבען מיר זיך ניט גערעכט.

סעפּטעמבער 1939 האָבען מיר זיך דערוואוסט אַז היטלער איז באַפאַלן פוילען און מאַרשירט בליץ־שנעל קיין וואַרשע און אין דער שטאָט איז געוואָרען באַלד אַ פּאַניק, בפרט צווישען דער אידישער באַפעלקערונג, נישט וויסענדיג וואָס צו טאָן און וואו צו לויפען. באַלד איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרען אַ מאָבליזאַציע־דעקרעט זיך צוצושטעלען צום מיליטער. מיר האָבען שוין געזעהן די ערשטע אָפיצירן פייגעל, ווי ד״ר ציבולסקי, ד״ר שולמאַן, וויטקובסקי א. אַנד. אָנגעטאָן אין מיליטערישן אוניפאָרם, זענען די ערשטע באַלד אַוועק אין די קושאַרן און אינם צווייטען טאָג האָבען זיך שוין אָנגעהויבען צובאַווייזען אין שטאָט די ערשטע רעקרוטען פונעם גאַנצען פּאָוויאַט, גייענדיג אין די טויזענטער צו די קושאַרען כדי צופּאַסען די מיליטערישע מונדירען, און באַלד האָט מען שוין קיין שום מונדירען ניט געפונען אין די מאַגאַזינען, ווייזט אויס אַז דאָ איז געווען אַ גרויסער שפּיאָנאַזש־פּאַראַט. אַזוי אַרומגייענדיג אין שטאָט און אויסהערען די נייעסן פון ראַדיאָ וואָס האָט אַלע מאָל געבראַכט ידיעות פון פאַרשידענע פוילישע שטעט, אַז עס האָט געקאָנט ערשיטערן דעם שטאַרקסטען מענש אַזוי אַז ווער האָט געקאָנט האָבען אַ געדולד צו אַנדערע זאַכען, ביז עס איז געקומען דער יאָמערליכער טאָג אויף אונזער שטאָט.

דער 7־טער סעפּטעמבער. דאָס איז בדיוק געווען אין אַ יאַריד טאָג ווי עס פלעגט זיך שטענדיג אין אַ דאָנאַרשטיגען טאָג אָנקומען פויערים פון דער גאַנצער סביבה, און מיר אידען זענען געווען פאַרטאָן מיטן לייזען אַ פדיון — איז אונזער שטאָט ערשיטערט געוואָרען פון אַן אומאויפהערליכער באָמבאַדירונג פונעם נאַצישען לופט־פלאָט.

שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר אַ פחד דאָס האָט אָנגעוואָרפען אויף אונזער שטאָט. בפרט אויף דער אידישער באַפעלקערונג, ווען אין דער

זעלבער צייט האָט די באָמבאַרדירונג געבראַכט צו די ערשטע קרבנות פון אונזער שטאָט, ווי עס זענען באַלד דערהרגעט געוואָרען: איטשע קרוק, אליעזר דארנפעלדס אינגעל, יודל רייס, איטשע ליכטענפעלדס קינדער, אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען אַ צווייטע כוואַליע פון דייטשע שטאַלענע פויגעל און אָנגעהויבען צו וואַרפען ברען ראַקעטען אויפן אידישען קוואַרטאַל, באַלד האָט אַ פייער אַרומגעכאַפּט כמעט די גאַנצע שטאָט. מען דערציילט אַז מען האָט געזעהן ווי איינער איז געשטאַנען אין מיטן רינעק און אָנ־געוויזען וואו די נאַצישע אַעראָפּלאַנען זאָלען וואַרפען זייערע ראַקעטען, אַזוי אַז ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן און אין אַזאַ בהלה האָבען כמעט די גאַנצע טאָמאַשאָווער אידישע באַפעלקערונג געכאַפּט פון די שטיבער וואָס איינער האָט נאָר געקאָנט. איינער אַ פּעקל דער צווייטער אַ ביסעל סחורה פון געשעפט, און אַנטלאָפען וואו איינער האָט נאָר געקענט, טייל זענען געלאָפען אין די וועלדער טייל אויף די לאָנקעס און אַנדערע אין די נאָענטסטע דערפער, (די פויערים האָבען באַלד געזאָגט אַז זיי האָבען מורא אויסצובאַהאַלטען אידען), אַבי צו אַנטלויפען פונ׳ם גרויסען גיהינום וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אונזער שטאָט.

אַזוי האָט עס זיך געצויגען אייניגע טעג, דורכגעווייקט פון רעגען דורכגעפראָרען פון דער נאַכטיגער קעלט, מיט ליידיגע מאָגענס, געהאָפט אויף אַן ענדערונג אויף אַ סוף צו די צרות... זענען ערב ראש־השנה אַריין קיין טאָמאַשאָוו די נאַצישע מערדער.

מיטן ענדליכען פאַרנעמען די שטאָט פון די דייטשן האָבען זיך אָנ־געהויבען פאַרשידענע טאָטאַלע פאַרברעכענס, פריער פון קליינעם מאַסשטאַב ווי ראַבירען אידישע געשעפטען און דירות, מיט דער הילף פון פּוילישע אַנטיסעמיטען.

נישט זעהענדיג קיין תכלית צו בלייבען אין די וועלדער, לאָנקעס און דערפער, האָבען זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען די אידישע באַפעלקערונג צוריק צוקומען אין שטאָט אַריין, דערזעהענדיג די גרויסע בראַך פון דער שטאָט ווי כמעט די גאַנצע שטאָט איז אָפּגעברענט איבערהויפּט דער אידישער קוואַרטאַל, וואו עס איז נאָר איבערגעבליבען אייניגע, 2 3 גאַסען און ניט האָבענדיג קיין דאַך איבערן קאָפּ, האָבען אידען אָנגעהויבען זיך זוכען וואו צו גיין און ביסלעכווייז זיך צוזאַמענגעדריקט אין פאַרשידענע הייזער וואָס איז נאָך איבערגעבליבען לפּליטה.

אָבער דאַן ווען מען האָט שוין געהאַט מער ווייניגער וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען האָבען זיך אָנגהויבען נייע צרות פון די צעיושעטע נאַצים. אַ צוויי טעג נאָכ׳ן פאַרנעמען די שטאָט זענען אַ פּאָר דייטשע זעלנער אַדורך שפּאַצירט אין דער קאַשטשעלנא גאַס און האָבען געזעהן אין מרדכי יוסף שפּארער׳ס הויז אַ באַוועגונג אין קעלער. זענען זיי באַלד אַהין

אַראָפּגעגאַנגען און פון דאָרט אַרויסגענומען: פּייוול האָלץ מיטביידע זין, ליפּא מיט יוסקע גאָלדמאַן ווי אויך איטע באָרגס אידעם און זיי אַוועק־געפירט אין אַ אומבאַוואוסטען אָרט און דאָרט זיי אַלע אויסגעמאָרדעט, (מען זאָגט אַז דאָס איז געווען אין שיווע דאלינע וואַלד). אַזוי האָבן די היטלער־כוליגאַנעס ניט אויפגעהערט צופאַרפייניגען אויף פאַרשידענע סאַ־דיסטישע אופנים, אַזוי אַז אינעם הויז פון גאלדזאמט אויף לוואָווסקע גאַס איז געווען אויסבאַהאַלטען עטליכע פאַמיליעס האָט מען זיי אַרויסגענומען אויפן גאַס און אויסגעשטעלט אין אַ ריי אויסצושיסען און שייע לערער האָט אָנגעהויבען צו אַנטלויפען האָבען זיי איהם נאָכגעיאָגט און אים דער־שאָסען, אַזוי אַז די איבעריגע זענען זיך צעלאָפען.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ משך 8 טעג. אויפשטייענדיג אין דערפרי האָבען מיר געזען די שטאָט איז ליידיג, נישטאָ קיין דייטשן און ניט קיין פּאָליאַקען. אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט און אַרויסקומענדיג אין גאַס אויף פרייער לופט פון די פאַרשידענע קעלערס און בונקערס וואו מיר זענען געווען איבאַהאַלטען אין משך פון דער צייט, האָט פלוצלונג זיך אָנגעהויבען צו פאַרשפרייטען פאַרשידענע ידיעות, איין ידיעה, אַז אַ גרויסע צאָל פּוילישע מיליטער מיט האַרמאַטן און פאַרשידענע אַנדערע געווער האָבען זיך איינ־געקוואַרטירט אויפען קאַשטשאַל־פּלאַץ און זיי גרייטען זיך צו מאַכען אַ פּאָגראָם אויף דער אידישער באַפעלקערונג, אַ צווייטער ידיעה, אַז די סאָוויעטען געפינען זיך אין שכנות׳דיגען שטעטל, לאַשטשעוו, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די רוסן האָבען אַריינמאַרשירט קיין טאָמאַשאָוו.

נאָכן אַריינקומען פון די רוסן האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט פרייער אין די גאַסען און מען האָט געמיינט אַז עס איז שוין געקומען די ריכטיגע ישועה, באַלד האָבען די סאָוויעטען באַפוילען צו דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אַז מען זאָל גיין פראַוועןן אַ פרייליכען יום טוב, ווייל דאָס איז געווען אין די סוכות טעג. דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט באַלד צומאַרשירט מיט זייערע טאַנקען צום קאַשטשאַל־פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס האָבען געזאָלט מאַכען די זעלבע נאַכט אַ פּאָגראָם אויף אונז, מען האָט זיי פאַרנומען און אַוועקגעשיקט פון טאָמאַשאָוו. דאַמאָלס האָבען מיר פרייער אַ ביסעל אָפּגעאָטעמט און אַלע זענען מיר אַ היים געגאַנגען פראַוועןן יום טוב.

מיר האָבען געמיינט אַז מיר זענען שוין געקומען צו דער מנוחה, מען האָט ביסלעכווייז אויפגעמאַכט די געשעפטען און נאָרמאַליזירען דאָס לעבען, דער מאַגיסטראַט האָט אָנגעהויבען צו צוטיילען וואוינונגען צו די וואָס זענען אָפּגעברענט געוואָרען, למשל איינער האָט געוואוינט אין 2 צימערן האָט מען איהם צוגעגעבען נאָך אַ משפחה. אונזערע היימישע קאָמוניסטלעך האָבען אויפגעהויבען דעם קאָפּ. קודם כל האָבען זיי גענומען

צו ליקווידירען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און צוגענומען זייער רכוש, למשל, דער קלוב פון אַרבעטנדען א״י האָט פאַרמאָגט אַ ראַדיאָ, האָבען זיי שוין מער ניט אין זינען געהאַט און קיין שווערערע פּראָבלעמען ווי דעם ראַדיאָ צו קאָנפיסקירען. אָבער, קיין לאַנגע צייט איז זיי ניט איבער־געבליבען צו הערשען, ווייל נאָך אַ פּאָר טעג האָט מען געהערט אין ראַדיאָ דעם באַקאַנטען סאָוויעטיש־דייטשען אָפּמאַך וועגען פעסטשטעלען די גרעניצען, לויט דעם אָפּמאַך דאַרף אונזער שטאָט אַריינפאַלען צו די דייטשען.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו שאַפען פאַרשידענע מיינונגען. ווער עס האָט געהאַלטען אַז מען דאַרף פאַרלאָזען די שטאָט צוזאַמען מיט די רוסען, און ווער, אַז מען דאַרף בלייבען אין שטאָט, ווייל עס איז ניטאָ וואָס אָנצווערען. צווישן צייט האָבען מיר געזען ווי שיפלינגער מיט דער פאַמיליע פאַרלאָזען די ערשטע די שטאָט אופן וועג קיין ראַווע־רוסקע, דאַמאָלסט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די אמתדיגע בהלה, די וואָס האָבען געהאַט די מעגליכקייט האָבען געדונגען פערד און וואָגן, מען האָט אָנגעהויבען איבערצופירען זייערע סחורות פון די געשעפטען קיין ראַווע רוסקע, ווייל די סאָלדאַטען האָבען ערלויבט אַלץ אַרויסצופירען, בערך פאַר שמחת־תורה האָבען געמאָלדען די סאָוויעטען אַז זיי פאַרלאָזען די שטאָט, און ווער עס וויל פאַרלאָזען שטעלען זיי צו די מאַשינען איבערצופירען די יעניגע קיין ראַווע רוסקע. זעלבסט־פאַרשטענדליך אַז די גרעסטע טייל פון דער טאָמאַשאָווער באַפעלקערונג האָבען אין יום טוב פון שמחת תורה פאַרלאָזט די שטאָט צוזאַמען מיטן לעצטען רוסישען זעלנער.

מיטן פאַרלאָזען די שטאָט איז די שטאָט געבליבען אַ פּאָר טעג ליידיג פון מיליטער, ד. ה. די רוסען האָבען פאַרלאָזט און געשטעלט זייער גרעניץ אין שטעטל לוביטש ניט ווייט פון טאָמאַשאָוו, און דאָס דייטשע מיליטער האָט נאָך ניט געהאַט פאַרנומען אונזער שטאָט. עס האָט זיך געשאַפען אַ הפקרות — „וכל הישר בעיניו יעשה״. די טייל איבערגעבליבענע אידען וואָס האָבען שוין אויך געוואָלט פאַרלאָזען האָבען שוין ניט געקאָנט, ווייל די שטאָטישע גוים זענען געשטאַנען אויף די וועגען, און ניט געלאָזט אַרויס, שרייענדיג, איר זשידעס פירט אַרויס אַלעס פון שטאָט און מיר וועלען בלייבען אָן גאָרנישט, און די איבערגעבליבענע אידען האָבען זיך ניט געוואָלט שיידען פונעם ביסעל אָרימקייט, זענען זיי פאַרבליבען אין שטאָט ביז דער היטלערישער מלאך־המות האָט פאַרנומען די שטאָט.

מיר אויף דער סאָוויעטישער זייט וואָס די ערשטע צייט האָבען מיר זיך כמעט אַלע באַזעצט אין ראַווע־רוסקע, האָבען ערשט אָנגעהויבען צו פילען דעם טעם פון פליטים, מען איז כמעט געלעגען אין דרויסען, אייניגע פאַרנעמען די גרויסע צאָל פליטים וואָס עס איז זיך צונויף געקומען פונעם

גאַנצען געגענט. דער רעגען און די קעלטען האָבען שוין אָנגעהויבען זיך איינצודריקען אין אונזערע פון לאַנג צעבראָכענע־ביינער, אַזוי אַז מען האָט אָנגעהויבען זוכען מיטלען ווי אַזוי זיך איינצולעבען אין דער נייער סביבה. עס האָט זיך אָנגעהויבען שאַפען פאַרשידענע מיינונגען. אייניגע מענשען האָבען אַדורך געשמוגעלט די גרעניץ צוריק קיין טאָמאַשאָוו און אייניגע מענשען זענען אַדורך דעם גרעניץ און אַנטלאָפען פון טאָמאַשאָוו, מען האָט איינגעשטעלט דאָס לעבען מיט׳ן אַריבערגיין דעם גרעניץ, אָבער וואָס האָט מען געזאָלט טאָן, ווייל ווען מען איז אַנטלאָפען האָבען זיך געשיידט מענער פון פרויען, און קינדער פון עלטערען, אַזוי אַז מען האָט געוואָלט זיין צוריק צוזאַמען און אייניגע משפחות האָבען זיך אַרויסגעלאָזט וואַנדערען קיין לעמבערג און אין דער אַרומיגער געגענט.

עס זענען אַריבער וואָכען און חדשים, די אויף דער סאָוויעטישער זייט האָבען זיך ביסלעכווייז איינגעלעבט אין די נייע לעבענס־באַדינגונגען אפילו ניט שלעכט געלעבט, איז אָבער פון אונזער אַלטער היים וואָס מיר האָבען פאַרלאָזט ד. ה. פון טאָמאַשאָוו, אָנגעהויבען אָנקומען איום׳דיגע און פיינליכע ידיעות, ווי פאַרשידענע אַקציעס פון כאַפען אידען צו אַרבעט

מיר די וואָס זענען געווען אין דער זייט פון די סאָוויעטען זענען אין אַ געוויסען טאָג אויפגעפאָדערט געוואָרען פון דער סאָוויעטישער מאַכט צו קומען און זיך רעגיסטרירן און אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטען, זענען מיר ווייטער אַריינגעפאַלען אין אַ פאַרצווייפלונג ניט וויסענדיג צי מעגען מיר אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט און דערמיט זיך אָפּזאָגען פון דער פּויליּ־שען" בירגערשאַפט, אַזוי אַז דער גרעסטער טייל האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די ,סאָוויעטישע בירגערשאַפט. דאַמאָלסט האָט די סאָוויעטישע מאַכט אָנ־געזו"יבען אָן אָבלאַווע אויף די אַלע וואָס האָבען ניט אָנגענומען די בירגער־שאַפט, און יעדען איינעם אַרויסגענומען פון די בעטען, אַריינגעפּאַקט אונז אין וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט אין ווייטען סיביר. די טאָמאַשאָווער וואָס האָבען זיך אויסבאַהאַלטען זענען געבליבען אויף דער סאָוויעטישער זייט אין גאַליציע.

לאַנגע וואָכען האָבען מיר זיך געשלעפּט אין די וואַגאָנען פון שמוץ און דאָרשט נאָך אַ טרונק וואַסער, מיר זענען ענדליך אָנגעקומען אין די סיבירער וועלדער און דאָרט אויסגעהאַקט די אור־אַלטע וועלדער און צוגרייטען דערפון פאַרשידענע מאַטעריאַלען פאַר דער סאָוויעטישער רעגירונג.

עס איז שווער צודערציילען וועגען די שווערע קאַטראָזשנע אַרבעט וועגען הונגער, שמוץ און די שרעקליכע פרעסט וואָס מיר האָבען געהאַט אויסצושטיין, אָבער נאָך שרעקליכער איז געווען ווען די רעשטלעך פון די טאָמאַשאָווער אידען וואָס האָבען דערלעבט די באַפרייאונג און צוריק־קומענדיג קיין פּוילען ווען מיר האָבען דערהערט אַז די איבערגעבליבענע

טאָמאַשאָווער ווי אויך די וואָס זענען געבליבען אין גאַליציע, זענען אַלע געשיקט געוואָרען קיין בעלזעץ און דאָרט אין די גאַז קאַמערען און אין די ברען אויוועגס וואָס זיי אַליין האָבען געמוזט אויפבויען און זענען פאַרברענט געוואָרען על קידוש השם. יהי זכרם ברוך.

## דער לעצטער בליק אויף מיין געוועזענע שטאָט — טאָמאַשאָוו.

לאַנג זיין אין פוילען האָט מען ניט געקאָנט, ווייל אין אָנפאַנג פון דער באַפרייאונג פון פוילען האָט נאָך געהערשט אַ גרויסער אַנטיסעמיטיזם ווי אויך פאַרשידענע פאָגראָמען און ביי נאַכט איז געווען אַ שרעק אַרויס־צוגיין, האָבען אַ טייל מענשען באַשטימט אַדורך שמוגלען די גרעניצען כדי צופאַרלאָזען פוילען, אַ טייל פון די טאָמאַשאָווער וואָס זענען געקומען קיין פוילען איז שוין געווען צו שווער ווייטער צו וואַנדערען האָט מען באַשטימט צייטווייליג צו בלייבען אויפן אָרט, בפרט אַז שפּעטער האָט זיך שוין מער ווייניגער נאָרמאַליזירט די לאַגע אין פוילען, און האָבען זיך באַזעצט אַ טייל אין לאָדזש אַ טייל אין שטעטין. אָבער מיר האָט זיך נאָך געגלוסט צו געבען אַ בליק אויף אונזער אַלטער שטאָט, אַזוי דערציילט מיר רוחמה גילערנטער. קומענדיג קיין טאָמאַשאָוו האָב איך ניט געוואוסט וואו אַראָפּ־צוגיין ווייל איך האָב געטראַכט צי איז דאָס אַ שטאָט צי אַ מדבר פון חורבות, ניטאָ מער קיין איד וואו איבערצונעכטיגען. שטעלט אייך פאָר אַז אַ היימישער קריסט האָט מיך געלאָזט איבערנעכטיגען און מיר געזאָגט אַז איך זאָל באַלד אינדערפרי אַנטלויפען ווייל איך בין איינגעשטעלט מיט׳ן לעבען. אָבער איך האָב דאָך געוואָלט זעהן וואָס עס איז געבליבען נאָכן חורבן, האָב געכאַפּט אַ בליק און געזעהן אַז אין אַלע אידישע הייזער און געשעפטען וואָס איז נאָך געבליבען פון נאָך דער גרויסער שריפה זענען באַזעצט דורך פּאָליאַקען פון דער געגענט. יאָ! איין איד האָב איך געטראָפען, דאָס איז געווען דער באָקסער מרים הירש העניעס איידים, וואָס לעבט דאָרט מיט אַ פוילישע פרוי, אָבער ניטאָ מער קען אידיש לעבען, ניטאָ מער קיין אידישע קינדער, ניטאָ מער די אַלטע שוהל מיטן בית המדרש, ניטאָ מער ר׳ ישיעלעס הויף מיט אירע לומדים, ניטאָ מער דער ציעשינאָווער רבי, ניטאָ מער די אידישע דינאַמישע פאַרטייען און אָרגאַ־ניזאַציעס, ניטאָ מער די ברויזענדע יוגענט מיט איר חלוצישע אָרג. ווי „פרייהייט", „החלוץ", „הפועל", ניטאָ מער די טעמעלעך, שטימע מע־כעלעך, אפרים קאַלב, דער בלינדער נחום, די משוגענע זוייצקע פונ׳ם הקדש וואָס האָבען אַמאָל פריילעך געמאַכט אידישע שמחות, אַפילו דאָס בית־הקברות איז מער ניטאָ, ווייל גאַנץ טאָמאַשאָוו איז איין בית־הקברות, נאָר אָן מצבות.



# דייטשע ברוטאַליטעטן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה באַווירקן פיל טאָמאַשאָווער צו פאַרלאָזן די שטאָט

● חיים יהושע בידערמאַן

**איך** וויל דאָ איבערגעבן אַ קאַפּיטל פון דייטשער אַכזריות אַרויסגעוויזן צו אַ גרופּע טאָמאַשאָווער אידן באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, ווען אין פיל אַנדערע ערטער האָבן אידן נאָך געלאָזט זיך איינשלאָפן מיט דער פאַלשער אילוזיע אַז די מורא פאַרן דייטש איז אפשר צופיל איבערגעטריבן. די גרוסן וואָס אָט די גרופּע האָט אַ־היים־געבראַכט האָט אויפגעשווידערט די טאָמאַשאָווער אידן און זיי געוויזן דעם ריכטיגן פּרצוף פון דער דייטשער חי׳ און וואָס מען קאָן פון איר ערוואַרטן.

געשען איז עס דינסטאָג דעם 19־טן סעפּטעמבער 1939 אַ פּאָר טעג פאַר יום כפור. דעם פריערדיגן מיטוואָך ערב ראש־השנה האָבן די דייטשן באַזעצט טאָמאַשאָוו, אָבער דאָס האָט נאָך נישט באַדייט אַז די קאַמפן אין שטאָט זענען פאַריבער. די עטלעכע טעג זייט טאָמאַשאָוו האָט אין דעם שוואַרצן דאָנערשטאָג דעם 7־טען סעפּטעמבער פאַרזוכט די ערשטע דייטשע באָמבעס ווען אַ גרויסער טייל פון שטאָט איז אַוועק מיטן פייער און בערך 200 מענטשן זענען געפאַלן אַלס די ערשטע דייטשע קרבנות, ביז די דייטשן האָבן די שטאָט אָקופּירט זענען געווען אָנגעפילט מיט דאַפּלטע טויט־שרעק, די מורא פאַר די כסדר פאַלענדע באָמבעס און שראַפּנעלן און די מורא פאַר די דייטשע מחבלים ווען זיי וועלן פאַרנעמען די שטאָט, ווי עס זענען אין בליץ־שנעלקייט געפאַלן די פּוילישע שטעט איינע נאָך די אַנדערע, אָבער מיטן מאָמענט ווען די קאַמפן האָבן זיך צייטווייליג אָפּגעשטעלט אַ טאָג פאַר ראש־השנה, זענען אידן אַרויס פון די באַהעלטענישן. טייל האָבן זיך אַפילו אָנגענומען מיט דרייסטקייט און דאָס ערשטע גלייך געלאָפן אין מקוה זיך טובל זיין לכבוד דעם יום הדין און טייל האָבן זיך אַפילו געפּרוואווט איינריידן אַז אפשר איז דער טייוול נישט אַזוי שוואַרץ ווי מען האָט אים געמאָלן, מען האָט אַפילו איגנאָרירט דעם אָנפאַל פון די דייטשן אויף אַ מנין וואָס האָט געדאַווענט אין הויז פון ר׳ יודל אָדער הי״ד פאַר אַ איינציגער פאַל וואָס געשעהט אין יעדן קריג. די טאָמאַשאָווער האָבן אָבער באַלד געהאַט די מעגליכקייט און אפשר טאָקע אויך דאָס גליק באַלד צו דערזעהן דעם שרעקלעכן פּרצוף פון דער דייטשער בעסטיע.

זונטאָג דעם 17־טען סעפּטעמבער האָבען די רוסן אָנגעהויבען זייער מאַרש אויף פּוילען צו אָקופּירען „זייער" טייל וואָס זיי האָבען זיך כשר־פּאַרדינט דורך דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך. אין דעם זעלבען טאָג האָבען זיך אַרום טאָמאַשאָוו אָנגעהויבען קאַמפען פון פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונגען וועלכע זיינען געווען קאָנצענטרירט אין די אַרומיגע גרויסע וועלדער.

דאָס הויז פון מיין זיידען ר' יואל שאַפּראַן הי"ד איז געווען דאָס ערשטע הויז וואָס איז געבליבען שטיין אויף דער קראַסניבראַדער גאַס, ביז צום רינעק וואו אַלע אַנדערע הייזער זיינען אָפּגעברענט געוואָרען און פיעל היימלאָזע שכנים האָבען דאָרטען געזוכט אַ מקום מקלט. עס איז געווען אַ דיק געמויערט הויז און מען האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גרעסערע שוץ פאַר די פליהענדע שראַפּנעלען.

נאָכדעם ווי מען האָט געהאַט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון די באָמבעס און שיסערייען, האָט דער אויסברוך פון נייע קאַמפען שוין נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען געהאַט אָקופּירט די שטאָט אַריינגעטריבען אַלעמען אין אַ פּאַניק. די דייטשען האָבען דאַן אונטערגעצונדען די הייזער נעקסט צום הויז פון זיידען ז"ל, נעמליך דאָס הויז פון ה' יחזקאל זאַבערמאַן הי"ד און אַנדערע הייזער (ווי ה' זאַבערמאַן האָט שפּעטער דערציילט האָבען די דייטשען איהם אַרויסגענומען פון הויז און מיטשיקענדיג מיט איהם עטליכע סאָלדאַטען מיט מאַשין־געוועהר איהם באַפוילען צו גיין אין וואַלד וואָרנען די פּוילישע זעלנער זיי זאָלען זיך אונטערגעבען, ווען ער האָט זיי ערקלערט אַז ער האָט מורא אַז די פּאַליאַקען וועלן איהם שיסען האָבען זיי איהם ערקלערט „האַבען זי קיין אַנגסט, גלייך ווי זי ווערדען געשאָסען, שיסען וויר גלייך צוריק". דאָס פּוילישע מיליטער האָט דאַן שוין געהאַט פאַרלאָזט דעם וואַלד ווען ער איז אַהין אָנגעקומען מיט דעם דייטשען פּאַטרול). אונזער הויז איז דאַן געבליבען ווי אַ אינזעל אין דער חרובער פאַרברענטער גאַס.

גראַד האָט אַ דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונג פאַרנומען אַ פּאָזיציע אויפן הויף פאַר אונזער הויז און זיי זיינען אַריינגעקומען אין אונזער הויז מאַכען אַ רעוויזיע אויב דאָרטען געפינען זיך נישט איבערגעטועגע פּוילישע זעלנער, זיי האָבען אויך געזוכט געוועהר. זיי האָבען דאַן פאַראָרדענט אַלע מענער אַרויסצוגיין אין הויף. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין אַ רייהע און דאַן האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ סאַלווע, דאָס האָבען די דייטשען געשאָסען איבער אונזערע קעפּ און אונז פאַראָרדענט צו מאַרשירען צו דער טאָרגאָוויצע. דאָרט האָט מען אונז אַלע אַריינגעשטופּט אין אַ קליין הייזעל. אַלע האָבען זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד. אַרום אונז האָבען געפּייפט די קוילען. דאָרטען האָבען זיך צווישען אַנדערע געפונען מיין זיידע ר' יואל שאַפּראַן

הי״ד, מיין פֿאָטער אברהם יחזקאל בידערמאַן ז״ל, מיין קוזין ישראל׳קי פערעל, ר׳ יעקב שוחט ז״ל, ר׳ חיים יעקב שענער און זיין זוהן שמחה, מאיר בערגער (נח גרינבערגס אײדים) און זיין שוואָגער מענדעלע גרינבערג, פֿאַליק ריצער, ישראל קאָפּענבלום, מאיר לאַנצער און פֿיעל אַנדערע וועמענס נעמען איך האָב נאָך 20 יאָהר שוין פֿאַרגעסען.

נאָך עטליכע שעה האָט מען אונז ווידער אויסגעשטעלט אין רייהען און אונז געפֿיהרט אין דער ריכטונג פֿון בעלזשיץ. מיר האָבען באַקומען אַ שטרענגע פֿאַראָרדענונג זיך צו האַלטען אויך אין דער רייהע אין מיליטערישער אָרדענונג, וואָרנענדיג אונז אַז אויב ווער וועט מאַכען דעם מינדסטען פֿאַרזוך אַרויסצוגיין פֿון דער רייהע וועט ער זאָפֿאָרט דערשאָסען ווערען. (דעם זעלבען טאָג איז טאַקע דערשאָסען געוואָרען מיין קוזין ישעי׳ לעהרער הי״ד, אויך איז פֿאַרנומען געוואָרען אַ צווייטע גרופּע מיט פֿיוויל האָלץ, דעם פֿרומען ליפֿאלי און אַנדערע וועלכע זענען קיינמאָהל מעהר נישט צוריק־געקומען).

די קאַמפּען אין שטאָט זיינען געווען אין פֿולען ברען. איבער אונזערע קעפּ זיינען געפֿלויגען קוילען, באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען זיינען געפֿלויגען נידריג. אויפֿן וועג האָט מען געקאָנט זעהן פֿיעל טויטע קערפּער פֿון זעלנער אין די שרעקליכסטע פֿאָרמען. מען האָט אונז אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצען אָפּרוה אין דער נייער ספּולדעשעלניע וואָס מען האָט געהאַט אויפֿגעשטעלט מיטן צוועק אונטערצוגראָבען דעם אידישען מסחר, דאַן האָט מען זיך געלאָזט אויף אַ ווייטערדיגען מאַרש אין דער ריכטונג פֿון בעלזשיץ, (אגב, זיינען מיר שפּעטער געוואָהר געוואָרען אַז בלויז אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מיר האָבען פֿאַרלאָזט די געביידע פֿון דער ספּולדזשעלניע, איז דאָרטען אַריין אַ באָמבע און פֿאַרניכטעט די גאַנצע געביידע).

די דייטשע אָפֿיצירען און זעלנער לענגאויס אונזער מאַרשרוט, זעהענדיג אונז אַדורכפֿיהרען האָבען ווילד רעאַגירט מיט די געמיינסטע זידלערייען. איין דייטשער אָפֿיציר איז געלאָפֿען מיט אַ אימפּעט פֿון אַ שטרעקע פֿון עטליכע צעהנדליג מעטער און מיט דער גאַנצער רציחה אַ קאָפּע געגעבען מיין זיידען ר׳ יואל שאַפּראַן אַזוי, אַז ער האָט מעהר נישט געקאָנט גיין מיט זיינע אייגענע כחות און איך מיט מיין קוזין ישראל׳קי פערל האָבען איהם געמוזט אונטערהאַלטען פֿון ביידע זייטען. (מערקווירדיג, לויט אַ בריוו וואָס מיר האָבען שפּעטער ערהאַלטען נאָכן חורבן פֿון אַ עד־ראי׳ אין סאקאל, האָט מען 3 יאָהר שפּעטער געגוי אין דעם זעלבען טאָג ו׳ תשרי און טאַקע אויפֿן זעלבען וועג קיין בעלזשיץ, דאָס מאָל פֿון סאקאל קיין בעלזשיץ מיין זיידען דערשאָסען. זיין זוהן ר׳ מיכל שאַפּראַן ז״ל איז נאָך

פריהער דערשאָסען געוואָרען אין הויז פון יודען־ראַט אין סאָקאָל וואו ער איז געווען אַ מיטגליד, ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט איבערצוגעבען אַ ליסטע פון אידען אַרויסצופיהרען אויף „אַרבייט״).

פאַרנאַכט זענען מיר ענדליך אָנגעקומען קיין נאַראָל, וואו עס האָט זיך אין אַ פריצישען הויף וואָס איז געווען פול מיט אָנגעשניטענער תבואה, געפונען אַ פּראָוויזאָרישער לאַגער פון פוילישע קריגס־געפאַנגענע. די דאָזיגע תבואה קערנדלעך האָבען אונז ערהאַלטען ביים לעבען, ווען מיר האָבען עטליכע טעג נאָכאַנאַנד נישט באַקומען קיין שום עסען אָדער טרינקען. פון צייט צו צייט האָט מען אונז געהייסען זיך צונויפזאַמלען אין אַ געוויסען פונקט וואו מען האָט אונז פאַרשפּראָכען צו געבען עסען, אָבער קומענדיג אַהין פלעגט מען אונז שלאָגען און אָפּשפּעטען פון אונז אין די אויגען פון די פוילישע געפאַנגענע און אונז הונגעריגע צוריקגעשיקט צו אונזערע „געלעגערס״ אויף דער ערד אונטערן פרייען הימעל. די פוילישע געפאַנגענע צוזעהענדיג דאָס (ספּעציעל די „שלעזאַקעס״) האָבען אָנגעהויבען אַרויסווייזען איניציאַטיוו, וועלענדיג געפעלען די דייטשען, און האָבען איבערגעשטיגען די דייטשען מיט פייניגונגען און געמיינסטע זידלערייען. זיי האָבען אָפּגעשוירען די בערד, אָבער נישט סתם געשוירען, איינעם האָט מען אָפּגעשניטען די רעכטע זייט בארד און לינקע זייט וואָנסע, אַ צווייטען האָבען זיי גרינדליך אָפּראַזירט און בלויז איבערגעלאָזט איין צענטימעטער ברייט פון אַ אַמאָליגער פּאַטריאַרכאַלישער ווייסער באָרד, איין צענטימעטער ברייט אָבער אין דער גאַנצער אָריגינעלער לענג. וועלכעס האָט געמוזט אַזוי בלייבען הענגען אויף דער שפּיץ גאָמבע, אַנדערע האָבען זיי אָפּגעשוירען האַקענקרייצען אין די האָר פון קאָפּ אָדער אַ „וועג נאָך פּאַלעסטינא״ א. א. וו. — זיי האָבען אויך אָנגעהויבען אַראָפּצושלעפּען פון אונז די רעקלעך, שיך, א. ד. ג.

ווען אַ גרופּע עלטערע אידען איז געגאַנגען זיך פאַרקלאָגען פאַרן דייטשען אָפיציר, וועגען דער האַנדלונג פון די פוילישע געפאַנגענע, האָט זיי דער אָפיציר זעהר אויפמערקזאַם אויסגעהערט, ער האָט זיך דאַן נאָכגעפרעגט ביי דער דייטשער וואַך פאַרוואָס מען האָט אונז ציווילע אידען פאַרנומען, זיי האָבען איהם באַריכטעט אַז מיר האָבען געשאָסען פון אונזערע היימען אויפן דייטשען מיליטער, דאַן האָט דער אָפיציר געענטפערט דער דעלעגאַציע אַז מען וועט באַלד פאַראָרדענען אונז צו דערשיסען. דאַן איז פאָרגעקומען איינע פון די ברוטאַלסטע סצענעס. דייטשע זעלנער מיט אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטן האָבען פאַראָרדענט אַז אַלע אידישע זעלנער וועלכע געפינען זיך צווישען די פוילישע מיליטער געפאַנגענע זאָלען זיך אויך דאָרט פאַרזאַמלען. די פּאָליאַקען האָבען געהאָלפען דערקענען די אידישע

זעלנער און ווען איינער פון זיי האָט קאַטעגאָריש געלייקענט אַז ער איז אַ איד האָבען זיי איהם באַפוילען זיך אויסצוטאָן און ווען זיי האָבען פעסט־געשטעלט אַז ער איז יאָ אַ איד האָט מען איהם גלייך צושפּאָלטען דעם קאָפּ מיט אַ קאָלבע פון אַ ביקס.

ווען אַלע אידען זיינען שוין געווען פאַרזאַמעלט, האָט אַ גרופּע דייטשען מיט די אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטען אונז גענומען יאָגען און באַפוילען צו לויפען צום אַנדערן עק פון פּלאַץ. ווען מיר זיינען קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם געקומען אַהין צו לויפען, האָט אונז שוין דאָרטען אָפּגעוואַרט אַ צווייטע גרופּע דייטשען מיט אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטען און צעיושעטע אונז געיאָגט אויף צוריק, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילדער געיעג אַהין און צוריק, די דייטשען האָבען געווילדעוועט מיט זייערע באַיאָנעטען און אַלעמאָל געשטאָכען אַ צווייטען, איינעם פון די לאַנצערס האָבען זיי אַ דורכ־געשטאָכען אַ פוס אַנדערע די הענד און אַנדערע טיילען פון קערפּער וואו נאָר זיי האָבען געטראָפען. די דאָזיגע ווילדע שפּיעל פון יאָגען אַהין און צוריק און דערביי געוואַלדעווען און שטעכען און לאַכען מיט אַ היעניש געלעכטער האָט אַזוי אָנגעהאַלטען אַ צייט וואָס האָט פאַר אונז זיך אויס־געוויזען ווי אַ אייביגקייט.

מען האָט אונז דאַן באַפוילען זיך אויסצושטעלען לענגאויס אַ שטיי־נערנעם מויער מיטן פּנים צו דער וואַנט. געגענאיבער אונז איז געשטאַנען אַ אָפּטיילונג דייטש מיליטער מיט די ביקסען געווענדעט צו אונז. מען האָט אונז מיטגעטיילט אַז מען גייט אונז שיסען און גלייך האָט זיך געהערט דער באַפעהל פון אָפיציר: שיסען! מען האָט געהערט ציילען איינס, צוויי, דריי. מיר האָבען אַלע געהאַט דאָס געפיהל אַז דאָס זענען אונזערע לעצטע מינוטען. איך געדענק עד היום זעהר קלאָר ווי איך האָב געקוקט אין דער זייט צו זען צום לעצטען מאָל מיין טאטען ע״ה, מיין זיידען קרובים און באַקאַנטע, געזאָגט שמע ישראל, פאַרמאַכט די אויגען און געטראַכט וועגען מיין מוטער, ברודער, נאָהענטע און פריינד אין דער היים וועלכע וועלען אַפילו נישט וויסען וואו אונזער געביין איז אומגעקומען. דאַן איז געקומען די סאַלווע אָבער מערקווירדיג — איך לעב ווייטער — דאָס האָבען זיי געשאָסען איבער אונזערע קעפּ. זיי האָבען זיך געשפּילט מיט אונזער לעבען און געהאַט אַ חי׳־שע הנאָה פון אונזער טויט־שרעק. מען האָט אונז דאַן באַפוילען אָפּצוגעבען זייגערלעך, געלד אָדער אַנדערע ווערטזאַכען, דראָ־הענדיג אונז אַז אויב מען וועט ביי עמיצען שפּעטער עטוואָס געפינען וועט ער זיך האָבען פאַרדינט זיין טויט. יעדער האָט געדאַנקט ג־ט דערפאַר און אַוועקגעגעבען אַלעס וואָס מען האָט געהאַט (איך האָב יאָהרען שפּעטער

געטראָפען איינעם וועלכער האָט מיר געוויזען אַ 20־דאָלאַר באַנקנאָט וואָס ער האָט דאַן געהאַט איינגענייט אין זיינע מלבושים און טראָץ דער טויט־דראָאונג זיי דאַן נישט אָפּגעגעבען).

מען האָט אונז דאַן געזאָגט אַז מען גייט באַפרייען אַלע ציווילע און די מיליטערישע געפאַנגענע גייט מען ווייטער פיהרען אין אַ לאַגער קיין דייטשלאַנד. די עלטערע צווישען אונזער גרופּע ווי מיין זיידע ר׳ יואל שאַפּראַן, ר׳ חיים יעקב שיינער, ר׳ יעקב שו״ב שניידער האָבען זיי געהייסען נאָכגיין נאָך אַ וואָגען געשפּאַנט אין 2 פערד ביז דעם שכנות׳דיגען שטעטל וואו דאָרטיגע אידען האָבען זיי געהאָלפען זיך אויסצובאַהאַלטען אָבער פאַר די אינגערע האָבען זיי צוגעגרייט אַ ספּעציעלע אַטראַקציע, מען האָט יעדען צוגעטיילט אַ פערד וועלכען מען האָט אָנגעהאַלטען ביי אַ שטריק און עס געדאַרפט נאָכלויפען אין גאַלאָפּ. עס איז געשטאַנען לענגאויס אונזער וועג אַ רייהע פון דייטשען מיט בייטשען אין די הענט וועלכע האָבען געשמיסען די פערד און מיר האָבען געדאַרפט נאָכלויפען די פערד אין זעלבען טעמפּאָ. מיר זיינען געלאָפען מיט די לעצטע כחות, פיעל מאָל אומגעפאַלען. די פערד זענען געלאָפען איבער אונזערע קערפּערס, ביז מען האָט אונז ענדליך באַפוילען זיך צו זעצען אויף די פערד און רייטען. אָבער פאַר אונז איז עס געווען אַ קנאַפּע ישועה, ווער פון אונז האָט דען געקאָנט רייטען אויף אַ פערד? מיר זיינען אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם רוקען פון פערד, זיך געהאַלטען אַ מינוט און דאַן אין געלאָף שנעל אַראָפּגעפאַלען, זיך נאָכאַמאָל אַרויפגעכאַפּט און גלייך ווידער אַראָפּגעפאַלען אונטער האָגעל פון קלעפּ פון די נאַהייקעס פון די נאַצישע נוגשים. איך בין געווען אינ־גאַנצען צעבלוטיגט, רעזיגנירט און פלוצים האָב איך פעסטגעשטעלט אַז איך קאָן יאָ רייטען. גראַד דעמאָלט ווען ס׳האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך האָב שוין נישט וואָס צו פאַרלירען, איך וועל באַשטימט צוטרעטען ווערען אונטער די פיס פון פערד, איז געשעהן דאָס וואונדער. איך האָב אָנגעהויבען רייטען בקומה זקופה ווי אַן אַלטער קאַוואַלעריסט און געוואונען קאָנטראָל איבערן פערד. מיר זיינען אַזוי געריטען ביז די נאַכט איז צוגעפאַלען. אויפן גאַנצען וועג האָט זיך געהערט דאָס הילכיגע שפּאָטישע געלעכטער פון די דייטשען וואו נאָר מיר זיינען פאַרביי. אין אָוונט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ערגיץ אויף אַ פעלד נעבען לובליניעץ. מיר זיינען געווען מיד, הונגעריג, געפרוירען פון קעלט ווייל מיר זיינען געווען האַלב נאַקעט, דערשלאָגען און רעזיגנירט. דאָס פּוילישע מיליטער האָט יאָ באַקומען עפּעס צו עסען, אָבער מיר — גאָרנישט. מיר זיינען געלעגען אויף דער בלויזער פייכטער ערד. די אָווענטן זיינען געווען קאַלט. מיר פלעגען זיך אויסשטעלען איינער נעבען דעם אַנדערן אַרומנעמען איינער דעם צווייטען שטייענדיג אין

אין לאַנגער רייהע און אַזוי אַרום מיט די קערפּערס דערוואַרעמט זיך, עס איז בלויז קאַלט געווען דעם ערשטען פון פאַרענט און דעם לעצטען אין דער פּלייצע דאַן האָט מען זיך געטוישט און אויך זיי האָבען זיך אַביסעל אָנגעוואַרימט. די געדאַנקען זיינען געווען זייער טרויעריגע. די שאַנסען צו בלייבען לעבען זיינען אין אונזערע אויגען געווען זייער שוואַכע. מען גיט נישט קיין עסען, מען איז אָפּגעשוואַכט און אויב די דייטשען וועלען נישט דערשיסען, וועט מען סתם קראַנק ווערען פון הונגער און קעלט. איין דייטשער אָפיציר האָט צוגערופען מיין פאָטער ז״ל און איהם באַפוילען צו שמעקען דעם עסען אין זיין מיליטערישער מאַנאַשקע זאָגענדיג דערביי: „יודע, עס שמעקט דיר, אָבער באַקומסט גאָרנישט״. מיר זיינען געווען גליקליך ווען מיר האָבען איינמאָהל באַקומען אַביסעל וואַסער פון אַ ליימיגען גרוב און דערביי האָב איך מיט מענדעל גרינבערג זיך געשלאָגען און אויסגעריסען איינער ביים צווייטען דאָס ביסעל וואַסער צו באַנעצען די ליפּען. דאַן האָט דער דייטשער אָפיציר אינטערווענירט און נישט געלאָזט אונז טרינקען דאָס ליימיגע וואַסער ווייל מיר קאָנען נאָך חלילה, קראַנק ווערען. קיין ריין וואַסער האָט ער אָבער אונז נישט געלאָזט געבען. ער האָט אונז ערקלערט אַז אַלע אידען זיינען „הארע־בעלישאס״ וועלכע ווילען אומברענגען דייטשלאַנד און מיר זיינען דעריבער זיינע שונאים. מען האָט אונז אויך מיטגעטיילט אַז מען פיהרט אונז צו אַ ס. ס. געריכט אין יאַראָסלאַוו.

דעם נעקסטען מאָרגען — מיטוואָך — האָבען מיר פאַרגעזעצט אונזער מאַרש. טיילמאָל איז אונז געלונגען צו כאַפּען אַ טרונק וואַסער ביי די פויערים, וועלכע זיינען געשטאַנען אויפן וועג מיט עמערס וואַסער און עס געטיילט פאַר די פאַרבייגייענדע פוילישע געפאַנגענע. אונז איז נישט ערלויבט געווען צו טרינקען וואַסער, אָבער עס איז אַמאָל געלונגען צו כאַפּען אַ טרונק פונקט אין מאָמענט ווען דער דייטשער אויפזעהער איז אויף אַ מינוט אַוועקגעריטען. ביי דער גאַנצער צייט האָט יעדער פון אונז געהאַט 2 פערד און ער האָט געדאַרפט מאַרשירען צווישען ביידע און זיי אָנהאַלטען (מען האָט אונז זעהר זעלטען ערלויבט צו רייטען). דער שטויב פון די פערד און מאַרשירענדע זעלנער איז געווען אומגעהויער. מען האָט כמעט נישט געפיהלט קיין הונגער אָבער דער דורשט איז געווען אומדערטרעגליך.

ווען מען האָט פאַרביימאַרשירט אַ טייכעל האָט מען אונז באַפוילען צו געבען די פערד צו טרינקען אָבער אונז האָט מען געהיט מען מיר זאָלען חלילה נישט געבען קיין טרונק. דער דורשט האָט מוראדיג געפּייניגט און פאַרביימאַרשירענדיג דעם טייך סאַן נעבען שינעווע האָבען טייל אויס־געדריקט דעם וואונש אַריינצושפּרינגען אין טייך זיך נאָך איינמאָל אין לעבען גוט אָנצוטרינקען ווען אַפילו דערביי איז די געפאַר דערטרונקען

צו ווערען. איך האָב זיך דערמאָנט די געשיכטע פון גלות בבל ווען מען האָט די דורשטיגע אידען געגעבען פענכערס אָנגעפילט מיט לופט אָנשטאָט וואַסער, פון וועלכען זיי זענען געשטאָרבען. דער גאַנצער מאַרש האָט אַזויפיל דערמאָנט אין יענער צייט, די זעלבע פייניגונגען, די זעלבע עראײנערונגען.

ערב יום כפור האָב איך באַשלאָסען אַז כ׳מוז „פאַרפאַסטען״ אויב נישט מיט עסען זאָל זיין כאָטש דורך טרינקען. עס האָט מיר אָפּגעגליקט צו געפינען אַ פאַרזשאַווערט קענדל פון קאָנסערווען און יעדעסמאָל ווען מיר האָבען פאַרביימאַרשירט אַ פּוילישען פויער וועלכער איז געשטאַנען און געטיילט וואַסער פאַר די געפאַנגענע פּאָליאַקען האָב איך געלאָזט הפקר מיינע 2 פערד, צוגעשפּרונגען און אָנגעשעפּט וואַסער פון עמער און אויף שנעל אויסגעטרונקען נאָך איידער דער דייטשער אויפזעהער האָט דאָס געקאָנט באַמערקען. איך האָב אויך עטליכע מאָל דערפאַר באַקומען קלעפּ אָבער עס איז ווערט געווען. איך האָב געהאַט דאָס געפיהל אַז דאָס איז מיר געלונגען אין זכות פון ערב יום כפור ווען ס׳איז אַ מצווה צו עסען און טרינקען. אָבער נאָך עטליכע געלונגענע „אָפּעראַציעס״ בין איך איינמאָל צוריקגעקומען מיטן קענדל וואַסער און פעסטגעשטעלט אַז איינער פון מיינע 2 פערד האָט דערווייל געמאַכט פּליטה. איך האָב מיר אָפּגעגעבען אַ חשבון וואָס דאָס הייסט. איך האָב געשפּילט מיט מיין לעבען. יעדער האָט געהאַט 2 פערד בלויז איך האָב געהאַט איינעם. דער דייטשער אויפזעהער איז באַלד צוגעקומען צו מיר און מיר געמאָלדען אַז דאָס באַדייט טויט־שטראָף. צום גליק האָט זיך אָפּגעזוכט אַ עסטרייכישער אָפיציר, וועלכער איז צוגע־קומען און מיר דערלאַנגט עטליכע מאָל מיט זיין גומענע נאַהייקע איבער מיין געזיכט און געזאָגט דעם אויפזעהער אַז דעם אָוונט וועט מען מיך משפּט׳ן פאַר פאַרלירען אַ מיליטעריש פערד און ער וועט די זאַך ערליידיגען און אַזוי אַרום האָט ער אויסגעמיטען אַז דער פּאַטרול וואָס האָט געהאַט אויפזיכט איבער אונז זאָל מיך גלייך נישט אָוועקפירען און פיליכט אויך אויספיהרען דעם אורטייל. שפּעטער האָט דער זעלבער אָפיציר ערגעץ באַקומען נאָך 2 פערד און זיי געבראַכט צו מיר אַזוי אַז פאַרנאַכט צו כל־נדרי ווען מיר זענען אָנגעקומען אין צייטווייליגען לאַגער איבערצוגעכטיגען האָב איך נאָך געהאַט איין פערד מעהר ווי איך האָב געדאַרפט (אינטערעסאַנט, אַז באַלד אין דער ערשטער נאַכט אין נאַראָלער לאַגער איז אינמיטען דער נאַכט צו אונז צוגעקומען אַ דייטש און אונז געטרייסט אַז „עס וועט ניכט פאַר אימער זאָ בלייבען״...). ערב יום כפור זענען מיר אויך פאַרביי־געגאַנגען סטאַראַדזשיקאָוו. עטליכע דייטשע רוצחים פון אונזער וואַך זענען געקומען מיט רעוואָלווערן אין די הענד און זיך באַריהמט פאַר זייערע קאָלעגען אַז זיי האָבען נאָר וואָס דערשאָסען 3 אידען. די כל נדרי נאַכט

האָבען מיר פאַרבראַכט אויף אַ גרויסען פרייען פּלאַץ אַרומגערינגעלט מיט מאַשין געוועהר וועלכע האָבען פון צייט צו צייט אויסגעשאָסען אונז אָפּצו־שרעקען נישט צו פּרובירען אַנטלויפען.

יום־כפור אינדערפרי האָבען די דייטשען — ווי׳סענדיג הפנים וואָסער טאָג עס איז — אונז אויסגעשטעלט אין סאַמע עק פון די רייהען געפאַנגענע, אַזוי אַז די וואַך וואָס רינגלט אַרום דעם מאַרשירענדען עולם זאָל אונז קאָנען האָבען באַזונדערס אויפן אויג. מען האָט אונז דעם טאָג נישט געגעבען צו פיהרען קיין פערד, נאָר אָנשטאָט דעם האָבען זיי עפּעס ספּעציעלעס אויסגעטראַכט ווי אַזוי זיך אַרום אונז פריילין צו מאַכען. זיי האָבען גענומען 2 שווערע קעסטלעך אַמוניציע פאַראייניגט מיט אַ קייט און אויפגעהאָנגען עס יעדעסמאָל אַ צווייטען פון אונז אויף די פּלייצעס, און ווען יענער האָט זיך געבראָכען אונטער דער משא נישט קאָנענדיג ווייטער גיין האָט מען איהם גענומען שלאָגען מכות־רצח. ווען מען האָט מיך מכבד געווען דערמיט האָט זיך מיין פאָטער ז״ל אָנגערופען אַז ער וועט עס בעסער טראָגען אויף מיין אָרט, זיי האָבען איהם באַרוהיגט אַז זיי האָבען פאַר איהם עקסטראַ און דאָס מאָל דאַרף איך עס טראָגען. איך האָב אָבער באַשלאָסען אַז איך וועל עס בשום אופן נישט טראָגען ווייל עס איז צו שווער פאַר מיר. איך האָב זיך אַנידערגעלייגט מיט דער משאַ אינמיטען וועג. אינצווישען האָט אונזער צוג גענומען מאַרשירען ווייטער. אַ דייטשער אָפיציר וועלכען איז אַ דורכגעריטען האָט מיך געטראָפען אונטערשטעליג, ער האָט ביי מיר צוגענומען די אַמוניציע, מיך אָנגענומען ביים אויער און אַזוי רייטענדיג אין גאַלאָפּ מיך געשלעפּט צוריק צום צוג. ווען איך האָב מיר פאַר איהם פאַרענטפערט אַז איך בין נישט געזונט און קאָן נישט שלעפּען די שווערע משא האָט ער דערויף געזאָגט אַז אויב איך בין נישט געזונד, דאַן זאָל מען מיך דערשיסען איך זאָל נישט אָנשטעקען אַנדערע.

מיין חבר שמואל קויפמאַן הי״ד דער זוהן פון אַזוי גערופענעם איז־דיטשער שוחט, איינער פון די תלמידים מצויינים פון ישיבת חכמי לובלין וועלכער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט מיר, האָבען זיי אָנגעהאָנגען די זעלבע משאַ און דערביי איהם געהייסען טראָגען אַ באַגנעט אין וועמענס שפּיץ עס איז געווען אַריינגעשטעקט אַ סידור. זיי האָבען איהם פאַראָרדענט צו האַלטען די האַנט הויך און דערביי אויף איין סעקונדע נישט איינבויגען דעם עלענבויגען. זייענדיג שוואַך געבויט און דערצו נאָך אַ פּאָר טעג פון הונגער און ליידען האָט ער עס נישט באַוויזען צו טאָן, זיי האָבען איהם דאַן אַריינגעשטאָכען דעם באַגנעט אין עלענבויגען.

ווייזט אויס צו להכעיס, האָבען זיי אונז דווקאַ יום כפור נאָכמיטאָג צום ערשטען מאָל צוגעטיילט אַ טעפּעלע זופּ. אַרום נעילה צייט האָט מיין

פאָטער ע״ה מעהר נישט געקאָנט גיין, זיינע באָרוויסע פיס זענען געווען צוקאַליעטשעט פון די שטיינדלעך וועלכע זענען געווען אויסגעשפרייט איבערן גאַנצען וועג. מען האָט מיר געגעבען צו האַלטען אַ גרויס שטיק האָלץ אונטער איין אָרעם און מיך געהייסען פיהרען מיין פאָטער ז״ל אונטערן צווייטען אָרעם. מען האָט אָנגעהויבען מיין פאָטער ז״ל צו שמייסען און מיר האָט מען באַפוילען צו זינגען. נישט באַוואוסטזיניג איז מיר געקומען אין געדאַנק די מעלאָדיע פון „אם אמרתי מטה רגלי״. ווען כ׳האָב זיך שפּעטער אָריענטירט וואָס איך האָב געזונגען אין דאָזיגען עת־רצון זמן פון נעילה האָב איך געפיהלט אַ חיזוק און אַ האָפענונג דאָס דער מאָמענט פון „חסדך ה׳ יסעדני״ איז שוין נאָענט. מיר זענען דורכגעגאַנגען דעם סאַנן אויפן וועג קיין שינעווע, און מוצאי יום־כפור האָבען מיר גענעכטיגט אויף אַ גרויס פעלד. צו יענער צייט איז אונזער צוג שוין באַשטאַנען פון איבער 20 טויזענט פוילישע געפאַנגענע זעלנער. ציווילע זענען געווען בלויז אונזער פוילישע גרופּע אידען. עס איז געפאַלען אַ דראַבנער רעגען. אַפּולשטענדיג אויסגעמאַטערטער און ערשעפּטער בין איך געלעגען אויף דער נאַסער ערד. מיר האָבען געפונען אַ פּאָר רויהע ריבען אָבער דאָס האָט אונז נאָך אַלעמען פערשאַדט. אַלעס האָט אויסגעזעהן אַזוי האָפנונגסלאָז. מיין פאָטער ז״ל האָט צוגעזעהן מיין צושטאַנד און זיך געלאָזט איבערן פעלד מיט אַ פלעשעל זוכען וואַסער פאַר מיר. עס איז פאַרביי אַ לאַנגע צייט און ער איז נישט צוריקגעקומען. איך בין געוואָרען זעהר באַאומרוהיגט און ווען ער איז נישט געווען צוריק ביז אינדערפרי, האָב איך און מיין חבר שמואל קויפמאַן הי״ד באַשלאָסען זיך צו לאָזען איהם אויפזוכען איבערן גרויסען פעלד. אַזוי אַרומדרייענדיג זיך איבערן גרויסען לאַגער פון די געפאַנגענע האָבען מיר דערזעהן אַ ציווילען מאַן אין שוואַרצע קליידונג שטיין און האַנדלען מיט די דייטשען (ער האָט ביי זיי אָפּגעקויפט פערד) פלוצים האָט ער זיך געווענדעט צו אונז אויף אידיש „יהודים, וואָס טוט איהר דאָ״? מיר האָבען איהם דערציילט אַז מען האַלט אונז דאָ אויפן סמך פון אַ בלבול אַז מיר האָבען געשאָסען אויף די דייטשען און אַז מיר זוכען מיין פאָטער ז״ל. ער האָט אונז געגעבען אַ וואונק, נאָכצוגיין נאָך איהם, ער האָט אונז געהייסען אויסבאַהאַלטען צווישען דער תבואה, אויפן פעלד און אונז דערביי געוויזען אַ סטעשקע וואוהין שפּעטער צו גיין צום הויז פון אַ איד וועלכער וועט אונז אויסבאַהאַלטען ביי זיך אויפן בוידים. ווען די אַנדערע אידען פון דער גרופּע האָבען געזעהן אַז אויך מיר זענען פאַרשוואונדען האָבען זיי געטראַכט אַז מסתמא איז דאָ ערגיץ אַ וועג ווי צו אַנטלויפען און אַלע האָבען זיך באַהאַלטען אין פאַרשידענע פלעצער אַרום דעם לאַגער־פעלד. עס האָט פּאַסירט אַז איינער האָט זיך באַהאַלטען אין אַ סטויג היי און פונקט דאָרטען דאַנעבען איז געבליבען שטיין אַ דייטשע

וואָך אויך נאָכדעם ווי דער גאַנצער צוג געפאַנגענע האָט אָפּמאַרשירט און ער איז פאַרבליבען אין דאָזיגען סטויג היי איבער 2 טעג ביז ער האָט געהאַט אַ געלעגענהייט פון דאָרטן אַרויסצוגיין.

וואָס איז געשעהן מיט מיין פאָטער ז״ל? גייענדיג זוכען וואַסער פאַר מיר אין די אונטערוועש און אָן שיך (ווייל די אַנדערע מלבושים האָט מען ביי איהם געהאַט אָפּגעצויגען) איז ער געגאַנגען אַזוי ווייט ביז ער איז אַרויס פון שטח פון לאַגער, וואו ער האָט טאַקע געפונען וואַסער און ער האָט פּרובירט גיין צוריק אין לאַגער צו מיר. עס האָט איהם דאַן דערזעהן אַ דייטשער פּאַטרול וועלכער האָט נאָר וואָס געטוישט די פריהער־דיגע וואַך און וואָרשיינליך נישט געוואוסט וועגען דעם אַז צווישען די מיליטערישע געפאַנגענע געפינען זיך אויך ציווילע אידען און איהם אונטער דראָהונג פון שיסען נישט ערלויבט צוריק אַריינצוקומען אין לאַגער. עס האָבען נישט געהאָלפען זיינע טענות אַז ער האָט דאָרטען איבערגעלאָזט אַ זוהן און ער איז זעלבסט איינער פון די לאַגער אינטערנירטע ער האָט געמוזט אָוועקגיין זייענדיג טיף באַזאָרגט וועגען מיין גורל. דאָס איז אָבער געווען די התחלה פון דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער גרופּע. ווען איך האָב נאָכהער מאַרשירט פון דאָרף צו דאָרף אויפן וועג אַ היים האָב איבעראַל אָפּגענומען גרוסען פון מיין פאָטער וועלכער האָט יעדעס אָרט געהאַט באַזוכט פונקט איין טאָג פאַר מיר און אומעטום זיך באַקלאָגט וועגען זיין זוהן וועלכען ער האָט איבערגעלאָזט ביי די דייטשן. מיר זענען דערגאַנגען ביז ציעשינאָוו. דאָרטען האָבען מיר שוין געטראָפען די רויטע אַרמיי און אידען האָבען מיר אַ ווייל פרייער אָפּגעאָטעמט.

דעם ערשטען טאָג סוכות אינדערפרי האָבען מיר זיך געלאָזט אין ווייטערדיגען מאַרש. קומענדיג קיין נאַראָל האָט מיין קוזין יצחק מאיר פלוג הי״ד אונז באַזאָרגט מיט אַ פוהרעל קיין טאָמאַשאָוו. אונזערע עלטערן, חברים און פריינט וועלכע האָבען אונז שוין נישט ערוואַרטעט צוריקצוזעהן האָבען זיך מיט אונז זעהר דערפרייט, אָבער די שמחה האָט נישט לאַנג אָנ־געהאַלטען. באַלד דעם 2־טען טאָג סוכות דעם 24־טען סעפּטעמבער איז באַקאַנט געוואָרען דער טרויעריג־באַריהמטער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך לויט וועלכען טאָמאַשאָוו און אַלע אַנדערע געביטען ביז צום בוג גייען צוריק צום דייטש. אין שטאָט איז אַנטשטאַנען אַ געפערליכער פּאַניק. די געשיכטע וואָס איז פאָרגעקומען מיט אונזער גרופּע האָט אַרויסגערופען אַ באַרעכטיגטע שרעק פאַר די דייטשן. שבת פרי בין איך גערופען געוואָרען אַלס עד־ראי׳ צו אַ ספּעציעלער זיצונג אין הויז פון ר׳ יעקב לעדערקרעמער הי״ד, וואו עס איז אויך געווען אָנוועזענד הרה״צ ר׳ לייבש רובין זצ״ל און פיל פון די חשובי־העדה און נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעהערט מיין

אויספיהרליכען באַריכט פון דעם וואָס מיר האָבען מיטגעמאַכט, איז דאַן באַשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען אַלעמען צו אַנטלויפען פון דייטש. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען דער מאַסן־אַנטלויף פון טאָמאַשאָוו. צוליב דעם וואָס מיין פאָטער ז״ל, איז צוריקגעקומען קראַנק האָבען מיר נאָך געוואַרט איניגע טעג ביז מיין אָנקעל הי״ד ר׳ מיכל שאַפּראַן הי״ד איז געקומען צו פאָהרען שמחת־תורה פון סאקאל און דערציילט אַז דער בעלזער רבי זצ״ל איז געקומען שמיני־עצרת קיין סאקאל און געזאָגט אַז ס׳איז אַ מצוה צו אַנטלויפען ביום־הכפורים שחל להיות בשבת — אָבער אין די פּאָר טעג ביז וואַנען מיר האָבען פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו זענען ביי אונז אין הויז פאָרגעקומען היציגע דעבאַטען צי מען זאָל הפקר לאָזען אַ אידישע שטאָט פון פילע הונדערטער יאָהרען און זי דעזערטירען. ר׳ פנחס באראס און ר׳ יעקב אַרביספעלד פון „מזרחי״ זענען דאַן געווען פון די טעגליכע אַריינגייער און האָבען שטאַרק פאַרטיידיגט דעם שטאַנדפונקט צו פאַרבלייבען אין טאָמאַשאָוו און נישט לאָזען זיך נע־ונד, און פיל פון אָט דער גרופּע זענען טאַקע פאַרבליבען אין טאָמאַשאָוו ביז צו די שפּעטערדיגע אויסזידלונגען קיין ציעשאנאָוו און בעלזשיץ וועלכע האָבען אַ סוף געמאַכט צום לאַנג איינגעוואָרצעלטען אידישען ישוב אין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי.



# דער שוואַרצער שבת

● מרדכי לערער
אופּיגענומען דורך י. שוואַרץ

איך בין געבוירען געוואָרען אין קאָמאַראָוו ביי זעהר אָרימע עלטערען. ביי 9 יאָר בין איך שוין געווען אַ קיילינדיגער יתום. מיינס אַן אָרימע שוועסטער וואָס האָט געוואוינט אין טאָמאַשאָוו לובעלסקי האָט מיך גענומען צו זיך. אַ פּאָר יאָר האָב איך געלערנט אין תלמוד תורה און נאָר דאָס וואָס איך האָב דאָרט געלערנט ביי דעם בין איך געבליבען. איך געדענק ווי איך האָב צו יענער צייט אַזוי מקנא געווען די קינדער וואָס גייען אין חדר אַריין אָדער לערנען אַזוי ביי אַ גוטען מלמד און פילען אויף זיך די וואַרימע בליקען פון זייערע עלטערען אָבער מיין אָרימע שוועסטער האָט מיר אַפילו קיין עסען צו דער זעט נישט געקענט געבען, און שפּעטער האָב איך שוין נישט געהאַט וואו צו שלאָפען. אַ לענגערע צייט האָב איך זיך געוואַלגערט, וואו געטאָגט נישט גענעכטיגט. איך האָב געוויינט אויף מיין גורל אין דער שטיל ליגענדיג אויף דער האַרטער באַנק אין חסיד׳ישען בית־המדרש.

אין אַ געוויסען טאָג האָב איך זיך געבאַרגט צוויי עמערס, איך בין געוואָרען אַ וואַסער־טרעגער. איך האָב געטראָגען וואַסער צו די טאָמאַשאָווער בעלי־בתים. דאַנערשטיק אין מאַרקס־טאָג פלעג איך אָנטרינקען די פּויערישע פערד און מיין לאַגע האָט זיך טאַקע געבעסערט, איך האָב שוין ניט געהונגערט. שבת האָב איך גענעסען ביי גיטשע שוואַרץ ע״ה און אויך דאָרט געשלאָפען אין אַזוי בין איך געבליבען אַ וואַסער טרעגער ביז׳ן אויסברוך פון דער קריג. און כדי די לעזער זאָלען וויסען ווער איך בין וועל איך זיך אָנרופען אַזוי ווי מען האָט מיך גערופען אין טאָמאַשאָוו, מאָטאַלע דער הייזעריקער. און אַזוי ווי איך רעכען זיך פאַר אַ טאָמאַשאָווער תושב וויל איך דאָ אויך איבערגעבען מיינע איבערלעבונגען וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער צייט וואָס איך בין געווען ביי די דייטשע מערדער.

## דער שוואַרצע שבת

שבת דעם אונגעפער חודש חשון (איך געדענג נישט גענוי) 1939 בין איך און מאַנעס אונפּוס און צוויי וואַרשעווער אינגלעך געווען ביי אברהם דאַרענבאָש (ביילע מעכעלעס) זענען אַריין געקומען צוויי קליינע שקצים מיט צוויי ס. ס. באַנדיטען אין אָנגעוויזען אַז דאָ זיינען דאָ אידען. מען

האָט אונז אָפּגעפּירט אין דאָם לודאווי, פון ביידע זייטען פון דער גאַס זיינען געווען פאַרזאַמעלט פיל מיעשטשאַנעס און גע׳חוזק׳ט און געלאַכט ווי מען פירט אַלע מאָל אַנדערע אידען. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען דער





דאס לודאווי (שטעטל)

קערער פון אוזשאַנד סקאַרבאָווע וואָס איז באַצייטענס געוואָרן אַ פאָלקס־דויטש מיט אַ גראָבע נאַגייקע אין דער האַנט און ווער ס׳איז אַריינגעגאַנגען האָט ער מכבד געווען מיט קלעפּ וואו ער האָט נאָר געטראָפן אַזוי אַז די שוועל איז געווען פאַרגאָסען מיט בלוט. אַריינקומענדיג האָב איך דערזעהן אַ שוידערליך בילד. בערך אַ 300 אידען זיינען געשטאַנען האַלב נאַקעט פון איין זייט דייטשע זעלנער און פון דער אַנדערער זייט ס. ס„ מערדער מיט נאַגייקעס און שטעקענס און געהאַלטען און איין שלאָגען. דער גרעסטער צאָרען איז אויסגעגאָסען געוואָרען דאַמאָלס אויף אליהו שטרוזלער. ביי אים האָבען זיי געפאָדערט גאָלד און געלד. מען האָט אים אַזוי צעשלאָגען אַז עס איז אים ניט געווען צו דערקענען. נאָכער האָט מען זעהר שטאַרק צעשלאָגען אליעזר בערגערבוים. ביי גערזאַנען האָבן זיי אויך געפאָדערט גאָלד און אים אויך זעהר שטאַרק צעשלאָגען. נאָכער האָט מען יעדערן געשלאָגען לויט די רייע און יעדערן באַזוכט און צוגענומען אַלעס וואָס מען האָט געפונען. פאַלעק ריצער האָט מען געהייסען זינגען די התקוה און אַלע האָבען געמוזט מיטזינגען.

נאָכער האָט מען אויף האַלב נאַקעט אַרויס געפירט און אונטער די ס״ס אונטערגעלייגט לייטערס און שטעקענס מען זאָל פאַלען, און דאָס געלעכטער פון די פאַרזאַמעלטע גויים האָט אַזוי שטאַרק ווי געטאָן. נאַכער האָט מען אונז אַלע פאָטאָגראַפירט. אַזוי האָט מען אונז געמוטשעט ביז נאַכט. ביינאַכט איז צוגעקומען אַ דייטש און געפרעגט ווער ס׳קען רעדען דויטש. פאַלעק האָט זיך געמאָלדען, דער דייטש האָט געמאָלדען אַז ער גיט צייט דריי טעג צו פאַרלאָזען טאָמאַשאָוו.

דער גאַנצער עולם האָט גענומען לויפען צוביירעכען אין דער מיל אַריין (ד. ה. נעבן דער גרענעץ). קומענדיג אַהין האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ פריש שוידערליך בילד. מענער, פרויען און קליינע קינדער זיינען געלעגען אויף דער גאַס וויל מען האָט שוין אין דער מיל אַריין ניט געקענט אַריין. אויפ׳ן רעגען איז מען געלעגען מיט קליינע קראַנקע קינדער. די געוויינען פון די קינדער האָבען צעריסען ס׳האַרץ. צוויי דייטשען וואַרשיינליך פון דער גרעניץ האָבען ערלויבט אויסצוהאַקען אַ פּאָר דינע ביימלעך און מאַכען אַ פייער די קינדער זאָלען זיך דערוואַרעמען. איין איד אָבער האָט אָפּגעריסען אַ פּאָר ברעטער פון אַ פּלויט און ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסען דער גוי׳אישע בעל־הבית פונ׳ם פּלויט און האָט שטאַרק געשריגען אַז די אידען ווילען אים דאָ אומגליקלאַך מאַכען. די צוויי „גוטע דויטשען" האָבען פּאַר אַ שטראָף געהייסען שאול׳קען (דעם גראָבען אברהמ׳ס איידעם) אַרויפקריכען אויף אַ דין הויך בוימל און ער זאָל אָפּלאָזען די הענט כדי ער זאָל אַראָפּפאַלען. ער האָט נעבעך געמוזט

אַרויפקריכען און איז טאַקע באַלד אַראָפּגעפאַלען. מען האָט אים אַריינ־געטראָגען אין מיל אַריין און צו ער איז געבליבען לעבען ווייס איך נישט.

אַ פּאָר וואָכען האָבען זיך די מענטשען געמוטשעט אין דער מיל און נעבען דער מיל. מענטשען זענען געפאַלען, די קינדערלאַך האָבען געבעטן אַ שטיקעלע ברויט, אַ ביסעלע וואַסער. צוויי מאָל האָב איך זיך איינגעשטעלט ס׳לעבען און צוריק געגאַנגען קיין טאָמאַשאָוו און געברענגט ברויט. וואַסער האָב איך אויך כסדר געברענגט. איך מוז אויך באַמערקען אַז פיל אידען זענען געבליבען אין טאָמאַשאָוו וואַרשיינליך די וואָס זיינען ניט געווען אין דאָם לאָדאָווע אָדער זיי האָבען גערעכנט אַז די נאַצישע מערדער מיינען ניט זיי.

מיט זעהר שווערע מיה און מאַטערניש האָב איך אין אַ געוויסע נאַכט געשוואַרצט די גרעניץ, איך בין אָנגעקומען קיין ראַווע־רוסקע, וואו איך האָב זיך געטראָפען מיט אונזערע רויטע „באַפרייערס״. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט איין ביטער קאַפּיטעל פון מיינע טראַגישע איבערלעבונגען.



# אַ מוסטער פון רשעות

• שמואל אולריך
איפגענומען דורך י. שוואַרץ

די גרויסע טראַגעדיע פונ׳ם פוילישן אידנטום האָט זיך בלוטיק איינגעשריבן אין דער ליידנס־געשיכטע פונם אידישן פאָלק. פאַרניכטעט זיינען געוואָרן די אידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, צעשמעטערט און פאַרברענט צוזאַמען מיט די אידישע לעבנס, צוזאַמען אפילו מיט די בית־עלמינ׳ס און צווישן זיי אונזער שטעטעלע טאָמאַשאָוו וואָס יעדער שפאַן ערד, יעדער שטיין איז באַקלעפּט געוואָרן מיט אידיש בלוט, וואָס שרייט, מאָנט און פרעגט: פאַרוואָס?...

אין חודש דעצעמבער פון יאָר 1939 ווען עס איז שוין געווען נאָך די דייטשע באָמבעס וואָס האָבן פלוצלונג אָנגעהויבן פאַלן אויף די הייזער אויפן אומגליקלעכן שטעטל וואָס יעדע טאַטע מאַמע האָט באַוויינט זיין קרבן פון יענעם טראַגישן דאָנערשטיק, האָט אַ שווערער קאַלטער ווינטער זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן מיט קאַלטע רעגנס און שנייען. שוואַרצע בייזע כמאַרעס האָבן זיך געיאָגט איבערן הימל גלייך ווי זיי וואָלטן געקומען אָנזאָגן שוואַרצע וויסטע בשורות. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג זיינען געזעסן אין די שטובן און פאַר שרעק אַפילו אַ וואָרט מורא געהאַט אַרויס־צוריידן. אין אַ געוויסן טאָג, דאַכט זיך מיר אַז ס׳איז געווען שבת, זיינען אַרויס עטלעכע גרופּעס דייטשע מערדער אויף צו כאַפּן מענטשן קאַליקעס, משוגענע און אויך אַזעלכע וואָס זיינען געזעסן לעבן קלויסטער און געבעטן נדבות אויך קאַליקעס (ביז היינט ווייס איך נישט צי די מערדער האָבן געוואוסט אַז די קאַליקעס וואָס זיי האָבן געכאַפּט ביים קלויסטער זיינען ניט קיין אידישע). דער ערשטער קרבן איז געווען פּיניעלע חזר׳ל האָט מען אים גערופן,ביירעך שוסטערס אַ זון, ער איז געווען אַ קליינינקער אָן איינגעבויגענער אויף אַ זייט און האָט אונטערגעהונקען אויף זיין דין פיסל. אויפן וועג האָט אים דער דייטש אַלע מאָל אויפגעהויבן מיט איין האַנט אין דער הויך אָבער ניט אַראָפּגעוואָרפן כדי אים ניט צו געבן קיין לייכטן טויט, נאָר אים צוגעשלעפּט ביז צום קעלער וואו יוסף פייער האָט פאַרקויפט נאַפט און אים דאָרט אַריינגעוואָרפן און פאַרשלאָסן מיט אַ גרויסן שלאָס. אונזערע היימישע גוי׳אישע מיטהעלפער האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם שיינעם ספּעקטאַקל. נאָכהער האָבן זיי געטראָפן סאַלדיקס אַ זון

אַ טויב שטומער און בלינדער שטיין נעבן זיין געוועזענע היים וואָס איז געווען נעבן מרדכי בערגערזאָן (רויטער) און געקלאַפּט אין דער טיר, ער האָט נעבעך ניט געוואוסט אַז ס'איז אַ מלחמה בכלל און קעגן אידישן פאָלק בפרט. צוויי שקצים האָבן אים געשלעפּט ביי די פיס און אים אויך אַריינגעוואָרפן אין קעלער אַריין. נאָכהער האָט מען אַריינגעוואָרפן די משוגענע שיינדעלע וועלכע האָט געמאַכט אַזעלכע שרעקלעכע געוואַלדן אַז עס האָט צוריסן ס'האַרץ. שפּעטער האָט מען אַריינגעוואָרפן די משוגענע טויבעלע מיט נאָך עטלעכע פרויען קאַליקעס וואָס איך ווייס ניט ווער זיי זיינען געווען. די טירן פון קעלער אויף וועלכע עס האָט געהאָנגען אַ גרויסער שלאָס האָט מען מיט אַ שטופּ געקענט מאַכן אַ שמאָלע שפּאַרע. אויף צו מאָרגנס האָבן די דייטשע רוצחים געכאַפּט אַ 10 אידן און זיי געגעבן גרויסע עמערס און באַפוילן ברענגען וואַסער פונם פלומפּ וואָס איז ניט וויט געווען און נאָך דער שפּאַרע זאָלן זיי דעם קעלער אָנפילן מיט וואַסער. אונטער ווילדער געשרייען מיט שטאָקעס האָבן די אידן געהאַלטן אין איין גיסן וואַסער אין קעלער אַריין. די קרבנות זיינען געשטאַנען אויף די טרעפּ און דער קעלער איז אַלע מאָל פולער געוואָרן. די שרעקלעכע יאָמערדיקע געוויינען און געשרייען און דאָס קלאַפּן אין דער טיר אַריין האָבן געקענט רירן אַ שטיין, די פאַרשטיינערטע הערצער פון די גוים האָט עס ניט גערירט. די טויט שרעק וואָס מיר האָבן דעמאָלט איבער־געלעבט קען זיך קיין שום מענטש ניט פאָרשטעלן. אַזוי האָבן די אידן עטלעכע טעג געגאָסן וואַסער ביז עס איז שטיל געוואָרן אַזוי אַז מען האָט שוין קיין שאָרך ניט געהערט. דאַן האָט מען געבראַכט אַ גרויסע פלאַפאָרמע מיט פערד און מען האָט געעפנט די טיר און אַרויסגענומען די טויטע קערפּערס, דער טויב שטומער און איין פרוי האָבן נאָך געמאַכט מיט די מיילער, מען האָט זיי געפירט באַגראָבן, וואו אַהין ווייס איך ניט.

זאָלן די נאַצישע רוצחים פאַרשאָלטן זיין אויף דורי דורות. די אַלע וואָס זיינען געווען אין די געטאָס, די אַלע פאַרטיזאַנער קעמפער, די אַלע וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם שוידער פון היטלער'ס שאַנד און מאָרד סיסטעם און די אַלע וואָס האָבן זיך על פי נס געראַטעוועט — מיר אַלע זיינען געבליבן יתומים. אונזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, קינדער, פריינט, חברים, לערער און תלמידים זיינען געפאַלן. אַפילו ביי די גרעסטע שמחות וועט ביי אונז פאַרבלייבן אַ שאָטן פון טרויער נאָך די טאַמאַשאָווער קדושים וואָס זיינען געפאַלן מיט פאַרשידענע שרעקלעכע טויטן.




שבע קעמפינסקי־קרוגער

# דער חורבן און אומקום
# פון מיין שטעטל
# טאָמאַשאָוו לובעלסקי

● **שבע קעמפינסקי** (קריגער)
אופיגענומען דורך י. שוואַרץ

**שוין** שיינע יאָרן זיינען פאַרביי זינט יענע קאָשמאַרע טעג און נעכט, ווען דער פוילישער באָדן איז פאַרפלייצט געווען פון טייכן אידיש בלוט, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן פאַרגאָסן. די צע־שמעטערטע קינדער דורך די דייטשע מערדער וואָלטן שוין געווען מוטערס און פאָטערס, און די מוטערס פון וועמענס אָרעמס זיי זיינען אַרויסגע־ריסן געוואָרן וואָלטן שוין געהאַט נחת פון זייערע אייניקלעך. דער גרעס־טער טייל פון דעם קליינעם רעשטל ניצול־געוואָרענע טאָמאַשאָווער אידן זיינען פאַר דער צייט אַלט און צעבראָכן געוואָרן — און דאָך איז עס ווי עס וואָלט פאַרגעקומען היינט, ווי יאָרן וואָלטן נישט פאַרביי. ווייל דער שוידער און ווייטיק פון יענע טעג איז אייביק, אייביק און פריש. ביז היינט האָב איך נאָך קיין איין רואיקע נאַכט ניט געהאַט, ביז היינט פייניקן מיך שרעקלעכע חלומות, איך הער נאָך בולט דאָס ווילדע געלעכטער פון דער געסטאַפּאָ, דאָס שיסעריי, און די פאַרשטיקטע געשרייען פון פאַרפייניקטע קינדער. אָך, ג־ט, גיב מיר כוח איך זאָל קענען כאָטש אַ טייל פון מיינע טראַגישע איבערלעבונגען אויסגיסן אויף דעם בייגעלע פּאַפּיר כדי דאָס זאָל פאַראייביקט ווערן אויף דורי דורות; דאָס אידישע פאָלק זאָל וויסן און געדענקען וואָס די היטלעריסטישע באַנדיטן האָבן אָפּגעטאָן מיט אונזער פאָלק.

מיטן אויסברוך פון קריג אין יאָר 1939 בין איך מיט מיין מאַן סאַנע נאַדלער מיט מיינע פיר האַרציקע זין געבליבן אין טאָמאַשאָוו ביים דייטש. ווען ער איז אַרויסגעקומען אַ נאַקעטער און שטאַרק צעשלאָגענער פון „דאָם לידאווע" (טשיינע) איז ער געשוואָלן און טויב געוואָרן. ווען מען האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן אויף צוואַנגס־אַרבעט האָב איך מיין קראַנקן צעבראָכענעם מאַן באַהאַלטן אין אַ קעלער, און איך בין געגאַנגען מיט טויט־

שרעק אין דאָרף אַריין ברענגען אַביסל שפּייז, שוין דעמאָלט טראַגנדיק אַ לענטע.

איינמאָל צוריקגייענדיק פון דאָרף האָבן מיך עטלעכע שיקסלעך פון שולע דערקענט, הגם די לענטע האָב איך געהאַט אין קעשענע באַהאַלטן. זיי האָבן מיך פעסט צוגעהאַלטן. צוויי זיינען שנעל געלאָפן מעלדן דער געסטאַפּאָ, אַז זיי האָבן געכאַפּט אַ זשידאָווקי מיט קאַרטאָפל. ווען איך האָב איינגעזען אַז איך בין אַ פאַרלוירענע האָב איך די שיקסלעך געזאָגט אַז איך גיי נאָר אַריין אָט־אָ־דאָ אין שטוב אַריין מיר עפּעס נעמען. פון דאָרטן בין איך נאָך אַ הינטער טיר אַנטלאָפן גלייך אַהיים. ווען די שיקס־לעך מיט דער געסטאַפּאָ זיינען געקומען, בין איך שוין פאַרשטענדלעך ניט געווען, האָט מען גענומען די פרוי זאָל ווייזן וואו איך וואוין, אויב ניט נעמט מען זי. ווען די פרוי מיט דער געסטאַפּאָ זיינען אָנגעקומען צום הויז וואו איך האָב געוואוינט, האָב איך שוין איבער דער צייט געהאַט מיין מאַן מיט די קינדער באַהאַלטן אין אַן אַנדער נאָרע.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָב איך געזען אַז די אידישע לאַגע ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. מען שיסט פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט, יעדער גוי האָט רעכט צו ראַבעווען און הרג׳נען אידן. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך אין אַ דאָרף גוט באַצאָלט אַ גוי ער זאָל מיין מאַן צונעמען פאַר אַ פאַסטעך. מיין עלטער אינגל האָב איך אויך פאַר גוט געלט אַריינגעגעבן פאַר אַ פאַסטעך צו אַ צווייטן גוי. די דריי קינדער מיינע פלעגן גיין אין פעלד אַריין צענויפקלייבן אַביסל זאַנגען אָדער סתם פאַרשידענע בלעטער אָדער פון די מיסט־קאַסטנס, כדי צו קענען די נשמות דערהאַלטן. דערנאָך איז געוואָרן די שטאָט אַזוי באַוואַכט אַז איך האָב שוין ניט געקענט גיין אין דאָרף אַריין זען וואָס עס הערט זיך ביי מיין מאַן מיטן קינד. אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל צו דער גוי׳שער באַפעלקערונג, אַז ביי וועמען מען וועט געפינען אַ איד, באַקומט טויט־שטראָף. פאַרשטענד־לעך אַז מיין מאַן מיטן זון זיינען צוריקגעקומען קיין טאָמאַשאָוו.

אין יאָר 1942 אין חודש אדר (פורים צייט) איז געווען די ערשטע אַקציע. לויט אַ באַפעל האָבן מענער און פרויען פון 32 יאָר זיך געמוזט במשך פון טאָג צושטעלן אויף דעם און אויף דעם פּלאַץ. איך מיט מיין מאַן און קינדער זיינען אַנטלאָפן אויסער דער שטאָט און צוויי טעג זיך אויס־באַהאַלטן. ווען איך בין צוריקגעקומען בין איך געוואָר געוואָרן אַז אַלע וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טשעשאַנאָוו. מיר זיינען, פאַרשטענדלעך, פון דעם מאָמענט אָן געוואָרן אומלעגאַל. די אידן ביז 32 יאָר האָבן באַקומען ביכעלעך, מיר ד. ה. איך מיט מיין מאַן און קינדער, האָבן אַזעלכע ביכעלעך ניט געהאַט. האָבן מיר געוואַנדערט פון איין שטוב אין דער אַנדערער און מיט טרערן אין די אויגן זיך

איינגעבעטן ביי די אידן וואָס האָבן געהאַט די ביכעלעך און זיינען געווען לעגאַל. עס איז אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע זאַך אַז יעדער איד האָט מורא געהאַט פאַר זיך צו האַלטן ביי זיך אַזעלכע מענטשן ווי מיר. די געסטאַפּאָ ווייטער געוואָר ווערנדיק אַז אַ געוויסע טייל אידן זיינען פון פאַרשידענע באַהעלטענישן צוריקגעקומען, זיינען זיי מיט פיל טאָמאַשאָווער גוים אומ־געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אויסגעשאָסן וועמען זיי האָבן געטראָפן וועלכער האָט קיין ביכעלע ניט געהאַט. און ווידער האָט זיך דער גורל מיט מיר געשפּילט, און ווידער האָב איך זיך געראַטעוועט מיט מיין מאַן און קינדער באַהאַלטנדיק זיך אין אַ בית־הכסא. איך בין ניט אומשטאַנד אויסצורעכענען וויפל אידיש בלוט עס האָט זיך געגאָסן אין יענעם שווי־דערלעכן טאָג און נאַכט. אַזוי האָבן מיר זיך ווייטער געמוטשעט אין שרעקלעכן הונגער און נויט וואָס קיין מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך עס ניט פאָרשטעלן.

צו יענער צייט איז דער יודן־ראַט באַשטאַנען פון יהושע׳לע פישל־זאָן, נטע העלער, אַבא בערגערבוים, יעקל אַרבעספעלד, ישעי׳ קרוק ז״ל א. אַ. איך פון מיין זייט מוז באַמערקן אַז אונזער יודן־ראַט האָט ווי ווייט עס איז געווען אין זייערע מעגלעכקייטן געהאָלפן מיט ראַט און טאַט די שוין האַלב טויטע אידן.

## די צווייטע אַקציע

דעם 2־טן טאָג שבועות איז פאָרגעקומען די 2־טע אַקציע. לויט אַ שטרענגען באַפעל מוזן מענער, פרויען און קינדער זיך צושטעלן אויף דעם פּלאַץ (פּ. ס. פון וויפל יאָרן געדענק איך נישט). מען איז אומגע־גאַנגען פון שטוב צו שטוב און מיט ווילדע געשרייען אַרויסגעיאָגט יעדערן. מיר מיטן מאַן און קינדער איז ווידעראַמאָל געלונגען צו אַנטלויפן הינטער דער שטאָט און זיך באַהאַלטן ביי אַ גוי, וועלכן איך האָב גוט באַצאָלט. דער גוי האָט אונז באַהאַלטן עטלעכע טעג ביז נאָך דער אַקציע. מיר זיינען ווידער צוריקגעקומען און געוואָר געוואָרן אַז אַלעמען מענער, פרויען און קינדער האָט מען אויפגעלאָדן אויף אויטאָס און אַוועקגעפירט קיין בעלזשעץ, ווי אויך די מענטשן וואָס מען האָט געהאַט אַוועקגעפירט קיין טשעשאַנאָוו האָט מען דעם זעלבן טאָג געפירט קיין בעלזשעץ. די יאָמערדיקע געשרייען פון די קרבנות אין דער גרויזאַמער נאַכט האָט מען געהערט מיילן ווייט. די געוויינען פון די קינדער האָבן געשפּאָלטן הימלען און צעריסן יעדן אידיש האַרץ, און ווער עס האָט אויף די אויטאָס ניט געוואָלט אַרויפגיין איז דערשאָסן געוואָרן. לעבן די אויטאָס האָט זיך געוואָלגערט דער טויטער קערפּער פון איטשעלע ניץ.

זייענדיק ווייטער אומלעגאַל אין טאָמאַשאָוו בין איך אַריינגעגאַנגען אין יודן־ראַט. דער פּרעזעס יהושע׳לע פּישלזאָן ז״ל איז שוין דעמאָלט געווען אַ דערשאָסענער מיט זיין פרוי און קינד, און זיין פּלאַץ האָט פאַר־נומען אבא בערגערבוים. איך האָב מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין אים געבעטן אַז אפשר קען ער פאַר מיר שאַפן אַ ביכעלע איך זאָל קענען זיין לעגאַל, און איך גיב דערפאַר אַוועק מיין לעצט ביסל צירונג. האָט ער מיר וויינענדיק געענטפערט: קינד לעבן! מיטן צירונג און אָן דעם צירונג, מיטן ביכעלע און אָן דעם ביכעלע זיינען מיר אַלע פאַרלוירן. גיי „אַהיים״ און ווי וויט דו קענסט ראַטעווע דיך פאַרן צירונג מיט אַ שטיקל ברויט.

און ווייטער האָב איך זיך געמוטשעט מיטן מאַן און קינדער אין גרויסע שרעקלעכע ליידן, אין הונגער און נויט אין שטענדיקן פּחד.

## די לעצטע אַקציע

פאַר די ימים טובים איז אַרויס אַ באַפעל אַז די אַלע אידן וועלכע זיינען אומלעגאַל קענען זיך אַריינציען אויף דער פּיעקאַרסקי גאַס. פאַר זיי זיינען פאַראַן זעקס צוגעגרייטע שטובן און מען וועט מער זיי ניט טשעפּען, און אויך ניט אומגיין אין די שטובן שיסן. אין געציילטע שעה׳ן האָבן אַלע דאָרט געוואוינט, און מיר אויך.

צוויי וואָכן נאָך די ימים טובים האָב איך באַמערקט אַז די מענטשן פון יודן־ראַט גייען אום פאַרוויינטע און ברעכן זיך די הענט. האָב איך געפרעגט: וואָס איז געשען? האָט מען מיר געענטפערט, אַז היינט ביי־נאַכט דאַרף מען פאַרניכטן דאָס רעשט ביסל אידן. און באַלד האָט טאַקע די געסטאַפּאָ מיט דער הילף פון אונזערע היימישע פּאָליאַקן באַוואַכט אַלע שטובן. איך בין מיט מיין מאַן און קינדער אַרויף אויפן בוידעם מיטנעמענדיק דאָס ביסל צירונג ווי אויך אַביסל וואַסער. ביינאַכט האָבן מיר שוין געהערט די געוואַלדן און די שרעקלעכע געשרייען און דאָס שיסעריי פונעם רעשט ביסל אידן. ר׳ אהרן קיזעל ז״ל האָט געשריען: היינט איז מיינע לעצטע זיבעציק יאָר! און מיט אַ פאַרשטיקטן שמע ישראל איז ער דערשאָסן געוואָרן. מיינס אַ קינד ווידער נעמענדיק זיך אַביסל וואַסער האָט ער אַביסל פאַרגאָסן, און צוויי שקצים האָבן באַמערקט ווי עס איז אַראָפּגערונען וואַסער, זיי זיינען באַלד אַרויף אויפן בוידעם און מיט עלעקטרישע לעמפּלעך אונז באַמערקט. זיי האָבן זיך ווילד צעשריען מיר זאָלן שוין אַראָפּגיין. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיי געבעטן אַז זיי זאָלן אונז שענקען ס׳לעבן, זאָלן זיי זיך נעמען אַלעס וואָס איז דאָ אין שטוב און איך גיב זיי נאָך צו דאָס ביסל צירונג. זיי זיינען באַשטאַנען און אונז אַראָפּגעפירט, און געוויזן מיר זאָלן אַנטלויפן אין דער און דער

ריכטונג און מיר זיינען נאָך הינטער וועגן געלאָפן אויפן וועג קיין ווערכאַן, ווייל דאָרט האָבן זיך מיינע עלטערן געהאַט אויסגעסטאַרעט צו אַרבעטן ביים פריץ.

אויפן וועג האָט אונז געטראָפן אַ באַקאַנטע קריסטין און געפרעגט וואו מיר לויפן. איך האָב איר פון אַלעס דערציילט און אַז מיר גייען יעצט אין ווערכאַן צו מיינע עלטערן, אפשר וועלן מיר זיך דאָרט קענען אויסבאַהאַלטן. האָט מיר די קריסטין געזאָגט: גיי נישט אַהין, ווייל צוריק מיט אַ פּאָר שעה האָט מען דיינע עלטערן מיט נאָך 18 אידן דערשאָסן, זיי ליגן נאָך אויפן הויף — — — קיין מענטש אין דער וועלט קען זיכער ניט באַגרייפן וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין מיין פאַרבלוטיקט האַרץ. פאַרשטענדלעך אַז קיין ווערכאַן זיינען מיר שוין ניט געגאַנגען, נאָר אַריין אין אַ וואַלד אַריין נעבן ווערכאַן. דעם מאַן מיט די קינדער האָב איך געלאָזט אין וואַלד און איך בין אַריין אין דאָרף אויסצובעטלען אַביסל עסן און גלייכצייטיק אויסגעבעטן אַ לאָפּאַטע און אויסגעגראָבן אַ טיפן גרוב, און דאָרט זיינען מיר געלעגן. כ'האָב געבראָטן בוריקעס, קאַרטאָפל וואָס איך פלעג אויסבעטלען אין דאָרף.

אַזוי זיינען מיר געלעגן אין דעם פינסטערן גרוב דריי מאָנאַטן, געקאָכט אין אַ צעבראָכענעם טאָפּ וואָס איך האָב פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע, און אַזוי צעטאָפּיעט שניי כדי די קינדער זאָלן האָבן אַביסל וואַסער. מיר זיינען שטאַרק פאַראומרייניגט געוואָרן. איך האָב איינמאָל אויסגעבעטן אַ שערל און מיר האָבן זיך אַלע אָפּגעשאָרן. אַזוי האָבן מיר געלעבט אין שרעקלעכן הונגער. דאָס צער פון מיינע קינדער האָבן געשניטן מיין צעווייטיקט האַרץ. אַ דיר פון אַ בלעטל האָט אונז פאַר שרעק אויפגעשוידערט. ביז אַ געוויסן טאָג זיינען אָנגעקומען אַ זעקס שקצים און אונז געהייסן אַרויסגיין פון גרוב. אין בין די ערשטע אַרויס, און פונ'ם שאָס וואָס איך האָב דערהערט האָב איך זיך איבערגעקערט און פאַרשיט געוואָרן מיט שניי. איך האָב אָבער באַלד דערהערט דאָס געשריי פון מיין מאַן מיט די פיר קינדער וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן. ווען עס איז שטיל געוואָרן בין איך אַ האַלב פאַר'חלש'טע נאָך געהערט דאָס שטילע קרעכצן פון מיינע טויטע קינדער. איך האָב זיך אומגעקוקט און קיינעם ניט געזען, אַ חוץ די פינף נאָך וואַרעמע קערפּערס פון מיינע נאָענטסטע. אין דעם מאָמענט האָט זיך פון מיין פאַרבלוטיקט האַרץ אַרויס־געריסן אַ שרעקלעך געוויין (פּ. ס. כ'האָב נאָך דעמאָלט געקענט וויינען). — כ'האָב נאָך געהאַט אין זיך אַזאַ האַרץ און האָב זיי מיט מיינע הענט איבערגעדרייט מיט די פּנים'ער אַרויף און צעקושט, און באָרוועס אַוועקגעלאָפן, נישט ווּיסנדיק וואו אַהין.

צוגעקומען בין איך אויף אַ פעלד, און זעענדיק אַ סטויג שטרוי נעבן אַ הויז בין איך אַריין אין דעם שטרוי אַריין און אויסרעכענענדיק אפשר וועט ג־ט אויף מיר רחמנות האָבן און איך וועל אַזוי געפרוירן ווערן און איינשלאָפן אויף אייביק. אָבער ווי אויף להכעיס האָט דער טויט ניט געוואָלט קומען. אָפּליגנדיק אַ גאַנצע נאַכט אין שטרוי, די פיס און די הענט זיינען שוין געווען אָפּגעפרוירן — פון וועלכע איך לייד ביז היינט צו טאָג — אָבער דאָס האַרץ האָט באַין אופן ניט געוואָלט אויסגיין. אינדערפרי האָט אַ גוי מיט אַ ווידלע וואָס האָט געוואָלט אָננעמען שטרוי מיך באַמערקט. דערזעענדיק מיך האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל ווער ווייסט ווי אַזוי כ׳האָב דעמאָלט אויסגעזען. ער האָט מיך אַריינגענומען אין שטאַל אַריין און מיר געגעבן גוט צו עסן — ביז היינט קען איך ניט פאַרשטיין ווי אַזוי איך האָב נאָך דעמאָלט געקענט עסן — און ער האָט מיר געזאָגט, ער האָט טאַקע אויף מיר רחמנות, אָבער צו האַלטן מיך האָט ער זייער מורא, ווייל פאַר באַהאַלטן אַ אידישקע קומט טויט־שטראָף. איך האָב אים זייער געדאַנקט און בין אַוועק געגאַנגען. וואו אַהין?... אַרויסגייענדיק פון דאָרף אַ צוויי קילאָמעטער האָב איך באַמערקט אַן אַלטע צעבראָכענע חורבה. אין בין דאָרט אַריין און בין דאָרט אָפּגעזעסן אַ צוויי וואָכן. יעדע נאַכט בין איך אַריינ־געגאַנגען אין דאָרף אַריין און אויסגעבעטלט אַ פלעשל וואַסער מיט אַ שטיקל ברויט.





ענדעקטע בעהאלטענע יודען ווערען באוואכט פון דייטשע תלינים

אין אַ געוויסן טאָג זיינען צו דער חורבה צוגעקומען עטלעכע ס. ס. מערדער (וואַרשיינלעך האָט מיך עמיצער אָפּגעמסר׳ט) און מיט ווילדע געשרייען געשריען „קאָום הערויס! קאָום הערויס!״ איך האָב זיך ניט אָנגערופן. זיינען זיי אַוועק. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט זיינען אָנגעקומען זייער אַ סך גוים מיט דרענגער און שטעקנס און געשריען אַז איך זאָל אַרויס. איך האָב זיך ווידער ניט אָנגערופן. האָבן זיי אָנגעהויבן צענעמען די חורבה. דערזעענדיק מיין לאַגע, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען און דורך זיי זיך מיט איין אָטעם געלאָזט לויפן אין וואַלד וואָס איז ניט וויט געווען. קיינער איז מיר ניט נאָכגעלאָפן, איך האָב נאָר געהערט ווי זיי שרייען: דאָס איז אַ משוגע׳נע און ניט קיין פּאַרטיזאַנקע. אַריינקומענדיק אין וואַלד בין איך אַוועקגעפאַלן צעקלאַפּענדיק זיך מיינע געשוואָלענע געפרוירענע פיס. ס׳בלוט איז גערונען, כ׳האָב אַזוי שטאַרק געוויינט. כ׳האָב אַזוי געבעטן דער טויט זאָל שוין אויף מיר קומען נאָר נישט געה׳הרג׳ט ווערן דורך די פאַרשידענע באַנדיטן. אַזוי בין איך אָפּגעלעגן אַ טאָג מיט אַ נאַכט. דאָס איז שוין געווען דאָס 43־טע יאָר.

אויף מאָרגן בין איך געלאָפן און אָנגעקומען אין אַ קאָלאָניע וואָס איז באַשטאַנען פון אַ צען־פופצן הייזער. בין איך אַריינגעגאַנגען צו אַ גויע און געבעטן אַ שטיקל ברויט. איז געזעסן איר מאַן. האָט ער מיט שרעק און פאַרוואונדערונג געזאָגט: אָ פּאַני קריגעראָווא, יעשטשע זשיע, ווי אַזוי האָסטו אויסגעהאַלטן ביז היינט? און באַלד האָט ער מיר געהייסן געבן עסן, און נאָכן עסן האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פלעשל מילך און אַ האַלב ברויט און מיך געהייסן אַוועקגיין, ווייל האַלטן מיך האָט ער מורא.

איך בין אַרויסגעגאַנגען אָבער ניט אַוועקגעגאַנגען נאָר אונטער זיין הויז האָט מען געקענט אַרונטערקריכן אונטער דער פּאָדלעגע, דאָרט בין איך אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג. ביינאַכט בין איך ווידער אַריין, האָט מען מיר ווידער געגעבן עסן און מיך ווידער געהייסן אַוועקגיין, און איך בין ווידער אַרונטער אונטער דער פּאָדלעגע. און אַזוי בין איך אונטער דער פּאָדלעגע אָפּגעלעגן 2 מאָנאַטן. שפּעטער איז די בעל־הבית׳טע געוואָר געוואָרן אַז איך באַהאַלט זיך אויס אונטער איר פּאָדלעגע. זי האָט רחמנות געקראָגן אויף מיר און פלעגט מיר שוין פיל מאָל אַרונטערשטעלן עפּעס צו עסן, כדי איך זאָל ביינאַכט ניט דאַרפן אַריינקומען אין שטוב. פאַרשטענדלעך אַז איר מאַן וואָס איז געווען סאָלטיס מיט אירע קינדער האָבן נישט געטאָרט וויסן וואו איך באַהאַלט זיך.

אין אַ געוויסן טאָג איז די בעל־הבית׳טע, מאַניע פּראַץ האָט זי געהייסן, מיר געזאָגט, אַז איך מוז שוין פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, ווייל מאָרגן דאַרפן קומען די געסטאַפּאָ נאָך תבואה און חזירים וואָס זיי דאַרפן פון צייט צו צייט באַקומען. איך האָב געמוזט אַוועקגיין און בין אָנגעקומען קיין ווערכאַן ד. ה. דריי קילאָמעטער פון דער קאָלאָניע. אָנקומענדיק בין איך אַריין אין דער ערשטער שטוב פון דאָרף און ריידנדיק מיט אַ שטאַרק געריירטע וויינענדיקע שטימע האָבן זיי אויף מיר רחמנות געקראָגן, מען האָט מיר געגעבן צו עסן און וואַרעם וואַסער אַרומצואוואַשן, אָבער ווען איך האָב אָנגעהויבן אויסצוטאָן די שיך האָט זיך מיטגעריסן די הויט מיט די נעגל פון מיינע געפרוירענע, געשוואָלענע פיס. ער האָט מיר געהייסן אַרויפקריכן אויף אַ וואַרעמען פּיעקעליק און אויף מאָרגן מיר געבראַכט אַ מאַשטש צו די פיס. צוויי וואָכן האָבן זיי מיך געהאַלטן און דערנאָך מיך געהייסן גיין ווייל לענגער האָט ער מורא מיך צו האַלטן. די פיס מיינע זיינען איבער דער צייט שוין געווען אַביסל צוגעהיילט.

איך האָב דאָך אָבער ווייטער ניט געהאַט וואו צו גיין, האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין זיין סטאָדאָלע אַ פּאָר וואָכן, ביינאַכט האָב איך זיך געשאַפן עפּעס צו עסן. איך האָב זיך שטאַרק געהיט פאַרן בעל־הבית ער זאָל ניט געוואָר ווערן אַז איך באַהאַלט זיך אויס אין זיין סטאָדאָלע.

איינמאָל האָט מיך אַ גוי באַמערקט אין סטאָדאָלע, אַ פּאָר ווילדע צעשראָקענע אויגן האָבן אויף מיר געקוקט, און ער איז שנעל אַרויסגעלאָפן, און איידער ער איז צוריקגעקומען מיט נאָך גוים בין איך שוין ניט געווען. פון דערווייטנס האָב איך געזען עטלעכע גוים אַריינגיין אין סטאָדאָלע. איך בין צוריקגעגאַנגען צו דער מאַניע פּראַץ אונטער דער פּאָדלאָגע און איר צו וויסן געטאָן אַז איך בין דאָ, און ווידער פלעגט זי, אין שטרענגער געהיימניש, מיר ברענגען עסן און ווידער בין איך דאָרט אָפּגעווען אַ פּאָר מאָנאַטן. אַזוי ווי די תבואות זיינען שוין געווען הויך האָב איך זיך אָנגעהויבן צו באַהאַלטן אין די תבואות בייטאָג און ביינאַכט.

איינמאָל אַריינקומענדיק צו אַ גויע עפּעס בעטן עסן, האָט זי מיר געזאָגט: הער אויס, זאָלסט וויסן אַז זייער פיל פון אונזערע מענטשן ווייסן אַז דו דרייסט זיך דאָ אַרום שוין אַ לענגערע צייט, אָבער קיינער וועט דיך ניט מסר׳ן, אויסער דאָ איז דאָ איין מסור, ער הייסט יאַן סקראַבאַן, אויב ער וועט דיך ניט אויסגעבן וועסטו קענען איבערלעבן. דעריבער זאָלסטו זען דער עיקר זיך אויסצוהיטן פאַר אים. מיר איז שוין אָבער דאָס לעבן זייער פאַר׳מיאוס׳ט געוואָרן, איך האָב שוין ניט געהאַט

קיין כוח זיך אַזוי צו מוטשען און אַרומשלעפּן אויף די רעגנס מיטן שרעקלעכן הונגער, האָב איך איינמאָל באַשלאָסן אַליין צו גיין צו אָט־דעם יאַן סקראַבאַן און זאָל ער מיך איבערגעבן אָדער זאָל ער מיך אַליין דער׳הרג׳נען.

אַריינקומענדיק צו אים און באַגריסנדיק זיך האָט ער מיך געפרעגט: אָאָאָ, טי דזשעצקא זשיעש? און איידער כ׳האָב אים נאָך געענטפערט האָט ער זיין פרוי געהייסן זי זאָל מיר געבן צו עסן און מיך געהייסן אַרויפקריכן אויפן פּיעקעליק, און אָט־דער מסור האָט מיך געהאַלטן אַ פּאָר מאָנאַטן. פון צייט צו צייט אויב עס האָבן געדאַרפט קומען דייטשן האָט ער מיך באַהאַלטן אין פעלד. איך האָב זיי געהאָלפן אין שטוב אַרבעטן און אויך אויפן פעלד, אויב ס׳האָט קיינער ניט געזען. ביז — —

ביז מען האָט זיך צעשריען אַז די רוסן זיינען אַריין. פון מיין האַלז האָט זיך אַ פריידיקער געשריי אַרויסגעריסן: באַפרייאונג!



# מיינע איבערלעבונגען אונטער די דייטשען

**● אברהם זינגער**
אופיגענומען דורך י. שוואַרץ

**איך** אברהם זינגער, ר׳ שלום זינגער׳ס ע״ה (ראַכאַ־נערס) אַ זון, וויל דאָס מיט מיין באַשרייבונג איבערגעבן מיין אייגענע שרעקלעכע איבערלעבונגען בעת׳ן נאַצי־רעזשים. (וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון דער באַשרייבונג, איז איבעריק צו ריידן. ווייל צענדליקער און הונדערטער קהילות זיינען מיט דער ראַפינירטסטער אכזריות געוואָרן אַרויס־געריסן און פאַרשניטן, ניט איבערלאָזנדיק קיין שום דאָקומענטאַלן שפּור אָדער זכר פון זייער חורבן און אומקום. ביז היינט ווייסט מען נאָך נישט פון אַ גרויסע צאָל שטעט און שטעטלעך וואו די מאַסן־קברים געפינען זיך. ווער רעדט נאָך פון די יאָרצייטן פון די אַקציעס אָדער אַנדערע גרויליקע





אברהם זינגער באַלד נאָכ׳ן קריג אין
אַ רוסישען מונדיר

איינצלהייטן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט די אידן איידער מען האָט זיי אומגעבראַכט. די ליטעראַטור פון אונזער לעצטן חורבן איז דאָך נאָך אַזוי שטאַרק אָרעם, און דער חורבן אַליין אַזוי מורא׳דיק גרויס, דערפאַר האַלט איך אַז דער פּרינציפּ פון „כל המרבה לספר" איז בפירוש אַ גרויסע מצוה, און זאָל מיין דערציילונג זיין אַ וויכטיקער צושטייער פאַר דער געשיכטע פון אונזער גרויסער קאַטאַסטראָפע. זאָל דאָס זיין אַ דערמאָנונג פאַר יעדן איינעם פון אונז צו ווידמען צייט און כוח אויפצושטעלן אָט אַזאַ מצבה פאַר אונזער אָפּגעשטאָרבן, פאַרשניטן שטעטל טאָמאַשאָוו לובעלסקי, וואָס איז אַמאָל געווען און איז שוין מער נישטאָ). הגם מיט פיל אָנשטרענגונג מיט זייער פיל כוח באַמי איך זיך צו קאָנצענטרירען מיינע געדאַנקען, מיין לייב ווערט מיר גערונצלט דערמאָנענדיק זיך מיט וואָס פאַראַ שרעקלעכע טויטן זיינען מיינע טייערסטע און נאָנטסטע אומגעקומען אויף קידוש השם.

איך מיט מיין פאַמיליע האָבן פון יאָר 1933 געוואוינט אין טאָמאַשאָוו, און מיר דאַכט זיך אַז יעדער טאָמאַשאָווער איד האָט געקענט ר׳ שלום ראַכאַנער. מיר האָבן פאַרהעלטנמעסיק גאַנץ שיין געלעבט, הגם טאָמאַשאָוו איז געווען אַ קליין אָרעם שטעטל און דער דלות איז ביי פיל געווען גרויס. דער אנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט מיט זיין הוילער קראַפט, ווי ניע קופּואי אָר זשידאַ, קויף נישט ביי אַ אידן, פּיקעטן ביי די אידישע געשעפטן. בכלל האָבן זיך די גויים באַצויגן צו די אידן מיט פאַראַכטונג און שנאה, און ניט איין קריסט וועלכער האָט געהאַלטן מיין פאָטער ע"ה פאַר אַזייער ערלעכן האָט אויף אים געקוקט מיט אַ כלומר׳שטן „רחמנות", אַ שאָד וואָס ער איז נעבעך אַ זשיד. די שקצים האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויס געוויזען זייער אַנטיסעמיטישן פּרצוף, פלעגן וואַרפן שטיינער, אויסהאַקן אַ שויב און סתם אָנטאָן אַלערליי צרות. און אַזוי האָט מען עקזיסטירט, אויסערלעך געפּלאָגט, באַליידיקט, שפּל׳דיק, אָבער! אינערלעך, צווישן זיך אין בית המדרש אין גאַנצן אַנדערש. שטאָלצע אידן, קינדער פון גרויסן אידישן פאָלק, באַהויכט פון טיפן גלויבן אין דער אידישער אייביקייט, „נצח ישראל לא ישקר" דאָס איז געווען זייער אויסדויער כוח. איך קען ניט פאַרגעסן דאָס אימפּאָזאַנטע בילד שבת אָדער יום טוב אין טשעשענאָווער שטיבל, עס איז פּשוט ניט געווען צו דערקענען די זעלבע פאַר׳דאגה׳טע אידן — אויפגעפרישטע, התלהבות׳דיקע אידן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקע גלות־קליידער צוזאַמען מיטן גלות־קאָשמאַר, אַ הייליק גייסטיק פייער האָט געטליעט אין זייערע הערצער. די האַרציקע געזאַנגען פון די הייליקע שבת׳דיקע תפילות מיט די פייערלעכע פסוקים „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" — דאָס האָט דערוואַרעמט די פאַרשמאַכטע אידישע הערצער פון די טאָמאַשאָווער אידן, דאָס איז געווען זייער גייסטיקער פּאַנצער. און דרך אגב וויל איך צוגעבן אַז יעדן שבת האָט ביי אונזער טיש געמוזט

זיצן אַן אורח, און אויב עס האָט אַמאָל פּאַסירט אַז אין טשעשענאָווער שטיבעל איז קיין אורח ניט געווען איז מיין פאָטער ע״ה אַרומגעלאָפן זוכן ביז ער האָט אַן אורח געפונען. דאָס אַלעס איז געווען אַמאָל...

מיטן אויסבורך פון צווייטן וועלט־קריג, ביי דער ערשטער דאַנערשטיק׳־דיקער באָמבאַרדירונג אין וועלכן ס׳איז לעבן מיינע פיס געפאַלן צאַלקע רייז און וועלכן זיין פאָטער ע״ה האָט פרייטיק ביי אונז גענומען אַ שטיקל לייוונט אויף תכריכים פון וועלכן ער האָט דעמאָלט אין ערגעץ נישט געקראָגן — זיינען מיר די גאַנצע משפחה באַלד פרייטיק אַוועק קיין ראַכאַן וואו עס האָט געוואוינט אונזער אַ שותף ר׳ זונדל גאָלדמאַן. דעם זעלבן טאָג ווען די דייטשן זיינען קיין טאָמאַשאָוו אַריין, זיינען זיי אויך געקומען קיין ראַכאַן און האָבן ס׳ערשטע אַרויסגענומען אַלע ספרים מיט די טליתים און פאַרברענט און אויך יעדן מיט אַ סאַדיסטישע רציחה געשוירן און געריסן די בערד און דערביי געשלאָגן מכת רצח. אויף אַ צווייטן פּלאַץ איז געווען מיין פעטער הערש פרוינד ע״ה (שלמה לאַשטשעווקערס אַ ברודער) ווען מען איז געקומען צו אים צוצונעמען אַ ספר תורה האָט ער זיך שטאַרק אַנטקעגן געשטעלט און איז מיטן ספר אַרויס אין דרויסן און געשריען: איר קענט מיט מיר טאָן וואָס איר ווילט און דאָס הייליקע ספר וועל איך ניט געבן. די מערדער האָבן אים מיט אַ באַגנעט אַ דורכגעשטאָכן און אין שרעקלעכע יסורים האָט ער זיין הייליקע נשמה אויסגעהויכט. מיט זייער שווערע מי האָבן מיר אים קובר געווען אין טאָמאַשאָוו.

אין אַ צוויי וואָכן אַרום זיינען אָנגעקומען עטלעכע דייטשן און פונקט 12 ביינאַכט האָבן זיי אונטער געצונדן דאָס הויז וואו מיר דריי פאַמיליעס האָבן געוואוינט. מיר זיינען אַרויס נאָר מיט די נשמות און געגאַנגען וואוינען צו אַ איד וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין ראַכאַן, יאָשע שפּרינגער (אַ שוואָגער פון אליהו שנור און לייביש ראַכאַנער). נאָך אַ וואָך צייט זיינען ווידער די מערדער געקומען אום פרייטיק צו נאַכטס און ווידער אונטער געצונדן דאָס הויז. די גוים זיינען שוין פון פריער געשטאַנען גרייט מיט וואַסער ניט צו דערלאָזן ס׳פייער צו זייערע וואוינונגען. מיר האָבן געזען אַז מיר זיינען פאַרלוירענע, וואָס טוט מען? און וואו גייט מיין? איז אויף אַלעמענס ליפּן געהאַנגען די פראַגע. אַ ספּאַזמאַטיש געוויין האָט זיך געריסן פון אונזערע אַלעמענס צעבראָכענע הערצער. מיין פאָטער ע״ה איז אַוועק קיין וואזשעטשין דאָרט האָט געוואוינט מרדכי צונק וועלכער האָט אונז ערלויבט מיר זאָלן קומען צו אים וואוינען. אָפּזייענדיק דאָרט אַ קורצע צייט האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן אידן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין בעלזשעץ, געהייסן האָט עס צו מאַכן אַ גרענעץ פּאַס, דאַרף מען דעריבער אויסקאָפּן גרויסע לאַנגע טיפע גריבער אין וועלכע די רוצחים האָבן זיי געדאַרפט האָבן אויף אויס־צופילן די אידישע קרבנות. אין עטלעכע טעג אַרום איז אַרויס אַ באַפעל

אַז יעדער איד מוז אָפּגעבן זיין פוטער, אין קעגנפאַל איז טויט שטראָף. דער ס. ס. מערדער שולץ האָט ביי אונז דורכגעפירט אַ רעוויזיע און צוגענומען אַלץ וואָס עס איז אים געפעלן, איך בין גראָד אָנגעקומען און דערזען וואָס ס׳טוט זיך אין שטוב בין איך אַנטלאָפן. ער האָט מיר עטלעכע מאָל נאָכגעשאָסן און ניט געטראָפן, איך בין על פּי נס ניצול געוואָרן. אין אַזעלכע ביטערע אומשטענדן און שרעקלעכע טויט־שרעק האָבן מיר זיך געמוטשעט אַרבעטנ־דיק אין די פּריצישע הויף אין גאַנצן אומזיסט אַבי צו האָבן די אַזוי גערופענע קען־קאַרטע וואָס מיט דער קאַרטע איז נאָך דערווייל געווען ערלויבט צו לעבן.

אין ערב פּסח 1942 איז קיין וואָזשעטשין געקומען נטע העלער און דוד שווינדלער און אונז געזאָגט אַז זיי פאַרלאַנגען געלט, פאַרשטענדלעך אויב מיר קענען, כדי צו העלפן אָרעמע אידן אויף פּסח. מיר האָבן זיי געגעבן וויפל מיר האָבן געקענט. ער האָט אונז גלייכצייטיק דערציילט אַז אין לובלין איז געווען אַ גרויסע אַקציע פון וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט 15 טויזנט אידן אויף פאַרניכטונג.

דעם צווייטן טאָג שבועות איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע אידן וואָס געפינען זיך אין די דערפער זאָלן זיך צושטעלן קיין ראַכאַן אויפן פּלאַץ לעבן דער גמינע, און פאַרשטענדלעך מיר אויך. אויפן פּלאַץ האָט מען סאָר־טירט רעכטס־לינקס, און דערביי האָט זיך אָפּגעשפּילט האַרץ רייסנדע סצענעס. דאָס שלאָגן מיט די גומענע פּאַלקעס, דאָס ווילדע שרייען פון די רוצחים, דאָס שרעקלעכע געוויין פון די אומגליקלעכע, דאָס לאַכן פון די אַרום־שטייענדיקע פּויערים — ווייס איך נישט ווי אַזוי מען האָט איבער געהאַלטן און ניט פון זינען אַראָפּ. ווער ס׳האָט געהאַט אַ קען־קאַרטע האָט מען באַפרייט. מיין פאָטער ע״ה אַלס עלטערער מענטש איז שוין אויך געווען פון די אַוועק צו נעמען, איז אָבער אָנגעקומען דער פּריץ רעדיק פון פּאַוולאָווקע און געזאָגט די מערדער אַז ער (אָנווייזנדיק אויף מיין פאָטער ע״ה) אַרבעט ביי אים און איז זייער אַ גוטער אַרבעטער בעט ער זייער מען זאָל אים באַפרייען. די מערדער האָבן אים באַפרייט. די ניט־באַפרייטע האָט מען אויף וועגעלעך אַוועק געפירט קיין בעלזשעץ אויף פאַרניכטונג.

ראש השנה צייט איז אין טאָמאַשאָוו פאָרגעקומען אַן אַקציע פון וועלכן ס׳האָט שוין געדאַרפט זיין אידן־ריין. אין וואָזשעטשין איז דעמאָלט גאָר ניט פאָרגעקומען. אָבער געשען איז עפּעס אַנדערש. געוואָר ווערנדיק אַז די דייטשן דאַרפן קומען נאָך תבואות און חזירים זיינען מיר אַלע מענער אַנטלאָפן זיך באַהאַלטן אין די פעלדער, און די פרויען זיינען געבליבן אין די שטובן מיינענדיק אַז זיי וועט מען שוינען. מיט אַ ווילדן רעש זיינען די באַנדיטן אָנגעקומען און האָבן אַלע פרויען צונויף געזאַמלט צו דער שטוב פון סאָלטעס און אַלע געהייסן אויסטאָן נאַקעט. קיין איין פרוי האָט אָבער דעם עקלהאַפטן

באַפעל ניט געוואָלט אויספירן. האָט מען זיי איינציקווייז אַריינגענומען צום סאָלטעס און איינער האָט זיך געזעצט אויפן קאָפּ און אַזוי געשלאָגן. די געוואַלדן און געשרייען האָט געלעכערט די אויערן. צוריק קומענדיק האָב איך מיין צוברעכענער מאַמען ניט דערקענט — מיט אַן אויפגעשפאָלטענעם קאָפּ, מיט וואונדן אויפן גאַנצן קערפּער, פאַרשוואַרצט מיט אויסגעלאָשענע בליקן. איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער, דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויינט און נאָר געשריען, פאַרוואָס? פאַרוואָס? און אַזוי האָט יעדער דערקענט זיינע אומגליקלעכע און אויף צו ראַטעווען מיט עפּעס איז ניט געווען. יעדערער האָט שוין קלאָר געוואוסט אַז דאָס אומגליק איז נאָך ניט געענדיקט. אָבער ווי אַזוי האַלט מען איבער אין אַזאַ געוואַלדיקע שרעק צו האַלטן תמיד די נשמה אין דער האַנט, האָט עמיצער געפרעגט.

איך האָב געאַרבעט אין דער צוקער פאַבריק מעכעלאָוו מיט נאָך טאָמאַשאָווער, יעקיל אַרבעטספעלד ע״ה פון אידן ראַט, פאר וועלכן ס׳איז שוין אויך ניט געווען קיין פּלאַץ אין טאָמאַשאָוו, און נאָך עטלעכע טאָמאַשאָווער אידן וואָס זיינען נאָך פאַרשידענע אומוועגן אַנטלאָפן און האָבן געאַרבעט אין דער צוקער פאַבריק. אַלע אַרבעטער מיט די טאָמאַשאָווער צוזאַמען האָבן געוואוינט אין אַ באַראַק אין דער צוקראָוונע. מיר איז געווען ערלויבט „אַ היים” צו גיין שלאָפן, ד. ה. אַ צווייי קילאָמעטער קיין וואָזשעטשין צו די עלטערן.

אין אַ געוויסן אָוונט זיינען געקומען עטלעכע ס. ס. מערדער און אַוועק צום סאָלטוס, זיי האָבן זיך לאַנג ניט געזוימט און באַלד צוריק אַוועק. מיין פאָטער ע״ה האָט עס זייער באַאומרואיקט זייער זיין און זייער שנעלן אַוועקגיין. איז ער געגאַנגען צום סאָלטיס פרעגן, האָט דער סאָלטיס געזאָגט אַז זיי זיינען ניט געקומען וועגן אידן נאָר וועגן תבואות און אַנדערע זאַכן. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן. איך פלעג זיך אויפהויבן דער ערשטער, אָפּדאַוונען און גיין צו דער אַרבעט. אויך דאָס מאָל אַזוי — אָבער ווען איך האָב געעפנט די טיר און געוואָלט אַרויסגיין איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. אַרום אונזער הויז זיינען געשטאַנען פיל גוים מיט קאָסעס, מיט העק, מיט ווידלעס, און מיך שוין ניט געלאָזט. איך האָב תיכף אַלע אויפגעוועקט און מיר האָבן שוין געזען אַז דער מלאך־המות שפרייזט צו אונז. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען דאָס נעכטיקע זיין פון די רוצחים ביים סאָלטעס. באַלד האָבן מיר דערהערט די שיסערייען פון מעכעלאָוו ווי מען האָט דאָרט פאַרפייניקט און דערשאָסן 65 אידן. זעענדיק אין וואָס פאַראַ סיטואַציע מיר געפינען זיך, זיצנדיק אין די אומגליקלעכע שעה׳ן אין שטוב אַרומגערינגלט פון אַזוי פיל באַנדיטן זיינען מיר אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב ווי פאַרוואונדעטע חיות אין אַ שטייג, מיר האָבן געוויינט און זיך געריסן די האָר פון די קעפּ, מיר האָבן זיך שוין מיאש געווען און ניט

געגלויבט אין קיין רעטונג, אָבער די שרעק און דער פּחד פאַרן אָנקומענדיקן טויט האָט געוואָרגן און געשטיקט אין האַלז. מיין מוטער ע״ה איז געשטאַנען פאַרגליווערט און פאַרשטומט, באַוועגונגסלאָז ווי אַן איינגעוואָרצלטער בוים זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. מיט האַרץ רייסנדיקע געוויינען האָבן מיר געזאָגט ווידוי. מיין פאָטער ע״ה האָט מיך צוגערופן און געזאָגט: הער אויס אברהם, דו מוזט בלייבן לעבן און איך האָף אַז דו וועסט בלייבן לעבן, דו מוזט זיך ראַטעווען, אָבער זאָג מיר צו אַז דו וועסט בלייבן לעבן זאָלסטו קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַז דו ביסט אַ איד. איך מוז באַמערקן אַז ביז היינט איז מיר אומפאַרשטענדלעך פאַרוואָס האָט ער נאָר מיך צוגערופן און ניט מיינע ברידער. זיינע ווערטער האָבן אָבער אין מיר אַריינגעגעבן אַ געוואַלדיקן כוח צו זוכן אַ מיטל ווי אַזוי צו ראַטעווען מיין אומגליקלעך לעבן. פּינקטלעך 6 אַזייגער זיינען די ס. ס. מערדער אָנגעקומען פון מעכעלאָוו. מיין פאָטער ע״ה איז געזעסן אין טלית און תפילין און אַזוי געוואָלט אַרויס גיין האָב איך אים געבעטן ער זאָל אויסטאָן דעם טלית און תפילין כדי די גוים זאָלן ניט האָבן וואָס חוזק צו מאַכן, נאָר אים געבעטן ער זאָל אָנטאָן אַ פאַלטען ווייל אין דרויסן איז זייער שטאַרק קאַלט געווען, און אויך גע־פרוואווט טרייסטן אַז אפשר וועט מען אונז נאָר אַוועק שיקן. ער האָט אָבער דעם פאַלטן ניט געוואָלט אָנטאָן ווייל ער האָט געהאַט אַ חשש אַז ער איז מיט שעטנז. נאָך שווערע מי האָט ער אים אָנגעטאָן. דער ערשטער ווילדער געשריי איז געווען צוויי פרויען זאָלן אַרויסגיין, איז מיין מוטער מיט דער שוועסטער אַרויסגעגאַנגען, האָט מען זיי געהייסן לייגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף דער ערד, און באַלד דערשאָסן. נאָכער ווידער צוויי פרויען און אויך דאָס זעלבע געטאָן. ווען מען האָט געענדיקט מיט אַלע פרויען האָט מען באַפוילען אַרויסצוגיין צו צוויי מענער, איז אַרויסגעגאַנגען מיין פאָטער ע״ה מיטן ברודער און ווען זיי זיינען געלעגן אויף דער ערד צום שיסן האָט מיין פאָטער ע״ה געבעטן דעם ס. ס. מאַן ער זאָל אים ערלויבן אויסצוטאָן דעם פאַלטן איידער מען שיסט אים. דער מערדער האָט אים ערלויבט, ער האָט דעם פאַלטן אויסגעטאָן און זיך אַנידער געלייגט, האָבן זיי דערשאָסן מיין פאָטער מיטן ברודער, און אַזוי איז אַלע מאָל אַרויסגעגאַנגען צו צוויי מענער און אַלע אויסגעשאָסן. (פּ. ס. די גוים האָבן מיר שפּעטער דערציילט פון דעם פאַקט מיטן פאַלטן ווי זיי האָבן געהאַלטן אַז מיין פאָטער ע״ה איז פאַרן טויט משוגע געוואָרן, איך האָב אָבער געוואוסט דעם סוד דערפון).

איך ווייטער זוכנדיק אַ מיטל ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען האָב באַמערקט דאָס פעדער הייזל וואָס איז דאָרט געווען, איך בין גלייך אַריין אַהין. פּונקט איז דאָרט געווען אַ בינטעלע שטרוי, איך האָב דאָס שטרוי צעבונדן און זיך אויסגעצויגן ביי דער וואַנט אויף דער ערד און זיך פאַרמאַסקירט מיט אָט דעם ביסעלע שטרוי און ליגנדיק ביי דער וואַנט צוגעזען דאָס

גאַנצע שרעקלעכע בילד וואָס אין גהינום זעט ערגער ניט אויס. און ביז היינט צו טאָג מוטשעט מיך און פּייניקט מיך דאָס בילד וואָס שטייט פאַר די אויגן און וועל עס אויך שוין אין מיין גאַנצן לעבן קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

די מערדער האָבן איבערגעציילט די טויטע האָבן זיי געזען אַז דער סכום שטימט זיי ניט ווייל ס'איז נאָר געווען 22 טויטע און זיי האָבן געהאַט אַ רשימה פון 23, ד. ה. אַז איין קרבן פעלט. דער סאָלטוס האָט אַדורך געקוקט די טויטע האָט ער געזאָגט אַז ס'פעלט אַבראַמקו, נאָר אַז איך אַרבעט אין מעכעלאָוו אין דער צוקראָווניע און דערפאַר האָט מען מיך ניט געזוכט, און איך בין געלעגן ווי אַ וואַנזיניקער און האָב ממש געפילט אַז יעדע מינוט שטעלט זיך מיר אָפּ ס'האַרץ.

די פאַרבלוטיקטע טויטע קערפּערס האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע זייטן. אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען צענדליקער פּויערים צוקוקערס וועלכע האָבן ביי זייערע כלומר'שטע רחמנות־בליקן געהאַט אַ נחת־רוח פונ'ם אידישן אומגליק. נאָכהער האָט מען אַרויסגענומען אַ טיש און אַרויפגעשטעלט פון כל־טוב. בראָנפן און וויין האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער ווי אויך פאַרשידענע געבעקסן און פלייש וואָס די גוי'אישע סאַרווערס האָבן פון פריער צוגעגרייט און יעצט אַרומגעטאַנצט הכנעה'דיק ביי די געסט. די ווילדע פריילעכע געלעכטערס האָבן געשאַלט, נאָך יעדן גלעזל בראָנפען האָבן די מערדער געקלאַפּט בראַווא און געזונגען דאָס האַרסט ווערסל־ליד. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך נאָך די טויטע קערפּערס געוואָרפן.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס שטיקל אַרבעט זיינען די ס. ס. מערדער פריילעכע און שיכור'ע אַוועק. עס איז געוואָרן שטיל. איין מיידל, רייזל קופּיעץ די טאָכטער פון אַבראַמטשע אונזער אַ שותף, איז ניט געטראָפן געוואָרן פון





חיים יונה ב"ר שלום זינגער פון די שטיבעל בחורים
אין ציעשינאווער שטיבעל

דער קויל נאָר געלעגן אַ פּאַרבלוטיקטע פון די אַנדערע פּרויען. ווען די רוצחים זיינען אַוועק האָט זי זיך אויפגעהויבן און מיט אַלע כוחות אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. אַן אַרבעטער וועלכער האָט געאַרבעט טאַקע ביי זיי אין דער מיל איז איר נאָכגעלאָפן אַ פּאָר קילאָמעטער און זי געכאַפּט און זי אָפּגעפירט קיין ראַכאַן צו דער געסטאַפּאָ וואו מען האָט זי פאַרפייניקט און דערשאָסן.

דאָ אַהער ווייטער זיינען אָנגעקומען עטלעכע וועגעלעך און אַרויפגעלייגט די טויטע, פאַרשטייפטע הענט און פיס און פאַרבלוטיקטע קעפּ זיינען אַרונטערגעהאַנגען פון די וועגעלעך און זיך געוואַקלט מיטן ריטם פון די רעדער, און אויף דער גאַנצער לענג פונם וועג האָט נאָך געטריפט מענטשלעך בלוט וואָס האָט אָנגעשריבן אין לאַנגע רויטע שורות די טרויעריקע געשיכטע פון די אומשולדיקע פאַרלוירענע לעבנס. דאָס איז געווען די שטומע שפּראַך פונם אידישן פאַרגאָסענעם בלוט וואָס די פאַרשאָלטענע ערד האָט אַזוי דאָרשטיק אין זיך איינגעזאַפּט. ביז היינט איז פאַר מיר געבליבן אַ רעטעניש וואָס אין פאַרלויף פון אַ דריי פערטל שעה בערך, זיינען די וועגעלעך מיט די טויטע צוריק געקומען אויפן זעלבן אָרט וואו מען האָט זיי דערשאָסן, און מען האָט אויסגעגראָבן אַ טיפן גרוב און אַלע קרבנות אַריינגעוואָרפן. מען האָט אויך אין דעם מאַסן קבר אַריינגעוואָרפן די פאַרברענטע גופים פון צוויי אידישע פאַמיליעס וואָס האָבן געוואוינט ניט ווייט פון אונז, דאָס איז געווען ברוך הערשענזאָן מיט דער פאַמיליע און זיין שוואָגער משה מיט דער פרוי פראַדיל און קינדער. ווען זיי האָבן געהערט וואָס עס טוט זיך אָפּ ביי אונז האָבן זיי זיך אַליין אונטערגעצונדן.

איך בין נאָך אַלץ געלעגן אין דעם פעדער־הייזל. הערנדיק אַז אַרום איז שוין שטיל ווי אין אַ קבר, האָב איך זיך קוים אויפגעהויבן, אָבער בשום אופן האָב איך זיך אויף מיינע פאַרשטייפטע פיס ניט געקענט שטעלן. דער זייגער איז שוין געווען בערך 10 אין דער פרי און ממש מיט די לעצטע כוחות בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש, אָבער וואו גייט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך פון דעם אַלץ לויערדיקן טויט? איך האָב אָנגעהויבן לויפן אַליין ניט וויסנדיק וואו. עטלעכע גוים האָבן מיך דערזען, אָבער ולא יחרץ כלב לשונו, מעגלעך צוליב דעם גרויסן רעספּעקט וואָס זיי האָבן געהאַט צו מיין אומגעקומענעם פאָטער ע״ה. איין גוי האָט מיר נאָכגעשריען, אַבראַמקו אוטשעקיי דאָ ליאַסו... אין איין אָטעם בין איך געלאָפן.

צוקומענדיק צו אַ פעלד וואו ס׳איז געשטאַנען סטרעטעס מיט תבואה האָב איך זיך אַנידערגעזעצט און געכאַפּט דעם אָטעם. אָפּזיצנדיק אַ האַלבע שעה איז אָנגעקומען דער זשאנדצע און דערזעענדיק מיך האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און אָנגעהויבן שרייען איך זאָל שוין אַנטלויפן אויב ניט דער׳הרג׳עט ער מיך. איך בין אַוועקגעלאָפן און געטראָפן אַ גרוב. איך בין אַריין אין

גרוב און געזעסן ביז נאַכט. כ׳האָב אָנגעהויבן ציטערן פאַר קעלט, כ׳האָב געפילט אַז איך ווער פאַרפרוירן, כ׳ווער איין שטיק. וואָס טוט מען? אַ שטראָם פון טרערן האָבן אַ פלייץ געטאָן פון מיינע אויגן. ערשט איצט האָב איך דערשפירט דאָס גאַנצע גרויסע אומגליק אַרום מיר און מיט מיר. מיט אַ פולן קאָפּ אָנגעצונדענע רעיונות האָב איך זיך אַרויסגעשלייכט פון גרוב. אין דרויסן איז געווען שטיל סודות׳דיק. צוויי שווערע האַרטע האַמערס האָבן מיר געזעצט אין די שלייפן. אַ שווערער בעליק איז מיר געלעגן אויפן האַרץ, און פאַר די אויגן איז מיר געשטאַנען אַ געדיכטער וואָלקן און אַלע פאַרפייניקטע, דערשאָסענע געשטאַלטן וואָס האָבן ערשט ניט לאַנג מיט זיי געערדט זיינען מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. כ׳האָב צוגעמאַכט די אויגן און האָב זיי אויך געזען מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און וויפל צער ס׳איז פאַראַן אויף דער וועלט איז אין יעצטיקן מאָמענט געווען אויסגעגאָסן אויף מיר.

איך האָב זיך דערמאָנט אין אונזערס זייער אַ באַקאַנטן גוי וואָס פלעגט פירן אונזער מעל צו דער באַן, איך בין לאַנגזאַם געגאַנגען. אַריינ־גייענדיק אין זיין הויף האָב איך זיך באַהאַלטן אונטער אַ שטעלעכל האָלץ, אין שטוב אַריין האָב איך מורא געהאַט אַריינצוגיין טאָמער געפינען זיך ביי אים שכנים. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ער אַרויסגעקומען נעמען האָלץ און האָט מיך דערזען. פאַר שרעק איז ער שיעור אַנידערגעפאַלן און שטיל מיך געפרעגט, אַבראַמקו דו לעבסט? צי ביסטו געקומען פון יענער וועלט. איך האָב אים עפּעס געוואָלט זאָגן אָבער בשום אופן האָב איך ניט געקענט עפענען ס׳מויל. ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין און געקלערט. ער איז אַריין אין שטוב, ווייזט אויס זיך צו באַראַטן מיט זיין פרוי. נאָך אַ ווײַלע איז ער אַרויסגעקומען און מיר געזאָגט איך זאָל אַריינגיין אין סטאָדאָלע אַריין און ער וועט מיר באַלד ברענגען עסן. איך בין אַריינגעגאַנגען און באַלד טאָקע האָט ער מיר געבראַכט וואַרעמע קאַרטאָפל און מילך, און ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען איך האָב געגעסן מיט אַ ווילדן אַפּעטיט. ער האָט מיר געמאַכט אַ ניאָרע נעבן היינט און אַזוי בין איך געלעגן אַ גאַנצע נאַכט, כ׳בין געווען מיד און צובראָכן אָבער ניט געקענט שלאָפן. אין דער פרי האָט ער מיר ווידער געבראַכט עסן און מיך געפרעגט וואָס איך האָב בדיעה צו טאָן, איך האָב נאָך אַלץ ניט געקענט ריידן. איך האָב געמיינט אַז איך בין שטום געוואָרן. ער האָט געזען אַז איך קאָן ניט ריידן איז ער אַוועק־געגאַנגען. נאָך עטלעכע טעג ערשט האָב איך אָנגעהויבן ריידן, צום ערשטן צו זיך. ווען ער איז אַריינגעקומען האָב איך אים מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט אַז ווען ער קען מיך אַזוי האַלטן כאָטש ביז מערץ ווען ס׳וועט נאָר ווערן אַ ביסעלע וואַרעמער וועל איך דאַן אַוועק אין וואַלד אַריין און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן און פון צייט צו צייט וועל איך צו אים קומען

נאָך אַ שטיקל ברויט. האָט ער אָנגעהויבן צו לאַכן. פאַרוואָס ער האָט געלאַכט האָב איך ניט פאַרשטאַנען. ביים אַרויסגיין האָט ער געזאָגט מיר גלופּיע זשידשע. אַזוי בין איך ביי אים געווען צוויי וואָכן, ווען ער האָט געטראָגן עסן אין סטאָדאָלע אַריין האָט ער געשריגן דעם הונטס נאָמען באָביק.

עס איז אָריינגעקומען זיין פרוי פאַרווינט און ברעכנדיק זיך די הענט זאָגט זי מיר אַז ס'איז איר געשען אַ גרויס אומגליק, מען האָט איר מאַן אַרעסטירט, די דייטשן זיינען זיכער געוואָר געוואָרן אַז מיר האַלטן דיך, איך בעט דיך ברענג ניט קיין אומגליק אויף מיין הויז נאָר אַנטלויף ווייל מען קען נאָך קומען זוכן אויך. עס איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. ביינאַכט בין איך מיט אַ פאַרביטערט האַרץ אַרויסגעגאַנגען אָבער וואו צו גיין האָב איך דאָך ניט געהאַט, צו בעטלען האָב איך מורא געהאַט, בין איך געגאַנגען אָן אַ ציל, פאַרקלערט, די געדאַנקען זיינען געלאָפן איינער איבערן אַנדערן און זיך געקנוילט ווי די שווערע כמאַר'עס און האָב ניט באַמערקט אַז איך בין אַרויף אויף אַ געפּרוירענעם טייך און דאָס אייז האָט זיך איינ־געבראָכן. איך בין אַרונטער אונטערן אייז און מיט גרויס מאַטערניש און שווערע ראַנגלענישן בין איך קוים אַרויס, און פון דער גרויסער קעלט בין איך געוואָרן אין שטיק. איך האָב געזען און געפילט אַז איך גיי אויס, כ'האָב שוין אָנגעהויבן בעטן גאָט ער זאָל מיר צונעמען די נשמה. דערווייל האָב איך באַמערקט אַ סטאָדאָלע, איך האָב זיך אַריינגע'גנב'עט און ווען דער גוי כאַפּט מיך וואָלט ער מיך זיכער דער'הרג'עט אָבער מיר איז שוין אַלץ איינס. איך האָב זיך איינגעגראָבן אין היי און בין דאָרט געלעגן צוויי טעג אומגעגעסן נאָר אַלע מאָל גענומען אַ ביסל שניי אין מויל אַריין. דער הונגער האָט מיך שרעקלעך געפּייניקט און האָב ביי זיך ניט געקענט פועל'ן דאָ אַזוי אויסצוגיין. איך בין צוריק געגאַנגען צו מיין גוי אָן זיין וויסן און זיך באַהאַלטן אין דעם זעלבן ווינקל נעבן הונט ווי פריער. דער הונט האָט מיך געקענט און ניט געבילט, און צוויי וואָכן האָב איך געלעבט פון דעם עסן וואָס מען האָט געבראַכט פאַרן הונט, קיינער האָט ניט געוואוסט אַז איך געפין זיך דאָרט.

נאָך צוויי וואָכן האָב איך געזען אַז דער בעל הבית איז שוין דאָ צוריק האָב איך זיך באַוויזן פאַר אים, מיט פאַרשטיקטע טרערן אין די אויגן האָב איך אים אַלעס דערציילט. ער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און מיר געזאָגט, בלייב ווייטער דאָ ביי מיר, אָבער וויסן זאָלסטו אַז איך טו דאָס אַלץ צוליב דיין פאָטער. און אַזוי בין איך ביי אים געווען ניט ביז מערץ נאָר ביז אין מיטן זומער. יעדן טאָג פלעגט ער מיר דערציילן די שרעקלעכע גרויל־טאַטן וואָס די דייטשע מערדער האָבן געטאָן מיט די אידן, די פאַרשידענע אַקציעס וואָס ער האָט בייגעוואוינט. אין טישעוויץ האָט ער מיר דערציילט האָבן די דייטשן פאַרברענט אַ קריסטלעכע משפּחה ווייל מען האָט ביי זיי געפונען

אַ איד. אָבער, ניט ווייט איז דער טאָג פון זייער גרויסער מפלה, האָט ער מיך געטרייסט, זעענדיק ווי זיין געשיכטע ווירקט אויף מיר וואָס די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך מיר אויפגעשטעלט.

אין אַ געוויסן טאָג, אין דרויסן איז געווען זייער הייס בין איך אַרויס פון מיין ניאָרע און זיך אומגעדרייט אין סטאָדאָלע וויסנדיק אַז אַלע זיינען אין פעלד, איז פונקט אַריינגעקומען זיין שוועסטערס טאָכטער וועלכע זי און איר פאָטער האָבן זיך צוליב ירושה צווערקן מיט מיין בעל־הבית ניט גוט געלעבט, און זי האָט מיך באַמערקט, איך האָב באַלד דערפילט אַז אַלעס איז שוין געענדיקט — — זי איז פאַר שרעק וויים געוואָרן, זי האָט גאָר ניט געזאָגט און ניט געוואוסט וואָס קומט דאָ פאַר, געקענט האָט זי מיך, אַ דערשאָסענער האָט זי געוואוסט בין איך, און דאָ לעב איך, און געפין זיך ביי איר פעטער, זי האָט געוואָלט אַוועקגיין. איך האָב זיך שנעל אָריענטירט און איר געזאָגט: סטעפקאַ געדענק! מיין לעבן איז במילא שוין גאָר ניט ווערט, טאָמער ווערט דיין פאָטער געוואָר אַז איך געפין זיך דאָ ביי זיין שוואָגער דאַן ריזיקירט ער דאָס לעבן פון זיין שוואָגער מיט דער פאַמיליע, פון מיין לעבן איז אָפּגערעדט, און אויך דיין לעבן איז איינגעשטעלט (האָב איך איר געדראָט) אַזוי אַז איך בעט דיך ווי גאָט איז דיר ליב, און די זאַך אַז דו האָסט מיך דאָ געטראָפן זאָל אויף אייביק בלייבן אַ סוד. זי האָט מיר צוגעזאָגט אַז זי וועט קיינעם ניט דערציילן. איך האָב אָבער דאָך נאָך מורא געהאַט און האָב זי געבעטן זי זאָל שווערן. זי האָט אַנידערגעקניט און זיך גע׳צלמ׳ט און געשוואוירן אַז עס בלייבט ביי איר אַ סוד. זי איז אַוועק און דער סוד איז טאַקע געבליבן סוד.

אין 1943 אין אַ געוויסן טאָג האָט מיך אָנגעהויבן פּייניקן אַזוי ווי ס׳דערנענטערט זיך יום כיפּור און איך ווייס ניט וועלכן טאָג עס פאַלט אויס. אַ גאַנצן טאָג איז מיר דאָס געלעגן אין קאָפּ און מיר ניט געגעבן קיין רו. ביינאַכט האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט ווי מיין פאָטער ע״ה איז צו מיר צוגעקומען און געזאָגט אַז דעם נעקסטן שבת איז יום כיפּור און איך זאָל ניט פאַר־געסן צו פאַסטן. געוועגלעך האָב איך דעם שבת געפאַסט און גלייכצייטיק זיך איינגעקריצט דעם שבת׳דיקן טאָג אין זכרון בכדי שפּעטער אויב כ׳וועל בלייבן לעבן פעסטשטעלן צי איך האָב ריכטיק געפאַסט און צי עס איז טאַקע געווען יום כיפּור. ווי איך האָב שפּעטער פעסטגעשטעלט איז טאַקע אַזוי געווען.

אין אַ געוויסן טאָג קומט צו מיר צו דער בעל־הבית און פאַלט אויף מיר אַרויף און צעוויינט זיך און דערציילט מיר אַז מאָרגן מוז ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע ווי אויך אַלע איינוואוינער פונם דאָרף פאַרלאָזן דאָס דאָרף, אַזאַ באַפעל האָבן זיי באַקומען ווייל אויף דעם פּלאַץ דאַרפן זיך באַזעצן פאָלקס־דייטשן וועלכע מען האָט עוואַקואירט פון אונטער די פראָנטן, וואו ער וועט גיין ווייסט ער נאָך אַליין ניט, נאָר עס טוט אים זייער ווייַ ס׳האַרץ

וואָס וועט זיין מיט מיר, ער וואָלט מיך גערן מיטגענומען נאָר איך האָב אַ צו אידישן אויסזען און דער עיקר האָט ער מורא פאַר זיינע אייגענע חברים ווייל אַלע קענען מיך. באַלד האָט ער מיר אַריינגעבראַכט עטלעכע שטיקלעך ברויט עטלעכע פלעשער מילך און זיך מיט מיר צעקושט און געזעגנט ווינשנדיק מיר הצלחה און זאָל נאָך דערלעבן מיך צו זען נאָך דער באַפרייאונג וואָס איז שוין אַזוי נאָענט, און איז מיט זיין פאַמיליע אַוועק. איך בין געבליבן פאַרשטיינערט, וואָס טוט מען יעצט? איך האָב ניט וואו צו גיין, אויף יעדן שפּאַן ערד לויערט דער טויט. אויף צו מאָרגנס בין איך אַרויף אויפן בוידעם און אַרויסגעקוקט ווי די פאָלקס דייטשן זיינען אָנגעקומען אָנגעלאָדן מיט בהמות, פערד, און זיך באַזעצט אין די שכנות׳דיקע דערפער און אין דעם שטח וואו מיין בעל־הבית האָט געוואוינט, וואָס איז הגם געווען דאָס שענסטע ווינקל פונ׳ם דאָרף, איז אַלע מאָל צוגעקומען אַן אַנדערע משפחה פאָלקס־דייטשן און זיך אַרומגעקוקט און ס׳איז זיי ניט געפעלן און אַוועק ערגעץ אַנדערש זוכן. אָפּזיצנדיק עטלעכע טעג איז אָנגעקומען מיין בעל־הבית מכלומר׳שט בגניבה געבן אַ קוק וואָס עס קומט דאָ פאָר, ווי אַזוי מען האָט זיך באַזעצט אין זיין וואוינונג, ער האָט אָבער דערזען אַז קיינער וואוינט נישט און אויך אין די שכנות׳דיקע שטובן וואוינט קיינער ניט. איך האָב אים געגעבן אַ סיגנאַל וועלכע נאָר מיר ביידע האָבן געוואוסט, איז ער אַרויף אויפן בוידעם. איך האָב אים איבערגעגעבן אַלע פּרטים וואָס איז דאָ אין משך פון די פאָר טעג פאָרגעקומען, ווי קיינער האָט זיך ניט געוואָלט באַזעצן. האָט ער געזאָגט אַז ער וועט וואַרטן נאָך אַ צוויי טעג און אויב קיינער וועט זיך ניט קומען באַזעצן וועט ער צוריק קומען וואוינען. נאָך צוויי טעג איז ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע צוריק געקומען און מיר געזאָגט אַז ער איז זיכער און ער גלויבט אַז נאָר אין דעם זכות וואָס ער האָלט מיך איז נאָר די געגנט ניצול געוואָרן פון די פאָלקס־דייטשן, און פון היינט אָן וועט ער זיך מיט מיר קיין מאָל ניט צעשיידן. און אַזוי האָב איך ווייטער געלעבט. ער האָט מיר געגעבן נאָך בעסער עסן.

מיר האָט זייער וויי געטאָן ס׳האַרץ פאַרוואָס איך קען דעם אײדעלן גוי ניט באַלוינען פאַר זיין גוטסקייט, פאַר זיין איבערגעגעבנקייט, פאַר זיין איינשטעלן זיך ס׳לעבן פאַר מיר. האָב איך זיך דערמאָנט אַז מיר האָבן באַהאַלטענע שניט סחורה וואָס מיר האָבן געהאַט פון אונזער שניט געשעפט (פ. ס. מיר האָבן אויך געהאַט אַ שניט געשעפט אין טאָמאַשאָוו אין די האַליעס ניט ווייט פון בערקעלע טרעגערמאַן ע״ה) ביי אונזער מילנער. ווען איך האָב מיין בעל־הבית איינמאָל געזאָגט אַז איך וועל צוגיין צום מילנער וואָס דאָס איז געווען אַ צוויי קילאָמעטער גאַנג און ברענגען פאַר זיינט וועגן אַ ביסל סחורה, האָט ער מיך זייער אָפּגערעדט דערפון און האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף ניט, און אַז טאָמער וועל איך חלילה גיין וועט מיך

דער מילנער זיכער דער׳הרג׳ענען. איך האָב אים אָבער ניט געפאָלגט און אין אַ געוויסע נאַכט בין איך געגאַנגען צום מילנער וועלכער האָט געוואוינט נעבן דער מיל. די מיל אונזערע האָט שוין געהאַט איבערגענומען אַ פאָלקס־דייטש וועלכער האָט אויך געוואוינט אין דעם זעלבן הויז וואו דער מילנער. איך בין צוגעקומען און אַריינגעקוקט אין פענסטער צו זען צי ס׳געפינט זיך ניט קיין פרעמדע מענטשן. דער הונט האָט אָנגעהויבן בילן, איז אַרויסגעקומען אַ זון פונם פאָלקס־דייטש זען אויף וועמען דער הונט בילט, איך בין גלייך צו און אָנגעקלאַפּט. דער מילנער האָט געעפנט די טיר און מיך אַריינגעלאָזט. דערזעענדיק מיך האָט ער זיך זייער דערשראָקן און אַ געשריי געטאָן: טי אַבראַמקו ישטשע זשיעש! דו אברהם לעבסט נאָך. — יאָ, האָב איך דרייסט געענטפערט. ער האָט מיך געבעטן זיצן און מיר אָנגעהויבן דערציילן אַז מען שמועסט דאָ אַז דו אַבראַמקו מיט נאָך אַ גאַנצע באַנדע זיינען פאַריקע נאַכט באַפאַלן דעם בעל־הבית פון דער מיל און אים צעשלאָגן און אים באַרויבט אַלס נקמה פאַרן צונעמען ביי אייך די מיל. איך האָב זיך געשפּאַרט מיט מיינע חברים אַז מען האָט דיך שוין פון לאַנג דערשאָסן, און יעצט זע איך אַז דו לעבסט טאַקע. ס׳האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן דערזעענדיק ווי זיינע גלנ׳ישע אויגן שפּריצן מיט פייער, פונדעסטוועגן האָב איך זיך באַהערשט און אים געזאָגט ער זאָל מיר געבן אַ פּאָר שטיקלעך סחורה אונזערע ווייל איך וויל זיך דערמיט ראַטעווען צו קענען דערפאַר קריגן ברויט. איך — האָב איך אים געזאָגט — ליג באַהאַלטן אין אַ וואַלד. ער האָט געזאָגט אַז ער וועט מיר געבן.

איך זעלבן מאָמענט האָט עמיצער געקלאַפּט אין דער טיר, ווער ס׳האָט געקלאַפּט ווייס איך ניט, ער איז אַרויסגעגאַנגען און גלייך צוריקגעקומען, איך האָב אים געפרעגט ווער דאָס איז געווען, האָט ער מיר געזאָגט, האָב ניט קיין מורא, דאָס איז געווען מיין ברודער, ער האָט מיך געפרעגט ווען ער דאַרף גיין אַרבעטן אויף דער שיפט וועלכער מען האָט געאַרבעט אין דער מיל. איך האָב אָבער דערפילט אַז ער זאָגט מיר ניט דעם אמת. דער־ווייל האָט ער אַרויסגענומען בראָנפן, אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, לאָמיר טרינקען, זאָגט ער, פאַר דעם וואָס ביסט געבליבן לעבן. אַ צאָן אין אַ צאָן האָט אין מיר אָנגעהויבן קלאַפּן און דערשפּירט אַז ס׳ברענט אונטער מיר און גלייך זיך געלאָזט אַרויסגיין. ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און צוריק געצויגן, נאָר איך זאָל עסן און טרינקען, ווייל דו ביסט דאָך זיכער הונגעריק, האָט ער ממש געשריען. איך האָב זיך אויסגעריסן און בין אַרויס. אָפּגייענדיק אַ 30 מעטער פון דער שטוב הער איך שרייען: האַלט! האַלט! האָב איך אָנגעהויבן לויפן. אומקוקנדיק זיך האָב איך געזען אַ גאַנצע באַנדע לויפן מיר נאָך, איך האָב נאָך שנעלער אָנגעהויבן צו לויפן האָט מען אָנגעהויבן מיר נאָכצושיסן, אַ קויל האָט מיר געטראָפן

אין דער האַנט פון וועלכן כ׳בין לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן. אויף מיין גליק זיינען אַרויס די אַרבעטער פון דער צוקראַווניע וועלכע זיינען געגאַנגען פון דער אַרבעט, בין איך אַריין צווישן זיי, דאַמאָלס האָבן זיי אויפגעהערט צו שיסן, אָבער ווי וואונדערלעך איז דעם מענטשנס גורל, די אַרבעטער האָבן מיר געמאַכט אַ וועג איך זאָל קענען אַנטלויפן מיינענדיק זיכער אַז עפּעס זייערס אַ מענטש אַנטלויפט פון אַ געפאַר. איך האָב זיך אַנידער געלייגט אויף דער ערד און ליגנדיק זיך גערוקט. די ערד איז געווען נאַס פון דעם דראָבנעם קאַלטן רעגן וואָס איז געגאַנגען, פינסטער חושך איז אויך געווען פונקט ווי ביי מיר אין האַרץ, ביז איך האָב זיך צוגערוקט צו אַ סטרעטע שטרוי און פון דאָרטן אָבסערווירט ווי זיי זוכן מיך אַרום מיט די טאַשן לעמפּלעך ניט וויסנדיק וואו איך בין אַהינגעקומען. אַזוי בין איך אָפּגעלעגן אַ לענגערע צייט און זיך צוריק דערשלעפּט צו מיין בעל־הבית. אין מיין באַהעלטעניש האָב איך אים אַלעס דערציילט, האָט ער מיר געזאָגט אַז ער האָט געהערט שיסן איז ער ס׳ערשטע געגאַנגען קוקן צו מיר און ניט טרעפנדיק מיך איז ער שוין געווען זיכער אַז מען האָט מיך געכאַפּט, און מיר וויטער געזאָגט, אַבראַמקו, איך האָב דאָך דיך געבעטן דו זאָלסט ניט גיין. — פאַרשידענע צרות בין איך נאָך דורכגעגאַנגען וואָס פון אַלעמען איז אוממעגלעך צו שרייבן.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט מיר דער בעל־הבית געזאָגט אַז אַ פרעמדע פאַמיליע האָט זיך אַריינגעצויגן צו אים אויפן הויף, איז דעריבער טאָר איך אין דער ניאָרע מיינער ניט זיין נאָר ער האָט געמאַכט פאַר מיר אַ גרוב צווישן די חזירים. דאָרט איז מיר זייער ביטער געווען ווייל זיצן האָב איך ניט געקענט נאָר ליגן. 5 וואָכן בין איך דאָרט געלעגן ביז איינמאָל איז דער בעל־הבית צו מיר צוגעקומען און מיך אַרומגעכאַפּט און אָנגעהויבן שרייען, אַבראַמקו! די סאָוויעטן זיינען אָנגעקומען! באַפרייאונג! באַפרייאונג! האָט ער געשריען און געקלאַפּט מיט די הענט. איך בין אַוועק געפאַלן חלשות. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין שטוב ליגנדיק אין זיין בעט.

נאָך דער באַפרייאונג איז אָבער מיין מעסטל צרות נאָך ניט געווען פאַרענדיקט. ערשט איצט האָב איך ערשט אָנגעהויבן צו דערשפירן אַלע ווייטיקן, אַלע צרות, אַלע מיינע פינסטערע איבערלעבענישן. אומקוקנדיק זיך איבערגעבליבן איינער אַליין ווי אַ שטיין, אָן מיינע טייערסטע אָן מיינע נאָענטסטע, אָן פריינט אָן קרובים, איינער אַליין וואו עס בושעוועט נאָך אַ ים פון שנאה. נקמה! נקמה! האָט זיך געוואָלט שרייען פון מיין פאַרבלוטיקט האַרץ אָבער וועלכער איד דערשרעקט זיך דען נישט בלויז פאַרן וואָרט נקמה, וואָס עס איז אייגענטלעך ניט צו פאַרשטיין. אין אונזערע הייליקע ספרים, און אין אונזערע תפילות שרעקט מען זיך גאָר ניט פאַרן דאָזיקן באַגריף. אין חומש לייענען מיר: אשיב נקם לצרי ולמשנאי אשלם (ד. ה.

איך וועל אומקערן נקמה צו מיינע פיינט און מיינע שונאים וועל איך באַצאָלן). אין אונזער תפילה געפינען מיר: הרנינו גוים עמו, כי דם עבדיו יקום (באַזינגט איר אומות זיין פאָלק, וואָרום פאַרן בלוט פון זיינע קנעכט וועט ער זיך נוקם זיין), און צי זיינען דען אידן נישט מתפלל יעדן שבת אַז גאָט זאָל נעמען נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט. יאָ דער ווייטיק איז טיף איינגעשניטן אין מיין האַרץ, דער ים בלוט פון אונזערע קדושים און גבורים זידט און קאָכט און פון די טיפענישן פון די אומגעשטילטע כוואַליעס טראָגט זיך דאָס געשריי נקמה, נעמט נקמה!!! אָבער ווי אַזוי — — —

ווען די רויטע באַפרייערס זיינען אַריין האָב איך באַלד געוואָלט אַרויסלויפן, אָבער מיין רעטער האָט מיך ניט געלאָזט און מיר געזאָגט: איבער צוויי יאָר האָסטו געקענט ליגן אין כסדר׳דיקע שרעק טאָ זיי ביי מיר נאָך עטלעכע טעג ווייל איך בין גאָר ניט זיכער מיט אונזערע אייגענע, דו דאַרפסט נישט פאַרגעסן דאָס געשפרעך וואָס איך האָב געהאַט מיט מיינע חברים. יאָ — האָב איך געזאָגט — איך געדענק נאָך יעדן וואָרט.

דאָס איז געווען מיט אַ צייט צוריק, איז צו מיין בעל־הבית זיך צונויף געקומען זיינע אַלע חברים וועלכע זיינען געווען אַלע אָנגעשטאָפּט פון אידישן רויב. איז פאָרגעקומען אַזאַ שמועס אין דרויסן ניט ווייט פון מיין באַהעלטעניש, און איך האָב יעדן וואָרט געהערט. איינער האָט געזאָגט אַז מען שמועסט אַז אַבראַמקו לעבט. האָט זיך מיין בעל־הבית אָנגערופן, יאָ יאָ, איך האָב טאַקע אויך געהערט, און האָט זיי געפרעגט וואָס אַשטייגער וואָלט געווען ווען איר טרעפט אָט דעם ליעשק. איז געווען פאַרשידענע מיינונגען, איינער האָט געזאָגט אַז ער וואָלט מיך באַלד איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ. דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז עפּעס ספּעציעל אים וואָלט איך ניט געהאַט ס׳האַרץ צו דער׳הרג׳ענען, און דערביי זיך אויסגערימט ווי אַזוי ער האָט מיט אַ פּשוט׳ן שטיין דער׳הרג׳עט צוויי טאָמאַשאָווער אינגלעך. אַ דריטער האָט געזאָגט הגם ער קען די דייטשן ניט ליידן, האָבן זיי אָבער זייער גוט געטאָן וואָס זיי האָבן אויסגעשאָכטן די אידישע בלוט־זויגערס. מיין בעל־הבית האָט געזאָגט אַז ווען ער פּאַקט מיך וואָלט ער מיך מיט אַ ווידלע דערשטאָכן. שפּעטער האָט ער מיך געפרעגט ווי אַזוי ס׳איז מיר געפעלן דער געשפרעך, האָב איך אים געזאָגט אין בעסטן אָרדענונג. אָט דאָס האָט ער מיך יעצט דערמאָנט, און איך זאָל ניט דערוועגן דערווייל אַרויסצוגיין ביז ער וועט געוואָר ווערן די מיינונג פון זיין אייגענער חברה ווי אַזוי זייער מיינונג איז לגבי אידן יעצט, און נאָכדעם וועל איך דיר זאָגן וואָס דו האָסט צו טאָן.

נאָך עטלעכע טעג איז ער מיר געקומען זאָגן אַז איך קען אַרויסגיין אָבער גוט אויפּפּאַסן און זייער פאָרזיכטיק זיין וואו יאָ צו גיין און וואו ניט.

ער האָט מיך אויך געראָטן אַז איך זאָל אַרויסגיין בײַנאַכט בכדי אַז מײַן זײַן בײַ אים זאָל אויף ווײַטער בלײַבן אַ סוד. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין און געזאָגט, סטײַטש, עס וועט דאָך זײַן אַ גרויסער כבוד פאַר דײַן גרויס העלדישקייט וואָס דו האָסט מיך אויסבאַהאַלטן, מיט מײַן גאַנצן האַרצן וויל איך דיך באַלוינען. איך וועל דיר יעצט אַוועקגעבן די מיל און אַלץ וואָס איך פאַרמאָג. האָט ער מיר געענטפערט, אַבראַמקו, דו ווייסט נאָך גאָר נישט. ערשטנס איז נאָך די קריג אין גאַנצן ניט געענדיקט און די אַטמאָספער לגבי אידן איז אַ שרעקלעכע, און וואו מען טרעפט נאָר אַ איד וואָס האָט זיך נעבעך די גאַנצע צײַט אויסבאַהאַלטן ווערט ער דער׳הרג׳עט, די שנאה וואָס מען האָט די גאַנצע צײַט געזייט אויף די אידן איז ניט אויסגעוואָרצלט, איז האָרך מיר, גיי ניט אין ערגעץ נאָר זײַ בײַ מיר אַזוי לאַנג און אויך באַהאַלטן אַז מײַנע אייגענע חברים זאָלן נאָך היינט אויך ניט וויסן ביז עס וועט זיך פולשטענדיק באַרואיקן, און די איינציקע באַלוינונג מײַנע וועט זײַן אַז דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן ווער ס׳האָט דיך געראַטעוועט, ווײַטער דאַרף איך גאָרניט פון דיר. איך בין אויף אים אַרויפגעפאַלן און אים געקושט.

איך האָב אָבער דאָך ניט געקענט אײַנזיצן, די פרייהייט האָט מיך שטאַרק געלאָקט, און דעם צווייטן טאָג האָב איך זיך באַוויזן אין וואָזשעטשין, אַלע גוים פון דער גאַנצער געגנט זײַנען געקומען קוקן אויף דעם גרויסן וואונדער, אַלע האָב איך דערציילט אַז איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. נאָך עטלעכע טעג האָט מיר מײַן בעל הבית דערציילט אַז אין טאָמאַשאָוו געפינען זיך עטלעכע אידן. האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיך אָפּפירן. ער האָט פלעגמאַטיש אײַנגעשפּאַנט דעם פערד און וואָגן און מיך קיין טאָמאַשאָוו אָפּגעפירט און הינטער דער שטאָט האָט ער מיך אַראָפּגעלאָזט. דעם ערשטן איד וואָס איך האָב געטראָפן איז געזעסן נעבן טשישאַקעוויטשעס מיל (אויפן וועג קיין זאַמאָשטש), אַ איד פון יוזעפּאָוו, שאַניש דאַך האָט ער געהייסן, ער האָט געקוקט אויף מיר און איך אויף אים און אַלץ מורא געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורײדן. ענדלעך האָט ער דער ערשטער אַרויסגערעדט: עמך? יאָ — האָב איך געענטפערט. מיר האָבן זיך צעקושט און באַקאַנט. איך בין אַרײַן אין שטאָט און געטראָפן שמחה רייז, ישעי׳ בערגשטיין און זײַן ברודער בעני די קינדער פון רפאל בערגשטיין און אויך שבע נאַדלער, סאַני נאַדלערס פרוי און חנה ווײַסלעדער און נאָך עטלעכע יוזעפּאָווער אידן. די גרויסע פרייד פון די פּאָר לעבן געבליבענע איז ניט איבערצוגעבן. יעדערער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן פון זײַנע ביטערע איבערלעבונגען. מיר האָבן אַלע געוואוינט בײַ רפאל בערגשטיין אין הויז, אויסרעכענענדיק אַז דאָס איז דאָס זיכערסטע אָרט, ווײַל ניט ווײַט איז געווען די רוסישע קאָמענדאַנטור.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען צום לעבן, האָט מען אָנגעהויבן צו פאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער און ברענגען פאַרשידענע אַרטיקלען צו פאַרקויפן. פאַר אַ איד איז אָבער די וועגן געווען זייער ריזיקאַליש, פלעג איך זיך אָנטאָן רוסישע קליידער מיט אַן אויסגעבאָרגטן אויטאָמאַט און פאָרן צוזאַמען מיט די רוסן. נאָך עטלעכע מאָנאַטן זיין אין טאָמאַשאָוו האָבן מיר אַלע דערהאַלטען אַ בריוו אַז מיר זאָלען אַוועקלייגן אויף אַ געוויס אָרט אונטער אַ בריקל 25 טויזנט זלאָטעס אויב ניט האָבן מיר ניט וואָס צו טאָן אין טאָמאַשאָוו און גלייכצייטיק געדראָאָט מיט טויט, אונטערגעשריבן נ. ס. ז. מיר הבן די סומע אַוועקגעלייגט און וועגן דעם קיינעם ניט געמאָלדן. נאָך אַכט טעג האָבן מיר דערהאַלטן אַ צווייטן בריוו מיט דעם זעלבן נוסח אויף אַ סומע פון 50 טויזנט זלאָטעס, און אויב מיר וועלן מעלדן וועט עס גלאַטיק ניט אָפּגיין. מיר האָבן געזען אַז ס׳איז שלעכט אַז דאָס וועט קיין סוף ניט נעמען. אין צווישן צייט האָט אונז גערופן דער סטאַראָסטווע פאַרוואָס מיר שטעלן זיך ניט צו צום מיליטער. אויף מיר האָבן אונזער חברה געזאָגט אַז איך בין אַ ראַבין זייערס און זיי אַלע זיינען צעבראָכענע צערואינירטע פון די וויסטע טראַגישע איבערלעבונגען. ער האָט אונז אָפּגעלאָזט. מיר זיינען אַלע אַנטלאָפן קיין לובלין וואו ס׳האָט זיך שוין געפונען מער אידן.

שפּעטער בין איך אָנגעקומען אין די ד. פּ. לאַגערן אין דייטשלאַנד און האָב חתונה געהאָט און אַוועק אין מיין אויסגעטרוימט לאַנד פון אונזערע אבות, מדינת ישראל. איך בין ביז היינט מיט אַ צעבראָכן פאַרבלוטיקט האַרץ וואָס קען קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיט וואָס פאַר אַ שרעקלעכן טויט מיינע טייערסטע זיינען אַזוי גרויזאַם געפאַלן אויף קידוש השם. גרויס כבוד זייער הייליקן אָנדענק. ת. נ. צ. ב. ה.

(פּ. ס. מיט מיין בעל־הבית בין איך ביז היינט צו טאָג אין שטענדיקן קאָנטאַקט, ער שרייבט מיר כסדר טייערער זון מיינער, איך שיק אים אויך פון צייט צו צייט אַ פּעקל).



# פון דער גאַנצער משפּחה
# בין איך איינע געבליבן


חנה רודולער־קריגער

● **חנה רודולער** (קריגער)

אויפגענומען דורך י. שוואַרץ

**דער** גרויסער חורבן פון יעדן שטאָט און שטעטל אין פוילן, וואו עס האָט אַמאָל פולסירט אַ אידיש לעבן איז אין דער לעצטער וועלט־מלחמה געוואָרן דאָס אָרט פון דער גרעסטער טראַגיק און מאַרטירערטום. חרוב ונחרב זיינען געוואָרן די אידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, דער ראָזן בוים פון פוילישן אידנטום איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. ביים היינטיקן טאָג איז ניט פאַראַן אינם קליינעם פוילישן שטעטל אַפילו קיין זכר פון אַ איד. די קליינע רעשטלעך פונם חורבן וויסן צו דערציילן שוידערלעכע פּרטים פון די שחיטה־טעג. יעדער על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטער יחיד איז דער לעבעדיקער הויפּט־עדות פון די שרעק־לעכסטע פאַרברעכנס וואָס רופט זיך אידישער מאַסן־מאָרד. די מענטשלעכע ליידן פון יענער צייט זיינען אַזוי גרענעצלאָז און שוידערלעך, אַז ווען מען פּרוּווט דאָס היינט דערציילן, קלינגט דאָס כמעט אומפאַרשטענדלעך און אַפילו ווי אומגלויבלעך. מיין שטעטעלע איז טויט. היינט בין איך ווייט ווייט פון מיין היים, אָבער נאָך איצט הער איך די יאָמערדיקע געוויינען מיט די שרעקלעכע קולות פון דער ערשטער אַקציע אין טאָמאַ־שאָוו. נאָך איצט הער איך דאָס געזעגענען און דעם לעצטן קרעכץ פון מיין טאַטן ז״ל וועלכער האָט צוזאַמען מיט מיין גאַנצער משפּחה אויס־געהויכט זייערע ריינע נשמות אין בעלזשעץ צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קדושים, קרובים, פריינט און בעקאַנטע. נאָך איצט הער איך דעם הייליקן אָפּהילך פונם לעצטן „שמע ישראל״. נישטאָ מער דאָס אידישע שטעטל, געבליבן איז בלויז זיין זכרון. זאָל מיין דערציילונג זיין די סימבאָלישע מצבה פאַרן זיכרון פון אַלע קדושים וטהורים פון מיין שטעטעלע. וינוחו בשלום על משכבם...

ניט ווייט פון טאָמאַשאָוו לובעלסקי נאָר בלויז עטלעכע קילאָמעטער איז געווען אַ קליין שטעטעלע יאַרטשעוו, אָדער ווי מען האָט עס גערופן גמינע, פּאָוויאַט טאָמאַשאָוו לובעלסקי. ביים אויסברוך פון קריג בין איך מיט מיין פאַמיליע געבליבן אין יאַרטשעוו. באַלד האָבן אונזערע היימישע גוים דערשפּירט אַז עס איז געקומען זייער צייט. צום ערשט האָבן זיי געוואָרפן שטיינער אין יעדער אידישער שטוב און נאָכהער האָבן זיי אָנגעהויבן אַריין צו שיסן נאָך איידער דער דייטש איז אַריין. מיטן אָנקום פון דייטשע מערדער האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעך גהינום. די ערשטע קרבנות האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָגעניש און כאַפּן אויף פאַרשידענע צוואַנגס־אַרבעטן ווי קלייבן שטיינער מיטן מויל, פּוצן אויטאָס, גראָבן גריבער, קאָלערן זיך אויף דער ערד, פּוצן מיט די היטלען די גאַסן, מיט די הענט רייניקן קלאָזעטן און נאָך פאַרשידענע אומגעלומפּערטע אַרבעטן וואָס נאָר דער טייוול אַליין קען עס אויסקלערן. צענדליקער אידן האָבן ביי די שרעקלעכסטע עינויים באַצאָלט מיטן לעבן. איין פּרוי האָבן די רוצחים שוין אַ צע׳ממית׳טע אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד און דאַן איבערגעפאָרן מיט אַן אויטאָ וואָס אירע הענט און פיס זיינען שוין געווען צעבראָכן, און ווען די אומגליקלעכע האָט זיך געמאַטערט מיטן טויט האָט איין מערדער אויס רחמנות איר דערלאַנגט אַ קויל אין האַרץ אַריין. איין איד האָט מען צוגעבונדן צו אַ וואָגן און גלייכ־צייטיק אָנגערייצט הינט און אים אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן ביז זיין קערפּער איז געבליבן אַ ניט־דערקענבאַרע פלייש־מאַסע, שוואַרץ־רויט פון שטויב און בלוט. אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט פאַרשידענע ספּעקטאַקלען פאַרשידענע ליידן, צרות און דערנידערונגען, שווערע ביטערע אַרבעט, רויב, שאַנד און שיסערייען איז געוואָרן אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג.

שפּעטער האָט דער אידן־ראַט וואָס איז בעשטאַנען פון יהושע׳לע פּי־שעלזאָן, נטע העלער, יעקיל אַרביספעלד, ישעיהו קרוק, אבא בערגערבוים ז״ל ווי אויך אַ דייטשער איד מיטן נאָמען מעלמאַן וואָס נאָר אויף אים אַליין קען איך ליידער קיין שבח ניט געבן. צופיל איז מיין האַרץ צעבראָכן איך זאָל קענען אַלעס פון אָט דעם דייטשן איד אויסדערציילן, אפשר וועט מיר נאָך דרך־אגב אויסקומען עפּעס צו דערציילן. אָט דער יודן־ראַט האָט געמוזט יעדע פאָר טעג צושטעלן אַזויפיל און אַזויפיל אידן אויף אַרבעט קיין בעלזשעץ פון וועלכן מען איז שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען.

איך האָב אָנגעהויבן וואַנדערן, וואו געטאָגט ניט גענעכטיקט, דער הונגער האָט מיך שרעקלעך געפּייניקט און די שרעק נאָך מער. ביי פאַר־שידענע באַקאַנטע גוים האָב איך זיך באַהאַלטן, אָבער מער ווי צוויי

דריי טעג האָט מען מיך ניט געוואָלט האַלטן. אַזוי בין איך אַרומגעקראָכן ווי אין אַ הינער־פּלעט ביז אין חודש מערץ 1942 ווען עס איז אַרויס אַ באַפעל אַז מענער און פרויען פון 32 יאָר אָן מוזן זיך צושטעלן ביז דער שעה אויף דעם פּלאַץ (דאַכט זיך מיר אויף דער פּיעקאַרסקי גאַס) אַוועקצופירן קיין טשעשאַנאָוו און שפּעטער קיין בעלזשעץ. איך בין דאַמאָלס געשטאַנען צום אויף זיצן. וואָס עס האָט זיך דאַמאָלס אָפּגעטאָן אין מיין האַרץ קען זיך באַשטימט קיינער ניט פאָרשטעלן. בלוט האָט גערונען פון מיינע אויגן.

פלוצלונג איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, גרשון שעפּסיל׳ס (רויטענ־בערג) איז אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג האָט מען אים גלייך דער־שאָסן און גלייכצייטיק נאָך עטלעכע אידן וואָס כ׳האָב ניט געקענט. אידיש בלוט האָט זיך דאַמאָלס געגאָסן ווי וואַסער. עס שווידערט מיך אויף בלויז ביים דערמאָנען זיך די שרעקלעכע געוויינען וועלכע איך הער נאָך ביז היינט און די יאָמערלעכע קולות וועלן מיר שוין, גלויב איך, שטענדיק באַגלייטן. אין מיטען אָט־דעם טומל האָב איך זיך איינגעשטעלט ס׳לעבן און זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן צודערווייטערן פונם פּלאַץ. ביז היינט זע איך נאָך די צוויי אויגן פון אַ פּאָליציסט וועלכער האָט באַמערקט ווי איך דערווייטער זיך און האָט גאָר ניט געזאָגט און אפשר האָט זיך אין מיין שרעקלעכער פאַנטאַזיע דאַמאָלס אַזוי אויסגעוויזן.

מיט זייער שווערע מי און מאַטערניש איז מיר ווידער געלונגען זיך איינצובעטן ביי אַ גוי ער זאָל מיך אויסבאַהאַלטן. עטלעכע וואָכן האָט ער מיר געהאַלטן ביז איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט אַז ער קען ניט מער ווייל ער האָט שטאַרק מורא ווייל עס קומט טויט שטראָף פאַר באַהאַלטן אַ אידישקע. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך אים שטאַרק געבעטן עס האָט מיר אָבער גאָרניט געהאָלפן. ביינאַכט בין איך אַוועק־געגאַנגען און אָנגעקלאַפּט ביי אַ צווייטן גוי וועלכער האָט מיך געקענט. ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט ווי אַזוי איך לעב נאָך, ער האָט מיך אַריינגענומען און געהאַלטן אַ שטיקל צייט. איין מאָל איז ער שטאַרק אויפגערעגט געקומען צו מיר, איך זאָל שוין אַנטלויפן ווייל געסטאַפּאָ זיינען דאָ און דאָס לעבן פון זיך און פון זיין פאַמיליע וויל ער ניט איינשטעלן צוליב מיר. איך האָב געזען אַז עס וועט מיר ניט העלפן קיין בעטן, און אַזוי ווי כ׳בין נאָר אַרויסגעגאַנגען האָבן מיך די געסטאַפּאָ געכאַפּט און שטאַרק צעשלאָגן און צוגעפירט ביז צום מאַרק. דאָרט זיינען שוין געווען אַ סאַך אידן געכאַפּטע פון פאַרשידענע באַהעלטענישן און צווישן זיי מיינע עלטערן און 4 ברידער און איין שוועסטער וואָס זיינען

אויך געווען ביי פאַרשידענע גוים באַהאַלטן וואָס איך אַליין האָב ניט געוואוסט און ניט איינמאָל געטראַכט, איין גאָט ווייסט צי זיי לעבן נאָך.

דאָס איז געווען דער 2־טער טאָג שבועות. בעסער געזאָגט, דעם 22־טן מאַי 1942 האָט זיך אָנגעהויבן די 2־טע אַקציע. אַלע טאָמאַשאָווער אידן האָט מען שוין געהאָט צונויפגענומען ווי אויך פונם גאַנצן פּאָוויאַט אַרום ווי יאַרטשעוו, לאַשטשעוו און פון נאָך געגנטן אַרום און אַלע צוזאַמען האָט מען אָנגעהויבן טרייבן קיין בעלזשעץ צונעמנדיק אַלעס וואָס מען האָט פאַרמאָגט, געהייסן האָט עס אַז מען פירט אויף אַרבעט, אַרומגערינגלט מיט ס. ס. מערדער מיט ביקסן און לאַנגע בייטשן מיט הינט און אידישע פּאָליציי פון פּיוסק. ווער עס האָט ניט געקענט גיין איז מערדערלעך צע־שלאָגן געוואָרן, דעם גאַנצן וועג האָט מען אַלע מאָל אַן אַנדערן דערשאָסן. איך מיט מיין גאַנצער משפּחה זיינען געגאַנגען אין דער קאָלאָנע, מיין האַרץ האָט אין מיר געוויינט ווייל כ׳האָב געוואוסט אַז איך גיי דעם לעצטן וועג. ווען איך האָב אַ אידישן פּאָליציאַנט געפרעגט וואו מען פירט אונז האָט ער סאַרקאַסטיש געענטפערט, וואָס איר ווייסט דען נישט וואו מען פירט אייך?... איך האָב געזען אַז איך בין אַ פאַרלוירענע, די געדאַנקען מיינע זיינען שנעל געלאָפן ווי שווערע כמאַרעס, איין געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן און פון אונטערן־באַוואוסטזיין האָט מיר אונטער־געזאָגט, חנה, ראַטעווע זיך! כל זמן עס איז צייט — לעבן! לעבן! האָט אין מיר יעדער אבר געשריען, ניט אונטערגעבן זיך די רוצחים, אויב שוין יאָ שטאַרבן איז ניט מיט קיין זאָ עקלהאַפטן טויט.

מען האָט אונז אַלע צוגעפירט קיין בעלזשעץ און אַריינגעיאָגט אין פינצטערע באַראַקן און פאַרמאַכט. איך האָב באַמערקט מיין טאַטן אין דעם באַראַק און מיינס אַ חברטע גאָלדע וואלף, פּאָליציי האָבן אונז גוט געהיטן. אַרום און אַרום איז געווען פערצוימט. בײנאַכט בין איך צוגעגאַנגען צום טאַטן און אים געזאָגט, טאַטע איך אַנטלויף, ער האָט זייער שטאַרק אָנגעהויבן צו וויינען און מיר געזאָגט, קינד מיינס, ראַטעווע דיך אויב דו קענסט נאָר, זאָל כאָטש אַ זכר בלייבן פון מיין גרויס פאַרצווייגטע משפּחה, איך האָף צו גאָט אַז דו וועסט לעבן בלייבן און קענען דערציילן וואָס די דייטשע תלינים האָבן פון אונז געמאַכט. איך בין צוגעגאַנגען צו מיין חברטע גאָלדע און איר געזאָגט, יעצט איז דריי פערטל דריי בײנאַכט, איך אַנטלויף, קום מיט מיר. — איך האָב זייער מורא — האָט זי מיר געענטפערט, און ניט געוואָלט מיטגיין. איך האָב שטיל אויפ־געמאַכט די טיר און דערהערט דעם לעצטן שטאַרקן קרעכץ פון מיין טאַטן ז״ל. באַלד האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן קלאַפּ פון אַ אידישן פּאָליציסט, שטאַרק פינצטער איז געווען, און ניט קוקנדיק בין איך אויף אַלע פיר

געקראָכן ביז צו די דראָטן און פון די דראָטן זיך אַפור געדראַפּעט און בין אַרויס. דורך וועלדער און אונטערוועגן בין איך צוריק „אהיים”. אַ גוי האָט מיר דערציילט אַז מיין שוועסטערל · פעשע פון 9 יאָר געפינט זיך דאָ, איך האָב אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי זי איז פאַרשוואונדן פונם באַראַק אין בעלזשעץ וואו זי האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט מיין מוטער און ברודער. אָבער ווי זי האָט מיר דערציילט האָט זי געמאַכט אַזאַ געוואַגטן שריט אַזוי ווי איך. דער גוי האָט מיך באַהאַלטן אין זיין סטאָדאָלע. ביינאַכט פלעגט ער מיר ברענגען אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט און אַ פלאַש וואַסער, טייל מאָל אַ פּאָר בוראַקעס.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר דער גוי דערציילט אַז דער גוי ביי וועמען מיין שוועסטערל באַהאַלט זיך האָט אים געזאָגט אַז מאָרגן־איבער מאָרגן וועט ער מיין שוועסטערל איבערגעבן דער פּאָליציי ווייל אַנדערש וועט ער פון איר ניט פּטור ווערן, ווייל אַליין צו דער׳הרג׳ענען אַזוי ווי אַנדערע טוען עס האָט ער ניט קיין האַרץ. מיין לייב איז מיר געריסן געוואָרן דערהערנדיק דאָס. איך בין לאַנגזאַם אַרויסגעקראָכן פון מיין באַהעלטעניש און צוגעגאַנגען צו דעם גוי און האָב מיין שוועסטערל פון דאָרטן אַרויסגע׳גנב׳ט און בין צוריק מיט איר אין מיין באַהעלטעניש. מיין בעל־הבית געוואָר ווערנדיק אַז מיר זיינען צוויי איז אַזוי בייז געוואָרן אַז ער האָט געכאַפּט אַ האַק און אונז געדראָט אויב מיר גייען ניט שוין אַוועק דער׳הרג׳עט ער אונז אויפן אָרט. גייט קיין פּאַלעדעוו האָט ער געשריען, דאָרטן באַהאַלטן זיך אייערע זשידעס. איך בין מיט מיין שוועסטער אַוועק קיין פאלעדעוו און טאַקע דאָרט זיך געטראָפן מיט אַ פּאָר געראַטעוועטע אידן. זיי האָבן מיך געראָטן איך זאָל פּרואוון איבערקויפן דעם סאָלטיס פאַר אַ געוויסע סומע און אַז דער סאָלטיס זאָל מיר געבן אַ בריוו צום פּריץ פון הויף און זאָל אין בריף שרייבן אַז ער דער סאָלטיס קען מיר פאַר אַ זייער גוטע פלייסיקע אַרבעטערין, און אַז איך וועל ביי אים אַרבעטן אומזיסט און העיקר דער פּריץ דאַרף געבן אַן אונטערשריפט אַז איך בין באַפרייט געוואָרן אין בעלזשעץ, און מיט דעם אונטערשריפט וועט מען מיר אין אידן־ראַט אַרויסגעבן אַ צעטל אַז איך בין באַפרייט פון בעלזשעץ (פּ. ס. איך האָב געוואוסט אַז אייניקע פּראָטעקציע מענטשן זיינען טאַקע פון בעלזשעץ באַפרייט געוואָרן).

דער פּלאַן איז מיר זייער געפעלן און אים אָנגעהויבן דורכצופירן. אָבער וואָס טוט מען מיט מיין שוועסטער, ווי אַזוי קען איך זי מיטנעמען צום סאָלטיס אפשר וועט גאָר דער סאָלטיס מיר איבערגעבן דער פּאָליציי, ניין! מיין שוועסטערס לעבן טאָר איך ניט איינשטעלן. און מיט זייער שווערע מי איז מיר געלונגען זי צו באַהאַלטן ביי אַ גויע און אַליין בין

איך מיט גרויס האַרץ קלאַפּעניש אַוועק צום סאָלטיס. אויף מיין באַגריסונג האָט ער זיך דערשראָקן, און מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין האָב איך אים דערציילט וואָס איך פאַרלאַנג. ער האָט רחמנות געקראָגן אויף מיר. איך האָב אַנידערגעלייגט אויפן טיש אַ סומע געלט, ער האָט אַפילו ניט איבערגעציילט און מיר אַזאַ בריוו געגעבן. איך האָב אים זייער שטאַרק געדאַנקט און אַוועק צום פּריץ. אַריינקומנדיק צום פּריץ בין איך פאַר שרעק אַוועקגעפאַלן און גע׳חלש׳ט, מען האָט מיך דערמינטערט און ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך אים מיט טרערן אין די אויגן דערציילט און אים געגעבן דעם בריוו פון סאָלטיס. אַזוי ווי ער האָט איבערגעלעזן דעם בריוו האָט ער באַלד אַ נייעם בריוו אָנגעשריבן אַז אַזוי ווי איך בין באַפרייט געוואָרן פון בעלזשעץ אַרבעט איך ביי אים, ער איז זייער צופרידן פון מיין פליייסיקע אַרבעט און ער בעט אַז דער יודן־ראַט זאָל מיר אַרויסגעבן אַ צעטל מיט אַ באַשטעטיקונג אַז איך בין באַפרייט פון בעלזשעץ. איך האָב אים האַרציק געדאַנקט.

און דאָ הויבט זיך ערשט אָן דאָס סאַמע שווערסטע ווי אַזוי קומט מען ביז צום יודן־ראַט. צו גיין מיט דער ליענטע וועט מיך יעדער אויסוואורף פאַרטשעפּען און פייניקן אָדער סתם דער׳הרג׳ענען פאַר מיין





די דייטשען ענטדעקען אבונקער און שלעפען ארויס די בעהאלטענע אידען ; אקראנקער איד ליגט אויפן שניי אין די פרוי ציטערט פאר קעלט זיי ווערען באוואכט פון די דייטשען

גרויסער העזה צו וועלן לעבן. גיין אָן דער ליענטע בין איך אויך איינ־געשטעלט מיטן לעבן. כ׳האָב אויסגעקליבן ס׳צווייטע. כ׳האָב די ליענטע באַהאַלטן אין טאַש און אַריינגעקומען אין יודן־ראַט און באַלד איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן געוואָר ווערנדיק אַז אַזאַ צעטל דאַרף מיר אַרויסגעבן דער אויבנדערמאָנטער דייטשער איד מעלמאַן. ער האָט טאַקע באַלד אָנגעהויבן אויף מיר צו שרייען ווי אַזוי איך האָב זיך אַרויס־געדרייט פון בעלזשעץ און אַז ער וועט די זאַך אויספאָרשן צי איך זאָג אמת, און אַז איך זאָל צו אים קומען מאָרגן אין דער צייט. מיט אַ פאַרבלוטיקט האַרץ בין איך אַרויסגעגאַנגען. וואו גייט מען, האָב איך זיך געפרעגט. צום פריץ האָט ניט קיין צוועק אָן דעם צעטל. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער וואוינונג פון חנה העלערס טאָכטער באַשע פון וועלכער איך האָב געוואוסט דעם געהיימן אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג. פון אויבן איז געווען אַלץ פאַרהאַקט און פאַרמאַכט. איך האָב דאָרט גענעכטיקט, אויף צו מאָרגנס בין איך ווייטער געגאַנגען אין יודן־ראַט. דער הער מעלמאַן האָט מיר געזאָגט אַז ער קען מיר נאָך קיין זאַ צעטל ניט געבן, אפשר מאָרגן. מאָרגן בין איך ווידער געגאַנגען האָט ער מיר ווידער געהייסן קומען מאָרגן. חנה העלערס טאָכטער באַשע ע״ה האָט מיר געהייסן אים עפּעס אונטערשטופּן אין דער האַנט אַריין. איך האָב אַזוי געטאָן, אַזוי ווי איך בין נאָר אַריינגעגאַנגען האָב איך אויפן טיש אַנידער־געלייגט 1009 זלאָטעס מיט אַ גאָלדן זייגערל. ער האָט שמייכלנדיק לאַנגזאַם איבערגעציילט דאָס געלט און אָן איין וואָרט מיר אַזאַ צעטל געגעבן. מיט אַ שיינענדיקע פרייד בין איך געלאָפן צו באַשען איר אָנזאָגן די גוטע בשורה. זי האָט מיר געזאָגט אַז אַזוי ווי עס איז יעצט שפּעט זאָל איך נאָך די נאַכט נעכטיקן און גאַנץ פרי זאָל איך גיין צום פריץ. איך האָב זי געהאָרכט און געבליבן נעכטיקן.

אַזוי ווי איך האָב נאָר איינגעדרעמלט חלומ׳ט זיך מיר אַ חלום (פון וועלכן איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן) אַז איך געפין זיך אין אַ זייער שיינער וואוינונג און ביי דער וואוינונג אַ זייער הויכער באַרג מיט זייער הויכע שיינע ביימער, זייער שיינע פייזאַזשן, און צווישן די ביימער געפינט זיך זייער אַ טיפע ברונעם און אַז איך שטיי ביים ראַנד פון דער טיפער ברונעם נאָר אַריינצופאַלן, און מיט אַלע כוחות האַלט איך זיך קוים מיט די שפּיץ פינגער איינגעבויגן און איך פיל אַז אָט אָט און איך פאַל אַריין, און פלוצלונג ווערט אַ גרויסער שטאַרקער ווינט און טראָגט מיך אַוועק. איך האָב זיך איבערגעכאַפּט, אַ קאַלטער שוייס האָט מיך באַגאָסן, שלאָפן האָב איך שוין ניט געקענט נאָר געוואַרט אויפן טאָג וואָס דאַרף קומען איך זאָל אַוועק צום פריץ מיט דעם גליקלעכן צעטל. גאַנץ פרי, דאָס איז געווען פרייטיק אין חודש יוני,

האָבן מיר אַלע ביי אַ 14 פערזאָן באַמערקט נאָך די שפּאַרעס פון די לאָדן צווי געסטאַפּאָ לייט דערנענטערן זיך צום אַריינגאַנג (וואַרשיינליך האָט עמעצער באַמערקט און אָפּגע׳מסר׳ט). עס איז מאָמענטאַל געוואָרן אַ גרויסער טומל, מען איז אַנטלאָפן אויפן בוידעם, איינער האָט געשריען, געוויינט, געזאָגט ווידוי, געשריען „שמע ישראל״. איך האָב געזען אַז יעצט בין איך שוין אַ פאַרלוירענע. איין געסטאַפּאָ איז געבליבן שטיין ביי דער טיר מיט אויסגעשפּרייטע הענט און אויפן הויכן קול זיך ווילד צעלאַכט און אויסגעשריען: אַך וואו איזט דאָס מעגליך זאָ פיל אידן שמוציגע איזט נאָך דאָ! — איך בין צו אים זייער דרייסט צוגעגאַנגען און אין דער פּויליִשער שפּראַך זיך צו אים געוואָנדן: יאַ יעסטעם פּאָלקאַ, פּראָשע מניע פּשעפּושטשיטש, און דורך זיינע צעשפּרייטע הענט בין איך אַדורכגעגאַנגען. צי איז ער פאַרטומלט געוואָרן פון מיין דרייסטקייט ווייס איך נישט. דער צווייטער מערדער האָט אָבער מיטן אויטאָמאַט געצילט אויף מיר צו שיסן. בין איך ניט אַוועקגעלאָפן נאָר ווייטער דרייסט צוריק־געגאַנגען און ממש געשריען אויף אים און די זעלבע ווערטער אים געזאָגט אַז איך בין אַ פּאָלקע, ער זאָל מיך דורכלאָזן, דער ערשטער האָט מיך אויך אַדורך געלאָזט און אַז איך בין נאָר געקומען די אידן באַזוכן. איך ווייס ניט צי ער האָט פאַרשטאַנען וואָס איך האָב אַלץ גערעדט, ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט איך זאָל אַוועקגיין און נאָך איידער איך בין אָפּגעגאַנגען אַ 10־15 טריט האָב איך שוין געהערט ווי מען האָט זיי אַלע אויסגעשאָסן און דאָס גאַנצע משפחה קבר איז טאַקע ביי דעם הויז.

איך בין אַוועק מיט זייער לאַנגזאַמע טריט און נאָכהער געלאָפן אין דער ריכטונג צו די שנאָרעס און אַריין צו אַ גוי און געבעטן אַ ביסל וואַסער. ניט טויט ניט לעבעדיק בין איך ווייטער געגאַנגען אין אַ וואַלד אַריין, און צוגעוואַרט ביז נאַכט, און ביינאַכט בין איך אָנגעקומען צום פּריץ. דאָרטן האָבן זיי געמיינט אַז איך לעב שוין ניט. גלייכצייטיק האָט מען מיר דערציילט אַז מען האָט געכאַפּט אַלע אידן פון פּאַלעדעוו מיט מיין שוועסטער און דערשאָסן. מיין אָרעמע טייערע שוועסטער, מיינע טייערע טאַטע מאַמע און ברודער, וואו איז אייער געביין? איך ווייס נישט! איך פרעג זיך וואו נעמט זיך צו מיר כוח איך זאָל נאָך קענען היינט דאָס אַלעס צו דערציילן, אַלעס באַשרייבן פון וואָס די פעדער שפּריצט מיט פייער און מיט בלוט, מיט פייער פון דער נשמה, און מיט בלוט פון מיין צעווייטאָקט האַרץ — — —

נאָך אַ באַפעל וואָס איז אַרויס אַז ווער עס וועט איבערגעבן אַ איד באַקומט 100 זלאָטעס און 20 ק״ג צוקער און אַז ביי וועמען מען וועט טרעפן אַ איד באַקומט טויט שטראָף, האָט דער פּריץ מורא געקראָגן,

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין אַז מיטן צעטל איז ער איינגעשטעלט, און ווען עס איז אָנגעקומען געסטאַפּאָ האָט ער מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם אָדער אין אַ סטאָדאָלע.

איך האָב אָנגעהויבן פילן אַז די ערד ברענט אונטער מיר, איך בין אַוועק קיין טאָמאַשאָוו צום גלח וועלכער האָט מיך גוט געקענט, ער פלעגט ביי אונז איינקויפן, און מיט טרערן אין די אויגן אים געבעטן ער זאָל מיך ראַטעווען ווייל נאָר ער קען. ער האָט אָבער באַין אופן ניט געוואָלט און מיך גוטמוטיק אַרויסגעיאָגט. איך בין אַוועק צו מאַשע רוטענבערג (איך האָב געוואוסט וואו זי באַהאַלט זיך) איך האָב זי געפרעגט וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? זי האָט מיר געזאָגט אַז זי קען אַ קריסט וואָס קען מיר מאַכן אַרישע פּאַפּירן, פאַרשטענדלעך פאַלשע. איך דאַרף נאָר באַצאָלן 600 זלאָטעס און געבן מיינס אַ בילד, איך האָב פאַרשטייט זיך מסכים געווען און געגעבן 600 זלאָטעס מיט מיינס אַ בילד און דעם זעלבן טאָג האָב איך שוין אַזאַ פּאַספּאָרט געהאַט. מיט אַ לייכטער האַרץ בין איך צוריק אין הויף אַריין. אויפן וועג האָבן מיך באַגעגענט פוילישע פּאָליציאַנטן זיי האָבן צו מיר געדראָט מיט די פינגער און מיך געלאָזט ווייטער גיין.

אַריינקומענדיק צום פּריץ, אָדער ווי מען האָט אים גערופן פּאַן פּאָפּלאַווסקי, און ווייזנדיק אים מיין נייעם פּאַספּאָרט מיט מיין נייעם נאָמען אַננאַ פּעדינאַ, איז פּונקט ביי אים געזעסן זיינס אַ שוועסטער פון קראָקע וואָס איז געקומען צו אים צו גאַסט. איך האָב שטאַרק אָנגעהויבן וויינען פאַר דער שוועסטער און איר פון אַלעמען דערציילט ווי מיין גאַנצע פאַמיליע איז שוין אויסגעמאָרדעט געוואָרן און וואָס טוט מען און ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך האָבנדיק שוין אַזאַ פּאַספּאָרט. זי האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט און איך האָב באַמערקט טרערן אין אירע אויגן און זי האָט מיר געזאָגט: הער אויס, דאָס איינציקע וואָס איך קען פאַר דיר טאָן איז אָט וואָס: אין דער און דער שעה גייט אָפּ אַ קאָלעיקע פון לאַשטשעוו זאָלסטו זען דאָרט אָנצוקומען די לעצטע מינוט ווען די קאָלעיקע וועט שוין רירן פון אָרט כדי דו זאָלסט זיך דאָרט ניט דאַרפן אַרומדרייען, און זאָלסט פאָרן אין דער ריכטונג קיין לובלין, דאָרטן כאַפּן די דייטשן אונזערע פּאָליאַטשקעס אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, און הגם איך ווייס ניט וואָס פאַראַ אַרבעטן, קען זיין געוויס שווערע, אָבער זיי גיבן עסן און לאָזן לעבן. איך גיב דיר אויך מיין אַדרעס און דו זאָלסט צו מיר אָפּט שרייבן און מיך אָנרופן טשאָטשע, די בריוו וועלן זיכער פון זיי געלייענט ווערן, וועלן זיי זען פון וועמען און פון וואַנען דו שטאַמסט, און אַזוי אַ נאָך וועט דער הייליקער יעזוס דיך אָפּהיטן פון אַלע געפאַרן און דו וועסט לעבן און איבערלעבן די שרעקלעכע קריג.

באַלד די זעלבע וואָך דינסטיק (אַ מזל'דיקער טאָג) בין איך אָנגעקומען קיין לאַשטשעוו פונקט ווען די קאָלעיקע האָט אָנגעהויבן צו גיין און ווי פּאַראַדאָקסאַל עס קלינגט האָב איך אויסגעקוקט דייטשן זאָלן מיך כאַפּן אויף אַרבעט אַלס שיקסע קיין דייטשלאַנד. דער גאַנצער וועג איז אָבער געווען רואיק און מען האָט מיך ניט געכאַפּט. אין לובלין בין איך אַריינגעגאַנגען אין אַ ביוראָ און שטאַרק געוויינט אַז מען האָט מיינס אַ חבר'טע געכאַפּט אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און איך וויל זיך מיט איר זען, מען האָט מיך פאַרשריבן און ניט לעגיטימירט. עטלעכע טעג האָט מען מיך דאָרט געהאַלטן. עס איז דאָרט געווען אַ זאַמל־פּונקט פון געכאַפּטע אַרעסטאַנטן, געכאַפּטע אין גאַס. נאָכהער זיינען מיר מיט אַ שלעפּ־צוג געפאָרן קיין דייטשלאַנד, קיין עסן האָט מען ניט געגעבן, ביי איין שיקסע האָב איך אויסגעבעטן אַ שטיקל ברויט, דערציילנדיק איר אַז מען האָט מיך געכאַפּט און מיין פאַמיליע ווייסט אַפילו ניט. זי האָט אין דער שטיל געשאָלטן די דייטשן וואָס פייניקן נעבעך אַזוי דאָס פּוילישע פאָלק, נאָר די איינציקע טרייסט אירער איז וואָס קיין פאַרזשיווע זשידעס וועלן שוין ניט זיין אויף דער וועלט.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד אין אַ לאַגער אַריין וואָס איז געווען אין אַ וואַלד ביי דעסאַו, דאָרט האָט מען אונז צוצעטיילט אין באַראַקן צו 20 פרויען אין אַ צימער. שרעקלעכע שווערע אַרבעט האָט מען אונז צוגעטיילט, ביי קאַנאַליזאַציע, גראָבן גריבער א. א. וו. עסן האָבן מיר געקראָגן 200 גראַם ברויט און ביינאַכט אַ זופּע, מיר האָבן גענוג געהונגערט. אין אַ צייט אַרום האָב איך באַמערקט זעקס אידישע מיידלעך, איינע פון יאַנאָוו לובעלסקי, פון וואַרשא צוויי, און פון לעמבערג דריי. מיר האָבן זיך באַמיט צו האַלטן צוזאַמען, מיר האָבן כסדר צווישן זיך גערעדט. יעדער מיידל האָט געהאַט איר פערזענלעכע טראַגעדיע ביז זי איז אָנגעקומען אַהער. מיר האָבן זיך אויך באַמיט צו שלאָפן צוזאַמען ד. ה. איינע נעבן דער אַנדערער כדי טאָמער שרייט מען אָדער מען רעדט פון שלאָף אָנרופנדיק עפּעס אַ אידישן נאָמען (פּ. ס. עס איז געווען אַזעלכע פאַלן אין אַנדערע באַראַקן וועלכע מיידלעך האָבן געשריען אידישע ווערטער פון שלאָף און אויף צו מאָרגנס האָט מען זיי' באַלד צוגענומען, דער גאַנצער לאַגער האָט געקאָכט פון דער חוצפּה פון די אידישקעס וואָס אַזאַ לאַנגע צייט האָבן זיי געפירט ביי דער נאָז די ריין אַרישע קריסטן).

אין יאָר 1943 אין אַ געוויסן טאָג בין איך אויפגעשווידערט געוואָרן מען האָט אַלע 6 אידישע מיידלעך אַרויסגענומען אויף אַן אויספאָרשונג און נאָכהער זיי אַלע דערשאָסן, ביז היינט ווייס איך נישט ווי אַזוי זיי

זיינען אַריינגעפאַלן, מען האָט דערציילט אַז צוליב דער קאָרעספּאָדענץ וואָס זיי האָבן געפירט אָדער צוליב עפּעס אַנדערש, איך ווייס ניט. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַמיט צו מאַכן אַ פריי פּנים אָבער די אינערלעכע טויט שרעק האָט פון מיר אַרויסגעצויגן דעם דם־התמצית. נאָך אַ פּאָר וואָכן האָט מען מיך אָנגעהויבן צו פאַרשן. איין קריסטין האָט זיך ממש אַוועקגעבערענגט אַז זי פילט אַז איך בין אַ אידישקע. און זי טאַקע האָט איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ אַז זי האָט אויף מיר אַ חשד. אין אַ געוויסן טאָג, קומנדיק פון דער אַרבעט צעבראָכן, מיד און טויט הונגעריק זאָגט מען מיר איך זאָל זיך זאָפאָרט מעלדן אין דער געסטאַפּאָ. עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, איך בין געגאַנגען און בין שוין געווען זיכער אַז איך וועל שוין קיין לעבעדיקע ניט צוריקקומען. אַ געלער אויסגעפּרעסענער דייטש מיט צוויי גזלנ׳ישע אויגן האָט מיך געפרעגט פון פאַרשידנס, און לסוף מיר געזאָגט איך זאָל אים זאָגן די וואַרהייט צי איך בין אַ יודין, הגם ער פון זיין זייט גלויבט עס ניט. יאָ — האָב איך אים געזאָגט — איך בין אַ יודין, און זיך הויך צוצעלאַכט. דער דייטש איז ווי צעמישט געוואָרן און זייער העפלעך מיך איבערגעבעטן און געהייסן גיין. דעם אַנדערן טאָג האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו מיט אַ בילד פון קראָקע פון מיין „טשאָטשע”, זי האָט מיר געשריבן אַז זי בענקט זייער נאָך מיר און אַז זי וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן די מינוט זיך ווידער מיט מיר צו זען, איך האָב דער „טשאָטשע” צוריק געשריבן האַרציקע בריוו, און פאַרשטענדלעך האָט דאָס מיר זייער פיל געהאָלפן אַז דער חשד זאָל פון מיר אַראָפּפאַלן. אָבער באַלד אין אַ קורצע צייט אַרום האָב איך געפילט ווי מען קוקט מיר נאָך ווי אַזוי איך באַוועג זיך, ווי אַזוי איך רעד, צי איך מאַך ניט מיט די הענט בייםריידן, און מען האָט אויך אָנגעהויבן צו וואַכן ביי מיין געלעגער ווי כ׳בין געשלאָפן. כ׳האָב באַשיינפּערלעך געפילט אַז איך וועל עס ניט איבערהאַלטן, ווייל שלאָפן האָב איך פּשוט מורא געהאַט, אויסגעוויינט האָב איך זיך אויף מיין פינצטערן ביטערן גורל נאָר אין קלאָזעט, אָבער ווייטער איז מיט מיר געשען אַ נס אַזוי ווי איך בין געווען פאַררעכנט אַלס די בעסטע פלייסיקסטע אַרבעטערין און האָב זייער אַ גוטן שם געקראָגן, האָט מען מיך נאָך צוגעשיקט פּריוואַט אַרבעטן ביי אַ דייטשע פאַמיליע פון וועלכע זיי האָבן מיך זייער ליב געקראָגן, איך האָב שוין געהאַט גענוג צו עסן, און אַזוי האָב איך ביי דער פאַמיליע אָפּגעאַרבעט ביז ענדע 1944.

אין ענדע 44־טן יאָר האָט מען דעם לאַגער עוואַקואירט קיין בלאַקענבורג. לעססינג פּלאַץ, דער דייטש וואו איך האָב געאַרבעט האָט זייער געבעטן מען זאָל מיך איבערלאָזן ביי אים, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן,

און גלייך מיט אַלע האָב איך געמוזט אַריבער אין 2־טן לאַגער. אָנקומנדיק אַהין איז מיר באַלד נישט גוט געוואָרן, עס האָבן זיך געפונען עטלעכע טויזנט מאַן צונויפגענומענע פון פאַרשידענע לאַגערן, באַנדיטן, גנבים, זונות און נאָך פאַרשידענע טונקעלע עלעמענטן, און צו דער גרויסער שווערער אַרבעט האָט מען געשמועסט אַז מען וועט דאָ אַלע פאַרניכטן, און יעדן טאָג האָט מען טאַקע אַ אַנדערן דערשאָסן. איך האָב געזען ווי איך בין דאָ אַריינגעפאַלן און אין אַ שיינעם העלן טאָג בין איך אַנטלאָפן און אַריין אין אַ וואַלד אַריין און זיך באַהאַלטן אין אַ טונעל. דריי טעג בין איך דאָרט געזעסן, דער הונגער האָט מיך זייער שטאַרק געפייניקט, בין איך אַרויסגעגאַנגען, עס איז שוין געווען דאָס יאָר 1945, איך האָב שוין געזען די אַמעריקאַנער זיך שלאָגן מיט די דייטשן. איך האָב נאָך געהאַט מוט צו בעטן ביי אַ דייטש אַביסל וואַסער, ער האָט מיר געגעבן. עס איז שטיל געוואָרן דאָס שיסעריי. די נאַצישע חיה איז שוין געלעגן באַגראָבן.



# אינם גערעַנגל פאַרן לעבן

## ● הערמאַן און סאַבינאַ קייטעל

אויפגענומען דורך י. שוואַרץ

**בערך** אַ 15 אָדער 17 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו לובעלסקי האָט זיך געפונען אַ באַן־סטאַנציע מיטן נאָמען סושיץ, דאָרטן זיינען מערסטנס אידן געווען באַשעפטיקט ביי דער האָלץ בראַנזשע. אין אַלגעמיין איז עס געווען אַ גוט מסחר וואו אידן האָבן גוט פאַרדינט און שיין געלעבט וואָס דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט אין פוילן און העיקר איז מען געווען זייער גוט איינגעלעבט מיט די גוים אַזוי אַז מען האָט כמעט ניט געפילט דעם שרעקלעכן אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט געבושעוועט אין גאַנץ פוילן צו יענער צייט. איך און מיין שוואָגער מיט די משפחות האָבן געוואוינט אין סושיץ. מיין זיידע וועלי כץ ע״ה און מיין פאָטער יעקב קייטעל ע״ה האָבן געוואוינט אין טאָמאַשאָוו. איך האָב געאַרבעט ביים באַוואוסטן באַראָן וואַטמאַן, אַ ווינער דייטש אַ זייער גוטהאַרציקער מענטש, איך האָב ביי אים געפירט די חשבונות און אַלע פאַרשידענע געהילצן איבערגענומען און אָוועקגעשיקט א. ז. וו. איך בין ביי דעם באַראָן געווען זייער באַליבט צוליב מיין איבערגעגעבנקייט אין דער אַרבעט און האָב טאַקע גוט פאַרדינט און זייער שיין געלעבט. עס איז ביי מיר געווען אַ



הערמאַן קייטעל



סאַבינאַ קייטעל

הכנסת אורחים שטוב, וואָס ווער ס׳איז אַריינגעקומען האָט געגעסן און געטרונקען און אַצוגערייזטער אויך געגעכטיקט סיי אידן און אויך גוים ווייל ווי געזאָגט בין איך מיט די גוים זייער גוט געווען איינגעלעבט.

דרך אגב וויל איך דאָ דערמאָנען אַ קריסט מיטן נאָמען ליאַנעווסקי אַן אייניקל פון אַ פוילישן אַדמיראַל וועלכער פלעגט כסדר קומען פון וואַרשא קיין סושיץ אין פאַרשידענע אַנגעלעגנהייטן, איך האָב זיך מיט אים זייער באַפריינדעט, פלעגט ער ביי מיר עסן און שלאָפן און קיין מאָל האָב איך ביי אים קיין געלט ניט גענומען דערפאַר. ער פלעגט מיר שטענדיק זאָגן אַז פאַר דער האַרציקער גאַסטפריינדלעכקייט וועט ער מיך ניט פאַרגעסן. און אַזוי איז טאַקע געווען, ווען דאָס אידישע פאָלק איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט האָט ער אין מיר און אין מיין משפחה ניט פאַרגעסן. אין ווייטערדיקן טייל וועט מיר נאָך אויסקומען פון דעם אידעלן קריסט צו שרייבן. איך האָב אויך געהאַט אַ זייער איבערגעגעבענעם פריינט אַ קריסט פון וואַרשא מיטן נאָמען ווישניעווסקי וועלכער פלעגט שטענדיק צו מיר קומען אין פאַרשידענע אַנגעלעגנהייטן פון וועלכן איך פלעג אים שטענדיק ווי אַמבעסטן אַנטקעגנקומען. ער האָט אויך אין מיר שפּעטער ניט פאַרגעסן, און ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן האָט אין אים געפלאָסן אידיש בלוט, ווייל זיין מוטער איז געווען אַ אידישע. דאָס אַלץ איז געווען פאַרן חורבן.

מיטן אויסברוך פון קריג, און מיטן אָנקום פון די דייטשע באַנדיטן האָט אונז דער שרעקלעכער קאָשמאַר ניט אויסגעמיטן, און עס דאַכט זיך מיר אַז ערשט נעכטן איז דאָס געשען ווי אַ דריטל פון אונזער פאָלק איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן אויף אַלע שליאַכן אין אייראָפּע, 6 מיליאָן אידישע קרבנות אויפן מזבח צי קענען מיר זיך כאָטש אָפּגעבן אַ חשבון איבער דעם ציפער פון 6 מיליאָן פאַרפייניקטע פאָטערס, מוטערס, שוועסטער און ברידער, קליינע קינדער, אַלטע לייט, פריינט און בעקאַנטע, אָבער ווי אַזוי קענען מיר חשבונ׳ען מיר וואָלטן דאָך פון זינען אַראָפּ. מיר זיינען אַזוי אויך אַ נערוועאיש פאָלק, יעדן לעבן־געבליבענעם איד פעלט דאָך אַ האַלבע אָדער אַ גאַנצע משפחה וואָס זיינען אומגעקומען מיט פאַרשידענע ערליי טויטן וואָס בלויז ראַפינירטע סאַדיסטן, וועלט־אויס־וואורפן האָבן געקענט אויסטראַכטן. דאָס פאַרגאָסענע אידישע בלוט קאָכט און זידט, עס קאָן זיך ניט איינשטילן. עס קלינגען מיר נאָך ביז היינט אין די אויערן די האַרץ רייסנדיקע געשרייען און געוויינען פון די פערפייניקטע, דאָס געבעט פון קליינע קינדער ביי די מערדערס פיס, עס שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן די טראַנספּאָרטן וואָס זיינען אַלע טאָג אָנגעקומען קיין סושיץ מיט די אומגליקלעכע אידישע קרבנות און פון סושיץ זיי

אויף וועגן אַוועקגעפירט צום פאַרניכטן. אָט די שרעקלעכע סצענעס וועל איך שוין קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

באַלד אין די ערשטע טעג זיינען אָנגעקומען געסטאַפּאָ קיין סושיץ און זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיין הויז. אַ ווילדער געשריי האָט זיך דער־הערט אַז אַלע אידישע מענער זאָלן צו זיי אַרויסגיין. וויפל מענער מיר זיינען געווען אין שטוב האָבן זיך אין איין אויגן בליק באַהאַלטן וואו איינער האָט נאָר געקענט. די געשרייען זיינען געוואָרן וואָס אַ מאָל העכער, די פאַרפלוכטע יודען זאָלן זאָפאָרט אַרויסגיין. מיין פרוי און איר שוועסטער זיינען אַרויסגעגאַנגען און זיי געזאָגט אַז די מענער זיינען נישטאָ אין דער היים, האָבן זיי מיין פרוי מיט דער שוועסטער שטאַרק צעשלאָגן און נאָכער געהייסן זיי אויסטאָן די שיך און באָרוועס זאָלן זיי לויפן אויפן שניי וואָס איז געווען פאַרפראָרן. די וואונדן זיינען ביי זיי געבליבן ביז היינט צו טאָג. צוריקקומענדיק זיינען זיי שוין ניט געווען. אַ פּאָר וואָכן איז מיין פרוי און שוועסטער אָפּגעלעגן אין בעט צעשראָקענע, פאַרמאַטערטע ביז זיי זיינען קוים געקומען צו זיך. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען מיך מיט מיין פרוי אַרויסגערופן קיין טאָמאַשאָוו אין דער געסטאַפּאָ איך זאָל אָפּגעבן אַלע שטייערן וואָס איך בין שולדיק. איך האָב זיי געענטפערט אַז איך האָב נישט ווייל דאָס גאַנצע האָלץ איז קאָנפיסקירט געוואָרן. זיי האָבן אונז אָפּגעלאָזט. אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן לעבן אין גרויס שרעק מיט יעדן אָנקום פון אַ דייטש זיינען מיר געווען אויס־באַהאַלטן.

דעם 7־טן מערץ — 1941 זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַז באַלד דאַרף אָנקומען אַ טראַנספּאָרט מיט 600 מענטשן אין 4 וואַגאָנען מענער פרויען און קינדער פון מיעלעץ. אַזוי ווי דער צוג איז נאָר אָנגעקומען איז אויך באַלד אָנגעקומען בערך אַ 100 שליטנס מיט פּויערים איבערצונעמען די אַלע אומגליקלעכע אידן אָפּצופירן זיי קיין טשעשאַנאָוו. ניט ווייט פון אונזער באַהעלטעניש וואו מיר זיינען געלעגן האָבן מיר געקענט גענוי אָבסערווירן דאָס אויסלאָדן פון די מענטשן וואָס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן אַז קיין מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען עס זיך ניט פאָרשטעלן. נאָך היינט שטייט מיר דאָס גרויליכע בילד פאַר די אויגן. ביים אויפעפענען אַ וואַגאָן איז געשטאַנען 2 ס. ס. מערדער מיט גומענע פאַלקעס און 2 פּוילישע פּאָליציסטן (גראַנאַטאָווצעס) דאָס ווילדע געשריי יודן העראַוס!!! האָבן נעבעך די מענטשן אָנגעהויבן שפּרינגען און די מערדער האָבן געשלאָגן, דאָס האָוקען פון די ספּעציעל אויסדרעסירטע הינט האָבן פון די מענטשן געריסן שטיקער, די געוואַלדן און געשרייען פון די מענטשן און דאָס יאָמערלעכע געוויין פון די קינדער האָבן צעריסן

ס׳האַרץ, נאָכער האָט מען די מענטשן געהייסן אַרויפגיין אויף די שליטנס. ביים אַרויפגיין אויף די שליטנס האָט מען אַלע מאָל אַן אַנדערן דער־שאָסן. די טויטע קערפּערס האָבן זיך געוואַלגערט צווישן די שליטנס. די לעצטע איז געווען אַ פרוי וואָס האָט געשלעפּט אַ וועגעלע מיט אַ קינד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט די פרוי אַרויסגעלאָזט דאָס וויגעלע פון דער האַנט און ווילנדיק עס צוריק אָנכאַפּן איז זי פון אַ מערדערישע קויל געפאַלן. ווען אַלע זיינען אַוועקגעפאָרן איז דאָס וויגעלע מיטן קינד איבער־געבליבן. ביינאַכט האָבן מיר מיט פאַרשטיקטע טרערן די טויטע מקבר געווען אין איין ברודער קבר, ס׳איז געווען 13 מענטשן דעראונטער 3 פרויען. איינער האָט זיך נאָך געמוטשעט אַ גאַנצע נאַכט און אין דערפרי איז ער געשטאָרבן. אַ קריסט האָט מיר אַריינגעבראַכט דאָס קינד מיין פרוי האָט עס אָפּגעוואַשן, אָנגעקאָרמעט און עס אַ נאָמען געגעבן: באָבאָש. ס׳קינד האָט געהאַלטן אין איין שרייען מאַמאַ האַו, מאַמאַ האַו! נאָך 6 וואָכן איז געקומען צו אונז אַ איד פון טשעשאַנאָוו און זיך פאַרגעשטעלט אַז ער איז אַ ברודער פון דער פרוי וואָס איז דערשאָסן געוואָרן און ער בעט מיר זאָלן אים אָפּגעבן ס׳קינד. מיר ווייטער זיינען איבער דער צייט שוין שטאַרק געווען צוגעוואוינט צום קינד און האָבן עס אים ניט געוואָלט געבן, האָט ער געבראַכט אַ בריוו פון טשעשענאָווער יודן ראַט אַז מיר זאָלן עס אָפּגעבן. באין ברירה האָבן מיר מיט טרערן אין די אויגן עס אים אָפּגעגעבן.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט מען אונז געמאָלדן אַז אין צוויי טעג אַרום מוזן מיר אַלע זיבעציק אידן וואָס געפינען זיך אין סושיץ זיך מעלדן אין אומשלאַג פּלאַץ אין טאָמאַשאָוו און ווער ס׳האָט אַרבעטס קאַרטן וועט באַפרייט ווערן. אַ גרויס געוויין איז אויסגעבראָכן ביי מיר אין שטוב וואָס טוט מען יעצט? מיר האָבן באַשלאָסן זיך צוצושטעלן און זיך געטרייסט אַז מיר האָבן דאָך אַרבעטס קאַרטן. באַלד איז אָנגעקומען דעם באַראָן וואַטמאַנס טאָכטער מושינסקאַ מיטן דירעקטאָר איבערצונעמען ביי מיר ס׳גאַנצע האָלץ מיט די חשבונות, ווייל מיר דאַרפן זיך דאָך צושטעלן קיין טאָמאַשאָוו. איך האָב איר אַלעס איבערגעגעבן. ווי וואונדערלעך איז אָבער דעם מענטשנס גורל, ווען איך האָב דעם באַראָנס טאָכטער אַלעס איבערגעגעבן האָט זי מיך גערופן אין שטוב אַריין, אומקוקנדיק זיך צי קיינער הערט נישט האָט זי מיך געוואָרנט איך זאָל ניט דערוועגן מיט מיין משפחה זיך צוצושטעלן קיין טאָמאַשאָוו ווייל פון דער געגנויסטער קוועלע ווייסט זי אַז דאָס איז דער לעצטער וועג, מעגן מיר האָבן אַרבעטס־קאַרטן, ווייל דער באַפעל זאָגט אַז ביז צו דעם געגעבענעם טערמין טאָר ניט בלייבן קיין איין איד. טאָ פאָלגט מיר, אַנטלויפט וואו די אויגן וועלן אייך טראָגן אפשר וועט איר דערלעבן און איבערלעבן און זיך ראַטעווען.

איר זייט מיר זייער אַ גרויסע שאַד, אויסשטרעקנדיק מיר די האַנט און זאָגנדיק מיר דאָווידזעניאַ, האָט זי פאַרלאָזט די שטוב.

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרשטיינערטער, שווערע שוואַרצע טרויע־ריקע געדאַנקען זיינען מיר געקראָכן אין קאָפּ אַריין און האָבן מיר פאַרטונקלט דעם שכל. איך האָב געקוקט מיט די אויגן און האָב גאָר ניט געזען. מיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט און גאָר ניט געזאָגט. מיינע הענט האָבן געציטערט ווי אין אַ פיבער. איך האָב זיך דערשראָקן און געקוקט ווי אַ משוגענער. ווילד בין איך צוגעלאָפן צו מיין פרוי און איר אַלעס דערציילט, מיין פרוי האָט זיך שטאַרק צעוויינט, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען, האָט זי געמורמלט, און זיך געבראָכן די הענט. ביינאַכט זיינען אַלע אונזערע קריסטלעכע באַקאַנטע זיך געקומען געזעגענען מיט אונז. איך באַמערק אויך דערביי אַז שוין דעמאָלט האָט אין סושיץ געאַרבעט אַן הינטער־גרונט, און אַלע וואָס זיינען צו מיר געקומען האָבן געאַרבעט אין הינטער־גרונט און אַלע האָבן אונז געראַטן זיך נישט צוצושטעלן קיין טאָמאַשאָוו, נאָר מיר זאָלן אַוועק אין וואַלד אַריין. אויף אונזער פראַגע אַז מיר האָבן ניט קיין דאָקומענטן האָט איין לערערין אַרויסגענומען איר דאָקומענט און דערלאַנגט מיין פרוי און באַלד האָט מיין פרוי געהייסן גראַבאָווסקאַ יאָזעפאַ אַן אָפּשטאַמיקע פון לעמבערג. אַ פוילישער פּאַרטשניק האָט אונז געזאָגט אַז מיר זאָלן נאָך היינט ביינאַכט אַוועק אין וואַלד אַריין ווייל מאָרגן קען שוין זיין צושפּעט, ווי אויך זאָלן די גוים ניט באַמערקן, און אַז מיר זאָלן זיין אויף דעם אָפּגערעדטען אָרט (נעבן אַן אָפּ־געהאַקטן בוים) און וואַרטן אויף אים אין משך פון מאָרגנדיקן טאָג וועט ער ברענגען פאַר מיר און פאַר מיין שוואָגער צוויי דאָקומענטן. ביז צוויי אַזייגער זיינען זיי געווען, געזעגנט זיך און אַוועק.

באַלד האָבן מיר איינגעפּאַקט דאָס נויטיקסטע און האָבן שטיל ווי גנבים זיך אַרויסגעשלייכט מיט קלאָפּנדיקע הערצער מיט שטילע געוויינען אַוועק אין וואַלד צום אָפּגערעדטן אָרט. אין דרויסן איז געווען שטיל. אַלץ איז געווען איינגעזונקען אין שלאָף. שוואַרצע בייזע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל. שוואַרץ איז געווען די נאַכט, שוואַרץ איז געווען די ערד, און שוואַרץ איז געווען אין אונזערע הערצער, פינצטער, טונקל און שוידערהאַפט. נאָך דריי טעג זיצן אין גרויסע שרעק אין וואַלד איז דער פּאַרטשניק געקומען און זיך פאַרענטפערט אַז ס'האָט געמוזט דויערן ביז ער האָט אָט די צוויי דאָקומענטן געשאַפט מיט אַרויפגעקלאַפּטע סטעמפּלען מיט אונזערע בילדער. אַ פונק פון האָפענונג האָט אויפגעטליעט אין אונזערע הערצער. ער האָט אונז געטרייסט און שטיל אויפגעזונגען, יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ פוקי מי זשיעמי האָט ער זיך געקלאַפּט אין האַרצן. ער

האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט אונז און אַוועק. מיט גרויס פרייד האָבן מיר באַטראַכט די דאָקומענטן, מיין שוואָגערס נייער נאָמען איז געווען יאַן הורקאַלאַ און איך סטאַניסלאַוו גונטאזש. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע. נאָך היינטער וועגן זיינען מיר צוגעקומען צו אַ באַן סטאַנציע און געפאָרן קיין וואַרשע. דער וועג ווי אַזוי מיר זיינען אָנגעקומען ביז וואַרשע איז אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל וואָס עס פאָדערט זיך פיל נערוון אַלעס איבערצוגיסן אויפן פּאַפּיר. מיר האָבן זיך געראַנגלט מיט גוים וואָס האָבן אונז דערקענט און נאָר מיט ניסים מיט גרויס געלט איז אונז געלונגען זיך דורכצורייסן ביז וואַרשע.

מיר זיינען צוגעפאָרן צום ה' ווישנעווסקי, ער האָט זיך זייער דערשראָקן אָבער זייער העפלעך אונז אויפגענומען ער האָט זייער מורא געהאַט און אויך ניט געהאַט וואו אונז צו האַלטן. האָט ער אונז באַקאַנט מיט זיינס אַ שכן, און פאָרשטעלנדיק אונז אַלס פּוילישע פּליטים פון דער רוסישער זייט. מיר האָבן דאָרט געוועכטיקט עטלעכע נעכט. מיר האָבן זיך געווענדעט צום הער ליאַנעווסקי ער האָט אונז זייער פיין אויפגענומען, זיין פרוי איז אָבער געווען אַ געפערלעכע אַנטיסעמיטין וועלכע האָט מיר ביים ערשטן אַריינקום געמאָלדן אַז זי פאַרטראָגט ניט קיין אידן באשר בכן אין 1920 האָבן די זשידעס מיט די באָלשעוויקעס דער'הרג'ט איר פאָטער וואָס איז געווען אַ סטאַראָסטאַ, און דאָס קען זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן, נאָר אַזוי ווי איר מאַן אַן אייניקל פון אַ פּוילישן אַדמיראַל האָט אַזאַ גוטע מיינונג איבער אונז וועט זי אונז יאָ ראַטעווען אויף וויפל זי וועט נאָר קענען, און ניט טראַכטנדיק קיין סאָך האָט זי זיך געוואָנדן צו אירס אַ שוואָגער יאַן וואָוויטשעך וועלכער איז געווען דירעקטאָר ביי „דעפּאָ" ביי דער באַן אַז אַומבאַדינגט מוז ער זען מיך איינצואָרדענען אויף אַרבעט. ער האָט צוגעזאָגט. דעם אַנדערן טאָג האָט זיך געשטעלט די פראַגע ווי אַזוי קען ער מיך איינאָרדענען אַז ס'ערשטע מוז איך האָבן אַ צייגעניש פון אַ דאָקטאָר אַז איך בין געזונט, און אַלס איד ווי קען איך גיין צו אַ דאָקטאָר. אָבער דער יאַן וואָוויטשעך איז געווען אַ מענטש וועלכן איך באַצייכן אַלס איינעם פון די חסידי אומות העולם, ווייל ניט נאָר מיך מיט מיין משפחה האָט ער געראַטעוועט נאָר פיל אידן, איינשטעלנדיק דערביי זיין אייגן לעבן. דערווייל זיינען מיר געזעסן ביים הער ליאַנעווסקי. אין צוויי טעג אַרום איז אַריינגעקומען יאַן וואָוויטשעך און מיר געזאָגט איך זאָל אים געבן מיין דאָקומענט, איך האָב אים געגעבן. אין צוויי שעה אַרום האָט ער מיר צוריקגעבראַכט דעם דאָקומענט מיט אַ געזונטהייטס־צייגעניש. ער האָט גענומען אַ גוי און איז מיט אים געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר מיט מיין דאָקומענט. און אויף צו מאָרגנס האָט ער מיר געהייסן קומען צו דער אַרבעט.

מאָרגן בין איך שוין געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ מונדיר פון אַ באַנער און בין שטענדיק אומגעגאַנגען פאַריסט. דער הער ליאַנעווסקי האָט אונז איינגעאָרדנט אַ וואוינונג ביי וואַרשע פלאַדע און געצאָלט 500 זלאָטעס אַ מאָנאַט און פאַרדינט האָב איך 180 זלאָטעס אַ מאָנאַט, פאַר־שטענדלעך מיר האָבן נאָך געהאַט געלט. מיט די שכנים האָבן מיר זיך באַמיט צו לעבן ווי אַמבעסטן. איינמאָל איז דעם שוואָגערס זון אַריינ־געגאַנגען צו אַ שכן און געזען ליגן אַ קריסטלעך ביכעלע פון זייערע תפילות (קאַטאַכיזם) און פרעגט דאָס מיידעלע זאָשאַ צאָ טאָ זאַ קשאָנ־זשעטשקאַ ? — די עלטערן האָבן דאָס דערהערט האָבן זיך אָנגעהויבן וואונדערן אַ אינגל פון 9 יאָר ווייסט ניט וואָס דאָס איז? ניט אַנדערש נאָר דאָס זיינען זיכער אידן, מען האָט זיך אָנגעהויבן סוד'לען און באַלד האָט דערפון געוואוסט דער בעל־הבית וועלכער איז באַלד אַריינגעקומען אַ שטאַרק אויפגערעגטער און רופט מיך אַריין אין אַ באַזונדער צימער און זאָגט מיר אַזוי ווי כ'האָב געהערט אַז איר זייט אידן, בעט איך אייך אַנטלויפט פון דאַנען וואָס שנעלער, איך וויל ניט וויסן ווי, ווייל אומ־גליקלעך דורך אייך וויל איך ניט ווערן. מיר האָבן פאַרשטענדלעך געלייקנט, ער איז בייז אַרויסגעגאַנגען און זאָגנדיק דערביי „מיר וועלן שוין זען". די הענט און די פיס האָבן מיר אָנגעהויבן צו ציטערן, איך בין באַלד אַוועק קיין וואַרשע צום הער ווישניעווסקי דערציילנדיק אים אַלעס און געפרעגט וואָס טוט מען? זיין שטענדיקער שמייכל וואָס איז געווען אויס־געגאָסן אויף זיין פנים האָט מיך באַרואיקט. ער האָט מיך געהייסן וואַרטן און איז אַרויס פון שטוב. אין אַ פאָר שעה אַרום איז ער געקומען און מיר געזאָגט אַז שוין היינט זאָל איך מיך אַריינציען אין דער נייער וואוינונג וואָס ער האָט פאַר מיר אויסגעזוכט דאָס איז אין פּראַגע אויף בזשעסקי נומער 13. שטילערהייט האָבן מיר זיך פון דאָרט אַרויסגעצויגן און אָנגעקומען אויפן נייעם פּלאַץ.

דאָ איז שוין געווען עפּעס אַנדערש, די מענטשן פון אַרום זיינען געווען בלויז אונטערוועלטניקעס, זונות, טונקעלע עלעמענטן, שיכורים א. ז. וו. מיר האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. איך און מיין פרוי זיינען שטענדיק אומגעגאַנגען שיכור הגם מיר האָבן קיינמאָל ניט געטרונקען, מילא אַ לעקסיקאָן האָבן מיר געריידט פונקט אַזוי ווי די געמיינע חברה, אַזוי האָבן מיר געמוזט שפּילן די ראָלן אַזוי ווי אמת'ע אַרטיסטן שטענדיק צו געדענקען ווער מיר זיינען, קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו ריידן און מאַכן מיט די הענט, קיינמאָל ניט פאַרגעסן ביי יעדן וואָרט צו זאָגן יעזו קאָכאַנע.

ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט האָט מיך יאַן וואויטשעך איינגע־אָרדנט אויף אַרבעט, מיין אַרבעט איז באַשטאַנען פון אָנלאָדן און אויסלאָדן

קוילן, צו אַ וואַגאָן קוילן האָט מען געדאַרפט זעקס מענטשן, יעדן טאָג פלעגט מען ברענגען 130 אידן פון געטאָ צו דער אַרבעט, ביינאַכט האָט מען זיי צוריקגעפירט. פיר אידן און צוויי פּאָלאַקן האָבן געאַרבעט ביי איין וואַגאָן. איך האָב זיך באַקענט מיט אָט די אַלע אידן וועלכע האָבן נעבעך פאַרגעפילט וואָס עס ערוואַרט זיי. די אידן פלעגן אויך מיטברענגען פאַרשידענע זאַכן צום טוישן אויף פּראָדוקטן, אָבער עס פלעגט נעבעך די אידן שווער אָנקומען דאָס אַרויסטראָגן ווייל די דייטשן פלעגן עס צונעמען ביים טויער. אין די ראַמען פון מיינע מעגלעכקייטן פלעג איך העלפן די אידן מיט וואָס כ׳האָב נאָר געקענט, און דערפאַר טאַקע האָבן זיי מיך געהאַלטן פאַר אַ זייער אָרענטלעכן „פּאָליאַק״, און אַז איך פלעג זיי דאַרפן געבן 5 ק״ג קאַשע איז טאַקע געווען 5 ק״ג ניט ווי אַן אַנדערער פּאָליאַק פלעגט זיי געבן דריי אָנשטאָט פינף. איך פלעג זיך אויך מיט אַלע כוחות באַמיען זיך צו לעבן גוט מיט מיינע פאַרמאַנעס (מנהלים), איך פלעג זיי אָוועקגעבן די מציאות וואָס די אומגליקלעכע אידן פלעגן נעבעך ברענגען. אַ סאַך מאָל האָב איך עס די אידן צוריקגעגעבן, האָבן זיי געהאָט נאָך אַמאָל וואָס צו פאַרקויפן. איך בין אויך געווען איינער פון די בעסטע אַרבעטער וואָס איך פלעג דערפאַר יעדן מאָנאַט קריגן אַ פּרעמיע אַ פערטל ליטער בראָנפן און הונדערט פּאַפּיראָסן, פלעג איך עס שטענדיק אָוועקגעבן מיין פאַרמאַן (מנהל) אַ געוויסן סקיבע אַ גרויסן שונא ישראל וואָס פלעגט פייניקן די אידן אָן אַ שום פאַרוואָס, און ווען איך האָב אים געגעבן דעם בראָנפן מיט די פּאַפּיראָסן פלעג איך אים בעטן ער זאָל ניט טשעפּן די אידן ווייל זיי זיינען זייער גוטע אַרבעטער, פלעגט ער דערביי האַרציק שמייכלען און זאָגן אַז פּאָליאַקן זיינען דאָך ניט קיין זשידעס.

אין צווישן צייט פלעגן מיר די אידן דערציילן פון דער גרויסער בראָך וואָס עס קומט פאַר יעדן טאָג אין געטאָ, ווי יעדן טאָג פאַלן אומשולדיקע קרבנות, עס האָט מיר געשניטן ביים האַרץ הערנדיק די אַלע גרוילעכע זאַכן וואָס מען פלעגט מיר דערציילן. איך האָב אויך געהערט פון זאַכן וואָס איך האָב ממש געשטוינט און צום גרויסן ווייטיק האָב איך זיי באַוואונדערט. ווי אַזוי האָבן זיי אין געטאָ געפונען אין זיך קראַפט צו לעבן אונטערן שאָטן פון גרויזאַמען טויט, נישט נאָר לעבן נאָר אויפהאַלטן דעם צלם אלקים, שאַפן אינסטיטוציעס, עפענען שולן, קעגנזייטיק זיך העלפן? ווי האָט געפונען אין זיך כוח יענער פשוט׳ער איד וואָס האָט מיט מיר געאַרבעט וואָס פלעגט מיט סכנות נפשות אַריינברענגען אין געטאָ אַריין שפייז, און זאָרגן אַז עס זאָלן זיי באַקומען נויטבאַדערפטיקע וואָס האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן? ווי האָט געפונען כוח דער לערער וואָס איז געקומען פון דער פרעמד אין געטאָ, אָן מיטלען, הונגעריק און

נאָקעט צונויפצוזאַמלען אידישע קינדער, צווישן זיי אויך קינדער וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן, לערנען זיי, וואַשן זיי, נייען פאַר זיי, שרייבן לערן־העפטן פאַר זיי? ווי האָבן טיילן פון דער אידישער יוגנט אין די אומדערהערטע, אומגעזעענע געטאָ־באַדינגונגען געפינען אין זיך כוח און מוט צו טראַכטן וועגן ווידערשטאַנד? און יעדן טאָג צו לעבן אין געטאָ און בלייבן אַ מענטש איז טאַקע געווען די גרעסטע גבורה. איך האָב געשטוינט און קען עס ביז היינט ניט פאַרשטיין.

צווישן די בעקאַנטע אידן מיינע איז אויך געווען אַ איד וואָס איז פריער געווען זייער אַ רייכער מענטש און זייער אַן אינטעליגענטנער, פלעגט ער מיך בעטן אַז איך זאָל יעדן פאַרטאָג צוקומען צום געטאָ און ער וועט געבן אַ געשריי גונטאַש, זאָל איך זאָגן יעסטעם, און אויסשטרעקן די הענט און ער וועט מיר אַריבערוואַרפן פאַרשידענע זאַכן און ביי דער אַרבעט וועט ער זיך שוין מיט מיר אָפּרעכענען ווייל נאָר צו מיר האָט ער צוטרוי, ווייל איך בין ביי אים אַ זייער אָרענטלעכער „קריסט”, איך האָב אים אָפּגעזאָגט ווייל איך האָב פּשוט מורא געהאַט זיך איינצושטעלן. ער איז אָבער זייער שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן, און מיר דערציילט אַז ניט נאָר פאַר זיך דאַרף ער די פּראָדוקטן נאָר פאַר קינדער און ניט נאָר פאַר זיינע קינדער. איך האָב דעם נסיון ניט געקענט ביישטיין און מיט אַ שווער האַרץ בין איך באַשטאַנען דערויף. איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס נאָר דער איד האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע רחמנות, און איך האָב אָנגעהויבן צו קומען פאַרטאָג און דער איד פלעגט מיר אַריבערוואַרפן סחורות פון וועלכע איך פלעג אים שטענדיק געבן וויפל ער האָט פאַרלאַנגט, אָפּט מאָל אַז איך פלעג ביי מיינע באַקאַנטע קריסטן נעמען מער האָב איך עס דעם איד אַוועקגעגעבן. נישט איין מאָל פלעגט ער מיר זאָגן דיסקרעט אַז איך האָב אַ אידיש האַרץ, און נישט איינמאָל האָט ער באַמערקט אַז איך האָב זיך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן. איינמאָל בין איך צוגעקומען צום געטאָ און דער איד האָט אַ געשריי געטאָן גונטאַש, איך האָב געענטפערט יעסטעם, און אויסגעשפרייט די הענט איבער דער מויער צו כאַפּן די סחורה. ווי ערשטוינט און כמעט פאַר׳חלש׳ט בין איך געוואָרן ווען איך האָב דערזען אַז איך האָב געכאַפּט אַ קליין קינד, און נאָך איידער איך האָב זיך אָריענטירט וואָס מען טוט איז שוין נעבן מיר געשטאַנען צוויי פרויען מיט אַ וועגעלע און מיר העפלעך געזאָגט, פּאַני גונטאַש דזשענקויען באַרדזאָ און גענומען ס׳קינד, אַריינגעלייגט אין וועגעלע און זיך פאַמעלעך אַוועקשפּאַצירט. איך בין אַ דערשראָקענער אַוועק צו דער אַרבעט. ביי דער אַרבעט האָב איך געפרעגט דעם איד וועגן קינד, ווי מיין לעבן איז געווען איינגעשטעלט, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַזוי ווי אַ זינדיקער

און געזאָגט אַז ער ווייסט ניט. איך האָב מער דערפון ניט גערעדט. איך בין שוין אָבער צום געטאָ מער ניט געגאַנגען.

נאָך אַ געוויסע צייט איז ווידער דער איד צוגעשטאַנען צו מיר איך זאָל צוקומען צום געטאָ, ער האָט דאָס מאָל זייער שטאַרק געוויינט אַז זיי גייען ממש אויס, איך האָב אים געזאָגט אַז מאָרגן וועל איך קומען מיט מיין פרוי. פאַרטאָג בין איך מיט מיין פרוי געגאַנגען צום געטאָ. בערך אַ 100 מעטער פון געטאָ בין איך געבליבן שטיין און געזאָגט מיין פרוי אַז איך קום באַלד אונטער, מיין פרוי איז צוגעקומען צום אָפּגערעדטן אָרט און דערהערנדיק דעם געשריי גונטאַש האָט זי געענטפערט יעסטעם, אין זעלבן מאָמענט האָט די זשאַנדאַרמעריע באַמערקט און אָנגעהויבן צו שיסן, איך האָב זיך צוריקגעצויגן און געבליבן שטיין דערשראָקן מורא האָבנדיק פאַרן גורל פון מיין פרוי. מיין פרוי האָט זיך ניט פאַרלוירן און איז אין אויגן־בליק אַריין צו אַ סטאַראָזש וואָס איז געווען נעבן געטאָ, דער סטאַראָזש אָננעמנדיק זי פאַרשטענדלעך אַלס קריסטין האָט זי געהייסן אַריינלייגן אין בעט אַריין און זי איז אַזוי אָפּגעלעגן ביז 9־ען. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען, אין טויער איז געשטאַנען אַ קריסט און זאָגט איר אַז ער האָט מורא אַרויסצוגיין ווייל די זשאַנדאַרמעריע קוקט יעצט יעדן נאָך. אָבער צו שטיין איז אויך ניט גוט געווען האָט ער זי אָנגענומען געאַרעמט און איז אַרויסגעגאַנגען, אַזוי ווי זיי זיינען נאָר אַרויס האָבן באַלד די דייטשען אַ געשריי געטאָן קאָם! קאָם! זיי זיינען צוגעגאַנגען,ביים קריסט האָבן זיי געפונען אַ פעקל מיט טויזנטער זלאָטעס, הייסט ער דאָך אַ הענדלער מיט די אידן האָט מען אים באַלד דערשאָסן. ביי מיין פרוי האָט מען גאָרניט געפונען, זי האָט געוויזן איר דאָקומענט אַלס פרוי פון אַ קאָליעאַזש (באַנער), איז ווי קומסטו אַהער האָט מען זי געפרעגט, האָט זי געזאָגט אַז זי האָט אָט אָ דאָ ביי דעם קריסט גענעכטיקט ווייל ס׳איז איר׳ס אַ משפחה, פון דער ווייטנס איז געשטאַנען דער סטאָראָש און געשאָקלט מיטן קאָפּ אַז זי זאָגט אמת, מען האָט זי געהייסן גיין און זי איז פאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען.

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך צורעט מיט דעם אויבנדערמאָנטן איד, ער האָט מיר דערציילט אַזעלכע גרוילעכע סצענעס וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, האָב איך זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און זיך אַרויסגעכאַפּט, רבונו של עולם מיינע אומגליקלעכע אידישע ברידער! וואָס? האָט ער אַ געשריי געטאָן. יאָ, האָב איך אים געזאָגט, איך בין אַ איד. דערשטוינט און פאַרוואונדערט האָט ער מיך אָנגעקוקט, טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן און מיר מער גאָרניט געזאָגט נאָר שטיל געמורמלט, איך האָב עס געוואוסט, איך האָב עס געפילט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום רופט מיך אַוועק אין אַ זייט מיין פּאַרמאַן סקיבע און קוקט אויף מיר מיט רציחה און זאָגט מיר, דו גונטאַש ביסט אַ איד! ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף דיר! אַזאַ שווינדלער! אַזאַ זשידאָווסקי געמיינהייט! האַ? זאָג איך: וואָס פאַלט דיר עפּעס איין אַזאַ בילבול אויסצוטראַכטן אויף מיר? שווייג! האָט ער אַ שטילן געשריי געטאָן אויף מיר. מיינס אַ מענטש האָט אונטערגעהערט דיין ווידוי פאַרן איד פון געטאָ! כ׳ווייס שוין אַלעס דו שמוציקער שווינדעלערישער איד. ניט בחנם הרג׳ט אייך דער פירער, איר זייט שווינדלער און ליגנער. איך האָב שוין ניט געהערט וואָס ער האָט אַלץ גערעדט, עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן, די הענט און די פיס האָבן געציטערט אין מיר, און מיין פּנים האָט אים שוין אַלעס געזאָגט. ס׳ערשטע האָב איך אים געגעבן דעם טאַלאָן ער זאָל זיך גיין אָפּנעמען די פּרעמיע מיינע, ד. ה. דעם בראָנפן מיט די פּאַפּיראָסן, ער האָט דעם טאַלאָן גענומען. דעם צווייטן טאָג האָט ער מיך דערמאָנט אַז איך בין אַ איד, האָב איך געזען אַז ס׳איז שלעכט, בין איך אַריבער געלאָפן צו יאַן וואַיטשעך און אים דערציילט די גאַנצע מעשה, ער איז שטאַרק בייז געוואָרן אויף מיר, אָבער דאָך געקלערט וואָס צו טאָן. נאָכן באַרואיקן זיך, זאָגט ער מיר אַז מאָרגן נאָך דער אַרבעט זאָל איך צוגיין צו דעם און דעם דאָקטאָר, וועט שוין זיין פאַר מיר אַ צעטל אַז מען באַפרייט מיך פון דער אַרבעט ווייל זי איז צו שווער פאַר מיר, און אַז איך ווער צוגעטיילט צו אַ לייכטערע אַרבעט ד. ה. ניט אונטער דער אויפזיכט פון אָט דעם סקיבע, און איך האָב טאַקע אָנגעהויבן אַרבעטן לייכטע אַרבעט ווי צו רוימען צו קערן א. ז. וו. אין גאַנצן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. איך האָב שוין מער דעם סקיבע ניט געזען. איך האָב שוין מער די אידן ניט געזען.

אין אַ געוויסן טאָג גייענדיק פון דער אַרבעט שטעלט מיך אָפּ אַ געזונטער הויכער שיגץ און זאָגט מיר: הער אויס גונטאַש! אַז דו ביסט אַ ליפּע ווייס איך, איז ווי לאַנג רעכנסטו אַזוי אַרומצוגיין אַלס קריסט? מיר איז גוט באַקאַנט דו און דייך פרוי זיינען זשידיס. איך האָב אַ געשריי געטאָן אויף אים: קום צו דער זשאַנדאַרמעריע. זאָגט ער: קום. מיר גייען און מיט מיר וואַרפט שוין יעדער אבר. — איז וואָסזשע ווילסטו? פרעג איך אים. זאָגט ער מיר: דריי טויזנט זלאָטעס. איך האָב זיך געדונגען מיט אים און דורכגעקומען אויף צוויי טויזנט. איך האָב אים באַצאָלט (פּ. ס. ער איז דערפון געוואָר געוואָרן זייענדיק אַמאָל ביי דער ווישניעווסקין, וואָס איז געווען זיין משפחה).

אין עטלעכע טעג אַרום אין אַ פרייטיק, קומען אַריין צוויי פּאָליציסטן און הייסן זיך ווייזן די דאָקומענטן, האָב איך געוויזן. זאָגן זיי אַז זיי

ווילן זען די אמת׳ע, און אַז זיי ווילן אויך די זשידאָווסקי פּיש וואָס מען קאָכט היינט. אין דרויסן איז שוין געשטאַנען צוויי שקצים און געוואַרט, וואָס פאַרשטענדלעך דער שאַנטאַזשיסט האָט אונטערגעשיקט. איז וויפל קאָסט דאָס, האָב איך געפרעגט. — 10 טויזנט זלאָטעס איז געפאַלן אַן ענטפער. איך האָב זיך געדונגען און באַצאָלט 5000 זלאָטעס. די פּאָליציסטן האָבן מיר געזאָגט: אַנטלויפט וואָס שנעלער פון דאַנען ווייל מאָרגן וועלן זיי שיקן אַנדערע. מיין פרוי האָט זיך ספּאַזמאַטיש צעוויינט: וואָס טוט מען? וואו גייט מען?

באַלד דעם אַנדערן טאָג איז ווידער געקומען אַנדערע צוויי שקצים און ווידער פאַרלאַנגט געלט, אויב ניט רופן זיי געסטאַפּאָ. איך האָב זיי געזאָגט אַז איך האָב ניט מער קיין געלט, זיינען זיי באַשטאַנען צונעמען אַ ניי מאַשין. זיי האָבן געבראַכט אַ טרעגער און דער טרעגער האָט דעם מאַשין אַראָפּגעטראָגן. אין איין שעה אַרום קומט אַרויף דער טרעגער און זאָגט מיר אַזוי ווי ער ווייסט אַז מיר זיינען אידן און ער וועט אונז חלילה וחס ניט אויסגעבן, נאָר לעבן דאַרף מען דאָך, זאָל איך אים אויך עפּעס געבן. ער אַליין איז פון די פּ. פּ. ר. און מיט יעזוס הילף וועט נאָך אַלץ גוט זיין. אויף מיין עטנפער אַז איך האָב ניט, האָט ער געזאָגט, אַז אָט אַ די פּוכיקע קאָלדרע איז אויך גוט ווייל ער קען פאַר איר נעמען אַ 500 זלאָטעס. איך האָב אים אַוועקגעגעבן די קאָלדרע.

די שקצים פונם הויף האָבן באַמערקט ווי אַלע מאָל קומט אַן אַנדערער, דאָ טראָגט מען אַראָפּ אַ מאַשין, דאָ קומען פּאָליציי און זיי האָבן אָנגעהויבן חושד צו זיין, האָבן זיי געכאַפּט מיין אינגערן זון און אויף די טרעפּ אים אַראָפּגעריסן די הויזן, אין איין ווילד געשריי האָבן אַלע אָנגעהויבן שרייען זשידי! זשידי! די קינדער מיינע זיינען זיך צעלאָפן איך האָב ניט געוואוסט וואו, דער שוואָגער מיט דער שוועגערין ערגעץ אַנדערשוואו, איך בין געבליבן שטיין און ניט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר, איך האָב געפילט אַז ס׳בלוט ווערט מיר פאַרקילט אין די אָדערן, וואָס בלייבט מיר איבער איצט צו טאָן. באַלד האָב איך געהערט שרייען זשידאָווקאַ! זשידאָווקאַ! עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ מיידל און פרעגט מיך צי איך הייס גונטאַש, איך האָב איר געענטפערט אַז יאָ, דערלאַנגט זי מיר אַ בריוו וואו מען שרייבט מיר אַז איך זאָל איינאָרדענען דאָס מיידל ווייל זי אַרבעט אין אונטערגרונט. זי האָט אָבער געזען אין וואָס פאַראַ סיטואַציע איך געפין זיך, איז זי אַוועקגעגאַנגען.

באַלד איז אַריינגעקומען צו מיר אַ גוט באַקאַנטער קריסט וועלכער האָט מיך די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַר אַ קריסט און יעצט ערשט איז

ער פון די שקצים אין הויף געוואָר געוואָרן אַז איך בין אַ איד. נאָר אַ פּאָר ווערטער האָט ער מיט מיר אויסגעטוישט און איז אַוועק. מיר זיינען צו אים אַהיים געקומען זיך באַראַטן. עס האָט אים זייער פאַרדראָסן פאַרוואָס מיר האָבן אים ניט דערציילט אַז מיר זיינען אידן וואָלט ער אונז געווען בעסער אָפּגעהיטן, נאָר יעצט קען ער אונז גאָרניט העלפן. דערווייל האָבן אונז באַמערקט די צוויי פּאָליציסטן און אונז געדראָט מיט די פינגער. סיי ווי די ערד האָט שוין אונטער אונז געברענט.

מיר זיינען געגאַנגען צו דעם ערשטן שאַנטאַזשיסט אַז ער זאָל אונז אָפּפירן אין דער געסטאַפּאָ. ער אַליין האָט מורא געקראָגן ווייל אויב ער האָט געוואוסט אַז מיר זיינען אידן איז פאַרוואָס האָט ער ניט דערציילט די דייטשן נאָר גענומען געלט. יעדנפאַלס איז אים שוין די גאַנצע זאַך געווען זייער אומאַנגענעם, מיר ווייטער האָבן שטאַרק געוויינט, ווייל ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אונז אומגליקלעך געמאַכט. מיר פאַרמאָגען נישט קיין גראָשן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט 200 זלאָטעס אַז דאָס קען ער אונז באָרגן, מיר האָבן ניט געוואָלט נאָר אָדער אין געסטאַפּאָ אָדער אונז ווי עס איז איינאָרדענען. ער האָט אונז איינגעאָרדנט אין וואַווער ביי וואַרשע און איז געוואָרן אונזער בעסטער פריינט. ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן האָט די ווישניעווסקין אויף אים אַזוי געווירקט. מיר האָבן זיך צוריק אָפּגעזוכט. נאָר מיין שוואָגער שמואל פּאָרער איז אַוועק און איז געווען אין סושיצער וואַלד. אַזוי האָבן מיר זיך געראַנגלט און אויס־געקעמפט דאָס ביסל לעבן ביז צו דער באַפרייאונג.



# אין די יאָרן פון גרויל


רחל שווארצבוים־קלארמאן

● רחל שוואַרצבוים (קלאַרמאַן)
אויפגענומען דורך יעקב שוואַרץ

**איך** ווייס, און בין כמעט זיכער, אַז נאָכן איבער־לייענען מיין באַשרייבונג וואָס איך בין, אגב, פיזיש נישט בכוח קיין צענט חלק איבערצוגעבן, וועט דעם לייענער רוישן אין די אויערן דער געקלאַפּ פון די רעדער און לאַנג וועט ער זיך נישט קענען באַפרייען פון דער טראַנספּאָרטן אַטמאָספערע און פונ׳ם ווילדן שרייען... ווען דער פוילישער באָדן איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט טייכן אידיש בלוט, ווען די רויט שוואַרצע רויך וואָלקנס פון די שטענדיק ברענענדיקע קרעמאַטאָריעס האָבן באַדעקט דעם הימל. און צי איז בכלל אין יענע טעג געווען אַ הימל, אָפילו די נאַטור אַליין איז געווען אַזוי שרעקלעך אַכזריות׳דיק צו אונז אומגליקלעכע. אַ קוואַל פון טרערן שטיקן מיר נאָך היינט דערמאָנענדיק זיך אַז שטענדיק ערב אַן אַקציע פלעגט בלאָזן אַזאַ שטאַרקער ווינט, גלייך ווי הונדערט מכשפות וואָלטן זיך מיט איינמאָל אויפגעהאַנגען, אין אַזאַ נאַכט פלעגט דער בייזער ווינט אָנטראָגן קופּעס מיסט נעבן די שמוציקע באַראַקן, אין אַזאַ נאַכט פלעגן די קראָען שרעקלעך קראַקן, און דאָס אַלץ האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די שרעק, דעם פּחד פאַרן אָנקומענדיקן טויט. צווישן די טונקעלע אָנגעלאָפענע בייזע וואָלקנס פלעגט זיך באַווייזן אַ קליינע מאַטע לבנה, האָט זי געהאַט שטענדיק אַ פאַרקרימט פּנים און עס האָט אויסגעזען אַז אָט אָט גייט אונטער די גאַנצע וועלט און נאָך איידער דער מאָרגנשטערן וועט זיך באַווייזן וועט שוין אַלץ זיין צו שפּעט, אַלע וועלן מיר שוין זיין אַרויסגעיאָגט, באַרויבט, געשענדעט און אויס־געמאָרדעט... שוין פיל יאָרן זיינען פאַראיבער זינט יענע קאָשמאַרע בלוטיקע טעג און עס זיינען נאָך פריש און פאַרביק אין זכרון די גרויל־

סצענעס פון אַ גהינום וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער ערד אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע אין מיטען פון אַ רייכן־ מיט קולטור און ציוויליזאַציע־ יאָר־הונדערט. ניין! פון די בלוטיקע וואונדן וועל איך שוין קיינמאָל ניט ווערן אויסגעהיילט, מיין טרויער אויף די פאַראורטיילטע מאַכטלאָזע שוועסטער און ברודער קליינע קינדער און פריינט, און צווישן זיי מיינע נאָענטסטע — מיינע טייערע עלטערן וועלכע זיינען מיט אַזאַ טראַגישן טויט אומ־געקומען אויף קידוש השם. זאָל מיין באַשרייבונג זיין ווי אַ הייליקער אָנדענק פאַר די קדושים וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין שרעקלעכע יסורים, באַגראָבן געוואָרן אין פאַרשידענע ברודער קברים, אין אומענדלעכע מאַסן קברים וואָס זיינען פאַרזייט און צעאַקערט געוואָרן אויף די פעלדער פון די אידישע גלות׳ן אין אייראָפּע. ת. נ. צ. ב. ה.

## די ערשטע שרעק מיינע אויפן וועג פון וואַרשע קיין טאָמאַשאָוו

הארט פאַרן אויסברוך פון דער בלוטיקער קריג, האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע וואו איך האָב געאַרבעט שניידעריי, וואָס אַן אמת מיין פאָטער מאיר קלאַרמאַן און מיין מוטער זיינען געווען שטאַרק דאַקעגן איך זאָל פאָרן קיין וואַרשע, גלייך ווי זיי וואָלטן פאַרגעפילט וואָס פאַראַ גרויסער חורבן עס גרייט זיך אויף דער וועלט בכלל און אויפן אידישן פאָלק בפרט. איך האָב אָבער זייער שטאַרק געצויגן אין דער גרויסער שטאָט. דאָס קליינע אָרעמע שטעטל טאָמאַשאָוו וואָס אין די פריערדיקע יאָרן איז געווען אַן אויפבלי הן אין דער מלאכה הן אין האַנדל, איז מיט איין מאָל ווי אַנטשלאָפן געוואָרן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן לגבי דער אידישער באַפעלקערונג אַרויסצוווייזן זיינע שאַרפע נעגל. עס האָבן זיך אויפגעמאַכט קריסטלעכע געוועלבן ווי „סאַמאָפּאָמאָץ" און נאָך אַנדערע און האָבן ממש אַרויסגעריסן דאָס ביסל חיונה פון אַ סך אָרעמע אידישע הענדלער וואָס זיינען גאַנצע טעג געזעסן פאַר די געוועלבער און געליינט אַ ציטונג. דאָס שטעטל האָט באַקומען אַ טרויעריקע שטימונג. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן גיין מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. דער בעל־מלאכה האָט ליקווי־דירט זיין ווערקשטעל, די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און פיל אַרבעטער זיינען זיך צעפאָרן אין די גרויסע שטעט און דאַן בין איך אויך מיטגעריסן געוואָרן און מיינע עלטערן האָב איך געפּרוואוט איבערצייגן אַז נאָר אין וואַרשע וועל איך זיך אַרויפאַרבעטן, און מיט זייער אַ שווער האַרץ האָבן מיינע עלטערן מסכים געווען און איך בין געפאָרן קיין וואַרשע, און ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט האָב איך געאַרבעט שניידעריי אין זייער אַ גרויסע פירמע וואָס איך האָב יעדן טאָג מער געלערנט און בעסער געקענט. אָבער צו יענער צייט האָב איך נאָך ניט געוואוסט אַז

דער גורל פון מענטש וואָס איז אַזוי שטאַרק פילבאַר וועט פירן אַז איך זאָל קענען דאָס פאַך כדי אין די שפּעטערדיקע בלוטיקע טעג פון דער ווילסטער מלחמה מיר אַרויסצוהעלפן און אפשר אָפּראַטעווען מיין אָרעם פינסטער לעבן וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט. אין אַ קורצע צייט אַרום איז אויסגעבראָכן די קריג און באַלד איז אַלץ געוואָרן פאַרהאַקט און פאַר־שלאָסן, קיין באַן, קיין אויטאָבוס, און מיינע געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן קנוילן ווי שווערע כמאַרעס, ווי אַזוי און ווי אַזוי באַקומט מען זיך קיין טאָמאַשאָוו צו מיין משפחה. איך האָב געוויינט און געקלאָגט אָן אויפהער מורא האָבנדיק איינער אַליין צו זיין אין דעם געווירבל וואָס האָט זיך געשאַפן. צופעליק האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע מענטשן וואָס האָבן זיך פשוט געלאָזט גיין צו פוס, איינער קיין לובלין איינער קיין זאַמאָשטש, איך בין מיט מיט דער גרופּע. אויפן וועג איז מיך באַפאַלן די ערשטע שרעק, די באָמבאַרדירונגען זיינען געווען שרעקלעך, שיסערייען פון אַלע זייטן, וואו מיינע אויגן האָבן געקוקט האָב איך געזען אַ שריפה, אידישע פאַמיליעס מיט פיצלעך קינדער האָבן זיך אויף פויערשע וועגעלעך מיט בעטגעוואַנט געשלעפּט אַהין און צוריק, כ׳האָב ממש געפילט אַז מיין יונג האַרץ שטעלט זיך אָפּ פאַר פחד. אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט גאַנצע פיר וואָכן, וואו געטאָגט ניט גענעכטיקט, מיד, צעבראָכן האַלב טויט און פאַר׳חלש׳ט בין איך אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו.

## מיין אָנקום קיין טאָמאַשאָוו

ווען איך בין אַריינגעקומען צו אונז אין שטוב אַריין איז מיר באַלד פינסטער געוואָרן אין די אויגן, מיינע עלטערן האָב איך אינגאַנצן ניט דערקענט, עפּעס זיינען זיי מיט איין מאָל אַלט געוואָרן. אויף מיין פראַגע וואָס הערט זיך דאָ? האָט זיך מיין מאַמע ע״ה צעוויינט און עקשנות׳דיק געשוויגן. עס איז אָבער פאַראַן שווייגן וואָס שרייט העכער פון אַלע געשרייען און פון אַלע רייד, זי האָט נעבעך ניט געוואָלט פאַר מיר דעמאָלט פאַנאַנדערוויקלען די מגילה פון פיין און יסורים, און די אויס־פירער פון די מאוימ׳דיקע פאַרברעכנס וואָס האָט זיך שוין אין אַזאַ קורצע צייט אָפּגעטאָן קעגן דער אידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו. איר שווייגן דעמאָלט האָט אויף מיר געדונערט, האָט מיר ממש מיט בליצן געשמיסן אין פנים. אומעטיק און נידערשלאָגן בין איך אַוועקגעפאַלן.

אויף צו מאָרגנס האָב איך שוין אַליין דערזען די גרויסע בראָך: עטליכע געסטאַפּאָ מערדער האָבן געפירט אַ גרופּע צענויפגעכאַפּטע אידן אויף צוואַנגס־אַרבעט, ווי צעיושעטע טיגערס האָבן זיי ווי אין ספּאַזמען געדונערט: איר לייזיקע שמוציקע אידן, און דערביי מיט גומענע פאַלקעס

געקלאַפּט איבער די קעפּ. אַ געוואַלדיקע שרעק איז מיך באַפאַלן וואָס האָט אין מיר אָפּגעטויט יעדע האָפענונג און גלויבן. ווי אַ שוואַרצער שאָטן האָט זיך אַרום מיר דער פּחד אויסגעשפּרייט, וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? מיין פאָטער ע״ה האָט אַ באַקאַנטן קריסט באַצאָלט אַ געוויסע סומע געלט ער זאָל מיך אַריבערשוואַרצן די גרענעץ קיין ראַווע־רוסקע, און איך האָב זיך אַנגעטאָן פויערשע קליידער און זיך מיט אַ שווער צעבראָכן האַרץ געזעגנט מיט מיינע טייערסטע. מיין פאָטער ע״ה האָט מיר שטיל נאָכגעשריען, איך האָף רחל'ע אַז דו וועסט לעבן און איבערלעבן אָט־די וויסטע צייט פון פאַרברעכערישקייט פון כולו חייב, און איך בין בשלום אָנגעקומען קיין ראַווע צו די סאָוויעטן און האָב פרייער אָפּגעאָטעמט.

## מיין איינזאַם לעבן אין ראַווע רוסקע ביז עס האָט אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע קריג אין יוני, 1941

אָנגעקומען קיין ראַווע בין איך זייער שפּעט, אָבער די גאַסן זיינען נאָך פול געווען מיט שפּאַצירנדיקע און מיט זייער פיל אידן און טאַקע טאָמאַשאָווער, און אַלע ווי איינער דערציילן ווי ביטער און שלעכט עס איז זיי, ווי זיי וואַלגערן זיך אין די בתי מדרשים, אין די שולן, ווי אַ טייל האָבן שוין ניט פון וואָס צו לעבן, און מען לאָזט זיי אין ערגעץ ניט אַריין, וואָרום אַלע קרענק און אַלע פאַרשידענע חולאת'ן האָבן די ביעזשענצעס געבראַכט, און אַ טייל קלייבן זיך צוריק צו שוואַרצן די גרענעץ קיין טאָמאַשאָוו וואָרום זיי קענען שוין דאָ ניט אויסהאַלטן. אַ טייל ווייטער קלייבן זיך צו פאָרן קיין רוסלאַנד פון וועלכן ס'ווערט פון צייט צו צייט געשטעלט פון דער רוסישער מאַכט עשאַלאָנען און ווער ס'וויל קען פאָרן. ווען איך האָב זיי דערציילט אין קורצן אין וואָס פאַראַ גהינום די טאָמאַשאָווער אידן געפינען זיך, ווי דער מלאך המות האָט דאָרט אויסגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגל און שוינט ניט קיינעם, יונג און אַלט, ווי אַזוי די דייטשע מערדער זייען טויט אויף טריט און אויף שריט, זיינען אַלע מיט אָפענע מיילער שטיל געבליבן, אָבער, נישט אַלע האָבן מיר געגלויבט און אויפן אָרט מיר געזאָגט אַז איך טרייב איבער, און אַ סך זייער אַ סך טאָמאַשאָווער זיינען טאַקע צוריק קיין טאָמאַשאָוו און האָבן נעבעך שפּעטער זייער טייער באַצאָלט.

מיין זיידע ע״ה, ר' חיים פערשטמאַן מיט דער משפּחה וועלכע האָבן זיך שוין פון לאַנג געפונען אין ראַווע האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר. ער האָט מיר אויך דערציילט ווי שלעכט און ביטער ס'איז דאָ און אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין רוסלאַנד.

נאָך עטלעכע טעג האָב איך געפונען אַרבעט ביי שניידעריי, איך האָב קיין סך ניט פאַרדינט, כ׳האָב זיך קוים געקענט אויסהאַלטן, אָבער אַלץ וואָלט איך געוועז אָנגענומען פאַר ליב ווען ניט דאָס איבערקלערן טאָג און נאַכט פאַרשטעלנדיק זיך אין וואָס אַ שרעקלעכע לאַגע מיין משפחה געפינט זיך. גאַנצע נעכט בין איך געלעגן און געוויינט אויף אונזער אַלעמענס גורל.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיין זיידע ע״ה מיט דער משפחה זיך מיט מיר האַרציק געזעגנט און זיינען אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד. וואָס אַן אמת האָט ער זייער געוואָלט איך זאָל מיטפאָרן, איך האָב קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, ווייל איך האָב געגלויבט אַז אָט אָט ענדיקן זיך אַלע צרות וויל איך בעסער זיין נאָענט פון מיין משפחה וועלכע געפינען זיך ניט ווייט פון דאַנען. אַזוי האָט זיך געצויגן מיין איינזאַם לעבן מיט אומעטיקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט ביז — ביז יוני 1941 האָט ראַפּטום אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע בלוטיקע קריג.

## מיין צוריק גיין קיין טאָמאַשאָוו און מיינע נייע שרעקלעכע איבערלעבונגען

די זון האָט זיך אונטערגעטונקט אין אַ פייערדיקן ים און אַן אָנגעצונדענע אין גליהיקער צעפלאַמטקייט האָט זי זיך אַראָפּגעגליטשט הינטערן האָריזאָנט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן איבערלאָזנדיק נאָך זיך אויף זייער אַ לאַנגע צייט אַן אָנגעצונדענעם רויטן בלוטיקן הימל. די גאַסן זיינען פול מיט מענטשן, מען לויפט אַהין און צוריק, מען ברעכט זיך די הענט. מען וויינט מען קלאָגט, ס׳איז אויסגעבראָכן אַ קריג פאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי שטאַרק געציטערט. און אָט רעד מען, און אָט באָמבאַרדירט מען און ס׳איז שוין דאָ גע׳הרג׳עטע, און אָט שיסט מען פון אַלע זייטן, און איידער וואָס ווען האָט מען שוין געהערט די ווילדע קולות פון די דייטשע מערדער און איך בין צוריק אין קלעם, צוריק אין פייער. איך און נאָך עטלעכע טאָמאַשאָווער משפחות האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק קיין טאָמאַשאָוו. איבער פעלדער און וועלדער האָבן מיר זיך קוים דערשלעפּט קיין טאָמאַשאָוו. אַריינקומנדיק צו מיינע עלטערן זיינען זיי אויף מיר אַרויפגעפאַלן און זיך ספּאַזמאַטיש צעוויינט. אַ קוואַל פון טרויער האָט אַרויסגעקוקט פון מיין מוטערס ע״ה אויגן, זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ צעמישטן בליק זי האָט זיך אַפילו נישט באַמיט אָפּצווווישן די טרערן, איר צער איז געוועז עכט און טיף אַזוי אַז עס האָט מיר אַזש פאַרקלעמט ביים האַרץ.

באַלד צומאָרגנס דערהאַלטן מײַנע עלטערן אַ מעלדונג אַז אַזוי ווי זייער טאָכטער איז געקומען פון רוסלאַנד דאַרפן פאַר מיר מײַנע עלטערן באַצאָלן אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט. ס'איז געוואָרן אַ יללה אין שטוב וואו נעמט מען אַזויפיל געלט, אָבער ס'איז נישטאָ קיין תירוץ, מאָרגן 8־טען אינדערפרי מוז די סומע אַרײַנגעטראָגן ווערן. מײַן מוטער ע"ה האָט גענומען אַ גאָלדן קייטל וואָס מיר האָבן נאָך פאַרמאָגט און געגאַנגען עס פאַרקויפן דעם פּוילישן גלח. זי האָט דעם גלח פון אַלעמען דערציילט, דער גלח האָט גענומען ס'קייטל און האָט באַצאָלט און, ראַטעוועט אָפּ אייער קינד, האָט ער געזאָגט. מײַן מוטער האָט אים זייער האַרציק געדאַנקט און אַוועקגעגאַנגען. אויף צומאָרגנס האָט זי פאַר מיר די סומע באַצאָלט. און אַזוי האָבן אַלע אידישע משפחות וואָס זײַנען געקומען פון ראַווע געמוזט באַצאָלן גרויסע געוואַלדיקע סומעס אויסלייז געלט. עס איז איבעריק צו צוגעבן ווי אַזוי די דײַטשע מאָרד־מאַשין האָט מיט אַלע אײַנצל־הייטן פּינקטלעך געקלאַפּט, אַזוי אַז ווען־עלכער איד ס'איז פון ערגעץ געקומען האָט די געסטאַפּאָ באַלד געוואוסט. פאַרשטייט זיך עס האָבן ניט געפעלט קיין צוטראָגערס, מוסרים פון אַלע מינים, ווי טויזנטער אויגן האָבן געלויערט אויף יעדן איד.

אין אַ קורצע צײַט אַרום קומט אַרײַן אַ דײַטש און זאָגט אַז ער ווייסט אַז איך בין אַ שניידערין צי איך וועל קענען נייען פאַר זײַן פאַמיליע פאַרשידענס? יאָ, האָב איך געענטפערט, און זיך דערין אָנגע־כאַפּט ווי אַ ווילדע מציאה. איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר זײַן משפּחה און ער האָט געשיקט נאָך דײַטשן און איך האָב געדאַנקט ג־ט וואָס אַלע זײַנען געווען צופרידן פון מײַן אַרבעט. איך האָב אַפילו געקראָגן אַ זאָנדער־אויסווייז, ד. ה. אַן אַרבעטס קאַרטע.

## דער בלבול אַז איך בין אַ קאָמוניסטין

אין אַ געוויסן פרימאָרגן קומט אַרײַן דער געסטאַפּאָוועץ פּראַקאָפּ און מעלדעט אַז ער האָט אַ באַפעל איך זאָל מיט אים גיין און איך בין אַרעסטירט ווייל איך בין אַ קאָמוניסטין, ער גיט מיר צײַט 5 מינוט און קען זיך מיטנעמען וואָס איך וויל, מײַנע עלטערן האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און בעטן רחמים און ער איז געשטאַנען קאַלטבלוטיק און זיך צוגעפייפט עפּעס אַ לידל, ער האָט אויך געזאָגט אַז צום ערשטן פירט ער מיך צום הויפּט ס. ס. מאַן זיידעל. דערהערנדיק דעם נאָמען איז מיר אַ ציטער אַדורך נאָך מײַן לייב. דער הויפּט ס. ס. מאַן זיידעל, איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ ברייט פּלייציקער, דאָס פּנים זײַנס האָט זיך צו יעדער צײַט געקענט ענדערן, דאָ איז ער געווען שטרענג אָנגע־

בלאָזן מיט אויסגעשטעלטע בייזע אויגן ווי אַ דעספּאָט, אין אַ מינוט שפּעטער פלעגט ער סאַדיסטיש שמייכלען ווען מען איז אים געווען נאָכגיביק און אונטערטעניק. דער קלענסטער ברוך קעגן זיינע פאַראָרדענונגען איז נישט אַדורך שטראָפלאָז, פאַר דעם מינדסטן פאַרשפּעטיקן זיך מיט עפּעס פלעגט ער דערשיסן האַלטנדיק אין איין האַנט דעם רעוואָלווער און אין דער צווייטער האַנט אַן עפּל וואָס ער האָט דערביי געגעסן. ווער קען זיך דען פאָרשטעלן וואָס ס׳האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין מיין האַרץ. ווען איך בין אַריינגעפירט געוואָרן צו דעם רוצח זיידעל, אַזוי ווי כ׳האָב נאָר דערזען זיינע גזל׳נישע אויגן, איז מיר פאַר שרעק דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן, איך בין געבליבן שטיין איינגעבויגן צענויפגעקאָר־טשעט גלייך ווי דער גאַנצע אידישער גלות האָט זיך פּלוצלונג אַרויפגעלייגט ווי אַ שווערע מאַסע אויף מיינע יונגע פּלייצעס.

ער האָט זיך ווילד צעשריען: דו פרעכע קאָמוניסטין וואָס דו ביסט! אויסדרייען זיך צו דער וואַנט! די הענדע אין דער הויך! און האָט זיך אָנגעהויבן פאָרן מיטן רעוואָלווער. ווען איך האָב דערזען דעם טויט פאַר די אויגן בין איך צו זיך געקומען און זיך שטאַרק צעוויינט און בין געפאַלן צו זיינע פיס און מיט אַ האַרץ־רייסנדיקע שטימע אים געזאָגט: אַז איך בין נאָך אַ קינד, און ווייס איבערהויפּט ניט וואָס דאָס איז. אין זעלבן מאָמענט איז ער אַרויס, איך ווייס ניט צי מען האָט אים גערופן, נאָר אָפּן לאָזנדיק אַביסל די טיר האָב איך באַמערקט ווי איינער גיט אים אַ פּאָר פלעשער בראָנפן, און רעדט עפּעס מיט אים, באַלד איז ער צוריק אַריין און נאָך העכער געשריען ווי פריער: העראַוס דו פאַרפלוכטע קאָמו־ניסטין! ווי אַ ציטערדיק בלעטל האָב איך זיך קוים אַרויסגעשלייכט, און אַריינקומענדיק אין שטוב אַריין האָב איך ערשט פאַר׳חלש׳ט, און נישט געזען די גרויסע פרייד פון מיינע עלטערן וואָס איך בין ניצול געוואָרן און צוריקגעקומען ווי פון יענער וועלט.

אַזוי איז יעדן טאָג געוואָרן ערגער און ערגער, יעדן טאָג און יעדן נאַכט איז געווען אַ קאַמף פאַרן קענען דורכלעבן דעם טאָג. מען האָט זיך אָנגעהויבן רייסן צו דער אַרבעט ווייל ווער ס׳האָט געהאַט אַן אַרבעטס־קאַרטע האָט געהאַט רעכט צו לעבן, שפּעטער אָבער האָט מען אָנגעהויבן פון דער שרעקלעך שווערער אַרבעט ניט צוריקקומען, דער ערשטער פאַל איז געווען די משפחה שווינדלער מיט פיר זין, נאָך דער אַרבעט האָט מען זיי געהייסן פאַר זיך אויסקאָפּן גריבער און דערשאָסן און געמאָלדן דעם יודן־ראַט מען זאָל זיי גיין באַגראָבן, באַלד האָט ר׳ נחום צוקער ע״ה זיי געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס אויפן בית עולם. מיר האָבן דערזען דעם גרויסן חורבן. וואָס טוט מען? שמעון גאָלדשטיין, בנימין בלאָזער, גרשון

גורטלער, מאַשע רוטענבערג א. אַ. פלעגן זיך פון צייט צו צייט אַריינ־גנב׳ענען שטילערהייט אין דעם קעלער וואו מיינע עלטערן זיינען געלעגן באַהאַלטן און מיר האָבן אַפילו איין מאָל געהאַט באַשלאָסן זיך צו מאַכן בונקערס אין וואַלד, עס איז אָבער גאָרניט געוואָרן דערפון, ווייל צו פיל האָבן מיר געדאַרפט ריזיקירן.

## די אַקציע קיין טשעשאַנאָוו

די ערשטע אַקציע איז פאָרגעקומען אין מערץ 1942. לויט אַ באַפעל דאָרפן מענער, פרויען אין משך פון טאָג זיך צושטעלן אויף דעם און דעם פלאַץ. דריי שאָסן האָבן געגעבן אַ סיגנאַל אָנצוהויבן די אַקציע. באַלד האָבן זיך דערהערט די ווילדע געשרייען פון די גרופן־פירערס און באַפעל־געבערס, זיי זיינען געשטאַנען אין פולער קריגס־גרייטשאַפט, אויסגעשטעלט דאָ און דאָרט אין גרופעס, סטראַטעגיש פלאַנמעסיק, אַזוי ווי מאַנעוורעס פאַר אַן אָנגריף אויפן שונא. עפעס אַ קלייניקייט די טאָמאַשאָווער אידן מיט זייערע פרויען און קינדער באַדראָען דאָך דעם דייטשן רייך און די הויפטשולדיקע אין דער וועלט־מלחמה זיינען דאָך די אידן. אַלע קעמפערס האָבן נאָך פון פריער באַקומען אויסגעטיילט ראַציאָנען אַלקאָהאָל, דאָס פלעגן זיי באַקומען פאַר יעדער שחיטה ווייל דאַן דערגרייכט מען בעסערע רעזולטאַטן און די „אַרבעט״ אַליין גייט דעמאָלט פלינקער, דרייסטער, ווילדער. מיר האָבן דער־זען דאָס גרויסע אומגליק פאַר די אויגן. די מהומה און פאַרצווייפלונג איז געוואָרן גרויס, מען איז אומגעלאָפן דערשראָקן און פאַרלוירן: וואו באַהאַלט מען זיך, וואו לויפט מען? ניט אַלע אידן האָבן געהאַט בונקערס אָדער קעלערס, איז מען געלאָפן צו די שכנים אין די בשותפות׳דיקע באַהעלטענישן, און דאָ איז שוין שפעט, די דייטשן הוליען אויף די גאַסן. אַביסל צוגע־רייזטע רייכע אידן האָבן זיך פאַר גרויסע סומעס געלט אויסגעקויפט און אויף זייער אָרט האָט מען גענומען זוכן די אָרעמערע. מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן זיינען די מערדער אַרומגעלאָפן פון אַלע זייטן, ביי אַלע ווענט האָבן זיי אָנגענומען שטעלונג ווי סטראַטעגישע פאָזיציעס. באַלד האָבן אָפּגעהילכט כסדר׳דיקע שאָסן, דאָס ווילדע שרייען פון די באַנדיטן, געוויינען פון קינדער, דאָס קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע. דאָ און דאָרט איז אַדורכגעלאָפן אַ איד און אַ מערדערישע קויל האָט אים באַלד אַנידערגעלייגט.

איך בין געלעגן אויף אַ בוידעם פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, און דורך אַ שמאָלע שפאַרע אַרויסגעקוקט, און פלוצלונג האָבן מיינע אויגן דערזען ווי מען פירט שוין מיינע טייערע עלטערן מיט די הענט אין דערהויך. אַ דערשטיקטער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין פאַר־בלוטיקט האַרץ, כ׳האָב זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און זיך ספּאַזמאַטיש

צעווינט: יעצט בין איך שוין אליין עלנט ווי א שטיין. אזוי האט מען אלע מאל אנדערע געפירט צום זאמלפונקט, א טייל ניט דערפירט נאר דער־שאסן, און אלע אוועקגעפירט קיין טשעשאנאוו און פון טשעשאנאוו קיין בעלזשעץ. מיינס א ברודערל פון 12 יאר, האט זיך אוועקגע׳גנב׳עט און איז צוריקגעקומען, מיין פרייד איז ניט צו באשרייבן, ווען איך האב אים דערזען האב אים איינגעארדנט ביי א גוי, פאר געלט פארשטייט זיך.

נאך דער אקציע האט מען שוין צו זיך ניט געקענט קומען. א געוויסע טייל אידן וואס זיינען געווען אויסבאהאלטן זיינען צוריק געקומען און די וואס האבן געהאט ארבעטס קארטעס האבן נאך דערווייל געהאט רעכט צו לעבן, און איך צווישן זיי. פון מיין מוטער ע״ה האב איך נאך א בריוועלע דערהאלטן וואו זי שרייבט אז זי בעט נאר ג־ט עס זאל כאטש בלייבן א זכר, איך זאל בלייבן לעבן, אבער ווייל און ווינד איז געווען צו אזא לעבן, די טאג־טעגלעכע שרעק און פחד, דער הונגער וואס האט ארויס־גענומען דאס לעצטע ביסל מארך פון די ביינער. אבער דאס מעסטל צרות איז נאך ווייט ניט געווען פול.

## די אקציע קיין בעלזשעץ

דעם 2־טן טאג שבועות אין דעם זעלבן יאר, איז פארגעקומען די 2־טע אקציע. מיט נאך א גרעסערן אימפעט פונקט ווי ווילדע חיות זיינען די רוצחים אומגעלאפן, געזוכט, געניששטערט אין די לעכער, קעלערס און בוידעמער און געשלעפט צום זאמלפונקט, ווער ס׳האט ניט געקענט גיין איז גלייך דערשאסן געווארן. די זעלבע סצענעס האבן זיך איבערגע׳חזר׳ט ווי ביי דער ערשטער אקציע, די זעלבע ווילדע קולות, דאס קלאפן איבער די קעפ, דאס צוטרעטן מיט די פיס פיצלעך קינדער, דאס שרייען און וויינען האט ממש צעריסן ס׳הארץ. דאס מאל בין איך געווען באהאלטן אין א פארמאסקירטן קעלער.

ווי מען האט מיר שפעטער דערציילט האט איין איד געהאט „מזל״, ווען ער איז ארויף אויפן וואגן האט ער אויסגעהויכט זיין נשמה, זיין טויטער קערפער איז געבליבן ליגן אין דער ענגשאפט צווישן די לעבעדיקע. ווען אלע קרבנות זיינען שוין געווען פארלאדן האט איינער געפרעגט די דייטשן וואס מען זאל טאן מיט די דערשאסענע וואס וואלגערן זיך? — ארויפלייגן צווישן די לעבעדיקע — איז געווען דער ענטפער. אפפארן!! — האט דער אבערשטורעמפירער אויסגעשריען. אונטער א קאמפאניאמענט פון הארץ רייסנדיקע געוויינען און יללות האבן די וועגענער זיך גערירט פון ארט, אלע אומגליקלעכע קרבנות האט מען אפגעפירט קיין בעלזשעץ צום פארניכטן.

## יודן רייַן

אויף צו מאָרגנס נאָך דער צווייטער אַקציע האָט טאָמאַשאָוו אויסגעזען ווי אַ בית־עולם. די הייזער צעשטערט און צעראַבירט, אָפּגעראַטעוועט האָט זיך זייער אַ קליינע צאָל אידן וואָס זיינען געווען גוט אויסבאַהאַלטן, געבלי־בענע יתומים, אַלמנות און עלנדע צעבראָכענע נפשות. דעם יודן־ראַט האָבן די מערדער נאָך דערוויל געשוינט, אויסער יהושע׳לע פישעלזאָן ע״ה וועלכער איז נאָך מיט אַ צייט צוריק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַ טייל האָבן געזאָגט אַז די מערדער האָבן אים דערשאָסן מיט זיין פרוי און קינד ווייל ער האָט ניט געוואָלט געבן קיין אידן, און אויף זיין אָרט איז געוואָרן פּרעזעס אַבא בערגערבוים הי״ד. אַזוי האָבן מיר, דאָס ביסל איבערגעבליבענע אויפסניי זיך אָנגעהויבן מוטשען שוין באַהאַלטענערהייט און געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער און כסדר׳דיקע שרעק פאַרן אָנקומענדיקן טויט.

נאָך אַ קורצע צייט, שפּעט ביינאַכט, קלאַפּט מען אין מיין באַהעל־טעניש, כ׳האָב זיך זייער שטאַרק דערשראָקן, ווען ער האָט אָנגערופן מיין נאָמען און געזאָגט: אַנטלויף וואָס שנעלער, ווייל מאָרגן דאַרף שוין לויט אַ באַפעל טאָמאַשאָוו זיין יודן־ריין מיטן יודן ראַט בתוכם, און אַז די דייטשן ווייסן פון אַלע באַהעלטענישן וואו דאָס ביסל אידן באַהאַלטן זיך אויס, אַנטלויף! איך אַנטלויף שוין אויך. דאָס איז געווען אַ איד וואָס האָט געאַרבעט ביי די דייטשן אין אַרבעטס־אַמט. איך האָב באַלד געמאָלדן וועמען כ׳האָב געקענט, מען האָט אָבער ניט געגלויבט. איין איד האָט זיך איינגעשטעלט ס׳לעבן און איז צו צו זיין שטוב זען, די טירן און די פענסטער זיינען שוין געווען אַראָפּגעריסן און אַלץ איז שוין געווען באַרויבט. פרייטיק בין איך אַנטלאָפן קיין טאַרנאָוואַטקי. אויפן וועג האָב איך שוין דערהערט די שיסערייען. טאָמאַשאָוו איז געבליבן יודן־ריין.

## מיינע איבערלעבונגען אין טאַרנאָוואַטקי

אָנקומענדיק קיין טאַרנאָוואַטקי האָב איך דערזען פיל טאָמאַשאָווער וואָס האָבן דאָרט שווער און ביטער געאַרבעט אָן געלט נאָר פאַר אַ ביסל עסן ביי פאַרשידענע אַרבעטן, פאַרשטענדלעך אַז די אַלע אידן האָבן געהאַט אַרבעטס קאַרטעס. עס האָבן אויך געאַרבעט קריסטלעכע אַרבעטער ביי פאַרשידענע אַרבעטן, אָבער זייערע אַרבעטס באַדינגונגען און בכלל זייער לעבן איז גאַנץ אַנדערש געווען, זיי האָבן קיין שום שרעק ניט געהאַט און אויך עסן צו דער זאַט. איך האָב זיך געמאָלדן צום דירעקטאָר פון ס. א. קינע מיט מיין אַרבעטס־קאַרטע אַלס שניידערין, ער האָט באַוויליקט, און איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן שניידעריי פאַר די

קריסטלעכע אַרבעטער אָן געלט, און עסן האָב איך געקראָגן פון די וואָס כ׳האָב פאַר זיי געאַרבעט, צו עסן האָב איך געהאַט אַזוי אַז איך האָב אַ סך מאָל געקענט אָוועקגעבן. פאַרהעלטענסמעסיק איז געווען רואיק, דער דירעקטאָר פלעגט אונז כסדר טרייסטן אַז אונז וועט קיין שלעכטס ניט געשען. שטענדיק האָט ער אונז פאַרזיכערט אַז מיר דאָ זיינען אַרבעטס־נוצלעכע, ער איז טאַקע אַלעמאָל געפאָרן קיין לובלין אויס צו פועל׳ן צו פאַרלענגערן אונז ס׳לעבן.

אין אַ געוויסע נאַכט איז מיין ברודערל שמואל וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ גויע, געקומען צולויפן פאַרשוואַרצט, באַרוועס און נאַקעט, אַז די גויע האָט אים אַרויסגעוואָרפן. עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן. מען האָט מיך געראָטן אים ניט איינצומעלדן, ווייל מען וועט אים הרג׳נען. האָב איך אים אָנגעהויבן צו באַהאַלטן אַלע מאָל אויף אַן אַנדער אָרט.

איין מאָל מעלדעט מיר דער דירעקטאָר אַז מאָרגן נעמט ער מיך קיין טאָמאַשאָוו צו נייען פאַר זיין פאַמיליע וועלכע האָבן געוואוינט אין רוזשע בערגערבוימ׳ס הויז. איך האָב זייער קיין חשק ניט געהאַט, אָבער אָפּצוזאָגן פאַרשטייט זיך האָב איך ניט געקענט, און בין אויף צו מאָרגנס מיט אים אַוועקגעפאָרן. איך בין געזעסן דאָרט און גענייט. זיין פרוי איז זייער צופרידן געווען און איז צו מיר זייער גוט געווען. אירע מילדע בלויע אויגן זיינען ניט געווען אַזעלכע וואָס מען פלעגט זען ביי אַנדערע, ווען זיי פלעגן זען אַ איד. אירע וואַרעמע בליקן פלעגן מיך באַרואיקן, איך האָב אָבער ניט געקענט איינזיצן איבערקלערנדיק פון מיין ברודערל וואָס ליגט דאָרט באַהאַלטן. האָב איך געבעטן דעם דירעקטאָר ער זאָל מיך צוריקפירן קיין טאַרניוואַטקע כאָטש נאָר אויף איין טאָג, ער האָט מיר אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט: פאַרוואָס עפּעס פונקט היינט? האָט ער מיך איראָניש געפרעגט. איך האָב געבעטן זיין פרוי און ממש פאַר איר געוויינט. זי האָט גענומען אירס אַן אַרבעטער און אויף אַ וועגעלע האָט ער מיך צוריקגעפירט קיין טאַרנאָוואַטקי און האָט מיר געזאָגט אַז אין אַ טאָג צוויי וועט זי שיקן נאָך מיר.

מיין ברודערל האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר, אַזש טרערן האָבן פאַרגאָסן זיין פנים. איך האָב אים געגעבן עסן וואָס דעם דירעקטאָרס פרוי האָט מיר מיטגעגעבן, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און אַ שלעכטן פאָרגעפיל בין איך געגאַנגען שלאָפן. פאַרטאָג דערהער איך אַ גוואַלדיקן גערויש און באַלד דערהער איך דאָס גוט באַקאַנטע שרייען פון די נאַצישע באַנדיטן. איך קוק אַרויס, אַלע אידן שטייען שוין אַרומגערינגלט פון די ס. ס. מערדער און נאָך איידער איך קלער וואָס צו טאָן, וואַרפנדיק זיך

פאַר שרעק, קלאַפּט מען שוין ביי מיר אין דער טיר: הערויס, פאַרפלוכטע שווייגען! איך בין אַרויס. די מערדער לויפן ווילד אַרום און שיסן פון אַלע זייטן צו אַנטלויפנדיקע אידן. אַט לויפט נאָך מיר אַדורך וולאַדעק טעטענבערג (יעקב׳לע רופה׳ס אייניקל), און רעדט עפּעס צו מיר און אַט ליגט ער שוין טויט פון אַ מערדערישע קויל. איך בין שנעל צו צו אַלע פאַרזאַמלטע וואָס זיינען געשטאַנען אַרומגערינגלט פון די מערדער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. מיינע בליקן האָבן שנעל געוואַנדערט אַהין און צוריק, מיין ברודערל האָב איך נישט געזען. איין מערדער איז געשטאַנען מיט אַ רשימה אין דער האַנט און אויסגערופן די נעמען. אַ טייל האָט מען געהייסן גיין אין איין זייט זיך אַוועקשטעלן און אַ טייל אין אַ צווייטער זייט. רחל׳ע פוטער האָט זיך געוואָרפן צו די פיס פון׳ם ס. ס. מאַן און געבעטן רחמים און אים באַוואָרפן מיט עטלעכע גאָלד שטיקלעך, עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן, די פּאָר גאָלד שטיקלעך האָט ער צוגענומען און זי אַוועקגעשטעלט מיט דער מוטער אין דער זייט, צווישן די פאַר־אורטיילטע, און אירע דריי ברידער זיינען אין דער רשימה ניט געווען און מען האָט זיי דערווייל איבערגעלאָזט. ווען דער ס. ס. מאַן האָט פאַרענדיקט דאָס אויסרופן די נעמען מעלדעט ער אַז די שניידערין וואָס אַרבעט ביים דירעקטאָר אין טאָמאַשאָוו וועט מאָרגן, 8 אור אין דער פרי, דערשאָסן ווערן. אַ גרויל איז מיר אַדורך, און אָט פירט מען שוין איין גרופּע און מען האַלט אין איין שלאָגן. מען וואַרפט זיי אַרויף אויף צוגעגרייטע וועגעלעך, די קולות און די געוויינען האָבן ממש ס׳האַרץ צעריסן. אַן אָנגעפּרעסענער דייטש האָט סאַדיסטיש מיט גרויס הנאה הייזעריק געשריען, אַזוי אַז יעדערער זאָל הערן: נאָך בעלזשעץ אָפּפאָרן! און עטלעכע אָנגעפּאַקטע וועגעלעך, בערך 70 אידן, זיינען אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג קיין בעלזשעץ. פון זייער פיל פאַמיליעס האָט מען צוגענומען די קינדער און איבערגעלאָזט די עלטערן, און פאַרקערט.

מען האָט אָנגעהויבן צו טרייבן די צווייטע גרופּע, אָבער אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, קיין זאַמאָשטש. די צווייטע גרופּע איז אויך באַשטאַנען פון אַזוי פיל מענטשן. איך בין געשטאַנען ווי צעמישט און נישט געוואוסט וואָס כ׳האָב צו טאָן, ווי אַזוי אַנטלויפט מען יעצט פון טויט און ווי אַזוי געפינט מען אַ רעטונג צום לעבן. אין מאָמענט האָב איך געלייזט אַ זעץ איבערן קאָפּ, איך בין אַנידערגעפאַלן און דער זעלבער רוצח האָט מיך מיט איין האַנט געטראָגן און אַרויפגעוואָרפן אויף די מענטשן וואָס זיינען שוין געזעסן אין וואָגן. פון קאָפּ האָט מיר גערונען בלוט, אָבער איך האָב קיין ווייטיק נישט געפילט, ווייל איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. געקומען צו זיך בין איך ערשט אין זאַמאָשטש

וואו מען האָט געטריבן אויף אַ זאַמל פּלאַץ וואו ס׳איז שוין פון פריער געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ פיל צוזאַמענגעטריבענע אידן פון פיל ערטער.

דאָרט האָט מען אונז געהאַלטן אַ טאָג אינגאַנצן אָן עסן, און מען האָט אונז אומגליקלעכע אַרויפגעטריבן אויף לאַסט אויטאָס און מיר זיינען אָפּגעפאָרן. קיינער האָט ניט געוואוסט וואו אַהין.

## אין מיידאַנעק

ווער ס׳האָט אַזעלכעס נישט מיטגעמאַכט דעם איז ווירקלעך זייער שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי אַ מענטש קען איבערטראָגן אַזעלכע שרעק־לעכע ליידן. ליידער איז מיין פעדער צו שוואַך אַז איך זאָל קענען אַלץ און אַלעס גענוי דערציילן און באַשרייבן, אַז מען זאָל עס קענען פאַרשטיין און אַפילו גלויבן.

פאָרנדיק אויף די לאַסט אויטאָס האָבן מיר פּלוצלונג דערזען אונזער גרויס אומגליק, מען פירט אונז אויף די פינסטערע וועגן וואָס פירן קיין מיידאַנעק, אויף די וועגן וואָס זיינען דורכגעזאַפּט מיט אידיש בלוט, אויף דער ערד וואָס איז באַמיסטיקט געוואָרן מיט אַש פון די פאַרברענטע אידישע לעבנס. וואָס נענטער מיר זיינען צוגעקומען אַלץ מער איז צו אונז דערגאַנגען דער ריח פון די גאַז־קאַמערן פון דעם טויטן־לאַגער. מיר האָבן זיך אַלע יעמערלעך צעוויינט. מיר האָבן שוין בפירוש געזען אַז אונזער גורל איז גע׳חתמ׳ט. אַ האָפענונגסלאָזע פאַרצווייפלונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט, אַ שרעקלעכע אַפּאַטיע, אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג. נישט ווילנדיק האָב איך אַלעמאָל אָנגערירט דאָס פלעשעלע סם וואָס איך האָב מיר נאָך באַזאָרגט אין טאָמאַשאָוו ביי דעם סוביעקט וואָס האָט געאַרבעט ביי פראַנקן אין דער אַפּטייק. איך האָב פּשוט ניט געוואָלט שטאַרבן פון די רוצחים׳ס הענט. אַזוי ווי מיר זיינען נאָר אָנגעקומען האָט מען אונז גלייך געפירט צו די גאַז־קאַמערן און געשלאָגן מכת־רצח, פון בלויזן שלאָגן זיינען געפאַלן טויטע פון אַלע זייטן. די קאַפּאָס וואָס האָבן אונז באַגלייט האָבן אַלעמאָל אָוועקגעשלעפּט די טויטע. צוקומנדיק צו די גאַז קאַמערן האָט מען אונז געהייסן אויסטאָן נאַקעט,ביים אויסטאָן האָב איך פאַרלאָרן ס׳פלעשעלע סם. מיר זיינען אַריין אין דעם גאַז קאַמער און אַזוי ווי איינער האָט שוין געוואָלט פאַרמאַכן די הערמעטישע טיר איז אין סאַמע לעצטן מאָמענט אָנגעקומען אַ באַפעל מיר זאָלן זיך שנעלער צוריק אָנטאָן. מיר זיינען נאַקעטע ווילד אַרויסגעלאָפן און וואָס אָן אָנטועכץ ס׳איז איינעם אונטערגעקומען אונטער דער האַנט האָט ער אָנגעטאָן. מען האָט אונז אַריינגעטריבן אין אַ צעבראָכענעם באַראַק און אונז געמאָלדן מיר זאָלן גיין נאָך עסן און מיר האָבן געקראָגן אַביסל וואַסערדיקע זופּ.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אונזער פינצטער לעבן אין דעם שרעק־לעבן טויטן־לאַגער מיידאַנעק, הונגער טויט־שרעק, יעדע פאָר טעג סעלעק־ציעס רעכטס־לינקס, מיינע אויגן האָבן צוגעקוקט צו צעשראָקענע טאָמאַ־שאָווער מענטשן וואָס מען האָט געשיקט לינקס, וואָס דאָס האָט געהייסן טויט, און יעדעס מאָל בין איך געווען און געזען ווי דער מלאך־המות ווייזט שמייכלנדיק מיטן שטעקעלע אָן לעבן־טויט, איך האָב געפילט אַז דאָס האַרץ שטעלט זיך מיר אָפּ, ביז היינט קען איך די גרויליקע בילדער ניט פאַרגעסן. און אַזוי האָט געשוועבט דאָס געשפּענסט פון טויט איבער מיר יעדע מינוט און אַזוי האָבן אונז די מערדער געפּייניקט אין טויט־שרעק און דאָס לעבן האָט זיך געצויגן אין מאָטערנישן, אין אַ וואַרטן וואָס איז נישט געווען קיין טויט און נישט קיין לעבן. די אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט האָט שוין דערגרייכט אַזאַ מדרגה אַז דער ווילן צום לעבן איז ביי מיר אָפּגעשטאָרבן — זאָל שוין זיין וואָס עס וויל, איך קען שוין ניט איבערהאַלטן — האָט מיין פאַרבלוטיקט האַרץ אין מיר געוויינט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונז ווייטער געשלעפּט אויף אַ סעלעקציע, דאָס מאָל האָב איך דערזען זייער פיל פרויען יונגע מיידלעך מיט בלאַסע צעשראָקענע שיינע פּנימער און לויט ווי מיר האָט זיך געדוכט איז געווען עטלעכע טויזנט. ווי דערשראָקן זיינען מיר געוואָרן ווען ס׳איז אָנגעקומען אַ געשטאַפּאָ דאָקטאָר פון וועלכן מיר האָבן זיך שוין געהאַט אַזויפיל אָנגעהערט וואָסאַראַ שרעקלעכע עקספּערימענטן ער פירט אַדורך מיט זיינע קרבנות. פאַר אימה האָב איך פאַרמאַכט די אויגן נישט צו קוקן אין זיין סאַדיסטיש פּרצוף. 700 מיידלעך און פרויען האָט ער אויסגעקליבן אויף רעכטס און איך צווישן די 700, און דער רעשט שייסע, ווי ער האָט עס אָנגערופן גייט צום פאַרניכטן.

פאַר אונז 700 מיידלעך און פרויען האָט ער געהאַלטן אַ רעדע: איר אַלע וועלכע איך האָב אויסגעקליבן — האָט ער מיט אַ געקינצלטע גלייכגילטיקייט אויסגערופן — זאָלט זיין רואיק, אייך איז באַשערט צו האָבן אָן אייגן בעט, אַן אייגן הויז וואו איר וועט אָנהויבן לעבן ווי מענטשן. איר פאָרט אַוועק אויף אַרבעט צו פויערים, איר זאָלט זיין געהאָרכזאַם און אַלץ טאָן וואָס מען וועט אייך הייסן. אויף ווידער זען — האָט ער געמאַכט מיט דער האַנט.

באַלד האָט מען אונז צוגעפירט צו לאַסט־וואַגאָנען. אַריינקומענדיק אין די וואַגאָנען זענען שוין געזעסן מיידלעך און פרויען פון פריער, מיר האָבן ניט געוואוסט ווען מען האָט זיי דאָ אַריינגעטריבן. אויף אונזער פראַגע וואו זיי פאָרן, האָבן זיי געענטפערט: צו פויערן אויף פעלד־אַרבעט. דאָס ענגשאַפט איז געוואָרן אַלע מאָל מער, עס האָבן שוין קיין מענטשן

ניט געקענט אַריין און די מערדער האָבן אַלץ וואָס מער אַריינגעשטופּט, מען האָט שוין איינפאַך אָטעמען ניט געקענט, האָט מען צוגעקלאַפּט די טירן, אויף אַלע טרעפּ איז געשטאַנען אַ דייטשער מערדער מיט אַן אויטאָמאַט, אויף די דעכער זיינען געלעגן די מערדער מיט געווער. עס ווערט אַלע מאָל אַן אַנדערן נישט גוט, אַלע מאָל חלש'ט אַן אַנדערער, און יעדערער טרייסט זיך בלינד אַז מען פאָרט אויף אַרבעט צו פויערים.

## אין אוישוויץ

פאַרנדיק האָב איך געפילט אַז איך האַלט עס נישט אויס, מיר זיינען אַזוי פאַרקוועטשט אין דעם וואַגאָן, מען הוסט און מען שטיקט זיך פון דעם אויסגעשאָטענעם כלאָריק. עס שטיקט אין האַלז פון דעם עיפּוש פון מענטשלעכער אומריינקייט, עס הערן זיך שטילע קרעכצן פון גוסס'דיקע מענטשן, איינער בייזערט זיך אויפן צווייטן גלייך ווי יענער וואָלט שולדיק געווען אין דער ענגשאַפט וואָס האָט געבראָכן די ביינער און נישט געלאָזט אָטעמען. מיר זיינען צונויפגעפּרעסט איינער אויפן צווייטן באַגיסנדיק זיך מיט אַ קלעפּיקן טויט שוויים. איין פרוי שרייט און שילט אומאויפהערלעך די גאַנצע וועלט. וואָסער שרייט מען פון אַלע זייטן, אַבי־סעלע וואָסער בלויז צו באַנעצן די פאַרטריקנטע ליפּן. אָפּקלאַנגען פון געדיכטע ביקסן־שאָסן רייסן זיך אַריין אין די רווישנדיקע אויערן, איך קוק מיך אַרום, אַלעמענס פּנימער זיינען אַזוי בלאַס, מסתמא מיינס אויך. און אָט דערזעען מיר די נייע גרויסע בראַך וואו מען פירט אונז, אָט דערזעען מיר שוין פון דערווייטנס די עלעקטרישע דראָטן פון לאַגער אוישוויץ. ווי שרעקלעך, ווי שוידערלעך איז צו זיין מיטן באַוואוסטזיין אַז דער טויט איז שוין אומפאַרמיידלעך און דערנענטערט זיך.

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם הויבט דער צוג אָן איינהאַלטן זיין שנעלקייט, עס זאָגט אָן אַז אוישוויץ דערנענטערט זיך. דער צוג בלייבט שטיין און אַ מורא'דיקע שפּאַנונג כאַפּט אַלעמען אַרום. עס פאַרהאַקט זיך דער אָטעם, מערדערישע הענט רייסן אויף די פאַרהאַקטע טירן, מיט ווילדע חיה'שע געשרייען צום אַראָפּגיין. עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן און האַלט זיך קוים קוים אויף די פיס. מיט אַלע כוחות רייס איך זיך אַרויס פון דער איינגעפּרעסטער מענטשן־מאַסע, אַ סך פון פריער שטייענדיקע אין ענגשאַפט פאַלן איצט אום פאַרשטיפּטע. די ס. ס. רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער שלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ פון די האַלב טויטע פרויען. עס ווערן צעבלוטיקט פּנימער, עס שפּריצט אידיש בלוט פון אַלע זייטן. ווילדע געשרייען פאַרהילכן: אויסשטעלן זיך אין די רייען!

אַ געדראַנג פון דער גאַנצער מענטשן מאַסע, קראַנקע און געזונטע, צונויפגעדריקט אין רייען, באַוועגן זיך אַלע אין ריכטונג צום „באָד". אין

דרייסט מיידל וואָס האָט ניט געקענט גיין און האָט געלייזט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, האָט אָנגעשפּיגן אויפן מערדערס פּנים. מיט דער קאָלבע פון דער ביקס איז זי פון מערדערס האַנט געפאַלן טויט לעבן מיר. איך האָב זי מקנא געווען וואָס זי קען שוין ניט זען און פילן דעם דאָזיקן שוידער וואָס איך פיל איצט. אויסטאָן זיך! הערט מען שרייען פון אַלע זייטן. אַריינקומנדיק אין „באָד" איז אויף דער שוועל געשטאַנען אַ פרוי אַ קאַפּאָ, און מיט אַ גראָבן שטעקן יעדערן „מכבד" געווען איבערן קאָפּ. ניטווילנדיק האָב איך זיך איינגעבויגן האָב איך געלייזט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין דער חוט־השדרה, פון וועלכן איך לייד ביז היינט צו טאָג. איך בין אַנידערגעפאַלן און מיט די פיס האָט זי מיך אָוועקגעשאַרט אָן אַ זייט. טויט פאַרגליווערט בין איך געלעגן איך ווייס אַליין נישט ווי לאַנג. איך האָב דערזען וואָס אַ מאָל מער נאַקעטע פרויען און מיידלעך. די געוואַלדן און געשרייען פון די מערדערלעכע קלעפּ האָבן מיך צוריק אויף די פיס געשטעלט. ווען ס'איז שוין געווען פול האָבן זיך הענט געקלאַמערט איינע צו דער אַנדערע און — — מיט ווילדער באַפעלן ווערן מיר צוריק אַרויסגעיאָגט זיך אָנטאָן. איך בין אינגאַנצן צעמישט און גלויב אַליין נישט אַז דאָס איז אַווירקלעכקייט. אָבער אין דעם וויסטן גהינום אוישוויץ קומט נישט אָן דער טויט אַזוי לייכט. די רוצחים האָבן ליב די סאַדיסטיש־בלוטיקע שפּיל מיט זייערע קרבנות. מען האָט אונז אַריינגעפירט אין באַראַקן וואו ס'זיינען נאָך געווען שפּורן אַז נישט לאַנג זיינען נאָך דאָ מענטשן געווען.

## דאָס פּייניגען ביי דער אַרבעט

באַלד אויף צומאָרגנס האָבן מיר זיך געשטעלט צום אַפּעל. מיט אַלע כוחות האָב איך געשלעפּט די פיס, עס האָט מיר שרעקלעך ווי געטאָן די פּלייצע פונ'ם נעכטיקן קלאַפּ. אָבער די שרעק פאַרן טויט און — ווי קאָמיש עס זאָל ניט קלינגען — אַ ווילן צום לעבן, האָט טאַקע אין יענעם מאָמענט זייער פיל פאַרמינערט די פיזישעליידן. היינט איז מיר שווער צו פאַרשטיין: ווי אַזוי האָבן מיר געקענט געשוואָלענע פון הונגער אין שטענדיקער טויט־שרעק אַזוי שווער און ביטער אַרבעטן אין די וואַסערן האַלב נאַקעט, וואָס אַפילו דאָס אָנטועכץ האָט מען נישט געטאַרט אויסטריקענען נאָר וואָס מער און מער מוטשען און קיינער האָט זיך נישט פאַרקילט. עס איז געווען פאַלן וואָס מענטשן קראַנקע פון מיין גרופּע מיט הויכן פיבער, מורא האָבנדיק צו דערציילן, מען זאָל זיי נישט שיקן אין דעם אַזוי־גערופענעם איוון אַריין, האָבן אויסגעפירט די גרעסטע און שווערסטע אַרבעטן. מיט מיר אַליין איז אויך געווען אַזאַ פאַל, און באמנות, עס איז שווער, זייער שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי און וועלכער געהיימער

וואונדער־כוח האָט עס אַריינגעבלאָזן דעם רוח־החיים אין די אויסגע־טריקנטע הויט און ביינער? וואָלט עס דען מעגלעך געווען ביי אַ נאָרמאַל לעבן אַז דער גוף און די נשמה זאָלן קענען דורכהאַלטן אַזעלכע פיזישע און מאָראַלישע נסיונות און זיך ניט צוזאַמענברעכן? און אפשר שטאַרקט דעם גוף דער צעשלאָגענער און קראַנקער גייסט? סיי ווי דאָס איז פאַר מיר אַ רעטעניש.

און אַזוי האָבן מיר „געלעבט” אין אוישוויץ וואו מען האָט אונז געהאַלטן פאַר אַ מין פאַרשפּאַרטע באַנדע שקלאַפן־פאַרברעכערס וואָס זיינען פאַר׳משפט צום טויט, און נאָר פאַרן פּרייז פון געשענקטע עטלעכע וואָכן אָדער חדשים לעבן, מוזן מיר אַוועקגעבן פון זיך דעם דם־התמצית. מיר זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר באַשעפענישן וואָס האָבן ניט קיין געפיל, קיין ווילן און קיין פאַרשטאַנד. ווער ס׳האָט נאָר געוואָלט האָט געמעגט שלאָגן אָן אַ פאַרוואָס, דערנידעריקן, און אַפילו ניט געטאָרט רעאַגירן. מיט איבערמענטשלעכער געדולד האָבן מיר געמוזט אַריבערטראָגן די שווערסטע מאָראַלישע און פיזישעליידן

נאָך אַ געוויסע צייט האָט זיך אָנגעהויבן סעלעקציעס, און ווידער האָב איך דערזען די בלוטיקע שוידערלעכע סצענעס. די מורא און שרעק פאַר אַזאַ עקלהאַפטן טויט האָט מיך איינגאַנצן צעבראָכן, וויינען האָב איך שוין ניט געקענט, די טרערן זיינען מיר שוין פון לאַנג אויסגעטריקנט געווען. אָבער גיי ווייס דעם גורל פון אַ מענטש וואָס שטענדיק האָט מען מיך געשיקט „רעכטס”. דאָך האָב איך געפילט אַז די כוחות פאַר־לאָזן מיך און ס׳לעבן איז מיר שוין נמאס געוואָרן און האָב איינמאָל באַשלאָסן זיך נישט צו שטעלן צו דער אַרבעט, זאָל זיין וואָס עס וויל, האָב איך געטראַכט.

פונקט אין דעם זעלבן טאָג איז געווען אַן אָבלאַווע, מען האָט געכאַפּט אין אויוון אַריין. איך האָב אָנגעהויבן לויפן אַליין ניט וויסנדיק וואו. איך בין אַריין אין אַ געביידע זיך באַהאַלטן, פאַר קיין פאַל האָב איך מיט אַזאַ טויט ניט געוואָלט שטאַרבן, אַן אָבלאַווע האָט געהייסן זיכערער טויט, אויף אַן אָבלאַווע האָט מען געדאַרפט כאַפּן מענטשן וואָס אַרבעטן נישט אָדער סתם זיך ניט געשטעלט צו דער אַרבעט, מענטשן וואָס ברענגען איינגאַנצן נישט קיין נוצן, מענטשן וואָס דרייען זיך אומ־זיסט אַרום אויף ג־טס וועלט. אין דער געביידע האָב איך דערזען אַ ליידיק פעסל, איך האָב עס איבערגעדרייט און זיך אַריינגעזעצט. פּלוצלונג מאַכט מען אויף אַ טיר און איך דערזע דורך דער שפּאַרע אַ ס. ס. מאַנקע, אַ פרוי, אין אויגן בליק בין איך צו איר אַרויס און איר געפאַלן צו די פיס, און קלאַפנדיק אַ צאָן אין אַ צאָן האָב איך דערציילט אין קורצן וואָס איך האָב שוין אַלעס אַדורכגעמאַכט אַלס אַ יונג קינד נאָך ממש.

זי האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט. קאָם מיט מיר! האָט זי אויס־געשריען. כ׳האָב מורא געהאַט און געמיינט אַז זי פירט מיך שוין אַוועק צום טויט.

## מיין נייער אַרבעטס פּלאַץ מיט די בעסערע באַדינגונגען

איבער פאַרשידענע געסלעך האָט זי מיך געפירט, און דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. די זון האָט העל געלויכטן און אַ קיל ווינטל האָט מחיה׳דיק געגלעט מיין פאַר׳חושכ׳ט פּנים. מיר זיינען אַריינגעקומען אין אַ וואַש־רומע וואו ס׳האָבן געאַרבעט 40 מיידלעך, געוואַשן וועש. איך דערזע וואַסער וואָס איז פאַר מיר געווען דאָס גרעסטע לוקסוס, ווייל נאָך אַ ביסל שמוציק וואַסער פלעג איך לויפן זייער ווייט. איך דערזע אויך וואַרעם וואַסער ,ד. ה. מען קען טרינקען וויפל מען וויל און זיך אַליין אַרומוואַשן אויך. מיינע אויגן האָבן אויף אַ ווײַלע אויפ־געלויכטן. דאָ וועסטו דערוויל אַרבעטן — האָט זי מיר געזאָגט. זי האָט מיך איבערגעגעבן צו דער אויפזעערין. זייער לאַנג האָט זי גערעט מיט דער אויפזעערין, און קוקנדיק אַלע מאָל אויף מיר האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיי ריידן פון מיר. וואָס זיי האָבן גערעדט האָב איך ניט געוואוסט.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ווי וואַשן, רוימען א. ז. וו. די באַדינגונגען זיינען דאָ געווען אינגאַנצן אַנדערע, כ׳האָב געקראָגן בעסער עסן און די אויפזעערין איז צו מיר זייער גוט געווען, זי פלעגט מיר אין געהיים אונטערשטופּן יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש וואָס צו עסן. אין אַ קורצע צייט אַרום האָב איך דערציילט דער אויפזעערין אַז איך בין אַ שניידערין. זי האָט זיך דערין אָנגעכאַפּט, מיר ברויכן טאַקע אַ שניידערין. באַלד אויף צו מאָרגנס האָט זי מיך איינגעאָרדנט צו אַרבעטן שניידעריי וואו איך האָב אָנגעהויבן נייען פאַר אַלע לעפל לייט ווי אויך פאַר די קאַפּאָס וואָס זיינען, אגב, געווען שרעקלעכער ווי די דייטשע מערדער. הונגעריק בין איך שוין ניט געווען. דעם ערשטן געפיל פון האָפענונג האָב איך אָנגעהויבן דערפילן.

איך פלעג אין די נעכט ליגן מיט אָפענע אויגן אין דער פינסטער און טראַכטן: איז עס טאַקעווירקלעך? לויערט שוין קיינער נישט אויף מיר? איך דערפיל אַ וואַרעמקייט וואָס היילט מיינע וואונדן. איך וויל פאַרגעסן דאָס טרויעריק לעבן און עס אָנפילן מיט האָפענונג צו די צייטן פון פרייהייט וואָס וועט קומען. פונקט אַ יאָר צייט האָב איך גע־אַרבעט שניידעריי וואָס איז מיר פאַרהעלטנמעסיק געווען גוט. ביז צום שניידעריי בין איך שוין געהאַט געווען אַ יאָר ווי כ׳האָב זיך געמוטשעט ביי די פיזיש שווערסטע אַרבעטן.

## די ליקווידאַציע פון די גוטע אַרבעטס פּלעצער

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ באַפעל צו ליקווידירן די אַלע גוטע אַרבעטס פּלעצער, נאָר אַלע מוזן צוריק גיין אַרבעטן אויף די זעלבע פּלעצער וואו זיי האָבן פריער געאַרבעט, ווען זיי זיינען אין דעם גהינום אָנגעקומען. צום ערשט האָב איך געמיינט אַז מיך וועט מען נישט טשעפּען, מען האָט מיר אָבער אויך געזאָגט אַז מאָרגן גאַנץ פרי זאָל איך זיך שטעלן צום אַפּעל וואו איך וועל אָנהויבן אַרבעטן מיין פריער־דיקע אַרבעט. עס איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן — —

און ווידער האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן די וויסטע שווערע אַרבעט אין די וואַסערן, און ווידער האָב איך אָנגעהויבן ליידן הונגער, נויט און טויט־שרעק. ביי דער אַרבעט פּלעג איך שטענדיק באַהאַלטן ס׳פּנים כדי זיך נישט צו טרעפן אויף דעם בייזן בליק פון דעם הויך־געוויקסיקן גזלנ׳יש־אויסזעענדיקן דייטש, וואָס פלעגט אונז מערדערלעך שלאָגן פאַר אַ ליאַדע גאָרנישט. ווי איז געווען צו דעם וואָס פלעגט זיך ווען אָפּ־רוען אַ מינוט, טאָמער האָט ער געזען אַז איינער קען שוין ניט אַרבעטן האָט ער גלייך דערשאָסן. אָט־די גרויליכע סצענעס זיינען פאָרגעקומען טאָג־טעגלעך און ווי אַזוי מיין האַרץ האָט אויסגעהאַלטן און ניט געפּלאַצט ווייס איך נישט. נאָך אַ קורצן אָפּשניט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן סע־לעקציעס. באַטויבט און בע׳רעש׳ט פונעם געפילדער, פון די האַרץ־רייסנדיקע געשרייען, ווי אַ וואַנזיניקע פלעגט עס מיך אַוועק טראָגן און לאַנג האָט געדויערט ביז איך בין צוריק געקומען צו זיך.

עס האָט צו די שרעקלעכע ליידן ניט גענומען קיין סוף, כ׳האָב געפילט אַז איך גיי ממש אויס, אַז איך צאַנק ווי אַן אויסגייענדיק ליכט. האָב איך באַשלאָסן אויפצוזוכן מיין פריערדיקע אויפזעערין אפשר וועט זי מיך נאָך ראַטעווען. איך האָב זי געטראָפן, זי האָט זיך דערשראָקן פאַר מיין אויסזען. שטיקנדיק ביים ריידן האָב איך איר דערציילט פון מיין שווערער אַרבעט און אַז איך קען שוין ניט אויסהאַלטן, זאָל רחמנות האָבן אויף מיין יונג לעבן און מיך ראַטעווען. — עס איז מיר אַ שאַדע דיין לעבן אָבער וואָס קען איך טאָן — האָט זי מיט באַדויער געזאָגט. — יעדנפאַלס קום צו אויף דעם אָרט אין צוויי שטונדען אַרום, פיליכט וועל איך עפּעס קענען טאָן פאַר דיר, טראַץ דעם וואָס איך צווייפל זייער דערין.

## מיין נייע אַרבעט אין אוניאָן פאַבריק

מיט גרויס שפּאַנונג האָב איך זיך קוים דערוואַרט די צוויי שעה זאָלן אַוועק. ווען איך בין צוגעקומען אויפן אָרט האָט זי שוין אויף מיר

געוואַרט און מיך באַגעגנט מיט אַ שמייכל: דו האָסט גליק — האָט זי מיר ליבלעך געזאָגט — דו גייסט אַרבעטן אין אוניאַן פאַבריק, דאָרטן אַרבעט מען אויס פאַרשידן געווער, דאָרטן זיינען אַלע אַרבעטער זייער נוצליך איך גלויב, אַז דאָרטן וועסטו שוין אַרבעטן, — און אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ האָט זי צוגעגעבן — „דאָרטן וועסטו שוין לעבן קענען". גלייכ־צייטיק זאָל איך זיך מאָרגן מעלדן צום דירעקטאָר (כ'האָב פאַרגעסן זיין נאָמען). איך האָב איר זייער האַרציק געדאַנקט, און זי געקושט, געזעגנט זיך און אַוועקגעגאַנגען. מיין האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן פאַר פרייד, די ווערטער פון מיין פריערדיקער אויפזעערין „דאָרטן וועסטו שוין לעבן קענען" האָבן מיר געקלונגען אין די אויערן. אויף צו מאָרגנס האָב איך זיך גלייך געמאָלדן צום דירעקטאָר און אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער געווער־פאַבריק.

## איך ווער אַריינגעצויגן אין אונטערגרונט

דאָרטן האָבן געאַרבעט מענער, פרויען און מיידלעך, מערסטנס פּראָ־טעקציע מענטשן. איך האָב זיך באַקענט מיט די נייע מענטשן. נאָך אַ געוויסע צייט דערציילט מיר אַ מיידל אַז שוין אַ שטיקל צייט ווי איך ווער אָבסערווירט פון דער הינטערגרונט וואָס אַרבעט דאָ אין דער פאַבריק און זיי האָבן באַשלאָסן מיך אויך אַריינצוציען אין דער אַרבעט, אָבער איך מוז זייער, זייער פאָרזיכטיק זיין, ווייל עס אַרבעטן דאָ פאַרשידענע טונקעלע עלעמענטן ווי מוסרים, פרויען פון קאַפּאָס א. אַ. מיין אויפגאַבע דאַרף זיין אַז ביים „אַהיים" גיין דאַרף איך פאָרזיכטיק גלייך ווי די אַנדערע וואָס אַרבעטן אין הינטערגרונט, אַרויס'גנב'נען פּראָך, און וואו צו באַהאַלטן ווייס איך שוין. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָב איך גלייך מסכים געווען. די ערשטע פּאָר טעג ביים גנב'נען דעם פּראָך האָבן מיר די הענט געציטערט ווי אין אַ קאָנוואולסיע, און שפּעטער בין איך צוגעוואוינט געוואָרן, און וואָס אַמאָל דרייסטער און מער אַרויסגעטראָגן און איבערגעגעבן וואו מען האָט באַדאַרפט. דער געפיל פון נקמה האָט מיך אַזוי באַהערשט אַז איך בין געוואָרן איינע פון די בעסטע „גנבים". פון צייט צו צייט פלעגט איינע דער אַנדערע איבערגעבן באַשלוסן וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון די אָנפירער פון דער אונטערגרונט, פון וועלכער נישט אַלע האָבן אַפילו געקענט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אַרעסטירט כמעט אַלע וואָס האָבן געאַרבעט אין דער געווער־פאַבריק און ביי אַלע האָט מען געמאַכט רעוויזיעס. ביי 4 מיידלעך האָט מען געפונען פאַרדעכטיקטע בריוו פון וועלכע זיי האָבן אויסגעפונען אַז זיי זיינען געשטאַנען בראש פון דער

אונטערגרונט און אַז זיי זיינען די הויפּט־שולדיקע. ביסלעכווייז האָט מען אַלע אַרעסטירטע באַפּרייט, איך בין געזעסן נאָר איין טאָג, און אַלע זיינען צוריק צו דער אַרבעט. אָבער די פיר מיידלעך האָט מען געהאַלטן זייער אַ לאַנגע צייט און זיי געפּייניקט מיט די שרעקלעכסטע פּייניקונגען אַז זיי זאָלן אויסגעבן אַלע וואָס האָבן געהערט צום אונטערגרונט. זיי האָבן אָבער אַלע יסורים אויסגעהאַלטן און קיינעם ניט אויסגעגעבן.

אין אַ צייט אַרום האָט מען געמאָלדן אַז היינט קומט פאָר אַ גרויסער קאָנצערט אין דעם גרויסן זאַל — מיט דער באַוואוסטער שוי־שפּילערין — דער זאַל איז געוואָרן שיין אויסדעקאָרירט מיט שיינע דיוואַנען, אַ דזשאַז מוזיק האָט געקלאַפּט די דייטשע טאַנגאָס. איך אַליין האָב זיך געוואָלט אויף אַ ווײלע פאַרגעסן און גיין, האָט מיר אָבער פּונקט זייער שטאַרק ווי געטאָן אַ פוס. ווען דער זאַל איז שוין געווען פול געפּאַקט זיינען די מוזיק־שפּילער נעלם געוואָרן, די טירן זיינען פאַרהאַקט געוואָרן, און אַריינגעלאָזט גאַז, און אַלע ווי איינער זיינען אומגעקומען מיט אַזאַ שרעקלעכן טויט.

## דער משפט

לאַנג, זייער לאַנג האָט געדויערט ביז די האַלב טויטע לאַגער מענטשן זיינען צו זיך געקומען. נאָכן „קאָנצערט" איז מען אומגעגאַנגען ווי משוגע, פרישע יתומים, פרישע אַלמנות. מיין טייערע פריינדין וואָס האָט מיט מיר געאַרבעט איז אויך מיט אַזאַ טראַגישן טויט אומגעקומען אויפן „קאָנצערט". יעדערער איז געשטויסן געוואָרן פון אַ שרעקלעכן פּסיכאָז פון גרויזאַמער שרעק אָן גרענעצן. דאָ און דאָרט האָבן אידן — מאַמעס פון אומגעקומענע קינדער — נישט קענענדיק מער איבערהאַלטן, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. סיי ווי, האָט מען געזאָגט, וועט עס קיינעם ניט אויסמיידן, איינער פריער איינער שפּעטער. אַזוי האָב איך ווייטער גע־אַרבעט אין וניאָן פאַבריק, אַלע זיינען געווען מיט בלייכע געזיכטער און דערשראָקענע אויגן — באַהערשט פון אַ משוגעת־פּסיכאָז. מיר זיינען איצט שאָטנס פון מענטשן וואָס זייער לעבן איז שוין אַוועקגענומען.

אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע לאַגער־מענטשן אָן אויסנאַם זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף דעם גרויסן פּלאַץ. טויט דערשראָקענע זיינען מיר אַלע ווי איינער געטריבן געוואָרן אויפן פּלאַץ, נישט וויסנדיק וואָס אַ נייע צרה עס קומט אויף אונז. צוקומנדיק האָבן מיר דערזען 4 תליות, אין סאַמע מיט אַ ברייטער גרויסער טיש, אַרום זיינען געזעסן דריי ריכטער. אין דער זייט איז געשטאַנען אַ הויכער דאַרער דייטש, מיט אַ פּאָר בייזע אויגן. די שוואַרצע וואָנסן האָבן נאָך מער פאַרברייטערט

זיין מויל, צוהאַלטנדיק פעסט דאָס בינאַקל אויפן אויג וואָס האָט אַלע מאָל געוואָלט אַראָפּפאַלן. אויפן אויסגעשפּרייטן טיש איז געלעגן אָנגעלייגט פיל פּאַפּירן, ביכער און אַקטן טאַשן.

פּלוצלונג דערזעען מיר ווי מען פירט די 4 צעפּייניקטע מיידלעך, ממש סקעלעטן, אויסגעלאָשענע אויגן. עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ ווען איך האָב זיי דערזען. אסתר׳קע, דאָס וואַרשעווער שיינע מיידל, האָט מיט די לעצטע כוחות געשריען גייענדיק צו דער תליה: אידן! קוקט ניט וואָס מיר גייען צום טויט, ווי ווייט איר קענט זאָלט איר נעמען נקמה אין די רוצחים פאַר דעם אומשולדיקן פאַרגאָסענעם בלוט! זייער פינסטערער סוף דערנענטערט זיך! קעמפט מיט אַלע כוחות און נעמט נקמה! זי איז אַנידערגעפאַלן. איינער פון די מערדער האָט זי אויפגעהויבן און אַלע פיר מיידלעך האָט מען צוגעפירט צום טיש. עס איז געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר.

עס האָט גענומען אַ וואָרט דער הויכער דאַרער דייטש וואָס איז געווען דער פּראָקוראָר. מיט אַ דונערדיקע שטימע האָט ער אָנגעהויבן ריידן צו די 4 אומגליקלעכע: איר פאַרפלוכטע יודן ווי אַזוי האָט איר געוואַגט אויפצוהויבן אייערע שמוציקע הענט קעגן דייטשן־רייך, איר לייזיקע שמוציקע פאַרפלוכטע יודן וואָס האָבן געבראַכט אַזאַ בלוטיקע קריג אויף דער וועלט! פאַרניכטן, פאַרניכטן וועלן מיר אייך ביז איינעם! אין נאָמען פון געזעץ זאָל מען די 4 פאַרברעכערינס אויפהענגען! אויפהענגען, האָט ער געשריען מיט אַזאַ ווילדקייט אַז אַלעמען איז קאַלט געוואָרן. ס׳האָבן נאָך גערעדט און געשריען די ריכטער, אָבער כ׳האָב מער ניט געקענט הערן. און אַלע האָבן מיר געמוזט קוקן ווי מען הענגט נעבעך אויף די 4 אַזוי נאָך יונגע מיידלעך.

דערשלאָגענע מיט פאַרבלוטיקטע הערצער האָט מען אונז געטריבן צוריק. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען אסתר׳קעס לעצטע קורצע צוואה פון איר פאַרשטיקטן האַלז: „אידן נעמט נקמה!!!״

## די אַלגעמיינע עוואַקואַציע פון לאַגער אוישוויץ

דעם 18/1 1945 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז היינט קומט פאָר אַן אַלגעמיינע עוואַקואַציע פון לאַגער. אַלע אַן אויסנאַם מוזן עוואַקואירט ווערן, אויסער די וואָס קענען לגמרי נישט גיין האָבן רעכט איבערצובלייבן.

עס איז געוואָרן אַ צעמישונג צווישן די מענטשן, מען האָט ניט געוואוסט וואָס מען זאָל טאָן. וואָס איז בעסער — האָט איינער דעם

אַנדערן געפּרעגט. עס האָבן זיך געמאָלדן מענטשן וואָס האָבן קוים געשלעפּט די פיס, צו גיין, און פאַרקערט, מענטשן וואָס האָבן נאָך געקענט גיין, זיינען איבערגעבליבן. איך האָב באַשלאָסן צו גיין, זאָל זיין וואָס עס וויל, האָב איך געטראַכט, אַבי כ׳זאָל אוישוויץ פאַר מיינע אויגן ניט זען.

עס איז פּלוצלונג געוואָרן אַ בהלה, אָנשטאָט מיר האָבן געדאַרפט אָפּמאַרשירן אין צוויי שעה אַרום, האָט מען אונז באַלד אויסגעשטעלט צו פיר, אַרומגערינגלט מיט די אונז־גוט־באַקאַנטע רוצחים־אויפזעער, און מיר האָבן פון לאַגער אַרויסמאַרשירט. נאָך איין שעה גאַנג האָבן מיר שוין מקנא געווען די מענטשן וואָס זיינען איבערגעבליבן, און אפשר האָבן זיי אונז מקנא געווען ווייל מיר האָבן געהערט אַ שטאַרק שיסעריי וואָס איז געקומען פון לאַגער. מיר האָבן אויך באַמערקט עראָפּלאַנען אַרומפליען אַרום לאַגער, אַלע האָבן פּרובירט טרעפן אַז ס׳איז רוסישע עראָפּלאַנען, און ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן, איז עס טאַקע געווען רוסישע. דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי ווי געטאָן פאַרוואָס בין איך אַוועק, אָבער ווער ווייס צי עס איז עמעצער געבליבן איידער די רוסן זיינען אַריין.

מיר האָבן זיך געשלעפּט און קוים קוים געגאַנגען. מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאַלן. אַ דיקער אָנגעפּרעסענער באַנדיט, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ רויט געשטופּלט פּנים און אַ מערדערישן אויסזען, האָט אָנגעהויבן שיסן ווער ס׳איז נאָר געפאַלן. ער האָט גערוטשעט און געשריען ווי אַ ווילדע חיה. וואָס ווייטער מיר זיינען געגאַנגען אַלץ ווייניקער מענטשן זיינען איבערגעבליבן. די קוילן זיינען געפלויגן און געפייפט פון אַלע זייטן. כ׳האָב שוין געפילט אַז מיין גורל איז גע׳חתמ׳ט, פון דעם טויט־געפאַר וואָס לויערט איצט אויף מיר וועל איך זיך שוין ניט אַרויס־ראַטעווען.

## אונזערע וואַנדערונגען

אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט ביז בערלין און קיין דריטל מענטשן זיינען נישט איבערגעבליבן. מען האָט אונז באַזעצט אין אַ לאַגער מאַלכאָוו. דאָס איז געווען אַ פּריש גהינום. קיין אַרבעט האָט מען אונז ניט געגעבן אָבער קיין עסן אויך נישט. מיר זיינען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער. אָט שטייט אַ יונגערמאַן און רעדט און אָט פאַלט ער און איז שוין טויט. דריי וואָכן האָט מען אונז געהאַלטן אין לאַגער מאַלכאָוו און אונז טראַנס־פּאָרטירט אין קאָנצ. לאַגער ראַווענסברוק. דאָרט זיינען מיר געווען נאָר צוויי טעג און ממש לעבעדיקע מתים, געשוואָלענע פון הונגער. פון ראַווענברוק האָט מען אונז געטריבן קיין גרויס־ראָזן. דאָרט האָט מען אונז ניט געוואָלט אָננעמען, האָט מען אונז געפירט קיין מאַגדעבורג. דאָרט זיינען מיר געווען

איין טאָג. סוף סוף האָט מען אונז באַזעצט אין אַ וואַלד וואָס איז געווען פול מיט ציגיינער. זיי האָט מען געהאַט געבראַכט פון פריער און זיי זיינען פאַר גרויס הונגער געווען אַזוי ווילד, אַז מען האָט אונז געגעבן אַביסל רויע רייז אין די הענט אַריין, זיינען זיי אונז באַפאַלן און צוגענומען.

נאָך צוויי טעג זיצן אין וואַלד, האָבן מיר אָנגעהויבן ווייטער וואַנ־דערן. פון די מערדער איז אַלעמאָל אַן אַנדערער נעלם געוואָרן. מיר זיינען איינמאָל דורכגעגאַנגען אַ פעלד וואו אַרבעטער האָבן געקאָפּעט קאַרטאָפל, אַ פּאָר מיידלעך האָבן אָנגעהויבן לויפן כאַפּן אַ פּאָר קאַרטאָפל, און באַלד איז לעבן מיינע פיס געפאַלן דריי מיידלעך פון מערדערישע קוילן. ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט זיינען מיר געגאַנגען צו פיר.

מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו פירן נאָר ביינאַכט ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין קוטבוס. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער גאַס. איך בין שוין געווען אינגאַנצן געשוואָלן פאַר הונגער, עס האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן פאַר קעלט, אַרום און אַרום האָבן הייזער געברענט. כ׳האָב שוין אינגאַנצן זיך נישט געקענט שטעלן אויף די פיס, כ׳האָב געבעטן דעם אויפזעער ער זאָל מיך דערשיסן. ער האָט ניט געוואָלט. פאַרוואָס האָסטו נעכטן דערשאָסן צוויי פרויען ווען זיי האָבן דיר געבעטן? — האָב איך אים געפרעגט. ווייל איך האָב שוין ניט געקענט קוקן אויף זיי — האָט ער מיר געענטפערט.

מיט די לעצטע כוחות ממש האָבן מיר זיך ווייטער געשלעפּט ביז לייפּציג. די באָמבאַרדירונגען און שיסערייען זיינען געווען געפערלעך. די דייטשע באַפעלקערונג איז אַרומגעלאָפן ווי פאַר׳סם׳טע מייז און אין אויגן בליק האָבן מיר דערזען אַז מיר זיינען אויסגעמישט מיט דער דייטשער באַפעלקערונג.

אין זעלבן מאָמענט האָט דער אויפזעער געמאָלדן מיט אַ גוט־מוטיקן געצוואונגענעם שמייכל, אַז ער וועט אונז אַריבערשיקן צו די אַמעריקאַנער וואָס געפינען זיך שוין אויף דער צווייטער זייט טייך. אויב כ׳האָב ניט קיין טעות איז עס געווען די עלבע. ער האָט אָנגעפּאַקט אַ פול שיפל וויפל ס׳איז נאָר אַריין מענטשן און דעם רעשט האָט ער געהייסן וואַרטן ביז ער וועט צוריק קומען. אין מיטן טייך האָט ער אַלעמען דערטרונקען.

מיר האָבן דאָס דערזען איז וויפל מיר זיינען נאָך געווען זיינען מיר זיך צעלאָפן, געהיט האָט אונז שוין קיינער ניט. איך האָב נאָך אָבער זייער שטאַרק מורא געהאַט. איך האָב דערזען אַ גרויסן גרוב בין איך דאָרט אַריין זיך באַהאַלטן. איידער כ׳האָב זיך אומגעקוקט איז שוין

דער גרוב געווען פול מיט אַנטלאָפענע. אַזוי זיינען מיר געלעגן אין גרוב. ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, דער הימל איז באַדעקט מיט כמאַרעס, די פאַרקרימטע לבנה גיט פון צייט צו צייט אַ לייכט און באַהאַלט זיך ווידער הינטער די כמאַרעס וואָס גליטשן זיך דורך איר פאַרביי. אָנגעשפּאַרט אויף דער נאַסער פייכטער ערד, האָב איך ערשט דערפילט וואו איך געפין זיך און געבליבן פאַרגליווערט. כ'האָב נישט געקענט קיין טרער לאָזן וואָס זאָל מיר לייכטער מאַכן דאָס שווערקייט וואָס האָט מיך גע־פּרעסט צום דערשטיקט ווערן. כ'האָב ערשט אָנגעהויבן פאַרשטיין אַז איך קום פון מיידאַנעק, פון אוישוויץ, וואו מיינע טרערן קוואַלן זיינען אויס־געטריקנט געוואָרן. דאָרט האָב איך פאַרלוירן יעדע געפיל, געבליבן בין איך בלויז ביי אַ טעמפּן ווילן צום לעבן, געשטויסן פון אַן אומבאַוואוסטע קראַפט.

**די באַפרייאונג**

אַזוי זייענדיק אַרומגענומען מיט אַ שווערע אומהיימלעכקייט וואָס האָט מיך געוואָרפן, געריסן און געשווידערט, דערהערן מיר אַ געשריי: דאַנערוועטער! אַרויס! איך קוק זיך אום, עס שטייט אַ ס. ס. מאַן מיט אַ רעוואָלווער געצילט צו אונז. ווער זייט איר! האָט ער זיך צעשריען. טויט דערשראָקן האָב איך זיך אָנגערופן, אַז מיר זיינען העפטלינגער אָנע שוך. וואָסאַראַ העפטלינגער! האָט ער זיך נאָך העכער צעשריען. איך האָב אים געזאָגט דעם אמת אַז מיר זיינען אידן. האָט ער זיך שנעל צעקנעפּלט, אויסגעטאָן דאָס רעקל אַלס ס. ס. מאַן און איז געבליבן שטיין אין אַ רוסישע רובאַשקע פול מיט מעדאַלן, און אַ געשריי געטאָן: ווסטאַווייטע רעביאַטאַ —— איר זייט פון אַלע צרות באַפרייט! הוראַ! הוראַ! האָבן אַלע מיט איין קול אויסגעשריען.

דאָס איז געווען דעם 23־טן אַפּריל, 1945. די דאַטע וועל איך אין מיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן. ער האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ גרויס הויז וואו ס'איז שוין געווען דאָקטוירים. יעדערן באַזונדער האָט מען באַטראַכט און געגעבן פאַרשידענע מעדיצינען און גלייכצייטיק אונז געקאָר־מעט. אַ שטיקל צייט זיינען מיר געווען אונטער דער רוסישער שוץ, אַביסל מענטשן זיינען געשטאָרבן וואָס האָבן אפשר צופיל געגעסן, און ביסלעכווייז בין איך געקומען צו די כוחות און בין אַוועקגעפאָרן קיין פוילן.

אין פוילן האָב איך געזען אַז איך האָב ניט קיין היים וועגן וועלכער איך דאַרף טראַכטן. מיינע נאָענטע זיינען טויט, פון די גאַסן ווייעט דער שרעקלעכער גרויל, די שטיינער זיינען פאַרקלעפּט מיט בלוט פון די

אויסגעשאָכטענע אידן וואָס וועלן שוין קיינמאָל נישט אויסגעטריקנט ווערן, די פּאָר הייזלעך וואָס איך זע שטייען ווי שוואַרצע מצבה׳ס אויף אַ בית-עולם, מיין אָרעם אידיש שטעטעלע טאָמאַשאָוו לובעלסקי, איצט ביסטו איין גרויסער מאַסן קבר. איך בין באַלד פון פּוילן אַוועק מיט דעם ביסל על־פּי־נס ניצול געוואָרענע אידן, קיין דייטשלאַנד, וואו מען האָט זיך אָנגעהויבן קאָנצענטרירן אין די אַזוי גערופענע ד. פּ. לאַגערן. דאָרט האָב איך אינגאַנצן קיין רו ניט געהאַט. גאַנצע נעכט האָב איך געשריען פון שלאָף, איך האָב אָפּט זיך שלאָפן נישט געוואָלט לייגן, איך בין שטאַרק אויסגעמאַטערט געוואָרן, ביז ענדלעך איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ישראל, וואו איך האָב אין מיינע גרויליקע יאָרן אַפילו חלומ׳ן ניט געקענט.

היינט געפין איך זיך אין ישראל מיט אַ מאַן און צוויי האַרציקע קינדערלעך, און עס וויטיקט און עס בלוטיקט אין האַרץ וואָס מיינע נאָענטסטע און מיינע טייערסטע האָבן עס ניט דערלעבט, און קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן וואָס היטלער ימ״ש האָט אָפּגעטאָן מיט אונזער פאָלק. זכור את אשר עשה לך עמלק!!!




טשארני קויפמאן־איילין

# מיינע איבערלעבונגען

**● טשאַרנע קויפמאַן־איילען**
אויפגענומען דורך יעקב שוואַרץ

**מיר** האָבן געוואוינט אין טאָמאַשאָוו אויף דער שול גאַס שקאָלנע 21 וואו מיר האָבן אין אַ גענוג קליין שטיבל געפירט אַ בעקעריי. מיינע עלטערן ע״ה האָבן זייער שווער געאַרבעט, ווייל אויף אַ גרעסערע וואוינונג, וואָס אַ בעקעריי האָט געפאָדערט, האָבן מיר זיך נישט געקענט דערלויבן. און כשר און ערלעך האָבן זיי זייער פּרנסה פאַרדינט. איך און מיין עלטערע שוועסטער חנה, האָבן אין שטוב צוגע־האָלפן באַקן, און נאָך דער אַרבעט האָב איך זיך געלערנט שניידעריי.

אין דער לעצטער צייט האָבן די גרויסע שטייערן ממש געריסן די הויט. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט אויף טריט און אויף שריט. מיר זיינען שטענדיק געווען אַריינגעקוועטשט אין די הייזלעך וואו אַרום און אַרום האָט מען געפילט די גיפטיקע שנאה צום איד, וואו די לופט, די זון, די ערד, דער הימל און אַפילו דער ווינט האָט געהערט צום גוי. איז טאַקע ניט קיין וואונדער וואָס לויט מיין מיינונג האָט אַ שוואַרצער פעסימיסטישער ווינט געבלאָזן אין שטעטל און האָט בשום אופן ניט צוגעלאָזט קיין שטראַל פון דער זון, אָבער קיינמאָל האָב איך זיך ניט געלאָזט איינגאַנצן פאַרוויגן מיט דעם פעסימיזם, נאָר געהאָפט אויף אַ בעסער לעבן, אויף אַ בעסערן מאָרגן...

## מיינע פיר גוטע יאָרן אין וולאָצלאַוועק

אין 1935 האָב איך חתונה געהאַט קיין וולאָצלאַוועק, מיין מאַן וועלכער שטאַמט אַליין פון שידלאָוויץ־ראַדאָמסק האָט געוואוינט אין וולאָצ־לאַוועק, וואו מיר האָבן זיך שיין איינגעאָרדנט אַ שיינע וואוינונג מיט שיין מעבל. מיין מאַן האָט זייער גוט פאַרדינט. אין מיינע פרייע שעה׳ן

פלעג איך פאַרברענגען אין אַ גוטע קולטורעלע געזעלשאַפט, און האָב באמת אָנגעהויבן דערפילן מיין שטיל באַשיידן גליקלעך משפחה־לעבן. אָבער נאָר פיר יאָר האָט פאַר אונז אַזוי שיין געלויכטן די זון.

## מיינע שרעקלעכע דריי מאָנאַטן ביי די דייטשע הענקער

אין יאָר 1939 האָט אויסגעבראָכן די שרעקלעכע קריג און באַלד דעם זעלבן טאָג האָבן די דייטשע רוצחים באָמבאַרדירט וולאָצלאַוועק, וואו עס זיינען געפאַלן הונדערטער הרוגים. דעם 2־טן טאָג פון קריג האָבן שוין די מערדער אַריינמאַרשירט מיט רעש און געפילדער אין שטאָט, און יעדן איד וואָס זיי האָבן געטראָפן האָבן זיי דערשאָסן. ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכע בהלה, די אידישע באַפעלקערונג איז אַרומגעלאָפן ווי משוגע, זוכנדיק באַהעלטענישן, און נישט וויסנדיק ווי אַזוי צו זוכן אַ רעטונג.

פונקט ראש־השנה ביינאַכט, ווען אידן האָבן זיך בשתיקה צענויפ־געזאַמלט און מיט צעבראָכענע אָנגעווייטיקטע הערצער געדאַוונט און געבעטן רחמים אויף דער גרויסער בראָך וואָס האָט אונז אַלע אידן מיט איינמאָל געטראָפן, איז פלוצלונג מיט אַ ווילד געלעכטער אַריין צוויי ס. ס. מערדער און אָנגעכאַפּט אַ איד מיט זיין זון פון 19 יאָר און זיי אָפּגעפירט צו זיי אַהיים, געמאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע און נאָכדעם אַרויסגעפירט דעם פאָטער מיטן זון און שטאַרק געשלאָגן שרייענדיק צום פאָטער: פאַרפלוכטער יודע, שנעלער, שנעלער זאָלסטו אויסגראָבן אַ גרוב. ווען דער גרוב איז פאַרטיק געוואָרן האָבן זיי דערשאָסן דעם זון און גלייך אַריינגעשליידערט אין גרוב, און דער פאָטער נעבעך האָט געמוזט פאַר־שיטן דעם גרוב הערנדיק די געוואַלדן און געשרייען פון גרוב אַרויס פון זיין נאָך האַלב לעבעדיקן זון.

אויף צו מאָרגנס האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַלע מענער פון די שטובן, אויסגעשטעלט אין רייען צו אַכט, און מיט די הענט אין דערהויך האָבן אַלע געמוזט שרייען: „היינט ווערן מיר אַלע דערשאָסן ווייל מיר האָבן אַזוי פאַרדינט".

אַזוי איז געווען יעדן טאָג ווען מען איז געגאַנגען 6 אינדערפרי צו דער שרעקלעך שווערער צוואַנגס־אַרבעט און 6 פאַרנאַכט ווען מען איז צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט. יעדן טאָג זיינען אָבער אַלץ ווייניקער אידן אַהיים געקומען, פאַר אַ ליאַדע וואָס איז מען דערשאָסן געוואָרן, פאַר ניט קענען טראָגן אַ שווערע משא איז געקומען דער טויט, און הונדערטער מענטשן זיינען דערטרונקען געוואָרן. די אַרבעט איז באַשטאַ־נען אַרויסצונעמען פון זייער אַ טיף וואַסער פיליאַרן פון אַ בריק וואָס איז פון פריער צעזעצט געוואָרן.

מיין מאַן האָט אויך געאַרבעט ביי דער וויסטער אַרבעט, ווען ער איז אַהיים געקומען האָב איך אים ניט דערקענט, די אויגן פאַרנעפּלט, צעשלאָגן, פאַרבלוטיקט, נאַס, אויסגעווייקט. מיר האָבן געוויינט אויף אונזער פינסטערן גורל און ווער ווייס וואָס אַן אומגליק דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען. אַביסל פאַרלייכטערט די אַרבעט האָט מיין מאַן דערמיט וואָס ער איז געווען אַ גוטער שווימער.

## מיין מאַן אַנטלויפט קיין טאָמאַשאָוו

איינמאָל שוין ניט קענענדיק איבערהאַלטן איז ער אַוועקגעשוואומען אונטערן וואַסער, די מערדער האָבן אים אַ פּאָר מאָל נאָכגעשאָסן און על פּי נס האָבן אים די קוילן ניט געטראָפן, און ער איז פון דאָרט אַוועק. נאָך לאַנגע זייער שווערע וואַנדערונגען איז ער אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו זוכן מיינע עלטערן. טאָמאַשאָוו האָט ער אינגאַנצן ניט דער־קענט, קיין איין איד האָט ער ניט געזען. ביי אַ גוי׳ע איז ער געוואָר געוואָרן אַז מיינע עלטערן געפינען זיך אין ראַווע־רוסקע. ביז היינט קען איך ניט באַגרייפן ווי אַזוי עס איז אים געלונגען נאָך פאַרשידענע הינטער וועגן צו שוואַרצן די גרענעץ און אָנקומען קיין ראַווע־רוסקע. מיינע עלטערן זיינען שוין אָבער געווען אין רוסלאַנד. פון ראַווע איז מיין מאַן געפאָרן קיין ביאַליסטאָק האָפנדיק מיך צו געפינען. אַזוי האָבן מיר זיך פון פריער געהאַט אָפּגעשמועסט.

איך זייענדיק אין וולאָצלאַוועק בין איבערגעבליבן מיט מיין ברודער פישל און זיין פרוי און צוויי קינדער, וואו מיר האָבן שוין געטראָגן געלע לאַטעס. פון טאָג צו טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער. יעדער טאָג האָט מיט זיך נייע אומגליקן געבראַכט. מיינעם אַ שכן, אַ טייערער, האַרציקער עלטערער איד, האָבן די סאַדיסטן געכאַפּט און אויסגעריסן די שיינע באָרד און ווען פון זיין פּנים און קאָפּ האָט גערונען בלוט פון די קלעפּ, האָט ער געמוזט טאַנצן און זינגען, און זיי, די אויסוואורפן, האָבן הילכיק געלאַכט און דעם אומגליקלעכן אידן אין פאַרשידענע פּאָזעס פאָטאָגראַפירט ביז זיי האָבן אים פאַרפייניקט און ער האָט זיין הייליקע נשמה אויסגעהויכט.

געיאָגט פון אומרו און גרויס שרעק פון ווען געפינען אַ שטיקל רעטונג אין אונזער פאַרצווייפלטער לאַגע, האָב איך נאָך געמוזט גיין זוכן עפּעס צו עסן פאַר מיינע אויסגעהונגערטע קינדער. מיט דער געלער לאַטע האָב איך ניט געטאָרט גיין וואו מענטשן גייען נאָר אין מיטן שאָסעי וואו מען פאָרט.

איינמאָל, גייענדיק מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען אַ דייטשער מערדער. אין מאָמענט האָב איך זיך געוואָלט

אַוועקדרייען, אָבער זיין שאַרפער בליק מיט זיינע צוויי גזלנ׳ישע אויגן האָבן מיך אָבער צוגעשמידט צום אָרט. „קום פאַרפלוכטע יודין״! — האָט ער אַגעשריי געטאָן און אָנכאַפּנדיק מיך ביים האַלז האָט ער מיך אַריינגעפירט אין זייער אַ גרויסע ביוראָ און מיר באַפוילן אין אַלע צימערן אָפּצואוואַשן די פּאָלן, אויספּוצן אַלע שויבן, אַרומווישן אַלע טישן און דאָס מוז זיין געמאַכט ריין און זויבער לויטן געשמאַק פון דייטשן הערן פּאַלק, און אויב עס וועט אים ניט געפעלן וועט ער — און האָט געמאַכט אַ צייכן מיט זיין ווייז־פינגער איבערן האַלז. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר געבן אַ פּאָר שמאַטעס צום וואַשן, האָט ער מיר געגעבן אַ פּאַטש איבערן פּנים אַז ס׳איז מיר פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, פון די ציין האָט מיר גערונען בלוט, און ער דער רוצח האָט געשריען איך זאָל אויסטאָן ס׳קלייד און מיטן קלייד זאָל איך וואַשן. מיט גרויס חרפה און מיט אַ פאַרבלוטיקט הארץ האָב איך אויסגעטאָן ס׳קלייד און גענומען וואַשן און רוימען. אַ קוואַל פון טרערן האָבן זיך פון מיינע אויגן געגאָסן וואַשנדיק די פענסטער. איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט באַהערשן פון דעם ספּאַזמאַטישן געוויין וואָס האָט זיך געריסן ווי אַ שטורעם, ווייל נאָר אַ מאַמע קען האָבן דעם געפיל אַז ניט ווייט פון דאַנען ליגן מיינע אָרעמע קינדערלעך און וויינען און בעטן אַ שטיקעלע ברויט. נאָך 6 אָדער 7 שעה האָב איך געענדיקט די אַרבעט. דער מערדער איז אָנגעקומען, האָב איך שוין געהאַט מיין קלייד וואָס איז שוין געווען צעריסן, איבערגעשווענקט און נאַסערהייט אָנגעטאָן. ער האָט געשמייכלט, עס איז אים וואַרשיינלעך געפעלן. ווי אין מאָמענט איז זיין פּרצוף אָנגעצונדן געוואָרן און אַ ווילדן געשריי געטאָן: הערויס, דו שמוציקע יודין! אַ קאָפּע געטאָן און אַרויסגעוואָרפן.

„אַהיים״ קומענדיק פאַרמאַטערט, הונגעריק, באַשפּיגן און באַליידיקט, דאָס געוויין פון די קינדער האָב איך מער ניט געקענט איבערטראָגן, בין איך אַוועקגעפאַלן אין חלשות. נאָך אַ לענגערע צייט בין איך געקומען צו זיך, און צוויי וואָכן בין איך געלעגן קראַנק.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט מען יעדע פּאָר טעג געמאַכט רעוויזיעס אין אַלע אידישע שטובן און צוגענומען אַלץ וואָס איז זיי געפעלן ווי וועש, קאָלדרעס, פוטערוואַרג, זילבערוואַרג און געלט, און יעדערער האָט עס געמוזט אַליין אָפּטראָגן וואו זיי האָבן געהייסן. ס׳איז געווען פאַלן ווען די מערדער האָבן אָפּגעריסן אויערינגלעך מיט שטיקער אויערן ווי אויך פינגערלעך פון די הענט. ווען מען האָט ביי מיר שוין אַלץ געהאַט צוגערויבט איז אַריינגעקומען אַ פאָלקס־דייטש און מיר געזאָגט אַז צייט 24 שעה זאָל איך פאַרלאָזן מיין וואוינונג און גאָר ניט מיטנעמען, אַלץ וואָס איז דאָ זאָל איך איבערלאָזן. אויף צומאָרגנס, באַלד אינדערפרי, האָט מיר

דער פאָלקס־דייטש געבראַכט אַ פּאַפּיר־שיין אַז ער האָט ביי מיר צוגע־נומען די דירה און אַז איך האָב רעכט צו פאָרן צו מיינע עלטערן קיין טאָמאַשאָוו. אַ באַקאַנטע גוי'ע האָט מיר באַזאָרגט אַ פּאַפּירל אַלס פּאָליאַטשקע און מיין נאָמען איז געווען צעשקאַ צערונסקאַ, הגם דאָס פּאַפּירל אָן אַ בילד וואָס איז זיכער גאָרניט ווערט געווען, האָב איך איר גוט באַצאָלט האָפנדיק אַז אפשר וועט עס מיר צוניצקומען ווי אויך דערמיט וואָס איך האָב מער ווייניקער אָן אַרישן אויסזען. זייער „גוטמוטיק" איז געווען דער פאָלקס־דייטש וואָס האָט מיר דערלויבט צו זיין אין „מיין" שטוב נאָך אַ פּאָר שעה.

## איך לאָז זיך קיין ביאַליסטאָק

ענדליך בין איך באָרוועס און נאַקעט מיט צוויי פּיצלעך קינדער ביי דער האַנט געגאַנגען דורך פאַרשידענע הינטער וועגן צו דער באַן. מיט האַרץ קלאַפּעניש האָב איך אָוועקגעוואָרפן די געלע לאַטע. אימה'דיק האָט אויסגעזען דער גרוי־טונקעלער הימל, שווערע שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך געיאָגט איינע איבער דער אַנדערע, און אָט איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטאַרקער שלאַקס רעגן און ס'האָט אויסגעזען ווי אַלץ וואָלט מיט־געוויינט אויף אונזער גרויסן חורבן. צוקומענדיק צום באַן־הויף קוים לעבעדיקע, בין איך אַריין אין אַ וואַגאָן וואו עס פאָרן גוים, ווייל אידן האָבן געמוזט פאָרן אין אַ באַזונדער וואַגן. אַ גאַנצן וועג האָב איך געהערט די געוואַלדן און געשרייען פונם וואַגאָן וואו עס זענען געווען אידן וואו די דייטשע באַנדיטן האָבן אַרויסגעריסן קליינע קינדער פון די מאַמעס אָרעמס און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער. דער גאַנצער וועג איז געווען מיט בלוט און טרערן. איך האָב אַפילו ניט געהאַט קיין רעכט צו וויינען ווייל כ'בין געווען צווישן גוים מען זאָל גאָרניט דערקענען.

די באַן האָט זיך געשלעפּט ביז וואַרשע. אין וואַרשע האָבן מיר געטראָפן בלויז חורבות. פון וואַרשע האָבן מיר זיך געשלעפּט קיין מאַלקין צו דער גרענעץ. מיט זייער שווערע ראַנגלענישן און שווערע מי מיט געשלעגן און קלעפּ איז מיר מיט די קינדער געלונגען אַריבערצולויפן דורך זייטיקע וועגן די גרענעץ. אָבער ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק זיינען מיר געלעגן 4 טעג אין אַ גרויסן גרוב וואו עס איז שוין פון פריער געלעגן מענטשן, ביז מיר האָבן דערזען אַ פלאַטפאָרמע און מען האָט אונז אויפגענומען און אָפּגעפירט קיין ביאַליסטאָק, וואו מיר האָבן פריייער אָפּגעאָטעמט און וואו עס האָבן זיך געענדיקט מיינע דריי חדשים'דיקע שרעקלעכע ליידן און פּיין. פאַרשאָלטן זאָלן די דייטשע מערדער זיין אויף דורי דורות, פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט, פאַר די בעסטיאַלישע מאָרדן פון אידישן פאָלק.

אין ביאַליסטאָק בין איך לאַנג ניט געווען, כ'האָב זייער פיל געליטן פון מיין קינד וואָס איז זייער קראַנק געוואָרן. שטייענדיק איינמאָל אין תור (אָטשערעד) נאָך ברויט האָב איך דערזען מיין מאַן, אַן אויס־געשריי פון פרייד און שטיקנדיקע טרערן האָבן מיר זיך אַרומגעכאַפּט און אויסדערציילט אונזערע טראַגישע איבערלעבונגען.

פון ביאַליסטאָק זיינען מיר געפאָרן קיין לעמבערג, דאָרט האָב איך זיך פון אַ טאָמאַשאָווער איד דערוואוסט, אַז מיינע עלטערן געפינען זיך אין וויניצע. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן צו זיי. מיט זיי איז שוין געווען מיין גאַנצע משפחה, מיין שוועסטער חנה מיט איר מאַן אַבא מיטן קינד, מיין ברודער פישל מיט דער פרוי און קינד (פּ. ס. ווי אַזוי מיין ברודער פישל מיט דער פרוי און קינד האָבן זיך אַרויסגעריסן פונעם דייטשן גהינום דאָס איז אַ באַזונדערע דערציילונג), אויך מיין ברודער אברהם מיט דער כלה. אַ שרעקלעכע בענקשאַפט איז מיך באַפאַלן צו מיין גאַנצער משפחה און מיר זיינען געפאָרן צו זיי.

## מיין לעבן אין רוסלאַנד

דער עשאַלאָן וואָס האָט אונז געפירט קיין רוסלאַנד איז אָבער ניט געגאַנגען קיין וויניצע נאָר קיין וואָראָניעזש, און דאָרט האָבן מיר געמוזט בלייבן. אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוואוסט דעם אַדרעס פון מיינע עלטערן און בין מיט זיי געווען אין כסדר'דיקן קאָנטאַקט.

אין יאָר 1941 בין איך געפאָרן קיין וויניצע צו מיינע עלטערן. אונזער פרייד איז געווען עד אין לשער, אויסדערציילנדיק אונזערע אַלעמענס איבערלעבונגען. אָפּזייענדיק אַ פּאָר טעג בין איך צוריקגעפאָרן וואו דאָס ערשטע אומגליק האָט מיך געטראָפן, מיין קראַנק קינד איז געשטאָרבן און דעם ערשטן קרבן געגעבן דורך די נאַצישע מערדער ימ"ש (ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, איז מיין קינד קראַנק געוואָרן ווען איך בין געלאָפן צו דער גרענעץ).

אין 4 וואָכן אַרום איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע קריג. אַן אימה האָט באַלד אַלעמען אַרומגעכאַפּט, דער דייטשער רוצח איז מיר געווען גוט איינגעשניטן אין זכרון. דערשראָקן און צעטראָגן גלייך ווי מען וואָלט מיך עמעץ צוריק אַריינגעוואָרפן אין יענער חשכות'דיקער צייט בין איך דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן אָטעם פון יענער גרויזאַמער גסיסה און טויט, אַלע שרעקלעכע, גרוילעכע בילדער זיינען מיר מיט איינמאָל אויפגעשוואומען פאַר די אויגן, כ'האָב דערזען מיין פאַרפייניקטן שכן ווי עס רינט פון אים ס'בלוט, כ'האָב דערהערט זיין לעצטן קרעכץ איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה, און דאָ דערזע איך שוין

אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנען מיט אידן וואָס מען האָט עוואַקואירט פון די שוין צעבאָמבאַרדירטע שטעטלעך, אידן מיט אויסגעלאָשענע צעשראָקענע אויגן, געוויינען און געשרייען פון קינדער, די מענטשן שלעפּן מיט זיך וואַליזעס, פאַמיליעס האַלטן זיך ביי די הענט, עלטערע האַלטן זיך קוים אויף די פיס, מאַמעס רופן קינדער און פאַרקערט, אַלעס שרייט פון גרויס פאַר־צווייפלונג. אין יעדן ווינקל האָב איך געקוקט און געזוכט אפשר, אפשר וועל איך דערזען מיינע טייערע עלטערן און ברידער מיט דער משפחה. ליידער, זיי זיינען ניט געקומען (מיין שוואָגער אבא גראָס איז שוין געווען אויפן פראָנט).

ניט לאַנג האָט געדויערט, און דער דייטשער פראָנט האָט זיך גערוקט קיין וואָראָניעזש. מיר האָבן זיך עוואַקואירט ווייטער, און שפּעטער נאָך ווייטער, אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט פון איין אָרט אויפן צווייטן ביז מיר האָבן זיך באַזעצט אויף איין אָרט און איבערגעלעבט די קריג, לעבנדיק כסדר מיט דער האָפענונג זיך צו דערוויסן וואו מיינע טייערסטע און נאָענטסטע געפינען זיך.

## אונזער צוריקער קיין פּוילן און די ווירקונג אויף מיר פון דער שלעכטער בשורה

צוריקקומענדיק קיין פּוילן האָבן מיר זיך באַזעצט אין ווראָצלאַוו. דאָס ערשטע בין איך געגאַנגען אין אידישן קאָמיטעט, אפשר וועל איך עפּעס געוואָר ווערן פון מיינע עלטערן. אויפן הויף קומט צו מיר צו דער הויכער יעקיל וואָלף שוסטער (זיין פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט) און זאָגט מיר: טשאַרנע, וועמען זוכסטו דען? ליידער האָט מען דיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער מיט דער גאַנצער פאַמיליע לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין אַ גרויס משפּחה קבר וואו עס ליגן 36 טויזנט אידן, און זייער פיל פון זיי טאָמאַשאָווער, אויך מיין פרוי מיט 5 קינדער ליגן דאָרט, איך אַליין בין געווען ביי דעם גרויסן קבר אַלס מיליטער־מאַן וואו איך האָב עס באַוויינט און פאַרלאָזט — —

פייערדיקע פונקען האָבן מיר אָנגעהויבן פליען פאַר די אויגן, כ׳האָב געפילט אַז אָט אָט פאַל איך אַנידער. און פון זיין מויל האָט זיך געשיט אַ ים מיט רייד, רייד וואָס האָבן געשטאָכן ווי גליענדיקע שפּיזן. גע־שילדערט ווי אַזוי נחום שולדינערס קינדער זיינען געשיקט געוואָרן אין שליחות צו די עלטערן אַז מאָרגן קומט פאַר די פולע פאַרניכטונג פון אַלע אידן, זאָלן זיי זען דעם מאָרגנדיקן טאָג ערגעץ וואו אויסבאַהאַלטן און אויך זאָגן נאָענטע שכנים זיי זאָלן זיך באַהאַלטן. דאַן איז נחום שולדינער

ע״ה געקומען צו מיין טאַטן, יודל איילען ע״ה, און געזאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן אַז דאָרט וואו אַלע אידן גייען דאַרפן מיר אויך גיין. זיי זיינען טאַקע געגאַנגען, און אַזוי טייער באַצאָלט.

ער האָט אויך דערציילט דאָס טראַגישע אומקומען פון מיין שוועסטער חנה ע״ה. זי איז געשטאַנען ביים אָפענעם גרויסן גרוב מיט איר שיין האַרציק טעכטערל און ספּאַזמאַטיש געוויינט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. אין גרוב זיינען שוין געווען אַריינגעשליידערט מיינע עלטערן מיט דער גאַנצער משפחה און האָבן פון גרוב אַרויסגעוויינט. אַ דייטשן מערדער האָט ווייזט אויס אַ מענטשלעך געפיל באַהערשט און זי אַוועקגעיאָגט. האָט זי מיט שטאָלץ אַ געשריי געטאָן: האָב נישט קיין רחמנות אויף מיר, דאָרט וואו מיינע עלטערן, ברידער און אַלע אידן גייען גיי איך אויך! און גלייך אַריינגעשפּרונגען מיטן קינד אין טיפן קבר אַריין, וואו מען האָט ניט דערשאָסן נאָר גלייך פאַרשיט. דאָס האָט אים דערציילט אַ ניצול-געוואָרענער איד וואָס האָט געקענט מיין משפחה, אויסרעכנדיק אים אַלע טאָמאַשאָווער וואָס זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן.

איך בין אַנידערגעפאַלן און פאַר׳חלש׳ט. איך בין קראַנק געוואָרן. אַ לאַנגע צייט בין איך געלעגן און מיין פאַרבלוטיקט האַרץ קען זיך ניט פאַרהיילן: איינע בין איך איבערגעבליבן פון מיין גאַנצער משפחה. הײַנט געפין איך זיך אין ישראל מיט דריי קינדער מיט מיין מאַן וועלכער איז אויך געבליבן איינער פון 8 קינדער. און אין מיין האַרץ, טראָג איך אַ טיפע וואונד, פאַר די אויסגע׳שחט׳נע 6 מיליאָן קדושים, און צווישן זיי, מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, וואָס וועלן שטענדיק הייליק און טייער בלייבן אין מיין זכרון.




בערל הירשענזאהן

# אויף די כוואלעס פון היטלער שטורם

● **בע׳ל הירשענזאהן**
אופיגענומען דורך י. שוואַרץ

בערך זיבן קילאָמעטער פון דעם באַרימטן לאַגער בעלזשעץ געפינט זיך מיין שטעטל טאָמאַשאָוו לוב. וואָס האָט אפשר מער פון אַלע שטעטלעך זיך אָנגעטרונקען מיט ימים טרערן פון צענדליקער טויזנטער אידן פון גאַנץ אייראָפּע וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אויף זייער לעצטן וועג קיין בעלזשעץ. וואָס מיר ווייסן נאָך נישט אַפילו גענוי דעם טרויעריקן סך־הכל פונ׳ם טאָטאַלן אונטערגאַנג און פאַרניכטונג פונ׳ם אידישן שטעטל, ווי אויך האָט זיך יעדער שטעטל באַזונדער זיין ספּעציפישע געשיכטע, זיין אייגנאַרטיקןליידנס־וועג וואָס ווערט דערציילט וועגן דער פאַרשידנ־אַרטיקייט פון דעם גרויסן אומגליק. מיט מיין באַשרייבונג וויל איך שטעלן אַ מצבה דעם אויסגעשאָכטענעם אידישן שטעטל טאָמאַשאָוו לוב. און אויך פאַר די אומגליקלעכע אידן וואו איך האָב זיך געפונען אין מיין פאַר־וואָגלטן לעבן בעת׳ן נאַצישן גהינם, וואָרום עפּעס אַ הייליק מיסטעריום, אַ בלוטיקער סימבאָל וויקלט זיך אַרום דעם עבר פון מיין שטעטל, און ביים פאַראייביקן דעם אָנדענק פון יענע קדושים שוועבט אום זייער גייסט, דערוועקט, דערמאָנט, און מאָנט: פאַרגעסט ניט אָן אונז!

מיטן אויסברוך פון קריג אין יאָר 1939 בין איך מיט מיין פאַמיליע וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן פּערזאָן, מיינע עלטערן און דריי ברידער, אַ שוועסטער און איך אַלס אינגל אין 14־טן יאָר, מיט׳ן אריינקומען פון די דייטשע רוצחים האָט זיך באַלד אָנגעהויבן ס׳גהינום. צרות און פּיין, הונגער און נויט, דאָס כאַפּעניש אויף צוואַנגס־אַרבעט מיט פאַרשידענע דערנידערונגען און שיסערייען. די גוים פונעם שטעטל האָבן אָנגעשאַרפט די מעסערס אויף רויב, גזילה, רציחה און פאַרגוואַלטיקונגען א. ז. וו. עס איז דאַן אָבער אַ נס געשען: ווען די גוים האָבן זיך געגרייט אויף אַ פּאָגראָם וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען צען אַזייגער ביינאַכט, זיינען די

רוסן דאָן ביינאַכט אַריין קיין טאָמאַשאָוו און די אידישע באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, און מיט געמישטע געפילן אויפגענומען די רוסן. אידן האָבן זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צום נייעם רעזשים. די פּאָליאַקן אָבער האָבן מיט זיין קריצעניש זיך צוגעקוקט צו דער סאָוויעטישער הער־שאַפט. דער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט דאָ געשפּראָצט שוין פון לאַנגע יאָרן און איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פון די גוים, איז מיטן אַריינקומען פון די סאָוויעטן געוועזן דער אמת'ער ברענשטאָף וואָס האָט נאָך מער אויפגעבלאָזן דאָס פייער פון שנאת־ישראל, וואָרום יאָרן לאַנג האָט מען דאָך אויף דער פּוילישער ערד געפּרעדיקט „זשידאָ־קאָמונאָ", און יעצט נעמען די אידן אויף די רוסן ווי אייגענע גוטע פריינט, און עס איז שוין גלייכער די דייטשן איידער די באָלשעוויקעס — האָבן זיך די גוים געטראַכט.

עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און ס'איז אַרויס אַ קלאַנג אַז די רוסן וועלן אינקורצן עוואַקואירן ווייל טאָמאַשאָוו מוז, לויט אַן אָפּמאַך, געהערן צוריק צום דייטש. פון אָנהויב האָבן די רוסן געלייקנט און געזאָגט אַז דאָ וואו זיי שטעלן אַריין אַ פוס און „באַפרייען" די מענטשן פון דער קאַפּיטאַליסטישער־פאַשיסטישער אָרדענונג גייען זיי שוין מער ניט אַרויס. אין אַ פּאָר טעג נאָכן קלאַנג האָבן די רוסן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט. פיל אידן זיינען מיט זיי מיטגעפאָרן, מערסטנס אַרבעטער, בעלי־מלאכות און סתם מענטשן מיט אַ קלאָרן שכל און בליק, ווייל ניט אַלע אידן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון ווי גרויס עס איז די סכנה. עס איז נאָך געווען מענטשן וואָס האָבן געמיינט אַז מיט די דייטשן וועט אפשר מעגלעכער זיין צו לעבן ווי מיט די באָלשעוויקעס. ווי אַזוי לאָזט מען עפּעס איבער אַ היים, אַ שטיקל פאַרמעגן און מען גייט וואַנדערן אין גלות אַריין? און די אידן האָבן איבערגעלאָזט זייער גורל אין די הענט פון דער צוקונפט און זיינען געבליבן שפּעטער אַזוי ביטער אַנטוישט געוואָרן.

איך מיט מיין פאַמיליע זיינען מיט מיט די רוסן ביז ראַווע רוסקע. אין ראַווע האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין שול וואָס איז געווען פול מיט פּליטים, אָדער ווי מען האָט אונז גערופן ביעזשניצעס. די לאַגע איז געווען אומדערטרעגלעך, די אומריינקייט, דאָס נישט האָבן וואו עפּעס צו פאַרדינען, און בכלל די גאַנצע אַטמאָספערע בנוגע די ביעזשניצעס האָבן ממש גע־שטיקט. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געשטעלט אַן עשאַלאָן אָפּצופירן קיין רוסלאַנד פרייוויליק. איך מיט מיין פאַמיליע זיינען אָפּגעפאָרן אין זשמערינסקי ראַיאָן. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט פאַרשידענע אַרבעטן. מיינע עלטערן אָבער האָבן זיך באַין אופן ניט געקענט באַהערשן, ערשטנס צוליב כשרות און צוליב אַנדערע סיבות. מיין משפּחה און נאָך אַנדערע 25

טאָמאַשאָווער משפחות האָבן זיך פאַרשריבן צוריקצופאָרן. מיין פאָטער איטשע הערשענזאָן (ראַכאַנער) מיט דער משפחה, איטשע לאָדען מיט דער משפחה, דוד אויפן (מלמד) מיט דער משפחה, געצעלע יאַרטשעווער (אַ בהמה סוחר), דער אַלטער בערישל (קאַשעמאַכער) און פיל אַנדערע משפחות וואָס כ׳געדענק ניט ווי אַזוי מען האָט זיי גערופן. מען האָט אונז געפירט און באַזעצט אין סקאַלאַטער ראַיאָן אין אַ דאָרף הורודניצאַ און דער נעבן נאָך אַ דאָרף וואָס האָט געהייסן קריווע. דאָס אַלעס האָט פריער געהערט צו פוילן און יעצט איז דאָ געווען איינגעפירט דער גאַנצער רוסישער סיסטעם מיט קאָלכאָזן און סאָווכאָזן. ס׳רוב באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אוקראַאינער וואָס האָבן פיינט געהאַט די רוסן בתכלית השנאה, און נאָך מער די אידן, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר קאָמוניסטישע אויסוואורפן.

דעם 22. 6. 1941. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטש־לאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד האָט ניט לאַנג געדויערט און די דייטשע מערדער האָבן אונז דערכאַפּט. באַלד דעם ערשטן טאָג האָבן די אוקראַאינער מיט די ס. ס. באַנדיטן באַפאַלן דאָס דאָרף קריווע און וויפל טאָמאַשאָווער משפחות און פיל פון אַנדערע שטעט האָבן זיי דערשאָסן לעבן די שטובן (עטלעכע טאָמאַשאָווער משפחות האָבן די נ. ק. וו. ד. געהאַט מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעפירט קיין סיביר). צוויי טעג זיינען געלעגן די קרבנות און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיי באַהאַלטן, ביז ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן שפּירן האָבן זיי די אוקראַאינער באַהאַלטן אין איין גרויסן מאַסן־קבר. פונם גאַנצן דאָרף קריווע איז געבליבן לעבן איין טאָמאַשאָווער איד, בערישל קאַשעמאַכער (איטשע לאָדנס אַ שוואָגער). די ס. ס. מערדער האָבן אים ניט געטשעפּעט, ער איז געשטאַנען און געקוקט ווי מען האָט דערמאָרדעט זיין גאַנצע פאַמיליע. ער האָט טאַקע אַ גרויסן זכות געהאַט, ער איז שפּעטער געשטאָרבן מיט זיין אייגענעם טויט אין סקאַלאַטער געטאָ וואו מיין פאָטער ע״ה האָט אים קובר געווען אויפן סקאַלאַטער בית־עולם. אין דאָרף הורוד־ניצע זיינען מיר געבליבן נאָר צוויי פאַמיליעס. די דייטשע מערדער זיינען אויף פערד מיט אויסגעשטרעקטע אויטאָמאַטן ווילד אַריין אין דאָרף אַריין. פונקט איז מיין מוטער ע״ה געשטאַנען אין דרויסן, האָבן זיי זי געפרעגט צי עס געפינען זיך דאָ אידן. מיין מוטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זיינען זיי אַוועק און באַלד נאָך זיי זיינען אָנגעקומען אוקראַאינישע פּאָליציי און געכאַפּט מיך, מיין פאָטער מיט די ברידער און געצעלע יאַרטשע־ווער, מען האָט אונז געפירט שטאַרק באַוואַכט און צוגעפירט ביז אויף אַן אָרט און אונז געוויזן אויף צוויי געה׳רג׳עטע אידישע אינגלעך וואָס זיי האָבן דערשאָסן, אַז מיר זאָלן זיי באַגראָבן. מיר האָבן באַלד אויסגעגראָבן אַ גרוב און זיי באַהאַלטן. נאָכדעם האָבן זיי אונז געהייסן אויסגראָבן גריבער פאַר אונז. אינמיטן גראָבן איז אָנגעלאָפן מיין מוטער ע״ה מיט דער שוועס־

טער און געצעלע יאַרטשעוועדס פרוי מיט די דריי טעכטער און זיי האָבן שטאַרק אָנגעהויבן וויינען און בעטן און פאַלן צו די פיס און מען האָט אונז אָפּגעלאָזט.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע אידן פון דער גאַנצער געגנט מוזן קומען קיין סקאַלאַט אין דער דזשעלניצע און דאָרט וועט מען שאַפן אַ געטאָ, אידן וועלן אַרבעטן און ס'וועט זיין אין אָרדענונג. איך בין מיט מיין פאַמיליע אַריבער קיין סקאַלאַט און דאָרט געוועז ביז מען האָט געשאַפן אַ געטאָ.

אין געטאָ האָבן מיר ערשט אָנגעהויבן צו ליידן פאַרשידענע צרות, געליטן הונגער און נויט און עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע קראַנק־קייטן. די אידישע פּאָליציי איז געווען אַ שרעקלעכע, פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט האָבן זיי געשלאָגן און געפּייניקט. דער טרויעריק באַרימטער פּרעזעס פון יודן־ראַט מאיר נידלער וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט זיין אַכזריות'־דיקייט און וועלכער האָט אַזוי געטריי איבערגעגעבן די דייטשע הענקער געדינט פון וועלכן ער האָט שטענדיק צום קאָנטיגענט וואָס די דייטשן האָבן פון אים פאַרלאַנגט געגעבן פיל מענטשן מער. ער איז איינמאָל אַריינגעקומען מיט אידישע פּאָליציי און געשריען צו מיין טאַטן ער זאָל אים זאָגן וואו זיין זון איז. מיין עלטערער ברודער האָט פּונקט דעמאָלט געאַרבעט אין אַ פּאַלוואַרק. מיין פאָטער האָט ניט געוואָלט זאָגן. האָט נידלער געגעבן אַ וואונק צו אַ פּאָליציאַנט און ער האָט גענומען שלאָגן מיט אַ גומענעם שטעקן מיין אַלטן צעבראָכענעם טאַטן. ווען ער איז שוין געווען כמעט האַלב טויט און ס'בלוט האָט שוין געראָנען פון אַלע זייטן האָבן זיי אים דערמינטערט און אים אַוועקגענומען אין קאַמיאָנקער לאַגער אַריין וואָס דאָרט האָט ער שוין געדאַרפט זיין אַ קאַנדידאַט קיין בעלזשעץ. אין דעם לאַגער האָט ער שוין געהאַט צענויפגעכאַפּט אַ גרויסע צאָל אידן וועלכע ער האָט באַדאַרפט צושטעלן אויף דעם און דעם טאָג מען זאָל זיי אַוועקפירן קיין בעלזשעץ. עס זיינען אָבער געווען פיל רייכע וואָס האָבן זיך פאַר פיל געלט און גאָלד אויסגעקויפט און אויף זייער אָרט האָט ער געמוזט אויפכאַפּן אַנדערע. יעדע 2־3 מאָנאַטן איז פאָרגעקומען אַקציעס, ווילדע אַקציעס. די אוקראַאינישע, אידישע און דייטשע פּאָליציי האָבן געכאַפּט און געפירט צוערשט אין דער שול אַריין. דער פּרעזעס נידלער איז אַ ווילדער אַרומגעלאָפן און געגנישטערט און געזוכט, געשלעפּט און געשלאָגן מכת־רצח. דאָס געוויין פון קינדער און פרויען האָט געלע־כערט די אויערן. — טו אַלץ כדי מיר זאָלן לעבן! האָט די שוויגער פון פּרעזעס נידלער געזאָגט צו איר אידעם — זאָלסט אַפילו דאַרפן שיקן טויזנטער, טויזנטער אַנדערע! (מען זאָגט אַז די שוויגער מיט איר אידים לעבן טאַקע היינט ערגעצוואו). נו האָט ער טאַקע געאַרבעט געטריי. דער

אָבערשטורמפירער מילער איז פון אים געווען זייער צופרידן. דער פּרעזעס נירלער און דער קאָמענדאַנט פון דער אידישער מיליץ זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין פיינע עלעגאַנטע רייט־הויזן מיט אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך אין די בלויזע העמדער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, פאַרשוויצטע, צעפלאַמטע און צעיושעטע, מיט רייט־בייטשן אין די הענט, גלייך ווי די דייטשן זיינען זיי אַרומגעלאָפן אינאיינעם מיט די צעווילדעוועטע דייטשן און אוקראַאינישע קיילערס, פון שטוב צו שטוב, פון בוידעם צו בוידעם, פון קעלער צו קעלער, געשלעפּט, געריסן, געשלאָגן און געשריען ווי די ווילדע חיות, ניט ערגער ווי זייערע גוטע לערער. די שול איז געווען פול געפּאַקט, אויך אין פּאָליש און אין דער ווייבערשער שול איז געווען די ענגשאַפט גרויס. עס האָבן זיך שוין דאָרט געפונען טויטע און פאַר׳חלש׳טע. פון שול האָט מען די אומגליקלעכע אונטער קללות און געשרייען, אונטער אַ האָגל פון בייטשן, געפירט צו דער באַן-סטאַנציע און אַוועקגעפירט קיין בעלזשעץ.

נאָך דער שרעקלעכער אַקציע איז געקומען אַן אָטעם פויזע, מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון פאַרשידענע באַהעלטענישן. איך מיט מיין משפחה האָבן אין געטאָ געהאַט אַ פאַרמאַסקירטן בונקער און ס׳איז אונז געלונגען, מען האָט אונז ניט געכאַפּט. עס איז אויך געווען פיל פּראָטעקציע מענטשן וועלכע האָבן געהאַט דערווייל אַ רעכט צו לעבן. די מענטשן האָבן זיך געבראָכן די הענט, וואָס טוט מען ווייטער? די שרעק האָט אַרויסגענומען דעם מאַרך פון די ביינער. אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן מיר באַמערקט אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט, עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, די מערדער האָבן זיך ווילד אַריינגעריסן און אָנגעהויבן אַרויס־צופירן די אומגליקלעכע, און צווישן זיי מיינע טייערע עלטערן און מיין איינציקע שוועסטער. איך בין צופעליק דעמאָלט אין געטאָ ניט געווען, כ׳האָב זיך אַרויסגע׳גנב׳ט און בין געגאַנגען בעטן ברויט. אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען די אַקציע, וועלכע האָט געדויערט דריי טעג און דריי נעכט. הינטער דער שטאָט האָבן די קרבנות אַליין געמוזט אויס־גראָבן פאַר זיך גריבער. ווי אַזוי מיין ברודער איז דעמאָלט געלונגען צו אַנטלויפן פון די גריבער ווייס איך נישט. דריי טויזנט אידן, מענער, פרויען און קינדער האָט מען ביים ראַנד פון גרוב דערשאָסן. וועמען עס האָט קיין קויל ניט געטראָפן איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן לעבעדיקערהייט. די קולות האָבן צעריסן די הימלען, מענטשן זיינען געפאַלן נאַקעטע צו די פיס פון די מערדער און געבעטן רחמים, די רוצחים האָבן נאָר חוזק געמאַכט און מערדערלעך געשלאָגן. אונטער דעם ניט אויפהערנדיקן גע־וויין פון די קברים אַרויס, האָבן די אוקראַאינישע פאָליציאַנטן פאַרשאָטן די קברים. דאַן האָבן זיך די תלינים ווי די היישעריקן געוואָרפן אויף די קליידער, באַטאַפּט, באַזוכט יעדן מלבוש און געשטופּט אין זייערע

קעשענעס דאָס אידישע גאָלד און אַנדערע ווערט זאַכן. זיי האָבן גיך אויפגעלאָדן די קליידער אויף אויטאָס און אַוועקגעפאָרן איבערלאָזנדיק פרישע פאַרבלוטיקטע קברים וועלכע האָבן זיך געהויבן ווי צעוויגטע כוואַליעס. אין די קברים אונטער דער ערד האָבן זיך געפּלאָכטן מענטש־לעכע גלידער, געריסן, געביסן איינער דעם אַנדערן, ניט געפינענדיק קיין רו. די קברים האָבן געקרעכצט און געוויינט. דעם גאַנצן פאַרלויף פון דער אַקציע האָט איבערגעגעבן אַ מיידל וועלכע איז געווען פאַרשאָטן און ס׳איז איר געלונגען אַרויסצודראַפּען אָדער ס׳האָט זי ווער אַרויס־געשלעפּט, ווייל אירס אַ שטיק קערפּער איז געווען אינדרויסן, אַזוי האָט מען מיר דערציילט.

איך מיט מיין ברודער וועלכן איך האָב געפונען אַן אַנטלאָפענעם פון די גריבער איז געווען מער טויט ווי לעבעדיק, ער האָט גאָרניט געוואָלט ריידן אָדער ער האָט ניט געקענט. מיר זיינען געלאָפן אין געטאָ כדי פון אונזער בונקער נאָך עפּעס אַרויסנעמען כדי צו קענען קריגן דערפאַר עפּעס צו דערנערן. אַריינקומענדיק אין געטאָ איז אונזער בונקער שוין געווען אויפגעריסן און טרעפנדיק דאָרט אַ באַנדע אוקראַינישע רויבער וועלכע האָבן געשטופּט אין די זעק אַריין וואָס ס׳איז זיי אונטער־געקומען. דערזעענדיק אונז האָבן זיי געמיינט אַז מיר זיינען אויך געקומען ראַבעווען. זיי האָבן צו אונז געשמייכלט. אין אונזער בונקער האָבן מיר אַ פּאָר קליינינקייטן געפונען און אַרויס פון געטאָ. וואו גייט מען? מיר זיינען אַוועק צו אַ באַקאַנטן גוי הינטער דער שטאָט און מיט טרערן אין די אויגן זיך ביי אים איינגעבעטן אויף אַ פּאָר טעג. לענגער האָט ער אונז ניט געוואָלט האַלטן. ער האָט אונז דערציילט אַז נעכטן האָט מען אין לאַגער קאַמיאָנקע אויסגעשאָסן עטלעכע טויזנט אידן. דאָס איז שוין געווען ענדע 43־טע יאָר. איך מוז דאָ צוגעבן אַז מיט אַ צייט צוריק האָב איך אַ קורצע צייט געאַרבעט אין קאַמיאָנקער לאַגער פון וועלכן דער לאַגער פירער האָט מיך געפייניקט אויף טריט און אויף שריט. איך מיט מיין ברודער זיינען אַנטלאָפן אין אַ וואַלד אַריין, דאָרטן האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אַ לענגערע צייט. ביינאַכט פלעגן מיר אויסבעטלען עסן ביי די גוים פון וועלכן מיר האָבן ניט איינמאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן. עס איז אונז שוין נמאס געוואָרן ס׳לעבן.

איינמאָל זיינען מיר אָנגעקומען צו אַן אוקראַינער און זייער שטאַרק געוויינט ער זאָל אונז ראַטעווען. ער האָט אויף אונז רחמנות געקראָגן און אונז אַרויפגענומען אויפן בוידעם און אונז באַהאַלטן. ער האָט זיך זייער גוט צו אונז באַצויגן. ביינאַכט פלעגט ער אונז ברענגען עסן און אַ סך מאָל אונז אַריינגענומען אין שטוב אַריין כדי זיך אַרומצוואַשן. זיין גאַנצע משפחה האָט פון אונז געוואוסט, אַפילו זיינס אַ מיידעלע

פון 12 יאָר האָט אויך פון אונז געוואוסט און קיינער פון זיי האָט קיינעם ניט דערציילט. ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן פון זיין דער־ציילן, איז ער אַליין אין געהיים געוועזן אַ סובאָטניק. אַ פּאָר מאָנאָטן זיינען מיר ביי אים געווען, ער וואָלט אונז געוואָן אויסבאַהאַלטן ביז ענדע, ווען עס זאָל ניט געווען געשען דאָס וואָס ס'איז געשען:

אין אַ געוויסן זונטיק זיינען זיך די סובאָטניקעס צו אים צוזאַמענ־געקומען, און נאָכדעם זיינען זיי אַלע אַוועק אָפּריכטן זייערע תפילות. איז אַ שיגץ אַרויף אויפן בוידעם צו גנב'נען אייער און האָט אונז באַמערקט, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: געוואַלד, זשידי, און פאַר שרעק איז ער אַראָפּגעפאַלן פון דער לייטער. מיר האָבן שנעל אויפגעריסן דעם שטרויענעם דאַך און זיינען אין איין אָטעם געלאָפן אין די פעלדער אַריין. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אונז נאָכגעיאָגט מיט הינט, מיט ווידלעס און שטעקנס. מיר זיינען אַריין אין אַ לאָן פון האָבער. אין זייער גרויסע שרעק זיינען מיר אַזוי אָפּגעלעגן ביז איינס אַזייגער, בערך, ביינאַכט.

שפּעטער זיינען מיר געגאַנגען צו אַ גוי אַ פּאַליאַק, וואָס האָט געהאַט געוואוינט נעבן אונז. ער האָט אונז געגעבן ברויט און אונז געהייסן אַנטלויפן, ווייל מען זוכט אונז. ער האָט אונז אויך דערציילט, אַז דעם סובאָטניק האָבן די דייטשן געוואָלט שיסן, ער האָט גע'טענה'ט אַז ער האָט ניט געוואוסט. זיינע חברים האָבן אים אָפּגעראַטעוועט. מיר זיינען אויך שפּעטער געוואָר געוואָרן אַז איידער די דייטשן זיינען צו אים געקומען האָט ער פאַרברענט דאָס בילד פון מיין פאָטער וואָס איז געווען ביי אים אַזוי טייער. נאָך אַ נייעס זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַז אין דער זעלבער צייט זיינען אָנגעקומען אַ שטאַרקע פּאַרטיזאַנער גרופּע, גוט באַוואָפנט, אַריין אין לאַגער אַריין און אויסגעשעאָסן וויפל דייטשן מיט אוקראַאינישע פּאָליציי עס איז דאָרט געווען, און באַפרייט 500 אידן. דאָס זיינען שוין געווען די לעצטע אידן, בלויז פּראָטעקצינע, ווי אידישע פּאָליציי, אידן ראַטלער א. אַ. די פּאַרטיזאַנער האָבן געפרעגט די אידן אַז ווער ס'וויל מיט זיי מיטגיין קען מיטגיין, און נאָר דער ווער ס'האָט געוואָלט. און ווען ס'איז געלונגען צו כאַפּן געווער ביי די דערשאָסענע דייטשן דער איז מיט זיי מיטגעגאַנגען.

אין 2 טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ גרויסע פאַרשטאַרקונג פון דייטשן און צענויפגעכאַפּט אַלע אידן און דערשאָסן. עס איז געוואָרן אַ גרויסע אַבלאַווע און די דייטשן האָבן זיך גענומען יאָגן נאָך די פּאַרטיזאַנער. זיינען מיר אַריינגעפאַלן, זיי האָבן אונז געכאַפּט און באַלד זיינען מיר באַשולדיקט געוואָרן אי אַלס פּאַרטיזאַנער אי אַלס אידן. מיר האָבן גע־האַלטן אין איין שרייען אַז מיר זיינען ניט קיין אידן און ניט קיין פּאַרטיזאַנער — אוקראַאיניש רײדן האָבן מיר זייער גוט געקענט — און אַז

מיר זיינען פון גרויס אוקראַינע פון זשמערינסקי ראַיאָן סילאָ סימאַקי (מיר זיינען דאָרט אַמאָל געווען) און אַז מען האָט אונז געפירט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, און מיר זיינען אַראָפּ טרינקען איז דער צוג אַוועק און אַלע אונזערע זאַכן מיט די דאָקומענטן זיינען געבליבן אין צוג, און אַז איך הייס מעריניוק מישקאָ און דער ברודער הייסט מעריניוק איוואַן (מיר האָבן זיך נאָך פון פריער געהאָט צוגעגרייט צו אַזאַ מעשה). זיי האָבן אונז געטריבן אין דאָרף אַריין. זיי זיינען געריטן אויף פערד און אונז געהאַלטן אין איין שלאָגן מיט בייטשן פון וועלכע די צייכנס זיינען מיר ביז היינט פאַרבליבן. אַריינפירנדיק אין דער קאָמענדאַנטור האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין אַ צעלע און אַן אוקראַאינישע שיקסע וועלכע האָט גערעדט דייטש און אוקראַאיניש האָט אונז געפּאָרשט ווער מיר זיינען. מיר האָבן איר דערציילט די זעלבע מעשה און דערביי זיך אַלעמאָל איבערגע׳צלמ׳ט און געמאָדליעט. זי האָט אונז געגלויבט און האָט אין דער קאָמענדאַנטור איבערגעגעבן אַז לויט איר מיינונג זיינען מיר נישט קיין אידן. ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען האָט מען מיך אַליין אַריינגעפירט צו אַ דייטש וואו ס׳איז אויך געזעסן אַן אוקראַאינישער דאָלמעטשער, און מיך אָנגעהויבן פאַרשן. איך האָב דאָס זעלבע קאַפּיטל ווידער דערציילט. ווען דער דייטש האָט געזען אַז אַלס שטימט, האָט ער מיך געפרעגט צי איך בין הונגעריק. האָב איך אים געזאָגט אַז יאָ. האָט מען מיר באַלד אַריינגעבראַכט אַ הייסע זופּע און באַלד געגעבן צו פאַרטרינקען אַ גרויסע קופּלע ביר. ביים ערשטן טרונק האָב איך דערפילט אַז דער קאָפּ ווערט מיר פאַרדרייט און איך ווער שיכור. אין אַן אויגן־בליק ווען דער דייטש האָט זיך פאַרקוקט האָב איך דאָס ביר אַריינגעגאָסן אין אַן עמער וואָס איז פונקט דאָרט געשטאַנען, ער האָט מיך געפרעגט וויפל איך בין אַלט, איך האָב אים געזאָגט 18 יאָר (ס׳איז ניט געווען אמת). דער דייטש מיינענדיק אַז איך בין גוט שיכור האָט מיך אויפסניי נאָכאַמאָל געפּאָרשט און ווידער האָט אַלץ געשטימט. נאָכדעם האָט מען אַריינגעפירט מיין ברודער און די זעלבע זאַך האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט און מיט אים די זעלבע זאַך געמאַכט ווי מיט מיר. דאָס איז געווען שוץ פּאָליציי וועלכע האָבן געהיט דעם גרעניץ. זיי האָבן אונז אַוועקגעפירט קיין פּאָד־וואָלטשיסק און דאָרטן אונז איבערגעגעבן די ס. ס. צו פאָרשן.

די ס. ס. באַנדיטן האָבן אונז ניט געפּאָרשט נאָר איבערגעקוקט די פּראָטאָקאָלן פון אונז וואָס די שוץ־פּאָליציי האָט זיי געגעבן. 5 ס. ס. מערדער האָבן אונז נאָר אַלעמאָל געקוקט אין די אויגן אַריין כדי פון אונזערע אויגן אַרויסצולייענען ווער מיר זיינען. דריי האָבן געזאָגט אַז מיר זיינען ניט קיין אידן, זיי האָבן גערעדט דייטש פון וועלכן מיר האָבן פאַרשטאַנען, און צוויי האָבן געזאָגט אַז מיר זיינען אידן. אַזוי ווי ס׳איז

געווען אַ מערהייט וואָס האָבן געזאָגט אַז מיר זיינען ניט קיין אידן, האָבן זיי אונז איבערגעגעבן דער אוקראַינישער פּאָליציי אָפּצופירן אונז קיין טאַרניפּאָל אויף געגוי אונז אויסצופּאָרשן.

אין טאַרנאָפּאָל, אַריינקומענדיק אין אַמט פון דער געסטאַפּאָ, איז מיר פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן דערזעענדיק די רוצח'ישע אויגן, אַ שרעקלעכער פּחד איז מיך באַפאַלן. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַ־הערשט, פון זיין ווילדן געשריי האָב איך זיך ווי אויפגעוועקט. געקוקט מיר אין די אויגן אַריין און געפרעגט ווער איך בין. און ווייטער האָב איך דערציילט די זעלבע זאַך און דערביי זיך שטאַרק צעוויינט אַז איך ווייס נישט וואָס מען וויל פון מיר. און ער האָט דערווייל געקוקט אין פּראָטאָקאָל. ער האָט צו איינעם געגעבן אַ וואונק און האָט מיך אַריינגע־פירט אין אַ זייטיק צימער. אונטער דער טיר פון דעם צימער האָב איך באַמערקט שטיין מיין ברודער. אַריינקומענדיק אין צימער זענען געווען פיר שלעגערס, צוויי דייטשן און צוויי אוקראַינער, מיט גומענע פּאַלקעס. אַ דייטש האָט מיר געהייסן אַראָפּלאָזן די הויזן. — אַך, ג־ט, פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שרעקלעכער טויט? — האָב איך געטראַכט אין דער פאַר־צווייפלטער מינוט. — איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלוירן, נאָר מיט די הענט אַריבערגעצויגן די הויט, כדי ס'זאָל אויסזען גויאיש... די דייטשן האָבן אָנערקענט אַז איך בין ניט קיין איד. די אוקראַינישע מערדער איז אָבער געווען אַ גרויסע שאָד אַרויסצולאָזן עפּעס סתם אַזוי אַ קרבן, טאָ זאָלן זיי מיר כאָטש געבן אַ 25 שמיץ, אפשר בין איך אַ פּאַרטיזאַנער, און לויט זייער מיינונג דאַכט זיך זיי נאָך אַז איך בין אַ איד. מען האָט מיך אָוועקגעלייגט און די ערשטע שמיץ אויפן נאַקעטן לייב האָב איך געפילט און שטאַרק געשריען און ווייטער האָב איך שוין ניט געהערט. נאָכן שמייסן האָט מען מיך אַ צעבלוטיקטן דורכן פענסטער אַרויסגעוואָרפן. אויפ־געכאַפּט האָב איך זיך אין קרימענאַל.

מיין ברודער ווען מען האָט אַריינגעזעצט אין איין צעלע מיט מיר האָט מיר דערציילט וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. אַריינפירנדיק אים אין צימער האָט ער געקראָגן צוויי שטאַרקע פּעטש איבערן פּנים כדי אים צו צעטומלען. מיין ברודער האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירן נאָר אָנגעהויבן צו ריידן צו די אוקראַינער צום געוויסן, זיי זאָלן ניט וואָגן אים אָנצורירן און ניט פּייניקן אומזיסט זייערס אַ ברודער, און דערביי אַרויסגערעדט אַ פּאָר פערזן פון אוקראַינישן הימן און אויך דערמאָנט דעם פאַרהייליקטן באָגדאַן כמעלניצקע. מיין ברודער האָט גע־האַט אַן עכטן אַרישן אויסזען מיט אַ בלאָנדע טשופּרינע. די אוקראַינער האָבן זיך איבערגעקוקט און עפּעס שטיל געזאָגט די דייטשן, און אים גלייך אָפּגעפירט אין דער צעלע וואו איך בין געזעסן, בעטער געזאָגט

געשטאַנען. דאָס איז געווען אַ צעלע פּאָליטישנע אויף מענטשן וואָס איז דאָ אַ חשד אַלס פּאַרטיזאַנער. זייער פיל מענטשן זיינען דאָרט געזעסן און יעדן טאָג פלעגט מען אַרויספירן מענטשן און אויסגעשאָסן.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט מען אונז אַריינגעפירט אין אַ ביורא און אונז פאָרגעלייענט אַז ס'איז געווען איבער אונז אַ געריכט אונטער די אויגן און מען האָט אונז גע'פסק'נט דריי מאָנאַטן תפיסה ווייל מיר זיינען אַנטלאָפן פון דער אַרבעט צו וועלכער מען האָט אונז געפירט. ווייטער איז אַלעס ריכטיק וואָס מיר האָבן דערציילט.

זייענדיק אין דער תפיסה האָט מען אונז יעדן טאָג געפירט צו דער אַרבעט קיין קאַמיאָנקע. קיין אידן זיינען שוין פאַרשטענדלעך ניט געווען. עס האָבן נאָר געאַרבעט פאַרשידענע פּאָליטישע אַרעסטירטע. ביי־נאַכט האָט מען אונז צוריקגעפירט אין תפיסה. עסן האָט מען אונז געגעבן נאָר די נשמה צו דערהאַלטן. אין קאַמיאָנקע איז געווען דער אָבערשאַר־פירער רעבעל, וועלכער האָט מיך געקענט פון פריער אַלס איד און וואָס פלעגט מיך שטענדיק פייניקן. דערזעענדיק מיך איז ער אַווילע געבליבן שטיין און ווילד אויסגעשריען: דו פאַרפלוכטע יודע! איך האָב זיך געמאַכט תמ'עוואַטע גלייך ווי נישט מיך מיינט ער, און האָב אים אויפ־געוויזן אַז ער האָט אַ גרויסן טעות און אים געוויזן מיין קענקאַרטע וואָס איך האָב געהאַט פון די דייטשן באַקומען. ער האָט זיינע אויגן ניט געגלויבט, און מיט אַ מאַך מיט דער האַנט האָט ער מיך אָפּגעלאָזט, אָבער פאַר דאָס פלעגט ער מיר צוטיילן די שווערסטע אַרבעט, און דערביי כסדר געמורמלט: פאַרפלוכטע יודן, יודע פערעקע א. ז. וו. איך האָב זיך ניט ווּיסנדיק געמאַכט. דעם ברודער מיינעם האָט מען ניט געטשעפּעט, ווייל, ווי געזאָגט, האָט ער געהאַט אַן אַרישן אויסזען.

נאָך די דריי מאָנאַטן האָט מען אונז אַרויסגעפירט אין אַ לאַגער אַריין וואו מען האָט קאָנצענטרירט מענטשן צו פירן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. מיר האָבן געקראָגן דאָקומענטן אויף די אויבנדערמאָנטע אוקראַי־נישע נעמען מיט אונזערע פינגער אָפּדרוקן.

אין לאַגער זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַ שרעקלעכע נייעס פאַר אונז, אַז פאַרנדיק קיין דייטשלאַנד מוז מען אין לעמבערג דורכגיין אַ מעדיצינישע קאָמיסיע. דאָ האָב איך געוואוסט וועל איך אַריינפאַלן. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן. האָבנדיק ביי זיך אַזאַ טייערן דאָקומענט האָב איך בייינאַכט זיך צעקושט מיט מיין ברודער און דורך אַ צעבראָכענע גראַטע וואָס איז געווען אין פענסטער זיך אַראָפּגעלאָזט פון 3־טן שטאָק אָנכאַפּנדיק זיך אין דער רינדעווע. פינסטער חושך איז געווען ווייל צו מיין גליק האָט זיך פונקט געמאַכט אַ קורץ שלוס. מיין ברודער וואָלט אייך מיט מיר געווען אַדורך, ער האָט אָבער דורך דער גראַטע זיך

ניט געקענט דורכשטופּן אַזוי ווי איך וואָס בין געווען שמאָל און דאַר. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער וועט שפּרינגען פון צוג. איך בין אַריבער איבערן פלויט (געהיט האָט מען ניט אַזוי שטאַרק) און בין אַוועק קיין טאַרנאָפּאָל צו אַ חזיר־שלעגער מיט וועלכן איך האָב זיך באַקענט אין קרימענאַל וואָס איז מיט מיר געזעסן אַ פּאָר וואָכן (ווייל ער האָט באַ־ליידיקט אַ דייטש). ער האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס און מיר געזאָגט, אַז נאָך די דריי חדשים ווען איך וועל באַפרייט ווערן זאָל איך צו אים קומען. מיט מיין אָריינקומען האָט ער זיך זייער דערפרייט מיט מיר, און כדי די דייטשן זאָלן מיך אַמאָל ניט כאַפּן אויף קיין אַרבעט האָט ער מיך אַוועקגעשיקט צו זיינס אַ שוואָגער אין אַ דאָרף גייע־וויעלקי. פון צייט צו צייט איז דער חזיר־שלעגער געקומען, מען האָט געלאַכט און געטאַנצט און אויסגערעדט אַלדאָס בייז אויף די זשידיס.

ביי דעם שוואָגער, וואָס איז מיר פאַרהעלטנסמעסיק גוט געווען, בין איך געווען ביז צו דער באַפרייאונג.

עס איז כדאי צוצוגעבן וואָס דער ברודער מיינער האָט מיר דער־ציילט נאָך דער באַפרייאונג וואָס ער האָט מיטגעמאַכט, זינט מיר האָבן זיך צעשיידט.

פאָרנדיק אויפן צוג קיין דייטשלאַנד און קומענדיק הינטער לעמבערג ווען דער צוג האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם צו גיין, האָט ער אָנגעהויבן צו בונטעווען אין זיין קופּע אַ דרייסיק יונגע שקצים בלויז אוקראַאינער, אַז ווי פירט מען אונז, האָט ער כמעט געשריען — פאַרוואָס זאָלן מיר זיך לאָזן אויסניצן מיט שווערע אַרבעט? דאָס אוקראַאינישע פאָלק האָט שוין גענוג געליטן א. ז. וו. אַ גאַנצע רעדע האָט ער געהאַלטן. די שקצים זיינען אַריין אין אַזאַ התפּעלות און באַלד אויפגעריסן די טיר פון גיי־ענדיקן צוג און אָנגעהויבן שפּרינגען. ער איז געווען פון די ערשטע. די זעלנער וואָס זיינען געלעגן אויף די דעכער האָבן אָנגעהויבן צו שיסן און אייניקע זיינען געפאַלן, אָבער די גרעסטע טייל זיינען אַנטלאָפן און מיטגענומען מיין ברודער צו זיי אַהיים און אים איינגעאָרדנט ביי אַ גלח אין קאָפּעטשינצע. דאָרט האָט ער געאַרבעט פאַרשידענע אַרבעטן, געהאָ־דעוועט חזירים, געגעבן עסן די בהמות, פעלד־אַרבעט. מיט דער צייט איז ער געוואָרן דער גאַנצער בעל־הבית. דער גלח איז פון אים געווען זייער צופרידן. ווען ער האָט גערעדט מיטן גלח האָט דער גלח תמיד געשפּריצט מיט שנאה אויף די זשידעס וואָס מען איז, אַ דאַנקען ג־ט, פּטור געוואָרן. עס האָט אויך ביים גלח געאַרבעט אַ שיקסע, אַ דינסט, וואָס האָט כסדר געהאַלטן אין איין דערציילן וואָס זי האָט אַליין צוגעזען וואָס מען האָט געטאָן מיט די פאַרשיווע זשידעס. זי האָט דערציילט

אַזעלכע שרעקלעכע סצענעס אַז עס האָט מיין ברודער אויפגעשווידערט, הגם ער האָט פון אַלץ געוואוסט. ביי אַזעלכע דערציילונגען פלעגט מיין ברודער אַרויסלויפן. די שיקסע פלעגט זיך וואונדערן, און אַ באַהאַלטענע שנאה האָט זי געטראָגן אין איר טריפה האַרץ אויף מיין ברודער פון וועלכן ער איז עס ערשט שפעטער געוואָר געוואָרן.

איינמאָל איז מיין ברודער געגאַנגען נעמען שטרוי אין סטאָדאַלע, האָט ער באַמערקט צוויי אידישע מיידלעך שוועסטער, אָפגעריסענע, צע־שראָקענע און מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך געבעטן ער זאָל זיי לאָזן זיצן ביז נאַכט און ביינאַכט וועלן זיי אַוועקגיין. מיין ברודער האָט אין זיך אַריינגעוויינט און זיי געזאָגט אַז ער גייט זיי ברענגען ברויט. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט אַז ער גייט ברענגען פּאָליציי און האָבן געוואָלט אַנטלויפן. ער איז צוריק צו זיי און זיי געזאָגט „שמע ישראל״, איך בין אויך אַזאַ אומגליקלעכער איד ווי איר. זיינען זיי געבליבן דאָרטן. ער האָט געמאַכט אַ גרוב אין סטאָדאַלע און זיי באַהאַלטן, און יעדע נאַכט זיי אַרויסגענומען אויף לופט און געגעבן עסן.

נאָך אַ געוויסע צייט האָט ער איינמאָל דערהערט אַ געוואַלד, ווי די דינסט שרייט: זשידי! ער איז ווייס געוואָרן פאַר שרעק און איז אַרויס. האָט ער דערזען אַן עלטערן איד וואָס איז נעבעך געשטאַנען און געציטערט. די דינסט פאַרבייגייענדיק נעבן אַ סטערטע שטרוי וואָס איז געווען לעבן דער סטאָדאַלע האָט באַמערקט דעם אידן. אויף די געוואַלדן איז זיך צענויפגעלאָפן דאָס גאַנצע דאָרף און גענומען שלאָגן דעם אידן אַז ביז די זשאַנדאַרמעריע איז געקומען איז שוין דער איד געווען טויט. די שיקסע האָט געשריען אַז איוואַן מיין ברודער האָט זיכער באַהאַלטן דעם אידן און ווער ווייסט וויפל ער באַהאַלט נאָך אויס. די פּאָליציי האָט גענומען שרייען אויף אים. מיין ברודער האָט נאָך העכער געשריען אַז ער ווייס פון גאָרניט, נאָר זיכער האָט די דינסט דעם אידן באַהאַלטן און זאָגט אויף אים. זיי האָבן זיך געהייסן געבן צו טרינקען, באַלד האָט מען זיי אַרויפגעשטעלט אַ פלאַש בראָנפן. אויסטרינקענדיק האָבן זיי אים געזאָגט, ער זאָל נעמען אַ ווידלע און זיי העלפן מאַכן אַ רעוויזיע אין גאַנצן הויף. זיין האַרץ איז שיער ניט געבליבן שטיין און גייענדיק מיט זיי אין סטאָדאַלע האָבן זיי געהייסן איבערוואַרפן דאָס שטרוי פונקט פון דעם אָרט וואו די צוויי אָרעמע שוועסטער זיינען געלעגן באַהאַלטן. ער האָט פויל אַוועקגענומען ס׳שטרוי. זיי זיינען אַרויף אויף די דיגע ברעטלעך וואָס דער גרוב איז געווען פאַרדעקט. די ברעטלעך האָבן אָנגעהויבן קנאַקן, אָבער זייענדיק בגלופין האָבן זיי גאָרניט באַמערקט און געהייסן צוריקלייגן ס׳שטרוי און אָנגעהויבן זוכן אויף אַן אַנדער אָרט.

ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אַזוי האָבן זיי געזוכט, גענישטערט אפשר צוויי שעה, געגעבן אים אַ קלאַפּ אין פלייצע און געזאָגט: מאַלאָדיעץ איוואַן! און זיינען אַוועק. צוויי טעג האָט ער מורא געהאַט צו זיי צו גיין ביז ס'האָט זיך באַרואיקט האָט ער זיי געבראַכט עסן. אַזוי האָט ער זיי געהאַלטן ביז די רוסן זיינען אַריין.

ווען די רוסן זיינען אַריין האָט ער אַריינגעפירט די צוויי אידישע שוועסטער צום גלח אין שטוב און אים געזאָגט: אָט האָסטו די אידישקעס וועלכע מען האָט געזוכט, און אַז ער, איוואַן, איז אויך אַ איד. שטיי ניט ווי אַ גולם! — האָט מיין ברודער געשריען צום גלח וועלכער איז געווען אינגאַנצן צעטומלט — גיב זיי עסן, זאָלן זיי זיך ריין אָרוםוואַשן, גיב זיי אָנצוטאָן און היינט וועסטו מיר דערלאַנגען עסן! די שיקסע האָט ער איבערגעגעבן וואו מען דאַרף.

לאַנג איז ער דאָרט ניט געווען און מיט די מיידלעך אַוועקגעפאָרן וואָס ער האָט נאָך דורכגעמאַכט פאַרשידנס. און לסוף האָט ער מיט איינער חתונה געהאַט און געפינט זיך היינט אין אַמעריקע.



# אַן איידעלע קריסטין האָט מיך געראַטעוועט

• חנה שפּייזאייזען־ווייסלעדער
איפגענומען דורך יעקב שוואַרץ

שוין יאָרען זענען אַוועק זייט די היטלעריסטישע באַנדיטען האָבען מיט די שוידערליכסטע פּייניגונגען און פאַרשידענע טויטען אַוועקגעריסען פון אונז אונזערע טייערסטע, אונזערע נאָנטסטע. שוין יאָרען זענען אַוועק זייט די בייזע שוואַרצע כמאַרעס האָבען באַדעקט און פינסטער געמאַכט דאָס לעבען. די דייטשע מערדער האָבען אויף אייביג אויסגעלאָשען די ליכטיקע געשטאַלטען פון אונזער טאָמאַשאָווער קהילה. איך קען ניט פאַרגעסען די אַלע שוידערליכע בילדער וואָס מיינע אויגען האָבען געזען. טייל מאָל דאַכט זיך מיר אַז דווקא וואָס מער די יאָרען גייען אַלץ שאַרפער ווערט דער ווייטיק. אַלץ קלאָרער און בולט'ער ווערן די בילדער פון גרויסען קאָשמאַר.

אין די יאָרען פון גרויסען אומגליק און אין די ערשטע יאָרען נאָך אים — בין איך געווען ווי פאַרטויבט — געלעבט ווי אונטער אַ רעש. כ'האָב אָפט אפילו קיין כוח, נישט געהאַט צו שפּירן די גרויסע פּיין און ערשט איצט — יאָרען נאָכן גרויסען שוידער דערשפּיר איך ערשט דעם גרויסען ווייטיק פון אונזער גרויסען אומגליק אין טאָג טעגליכען לויף שטעל איך זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, און עס טויכט אויף אפשר קלאָרער ווי פריער דער קאָשמאַר פון יענע טעג איך דערזע די שוידערליכע בילדער פון דער ערשטער אַקציע אין טאָמאַשאָוו ווי מען האָט ווי געיאָגטע חיות צונויף געיאָגט טאַטעס און מאַמעס פון 32 יאָר אָן אויף דער פּיעקאַרסקי גאַס. איך הער די יאָמערדיגע געשרייען פון די קרבנות אין דער גרויזאַמער נאַכט ווי מען האָט זיי אַוועק געפירט קיין טשעשאַנאָוו און נאַכער קיין בעלזשעץ. איך זעה בולט די בילדער פון אַזוי פיל טאָמאַשאָווער אידען אויף זייער לעצטען פּייניליכען וועג און צווישען זיי אויך מיינע נאָנטסטע און טייערסטע וועלכע זענען אַוועק געפירט געוואָרען קיין בעלזשעץ און מיין טייערע שוועסטער אויפ'ן ראַנד פון טויטען גרוב. און איך פיל אַז דאָס האַרץ שטעלט זיך מיר ממש אָפּ.

נאָכען אויסמאָרדען אַלע עלטערע מענטשען האָבען מיר יונגערע אָנגע־הויבען אַרבעטען צוואַנגס אַרבעט וואָס פאַר אַ ליאַדע אומפּינקטליכקייט איז מען אויפען אָרט דערשאָסען געוואָרען. קיין היימען האָבען מיר שוין ניט געהאַט איך האָב אָנגעהויבען ליידען הונגער און נויט. באָרוועס און נאַקעט אין די גרעסטע פרעסט ביז היינט פאַרשטיי איך נישט ווי אַזוי עס האָט זיך דאַמאָלס קיינער ניט פאַרקילט. איך האָב אָנגעהויבען זוכען אין די מיסט־

קאָסטענס פאַרשידען אָפפאַל ווי שאָלען פון קאַרטאָפעל און אַמאָל אויך געפונען שטיקלעך פאַרדאַרט ברויט. עס האָט מיך אָבער איין מאָל אַ דייטש באַמערקט און מיך גוט צעשלאָגען האָב איך שוין מורא געהאַט צו זוכען. פון טאָג צו טאָג זענען מיר געוואָרען אַלץ ווייניגער און ווייניגער. דער יודען־ראַט איז שוין דאַמאָלס באַשטאַנען פון דריי פערזאָן. איין מאָל אַרבעטענדיג אויף אַ פעלד ביי אַ פאָלקס דויטש קומט אָן אַ דייטש און צעשרייט זיך אויף מיר קום אַהער!... איך האָב אַ קוק געגעבען אין דערזען זיינע צוויי גזלנ׳ישע אויגען וואָס שפּריצען מיט פייער איז מיך אַ שרעקליכער פחד באַפאַלען (אפשר דערפאַר וואָס איך האָב מיט אַ פּאָר מינוט פריער געהערט שרייען שמע ישראל און נאַכער שיסען) איך האָב אָנגעהויבען צו אַנטלויפען אין איין אָטעם ביך איך געלאָפען איבער פלויטען און דער מערדער האָט מיך נאָך געיאָגט די קוילען זענען געפלויגען און געפייפט אין די אויערן איך בין ניט טויט ניט לעבעדיג אַריינגעפאַלען צו אַ פויערטע און זי האָט מיך באַהאַלטן אין אַ קליידער שאַנק איינשטעלענדיג זיך ס׳לעבען מיט איר גאַנצער משפּחה. דער מערדער איז מיט אַ רוצח׳ישען געשריי דאָנער וועטער אַריין צו די פויערטע מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט. די פויערטע האָט אים אָנגעוויזען אין וועלכער ריכטונג זי האָט מיך געזען אַנטלויפען ער איז אַרויס געלאָפען אין דער ריכטונג אין פאַרשטענדליך מיך ניט געפונען. ביינאַכט האָט זי מיך פון שאַנק אַרויסגענומען עטליכע שעה האָט זי מיך געראַטעוועט ביז איך בין געקומען צו זיך. ווען איך האָב באַמערקט טרערען אין



אידען ווערן געטריבען
דורך די דייטשען

אירע אויגען איז מיין פאַרבליטיקט האַרץ דערפרייד געוואָרען. זי האָט מיך געקושט און געטרייסט, און זי האָט מיר געזאָגט אַז זי האָט אַ גוט באַהעלטעניש און זי וועט מיך אויסבאַהאַלטען טראָץ דעם וואָס זי ווייסט אַז זי שטעלט זיך איין ס׳לעבען און איך זאָל אויף הערען צו וויינען, ווייל די הייליגע מאַריע וועט מיך באַשיצען פון אַלע געפאַרען.

און אַזוי האָט זי טאַקע געטאָן זי האָט מיך באַהאַלטען אויף אַ געטאָפּעלטען בוידעם און יעדע נאַכט מיר אַרויפגעבראַנגט צו עסען. זי האָט מיר אויך דערציילט אַז איר זון ווייסט אַז איך בין דאָ באַהאַלטען אָבער איך זאָל גאָר ניט מורא האָבען ווייל איר זון איז אַזאַ גוטער ווי זי. איין מאָל איין דער וואָך ווען קיינער איז אין שטוב ניט געווען פלעגט זי מיך אַראָפּנעמען אין שטוב אַריין און מיך גוט אויסגעוואַשן געצוואָגען און אָפּגערייניגט. מיר געגעבען צו עסען און מיך צוריק געפירט שלאָפען. און פאַר וואָס זי איז מיר אַזוי האַרציג גוט געווען — פאַר וואָס זי האָט מיך כסדר געקושט און געוויינט — צי האָט זי עפּעס געוויסע כוונות געהאַט דערביי אויף דעם אַלעמען האָב איך ניט קיין ענטפער. איין מאָל ליגענדיג אויפן בוידעם האָב איך דערהערט שרעקליכע געשרייען און אַ שיסעריי און אַ האַווקען פון הינט און אַ ווילד געלעכטער פון די רוצחים מיין לייב איז מיר גערינצעלט געוואָרען איך האָב איינגעהאַלטען דעם אָטעם און אַרויסגעקוקט נאָך אַ שמאָלע שפּאַרע האָב איך געזען ווי מען פירט אַ גרויסע קאָלאָנע אידען מענער און פרויען און קינדער. די געוויינען האָבען צעריסען די הימלען מיט מיין האַרץ צוזאַמען זעענדיק ווי אַ מאַמע האָט געטראָגען אַ קליין קינד און עס האָט זעהר שטאַרק געוויינט האָט עס דער ס. ס. מערדער אַרויסגעריסען פון דער מאַמען און עס צעטרעטען מיט די פיס. ביז היינט טרעט דאָס גרויליכע בילד ניט אָפּ פון מיינע אויגען. פון מיין האַרץ האָט זיך דאַמאָלס אַרויסגעריסען ניט ווילענדיג אַ געשריי און האָב ספּאַזמאַטיש זיך זעהר שטאַרק צוויינט. און אַזוי האָט מיך די גוי׳ע עליזאַבעטאַ וואַזשנאַ, אָדער ווי מען האָט זי גערופען קיטאַניאַ אויסבאַהאַלטען די גאַנצע צייט וואָס זי איז געווען מיין רעטערין בעסער געזאָגט מיין מאַמע. ביז אַ געוויסען טאָג איז זי מיר אַרויפגעקומען אָנזאָגען אַז די סאָוועטן זענען דאָ. קיין שום מענטש אין דער וועלט קען ניט פילען אַזאַ גליקליכע מינוט איך בין ס׳ערשטע מאָל אַרויס אויף דער גאַס מיין „מאַמע״ האָט געהאַלטען און איין וויינען איך זאָל ניט אַוועק. אַ לענגערע צייט בין איך נאָך טאַקע ביי איר געווען. קיין איין איד האָב איך אין טאָמאַשאָוו ניט געטראָפען. שפּעטער זענען אָנגעקומען אַ פּאָר געצייילטע האַלב טויטע אידען וועלכע זענען אויך געווען אין פאַרשידענע אומשטאַנדען אויסגעהאַלטען. טאָמאַשאָוו האָב איך לגמרי ניט דערקענט איין גרויסער בית־עולם ערטערווייז קברים פון 40־60 מאַן...





פיגא פעסיל בערגמאַן

# פינסטערע טעג
## אין מײַן לעבן

**• פייגע פעסל בערגמאַן**

**דאס** אידישע שטעטעלע טאָמאַשאָוו לובעלסקי איז געווען קליין, ס׳אָרעמקייט — גרויס. ווי אַזוי די עטלעכע טויזנט אידן האָבן געמאַכט אַ לעבן צווישן אַזוי פיל טויזנטער גוים איז ניט צו פאַרשטיין. אָבער מען האָט זיך נישט געגריבלט, מען האָט ניט געפרעגט קיין קשיות. צו ג־ט האָט קיינער ניט צוגעלייגט, מען האָט געפירט אַ אידיש לעבן, מען האָט חתונה געמאַכט קינדער א. ז. וו. מײַן טאָכטער האָט חתונה געהאַט קיין וואַרשע און האַרט פאַרן אויסברוך פון דער קריג בין איך געפאָרן קיין וואַרשע צו מײַן טאָכטער. באַלד איז אויס־געבראָכן די קריג און נאָך לאַנגע באָמבאַרדירונגען האָבן די דייטשן באַזעצט וואַרשע. נאָך אַ קורצער צייט האָט זיך געשאַפן דער באַוואוסטער וואַרשעווער געטאָ און איך מיט מײַן טאָכטער מיט דער גאַנצער משפחה זיינען גלייך מיט אַלע אומגליקלעכע דאָרט געווען. איך האָב אָנגעהויבן פילן די שרעקלעכע פיין פון הונגער, די שרעק פון די כסדר׳דיקע שיסע־רייען, דאָס אידישע בלוט וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן גיסן יעדן טאָג מער און מער. אַ נאָגענדיקע בענקשאַפט איז מיך באַפאַלן צו מײַן מאַמע, שוועסטער און שוואָגער און קינדערלעך וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט זין טאָמאַשאָוו. און איינמאָל איז געלונגען מײַן טאָכטער איבערצוריידן אַ קריסט ער זאָל מיך אַרויס׳גנב׳נען פון געטאָ. זי האָט אים באַצאָלט 600 זלאָטעס. אין אַ געוויסער נאַכט האָט ער מיך אַרויסגעפירט פון געטאָ גלייך צו דער באַן. דאָס פנים האָט ער מיר פאַרבונדן מיט וואַטע און אויף דער באַן בין איך געווען זײַן קראַנקע מאַמאַשע. אַלעמאָל האָט נר מיר פאַרשידענע רעצעפּטן געגעבן און אַזוי האָט ער מיך אין שרעקלעכן פחד צוגעפירט ביז זאַמאָשטש. פון זאַמאָשטש בין איך מיט אַ דראָזשקע געפאָרן קיין טאָמאַשאָוו. אין טאָמאַשאָוו האָב איך נאָך גע־

טראָפן פיל אידן ווי אויך מיין מוטער ע״ה מיט דער שוועסטער און שוואָגער און קינדערלעך, פאַרשטענדלעך איז מען געווען אויסבאַהאַלטן. איינמאָל האָט מען דער׳הרג׳ט אַ דייטשן זשאַנדאַר, האָט מען געזאָגט אַז די אידן האָבן אים דער׳הרג׳ט און באַלד האָט מען איינגעזעצט 40 אידן וועלכע זיינען אין אַ קורצע צייט דערשאָסן געוואָרן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין שוואָגער שבח בערגערבוים.

ווען ס׳איז אַרויס אַ באַפעל אַז פון 32 יאָר זאָלן זיך אַלע מענער און פרויען צושטעלן אויף דעם פּלאַץ האָבן זיך פיל מענטשן צוגעשלעפּט צו די צוגעגרייטע וועגעלעך און אויטאָס (אַ געוויסע טייל האָבן זיך באַהאַלטן), איך אַליין בין אויך צוגעגאַנגען אויפזיצן. אָבער אבא בערגער־בוים פון יודן־ראַט האָט זיך שטאַרק צעשריען אויף מיר, אַז איך געהער נישט דאָ אַהער, ווייל איך בין אַ וואַרשעווערין. ווען ער האָט אויף מיר געשריען, האָט אַ דייטש מיר דערלאַנגט מיט אַ שטעקן אַ שטאַרקן קלאַפּ. איך בין אַנידערגעפאַלן און מיט אַלע כוחות זיך קוים אויפ־געהויבן און בין אַנטלאָפן. איך האָב פון ווי וויט נאָך געהערט די שרעקלעכע געוויינען און פון צייט צו צייט אַ שאָס. דעמאָלט האָט מען די אַלע אומגליקלעכע אידן, צווישן זיי אויך מיינע אַלע טייערסטע און נאָענטסטע אָוועקגעפירט קיין טשעשאַנאָוו און אַביסל שפּעטער קיין בעלזשעץ.

צוריק לויפנדיק ניט וויסנדיק וואוהין, האָב איך געזען אַזאַ פאַל: אַ איד האָט זיך אַנידערגעלייגט מיטן פּנים אַראָפּ (ער האָט וואַרשיינלעך באַמערקט אַז הינטער אים גייען דייטשן). ווען די מערדער זיינען דורך אים אַדורכגעגאַנגען האָבן זיי געזאָגט: אָאָ, איין שמוציקער טויטער יודע ליגט דאָ היר. און ווען זיי זיינען אָוועקגעגאַנגען האָט זיך דער איד אויפגעהויבן. אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט עפּעס אַן אינערלעכן דראַנג צום לעבן. איך בין אָנגעקומען צו אַ אידישע משפחה, און מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן מען זאָל מיך לאָזן נאָר די איינע נאַכט איבערנעכטיקן. מען האָט מיר אָבער ניט ערלויבט, ווייל יעדערער האָט פאַר זיך מורא געהאַט, און עפּעס אַן איראָניע פון גורל האָט געוואָלט אַז איך זאָל די נאַכט ביי דעם איד ניט שלאָפן; נאָר ניט ווייט פון דעם איד האָט מען מיך יאָ אַריינגעלאָזט איבערזיצן די נאַכט. ביינאַכט האָבן די ס. ס. באַנדיטן דאָרט אַלע דערשאָסן. איך האָב נאָך געהערט דאָס ווילדע געלעכטער פון זיי אַז די גאַס איז שוין יודן־ריין.

אין דער פרי בין איך אַוועק אין אַ דאָרף אַריין און האָב פּונקט אַריינגעטראָפן צום סאָלטיס, ער איז אָבער אין דער היים ניט געווען. איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט און די מוטער זיינע האָט איבער גענומען ס׳רחמנות און זי האָט מיך באַהאַלטן אויפן בוידים און מיר אָנגעזאָגט, אַז באַלד אין דער פרי זאָל איך אַוועקגיין, ווייל זי האָט פאַר זיך זייער שטאַרק מורא ווארום פאַר באַהאַלטן אַ אידישקע קומט טויט־שטראָף.

גאַנץ פרי האָט זי מיר געגעבן ברויט, כ׳האָב איר זייער געדאַנקט און בין אַוועקגעגאַנגען. גייענדיק און ניט וויסנדיק וואוהין טרעפט מיך אַ פאָלקס דייטש און זאָגט מיר אַז עס דאַכט זיך אים אַז איך בין אַ זשידאָווקע, און וואו איך גיי. איך האָב זיך הויך צעלאַכט און אים געזאָגט אַז איך געדענק שוין אַליין ניט ווען איך האָב געזען אַ אידישקע. ער איז וואַרשיינלעך ניט געווען קיין מענטשן־קענער, ווייל די הענט און די פיס האָבן מיר געציטערט און דאָס האַרץ איז מיר שיעור אַרויסגעשפרונגען. אין זעלבן מאָמענט זיינען אָנגעפאָרן עטלעכע שליטנס מיט דייטשן. דער גוי דערזעענדיק זיי האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן, און איך האָב זיך אָפּ־געשטעלט און אַ זייער געקינצלט האַרציק שמייכעלע האָט געשוועבט איבער מיין צעשראָקן פנים. זיי זיינען דורכגעפאָרן און צו מיר זיך רעכט ניט אומגעקוקט. איך בין ווייטער געגאַנגען און ווייטער האָט מיך גע־טראָפן אַ פאָלקס־דייטש, ער האָט שוין געטראָגן אַ ביקס. ער האָט מיך געפרעגט וואו איך גיי און צי איך בין אַ זשידאָווקע, און ווייטער האָב איך זיך צעלאַכט און געמורמלט: יעזו קאָכאַני. און אַזוי ווי ער האָט





די אויסזידלונג קיין ציעשינוב דורך די דייטשען

געזען אָנקומען דייטשן האָט ער האַסטיק גענומען אַנטלויפן (ביז היינט ווייס איך ניט פאַרוואָס) די דייטשן האָבן אים גענומען נאָכיאָגן, און דער ווייל האָב איך זיך באַהאַלטן, און אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין טאָמאַ־שאָוו. איך בין אַריינגעקומען אין אַ ליידיקע שטוב אַריין, ווייל פונקט מיט איין טאָג פריער צוריק איז געווען די 2־טע אַקציע. זייענדיק נאָר אַ פּאָר מינוט אין דער פוסטער שטוב, זיינען אַריינגעקומען דריי קליינע שקצים און מיט פרייד אויסגעשריען: אָ! מאַמע! זשידאָווקאָ! איינער האָט געשריען, גיב אַהער געלט, דער צווייטער האָט געוואָלט גאָלד. ווען איך האָב זיי געזאָגט אַז איך האָב ניט זיינען מיך אַלע באַפאַלן און גענומען שלאָגן. איך האָב זיי אָוועקגעגעבן 45 זלאָטעס וואָס איך האָב פאַרמאָגט, און יעצט האָבן זיי געזאָגט, גייען זיי נאָך זשאַנדאַרמעריע, און זיינען אַרויסגעלאָפן. איך בין שטאַרק געוואָרן צעבראָכן פונ׳ם שלאָגן, און פון מיינע אויגן האָבן אָן אויפהער געפלאָסן טרערן.

געוואָר ווערנדיק אַז עס געפינט זיך שוין ניט קיין שום איד, האָב איך זיך געלאָזט גיין קיין ראַווע רוסקע, ווייל אַ גוי האָט מיר געזאָגט אַז אין ראַווע געפינען זיך נאָך אַ סך אידן. זייער גרויסע שרעק האָב איך דורכגעמאַכט באַהאַלטענדיק זיך אַלעמאָל פאַר דורכגייער, ביז הינטער ראַווע האָב איך דערהערט אַ שרעקלעך שיסעריי. אַריינגיין אין שטאָט אַריין האָב איך ניט געקענט, ווייל ס׳איז געווען אַרומגעצוימט. שטעלט מיך אָפּ אַ גוי, אַן עלטערער, און זאָגט מיר: איך דערקען אַז דו ביסט אַ אידישקע, נאָר אויב דו ווילסט אָנקומען צו דיינע אידן וועלכע מען שיסט יעצט אויס, קענסטו גיין דורך אַ צווייטן וועג אָט־אָ־דאָ, האָט ער מיר מיט דער האַנט אָנגעוויזן. איך האָב געזען אַז איך האָב ניט וואו צו גיין בין איך צוריקגעגאַנגען.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. אַ דראָבנער שניידיקער רעגן האָט מיר געפּאַטשט אין פּנים. עס איז מיר זייער שטאַרק קאַלט געוואָרן, און ס׳־ערשטע מאָל האָב איך שוין אָנגעהויבן בעטן ג־ט אַז דער טויט זאָל וואָס שנעלער קומען אויף מיר. אָבער ווי אויף להכעיס האָט ס׳האַרץ אויסגעהאַלטן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן אַ שייגעץ מיט אַ ראָווער, האָט ער מיך זייער שטאַרק געבעטן איך זאָל אים צוליב טאָן און גיין מיט אים אויף דער זשאַנדאַרמעריע. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך אָפּלאָזן, ווייל דער הייליקער יעזוס וועט אים באַשטראָפן אויב ער וועט מיך אַזוי טשעפּען, ווייל איך האָב אַ קראַנק קינד אין דער היים. און האָב אים געוויזן אַ פלעשעלע מיט אַ מעדיצין וואָס כ׳האָב שטענדיק געהאַלטן ביי זיך. ער האָט מיך אָבער ניט אָפּגעלאָזט, און אָפּגייענדיק מיט מיר בערך אַ קילאָמעטער זיינען מיר אָנגעקומען צו אַ נאַדלעשני. עס איז אַרויסגעקומען אַ קריסטין, האָט ער איר געזאָגט, אַזוי ווי ער האָט גע־

פּאַקט אַ זשידאָווקע, זאָל זי אים דערלויבן צו טעלעפאָנירן דאָ וואו מען דאַרף. די קריסטין האָט זיך זייער שטאַרק צעשריגן אויף אים, אַז זי ווייסט אַז איך בין אַן ערלעכע קריסטין און אַז פיל מאָל האָט זי מיך אין קלויסטער געטראָפן. ער האָט מיך אָפּגעלאָזט און איז אַוועק. זי האָט מיר געגעבן צו עסן. כ׳האָב איר זייער האַרציק געדאַנקט, און בין ווייטער געגאַנגען ביז בעלזשעץ.

דאָס ערשטע האָב איך דערזען דייטשן וועלכע האָבן געלאָדן בהמות אויף דער באַן. אַ גויע וואָס האָט געפירט אַ בהמה האָט מיך דערקענט. פאַר שרעק האָט זי זיך געהאַלטן אין איין צלמ׳ן: אָ, אָ, טי יעשטשע זשיעש? האָט זי מיך געפרעגט. נעם האַלט די קו, וועל איך דיר ברענגען עפּעס צו עסן, און אַנטלויף וואָס שנעלער פון דאַנען! מיר איז שוין ניט געווען קיין אונטערשייד צי זי גייט מיר ברענגען עסן אָדער זי גייט צו רופן די מערדער. זי האָט מיר געבראַכט אַ פלעשל מילך מיט אַ ברויט. איך האָב איר געדאַנקט און בין ווייטער געגאַנגען. אויך איצטער האָב איך געטראָפן אַ פּאָלקס דייטש מיט אַ ביקס. ער האָט מיך דערקענט, איך האָב אים אויך גוט געקענט, ווייל ער פלעגט מיט זיין פאָטער שטענדיק קומען צו אונז אין שטוב וואָס מיר האָבן געהאַנדלט. ער האָט מיך ווילד אָנגעכאַפּט ביים האַלז, איך זאָל שוין גיין מיט אים אין דער זשאַנדאַרמעריע, אַז ניט דערשיסט ער מיך שוין דאָ אויפן אָרט. הגם עס האָט זיך שוין אַזוי געוואָלט שטאַרבן, האָב איך אָבער דאָך ניט געוואָלט פאַלן פון אַזאַ מערדערס האַנט, און מיט טרערן אין די אויגן האָב איך אים זייער שטאַרק געבעטן ער זאָל מיך אָפּלאָזן, דערמאָנענדיק אים אַ זכות אַז מיין מאַן האָט זיי אַמאָל פאַרקויפט אַ גוטע קו און די קו, פלעגט זיין פאָטער אונז שטענדיק דערציילן, האָט זיי פיל, זייער פיל, גליק אַריינגעבראַכט, און אַז ג-ט וועט העלפן, די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך אים געבן צו טרינקען און נאָך געבן און געבן. דעם אמת געזאָגט האָב איך אַליין ניט געוואוסט וואָס איך רייד, דאָס מיידל וואָס איז לעבן אים געשטאַנען האָט אים געזאָגט: סטאַשו, כאָדזש — און זיי זיינען אַוועק־געגאַנגען.

איך בין ווייטער געגאַנגען. דערזעענדיק אַ שטיבל אין וואַלד בין איך אַריינגעגאַנגען. אין דעם שטיבל האָט געוואוינט אַ גויע וועלכע איז געווען אַ שרעקלעכע מרשעת, זי האָט מיט די דייטשן געפירט פאַרשי־דענע טונקעלע געשעפטן און פאַר געלט האָט מען ביי איר אַלץ גע־קענט פועל׳ן. איך האָב דאָך אָבער קיין געלט ניט געהאַט, האָב איך פאַר איר זייער שטאַרק געוויינט און זייער פיל מיט איר גערעדט, און האָב איר מיט פאַרשידענע אַרגומענטן אויפגעוויזן אַז זי וועט מיך אויסבאַהאַלטן וועט דער „הייליקער יעזוס" אירע אַלע זינד פאַרגעבן. איך

האָב זי איבערגערעדט און זי האָט מיך אַריינגענומען אין שטיבל און מיר געגעבן צו עסן. איך האָב זיך אַרומגעוואַשן און כסדר האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך זאָל בעטן מיין אידישן ג־ט ער זאָל איר מוחל זיין פאַר די גרויסע זינד וואָס זי באַגייט זינט די דייטשן זיינען דאָ. און אַזוי בין איך ביי איר געווען די גאַנצע צייט. טיילמאָל איז אויף איר פּנים געווען אויסגעגאָסן עפּעס אַ טיפע מיטלייד. אין די מינוטן איז זי געווען ווי אַ מאַמע, אָבער דאַמאָלס ווען זי איז געווען שיכור האָט זי תמיד געכאַפּט אַ האַק און הייזעריק געשריען: יאַ טשען זאַביע, פּאַרשיוואַ זשידוווקאַ! איך פלעג זיך דאַמאָלס באַהאַלטן ביז זי האָט זיך באַרואיקט. און אָט אין אַזעלכע צרות און פּיין, הונגער און נויט, אין דעם וויסטן שרעקלעכן פּחד, בין איך געווען ביי איר אַזאַ לאַנגע צייט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט צו איר פאַרבלאָנדזשעט רייזל בראַפּמאַן ע״ה מיט אַ קינד אויף דער האַנט און געבעטן אַ שטיקל ברויט. די גויע האָט איר דערציילט אַז זי האָט איין זשידאָווקע און מער קען זי ניט האַלטן. איך האָב מיט רייזלען גערעדט. זי האָט זייער שטאַרק געוויינט, אַז זי קען שוין מער ניט אויסהאַלטן, און איז אַוועקגעגאַנגען. אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט ווי איך האָב געהערט דעם שאָס ווי מען האָט זי דערשאָסן מיטן קינד אויף דער האַנט. עס שטיקן מיך די טרערן דערמאַנענדיק זיך אָט די אַלע טראַגישע איבערלעבונגען.

גאַנצע פינף יאָר האָב איך געוואַנדערט ווי אַ געיאָגטע חיה און געלעבט אין אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען וואָס אַ מענטשלעכע פאַנ־טאַזיע קען זיך עס ניט פאָרשטעלן, און אַזוי געלעבט און איבערגעלעבט דאָס שרעקלעכע גהינום, ביז איך האָב דערהערט דאָס פריידיקע געשריי: באַפרייאונג!



# יואל בדחן און זיינע מלחמה איבערלעבונגען

איבערגעשריבן פון **יעקב שווארץ**

**עס** איז ניט געווען קיין מענטש אין שטעטל ער זאָל ניט קענען ר׳ יואל האַנדלסמאַן, אָדער ר׳ יואל לערער ווי מען האָט אים גערופן, דעם פריילעכן און לעבנס־לוסטיקן בדחן וואָס האָט געשפרודלט מיט פרייד, הומאָר, וויצן און גלייכווערטלעך. ס׳איז נישט געווען קיין חתונה אַז ר׳ יואל לערער זאָל ניט זיין. אַפּילו אויף אַ שטילע חתונה (ווי מען פלעגט עס רופן) וואו קיין כלי־זמרים זיינען ניט געווען, האָט ר׳ יואל בדחן געמוזט זיין, אויב ניט, איז שוין אַזאַ חתונה געווען אַ פּול־קאָם פאַרשטערטע. זיינע שיינע ניגונים מיט זיינע שאַרפזיניקע צוטרעפלעכע ווערטלעך — צוגעפּאַסט אין וואָס פאַראַ סביבה ער איז געווען — פלעגט מען זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער, און ניט איין צעבראָכן האַרץ פלעגט ער דערפרישן און פריילעך מאַכן.

געפירט האָט ער אַ שטיל באַשיידן לעבן און זיך כשר און ערלעך פאַרדינט זיין פרנסה, אַביסל פון בדחנות און אַביסל וואָס ער איז געווען אַ לערער וואָס פלעגט לערנען קינדערלעך שרייבן, רעכענען א. ז. וו. ער איז אויך געווען אַן איבערגעגעבענער מיטגליד אין תלמוד־תורה, שטענדיק אַרומגעלאָפן און אַכטונג געגעבן אַז פאַר די אָרעמע קינדער זאָל אויס־קומען וואָס בעסער, און שלא על מנת לקבל פּרס.

ער איז געווען ביי יעדן באַליבט, זיין הדרת־פּנים האָט אַרויסגע־רופן רעספּעקט. אַ באַזונדערן חן האָט אים צוגעגעבן זיין שטענדיק שיינע פּאַטריאַכאַלישע באָרד. אָט פאַר אַזאַ באמת טייערן איד האָב איך אים געקענט, פון אונזער אַמאָליקער פאַרשניטענער היים.

איך האָב באַזוכט זיין טאָכטער וואָס וואוינט אין חיפה. בין איך דערשטוינט געוואָרן ווען זי האָט מיר געוויזן אַ פּעקל באַשריבענע העפטן פון איר פאָטער ע״ה וואָס איז ממש אַ קוואַל, אידישע און העברעאישע לידער: ווי שיין פּאָעטיש ער באַזינגט דעם שיינעם זומערדיקן שקיעה׳דיקן בין־השמשות אין טאָמאַשאָוו; סאַטירע, פּראָזע: ווי קינסטעריליש ער שיל־דערט אַז די „וועלט איז אין באַנקראָט״. מיט איין וואָרט ס׳איז געווען אַ איד אָנגעזאָפּט מיט וויסן.

זיין טאָכטער האָט מיר דערלאַנגט אַן איינגעוויקלט פּעקעלע פּאַפּיר־לעך צענויפגעלייגט מיט אַ סדר, נומערירט, דאָרט איז באַשריבן אַלע

זיינע שרעקלעכע איבערלעבונגען, פון יאָר 1939 ביז צו דער באַפרייאונג, וואָס ער האָט נעבעך מיטגעמאַכט בעת'ן נאַצי־רעזשים. און עס איז צו באַוואונדערן דאָס העלדישקייט, ווי אַזוי האָט אַזאַ איד אין זיינע אַלטע יאָרן געהאַט כוח אין געטאָ, אין אַלע באַהאַלטענע לעכער, צו באַשרייבן





יואל בדחן ביי דער אַרבעט אַלס בדחן אויף אַ חתונה אין בערלין באַלד נאָכן קריג

אַלע איינצלהייטן, אַלע גרוילעכע פּיינען וואָס ער האָט איבערגעלעבט, ווי האָט אַזאַ איד געהאַט אין זיך קראַפט צו שרייבן אין מאָמענטן פון סכנת נפשות, אויף בוידעמער, אין קעלערן, אין פאַרשידענע בונקערס. ווי האָט געהאַט אַזאַ איד מוט, זיך ניט צו שיידן מיט דער פעדער מיט די שטיקלעך פּאַפּיר, און שרייבן אין אַ צייט ווען ער האָט הונדערט מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין, פון וועלכן ער אַליין האָט זיך ניט גערעכנט ער זאָל אַ לעבעדיקער אַרויס.

אָבער, זיין גרויסער און שטאַרקער בטחון האָט אים ניט פאַרפירט, און ער איז ניצול געוואָרן פון די מערדערישע הענט, און אויסגעהאַלטן, איבערגעהאַלטן און פון אַלע אַקציעס, פון אַלע פייערן אַרויס אַ לעבעדי־קער. און אויב איך זאָל דאָס אָנרופן גבורה, איז יעדער טאָג פון זיין פינסטער לעבן אין געטאָ און בלייבן אַ מענטש איז דאָס די גרעסטע גבורה זיינע, און אויב ריידן וועגן נסים, איז דאָס דער גרעסטער נס זיינער. און מיט זיין באַשרייבן דאָס גרויסע אומגליק האָט ער זיכער געוואָלט די געשיכטע זאָל וויסן וואָס היטלער ימ״ש האָט אָפּגעטאָן מיט אונזער פאָלק.

איך גיב דאָ איבער, מיט קליינע אויסבעסערונגען, וואָס ר׳ יואל לערער ע״ה האָט אָנגעשריבן אין די פּאַפּירלעך.

## דער אָנפאַנג פון מלחמה

זכרונות פון טאָמאַשאָוו לובעלסקי פון יאָר 1939 ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט די שרעקלעכע מלחמה ביזן יאָר 1946.

איך געדענק, דאָס איז געשען אין יאָר 1939, אַ דאָנערשטיק פאַר־נאַכט נאָכן טאָרג (יאַריד), איז פּלוצלונג אָנגעפלויגן דייטשע עראָפּלאַנען אויף אונזער שטאָט טאָמאַשאָוו און אָנגעהויבן שרעקלעך באָמבאַרדירן. פון שטאַרקן קלאַפּ בין איך אַראָפּגעפאַלן פון די טרעפּ און געבליבן ליגן צעביילט און צעקלאַפּט. עמעצער האָט מיך אויפגעהויבן און מיך געהאַלטן ביי דער האַנט און איז מיט מיר געלאָפן הינטער די הייזער, אין אַ ווינקל זיינען מיר געלעגן און געציטערט פון שרעק. די עראָפּלאַנען זיינען ווייטער געפלויגן אין דער ריכטונג וואו ס׳האָבן אַממערסטן געוואוינט אידן. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פייערדיקע באָמבעס. באַלד איז געוואָרן אַ שרעקלעכע שרפה. אַ סך מענטשן זיינען געלאָפן אויסער דער שטאָט אויף די פעלדער און לאָנקעס. האָבן די מערדער אַראָפּגעשאָסן פון מאַשין געווער און זייער פיל זיינען געפאַלן טויט. ביינאַכט איז געוואָרן שטיל, האָט מען צענויפגענומען די הרוגים און אויך די פאַרברענטע מענטשן פון די הייזער, און ווי מען האָט געזאָגט איז געווען אַריבער 200 טויטע און פאַרברענטע, אַממערסטן פרויען מיט קינדער.

איך און מיין טאָכטער מיטן מאַן האָבן מורא געהאַט צו זיין אין שטוב, זיינען מיר געלאָפן אין עק שטאָט. איבערגעלאָזט די שטוב אויף הפקר און איבערגענעכטיקט ביי אַ איד. מיר האָבן אָבער געזען אַז דאָ צו זיין איז אויך ניט קיין תכלית, די עראָפּלאַנען פליען כסדר, זיינען מיר געלאָפן אין אַ נאָענטן דאָרף, אַריינגעבעטן זיך צו אַ באַקאַנטן גוי אין שטוב. מיר האָבן אים גוט באַצאָלט ער זאָל אונז דערלויבן צו זיין ביי אים אייניקע טעג. אָבער ער האָט אונז נאָר דערלויבט צו נעכטיקן, און אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר געלעגן אין וואַלד ניט ווייט פון דאָרף און געציטערט פאַר שרעק פון די עראָפּלאַנען וואָס זיינען געפלויגן.

אַזוי איז פאַרביי עטלעכע טעג, ביז די דאָרפס גוים האָבן זיך דערוואוסט אַז ער האַלט ביי זיך אידן, האָט ער אונז אַרויסגעטריבן און מער ניט אַריינגעלאָזט אין שטוב. זיינען מיר ווייטער געגאַנגען אין אַ צווייטן דאָרף, איבערגענעכטיקט אין אַ וואַלד, און צו מאָרגנס ווייטער געגאַנגען און געציטערט פאַר שרעק. מיר האָבן שוין געהערט דאָס שיסעריי פון אַלע זייטן ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל יאָרטשעוו.

## יום כיפור אין יאָרטשוב

אָפּגעמאַטערט פון וואַנדערן, זיינען מיר אַריין צום שוחט אין שטוב, דאָס איז געווען ערב יום כיפור פאַרנאַכט. די פרויען האָבן געבענטשט ליכט, דער עולם אין שטעטל האָט זיך געאיילט צו כל נדרי, און פּלוצלונג איז אָנגעקומען דייטשיש מיליטער מיט פיל אויטאָס און אָנגעהויבן שיסן אין אַלע זייטן. אַ פּחד איז אַלע מענטשן באַפאַלן. מיר זיינען שנעל פון דאָרטן אַנטלאָפן, און אויך אַלע מענטשן פון שטעטל, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס און פּיצלעך קינדער אויף די הענט. מען לויפט, איבער־לאָזנדיק די שטובן אויף הפקר און מ׳האַלט אין איין לויפן ניט וויסנדיק וואו.

איך, אַ איד פון 80 יאָר, אָפּגעמאַטערט פון לויפן אין אַ פינסטערן יום כיפור׳דיקע נאַכט, אַ נאַכט וואָס דאָס שטיקל לבנה איז אויך געווען צאָרנדיק און זיך אויף להכעיס באַהאַלטן, די פיס האָבן זיך געזעצט אונטער מיר, און דאָ זיינען מיר פונקט פאַרגאַנגען אין אַ פראָנט־פּאָזיציע וואו די דייטשן האָבן זיך געשלאָגן מיט די פּאָליאַקן. די קוילן זיינען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ, און דאָ זעען מיר ווי מענטשן פאַלן טויט. איך און מיין טאָכטער מיט איר מאַן, אַ שוואַכער מענטש, האָבן זיך אַנידערגעלייגט אויף דער ערד אין פעלד און מורא געהאַט זיך אויפצו־הויבן. דאָס שיסעריי איז געווען שרעקלעך. אַרום די דערפער האָט געברענט אַ גרויס פייער. ווען ס׳איז געוואָרן אַביסל רואיקער האָבן מיר זיך

ווייטער אויפגעהויבן און ווייטער געלאָפן מיט האַרץ קלאַפעניש און שרעק. איך האָב אָבער שוין ניט געקענט גיין, האָט מיין טאָכטער מיטן איידעם מיך כמעט געטראָגן אויף זייערע הענט און ווייטער געלאָפן מיט מיר. מיט אַלע כוחות האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז לוביטש.

## אין לופּיטש

דאָרטן זיינען מיר אַריין צו אַ באַקאַנטן אידן. מיט טרויעריקע פּנימ׳ער דערציילט מען אונז וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען מיט איין נאַכט פריער. די דייטשן זיינען אַהין אָנגעקומען. ביי דער נאַכט האָבן זיי באַגאָסן די שול מיט בענזין און אונטערגעצונדן, דערנאָך האָבן די דייטשן אַרויס־געטריבן אַלע אידן זאָלן לויפן אָפּראַטעווען די שול. אידן זיינען געלאָפן און די מערדער האָבן געשלאָגן מיט שטעקנס. איין איד איז נאָך געלונגען אַרויסצוכאַפּן אַ פּאָר ספרים פון ברענענדיקן אָרון־קודש. באַלד האָבן זיי געהייסן אַלע אידן זיך אויסטאָן נאַקעט און אַרומטאַנצן אַרום דער שול, און מיט גומענע פּאַלקעס געקלאַפּט איבער די קעפּ. אַ טייל פון די רוצחים האָבן געשפּריצט וואַסער אויף די נאַקעטע אידן. אין אַ זייט זיינען געשטאַנען דייטשן און פאָטאָגראַפירט די טרויעריקע סצענע. דער־נאָך האָט מען זיי שנעל געהייסן אַנטלויפן.

אויסהערנדיק די מעשה קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין מיין טרויעריק האַרץ. איך בין שוין געלעגן באַהאַלטן און מורא געהאַט זיך אַרויסצווייזן. דערווייל האָבן מיר דערהערט אַז די רוסן זיינען שוין אין טאָמאַשאָוו, האָבן מיר פאַרלאָזט לוביטש און געגאַנגען צוריק קיין טאָמאַשאָוו. אָפּגייענדיק אַ 10 ק״מ האָבן מיר שוין געטראָפן רוסישע מאַשינען און זעלנער. אונזערע הערצער זיינען שוין געוואָרן אַביסל פרייער און שוין לאַנגזאַמער צוריקגעגאַנגען אין אונזער היים.

## צוריק אין טאָמאַשאָוו

אָנקומענדיק קיין טאָמאַשאָוו און אָפּזייענדיק נאָר איין וואָך דער־הערן מיר אַ זייער טרויעריקע נאַכריכט אַז במשך פון עטלעכע טעג מוזן די רוסן פאַרלאָזן טאָמאַשאָוו און די דייטשן קומען צוריק. מיט פאַרביטערטע הערצער זיינען אַרומגעגאַנגען דאָס ביסל אידן, וואו אַהין אַנטלויפט מען ווייטער? די רוסישע זעלנער האָבן געגעבן צו וויסן אַז ווער ס׳וויל אָפּפאָרן וועלן זיי מיטנעמען ביז ראַווע־רוסקע. האָבן זיך טאַקע פיל מענטשן געכאַפּט אויף די סאָוויעטישע מאַשינען מיט די געפּעק.

מיר, ליידער, האָבן דעם טאָג ניט געקענט אָפּפּאָרן ווייל מיינס אַ זון פון יוזעפּאָוו איז פּונקט אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו מיט אַ קראַנק אינגל פון 7 יאָר מ'זאָל אים דאָ ראַטעווען, ווייל דאָרטן איז קיין דאָקטוי־רים ניט געווען, און דאָ איז געווען שווער אָנצוקומען צו אַ דאָקטאָר. אין שטאָט איז געווען אַ פּחד, מיטן דערנענטערן זיך פון די דייטשן איז מען ממש אויסגעגאַנגען פאַר שרעק. קיין רוסן זיינען שוין ניט געווען, האָט מען געדונגען גוי'אישע פורן און באַצאָלט וויפל דער גוי האָט געוואָלט. מיר האָבן אויך געדונגען אַ פור און אַרויפגעפּאַקט אַביסל זאַכן.

אַזוי ווי מיר האָבן געוואָלט אָפּפאָרן קיין ראַווע רוסקע, איז צום גרויסן אומגליק דאָס אינגל, מיין איניקל, געשטאָרבן. האָבן מיר שוין געהאַט גרויסע צרות, עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך מתעסק זיין מיט דעם טויטן קינד, יעדער האָט זיך געפּאַקט אויף די פורן, און דאָ וויל דער גוי ניט וואַרטן. איך בין אַרומגעלאָפן, געוויינט, געבעטן רחמים מען זאָל צוהעלפן דאָס אומגליקלעכע קינד מקבר זיין, אָבער קיינער האָט ניט געוואָלט הערן, יעדערער האָט זיך געאיילט אָפּצופאָרן איידער די מערדער קומען אָן. האָבן מיר אַליין אַלעס געטאָן. דער גוי האָט דאָך געהאַט אַביסל מיטלייד און צוגעוואַרט ביז מיר זיינען געקומען פון הייליקן אָרט.

מיין זון איז מיט אַ פאַרביטערט האַרץ צוריקגעפאָרן קיין יוזעפּאָוו, און מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין ראַווע רוסקע.

## אין ראַוואַ רוסקאַ

אָנקומענדיק קיין ראַווע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן נייע צרות. קיינער האָט אונז ניט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב, אין יעדער שטוב איז געווען פיל מענטשן, אַלע שולן און בתי־מדרשים זיינען געווען גע־פּאַקט מיט מענטשן, מענער פרויען און קינדער. אין דרויסן איז געווען פּונקט ווי ביי אונז אין די הערצער, אַ שטאַרקער קאַלטער רעגן, די זאַכן וואַלגערן זיך אויף דער גאַס. עפּעס אַ איד האָט רחמנות געהאַט אויף אונז און געהאָלפן אַריינוואַרפן די פּעק אין זיינס אַ קעלער און האָט אונז אַריינגענומען אין שטוב איבערצונעכטיקן. אויפן צווייטן טאָג, וואָס טוט מען ווייטער? קיין געלט האָבן מיר ניט, נאָר אַזוי ווי מיין איידעם איז אַ שניידער, האָט ער געקראָגן אַרבעט און פאַרדינט אויף ברויט. צוויי וואָכן זיינען מיר געווען ביי אַ באַקאַנטן מלמד.

דערווייל זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַז ווער עס וויל פאָרן קיין רוסלאַנד, איבערהויפּט פאַכמענער, קענען פאָרן מיט דער באַן. אַזוי ווי מיר האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, ניט געהאַט קיין מקום מנוחה, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן.

## מיר פאָרן פרייוויליק קיין רוסלאַנד

מיר זיינען מיט אונזער ביסל אָרעמקייט צוגעפאָרן צום וואַקזאַל, אַריינגעלייגט די זאַכן אין אַ וואַגאָן. אין וואַגאָן זיינען שוין געווען עטלעכע טאָמאַשאָווער פאַמיליעס. מיר האָבן אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט און געדאַנקט ג־ט פאַר דעם חסד וואָס מיר זיינען געבליבן לעבן. אויפן דריטן טאָג איז דער עשאַלאָן אָפּגעפאָרן. מיר האָבן באַקומען ברויט אויפן וועג. אין עטלעכע טעג זיינען מיר אָנגעקומען קיין זשמערינקע, וויניצער אָבלאַסט. באַלד זיינען צוגעקומען אידישע באַאַמטע און צופעליק געפרעגט צי עס געפינט זיך אין דעם וואַגאָן דאַמע־שניידער. גלייך האָט זיך מיין איידעם געמאָלדן אַז ער איז אַ גוטער פאַכמאַן. באַלד האָט מען געבראַכט אַ מאַשין, פאַרנומען אַלע אונזערע זאַכן און געפאָרן אין שטאָט אַריין, אָפּגעגעבן אַ דירה מיט באַלויכטונג און אַביסל מעבל, אַריינגעבראַכט עסן און טרינקען. באַלד איז אויך געקומען אונז באַזוכן די גאַנצע חשוב׳סטע לייט פון שטאָט, דער רב, די שוחטים, זיי האָבן מיך באַרואיקט אַז מ׳קען דאָ זיין רעליגיעז. מען האָט אונז געבראַכט כשר עסן מיט נייע כלים, מחמת איך האָב אַזוי פאַרלאַנגט. אַזוי האָט מען אונז אַלעס געגעבן צוויי וואָכן צייט.

דערנאָך האָט מען מיין איידעם אַריינגענומען אין אַ מאַגאַזין צו דער אַרבעט און ער האָט שוין ביסלעכוויז פאַרדינט, און מיר האָבן אָנגעהויבן לעבן פאַר זיך זעלבסט. מיר האָבן זיך ביסלעכוויז צוגעוואוינט צו שטיין אין אָטשערעד (רייע) נאָך ברויט, נאָך וואַסער און נאָך אַלע פּראָדוקטן. אַביסל האָט מיין איידעם צוגעאַרבעט אין שטוב פּריוואַט און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַכן „אַ לעבן".

מיין זון פון יוזעפאָוו האָבן די רוסן אויך פאַרנומען אויף זייערע מאַשינען, מיר האָבן זיי געזען דורכפאָרנדיק זשמערינקע, נאָר זיי זיינען געפאָרן ווייטער, מען האָט זיי אָפּגעשטעלט אין כערסאָן. דאָרט האָט ער און זיין פרוי געאַרבעט אין אַ פאַבריק, די קינדער זיינען געגאַנגען אין שולע. אין אָקטאָבער 1940 בין איך געפאָרן צו מיין זון און דאָרטן געווען איבער 4 וואָכן. אין 20־טן נאָוועמבער בין איך צוריקגעפאָרן קיין זשמערינקע.

## דער אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה

אין יולי 1941 האָט דער דייטש אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דעם זשמערינקער וואקזאל. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק, אַ שרעק. מענער, פרויען, קינדער זיינען געלאָפן און זיך באַהאַלטן אויף די בוידעמער און די קעלערס. מיר האָבן שוין מורא געהאַט צו זיין אין זשמערינקע, זיינען

מיר געלאָפן קיין מעזשיראָוו, אַ דאָרף 8 קילאָמעטער פון זשמערינקע. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען עטלעכע הונדערט אידישע פאַמיליעס. נאָך צוויי וואָכן זיינען אַהין אָנגעקומען די דייטשן. באַלד האָבן זיי געמאַכט אוקראַינישע מיליץ, מ׳האָט אָנגעהויבן כאַפּן אידן אויף צוואַנגס־אַרבעט, צוצענעמען די הייזער און די שטיינער צעלייגן אויף די וועגן. מיך האָט מען אויך ניט געשאַנעוועט, איך האָב אויך געמוזט אַרבעטן און געצאָלט מיט שטעקנס איבער די קעפּ.

אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע פרעמדע מענטשן וועלכע זיינען ניט קיין איינגעזעסענע דאָ פון לאַנג מוזן צוריקגיין אין זייער ראַיאָן, צייט 24 שעה זאָלן זיי זיך דאָ ניט געפינען, אויב ניט איז טויט שטראָף. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן באַלד פאַרלאָזט מעזשיראָוו און צוריק קיין זשמערינקע. דאָס ביסל זאַכן וואָס מיר האָבן געהאַט אַהער מיטגענומען האָבן מיר געמוזט איבערלאָזן, ווייל די רוצחים האָבן ניט דערלויבט עפּעס מיטצונעמען.

## אין זשמערינקא אונטער די דייטשען

אין זשמערינקע האָבן שוין די דייטשן באַלעבאַטעוועט. מיר זיינען צוריק אַריין אין אונזער שטוב און געלעבט מיט שרעק און מורא. פיל מענטשן פון דער שטאָט האָבן זיך פריער עוואַקואירט אין ווייטן רוס־לאַנד, און איך האָב געזען אַז פיל פאַמיליעס בלייבן איבער און האָבן מיך אויך איבערגערעדט אַז איך זאָל אויך דאָ פאַרבלייבן און אַז זיי וועלן מיר דאָ ניט לאָזן פאַלן. איך האָב זיך אויך ניט געפילט בכוח צו פאָרן אַזאַ ווייטע שטרעקע, מיין טאָכטער מיטן מאַן האָבן אָבער מיך אַליין ניט געוואָלט איבערלאָזן. מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָב איך זיי געבעטן זיי זאָלן וואָס שנעלער אַנטלויפן, און זיי געזאָגט: איר זייט נאָך יונגע קינדער, איר דאַרפט נאָך לעבן און געניסן פון דער וועלט, איך האָב שוין מיינע יאָרן אָפּגעלעבט און איך האָב גרויס בטחון צו ג־ט אַז מיר וועלן זיך נאָך זען. זיי האָבן מיך געפאָלגט. אַ קוואַל פון טרערן האָבן מיר פאַר־גאָסן ווען מיר האָבן זיך געזעגנט.

זיי האָבן געכאַפּט דאָס נויטיקסטע, קיין סך האָבן זיי ניט גענומען, און צו צום וואָקזאַל, אָבער די וואַגאָנען זיינען שוין געווען פאַרפולט מיט מענטשן, און די מיליץ האָט צוריקגעטריבן. איך גיב אַ קוק: מיינע קינדער קומען פאַרוויינטע צוריק. איז ביי מיר געוואָרן אַזוי ווי עס שטייט „ויחד יתרו״, פון איין זייט האָב איך זיך געפרייט וואָס איך זע צוריק מיינע קינדער, און פון דער אַנדערער זייט האָט מיך געשטאָכן וואָס זיי האָבן זיך ניט געקענט ראַטעווען פון די דייטשע מערדער.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פון מעזשעראָוו קיין זשמערינקע איז אונזער שטוב געווען ליידיק, אַלעס צעראַבירט. די דייטשן האָבן געיאָגט אידן צו דער אַרבעט, ביים דעם וואָקזאַל, ביי דער בריק. איך האָב מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויף דער גאַס מען זאָל מיר ניט אָפּשניידן די באָרד, בין איך כסדר געזעסן באַהאַלטן אין שטוב און געשריבן און פאַרצייכנט וואָס די רוצחים טוען אָפּ מיט אונזער אידישן פאָלק.

אַ געוויסן טאָג בין איך אַרויסגעגאַנגען ביי דעם טויער, און מאָמענטאַל איז אונטערגעלאָפן אַ הויכער אָנגעפרעסענער דייטש, אָנגע־כאַפּט מיך ביים האַלז און געשריגן: פאַרפלוכטע יודע אַרבעטן. ער האָט מיך געפירט אין דער געמיינדע. דאָרטן איז שוין געשטאַנען נאָך דריי אַלטע אידן וואָס דער דייטש האָט געכאַפּט. ער האָט אונז געטריבן הינטער דער שטאָט און אונז געהייסן לויפן און געהאַלטן אין איין שלאָגן מיר זאָלן לויפן שנעלער. אַזוי זיינען מיר אָפּגעלאָפן אַ פּאָר ק״מ ביז צו אַ גרויסן פּלאַץ. איך בין געוואָרן שטאַרק אָפּגעמאַטערט, די פיס ברעכן און ציטערן, איך בין אַנידערגעפאַלן. אַ ווילדן געשריי מיט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, האָב איך זיך קוים אויפגעשטעלט. דער דייטש האָט מיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ מאַשין אַז איך זאָל אָנפּאָמפּען לופט אין די רעדער, אָבער איך האָב מיך ניט געקענט רירן, אָפּגעמאַטערט פון לויפן. דערווייל איז צוגעקומען אַ צווייטער דייטש און דער ערשטער איז אַוועק. איך האָב זייער שטאַרק אָנגעהויבן וויינען און אים געבעטן ער זאָל מיך אָפּלאָזן. צופעליק איז עס געווען אַ „גוטער" דייטש און האָט געהאַט מיטלייד מיט מיר און מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און אַרויסגעפירט פון דעם פּלאַץ. און דאָ האָט ער זיך גענומען מיר אָפּשניידן די באָרד, האָב איך ווייטער אָנגעהויבן וויינען און בעטן, און אים געפאַלן צו די פיס. גיי שנעל צו הויזע, פאַרפלוכטע יודע! האָט ער הייזעריק געשריען. מיט מיינע לעצטע כוחות האָב איך גענומען לויפן נאָך אַ הינטער גאַס און בין קוים אַ לעבעדיקער אַריין אין שטוב.

מיינע קינדער האָבן מיך אַרומגעזוכט, ניט ווויסנדיק וואו איך בין ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, זיי האָבן זיך שוין גוט אויסגעוויינט. ווען זיי האָבן מיך דערזען האָבן זיי פאַר גרויס פרייד ערשט אָנגעהויבן צו וויינען. מיר האָבן ג־ט געדאַנקט וואָס איך בין צוריקגעקומען לעבעדיק. איך בין שוין נישט אַרויסגעטראָטן פון שטוב, נאָר איך האָב זיך דערוואוסט אַז פון יענע דריי אידן וואָס זיינען מיט מיר געטריבן געוואָרן צו דער אַרבעט, איז נאָר איינער צוריקגעקומען צעשלאָגן, פאַרבלוטיקט און מיט אַן אָפּגעשניטענער באָרד און די אַנדערע צוויי אידן זיינען שוין נעבעך אינגאַנצן ניט צוריקגעקומען.

אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן לעבן מיט די מערדער פון 15 אויגוסט 1941 ביז חודש נאָוועמבער, אין שרעקלעכן הונגער און מורא׳דיקן פּחד פאַרן אָנקומענדיקן טויט. עס האָט זיך געשאַפן אַ אידן ראַט, וועלכע האָבן צוגעשטעלט יעדן טאָג עטלעכע הונדערט אידן מיט פּרויען, צו דער אַרבעט, אָנצולאָדן אין די וואַגאָנעס פּראָוויאַנט, צו טראָגן שטיינער אויסצו־גלייכן די וועגן, און דערביי האָבן די רוצחים מיט שטעקנס געקלאַפּט איבער די קעפּ. וועלכער איד ס׳האָט ניט גוט געאַרבעט איז געוואָרן צעשלאָגן, צובלוטיקט אָדער אינגאַנצן דער׳הרג׳ט. יעדן טאָג האָבן געמוזט זיין קרבנות. מיר האָבן נאָך געהאַט גליק וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעגעבן אַרבעט צו מיין אײדעם, האָבן זיי אונז דערפאַר באַפרייט פון דער אַרבעט.

## אין געטאָ ביי די רומענער

אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן אָפּגענומען אַן אָרט ביי דער זייט שטאָט, צו מאַכן אַ געטאָ פאַר די אידן, און אַז די קריסטן פון דאָרט זאָלן זיך אַרויסציען אין שטאָט אַריין. אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע אידן זאָלן צייט 24 שעה זיך אַריינציען אין די ערטער וואו ס׳איז באַצייכנט צו מאַכן אַ געטאָ, קיין איין איד טאָר זיך ניט געפינען אויסערן געטאָ, אויב ניט איז טויט־שטראָף.

ס׳איז געוואָרן אַ מהומה. אַלע אידן האָבן געכאַפּט דאָס ביסל פאַר־מעגן און געכאַפּט זיך אין די דירות, צו עטלעכע פאַמיליעס אין אַ שטוב. מיר זיינען אויך אַריין אין אַ שטוב מיט עטלעכע פאַמיליעס. אין 5־טן נאָוועמבער זיינען שוין אַלע אידן געווען באַזעצט אין די ערטער פון געטאָ. דאַן האָט מען אַרומגעצוימט דעם געטאָ מיט שטעכל דראָטן, און ביים טויער אַן אויפשריפט, אַז וועלכער איד עס וועט זיך וואַגן אַרויסטרעטן אויסער דעם געטאָ ווערט ער געהאַנגען. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג איז געוואָרן אַ מרה שחורה אין געטאָ, מען האָט שוין געזען אַ רומענישן איד הענגען אויף אַ קלאָץ ביי דעם טויער מיט אַ שריפט: פאַר אַרויסטרעטן אויסער דעם געטאָ קומט אים די שטראָף. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען געזען אויף דער תליה הענגען ווייטער אַ איד, אַזוי האָט מען אָנגעהויבן יעדע פאָר טעג אויפהענגען אַן אַנדערן. די שרעק־לעכע איבערלעבונגען וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט איז אוממעגלעך צו באַשרייבן.

גאַנצע דריי יאָר זיינען מיר אידן געווען פאַרצוימט אין געטאָ אין זשמערינקע, בערך אַ צוויי טויזנט פאַמיליעס, פון 1941 ביז 1944, אין הונגער און נויט און שרעק, און הונדערטער מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן. נאָר מיר האָבן עפּעס געהאַט נסים, וואָס אַלע מאָל האָט געזאָלט פאָרקומען אַקציעס און יעדעס מאָל האָט מען אָפּגעלייגט. צי וויל מען

האָט געדאַרפט די מענטשן צו דער גרויסער שווערער אַרבעט, ביי דער בריק, ביי דעם וואָקזאַל, ביי דער באַן־ליניע און ביי די וועגן.

## אַ רומעניש־אידישער דאָקטאָר — הויפּט פון געטאָ

אין געטאָ איז אויך געווען אַ רומעניש־אידישער דאָקטאָר וועלכער איז געוואָרן דער אָנפירער פון יודען־ראַט. ער איז אויך געווען גוט באַקאַנט מיט דער געסטאַפּאָ, און ער האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצו־שיקן יעדן טאָג מענטשן צו דער אַרבעט, וויפל מען וועט דאַרפן. אויף זיין באַפעל האָט יעדער איינציקער זיך געמוזט קומען רעגיסטרירן. ער האָט געשאַפן אַ אידישע מיליץ, וועלכע זיינען געוואָרן יעדן טאָג צעשיקט אַרויסרופן אָדער אַרויסרייסן מענטשן צו דער אַרבעט, מיט אַ צעטל פון דאָקטאָר, אַז די מענטשן מוזן קומען 5 פאַרטאָג צום יודען־ראַט. דאָרט זיינען שוין געשטאַנען דייטשן מיט גומענע פּאַלקעס און געפירט די אידן צו דער אַרבעט. יעדן טאָג זיינען די אידן „אַהיים״ געקומען צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע, און קיין איין טאָג איז ניט פאַרביי ס׳זאָל ניט זיין קיין גע׳הרג׳טע מיט פאַרשידענע טויטן.

דער דאָקטאָר האָט געפירט די אַרבעט זייער שטרענג, און ווי איז געווען צו דעם אידן, מאַן אָדער פרוי, וואָס האָט זיך נישט פּינקטלעך צו דער מינוט צוגעשטעלט צו דער אַרבעט. דאַן האָט דער דאָקטאָר געגעבן אַ וואונק צו דער מיליץ, פלעגן זיי באַלד אַזאַ קרבן אויסטאָן נאַקעט און שמייסן, און דער דאָקטאָר איז דערביי געשטאַנען און סאַדיסטיש הנאה געהאַט און זיך געזעטיקט, ביז ער האָט געזען אַז עס גיסט זיך ס׳בלוט. די דייטשן און רומענער האָבן געשמייכלט און ווילד געלאַכט ווי גוט זייער דאָקטאָר קען די מלאכה אַזוי ווי זיי און אין געוויסע פאַלן נאָך בעסער ווי זיי.

די דייטשן האָבן איבערגענומען די באַן ליניע ביי דעם וואָקזאַל, און די רומענישע מאַכט איז געווען ביי דער געטאָ, און אַכטונג געגעבן אַז אַלע אידן זאָלן גיין מיט ווייסע בענדער אַרום דעם אַרבל פון מלבוש.

איך ווייטער, ביי יעדן געלעגנהייט, אַנגעווייטיקט, באַהאַלטן, האָב געשריבן. איך האָב דערין געפונען אַ טרייסט פאַר מיין שרעקלעכן הונגער וואָס כ׳האָב געליטן און נאָך מער האָט מיר וויי געטאָן די גרויסע פּיין פון די אויסגעהונגערטע קינדער.

דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַ באַפעל אַז יעדערער זאָל זיך באַ־שטייערן מיט געלט פאַר דער קאָמאַנדע, וועט ער פועל׳ן אַז זיינע מיליץ וועלן מעגן גיין אויפן באַזאַר איינקויפן עסנוואַרג. צו דעם צוועק האָט ער געמאַכט קלייטן אין געטאָ, אידן זאָלן האָבן צו קויפן, אָבער מיט

זייער גרויסע טייערע פּרייזן וואָס דער גרעסטער טייל האָט ניט געקענט קויפן, אָבער ער, דער דאָקטאָר, האָט געמאַכט אַ גוט געשעפט פאַר זיך.

פון צייט צו צייט פלעגן זיך אין געטאָ אַריינכאַפּן גוים מיט פּראָדוקטן וועלכע פלעגן טוישן עסנווארג פאַר זאַכן, אַנטועכץ. מען האָט פאַרקויפט פון זיך וואָס מען האָט פאַרמאָגט.

## דער דאָקטאָר הערשמאַן און זיינע טעטיקייטן

דער דאָקטאָר, כדי ער זאָל זיך איינבאַליבן ביי די אידן, האָט ער געשאַפן מענטשן צו מאַכן די שול אין אָרדענונג, אַז אידן זאָלן קענען דאַווענען. אין אַ געוויסן שבת האָט ער טאַקע געהאַלטן אַ רעדע אין שול אַז אַזוי ווי ער איז דאָ געשיקט געוואָרן וועט זיין אַ גרויסע טובה פאַרן כלל ישראל, וואָרום ער האָט גרויס פּראָטעקציע ביי דער רומענישער מאַכט, און נאָך אין רומעניע איז ער געווען גוט באַקאַנט מיטן קאָמענדאַנט, און ווי ווייט מעגלעך וועט ער פאַרהיטן עס זאָל ח״ו קיין שלעכטס ניט געשען. באַלד האָט ער אויסגעקליבן אַ מענטש פאַר אַ שמש אין שול, ער זאָל אַכטונג געבן ס׳זאָל זיין ריין און אָרדענונג אין שול, פאַר דעם וועט דער שמש זיין באַפרייט פון אַרבעט. אַזוי אַרום האָט ער צוגעצויגן דעם גאַנצן רעליגיעזן קרייז צו זיך.

נאָכדעם האָט ער גע׳פּועל׳ט ביים קאָמענדאַנט אַז אידן פון געטאָ זאָלן האָבן דאָס רעכט אַרויסצוגיין אויפן באַזאַר אויף צוויי שעה איינצו־קויפן. אָבער, נאָר מיט אַ צעטל פון דאָקטאָר, און פאַר דעם צעטל האָט מען געמוזט באַצאָלן 10 רובל. מען האָט אויסגעקויפט צעטלען צו גיין אויפן באַזאַר מחמת אין די קלייטן האָט געקאָסט פיל טייערער. אויפן באַזאַר האָט מען געמעגט זיין פון 12 ביז 2, און מיליץ האָט אַכטונג געגעבן, און ווער ס׳האָט ניט צוריקגעטראָגן דאָס צעטל צום דאָקטאָר ביז צוויי אַזייגער האָט געמוזט באַצאָלן 25 רובל שטראָף. די צענער קערבלעך האָבן אים אַריינגעטראָגן שיין געלט.

אויך האָט ער געמאַכט אַ באָד אין געטאָ, אָבער זיין מיינונג איז געווען פאַר זיינט וועגן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז יעדער איינציקער מוז אָפּצאָלן דריי רובל אַ חודש, וועט מען האָבן רעכט צו גיין אין באָד צוויי מאָל אין חודש. פאַר אַ קינד פון 5 יאָר מוז מען שוין אָפּצאָלן די דריי רובל צי מען וועט יאָ גיין צי ניט גיין מוז דער שטייער אָפּגעצאָלט ווערן, ווער ס׳האָט ניט געצאָלט צום טערמין איז אַרעסטירט געוואָרן אין אַ פינסטערן קעלער, פאַרמאַכט מיט אַן אייזערנע טיר. דאָס האָט ווידער דעם דאָקטאָר אַריינגעבראַכט פיל טויזנטער. יעדן טאָג האָט ער עפּעס אַנדערש פאַרלאַנגט פאַרן קאָמענדאַנט, דאָ אַ גאָלדענעם זייגער, דאָ אַנדערע פאַרשידענע ווערט זאַכן און ס׳האָט געמוזט געשאַפן ווערן

אָן שום תירוץ. ער אַליין דאַרף אויך האָבן געלט אויסצוצאָלן דער מיליץ חודש געלט. ער וויל אויך זען צו מאַכן אין געטאָ אַ שפּיטאָל מיט אַן אַפּטייק און אַן אָרעמע קיך וואו מען וועט אַרויסגעבן אומזיסטע מיטאָגן פאַר אָרעמע לייט. צו דעם צוועק האָט ער געמאַכט אַ רעגיסטראַציע צום צווייטן מאָל, מען מוז זיך רעגיסטרירן וויפל מענטשן עס געפינט זיך אין יעדע פאַמיליע, און אויך וועלכע ווילן זיך פאַרשרייבן אין דער אָרע־מער קיך נאָך מיטאָג עסן. אין צייט דריי טעג מוז די רעגיסטראַציע זיין געענדיקט, און יעדע פאַמיליע וועט מוזן צאָלן חודש געלט לויט דער באַשטימונג פון דאָקטאָר.

פון קאָמענדאַנט איז געקומען אַ באַפעל אַז אויסער די ווייסע באַנד וואָס יעדערער טראָגט ביי דעם אַרבל מוז מען נאָך האָבן אָנגענייט ביי דעם לאַץ פון בגד אַ מגן דוד פון געלע סחורה, און וועמען מען וועט טרעפן אָן אַ מגן דוד וועט באַשטראָפט ווערן מיט דער האַרבסטער שטראָף. איינמאָל בין איך געגאַנגען צום דאָקטאָר און אים זייער געבעטן ער זאָל מיך באַפרייען פון די דריי רובל צום באָד ווייל כ'האָב ניט קיין געלט. האָט ער מיר געענטפערט: גייט אין די הייזער און שאַפט אייך דריי רובל, און איך גיב אייך צייט איין שעה זאָלט איר באַצאָלן, אויב ניט ווערט איר אַרעסטירט אין פינסטערן קעלער!

עס איז אויך געווען ביי אים איינגעאָרדנט אַ גאַנצע ביוראָ. ער האָט זיך אויסגעזוכט די שענסטע פרויען פון געטאָ זאָלן ביי אים... שרייבן אין דער ביוראָ. ער איז געזעסן אין אַן אָפּגעזונדערט הערליך שיין צימער און אַ שווייצער ביי דער טיר וועלכער האָט צו אים ניט אַריינ־געלאָזט אָן אַן ערלויבעניש. ער האָט געהאַלטן אַ בוכהאַלטערין און אַ קאַסירערין. די מיליץ זיינען כסדר אַרומגעגאַנגען און וועמען זיי האָבן געטראָפן אָן דעם מגן דוד האָט מען אים געבראַכט צום דאָקטאָר און ער איז באַשטראָפט געוואָרן מיט 50 רובל געלט, אָדער אַרעסט אין פינסטערן קעלער אָן עסן. פיל האָט מען פון קעלער אַרויסגענומען טויט, אָדער, 25 שמיץ בלוטיקע.

מען האָט אָנגעהויבן אַריינשיקן פּראָדוקטן פון רומעניע און באַלד האָט מען געמאַכט אַ קיך וואו מען האָט אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר אָרעמע מענטשן אומזיסט. מיר האָבן באַוואונדערט דאָס נס, ווער האָט עס אין זינען די אומגליקלעכע אידן, ביז היינט צו טאָג האָט קיינער אויף דעם קיין ענטפער ניט געגעבן. ביי די פאַרמעגלעכע האָט מען גענומען 10 רובל פאַר אַ מיטאָג.

פונקט אום שבועות איז אַרויס אַ באַפעל פון קאָמענדאַנט אַז דאָס גאַנצע באַפעלקערונג פון געטאָ זאָלן אַרויסגיין אויף אַ פלאַץ נעבן

דעם יודען־ראַט און יעדערער זאָל מיטנעמען זיין דאָקומענט. רומענישע זעלנער זיינען אַרומגעלאָפן און אַרויסגעיאָגט יעדן פון די שטיבער, מענער פרויען און קינדער, זיי האָבן געזוכט אויף די בוידעמער און אין די קאַמערן. עס איז געוואָרן חושך. מיט האַרץ קלאַפּונג און געוויין האָט יעדער געמוזט לויפן צו דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. איך בין געלעגן אין בעט פאַרבונדן דעם קאָפּ, און אַזוי ווי די זעלנער האָבן מיך געזען האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן און צווישן זיך גערעדט און מיך געלאָזט ליגן אין בעט. מיינע קינדער האָבן זיך געזעגנט מיט מיר, פאַרגאָסן פיל טרערן. די זעלנער האָבן זיי אַרויסגעטריבן, איך בין אַליין געבליבן און דאָס טרויעריקע האַרץ האָט געקלאַפּט פון שרעק און מורא. די געדאַנקען האָבן זיך מיר געמישט אין קאָפּ.

אויפן פּלאַץ איז געשטאַנען די גאַנצע קאָמאַנדע און יעדערן באַקוקט די דאָקומענטן און איינגעשריבן אין זייערס אַ בוך, אַפילו יעדערנס פּאַך. אַזוי האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט האָט מען געהייסן צוריקגיין אין די שטיבער. מיר האָבן געדאַנקט ג־ט וואָס מען איז אָפּגעקומען מיט שרעק. אָט אַזעלכע פּראָבע אַקציעס, ווי מען האָט עס גערופן, האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט און ס׳איז אַדורכגעגאַנגען מיט חסד.

דער דאָקטאָר הערשמאַן האָט זיך ווייטער געפירט זיינע געשעפטן, אַז ער האָט נאָר געזען אַ שיינע פרוי האָט ער זי גענומען אַלס מיט־העלפערין אין זיין ביוראָ, און אַזוי ווי מיין איידעם איז אַ דאַמען שניידער האָט דער דאָקטאָר צו אים געשיקט אַרבעט אויף צו נייען קליידונג פאַר זיינע געהילף פרויען, דערפאַר זיינען מיר געווען פריי פון אַרבעט און געקראָגן צעטלען צו גיין אויפן באַזאַר איינצוקויפן. פיל מאָל האָט זיך געטראָפן וואָס די רומענישע זעלנער האָבן באַלאַגערט דעם באַזאַר און אונטער פאַרשידענע תירוצים צוגענומען אַלעס ביי די פרויען וואָס האָבן עפּעס איינגעקויפט. מיין טאָכטער האָט פאַר עפּעס געטוישט אויף אַן עוף, איז באַלד האַסטיק צוגעלאָפן אַ רומענישער זשאַנדאַר מיט אַ געשריי אַז ס׳איז ניט דערלויבט אַ יודע זאָל עסן הינער! און ער האָט זי געשלעפּט מיט דער הון צו דער קאָמאַנדע און מען האָט זי אַרעסטירט. יעדערן איז געווען באַוואוסט אַז זעלטן ווער ס׳איז פון דעם אַרעסט אַרויס לעבעדיק. האָט מען מודיע געווען דעם דאָקטאָר אַז דעם שניידערס פרוי איז אַרעס־טירט, האָט ער זי אַרויסגענומען.

איינמאָל האָט זיך דער דאָקטאָר הערשמאַן דערוואוסט אַז אַ געווי־סער איד אסטראָווסקי האָט בדיעה אַריינצוגעבן אַן אָנקלאַגע צום קאָמענ־דאַנט. האָט דער דאָקטאָר אַרויסגעגעבן אַ פּסק אַז מען זאָל דעם אידן אַרומבינדן מיט אַ שטריק און אַ פּאָליצמאַן זאָל האַלטן דעם עק פון

שטריק און אים אַרומפירן איבער די גאַסן פון געטאָ מיט אַ בייטש און דער איד זאָל אַליין שרייען „אַזאַ שטראָף האָט זיך פאַרדינט אַ איד אַ מסור", און אויך איז געווען אָנגעהאָנגען אַן אויפשריפט „דער איד איז אַ מסור". אין אַ צייט אַרום האָט זיך ווייטער דער דאָקטאָר דערוואוסט אַז אַ איד פון געטאָ האָט אָנגעשריבן אַן אָנקלאַגע אויף אים. באַלד איז דער איד אַרעסטירט געוואָרן און אַריינגעוואָרפן אין פינסטערן קעלער. אַ פּאָר טעג האָט מען צו אים ניט צוגעלאָזט קיין עסן און מען האָט דעם אידן אַרויסגענומען פון קעלער אַ טויטן. עס איז געוואָרן חושך אין געטאָ, אָבער מען האָט מורא געהאַט צו ריידן.

## אין בראַילאָוו ביי די דייטשן

בערך אַן אַכט קילאָמעטער פון זשמערינקע איז דאָ אַ שטעטל בראַילאָוו. דאָרטן זיינען געווען די דייטשן און ניט קיין רומענער. דאָרט האָבן די דייטשע רוצחים געווילדעוועט מיט דער פולסטער קראַפט. דאָרטן האָבן זיי שוין געהאַט אַדורכגעפירט צוויי אַקציעס, אויסגעשאָכטן, אויס־גע׳הרג׳ט און פיל באַגראָבן לעבעדיקערהייט. דעמאָלט זיינען פון דאָרטן אַנטלאָפן 360 מענטשן פרויען און יונגע מענער קיין זשמערינקע, וועלכע האָבן אָפּגעצאָלט דעם דאָקטאָר אַ גרויסע סומע געלט, ער זאָל זיי דאָ איינמעלדן. טראָץ דעם וואָס עס איז ניט געווען דערלויבט צו אַנטלויפן פון איין אָרט אויפן צווייטן, נאָר פאַר אַזויפיל געלט האָט זיך שוין דער דאָקטאָר דערלויבט און האָט זיי איינגעשריבן. עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ קליינע צייט, דאָס איז געווען אין 15־טן יולי 1943, איז געקומען אַ באַפעל פון בראַילאָוו קיין זשמערינקע צום דאָקטאָר, אַזוי ווי עס פעלן פון דאָרט אַריבער 300 מענטשן און לויט זיי זיינען געוואָר געוואָרן געפינען זיך די מענטשן אין זשמערינקע, זאָל ער זען זאָפאָרט די מענטשן אַרויסצו־געבן, מען דאַרף זיי האָבן אויף לייכטע אַרבעט, צייט דריי טעג מוזן זיי ווערן צוריקגעשטעלט קיין בראַילאָוו.

ניט קלערנדיק לאַנג האָט דער דאָקטאָר צעשיקט זיין מיליץ צו וויסן טאָן אַלע 360 מענטשן וועלכע האָבן זיך דאָ פאַרשריבן, אַז מאָרגן פּינקט־לעך אַכט אַזייגער אין דערפרי זאָלן זיי זיך צושטעלן צום יודען־ראַט, און זיי אויך אָנגעזאָגט אַז זיי זאָלן קומען אָנגעטאָן ריין און אָפּגעפּוצט, מען דאַרף זיי האָבן צו לייכטע אַרבעט. דער באַפעל איז געוואָרן אויסגע־פירט. גענוי מאָרגן זיינען שוין אַלע געשטאַנען נעבן יודען־ראַט. עס האָבן נאָך געפעלט אייניקע פרויען, האָט מען זיי אויסגעזוכט. ביי מיר אין שטוב איז גראַדע געווען פון די וואָס האָבן זיך געדאַרפט צושטעלן דאָס זיינען געווען דריי פרויען, אַ מוטער מיט צוויי טעכטער, טאַקע אונזערס אַ פאַמיליע, האָט מען זיי אַרויסגעפירט פון אונזער שטוב און

צוגעפירט צו די וואָס זיינען שוין געשטאַנען נעבן יודען ראַט. דאָרטן האָט מען זיי איבערגעציילט און איינגעטיילט אין 5 גרופּעס.

אין זעלבן מאָמענט זיינען ראַפּטום אָנגעקומען געסטאַפּאָ מיט ווילדע געשרייען און אויסגעשטערעקטע ביקסן און אַרומגערינגלט די 5 גרופּעס, און די רומענישע זעלנער געהייסן אָוועקגיין. האָט מען שוין דערזען די גרויסע בראָך. באַלד איז מען געוואָר געוואָרן אַז ניט ווייט זיינען שוין דאָ צוגעגרייטע גריבער. עס איז אַלעמען פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, ס׳איז געוואָרן אַ קלאָגעריי און אַ ביטער געוויין, די קולות זיינען געגאַנגען עד לב השמים. די זעלנער זיינען אַרומגעלאָפן אין געטאָ, אַריינ־געטריבן די מענטשן אין די שטיבער, עס זאָל זיך ניט דערוואָגן עמעצן אַרויסצוגיין פון שטוב, אַז נישט וועט מען דערשאָסן ווערן. עס איז געוואָרן אַ חשכות אין געטאָ.

באַלד האָט מען אָדורכגעפירט די ערשטע גרופּע, אַרום באַוואָכט פון די רוצחים מיט אויסגעשטערעקטע ביקסן, און פּונקט איז זיי אויסגעקומען אָדורכצופירן פאַר אונזער פענסטער. ווי ביטער און פאַרשטיינערט זיינען געוואָרן אונזערע הערצער ווען מיר האָבן באַמערקט אין דער גרופּע די מוטער מיט די צוויי שיינע טעכטער, מיט יאָמערלעכע קולות, געהויבן די הענט צום הימל און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ. מיר זיינען געפאַלן חלשות זעענדיק די שרעקלעך טרויעריקע סצענע. עס איז געוואָרן אַ געוויינעריי, קוואַלן טרערן האָבן זיך געגאָסן. און אַזוי האָט מען אָדורכ־געפירט אַלע פינף גרופּעס צו די צוגעגרייטע גריבער.

מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז פּונקט אין דער זעלבער צייט, האָט מען אויך פונעם שטעטל מעזשיראָוו צענויפגענומען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג, עטלעכע הונדערט פאַמיליעס, און זיי אויך צוגעבראַכט צו די זעלבע גריבער, אַביסל האָט מען אויסגעשאָסן און אַלע איבעריקע באַגראָבן לעבעדיקערהייט —— און פון דעם זעלבן שטעטל האָט מען אונז געהאַט אַרויסגעטריבן, באַשערט געווען אַז מיר זאָלן בלייבן לעבן, אָבער פון יענעם טאָג אָן איז געפאַלן אַ מרה־שחורה אויף די אידן אין געטאָ. יעדערער איז אַרומגעגאַנגען מיט שרעק און מורא, מען האָט געציטערט פאַר די דייטשע מערדער זאָלן חלילה וחס ניט איבערנעמען צוריק דעם פּאָסטן אין זשמערינקע, וועלכע וואָלטן זיכער פאַרניכטעט אַלע צוויי טויזנט אידישע פאַמיליעס וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין געהאַקטע צרות אין געטאָ. נאָך דעם פאַל האָבן מיר שוין ניט געקענט קומען צו זיך. אַזוי האָבן מיר זיך געמוטשעט אין שרעקלעכן הונגער און כסדר׳דיקע שרעק, ביז אין יאָר 1944 האָבן מיר שוין געהערט אַז די סאָוויעטן יאָגן דעם דייטש צוריק, דאַן איז די מורא נאָך מער געפאַלן אויף יעדן.

## ווי אַזוי מיר זיינען געראַטעוועט געוואָרן

אין 15־טן מערץ 1944 האָט מען שוין געהערט אַז די סאָוויעטן האָבן שוין פאַרנומען וויניצע אָבלאַסט, דרייסיק קילאָמעטער פון זשמערינקע, האָבן מיר אידן זיך שוין אין געטאָ באַהאַלטן אין די געהיימע קעלערס אונטער דער ערד, פיל מענטשן האָבן ריזיקירט און געלאָפן באַהאַלטן זיך צו באַקאַנטע. מיינע קינדער זיינען אויך געלאָפן זוכן אַ באַהעלטעניש צו אַ באַקאַנטן קריסט. איך האָב מיך אַריינגעכאַפּט אין אַ געהיימן קעלער, דאָרט איז געווען אָנגעפּאַקט פיל מענטשן מיט קליינע קינדער, געשטאַנען און געציטערט פאַר שרעק אונטער דער ערד אין דער פינס־טערניש.

אויף דער צווייטער נאַכט האָבן מיר פלוצים דערהערט אַ שטאַרק שיסעריי און באַלד האָבן מיר דערהערט די ווילדע קולות פון די דייטשע באַנדיטן. די רומענער האָבן באַלד אָפּגעטראָטן ווייטער. מיר זיינען אין דעם פינסטערן קעלער געשטאַנען צוגעדריקט איינער צום צווייטן און געציטערט. מיר האָבן שוין געהערט דאָס שטאַרקע קלאַפּעריי פון די מערדער, זיי האָבן אָנגעהויבן שלעפּן אידן פון בוידעמער, פון בונקערס. אַ קליין קינד האָט פונקט אָנגעהויבן וויינען, אָבער די מוטער האָט נעבעך געמוזט דערשטיקן איר קינד, אַז נישט זיינען מיר דאָך שוין אַלע פאַרלוירן. מיר האָבן שוין געפילט טעם טויט. די גוים האָבן אָנגעוויזן די דייטשן וואו ס׳געפינען זיך אַ סך אידן און וואו זיי ליגן באַהאַלטן. מיט אַ גרויס רעש און געשריי האָבן זיי אויפגעריסן אַ וואַנט פון אונזער באַהעל־טעניש און האָבן אונז אַלע אידן אַרויסגעטריבן פון די לעכער, מכבד געווען מיט זייער שטעקנס און געהאַלטן אין איין שרייען: די פאַרפלוכטע יודען לעבען נאָך — און געהאַקט איבער די קעפּ.

צעבלוטיקטע און האַלב פאַר׳חלש׳טע האָט מען אונז געטריבן אויף אַ פלאַץ הינטער דער שטאָט און אונז אַלעמען געהייסן גראָבן גריבער. די גוים וואָס זיינען מיטגעלאָפן זיך צוקוקן אויף דעם שיינעם ספּעקטאַקל האָבן געהאָלפן גראָבן די לאַנגע גריבער פאַר די אידן. מיר אידן האָבן געגראָבן און געגאָסן מיט טרערן. קיינער קען זיך ניט פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין אונזערע פאַרבלוטיקטע הערצער. מיר האָבן אַלע געזאָגט ווידוי, מיר האָבן שוין געזען וואָס עס שטייט פאַר פאַר אונז. די קולות און געוויינען זיינען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. די אידן וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע קריסטן האָבן זיי זיי אַרויסגעטריבן. מיינע קינדער האָט דער קריסט אויך אַרויסגעטריבן, זיי זיינען געבליבן שטיין אויף דער גאַס דערשראָקענע, זיינען זיי אַריין אין אַ צעבראָכענער קאַמער, איז אָנגעקומען אַ גוי מיט אַ קאָסע אין דער האַנט און געשריען: אַנטלויפט פון דאַנען, אויב ניט דער׳הרג׳ע איך

אייך שוין. מיט גרויס שרעק זיינען זיי פון דאָרטן אַרויס, און די דייטשן האָבן זיי פאַרכאַפּט און אויך צוגעטריבן צום גרוב. אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן ליגן פיל דערשאָסענע אידן. פון דערוויטנס האָב איך באַמערקט אַז מיינע קינדער שטייען שוין אויך ביים גרוב אָפּגעזעגנט מיט לעבן, די הערצער פאַרגאָסן, די טרויעריקע געדאַנקען האָבן זיך געמישט אין קאָפּ. די רוצחים האָבן שוין אַלעס מיט דער דייטשער פּינקטלעכקייט אַלעס צוגעגרייט און זיך שוין אָנגעהויבן צו נעמען צו דער אַרבעט אָנגעלאָדן דאָס געווער צו פאַרניכטן די אידן — —

אָבער, אין זעלביקן מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק שיסעריי, די רוסן די רויטע אַרמיי זיינען אונטערגעקומען און אַלעמען אַרומגערינגלט, עס איז געוואָרן אַ ווייסטע מהומה אויף די דייטשן, זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן איבערלאָזנדיק אַלץ און אַלעס. זיי האָבן אָבער אויף די דייטשע רוצחים געעפנט אַ שטאַרק שיסעריי, דאָס יונגוואַרג פון די אידן האָבן אויך געכאַפּט ביקסן און געשאָסן אויף זיי פון אַלע זייטן און געמאַכט פון די בלוטיקע מערדער אַש און ערד, זיי זיינען אַלע געפאַלן ווי די פליגן.

אַזוי זיינען מיר גערעטעט געוואָרן, קנאַפּע צוויי טויזנט אידישע פאַמיליעס, און אַ דאַנק ג־ט מיר זיינען געבליבן לעבן. צום אָנדענקונג מיט דער גרויסער בקשה פון אַלע אידן, האָב איך באַשריבן לזכרון די גרויסע נסים וואָס מיר האָבן געהאַט „די לעצטע צייטן און די גרויסע נסים פון דער געטאָ אין זשמערינקע״, געשריבן אין גראַמען.

## די לעצטע צייטן און די גרויסע נסים פון דער געטאָ אין זשמערינקע

25 טעג אין חודש ניסן 12 אַזייגער נאָך האַלבן טאָג,
האָט זיך געענדיקט ביי די אידן זשמערינקע די יאָמער און קלאָג.
צוויי טויזנט אידישע פאַמיליעס געווען אין אַ גרויס נויט,
זיינען דאָ גערעטעט געוואָרן פון שרעקלעכן טויט.

נאָך דריי יאָר ליידן אין דער געטאָ טעג און נעכט,
איז דאָ געקומען די הילף אויף אונז אידן אומגעריכט.
דאָס נס איז געשען אין יאָר 1944 אין 20־טן מאַרט,
האָבן זיך דאָס ביסל אידן אויף דער ישועה דערוואַרט.

פון פּלאָגן אין די פינסטערע קעלערס טעג און נעכט,
האָט ג־ט געשיקט די ישועה צו אונז אומגעריכט.
צוויי טויזנט אידישע פאַמיליעס האָבן געהאַט אַזאַ גרויסע זכיה,
אַז ביי די לעצטע שרעקלעכע מינוטן איז פּונקט געקומען די ישועה.

און נאָר מיט איניקע טעג פריער,
איז דאָ געווען אַ פּחד און שרעק אָן אַ שיעור,
מיט גרויס שרעק און מורא אויף יעדן טריט,
וואָס די מערדער האָבן פאַרגאָסן אַזויפיל אידיש בלוט.

זעקס קילאָמעטער אַרום זשמערינקע האָבן די דייטשן געוואַכט,
און דאָס גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אומגעבראַכט.
זייערע יעמערלעכע קולות האָט מען געהערט ווי ווייט,
זיי זיינען נעבעך געוואָרן באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

אידן אין זשמערינקע האָבן געציטערט יעדן מאָמענט,
מען זאָל ח"ו ניט אַריינפאַלן צו די רוצחים אין די הענט.
זיי האָבן שוין באַשטימט פלענער פאַרשידן,
ווי אַזוי צו פאַרניכטן אין זשמערינקע דאָס ביסל אידן.

זיי האָבן אַרומשפּאַצירט מיט גרויס מוט
און מען האָט נאָר געהערט שרייען „יודען קאַפּוט".
אין 19־טן מערץ איז שוין געווען צוגעגרייט גריבער אויף איניקע ערטער
אַריינצושליידערן דאָרט אידישע טויטע קערפּער.

זיינען שוין געשטאַנען גרייט אידיש בלוט צו פאַרגיסן
און מיט זייערע פּולעמיאָטן נאָר אויסצושיסן.
האָט ג־ט זייער בייזן פּלאַן פאַרשטערט
און דאָס גאַנצע בייז צו זיי איבערגעקערט.

אַזוי ווייט זיינען אונזערע נסים געוואָרן באַשלאָסן
אַז די אַלע מערדער, די דייטשן, זיינען געוואָרן אויסגעשאָסן.
די רוסן זיינען פּונקט געשיקט געוואָרן אַזוי ווי פון הימל
און זיי האָבן אָנגעמאַכט אויף די דייטשן אַ גרויס געטומל.

די סאָוויעטן האָבן זיי אַרומגערינגלט אויף אַזאַ אופן,
אַז די דייטשן האָבן געמוזט שנעל פון זשמערינקע אַנטלויפן.
אין דער צייט צו קוקן איז געווען אַ פאַרגעניגן,
ווי די דייטשן זיינען געפאַלן אַזוי ווי די פליגן.

איבערלאָזנדיק אַ גרויסן זאַפּאַס פּראָוויאַנט און געווער
וועלכעס זיי האָבן ניט געקענט זיך פאַרהאַלטן מער.
אָפּגעמעקט געוואָרן זייער היטלערישער יחוס,
זיינען אַנטלאָפן אַזוי ווי די רוחות.

זייערע פלענער זיינען געוואָרן פאַרשטערט
אויפצורייסן די בריקן מיט דער ערד.
ביי דער באַן צווישן די שינעס
האָבן זיי פאַרלייגט פיל מינעס.

דאָס איז געווען זייער ציל, זייער קוק,
צו פאַרניכטן די שטאָט זשמערינקע אין איין אויגן־בליק.
אָבער גאָר אומזיסט איז געווען זייערע מחשבות,
קעגן אַביסל אידן מיט זייער גרויסן זכות־אָבות.

די רויטע אַרמיי אַרום אַלע עקן
האָבן זיי געגעבן פון די קאַטיושעס צו שמעקן.
דאָס ביסל אידן וואָס האָבן דאָ איבערגעלעבט מיט שרעק און מורא
האָבן אָפּגעגעבן אַ שבח צום הייליקן בורא.

און אַ דאַנק ג־ט פאַר דער גרויסער זכיה
וואָס מיר האָבן זיך דערוואַרט צו דער ישועה.
אונזער פרייד איז געוואָרן אָן שיעור און מאָסן,
ליהודים בזשמערינקע היתה אורה ושמחה וששון.

אָט־דעם נס האָב איך באַשריבן פאַר אַ הייליקן זכרון
אַן אייביקע פרייד אויף דור דורות אַלע יאָרן.
אַ דאַנק ג־ט און אַ שבח אָפּצוגעבן
וואָס מיר אידן זיינען געבליבן לעבן.

אַז מיר זאָלן דאָס נס פון האַרצן ניט פאַרגעסן,
דעם טאָג צו פייערן אַ יום־טוב, מיט טרינקען און עסן.
דערביי ג־טס וואונדער קינדער צו דערציילן,
און פון גאַנצן האַרץ, אָרעמע, נדבות צו טיילן.

עס זאָל שוין זיין אַן ענדע פון מלחמה
און מיר זאָלן נאָך אין די דייטשן נעמען נקמה.
עס זאָל שוין נעמען פון די צרות אַן עק,
מיר זאָלן שוין זיין פריי אָן שרעק.

אונזער איינציקע בקשה דאָס יעצטיקע מאָל:
מיר זאָלן נאָך דערלעבן צו האָבן אַ אידישע מלוכה אין ארץ ישראל...

——— אָט ביז אַהער האָט ר׳ יואל האַנדלסמאַן ע״ה באַשריבן זיינע איבערלעבונגען אויף אַלערליי שטיקלעך פּאַפּיר, פון וועלכן איך האָב עס, הגם מיט אַביסל שווערע מי, איבערגעשריבן.

נאָך דער באַפרייאונג איז ער מיט זיין איינציק איבערגעבליבענע טאָכטער און איידעם אַנגעקומען קיין שטעטשין, דאָרטן זיינען זיי געווען אַ קורצע צייט, און די „בריחה" האָט זיי אַריבערגעפירט קיין בערלין אין די ד. פּ. לאַגערן. אין בערלין האָבן איך ר' יואל'ן געטראָפן אַ פריילעכן, אַ לוסטיקן, מיט זיינע שאַרפזיניקע ווערטלעך, פּונקט ווי אַמאָל. ער איז נאָך געווען אין בערלין טעטיק אויף אידישע חתונות און געזונגען און יעדן פריילעך געמאַכט.

דער דזשאָינט האָט פאַר אים געקראָגן אַ סערטיפיקאַט און אים אָפּגעשיקט קיין ארץ־ישראל. דאָ האָט מען אים איינגעאָרדנט אין בעסטן מושב זקנים וואו ער איז געווען טעטיק אַלס באַאַמטער און נאָך געקראָגן אַ פּענסיע. דאָ האָט ער ערשט געקענט זינגען און פריילעך מאַכן די אַלטע לייט. דאָ האָט ער געדאַווענט פאַרן עמוד, דאָ איז ער געווען בעל־קורא, און דאָ האָט ער דערלעבט מיט זיינע אויגן צו זען די אידישע מלוכה.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע זכיה: איז נפטר געוואָרן אין ארץ הקודש וואָס ער האָט אייביק געטרוימט. אַ לאַכעדיקער און אַ שמייכל־דיקער האָט ער אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה, און ניט געלאָזט די קינדער וויינען: איך דאַנק און לויב השי"ת וואָס דאָ קום איך ווי אַ איד צו קבר ישראל, פון וועלכן איך האָב אַזוי מורא געהאַט.

ער איז נפטר געוואָרן ביי זיינע עטלעכע און אַכציק יאָר. גרויס כבוד זיין אָנדענק.



# PROTOKOLL

aufgenommen durch den Polzei-Untersucher, Herrn Marceli Rosenberg, Unrra Polizei beim D. P. Center, Stuttgart-West, uber die Zeugenaussage

der Polin Kopiecka Maria, geb. 10. 12. 1922 in Rawa-Ruska, Poland. Vorkriegsadresse: Lemberg, Kopernika 10, z. Zt. in Ludwigsburg, Kinderheilanstalt, Hospitalstr. 3, D. P. Card G. 009703466. Kupiecka erklart folgendes:

Im Jahre 1942 habe ich in Tomaschow, Distrikt Lublin, gewohnt. **Walter Panzer** war dort als Landeskommissar eingezetzt Meine Fruendin, Hania Schaibin aus Tomaschow, war bei ihm beschaftigt. Die grosste Vernichtungsaktion in Tomaschow, die als Folge die Ausrottung von etwa 1000 Juden hatte, wurde im Herbst 1942 durchgefuhrt. Das war in der Nacht von Sonntag auf Montag, das Datum weiss ich nicht mehr. Am Sonntag befahl Panzer dem Vorsitzenden des Judenrates, Herrn Bergenbaum, zu sich zu kommen und verlangte von demselben Kaffee, Tischdecken und Besteck. Bergenbaum brachte das fur Panzer.

Die Juden vermuteten, dass Sonntag eine "**Aktion**" durchgefuhrt werden soll und versuchten sich nach Moglichkeit zu verstecken. Bergenbaum versteckte seine Frau u. Kind in einem Keller, zusammen mit anderen Familien. Er selbst versteckte sich im Keller des Kreisamtes (Seimik). Die "**Aktion**" fing im Mittennacht an. Als Polin konnte ich mich frei bewegen und alles beobachten. Ich beobachtete insbesondere Panzer. Gleich nach Beginnung der "**Aktion**" fing Panzer vor allem an den Vorsitzenden Bergenbaum zu suchen. Er konnte ihn zuerst nicht finden, nach einigen Stunden konnte ich aber genau sehen, wie Panzer den Bergenbaum vor sich jagte. Panzer hielt dabei seinen Revolver in der Hand. Am fruhen morgen wurde Bergenbaum von Panzer eigenhandig erschossen.

In der Zwischenzeit wurden alle Juden durch die Gendarmeria und Gestapo auf dem Ringplatz zusammengejagt. Die jenigen, die nicht schnell genug laufen konnten, wurden gleich erschossen. Panzer ging durch die Stadt in Begleitung hoherer Gestapo-Offiziere, leitete die **"Aktion,"** gab Befehle und nahm Rapporte entgegen. Mich interesierte, was mit meinen Bekannten passiert ist. Ich ging zu Hania Schaibin um ihr zu helfen. Dort erfuhr ich, dass Hania ihre Mutter versteckte und selbst zur Arbeit ging. Sie glaubte, dass man sie als Panzers Arbeiterin am Leben lassen wurde. Ich rief dann die Wohnung Panzers an und erfuhr von Panzers Frau, dass Hania auch bei Ihr nicht da ist. Daraufhin ging ich schnell zum Ringsplatz und sah wie Panzer meine Freundin Hania auf den Platz brachte und sie eigenhandig erschoss. Hania bat Panzer ums Leben, er erschoss sie aber lachend. Spater ist auch die Mutter Hanias auf den Platz gebracht worden und dort durch Panzer erschossen. Panzer erschoss auch seinen Arbeiter Ader und dessen Kind.

Auf dem Platz wurden alle fur den Transport Untauglichen erschossen, die anderen wurden nach Belzec zur Vernichtung abtransportiert. Ich bemerke, dass Panzer mindestens einmal wochentlich nach Belzec reiste.

Noch in Tomaschow habe ich mir die Adresse von Panzer in Deutsland vorgemerkt. Ich schrieb jetzt einen Brief an seine Frau und erhielt eine Antwort, dass sie, Ihr Mann u. Kinder gesund sind. Die Adresse lautet: Walter Panzer, Krefeld a/Rhein, Kaiserplatz 31.

Ich bitte sehr mir zu erlauben, bei seiner Festnahme anwesend zu sein, damit ich ihm die Wahrheit ins Gesicht sagen kann.

/—/ Kopiecka Maria



# קאָפּיע

פּראָטאָקאָל אויפגענומען דורך דעם פּאָליציי אונטערזוכער הער מאַר־סעלי ראָזענבערג אונרראַ פּאָליציי ביים ד. פּ. צענטער, שטוטגאַרט־וועסט איבער דעם עדות זאָגן פון דער פּאָליאַטשקע קופּיעצקאַ מאַריאַ, געבוירן 10.12.1922 אין ראַוואַ רוסקאַ, פּוילן, קינדערהיילאַנשטאַלט, שפּיטאַלשטראַסע 3 ד. פּ. קאַרד G. 009703466, .

קופּיעצקאַ דערקלערט פּאָלגענדעס:

אין יאָר 1942 האָב איך אין טאָמאַשאָוו לובלינער דיסטריקט גע־וואוינט. וואָלטער פּאַנצער איז דאָרט געווען דער לאַנדעסקאָמיסאַר. מיין פריינדין האַניאַ שייבין פון טאָמאַשאָוו איז געווען ביי אים באַשעפטיקט. די גרעסטע פּאַרניכטונגס־אַקציע אין טאָמאַשאָוו וואָס האָט פּאַראורזאַכט די אויסראָטונג פון 1000 אידן בערך איז דורכגעפירט געוואָרן אין האַרבסט 1942. דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק. די דאַטע ווייס איך נישט. זונטיק באַפעלט פּאַנצער דעם פּאָרזיצער פון יודענראַט ה׳ בערגערבוים צו זיך צו קומען און פּאַרלאַנגט פון אים קאַווע, טישטוכער און באַשטעק. בערגערבוים ברענגט דאָס פּאַר פּאַנצערן.

די אידן פּאַרדעכטיקן אַז זונטיק זאָל דורכגעפירט ווערן אַן אַקציע און זוכן לויט מעגליכקייטן זיך אויסבאַהאַלטן. בערגערבוים באַהאַלט זיין פרוי און קינד אין אַ קעלער צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַמיליעס. ער אַליין באַהאַלט זיך אין קעלער פון קרייזאַמט (סעימיק).

די אַקציע פּאַנגט זיך אָן אין מיטננאַכט. אַלס פּאָלקאַ קען איך מיך פריי באַוועגן און אַלץ באַאָבאַכטן. איך באַאָבאַכט גאַנץ באַזונדערס פּאַנצערן. גלייך נאָכן אָנהויב פון דער אַקציע, הויבט פּאַנצער אָן צו זוכן, פּאַר אַלעם, דעם פּאָרזיצער ה׳ בערגערבוים. ער קען אים לכתחילה נישט געפינען. נאָך עטלעכע שטונדן קען איך אָבער געניי זען ווי פּאַנצער יאָגט זיך נאָך בערגערבוים. פּאַנצער האַלט דערביי זיין רעוואָלווער אין האַנט. אין פרימאָרגן ווערט בערגערבוים פון פּאַנצער אייגנהענטיק דער־שאָסן.

אין דער צווישנצייט ווערן אַלע אידן דורך דער זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ אויף דעם מאַרק פּלאַץ צוזאַמענגעיאָגט. די יעניקע וואָס קענען נישט גענוג שנעל לויפן ווערן גלייך דערשאָסן. פּאַנצער גייט דורך די שטאָט אין באַגלייטונג פון העכערע געסטאַפּאָ אָפיצירן, לייטעט די אַקציע, גיט באַפעלן און נעמט אויף רעפּאָרטן. מיך אינטערעסירט וואָס

עס פּאַסירט מיט מיין באַקאַנטער. איך גיי צו האַניאַ שייבין כדי איר צו העלפן. דאָרט דערוויס איך זיך אַז האַניאַ האָט איר מוטער פאַרשטעקט און זי אַליין גייט צו דער אַרבעט. זי גלויבט אַז אַלס פּאַנצערס אַרבע־טערין וועט מען זי לאָזן לעבן. איך רוף דאַן פּאַנצערס וואוינונג און דערוויס זיך פון פּאַנצערס פרוי אַז האַניאַ איז אויך ביי איר נישטאָ. דאַן גיי איך שנעל צום מאַרק־פּלאַץ און זע ווי פּאַנצער ברענגט מיין פריינדין צום מאַרק־פּלאַץ און דערשיסט זי אייגנהענטיק. האַניאַ בעט פּאַנצערן פאַר איר לעבן, ער דערשיסט זי אָבער לאַכנדיק. שפּעטער איז אויך האַניאַס מוטער אויפן פּלאַץ געבראַכט געוואָרן און דורך פּאַנצערן דערשאָסן געוואָרן. פּאַנצער דערשיסט אויך זיין אַרבעטער אָדער און זיין קינד.

אויף דעם פּלאַץ ווערן אַלע, פאַר דעם טראַנספּאָרט אומטויגלעכע, דערשאָסן. די אַנדערע ווערן אָפּטראַנספּאָרטירט קיין בעלזעץ צום פאַר־ניכטן.

איך באַמערק ווי פּאַנצער מינדעסטנס איינמאָל אַ וואָך פאָרט נאָך בעלזעץ.

נאָך אין טאַמאַשאָוו האָב איך מיר פאַרנאָטירט פּאַנצערס אַדרעס אין דייטשלאַנד. איך שרייב יעצט אַ בריוו צו זיין פרוי און דערהאַלט אַן ענטפער דאָס זי, איר מאַן און קינדער זיינען געזונט. דער אַדרעס לויטעט : וואַלטער פּאַנצער, קרעהפעלד אַם רהיין, קייזערפּלאַץ 31.

איך בעט זייער מיר צו דערלויבן ביי־צוזיין זיין אַרעסט כדי איך זאָל אים קענען זאָגן דעם אמת אין זיין געזיכט.

(—) קופּיעצקאָ מאַריאַ

געזאַמלט פאַרן איוואָ דורך דוד גרויסדאָרף — אידיש : י. מ.



**ZYDOWSKI INSTYTUT HISTORYCZNY**
**W A R S Z A W A**

Al. Gen. Swierczewskiego 79
L. D. 995/62

*Warszawa, dnia* ......... 196......r.
Telefon 302744

טאָמאַשאָווער יזכור בוך קאָמיטעט

אין ענטפער אויף אייער בריוו פונעם 2.5—62, טיילן מיר אייך מיט, אַז אין טאָמאַשאָוו לובעלסקי האָבן ביזן 1941 יאָר געוואוינט 1450 יידן.

לעצטנס האָבן מיר זיך געווענדעט צום טאָמאַשאָווער שטאָט־ראָט, אָנפרעגנדיק וועגן גורל פון טאָמאַשאָווער יידן בשעת דער היטלער־אָקופּאַציע, אָבער ביז איצט האָבן מיר קיין ענטפער נישט באַקומען.

מיר לייגן בײַ אַן ענטפער אויפן פראַגע־בויגן פון דער הויפּט קאָמיסיע פון אונטערזוכן די היטלעריסטישע פאַרברעכן, אויסגעפילט אין 1945 יאָר.

לייטער פון אַרכיוו
**ט. בערענשטיין**



K w e s t i o n a r i u s z

o masowych egzekucjach i grobach masowych

1. Data i miejsce egzekucji ..............................................................................

2. Rodzaj egzekucji ..............................................................................
/rozstrzelanie, powieszenie/

3. Dane dotyczace zamordowanych/Polacy, Zydzi, cudzoziemcy/

---

Ile ocob zamordowano: ..............................................................................
Skad przywieziono ofiary: ..............................................................................
Nazwiska, wiek, zawod, adresy ..............................................................................

---

---

---

4. Czy wiadomo o co oskarzono ofiary? ..............................................................................
5. Kto dokonal egzekucji? ..............................................................................
6. Czy znane sa nazwiska sprawcow? ..............................................................................
7. Czy zwloki zostaly spalone, zniszczone w inny sposob ..............................................................................

---

8. Gdzie zostaly pochowane zwloki? ..............................................................................

---

9. Opis grobu ..............................................................................
10. Czy przeprowadzono ekshumacje zwlok? ..............................................................................
11. Czy sa podstawy do ewentualnego zarzadzenia pozniejszej ekshumacji ..............................................................................

---

---

Miejscowosc: Tomaszow Lubelski
Gmina: " "
Powiat: " "
Wojewodztwo: Lublin

# KWESTIONARIUSZ

o egzekucjach masowych i grobach masowych

1. rok 1942 w calym miescie
2. rozstrzeliwanie
3. Likwidacja reszty Zydow chroniacych sie przed wywiezieniem okolo 100 osob
   mieszkancow miejscowych
   Cukier, Ferszt, Katz, Stempel, Blank Szajndla z dziecmi, wiek rozny, reszta nazwisk nieznana
4. ze byli Zydami
5. Zandarmi
6. Ludwig (nie zyje), Prokop, Sierpinski (nie zyje)
   Dergier (nie zyje)
7. zakopywano w osobnych lub wspolnych grobach
8. na miejscu egzekucji
9. Pojedyncze lub wspolne
10. nie
11. nie ma

Pieczec: p.o. Burmistrz

Zarzad Miejski (—) St. Jedrzejewski

w Tomaszowie

Zalacznik do pisma Nr 275/45

z dn. 3.XI.1945r.

Sad Grodzki w Tomaszowie Lub. w osobie Sedziego Grodzkiego Jerzego Dubiszewskiego przesluchal dnia 13.X.1945r.

Wojta gminy: powiatu: tarnowskiego

burmistrz miasta: Tomaszow Lub.

Nazwisko i imie: Jedrzejewski Stanislaw

wiek: ur. 5.V, 1889r.

Miejsce zamieszkania: Tomaszow Lub.

w charakterze swiadka w trybie art. 107, 254 § 1 p.c. i 255 K.P.K., ktory po uprzedzeniu o odpowiedzialnosci za nieprawdziwe zeznanie, zeznal, jak w powyzszym kwestionariuszu, oraz dodal:

"Dane zawarte w powyzszym kwestionariuszu zostaly przeze mnie osobiscie ustalone na podstawie oswiadczen zapytywanych mieszkancow gminy, wlasnych obserwacji i ogledzin miejsca obozu (egzekucji, grobu)."

Protokol odczytano i podpisano.

Podpisy: (—) St. Jedrzejewski

(—) J. Dubiszewski

Sedzia Grodzki



# איבערזעצונג פון פּויליש

## פראַגע בויגן

וועגן די מאַסן עקזעקוציעס און מאַסן קברים

1. דאַטע און אָרט פון די עקזעקוציעס
2. אופן פון עקזעקוציע (אויסשיסונג, אויפהענגען)
3. אָנגאַבן וועגן די דערמאָרדעטע (פּאָלאַקן, אידן, אויסלענדער)
   וויפל פערזאָנען אויסגעמאָרדעט
   פונוואַנען זיינען געבראַכט געוואָרן די קרבנות
   נעמען, עלטער, באַשעפטיקונג, אַדרעסן
4. צי איז באַוואוסט אין וואָס די קרבנות זיינען באַשולדיקט געוואָרן?
5. ווער האָט אויסגעפירט די עקזעקוציע?
6. צי זיינען באַוואוסט די נעמען פון די אויספירער?
7. צי זיינען די טויטע קערפּערס געוואָרן פאַרברענט, פאַרניכטעט אויף אַן אַנדער אופן?
8. וואו זיינען געוואָרן באַהאַלטן די טויטע קערפּערס?
9. שילדערונג פון קבר
10. צי האָט מען דורכגעפירט אַן עקסהומאַציע פון די טויטע?
11. צי זיינען פאַראַן גרונטן פאַר אַן עווענטועלער פאַראָרדענונג פאַר אַ שפּעטערדיקער עקסהומאַציע?

אָרטשאַפט: טאָמאַשאָוו לובעלסקי
גמינע: טאָמאַשאָוו לובעלסקי
פּאָוויאַט: טאָמאַשאָוו לובעלסקי
וואָיעוואָדשאַפט: לובלין

## פראַגע בויגן

וועגן די מאַסן עקזעקוציעס און מאַסן קברים

1. אין יאָר 1942 אין דער גאַנצער שטאָט
2. אויסשיסונג
3. די ליקווידאַציע פון דעם איבערבלייב פון די אידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון די דעפּאָרטאַציעס. אַרום 100 פּערזאָן, שטאָטישע איינוואוינער. צוקער, פירשט, קאַטץ, סטעמפּל, בליאַנק שיינדל מיט די קינדער. פאַרשידענער עלטער. די איבעריקע נעמען — אומבאַקאַנט
4. ווייל זיי זיינען געווען אידן
5. זשאַנדאַרמען
6. לודוויג (לעבט נישט) פּראַקאַפּ, שערפּינסקי (לעבט נישט) דערגער (לעבט נישט)
7. באַגראָבן אין באַזונדערע אָדער געמיינזאַמע קברים
8. אויפן פּלאַץ פון דער עקזעקוציע
9. איינצלנע אָדער געמיינזאַמע
10. ניין
11. נישט פאַראַן

זיגל: שטאָט פאַרוואַלטונג אין טאָמאַשאָוו

בירגערמייסטער

(—) סט. יענדזשעיעווסקי

צוגעלייגט צו שריפט נומער 275/45

פון XI 3 1945

דאָס שטאַטישע געריכט אין טאָמאַשאָוו לוב. אין דער פּערזאָן פון ריכטער יעזשי דובישעווסקי האָט אויסגעהערט אין טאָג פון 1945 .X .13 דעם וואויט פון גמינע פון טאָמאַשאָוו פּאָוויאַט דעם בירגערמייסטער פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו לוב.

פאַמיליע נאָמען און נאָמען: יענדזשעיעווסקי סטאַניסלאַוו; עלטער: געבוירן 1889, V, 5; וואוינאָרט: טאָמאַשאָוו לוב.

אַלס אַן עדות לויטן אַרטיקל 107, 452 § 1 פּ. צ. און K.P.K. 225.

וועלכער האָט נאָך דער וואָרענונג וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר נישט ריכטיקע דערקלערונגען, דערקלערט ווי אין אויבנדיקן פראַגע־בויגן. ער האָט אויך צוגעגעבן:

די אָנגאַבן אין דעם אויבנדיקן פראַגע־בויגן זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך מיר פערזענלעך אויפן גרונט פון דערקלערונגען פון אויסגע־פרעגטע איינוואוינער פון דער גמינע, פון אייגענע אָבסערווירונגען און צוזע־אונגען אויפן אָרט פונ׳ם לאַגער (עקזעקוציע, גרוב).

דער פּראָטאָקאָל איז געוואָרן פאָרגעלייענט און אונטערגעשריבן.

אונטערשריפטן: (—) סט. יענדזשעיעווסקי
(—) י. דוביעשווסקי
שטאָטישער ריכטער
אידיש: י. מ.



# אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם פּראַגע בויגן

● י. מאסקאָפּ

ווי ס׳איז צו זען האָט דער יזכור בוך קאָמיטעט זיך געווענדעט צום אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשא וועגן ידיעות און דאָקומענטן פון אומקום פון די טאָמאַשאָווער אידן.

אין זייער ענטפער צום קאָמיטעט איז בייגעלייגט אַ פּראַגע־בויגן פון דער הויפּט קאָמיסיע צו אונטערזוכן די היטלערישע פאַרברעכן, וועל־כער איז אויסגעפילט געוואָרן דורך דער טאָמאַשאָווער שטאָט פאַרוואַלטונג אונטער געריכטליכער אויפזיכט.

אין דעם ענטפער דערמאָנט אויך דער אינסטיטוט אַז זייער ווענדונג צום טאָמאַשאָווער מאַגיסטראַט וועגן ידיעות פון דעם גורל פון די טאָמאַ-שאָווער אידן אין דער צייט פון דער היטלער אָקופּאַציע איז דורכן לעצטן נישט געענטפערט געוואָרן.

נעמענדיק אין האַנט דעם וויכטיקן דאָקומענט און פאַרטיפנדיק זיך אין יעדער שורה זיינער ווערט זי אַלץ מער און מער אומפאַרשטענדלעך. און אָט פאַרוואָס:

אין אונזער באַזיץ איז פאַראַן אַ קאָפּיע פון אַ דאָקומענט אין וועלכן דאָס פּוילישע קריסטלעכע מיידל מאַריאַ קופּיעצקאַ דערקלערט אַז זי האָט צוגעזען די אַקציע אין האַרבסט 1942 ווי עס זיינען אין טאָמאַשאָוו אַרויס־געפירט געוואָרן צום מאַרק פּלאַץ ביי אַ טויזנט אידן. דער קרייז־הויפּט־פירער פון געסטאַפּאָ, וואָלטער פאַנצער, דערשיסט דאַן דעם פרעזעס פון יודענראַט אבא בערגערבוים, האַניאַ שייבין (יאַסעלע שילמ׳ס טאָכטער), איר מוטער און זיין אַרבעטער אַדער מיט זיין קינד. אין דעם דאָקומענט פונ׳ם מאַגיסטראַט ווערט קיין איין נאָמען פון די אַלע נישט דערמאָנט.

לאָמיר לייענען די ענטפערס פונעם פראַגע־בויגן זייער אויפמערקזאַם:

פּראַגע נומ. 1, דאַטע און אָרט פון די עקזעקוציעס — ענטפער: 1942 אין דער גאַנצער שטאָט; פּראַגע נומ. 2 — ענטפער: אויסשיסונג; פּראַגע נומ. 3 — ענטפער: די ליקווידירונג פון דעם איבערבלייב אויס־באַהאַלטענע אידן ביי 100 פּערזאָן אָרטיקע איינוואוינער: צוקער, פּירשט, קאָטץ, סטעמפּעל, שיינדל בלאַנק מיט די קינדער. די איבעריקע נעמען — אומבאַקאַנט.

אַלזאָ ביי אַ הונדערט דערשאָסענע אידן שטאָטישע איינוואוינער, נעמען — בלויז פינף, די איבעריקע — אומבאַקאַנט! קען זיך וועלכער טאָמאַשאָווער מענטש פאָרשטעלן אַז פון הונדערט אידן טאָמאַשאָווער זיינען בלויז פינף געווען באַקאַנט צום מאַגיסטראַט? דערקלערט דאָך דער בירגער־מייסטער ה׳ יענדזשעיעווסקי אַז זיינע ענטפערס אינעם פראַגע־בויגן זיינען געשטיצט אויף אייגענער אָבסערוואַציע און אויך אויפן אויספרעגן אַנדערע שטאָטישע איינוואוינער. האָבן אַלע צוזאַמען געקענט נישט מער ווי 5 אידן? ווען אבא בערגערבוים און ישראל פייפער ווייסן אַלע לעבנ־געבליבענע אַז זיי זיינען דורך דער געסטאַפּאָ געפונען געוואָרן אין זייער באַהעלטעניש אין בנין פון סיימיק און זיינען נאָכהער דערשאָסן געוואָרן. האָט דער בירגערמייסטער און אַלע אַנדערע אויסגעפרעגטע פּאָליאַקן נישט געקענט אויך די 2 פראָמינענטע אידן אין שטאָט?

לאָמיר זען ווייטער. פראַגע נומ. 6: צי זיינען באַוואוסט די נעמען פון די אויספירער? — ענטפער: לודוויג (לעבט נישט), פּראַקאָפּ, שער־פינסקי (לעבט נישט), דערגער (לעבט נישט). אַלזאָ, פון 4 מערדער אין 1942 לעבן נישט 3 אין 1945. און דער פערטער? איז ער אַ פּאָליאַק, אַ דייטש? נו, די פראַגע איז דאָך נישט פאַראַן אין פראַגע־בויגן; אָבער אַז די מערדער לעבן נישט האָבן זיי יאָ געוואוסט צו ענטפערן כאָטש די פראַגע איז אויך נישט פאַראַן אין פראַגע־בויגן. און דעם מערדער פּאַנצער, דעם הויפּט פון דער געסטאַפּאָ וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע אויסראָטונגס אַקציעס, האָבן זיי אים אויך נישט געקענט? זיין נאָמען אויך נישט געוואוסט? קען זיך דאָס לייגן אויפן שכל? ניין, און ניין און נאָכאַמאָל ניין!

די כוונה פון די ענטפערס אויף דעם פראַגע-בויגן איז אַ גאַנץ קלאָרע: נעמליך, צו באַשיצן די מערדער, צו אַנטמוטיקן אַן אויספאָרשונג קעגן זיי, וואָס וואָלט מן הסתם אויפגעדעקט אַ סך מערדער פון צווישן זייערע ידידים. זיי האָבן נישט געוואָלט דערמאָנען קיין נעמען פון די קרבנות וואָס וואָלטן געקענט ברענגען אויף די שפורן פון זייערע מערדער. זיי האָבן זיך באַגרענעצט צו בלויז 4 מערדער פון וועלכע נאָר איינער לעבט, אַ פּראָקאָפּ וואָס האָט נישט קיין ערשטן נאָמען און מ׳ווייסט זיכער נישט ווער און וואו ער איז.

דאָס ברענגט אונז אויפן געדאַנק וויפל אידיש בלוט ס׳ליגט אויפן געוויסן פון די וואָס האָבן נאָכן זיג איבער היטלערן פאַרנומען הויכע אַמטן אינ׳ם באַפרייטן פּוילן, און ווי לעכערלעך ס׳איז זייער רימען זיך אַז זיי, נאָר זיי, די אָנהענגער פון דער פּאָליטישער ליניע וואָס זיי פאַר־טרעטן האָבן געהאָלפן די אומגליקלעכע אידן קעגן זייערע נאַצישע רוצחים. אַלע פאַקטן ריידן דאָס פאַרקערטע.

# צו מיינע פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער
# וואָס זיינען געפאַלן אויף קידוש השם

• יעקב שוואַרץ

ודעגן אייערע פלאָגן שרייבן, ציטערט מיר די פען,
מיין גוף ווי אייערער, איז אין ווייטיק ניט געווען,
נעבעכדיק זעט אויס דאָס ווייסע בייגעלע פאַפיר
נאָר מיין האַרץ האָט כסדר געציטערט אין מיר.

איר האָט אין מיטן העלן טאָג געזען אומבאַשטראָפט פאַרברעכן,
ווי מען קען מיט אַ מעסער קאַלטבלוטיק אין האַרץ דערשטעכן,
רציחה, רשעות, מערדעריי, בעסטיאַלישקייט און רויב,
און די אויגן זאָלן גלאַנצן ווי מיט שקיעה גלאַנצט אַ שויב.

די שטיינער זיינען ניט געוואָרן ווייך פון בלוט,
אַ גרויסע פיין האָט נעבעך אויף אייך גערוט,
עס זיינען ניט צעגאַנגען די וועגט פון הייסע טרערן
נאָר עקשנות'דיק האָט איר געשוויגן צו די שטערן.

די רוצחים האָבן פון אייערע לייבער די הויט געריסן,
איצט ווייסן זיי ניט פון דעם, און ווילן אויך ניט וויסן,
מיט געזאַנג האָבן זיי געקליבן און געסאָרטעוועט די האָר,
און מיינען איצט צו בלייבן אומשולדיק און קלאָר.

היינט רעט מען פון דעם געלאַסן, אין דער שטיל מען זאָגט:
אַז מען האָט אייך צו די גריבער נאַקעטע געיאָגט,
מיט בייטשן און מיט הינט, ווען מען אַ שלעפּ,
ווען מען געשאָסן און ווען מען מיט קלעפּ.

היינט בין איך שוין אויך געוואוינט צו הערן וועגן דעם,
עס טוט נאָר אַ לייכטער ציטער די ברעם,
עס גיט נאָר ביים האַרצן אַ שאַרפן קלעם —
היינט בין איך שוין אויך געוואוינט צו הערן וועגן דעם.

אין גרויסע מחנות האָט מען אייך סאָרטירט,
ווי קעלבער צו דער שחיטה האָט מען אייך געפירט,
אין פי־וואַגאָנען צו אַכציק־ניינציק־הונדערט מאַן
האָט אייך געשלעפּט אַ לאַנגע סודות׳דיקע באַן.

געשלעפּט, געשלעפּט, די רעדער האָבן נאָר געמאַכט רע־טונג,
ס׳האָט לופט געפעלט דער איינגעפּרעסטער לונג,
אין ווייסן שליים געוועין איז די צונג

און די שלייפן האָבן מיטגעקלאַפּט רעטונג רע־טונג.
שפּעטער האָט מען אייך קיין בעלזשעץ געבראַכט,
די מערדער האָבן מיט געשריי די טירן אויפגעמאַכט
און מיט צעקרומטע מיילער הילכיק זיך צעלאַכט —
אָ, מיינע טייערע, פון וואָס האָט איר דעמאָלט געטראַכט?

מען האָט אייך ווידער האַלב־פאַר׳חלש׳טע געטריבן גיך,
אויף רעכטס, אויף לינקס, געהייסן אויסטאָן זיך,
די קליידער אויסטאָן, צעגויפשטעלן די שיך
און לויפן גיך אין באָד אַריין, נאָר גיך! נאָר גיך!

היינט בין איך שוין אויך געוואוינט צו ריידן וועגן דעם,
עס טוט נאָר אַ לייכטער ציטער די ברעם,
עס גיט נאָר ביים האַרצן אַ שאַרפן קלעם,
און היינט בין איך שוין אויך געוואוינט צו ריידן וועגן דעם...



# „ליגען זיך ביינער אין בעלזשעץ"

• ע. ה., ווראָצלאַוו

ליגען זיך ביינער אין בעלזשעץ
צעוואָרפן, צעזייט, צעשפּרייט,
פאַר׳יתומ׳טע ביינער אין בעלזשעץ
אַ זכר פון טראַגישער צייט.

עס זיינען געגאַנגען עשאַלאָנען
פון נאָענט, פון ווייט, פון דער פרעמד,
געפירט מיינע ברידער, מיליאָנען,
קיין בעלזשעץ און זיי דאָרט פאַרברענט.

מען האָט זיי צוזאַמענגעטריבן
פאַרניכטעט, אָן טומל, אָן רעש,
דאָס איינע פון זיי איז פאַרבליבן
נאָר שאַרבנס און ביינער און אַש.

איצט ליגן זיך הפקר די ביינער
אַ מאכל פאַר קראָען און הינט.
דעם אַש, עס שטערט דאָך ניט קיינער
עס זאָל אים צעטראָגן דער ווינט.

און מענטשן אָ חיות זיי קומען
און מאָלן די ביינער אויף טראָטש,
זיי מיינען זיי וועלן געפינען
ברעקלעך גאָלדענע כאָטש.

ליגן זיך ביינער פאַרשטומטע
צעוואָרפן אויף בעלזשעצער פעלד,
און שאַרבנס צעפוילטע, צעקרומטע
אָן עדות פאַר היינטיקער וועלט.

ליגן זיך ביינער אין חמרים
זיי ליגן אַזוי אָן אַ טאָלק
אין איינעם פון די גרעסטע קברים
פון מיין אויסגעמאָרדעט פאָלק...



# דער טרויעריקער סוף פונעם 500 יאָריקען אידישן ישוב אין טאָמאַשאָוו

• שלום ליכט

## דער אָנהויב פון חורבן

מיר אידן דער עם חכם ונבון, פּאָליטיקער און פּאָראויסזעער, אויסשפּירער און אויסקוקער, דער אַזוי־גערופענער באַראָמעטער פון דער וועלט, מוזן מודה זיין אַז מיר זיינען געווען בלינד און טויב, ניט דערוואַרטנדיק די גרויסע מאוים׳דיקע בראָך און שרעקלעכע קאַטאַס־טראָפע אין אַזאַ תהום׳דיקן פאַרנעם, וואָס זינט מיר זיינען אַ פאָלק געוואָרן האָבן מיר אַזאַ חורבן ניט דורכגעמאַכט. אַפילו די שרעקלעכסטע פעסימיסטן און שטאַרקסטע מרה־שחורה׳ניקעס און די פינסטערסטע שוואַרצ־זעער האָבן ניט פאָראויסגעזען דעם גרויסן גיהנם אומגליק וואָס עס דערוואַרט דעם כלל ישראל, טראָץ דעם וואָס היטלער האָט קלאָר און דייטלעך אין דער עפנטלעכקייט אָנגעצייכנט זיין תליונ׳ישן פאַרניכטונגס פלאַן פאַרן גאַנצן כלל ישראל. און מערקווירדיק אַז זייער פיל אידן האָבן נאָך געזען אַ דערלייזונג צו זייערע צרות אין אַ קריג, ניט אָפּגעבנדיק זיך אַ דין וחשבון וואָס עס הייסט קריג בכלל, און נאָך אַ פאַרניכטונגס קריג פון היטלערן וואָס איז ספּעציעל קעגן אידן.

אמת, די שווערע אומדערטרעגלעכע אומשטענדן זיינען געווען די הויפּט גורמים דערצו. די ערשטע זיינען דאָס געווען די אָרעמעלייט, וואָס ביים היגן אַמעריקאַנער לעבנס שטייגער איז אַפילו אין דער בלויזער פאַנטאַזיע נישט מעגלעך זיך פאָרצושטעלן וואָס עס האָט געהייסן אַן עני ואביון, אַ בלוטיקער אָרעמאַן, אָן מליצות האָט דאָס געמיינט, אַ מענטש וואָס האָט ניט אויף אַ פשוט טרוקן ברויט, נאַקעט און באָרוועס, ניט געהאַט קיין באַהייצונג, און ניט קיין אויסזיכט אַז די לאַגע זאָל זיך ענדערן און ער זאָל קענען פאַרדינען צו שפּייזן זיך און זיין פאַמיליע. דער וואָס האָט שוין יאָ געהאַט אויף אַ שטיקל ברויט האָט ניט געהאַט אויף קיין מלבוש, און אוודאי ניט אַ מעגלעכקייט צו באַזאָרגן אַ קינד מיט פרנסה. גענוג צו דערמאָנען אַזאַ שטאָט ווי טאָמאַשאָוו וואָס האָט געציילט ביי אַ דרייצן הונדערט אידישע פאַמיליעס, האָבן בערך 400 משפחות גענומען ברויט און חלות פון „לחם עניים". כדאי צו באַמערקן אַז ניט אַלע אָרעמעלייט האָבן געקענט ביי זיך פועל׳ן צו נעמען חלות

ביי „לחם עניים״, דער שרייבער פון די שורות האָט געקענט משפחות דורכגעפאַלענע און אַרויסגעשטויסענע פון לעבן, וואָס האָבן ניט געהאַט ביי וואָס המוציא צו מאַכן, און דאָך האָבן זיי בשום אופן ניט געוואָלט נהנה זיין פון „לחם עניים״, נאָר ר׳ נחום שמש הי״ד האָט געמוזט אָנווענדן פאַרשידענע מיטלען ווי אַזוי זיי זאָלן האָבן ברויט אויף שבת...

דאָס דחקות און אַנטיסעמיטיזם האָט אַרומגענומען דאָס פוילישע אידנטום ווי מיט אייזערנע צוואַנגען נאָר דערשטיקט צו ווערן.

נאָך פילסודסקי׳ס טויט איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן אַגרעסיווער וואָס אַפילו דער „טוב שבגוים״ האָט פאַרווירקלעכט די באַרימטע „אושעם״ פּאָליטיק מיט אַלע אירע גרויזאַמקייטן. מ׳האָט אַרויסגעשטויסן דעם איד פון יעטוועדער עקאָנאָמישע פּאָזיציע. פון איין זייט האָט מען פאַרשטאַרקט דעם אינדיווידועלן און אָפיציעלן מלוכה׳שן „באָיקאָט״ קעגן אידישע סוחרים און האַנטווערקער, פון דער צווייטער זייט האָט מען אויפגעשרויפט די שטייערן ספּעציעל קעגן אידן. דער שטייער־אַמט האָט געשאַצט דעם איינקויפט פון דעם קליינהענדלער וואָס האָט ניט געפירט קיין בוכונג, וויפל זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט און אַזוי האָבן זיי ביי אים געמאָנט שטייערן, און ביי די גרויסע סוחרים וואָס האָבן יאָ געפירט אָפיציעלע ביכער, האָט מען גע׳פסל׳ט די ביכער אָן וועלכע אורזאַך אָדער עבירה, נאָר מיטן איינציקן מאָטיוו בכדי צו


ארימע אידען גייען זאמלען נדבות

קענען מעלקן שטייערן אומבאַגרענעצט, מיט אַ צולאָג פון אַ גרויסע סומע געלט שטראָף, און טיילמאָל אויך מיט אַ דאָבאַווקי... פון אַ בחינם־דיקע רייזע קיין קאַרטוז בערעזע (דער פּוילישער דאַכאַו, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד און שרעק אויף דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג).

קיין אימיגראַציע מעגלעכקייטן זיינען איבערהויפּט ניט געווען, די טויערן פון אַלע לענדער אַפילו הינטער די הרי חושך אָדער ערגעץ וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, זיינען געווען פאַרשלאָסן אויף זיבן הערמעטישע שלעסער, און אַפילו קיין „ארץ־ישראל״ איז אויך פאַר דער ברייטער מאַסע געווען אוממעגלעך עולה צו זיין, צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט (רשיון־עלי׳) איז געווען פאַרן פשוט׳ן בשר ודם אַ בלויזער חלום. אַפילו אויסגעדינטע „חלוצים״ וואָס האָבן שוין לאַנג דורכגעמאַכט די

„הכשרה" האָבן געמוזט וואַרטן יאָרן ביז זייער נעקסט איז געקומען, און ליידער האָבן צענדליקער טויזנטער פון זיי אויך זיך ניט דערוואַרט, און זיינען אומגעקומען דורך די גרויזאַמע היטלער חיילות אין די גאַז־אויוונס.

אַפילו די וואָס האָבן שוין כלומרשט יאָ געזשיפּעט, דאָס הייסט די וועלכע האָבן שוין געהאַט אויף דעם טאָג איבערצולעבן, האָבן ניט געהאַט קיין שום אויסזיכט אָדער מעגלעכקייט איינצואָרדענען זייערע קינדער מיט אַ פּרנסה. דער מסחר איז געוואָרן איינגעשרומפּן ביי אידן פון טאָג צו טאָג. אין רוב שטעטלעך זיינען ניט געווען קיין פאַבריקן, און הויז בעלי מלאכות פאַר אייגן געברויך איז געווען אַן איבערפלוס, ווי זאָגט מען: מער שוחטים ווי היבער. אין די גרויסע שטעט זיינען די טויערן פון די פאַבריקן געווען פאַרמאַכט פאַר אידן, אין דער שווער־אינדוסטריע איז אומאָפיציעל דער איינטריט פאַר אידן געווען שטרענג פאַרבאָטן. דער מצב האָט געהאַמעוועט דאָס שידוכים פּראָבלעם, און יעדער הויז האָבן זיך אָרומגעדרייט דערוואַקסענע באַיאָרנטע אינגלעך און איבעריאָרענע מיידלעך באַשעפטיקונגסלאָז, פּוסט און פּאַסט, אָן אַ תכלית און אָן אַ ציל, זייער גאַנצע ענערגיע איז אויסגעליפערט געוואָרן צו די פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס וואָס דאָס האָט פיל מאָל גורם געווען צו „מחלוקת אַחים".

די עלטערן, צוקוקנדיק דאָס, זיינען צעגאַנגען פון עגמת נפש און צער. דאָס אַלץ האָט געמאַכט דאָס לעבן ביטער און אומדערטרעגלעך. צו דעם איז צוגעקומען די אָפּטע כוליגאַנישע אָנפאַלן פון די פּוילישע אַנטי־סעמיטן און „באָיאָקעס". פאַר גרויס פאַרצווייפלונג האָבן די מענטשן פאַרלוירן דעם שכל הישר. ניט זעענדיק קיין אויסוועג פון די גרויסע צרות, האָבן זיי מיואש'דיק געזאָגט: זאָל שוין זיין אַ קריג, ערגער ווי ערגער קען דאָך שוין ניט זיין...

זיי זיינען שוין מער ניט געווען פעאיק זיך אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון, וואָס בכלל קריג באַדייט פאַר דער מענטשהייט, און איבערהויפּט אַ קריג מיטן דייטש וואָס האָט זיך קלאָר געשטעלט פאַר אַ לעבנס־ציל קלאָר און דייטלעך להשמיד להרוג ולאבד את כל שונאי ישראל.

דער עולם האָט זיך געטרייסט מיט חלשות: דאָס איז נאָר אין טעאָריע, דרשות דעמאַגאָגיע, אַ „גוט פערדל" דערויף צו רייטן עפּעס צו דערגרייכן אָבער למעשה וועט זיין אַנדערש... מ'האָט נאָך געניצט דאָס פּוילישע שפּריכוואָרט: „דיאַבל ניע טאַק סטראַשני יאַק גאָ מאַלואיאָן", דער רוח איז ניט אַזוי שרעקלעך ווי ער איז געמאָלן.

דער עולם האָט נאָך געדענקט דעם ערשטן קריג און לויט זיין מאַסשטאַב האָבן זיי געטראַכט וועלן זיין די פאָלגן פונעם צווייטן קריג.

איבערהויפּט האָט אויסגעמאַטערט דער נערוון קריג זינט 1938־טן יאָר, מיטן אָנשלוס פון עסטרייך צום רייך, און נאָכדעם דאָס אַנעקסירן טשעכן און פוילנס דעם „זא אלזא". די נערוועזיטעט האָט פּשוט אויס־געמאַטערט מער ווי די קריג זעלבסט. ווען צווי באַקאַנטע האָבן זיך באַגעגנט, איז אָנשטאָט זיך צו באַגריסן מיט אַ „גוט מאָרגן", האָט איינער דעם צווייטן געשטעלט די אַקטועלע פראַגע: וואָס זאָגסטו, וועט זיין אַ קריג צי ניט?

און זינט דאָס שותפות פון די פּאָליאַקן מיט די דייטשן ביים צעטיילן טשעכן, און געהרינגס באַזוכן אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער אויף יאַגד, האָט זיך דער אָפיציעלער אַנטיסעמיטיזם לעגאַל פאַרשטאַרקט, און גלייכ־צייטיק דאָס אינטענסיווע פאָרבאַרייטונג צום קריג: אָפּטע איבונגען פון פרייוויליקע קעגן „לופט־אַטאַקעס", טיילוויזע מאָבליזאַציע פון פאַרשידענע יאָרגענג, אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק נייע שטייערן און צוואַנגס הלוואות פאַרן פאַרטיידיקונגס פאָנד. 2 וואָכן פאַרן קריגס־אויסברוך האָט דער סטאַראָסטא באַפוילן קהל מיט די רבנים, צוזאַמענצורופן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין דער גרויסער שול, מען האָט פאַרשלאָסן אַלע בתי מדרשים און שטיבלעך, בכדי אַלע זאָלן מוזן קומען אין שול, און דער סטאַראָסטאָ האָט געפאָדערט אַ „פרייוויליקע" הלוואה פאַרן לופט־פלאָט, און באַלד פאַרגעלייענט די שוין פאַרטיקע ליסטע מיט די פאַנטאַסטישע הויכע סומען: דער גרעסטער אָרעמאַן האָט געמוזט געבן מינימום 100 זלאָטעס, און די גבירים האָט מען געצוואונגען צו געבן פון 5־10־15 ביז 25 טויזנט זלאָטעס. אַזאַ גזלנ׳ישע קאָנטריבוציע האָט דער ערגסטער אָקו־פּאַנט ניט אַרויפגעלייגט אויף אַזאַ אָרעמע באַפעלקערונג, און דאָס אַלץ האָט מען געמוזט באַצאָלן במזומנים ממש — —

ביז עס איז געבוירן געוואָרן די פינסטערע שעה פון פרייטיק פרשת תבוא, ווען מען לייענט די ביטערע קללות פון דער „תוכחה" (דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939), ווען די ראַדיאָ האָט געמאָלדן די ביטערע בשורה אַז דער דייטש האָט אָן וועלכע פריערדיקע וואָרנונג אָדער קריגס־דערקלערונג, באַפאַלן די גרענעצן פון פוילן און באָמבאַרדירט די פוילישע ציווילע שטעט, איבערגעבנדיק דערביי די גרויליקע רעזולטאַטן פון די רוצח׳ישע באָמבאַר־דירונגען. דער ערשטער איינדרוק איז געווען ווי אַ שאַרפע האַק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונזערע קעפּ; אינסטינקטיוו האָט מען דערשפּירט אַז עפּעס אַן אויסערנאַטירלעך שרעקליכעס האָט פּאַסירט. די קאַטאַסטראָפע ספּעציעל פאַר אידן האָט זיך אָנגעפאַנגען.

## די געדריקטע שטימונג

אין די ערשטע טעג פון קריג איז עס נאָר געווען אַ גייסטיקע שווערע איבערלעבונג, עפּעס אַ פּאַרגעפיל בבחינת „מזליה חזי" האָט מען שוין עפּעס דערשפּירט, אָבער „למעשה", פּאַקטיש האָט מען די מלחמה ביי אונז ניט געזען און ניט געהערט. קיין פרעמדער „לופט־צייג" אָדער באָמבאַרדירונג איז ניט פאָרגעקומען. דער עולם איז געזעסן צוגעשמידט צו די ראַדיאָס. די וואַרשעווער פּרעסע איז שוין מיטן ערשטן טאָג פון קריג ניט דערגאַנגען קיין טאָמאַשאָוו צוליב דער פאַרקריפּלטער טראַנס־פּאָרטאַציע. די „פּאַנטאָפל־פּאָסט" געמישט מיט אידישע פּאַנטאַזיעס האָט געאַרבעט מעשים: היינט מאָרגן קומען די פראַנצויזן מיט די ענגלענדער און פאַרטרייבן דעם דייטש; איבערהויפּט דער סטאַראָסטאָ וויעליקאָווסקי (אַגב, אַ גע'שמד'טער איד פון באַכניע, פריער איז זיין נאָמען געווען גראָסמאַן) האָט יעדן טאָג געשיקט רופן אַנדערע חשוב'ע בעלי בתים און עסקנים און זיי איבערגעגעבן פאַרשידענע פאַלשע „ידיעות" וועגן „גרויסע" פּוילישע נצחונות פון דער „אומבאַזיגטער" העלדישער פּוילישער אַרמיי, און וועגן „געהיימע" וועלטס־פּאָליטיק וואָס איז גינסטיק פאַר פּוילן, און דער ראַדיאָ האָט שטאָלצירט מיט דער פּוילישער „קאַוואַלעריע" וואָס האָט פאַרנומען וועסט פּלאַטא — דאָס אַלץ האָט אַביסל צוריק אויפגעהויבן די שטימונג.

## מען רעקווירירט דירות

דערווייל האָט דער סטאַראָסטאָ מאָנטיק אָנגעהויבן צו רעקווירירן איינצלנע וואוינונגען און איינצלנע דירות פאַר די עוואַקואירטע משפחות פון הויכע אָפיצירן און באַאַמטע, ספּעציעל פון די גרענעץ געביטן פון פּויזנער געגענט, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט זייערע אידן־פרעסערישע אידייען.

בנתיים האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די „ערשטע" אידישע פּליטים פון שלעזין, קאַטאָוויץ. דינסטיק איז אָנגעקומען אַן אויטאָבוס מיט אידישע פּליטים פון קראָקע. דער ציעשינאָווער רבי מיט זיינע קינדער הרבנים מאיר און יחזקאל האָבן אויף אייגענער איניציאַטיוו איינגעאָרדנט די אַלע פּליטים ביי שכנים, וואָס האָבן זיך פרייוויליק פּשוט געטיילט מיט זיי די געלעגערס. פאַר גרעסערע פאַמיליעס האָט מען אָפּגעדונגען ליידיקע וואוינונגען און תיכף צוזאַמענגעשטעלט די נויטיקסטע שטוב־חפצים. אויף דאָנערשטיק 4 נאָכמיטאָג איז גערופן געוואָרן אַ גרויסע אַסיפה אין קהלה־זאַל, בכדי צו אָרגאַניזירן אַ הילפס קאָמיטעט אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, מיט אַ פאָלקס־קיך, ספּעציעלע הייזער צו שלאָפן,

ווייל פון שעה צו שעה איז געוואַקסן די צאָל פּליטים וואָס האָבן זיך געגנויטיקט אין הילף.

## די באָמבאַרדירונג

ליידער האָט זיך דער דייטש מקדים געווען מיט אַ פּאָר שעה. ווי באַוואוסט איז דאָנערשטיק געווען דער מאַרק־טאָג, וואָס די גוים פון אַלע דערפער פלעגן קומען קויפן און פאַרקויפן. דעם דאָנערשטיק איז דער „יריד" געווען פיל־פאַכיק גרעסער, ווייל די פּויערים האָבן געוואָלט איינקויפן וואָס עס לאָזט זיך, ווייל עס איז דאָך קריג און עס ווערט אַ מאַנגל אין סחורות.

איינס בייטאָג דערהערט זיך אַ שטאַרקער זשומעריי פון שטאָלענע פויגל, עס איז אָנגעפלויגן אַן עקסאַדראָן פון 15 שווערע באָמבערס. מתחילה האָבן זיי עטלעכע מאָל אַרומגעקרייזט די שטאָט, גלייך ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט אַ מיליטערישן אָביעקט. חברה־לצים האָבן זיך אַפילו געוויצלט און געפרעגט: הלנו אתה אם לצרינו, צי איז דאָס אונזערע פויגל אָדער דעם שונא'ס? פאַר „אונזערע" פליען זיי צו הויך, און פאַרן שונא'ס צו נידעריק... אָבער אין אייניקע סעקונדן איז די זאַך קלאָר געוואָרן: זיי האָבן געגעבן אַ שפּיי אויס דינאַמיט און פייער, אויפרייס און צינד באָמבעס, אַממערסטן האָבן זיי געצילט זייער באָמבאַרדירונג אויף דעם געדיכטן „אידישן געגנט", ווי דאָס שול געסל מיט דער פּראַגע, רינעק און קראַסניבראָדער גאַס.

בסך הכל האָט די באָמבאַרדירונג געדויערט אייניקע מינוטן, און דער רעזולטאַט איז געווען אַ שרעקלעכער: 150 הרוגים, שריפות אין אַלע ווינקעלעך.

בשעת די באָמבאַרדירונג האָבן מענטשן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך וואו צו אַנטלויפן פונעם מלאך־המות. טייל זיינען געלאָפן אויף דער לאָנקע, אַנדערע צום שכן אין קעלער, דער דריטער אין גאָרטן, דער פערטער אין סאָד. די געשרייען פון „שמע ישראל" האָבן געשפּאָלטן די הימלען.

און ווען די באָמבאַרדירונג האָט זיך געענדיקט, איז ערשט אַנט־שטאַנען די ריכטיקע מהומה, דער חורבן איז שוין געווען קענטיק אין אַלע ווינקעלעך, די הרוגים זיינען שוין געלעגן אין די גאַסן, דאָס פייער ברענט און שפּרייזט מיט שנעלע טריט, אָבער מענטשן זיינען געלאָפן זוכן די נאָענטע, צי זיי לעבן אָדער זיי דאַרפן הילף. דער פּאַניק און אומאָרדענונג איז אוממעגלעך צו שילדערן.

וואָלט באַלד געקומען אַן אָרגאַניזירטע רעטונג, וואָס זאָל באַ־הערשן די לאַגע, וואָלט מען געקענט פיל ראַטעווען, ספּעציעל אָפּצולעשן די שריפות. אָבער די צעטומלונג האָט ביי יעדן אָפּגעטעמפּט די חושים אַז מען האָט גאָרניט געטאָן צו לעשן דאָס פייער. אינטערעסאַנט אַז אַפילו די שטאָטישע פייער־קאָמאַנדע זיינען אַפילו ניט אַרויס מיט זייערע לעש־מאַשינען, און יעדער איז געווען פאַרטאָן צוזאַמענצושטעלן זיין פאַ־מיליע אויב אַלע לעבן, און די וואָס האָבן געהאַט הרוגים אָדער נשרפים אָדער פאַרוואונדעטע, האָבן בודאַי ניט געהאַט קיין געדולד צו לעשן דאָס פייער. אַזוי האָט דאָס פייער געשפּרייזט אומגעשטערט פון דאַך צו דאַך, פון גאַס צו גאַס, די הילצערנע הייזקעס האָבן העליש געברענט ווי אַ „נר תמיד" פאַר די אומגעקומענע קרבנות, און די פייערצונגען האָבן זיך געריסן אַרויף, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַרויף אין הימל ווי לעבעדיקע עדות און רעפּאָרטן וועגן די מורא'דיקע רציחות וואָס די דייטשע מלאכי־חבלה האָבן אָפּגעטאָן צו דער אומבאַשיצטער, אָרעמער, פרידלעכער אידי־שער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו.

## די רעזולטאַטן פון דער באָמבאַרדירונג

אָט אין דעם בלוטיקן דאָנערשטיק איז פאַרברענט געוואָרן די שול, דאָס גרויסע בית המדרש, בעלזער שטיבל, רבי יהושע'לעס שטיבל, חסידי־שע בית המדרש, קיעלצער שטיבל, חעלימער שטיבל, בית שני, רבי נחמנ'ס מנין, יבנה שולע, מזרחי מנין, די שול גאַס, די גאַנצע פּראַגע ביז אונטערן וואל און קאַשציושקא גאַס, קראַסניבראָדער גאַס מיט אַלע אַרומי־קע געסלעך, דער מערב טייל פון רינעק.

אומבאַרירט זיינען געבליבן די ריין קריסטלעכע געגענטן ווי די „פאָרשטעט" און די פאָרצעליע". בסך הכל זיינען דעמאָלט אָפּגעברענט געוואָרן 500 אידישע הייזער.

נאָכן חורבן זיינען פיל משפחות אַנטלאָפן פון טאָמאַשאָוו אין די קלענערע שטעטלעך ווי אויך אין די שכנ'ישע דערפער. אָבער דאָס לעבן איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנם. ראשית איז מקוים געוואָרן די קללה פון „ואפו עשר נשים בתנור אחד", אין אַ שטוב וואו עס האָט געוואוינט איין אידישער ישוב'ניק האָט איצט באַוואוינט 50 אידישע נפשות. די פויערים האָבן ניט געוואָלט אַריינלאָזן קיין אידן, ווייל דער דייטש האָט געוואָרפן פלוג־בלעטלעך, אַז אויב די פויערים וועלן אַריינ־נעמען די אידישע פליטים, וועט ער פאַרברענען די דערפער. די פוילישע אַנטיסעמיטן האָבן זיך דערין אָנגעכאַפּט ווי אין אַ געבראָטנס.

דערווייל איז די לאַגע אויפן פראָנט ערגער געוואָרן, דאָס פוילישע מיליטער איז ניט געווען בכוח צו האַלטן אַ פּאָזיציע אויפן פראָנט, די ציווילע באַפעלקערונג איז געווען ווי צעמישט: אַ טייל לויפן קיין וואַרשע, און פון וואַרשע לויפט מען קיין לעמבערג, אַ גרויסער טייל ציט צו דער רומענישער גרענעץ וואו די מלוכה־לייט לויפן, און די אַלע וועגן קרייצן דורך טאָמאַשאָוו. דער „נפש־מבהלה" האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַלע זיינע ניואַנסן. די וואָס זיינען שוין אויפן געלויף וואָרנען זיך ניט צו רירן פון אָרט, ווייל דער דייטש באָמבאַרדירט אַלע וועגן, און די גוים ווילן ניט געבן אַפילו אַ טרונק וואַסער, וואָס עס האָט צו געשען זאָל געשען אויפן אייגענעם געלעגער אינדערהיים.

## געבראַכט צו קבר ישראל

דערווייל האָט מען געדאַרפט טאָן די הרוגים זייער רעכט און ברענגען זיי צו קבר ישראל, און ליידער איז דאָס ניט געווען אַזוי לייכט, ווייל פיל זיינען פשוט צעריסן געוואָרן, עס איז ניט געבליבן קיין גאַנץ אבר, אַ האַנט, אַ פוס, אַ מילץ, אַ לעבער, ספּעציעל זיינען געווען צעפּאַלן די פאַרברענטע. מען האָט געמוזט צוזאַמענגעמען דאָס בלוט און די אברים אין הילצערנע פעסלעך און אַזוי מקבר זיין. די רעגולערע חברה קדישא האָט שוין ניט פונקציאָנירט, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן לשבח די וואָלונטירן וואָס האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער קבורה פון די קדושים: ר' נחום שמש הי"ד, הרב מאיר רובין ז"ל (זאָל דאָ אונטערשטראָכן ווערן זיין אָפּפערוויליקייט, ווייל ער איז געווען בטבע אַ מפונק, ווען ער האָט אַמאָל דורך אַ צופאַל געזען אַ נפטר האָט ער וואָכן לאַנג ניט געקענט עסן, און דאָ האָט ער זיך מתעסק געווען מיט אַזעלכע צע'מזיק'טע צעפּיצלטע מתים), און נאָך פיל אַנדערע.

## דער אַריינמאַרש פון די דייטשן

די צרות פון באָמבאַרדירן זיינען געוואָרן אַ טעגלעכע דערשיינונג, נאָר קיין קרבנות זיינען שוין ניט געווען, ווייל דער עולם איז שוין געווען טרענירט און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער און וועלדער, נאָר ביינאַכט האָבן אַ טייל זיך אומגעקערט אין שטאָט צו נעכטיקן און עפּעס ערליידיקן. אַזוי איז אָנגעגאַנגען ביז מיטוואָך ערב ראש השנה. דעם טאָג האָבן די דייטשע מזיקים פאַרנומען טאָמאַשאָוו. טייל האָבן דערין פשוט געזען אַ דערלייזונג, ווייל די חבלי־המלחמה און דאָס וואַלגערן זיך אין די דערפער, די פחדים פון באָמבאַרדירונג, האָבן פשוט אַרויסגענומען דעם דם התמצית. אַלץ איז געגאַנגען מיט דער שיטה אַז „ערגער קאָן שוין ניט זיין".

ווי נאָר די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט האָבן זיי פאַרנומען סטראַטעגישע פּאָזיציעס און דאָס הויפּט מיליטער האָט מאַרשירט ווייטער צו דעראָרבן גאַנץ פּוילן.

זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ שטאָטישע בירגעלכע מיליץ, וואָס אין די ערשטע פּאָר שטונדען האָבן זיך אין איר אויך באַטייליקט אייניקע אידן, אָבער וועלכע זיינען תיכף באַזייטיקט געוואָרן.

ערב ראש השנה האָט דער רב געגעבן אַ פאַראָרדענונג דעם בעדער צו הייצן דעם מרחץ און מקוה בכדי אידן זאָלן זיך קענען אָפּוואַשן לכבוד יום טוב, איבערהויפּט נאָך זיך אַרומוואַלגערן אין אַלע בלאָטעס. דאָס לעבן האָט אָנגעפאַנגען צוריק צו פונקציאָנירן.

## ראש השנה און יום כפור אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

אין די פאַרבליבענע בתי מדרשים, ווי די שטיבלעך פון צאַנז, גער, הויסאָטין, ראַדזין, טריסקער, ציוניסטן א. אַ. ווי אויך אין פיל פּריוואַטע הייזער האָט מען געדאַוונט געניבי ווי אַלע יאָר מיט תקיעת שופר, נאָר מיט אַ פאַרביטערט און פאַרקלעמט האַרץ. די דייטשן האָבן ניט געשטערט, נאָר אין אייניקע מנינים האָבן זיי אַרויסגענומען אַ פּאָר אידן און זיי פאָטאָגראַפירט איינגעהילט אין די טליתים.

דער ערשטער סיגנאַל אויף אידן רדיפות האָט זיך אָנגעפאַנגען שבת־תשובה (דעמאָלט איז געפאַלן דאָנערשטיק און פרייטיק ראש השנה), זיי זיינען אַרומגעלאָפן איבער די הייזער זוכן אידן צו דער אַרבעט און ספּעציעל אויסגעזוכט עלטערע אידן מיט ווייסע בערד און פאַטריאַרכאַלע געשטאַלטן. זיי האָבן צוזאַמענגעקליבן בערך 50 זקנים מיט בכבוד׳יקע הדרת־פּנים׳ער און זיי געצוואונגען אָנצולאָדן אַ פור שטרוי, און דערווייל זיך אַביסל איזדעקיוועט איבער זיי, צוגערופן יונגע פּוילישע שקצים׳לעך און זיי געהייסן זיי שפּייען אין פּנים אַריין.

זונטיק זיינען זיי שוין געלאָפן איבער די שטיבער און אָפּגעשאָרן די בערד און טיילמאָל מיטגעריסן אַ האַלבע באַק. נאָר צופיל זיך צעשפּרייטן האָבן זיי ניט געקענט, ווייל די רעשטלעך פון דער פּוילישער אַרמיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין די וועלדער לעבן טאָמאַשאָוו און אָנגעהויבן צו געבן די דייטשן אַ העפטיקן ווידערשטאַנד, אַזוי אַז די שטאָט האָט זיך געפונען אין צענטער פון די פיינטלעכע פּאָזיציעס. די פּאָליאַקן האָבן פון די וועלדער באַשאָסן די שטאָט, שראַפּנעלן און האַרמאַטן קוילן האָבן דורכ־געלעכערט די הייזער.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער דייטש אַרויסגעטריבן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג און זיי איינגעשפּאַרט אינ׳ם הויף פונ׳ם נייעם קאשטשאל אויף דער לעמבערגער גאַס, און זיי אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנט מיליטער. מתחילה האָט קיינער ניט געוואוסט די סיבה, נאָכדעם האָבן די דייטשן געזאָגט אַז היות עס זיינען אַנטלאָפן פיל פוילישע געפאַנגענע, דערפאַר זיינען די אידן פאַראַנטוואָרטלעך. דער עולם האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, אָבער פאַרטאָג איז זיך דער עולם אומגעשטערט צעגאַנגען אַהיים, נאָר ליידער זיינען צוויי פּאַרטיעס ביים אַרויסטרייבן פון די הייזער אַוועקגעפירט געוואָרן און שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעקומען. צווישן זיי: פייוועל האָלץ, יודא גאָלדמאַנ׳ס זין און אַנדערע. אויך האָבן דעמאָלט די דייטשן דערשאָסן, ישעי׳ לערער און דעם בלינדן נחום.

יום כיפּור האָט מען שוין ניט געדאַוונט אין די שטיבלעך, ווייל דאָס פייער פון די קעמפנדיקע מיליטער איז געוואָרן זייער שווער. איך האָב געדאַוונט ביים ציעשינאָווער רבי׳ן אין זיין פּריוואַט הויז. 9 אַזייגער אינדערפרי האָט מען שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט אויך מוסף. ענדלעך האָט זיך דאָס פייער אָפּגעשטעלט און די דייטשן האָבן געזאָגט „היער קאָמט דער שמוציקער רוס״.

## בין מלכא למלכא

2 טעג פאַר סוכות האָבן די דייטשן פאַרלאָזט די שטאָט, אָבער קיין רוסיש מיליטער איז נאָך ניט געקומען. די פּאָליאַקן מיט דער מיט־הילף פון די רעשטלעך פוילישע מיליטער פון די וועלדער האָבן געפּלאָנעוועט צו אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם אויף דער אידישער באַפעלקערונג און אויסראַבירן זייער פאַרמעגן. דער רב מיט די חשובי העיר האָבן זיך געווענדעט צום גלח ער זאָל באַרואיקן די פּאָליאַקן, ספּעציעל דאָס פּוילי־שע מיליטער וואָס זיינען געווען קאָנצענטרירט לעבן קאשציאל, אָבער ליידער אָן דערפאָלג. דאָס נס איז געשען וואָס ערב סוכות ביינאַכט איז אָנגעקומען אַ רוסישע ראַזוויעטקע אויף אַ טאַנק, און ער האָט געזאָגט: אידעלעך גייט לייגט זיך שלאָפן, עס וועט זיין רואיק, אונזערע קומען אָן.

## אונטער די רוסן

ערב סוכות אינדערפרי האָט אַריינמאַרשירט די רויטע אַרמיי. די אַלע געוועזענע קאָמוניסטן אידן און פּאָליאַקן און אָרטיקע רוסן זיינען זיי אַנטקעגן געגאַנגען מיט רויטע פענער און מוזיק.

זיי האָבן תיכף אָרגאַניזירט אַ ציווילע מאַכט, געשאַפן אַ בירגערלעכע מיליץ אין דער שפּיץ פון געוועזענע קאָמוניסטן, די אידן וואָס זיינען

געבליבן דאַכלאָז האָט מען אַריינגעזעצט אין פריצ׳ישן פירטל „פּאָרצעלע״, אַזוי אַז די קריסטן האָבן זיך געמוזט טיילן זייערע וואוינונגען מיט די אָרעמסטע אידן. אידן האָבן פרייער אָפּגעעטעמט.

אין די שפּיטעלער האָבן זיך געפונען זייער פיל אידישע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, אויך די שקאָלע פאָושעכנע מיט דעם גימנאַזיום זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צייטווייליקע מיליטערישע האָספּיטעלער. עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט וועלכער האָט זיי געטראָגן עסן. ספּעציעל האָט אין דעם געהאַט אַ גרויס חלק הרב יחזקאל רובין. ער האָט אויך אויפגענומען די אַלע נעמען פון די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן און די נעמען פון זייערע פאַמיליעס, בכדי טאָמער שטאַרבט ער זאָל מען געבן ווּיסן, און פאַרמיידן שאלת עגונות. אַזוי איז אַנגעגאַנגען די אַרבעט און נאָרמאַלקייט פון לעבן ערב סוכות און די ערשטע 2 טעג סוכות.

שבת ביינאַכט דעם ערשטן טאָג חול המועד, האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און דייטש וועט באַשטייען אויף דער „קערסאָן-ליניע״, און דער דייטש גייט צוריק ביז צום טייך בוג, אַזוי אַז טאָמאַשאָוו פאַלט ווייטער צוריק אונטערן דייטש. אידן זיינען געוואָרן אומרואיק. די רוסישע און זייער ציווילע מאַכט האָבן געלייקנט, זיי האָבן געזאָגט אַז דאָס האָבן די שונאים פאַרשפּרייט דעם פאַלשן קלאַנג און מען זאָל זיי געבן דעם פּאַניק-פאַרשפּרייטער, אין אַן אָרט וואו סטאַלין שטעלט אַריין זיין פוס נעמט ער אים שוין ניט אַרויס. זיי האָבן ערשט פאַנאַנדערגעטיילט געוועהר אין די דערפער. אָבער דער קלאַנג אַז דער דייטש קומט צוריק האָט זיך אַלעמאָל מער פאַרשטאַרקט.

## די אורזאַך פאַרוואָס כ׳בין אַוועק פון טאָמאַשאָוו

זונטיק פאַרנאַכט בין איך אַריין צו קודליצקין אין טראַפיק קויפן פּאַפּיראָסן. ער איז געווען פון די חשוב׳ע פּוילישע מיעשטשאַנעס, אַ שטילער מענטש, און מיטגליד פון שטאָטראַט. זאָגט ער צו מיר:

— כ׳בין נישט מקנא די אידען, ווען דער דייטש וועט צוריק קומען.

— וואָס מיינסטו ? פרעג איך אים.

— ענטפערט ער, גאָר פשוט, מיר די פּאָלאַקען וועלען נקמה נעמען אין אייך אידען.

— פאַרוואָס ? פרעג איך אים.

— ענטפערט ער, פאַר אייער אַקעגען גיין דעם רוס מיט געזאַנג און טענץ.

— פרעג איך אים, נו? און אייערע, דאָס הייסט פאַלאַקען! זענען דען ניט געווען מיטבאַטייליגט אין דעם?

— ענטפערט ער יאָ! ריכטיג! זיי האָבן טאַקע אויך אַנטייל גענומען, אָבער איר מוזט אייך בעסער פאַרהאַלטען, ווייל איר זענט ווי שטיף־קינדער... און אויב איר האָט געזינדיגט וועט איר דער ערשטער באַשטראָפט ווערען, אַן אייגען קינד איז מען מוחל...

— דאַן פרעג איך אים, אָבער וואָס זענען מיר, די לאָיאַלע בירגער שולדיג? ווייסטו דען ניט, אַז איך און 95 פראָצענט אידען, האָבען דערין קיין חלק ניט געהאַט, און מיר זענען געגנער פון קאָמוניזם.

— יאָ ריכטיג! מיר ווייסען אַלעס, אָבער אין טאָג פון רעכענונג, ליידט דער אומשולדיגער פיל מער ווי דער אמתדיגער שולדיגער.

און מיר וועלען קיינמאָל ניט מוחל זיין די אידען, נאָר מיט בלוט וועט זיך אונזער נקמה שטילען.

ווען כ'בין אַהיים געקומען צו מיין פאָטער, איינער פון די גרעסטע אידישע מכובדים אין שטאָט האָב איך אים געזאָגט, טאָטע מען מוז אַנטלויפען ניט אַזוי פאַר די דייטשען, (ווייל סוף כל סוף, זענען זיי ניט געווען דאָס ערשטע מאָל אַזוי שרעקליך) ווי פאַר דער נקמה פון די פאַלאַקען, אַננעמען פאַר די אידען וועלען בוודאי די דייטשען זיך ניט, און מיר האָבען זיך געלאָזט קיין ראַווא רוסקא, און אין שטאָט איז געוואָרען אַ מהומה, מ'האָט אָנגעהויבען צו לויפען, טראָץ די בפירוש'ע געגנערשאַפט פון דער רוסישע מאַכט און אירע שטאַטישע משרתים און נאָכשלעפּערס...

עס איז געוואָרען אַ מאַסען פּסיכאָז, אַוועק קיין ראַווא, אָבער ניט אַזוי גרינג איז עס אָנגעקומען, פאַר אַ פערד און וואָגען האָט מען געמוזט באַצאָלן אין טאָג אַריין, און אַביסל שפּעטער האָט מען פאַר קיין געלט דאָס נישט באַקומען. די מיליץ האָט באַוואַכט די וועגען און ניט געלאָזט אַרויספירען קיין סחורות, מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צופוס, און מיט די קליינע עופהלעך אויף די אַקסלען, אויפ'ן וועג האָט מען געכאַפּט אַ פירעל, אָדער אַ מיליטער־רישען לאַסט אויטאָ, דער גאַנצער וועג פון טאָמאַשאָוו ביז ראַווא איז געווען שוואַרץ פון מענשען.

## אין ראַוואַ רוסקאַ

דאָרט איז שוין געווען אַן אָנגעלויף פון פליטים פון אַלע ווינקעלעך, מיר האָבען שוין אָפּגענומען ביטערע גרוסען ווי אַזוי דער דייטש פירט זיך אויף גרויזאַם און סאַדיסטיש ספּעציעל קעגען די אידען, אַ שרעקליכען

גרוס האָבען מיר באַקומען פון פשעווארסק די ענויים קשים, וואָס זיי האָבען געפייניגט דעם רב מיט די ראשי קהלה.

ענדליך האָב זיך מתיר נדר געווען און אָפּגעשריבען אַ בריוו אין חול המועד, צו מיינע עלטערן, כ׳געדענק נאָך דעם אָנהויב בריוו, ב״ה, משונה קרן ברגל, יום ב׳ ג׳ דחול המועד סוכות, יום ראשון ושנה ראשונה לגלותי... שנת ת״ש, פה ראווא רוסקא, ווי עפּעס כ׳וואָלט פאַרגעפילט, אַז דאָס נע ונד זיין דער פרישער נייער גלות, וועט זיך ציילען ניט נאָר בלויז טעג און חדשים, ווי אַ טייל ווילען זיך לייגען פייגעלעך אין ביזעם אַריין, נאָר עס וועט זיך שלעפּען און ציען יאָרען... און טראָץ דעם האָב איך געבעטען מיינע עלטערן, אַז זיי זאָלען אַלעס שטיין לאָזען און זיך ראַטעווען, כ׳האָב אַביסעל באַשריבען, די מערדערייען וואָס זענען שוין געווען באַקאַנט ווי אַזוי דער דייטש האָט זיך נוהג געווען אין איניגע שטעט אין גאַליציע. אָבער מיין בריוו האָט שוין ניט געטראָפען מיינע עלטערן אין טאָמאַשאָוו, ווייל דער פּסיכאָז צו אַנטלויפען איז שוין געווען אַזוי גרויס, אַז ביינאַכט האָבען זיי זיך אַרויסגעלאָזט צופוס קיין ראווא רוסקא, מיין בריוו איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ שכן, און האָט זעהר פיל געהאָלפען, אַז אויך פיל פון די עקשנים, האָבען געענדערט זייער באַשלוס און האָבען פאַרלאָזט באַצייטענס טאָמאַשאָוו. אָבער וואָס מער מענשען זענען געקומען קיין ראווא, (פון דער גאַנצער געגענט, ספּעציעל פון ציעשינאָוו נאראל, ליפּסק, נמירוב, איז דאָס לעבען ספּעציעל פאַר די פליטים (פּליכטלינגס) געוואָרען ווי אַ גיהנום, מענשען האָבען ניט געהאַט אַן אָרט ווי דעם קאָפּ אַוועקצולייגען, אַלע בתי מדרשים און קהלישע בנינים זענען פאַרנומען געוואָרען. פאַר אַ קליין שטיבעל דלת על דלת האָט מען געצאָלט לעגענדאַרע סומעס, און שפּעטער האָט מען אפילו פאַר קיין געלט דאָס אויך ניט באַקומען, מענטשען האָבען געמוזט נעכטיגען אין די גאַסען, און דערפאַר זענען פיל צוריקגעגאַנגען אַהיים... קיין טאָמאַשאָוו, (די ערשטע צייט איז די גרעניץ ניט געווען אַזוי שטרענג).

צו דעם איז מען דאָך נאָך אַ לעבעדיגער מענטש, וואָס דאַרף עסען, און ניט אַלע האָבען געהאַט וואָס מיטצונעמען, ווייל אפילו גרויסע גבירים ווי האָלץ סוחרים און אַנדערע האָבען ניט געקענט מיטנעמען דאָס האָלץ... און צו פאַרדינען ביי לופט־געשעפטען זענען ניט אַלע מסוגל געווען, אַזוי, אַז מען האָט געליטען הונגער און קעלט, און דער עיקר מען איז געווען דאַכלאָז.

## דער דייטש אָקופּירט צום צווייטן מאָל טאָמאַשאָוו

די ערשטע צייט, האָט ער גאָר ניט געטשעפּעט די אידען, ער האָט אויפגעפאָדערט צו עפענען די געשעפטען, אַז דאָס לעבען זאָל צוריק אַריין אין אירע גלייזען. וועגען די אידען האָבען זיי אָנגענומען דעם תירוץ, אַז די

מערהייט און ספעציעל דער פאַרמעגליכער טייל איז אַוועק צום רוס, און עס איז נאָר געבליבען אַ בינטעל קבצנים.

נאָך דריי וואָכען רואיגקייט, האָבען די דייטשען אין אַ שבת צוזאַמענגעטריבען אַלע אידען אין דער טשיינע (דאָם לודאווי) און זיי געשלאָגען מכות רצח, אָן אַ פאַרוואָס און פאַר ווען, און געהייסען זינגען התקוה... און אַנדערע אידישע און העברעאישע פאָלקס לידער. פאַליק ריצער האָט אָנגעפירט מיטן כאָר. און דערנאָך ווייטער געשלאָגען.

צום ענדע האָט מען פאַר זיי פאָרגעלייענט אַ פאַראָרדענונג פון די העכערע מאַכט, עס איז אַ מיליטערישער באַפעל, וואָס מוז זאָפאָרט און פונקטלעך אויסגעפירט ווערען מיט דער גרעסטער אָרדענונג: טאָמאַשאָוו איז אַ גרעניץ געביט, און עס מוז ווערען אידען ריין, אָדער איר קענט אַריבער צום שמוציגען רוס, אָדער אָפּרייזען טיף אין לאַנד נאָך לובלין, יעדער יוד וואָס וועט זיך באַווייזען נאָך 24 שטונדען אין טאָמאַשאָוו, ווערט טויט דערשלאָגען אויפ'ן אָרט.

אַרום דריי הונדערט משפחות מיט זייערע קליינע עופה'לעך, זענען אַוועק קיין בעלזיץ בכדי זיי זאָלען אַריבער צום רוס, אָבער דער רוס האָט ליידער ניט אַריינגעלאָזט, און זיי זענען געבליבען אין וואַלד אין דעם רעגענדיגען יעשען, וואַרטענדיג אויף אַ ישועה, אַז דער רוס זאָל עפענען די גרעניץ.

## דאָס השתדלות ביי די רוסן צו באַקומען אַריינפאָר ערלויבעניש

קינדער און אַ טייל עלטערע מענטשען האָבען זיך אַדורכגעשוואַרצט די גרעניץ, און איבערגעגעבען דעם טרויעריגען מצב פון די טאָמאַשאָווער וואָס ליגען אויף די גרעניץ. אין ראַווא האָבען געלעבט הונדערטער טאָמאַשאָווער אידען. ענדליך זענען זיך צוזאַמענגעקומען די טאָמאַשאָווער פון ראַווא אוז באַשלאָסען צו שיקען אַ דעלעגאַציע צום הויפט קאָמענדאַנט פון גרעניץ געביט, און אַפּעלירען צו אים, ער זאָל רחמנות האָבען אויף די אומגליקליכע אידען און זיי אַריינלאָזען. די דעלעגאַציע איז אַריבער צום געוועזענעם טאָמאַשאָווער רב, הרה"צ ר' ארי' ליביש רובין ז"ל, וועלכער האָט אויך זיך באַזעצט אין ראַווא, און אים געבעטען ער זאָל באַשיינען זייער דעלעגאַציע. דער רב האָט זיי געענטפערט: טייערע בעלי בתים, קיין שום זאַך וואָלט פאַר מיר ניט צו שווער געווען, בכדי צו העלפען אונזערע ברידער וואָס שמאַכטען אויף דער גרעניץ, אָבער ליידער, איר שאַצט ניט אָפּ די טרויעריגע ווירקליכקייט, מיר געפינען זיך אונטער קאָמוניסטישע הערשאַפט, וואו אַ רב איז פסול און טריפה, מיין אָנוועזנהייט מיט איך וועט נאָך פאַרדאַרבען די בקשה, לטובת הענין איז בעסער איך זאָל דאָרט ניט ערשיינען. די אידען וואָס זענען געווען געוואוינט, אַז אין טאָמאַשאָוו זאָל תמיד דער רב שטייען

בראש פון יעדער אַקציע, האָבען ניט מסכים געווען צום רב׳ס שטאַנדפונקט און אויסדריקליך געבעטען, אַז דער רב זאָל מיט זיי מיטגיין.

פאַרשטענדליך, אַז דער רב איז מיט זיי מיטגעאַנגען. ווען זיי זענען אַריין אין קאַבינעט פון קאָמענדאַנט, אַ פאָלקאָווניק פון גרעניץ קאָרפּוס, איז זיין ערשטע פראַגע געווען אויפ׳ן רב, ווער איז דער מענטש, — ווייל זיין מאַסיווע הויכע פיגור, און פאַטריאַרכאַליש געשטאַלט, און טראַדיציאָנעלען רבנישען לבוש, האָט געצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט. האָבען זיי געזאָגט דאָס איז דער רב פון אונזער געוועזענע קהלה, וואָס האָט זיך עוואַקואירט דאָ צו אייך. איז זיין ערשטער אַנטוואָרט געווען: דער רב מוז אַרויסגיין, ביי אונז זענען רבנים פאַרהאַסט און נישט ווינשענסווערט, איר זענט ניט מער אין דעם פּאַשיסטישען פּוילען...

בלית ברירה איז דער רב אַרויס, און די דעלעגאַציע האָט מיט טרערען געבעטען רחמנות פאַר די פאַרוואָגעלטע ברידער, וואָס שמאַכטען אין די קעלטען אונטער דעם פרייען הימעל אויף דער גרעניץ, און ליידען קעלט און הונגער און נויט צוזאַמען מיט אַלטע קראַנקע און יונגע עופהלעך.

אָבער זיין אַנטוואָרט איז געווען אַ האַרטער רוסישער „ניעט"...

עס האָט ניט געהאָלפען קיין וויינען און בעטען... און די דעלעגאַציע איז אַוועק אַנטוישט און פאַרשעמט.

## מען שיקט אַ נייע דעלעגאַציע קיין לבוב (לעמבערג)

טאָמאַשאָווער אידען זענען ניט אָפּגעשטאַנען, דער פּיין און יסורים פון זייערע לאַנדסלייט האָט זיי ניט געלאָזט רוהען, און עס איז באַשלאָסן געוואָרען אפשר אין לעמבערג וואו עס געפינט זיך די צענטראַלע אָקופּאַציע מאַכט, וועט מען גיכער פּועלן.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די פּערזאָנען: יחזקאל רובין, יצחק מאיר פלוג און עלע העלער. זיי האָבען באַקומען אַ רעקאָמענדאַציע צו איינעם פון די העכסטע אין דער פּאַרטיי היעראַרכיע, (וועלכער האָט געהאַט אַ נאָענטע משפחה פאַרבינדונג מיט אַ געוויסען טאָמאַשאָווער געזעלשאַפטליכן עסקן, און מיט זיין השתדלות, איז די דעלעגאַציע אויפגענומען געוואָרען פונ׳ם הויפּט קאָמענדאַנט איבער׳ן גאַנצען גרעניץ קאָרפּוס אַ נ.ק.וו.ד. גענעראַל. ער האָט גערעדט מיט דער דעלעגאַציע אין דער פּוילישער שפּראַך, אויסהערענדיק די טרויעריגע לאַגע פון די אידען, וואָס ליגען אויף דער גרעניץ אין די קעלטען און שנייען. האָט ער זעהר העפליך געענטפערט, אַז ליידער קען ער ניט געבען די דערלויבעניש. ווען מרס. עלע העלער וואָס האָט באַגלייט די דעלעגאַציע האָט פאַר אים געוויינט ער זאָל רחמנות האָבען אויף אומ־שולדיגע טויזענט נפשות, האָט ער געענטפערט היינט איז קריגס צייט, אויף די רעדנער פון וועלטס פּאָליטיק ווערען צעריבען מיליאָנען לעבענס און דאָס

שפּילט קיין ראָלע ניט, ווילט איר, אַז אַ טויזענט נפשות זאָלען ענדערן אונזער פּאָליטיק, איך פערזענלעך האָב מיט אייך מיטליד, אָבער כ׳קען אייך אין דעם פאַל יידער גאָרניט העלפען, איר ווייסט נאָר פון טאָמאַשאָווער אידען, וואָס מען האָט זיי אַוועקגעטריבען צו דער גרעניץ, איך ווייס אויך פון אַזעלכע באַריכטען פון אַנדערע גרעניץ געביטען, דאָרט ווערט דורך היטלער׳ן אַריינגעשמוגעלט דייטשע שפּיאָנען... און מיר מוזען זיין פאָרזיכטיג.

ווען די אידען האָבען דערהערט דעם חשד, האָבען זיי געזאָגט ווי קען דאָס איינפאַלען אידען זאָלען זיין דייטשע שפּיאָנען. זיין ענטפער איז געווען, אַז יאָ, און די דעלעגאַציע איז אַוועק מיט גאָרניט.

די אידען האָבען געמוזט בלייבען ביים דייטש.

## דער גורל פון די אידן וואָס זיינען אַוועק פון טאָמאַשאָוו

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט איז די דירה פראַגע אין ראווא געווען ממש קאַטאַסטראָפאַל, כאָטש די אידען האָבן זיך צעשפּרייט אין די שכנותדיגע שטעט ווי זאלקווא, קוליקאוו, מאסט, לעמבערג, א. א. דאָך איז אוממעגליך געווען צו עקזיסטירען, און ענדליך האָט די רוסישע מאַכט אַראָפּגעשיקט קאָמיסיעס וועלכע האָבען ווערבירט אַרבייטער קיין רוסלאַנד. אידען פון טאָמאַשאָוו וועלכע האָבען געקענט רוסלאַנד פון פאַר די ערשטע קריג און האָבען געוויסט פון דעם נאַטירליכען רייכקייט און זעטיגקייט פון דאָרט, האָבען זיך פאַרשריבען צו פאָרען פרייוויליג, ספּעציעל עמך, וואָס איז באַשטאַנען פון בעלי מלאכות, האָבען וואָלונטירט צו פאָרען קיין זשמערינקע, בערדיטשוב זשיטאָמיר און אַנדערע אוקראַינישע שטעט, טייל זענען געפאָרען אויפ׳ן אוראַל, אָדער נאָך ווייטער, נאַטירליך האָבען די ווערבאוואַטשיקעס צוגעזאָגט גאָלדענע גליקען, אָבער ניט אַלע האָבען געהאַט דאָס גליק באַשטעטיגט צו ווערען, און טייל האָבן ניט געוואָלט צוליב רעליגיעזע מאָטיווען, ווי עס איז נאָך אַריבער אַ פּאָר וואָכען און עס האָבען אָנגעהויבען קומען פון דאָרט ביטערע בריוו וואָס האָבען אויסגעדריקט אַנטוישונג און פאַרביטערטקייט, און צוליב דער צענזאָר האָבען זיי געשריבען פאַרשטעלט, כ׳בין שוין דאָ אַ מאָנאַט, און כ׳האָב נאָך ניט געזען הער צוקער, אַ צווייטער האָט געשריבען, אַז הער מילכמאַן איז אַ זעלטענער איינגייער ביי אונז אין שטוב, אַ דריטער האָט געשריבען, אַז די פאַמיליע פּוטער איז דאָ אומבאַקאַנט, די רמזים האָבען אַלע פאַרשטאַנען ספּעציעל ווען עס איז אַדורך אַפּאָר חדשים און אַ טייל איז געלונגלען צו אַנטלויפען און האָבען פערזענליך איבערגעגעבען פון די גרויסע צרות, אַז עס איז כמעט גאָר נישטאָ, און דאָס וואָס מען קאָן שוין יאָ באַקומען מוז מען דערויף שטייען שעה׳ן אין דער רייע... (אָטשערעט). אָט אַז דאָס לעבען ווערט נמאס, און ווען זיי זענען אָנגעקומען, האָט מען אויס־געראָפען פאַר די שטייענדע אין די רייען, אַז די מענטשען קומען פון פוילען

וואו זיי האָבען שוין 20 יאָר ניט געזען קיין צוקער... זאָל מען זיי דערלויבען צו באַקומען אויסער דער רייע, די אַלע שלעכטע ידיעות האָבען גורם געווען אַז אַ טייל אידען האָבען זיך צוריק געשוואַרצט צום דייטש, און די מערהייט וואָס איז געבליבען האָבען ניט געוואָלט אָננעמען די רוסישע בירגערשאַפט.





א אידישע משפחה, זיי טראגען די געלע לאטע

## די פּאַספּאָרטיזאַציע

נאָכדעם ווי די געוועזענע פּוילישע געביטען זענען אָפיציעל און „פרייוויליג" אָנגעשלאָסען געוואָרען אין רוסלאַנד אַלס זאַפּאַדנאַ אוקראַינאַ און זאַפּאַדנאַ ביאַלאַ רוסיאַ, האָבען אַלע איינוואוינער געמוזט נעמען רוסישע פּאַספּאָרטען, ווייל אין רוסלאַנד קען אַ מענטש ניט עקזיסטירען אָן אַ פּאַספּאָרט, ווי אָן אַ נשמה, עס איז זיך פּשוט אוממעגליך צו באַוועגען, אָדער צו באַקומען אַרבעט, ווייל וואו איר גייט ווערט איר לעגיטימירט.

די פּליטים האָבען אין דער גרויסער מערהייט ניט געוואָלט נעמען קיין פּעסער... זיי האָבען גע'טענה'ט, מיר זענען פּוילישע בירגער, וואָס איז אָקופּירט דורכ'ן דייטש, מיר בעטען אַזיל רעכט, נאַנסען פּעסער, אָדער שטאַטלאָזע פּעסער, אָבער ניט קיין רוסישע, די אַלע מענטשען זענען זומער 1940, פאַרשיקט געוואָרען אין סיבירער טייגעס אָדער אַנדערע ווייטע צפון פאַרשיקונגס פּלעצער.

איינצעלנע האָט מען געשיקט אין טורמעס און לאַגערן, און פאַמיליעס אין „פּאַשאָלקעס" (וועגען זייער קאַטאָרגע לעבען פאָדערט זיך אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג, איך וועל נאָר ציען בדרך כלל דעם סך הכל, פון די אידען, וואָס זענען געווען די „גליקליכע און זענען פאַרבליבען אין זאַפּאַדנע איז ליידער כמעט קיינער ניט געבליבען, ווייל זיי זענען אומגעקומען דורכ'ן דייטש, ווען ער האָט צוריק פאַרנומען גאַנץ פּוילען, פון די וואָס זענען געפאָרען „פרייוויליג" קיין רוסלאַנד, איז מיט'ן אויסנאַם פון די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין זשמערינקע וואָס איז צוגעטיילט געוואָרען קיין רומעניע אויך ליידער אַ קליינער טייל געבליבען, פון די אידען וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרען קיין סיביר, אָדער אַריינגעזעצט געוואָרן אין די טורמעס און לאַגערן אין די טיפע און ווייטע געגענטען פון רוסלאַנד איז אין אַלגעמיין פון זיי געבליבען לעבען ביי ערך 50 פּראָצענט, און פון זיי באַשטייט דער שארית הפליטה פון די טאָמאַשאָווער אידען, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט בארבע פינות העולם, די מערהייט האָט עולה געווען קיין ישראל, און אַ חשוב'ער טייל אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, און די רעשט אין קאַנאַדע און דרום אַמעריקאַנער לענדער, גאָר אַ קליינער פּראָצענט געפינט זיך אין אייראָפּע

## דער גורל פון די אידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין טאָמאַשאָוו

אין טאָמאַשאָוו האָט זיך צעביסלעך צוריק געשאַפען אַ שיינער אידישער קיבוץ, פון די אַלט געזעסענע ווי אויך פון פיל נייע צוגעקומענע. די אידען האָבען אָנגעהויבען זיך פאָרזיכטיג צו באַווייזען אין די גאַסען, פּרואוון פאַר־

דינען אַ זלאָטע, און אָפּנעמענדיג די גרוסען פון שווערען לעבען אונטער די רוסען, האָבען זיי שלום געמאַכט מיט׳ן גורל און געהאָפּט איבערצולעבען דעם קריג אינטער׳ן דייטש.

דער דייטש האָט אפילו אַרויסגעגעבען אַ פאַראָרדענונג אַז אידען מוזען טראָגען די אָרים בענדער מיט אַ מגן דוד אַלס צייכען צו דערקענען אַ איד. אָבער אידען האָבען מיט דעם אויך שלום געמאַכט, אַבי מען שענקט זיי דאָס לעבען און קענען פאַרדינען בצמצום אויף ברויט.

## דער יודען־ראַט

קיין געטאָ איז אין טאָמאַשאָוו איבערהויפּט די ערשטע צייט ניט געשאַפען געוואָרען, אידען זענען ממילא געווען קאָנצענטרירט אַרום דעם מאַרק, נאָר אַ אידען ראַט פאַרטרעטען פון אַלע קרייזען און ממש מיט אַ פאַרטיי שליסעל (כאָטש אַזעלכעס האָט אונטער׳ן דייטש ניט עקזיסטירט) איז געשאַפען געוואָרען מיט יהושע פישעלזאָהן אַלס אידען עלטסטער בראש. די אויפגאַבע פון אידענראַט איז געווען צוצושטעלען אַרבייטער פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע, און בייהילפיג זיין די נויט באַדערפענדע אידען, וועלכע זענען עלעמינירט געוואָרען פון וועלכע סאָציאַלע הילף פון דער קאָמונאַלער מאַכט.

דאַן איז פלוצלינג געקומען די ערשטע קאָנטריבוציע שטראָף אויף דער אידישער קהלה אין דער סומע פון 3 הונדערט טויזענט רייכס מאַרק, דער יודענראַט האָט גע׳טענה׳ט, אַז די רייכסטע אידען זענען אַנטלאָפען און עס זענען געבליבען נאָר די אָרימע, דער דייטש האָט געענטפערט: גענוג געזויגען פויליש בלוט, נעמט פון אייערע באַהאַלטענע אוצרות. אידען האָבען אַוועקגעגעבען די קידושין רינגלעך, דאָס לעצטע וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט און צוזאַמענגעשטעלט די געפאָדערטע סומע.

די אידען האָבען אויך געמוזט אויסמעבלירען און איינאָרדענען מיט אַלע נויטיגע הצטרכות׳ן פון שטוב געברויך די דייטשע באַאמטע, וועלכע האָבען געוואוינט אין טאָמאַשאָוו אין אַ גרויסער צאָל, צוליב דעם וואָס עס איז געווען אַ גרעניץ שטאָט.

## דאָס רעליגיעזע לעבן

ווי באַוואוסט איז ניט געווען דערלויבט קיין שום רעליגיעזע אַקטי־וויטעטען אָפיציעל האָט אפילו קיין שוהל ניט עקזיסטירט, די שחיטה איז אָפיציעל דורך דער מיליטערישע מאַכט שטרענג פאַרבאָטען געוואָרען, דאָך האָבען אידען מיט דער גרעסטער מסירת נפש׳דיגקייט ווייטער פאָרגעזעצט דאָס רעליגיעזע לעבען.

שוחט איז געווען ר׳ ברוך הורוויץ ר׳ מרדכי יוסף׳ס אײדים, רב איז געווען דער יאַרטשעווער רב הרב פסח זיטזאַמער, מלמד איז געווען ר׳ מאיר קלארמאן און דוד ראובאלעס, נחום שמש האָט אָנגעפירט מיט אַלע קהלישע טעטיגקייטען, ווי אויך דאָס מנין איז ביי אים אין הויז פאָרגעקומען.

חברה קדישא האָט אָפיציעל עקזיסטירט ביי דעם יודען ראַט, ווייל אויף דעם פעלד זענען זיי געווען זעהר טעטיג, ווי אויך די מקוה האָט פונקציאָנירט, ווייל דער יודען ראַט האָט פאַרוואַלטעט מיט דעם מרחץ, ממילא האָט מען שוין געקענט אַדורך שמוגלען צו וואַרימען די מקוה, איך יויל אויך באַמערקען, אַז מוהל איז אויך געווען ברוך שוחט, און הגם ס׳איז פאָרגעקומען ווייניג געבורטען, נאָר אויב עס האָט זיך געטראָפען האָט ברוך שוחט דאָס קינד מלה געווען.

ליידער איז דער פינאַל געווען אַ טרויעריגער, אַ גוי האָט גע׳מסר׳ט צו דער געסטאַפּאָ, אַז די אידען פראַקטיצירען שחיטה, דאָס איז געווען אין ווינטער 1941, האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעגעבען אַ מעלדונג, אַז דער געריכט וועט זיין אַן עפענטליכער אין מיטען מאַרק אין עק פון לוואוווסקא, — רינעק קאשטשעלנא, און טשייני גאָרטען, און געהייסען אַהין ברענגען אַ יאַטקע־קלאָץ, דאַן האָט זי פאַראָרדענט אַזאַ ספעקטאַקעל, זיי האָבען גענומען 2 אַלטע אידען, וואָס האָבען זיך ניט אָפּגעשוירען די בערד, און האָבען געהאַט זעהר לאַנגע בערד, שמחה׳לע און נחמיה׳לע מלמדים, יעדענס באָרד איז פעסט צוגעקניפּט געוואָרען צו אַ שטאַרקען שטריק, און אין דעם שטריק האָט מען איינגעשפּאַנט אַ שליטען, אויפ׳ן שליטען האָט מען אַוועקגעזעצט ברוך שוחט מיט די חלפים אין די האַנט, און אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט גענומען אַ בייטש אין זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן שליטען, און געשלאָגען די צוויי מלמדים איבער׳ן פּנים ערגער ווי מען שלאָגט פערד, און זיי האָבען אַזוי דורך זייערע בערד וואָס זענען געווען פאַרבונדען מיט שטריק געצויגען דעם שליטען ביז צום באַשטימטען פּלאַץ. פאַרשטייט זיך, אַז די פוילישע שקצים און שיקסעס זענען צעזעצט געוואָרען פאַר געלעכטער און הנאה... ווי מען פייניגט די אידען און די עלטערע רבנים. אין איין זייט זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרען די אידישע באַפעלקערונג, און אויף דער צווייטער זייט די קריסטליכע באַפעלקערונג.

דאַן איז אַרויף אויף אַ ספּעציעלער טריבונע דער שטאָט קאָמענדאַנט און האָט איבערגעגעבען דער באַפעלקערונג וועגן דער גרויליכער רציחה... פון דעם אידישען ראַבינער, ער האָט געוואַגט צו שחטן אַ קעלבעל לויט׳ן אידישען ריטואַל און גורם זיין בחינמ׳דיגע צער צו אַ שטים באַשעפעניש, און גלייכצייטיג, באַקירצט די קריסטליכע באַפעלקערונג מיט צונעמען זייער פּראָדוקט, דערפאַר ווערט דער ראַבינער באַשטראָפט מיט אָפּהאַקען די פינגער, פוןביידע הענט, און די פוילישע פּאָליציי האָט צוגעשלעפּט דעם

שוחט און אים אַרויפגעלייגט די הענט אויפ׳ן יאַטקע קלאָץ און אים אָפּגעהאַקט די פינגער.

נאָכ׳ן אורטייל איז אַרויפגעגאַנגען אַ פּאַלאַק און קאַלאַביראַטער פון די דייטשען און האָט געהאַלטען אַ רעדע אויף פּויליש און אָנגעוויזען די גרויסע הומאַניטאַרע געפילען פון דעם קולטורעלען דייטשען פאָלק, ווייל אייגענטליך איז דאָך געקומען דעם שוחט טויט שטראָף, און די דייטשען זענען געווען אַזוי גנעדיג צו אים און האָבען אים געשענקט דאָס לעבען, נאָר די פינגער אים אָפּגעהאַקט בכדי ער זאָל מער ניט קענען באַגיין דעם פאַרברעכען, צו קוילען לויט׳ן באַרבאַרישען אידישען געזעץ. אונטער הילכיגע תאווה׳דיגע אַפּלאָדיסמענטען, האָט מען אָנגעהויבען צו באַוואַרפען די אידען מיט שניי און שטעקינעס ביז זיי זענען נעלם געוואָרען.

## אין די שווערע גסיסה יאָרן

איך פאַרשטעה אַז איר וועט טראַכטען עס איז בוודאי אַ טעות־סופר, אָדער העכסטענס אַ געפליגעלטע מליצה, וואָרים ווי איז דען דאָס מעגליך? מ׳האָט שוין געהערט פון גסיסה־מאָמענטען, אָדער גסיסה־שעה׳ן, אָבער קיינמאָל ניט קיין גסיסה יאָרען, אָבער מיינע טייערע ברידער, ווען אַן איינצעלנער מענטש שטאַרבט איז נאָר פאַראַנען גסיסה־שעה׳ן, ווען אָבער אַ גאַנץ פאָלק שטאַרבט, און נאָך מיט אַזעלכע מיתות משונות ואכזריות, דאַן איז ליידער פאַראַנען גסיסה־יאָרען.

און אַ טעות מאַכען די וואָס האָבען דאָס ניט אַדורכגעלעבט אָדער ווילען דאָס ניט פאַרשטיין. דער טויט־אורטייל איבער׳ן אידישען פאָלק, איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דעם טאָג ווען דאָס דייטשע אָפּלק האָט איבער־געגעבען זייער מלוכה אין די הענט פון דעם הינטישען משחית היטלער. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרען אינ׳ם טאָג פון י״ז באלול תרצ״ט. דער פאַרשאָלטענער טאָג ווען היטלער האָט אָנגעפאַנגען זיין וועלט שחיטה אין פאָרם פון אַטאַקירען מיליטעריש דאָס לאַנד פוילען, דער גרויזאַמער טויט האָט זיך געשלעפּט און געצויגען, ביז׳ן טאָג, וואָס די אליאירטע האָבן באַזיגט די היטלער חיה מיט זיינע באַרבאַרישע חיילות, נאָר אויב אין די ערשטע חדשים אָדער דאָס ערשטע יאָר האָבען ניט אַלע פאַרשטאַנען דעם טייוולאַנישן שפּיל, איז נאָך אַ יאָר היטלער־קאָסט איז שוין מער ביי קיינעם ניט געווען קיין מינדעסטער צווייפעל, אַז מיר אַלע זענען קאַנדידאַטען פאַר׳ן היטלערישען מלאך המות, עס איז נאָר געווען אַ פראַגע ווער פריער און ווער שפּעטער און אָדער מיט אַ לייכטען טויט — אַ קויל אין קאָפּ אָדער געמוטשעטען הונגער טויט.

## די קאַלאַבאָראַציע פון די פּאָליאַקן מיטן דייטש

איידער כ׳גיי איבערגעבען די לעצטע און טרויעריגסטע קאַפּיטלען פון דעם ענדגילטיגען טראַגישען קאַטאַסטראָפאַלען סוף פון דער אידישער באַ־פעלקערונג אין טאָמאַשאָוו, שווימט אויף אין מוח די אומפאַרשטענדליכע פראַגע ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז די פּאָלאַקען, וועלכע האָבען געלעבט 500 יאָר טיר ביי טיר מיט זייערע אידישע שכנים, געאַרבעט און געהאַנדלט צוזאַמען און מיט פיל פון זיי אָנגעהאַלטען זעהר פריינדליכע באַציאונגען. זיי וואָס האָבען צוגעזען ווי אַזוי די אידען האָבען אויפגעבויט זייערע שטעט און פאַרשאַפט נייע פרנסה קוואַלען פאַר זיך און פאַר זייערע שכנים די ניט אידען. זיי וואָס האָבען גוט געקענט דאָס ערליכע האָרעפּאַשנע לעבען פון דעם אָרימען אידישען בעל מלאכה, און די איידעלע מידות פון דעם אידישען פאָלק וואָס האָבען אין אַלע נויטען געהאָלפען זייערע שכנים, און





ביי דער לויה פון פוילישען פּראָלאַט (עלטסטער גלח) אין דער אידישער דעלעגאַציע זענען באַטייליגט: צ. א. אליעזר לעדרקרעמער, הרב רובין, ש. שיפלינגער, א. איידעלסבערג, חיים חיימאָוויטש, חיים פוטער, יצחק בארענשטיין, מאיר בלומער א. א.

כמעט קיינמאָל ניט אַרויסגעגעבען פון זיך אַ מערדער אָדער אַ שווערען פאַרברעכער, פאַרוואָס האָבען זיי ניט געהאָלפען די אידען אין אַזאַ עת צרה, ניט נאָר זיי האָבען ניט געהאָלפען נאָר די מערהייט פון זיי פון דעם גראָביאַן ביז צום אינטעליגענט, פון דעם פריידענקער און אמונה־לאָזער ביז צו די טיף גלויביגע קאַטאָליקען האָבען מיטגעלאָפען און קאָלאַבאָרירט מיט'ן דייטשען אָקופּאַנט צו פאַרניכטען און פאַרטיליגען דאָס אידענטום. זייערע הענט זענען פאַרשמירט אויף אייביג מיט'ן ריינעם אומשולדיגען פאַרגאָסענעם אידישען בלוט, און די וואָס האָבען זיך דירעקט ניט מיט־באַטייליגט אין דעם שדים־טאַנץ צו פאַרגיסען אידיש בלוט, זענען געשטאַנען און אַנגעקוואָלען און הנאה געהאַט וואָס אַנדערע טוען דאָס וואָס זיי זענען צופרידען צו זען אַ אידען ריינע פוילען...

לויט מיין מיינונג פון דעם וואָס איך האָב איבערגעלעבט, צוגעזען און זיך אָנגעהערט פון די שכנישע שטעטלעך, איז ניטאָ כמעט קיין איין פּאָלאַק וואָס זיין געוויסען זאָל זיין ריין בנוגע די אידען פאַרניכטונג (מען רעדט ניט פון די געציילטע חסידי אומות העולם, וואָס זייער פּראָצענט זאַץ, איז ניט אַמאָל אחד מני אלף, וואָס זיי האָבען זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען צו ראַטעווען אַ איד, ווי באַקאַנט יעדער רעגעל האָט זיך זיין אויסנאַם, און אין טאָמאַשאָוו איז ליידער איינער פון צווישען צען טויזענט אויך ניט געווען).

## די אייביקע שנאה צום איד

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטיצט אויף אַ מכלומר'שער „דריי איניגקייט": 1) רעליגיעזער מאָטיוו, די לערע פון קריסטענטום, אַז דער איד האָט געקרייציגט זייער געטשקע, אַז דער איד איז פאַרשאָלטען אויף אייביג, און קענען מער ניט האָבען קיין תיקון אויב זיי בלייבען ביי דער אידישער רעליגיע, און דאָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור מיט אַלע זייערע פאַנאַטישע בלבולים, כ'געדענק, אַז ווען כ'פלעג באַגלייטען דעם רב צום דאַווענען, פלעגען מיר דורכגיין דורך אַ אָרימע גויע, וואָס דער רב מיט די אידישע שכנים האָבען זי כמעט איינגאַנצען אויסגעהאַלטען, ווען זי האָט געוואָלט איבערשרעקען איר קינד, ווען מיר זענען גראַדע פאַרביי־געגאַנגען זייער וואוינונג, פלעגט זי שרייען צום קינד, פאָלגסט מיך איז גוט, אויב ניט וועל איך דיר איבערגעבן צום ראַבין, און ער וועט דיך שחט'ן, כדי צו האָבען קריסטליך בלוט אויף פסח.

2) עקאָנאָמישער סטרוקטאָר. אידען זענען רייך, אידען זענען די סוחרים, וואָס נאָגען אויס דעם פּאָלאַק'ס בלוט, און מאַכען אַ לייכטען גראָשן די קנאה האָט זיי אויפגעפרעסען, איי דאָס וואָס זיי שיכור„ן האָט שוין דער איד גענוג אויף פרנסה, דער איד לעבט מיט חשבון, און טוט

דעם גראָשען אויף צווייען צו שפּאַלטען פון דעם ווילען זיי ניט וויסען. זיי האָבען נאָר געזען, אַז אַלע געשעפטען באַלאַנגען צו די אידען.

3) פּאַטריאָטישער — פּוילען פאַר פּאָלאַקען, וואָס ציט אויך זיין שורש אין אייפערזיכט און קנאה, ווייל די אידען זענען געווען דער געטרייסטער עלעמענט פאַר דער מלוכה, דער פּאָליאַק בטבע איז אַ שלעכטער און ענגהאַר־ציגער, אַ בעל גאווה און ניט פאַרגינער, ווי דאָס פּאָלקס ווערטל האָט זיך אויס־געדריקט ער איז אַ פּאָלאַק מיט די וואָנצעס, אַ פרומער און רעאַקציאָנער, אַ פוילער און ליידיג גייער מיט גרויסע תאוות און אַפּעטיטען. פאַר אַלע זיינע פערזענליכע און פאָלקס דורכפאַלען האָבען זיי געזען אין דעם איד דעם שעיר לעזאזל, אויב אַלע מאָל איז דאָס געווען אַן אינדיווידועלער חשבון צווישן פּאָלאַק און איד, האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען געמאַכט פון דער אידען פראַגע אַ גרויסע פּאַטראווע, און אויפגעבלאָזען אין לאַנדסמאַסשטאַב, אַז דער איד איז שולדיג אין אונזערע אַלע אומגליקען, און ווי נאָר מיר וועלען פּטור ווערען פון דעם פאַרשאָלטענעם איד, זענען מיר געהאָלפענע, און אין די לעצטע יאָרען האָט זיך ווי אַ ברויזענדער ים צעבושעוועט און צעשפּילט דער אַנטי־סעמיטיזם, און דער פּאָלאַק איז אויך אין דער נאַטור ניט קיין זעלבסטשטענדי־גער, זיי זענען זעהר שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרען פון דעם דייטשען שכן, איבערהויפּט זיי האָבען געזען דעם גרויסען דערפאָלג וואָס זיי האָבען מיט'ן אַנטיסעמיטיזם, דאָס אַלעס האָט זיי געמאַכט פאַר פולשטענדיגע שותפים אין דער אויסראָטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג.

## די ענדגילטיקע ליקווידאַציע

כאָטש די אידען האָבען תיכף געמוזט אָנטאָן דעם אידען צייכען די אַזוי גערופענע „אפּאסקע" אָבער קיין אָפּגעצוימטע געטאָ איז אין טאָמאַשאָוו ניט געשאַפען געוואָרען, אידען זענען נאָר געוואָרען קאָנצענטרירט אין געגענט פון דער זאַמאשטשער גאַס און אַלע מאָל מער איינגעשרומפּען דעם וואוין־שטח, און אויב מען האָט פאַרגעסען די אפּאסקע, אָדער געטראָפען אין גויאישען געגענט האָט מען באַשטראָפט מיט תפיסה און געלט, צום ערשט האָבען זיי אַרויף געלייגט אויף די אידען גרויסע קאָנטריבוציעס, און נאָכדעם אַלע געשעפטען און פאַרמעגענס קאָנפיסקירט. אידען האָבען ניט געטאָרט האָבען מער ווי 500 זלאָטעס שפּעטער איז עס רעדוצירט געוואָרען ביז 300 זלאָטעס, פאַרקלענערט די ברויט נאָרמע פון 30 דעקאָ אַ טאָג ביז 20. אידען האָבען געמוזט גיין אויף עבודת הפרך און געשלאָגען און באַליידיגט געוואָרען און טייל מאָל אויך דערשלאָגען געוואָרען צום טויט, אָבער דאָס אַלעס האָט נאָך ניט געמיינט דער סוף, נאָר ווען מען האָט שוין אָנגעהויבען דירעקט שיקען אין די טויט לאַגערן, דאַן האָבען שוין־אַלע געזען די ענדגילטיגע פאַרניכטונג.

## די דייטשע טאַקטיק

דאָס ערשטע אָנוואַרפן אַן אַלגעמיינע מורא און פּחד אויף דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ווי ווערגענדע שטריק איבער די העלזער, און דער־נאָך ספּעציעל איבער די אידן, מאַכן הפקר זייער פאַרמעגן, דערנידערונגען און באַליידיגען זייער כבוד ווי זיי האָבן געטאָן אין טאָמאַשאָוו אויסגעקליבען די זקנים און זיי געהייסען איינהילען אין די טליתים מיט ספרי תורה אין די הענט און מאַרשירען, מיט מיליטערישען טאַקט צום מאַרק, און דאָרט אויסשפּרייטען די ספרי תורה און טאַנצען אויף זיי באַגלייט מיט שלעג און קלעפּ. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען דאָס אַוועקשיקען אויף אַרבעט פון 12 יאָר ביז 50, די עלטערע און קינדער אַוועקפירען קיין בעלזיץ, איבערלאָזען די מיוחסים, ער האָט אייביג געמאַכט אויסנאַמען, בכדי עס זאָל זיך פאַר׳גנב׳ענען אַ געדאַנק אפשר וועט מיר געראָטען לעבען צו בלייבען, די דייטשע טאַקטיק איז געווען נאַרען מיט שקרים און טיילמאָל מיט אמת בכדי צו דערוועקען האָפענונג, אַז עס איז דאָ אַ מעגליכקייט פון רעטונג פאַר׳ן פרייז פון געהאָרכזאַמקייט אָפּצוטעמפּען דעם געדאַנק פון פאַרצווייפלונג און אומעגליכ־קייט פון רעטונג, וואָס קען שטויסען צו רעוואָלט ווייל עס איז שוין ניטאָ וואָס צו פאַרלירען, און יעדער זאָל טראַכטען מיך מיינט מען ניט, מיין אַרבעט איז וויכטיג... און אייביג נאָך אַן אַקציע, ווי מען האָט אָפּגעשיקט אַ טראַנספּאָרט אויף יענער וועלט איז געוואָרען מכלומר׳שט גוט, און דאָס האָט שוין צעשפּילט די פאַנטאַזיע מיר וועט געלונגען איבערצולעבען די קריג.

מערקווירדיג ווי מאוימדיג עס איז געווען דאָס לעבען די סאַדיסטישע פּיינונגען פון די דייטשען, וואָס איז געווען גרויזאַמער ווי די גרעסטע פּיינונגען פון דער אינקוויזיציע, איז דאָס לעבען געוואָרען טייער און חשוב, דער ווילען צו לעבען איז געווען אַזוי גרויס, אַז פאַר״ן פרייז פון ווילען לעבען בלייבען, זענען זיי געגאַנגען אומגעשטערט צום טויט, ווייל ערגעץ וואו אין די טיפענישען פון האַרץ האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג געראַטעוועט צו ווערען אין דער לעצטער רגע, און עס לוינט זיך אַלעס צו ליידען אַבי צו דערלעבען די מינוט פון דערלייזונג און באַפרייאונג.

ביי אַנדערע האָבן די צרות אַוועקגענומען יעדער פעאיגקייט פון טראַכטען און דענקען, אַלע חושים זענען געוואָרען אָפּגעטעמפּט, מען איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אויטאָמאַטען וואָס דאַרפן אויספאָלגען יעדען דייטשען באַפעל, אפילו צו גיין אין דער ערד אַריין. עס זענען אָפּגעשטאָרבען די געפילען פון טאַטע צו קינד, ברודער צו שוועסטער און צוגעבונדענקייט צו אַן אייגענעם, די וואָס האָבן געמאַכט אַ פּרואוו פון אַנטלויפען זענען געפּייניגט געוואָרען מיט די שרעקליכסטע ענוים, און בכוונה געגוצט דערצו די פאַלאַקען, אידען זאָלען פסיכש צוזאַמענברעכען, זעענדיג, אַז דער גאַנצער

אַרום און אַרום איז פאַרסמט און פאַר׳ן פרייז פון אַ קילאָ צוקער וועט יעדער פּאָלאַק זיין נפש איבערגעבען דער דייטשער מאַכט, דאָס איז דער סוד, וואָס אידען זענען אומגעשטערט געגאַנגען צו דער שחיטה. פון איין זייט האָט מען ניט געזען קיין שטראַל פון האָפענונג אויף רעטונג, און פון דער צווייטער זייט האָט מען געוואָלט לעבען נאָך אַ שעה אפשר וועט זיך אין דער לעצטער רגע שאַפען אַ מעגליכקייט פון רעטונג. אין 1942 האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס שיקען טראַנספּאָרטען קיין ציעשינוב און פון דאָרט קיין בעלזעץ, די מיוחסים האָט מען געשיקט קיין טאַרנאַוואַטקע, אָבער אַלץ האָט געפירט צו איין ציל און תכלית, צו פאַרניכטונג פון טאָמאַשאָווער אידענטום און מיט דעם אַלעמען האָט אָנגעפירט דער דייטש פאַנצער.

## אַ מוסטער פון דייטשער באַרבאַריזם

שוין נאָך די גרויזאַמע אַקציעס וואָס עס איז שוין ניט געבליבען קיין קינדער אין טאָמאַשאָוו, טייל זענען צעריסען געוואָרען דורך די דייטשע תלינים אָדער געוואָרפען געוואָרען לעבעדיגערהייט פאַר די הינט, און די רעשט זענען אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין בעלזעץ, אין גאַז אויוון, האָבען זיך געפונען אַ פּאָר פרויען שניידערינס וואָס האָבען געאַרבעט זעהר פלייסיג ביי דייטשע אָפיצירען און האָבען זייער ציכטיג געהאַלטען אין אָרדענונג, די אַרבעטס שטעלע, און האָבען זעהר צופרידענגעשטעלט מיט זייער נייען די דייטשע פאַמיליעס. ענדליך איז זיי געלונגען איינצוקוואַרטירען זייערע קינדער ביי אַ גוי, און די דייטשען האָבען זיי געגעבען דאָס ערנהאַפטע דייטשע עהרן וואָרט, אַז זייערע קינדער וועלען זיי ניט דער׳הרג׳ענען אָדער אַוועקשיקען, דאָס איז שוין געווען אין ווינטער 1944 אין אַ פראָסטיגען טאָג, זיי האָבען שוין געהאַט אַ גרויסען רעזערוו קליידער, האָבען זיי גענומען די פרויען מיט די קינדער און אַוועקגעזעצט אויף פורען, די פרויען האָבען פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין זייער לעצטער וועג, האָבען זיי געפרעגט די דייטשען וואו איז אייער עהרן וואָרט, אַז איר וועט ניט טויט שלאָגען אונזערע קינדער, די דייטשען האָבען געענטפערט, איר קענט זיין זיכער אַז מיר געוויסענהאַפטע דייטשען וועלען אונזער עהרן וואָרט ניט פאַרשוועכען, זאָגאַר צו די פאַרפלוכטע אידען.

זיי האָבען די מוטערס פאַרשלאָסען אין דעם שטאָטישען שעכט־הויז און פאַרפאָרען צו באלאנס טייך, אויסגעטאָן די קינדער מוטער־נאַקעט, איינגעטינקען זיי אין וואַסער, און דאַן זיי לעבעדיגערהייט אַוועקגעלייגט אויף דער ערד ביז זיי זענען דערפרוירען געוואָרען צום טויט, נאָך אייניגע שטונדען האָבען זיי אַהין צוגעברענגט די מוטערס, און זיי געזאָגט, מיר האַלטען אונזער דייטשע ערן וואָרט, דאָ האָט איר אייערע קינדער גאַנץ אומבאַרירט שיין אויסגעוואַשען, פאַרשטענדליך, אַז די מוטערס זענען געוואָרען ווילד משוגע פאַר צרות, די דייטשען האָבען זיי מיט די קינדער צוריק אַרויף

געוואָרפען אויף דעם וואָגען און זיי צוגעפירט צום אידישען בית עולם, געצווינגען די מוטערס אויסצוגראָבען אַ גרויסען גרוב און אַריינצוואַרפען דאָרט די קינדער און ביים ראנד פון קבר דערשאָסען די מוטערס.

## אַן אַקט פון קידוש השם

ליידער מוז מען פעסטשטעלען, אַז דעם דייטש איז געלונגען ניט בלויז צו פאַרניכטען דעם גוף נאָר אויך פאַר׳ן פרייז צו וועלען ראַטעווען דאָס לעבען, אויך צו פאַרדאַרבען די נשמה, און ניט איין מענטש, וועלכער איז געוואָרען אַ מיטגליד פון אידען ראַטה מיט ערליכע ריינע כוונות, איז ליידער במשך די צייט נידעריג געזינקען... און מאָראַליש געפאַלען, ניט וויכטיג צו רעכענען קיין נעמען, ווייל אל תדין את חבירך עד שתגיע למקומו, און אַזאַ פלאַץ מיט אַזעלכע נסיונות זאָל שוין קיינמאָל אויף דער וועלט ניט זיין.

עס זענען אָבער אויך געווען מענטשען וואָס די צרות האָבען זיי גייסטיג דערהויבען. איינער פון די וויל איך יעצט דערמאָנען ער זאָל אייביג געדענקט ווערען ווי אַ קדוש און העלד און דאָס איז הקדוש יהושע פישעלזאָהן הי״ד.

יהושע פישעלזאָהן איז געווען אַ דורכשניטלעכער פאָלקס מענטש, וועלכער האָט אין דער ערשטער וועלט קריג (ווען טאָמאַשאָוו איז געוואָרען אָקופּירט דורכ׳ן דייטש און שפּעטער דורך עסטרייך) פאַרנומען דעם אַמט פון שטאָט בירגערמייסטער, און האָט באַקומען אויסצייכענונגען פון דער דייטשער מאַכט, ער פלעגט זיך אַרום טראָגען מיט אַ דאַנק בריוו פון פאָן פּאַפּען, ווען די דייטשען האָבען געשאָפען דעם יודען ראַטה, האָבען זיי באַשטימט יהושע פישעלזאָהן אַלס יודען עלטסטער, און ער האָט ווירקלעך זעהר פלייסיג געאַרבעט אויף זיין אַמט, געשיקט אויף אַרבעט, אויסגעטיילט הילף פאַר די אָרימע, א. א.וו. ביז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס אויסזידלונג קיין בעלזעץ, וואָס האָט מכלומר׳שט געהייסען אַז מען פאָרט אויף אַרבעט, און יהושע פישעלזאָהן האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג פון דעם דייטש פאַנצער, דער געסטאַפּאָ שעף, ער זאָל אים ביז מאָרגען 12 אַזייגער צושטעלן די ענדגילטיגע רשימה, ווער מען אַוועקצושיקען.

צו דער באַשטימטער צייט איז יהושע פישעלזאָהן געקומען, נאָר אָן אַ רשימה, פרעגט אים דער געסטאַפּאָ ווי האָבען זי די צוגעגרייטע ליסטע, ווייל ווי דער דייטש האָט אים געקענט איז ער געווען זעהר אַ פּינקטליכער מענטש. ענטפערט שיעלע פישעלזאָהן, ווירט מיר דער שעף דערלויבען אַן אנטוואָרט צו געבען. יאָ ביטע שען.

זאָגט שיעלע צום דייטש. הער זי מאָל אויס, איך האָב אָנגענאָמען דעם אַמט אַלס אידענעלטסטער אום צו האַלטען אָרדענונג און נאָכקומען

אַלע דייטשע פאָדערונגען. אָבער צו פאַרראַטען מיינע ברודער און זיי צום טויט איבערפירען דערלויבט מיר ניט מיין געוויסען. איך גיב מיר אָפּ איין פולע רעכענונג, אַז איך בין פולשטענדיג אין איהנענס הענד, זי קענען מאַכען מיט מיר וואָס זי וואַלען, אָבער מיינע הענד וועל איך מיט קיין בלוט ניט פאַרפלעקען.

דער דייטש האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אים אויפ׳ן אָרט דערשאָסען. יהי זכרו ברוך.

## אידישע פּאַרטיזאַנער

כל זמן די אידן האָבן נאָך געלעבט אין אילוזיעס אַז אַ טייל פון אידנטום וועט איבערלעבן די קריג, און יעדער האָט געטראַכט אַז ער וועט בלייבן פון די גליקלעכע, האָבן זיי ניט געוואָלט גיין אין די וועלדער, מורא האָבנדיק פאַרן אחריות פון די איבערגעבליבענע, וועלכע מען וועט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַנדערעס מעשים.

אָבער ווען 90 פּראָצענט אידן זיינען שוין געווען אויסגעזידלט קיין ציעשינוב און בעלזעץ, און עס איז געבליבן דאָס לעצטע רעשטל יונגוואַרג, עס איז שוין ביי אַלעמען געווען קלאָר אַז דאָס איז אַ שפּיל פאַרן טייוול און עס קען שוין ערגער ניט זיין, זיי האָבן שוין פאַרלוירן יעדן פונק פון האָפענונג, האָבן אַ טייל יוגנטלעכע באַשלאָסן פאַר יעדן פרייז זיך פאַרשאַפן געווער און גיין אין די וועלדער. די גרופּע איז באַשטאַנען פון מענדל העלער, אַ שלאָסער מעכאַניקער, שמעון גאָלדשטיין און מאיר קאַ־ליכמאַכער. זייער גרויסע שוועריקייטן האָבן זיי באַגעגנט בכדי צו באַקומען דאָס געווער. די פּוילישע פאַרמיטלערס האָבן פאַראַטן, און אַ פּאָר אידן זיינען דערשאָסן געוואָרן. דאָך איז זיי געלונגען צו באַקומען אַ ביקס און אַ רעוואָלווער און מיט דעם זיינען זיי אַוועק אין וואַלד. זיי האָבן גע׳־הרג׳ט עטלעכע דייטשן אין ראגיזנער וואַלד.

אין די אָוונטן פלעגן זיי קומען קיין רעגיזנע און ברענגען עסן די קינדער פון זייערע משפחות וועלכע זיינען געווען פאַרשטעקט אין ראַ־גיזנער הויף.

די פּאָלאַקן האָבן זיי גע׳מסר׳ט, און אײנמאָל ביינאַכט ווען זיי זיינען געווען אין הויף, האָבן זיי דייטשן אַרומגערינגלט, און נאָך אַ קורצן קאַמף זיינען זיי געפאַלן. הי״ד.

די אַלע אויבענדערמאָנטע פאַקטען פון דייטשער ברוטאַליטעט אויפ׳ן טאָמאַשאָווער באָדען האָב איך במשך דער צייט צונויפגעזאַמעלט און פאַר־צייכענט פון עדי ראיה.



# די שארית הפליטה אין רוסלאַנד

● חיים יוסף לערער

**אנגעהויבן** האָט זיך עס דעם פרייטיק צו נאַכט חול המועד סוכות, ווען די ראַדיאָ האָט געמאָלדן אַז ריבענטראָפּ ימ״ש איז געווען אין מאָסקווע און געשלאָסן מיט מאָלאָטאָוו׳ן אַן אָפּמאַך וועגן דער צעטיילונג פון פוילן און אָנגעצייגט די גרענעצן, אַזוי אַז עס איז באַוואוסט געוואָרן דאָס טאָמאַשאָוו גייט איבער צו די דייטשן. איך גלויב אַז עס איז ווערט איבערצוגעבן אין קורצן די איבערלעבענישן פון דער שטאָט אין משך פון 2 וואָכן מיט די דייטשן. ווען דעם באַוואוסטן דאָנערשטיק דעם 7/9 כ״ג אלול, ווען די דייטשן האָבן אין משך פון עטלעכע סעקונדן אַראָפּגעוואָרפן די 10 באָמבעס און עס זיינען געפאַלן ביי 60 קרבנות, אין משך פון עטלעכע שעה איז חרוב געוואָרן כמעט די שטאָט מיט פאַרברענען דער באַזעצטער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג מיט דער שול און גרעסטע טייל בתי מדרשים, אַזוי האָט די אידישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט, אויסער די וואָס זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ זיינען די מערסטנס אַנטלאָפן מורא האָבנדיק פאַר די באָמבעס, און ווען די דייטשן זיינען ערב ראש השנה אַריינגעקומען אַפילו ניט אַזוי שטרענג, אָבער באַלד נאָך ראש השנה האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די פּאָלאַקן און עס איז געקומען דער באַוואוסטער מאָנטיק ווען מען האָט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אַרויס־געיאָגט פון די שטיבער אויף דער לעמבערגער גאַס ביז נאָך דעם מאַגיסטראַט אַנטקעגן דעם נייעם קלויסטער, און אַנטקעגן זיי אויסגעשטעלט טאַנקן מיט מאַשין געווער, האָט מען געגעבן באַלד אַ באַפעל אַז די אידן זאָלן זיך צוריק צעלויפן קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן ווי אַזוי דאָס האָט געווירקט, און דערצו הערנדיק באַלד ווי אַזוי די דייטשן באַציען זיך צו דער אידישער באַפעלקערונג ווי זיי זיינען אַריינגעקומען, איז פאַר־שטענדלעך אַז באַלד נאָך שבת חול המועד סוכות האָט די אידישע באַפעל־קערונג אָנגעהויבן צו אַנטלויפן אין דער רוסישער זייט און די ערשטע שטאָט איז געווען ראַווע רוסקע, די ערשטע זיינען געווען דער ציעשינאָווער רב ז״ל און ר׳ יעקב לעדערקרעמער הי״ד, אָבער עס זיינען געווען פיל וועלכע האָבן באַלד ניט געוואָלט נעמען דעם וואַנדער שטעקן אָבער ווען מען האָט געזען אַז עס ווערט פון טאָג צו טאָג ווייניקער אידן זיינען

זיי אויך מיטגעריסן געוואָרן און אויך אַנטלאָפן. דער שרייבער פון די שורות איז שוין אַוועק מיט די לעצטע אין שמחת תורה, און האָט נאָך באַוויזן צוריקצופאָרן זונטיק קיין טאָמאַשאָוו אין אַ שעה נאָך זיין דורכפאָרן די גרעניץ אין בעלזעץ האָט די וואַך שוין נאָכגעשאָסן ווער עס האָט געוואָלט דורכפאָרן אָדער דורכגיין. אַזוי אַז 75% פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען אַוועק אויף דער סאָוויעטישער זייט, די גרעסטע טייל האָט זיך באַזעצט אין ראַווע, מען דאַרף געדענקען אַז קיין ראַווע זיינען אויך אַנטלאָפן די אידן פון נאַראָל און טשעשינאָוו וועלכע זיינען אויך געבליבן ביי דעם דייטש, מען קען זיך פאָרשטעלן די לאַגע אין ראַווע, איבערהויפּט די דירה פראַגע, אַזוי אַז פיל זיינען אַוועק קיין לעמבערג קיין זאָלקעוו, אַלץ שטעט ניט ווייט פון טאָמאַשאָוו, אָבער דאָ האָט זיך באַלד געשטעלט די פראַגע פאַר די וואָס זיינען אַנטלאָפן בעירום ובחוסר כל וועלכע האָבן ניט געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן, און ראַווע איז דאָך ניט געווען קיין אָרט פון אַרבעטס־פּלעצער, אַזוי אַז די מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך לאָזן קיין רוסלאַנד, וועלכע די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געגעבן „שאַלאָנען", די" האָבן זיך אָמערסטן באַזעצט אין אוקראַינע, איבערהויפּט אין וויניצער אָבלאַסט, פיל פון זיי זיינען באַלד צוריקגעקומען קיין גאַליציע, אָבער דער גרעסטער טייל איז געבליבן דאָרט פון וועלכע עס האָט זיך ליידער ווייניק וואָס געראַטעוועט ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט אוקראַינע. די גרעסטע טייל וועלכע זיינען געבליבן דאָ ניט ווייט פון דער אַלטער היים האָבן זיך ביסלעך אָנגעהויבן איינצואָרדענען, אָבער דאָ איז אַרויסגעקומען די פּאַספּאָרטן־גזירה, דאָס הייסט מען האָט געהייסן נעמען רוסישע פּעסער און אַריבערפאָרן 100 קילאָמעטער פון דער גרענעץ, אַז ניט וועט מען צוריקשיקן צום דייטש, אַ קליינער פּראָצענט האָט גענומען, אָבער גאָר דער גרעסטער טייל האָט ניט גענומען, און דאַן האָט מען אין אַ געוויסן פרייטיק צו נאַכטס דעם 29/6 האָט מען אַלע פּוילישע פּליטים וועלכע האָבן זיך געפונען אין גאַליציע און אויך די קריסטן פאַרנומען און אַוועקגעשיקט קיין סיביר, פון צפון אַרכאַנגעלסק אין קאָמי, ביז דעם ווייטן מזרח יאַקוטסקע געגנט.

## וואו איז געגאַנגען דער ראַוועד עשאַלאָן ?

אים האָט מען נאָך 15 טעג פאָרן אַריינגעפירט אין אַלטאַיסקי קראַי, וועמענס הויפּט־שטאָט איז באַרנעאול, און די צווייטע איז ביסק, וועלכעס מיר וועט נאָך אויסקומען צו שרייבן, די וועלכע מען האָט פאַרנומען אין לעמבערג האָט מען פאַרשיקט אין מאַריסקע ס. ס. ר. דאָס איז צווישן אופע און קאַזאַן, די וועלכע האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל אויס־

באַהאַלטן אין ראַווע האָט מען דאָס צווייטע מאָל פֿאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקי אָבלאַסט, אַזוי אַז די אידישע טאָמאַשאָווער באַפעלקערונג איז צעוואָרפן געוואָרן אין גאַנץ רוסלאַנד, און אַ דאַנק דעם, ווי מיר אידן זאָגן תמיד גם זו לטובה, האָבן זיך די גרעסטע טייל געראַטעוועט.

## ווי אַזוי האָבן זיי דורכגעמאַכט דאָס לעבן אין רוסלאַנד?

מען דאַרף דאָס טיילן אין צווייען, פֿון יוני 1940 ביז סוף 1941 און פֿון דאַנען ביז דער באַפרייאונג אין 1946.

די ערשטע טייל איז, ווען מען האָט די אַלע פּוילישע פּליטים פֿאַרשיקט אין די טייגעס און אַריינגעוואָרפן אין באַראַקן, מען דאַרף אונטערשטרייכן דאָס די לאַגע פֿון די, אַבוואַל זיי זיינען געווען פֿאַרשיקטע און ווי מען האָט זיי גערופן ספּעצפּריסעלענצעס, איז די לאַגע זייערע געווען נאָך צו דערליידן, ערגער איז געווען די וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין די טורמעס אַזעלכע וואָס מען האָט זיי געכאַפּט ביי די גרענעצן, אָדער אין פֿאַרמאַכטע לאַגערן ווי איינצלנע אָן פֿאַמיליעס, ווי אויבן געזאָגט האָט מען די גרעסטע טייל פֿון די טאָמאַשאָווער פֿאַרשיקט אין אַלטאַיסקי קראַי, מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז די געגנט ניט קוקנדיק וואָס עס איז אויך סיביר איינע פֿון די בעסטע געגנטן אין רוסלאַנד, די ערד דאָרט קאָן מען פֿאַרגלייכן מיט אוקראַינע אָדער קאַווקאַז, אויסער פּרוכטן וואָס קען דאָרט ניט וואַקסן צוליב די פֿרעסט, האָבן מיר געהאַט דאָרט אַלץ אויסערגעוויינלעך און די מילך דאָרט איז באַקאַנט אַלס די בעסטע פֿון גאַנץ רוסלאַנד, דער ראַוועך עשאַלאָן וועלכער איז אָנגעקומען דאָרט האָט מען באַלד ביים אַריינפֿאָר צעטיילט אין פֿאַרשידענע ראַיאָנען און פֿיל ראַיאָנען האָט מען זיי צעטיילט אין פֿאַרשידענע באַראַקן, אַזוי אַז אויף איין אָרט האָבן זיך געקאָנט קאָנצענטרירן פֿון 10 ביז 30 משפּחות, מען דאַרף אונטערשטרייכן דאָס מיט די טאָמאַשאָווער זיינען אויך געווען פֿאַמיליעס פֿון נאַראָל, ציעשאַנאָוו און הוביבער געגנט, און דאָ איז דאָס לעבן ניט געווען פֿאַר אַלע גליידך, עס איז געווען אָפּהענגיק פֿון דער באַציאונג פֿון דער מאַכט, און איבער־הויפּט צי דער באַראַק איז געווען לעבן עפּעס אַ ישוב פֿון רוסן אַז מען זאָל קאָנען עפּעס צו קריגן צו קויפן עסנוואַרג, אָבער דער עיקר צו קאָנען עפּעס פֿאַרקויפן פֿון דעם וואָס מען האָט מיטגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים, אַמערגסטן איז געווען די טאָמאַשאָווער וועלכע זיינען אַריינ־געפאַלן אין סאַראַקינסקי ראַיאָן, דאָרט וואו עס איז אַריינגעפאַלן דער ציעשינאָווער זצ״ל מיט נאָך פֿיל טאָמאַשאָווער, אַמבעסטן איז געווען די וועלכע זיינען געווען אויף די אַזוי גערופֿענע 152 באַראַקן. וואָס האָבן די אידן דאָרט געטאָן, דאָס וואָס עס האָבן געטאָן אַלע פּוילישע פֿאַרשיקטע, מען

האָט געדאַרפט האַקן, אָדער בעסער געזאָגט, לייגן בוימער אין די וועלדער, מיט וועלכע רוסלאַנד איז געבענטשט. זעלטן ווער וואָס מען האָט צוגעטיילט צו אַ פאַך אַרבעט, מען קען זיך שוין פאָרשטעלן ווען מען האָט די מענטשן געהייסן טאָן אַזאַ אַרבעט וואָס קיינער האָט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן און אַפילו ניט געזען ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן, אויסער די וואָס האָבן אַמאָל געהאַנדלט מיט וועלדער, און מען דאַרף וויסן אַז די בוימער דאָרט זיינען געווען 10 15 מאָל עלטער פון די וואָס האָבן זיי געדאַרפט לייגן, אָבער עס איז קיין עצה ניט געווען און מען האָט זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו דעם לעבן, עס זיינען טאַקע געווען פיל קרבנות ביי דעם לייגן די בוימער, די אַרבעט איז באַשטאַנען ניט נאָר פון לייגן דעם בוים נאָר אויך אָפּרייניקן אים פון די צווייגן און די צווייגן פאַרברענען נאָסערהייט, די לעצטע אַרבעט איז געווען על פּי רוב פאַר די פרויען, אַמשווערסטן איז געווען דאָס שטאַבילירן, דאָס הייסט נאָכדעם ווי מען האָט די בוימער אַרויסגעפירט אויף אַ סקלאַד און צעזעגט אויף קלעצער האָט מען דאָס געדאַרפט מאַכן שטויסן 5־6 אין דער הויך, אין טייל ערטער האָט מען דאָס געמאַכט מיט דער הילף פון פערד אָבער אין דער גרעסטער טייל האָבן דאָס געטאָן מענטשן און אויך דאָס אַראָפּלאָזן די קלעצער נאָכן ווינטער אויפן וואַסער.

## וואו האָבן זיי געוואוינט?

ווי געזאָגט האָט מען די פאַרשיקטע, ווי מען רופט זיי אויף רוסיש, אין פּאָשאָלקעס, דאָס זיינען די באַראַקן וועלכע געפינען זיך טיף אין די וועלדער, פיל פון זיי זיינען נאָך געווען פון די צאַרישע צייטן, אָבער דער גרעסטער טייל פון דער נייער צייט. די באַראַקן זיינען דאָ פאַרשידענע, גרויסע, קליינע, דאָס הייסט באַראַקן פון 10 ביז 20 צימערן און טייל קלענערע פון 4־6 צימערן, אין פיל באַראַקן האָט מען אַריינגעוואָרפן צו 2 פאַמיליעס אין אַ צימער אין אַ טייל ערטער וואו עס איז ניט געווען אַזאַ מאַנגל, יעדן פאַמיליע אַ צימער, נאָר אַ דאַנק דעם וואָס אויף יעדן פּאָשאָלאָק געפינט זיך אַ באָד האָט מען געקענט אַדורכקומען.

## פון וואָס האָבן זיי געלעבט?

ווי געזאָגט האָט יעדערער געמוזט גיין אַרבעטן, פאַר נישט גיין האָט מען געמאַכט אַ פּראָטאָקול און עס האָט געשמעקט מיט 3 חדשים טורמע, אָבער אויסער דעם האָט מען געמוזט גיין אַרבעטן, ווייל אַז נישט האָט מען קיין ברויט ניט באַקומען און די וואָס זיינען געגאַנגען אַרבעטן האָבן באַקומען ברויט, יעדער אַרבעטער פון אַ קילאָ ביז 1.20 קילאָ, ניט יעדן געווען גלייך, קינדער און די וואָס זיינען ניט געווען

פעאיק צו אַרבעטן: צו 400 גראַם, דערצו פלעגט מען יעדן אַרבעטער געבן אַ פּאָרציע (לאַפּשאַ) לאָקשן מיט וואַסער אָדער אַ קאַשע אין דערפרי און אָוונט, אויך צו מיטאָג ביי דער אַרבעט אין וואַלד, דאָס פלעגט מען באַקומען פון דער קיך, געווען אין טייל ערטער וואו מען פלעגט דאָס געבן אין טרוקענעם פּראָדוקט, מען זאָל זיך אַליין קאָכן, פון צייט צו צייט פלעגט מען קריגן אַ פּאַיאָק צוקער, בוימל, פּוטער, צוקערקעס, אָבער דאָס אַליין האָט ניט געקאָנט פאַרזעטיקן, איבער־הויפּט די ניט אַרבעטער וואָס האָבן אויסער ברויט כמעט גאָרניט גע־קראָגן, חוץ דעם וואָס פון צייט צו צייט פלעגט מען זיך צוכאַפּן אין ראַיאָן אָדער אין אַ דערפל פון דאָרטיקע איינוואוינער האָט מען צוגעקויפט דער עיקר קאַרטאָפל, מילך, פּוטער, און אַמאָל אויך אַן עוף, אין דעם פריערדערמאָנטן באַראַק 152 פלעגט מען פון צייט צו צייט שחט'ן אַ קו וועלכער ר' יעקב שוחט ע"ה פלעגט שחט'ן, אָבער דאָס אַלץ איז געווען ביז דער מלחמה מיטן דייטש איז אויסגעבראָכן, ווען די מלחמה מיטן דייטש איז אויסגעבראָכן האָט מען אָפּגעהאַקט דאָס ערשטע דאָס ברויט, דער אַרבעטער האָט מער ווי 500 גראַם ברויט ניט באַקומען און קינדער און בכלל מענשען וואָס האָבן ניט געאַרבעט 150 גראַם, און אויך דאָס געקעכטס האָט מען קוים איינמאָל געגעבן און אויך ניט שטענדיק, פון אַנדערע זאַכן אָפּגערעדט, און וואָס מער דער דייטש איז אַריינגע־דרונגען אין דער רוסישער טעריטאָריע איז די לאַגע געוואָרן אין דעם הינזיכט ערגער, מען האָט פשוט געהונגערט, דאָס איינציקע וואָס האָט אַביסל דערנערט איז געווען די רויטע יאַגדעס און שוואָמען וואָס זיינען געוואַקסן אין די וועלדער, אָבער אין דער שרעקלעכער שווערער לאַגע האָט זיך באַוויזן אַ שטראַל פאַר די פּוילישע פּליטים.

## אַמנעסטיע פאַר פּוילישע בירגער

אין אָנהויב אלול האָט מען צעטויפגערופן אַלע פּוילישע בירגער און געמאָלדן אַז לויטן אָפּמאַך מיטן פּרעמיער שיקאָרסקי זיינען אַלע געוועזענע פּוילישע בירגער פריי און וועלן קאָנען פריי אַרויספאָרן אין די רוסישע שטעט וואו זיי וועלן נאָר וועלן, און יעדער פּוילישער בירגער האָט באַקומען אַזאַ צייגעניש דאָס ער איז אַ פּוילישער בירגער און קען פאָרן וואו ער וויל, מען קאָן זיך פאָרשטעלן די שמחה וואָס האָט געהערשט, אמת אין דער ערנערונגס פראַגע האָט זיך גאָרניט פאַרבעסערט, אָבער די מענטשן זיינען געוואָרן מוטיקער מען האָט שוין ניט געקוקט אַזוי שטרענג אויף דער אַרבעט, און מען האָט זיך שוין געמעגט צוזאַמענקומען, מען האָט שוין פריי איינגעאָרדנט מנינים אין די ימים נוראים. אָבער דאָ

האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואו פאָרט מען? אין אייראָפּעאיש רוסלאַנד איז קיין פראַגע ניט געווען, ווייל דער דייטש איז געשטאַנען שוין ביי מאָסקווע, איז געבליבן די מעגלעכקייט אָדער צו בלייבן אויף די ערטער, דאָס הייסט אין סיביר נאָר אַרויס פון די טייגעס און אַריין אין די נאָענטסטע שטעט, אָדער צו פאָרן אין מיטל־אַזיע קיין טאַשקענט, סאַמאַר־קאַנד, בוכאַרא און דער אומגעגנט. אַמבעסטן האָבן געמאַכט די וועלכע האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אויף די ערטער, צוליב פיל טעמים וועלכע איך וועל שפּעטער באַשרייבן, אָבער פיל האָבן באַשלאָסן צו פאָרן אין מיטל־אַזיע, איבערהויפּט די וואָס האָבן געוואוינט אין טרואיצקי ראַיאָן, אויך דער שרייבער פון די שורות, אויסער דעם וואָס דאָרט איז אַ וואַרעמער קלימאַט — כאָטש אין די וואַרעמע לענדער האָבן פיל געליטן פון קעלט אין די חדשים וואָס עס איז קאַלט מער ווי אין סיביר ווייל אין סיביר האָט קיין האַלץ ניט געפעלט — האָבן פיל געדענקט אַז פון מיטל־אַזיע וועט מען אפשר קענען אַרויספאָרן מיט דער פוילישער אַרמיי אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד, אָבער ליידער האָבן די מענטשן וואָס זיינען געקומען אַהין שרעקלעך געליטן.

## דאָס איבערוואַנדערן קיין מיטלאַזיע

ווי אויבן דערמאָנט האָבן די אַלע טאָמאַשאָווער וואָס האָבן געוואוינט אין טרואיצקי ראַיאָן באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאַמאַרקאַנד, אָבער דאָס איז דעמאָלט ניט געווען פון די גרינגע זאַכן, עס איז געווען קריגס־צייט און פּליטים פון אייראָפּעאישן רוסלאַנד זיינען אין די צענדליקער טויזנטער געלאָפן קיין אַזיאַטיש רוסלאַנד און אַלע צוגן און באַן־סטאַנציעס זיינען געווען פול מיט מיליטער און פּליטים און צו פאָרן פון אַלטאַיסקי קראַי קיין סאַמאַרקאַנד אין אַ שטרעקע פון העכער 3000 ק״מ, האָט מען געדאַרפט דינגען וואַגאָנען, דער שרייבער פון די שורות מיט נאָך איינעם זיינען געפאָרן קיין נאָוואָסיבירסק און פון דאָרט קיין באַרנאַאול און נאָך גרויס מי — און מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז דעמאָלט זיינען מיר געווען גרויסע מיוחסים, מען האָט אויף אונז געקוקט אַנדערש ווי פריער — איז אונז געלונגען קוים צו דינגען 2 וואַגאָנען פאַר די באַגאַזשן און די פּערזאָנען האָבן געדאַרפט פאָרן מיט דעם פּאַסאַזשיר־צוג.

צו באַשרייבן די גאַנצע רייזע ביז די 70־80 פאַמיליעס זיינען אַהין געקומען קיין סאַמאַרקאַנד, וואָלט צופיל פּאַפּיר פאַרנומען, עס איז גענוג אונטערצושטרייכן דאָס די רייזע פון ביסק ביז סאַמאַרקאַנד דאַרף נאָרמאַל מיט אַ פּאַסאַזשיר צוג נעמען העכסטנס 5 טעג האָט זי פאַרנומען מער ווי 2 וואָכן, אָבער דער עיקר איז ווען די אידן זיינען אָנגעקומען קיין

סאַמאַרקאַנד איז פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, מענטשן אין די טויזנטער זײַנען געלעגן אויף דער גאַס, אַנגעלאָפּענע פון גאַנץ רוסלאַנד פּליטים און די באַפרייטע פּוילישע פּליטים און דאָ האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן די ערשטע קרבנות ווייל מען איז געלעגן אויף דער גאַס און עס האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן קאַלט, אָבער דער עיקר עס האָט שוין אָנגעהויבן צו הערשן די שרעקלעכע טיפוס־עפּידעמיע, פיל האָט מען גענומען און פאַר־שיקט אין די קאָלכאָזן, אויך דער שרייבער פון די שורות מיט נאָך עטלעכע פאַמיליעס האָט מען אַרויסגעשיקט פון סאַמאַרקאַנד און נאָך עטלעכע וואָכן פון אַרומפאָרן מיט אַ שאַלאַן זײַנען זיי אָנגעקומען קיין קירגיזיע אין אַ קאָלכאָז, אָש׳ער אָבלאַסט, אָבער דער גרעסטער טייל איז געבליבן אין סאַמאַרקאַנד, אָבער די עפּידעמיע האָט ליידער פיל צענדלי־קער קרבנות פון די טאָמאַשאָווער אַוועקגעריסן.

איך וויל צוריקגיין צו די טאָמאַשאָווער וואָס זײַנען געווען אין די אַנדערע ראַיאָנען פון אַלטאַיסקי קראַי, די פון פריער דערמאָנטן סאַראַקינסקע ראַיאָן, זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט נאָר אַריין אין דער לעבן שטעטלעך ווי סאַלאַיר, גורעווסק, אָבער ליידער האָבן זיי דאָרט אויך אין די ערשטע צייטן זייער געליטן, דאָרט זײַנען באַלד נפטר געוואָרן דער טשעשינאָווער רב מיט זיין זון ר׳ מאיר ז״ל, פון אַנדערע ראַיאָנען, ווי דער 152 באַראַק, זײַנען אויך שפּעטער אַרויסגעפאָרן קיין מיטל־אַזיע, טייל זײַנען אַריין קיין אוזבעקסטאַן אין פערגאַנער ראַיאָן און דער צווייטער טייל אין קאַזאַקסטאַן, אָבער אַמבעסטן האָבן געמאַכט די ראַיאָנען וואָס זײַנען אַריין קיין ביסק, דאָרט זײַנען געווען דער גרעסטער טייל טאָמאַשאָווער, אויך פון פיל אַנדערע געגנטן זײַנען געקומען, און מען קאָן זאָגן אַז די לאַגע פון די טאָמאַשאָווער אין ביסק איז געווען אַמבעסטן, אויך אין באַרנאַאול זײַנען אַריין געוויסע משפּחות, גרעסערע גרופּן פון טאָמאַשאָווער זײַנען געווען אין דזשאַמבול, אין טאַשקענט, אין לענינאַבאַד, אָבער עס איז כמעט ניט געווען קיין איין גרעסער אָרט אין מיטל־אַזיע און סיביר וואו די טאָמאַשאָווער זאָלן זיך ניט געפינען.

## דער מצב נאָך דער באַפרייאונג

די ערשטע חדשים פון דער באַפרייאונג איז פאַר פיל געווען זייער שרעקלעך און עס זײַנען טאַקע פיל אומגעקומען, מערסטנס פון שלאַפקייטן און פיל פון הונגער, שפּעטער האָט מען זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו דעם נייעם לעבן, פיל האָבן איבערגעוואַנדערט פון איין אָרט צום אַנדערן וואו די לאַגע איז געווען אַ בעסערע, די וואָס זײַנען אַריינגעפאַלן אין אַ קאָלכאָז האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כחות אַריבער צו גיין אין אַ שטאָט,

ווייל אין שטאָט האָט מען געקאָנט פאַרדינען אויסער די אַרבעט און איבערהויפּט מען האָט געקענט קריגן עסנוואַרג צו קויפן.

אין פּאָליטישן הינזיכט האָבן זיך די פּוילישע בירגער פון דער באַפרייאונג אַווגוסט 1941 ביז פעברואַר 1943 געפילט ווי פרייע בירגער, עס זיינען כמעט אין אַלע ערטער וואו עס האָבן זיך געפונען פּויליׂשע בירגער געווען אַ פּוילישע דעלעגאַטור, וואו פיל האָבן באַקומען שטיצע, מען האָט געעפנט פּוילישע שולן. אַן ענדערונג איז געקומען אין אָנהויב 1943 ווען די סאָוויעטישע מאַכט האָט איבערגעריסן די באַציאונג מיט דער לאָנדאָנער פּוילישער עמיגראַציאָנס רעגירונג, די אַזוי גערופענע שי־קאָרסקי רעגירונג, דאַן האָט זיך אָנגעהויבן ווייטער דעם צווייטן מאָל די פּאַספּאָרטן גזירה, אָבער איצט ניט ווי פריער אין מערב אוקראַינע וואו מען האָט ניט געצוואונגען, דאָס מאָל איז געווען „כופין אותו עד שיאמר רוצה אני", דאָס הייסט פּשוט קיינער האָט ניט געהאַט קיין ברירה נאָר צו נעמען אַ רוסישן פּאַספּאָרט און ווערן אַ רוסישער בירגער, געציילטע האָבן זיך אויסגעדרייט און האָבן באַקומען די אַזוי גערופענע בעז גראַז־דאַנסקי פּאַספּאָרטן, דאָס הייסט אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּאַס, און דאַן האָט מען שוין אָנגעהויבן צו נעמען צום מיליטער, אָבער דאָ איז די לאַגע ניט געווען אומעטום גלייך, אין די גרעסטע טייל האָט מען מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמעי וועלכע וואַנדע וואַשילעווסקי האָט געשאַפן, אין געוויסע ערטער — אין דער רוסישער אַרמיי, אָבער אין גרעסטן טייל האָט מען די פּוילישע בירגער ניט געוואָלט אָנפאַרטרויען צו גיין אין מיליטער נאָר מען האָט זיי מאָביליזירט אין אַרבעטס פראָנט, דאָס הייסט מאָביליזירט אין פאַבריקן און קוילן שאַכטן, אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם האָבן זיך די פּוילישע געפילט ווי פּוילישע בירגער און געהאָפט אַז זיי וועלן מיט דער ענדע פון קריג באַפרייט ווערן, אויך די סאָוויעטישע מאַכט האָט אַזוי געקוקט ווייל זי האָט געלאָזט גרינדן מיט דער אָנפירונג פון וואַנדע וואַשילעווסקי, פּוילישע קאָמיטעטן אין אַלע ערטער, די אַזוי גערופענע ז. פּ. פּ. — זוויאַנזעק פּאַטריאָטאוו פּאָלסקיך. די קאָמיטעטן האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ פּאָלקס דעמאָקראַטישע אָרדענונג און גלייכצייטיק געפירט אַ סאָציאַלע הילפס־טעטיקייט פאַר די פּוילישע בירגער. די גרעסטע טייל פון די קאָמיטעטן זיינען באַשטאַנען פון אידן ווייל קיין פּאָלאַקן זיינען ניט געווען דאָרט, און וואו עס זיינען יאָ געווען האָבן זיי געפירט בשותפות, ווייל אין יענע צייטן אין רוסלאַנד האָט ניט געקענט זיין קיין רייד פון „קראָמע יעוורעעוו", אַזוי האָבן זיך די פּויליׂשע אידן ביסלעכווייז צוגעפּאַסט צום רוסישן סאָוויעטישן לעבן, די גרעסטע טייל זיינען געגאַנגען אַרבעטן, דאָ איז שוין די אַרבעט ניט געווען

אַזוי שווער ווי אין סיביר, פיל האָבן זיך געכאַפּט צו פאַכמענישע אַרבעט, דער אינטעליגענטער טייל איז געגאַנגען אין די ביוראָען אַרבעטן, אַמערגסטן איז געווען נאָר די וואָס זיינען געווען אין די קאָלכאָזן אָדער סאָווכאָזן.

## די ערשטע ידיעות פון חורבן

די האָפענונגען באַפרייט צו ווערן זיינען געוואָרן אין אָנהויב 1944 ווען די דייטשן ימ״ש האָבן אָנגעהויבן צו קריגן אין רוסלאַנד איין מפּלה נאָך דער צווייטער, מען האָט געהאָפּט און געפילט אַז די דער־נענטערונג צו דער באַפרייאונג קומט אָן. אָבער פון דער צווייטער זייט, וואָס מער די רוסן האָבן זיך גערוקט נענטער צו פּוילן זיינען מיר געוואָר געוואָרן פון דעם חורבן וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט, מיר זיינען געוואָר געוואָרן דאָס קיין היימען האָבן מיר שוין ניט, מיר האָבן עס שוין געהערט אין ענדע 1943, אָבער עס האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן דאָס עס קען אַזוינס געשען, און דאָ האָבן אָנגעהויבן צו קומען בריוו אויך פון מענטשן וואָס זיינען צוריקגעקומען פון פראָנט און האָבן איבערגעגעבן אַלץ גענוי, אַזוי אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט זיך דאָס קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן אַז אַזוינס קען געשען, עס זיינען געווען געציילטע מענטשן איבערהויפּט איינצלנע וועלכע האָבן טאַקע רעזיגנירט פון אַהיים פאָרן, ווי זיי האָבן געזאָגט זיי האָבן ניט צו ווענען און ווילן ניט אָנקוקן דעם חורבן, אָבער דער גרעסטער טייל האָט זיך בּיסלעכווייז צוגעוואוינט צו די צרות און האָבן נאָר געהאָפּט דאָס פּוילן זאָל באַפרייט ווערן פון די נאַצישע הענט און וועלן האָבן די מעגלעכקייט צוריק צו קומען אין דער אַלטער היים. די ערשטע האָפענונג איז טאַקע ווירקלעך אין גיכן מקויים געוואָרן, אין 1944 אָנהויב 1945, איז פּוילן באַפרייט געוואָרן פון די נאַצישע חיות דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי, אָבער די צווייטע האָפענונג איז געוואָרן אַ״ע מאָל אויפן האַרץ שווערער, ערשטנס איז דאָס וואָס מיר זיינען פאַקטיש שוין געווען סאָוויעטישע בירגער, און די לאַגע פון אַ סאָוויעטישן בירגער ער זאָל קאָנען אַרויספאָרן פון לאַנד איז דאָך יעדערן באַקאַנט, פונקט ווי אין אַלטן מצרים, און צווייטנס, ווי אויבן געזאָגט, די גריסן וואָס מיר האָבן באַקומען האָט מען געזען אַז צוריק צו פאָרן אין די אַלטע ערטער איז קיין פראַגע ניט אויסער געציילטע שטעט. אָבער דאָך איז די הילף געקומען, פונקט ווי די טרויעריקע ידיעה איז געקומען שבת אַזוי אויך האָט אין אַ געווּיסן שבת, יוני 1945, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאַנד, געמאָלדן די ראַדיאָ אין רוסלאַנד, אַז מאַדזיעווסקי דער פּוילישער אויסערן מיניסטער איז געווען אין מאָסקווע און האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך אַז אַלע פּויל׳ישע געוועזענע בירגער אויך אידן פון אַלע געגנטן

וואָס פוילן האָט באַזיצט ביז 1939 האָבן דאָס רעכט צו אַדאָפּטירן צוריק פאַר פּוילישע בירגער און קאָנען צוריק אַהיים פאָרן קיין פוילן, אָבער דאָס גייט ניט אַזוי שנעל, דערווייל האָט זיך ביסלעך דער עולם צוגעוואוינט צום רוסישן לעבן און אויך נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון די דייטשן איז דאָס לעבן מאַטעריעליש געוואָרן אַביסל גרינגער אין דעם היינזיכט פון לעבנסמיטל, פיל האָט מיטגעהאָלפן די סאָציאַלע הילף פונעם אויבן דער־מאָנטן ז. פּ. פּ. קאָמיטעט, אַ גרויסער טייל אידן האָבן באַקומען שטיצע דורך אַזוי גערופענע פעקלעך פון ארץ ישראל דורך די לאַנדסמאַנשאַפטן אָבער איבערהויפּט איז געווען די ווערטפולע פעקלעך וואָס די פּוילישע אידן האָבן באַקומען פון דזשאָינט און וועד הצלה פון אַמעריקע, דאָס איז געגאַנגען דורך טעהעראַן, אַזוי אַז די ערנערונגס פראַגע איז געוואָרן פיל גרינגער ווי זי איז געווען אין 1943־42, יענע יאָרן קען מען אָנרופן הונגער יאָרן, איבערהויפּט די וואָס האָבן געוואוינט אין די קאָלכאָזן.

ענדליך נאָך עטלעכע חדשים נאָך דעם אָפּמאַך פון דער פּוילישער רעגירונג מיט דער סאָוויעטישער, האָבן אָנגעהויבן אַרומצופאָרן אָבלאַסטנאָי קאָמיסיעס אין אַלע ערטער וואו עס האָבן זיך געפונען פּוילישע בירגער, און וואו זיינען זיי ניט געווען? עס איז כמעט ניט געווען איין אָרט וואו פּוילישע אידן זאָלן ניט האָבן געווען, און דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויף די טאַמאַשאָווער אידן, זיי האָבן זיך געפונען אין אַלע ערטער פון רוסלאַנד, אין אייראָפּעאיש רוסלאַנד, קאַווקאַז, סיביר, מערב און מזרח, מיטל אַזיע אין אַלע פינף רעפּובליקן, אָבער דער גרעסטער טאָמאַשאָווער קיבוץ איז געווען אין ביסק און דאָרט איז זיי טאַקע געגאַנגען ווי אַמבעסטן אַזוי אַז אַהין האָבן געצויגן כסדר טאָמאַשאָווער וואָס האָבן זיך געפונען אין אַנדערע ערטער.

## דאָס צוריק פאָרן קיין פוילען

מיר וועלן צוריקגיין צו די קאָמיסיעס, די קאָמיסיעס זיינען אָראָפּ־געקומען און האָבן דורכגעפירט די אַדאָפּטאַציע פון די אַלע פּוילישע בירגער וואָס האָבן דאָס פאַרלאַנגט, און מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז כמעט 99% האָבן אַדאָפּטירט אויסער איין פראַצענט ווי פריער דערמאָנט, פון די טאָמאַשאָווער איז מיר באַקאַנט נאָר איינער וועלכער איז געווען אין טאַקמאַק פרונזער אָבלאַסט. אָבער ווען מען וועט באַפרייט ווערן און קענען אַהיים פאָרן האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואוסט. דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער, ענדלעך אין אָנהויב 46 זיינען מיר געוואָר געוואָרן דאָס איז פעברואַר הויבן אָן צו רירן די ערשטע שאַלאָנען מיט די פּוילישע בירגער. די אַקט איז געווען אַזוי: אַ פּאָר וואָכן פאָרן באַפרייען פון יעדן אָרט, איז געקומען ווייטער קאָמיסיעס פון אָבלאַסט און מען האָט יעדן געגעבן אַזאַ צייגעניש, איין זייט אויף רוסיש און די צווייטע אויף

פויליש, אָבער געגוי דעם טאָג האָט מען ניט געוואוסט, מען האָט נביאות געזאָגט אָבער ניט מער, אין דעם אָרט וואו דער שרייבער פון די שורות איז געווען האָט מען שבת הגדול געמאָלדן אַז דער עשאַלאָן קומט שבת צו נאַכטס, און ערב פסח וואָס איז געפאַלן מאָנטיק וועט מען אַרויספאָרן, אַזוי אַז אין משך פון עטלעכע שעה האָט מען געמוזט פאַקן דאָס ביסל אָרעמקייט וואָס יעדער האָט פאַרמאָגט. אָבער מען מוז אונטערשטרייכן דאָס עס האָט געקלאַפּט, עס איז געווען אויסגערעכנט גענוי ווען יעדער עשאַלאָן דאַרף אַרויסגיין, און וואָס פאַר אַ ליניע ער דאַרף פאָרן.

דער צוריקפאָרן האָט געדויערט בערך 5 חדשים, פון פעברואַר ביז יוני, געגאַנגען זיינען זיי דורך 4 גרענעץ פונקטן: ביאַליסטאָק־בריסק, קאָוועל־כעלם און לעמבערג־פשעמישל, איינער אָדער צוויי עשאַלאָנען זיינען אויך געגאַנגען דורך בעלזעץ, אַזוי אַז נאָך 6 יאָר גלות זענען די טאָמאַ־שאָווער גולים צוריקגעקומען קיין פוילן, אָבער ליידער ניט קיין טאָמאַשאָוו ווייל דאָרט האָט שוין קיין איד ניט געקאָנט אין דער ערשטער צייט אַפילו ניט איבערנעכטיקן, נאָר אין די נייע באַזעצטע געגנטן וואָס פוילן האָט צוגענומען ביי די דייטשן, איין טייל איז געגאַנגען קיין נידערשלעזיען, ווי וורא‎צלאַוו, ריכבאַך, און דער צווייטער טייל איז געגאַנגען קיין שצעצין, געציילטע משפחות האָבן זיך באַזעצט אין לאָדז, קראָקאָ אָבער דאָס אַלעס איז ניט געווען אויף לאַנג, ווייל די גרעסטע טייל איז באַלד אַוועק פון פוילן אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד, און די וואָס זיינען געבליבן האָבן כמעט אַלע נאָך דער אַנטשטעאונג פון מדינת ישראל פאַרלאָזן פוילן, אויף וויפל מיר איז באַקאַנט זיינען אפשר געבליבן אין פוילן 2 ביז 3 טאָמאַשאָווער.

ווען מיר שליסן דאָס קאַפּיטל גלות טאָמאַשאָוו אין רוסלאַנד זעען מיר אַז דורך דעם זיינען אַ גרויסער טייל פון דער טאָמאַשאָווער אידי־שער באַפעלקערונג געראַטעוועט געוואָרן, אמת, אַ גרויסער טייל איז אומגעקומען אין רוסלאַנד. דער גרעסטער טייל וואָס האָבן גענומען פעסער און געבליבן אין גאַליציען, די וואָס זיינען געפאָרן מיט די ערשטע עשאַלאָנען פרייוויליק און זיך באַזעצט אין אייראָפּעאיש רוסלאַנד, די אַלע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשן ווען זיי האָבן אָקופּירט אין 41־1942 אויסער געציילטע פאַמיליעס וואָס זיינען געווען אונטער דער רומענישער אָקופּאַציע דער אַזוי גערופענער טראַנס דניעסטר, אַ גרויסער טייל איז אומגעקומען אין רוסלאַנד פון הונגער און קראַנקייטן, איבערהויפּט עלטערע מענטשן, אָבער דער גרעסטער טייל איז געראַטעוועט געוואָרן. דער גרעסטער טייל געפינט זיך צוריק אין זיין אַלטער היים אין ישראל, אַנדערע האָבן אויסגעוואַנדערט קיין צפון אַמעריקע, מיט דער הילף פון דזשאָינט, און אַ טייל געפינט זיך אין לאַטיין אַמעריקע.



לזכר אמי
אחי ואחיותי ז״ל

# על החורבות

● דוב בן דוד שוינדלר

כל ימי מלחמת העולם השניה, כמעט לא הפסקתי לחפש דרכים בכדי להודע מה שהוא על גורלם של בני משפחתי שנשארו בטומשוב ערנו תחת שלטון הרוצחים, ובפרט אחרי התגייסותי לצבא־הבריטי בהתחלת שנת 1943, כתבתי לצלב־האדום הבינלאומי, לקונסוליה־הפולנית בלונדון, לקונגרס־היהודי בארצות הברית, אבל מכל מקום קבלתי רק תשובה אחת, מצטערים, ולא יכולים לעזור, כשנגמרה המלחמה ב־1945 ונודע לעולם כולו, מה עוללו הרוצחים ליהדות הפולנית, עוד קוננה בלבי התקוה אולי בכל זאת נשאר מי שהוא ממשפחתי, ובהחלטה נחושה להגיע למקום בו השארתי את משפחתי ב־1940, התחלתי לתכנן את נסיעתי לפולניה, וזה לא היה מן הדברים הקלים. תחבורה לא היתה, והדרכים היו משובשים. באותו הזמן הייתי בעיר ונציה שבאיטליה, התארגנו, קבוצה בת 5 איש, ובינינו קצין בדרגת סרן, התייצבנו בפני המפקד, סיפרנו לו את כל האמת, ובקשנו רק חופשה ל־14 יום למילנו, מכונית עם דלק, ומזון לכמה ימים. קבלנו את זה, אבל במקום למילנו נסענו לאוסטריה והגענו לוינה, בהשתדלותו של הקצין (היה לו חבר במשרדי 4 המעצמות), קבלנו טופסים עם חותמות למעבר, ועל סמך אלו קבלנו מהרוסים רשות כניסה לפולניה, ואחרי יומיים נסיעה הגענו לעיר הגבול צשין, שם שהינו שעה קלה, והמשכנו עד קראקא, במקום קבלנו ממפקד הצבא רשיונות שהיה בכל הארץ לשבועיים, כאן נפרדה החבילה, ואני המשכתי ללודז׳, כאן נתקבלתי בכבוד רב, הייתי מהארצישראלים היחידים שהגיעו לכאן אחרי השואה, לא רציתי להתעכב, ולמחרת המשכתי לורשא, לא הכרתי את ורשא לפני המלחמה, אבל עכשיו צעדתי על חורבות, בבניין הקהילה בפרגה היתה הרשימה מכל היהודים שנשארו בחיים אחרי השואה, וגם מאלו שהתחילו לחזור מרוסיה. שעות על גבי שעות עיינתי ברשימות, אבל לא מצאתי שום זכר ממשפחתי, בכל זאת המשכתי ללובלין. זה היה בנובמבר 1945, הקור היה לבלי נשוא, רכבות היו מעטות, ואלפי אנשים חיכו לרכבת, שיכלה להסיע רק כמה מאות, וכשהגיעה הרכבת אחת ליום עלו הצעקות עד לב השמים, האנשים נלחמו ביניהם, והכניסה היתה כרוכה בסכנת־נפש ממש, הודות למדי קצין־בריטי שהייתי לבוש, נכנסתי בלי

קושי והגעתי ללובלין, דרכי הראשונה היתה לקהלה היהודית במקום. ברשימות הניצולים מצאתי כמה מבני עמנו, מהיחידים שנשארו בטומשוב, וניצלו בה, ביערות הסביבה. לא יכולתי להציל מפיהם דבר על גורל משפחתי, אבל אחד אמר לי שלא נשאר אף אחד, דברו על לבי, לא לנסוע לטומשוב, מפני שזה כרוך בסכנת־נפש, אנשי „איי.קיי." הורידו מהמכוניות כל מי שהיה נראה בעיניהם כיהודי, רצו גם לעכב בעדי, אבל לא יכולתי לותר על ההזדמנות הזאת, והחלטתי למרות הכל, לגשת לעיר. אוטובוסים לא היו, ונסעתי במכונית משא. אחרי 6 שעות נסיעה, הגעתי למקום שנולדתי, גדלתי וחייתי 20 שנה, הלב דפק בחזקה, נפגשתי עם המציאות. דרכי הראשונה היתה לביתו של סמל בצבא־הפולני לפני המלחמה, גוזובסקי. בהמשך רח' קרסנו־ברודסקי היכן שהורי התגוררו, מהתחלת שנת 1940, כל הדרך מרחבת דום־לודובי, עשיתי בריצה. מצאתי את הבית סגור, ירדתי לחצר, ושם נתקלתי במכשירים של בית החרושת לסבון של אבי, ולפי הנראה התעלפתי, היות בהתעוררתי ראיתי את עצמי שוכב בתוך השלג על הארץ, ונערה עומדת ושואלת למעשי כאן, עניתי שמחפש אני את משפחת גוזובסקי, נתנה לי את כתובת חנותה ברחוב לבובסקי ושם מצאתי את גב' גוזובסקי, היא תיכף הכירה אותי, התייפחה וסיפרה לי על הכל. את אבי ואת מרדכי ז"ל, הוציאו ביו"כ תש"ד מאמצע התפלה באחד הבתים, והמיתו אותם ביריה ביער בורצקי, אמי ואחי הקטנים ז"ל, נשלחו בסוף שנת 1944 למקום שלא חזרו, אחותי שושנה ז"ל, נורתה ע"י פולני מטומשוב, ברגע שיצאה מביתו של צרנופיץ, איפה שהתחבאה במשך שנתיים.

הכל היה ברור. רציתי רק לרגע לגשת למקום איפה שפעם היה ביתי. קשה היה למצוא את המקום, היות וכל השטח היה חרוש, בני המקום הרסו את כל הבתים בסביבה וניקו את השטח. אחרי חיפושים, מצאתי את בור האשפה, שעמד פעם באמצע החצר, וככה זהיתי את המקום.

עמדתי על החורבות, שריד ממשפחה ענפה, ועיני זלגו דמעות, וכאן נגמרו האשליות, ופה במקום הזה נגמרה תקותי האחרונה.



# אין טאָמאַשאָוו נאָכן חורבן

**משה טאבענבלאט •**

**כ׳גלויב** ניט אַז כ׳וועל מיט מיין שרייבן פאַר ווענען אַנטדעקן עפּעס נייעס, וועגן מאָרד און רציחה פון די דייטשע קאַניבאַלן בשותפות מיט די פוילישע עמלקים, וועלכע האָבן געמיינזאַם, קאַלטבלוטיק און אויסגערעכנט אכזריות׳דיק און ברוטאַל פאַרניכטעט אונזערע נאָנטע און טייערע מיט די ערגסטע מיתות משונות, וואָס דער טייוול אַליין האָט נאָך ניט געהאָט ערפונדן, אַזעלכע גרויזאַמע יסורים און טויטן וואָס דער גרעסטער דעספּאָט און טיראַן וואָלט זיך ניט דערטראַכט. כ׳וויל זיך אָבער טיילען מיט מיינע זכרונות און געפילן וואָס איך האָב אדורך געלעבט, ווען איך האָב באַזוכט טאָמאַשאָוו ווען זי איז שוין געווען „יודען ריין".

אין יאָר 1948 בין איך געווען אין מיין געבורטס שטאָט טאָמאַשאָוו. עס איז אוממעגלעך שריפטלעך איבערצוגעבן מיינע געפילן און דענקען, ווען איר קומט אין אַ שטאָט וואָס איר זייט דאָרטן געבאָרן און ערצויגן, געלעבט און געווירקט, זיך מיטבאַטייליקט און בייגעשטייערט צו איר וואוקס און אַנטוויקלונג, אין אַ שטאָט וואָס איז געווען דורכגעוואָרצלט מיט אידן און אידישקייט, אַ שטאָט וואָס אידן האָבן אַוועק געגעבן פאַר איר זייער מאַרך און פּראַצע און אַ שטאָט וואו עס האָט געשפּרודלט אַ שטאָלץ אידיש לעבן מיט לידן און פריידן. יעדער שטיינדל איז אייך געווען נאָנט און יעדער גרעזל טייער — און אַפילו געלעבט אין גוטע באַציאונגען מיט די ניט אידישע שכנים, — און עטלעכע יאָר שפּעטער טרעפט איר ניט קיין זכר פון אַ איד, אַלעס חרוב ונחרב, אויסגעריסן מיטן וואָרצל, ניטאָ קיין אידן, ניטאָ קיין בתי מדרשים, און איר זעט מיט אייערע אייגענע אויגן ווי די רוצחים וואָס זייערע הענט זיינען נאָך פאַרשמירט אין בלוט האָבן זיך באַזעצט אין אייערע היימען, זיי האָבן זיך אויסגעצירט מיט אונזער האָב און גוטס, און יעדער בליק פון דעם גוי שטעכט אייך דורך ווי איינער זאָגט, ווי נעמסט דו זיך אַהער, עס בלאָזט אַ ווינט פון האַס און שנאה, און ניט איינער זאָגט צו אייך מיט באַדויערונג אַז די קריג האָט זיך צו פרי פאַרענדיקט, עס איז נאָך לעבן געבליבן די פאַרשאָלטענע פאַכזשיווע זשידעס! אָט אין אַזעלכע טרויעריקע מאָמענטן האָט זיך פאַר מיר געעפנט דער גאַנצער תהום אידישע צרות, און דער פּיין און ווייטיק פון אומקום פון די 6 מיליאָן אידן האָט זיך געזעצט אויף מיין לייב, כ׳האָב ערשט דערפילט אונזער גרויסער בראָך און טראַגעדיע מיט איר פולע שאַרפקייט, דער טרויער האָט געפּרעסט

אויף מיין נשמה, כ׳האָב געפילט אַז איך דאַרף וויינען, אָבער פאַר וועמען? אין אָנוועזנהייט פון אונזערע ביטערע שונאים, וועלכע האָבן זיך געפרעגלט פון נחת ווען זיי האָבן געזען ווי מען פירט אונזערע ברידער און שוועסטער צו דער שחיטה, פאַר די וועלכע האָבן זיך אַליין מיטבאַטייליקט אין אויפ־זוכן און אנטדעקען די בונקערס פון די באַהאַלטענע אידן, און נאָכגעשפירט זיי איבערצוגעבן אין די הענקערס הענט אַריין, פאַר די גוטע גוים וואָס האָבן פאַרקויפט אַ אידיש לעבן פאַר 2 פונט צוקער, — ניין, כ׳וועל זיי דאָס פאַרגעניגן ניט אָנטאָן — כ׳וועל ניט וויינען!...

איך בין געגאַנגען אין מיין וואוינונג אין מיין נעסט וואו איך האָב מיין פאַמיליע אויפגעבויט, האָב אָנגעטראָפן אויף פּאָלאַקן (וועלכע כ׳האָב געטאָן טובות), איז זייער פּנים געוואָרן רויט פון רציחה מיט דער פראַגע, מאָשקאָ! ווי נעמסטו זיך אַהער? אַנטלויף כל זמן דו לעבסט, ווייל דיין לעבן איז יעטוועדער רגע איינגעשטעלט. איך האָב געטראַכט, מיט טריפה׳נע בלוט האָט זייער מוטער זיי געהאָדעוועט וואָס האָט אין זיי איינגעפלאַנצט אַזעלכע רשעות׳דיקע אינסטינקטן, וואָס האָבן אַזוי באַשמוצט דאָס באַשעפעניש וואָס רופט זיך „מענטש״.

דעם צווייטן טאָג בין איך אַריין געפאָרן קיין בעלזעץ, אונזער באַן סטאַנציע, וואָס איז געווען פאַר אונז דער טויער צו דער ברייטער גרויסער וועלט, און איז ליידער אין צייט פון קריג, פאַרוואַנדלט געוואָרן צום טויער פון גיהנם, — גיהנם איז אפשר אַ צו מילדער אויסדרוק, ווייל אַפילו אין „דאַנטעס־גיהנם״ שילדערט ער אויך ניט אַזעלכע גרויזאַמע סצענעס, ווי די וואָס די דייטשן מיט די פּאָלאַקן בשותפות האָבן געטאָן פאַרן אידישן פאָלק אין בעלזעץ. איך האָב באַזוכט דעם קאָנצענטראַציע לאַגער, דאָס זיינען געווינלעכע באַראַקן וועלכע געפינען זיך עטלעכע קילאָמעטער פון דער באַן סטאַנציע, אַ קליינע קאַלייקע פאַרבינדט די סטאַנציע מיט דעם לאַגער, די באַראַקן שטייען אין טיפן וואַלד, אַלע גאַליציאַנער אידן פון קראקא, לעמבערג, סטאַניסלוב, טאַרניפּאל און אויך אונזערע טאָמאַשאָווער אידן, אַלע זיינען נעבעך אומגעקומען על קידוש השם אין בעלזיצער גיהנם. ווי די גוים האָבן מיר איבערגעגעבן, זיינען אַלע אידן נאָך זייער אָנקומען גלייך אַריינגעפירט געוואָרן אין די באַראַקן, און די באַראַקן זיינען געווען דורכגעפלאָכטן מיט עלעקטרישע דראָט, און ווען זיי זיינען אַלע געווען אינעווייניק האָט מען פאַרמאַכט הערמאַטיש די טירן און געעפנט דעם עלעקטרישן שטראָם אַזוי אַז אין עטלעכע סעקונדן זיינען זיי אַלע אומגעקומען פון עלעקטרישן שאַק. שפּעטער האָט מען זיי אַריינ־געלייגט אין גריבער איין שורה טויטע איין שורה האַלץ, און מען האָט דערויף געגאָסן בענזין, און פאַרברענט די מתים. טאָג און נאַכט האָט

דאָס פייער געברענט, דאָס פייער האָט מען געזען אויף צענדליקער קילאָ־מעטער. אַ רעגיזנער גוי האָט מיר געזאָגט אַז ביי זיי אין דאָרף וואָס איז 10 קילאָמעטער פון בעלזעץ האָט מען יעדן נאַכט געזען דאָס פייער אין בעלזיצער וואַלד. דער ריח פון די פאַרברענטע מתים האָט זיך געפילט אין אַלע דערפער און שטעטלעך אַרום, אַזוי זיינען אָנגעגאַנגען יאָרן און אויסגעראָטן אחינו בני ישראל. דאָס האָבן מיר איבערגעגעבן די דאָרפישע גוים פון געגנט.

און ווען די דייטשן האָבן געליטן זייער מפלה און זיינען אָפּגעטראָטן, האָבן זיך דאָרט אַ לאָז געטאָן די פּאָלאַקן צו די קברים צו שלעפּן ציין, זוכן אפשר באַהאַלטענע דימענטען. דער קאָמענדאַנט האָט מיר געוויזן דאָקומענטאַריש די אַלע זאַכן. איך האָב נאָך געטראָפן מאַסן קברים וואו עס האָבען אַרויסגעשטאַרט מענטשלעכע אברים. איך האָב אינטערוויונירט אָבער אָן ערפאָלג.

צומאָרגנס נאָך מיין באַזוך אין בעלזעץ, בין איך געגאַנגען אויף קבר אבות, אָבער עס איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן, אַפילו דאָס בית הקברות האָבן זיי ניט געשאַנעוועט, די מצבות אַרויסגעריסן און מיט זיי ברוקירט די גאַסן, אָדער אונטערגעלייגט אונטער די פּאָדוואָלניעס פון זייערע הייזער, די קברים צוטראָטן און פאַראומריינט, פערד און בהמות פאַשן זיך איבערן גאַנצן פעלד, קיין זכר איז ניט פאַרבליבן פון די רביישע אוהלים, דאָ און דאָרט שטייגט נאָך אַרויס אַ מצבה, פאַרוואָקסן אין גראָז, אָבער די פּאָלאַקן רייסן זיי אַרויס פאַר זייערע אייגענע צוועקן פון בויען אָדער ברוקירן. אין מיין אָנוועזנהייט איז אָנגעפאָרן אַ גוי מיט 2 שקצים און האָט אַרויסגעריסן עטלעכע מצבות און זיי אַוועקגעפירט, איך האָב מורא געהאַט צו פּראָטעסטירן ווייל איך בין געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן, איך האָב אים מיט גוטן אויפמערקזאַם געמאַכט אַז דאָס איז אַ בית הקברות און מען טאָר דאָס ניט טאָן, אָבער ער האָט ווייטער געטאָן זיינס, אַזוי איז אין מיינע אויגן פאַרשוועכט געוואָרן דער בית־עלמין. איך בין געווען אין מאַגיסטראַט און האָב שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם, אָבער די רויטע מושלים זיינען פון דעם זעלבן טייג געקנאָטן און האָבן גאָרנישט געטאָן, זיי האָבן צו מיר ציניש און כיטרעוואַטע געזאָגט, אַז איך זאָל זיך וואָס פריער אָפּטראָגן פון שטאָט, ווייל זיי קענען ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך מער פאַר מיין לעבן. עס רייצט די גוים וועלכע זיינען נאָך אָנגעשטעקט פון נאַציזם וואָס אַ איד דרייט זיך שוין אין שטאָט 3 טעג, זיי רופן דאָס זשידאָווסקי חוצפה.

ביינאַכט בין איך געלעגן אויפן געלעגער, כ׳האָב ניט געקענט שלאָפן הן פאַר פחד פון די פוילישע רוצחים, הן פון די שווערע פיינלעכע

איבערלעבענישן וועגן חורבן פון מיין שטאָט און פאָלק, קאָשמאַרע גע־דאַנקען האָבן מיך געפייניקט, אין מיר האָט געזאָטן דאָס בלוט און געפאָדערט נקמה, דאָס האַרץ איז מיר געוואָרן פאַרקלעמט. שפּעט ביינאַכט בין איך ווי ענטזשימעט געוואָרן, האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַ בילד אַז איך געפין זיך אין שול, וועלכע איז איבערגעפּאַקט מיט מתפּללים, אַלע איינ־געהילט אין קיטלען מיט טליתים, נאָר די פּנים׳ער זיינען אויפגעדעקט און לייכטן ווי די זון, איך זע נאָנטע און באַקאַנטע, אָבער שווער זיי צו דערקענען, זיי זיינען געלייטערט ווי קריסטאַל, זעען אויס זייער שיין און מלכות׳דיק, מיט אַן אצילות׳דיקן חן. דאַן דאַכט זיך מיר אַז עס גייט אַרויף דער רב ז״ל אויפן בעלעמער אָבער ער איז פיל העכער ווי ער איז געווען לעבעדיקערהייט. ער זאָגט, רבותי, היינט האָבן מיר דאָ איינעם פון אונזערע לעבנגעבליבענע ברידער, זאָלן מיר אַלע אים בענטשן, דערהער איך אַ געשריי ווי ביי ברכּת כּהנים וואָס שאַלט אויס יברכך... כ׳האָב זיך דערפילט עפּעס שטאַרקער און זיכערער. דאַן זאָגט דער ראש העדה, ר׳ משה, מיר ווייסן און פילן דאָס וואָס עס שפּיגלט זיך אָפּ אין אייער האַרץ, איר באַגערט און לעכצט צו נעמען נקמה, עס קאָכט און זידט אין אייך אייער בלוט און פאָדערט נקמה, און מיט רעכט ווילט איר אָפּצאָלונג פאַר דעם וואָס זיי האָבן געטאָן, אָבער בעולם השפל איז גאָר ניט פאַראַן קיין שטראָף וואָס זאָל זיין אָפּגעמאָסטן צו דער רשעת הגוים, דער ערגסטער טויט איז צו שוואַך און מילד בלאָס און טונקל עס זאָל דערויף קענען חל זיין דער אויסדרוק „נקמה״, דאָס לאָזט איבער פאַרן א־ל נקמות וואָס ער איז אַ כּול יכול און ער וועט שוין פאַר זיי געפינען ווייעו׳ פאַרדינטע שטראָף, דער יום בא בוער כּתנור וועט קומען, עס קאָן דורכגיין צייט, השי״ת איז אַ מאריך אַף וגבה מן דילי׳. דעם כּוס התרעלה וועלן זיי יעצט טרינקען אויף אייביק, ג־ט׳ס קללה וועט זיי אויף אייביק פאַרפאָלגן, און פיל וועגן איז דאָ צו דער השגחה. נאָר די איינציקע נקמה וואָס איר קענט און דאַרפט נעמען אין די גוים, אַז די לעבנגעבליבענע דער אחד בעיר ושנים במשפּחה, דאַרפן ווייטער שפּינען די גאָלדענע קייט פון פאָרזעצן אידישקייט, פאָרזעצן דאָס לעבן וואָס די קדושים האָבן געפירט, ווייטער פאַרבלייבן דער גוי קדוש וממלכת כּהנים, ווייל איר מיט אייערע אייגענע אויגן האָט געזען ווי טיף נידעריק געפאַלן די גוים זיינען, ווי מאָראַליש געזונקען, ווי כּיטרע רויבעריש זיי זיינען און חיה׳שע אינטינקטן טליען אין זיי, ווי עקלהאַפט און טומאה׳דיק זיינען געווען זייער באַציאונג צו 1000 יאָריקע שכנים, שרייט אויס הויך און פלאַנצט דעם באַוואוסטזיין אַריין אין די הערצער פון אייערע קינדער, שהבדילנו מן התועים!!! זעט צו וואָס די דייטשע קולטור, וואָס איר אַלע האָט מיט איר שטאָלצירט, פאַר איר געקניט און געבוקט, האָט פאַראורזאַכט

יעצט לערנט עפּעס פון די געשעענישן, און נאָכאַמאָל ברוך הוא אלקינו שבראנו לכבודו והבדילנו מן התועים ונתן לנו תורת אמת, — און אמת עקזיסטירט אייביק, און דער פאַר וחיי עולם נטע בתוכנו און עם ישראל חי, לעבט און וועט לעבן על אַפּם וחמתם של כל שונאי ישראל בכל הדורות.

מיט דעם זיסן חלום בין איך געפאָרן אין וועג אַדיין -- און מיט זעם געדאַנק האָב איך זיך פאַרגענומען ווייטער פאָרצוזעצן מיין לעבנס וועג...





צעזעמענגענומענע ביינער אין בעלזיץ באלד נאך דער בעפרייאונג ווערען געברענגט צו קבר ישראל

פון רעכטס דער ערשטער: מאיר שטראזבערג. דער דריטער דער באקסער

# טאָמאַשאָווער נאָכן חורבן

**● לאה מאסקאפ־פרידלענדער**

**ווען** מיר שליסען אָפּ דאָס קאַפּיטל טאָמאַשאָוו אין דער געשיכטע פון אידיש לעבען אין פוילען, קען נאַטירליך נישט אויסגעלאָזט ווערען דער איבערבלייב פון דער הייליגער קהלה נאָכן חורבן.

אָט דעם איבערבלייב ווען מיר איינטיילען אין צווייען. דער ערשטער טייל איז דער וואָס האָט פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו פריער פאַרן חורבן ד. ה. עמיגרירט פון דאָרט אין פאַרשידענע לענדער איבערן גאַנצען ערד־קיילעך, און דער צווייטער — וואָס איז אַרויס פון דעם היטלערישען פייער אַן אָפּגעזענגטער מיט רסוק איברים איינצעלנע אָדער שטיקלעך פון גאַנצע משפחות.



לאה מאסקאפ־פרידלענדער

פאַרשטענדליך אַז אַ גרינטלעכע פאָרשונג וועגן אָט דעם איבערבלייב וואָלט זעהר נוצליך זיין, אָבער ליידער וועלען מיר פּרואווען פאַר־צייכענען דאָס וואָס מיר קענען.

פונקט ווי פון פיל אַנדערע שטעט אין פוילען האָט מען פון טאָמאַשאָוו אָנגעהויבען עמיגרירען אין דעם לעצטן קוואַרטעל פון פאַריגען יאָר־הונדערט. דער שטראָם איז געגאַנגען צו די פאַראייניגטע שטאַטען אין אַמעריקע נאָכהער אויך קיין קאַנאַדע און דרום אַמעריקאַנער לענדער, אַמ־מערסטען קיין אַרגענטינע. אינטערעסאַנט אַז אין יאָהאַניסבורג, דרום אַפריקאַ, געפינט זיך ווייניגסטנס איין טאָמאַשאָווער משפחה, פון די „מינצערס", נאָך פון אָנהויב פון היינטיגען יאָרהונדערט. מיט איניגע יאָר צוריק איז דער טאָמאַשאָווער איד יהודה מינצער ר' שמואל מינצערס זון, געווען פאַר אַ צייט דער בירגערמייסטער (מעיאָר) פון יאָהאַניסבורג. היינט האָט זיך דאָרט די משפחה אַ סך אויסגעברייטערט. אין דער צייט צווישעןביידע וועלט מלחמות ווען די טויערן פון אַמעריקאַ זענען געווען כמעט פאַרהאַקט האָט זיך די עמיגראַציע צעשפּרייט איבער אַלע לענדער וואו עס זענען נאָר געווען מעגליכקייטען דערפאַר. דאָס גרעסטע אָרט אין דער עמיגראַציע האָט דאַן פאַרנומען ארץ ישראל (דאַן נאָך פּאַלעסטינא). דער שורש פון דער עמיגראַציע

איז געלעגען דער עיקר אין דעם אַנטיסעמיטיזם און אין די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. אָבער אויך זייטיגע פאַקטאָרען האָבען געהאַט זייער ווירקונג דערויף. די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינא איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אויפגעוואַכטען נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין ביי גרויסע מאַסען וואָס זענען באַהויכט געוואָרען פון ציוניסטישען אידעאַל צו בויען אַן אייגענע סטאַבילע היים דאָרט.

דאָ אין אַמעריקא האָבען זיך טאָמאַשאָווער אידען צעשפּרייט איבער פאַרשידענע שטעט אין לאַנד איינצעלנע משפּחות און אין קלענערע גרופּען. דאַגעגען האָט זיך אין ניו יאָרק באַזעצט דער ווייט־גרעסטער טייל פון זיי און אַפילו זיך אָרגאַניזירט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין, וועלכער איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדען מיט׳ן אידישען קיבוץ אין טאָמאַשאָוו גופא. אָט די לאַנדסמאַנשאַפט עקזיסטירט נאָך היינט אונטערן נאָמען „חברה בני טאָמאַשאָוו״. איר פּרעזידענט איז מר יוסף לעהרער און סעקרעטאַר — מר שמואל שיפּלינגער.

דער צווייטער טייל פון דעם איבערבלייב, די וואָס זענען דירעקט דורך די היטלער מחבלים אויסגעוואָרצעלט געוואָרען פון זייערע היימען, האָט די ווייט גרעסטע מערהייט זיינע פאַרברענגט די מלחמה יאָרן אין רוסלאַנד פונוואַנען זיי זענען נאָכן קריג צוריק געקומען קיין פּוילען. אָבער קיין טאָמאַשאָוו האָבען זיי קיין דריסת הרגל שוין נישט געהאַט, ווייל ס׳איז געווען אַ לעבענסגעפאַר פאַר אַ איד איבערצונעכטיגען אין נאַכט דאָרט. דאָס זעלבע איז געווען אין אַלע שטעט און שטעטלעך אַ חוץ אין אייניגע פּונקטען וואו עס האָבען זיך קאָנצענטרירט אידען אין גרעסערע צאָלען. צו אָט די אידישע צענטערס האָבען געצויגען אויך די טאָמאַשאָווער אידען און דאָרט האָבען זיי זיך אָנגעשלאָסען אין דעם גרויסען מאַסען שטראָם וואָס האָט געפירט צו די גרעניצען פון דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע. פון דאָרט — אין לאַגערן וועלכע זיינען צוגעגרייט געוואָרען פאַר זיי דורך די אַליאירטע מאַכטען אויף די טעריטאָריעס פון מערב דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע, וואו זיי האָבען געפונען זייער צייטווייליגען אויפענטהאַלט, ביז ס׳האָבען זיך געעפענט מעגליכקייטען פאַר עמיגראַציע. דער גרעסטער טייל פון אָט די וואָגלענדע לאַנדסלייט האָט געפונען זיין סטאַבילע היים אין מדינת ישראל וואו זיי האָבען זיך איינגעגלידערט אינם דאָרטיגען סאָציאַלען עקאָנאָמישען לעבען. דאָרט זענען זיי אויך אָרגאַניזירט אַלס טאָמאַשאָווער קיבוץ מיט אַ גמילת חסד קאַסע פאַר די בני עיר. זיי ווייזען ארויס אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם ספר הזכרון אין וועלכען זיי נעמען אַן אַקטיווען אָנטייל.

דאָ אין אַמעריקע האָבען פון די אויסגעוואָרצעלטע טאָמאַשאָווער אידען



הזכרה פאַרזאַמלונג פון אַלע טאָמאַשאָווער אין דייטשלאַנד נאָכן קריג

אָנגעהויבען אָנקומען אין די יאָרן פון 1947 בלויז איינצעלנע, שפּעטער אין 1949־50 — אין גרעסערע מאַסען.

דער ערשטער פּרואוו פון דעם טאָמאַשאָווער שארית הפליטה אין ניו יאָרק זיך צו אָרגאַניזירען אין אַן איינהייט האָט זיך נישט איינגעגעבען. די אַלטע סאָסייעטי וואָס רופט זיך „חברה בני טאָמאַשאָוו” האָט זיי אַלס אַ גרופּע נישט געוואָלט אַריין נעמען, ערשט שפּעטער מיט עטליכע יאָר האָט די סאָסייעטי באַוויליגט אַריינצונעמען אַ גרעסערע צאָל פון די נייגעקומענע אַלס מיטגלידער מיט געוויסע באַגרענעצטע רעכט. קיין אלמנות האָבען זיי בכלל נישט אַריינגענומען. קיין נאָענטע פריינטשאַפט האָט זיך צווישען די אַלטע און נייע נישט ענטוויקעלט. עס זענען שטענדיק געווען טענות און געגען טענות פון איינע צו די אַנדערע. און ווען איניגע פון די נייע זענען געשטראָכען געוואָרען פון מיטגלידערשאַפט, דערפאַר ווייל זיי האָבען נישט באַצאָלט זייער מיטגלידס אָפּצאָל פּינקטליך אין דער צייט, איז רייף געוואָרען דער געדאַנק ביי די נייע צו עפענען אַ סאָסייעטי פאַר זיך.

און געווען איז עס אַזוי:

אין דער אידישער פּרעסע דאָ האָבען זיך איניגע מאָל באַוויזען בריוו פון דעם טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַנשאַפט קאָמיטעט אין ישראל, אין וועלכע דער לעצטער באַקלאָגט זיך אַז אַלע זיינע ווענדונגען צו דער טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי אין ניו יאָרק וועגען הילף פאַר די נויטבאַדערפטיגע לאַנדסלייט אין ישראל ווערען דורך דער סאָסייעטי אין ניו יאָרק איגנאָרירט. אין דער זעלבער צייט האָט די גוטמוטיגע פרוי עטיל זילביגער (שפּיץ) געזאַמעלט הילף פאַר פאַרשידענע אָרעמע לאַנדסלייט אין ישראל אויף איגענער האַנד. די צייט איז געוואָרען רייף פאַר אַן אָרגאַניזירטער הילפס אַקציע. און אויף איינער פון די זיצונגען פונ׳ם טאָמאַשאָווער יזכור בוך קאָמיטעט, אין אָקטאָבער 27, 1956, איז אויפ׳ן טאָג אָרדענונג אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויך אַ פּונקט וועגען אַ הילפס אַקציע פאַר אונזערע לאַנדסלייט אין ישראל.

אויף יענער זיצונג איז געשאַפען געוואָרען אַ פּערמאַנענטער הילפס־קאָמיטעט וואָס האָט געדאַרפען אָנפירען מיט פאַרשידענע הילפס אַקציעס.

דער דאָזיגער קאָמיטעט האָט אויסגעפילט זיין אויפגאַבע בשלמות. ס׳זענען במשך דער צייט אַדורכגעפירט געוואָרען מערערע מאָל חנוכה און פּורים פּייערונגען, ניי־יאָר בעלער און אויך זאַמלונגען פון פּריוואַטע באַשטייערונגען. די אַלע געזאַמעלטע געלדער זענען איבערגעשיקט געוואָרען קיין ישראל צום קאָמיטעט דאָרט, וועלכער האָט פונאַנדערגעטיילט די דערהאַלטענע סומען צו די אַממערסטען נויטלידענדע לאַנדסלייט. ביי יעדעס מאָל האָט

דער הילפס קאָמיטעט דאָ געקריגען אַ באַריכט מיט אַ רשימה ווי אַזוי און צו וועמען דאָס געלד איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרען.

נאָכדעם ווי אייניגע פון די נייע זענען, ווי אויבענדערמאָנט, אויס־געשלאָסען געוואָרען פון דער אַלטער סאָסייעטי איז באַשלאָסען געוואָרען אַז דער הילפס קאָמיטעט זאָל פאַרוואַנדעלט ווערן אין אַ רעגולערער לאַנדסמאַנ־שאַפט אָרגאַניזאַציע. ס׳איז געקויפט געוואָרען אַ שטיקעל פעלד פאַר אַ בית־עולם אין ניו דזשורזי און מערערע נייע זענען אַרויסגעטרעטען פון דער „חברה בני טומשוב״ און זיך אָנגעשלאָסען אין „טאָמאַשאָווער הילפס קאָמיטעט״.

במשך דער צייט וואָס דער הילפס קאָמיטעט עקזיסטירט איז איבער־געשיקט געוואָרען פאַר די נויטבאַדערפטיגע אין ישראל אַ 5000 (פינף טויזענט) דאָלאַר און עטליכע הונדערט צו דער גמילת חסד קאַסע.

לעצטענס האָט דער „טאָמאַשאָווער הילפס קאָמיטעט״ געשיקט צו „אילנשיל־פוליו״ דאָס איז אַ פּאָליאָ פונדעישאָן אין תל־אביב, אַן אויטאָ וואָס האָט אין זיך 12 ספּעציעלע רעדער־שטולען פאַר פאַרקריפּעלטע קינדער. מיט אָט דער מאַשין קענען די אומגליקליכע קינדער געפירט ווערן באַקוועם יעדען טאָג פון זייערע היימען צו דער שולע און צוריק.

אין אָט דער אַקציע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט מיט איר איניציאַטיוו און אינטענסיוויטעט פרוי אַנאַ לערמאַן.

געזעלשאַפטליך שפּילט דער „טאָמאַשאָווער הילפס קאָמיטעט״ אַן אָנגעזעענע ראָלע צווישען די לאַנדסלייט. איינמאָל אין יאָר קומט מען זיך צוזאַמען אויף אַ פאַרזאַמלונג צו וועהלען בעאַמטע פאַר׳ן יאָר. פון צייט צו צייט אָרדענט ער איין, צוזאַמען מיט׳ן יזכור בוך קאָמיטעט, אַן הזכרה פאַר די טאָמאַשאָווער קדושים, און העלפט אָנהאַלטען פריינטליכע באַציאונגען צווישען די מיטגלידער, וועלכע טרעפען זיך אָפטער ביי שמחות אָדער אַנדערע אָנגעלעגענהייטען.

אין דער פאַרוואַלטונג פונ׳ם טאָמאַשאָווער הילפס קאָמיטעט זענען פאַראַן: שמשון האָלץ, אלי׳ לעהרער, שמאי דרילמאַן, יוסף מאסקאָף, די ברידער דוד יוסף און הירש לעווענפוס מאָטל העלפמאַן, יונה פעלדזון, לייבוש שעכטער פרוי פעריל געלערנטער און שלמה ווייסלעדער.

אין די אַלע הילפס אַקציעס נעמען אַן אַקטיווען אָנטייל די פרויען: דבורה ווייסלעדער, אסתר פעלדזון, פייגע לעהרער, חיה העלפמאַן און מירל גייער.

אין אַלגעמיין זענען די טאָמאַשאָווער אָפּשטאַמיגע עקאָנאָמיש נישט שלעכט סיטואירט. זיי זיינען פאַרטראָטען אין כמעט אַלע צווייגען פון האַנדעל אינדוסטריע און אַרבייט. און פילען אין דעם פרייען אַמעריקע אַ פעסטען באָדען אונטער זייערע פיס.



# טאמאשאווער הילפ׳ס


שמשון האלץ


דוד יוסף לעווענפוס


אלי׳ לערער


יוסף מאסקאפ


לייבל שעכטער


מאטל העלפמאן

# קאמיטעט אין ניו יארק


שלמה ווייסלעדער


הירש ק. לעווענפוס


יונה פעלדזען


שמאי דרילמאן


פערל געלערנטער



שמואל שיפּלינגער געוועזענער פּרעזעס פון דער אידישער קהלה פאַרוואַלטונג אין טאָמאַשאָוו.

# ארגון יוצאי טומשוב-לוב — קופת גמילות חסדים
## ע"ש קדושי עירנו הי"ד

● **זושא קונשטוק,** חיפה

**ביום** 1944 5/8 התקיימה אסיפה הראשונה של עולי טומשוב לובלסקי, בבית מאיר רינד ז"ל. השתתפו 35 איש, נאסף במקום סכום של 40 ל. במזומן וגם התחייבות חדשיות. נבחרו ועדה מהחברים: זושא קונשטוק, אברהם פרל, יעקב הרבסמן, יצחק לדרקרמר, מרדכי זילברמן, בנימין גלאַטער, ומהקריות: ישראל גרינבום, משה אילבום, יוסף לנצר ז"ל, יצחק זילבערשטיין. הועדה בישיבה ראשונה חילקה את התפקידים כדלקמן יו"ר — זושא קונשטוק, גזבר — אברהם פרל, מזכיר — יעקב הרבסמן.

הועדה החליטה להתקשר בהקדם אפשרי עם החברים שלא נוכחו באסיפה ולהתרים אותם, הועדה ביקשה מהחברים להודיע מיד הכתובות של קרוביהם מכיריהם של אנשי טומשוב לובלסקי הנמצאים ברוסיה.. לפי הכתובת: ועד לעזרת יהודי פולין, חיפה רחוב הרצל 26. עבור ארגון יוצאי טומשוב לובלסקי בשביל רכוז הכתובות למשלוח חבילות לרוסיה. ובכן נשלח לרוסיה 120 חבילות בגדים גם מצות לפסח לפי הכתובת שהיה לועד.

באסיפה ואזכרה של שנת תשכ"ב נבחרו 17 החברים כדלקמן: זושא קונשטוק, יוסף הלוי (לכר), משה גורדון, חיים יוסף לרר, משה בלנדר, יעקב הרבסמן, מרדכי ארליך, יעקב לאנאייל, יעקב מינקובסקי. אברהם גולדשמיד ז"ל, מרדכי הוניגספלד, יעקב ארי' ויץ, יעקב שוואַרץ, עוזר שטול, גרשון כ"ץ, שרה קופרשטוק, (בארנשטיין), אייזק קראוס.

### ר' אברהם גולדשמיד ז"ל

החבר אברהם גולשמיד ז"ל נקטף באיבו מארגון והועד שלנו אין לנו תמורתו. הוא היה אהוב על כלנו, היה תענוג לשוחח אתו, תמיד הראה פנים שוחקות, אף פעם לא כעס על זולתו. נולד בזאַמושץ, אביו היה שם רב. התחתן עם בתו של אהרן דוד איזן ז"ל בטומשוב. בשנת תש"י בא לישראל ורשם בארגון יוצאי טומשוב לובלסקי ונבחר בועד התמסר בכתיבת הספר יזכור של יוצאי טומשוב שניספו בשואה ושמתו ברוסיה. היה ספרא רבא כתב באותיות של ספר תורה כל השמות בפנקס יזכור בלי שום תשלום בהתנדבות ובמסירות נפש. השאיר שני בנים תלמידי חכמים שילכו בדרכיו. נפטר ביום כ"א תמוז תשכ"ג, בהלויתו הגדולה השתתף הרבי מגור שליט"א.

חבל על דאבדין. יהי זכרו ברוך.

# חברי הועד


יעקב שורץ


יעקב הרבסמן


יוסף הלוי לחר


משה גורדון


מרדכי הוניגספלד


אייזיק קראז


ארי' וויץ


עוזר שטול


מרדכי ארליך


דבורה ויסלדר


**הרב** אברהם גאלדשמיטה
**ע"ה**


זישא קונשטוק


משה **בלנדר**


גיטל וינברג


יעקב לנאל


חיים יוסף לרר


יעקב מינקובסקי

# די יזכור-בוך קאָמיסיע אין ישראל

## • יעקב הערבסמאַן

אין אָנפאַנג דער טעטיגקייט פון טאָמאַשאָווער קאָמיטעט אין ישראל איז געווען קלאָר, אַז די עיקר אויפגאַבע זיינע דאַרף זיין דאָס אַרויסגעבען אַ יזכור־בוך צום אָנדענק פון דער חרוב געוואָרענער שטאָט. דאָס בוך זאָל זיין דער מאָנומענט וואָס זאָל איר פאַראייביגען און אונזערע קינדער זאָלען זיך באַקענען מיט זייער עלטערנס תקופה, די אַטמאָספערע וואו זייערע עלטערן זיינען געבוירען, ערצויגען געוואָרען און געלעבט אַ דור נאָך אַ דור.

אויף דער זיצונג פון ועד וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 9/1 1951 איז אויסגעוויילט געוואָרען אַ יזכור־בוך קאָמיסיע פון די ה״ה: יוסף הלוי (לאכער) יעקב מינקאָווסקי, יעקב איטשע שוואַרץ און יעקב הערבסמאַן.

די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט אַ צירקולאַר אין עברית און אידיש (ביילגענד דער צירקולאַר) אין וועלכען ס׳איז אויפגעקלערט געוואָרען די וויכטיגקייט פון בוך, און ס׳איז אָנגעצייכענט געוואָרען ראשי פרקים פון געוואונשטען מאַטעריאַל. מיר האָבען געבעטען שרייבען אויף יעדער טעמע אַרום טאָמאַשאָוו, און אין וועלכער שפּראַך ס׳זאָל נישט זיין. דעם צירקולאַר האָבען מיר צעשיקט אויף דער גאַנצער וועלט, וואו מיר האָבען נאָר געהאַט אַ טאָמאַשאָווער׳ס אַדרעס.

ס׳איז ווערט אונטערצושטרייכען אַז דער אָפּקלאַנג איז געווען אַ גרויסער. פון ישראל, אַרגענטינע, אַמעריקע, פראַנקרייך, פוילען און אַנדערע לענדער איז געקומען אַ באַגייסטערטע אָפּשאַצונג פאַר דער זאַך. גלייכצייטיג זיינען דערהאַלטען געוואָרען פאַרשידענאַרטיקער מאַטעריאַל פאַר׳ן בוך.

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל פון אָפּקלאַנג וואָס דער צירקולאַר האָט געפונען: פון איינעם פון די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער האָבען מיר דערהאַלטען ווערטפולען מאַטעריאַל פון אַ טאָמאַשאָווער וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן מיט די איניציאַלן ע. ה. אָנגעבנדיג דעם אַדרעס אויף „פּאָסט־רעסטאַנט". מיין ביטע וואָס כ׳האָב אים געגעבן אָנצוגעהערען מיר צו אָנטפּלעקן זיין אידענטיטעט האָט נישט געווירקט, ביז אין אַ העלן טאָג איז פּלוצלינג איבערגעריסען געוואָרען דער קאָנטאַקט, און טראָץ מיין באַמיאונג איז מיר נישט געלונגען אים צו באַנייען און די רעטעניש איז נישט אויפגעדעקט געוואָרען ביז היינט צוטאָג.

דאָס אַרויסגעבען אַ בוך פאָדערט ווי באַוואוסט פיל טעטיגקייט און איבערגעגעבענקייט. ספּעציעל האָבען מיר געזאָרגט דאָס דער יזכור־בוך

זאָל ענטהאַלטען פיל באַשרייבונגען פון טאָמאַשאָוו אונטער דער היטלער אָקופּאַציע, דערציילט פון לעבעדיגע עדות וואָס האָבען אַדורכגעמאַכט די שוידערליכע תקופה.

די יאָרן 3-1952 זיינען אין ישראל געווען יאָרן פון „צנע" באַגרענע־צונגען. פּאַפּיר איז שווער געווען צו באַקומען. האָבען מיר דעריבער מיט פרייד עמפּפאַנגען דעם פאָרשלאָג פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט איבערצוגעבן אים דאָס אַרויסגעבען דאָס בוך. דעם געזאַמעלטן מאַטעריאַל און בילדער האָבן מיר איבערגעשיקט קיין אַמעריקע, און דער קאָמיטעט דאָרט מיט'ן ה' מאסקאפּ בראש איז צוגעטרעטן מיט שוואונג צום ענין.

אויף איינעם פון אונזערע זיצונגען, ווען דער ה' גאָרדאָן פון אַמעריקע האָט איבערגעגעבען אַ באַריכט פון מצב, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז דער בוך וועט נישט עטשפּרעכען דעם צוועק, אויב ער וועט נישט קאָמפּלעטירט ווערן מיט מאַטעריאַל פון דער אומקום תקופה.

איך האָב דעריבער אויף דער זיצונג פאָרגעשלאָגען צו דערמעגליכען דעם חבר יעקב איטשע שוואַרץ זיך באַפרייען אויף איניגע וואָכן פון דער אַרבעט, און ער זאָל אַרויספאָרען אין עטליכע שטעטלעך און מושבות, וואו עס קאָנצענטרירן זיך די טאָמאַשאָווער נייע עולים, און פון זיי שעפּן דעם מאַטעריאַל.

דעם ח' י. שוואַרץ האָב איך פאָרגעשלאָגן, ווייל איך האָב געוואוסט זיין איבערגעגעבענקייט פאַר'ן בוך, און קענענדיק זיין „שוואַכקייט" צו ליטעראַטור און דיכטונג, און ווירקלעך האָבען מיר זיך נישט אַנטוישט. דעם חבר שוואַרץ איז געלונגען צו באַקומען ווערטפולע דערציילונגען און שוידערלעכע עדות פון דער ערשטער קוועלע.

מיט דאגה און אינטערעס האָבען מיר נאָכגעפאָלגט נאָך דעם פאָרשריט פון בוך, מיר האָבען זיך זעלבסט געפרעגט, צי זענען מיר אַזוי אָרעם אין כחות, דאָס טאָמאַשאָוו וועט נישט זוכה זיין וואָס קלענערע שטעטלעך האָבען שוין זוכה געווען? אויף יעדען אזכרה צוזאַמענפאָר האָבען מיר ערוועקט די פראַגע.

איצט, האָבען מיר סוף כל סוף זוכה געווען אַרויסצוגעבן דאָס בוך וואָס זאָל זיין אַ קאָמפּענסאַציע פאַר די אַלע וואָס האָבען פאַר אים געווידמעט צייט און מיה.

מיין טיפער וואונש און געבעט איז אַז דאָס בוך זאָל זיין ווירדיק זיין נאָמען. ער זאָל אין זיך פאַרווירקליכען דעם אָנדענק פון אונזערע טייערע אומגעקומענע, און הלואי אונזערע קינדער זאָלען אַנטפּלעקען אין די בלעטער פון בוך די וואַרעמקייט, דאָס שעהנע און גוטע וואָס האָט אין זיך ענטהאַלטען אונזער שטעטל: טאָמאַשאָוו לובעלסקי.

# ארגון יוצאי טומשוב־לובלסקי
## ו ע ד  ה א ר צ י

חיפה, ב׳ שבט תשי״א 1951 9/1

ג. ה.

אין איינקלאַנג מיט׳ן באַשלוס פון ועד און דער באַשטעטיגונג פון צוזאַמענפאָר פון די טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין חיפה דעם 17/12 1950 טרעטען מיר צו, צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַרויס־געבען דאָס בוך פון טאָמאַשאָוו.

דער ציל פון פנקס איז צו פאַראייביגען דעם אָנדענק פון די קדושים פון אונזער שטאָט אויף אַ פּאַסיגען אופן.

נאָכדעם ווי ס׳איז צום אומגליק נישט געבליבען מער קיין אידישער ישוב אין טאָמאַשאָוו איז אויך די אויפגאַבע פון פנקס אָפצוראַטעווען פון פאַרגעסונג די קולטורעלע און מאָראַלישע ווערטען, און דער לעבענס שטייגער וואָס איז געשאַפען אין שטאָט דורך די אידען אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענ־הייט, און די פריערדיגע דורות.

בכדי דאָס בוך זאָל ענטשפּרעכן זיין וויכטיגען ציל, מוזען מיר דער־גרייכען צו אַלע שטעטישע אין לאַנד און אין אויסלאַנד, וועלכע קענען דערצו מיטהעלפען.

מיר ווענדען זיך דעריבער צו אייך, צושיקען — אין משך פון 3־4 מאָנאַט — אַרטיקלען, עראינערונגען, לידער, אָדער יעדער אַנדערער מאַטעריאַל, וואָס האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט די אָנגעצייכענטע טעמען:

1) היסטאָריע פון טאָמאַשאָוו, און די געשיכטע פון אידען דאָרט.

2) מאָנאָגראַפיעס איבער די רבנים, און זייערע „הויף״.

3) די שוהל, שטיבלעך, און גבאים.

4) די קהלה און דאָזאָרעס. דער שטאָט־ראַט און די אידישע פאָר־שטעהער.

5) צדקה אינסטיטוציעס: גמילות חסד קאַסע, לינת הצדק, הכנסת כלה.

6) „עמך״, און זיין לעבענס שטייגער.

7) א. אידישע פרנסות, און דער שטאָט יריד. ב. שבת און יום־טוב אין שטאָט.

8) ישיבות, חדרים, שוהלן, לערערס און מלמדים.

9) די ענטשטייאונג פון ציוניסטישע און אַרבעטער פאַרטייען, און דער קאַמף מיט די געגנער.

10) ביבליאָטעקען, און אמאטארישע טעאַטער־קרייזען.

11) פאַרטייען, יוגענט אָרגאַניזאַציעס, און זייערע פירער.

12) פאַרשידענע טיפּען.

13) די באַציאונגען מיט די גויים.

14) דאָס אידישע לעבען אונטער דער נאַצי אָקופּאַציע, די „אַקציעס", דאָס לעבען אין רוסלאַנד, און אין די לאַגערען.

ס'איז אויך געוואונשען בילדער פון דער שטאָט, פון געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס: די שוהל, מרחץ, הקדש, בית העלמין, א. א. בילדער פון געזעלשאַפטליכען ווערט. (אויפ'ן פאַרלאַנג וועלען די בילדער צוריקגעגעבען, נאָכ'ן מאַכען אַ קאָפּיע).

שרייבען קען מען אין יעדער שפּראַך, עס דאַרף נישט אָפּשרעקען דאָס נישט קענען שרייבען סטיליסטיש, מיר וועלען דאָס אויסבעסערען, און סטיליזירען, דער עיקר איז דער אינהאַלט.

יעדער זאַך וועט פאַרעפענטליכט ווערען אין נאָמען פון שרייבער. ביטע קלאָר שרייבען (געוואונשען אויף אַ שרייב מאַשין) און אויף איין זייט פון בלאַט.

חשוב'ער פריינט! די אויפגאַבע וואָס מיר האָבען אויף זיך גענומען איז נישט קיין לייכטע, און נאָר מיט דער מיטהילף און אָנשטרענגונג פון אַלע שטעטישע וועלען מיר די זאַך פאַרווירקליכען. מיר ערוואַרטען דעריבער אייער מיטבאַטייליגונג.

צוליבען מאַנגעל פון אַדרעסען פון אַלע שטעטישע, ווערט איר געבעטען איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם בריף די איבעריגע באַקאַנטע און פריינט פון טאָמאַשאָוו, וועלכע האָבען עס נישט דערהאַלטען.

דער אַדרעס צו שיקען דאָס מאַטעריאַל איז:

יעקב הרבסמן, רח' הלל 34, חיפה

בכל הכבוד,

**הועד הארצי**

# ארגון יוצאי טומשוב־לובלסקי
## הועד הארצי

חיפה, ב׳ שבט תשי״א 1951 9/1

בעקבות החלטות הועד ואישור כינוס יוצאי עירנו, שהתקיים ב־17/12 1950 בחיפה, אנו ניגשים למימוש הוצאת פנקס העיר.

מטרת הספר היא, להציב יד ושם לקדושי עירנו, ולהנציח זכרם באופן המתאים ביותר.

לאסוננו נמחק כל ישוב יהודי בעיר, חשיבותו של הספר הנה ע״כ כפולה: להציל מטמיון ערכי תרבות ומוסר, והוגי יהודי שנוצר ע״י אחינו בעבר הקרוב ובדורות הקודמים.

המשימה אינה קלה. נצטרך להגיע לאלה מבני עירנו הפזורים בארץ ומחוצה לה, היכולים לעזור לנו בכך, ולדלות כל מה שאפשר, בכדי שהספר יהיה בעל תוכן וצורה ההולמת את המטרה שהצבנו לו.

אי לכן הננו פונים לכב׳ להמציא לנו — תוך 3־4 חדשים — מאמרים, זכרונות, שירים, או כל חומר אחר הנוגע לנושאים שצוינו להלן:

1) תולדות העיר ובעיקר קורות היהודים בה.
2) מונוגרפיות על רבני העיר והורי „חצרותיהם״.
3) בתי כנסת, שטיבלעך, וגבאיהם.
4) הקהילה ופרנסיה, העיריה ושליחי הציבור בה.
5) מוסדות צדקה: קופת גמילות חסדים, לינת הצדק, הכנסת כלה וכו׳.
6) „עמך״ וההווי שלו.
7) הווי העיר): א) פרנסות היהודים, והיריד בעיר. ב) שבת וחג בעיר.
8) ישיבות, חדרים, בתי ספר ומוריהם.
9) ההתעוררות הציונית, הפועלית, והמאבק עם מתנגדיהם.
10) מפלגות הסתדרויות נוער ומנהיגיהם.
11) ספריות, תיאטרון חובבים.
12) טיפוסים.
13) היחסים עם הגויים.
14) חיי היהודים בתקופת הכיבוש הנאצי, „האקציות״, חייהם ברוסיה ובמחנות.

כמו כן רצויות מאוד תמונות מנוף העיר, ממוסדות ובניני צבור, בתי כנסת, ולהבדיל מרחץ, הקדש, בית העלמין, וכן כל תמונה בעלת ערך צבורי (לדרישת בעליהן, תוחזרנה התמונות אחרי ההעתקה).

אפשר לכתוב בכל שפה שהיא, אין להרתע מאי ידיעת „כתיבה סגנונית" אנו נתרגם ונסגנן. העיקר הוא התוכן.

כל החומר יפורסם בשם שולחות, נא לכתוב בכתב ברור, (רצוי במכונת כתיבה) ועל צד אחד של הדף.

א. נ. התפקיד שהטלנו על עצמנו הוא קשה, ורק בעזרת כל יוצאי עירנו נוכל להתגבר על הקשיים. אנו מצפים לכך לעזרתך ולהשתתפותך.

מפאת המחסור בכתובות כל יוצאי עירנו, נא למסור את תוכן המכתב הזה לאלה שלא קבלו אותו.

הכתובת למשלוח:

יעקב הרבסמן, חיפה רח' הלל מס' 34

בכל הכבוד,

**הועד הארצי**



# הילפס קאָמיטעט

● **יעקב לאנאייל,** חיפה

**דער** הילפס קאָמיטעט האָט אָנגעפאַנגען זיין טעטיג־קייט אין 1956. איך ווייס נישט גענוי ווען עמענס געדאַנק איז עס געווען, אָבער איינס ווייס איך יאָ: עס איז געקומען מיט דער איניציאַטיוו פון טאָמאַשאָווער רעליעף קאָמיטעט אין אַמעריקע.

אין דעצעמבער 1956 זיינען אָנגעקומען די געלטער מיט אַ באַגלייטונגס בריף, וועלכער האָט נאָמינירט אייניגע חברים אַלס פאַרטיילער פון דאָזיגען געלט, פאַר נויטבאַדערפטיגע קראַנקע אַלטע לייט פון אונזער חרוב׳ען שטעטל.

אַזוי איז אַנטשטאַנען אין 1956 אַ נייער אַנשטאַלט פאַר געגענזייטיגער הילף ביי דער זייט פון גמילות חסד קאַסע וואָס עקזיסטירט שוין פון לאַנג.

וואָס האָט באַוואויגען אונזערע חברים אין אַמעריקע צו אָט דער איניציאַטיוו צו גרינדען אַזאַ טעטיגקייט?

די טראַדיציע פון אַ פאַרצווייגטער געגענזייטיגער הילפס טעטיגקייט אין אַלע געביטען פון לעבן אין אַלטען שטעטל, פולסירט נאָך אין האַרצען פון אונזערע חברים.

די טעטיגקייט אין ישראל איז אָנגעפירט געוואָרען אין געמיינזאַמער מיט־אַרבייט מיט דעם טאָמאַשאָווער אַלגעמיינעם הילפס קאָמיטעט, און לויט דער אַלטער טראַדיציע פון „צדקה מתן בסתר". דער אָנפאַנג פון דער טעטיג־קייט איז באַגלייט געוואָרן מיט צווייפעל און געגנערשאַפט צו דער אַרט פון פאַרטיילען געלד אַלס נדבה, וועלכעס איז אומפּאָפּולער אין ישראל.

אָבער אין פאַרלויף פון דער אַרבעט, ווען מיר האָבען אַריינגעדרינגען אין די פאַרשידענע שווערע סאָציאַלע פעלער, האָבען מיר זיך אַלע ווי איינער איבערגעצייגט ווי ווייט אונזערע חברים אין אַמעריקע זיינען גערעכט.

אין פאַרלויף פון די יאָרן זיינען אָנגעקומען טויזענטער דאָלאַרען, און זיינען פאַרטיילט געוואָרען צווישען אַלטע, קראַנקע און הילפסלאָזע מענשן וועלכע די עליה האָט געבראַכט אין לאַנד נאָך דער קריג. עס זיינען געווען פאַלען ווי די פאַר דאָלאַר האָבען פשוט ליכטיג געמאַכט די אויגען פון אומגליקליכע און האָבען דערהאַלטען די נשמה פון פאַרצווייפעלטע.

הלואי וואָלטען מקוים געוואָרען כאָטש אַ טייל פון די ברכות וועלכע ווערן געווינשט דורך די געניסער פון דער הילף פאַר די יעניגע חברים וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער טעטיגקייט.

געבענשט זאָלען זיין די הענד פון די אַלע וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער וואוילטעטיגער גרויסער זאַך.






**על התמונה מימין:** חיים קראז, בעריש הערצמאן, משה בלאנדער, מרדכי ארליך, יעקב הרבסמן **(נואם)** ברינקער, זישא קאוועגשטוק, יעקב ווייץ, מרדכי האניספעלד **(כותב)**, אברהמלי גאלדשמיטה **ע״ה ובנו**

# די טאָמאַשאָווער גמילת חסדים קאסע אין ישראל

**● מרדכי בן בן־ציון הוניגספעלד**

**באלד** נאָך דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע עליה! פון דער שארית הפליטה וועלכע זיינען געבליבען בבחינת „אוד מוצל מאש" אָהן אַ באָדען אונטער די פיס. ווען עס איז מקוים די נבואה פון אונזער גרויסען חורבן נביא און גלייכצייטיג נחמה נביא — דער גרויסער ירמיהו וועלכער האָט מיט פּאַטאָס אויסגעשריגען: „עוד אבנך ונבנית בתולת ישראל" און ווען ער האָט נאָך דעם ווייטער אויסגערופען. „הושע ה' את עמך את שארית ישראל, הנני מביא אותם מארץ צפון וקבצתם מירכתי ארץ בם עור ופסח הרה ויולדת יחדו קהל גדול ישובו הנה"! א. א. וו. און ווען דער קהל גדול איז צוריק געקומען אַהער, איז ער צוריק געקומען ניט ווי אַ רייך קינד קומט צוריק נאָך אַ לאַנג אָבוועזענדע צייט צו זיין רייכער מאַמען נאָר דאָ איז געשעהן פונקט דאָס פאַרקעטע: אי דאָס קינד אָרים און די מאַמע אַ קבצ'נטע.

דער קהל גדול וואָס איז אַהער צוריק געקומען איז געווען צעבראָכען און מאָכטלאָז פאַראָרימט בעירום ובחוסר כל! מיט דערשראָקענע און אויסגעשטאַרצטע אויגען. אַזעלכע אויגען קען מען נאָר זעהן דאַמאָלט ווען דער מענטש האָט אַלעס אין לעבען פאַרלוירען זיינע נאָענטסטע און טייערע זיין פאַרמעגען און כבוד. נאָך אַזאַ קאַטאַקליזם און וועלט איבערקערעניש וועלכע די צווייטע וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזט און אין וועלכען עס האָט אַממייסטען געליטען דער עם הנבחר ועם הספר, איז דער צוריקקער אַהער געווען טאַקי ווי דער נביא דריקט זיך ווייטער אויס „בבכי יבואו" מיט געוויין אין הארץ רייסענד בענקעניש נאָך אונזערע אומגעקומענע נאָענט־סטע און טייערע, דער „בבכי יבואו" האָט דאַמאָלסט געהאָט אַ צווייַדייטיגען באַדייט, עס איז געווען אַ בכי פון צער און צאַרען וואָס אונזערע אומגעקומענע שוועסטער און ברידער האָבען ניט דערלעבט צום שובת ציון און ווי מיר זעהן האָבען זיי לײדער מיט זייער הייליג בלוט באַצאָלט בכדי עס זאָל קאָנען ענטשטעהן מדינת ישראל! וואוהין די שארית הפליטה האָט געקאָנט צוריק קומען, און פון דער צווייטער זייט איז דאָס אויך געווען אַ בכיה מתוך שמחה, וואָס נאָך דעם 2 טויזענד יאָריגען חלום פון שיבת בנים לגבולם איז יעצט מקוים געוואָרען! און אָט צווישען דעם קהל גדול פון די צוריקקומענדע האָט זיך געפונען זעלבסטפאַרשטענדליך אַ געוויסער פּראָצענט פון אונזערע טאָמאַשאָווער שוועסטער און ברידער עס זיינען צוריק געקומען אַהער טאָקי ווי דער נביא דריקט זיך אויס: עור ופסח, בלינדע הינקענדיקע און האַלבע אינוואַלידען! צעבראָכען גייסטיש און פיזיש. האָט מען די אַלע מענטשען דאַמאָלס באַדאַרפען שטאַרקען גייסטיש און מאַטריעליש, לכל

הפּחות מיט עפּעס העלפען דעם שוואַכען ביים שטעלען זיינע ערשטע פיס־
טריט! אין יענער צייט האָט זיך אונגעהויבען אין ישראל פאַרמירען לאַנדס־
לייט קאָמיטעטען וויל: „עניים ועניי עירך עניי עירך קודמים״ און אונזערע
טומשובער לאַנדסלייט זיינען זעלבסטפאַרשטענדליך נישט אונטערשטעליג
געבליבען און אין מיטען יאָר פון 1949 זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען
ותיקים מיט נייע עולים ביי אונזער באַליבטען טומשובער לאַנדסמאַן רב יוסעלי
לאַכער שיחי׳ ביי וועלכען מיר האָבען געפונען אַ בית ועד און אַ פתח פתוח
לרוחה מיט כל טוב פאַר אונזער זאַך און דאָס האַלט אָן עד היום. עס
זיינען זיך דאַמאָלסט צוזאַמענגעקומען בערך די פאָלגענדע טומשובער
לאַנדסלייט: רב זישע קווינשטוק, יעקב מינקובסקי, יעקב הרבסמאַן משה
בלאַנדער, חיים יוסף לערער, יעקב לייב ווייץ, עוזר שטאַל, יעקב לאַנאייל,
שרה קופּרשטוק (באַרענשטיין) יעקב שוואַרץ, מאָטיל ערליך, מאָטיל זילבערמאַן,
ויבל״ח אברהמ׳לי גאָלדשמידט ז״ל ושמואל מערמעלשטיין ז״ל, וגם אני
הכותב השורות האלה. אויף דער טאָג אָרדענונג איז געווען די ערשטע
פראַגע: הילף פאַר אונזערע טומשובער לאַנדסלייט צו נייע עולים, און עס
איז דאַמאָלסט געלייגט געוואָרען דער יסוד פון דער גרינדונג פון דער
טומשובער גמילת חסד קאַסע. עס איז באַלד אויסגעקליבען געוואָרען אַלס
פאַרזיצער פון קאָמיטעט רב זישע קאַווענשטאַק, קאַסירער: רב יוסף לאַכער,
און דער סעקרעטאַריאַט מאָטיל הוניגספעלד ויעקב הרבסמאַן.

מיר אַלע אויף וויפיל יעדער איינער האָט געקאָנט האָט זיך באַשטייערט
מיט די ערשטע פאַר פונט, ווייטער איז באַשלאָסען געוואָרען אַז ווען עס
וועט נאָר פאָרקומען אַ טומשובער שמחה, זאָל מען דאָס אויסנוצען אויף צו






ביי אכינוס הזכרה; יקותיאל סטעמפעל מאכט דעם מלא

זאמלען געלד פאר דער טומשובער גמילת חסד קאסע. עס איז כדאי צו באמערקען אז אין יענער צייט טראץ אונזער ווענדען זיך צו אונזער אמעריקאנער לאנדסלייט נאך הילף, האבען מיר די הילף נאך אזוי שנעל ניט באקומען, און אזוי האבען מיר געקלאפט מיט די פושקעס אויף יעדען טומשובער שמחה ווי: חתונה ברית בר מצוה א. א. וו. און מיט די געזאמעלטע געלדער האבען מיר אנגעהויבען צו טיילען קלענערע הלוואות אויף קאנסטרוקטיווע צוועקען ווי: שכון, העלפען איינעם איינארדענען צו זיין פרנסה, אויף א שטיקעל וויכטיג מעבעל אריין צו נעמען אין שטוב א. א. וו. אין א שווערער קריטישע לאגע האט זיך צו יענער צייט געפונען די גמילת חסד קאסע. געוועז מאמענטען ווען אין דער קאסע האט זיך קיין פרוטה ניט געפונען און מענטשען האבען געווארט אין תור ביז מען זאל זיי קענען ערטיילען וועלכע ס׳איז קליינע הלואה, געווען אויך מאמענטען ווען מיר האבען פשוט געגעבען מענטשען א פונט אויף ברויט, און אזוי האט עס געדויערט ביז, — ביסלעכוויז אונזערע לאנדסלייט ברידער אין אמעריקע האבען זיך געכאפט אז מען דארף אין זינען האבען אויך די לאנדסלייט אין ישראל! און עס האט אנגעהויבען ביסלעכוויז אריינצופליסען געלד פון אמעריקע. אויך ביי אונז האבען מיר שפעטער אדורכגעפירט א גרעסערע לאקאלע געלד אקציע ביי די פארמעגליכע דא אין ישראל און יעדער האט זיך בייגעשטייערט כפי יכולתו. און דערמיט איז געלייגט געווארען דער הויפט יסוד פון אונזער טומשובער גמילת חסד קאסע אין ישראל. עס איז אויך ווינשנסווערט צו באמערקען אז יעדעס יאר ר״ח טבת ארדענען מיר דא איין די יערליכער אזכרה נאך אונזערע טומשובער קדושים הי״ד, און דאס וואס בלייבט הכנסה פון דער אזכרה איז קודש פאר דער גמילת חסד קאסע.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויך דערמאנען און ניט אדורכלאזען א זייער וויכטיגען פרט וואס אונזער קאמיטעט האט אויך גענומען די איניציאטיוו און יעדער יאר אין דער יאר־צייט פון אונזער אומפארגעסליכען אדמו״ר הרב רבי אריה לייביש רובין זי״ע, וועלכער איז געווען אזוי באליבט ביי אונז אלע אין טומשוב, ארדענען מיר איין אויך ביי אונזער באליבטען רב יוסעלי לאכער אין שטוב די הלולא און סעודת מצווה לזכר נשמתו הטהורה. יהי זכרו ברוך.

און לסוף וויל איך ווינשען די אלע וועלכע האבען צוגעלייגט א האנד צו דער גמילת חסד קאסע הן אין אמעריקע והן אין ישראל א הארציקען יישר כוחכם מיט א תחזקנו ידיכם אויף ווייטער, און דאס בלייבט דער שענסטער און טייערסטער מאנומענט פאר אונזערע קדושים הי״ד.



# די טאָמאַשאָווער אין בני־ברק

● ל. ווערמוט

ווי באַקאַנט רעכענט זיך בני ברק אַלס דער הויפּט חסיד׳ישער תורה׳דיגער צענטער אין ארץ ישראל. יעדער אַרט חסידות אָדער רעליגיעזע גרופּע האָט זיך זיין ווינקעל. ליידער האָבען מיר טאָמאַשאָווער, וואָס מיר זענען דאָ ב״ה אין אַ גרעסערע אַנזעעוודיגע גרופּע, נאָך ניט קיין אייגען בית המדרש, אָבער מיר האָבען יאָ אָרגאַניזירט אַ גייסטיגען צוזאַמענבונד וואָס ווערט אָנגערופען מיט׳ן נאָמען חוג חסידי ותלמידי הרה״צ ר׳ ארי׳ לייביש רובין זצללקה״ה האדמו״ר מציעשינוב והרב בטאָמאַשוב דלובלין. מיר קומען זיך צוזאַמען פון צייט צו צייט, מיר פאַרברענגען צוזאַמען, אויך האָבען מיר אָרגאַניזירט אַן אייגענע גמילת חסדים קאַסע אויפ׳ן רב׳ס נאָמען. ליידער זענען אָבער די פינאַנציעלע כוחות זעהר אָרים, מיר האָפען מיט דער געהעריגער מיטהילף פון אונזערע לאַנדסלייט צו פאַרברייטערען אונזער טעטיגקייט.

דער הויכפּונקט פון אונזער טעטיגקייט, איז דער יערליכער צוזאַמענקונפט פון אַלע טאָמאַשאָווער, לכבוד די יאָרצייט פון אונזער גרויסען אומפאַרגעסליכען באַליבטען מנהיג און מדריך דעם הייליגען ציעשאָנאָווער רבין אונזער רב הגה״צ רבי ארי׳ לייביש רבין זצללהה״ה, וואָס פאַלט אויס כ״ו אייר.

יאָר איין יאָר אויס אין דעם אָוונט קומען זיך צונויף די טאָמאַשאָווער פון בני ברק, תל אביב פתח תקוה, און אומגעגענט, ווי אויך דעם רב׳ס ז״ל חסידים און גוטע פריינד פון אַנדערע שטעט. ביי צוויי הונדערט פערזאָן, מיר מאַכען אַ סיום, און מען וואַשט זיך צו אַ סעודה, און מען ערפרישט אַלטע זכרונות, אייניגע דערציילען וועגען דער לויטערער געהויבינער קריסטאַלענער פערזענליכקייט פון אונזער רבי׳ן און רב, וועגען זיינע פאַרדינסטען און לייסטונגען פאַר אידישקייט, און ספּעציעל זיין איבערגעגעבענקייט פאַר דער יוגענט און זיין איינפלאַנצען אין זיי חסידות און יראת שמים, מיט שירות ותשבחות און דברי תורה, ווערט פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַלע יאָר ווערט דער צוזאַמענקונפט פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט, ווייל מיר פיהלען דעריך, אַ חיות אַ גייסטיגע אָפּפרישונג און דערהויבענע איבערלעבונגען פון דער אַלטער היים, וואָס איז אונז אַזוי טייער און ליב.

דער הויפּט קאָמיטעט באַשטייט פון פאָלגענדע פערזאָנען: ר׳ סיני גרינבוים, ר׳ ישראל ווערמוט, ר׳ אברהמ׳לי גוטוויין, ר׳ יעקב משה טעפלער, יחזקאל העללער, ארי׳ ווערמוט, און יהושע נידערגאַנג, און מענדיל פלוג.

אויך די חיפה׳ער פלעגען קומען צו אונזער צוזאַמענקונפט אַלע יאָר, נאָר צוליב דעם גרויסען מרחק אָרדענען זיי איין אין חיפה אַ באַזונדערע סעודה, וואָס ווערט אָפּגעהאַלטען ביי ר׳ יוסעלי לאַכער. דער קאָמיטעט באַשטייט פון ר׳ אברהמ׳לי גאָלדשמיט, ר׳ בן ציון שניידער און עוזר שטאָהל, און אַלע טאָמאַשאָווער חסידישע אידען פון חיפה און געגענט באַטייליגען זיך אין דער סעודה, יהי זכרו ברוך וזכותו יגן עלינו.





אַ טיש ביי אַ יאָרצייט לכבוד דעם יאָרצייט פון זיעשינאָווער רבי׳ן הגה״צ ר׳ ארי׳ לייביש רובין זצ״ל
רב אין טאמאשאוו כ״ו אייר תשי״ך אין בני ברק

# גרונטשטיין פייערונג פאר דער תלמוד תורה קול ארי׳

## אין קרית באבוב אין ישראל אין יאָהר תשכ״ד

בײם גרונטשטײן לײגן צום בנין פון דער תלמוד־תורה קול ארי׳ אויפן נאמען פון אונזער רב אדמו״ר מציעשינוב הגה״צ מרן רבי ארי׳ ליביש רובין זצ״ל




פון לינקס צו רעכטס האדמו״ר מבובוב רבי שלמה הלברשטאם שליט״א דער גרינדער פון קרית בובוב חתן מרן הרה״צ מציעשינוב. אהרן אונציג, משה עליאש. יחזקאל העלער, ישראל ווערמוט, יהושע העלער, ר׳ אליש שארף א. א.

**המשך ביים גרונדשטיין**



**פון רעכטס:** סיני גרינבוים, יהושע העלער, משה בלאַנדער, **הבחור** בן ציון ארי׳ ליביש הלברשטאַם בן **אדמו״ר מבאבוב שליט״א,** באַבאָווער רבי, אהרן אונציב, י. העלער, מענדל פלוג **א. אַ.**

# זכרונות פון טאָמאַשאָוו לוב.

● שמואל שיפלינגער
געוועזענער פּרעזעס פון אידישער גמינע אין טאָמאַשאָוו

**אין** 1906, אַלס פּאָליטיש פאַרפאָלגטער סטודענט האָב איך געמוזט פאַרלאָזען לאָדזש צוזאַמען מיט טויזענטער אַנדערע, איבער אַ פּאַניק, אַרויסגערופען דורך אַ באַוואוסטען דאָרט פּראָוואָקאַטאָר מיט'ן נאָמען „נח" וועלכער האָט קאָאָפּערירט מיט די צאַרישער פּאָליציי און פאַראורזאַכט צאָליגע אַרעסטען. איך האָב זיך באַזעצט אין דער ווייט פאַרוואָרפענער שטאָט טאָמאַשאָוו לוב. אויסנוצענדיק די געלעגענהייט וואָס מיין זיידע ר' ישראל וויינריב האָט דאָרט אַרענדירט די פּיאַסעטשנע וואַסער מיל. טאָמאַשאָוו האָט דאַן געמאַכט אויף מיר אַ'ן ערשיטערענדען איינדרוק: נישט ברוקירטע גאַסען, קיין עלעקטרישע באַלייכטונג, געזינקען אין פינסטער־ניש און אין בלאָטעס, פאַרבויט מערסטענס מיט אַלטע הילצערנע מיט שינדעל באַדעקטע הייזקעס, באַוואוינט מייסטענס דורך אַן אָרימע אידישע באַפעלקערונג פון קליינהענדלער האַנטווערקער דאָרפסגייער און ליידיג גייערס. געצעהלטע עטליכע סוחרים וועלכע האָבען צוגעשטעלט פאַרשידענע פּראָדוקטען פאַרן סטאַציאָנירענדען פּולק קאָזאַקען האָבען זיך גערעכענט פאַר רייכע.

ס'איז ווערט צו באַמערקען דאָס די קאָזאַקען כאָטש האַלב ווילדע האָבען זיך אַ דאַנק דער אייזערנער דיסציפּלין רוהיג פאַרהאַלטען אין שטאָט. זיי האָבען אָבער אַרויסגעוויזען אַ שוואַכקייט צו אַ גנבה'לע. האָבען שוין אידען געוואוסט זיך אויסצוהיטען פאַר זיי. מען פלעגט אַמאָל אָפּקויפען ביי אַ קאָזאַק אַ צוגעגאַנבעטע מזוזה, ווען ער האָט ניט געהאַט עפּעס אַנדערש צו גנבה'נען. אַזוי פלעגט מען דערציילען אַז אַ קאָזאַק איז אַמאָל אַריינגעקומען צו איינעם אַ אידען און פאַרגעלייגט צו קויפען ביי אים א „כאַפּינא רוב" אַ גע'גנבה'טען רובעל פאַר 50 קאָפּיקעס. אַזוי איז געווען די פרייז פון אַ גנבה'לע. אין שטאָט האָבען אידען זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער פון אַזאַ גניבה'שער מציאה.

## א טעאטער פארשטעלונג

נישט געקוקט אויף דעם וואַכזאַמען פּאָליצייאישען אויג פון דער צאַרישער מאַכט, האָבען דאָך ביסלעכווייז אַנגעהויבען אַריינדרינגען צווישען

דער יוגענט פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע געדאַנקען, אונטער דעם איינפלוס פון דער שכנה׳שער שטאָט זאַמאָשטש. אַזוי האָבן זיך געשאַפן אָרגאַני־זאַציעס ווי ס. ס. — ציוניסטען, און בונד. דאָס קולטורעלע לעבען האָט זיך אָנגעהויבן צו ענטוויקלען מיט׳ן באַזעצן זיך אין טאָמאַשאָוו פון דעם זאַמאָשטשער אַדוואָקאַט סאבאל און דענטיסט אידעל גערזאָן. ביי זיי פלעגט די יוגנט זיך צוזאַמענקומען און פאַרברענגען, שפּעטער איז אויך צוגעקומען מאיר בוים אַ סטאָלאַר פון כעלם אַ פּועלי ציון׳יסט, וועלכער האָט אָרגאַניזירט אַן אַמאַטאָרישע גרופּע, וועלכע האָט אויפגעפירט גאָלדפאַדענס „די באָבע יאַכנע״. נישט געקוקט אויף די שטערונגען מצד די פרומע האָט דאָך די פאָרשטעלונג אין דער טשיינע צוגעצויגען אַ גרויסען עולם באַזוכער. קינדער האָבן באַלאַגערט די פענסטער און דעם איינגאנג פון טעאַטער און די קולות און געלעכטער האָט מען געקענט הערען אויף ווי ווייט. מאַנאַטען לאַנג נאָך דער פאָרשטעלונג נאָך דעם ווי גערזאָן האָט געשפּילט די ראָלע פון האָצמאַכ׳ן איז אים, גערזאַנען, געווען נישט מקנא צו זיין. קינדער פלעגען אים נאָכלויפען אין גאַס און שרייען האָצמאַך! האָצמאַך! אָט גייט האָצמאַך.

שוועדער איז אָנגעקומען די פּאָלאַקען צו באַקומען אַן ערלויבעניש צו שפּילען טעאַטער אין דער פוילישער שפּראַך. עס איז געווען די פּאָליטיק פון דער צאַרישער מאַכט צו רוסיפיצירען די באַפעלקערונג. אויך אין די אידישע חדרים האָט מען געמוזט לערנען די קינדער רוסיש.

## דר. זאַוואַדזקי

דער פּאָוויאַטאָווע דאָקטאָר אין שטאָט דר. פעליקס זאַוואַדזקי מיט זיין פרוי און איינציגע טאָכטער זענען געווען די ליבעראַלסטע מענשען אין שטאָט. ס׳איז ווערט צו דערמאָנען אַז דעם דאָקטאָר׳ס פרוי פלעגט יאָרען לאַנג מיט דער הילף פון איר דינסט צעטראָגן און צעטיילען יעדען פרייטאָג קוישען מיט פּראָדוקטען צו די אָרימסטע און קראַנקע אידישע פאַמיליעס זיי זאָלען האָבען אויף שבת.

אין 1910 האָט דר. זאַוואַדזקי אָרגאַניזירט אַ פרייוויליקע פייערלעשער קאָמאַנדע אין שטאָט. אויף זיין רוף זיך אָנצושליסען אין אָט דער קאָמאַנדע האָבען זיך זעהר ווייניגע אידען אָפּגערופען. צווישען די וואָס האָבען זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסען זענען געווען: דער שרייבער פון די שורות מיט זיין ברודער, יעקעלע רופא, חיים מיכל הארן (אַ שניידער), מנשה קאָם (אַ טרעגער) און יאָסעלע לוסטיג (אַ שוסטער). ס׳איז נאַטירליך אַ באַדויערונגס־ווערטער פאַקט וואָס די פרומע טאַטעס פון די חסידישע שטיבלעך האָבען

נישט דערלאָזט זייערע זין אָנטוען פייערלעשער מונדירען און אָנטייל נעמען אין אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע וועלכע האָט אויפגעטון וואונדער אַרבעט בעת שריפות אין שטאָט ביי געפערליכע באַדינגונגען.

## א קרבן ביים שוואַרצען די גרעניץ

אידען וועלכע האָבען געוואָלט עמיגרירען אָדער פּאָליטיש פאַרפאָלגטע וואָס האָבען זיך געוואָלט ראַטעווען פון פאַרשיקט צו ווערען קיין סיביר זענען געהאָלפען געוואָרען אין טאָמאַשאָוו. די ערשטע זענען דורך אידישע „מאַכערס״ באַזאָרגט געוואָרען מיט „פאָלפּאַסקעס״ (אַ דאָקומענט וואָס האָט דערלויבט אַ גרעניץ איינוואוינער אַדורכצוגיין די גרעניץ) אויף פרעמדע נעמען, אָדער מיט אַ פויער וועלכער האָט אים אַריבער געשוואַרצט די גרעניץ. די צווייטע, די פּאָליטישע, אָבער מיט רעקאָמענדאַציעס פון פּאַרטייען, זענען געשיקט געוואָרען צו אונז ׳עטליכע אָנפּאַרטרויליכע פערזאָנען און זיי זענען איבערגעגעבען געוואָרען אין זיכערע הענד צו שוואַרצען די גרעניץ.

אין אַ געוויסען טאָג איז די אידישע באַפעלקערונג אויפגעציטערט געוואָרן פון יעמערליכע פאַרצווייפעלטע געשרייען פון אַ פרעמדער אידישער פרוי אַז מ׳האָט איר מאַן דער׳הרג׳עט. איר מאַן פון קראַסניסטאָוו איז מיט 10 טעג פריער געקומען קיין טאָמאַשאָוו און איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ פויער אין דאָרף יעזשערנע וועלכער האָט אים געזאָלט אַריבער שוואַרצן די גרעניץ. ס׳איז געווען אָפּגערעדט אַז ׳ער זאָל תיכף שרייבען צו זיין פרוי ווי נאָר ער וועט האָבען בשלום אַריבער די גרעניץ; אָבער ביז יעצט האָט זיין פרוי קיין שום ידיעה פון איר מאַן נישט געהאַט. אידען האָבען אינטערווענירט ביי דער פּאָליציי אָבער די לעצטע האָט נישט געוואָלט אונטער־נעמען קיין אויספאָרשונג. און אפילו נישט אַרעסטירט דעם פויער. טיף גערירט פון דעם אומגליק האָב איך גע׳פּועל׳ט ביי דר. זאוואדזקי צו דערלויבען אַ גרופּע פון 15 פייערלעשער העלפען מיר זוכען דעם פאַרשווינ־דענעם איד. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון דר. זאוואדזקי, האָט די מאַכט אונז דערלויבט זיך פריי צו באַוועגען אין דעם גרעניץ פּאַס 24 שעה. אין נעכסטען טאָג בין איך אָנגעקומען מיט אַן אָפּטיילונג פון 15 פייערלעשער צום פויער אין גרעניץ־דאָרף יעזשערנע אויף וועלכען ס׳איז געווען אַ פאַרדאַכט אין דערמאָרדען און באַרויבען דעם איד, וועלכען ער האָט געזאָלט אַריבער שוואַרצען די גרעניץ. דער פויער, דערזעענדיק אונז איז אַנטלאָפען און פאַרשוואונדען. מיר האָבען געזוכט אין הויז און אין שפּייכלער וואו מיר האָבען באַמערקט בלוט פלעקען אויף דער טיר. באַלד האָבען מיר אויך געפונען אַ האַק מיט בלוט פלעקען אויף דעם הענטעל, דאַן האָבען מיר מיט נאָך מער ענערגיע געזוכט און גענישטערט אַרום אויף די פעלדער און

וועלדער ביז צו אָוונט צו האָבען מיר אָנגעטראָפען אויף אַ ווייכען באָדען ווי פריש געקאָפּעט. מיר האָבען שנעל אויסגעגראָבען די ערשטע שיכט ערד און דערזעהן אַן אַרויסשטערקענדע האַנד איך האָב גלייך פאַראָרדענט אָפּ־צושטעלען דאָס גראָבען און אַרויסגערופען פּאָליציי. אין זייער אָנוועזנהייט האָבען מיר אויסגעגראָבען דעם קערפּער אָבער אָן דעם אָפּגעהאַקטען קאָפּ, וועלכען מיר האָבען נישט געקענט געפינען. די פרוי האָט באַשטעטיגט אַז דאָס איז איר מאַן. מיט ביטער געוויין און שרעק האָבען די אידען אין שטאָט זיך צוגעקוקט לענג אויס דעם לעמבערגער שאָסעע, ווי מיר, די גרופּע פייערלעשער האָבען באַגלייט דאָס וועגעלע מיט׳ן באַדעקטען מת, וועלכען מיר האָבען איבערגעגעבען די חברה קדישא.



# „עמדן" נעמט שטעלונג

**• י. מאַסקאָפּ**

**ווי** ס׳איז שוין פיל מאָל באַטאָנט געוואָרען האָבען די עסקנים פון דעם דאָזיגען בוך זיך מיט אַלע כחות באַמיט דאָס בוך זאָל אָפּשפּיגלען דאָס לעבען פון׳ם אידישען קיבוץ אין אַלע זיינע אַספּעקטען. אין די אַרטיקלען האָט יעדער מחבר אַריינגעלייגט האַרץ און נשמה ביים אויפברענגען אויפן פּאַפּיר אין זיינע זכרונות סיטואַציעס, מענשען און קרייזען אין וועלכע ער האָט פאַרקערט יעדער אויף זיין אופן, און פון די אַלע באַשרייבונגען האָט זיך עס געוואָלט שאַפען אַן אַלזייטיג בילד פון׳ם אידישען עבר אין אונזער שטאָט.

האָבענדיק פאַר זיך אַלע אַרטיקלען אין זאַץ ווייזט זיך אַרויס אַז איין שיכט פון דער אידישער באַפעלקערונג און דווקא אַ דיקער שיכט איז כמעט ווי פאַרזעען געוואָרען, ער וואַרפט זיך דורך דאָ און דאָרט כלאחר יד, אָבער ווי אַ לעבעדיקער ווירקענדער פאַקטאָר עקזיסטירט ער נישט. איר זעהט למשל דעם עקסטאַז פון אַ הייפל חסידים טאַנצענדיק פון׳ם פּלומפּ מיט׳ן מים שלנו (?) איר זעהט די ברויזענדע אידישע יוגנט אין זייערע

פאַרטיי לאָקאַלען, איר טאַפּט אפילו אָן מיט די הענד דאָס קייקלען זיך באַרג אַראָפּ פון אידישען מסחר און מלאכה אָבער דעם „עמך שער און אייזען" דעם מאַסן מענש, דעם בעל מלאכה, זיין קרעכץ ביי דער אַרבעט, זיינע שאַרפע סאַטירישע ווערטלעך און וויצען אין דער היים, אין גאַס און אין בית המדרש אויך זיין שטורמישע רעאַקציע אין באַזונדערע סיטואַציעס אין שטאָט האָט זיך גראָד נישט געפונען ווער עס זאָל זיי באַשרייבען.

כדי דאָס בילד זאָל אַרויסקומען מער טריי דער ווירקליכקייט האַלט איך פאַר מיין חוב צו פאַרצייכנען עטליכע געשעענישען אין שטאָט וועלכע קאָנען וואַרפען אַ שיין אויף דער מוטיגער שטאַנדהאַפטיקער שטעלונג פון אָט די מאַסן מענשען אין צייטען ווען זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר נויטיג.

## א פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע

גּעווען איז דאָס אין דער צייט פון עסטרייכישער אָקופּאַציע, אוודאי אין 1916. די באַשפּייזונג פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ מאָגערע. האַנדלען איז געווען פאַרווערט נישט יעדער האָט געקענט זיך נעמען צו אומלעגאַלען האַנדעל, ברויט איז געווען צוגעטיילט אויף קאַרטען, אַנדערע פּראָדוקטען איז געווען שווער צו קריגען און דאָס — פאַר גאָר טייערע פּרייזען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען פּראָטעסטען געגען די אידישע גבירים און אויך געגען דער אָקופּאַציע מאַכט. אָפטע אסיפות זענען גערופען געוואָרען אין פּראָסטען בית המדרש. אָנגעפירט מיט די אסיפות האָבען די מאַסען מענשען אין דער שפּיץ פון לוי לעדער. אין שטאָט איז ער געווען באַוואוסט ווי „לוי קאָק" (זייט מיר מוחל פאַר דעם אויסדרוק) אַ שוסטער פון פאַך. דער חסידישער עולם האָט געפּרואווט זיך האַלטען פון דערווייטענס אָבער עמך האָט אים בגוואַלד מיטגעשלעפּט.

איינמאָל אין אַ שבת'דיקן פרימאָרגען האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס דאַוונען און אידען פון אַלע שטיבלעך און בתי מדרש האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין פּראָסטען בית המדרש און אין שול הויף פונוואַנען אַ ריזיקער עולם האָט זיך געלאָזט אין אַ פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע צום מיליטערישען שטאָט קאָמיסאַר. וואָס קאָנקרעטס זיי האָבען פאַרלאַנגט האָב איך, צוליב מיין אינגען עלטער, נישט באַנומען. אָבער פאַר מיינע אויגען שטעהען נאָך די אומצאָליגע רייען פון אידען אין סאַמעטענע היטלען און זיידענע בעקעשעס געמישט מיט שוסטער, טרעגער און סתם אָרימלייט, ווי זיי מאַרשירען אויפ'ן קירישען שאָסיי. און ווען די ריזיגע מחנה האָט זיך דערנענטערט צום אָרט פונ'ם קאָמיסאַר'ס ביוראָ האָט זי באַגעגענט אַ באַוואָפענטע אָפּטיילונג פון דער מיליטער פּאָליציי אָנגעפירט דורך זייער צוגספירער, אגב אַ איד

וועלכער פלעגט אָפט קומען דאַוונען אין בית המדרש, וועלכער האָט געגעבען אַ באַפעל „פייער!" שאָסען האָבען זיך געלאָזט הערן פון אַלע זייטען און דער עולם איז זיך פונאַנדערגעלאָפען. דער שטאָט קאָמיסאַר האָט שפּעטער אויפגענומען אַ דעלעגאַציע אויסצוהערען זייערע פאַרלאַנגען.

פאַר אַ שטיקעל צייט איז דאַן איינגעפּירט געוואָרן אויסנאַמסצושטאַנד. די מיליטערישע פּאָליציי וואַכען זיינען פאַרמערט און פאַרשטאַרקט געוואָרען און צו זאַמלען זיך אין די גאַסען גרופּענווייז איז פאַרווערט געוואָרען.

## דאָס שוחטים מחלוקת און מורה הוראה וואַלען

דאָס איז געווען, אויב איך מאַך נישט קיין טעות אין צייט, אין יאָר 1931 ווען די שטאָט איז אויפגערודערט געוואָרען אַז די שוחטים האָבען באַגאַנוועט די גמינע.

זייט אין טאָמאַשאָוו האָט אָנגעהויבען פונקציאָנירען אַ געזעצליך, דעמאָקראַטיש־געוועהלטע אידישע קהלה פאַרוואַלטונג אָדער ווי מ'האָט זי גערופען „אידישע גמינע" האָט זיך די שחיטה געפונען אונטער איר רשות. אָט די שחיטה איז געווען דער הויפּט מקור פון איר בודזשעט. אַ געוויסער טייל פון דעם געלד איז אויך געווען באַשטימט פאַר'ן אויפבוי פון אַ נייער מקוה און מרחץ, אין וועלכע די שטאָט האָט זיך זעהר גענויטיגט. די 3 שוחטים אין שטאָט זענען געוואָרען אָנגעשטעלטע אין דער גמינע, וועלכע האָט זיי געצאָלט חודש'ליכן געהאַלט, און די יעניגע וואָס האָבען געהאַט עפּעס צו שעכטען אַן עוף אָדער אַ בהמה האָבען געמוזט אויסקויפען אַ קוויטל אין גמינע און אויף אָט דעם קוויטעל האָבען די שוחטים געשאָכטען. די פּראָצעדור איז געווען אַז די שוחטים פלעגען צונעמען דאָס קוויטעל איינרייסען עס און נאָכהער די איינגעריסענע קוויטלעך צוריק ברענגען אין גמינע. ביים אָפּמאַך צווישען דער גמינע און די שוחטים האָבען די לעצטע אונטער־געשריבען אַ חרם כתב אַז זיי מוזען שעכטען בלויז אויף גמינע קוויטלעך, אַנדערש איז דאָס פליש פון אַזאַ שחיטה טריפה.

ויהי היום האָט די גמינע זיך דערוואוסט אַז די שוחטים האָבען אַ געהיימען אָפּמאַך מיט די גענז סוחרים, וועלכע שעכטען זעהר פיל גענז פאַר'ן היימישען ווי אויך פאַר אויסערשטאָטישען געברויך, צו שעכטען פאַר זיי פאַר אַ העלפט פון נאָרמאַלען פּרייז. די שוחטים האָבען נעמליך נישט איינגעריסען די קוויטלעך נאָר נאָך דער שחיטה זיי בשתיקה צוריקגעגעבען צו די גענזלער, וועלכע האָבען מיט די זעלבע קוויטלעך געשאָכטען כמה וכמה פעמים.

די גמינע האָט גלייך אָפּגעשטעלט די שוחטים ביז צו אַ דין תורה

און דאָ האָט אַ נייע באַמבע אויפגעריסען: די רבנים האָבען גענומען די שוחטים אונטער זייער שוץ. דאָ איז דער עולם געוואָרען נאָך מער אויפ־געבראַכט אויף די שוחטים און אויף די 2 רבנים. דאָס מחלוקת האָט זיך צעפלאַקערט און אַריינגעצויגען אַלץ ברייטערע קרייזען און יחידים. אויף דער זייט פון די רבנים און שוחטים זענען געווען די בעלזער חסידים ווייל 2 שוחטים און דער רב זענען געווען בעלזער חסידים, די קיעלצער, ווייל איין שוחט איז געווען אַ זייעריקער און די טשעשאַנאווער וועמענס רבי האָט זיך געשטעלט אויף דעם צד. פון דער אַנדערע זייט זענען געווען די ברייטע פאָלקסמאַסען באַצייכענט מיט׳ן נאָמען „עמך״ און טיילען פון אַנדערע חסידים.

די גמינע האָט דערווייל געברענגט שוחטים פון דער פרעמד אָבער די רבנים האָבען גע׳אסר׳ט זייער שחיטה. דאַן האָבען די מתפללים פון שוהל און גרויסען בית המדרש אויפגענומען רבי יהושע׳לעס זון הרב מאיר אברהם פרישערמאן אַלס מורה הוראה. די גמינע האָט ווידער געברענגט שוחטים און די 2 רבנים האָבען זיי ווידער גע׳אסר׳ט אָבער יעצט האָט דער מורה הוראה די שחיטה פון די נייע שוחטים מתיר געווען. אויף די טירען פון די בתי מדרש האָבען זיך באַוויזען כסדר אויפרופען מיט ציטאַטען פון פאַרשידענע פוסקים לויט וועלכע דאָס פלייש פון דער שחיטה פון די נייע שוחטים איז כשר אָדער טריפה, לויט די צדדים פון וועלכע די אויפרופען זענען געקומען. יעדען אָוועגט זענען פאַרגעקומען אסיפות אין גרויסען בית המדרש אויף וועלכע רעדנער פון פשוט׳ן פאָלק זענען אַרויסגעטראָטען מיט פייערדיקע רעדעס געגען די 2 רבנים. איך געדענק נאָך מיט וואָס אַ היץ דער שוואַרצער משה (ווייסלעדער) האָט געשריען פונ׳ם באַלעמער: ונשיא בעמך לא תאור, מאַכט רש״י בעושה מעשה עמך א. א. וו.

איינמאָל זענען פאָרשטייער פוןביידע צדדים געפאָרען צום בעלזער רבי׳ן. דעם „עמך״ אָדער די גמינע האָבען פאַרטרעטען: דער מורה הוראה, דער פרומער טעוועל און אלעזר אַדער. ווער ס׳האָט פאַרטראָטען דעם צווייטען צד געדענק איך נישט. דער בעלזער רבי האָט קיין פסק דין נישט אַרויס־געטראָגען ער האָט אָבער געראָטען דעם נייעם שוחט זיך אָפּצוטראָגען, נישט צו לאָזען זיך אַריינציען אין אַ פרעמדער שטאָט׳ס מחלוקת. לסוף האָט מען געברענגט אַ בית־דין פון דער פרעמד אין דער שפיץ פון הרב מנחם זעמבא פון וואַרשא. דאָס בית־דין האָט אויסגעהערט אַ סך עדות און די קצבים, וועלכע האָבען אויך געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגען געגען די שוחטים.

דער פסק דין איז געווען מעביר צו זיין די שוחטים אויף 6 חדשים און זיי זאָלען אויך באַצאָלען קנס אַ געוויסע סומע און די גמינע זאָל צונעמען נאָך צוויי נייע שוחטים, צוזאַמען מיט זיי זאָלען זיין 5 שוחטים.

אין אַזאַ אַטמאָספערע האָבען עס געדאַרפען פאָרקומען געזעצליכע

וואַלען פאַר אַ מורה הוראה. דאָ זענען די צדדים שוין געווען איינגעטיילט לויטן זעלבן סדר ווי ביים שוחטים מחלוקת. לכתחלה זענען געווען 3 קאַנדי־דאַטען: 1) הרב רובין 2) הרב פרישערמאַן און 3) הרב טכוזש פון מזרחי. דער לעצטער האָט צוריקגעצויגען זיין קאַנדידאַטור כדי צו פאַרקלענערן די שאַנסען פונ'ם טשעשאַנאָווער רב וועמענס געשוואוירענע געגנער די מזרחי'סטען זענען שטענדיג געווען. איבעריג צו זאָגען מיט וואָס אַן אייפער און ברען אונזערע שטאָטישע אידען האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין אָט דעם וואַל קאַמף. ס'האָט אַריינגעצויגען ממש יעדען איד אין שטאָט. קיין נייטראַלען איד האָט מען נישט געקענט קריגען אויף אַ רפואה.

דער רעזולטאַט איז געווען לטובת הרב פרישערמאַן וועלכער האָט געווינען מיט אַן איבערוויגענדער מערהייט.

איך געדענק דעם אָוונט פון די וואַלען נאָכדעם ווי דער רעזולטאַט איז געוואָרען באַוואוסט האָט אַן ענטוזיאַסטישע מחנה זיך געלאָזט צו רבי יהושע'לעס הויף. איינער פון די רעדנער אין געפאַקטען חסידישע'ן בית המדרש האָט דאַן געזאָגט אומגעפער אַזוי: אונזער זיג באַשטייט נישט אין דעם וואָס רבי יהושע'לעס זון איז געוואָרען מורה הוראה, נאָר אונזער זיג דאַרף פאַרצייכענט ווערען אין איבערברוך אין שטאָטישער טראַדיציע לויט וועלכער די בעלי דעה אין קהל'ישען לעבן זענען געווען בלויז די רבנים, די נגידים און שעהנע אידען. מיט אָט דעם זיג האָבען די פאָלקס מאַסען די שניידערס די שוסטערס און סתם אידען דער אַזוי גערופענער „עמך" בעוויזען זייער מוטיקע האַלטונג זייער קאַמפסגרייטקייט פאַר זייער ווירדע און רעכט ווי גלייכע בעלי דעה אין שטאָט.



[Jus 13]

JUDISCHE SOZIALE SELBSTHILFE
DER BERATER BEIM CHEF DES DISTRIKTS LUBLIN



ZYDOWSKA SAMOPOMOC SPOLECZNA
DORADCA PRZY SZEFIE DYSTRYKTU LUBLIN

---

Lublin, den 27. Februar 1942
Wplynelo dnia 2 Marca 1942
L 5078
Zalatwiono ............................

Z. 245/42
Judische Soziale Selbsthilfe
Prasidium
in Krakau

betr.: Umsiedlung von 700 Juden aus Tomaszow-Lubelski nach Cieszanow. Ich beziehe mich auf die in dieser Angelegenheit gefuhrten Telefongesprache. Heute habe ich wiederum beim Referenten der U-Abtlg. Bevolkerungswesen u. Fursorge vorgesprochen. Dort wurde mir nochmals kategorish der Bescheid zuteil, dass die zustandige Abteilung von einer Umsiedlumgsaktion nichts wisse. Der zustandige Referent fur Bevolkerungswesen, Herr Reuter, meinte, die ganze Aktion ware sicherlich nicht aktuell, da sie ja ohne Zustimmung der Regierung nicht zustande kommen konnte, und, da Sie dort festgestellt haben, dass die zistandige Umsiedlungs-Abteilung eine derartige Aktion nicht genehmigt habe, musse es sich hier um ein Missverstandniss handeln. Herr Reuter will heute versuchen, eine Telefonverbindung mit Zamosc herzustellen, meint aber, dass die Fernverbindung mit Zamosc derart schwierig zu erreichen sei, dass kaum ein Gesprach mit Zamosc vor Abend moglich sein werde. Morgen werde ich nochmals in dieser Angelegenheit vorsprechen. Gleichzeitig schreibe ich express nach Tomaszow und Zamosc.

Hochachtungsvoll
Judische Soziale Selbsthilfe
Berater beim Chef des Distrikts Lublin
/podpis nieczytelny/



# אי. ג. ז.

## אידישע געזעלשאַפטליכע זעלבסטהילף

### דעליגאַטור אין טאָמאַשאָוו לוב.

בוך נומער 4/42
איינגעפלאסען 2־טן מערץ 1942
לויף נומער 5119

**אי. ג. ז. פּרעזידיום**
קראקא

---

**אין** צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרויסגעשיקטער דעפּע־שע אינפאָרמירען מיר אייך דאָס פאָלגענדע:

אין טאָג פון 24־טן פעברואַר ה. י. האָט דער ה. לאַנדקאָמיסאַר אין טאָמאַשאָוו לוב. פאַראָרדענט די אויסזידלונג פון 800 אידען מיט אַן איינ־טאָגיגען טערמין אויף דעם טאָג פון 25־טן לויפענדען חדש. די אויסזידלונג איז פאָרגעקומען אין פולקאָמער אָרדענונג. די דאָזיגע אידען געפינען זיך יעצט אין טשעשאַנאָוו, וואָס געפינט זיך ביי 40 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו. די דאָזיגע מענשען האָט מען אויפגעזעצט אויף שליטענס, וועלכע האָבען, צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ נישט געקענט אויפנעמען זייערע זאַכען, אַזוי ווי דעם קאָסט פון 100 שליטענס דאַרפען מיר דעקען און פונקט אַזאַ צאָל דאַרף מען דינגען אום אַרויסצושיקען די איבערגעבליבענע זאַכען און די אַמנוי־טיגסטע באַוועגליכע פאַרמעגען, דאַרף מען האָבען צו דעקען נאָר אויף דעם אַליין 20,000 (צוואַנציג טויזנט) זלאָטעס. די אויסגעזידעלטע אויפ׳ן אָרט געפינען זיך אין קאַטאַסטראָפאַלע באַדינגונגען, ווייל די מערסטע הייזער זענען נישט באַוואוינונגס פאַסיג. און דערצו האָט דאָס שטעטל ביז יעצט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין אידען, וואָס פאַרערגערט דעריבער די לאַגע. באַדאַרף מען דעריבער איינאָרדנען פאָלקס קיכען, באַזאָרגען די מענשען מיט באַהייצונגס מאַטעריאַל און פּראָדוקטען. אָבער מיר זענען הילפלאָז ניט האָבענ־דיג אבסאָלוט קיין געלד מיטלען. ביי די באַדינגונגען זענען די אומגליקליכע פאַראורטיילט צום אומקום. ווענדען מיר זיך דעריבער צו אייך אַנצונעמען

ווי אַמשנעלסטען שריט צו ברענגען הילף כדי צו לעזען די ברענענדע פראַגע. מיר בעטן רחמים וועגן אייער דורכאויסיגער, באַלדיגער אונטערשטיצונג, מיר מאַכען דעריבער אויפמערקזאַם דאַס יעדער פאַרלוירענער טאָג איז גלייך צו אַ טויט אורטייל.

אין דערוואַרטונג פון זאָפאָרטיגער הילף צייכנען מיר מיט אַכטונג,

**א. ג. ז.**

אידישע געזעלשאַפטליכע זעלבסטהילף
דעלעגאַטור אין טאָמאַשאָוו לוב.

(—) **א. בערגערבוים**

(—) **ש. קרוק**

(—) **מעלמאַן**



באַמ. פון רעדאַקציע:

די אויבענדיגע 2 וויכטיגע דאָקומענטן זענען אונז איבערגעגעבען געוואָרן דורך פּראָפ. לואיס גערזאָן, (לייזער בערגערבוים׳ס אייניקעל) סטארר, קאנעטיקוט, וועלכער האָט זיי באַקומען אין „אידישען היסטאָרישען אינסטיטוט“ אין וואַרשא אויף זיין באַזוך אין פּוילען אין זומער 1964.



דייטשען נעמען אַרויס אידען אינמיטען דאַווענען צום פאָטאָגראַפירען

# יזכור



**אלקים את נשמות אנשי עירנו, אנשים ונשים וטף, שהומתו על קידוש השם, הן שנרצחו שנהרגו ושנשחטו ושנשרפו ונטבעו נסקלו ונקברו חיים נתלו ונחנקו בתאי הגזים והכבשונות במחנות העבודה והריכוז, והן שנפטרו מחמת יסורי העוני רעב וכפן וע"י צרות ונגישות הרוצחים הגרמנים ועוזריהם ימ"ש בשנות ת"ש—תש"ה.**

בגן עדן תהא מנוחתם, ובעל הרחמים יסתירם בסתר כנפיו לעולמים ויצרור בצרור החיים את נשמתם, ד' הוא נחלתם, וינוחו בשלום ויעמדו לקץ הימין בב"א.

# יזכור



## א

אדלעו פרומעט בת שלום
אַדער, אלעזר בן יוסף מרדכי
אַדער, יהודה בן אלעזר
אַדער, פישל בן יהודה
אַדער, משה בן אלעזר ואשתו חנה
אַדער, נפתלי בן משה ומשפחתו
אַדער, יוסף בן משה
אַדער, אברהם בן אלעזר ומשפחתו — לבוב
אַדער, יצחק מרדכי בן אלעזר ומשפחתו — וורשה
אַדער, יחזקאל בן אלעזר ומשפחתו
אַדער, באלטשע
אַדער, ברוך בן ישראל
אויסלענדער קיילע בת יחזקאל
אולריך, מאיר בן חיים — בעלזיץ
אולריך, שרה גאלדע בת פנחס
אולריך, רחל בת מאיר — בעלזיץ
אולריך, חיה איטע
אולריך, רויזע, חיים ויוסף
אולריך, פעסיל בת מאיר
אולריך, בת־שבע בת מאיר
אולריך, פישל בן מאיר
אולריך, ביילי בת דניאל
אונפוס, חיים יצחק
אונפוס, חיה שרה
אונפוס, לאה בת זאב
אונפוס, משה בן חיים יצחק
אונפוס, מנשה בן משה
אונפוס, זאב בן משה
אונפוס, מאנעס בן משה
אונפוס, בנימין ומשפחתו
אונפוס, חנינא
אייזען, מרדכי
אייזען, חיה — יוזעפאָוו כ״ח תמוז תש״ג
אייזען, יוסף אלי׳ בן מרדכי — לעמבערג
אייזען, זעפטיל
אייזען, משה בן יוסף אלי׳ — לעמבערג
אייזען, אברהם בן יוסף אלי׳ — לעמבערג
אייזען, ישראל בן יוסף אלי׳ — לעמבערג
אייזען, חיים יונה בן יוסף אלי׳ — לעמבערג
אייזען, אליהו בן מרדכי — בזשעזשאני
אייזען, יצחק נחמן בן מרדכי
אייזען, אהרן דוד
אייזען, שבע
אַקסט, שלמה בן נתן
אַקסט, דאברע
אַקסט, משה בן שלמה ומשפחתו
אַקסט, יהושע בן שלמה ומשפחתו
אַקסט, יחזקאל בן שלמה
אַקסט, ברוך בן שלמה
אַקסט, נתן דוד בן שלמה
איידעלסבערג, אביגדור
איידעלסבערג, רבקה
איידעלסבערג, משה ומשפחתו

אפּען, דוד בן מאיר זאב ומשפחתו — סקאַלאַט
אפּען, שפּרינצע — סקאלאט
אפּען, רבקה בת דוד — סקאלאט
אפּען, מאיר וואָלף בן דוד — סקאלאט
אפּען, יעקב בן דוד — סקאלאט
אפּען, פייגע בת דוד — סקאלאט
אפּען, גאָלדע בת דוד — סקאלאט
אפּען, שרה בת דוד — סקאלאט
אפּען, ליעבע בת דוד — סקאלאט
איידעלשטיין, משה
איידעלשטיין, פּעשע בת מאיר
אייזען, פּייוועש בן אהרן
אייזען, שרה
אייזען, אהרן דוד בן טוביה
אייזען, שבע בת משה חיים
איילבוים, חיה בת מרדכי
איילבוים, יצחק בן שמעון
אייזען, שמחה בונם בן מרדכי יוסף
אייזען, ישראל לייב — רוסיה
איילען, יהושע לייב בן יחזקאל
איילען, מרדכי בן יחזקאל
איילען, איטא בת יחזקאל
איילען, צבי בן יחזקאל
איילען, רייזעל בת יחזקאל
איילען, משה בן יחזקאל
איילען, חנה בת יודעל ומשפחתה
איילען,ביילי רבקה בת אלי׳
איילען, יודעל בן לוי
איילען, פישל בן יודעל
איילען, אברהם בן יודעל
איילען, יהושע
איילען, חיה
איילען, מענדיל ומשפחתו
איילען, אסתר
איילען, ראובן ומשפחתו
ארביספעלד, יעקב בן יצחק
ארביספעלד, שרה בת פּייוועל
ארביספעלד, גיטעל בת יעקב
ארביספעלד, משה בן יעקב
ארביספעלד, פריידע בת יעקב
ארביספעלד, יהודה בן יצחק
ארביספעלד, מאליע בת מנחם מענדיל
ארביספעלד, חנה בת יודא
ארביספעלד, אברהם בן יודא
ארביספעלד, שמעון בן יודא
ארביספעלד, גיטעל בת יודא
ארדינאצקי, צירל לאה בת חיים
ארדינאצקי, העניע בת צבי
ארדינאצקי, אשר בן צבי
ארדינאצקי, שרה גיטל ומשפחתה
ארדינאצקי, העניע בת יעקב ומשפחתה
ארדינאצקי, שרה בת חיים
אולריך, משה בן מאיר
אולריך, רויזע בת משה
אולריך, חיים בן משה

## ב

באַבאַד, לאה בת שמואל
באדענשטיין, משה בן חיים
באָרג, משה בן דוד
באָרג, פריידע
באָרג, יעקב בן משה
באָרג, שרה בת משה
באָרג, צבי בן משה
באָרג, שיינדעל בת משה
באָרג, פּעשע בת דוד
באָרג, אברהם דניאל בן ראובן
באָרג, טאבע עטיל
באָרג, ראובן בן אברהם
באָרג, מרדכי בן אברהם

באָרג, משולם העניך בן יודעל
באָרנשטיין, אלעזר בן יצחק
באָרענשטיין, איטע בת דב
באָרנשטיין, יצחק בן אלעזר
באָרנשטיין, מינקע בת דוד
באָרנשטיין, שמואל בן יצחק
באָרנשטיין, ביילע בת יצחק
באָרנשטיין, חנה בת יצחק
באָרנשטיין, רייזעל בת יצחק
באָרנשטיין, חיה׳לע
באָרנשטיין, נח ומשפחתו
באָרנשטיין, פייוועל
באָרנשטיין, ישראל
באָרנשטיין, מאיר
בארעצקי, ישראל בן משה ומשפחתו
בוים, משה בן אריה
בוים, פעשע בת זאב
בוים, מלכה
בוים, אליהו בן מרדכי יוסף
בוים, צביה
בורשטין, דב צבי בן אפרים
בורשטין, פרימעט
בורשטין, חנה מאניע בת צבי
בורשטין, רבקה
בורשטין, אפרים
בורשטין, צירל לאה בת אפרים
בורשטין, גיטל בת אפרים
בורשטין, בריינע בת אפרים
בורשטין, מינדעל בת אפרים
בורשטין, חנה רייזעל בת אפרים
באַלסענבוים, פעשע גיטל בת שמעון
בידערמאַן, אברהם יחזקאל בן ישראל משה
— רוסיא כ״א טבת תש״ב
ביגלער, דב
ביגלער, בריינטשע בת דב
בייטשער, גאָלדע
בייטשער, באלטײַע

בינדער, דב
בינדער, לאה
בינדער, העניע בת דב
בינדער, יהודית בת דב
בינדער, דאבע בת דב
בינדער, חנן
בינדער, ישראל
בינדער, חיה אסתר
בינדער, חיים מנשה בן ישראל
בלאַנדער, ביילע בת ישראל פוטער
בלאַנדער, יהושע בן יעקב צבי
בלאַנדער, פייוועל בן יהושע
בלאַנדער, משה בן יהושע
בלאַנדער, חנה בת יהושע
בלאַנדער, מירל בת יהושע
בלאַנדער, שלמה בן ישעיהו
בלאַנדער, מרדכי בן שלמה
בלאַנדער, אלימלך בן שלמה
בלאַנדער, גיטל בת שלמה
בלאַנק, שיינדעל
בלאַנק, מרדכי
בלאַנק, דוד
בלאַנק, באַלטשע
בלאַנק, אברהם
בלאשטיין, איידעל ומשפחתה
בלומשטיין, אברהם אלי׳ בן משה
בלומשטיין, מרים
בלומשטיין, צבי בן אברהם אלי׳
בלומשטיין, הינדע סימה בת אברהם אלי׳
בלומשטיין, בינה בת אברהם אלי׳
בלומשטיין, עלקע בת אליעזר
בלוטמאן, איידעל בת יצחק
בליי, אלחנן בן יצחק ו־3 בנים
בלייכער, יוסף
בלייכער, גיטעל
בלייכער, משה
בלייכער, חנה

בלייכער, דוואָשע
בלייכער, לאַנע
בעכער, מרים בת פרץ
בעכער, רויזע בת ישראל
בענדיט, יהושע בן מרדכי מאיר
בענדיט, מאיר בן יהושע
בעער, יוסף ברוך הרב בן ישעיהו הרב
בעער, העניע בת ארי׳ ליבוש הרב
בעער, קלונימוס קלמן בן יוסף ברוך הרב
בעער, חיים שמואל בן יוסף ברוך הרב
בעער, עמנואל בן יוסף ברוך הרב
בעער, יצחק טוביה בן יוסף ברוך הרב
בערגער, יהושע ומשפחתו
בערגער, עטיל בת משה
בערגער, שמשון בן נח
בערגער, ברוך בן נח
בערגמאַן, טאבע בת צבי
בערגמאַן, פישל בן צבי
בערגערבוים, עטיל בת משה
בערגערבוים, מירל בת משה
בערגערבוים, עטיל בת אביש
בערגערבוים, שניאור בן יעקב
בערגערבוים, סערקע בת ישראל מרדכי
בערגערבוים, אבא בן אליעזר
בערגערבוים, פרומעט אשתו
בערגערבוים, מרדכי בן אבא
בערגערבוים, רייזעלע בת אבא
בערגערבוים, שבח בן יקותיאל
בערגשטיין, אהרן מרדכי בן ארי׳ ליבוש
בערגשטיין, מאַטעל בת מנחם מענדיל
בערגשטיין, טאבע בת אהרן מרדכי
בערגשטיין, חנה בת אהרן מרדכי
בערגשטיין, פעריל בת אהרן מרדכי
בערגשטיין, מנחם מענדיל בן אהרן מרדכי
בערגשטיין, רפאל אשתו אסתר
בערגשטיין, אברהם בן רפאל — זשולקווע
בערגשטיין, חנה בת רפאל
בערגשטיין, גיטל בת רפאל
בערנבלאַט, יוסף צבי בן שמואל ומשפחתו
בערנבלאַט, רעכיל בת שמואל
בערנבלאַט, לאה בת שמואל
בראַנד, זלמן בן משה מענדיל
בראַנד, אסתר
בראַנד, יצחק בן זלמן
בראַנד, גד בן זלמן
בראַנד, העניע בת זלמן
בראַנד, חיה בת זלמן
בראַנד, לאה בת זלמן
בראַנד, גרשון בן זלמן ומשפחתו
בראַנד, ארי׳ ליבוש בן שכנא ומשפחתו
בראַנד, יעקב יצחק בן שכנא ומשפחתו
בראנדווייִן זלמן הלל בן צבי
בראַנדווייִן, מאליע מינדעל בת זלמן הלל
בראַנדווייִן, פערל לאה בת זלמן הלל
בראַנדווייִן, הדסה בת זלמן הלל
בראַנדווייִן, חיה מרים בת זלמן הלל
בראַנדווייִן, מרדכי בן זלמן הלל
בראנדעל, דב בן שלום
בראנדעל, שפרינצע
בראנדעל, לאה בת דב
בראנדעל, משה בן דב
בראנדעל, שבע בת דב
בראַנשטיין, טאבע
בראַנשטיין, חיה פריידע בת שלמה
בראַנשטיין, גיטעל בת אליעזר
בראנער, גיטעל
בראנער, מרדכי
בראנער, לייטשע
בראנער, רחל
בראנער, שמואל בנימין
בראנער, אברהם
בראנער, פעשע
בראנער, טילע
בראנער, זלמן

בראנער, סענדער
בראנער, יוסף
ברייטנער, שלמה בן יוסף
ברינקער, גרשון העניך בן שמואל
ברינקער, זיסעל
ברינקער, חיים יצחק בן גרשון העניך
ברינקער, מרדכי יוסף בן גרשון העניך
ברינקער, יחזקאל יהודה בן גרשון העניך
ברינקער, יודא
ברינקער, לאה
ברינקער, גיטל בת יודא
בריקס, יעקב בן חיים
בריקס, גיטל בת אברהם האַכמאַן
ברעט, אברהם בן חיים פייוועל
ברעט, ליבע בת חיים פייוועל
ברעט, גיטעל בת אברהם
ברעט, רחל בת אברהם
ברעט, קהת
ברעט, מירל בת חיים
ברעט, הירש
ברעט, פייגע לאה בת בעריש ו־2 בנים
בארג, אייזיק
בארג, דוד
בלאזער, בנימין
באומוואל, נחמיה
באומוואל, יהושע בן נחמיה ומשפחתו
בערגערבוים, אלעזר בן יקותיאל
בערגערבוים, יצחק בן יקותיאל
בראנד, מרדכי ומשפחתו
באַראַס, פנחס ומשפחתו
בראַנד, לייבוש
בראַנד, אנשעל

## ג

גאַבעל, פעשע
גאזשיטשאנסקי, יוסף בן פישל
גאזשיטשאנסקי, מינדיל
גאזשיטשאנסקי, חנה׳טשע
גאָטעסמאַן, מרדכי
גאָטעסמאַן, עטיל
גאָטעסמאַן, משה
גאָלדבערג, לייבוש בן מרדכי
גאָלדבערג, מרים בת יעקב צבי
גאָלדבערג, יורי בת יחזקאל
גאָלדבערג, יצחק
גאָלדבערג, אליעזר
גאָלדבערג, משה בן ליבוש
גאָלדבערג, מאיר בן ליבוש
גאָלדבערג, מרים בת ליבוש
גאָלדבערג, נפתלי בן ליבוש
גאָלדמאַן, לאה בת מרדכי יוסף
גאָלדמאַן, אסתר ומשפחתה
גאָלדמאַן, שרה מלכה בת יוסף צבי
גאָלדמאַן, משה בן נחום ומשפחתו
גאָלדמאַן, רחל לאה בת מרדכי
גאָלדמאַן, בנימין בן מענדיל ומשפחתו
גאָלדמאַן, ליפא בן יהודא
גאָלדמאַן, יוסף בן יהודא
גאָלדמאַן, זונדעל מראַכאַן
גאָלדמאַן, יהודה בן מענדיל
גאָלדמאַן, מאַטיל
גאָלדמינצער, חיים בהרב ר׳ יוסף
גאָלדשטיין, ישראל צבי בן דוד
גאָלדשטיין, רחל
גאָלדשטיין, שמעון בן ישעיהו
גאָלדשטיין, רעכיל
גאָלדשטיין, יעקב בן דוד
גאָלדשטיין, פייגע בת צבי
גאָלדשטיין, חיה
גאָלדשטיין, שרה לאה
גאָלדשטיין, ביילע בת שבח
גאָלדשטיין, ישעיהו בן דוד
גאָלדשטיין, יצחק
גאָלדשטיין, חיה טאבע

גאָלדשטיין, אלעזר
גאָלדשטיין, ליבע
גאָלדשטיין, יואל בן אלעזר
גאָלדשטיין, אבא בן אלעזר
גאָלדשטיין, פישל בן אלעזר
גאָלדשטיין, שמואל זאוועל בן אלעזר
גאָלדשטיין, טשיפע בת אלעזר
גאָלדשטיין, שרה בת אלעזר
גאָלדשטיין, חנה בת אלעזר
גאָלדשטיין, לאה בת אלעזר
גאָלדשטיין, בונם
גאָלדשטיין, טאבע
גאָלדשטיין, חנה בת בונם
גאָלדשטיין, חיים
גאָלדשטיין, עטיל
גאָלדשטיין, יואל בן חיים
גאָלדשטיין, חיה בת ברוך
גאָלדשטיין, דוד בן ברוך
גאָלדשטיין, אלישע
גאָלדשטיין, צירל
גאנצער, צבי בן יצחק אהרן
גאנצער, פעשע בת ישראל
גאנצער, הינדע בת צבי
גאנצער, מרדכי בן צבי
גארטלער, דוד בן ראובן
גארטלער, באַשע בת בעריל וכמה בנים
גארטלער, יצחק בן ראובן
גארטלער, זעפטיל בת יעקב
גארטלער, יעקב בן יצחק
גארטלער, יוסף בן יצחק
גארטלער, שרה בת יצחק
גארטלער, משה בן אלעזר
גארטלער, בריינע בת גרשון
גארטלער, יעקב בן משה
גארטלער, גרשון בן משה
גארטלער, מרים בת נחום
גארטלער, מינדיל בת דוד יוסף

גארטלער, דוד יוסף בן יעקב
גארטלער, סימע בת משה
גארטלער, רבקה בת משה
גאָלדבוים, יעקב יצחק בן ישראל משה
גיטער, יצחק
גייסט ליבוש בן משה אליעזר
גייסט, פרץ בן משה אליעזר
גייסט, בריינטשע בת פייוועל
גייסט, איידעל בת פרץ
גייסט, חנה בת פרץ
גייסט, סערקע בת פרץ
גייסט, איטע בת פרץ
גייסט, משה בן פרץ
געלבערט, חנה בת שמואל פאנצער ומשפחתה
גאנאראוו, רעכיל בת מרדכי
גאנאראוו, בלומע בת ישעיהו
גאנאראוו, שרה בת ישעיהו
גאנאראוו, פריידע בת ישעיהו
גאנאראוו, ישעיהו דוד
גוטהאַרץ, יעקב מרדכי
גינזבורג, לייב
גינזבורג, מירעל בת קלמן ערליך
גינזבורג, אסתר בת לייב
גלאז, נחום דב
גליקשטיין, פייגע בת חיים מרדכי
גינזבורג, פישל
גינזבורג, חנה בת יחזקאל לערער
גינזבורג, שלמה זאב בן פישל
געוויסענהייט, זאב
געלבער, יעקב שמואל
געלבער, שרה
געלבער, לאה
געלבער, יוסף ומשפחתו
געלבער, רייזעל בת חיים ארי׳
געלערנטער, מרדכי בן יהושע
געלערנטער, חיה ביילע

געלערנטער, פייוועל בן שמשון
געלערנטער, עטיל ו־3 בנים
געלערנטער, יהושע בן שמשון ומשפחתו — לודמיר
געלערנטער, חיים בן שמשון ומשפחתו — ברוסיה
געלערנטער, מלכה
גראף, יצחק שלמה בן משה
גראף, נחום בן משה
גראף, יהושע בן יצחק שלמה ומשפחתו
גראף, דוד לייב
גראף, חיה גיטל
גראף, לאה
גראמאן, יוסף
גראמאן, חנה ומשפחתה
גראמאן, שרה ראַכל
גראַס, ברוך
גרויסער, יוסף בן חיים
גרויסער, חיה געלע בת פנחס
גרויסער, ישעיהו בן יוסף
גרויסער, בעריש בן יוסף
גרויסער, משה מאיר בן יוסף
גרויסער, הענע סערל בת יוסף
גראַס, חנה בת יודל איילען
גראַס, גאָלדע בת אבא
גרינבוים, אהרן
גרינבוים, טאבע בת ליבוש
גרינבוים, משה בן מרדכי יוסף
גרינבוים, רחל לאה וילד
גרינבוים, יעקב בן מרדכי יוסף
גרינבוים, רייזעל אשתו
גרינבוים, יהודית בת יעקב
גרינבוים, אלחנן יצחק בן יעקב
גרינבוים, אלישבה רחל בת יעקב
גרינבוים, פסח דב בן יעקב
גרינבוים, אדיל בת יעקב
גרינבערג, נח בן מאיר
גרינבערג, דינה
גרינבערג, מענדיל בן נח
גרינבערג, לאה
גרינבערג, אברהם
גרינבערג, עלקע בת יצחק אייזיק
גרינבערג, סערל
גרינבערג, מענדיל
גרינבערג, שמואל
גרינבערג, חיים
גרינבערג, טאבע
גרינבערג, מירל
גרינבערג, ליבוש
גרינבערג, רעכיל
גרינבערג, משה צבי בן לייבוש
גרינבערג, רבקה
גרינבערג, מאליע בת משה צבי
גרינוואלד, נתן בן מרדכי
גרינוואלד, מאלטשע
גערזאן, יהודה
גרינבערג, יוסף ומשפחתו
גרינבערג, מרדכי ומשפחתו
גרינבוים, ישראל
גרינבוים, יעקב
גרינבוים, טעמא בת יעקב
גרינבוים, מאליע בת יעקב
גאָלדמאַן, משה
גאָלדמאַן, שרה בת הרב שידקאווסקי

## ד

דארנבושט, אברהם בן מיכל
דארנבושט, ביילע אשתו
דארנבושט, אליעזר מרדכי בן אברהם
דארנבושט, פערל אשתו
דארנבושט, מיכל בן אליעזר מרדכי
דארנבושט, ישראל בן אליעזר מרדכי

דארנבושט, רבקה בת אליעזר מרדכי
דארנבושט, חיים בן אליעזר מרדכי
דארנבושט, חנה בניה פערל ואהרן
דארנבושט, סימה
דאַרנבושט, אסתר מלכה
דארנבושט, מרים
דארנבושט, שרה
דארנבושט, יעקב
דארנבושט, ארי׳ בן איטשע מאיר
דארנבושט, משה חיים בן אברהם
דארנבושט, דבורה אשתו
דארנבושט, ליבוש בן משה חיים
דארנבושט, מלכה
דרוט, איידל — רוסיה
דרוט, יעקב משה בן חיים יצחק
דרוט, אשתו ו־2 בנים — בעלזיץ
דרוט, יוסף אלי׳ בן חיים יצחק
דרוט, אשתו ו־2 בנים — בעלזיץ
דרוט, נח בן חיים יצחק — טאשקענט
דרימלער, אליהו בן יוסף
דרימלער, בת־שבע בת ארי׳
דרימלער, שמעלקי בן אלי׳ ומשפחתו
דרימלער, דב בן אלי׳
דרימלער, פערל בת אלי׳
דרימלער, רבקה לאה בת אלי׳
דרימלער, פראדעל בת אריה
דרימלער, פייגע בת דב
דייטשגעוואַנד, מרדכי
דיאַמאַנד, יהודה
דיאַמאַנד, מנוחה בת יואל שאַפראַן ובניהם
דארנפעלד, נחמיה
דארנפעלד, אליעזר ואשתו
דארנפעלד, לייבעל בן אליעזר

## ה

האבער, שרה
האבער, רעשע בת מאיר
האבער, יעקב בן אביש
האבער, מרים ומשפחתה
האבער, שמחה בן אביש
האבער, חיה שרה ומשפחתה
האבער, דוד בן אביש
האבער, העניע ומשפחתה
האבער, מלכה
האבער, אביש
האבער, אברהם
האַך, יהושע
האַכמאַן, אברהם שמעון בן ישראל
האַכמאַן, הירש בן פנחס
האַכצייט, רחל בת אברהם ווארטער ומשפחתה
האַכצייט, לאה בת יחזקאל
האַלטמאַן, אברהם
האַלטמאַן, מחלה בת ראובן בארג
האַלטמאַן, רחל בת אברהם
האַלטמאַן, רייזעל בת אברהם
האַלטמאַן, מאליע
האמער, שמואל
האַלץ, פייוועל בן יונה
האַלץ, דינה בת אריה
האַלץ, לייבוש בן פייוועל
האַלץ, יעקב בן פייוועל
האַלץ, חיה רייזעל בת פייוועל
האַלץ, מאטעס בן אלי׳ אהרן
האוז, וועווטשע בן שמואל
האַלצמאַן, יצחק
האַנדעלסמאן, אשר בן יואל
האַנדעלסמאן, עטיל בת אשר
האַנדעלסמאן, חנה בת עוזר
האַנדעלסמאן, יצחק בן יואל
האניגסתעלד, ליפא בן ישראל

האניגספעלד, רחל בת דוד
האָניגספעלד, בן ציון בן ישראל
האניגספעלד, אסתר בת אברהם יהושע העשיל
הויט, פעשע
הויט, חיים
הורוויץ, ברוך שו״ב
הורוויץ, מאליע בת מרדכי יוסף
הורוויץ, הינדע
הורוויץ, יצחק מאיר
הורוויץ, מרים טעמא
הורוויץ, שרה
הורוויץ, מרדכי יוסף
הורוויץ, שלמה
הורוויץ, שלום
הורוויץ, סענדער בן משה
הורוויץ, בינה
הורוויץ, יעקב בן סענדער
הורוויץ, שמואל בן סענדער
הורוויץ, חנה בת סענדער
הורוויץ, לייזער בן סענדער
הורוויץ, אסתר בת סענדער
הורוויץ־שטערנפעלד, דבורה בת ירחמיאל מרדכי הרב
הורוויץ־שטערנפעלד, ישעיהו פנחס בן ברוך הרב
הילף רעילע בת משה
האנטווערקער, שלמה בן אהרן
האנטווערקער, לאה בת אליעזר
הירשענזאָן, יצחק בן פישל
הירשענזאָן, זעלדע בת דוד
הירשענזאָן, גרינע בת דוד
הירשענזאָן, רייזעל בת יצחק
הירשענזאָן, אפרים בן יצחק
הירשפעלד, אפרים
הערבסמאן, טעמא
הערבסמאן, לאה בת יהושע

הערבסמאן, חיה דינה בת יהושע
הערבסמאן, העניע בת שמואל
הערבסמאן, יוטא בת שמואל
הערבסמאן, נתן בן שמואל
הערבסמאן, נח בן אברהם
הערבסמאן, אסתר בת יעקב שטאל
הערבסמאן, אברהם בן נח
הערבסמאן, שרה בת יעקב שטאל
הערצמאן, שמעון בן אברהם מאיר
הערצמאן, חיה געלע בת אברהם מאיר
העלער אריה
העלער, חנה
העלער גטע ומשפחתו
האַלבערשטאם, דוד ליבוש בהרב חיים ברוך
האַלבערשטאם, האדעס בת הרב ר׳ יוסף ארי׳ ומשפחתם
האַמער הירש
האַמער, אייזיק בן הירש
האַמער, חנינא
האַרוויץ, צבי
האַרוויץ, ברוך בן צבי
האניגספעלד, רבקה בת ליפא
האניגספעלד, מרדכי בן ליפא
האניגספעלד, ישראל בן ליפא

## ו

וואגנער, יצחק בן אברהם
וואגנער, מלכה אשתו
וואגנער, פייוועל בן יצחק
וואלטער, אביש בן נפתלי — ברוסיה
וואָלף, שלמה בן בעריש
וואָלף, חיה בת אליעזר פאַלב
וואָלף, בעריש בן שלמה
וואָלף, לייבוש בן שלמה
וואָלף, דוד בן שלמה

וואָלף, אסתר בת שלמה
וואָלף, גאָלדע בת שלמה
וואולף, גאָלדע בת יוסף
וואַסער, אברהם
וואַסער, צביה בת אברהם
וואַסער, חנה בת אברהם
וואַסער, נעכע בת אברהם
וואַסער, שרה שיינדעל בת שמחה
וואַסערמאַן, אליעזר בן יחיאל
וואַסערמאַן, ראובן בן יחיאל
וואַרטער, אברהם
וואַרטער, חנה׳טשע
וואָלדבערג, ליפא בן ליבוש
וואָלדבערג, איטע ומשפחתה
וואָלדבערג, יעקב ומשפחתו
ווארמאן, שלמה
ווארמאן, מאליע מינדיל בת שמואל פוטר ו־5 בנים
וואגנער, שרה בת יהודה
וויינבערג, דבורה בת הרב יחיאל מרדכי
וויינבערג, שיינדעל
וויינבערג, חנה בת בנימין
וויינבערג, חיה בת בנימין
וויינבערג, רחל בת בנימין
וויינטראוב, זאב אליעזר ומשפחתו
וויינטראוב, איטע ליפטשע בת פנחס
וויינשטאָק, שרה
ווייסלעדער, רפאל בן אריה
ווייסלעדער, אסתר
ווייסלעדער, גוטשע
ווייסלעדער, נעשע
ווייסלעדער, מיכאל
ווייסלעדער, פייגע
ווייסלעדער, מרים
ווייסלעדער, לייבעל בן משה יחזקאל
ווייסלעדער, אשר אנשל בן אריה
ווייסלעדער, מרים אשתו

ווייסלעדער, שמעון ו־4 בנים
ווייסבלום, אלעזר, הרב — לאָדזש
ווייסבלום, לאה שיינדעל בת הרב יוסף ארי׳ ומשפחתה — לאָדזש
ווייץ, אליהו בן ישראל יוסף
ווייץ, שלמה בן אליהו
ווייץ, רחל בת אליהו
ווייץ, עטיל בת אליהו
ווייץ, אברהם בן ישראל
ווייצמאן, דוד
ווייצמאן, חוה
ווייצמאן, אסתר בת דוד
ווייצמאן, רחל
ווינדער, שמואל ארי׳
ווינדער, טילע בת יהושע
ווינדער, יעקב בן מענדיל
ווינדער, הינדע בת מענדיל
ווינדער, יעקב צבי בן שלמה
ווינדער, איטע בת יעקב צבי
ווינדער, יהודה בן צבי
ווינדער, שבע
ווינדער, יעקב הירש
ווינדער, גיטל
וועלטשער, שלום בן אליעזר פישל
וועלטשער, דאבע בת ארי׳
וועלטשער, באשע בת רפאל
וועלטשער, מנשה בן אברהם
וועלטשער, מרים בת מענדיל
וועלטשער, לאה בת מענדיל
וועלטשער, משה בן מענדיל
וועלטשער, טשארני רייזעל בת משה אייזיק
וועלטשער, שיינדעל בת משה אליעזר
וועלטשער, פערל בת שמואל
וועלטשער, שבעביילע בת שמואל
וועלטשער, משה אלעזר בן שמואל
וועלטשער, אברהם חיים בן שמואל
וועלטשער, זלאַטע בת שמואל

וועלץ, שלום
וועלץ, בלומע בת ליבוש
וועלץ,ביילע בת שלום
וועלץ, באשע
וואַלדבערג, יחיאל בן ליבוש
וואַלדבערג, לאה ומשפחתה
וויינשעלבוים איידעל בת אהרן אריה
ווערטהיים זושע
ווערטהיים, סעריל
ווערטמאן חיים בן מרדכי יוסף
— זאמאָשטש
ווערטמאן, יעקב בן מרדכי יוסף
— טארניגראד
ווערטמאן, פישל בן מרדכי יוסף
— טארניגראד
ווערטמאן, לייבוש
ווינדער, דניאל
ווינדער, מלכה
ווינדער, שיינדעל ומשפחתה
ווינדער, יהודית בת יעקב צבי
ווינדער, הינדע

## ז

זאַבערמאן, יחזקאל בן משה
זאַק, מאיר בן שלמה
זאַק שלמה בן מאיר
זאַק, חנה בת מאיר
זאַק, רעשע בת מאיר
זאַק, לייבוש בן מאיר
זאמלער, גיטעלע בת שלמה 10 י. א. —
רוסלאַנד ח׳ אדר תש״א
זיגעלבוים, איטע בת העניך
זיגעלבוים, מנשה בן העניך
זיגעלבוים, זלאַטע
זיגעלבוים, רחל בת צבי
זיגעלבוים, משה מאיר בן בנימין
זיגעלבוים, אברהם בן בנימין
זיגעלבוים, שרה לאה בת בנימין
זיגעלבוים, חיה בת שמואל ארי׳
זיגעלבוים, יוסף בן משה
זיגעלבוים, פישל בן יוסף
זיגעלבוים, משה בן יוסף
זיגעלבוים, משה יצחק בן שמואל
זיגעלבוים, דוד בן משה יצחק
זיגעלבוים, עטיל בת משה יצחק
זיגעלבוים, אייזיק
זיגעלבוים, פעשע ומשפחתה
זיגעלבוים, סימע בת משה יצחק
זיגעלבוים, לייבוש
זיגעלבוים, מענדיל
זיידעל, דוד — רוסלאַנד ה׳ כסלו תש״ב
זיידעל, רויזע קריינדעל — רוסלאַנד
כ״ה חשון תש״ב
זיידעל, דוב בן ירחמיאל
זיידעל, יעקב בן דוב
זיידעל, יוסף בן דוב
זיידעל, יצחק שמואל בן דוב
זיידעל, רויזע קריינדיל
זיידעל, בן ציון בן יצחק
זיידעל, באַשע גיטל בת יצחק
זיידעל, פייוועל בן יעקב צבי
זיידעל, יצחק בן פייוועל
זיידעל, יענטע בת פייוועל
זיידעל, סערקע בת פייוועל
זיידעל, אהרן דוד בן פייוועל
זיידעל, ברײנע בת משה אליעזר
זיידעל, גיטל בת זאב
זיידעל, ראַכעל בת אברהם
זיידעל, ישראל בן אברהם
זיידעל, גרשון בן אברהם
זיכלער, זאב
זיכלער, פייגע

זיכלער, חיים שמואל ומשפחתו — רוסיה
זילבערמאַן, שלום בהרב ר׳ יוסף
זילבערמאַן, מאליע מינדיל בת אליעזר שפירא
זילבערמאַן, פייגע בת שלום
זילבערמאַן, שרה בת שלום
זילבערמאַן, יעקב בן שלום
זילבערמאַן, אברהם בהרב ר׳ יוסף
זילבערשטיין, יונה בן אַלטער
זילבערשטיין, פייגע רויזע בת יונה
זילבערשטיין, חנה בת יונה
זילבערשטיין, יודעל בן יונה
זילבערשטיין, לאה בת יונה
זילבערשטיין, ישעיהו בן יונה
זילבערשטיין, יוכבד בת יונה
זילבערשטיין, יוסף בן אברהם דניאל
זילבערשטיין, פייגע בת אריה
זילבערשטיין, לייבעל בן יוסף
זילבערשטיין, שיינדעל בת יוסף
זילבערשטיין, מענדיל בן יוסף
זילבערשטיין, יצחק בן יוסף
זילבערשטיין, שמואל בן אברהם דניאל
זילבערשטיין, הינדע בת אברהם דניאל
זילבערבערג, דוד בן אברהם
זילבערבערג, אברהם בן דוד
זילבערבערג, שרה מירל בת מאיר שווארץ
זילבערבערג, בעריש בן אברהם ומשפחתו
זינגער, שלום בן אפרים
זינגער, סערקע בת שלום
זינגער, חיים יונה בן שלום
זינגער, מלכה בת שלום
זינגער, פּרץ בן שלום
זינגער, שרהביילע בת שלום
זינגער, משה מרדכי בן יחזקאל יהודה
זינגער, מירל בת יצחק יוסף
זינגער, חיים שמואל בן משה מרדכי
זינגער, לאה בת יחזקאל יהודא
זינגער, שלום בן אברהם — ראַכאַן
זינגער, פּנחס אלעזר בן יונה
זינגער, מינדיל בת מרדכי
זינגער, חנה בת פנחס
זינגער, שרה בת פנחס
זינגער, ישראל
זינגער, רחל נעכע בת שלמה
זינגער, סערקע בת יוסף פריינד
זינגער, יעקב
זינגער, רעכיל ו־3 בנים
זעלצער, פייגע
זיגעלבוים, יעקב
זיגעלבוים, חיה שרה
זיגעלבוים, מאליע
זיגעלבוים, טאבע
זעיגעל, גרשון ומשפחתו
זשיכלינסקי, משה נתנאל הרב בן חנוך סעדיה הרב
זשיכלינסקי, מרים מלכה בת ארי׳ ליבוש הרב
זשיכלינסקי, שרה נחמה בת משה נתנאל הרב
זשיכלינסקי, חיה פערל בת משה נתנאל הרב

## ט

טוירטעלטויב, פייגע בת אביש הובער
טוירטעלטויב, מירל בת יוסף
טוירטעלטויב, גיטל בת יוסף
טוירטעלטויב, שיינדיל בת יוסף
טוירטעלטויב, אביש בת יוסף
טארעם, צבי בן שלום
טארעם, שרה בת שמואל
טארעם, יעקב בן צבי
טארעם, פייוועל בן צבי

טארעם, לאה בת צבי
טארעם, יוסף בן צבי
טארעם, בנימין בן צבי
טארעם, עטל בת צבי
טוכשניידער, מרדכי
טוכשניידער, טשיפע בת חיים ומשפחתה
טוכשניידער, צבי
טוכשניידער, זעלדע בת חיים קעסעל
טוכשניידער, מלכה בת צבי
טוכשניידער, נחום בן צבי
טוכשניידער, מינדיל בת צבי
טוכשניידער, נעכע בת צבי
טייכער אליעזר גרשון בן הרב ר' יוסף משה נפתלי
טייכער, רחל בת הרב ר' יוסף ארי'
טייכער, שמואל ארי' בן אליעזר גרשון
טייכער, רויזע בת אליעזר גרשון
טייכער, יוכבד בת אליעזר גרשון
טייכער, יעקב צבי, הרב, בן הרב ר' יוסף משה נפתלי
טייכער, רבקה מינדיל בת אליעזר גרשון
טייערשטיין דוד — רוסיה
טייערשטיין, פריידע יהודית בת שבתי פרידלענדער
טייערשטיין, שלמה אלעזר בן דוד
טייערשטיין, זלאַטע בת דוד
טעפּלער, יוסף
טעפּלער, יואל בן גדליהו
טעפּלער, בנימין ומשפחתו
טריבער, טילע
טריבער, הערמאַן
טרעגער, מינטשע בת געציל
טרעגער, נח
טרעגער, רבקה
טרעגער, שרה
טרעגער, פישל
טרעגער, צבי
טרעגער, יוסף
טרעגער, שיינדעל
טרעגער, שמעון
טרעגערמאַן, בערקע
טרעגערמאַן, ברכה בת משה ו־2 בנים
טשיסינסקי, חנה טשיפע בת יחזקאל
טשיסינסקי, אבא
טשיסינסקי, רבקה
טשיסינסקי, מנחם

## י

יאָרצייג, אביש בן מיכאל
יאָרצייג, רבקה בת אַביש
יאָרצייג, אוריש בן אַביש
יאָרצייג, מענדל בן אַביש
יאָרצייג, טשיפע בת אַביש
יונגמאַן, אהרן ברוך — רוסלאַנד
יונגמאַן, שרה ביילע אשתו
יונגמאַן, יצחק בן ברוך
יונגמאַן, פסח
יונגמאַן, יהודית בת ברוך
יונגמאַן, בעריש בן ברוך
יונגמאַן, רחל בת ברוך
יונגמאַן, אדעל בת ברוך
יונגמאַן, פעסל בת ברוך

## כ

כהן, דב בן יהודה
כהן, מאיר בן דב
כהן, יעקב בן דב
כץ, יששכר בן מענדיל
כץ, פּעשע בת שמעון
כץ, סימע בת ישכר
כץ, ביילע בת ישכר

כץ, אברהם בן ישכר
כץ, יששכר בן חיים
כץ, דוב
כץ, שרה
כץ, זונדל
כץ, חנה
כץ, זלמן
כץ, יוסף וואָלף
כץ, שלמה
כץ, חיה אשתו
כץ, דינה
כץ, בלומע
כץ, פייגע

## ל

לאדען, טעמא בת דב
לאדען, יצחק בן אריה
לאדען, שרה
לאדען, חנה
לאדען, מאניע
לאדען, רייזעל בת אליעזר ומשפחתה
לאדען, רבקה
לאדען, משה
לאדען, באשע
לאדען, חיים שמואל בן משה
לאדען, שלמה בן משה
לאדען, מאליע
לאדען, יעקב
לאדען, סאשע ומשפחתה
לאדען, שלמה
לאַזאַר, רבקה בת ארי׳
לאַזאַר, גד בן אריה ומשפחתו
לאַזאַר, מרים בת אריה
לאַזאַר, חיים בן אריה ומשפחתו
לאַזאַר, רייזעל בת ארי׳ ומשפחתה

לאַכער, אהרן בן משה דוד
לאַכער, רבקה בת חיים צבי
לאַכער, יוסף בן ישראל
לאַכער, משה בן ישראל
לאַם, יוסקע
לאַם, שיינדעל בת ברוך
לאַם, יעקב — קראסנאבראד
לאַם, חנה ו־3 בנים
לאנאייל, מאיר בן שמעון אריה
לאנאייל, הענע בת מנחם
לאנאייל, יוסף בן מאיר — ראווא רוסקא
לאנאייל, שרה דבורה בת שבתי
פרידלענדער — ראווא רוסקא
לאנאייל, מענדל בן שמעון אריה
לאנאייל, סערקע בת אברהם
לאנאייל, פעשע בת מענדל
לאנאייל, דבורה בת מענדל
לאנאייל, אברהם בן מענדל
לאנאייל, אבא בן שמעון אריה —
ראדיכאָוו
לאַנצער, יוכבד בת חיים יצחק
לאַנצער, ישכר בן ישראל יצחק
לאנצער, פריידע בת ישראל יצחק
לאַנצער, פערל בת ישראל יצחק
לאַנצער, גיטל
לאַנצער, עטל
לאַנצער, געציל
לאַנצער, משה
לאַנצער, ריקעל
לאנצער, יוסף בן משה ומשפחתו
לאַנצער, יחיאל בן משה
לאַנצער, רייזעל בת חיים ומשפחתה
לאַנצער, קאָפּעל בן משה
לאַנצער, פעשע
לאַנצער, ראצע פריידע בת משה
לאַנצער, פעשע בת משה ומשפחתה
לאַסטמאַן, איטע

לאַסטמאַן, שרה
לאַקס, בינה בת אלעזר באַרנשטיין
לאַקס, חיים בן שמואל
לאַקס, בערל בן חיים
לאַקס, אהרן בן חיים
לוסטיג, אביש מיכל בן יוסף
לוסטיג, יונה בן יוסף
לוסטיג, גיטל בת יוסף
לוסטיג, שיינדל בת חיים שמואל
לוסטיג, אביגדור
לוסטיג, אסתר רחל בת דוד
לוסטיג, זאב בן ליפא ומשפחתו
לוסטיג, דוב בן אביגדור ומשפחתו
לוסטיג, גיטל בת אביגדור ומשפחתו
לוסטיג, שמחה בן אביגדור ומשפחתו
לוסטיג, אברהם עזריאל לעמל בן אביגדור ומשפחתו
לושטשאנאווסקי זאב דב בן אברהם יעקב
ליעבער, שפרינצע
ליעבער, אברהם בן יעקב משה
ליעבער, שרה בת יעקב משה
לייטער, יונה
לייטער, שאָשע
לייטער, שמואל
לייטער, לייזער
לייטער, פייגע
לוטנער, חיים שמואל
ליכטענפעלד, איטשע בן שלמה
ליכטענפעלד, שרה ומשפחתה
ליכטענפעלד, שלמה
ליכטענפעלד, סיני בן שלמה
ליכטענפעלד, יהושע
ליכטענפעלד, אסתר אשתו
ליכטענפעלד, אברהם בן יהושע
ליכטענפעלד, צבי הירש בן יהושע
ליכטענפעלד, מיכל בן יהושע
ליכטענשטיין, מיכל

ליכטענשטיין, רבקה ומשפחתה
לונג זונדל בן דב ומשפחתו
לונג, שלום בן דב ומשפחתו
ליסטענבערג, יעקב בן ישראל דב
ליסטענבערג, מינדיל
ליסטענבערג, דבורה בת יעקב
ליסטענבערג, משה בן יעקב
לעדערמאַן, אליהו
לעדערמאן, מאיר
לעדערמאן, ביילע חנה
לעווינפוס, איטשע בן בעריש ומשפחתו
לעווינפוס, אריה בן בעריש ומשפחתו
לעדערקרעמער, אליעזר בן שלום
לעדערקרעמער, מנוחה בת יעקב
לעדערקרעמער, יעקב בן אליעזר
לעדערקרעמער, אסתר
לעדערקרעמער, געציל
לעדערקרעמער, גיטעלע בת געציל
לעדערקרעמער, יעקב בן געציל
לעדערקרעמער, מירל בת געציל
לערמאן, יאכעט — בעלזשיץ יולי 42'
לערנער, שמואל בן פייוועל ומשפחתו
לעדערמאן, יוסף
לעדערמאן, מנוחה בת יחזקאל לערער
לעדערמאן, עלקע בת יוסף
לעדערמאן, דניאל בן יוסף
לעהרער, יחזקאל בן שלמה זאב
לעהרער, איטע בת פישל
לעהרער, שלמה זאב בן יחזקאל
לעהרער, חיה
לעהרער, גרשון בן שלמה זאב
לעהרער, אברהם בן שלמה זאב ועוד ילדה א'
לעהרער, ישעיהו בן יחזקאל
לעהרער, שרה בת נתן גרינוואלד ו־2 בנות
לעהרער, לייבל בן יחזקאל
לעהרער, פריידע בת לוי

